אבא גאָרדין

# דרייסיק יאָר אין
# ליטע און פוילן

אבא גאָרדין

# דרייסיק יאָר אין ליטע און פּוילן

(אויטאָביאָגראַפיע)



בוכגעמיינשאַפט
ביי דער
יידישער ראַציאָנאַליסטישער געזעלשאַפט
בוענאָס איירעס, 1958

אַ גרויסן דאַנק קומט מיין פריינט נח פּ. שער. אָן זיין הילף וואָלט דאָס ווערק ניט דערשינען; פשוטער געזאָגט: ער האָט פי־נאַנסירט די אויפלאַגע.

אַ דאַנק די חברים יונה גאָראָ־דיסקי און י. בירנבוים פאַר זייער מתעסק־זיין זיך מיט מיין ווערק. אַ דאַנק די חברים פון דער ראַ־ציאָנאַליסטישער געזעלשאַפט אין בוענאָס־איירעס.

# אַ פּאָר ווערטער אַנשטאָט אַ פאָררעדע

לכתחילה האָב איך אָט־דאָס בוך, „דרייסיק יאָר לעבן", געשריבן אונטער פאַרשטעלטע נעמען. אָבער אין מיטן שרייבן האָב איך איינגעזען, אַז איך קען זיך ניט אויסבאַהאַלטן, וואָרעם מיר קומט אויס אָנצוגעבן פאַרפאַסונגען און אַרויס־זאָגן געוויסע געדאַנקען, וואָס זענען פאַרפיקסירט געוואָרן אין חיבורים, וועלכע זענען דערשינען אונטערן נאָמען „ברידער גאָרדין". בין איך איינגעגאַנגען אויף געבראָיכן מיין ערשטן נאָמען: לכתחילה „אבקע", ווי מיין פאָטער פלעגט מיך רופן, אַ ביסל שפּעטער „אבא", און צום סוף „א. ג.". איך האָב אויך רעסטאַווירט די ריכטיקע נעמען פון טאַטן, מאַמען, ברידער, שוועסטער און אויך פון די שטעט־לעך אאַז״וו.

איך האַלט אויך פאַר נייטיק און פאַר מיין פליכט מוסר־מודעה זיין: די אָפּ־שאַצונגען פון מענטשן און סיטואַציעס זענען די, וואָס איך האָב זיך געפאַסט אין די יאָרן, וואָס ווערן באַשריבן אין בוך; זיי זענען ניט אַלע מאָל אין איינקלאַנג מיט מיינע איצטיקע באַנעמונגען. איבערהויפּט האָב איך אין זינען, שרייבנדיק אָט־די שורות, אחד־העמען, ש. ניגערן, אוגאַנדע, ארץ־ישראל אאַז״וו. די אַרויס־געזאָגטע מיינונגען אין בוך זענען צו שאַרף־קריטיקירנדיק, שיער ניט פאַרנישטנ־דיק. אַזוי האָב איך, ריכטיקער, האָבן מיר, — איך און וו., דער ברודער, — געטראַכט, און איך האָב עס פאַררעגיסטרירט.

מערץ, 1958.

אבא גאָרדין

## 1

## די חתונה פון די צוקונפטיקע טאַטע און מאַמע פון א. ג.

חייה אסתר שרה איז געווען אַ צעפּיעשטשעטע בת־יחידהלע. „חייה״ איז געווען אַ צוגאָב־אָנרופעניש ווי אַ סגולה צו אריכות־ימים. ביי איר מאַמען, כיענע רויזע, האָבן זיך קיין טעכטער נישט געהאַלטן.

מען האָט זי פרי אויסגעגעבן, מחמת אַזאַ מציאה אַ חתן, אַזאַ אבן טוב, קען מען נישט אַלע טאָג געפינען. און אַז מע האָט אים געפונען, האָט מען אים געדאַרפט אויסכאַפּן. דערהויפּט נאָך, אַז עס זענען געווען קאָנקורענטן שכנים, וואָס האָבן געהאַט, אָן אַן עין־הרע, גערוטענע טעכטער און היפּשע נדנס און אַלע האָבן זיך געקוואַפּעט אויפן עילוי. מע האָט אים טאַקע גערופן „דער רעזשיצער עילוי״, אויפן נאָמען פון זיין געבוירן־פּלאַץ רעזשיצע, וויטעבסקער גובערניע.

ער האָט געלערנט אין בית־מדרש אין קליינעם שטעטל סוויר, וועלכעס האָט פאַרמאָגט איין לאַנגע גאַס און אַ פּאָר ליקלעך, וואָס האָבן זיך ווי אָפּגעצווייגט פון דער הויפּטגאַס. עס איז געווען איינגעשטשעמעט צווישן אַ היפּשן באַרג און אַ גאָר חשובער אָזערע, אַזוי אַז וואַקסן האָט עס געקענט בלויז אין דער לענג. פון דעם האָט זיך טאַקע גענומען די שוין אַ רעכט ביסל צו־לאַנגע גאַס פאַר אַזאַ קליינעם מקום.

אָט־דאָס קליינע שטעטעלע, אַ קוים זעעוודיק פינטל אויף דער מאַפּע, ווי אַ סך זיינסגלייכן יידישע יישובים אין ליטע, האָט פאַרמאָגט אַ גרויסן רב. אין געוווּקס איז ער דווקא געווען אַ קליינער, גרויס איז ער אָבער געווען אין לומדות.

כיענע־רויזע, ווי אַ יידענע, איז דאָך, זיכער, געווען אַ קנאַפּע מבינטע אויפן רעזשיצער עילוי, יהודה לייב, און איר מאַן, ר׳ סענדער, אַ שיינער ייד, אַ ווילער ייד, איז געווען אַ גאָר קנאַפּער למדן, צו ווייט פון אַ פרשה חומש, חיי־אָדם און מנורת־המאור איז ער נישט געגאַנגען. לכן שטעלט זיך טאַקע די פראַגע: פונוואַנעט האָבן זיי געוווּסט, אַז דער אבן־טוב איז קוראַנט און נישט קיין געשליפן גלאָז? איז דער ענטפער: דער סווירער רב, ר׳ משהל, האָט נאַראַיעט. דער רב, ר׳ משהל, וואָס איז שוין זיכער געווען אַ גרויסער מבין אויף אַ תורה־אבן־טוב, האָט שטאַרק געהאַלטן פון בחור יהודה לייב, וואָס איז געווען ביי אים אַן אָפטער אריינגייער און מיט וועמען ער פלעגט זיך אָפט מפלפל־זיין.

ווען אָט־די צוויי האָבן זיך געהאַמפּערט אין לערנען, פלעגן זייערע קולות און געשרייען זיך אַרויסרייסן דורך די אָפענע פענצטער, זומערצייט, און זיך

שפּרייטן איבער די געסלעך אַרום, אַזוי אַז דאָס גאַנצע שטעטל האָט געוווּסט, אַז מע „קריגט זיך" אין לערנען, אַז עס גייט אַן צווישן עילוי און דעם רב אַ שטאַרקע תורה־מלחמה.

די רביצין, ר' משהלס ווייב, פלעגט פון די געוואַלדן אַזוי צעפּודזשעט ווערן, אַז זי פלעגט אַריינלויפן מיט איר גאַנצן אימפּעט און תקיפות פון אַן אשת־חבר אין בית־דין־שטיבל און זען פאַנאַנדערנעמען די צוויי שטרייטנדיקע צדדים. איר האָט זיך געדוכט, אַ קוק־טוענדיק אויף זייערע צעפלאַמטע פּנימער מיט די בליצנדיקע אויגן, אַז אָט־אָט און זיי וועלן זיך כאַפּן ביי די גאָרגלען, זיי וועלן זיך איינער דעם אַנדערן, ממש, דורס־זיין.

זי פלעגט זיך בעטן רחמים זיי זאָלן דורכקומען מיט גוטן, איינגיין אויף אַן אויסגלייך. זי האָט נישט געוווּסט, וואָס די גמרא זאָגט: „תלמידי חכמים גייען נישט אַוועק פון אָרט, ביז זיי ווערן נישט קיין גוטע פריינט", כאָטש זיי קריגן זיך אין לערנען „והב בסופה" (במדבר כ"א, י"ד) (1).

ר' סענדער, ווי שוין דערמאָנט, איז געווען אַ גאָטספאָרכטיקער ייִד, אַ ייִשובניק, ווייט פון היוכע דרכים אין לומדות, אָבער אַ גרויסער בעל־צדקה. אַז ער פלעגט אַוועקפאָרן קיין סוויר, פלעגט ער תמיד צוריקקומען אָן אַ גראָשן אין קעשענע. וויפל ער האָט געהאַט, האָט ער צעגעבן. ער איז געווען אַ מזג־טוב און אַ לב־טוב. פאַרשטייט זיך, אַז ער האָט דעם רב נישט פאַרזען, געגעבן מיט אַ ברייטער האַנט כיבוד־יום־טוב, מהנה געווען אים לכבוד שבת און אויך אין מיטן וואָך. מע דאַרף דאָך צוזען אַ תלמיד חכם. אויף וואָס לעבט אַ ייִד אויף דער וועלט, אויב נישט כדי אויפצוהאַלטן די, וואָס האַלטן אויף די הייליקע תורה?!

ר' סענדער פון נישטאַנישעק איז געווען פאַררעכנט פאַר אַ ייִד אַן עושר. גאָר אַמאָל האָט ער געטריבן ברייזלעך, געגאַרט די מלכות הרשעה מיטן אַקציז. ער האָט געהאַט אַזאַ פאָרטל ווי אָפּצושטעלן דעם זייגער, דאָס הייסט, דעם מעטער אַזוי, אַז ער זאָל נישט ציייגן די צאָל עמער י"ש און ספּירט, וואָס מע האָט אַדורכגעטריבן. מע האָט געהאַלטן אַ ספּעציעלן אויסקוקער אויפן וועג צום ברויז, וואָס האָט געלאָזט וויסן, צי דער אַקציזניק פאָרט. אויב יאָ, האָט מען גלייך דעם זייגער געלאָזט גיין זיין נאַטירלעכן גאַנג, ווי קיינמאָל גאָרנישט געווען. ר' סענדער האָט זיך באַטייליקט אין דעם פּוילישן אויפשטאַנד פון 1861—63. אָבער נישט מיטן גאַנצן האַרצן. ער האָט זיך אויסבאַהאַלטן מיט די אויפשטענדלערס אין די וועלדער און אין די פעלדער. בדרך כלל האָט ער פון די פּאָליאַקן נישט געהאַלטן, נישט פון זייער העלדישקייט און נישט פון זייער פּאַטריאָטיזם.

ר' סענדער פון נישטאַנישעק איז געווען אַ שם־דבר אין אָט־דער געגנט און נישטאַנישעק מיט איר קרעטשמע האָט מען געהאַלטן פאַר אַ גאָלדגרוב, גאָר נישט אָפּצושאַצן די הכנסה, וואָס זי טראָגט אַריין.

בקיצור, ר' משהל איז געווען דער שדכן און ער האָט געראַטן צו נעמען דעם רעזשיצער עילוי פאַר אַן איידעם און טאָן עס אויפגיך אָן שהיות, ווייל די פּאָליאַנער ייִשובניקעס, וואַלד־סוחרים, ווילן אים אויסכאַפּן. וויבאַלד אַזוי, אַז עס איז אַן אויסכאַפּעניש, איז דאָך נישט שייך וואַרטן, האָט מען טאַקע נישט

(1) קידושין ל'.

געוואָרט ביז די בת־יחידה וועט אויסוואַקסן. מע האָט זי פֿאַרשלייערט, צוגעדעקט דעם קאָפּ אין גרויס איילעניש.

ער, דער חתן, איז שוין אַריבערגעטראָטן זיינע צוואַנציקער, ער איז קרוב צו דרייאונצוואַנציק יאָר און זי, די כלה, האַלט ערשט ביי זעכצן. ער — ברייטלעך אין די אַקסלען, סאָליד געבויט, מוסקולהאַפּט, אַ יונג אַ גבר, כאָטש ער האָט זיך אויסגעהאָדעוועט אַ יתום, זיך געוואַלגערט אין דער פֿרעמד, געגעסן טעג. גאַנצענע טעג און אויך היפּשע שטיקער נעכט אָפּגעזעסן און זיך געשאָקלט ריטמיש איבער גמרות אין דער פֿאַרשטיקטער לופֿט פֿון די בתי־מדרשים, אין וועלכע ער האָט געלערנט. זי — אויפֿגעהאָדעוועט און געוואַרעמט אונטער די פֿליגלען פֿון איר איבערגעגעבענער מאַמען, אין אַ גוט־אויסגעפּעדערטן נעסט אין האַרץ פֿון אַ סאָסנאָוון וואַלד מיט פֿרייער, ריינער לופֿט, איז אויסגעוואָקסן אַן אײדעלע, אַ שוואַכינקע, קוים וואָס איר נשמה האָט זיך געהאַלטן אין איר צאַרטן גוף. זי איז געווען קליינגעוויקסיק. מע האָט זי נאָך געדאַרפֿט לאָזן וואַקסן, אָבער דאָ איז זי שוין אַ ווייבל, און אין אַ קאַרגן יאָר שפּעטער איז זי שוין אַ געווינערן. זי האָט געקינדלט יעדעס יאָר נאָך דער חתונה, אָבער גאָר אָן מזל. נישט אויסגעטראָגן, ניט דערטראָגן, און ווען יאָ דערטראָגן, פֿלעגט זי זיי האָבן אַזעלכע שוואַכינקע נפשות, אַז גלייך נאָכן ערשטן געבורט־אויסגעשריי פֿלעגט דאָס עופֿעלע אויסהויכן זיין שוואַכינקע נשמהלע.

ביים פּאָרל איז געווען עפּעס ווי אַ שפּיל פֿון קאָנטראַסטן.

ער — אַ טיפֿער ברונעט: שוואַרצע האָר, שוואַרצע ברענענדיקע אויגן. זי — אַ ווייסינקע, ווי אויסגעבאָדן אין מילך, בלאָנדע האָר און בלויע אויגן. אַ בילד־שיינהייט, נאָר זיך צו שפּיגלען אין איר.

דער נדן, וואָס ער, יהודה לייב, האָט געקראָגן, איז באַשטאַנען אין טויזנט רובל, וואָס מ׳האָט געסילוקט נאָך פֿאַר דער חופּה און עטלעכע יאָר קעסט. געווי איז די צאָל נישט באַשטימט געוואָרן, וויפֿל דאָס יונגע פּאָרפֿאָלק וועט וועלן.

2

## דער אָפּגעלאָזענער שידוך

יהודה לייבס פֿאָטער איז געשטאָרבן נאָך גאָר אַ יונגערמאַן. ער האָט איבערגעלאָזט אַ יונגע אלמנה מיט פֿינף יתומים, דריי זין און צוויי טעכטער. יהודה לייב איז געווען דער מיטלסטער.

איידער ער איז געוואָרן ר׳ סענדערס איידעם, האָט מען אים גערעדט אַ שידוך מיט אַ בת־הרב. זי איז געווען אַ יחסנטע, אויסגעקנאָטן פֿון רבנים סיי פֿון איר מוטערס צד און סיי פֿון פֿאָטערס, וואָס זענען דווקא געווען גענויגט צו חסידות. מע האָט דעם עילוי איינגעלאַדן אויף אַ פֿאַרהערעניש. ער האָט נישט אויסגענומען. פֿון שידוך מיט דער שיינער מיוחסת כלה האָט זיך אויסגעלאָזט אַ טייך. אויף אים האָט אָט־דער דורכפֿאַל זייער שלעכט געווירקט. ער איז געטראָפֿן געוואָרן פֿון אַ פֿאַרסמטער פֿייל אין סאַמע האַרצן. ער איז אַריינגעפֿאַלן אין אַ מרה־שחורה, וואָס האָט אָנגעהאַלטן כמעט אַ גאַנץ יאָר.

די כלה איז אים געווען שטאַרק געפעלן. אויך די רבנישע סביבה האָט אים זייער אימפּאָנירט. אַריינפאַלן אין אַ רבנישער שטוב מיינט דאָך זיך פאַרזיכערן מיט אַ רבנישער שטעלע גאָר אינגיכן און אָן איבעריקע שוועריקייטן. ער איז געווען זיכער, אַז ער וועט אויסנעמען ביים פּערספּעקטיוון שווער, און דאָ האָט מען אים גאָר פאַרבראַקירט. ער האָט נישט געקענט אַריבערטראָגן אַזאַ פּאַטש אין פנים, אַזאַ באַליידיקונג און ווייטיקדיקע אַנטוישונג. ער האָט שיער נישט גענומען צווייפלען אין זיינע כשרונות, אין זיין טיפער תפיסה, אין זיין עילוי־אישקייט. קען ער טאַקע נישט לערנען? איז וואָס וועט פון אים ווערן?! געלערנט יום ולילה, געווען אַ גרויסער מתמיד — און דאָך דורכגעפאַלן אין ריידן און אין לערנען! וואָס טוט זיך דאָ מיט אים! ער איז געוואָרן מעלאַנכאָליש. זיינע האָפענונגען־שיפן זענען אַלע געזונקען צום גרונט פון ים. און דאָס כלה־מיידל איז אים געווען אַזוי געפעלן, כמעט איינגעבאַקן אין האַרצן. איין שטיקל טרייסט איז אים געבליבן און דאָס איז געווען זיין קול נגינה. ער האָט געהאַט אַ טייערן באַריטאָן. ער האָט „געשפּריים סאַמעט". ער האָט אויך געהאַט אַ פיינע קאָלאָראַטורע, אַ גאָטס מתנה. ער האָט זיך אַ נעם געטאָן זי קולטיווירן. ער האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן זיין שטים, ווי דער וואָס טרינקט זיך — אָן אַ שטרוי. אויב ניט קיין רב, וועט ער זיין אַ חזן. ביי וועמען און ווו? ווער וועט עס אים געבן אינסטרוקציעס אין קולטיווירונג? קיינער נישט. אונטער דער אייזנבאַנבריק איז געווען אַ שטיקל טונעלכל. דאָרט באַקומט זיך אַ שטאַרקער רעזאָנאַנס. אַהין פלעגט ער גיין, זיך אַוועקשטעלן און זינגען, אויסזינגען עטלעכע תפילות. דאָס זינגען און די תפילות האָבן אים אַרויסגעראַטעוועט פון זיין היפּאָכאָנדרישער שטימונג.

אַזוי אַז ער, יהודה לייב, איז געווען אַ געשלאָגענער, אַן אָנגעבראָכענער, אַ דורכגעפאַלענער, אַן אַראָפּגעפאַלענער ביי זיך אין די אויגן — און דערצו איז ער שוין נישט געווען יונג. דעריבער איז ער איינגעגאַנגען אויף דעם ישובניקישן שידוך, וואָס ער האָט באַטראַכט נאָך יענעם רבנישן שידוך ווי אַ גרויסע ירידה. אַ ישובניקס אַן אײדעם ווער וועט זיך אומקוקן אויף אים. עס זענען פאַראַן געגנוג רבנישע זין און אײדעמס, יחסנים. איז וווּהין וועט ער זיך שטופּן?

## 3

## א. ג׳ס טאַטע טוט געשעפט

חוץ דעם, ווי באַלד די טרויבן איז נישט געווען לייכט צו דערלאַנגען, האָבן זיי שוין אויסגעקוקט צו זיין זויער. ער האָט אין האַרצן אַנטוויקלט אַ קעגנערשאַפט צום גאַנצן ענין רבנות. ער איז געווען ערנסט, ערלעך און באמת פרום. ער האָט גוט געוווּסט, אַז לויטן דין טאָר מען גאָרנישט קריגן באַצאָלט פאַר לערנען תורה. דער אויסטראַכט־היתר פון „שכר בטלה" איז בלויז אַ נאָכגעב צו אַ שווערער סיטואַציע. מען האָט געמוזט איינפירן דעם ראַבינאַט און צאָלן שכירות די רבנים, ווייל קיין לומדים־וואָלונטירן, וואָס זאָלן זיין ווייליק צו דערפילן די פליכטן פון אַ רב אָן באַלוין, זענען נישט געווען. ער פלעגט האָלט האָבן צו ווידערהוילן

דאָס ווערטל: „אַ רב איז נישט קיין ייִד: אַ ייִד לאָזט זיך קאָסטן פאַר ייִדישקייט, אַ רב איז דער, וואָס קריגט באַצאָלט פאַר זיין ייִדישקייט“.

דעריבער איז גאַנץ נאַטירלעך, וואָס אַ יאָר נאָך דער חתונה האָט דער איי־דעם זיך גענומען טאָן „געשעפט“. וואָס האָט ער געטאָן? ער האָט אויסגעליִען זיין נדן־געלט צו קליינע סוחרימלעך אין סוויר און ער פלעגט דערנאָך פאָרן אָפּנעמען דעם קרן מיט פּראָצענט, לויט אַ היתר־עסקא, וואָס ער האָט מיט יעדן איינעם פון זיי אונטערגעשריבן; דאָס מיינט, ער איז געוואָרן אַ שטיקל שותף אין זייערע געשעפטן. די הלוואות האָט ער צעגעבן אויף גאָר קורצע טערמינען. פלעגט ער איינמאָל אַ וואָך זיך לאָזן פאָרן פון נישטאַנישעק קיין סוויר, אויפצומאָנען די חובות און צעטיילן נייע הלוואות; דאָס איז געווען אַ מהלך פון אַ צען וויאָרסט. די יאַזדע מיט פערד און וואָגן פלעגט דויערן עטלעכע שעה אַהין און עטלעכע שעה צוריק. דער אָנטרייבער איז געווען אַ פּאַרובאָק אין שווערס, ר׳ סענדערס, הויף. די פּאָר שעה פאָרן „פּער אַקס“ האָט ר׳ יהודה לייב, דער יונגער בעל־הביתל, זיך נישט געקענט פאַרגינען פּטרן אויף גאָרנישט. דאָס וואָלט דאָך געווען אַ גרויסער ביטול תורה. פלעגט ער האַלטן אין וואָגן אַ פּאָר ספרים און בשעתן פאָרן האָט ער געלערנט מיט גרויסער התמדה. געקומען אין שטעטל, איז ער גלייך פאַרפאָרן צום מרא דאתרא, צום רב, ר׳ משהל. אַז ער האָט זיך מיטן רב גוט אָנגערעדט אין לערנען, זיך שטאַרק מפלפל געווען און זיך צעזעגנט זיך צו טרעפן און ריידן אין לערנען איבעראַכטאָג, אים ירצה השם, פלעגט ער ערשט דעמאָלט האָבן אַ פרייען קאָפּ און פרייע צייט צו גיין זען זיינע בעלי־חובות. עס האָט לאַנג נישט גענומען און די טויזנט רובל זענען צעשמאָלצן געוואָרן ווי זיי וואָלטן געווען געמאַכט פון שניי אין די תמוזדיקע היצן. פון נדן איז געבליבן אַ געדעכעניש אין זכרון און אַ פאַרשריבענער אָנדענק אין פּנקס, אין ספר החשבונות, וואָס ר׳ יהודה לייב האָט לכתחילה געפירט מיט גרויס פּינקטלעכקייט און געשיקטקייט, ווי ער וואָלט געווען אַן עכטער בוכהאַלטער.

אַצינד האָט ער שוין ניט געהאַט נאָך וואָס צו פאָרן אין שטעטל, סיידן קומען ריידן אין לערנען. האָט ער עס טאַקע געטאָן, ווייל אין נישטאַנישעק האָט ער נישט געהאַט קיינעם, מיט וועמען ער וואָלט זיך קענען טיילן מיט זיינע חידושי־תורה, וואָס האָבן זיך ביי אים אָנגעקליבן דורך דער וואָך.

## 4

# אַ ברית

ר׳ סענדער האָט פאַר דעם פּאָר־פאָלק אויסגעבויט אַ קליין, שיין שטיבעלע נישט ווייט פון דער לדאָוונע, אין שאָטן פון באַרגע־ביימער. דאָ איז ר׳ יהודה לייב געזעסן על תורה ועל העבודה און זיין יונג ווייבעלע האָט געקינדלט, אָבער וואָס צו האָדעווען איז נישט געווען; זי האָט אָדער געמפּילט אָדער דאָס עופעלע פלעגט שטאַרבן גלייך נאָכן געבוירן ווערן. אַזוי זענען אַוועק פינף יאָר. דאָס יונגע ווייבל איז דערווייל רייפער געוואָרן. עס איז געבוירן געוואָרן אַ טעכטערל, וואָס

האָט זיך יאָ געהאַלטן. די גדולה אויף טאַטע און מאַמע, זיידע און באָבע איז געווען אין לשער גרויס. אַלע זענען אַרומגעגאַנגען מיט שיינענדיקע פּנימער פון שמחה, וואָס מ׳דערלעבט שוין, הפּנים, נחת פון די קינדער. דער אויבערשטער האָט זיך מרחם געווען. דעם עופעלע האָט מען אַ נאָמען געגעבן נאָך אַן עלטער־באָבען, בלומע. אַוועק אַ יאָר און אַ האַלב און עס האָט זיך געיאַוועט אַ יינגל. דאָ האָט אַ גרויסע שמחה פאַרפלייצט אַלע זייערע הערצער. אַ קלייניקייט: עס וועט זיין וועמען צו יידישן און פראַווען אַ ברית־מילה־סעודה כיד־המלך. ר׳ משהל וועט זיין סנדקא. צו דער שמחה זענען אָנגעקומען יישובניקעס און יישובניצעס פון אַרום און אַרום. עס זענען אויך געקומען צוויי מנינים יידן פון שטעטל סוויר מיטן רב ר׳ משהל בראש. און אָרעמע לייט, וואָס האָבן זיך גיך דערוווסט פון דער געשעעניש, זענען אָנגעקומען צופוס, גאַנצע מחנות. אַ פולע וואָך האָט מען זיך משמח געווען, געגעסן, געטרונקען און אַפילו געטאַנצט ריקודהלעך. אַז עס זענען פול געוואָרן די טעג פון דער גרויסער סעודה־מצווה, האָט מען ר׳ משהלען אַרויסבאַגלייט מיט גרויס כבוד און מיט אַ פור אָנגעלאָדן מיט כל־טוב, אַזוי אַז די אַקסן האָבן זיך אונטער איר שיער ניט געבראָכן. וואָס איז דאָרטן ניט געווען אויף דער פור־„אָבאָז״: הינער, הענער, אַ פּאָר געבונדענע יונגע קעלבלעך, קאַר־טאָפל, בוריקעס, מעל ווייצענע און ראַזעווע, קרויט אין קעפּלעך און געשאַטקע־ווערטע און שוין אַ ביסל צוגעזייערטע, אוגערקעס, אַרבעס, בעבלעך. דערצו האָט ר׳ משהל געקראָגן אַ פינפאונצוואַנציקער במזומן, אַ פעסעלע בראָנפן און אַ פּע־סעלע וויין, וואָס זאָל אים סטאַיען אויף צוויי יאָר קידוש און הבדלות.

## 5

# ת כ ל י ת

דער יונגער טאַטע, וואָס איז איצט שוין געווען אַ בעל מטופל מיט צוויי קינדער, בלומע און וועלפקע, און מיט דער האָפענונג און דערוואַרטונג, אַז כן ירבו, מיט אַ דריטן האָט שוין דאָס ווייבל פאַרשוואַנגערט, האָט גענומען זיך פאַר־טראַכטן וועגן אַ תכלית. מע קען דאָך נישט בלייבן אויף שטענדיק זיצן ביים שווער אויפן קאַרק. אויסער דעם קומט דער אומעט, וואָס האָט אים געדריקט און געשטיקט. נישטאָ מיט וועמען אַ וואָרט אויסצורייד אין לערנען. איין יידישע משפחה ווי אַן אינדזל אין אַ ים פון גויים. אמת, מען דאַוונט אַלע שבת מיט אַ מנין. ביי ר׳ סענדערן איז פאַראַן אַ ספר תורה און אין אַ מרחק פון עטלעכע וויאָרסט געפינען זיך יידן יישובניקעס. זיי לייגן אויס עירובין, כדי צו פאַראייניקן די תחומים. אין מיטן וועג, אין וואַלד אָדער אין פעלד, בערך ביי דעם צווייטויזנט־דיקן אייל, לייגט מען אַוועק, אויף־איבער־שבת, אַ האַרט איי, אַ שטיק חלה און נאָך עפּעס פון עסנוואַרג, און מע מאַכט יענעם פלאַץ כלומרשט פאַר אַן אייגענער דירה. אַזוי אַז מע ציילט שוין די צוויי טויזנט אייל פון אָט־יענער „וווינונג״. און די יישובניקעס קומען צוגיין שבת אינדערפרי צום דאַוונען.

ר׳ סענדער איז געווען געוויינטלעך דער שליח־ציבור און זיין שוואָגער, חיים־שמחה, איז געווען דער בעל־קורא. נאָכן דאַוונען פלעגט ר׳ סענדער מאַכן

קידוש און מוציא זיין דעם עולם יישובניקעס. כיענע־רויזע האָט געשטעלט כיבוד צום טיש, אויך פּעטשאַ דערלאַנגט. דער עולם בייסט־צו, מע לענט זיך לייכט אונטער דאָס האַרץ און מע צעגייט זיך יעדער אַהיים מיט אַ צוזאָג זיך צו טרעפן, אם ירצה השם, איבעראַכטאָג שבת.

פרומע ייִדן, אייניקע אָפּגעהיטע ייִדן, אָבער פּראָסטע ייִדן. נישטאָ מיט וועמען צו פּעכטן זיך אין דער תורה. נאָך פיל איבערטראַכטן און וויניק איבעררייִדן מיטן יונגן ווייבל און איינגאַנצן אַ וואָרט נישט זאָגנדיק וועגן זיין פּלאַן צו שווער און שוויגער, באַשליסט ר׳ יהודה לייב אָוועקצופאָרן אין אויסלאַנד און אויסשטודירן אויף דאָקטאָר.

אָבער דאָס יונגע ווייבל האָט גענומען וויינען און קלאָגן. זי וויל נישט בלייבן קיין עגונה. אין יענע יאָרן האָט גאַנץ אָפּט געטראָפן, אַז אַ יונגערמאַנטשיק פלעגט אַוועקפאָרן שטודירן און ווערן אינדערפרעמד אַן אַפּיקורס, קריגן אַ דאָקטאָר־דיפּלאָם, צושיקן דעם ווייב אַ גט — און פּטור אַן עסק. פאַר אָט־די קאָנסעקווענצן האָט זיך דאָס יונגע ווייבל געשראָקן. ווייטער: זי האָט טאַקע ליב געהאַט איר מאַן און די פּערספּעקטיוו אָפּצווחשכן יאָרן אַליין מיט אירע צוויי עופעלעך און פאַרצערט ווערן פון בענקעניש נאָכן מאַן, וואָס געפינט זיך ערגעץ וייט־וייט אין אויסלאַנד, האָט זי גאַרנישט געלאָקט.

איז וואָס האָט זי געקענט טאָן, כדי אָפּצושרייען אָט־דעם גזר־באַשלוס פון איר מאַן? האָט זי געוויינט בייטאָג און געוויינט ביי דער נאַכט. דער יונגער מאַן, וואָס האָט זי ליב געהאַט האָט אירע טרערן און שטומע בקשות נישט געקאָנט ביישטיין. איז ער געבליבן מיט איר און מיט די קינדערלעך. אָבער וואָס טוט מען פאַרט? מע דאַרף דאָך אַראָפּ פון קעסט און ווערן ווירטשאַפטלעך אומאָפּהענגיק. האָט ר׳ משהל איבערגערעדט מיט זיין פראַטעזשע און אים געעצהט ווערן אַ רב.

6

## אבקע ווערט געבוירן אַ בן־הרב

אַ רב ווערן האָט ר׳ יהודה לייב נישט געוואָלט. דאָס מיינט דאָך ווערן אַן עבד כנעני ביי אַ קהילה ייִדן, און וואָס איז נאָך ערגער, ווערן אויס ייִד, קריגן באַצאָלט פאַר תורה און מצוות. אָבער נויט ברעכט אייזן. צו מסחר טויג ער זיך נישט אויס, דאָס האָט ער אַליין און אַלע אַרום אים גוט תופס־געווען. פאָרן שטודירן — לאָזט דאָס ווייבל נישט, זי וויינט זיך אויס אירע שיינע בלויע אויגן. זי האָט מורא ער זאָל זי דערנאָך גאָר נישט אָוועקוואָרפן. בלית ברירה איז ער שוין מסכים צו ווערן אַ רב. אָבער זיין הסכם אַליין איז דאָך נישט גענוג. עס דאַרף זיך דאָך געפינען אַ שטעטל, וואָס זאָל אים וועלן נעמען פאַר אַ רב. האָט זיך גראָד געמאַכט, אַז אין מיכאַלישעק איז דער כסא הרבנות געוואָרן וואַקאַנט. די פּני פון שטעטל זענען געקומען צו ר׳ משהלען און אים געבעטן, ער זאָל פאַר זיי אויסקלייבן אַ יונגן רב.

ר׳ משהל האָט זיי צוגעזאָגט ממלא צו זיין זייער בקשה. אין אַ וואָך צוויי

אַרום איז ער אַראָפּגעקומען אין שטעטל און געבראַכט מיט זיך ר׳ יהודה לייבן, דעם עילוי. ער האָט איבערגערעדט מיט די ראשי־הקהל און האָט געקראָגן פאַר אים אַ כתב־הרבנות. עס האָט זיך גאָר גיך אַרויסגעשטעלט, אַז דער יונגער רב איז גאָר אַ פיינער בעל־דרשן, ווייסט ווי צו נעמען אַן עולם. דערצו האָט ער נאָך געהאַט אַ טייערע כלי. אַ זייער אָנגענעמען באַריטאָן. זיין שיינע זיסע שטימע און זיין רעדנער־קראַפט האָט קיינער נישט געקענטביישטיין. אַזוי אַז דאָס שטעטל האָט זיך געפילט גליקלעך מיט זיין אויסוואַל.

צווייו וואָכן שפּעטער איז שוין דער יונגער רב געקומען מיט זיין פאַמיליע, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ יונג ווייבל, צוויי טעכטערלעך, בלומע און רחקע, און איין יינגל, וועלפקע. פון נישטאַנישעק האָט מען אָנגעפירט פון כל טוב. מיכאַלי־שעק איז געווען ניט פיל ווייטער פון נישטאַנישעק ווי סוויר, אַזוי אַז אַלע וואָך פלעגט אָנקומען אַן „אָבאָז" מיט פּראָוויאַנט: שאַר־ירקות און פרוכטן פון נישטאַ־נישקער און פוטילאָווקער גערטנער און סעדער, עופות פון אייגענער האָדאָוואַניע; פּוטער און קעז פון פאַכט פון הויף פּוטילאָווקע, וואָס ר׳ סענדער האָט געהאַלטן אין אַרענדע פון גרויסן פּריץ כאָמינסקי, אַ זון פון געוועזענעם ווילנער גענעראַל־גובערנאַטאָר, אַן איידעם פון די שערמענטיעווס; און לעבעדיקע פיש, געבראַכט אין קאַדרעס וואַסער, געכאַפּטע אין סטאַוו פון דעם אייגענעם הויף. אַזוי אַז די שכירות, וואָס דער רב האָט געקראָגן, איז געגאַנגען אויף אַוועקצוגעבן אויף צדקה; אויף דער הוצאה פאַר די בני־הבית האָט מען עס נישט געברויכט.

דער רב איז געזעסן און געלערנט יומם ולילה. קיין סך צרכי־ציבור איז אין שטעטל נישט געווען צו באַאַרגן. אַזוי אַז קיין טרוד איז ער נישט געווען. האָט ער זיך געקענט אָפּגעבן מיט לערנען אומגעשטערט. די רביצין האָט גע־קינדלט. עס איז אין יאָר 1887 געבאָרן געוואָרן אַ יינגל, וועמען מע האָט אַ נאָמען געגעבן מאיר אבא, נאָכן פאָטערס פאָטער, פּאַרקירצט אַבקע. ער איז נישט געווען באַזונדערס אָנגעלייגט. אָבער אויך נישט, גאָט באַהיט, אויף אַרויסצוואַרפן. אַ קינד איז אַ קינד, אַן אויג אין קאָפּ. ער איז געווען דער פערטער פון די קינ־דער, וואָס זענען לעבנגעבליבן און האָבן זיך געהאָדעוועט.

## 7

## אַ טראַגעדיע

ר׳ יהודה לייבס רבנות אין מיכאַלישעק איז אָפּגעשטעמפּלט מיט אַ טראַ־גישן פאַל.

עס איז אַ מעשה מיט אַ שוחט. זיין פאַמיליע־נאָמען, דוכט מיר, איז געווען הארעליק. קהל האָט געהאַט צו אים טענות און תרעומות, באשר ער איז נישט געווען פאַנאַטיש פרום אין דער מאָס, וועלכע עס האָט זיך געפאָדערט, לויט דעם אָנגענומענעם סטאַנדאַרט אין אַ קליין ייִדיש שטעטל אין יענע יאָרן, פון אַ חשובן מיטגליד פון דער כלי־קודש־משפחה ווי אַ שוחט, וואָס אויף אים און דעם רב האַלט זיך דאָך דער גאַנצער בנין פון כשרות; און כשרות איז דאָך דער מיטע־

לער זייל, אויף וועלכן עס האַלט זיך דער גאַנצער יידישער לעבנס־שטייגער! דערצו איז צוגעקומען נאָך אַ חסרון: דער שוחט איז שוין געווען אַריבערגעגאַנגען דעם פּאַס וואָס טיילט אָפּ די מיטעלע יאָרן פון זקנה און ביי אים האָבן זיך די הענט געטרייסלט. דאָס ערשטע ווייב איז ביי אים געשטאָרבן. ער האָט חתונה געהאַט אַ צווייטן מאָל מיט אַ יונג ווייבל און ער האָט געהאַט אַ פולע שטוב מיט יונגע קינדער. דער רב האָט געהאַנדלט לויטן שטרענגן דין. יידן בנוגע שחיטה זענען געווען שטאַרקע מקפּידים. די ערשטע אויפגאַבע פון רב איז דאָך געווען אַכטונג צו געבן אויף דעם שלאַכטהויז און אויף דעם שוחט. דער יונגער רב האָט דעם עלטערן שוחט מעביר־געווען פון שחיטה. דעם פּסק־דין האָט דער רב אַרויסגעטראָגן פּרייטיק. מוצאי־שבת האָט מען דעם שוחט, וואָס איז נעלם געוואָרן אויף אַ גאַנצן מעת־לעת, מחמת מע האָט אים אין בית־מדרש צו „לכו נרננה“ און אויף מאָרגן צום דאַוונען נישט געזען, — געפונען אַן אויפגעהאָנגענעם אויפן בוידעם פון זיין הויז.

אָט־די טראַגישע געשיכטע האָט געהויערט פאַר יאָרן איבער די געמיטער סיי פון יונגן רב און סיי פון דער יונגער רביצין: דער ערשטער טראָט זיינער אויפן רבנות־באָדן איז געווען איבער אַ טויטן מענטשן, אַ קרבן פון גרויזאַמען דין. אין שטוב האָט מען וועגן דעם קיינמאָל נישט גערעדט. די רביצין האָט זיך געשראָקן, אַז אַן אומגליק זאָל נישט פּאַסירן מיט איר אָדער מיט אירע קינדער. פאַר איר מאַן וועט זיך די תורה הקדושה איינשטעלן און וועט אים באַשיצן, אָבער דעם צאָרן וועט דער מת אויסלאָזן צו איר און צו די קינדער. זי האָט גוט באַגריפן, אַז איר מאַן האָט אַרויסגעגעבן דעם פּסק לויט די פאָרשריפטן פון דער הייליקער תורה און נישט חס־ושלום אויס רוגזא אָדער פאַראיבל אויפן שוחט פער־זענלעך. כאָטש בשעת דער אונטערזוכונג, צי דער שוחט איז מוכשר אויסצופילן זיינע פונקציעס, האָט ער זיך געהיצט און געכעסט און האָט פוגע בכבוד געווען דעם רב, צו וועלכן ער האָט זיך באַצויגן מיט ביטול, ווי צו עפּעס אַ שנעק, אַן אײדעם פון אַ רייכן יישובניק, נישט ווי צו דעם מרא דאתרא. און צוליב זיין חוצפּה אַליין האָט ער געדאַרפט פאַרלירן זיין שטעלע. דאָך האָט די רביצין געפילט, ווי אַ שווערע משא פון אחריות האָט זיך געלייגט אויף אירע יונגע אַקסלען. זי האָט זיך געהאַלטן ווי האַלב־פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם אומגליק: עס זענען געבליבן קלייניקע יתומים און אַ יונגע אלמנה. זי האָט געגאַרט צו פאַרלאָזן דאָס שטעטל אַזוי גיך ווי נאָר מעגלעך. און זי האָט כסדר מתפּלל־געווען, אַז דער אויבערשטער זאָל צושיקן איר מאַן אַ נייע רבנות־שטאָט, ווען אַפילו אַ קלענערע ווי די, אַבי דאָ נישט זיין, אין אַן מקום מיט די אומשולדיקע קרבנות.

מען האָט דעם אומגליק־פאַל זעלטן־ווען דערמאָנט אין הויז. דאָך האָט בלומקע, רחקע און וועלפקע געוווּסט וועגן דעם, און פון זיי איז עס דערגאַנגען צו אַבקען, ווען ער איז נאָך געווען זייער יונג.

אויף ר׳ יהודה לייבן האָט דער אומגליק־פאַל געהאַט זיין ווירקונג אין דער ריכטונג פון מאַכן אים זהיר וזהיר נישט אָנצוווענדן דעם דין אין זיין גאַנצער האַרבקייט און האַרטקייט. מע דאַרף זיך תמיד מיִען מיט אַלע געזעצלעך־פּוסקימ־שע מיטלען אויסצוהיטן, אַז עס זאָל נישט קומען צו קיין טראַגעדיעס.

## 8

## וועלפקעס ווילדקייט און אַבקעס מילדקייט

חיה אסתר שרה איז געווען זייער אָפּגעשוואַכט פון אָפּטן קינדלען און דער אומגליק־צופאַל האָט שטאַרק צעטרייסלט איר געזונט; האָט זי אַבקען אָפּגעגעבן צו אַן אַם, וואָס האָט זיך געפונען אין פוטילאָווקע. זי איז געווען אַ יונג ווייבל, וואָס איר פאָטער האָט געהאַלטן דעם פּאַכט געדונגען פון ר׳ סענדערן. און זי און איר יונגער מאַן האָבן אַרויסגעהאָלפן אין דער אַרבעט פון מעלקן די קי, אויסשלאָגן פוטער, מאַכן קעז און דאָס אַלעס אָפּפירן אין די אַרומיקע שטעטלעך צום פאַרקויפן.

אַבקע איז געווען אַ טייער קינד, שטיל ווי אַ טויב. מע האָט פון אים, ממש, קיין פּאַרע נישט געהערט. קאָרמעט מען אים אַן מיט דער ברוסט, — איז מה טוב; טאָמער פאַרגעסט מען אַן אים, — איז אויך קיין אומגליק נישט. ער ליגט זיך רויק און שפּילט זיך מיט די אייגענע הענטלעך און פיסלעך, ביז די אַם דערמאָנט זיך, אַז ער איז אַ פאַרחלשטער און זי קומט און גיט אים די ברוסט. זי האַלט אין באַלויגען אים פאַר זיין אונטערהונגערן מיט לויברייד אויף זיין חשבון:

— עס איז אַ קינד אַ גאָלד, מע הערט נישט פון אים קיין פּאַרע. אַפילו ווען עס ליגט אין דער נעץ, שרייט עס אויך נישט. עס איז זיך אַביסל מתרעם, כליפּעט אינטער, קוים וואָס מ׳קען אים הערן. אַזאַ עופעלע צו האָדעווען איז, פּשוט, אַ מחיה.

### די חפצעס פון וועלפקען

מערקווערטיק, אַבקע איז געווען דער פולער היפּוך פון זיין לייבלעכן ברודערל וועלפקע. יענער איז געווען אַ מזיק, אַ שרייער; ער פלעגט זיך צערייסן דעם האַלדז מיט זיינע קולות. ער האָט קיינעם נישט געלאָזט שלאָפן. ער פלעגט גאַנצענע נעכט געוואַלדעווען. פאַרוואָס? נישטאָ קיין פאַרוואָס. חיה אסתר שרה פלעגט זאָגן, אַז ער איז געראָטן אין דער קו, וועמענס מילך מע האָט אים אָפּט געגעבן טרינקען. זי פלעגט כסדר מרוקען און מוקען, מיט קולי־קולות אַריינשופרן אין חלל פון דער שטילער נאַכט. אַז ער איז אונטערגעוואַקסן, פלעגט ער פירן קריגערייען און געשלעגן מיט די קינדער פון זיין עלטער. זיי געבן די גוטע קלעפּ און אַליין אויך קומען פון די באַטאַליעס אַ צעדראַפּעטער, אַ צעמזיקטער.

ווענן אים האָט חיה אסתר שרה געהאַט צו דערציילן אַן אַ שיעור טשיקאַווע מעשיות.

### אין זיידנס, ר׳ סענדערס הויז

שבת נאָך מיטיק. שנה בטבת איז דאָך אַ תענוג. האָבן אַלע זיך צוגעשפּאַרט. וועלפקע האָט אויסגעשטעלט אַלע גלעזער און טעצלעך אויפן דיל אין גרויסן עסצימער. אַראָפּגעשלעפּט אַפילו דעם סאַמאָוואַר. אויך אים האָט ער אָוועקגע־

שטעלט אויפֿן דיל, געעפֿנט דעם קראַן און געלאָזן דאָס וואַסער גיין. באַגרייפֿנדיק, לאחר מעשה, אַז ער האָט עפּעס אָפּגעטאָן, פֿאַר וואָס ער דאַרף קריגן אַ האַרבע שטראָף און, אפֿשר, טאַקע שמיץ, פֿאַרבאַהאַלט ער זיך הינטער דעם קאָמאָד, וואָס איז געווען אָפּגערוקט אַ ביסל פֿון וואַנט. דער קאָמאָד איז געווען אַ מאַסיוו שטיקל מעבל, אַן אַנטיק פֿון האַרטן שווערן דעמב, געפֿאַרבט טונקל ברוין. וועלפֿקע האָט זיך אַהין אַרײַנגעקוועטשט און שטייט דאָרט אַ פֿאַרטײַעטער מיט אַ פֿאַרשטיקטן אָטעם. אַז ר׳ סענדער איז אויפֿגעשטאַנען און האָט דערזען, וואָס אין עסצימער טוט זיך, האָט ער „געמאַכט אַ טרעוואָגע״. איז געקומען אין געלאָף כיענעס רויזע, איז אַרײַנגעלאָפֿן חיה אסתּר־שׂרה אַן איבערגעשראָקענע, מיט דער פֿראַגע „וואָס איז געשען״ אויף די ליפּן. אַז דאָס איז געווען די אַרבעט פֿון „מזיק״, דאָס האָבן אַלע פֿאַרשטאַנען. און עס איז געווען איבעריק עס צו באַהויפּטן. ווער קען טאָן אַזאַ זאַך אויב נישט ער?! אָבער וווּ איז ער, דער ווילדער! מע דאַרף דאָך אים צעפּאַסעווען, די פֿעל אָפּשינדן פֿאַר אַזעלכע חפֿצעס. מע זוכט דעם פֿאַרברעכער — אָבער מ׳קען אים אינעדגעץ נישט געפֿינען. דאָ פֿאַרגעסט מען שוין וועגן זײַן פֿאַרברעכן און זײַן שטראָף, די באָבע און דער זיידע און, נאָך מער פֿון זיי די מאַמע, ווערן שטאַרק אומרויִק. וווּ איז ער אַהינגעקומען? מיט יעדער מינוט פֿון אומדערפֿאַלגרייכן זוכן ווערן זיי אַלץ מער צערודערט. איז ער אַנטלאָפֿן פֿון הויז אויס פּחד פֿאַר דער דערוואַרטער „עקזעקוציע״? אפֿשר איז ער גאָר אַרײַנגעפֿאַלן אין ברונעם! אָדער אין סטאַוו! אַ מענטש האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אין ברונעם. מע האָט שוין געעפֿנט די זאַסטאַווקעס, אַרויסגעלאָזט דאָס וואַסער פֿון סטאַוו און — והילד איננו, וועלפֿקע איז אינעדגעץ נישטאָ. די מוטער ברעכט די הענט, וויינט אויפֿן קול, גייט אַרום איבער דער שטוב און איבערן הויף און רעדט צו אים און זאָגט אים צו, אַז מע וועט אים פֿאַרגעבן זײַן טועכץ, אַבי ער זאָל זיך אָפּרופֿן, ער זאָל זיך ווײַזן. שפּעטלעך אין אָוונט האָט זיך וועלפֿקע אָפּגערופֿן אויפֿן געוויין פֿון זײַן מוטער. ער האָט קוים מיט צרות זיך אַרויסגעקראַבקעט פֿון זײַן באַהעלטעניש. עס האָט קיינעם גאָר נישט געקענט אײַנפֿאַלן, אַז ער האָט זיך דאָרט אַרײַנגעקוועטשט. ער האָט געקענט דערשטיקט ווערן.

און נאָך אַ מעשה, וואָס איז שוין פֿאָרגעקומען אַ ביסל שפּעטער. שייגעץ, אַ שטיקל באַלעבאָס פֿון מיכאַלישעק, אַן אָפֿטער אַרײַנגייער אין רבס הויז, רײדנדיק וועגן אַ שטעטל־אָנגעלעגנהייט, וואָס האָט געהאַט אַ שייכות צום רב, האָט זיך אויסגעדריקט אַזוי, אַז עס איז אויסגעקומען, אַז וועלפֿקעס טאַטן, דעם רב ר׳ יהודה לייב, פֿאַררעכנט ער צווישן די ייִדן פֿון שטעטל. וועלפֿקע, הערנדיק אים ריידן, איז אין כּעס געוואָרן און זײַן גרימצאָרן האָט זיך צעפֿלאַקערט אַזוי, אַז ער האָט אַ כאַפּ געטאָן אַ שייטל האָלץ און געוואָלט שייגעצן פּלעטן דעם קאָפּ. ער האָט זיך געקאָכט און געשריגן: „מײַן טאַטע איז נישט קיין ייִד, מײַן טאַטע איז אַ רבֿ״!

אויף דעם האָט די עלטערע שוועסטער, בלומקע, רעאַגירט געלאַסן און מיט ישוב־הדעת זיך אָפּגערופֿן:

— פֿאַניע שייגעץ, האָט אויף אים קיין פּאַראיבל נישט. ער געדענקט נישט ווען דער טאַטע איז נאָך געווען אַ ייִד, איך געדענק עס יאָ.

זי איז געווען מיט העכער אַ יאָר עלטער פֿון וועלפֿקען, איר ברודערל, און זי האָט געדענקט איר פֿאָטער נאָך פֿון די נישטאַנישעקער יאָרן, ווען ער איז

געווען אַן אײדעם אויף קעסט ביים שווער, ר׳ סענדערן, און איז געווען אַ „ייִד צווישן ייִדן״...

נאָך אַ מעשה, וואָס חיה אסתר שרה האָט איבערגעדערציילט און אַלע פלעגן דערביי לאַכן.

וועלפקע האָט ליב געהאַט צו זיצן אין בית־דין־שטיבל, זיך צוהערן צו די טענות און מענות, אַמאָל, און טאַקע גאַנץ אָפט, צו די געשרייען פון די בעלי־דין. נאָך מער האָט ער האָלט געהאַט צו זיין דערביי, ווען עס פלעגט זיך מאַכן אַ גט. דאָס איז געווען ביי אים אַ ספעקטאַקל, וואָס ער וואָלט עס באין־אופן נישט וועלן פאַרלירן.

עס איז פאָרגעקומען אַ גט און מע האָט געהאַלטן אין די „סאַמע געדיכטע״, ווען דער רב פרעגט אויס ביי בידע צדדים זייערע גענויע נעמען און צונעמענישן און צי זענען זיי טאַקע וויליק צו געבן און נעמען דעם גט. ווי אויף־צו־להכעיס האָט וועלפקע פונקט אין דעם מאָמענט געדאַרפט טאָן זיינע אַ פיזישע באַדער־פעניש און דווקא נקבים גדולים. איז וואָס זאָל ער טאָן? אַוועקגיין פון אָרט וועט ער נישט; ער וויל נישט פאַרלירן קיין איינצלהייט פון דער גאַנצער טשיקאַווער פראָצעדור. זעט ער לעבן זיך ליגן דעם דיינס קאַפּעליוש. גיט ער אים אַ נעם, לאָזט זיך אַרונטער אונטערן טיש, מאַכט אָן פול אין קאַפּעליוש און דעקט אים צו מיטן טאַטנס אַן אָפּגעטראָגענער יאַרמולקע, וואָס איז געלעגן דערביי... אַלע זענען געווען פאַרעוסקט מיטן גט און קיינער האָט זיך אויף וועלפקען ניט אומגעקוקט.

די צערעמאָניע פון גטן האָט זיך געענדיקט; מע נעמט זיך פאַנאַנדערגיין; אויך דער דיין קלייבט זיך גיין. זוכט ער זיין קאַפּעליוש און קען אים נישט געפינען. ער געדענקט ווו ער האָט אים אַוועקגעלייגט, — אויף דער קאַנאַפּע, אָבער אויף יענעם אָרט איז ער נישטאָ. חידושט ער זיך, זוכט אים אַרום איבערן גאַנצן צימער. ערשט ער באַמערקט אים ליגן אונטערן טיש. ער בייגט זיך אַרונטער; ער איז געווען אַ קורצזיכטיקער, אָבער פון טראָגן שפּאַקולן האָט ער נישט געהאַלטן; גיט ער אַ נעם זיין קאַפּעליוש מיט פרייד, וואָס, סוף־כל־סוף, האָט זיך אָפּגעזוכט זיין שאָדן, און גיט אים אַ טו־אָן מיט אימפּעט אויפן קאָפּ. ערשט עס גיט זיך אַ גאָס פון אים אויפן קאָפּ, אויף דער באָרד און זשופּיצע דאָס ריכטיקע געקעכטס...

— אוי וויי! אוי וויי! — צעשרייט ער זיך אַ דערשראָקענער, אַן איבער־ראַשטער און אַ פאַרשעמטער...

וועלפקע איז געווען אַ געפּערלעכער שרייער און וויינער. מע האָט אים בשום אופן נישט געקענט איינגעמען. ער פלעגט פאַרוויינען און פאַרגוואַלדעווען דעם קאָפּ. דער איינציקער, וואָס האָט אים געקענט איינשטילן, איז געווען דער בית־דין־שמש אין מיכאַלישעק.

ער פלעגט מיט אַן ערנסטער מינע זיך ווענדן צום קינד:

— ר׳ זאב, איר זייט דער רב פון וואַרשע!

זאָגנדיק עס, האָט ער אַ פּאַטש געטאָן אין טיש און אויסגערופן אויפן קול:

— רבותי, שטיל זאָל זיין, הרב הגאון ר׳ זאב וואָלף גייט האַלטן אַ דרשה.

אָט־די פּאָר ווערטער האָבן געווירקט ווי אַ מאַגישער שפּרוך. וועלפקע פלעגט

גלייך שטיל ווערן און זיך מיִען אַריינצואַרבעטן זיך אין זיין ראָלע פון וואַרשע־ווער רב.

## 9

## דער קאָפּ קריכט נישט אין דער גמרא

גיין אין חדר האָט וועלפּקע נישט געוואָלט. ער האָט געטענהט, אַז ער איז אַ גאון און אַ גאון דאַרף אין חדר נישט גיין.

מע האָט דעריבער פּרובירט אים לערנען אין שטוב. האָט מען פּאַר אים געדונגען אַ באַהעלפער, ער זאָל מיט אים איינקנעלן דעם אלף־בית מיט די נקודות. איז אַלץ געגאַנגען כשורה. אַלע נקודות און טראָפּן האָט ער געקענט, אָבער אַ צירה האָט ער נישט גורס געווען. ער האָט זי בשום אופן נישט דער־קענט. זי נישט געקענט אַרויסרעדן. די רביצין, זיין מאַמע, האָט געקלאָגט און געוויינט: זי האָט מורא געהאַט, אַז ער וועט אויסוואַקסן אַ „פּויער״: אין חדר וויל ער נישט גיין. אין דער היים קען ער נישט באַהערשן די צירה. וואָס זאָל מען טאָן מיט אים? זי איז געווען, ממש, אין פאַרצווייפלונג: ער וועט זיך קיינמאָל גאָרנישט אויסלערנען, ער האָט אַ פאַרשטאָפּטן קאָפּ און דערצו איז ער אַזאַ ווילדער.

ויהי היום, איינמאָל גייט וועלפּקע צו צו זיין פאָטער, ר׳ יהודה לייב, וואָס האָט געהאַלטן יום ולילה אין לערנען אין די גרויסע ש״ס גמרות, וואָס זיין שווער, ר׳ סענדער, האָט אים געקויפט ווי אַ מתנה צו דער חתונה, דרשה־געשאַנק, און גיט אים אַ פרעג מיט קינדישער תמימות:

— טאַטע, ווי לערנט מען?

הפנים, אַז ער האָט גענומען באַגרייפן, אַז אויב ער איז אַ גאון און דאַרף נישט גיין, מהאי טעמא, אין חדר, דאַרף ער דאָך אָבער קענען אַליין לערנען אָן אַ רבין און אָן אַ „חדר״.

דער טאַטע, דער רב, ענטפערט אים אין פשטות:

— מיין זון, מע לייגט צו דעם קאָפּ.

וועלפּקע פוילט זיך נישט, רוקט צו אַ שטול צו דער פּאָליצע מיט די ספרים, נעמט אַרויס אַ גמרא, לייגט זי אַוועק אויפן טיש, קריכט אַרויף אויף אַ שטול און שטופּט מיטן גאַנצן כוח, וואָס ער האָט פאַרמאָגט, דעם קאָפּ אין דער אָפע־נער גמרא, שטופּט און קיין צופרידנשטעלנדיקן רעזולטאַט באַקומט ער נישט.

ער לויפט אַוועק צוריק צום טאַטן און מיט אַ וויינענדיקן קול זאָגט ער:

— טאַטע! דער קאָפּ קריכט נישט אין דער גמרא; איך מוז גיין אין חדר.

אויף מאָרגן איז ער אַוועק אין חדר.

ער איז געווען אַ געפערלעכער „מזיק״. ווי נאָר מע האָט אים אָנגעטאָן אַ נייעם אָנצוג לכבוד יום־טוב, אַזוי איז ער גלייך אַוועק אין הויף, אויסגעקלע־טערט אַלע דעכער און געקומען קרוע־בלואה, צעריסן די בגדים אין צענדליקער פלעצער.

מע האָט אים געשלאָגן, אָבער עס האָט גאָרנישט געהאָלפן.

ער פלעגט אָפט זיך צעמזיקן און צעהורגן די חברים־יינגלעך, מיט וועלכע

ער האָט זיך געשפּילט גאַנץ פריידלעך און גוטמוטיק. ער פלעגט עס טאָן אָן אַ בייזער כוונה; ווי פון זיך אַליין פלעגט ער אָּת זיי געניזוקט ווערן. זיינעם אַ גוטן חבר, אַ יתום, אַ יינגל פון אַ שכנה, אַן אלמנה, האָט ער מיט אַ שטעקן, נישט־ווילנדיק, שיער נישט אַרויסגענומען אַן אויג. דער אומגליקלעכער יתום איז וואָכן אָפּגעלעגן אין בעט און נאָך וואָכן אַרומגעגאַנגען פאַרבאַנדאַזשירט. מע האָט אים מיט דער הילף פון דאָקטוירים קוים געראַטעוועט די ראיה. ווי אַזוי האָט ער עס געטאָן? ער האָט אַליין נישט געוווּסט. עס פלעגט שוין געטאָן ווערן, ווי עמעצער, אַ זייטיקער, האָט אים אַ שטופּ געטאָן די האַנט.

## 10

## אַבקעס נאָכגיביקייט

ווי ווילד אין זיינע איינפאַלן און שטורעמדיק אין זיינע האַנדלונגען ס'איז געווען וועלפקע, אַזוי רויִק, שטיל און געזעצט איז געווען אַבקע. צוויי קאָנטראַסטן. מ'האָט גאָרנישט געקענט דערקענען, לויט זייער אויפפיר, אַז זיי זענען ברידער, הגם אויפן אויסזען זענען זיי דווקא געווען היפּש ענלעך איינער אויפן צווייטן.

אַבקע איז געווען אַ פאָלגער; וואָס מ'האָט אים געהייסן אָדער געבעטן טאָן, האָט ער גערן געטאָן. און די באַפעלערס האָבן נישט געמוזט זיין דווקא טאַטע אָדער מאַמע; רעכט אַן עלטערע שוועסטער אָדער אַ ברודער.

אַבקע האָט זיך אָנגעהערט מעשיות וועגן גזלנים, וואָס געפינען זיך אין די וועלדער. ער האָט פאַר אָט־די שלעכטע מענטשן, וואָס טראָגן רויטע רובאַשקעס און גייען אַרום מיט העק אין די הענט, זיך שטאַרק געשראָקן. אַרויסגייענדיק פון זיידנס הויז מיט די איבעריקע קינדער אַליין אָן דעם באַגלייט פון דערוואַקסענע, פלעגט ער מער ווי אַ פאַר טריט נישט אָפּגיין.

— דאָרט זענען דאָ גזלנים! — האָט ער אַ זאָג געטאָן און ערנסט אָנגעוויזן אויפן וואַלד פון סאָסנע־ביימער, וואָס האָט אַנלאָקנדיק געגרינט מיט די נאָדלען און געשוואַרצט און גערדראָעט מיט די קאָרעס פון די שטאַמען.

## 11

## דער פאַרשלאָסענער ברונעם און דאָס געבונדענע יינגל

זיין געבוירן־פּלאַץ מיכאַלישעק געדענקט אַבקע כמעט אינגאַנצן נישט. זיין פאָטער ווערט אָנגענומען פאַר אַ רב אין יאַגוסטאָוו. ער גייט אַרויס פון אונטער די פליגלען פון ר' סענדערן עקאָנאָמיש און פון ר' משהלען גייסטיק־אינטעלעקטועל. ער גייט שוין איצט מיט זיין אייגענעם כוח. הכלל, ער שטייט אויף די אייגענע פיס. ער איז אַ גרויסער בעל־דרשן און דערצו אַ רב אַ משכיל, אַזוי אַז ער געפעלט דעם ברייטן עולם, די „פאָלקס־מאַסן". ער איז דורכגעדרונגען מיטן

גייסט פון דער צייט. ער דרשנט נישט בלויז וועגן פרומקייט, נייערט דערהויפּט וועגן „נאַציאָנאַלע" ענינים און טאַקע וועגן „חיבת־ציון".

פאַר אים איז אין יאַגוסטאַוו געווען אַ רב פון אַלטן שניט, ר׳ כתריאל; ער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט גרויס בקיאות. ער האָט געהאַט אין שטאָט אַ גאַר שטאַרקן צד, וואָס איז באַשטאַנען פון אייגענע משפחה־לייט. צוליב אַ מחלוקת, אַ פּלאָג, פון וועלכער דאָס יידישע לעבן אין די שטעטלעך האָט שטאַרק געליטן, האָט ער געמוזט אַוועק. ער האָט געקראָגן אַ רבנות־שטעלע נישט ווייט פון יאַגוס־טאַוו, אין גאַר אַ ברעקל שטעטל, וואָס לגבי אים איז יאַגוסטאַוו געווען אַ כרך, אַן עיר ואם בישראל. די גבירים פון שטאָט און די פּני זענען געווען ר׳ כתריאלס נאָענטע קרובים, אָבער „עמך" האָט געמאַכט אַן אויפשטאַנד; די בעלי־מלאכות מיט חברה־קדישא בראש האָבן זיך צעבונטעוועט און זיי האָבן אויסגעפּירט. ממילא זענען די גבירים געווען די שונאים פון נייעם רב. זיי האָבן נאָך אַלץ געהאָפט, אַז זיי וועט זיך איינגעבן אַ דריי צו טאָן דאָס קהלה־רעדל אויפצוריק, באַנייס ברענגען ר׳ כתריאלן און רעסטאַווריר̃ן זיין און זייער מלכות... וועגן דעם אַלעם האָט אַבקע, וואָס איז בסך־הכל אַלט געווען צוויי יאָר, גאָרנישט געוווסט. די קהלשע ענינים זענען אים וויניק־וואָס אָנגעגאַנגען, זיי זענען געווען איבער זיינע אויפפאַס־פעיִקייטן.

איינע פון די גאָר ערשטע זאַכן פון שטעטל, וואָס האָבן געמאַכט אויף אים אַ שטאַרקן איינדרוק, וואָס האָט זיך איינגעקריצט אין זיין זכרון קיינמאָל נישט צו פאַרגעסן, איז געווען אַ טשיקאַווער ברונעם. ער האָט זיך געפונען אין שכנות־דיקן הויף, וואָס איז געווען אָפּגעטיילט פון הויף, אין וועלכן דער רב און פאַמיליע האָבן געוווינט, מיט אַ פּאַרקן מיט פאַרשפּיצטע שטאַכעטן. דער ברונעם איז געווען מאָדנע מיט דעם, וואָס ער האָט פאַרמאָגט אַ צודעק אויף זאַוויעסעס, עלעהיי אַ טירל, און איז געווען פאַרשלאָסן.

דער ברונעם אין נישטאַנישעק, ווי די ברונימער אומעטום, איז געווען אַן אָפענער. פון זיי האָבן געקענט קומען און שעפּן וואַסער „כל דכפין". נישט בלויז פּאַר אייגענעם מענטשלעכן געברויך, נאָר אַפילו אָנפּאָיען אַ פערד; און פאַר אָט־דער אַקאָמאָדאַציע האָבן זיי געהאַט אַ קאָרעטע דערביי. דאָ איז אַ ברונעם גאָר אויף אַ שלאָס, ווי וואַסער וואָלט געווען אַ זאַך, וואָס איז נישט הפקר, נאָר פּריוואַט אייגנטום־רעכט איז חל אויף אים.

דער בעל־גוף, צו וועמען עס האָט געהערט אי דער הויף און אי דאָס הויז און דער טשיקאַווער ברונעם, איז געווען דווקא אַ ייִד, אָבער אַ בייזער. אַן אָנגע־כמורעטער נפש, ממש אַ כמאַרע. ער איז געגאַנגען אין שטיוול מיט הויכע כאָ־ליעוועס, געטראָגן אַ היטל מיט אַ לאַקירענעם דאַשיק, ווי אַ גוי. ער איז געווען אַזאַ קאַרגער און אַזאַ מענטשנפיינט, אַז ער האָט נישט פאַרגונען, אַז די שכנים און שכנות זאָלן געברויכן זיין וואַסער. צוויי מאָל אַ טאָג פלעגט אָט־דער קמצן גיין אָפשליסן דעם ברונעם. אָנשעפּן פאַר זיך צוויי עמער וואַסער און אים גלייך פאַרשליסן. זיין הויף איז אויך געווען אַן אָפּגעשלאָסענער. דער טויער פאַרמאַכט און די קאַליטקע האָט זיך פון דרויסן נישט געעפנט מיט דער קליאַמקע, ווי ביי לייט.

נאָך אַ זאַך, וואָס איז געווען נאָך אויסטערלישער.

אין זעלביקן הויף, וווּ זיי האָבן געהאַט זייער דירה, האָט געוווינט אַ שוסטער, אַ לאַטוטניק. זיין שטיבל איז געווען פאַררוקט טיף אין הויף ביים סאַמע עק. ער פלעגט ביי זיך אין שטוב נישט אַרבעטן. ער פלעגט אַוועקגיין אויף אַ גאַנצן טאָג. געווען איז ער, הפּנים, אַן אלמן, ווייל קיין יידענע האָט מען נישט געזען אין שטוב אָדער אַרום שטוב.

אַבקע איז אַריין, אויס נייגעריקייט, צו יענעם שוסטער אין שטוב, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ קיך און דריי קליינע צימערלעך. אין איינעם פון זיי האָט ער געזען אַ ייִנגל אין זיינע יאָרן אָדער עלטער מיט אַ יאָר, ליגן אונטערן בעט אַ צוגעבונדענער מיט אַ פוס צום פיסל פון בעט, און דאָ אויפן דיל לעבן בעט שטייט אַ שיסעלע מיט עפּעס אַ געקעכטס פאַרן געבונדענעם צום עסן. דאָס ייִנגל איז געווען אַ פאַרצאָרנטער און נישט געוואָלט אַרויסריידן קיין איין וואָרט צו אַבקען, אַזוי אַז אַבקע איז נישט געווען אינגאַנצן זיכער, צי דאָס ייִנגעלע איז אַ מענטשלעך קינד, צי אפשר גאָר עפּעס אַזאַ מין חייהלע, וואָס זעט אויס ווי אַ ייִנגעלע.

דאָס קינד האָט זיך מסתמא שטאַרק פאַרזינדיקט און זיין צוגעבונדנקייט צום בעט איז געווען זיין שטראָף און אַ פאַרזיכערונג, אַז עס וועט נישט אַנטלויפן. עס איז דאָך געווען גאַנצענע טעג אָן השגחה.

אַבקע פלעגט לויפן אַהין עטלעכע מאָל אַ טאָג אַ קוק צו טאָן אויף אָט־דער מאָדנער סצענע אין טשיקאַווער באַשעפעניש, וואָס אין זיינע אויגן איז עס געווען האַלב ייִנגל און האַלב הונט. איינמאָל איז ער אַזוי געשטאַנען אויפן שוועל און געקוקט פאַרגאַפט אינגאַנצן אבזארבירט אין דער באַאָבאַכטונג און אין זיין קלערן, צי איז דאָס ייִנגל אַ ייִנגל צי אַ הינטל, און ער האָט נישט געהערט די טריט פון דעם אָנקומענדיקן לאַטוטניק.

אַז יענער האָט אים דערזען האָט ער אויף אים אָנגעשריגן און שיִער אים נישט אָנגעדרייט פאַרן אויער; עס האָט שוין געהאַלטן דערביי, נאָר דער לאַ־טוטניק, אויס אָפּשיי צו אַבקעס פאָטער, דעם נייעם רב, האָט אים אָפּגעלאָזט. אַבקע איז אַנטלאָפן און אין האַרצן געבענטשט עפּעס אַ מין „גואל", וואָס ער איז אַרויס אַ גאַנצער פון יענעמס האַרטע לאַפּעס, וואָס האָבן געשמעקט מיט לעדער און דראַטווע. אויף מאָרגן איז אַבקע ווידער געגאַנגען זען די סצענקע. אַזאַ צו־ציִאונגס־קראַפט האָט זי פאַר אים באַזעסן, אַז ער איז געווען בדאי גרייט איינ־שטעלן אויב נישט זיין לעבן, איז זיינע אויערן. ער האָט אָבער געפונען די טיר פאַרשלאָסן. ער איז געווען שטאַרק אַנטוישט. ער האָט זיך געמוזט באַגענוגענען מיטן אַריינקוקן אין שטיבל אַריין דורכן נידעריקן פענצטערל, וואָס איז נישט געווען פאַרהאַנגען. דאָס חצי־ייִנגעלע און חצי־הינטעלע האָט זיך געפונען אין זעלביקן צושטאַנד.

## 12

## צוגאַסט ביים זיידן

אַוועק אַ יאָר צי צוויי. צייט, ווי אַ געטיילטע פינקטלעך אין חדשים און יאָרן, האָט נאָך פאַר אַבקען נישט עקזיסטירט. בלויז טעג און נעכט פלעגן קומען און אַוועק.

זיין מוטער, חיה אסתר שרה, איז געפאָרן אַהיים צו אירע עלטערן צוגאַסט און האָט מיטגענומען אַבקען.

די נסיעה האָט געמאַכט אויף אים אַ שטאַרקן רושם. דערהויפּט דאָס געדרענג פון מענטשן אויפן וואָקזאַל אין ווילנע; אַזויפיל מענטשן און אַלע לויפן, און אַלע טומלען. די מוטער האַלט אים ביי דער האַנט, ווי צוגעקיטלט צו זיך, ער זאָל נישט פאַרלוירן גיין אין דער מהומה. ער שרעקט זיך פאַר די מאָדנע מענטשן, וואָס שטופן זיך, לויפן אַהער און אַהין. און ער קלאַמערט זיך אָן דער מאַמען, וואָס איז זיין פעלדזנשטיין פון זיכערקייט.

אָבער גאָר שאַרף און לעבעדיק איז די פיגור פון קאָנדוקטאָר. ער באַווייזט זיך אין וואַגאָן. ער איז עפּעס אַזאַ מעכטיקער און געוועלטנדיקער. אַבקע האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז דער קאָנדוקטאָר קומט אַראָפּ אין וואַגאָן, אַראָפּקריכנדיק פון דאַך. ער איז מקנא דעם קאָנדוקטאָר, וואָס פאָרט די גאַנצע צייט אויפן דאַך. בעת ער, אַבקע, שטייט אַ צוגעקלעפּטער צום פענצטער און קוקט אַרויס. מען פאָרט פאַרביי דורך פעלדער און דורך וועלדער, אויג־פאַרכאַפּנדיקע פּאַנאָראַמעס. אָבער דורך דער שויב פון פענצטער, וואָס איז היפּש פאַרשטויבט, קען ער קיין סך נישט זען. אָבער זיצן אויפן דאַך און פאָרן — קען דען זיין אַ גרעסערער פאַרגעניגן! ער מאַכט ביי זיך אָפּ, אַז ווען ער וועט אויסוואַקסן, וועט ער זיין אַ קאָנדוקטאָר. ער זאָגט עס דער מאַמען. זי לאַכט. ער פאַרשטייט נישט, וואָס ס'איז דאָ דאָ צו לאַכן: ער וועט זיין אַ קאָנדוקטאָר, נישט קיין רב, ווי זיין טאַטע.

אַבקע און זיין מוטער זענען אָנגעקומען אין נישטאַנישעק. זיין מוטער האָט פאַרבראַכט איין חודש און איז צוריק אָפּגעפאָרן. זי האָט איבערגעלאָזט אַבקען אויפן גאַנצן זומער ביי זיין זיידן און באָבען.

דאָ אין נישטאַנישעק איז פאַר אים אַ לעבעדיקע וועלט. די פעלדער, וועלדער און לאָנקעס זענען פול מיט רחבות, ליכט און גרינקייט. ווו ער גיט זיך אַ ריר — לעבעדיקע באַשעפעניש, העזעלעך, פייגעלעך, שמעטערלינגס, פליגעלעך פון אַלע מיני קאָלירן, זשאַבעס שפּרינגען אַרום, קוואַקען אַרויס פון די גראָבנס, פון סטאַוו.

די דאָרפישע בילדער און סצענעס באַרוישן אים. ער גייט אַרום ווי אַ בגילופנדיקער.

נישטאַנישעק. אַ כמורנע הויז, אַ נידעריקע סטעליע, גרויסע צימערן; דערהויפּט וואַרפן זיך אין די אויגן די לאַנגע פירהויזן אויסגעברוקירטע מיט ציגל. דער דאַך איז פון שטרוי. דאָס שטרוי איז שוואַרץ און דיק אָנגעלייגט. די שוועלן פונדרויסן הויכע, געמאַכט פון פלאַטשיקע שטיינער. דאָס איז דאָס אַלטע הויז. אַצינד ווערט עס מער נישט געברויכט ווי אַ וווינונג, און דווקא אָט־די אומבאַ־

וווינטקייט גיט די צימערן אַ באַזונדערן חן און האָט אַן אומאַשרייבלעכן רייץ פאַר אַבקען. די פענצטערלעך קלייניגקע. אייניקע פון זיי באַזאָרגט מיט האקנס־גראַטן ווי אַ פאַרזיכערונגס־מיטל קעגן גנבים און אָנפאַלן פון גזלנים בעת כיענע־רויזע בלייבט אַליין; ר׳ סענדער און איר זון, שלמה־יצחק, פאָרן אַוועק פאַר אַ גאַנצער וואָך צוליב זייערע וואַלד־געשעפטן.

נישט ווייט פון הויז, אַ סטאָדאָלע. דאָרט שטייען צוויי פערד, איינס פאַרן זיידן, דאָס צווייטע פאָרן פעטער, שליימיטשל, פאַרצויגן און צענויפגעשמאָלצן פון שלמה־יצחק, צו פאָרן און רייטן, ווי אַמאָל. פאַרן הויז — אַ טיפער ברונעם מיט אַ לאַנגן, הויכן שטאַנג.

אין פירהויז אַ גרויסער באַקאויון. דאָ באַקט מען בייגל און קוילִיטשעס. די גויִים קויפן זיי און עסן. אַ קוילִיטש איז אַ ווייסע לאַנגע אָנגעבלאָזענע חלה, מער לופט ווי טייג. אונטערן „גראַמאַדנעם” אויוון אַ קאַטוך, וועלכער ווערט געברויכט בלויז אויף ביי דער נאַכט. ביי טאָג שפּאַצירן איבערן הויף פראַנק און פריי כאָפּטעס הינער און הענער.

אַנטקעגן הויז, אַריבערן וועג, ציִען זיך אָפּגעצוימטע פעלדער און גערטנער. זיי געהערן צו „קלעבאַניע”, צום הויף פון אַלטן גלח. ער איז אַ קליינגעוויקסיקער מיט אַ קיילעכדיקן שײַנענדיקן פּנים.

אַנטקעגנאיבער אויף דער אַנדערער זייט פון אַ היפּש ברייטן און לאַנגן זאַמדיקן שטח, ווו אַבקע מיט זיין שוועסטער און אירע חברטעס גראָבן גאָלד אָדער מאָכן אויוונס, געפינט זיך אַ פאַראומערט, פאַרחושכט הויז. אויף דער טיר דאָרט הענגט אַ יויזל אַרומגעפּאַסט מיט אַ קרענצל פאַרטריקנטע בלימלעך. אין הויז ווינען עטלעכע מאַנאַשקעס. דאָ קוואַרטירן אויך עטלעכע דינסטן וואָס אַרבעטן אין „קלעבאַניע”.

אַביסל ווייטער, טיפלעך אַריינגערוקט צווישן קוסטעס און ביימער, שטייט די כאַטקע פון שוסטער פעטריטשקע. דאָ וווינט ער מיטן וויב און אַ יונגער טאָכטער. די עלטערע איז אַ מאַנאַשקע. וואָס ס׳איז אַ מאַנאַשקע, וויס אַבקע נישט, אָבער ער האָט געהערט די באָבע האָט זי אַזוי גערופן, און די באָבע וויס. פעטריטשקעס שטיבל איז אַ נידעריקס, אָבער אַ ציכטיקס. ער זיצט אין ערשטן צימער אויף אַ בענקל, ער לאַטוטעוועט, לייגט נייע לאַטעס אויף אַלטע שטיוול אָדער שיך. ער האַלט כמעט תּמיד, ווען אַבקע קומט אַריין, אַ קאַפּול אין האַנט אָדער ער ציט דראַטעוועס. דער לאַטוטניק רעדט פּויליש, נישט ווי די אַרומיקע גויִים, וואָס ריידן „טשיטשועס” (דאָס באַטייט בוכשטעבלעך „וואָס מאַכסטו”? אָבער מע האָט באַצייכנט אַזוי זייער לשון, ווייל מיט אָט־דער פראַגע ווענדן זיי זיך איינער צום אַנדערן ביי זייערע באַגעגענישן). אַבקע האָט האָלט אַהין צו קומען. מע נעמט אים זייער פריינטלעך אויף. הגם ער קען זיך מיט זיי נישט צונויפריידן פריי. אָבער דאָס קימערט אים נישט. דאָס שטיבעלע איז דורכגעזאַפּט מיט זיסע גערוכן, וואָס קומען פון די קלומבעס־בלומען, וואָס געפינען זיך פאַרן הויז.

הינטערן זיידנס הויז שטייט שטאָלץ, ביי זיך שטאַרק פאַרריסן, אַ סאָסנאָווער וואַלד. הויכע שלאַנקע ביימער, איינס צו איינס אָפּגעקליבן. דער באָדן פון וואַלד איז אויסגעבעט מיט גרינעם פליושענעם מאָך און באַשפּרינקלט דאָ און דאָרט מיט רויטע פּאָזשימקעס און שוואַרצע יאַגאָדעס, און ערטערווייז וויזט זיך ווי אַן

אויסשיט אַ מאָזאַיִק פון „ליסיטשקעס", געלינקע שוועמעלעך. אויפן סאַמע זוים פון וואַלד געפינט זיך דער מאָהילניק; דאָ ווערן באַגראָבן טויטע גויִים און שקצים און גאָר קליינינקע „בייסטרוקעס".

אַבקע האָט, פשוט, מורא פאַר די מאָהילעס מיט די צלמים. ער גייט קיינמאָל נישט צו צו זיי נאָענט. ער שרעקט זיך אויך פאַר „קלעבאַניע", ווו עס שטייט די מאָסיווע אַנגעכמורעטע פחד־אָנוואַרפנדיקע צערקווע און דאָרט געפינט זיך דער אַלטער גלאָקנקלינגער און דער גרויער, ווי אַ טויב, גלח. אָבער דער פחד־פחדים, וואָס ער פילט, איז בעיקר פאַר די הינט, וואָס דער גלח האַלט, זיי זענען ממש וועלף. ער איז בלויז איינמאָל געווען אין קלעבאַניע. ער איז געגאַנגען מיט זיין פעטער, שליימיטשל, וואָס איז געווען הויך און שטאַרק און האָט פאַר קיינעם קיין מורא נישט געהאַט. דער גלח האָט צו אים אויסגעשטרעקט זיין ווייסע אויס־געצערטלטע, פוכלינקע האַנט. אַבקע האָט זי אַ קוש געטאָן. דער גלח האָט אים געגעבן דערפאַר צוויי גרויסע רייפע פלוימען פון זיין אייגענעם סאַד.

## 13

## פוטילאָווקע

פון דער גאַנצער פילפנימדיקער מענגע פאַרובקעס, וואָס האָבן געאַרבעט אין הויף פוטילאָווקע, האָט זיך אַרויסגעטיילט איינער מיטן נאָמען סעמיאָן. ער איז געווען אַ גבר, אַ ריז. ער האָט געהאַט אַ קורץ־צוגעשאָרן געלבלעך בערדל. ער איז תמיד געגאַנגען אין אַ פעלצל. די רעכטע האַנט האָט ער געהאַלטן פאַרשטעקט אין בוזעם. ער איז געווען אַן אַריינגייער ביים זיידן אין שטוב. ער פלעגט, כדי צו אַמוזירן אַבקען און מאַכן אים שטוינען, מיאַוקען פונקט ווי אַ קאַץ. ווי אַזוי האָט עס סעמיאָן געקענט טאָן אַזאַ וווּנדערלעכע זאַך, וואָס קיינער אויסער אים, נישט דער זיידע, נישט דער פעטער, האָט עס נישט געקענט באַוויזן?! אַבקע האָט לאַנג נאָכגעטראַכט וועגן דעם און ער איז געקומען צום שלוס, אַז נישט אַנדערש, נאָר סעמיאָן האָט אַראָפּגעשלונגען אַ פּאָר קעצלעך, און זיי מיאַוקען עס אַרויס פון זיין בויך. ער וואָלט שווערן, אַז דאָס איז אַזוי און עס קען אַנדערש נישט זיין. ער האָט דאָך געזען מיט זיינע אייגענע אויגן, אַז ווען סעמיאָן מיאַוקעט, באַוועגט זיך עפּעס ביי אים אין בויך.

אַבקע האָט געהאַט גרויס הנאה, ווען ער מיטן זיידן גייען דורכן הויף און אַ גאַנצע כאַפּטע הינט פירן דעם זיידן ביי די פאָלעס פון זיין לאַנגן ראָק. זיי פירן אים צו צום סקלאַד, ווו עס זענען געלעגן אויסגעבאַקטע לעבלעך ברויט. דער זיידע האָט צעשניטן צוויי לאַבנס ראָזעווע ברויט און געגעבן אַבקען די גרויסע חתיכות, אַז ער זאָל זיי וואַרפן פאַר די הינט. ער זאָל זיין זייער „מפרנס", ברויטגעבער.

נאָך שניטצייט. די זון ברענט. דער הימל לויטער בלוי. מע פירט אַריין אין שייער סנאָפּעס. איין וואָגן נאָכן אַנדערן. דער וואָגן ברעכט זיך שיער נישט אונטער דער משא. אַבקע זיצט אויבן אויפן סאַמע שפּיץ. אים האַלט אין איר

שויס מאַרוסיע, אַ יונגע פולבלוטיקע, זונפאַרברענטע תאווה־קוועלנדיקע שיקסע. מען פאָרט אַריין אין שייער. זי נעמט אים אַראָפּ פון די סנאָפּעס און גיט אים איבער צו אַ יונגן פּארובאק, ער זאָל אויף אים אַכטונג געבן. מען לאַדט אויס די סנאָפּעס. מע לייגט זיי אין שייער אין רייען איינע אויף די אַנדערע. דער שייער איז שוין אַן אָנגעפּאַקטער שיער נישט ביז די סטרעכעס. די שיקסעס שטייען אויבן און נעמען איבער די גאַרבן, וואָס די פּארובקעס פון אונטן וואַרפן אַרויף צו זיי מיט די לאַנגע ווילעס.

אַבקען זעצט מען אַריין אין אַ סנאָפּ, וואָס מע טוט אַרויף אויף אַ ווילע, און מע גיט אים אַ שליידער אַרויף. די שיקסעס כאַפּן אים און לאַכן, פרייען זיך מיט דער מתנה, וואָס די שקצים האָבן זיי אַרויפגעוואָרפן. זיי קיצלען אים אַזוי ליידנ־שאַפטלעך, אַזש ער פאַרגייט זיך פון קייכן.

מע צאַצקעט זיך מיט אים. אַלע האַלטן אים טייער. אַן אַנדערש־מאָל פאָרט ער אין פעלד און קוקט זיך צו, ווי מ׳גראָבט קאַרטאָפל.

ער האָט אויך האָלט אַריינצוקומען אין פּאַכט, וואָס געפינט זיך אין אַ טיפן קעלער. דאָרט איז קיל אין די גרעסטע היצן. עס האָט אַזוי אָנגענעם געקיצלט זיינע נאָזלעכער די טוכלעקייט און דער ווייניקער רית פון עפּל, וואָס זענען געווען אָנגעשאָטן אין דער צווייטער העלפט פון פּאָדוואַל. דאָרט געפינט ער זיין אַם, וואָס צעקושט אים אַלע גלידער. דאָרט טרעפט ער אויך זיין מילך־שוועסטערל. ער שפּילט זיך מיט איר, אָבער נישט שטאַרק גערן. ער גדולט זיך לגבי איר. זי האָט אָפּשיי פאַר אים. אַזוי אַז דאָס שפּיל גייט זיי ביידן נישט איין. זי איז פאַר־מורזשעט. דאָס פּנימל תמיד אויסגעשמירט.

## 14

## ער שפּילט זיך מיט דעם שיקסל

אמתע הנאה פון שפּילן זיך האָט ער, ווען ער קומט אין הויף פון די סטרוצקעס.

פאַרדעם, נישט פאַר אַבקעס געדענקען, האָט דער הויף באַלאַנגט, ווי צו אייגנטימער אָדער ווי צו אַרענדאַרן, צו די קופּסקעס, יידן. דער אַלטער איז געווען אַ ייד נישט קיין למדן, אָבער זייער אַ פרומער. דער יונגער דור איז שוין געווען געכאַפּט אין דער מעשה.

ר׳ יהודה לייב האָט איינמאָל געזען, ווי דער יונגער קופּסקע, מיכל, שטייט און פאַרבט זיין בריטשקע אום שבת. ר׳ יהודה לייב איז נאָך קיין רב נישט געווען, אָבער פרום און אַ קנאי איז ער געווען; איז ער געוואָרן ווי אָנגעצונדן, אַ תנ״כישער אליהו אין מיניאַטור: ס׳טייטש, ווי איז עס אַ ייד מחלל־שבת בפרהסיה! עס איז דאָך אַ חילול־השם פאַר די אַרומיקע גוים! ער האָט אים אַראָפּגעלאָזט צוויי פייער־דיקע פעטש. דער געפּאַטשטער איז געווען אַ יונג מיט ביינער, שטאַרק און קרעפּ־טיק; ער האָט מיט איין פינגער געקענט אַוועקלייגן דעם פּאַטשער. אָבער ער האָט זיי, די פעטש, מקבל געווען, אויב נישט מיט ליבשאַפט, איז אָן קיין תרעומות. די צוויי משפּחות זענען געבליבן גוטע פריינט. און די פריינטשאַפט איז איבערגע־

גאַנגען אַזש צום דריטן דור. דאָס האָט פּאַסירט עטלעכע יאָר, איידער אַבקע איז געבוירן געוואָרן. אַלע האָבן געגעבן רעכט ר׳ יהודה לייבן און מיכלען — אומ־גערעכט; אַלע, אַריינגערעכנט נישט בלויז זיין טאַטע־מאַמע, זיינע ברידער און שוועסטער, נאָר טאַקע אים אַליין. ער האָט געהאַט געוויסנפּלאָגעניש. ער איז פון די פעטש קיין חוזר בתשובה נישט געווען, אָבער ער האָט זיי גוט געדענקט און אַ סך מאָל איבערגערעדט וועגן דעם מיט פּאַרדרוס, מיט טאַדל אויף זיך, הלמאי ער האָט געהאַנדלט אַזוי שלעכט און פרעך, און מיט לויב פאַרן גאָטספאַרכטיקן ר׳ יהודה לייב, וואָס האָט זיך איינגעשטעלט פאַר גאָט און דעם הייליקן שבת און באַשטראָפט דעם פושע, הגם ער האָט געוווּסט, אַז יענער איז פיל שטאַרקער פון אים און האָט אים געקענט געבן צוריק און אים „ממיתן”. די עבירה און די צוגעבונג פון באַגיין זי האָבן אים געטאַטשעט אינעווייניק. ער האָט גענומען קרענקען. ער איז געווען אַ חתונה־געהאַטער. דאָס ווייב האָט אים געבוירן צוויי מיידלעך און זי איז געבליבן אַ גאָר יונגע אלמנה. ער האָט געהאַט כרת־ימים.

די סטרוצקעס זענען געווען פּאָליאַקן. געהערט צו דער שליאַכטע; נישט קיין פּויערים אָבער אויך נישט פון געהויבענעם אַדעליקן יחוס. דער עלטערער סטרוצקי און די בנים זענען געווען גוטע שיסערס. אַבקע האָט זיי געזען וואַרפן אַ פּיאַטאַק אין דער לופטן און צילעווען זיך אין אים און טרעפן, אים דורכשיסן, בעת ער איז געפלויגן אַרויף. דער הויף איז געווען אויסערגעוויינלעך שיין. אַ לאַנ־גע אַלייע פון טאָפּאָלביימער האָט געפירט ביזן סאַמע אַריינגאַנג דורכן געמויערטן געוועלביקן טויער. דער „פּאַלאַץ” איז געווען אַן איינשטאָקיקע הילצערנע גע־ביידע, וואָס האָט זיך געצויגן איבער אַ לענג פון איבער הונדערט פופציק פוס. די פאַסאַד־וואַנד איז געווען דורכגעשניטן מיט זייער אַ סך גרויסע און ליכטיקע פענצטער, שיער נישט וועטרינעס. דער בנין איז געשטאַנען אויף אַ היפּשן בערגל. פאַרן הויז איז געווען אַ רחבותדיקע לאַנקע אויסגעלייגט האַלברונדיק און באַזוימט מיט בושעס פון בעז און קלומבעס פון ראָזעס. דער פון פאָרנט. פון הינטן איז געווען אַ גרויסער סאָד מיט אַ היפּשער צאָל בינשטאָקן. אַראָפּצו אין דער טיף האָט זיך געלאַשטשעט און שימערירט מיט זונפליטערלעך די ווויליע.

ווען נאַפּאָלעאָן איז אַריבערגעשוווּמען די ווויליע, מאַרשירנדיק דורך ווייס־רוסלאַנד, איז ער איינגעשטאַנען אין אָט־דעם פּאַלאַץ.

ביי די סטרוצקעס איז געווען צוגאַסט, צו פאַרווײַלן דעם גאַנצן זומער־סעזאָן, אַ דיסטילער מיט זיין יונג ווייבל און שיין טעכטערל, ראַניעלע, אין אַבקעס יאָרן. זי איז געווען אויסגעפּוצט ווי אַ ליאַלקע. אַבקע האָט זיך מיט איר געשפּילט. איבערהויפּט איז ער געווען גאָר אַנטציקט פון די פּליושענע שטולכעלעך, וואָס זי האָט געהאַט פאַר אירע קוקלעס. איין פּליושענער פאָטעל איז אים געבליבן שטיין פאַר די אויגן און ער האָט יאָרן און יאָרן נאָכדעם געזען אים נאָך בולטער און שאַרפער פון ראַניעלען מיט איר אָנגעקראָכמאַלעט ראָז קליידל און אירע בלאָנדע האָר און פאַרפלאָכטענע צעפּעלעך און רויטינקע בעקעלעך.

ער פלעגט קומען צו איר זייער אָפט. ער האָט קיין זאַך ביי איר נישט טועם געווען. ער האָט געוווּסט, אַז גויאישק עסן איז טריף און אַ ייִד טאָר עס אין מויל נישט נעמען. ער האָט אָבער יאָ געגעסן אויבס פון סאָד און האָניק פון די בינשטאָקן. דאָס, האָט ער גוט געוווּסט, מעג מען עסן.

גאָר גרויס פאַרגעניגן פלעגט ער שעפּן פון די טשערעדעס שעפּסן, קי און קעלבער, וואָס דער פאַסטעך פלעגט יעדן פאַרנאַכט ברענגען צוטרייבן אין הויף, זיי געבן טרינקען פון די קאָריטעס און זיי דערנאָך פאַרשפאַרן אין די שטאַלן אויף איבערנאַכט. ער האָט האָלט געהאַט זיך שטופּן צווישן די שעפּסן, זיך רייבן אָן זייער וואָל.

אָבער גאָר אַן אומאיבערבייקומענדיקע ליידנשאַפט האָט ער געפילט צו די הינט. זיי זענען אים געווען ליב און טייער, ממש, ווי אייגענע. לייב פון זיין לייב. איבערהויפּט איז ער געווען פאַרקאָכט אין גרויסן שטאַרקן הונט פון הויף, מיראַן, פאַר זיינע שוואַרצע גלאַנציקע פאַטליעס האָר. ער האָט אים איינמאָל, ער ווייס אַליין נישט פאַרוואָס ער האָט עס געטאָן, אָנגעלייגט אויפן רוקן זשאַר און האַלבגליִענדיקע קוילן, וואָס ער האָט אַרויסגעקראָגן פון אַש. די האָר האָבן זיך גענומען סמאַליען. דער ריח איז געווען אַ שאַרפער, אַ בייסנדיקער. ער האָט פון אים גענומען ניסן, ווי ווען איינער נעמט שמעקטאַבאַק. דער גערוך האָט אים אָנגענעם געררייצט. דער הונט איז געשטאַנען הכנעהדיק און עס מקבל געווען באהבה. די באַבע האָט דערזען, וואָס ער טוט צום הונט און האָט אויף אים אָנגעשריִען. זי האָט די קוילן אַראָפּגעוואָרפן פון מיראָנס רוקן.

## 15

## מיין טאַטע קען בעסער לערנען

איין מאָל, ווען ר׳ סענדער איז געפאָרן, וואָס ער פלעגט אָפט טאָן, קיין סוויר, האָט ער מיטגענומען אַבקען. זיי זענען פאַרפאָרן אין אַ הויז פון קצבים, וואָס זענען געווען ר׳ סענדערס שטיקלעך קרובים. די יאַטקע און די וווינונג זענען געווען אויסגעמישט צוזאַמען נישט פאַנאַנדערצוטיילן. אין פירהויז איז געווען אַ שלאַכטהויז אין מיניאַטור. צעפּאַלמעסטע גופים פון קי און אָקסן, צעטרייבערטע קערפּערלעך פון קעלבער און שעפּסן זענען געלעגן אויסגעלייגט, דוכט זיך, אָן קיין סדר אויף די שטאַרקע דעמבאָווע טישן, אויף די לאַנגע בענק. שטיקער פלייש זענען געהאָנגען פון האָקנס.

אַבקען האָט עס אַלץ אויסגעזען טשיקאַווע און אינטערעסאַנט, די אויגן ניט אָפּצורייסן. איבער די צימערן האָבן אַרומגעשפּאַצירט בהרחבה ריזיקע היגער מיט הענער, וואָס האָבן געגעסן פלייש. זיי פלעגן אַראָפּפּיקן שטיקלעך שמאַלץ, אַביסל דרויב, וואָס זענען אַראָפּגעהאָנגען פון די פאַרבלוטיקטע פלייש־קלעצלעך.

אין זעלביקן געסל, אַראָפּ־צו, נעענטער צו דער אָזערע, האָט זיך געפונען דער בית־הרב און דער בית־מדרש.

דער זיידע, ר׳ סענדער, האָט אַריינגעפירט אַבקען צום רב, ר׳ משהלען. זיי האָבן אים געפונען זיצנדיק אַריבערגעבויגן איבער אַ משניות.

אַבקע האָט זיך צוגעקוקט צום רבס פנים. אַזאַ קיילעכדיק, שמייכלענדיק פנים, פונקט ווי ביים גלח, כאָטש ר׳ משהל האָט געהאַט אַ היפּש בערדל און דער גלח, ווי זיין אָנרופעניש זאָגט עדות, איז געווען אינגאַנצן אָפּגעגאָלט.

ר׳ משהל גיט אים אַ פּריינטלעכן קניפּ אין בעקל און פרעגט אים:

— אַבקע, וואָס מאַכט דיין טאַטע?

ער ענטפערט מיט גרויס ערנסט און מיט דער פעסטקייט פון אַ מומחה אין זיין פאַך:

— מיין טאַטע קען בעסער לערנען פון אייך.

— פונוואַנען ווייסטו עס, מיין זון?

— מיין טאַטע לערנט אין גרויסע ספרים און איר לערנט אין קליינע ספרימלעך.

ר׳ משהל האָט זיך פאַנאַנדערגעלאַכט און זיך אָפּגערופן צו ר׳ סענדערן:

— אַן איינפאַל פון אַ קינד! ער׳ט זיין אַן עילוי.

דער זיידע האָט זיך געפילט אַביסל אומבאַקוועם. ער האָט מורא געהאַט, דער רב זאָל נישט האָבן קיין הקפדה אויף דער נישט־קאָמפּלימענטירנדיקער באַמער־קונג און אָפּשאַץ פון זיין לומדות. האָט ער ר׳ משהלען מהנה געווען צוויי מאָל אַזויפיל ווי ער האָט געהאַט לכתחילה בדעה אים צו געבן:

ער האָט אים איבערגעלאָזט אַ גאָלדשטיק אימפּעריאַל.

## 16

## אַז מע בעט, גיט מען נישט

פאַר די צוויי יאָר, וואָס אַבקע איז געווען אין יאַגוסטאַוו, האָט נישטאַנישעק זיך פאַרנומען מיט צובויען אַ ניי הויז צו דעם אַלטן. דאָס נייע הויז איז געווען אַ ליכטיקס, מיט גרויסע פענצטער, מיט הויכע פולאַפּן און צוגעדעקט איז עס געווען מיט אַ שינדלדאַך. עס האָט אויך פאַרמאָגט אַ רחבותדיקע סוכה, אַן אַריינ־געבויטע אין סאַמע הויז, איר דאַך האָט זיך אויפגעהויבן און אויף די סוכות־טעג, אויב עס האָט נישט גערעגנט, איז ער געבליבן אַן אָפענער. אונטערן דאַך האָט מען געלייגט יעדן יאָר נייעם סכך. די סוכה איז געווען אַ צימער מיט אַן אייגענעם אַריינגאַנג פון פירהויז, מיט אַ גרויסן פענצטער. אַ גאַנץ יאָר האָט זי געדינט ווי אַ שפּיזאַרניע.

אַבקעס מאַמע איז געקומען אויף סוכות צוגאַסט און אויך אָפּצונעמען דאָס קינד.

צוליב איר כבוד וועגן, דער רביצין פון אַ כרך, זענען געקומען אַ היפּשע צאָל געסט, ייִדן קרובים און נישט־קרובים פון די אַרומיקע הויפן און סתם ייִשובים. אויך פריינט און ווייטע קרובים פון סוויר און מיכאַלישעק זענען אָנגע־פאָרן צו זען זייער געוועזענע רביצין און איר ווינטשן אַ סך גליק און מקנא־זיין איר ליכטיקע מערכה. עפּעס אַ קלייניקייט! זי האָט זוכה געווען צו האָבן ביידע וועלטן — אי די און אי יענע. וועלכער זכות איז עס איר בייגעשטאַנען?! מע האָט זיך אויסגעזעצט מיט גרויסער פייערלעכקייט אין דער מיט עפּל אויסגעפּוצטער און מיט גרינס באַהאָנגענער סוכה. נאָך דעם האַלב־חזנישן קידוש, געמאַכט פון ר׳ סענדערן, וואָס איז געווען אַ גאַנץ־נישקשהדיקער בעל־תפילה מיט אַ קול

נגינה, האָט מען זיך גענומען צו דער יום־טובדיקער סעודה. דאָס ערשטע געריכט איז געווען, פאַרשטייט זיך, געפילטע פיש, געכאַפּטע אין אייגענעם סטאַוו. די גויע, די דינסט מאַריוסע, און כיענע־רויזעס פלימעניצע זענען געווען די סאַרווערנס.

אַבקע איז געזעסן ביים טיש, אָבער צווישן גרויסן עולם האָט מען אים כמעט ווי נישט ארויסגעזען. יעדער איינער האָט שוין געקראָגן זיין פּאָרציע פיש און ער איז נעבעך געבליבן אַ פאַרקוקטער און אַ פאַרטיילטער. ער פילט זיך שטאַרק געטראָפן. עס איז נישט דער הונגער, וואָס דאָקוטשעט אים; עס איז די גרינגשאַצונג, וואָס פאַרדריסט אים, וואָס ברענט אים. ער איז פאַרקלעמט און פאַרקלערט. וואָס זאָל ער אין אַזאַ לאַגע טאָן? בלייבן אָן זיין חלק פיש, היתכן? ווו איז יושר? פאַרוואָס זאָלן אַלע עסן פיש און ער זאָל זיין דער באַעוולהטער? פאַרוואָס קומט עס אים? וואָס איז זיין זינד און זיין פאַרברעכן? ווייטער: זאָל ער אויפן קול בעטן זיך דערלאַנגען זיין פּאָרציע פיש? ער ווייסט אָבער גוט, אַז דאָס איז קעגן עטיקעט. אַזוי האָט אים די מאַמע געלערנט. לכן דאַרף ער געפינען אַ מיטלקורס צווישן בעטן און פאַרשוויגן זיין קריוודע. פאַלט ער אויף אַן המצאה: ער פישטשעט אַרויס אויפן קולכל די מאָראַליש־עטיקעטישע סענטענץ, וואָס זיין מוטער האָט איבערגעחזרט פאַר אים אַ פאָר מאָל און וואָס געפינט זיך אין דיאַמעטראַלער כנגדות צו דעם פון יעוואַנגעליום: בעט און ס'וועט אייך געגעבן ווערן (1).

— אַז מע בעט, גיט מען נישט, אַז מע בעט ניט, גיט מען.

דערהערנדיק ; זיינע אינסטרוקטיווע רייד, האָבן זיך אַלע אויגן און אויערן אַ קער געטאָן צו אים מיט אַ שווייג־פרעג: וואָס רעדט ער?! די סאַרווערן, די פלעמיעניצע, האָט זיך גלייך געכאַפּט:

— אוי ווי מיר! איך האָב גאָר פאַרגעסן אים געבן פיש.

אַלע האָבן באַוואונדערט די חכמה פון קינד. ווי ער האָט עס אויף אַזאַ איידעלן אופן געראַטעוועט זיין סיטואַציע.

דער זיידע זאָגט נאָך ר' משהלען:

— ער וואַקסט אַן עילוי. ער האָט אַן עילוישן קאָפּ.

## 17

## דער דערטרונקענער פעטער

גלייך נאָך יום־טוב איז די רביצין אָפּגעפאָרן מיט אַבקען. זי האָט מיטגענומען אַ יינג מיידל, אַ יתומה פון אַ שכנישן ישובניק, פאַר אַ דינסט, איר נאָמען — זעלדע. זי איז געווען אַ טיפּע ברונעטקע מיט פעך־שוואַרצע האָר און גליענדיקע שוואַרצע אויגן.

אַבקען איז זי שטאַרק געפעלן געוואָרן און ער האָט זיך צו איר ווי צוגעקלעפּט. זייערע סימפּאַטיע־געפילן זענען געווען קעגנזייטיק. זי האָט ליב גע־

(1) מתיא, ז' 7. — לוקאס, י"א, 9.

קראָגן דאָס שטילע בנעימותדיקע ייִנגעלע. זי איז געוואָרן זיין „מאַמע" און ער איר איינציקער זון. גאָר שטאַרק צוגעבונדן צו זיין מוטער איז ער נישט געווען פּשוט דערפֿאַר, וואָס געזויגן האָט אים אַן אַם און געהאָדעוועט האָבן אים די דינסטן, וואָס האָבן זיך ביי זיי אין הויז אָפּט געביטן. די מוטער האָט געקינדלט און צווישן איין אינקימפּעט־ליגן און אַ צווייטן האָט זי היפּש אונטערגעקרענקט.

משה, חיה אסתר שרהס עלטסטער ברודער, איז מיט די יונגע קופּסקעס אַוועק זיך באָדן. ער איז געווען אַן אויסגעצייכנטער שווימער. דער בעסטער אין זייער גאַנצער חברותא. ער איז אָבער אַוועקגעשווומען ווייט אינפֿאָרויס און פּלוצלינג האָט ער גענומען פּילן קראַמפּן אין בויך. ער האָט געשריִען, גערופֿן צו הילף. חברה האָט געמיינט, אַז ער שפּאַסט. ער לאַכט עס אָפּ פֿון זיי, געבנדיק, אויף אַזאַ שטייגער, זיי אָנצוהערן, אַז זיי זענען גאָר שוואַכע שווימערס. ווי קומען זיי צו אים, אַז זיי זאָלן דאַרפֿן גיין אים ראַטעווען! האָבן זיי זיך פֿון אָרט נישט גערירט. וואָס העפּטיקער, פֿאַרצווייפֿלטער ער האָט געשריִען און געבעטן הילף, אַלץ מער האָבן זיי געלאַכט, געוואָלט אים ווייזן, אַז ער קען זיי אַזוי לייכט נישט אָפּנאַרן. ווען זיי האָבן דערזען פּונווייטנס, אַז ער נעמט זינקען, זענען זיי נאָך אַלץ געווען זיכער, אַז ער נורקעט, מאַכט שטיפֿעריש־שווימערישע העוויות. ווען זיי האָבן זיך געכאַפּט אַז די זאַך איז ערנסט, געזען, אַז ער איז אַראָפּגעזונקען און איז נישט אַרויפֿגעקומען, איז שוין געווען צו שפּעט, נאָך אַלעמען. מע האָט אים אַרויסגענומען פֿון טייך אַ טויטן, אַן אָנגעשוואָלענעם. דאָס האָט פּאַסירט ערב זיין חתונה.

משה איז געווען זייער אַ שיינער, אַ געראָטענער; ער איז געווען דער בעסטער רייטער און בעסטער שווימער אין דער גאַנצער געגנט.

אין פּוטילאַווקע איז געווען אַ יונג שיקסל, מאַרטע. אַ שיינהייט. זי האָט זיך פֿאַרליבט אויף לעבן און טויט אין משהן. געקושט, ממש, דעם פּלאַץ, אויף וועלכן ער איז געשטאַנען. נישט געקענט לעבן אָן אים. ער איז צו איר אויך נישט געווען גלייכגילטיק. הגם נישט פֿאַרליבט אַזוי, אַז ער זאָל צוליב איר זיך אָפּזאָגן פֿון טאַטע־מאַמע און ייִדישקייט, גאָט באַהיט. ער האָט עס אַפֿילו אויפֿן געדאַנק נישט אַרויפֿגעלאָזט. אַז זי זאָל זיך מגייר זיין איז געווען אויסגעשלאָסן. באַקערן אַ קריסטן איז געווען שטרענג פֿאַרבאָטן פֿון לאַנדגעזעץ. אַזוי אַז וועגן דעם האָט קיין רייד נישט געקענט זיין, סיידן ער זאָל מיט איר אַוועקפֿאָרן קיין אַמעריקע און איבערלאָזן טאַטע און מאַמע. אַזאַ קרבן ברענגען פֿאַר אירעטוועגן איז ער נישט געווען גרייט.

אויס פֿאַרצווייפֿלונג האָט זי זיך אַריינגעוואָרפֿן אין דער ווילִיע און איז דערטרונקען געוואָרן.

דער עולם, דער גויאישער און ייִדישער, האָט געזאָגט, אַז דאָס האָט מאַרטע אים צוגענומען צו זיך. זי האָט נישט געוואָלט דערלאָזן, אַז ער זאָל חתונה האָבן פֿאַר אַן אַנדערער.

אַזוי ווי עס איז געבוירן געוואָרן אַ מיידל, איז פֿון משה געוואָרן מאַשע. מיט אַנדערטהאַלבן יאָר שפּעטער איז געקומען אַ צווילינג. האָט מען איינעם פֿון זיי אַ נאָמען געגעבן משה, פֿאַרקירצט משהקע, דעם צווייטן פֿון זעלביקן צווי־

ליגן האָט מען אַ נאָמען געגעבן מיכאל, פאַרקירצט מיכל. ער האָט געלעבט בלויז איין וואָך און פיר טעג — און איז געשטאָרבן.

די עלטערע קינדער, און אַבקע מיט זיי, זענען געווען זיכער, אַז מיכעלע, זייער עופעלע־ברודערל, איז געווען אַ מלאך. ער איז אַרויף אויפן הימל. אַבקען איז די זאַך נישט געווען אינגאַנצן קלאָר. ער האָט געזען דאָס עופעלע אַ סך מאָל. ער האָט קיין פליגלען ביי אים נישט געזען. מסתמא זענען ביי אים איבערנאַכט אויסגעוואָקסן פליגלען און ער איז גלייך פאַרטאָג אַוועקגעפלויגן אין הימל אַריין.

די מוטער האָט טיף געטרויערט. זיך נישט געקענט טרייסטן. זי האָט נישט געקענט במשך יאָרן פאַרגעסן דעם פאַרלוסט, אַזוי ווי זי וואָלט גאָר קיין אַנדערע קינדער נישט געהאַט אויסער מיכעלען. און מיט זיין טויט ווערט זי אַ פאַרוואָר־פענע מוטער. אַצינד האָט זי איר גאַנצע ליבע אַוועקגעגעבן איר מוזשינעק, משהקען. אויף די איבעריקע קינדער האָט זי זיך וויניק וואָס אומגעקוקט.

## 18

## ז ע ל ד ע

חיה אסתר שרה איז קראַנק. זי איז אַוועקגעפאָרן אויפן גאַנצן זומער, לויט דער פאַראָרדענונג פון די דאָקטוירים, אין די בעדער קיין דייטשלאַנד. יאַגוס־טאָוו איז געווען נאָענט צו דער דייטשער גרענעץ.

אַבקעס פאָטער פלעגט אַצינד, אַז די קינדער זענען געבליבן אַליין מיט דער דינסט זעלדע, נישט גיין מער אין בית־מדרש לערנען. ער האָט געלערנט אין שטוב, און טאָקע אויפן קול און מיט אַ שיינעם ניגון, אַזוי אַז דאָס הויז איז געווען פול מיט געזאַנג און מיט פרייד. אַבקע האָט האָלט געהאַט צו רייטן ביי זעלדען אויף די אַקסלען און בשעתן רייטן פאַנאַנדערפלעכטן און צוריק פאַר־פלעכטן אירע לאַנגע שוואַרצע צעפּ. זעלדע פלעגט אים אַרומטראָגן און פאַרקויפן אים פאַר אַ „באַראַנטשיק". מע פלעגט אים אָפּשאַצן, טאַפּן דעם „זאָדיעק", כדי אויסצוגעפינען, צי ער איז פעט און איז ווערט דעם הויכן פרייז, וואָס זעלדע וויל פאַר אים קריגן פון די קונים. אַזוי ווי די מוטער איז נישט געווען, פלעגט זי אים אָנבאָטן צום קויפן זיין עלטערער שוועסטער. ווען די מוטער איז געווען, איז זי געווען די ערשטע קויפערן.

דאָס הויז אין וועלכן זיי האָבן געוווינט, איז געווען געטיילט אין צוויי העלפטן. אין מיטן איז געווען אַ קאָרידאָר. איין העלפט איז אינגאַנצן געווען זיין פאָטערס. דאָרט איז געווען זיין חדר־מיוחד, וווּ ער איז געוויינטלעך געזעסן און געלערנט, אויפגענומען באַזוכערס, סיי בעלי־בתים, סיי מיידלעך אָדער דינסטן, שאלות־פרעגערנס וועגן לעפל־טעפּל. דאָרט האָט זיך אויך געפונען די בית־דין־שטוב, וווּ עס זענען פאָרגעקומען דין־תורהס.

די צווייטע העלפט האָט באַלאַנגט צו דער מוטער, די קינדער און דער דינסט. דאָ איז אויך געווען דער שלאָפצימער פאַר די קינדער. ער איז געווען גערעאַם און ליכטיק, אָבער די הויפּט־אַטראַקציע פאַר אַבקען איז געווען דאָס, וואָס

ער האָט געהאַט אין ווענטל, וואָס האָט אים אָפּגעמחיצהט פון קיך, ווו זעלדע האָט געזעלבסטהערשט, אַ פּענצטער, ריכטיקער, אַ פאָרטקע נישט קיין באַשויבטע און אַבקע האָט געפילט טעם גן־עדן, אַ תענוג, וואָס איז געווען אומבאַשרייבלעך, אַריבערטרעטנדיק די גרענעצן פון הנאה־עמאָציעס, ווען ער איז געקראָכן גלייך פון בעט אַ נישט־אָנגעטאָנענער אין קיך אַריין דורך אָט־דער עפענונג, ביי וועל־כער ס'איז פון דער קיך־זייט געשטאַנען זעלדע, און ער פלעגט אַרייַנפאַלן איר גלייך אין די אָרעמס, אָדער וואָס ס'איז געווען נאָך מער פאַרגעניגן־פאַרשאַפנ־דיק, — זיך אַרויפקאַראַפקען אויף אירע אַקסלען אָדער זיך אָנהענגען איר אויפן האַלדז.

## 19

## די דירה — דער הויף

מע האָט געביטן די דירה. זיך אַריבערגעצויגן אין אַ גרעסערער און שענע־רער וווינונג, וואָס האָט זיך געפונען אין אַ מויער, וועלכע איז געשטאַנען אין מיטן מאַרק. די פענצטער, גרויסע ליכטיקע, האָבן זאַלבעדריט טאַקע אַריינגעקוקט אין מאַרק אַריין, אַליין געזען אַלץ, וואָס דאָרטן קומט פאָר, און געלאָזן אַבקען זען. יעדע זאַך, וואָס ער האָט געזען, איז געווען אַזוי אין לשערדיק אינטערעסאַנט: אָט הענגט דער שטאָטזייגער אויפן טורעם פון ראָטהויז; אָט איז דער שטאָט־גאָרטן אַן אַרומגעצאַמטער מיט אייזערנע שטאַכעטן, אַן אויסגעלייגטער מיט אַלייען, מיט טונקעלע, קוסטעס־באַוואָקסענע. ווינקעלעך, וואָס זענען ווונדערבאַר פאַר שפּילן אין באַהעלטעניש. אין סאַמע מיטן פון פאַרק שטייט אַן עסטראַדע פאַר אַן אָרקעסטער. זומער פלעגט דאָ שפּילן יעדן אָונט די מיליטערישע קאַ־פּעליע. צו דער זייט פון פאַרק האָט זיך צוגעהעפט אַ קאַטעדראַלע מיט שטאָלצע קופּאָלן, וואָס האָבן אויסגעזען ווי גיגאַנטישע ציבעלעס אָדער ריבן.

אין שכנות מיט זיי האָט געוווינט אַ יונג פּאָרפאָלק, שיינע יהודיתעס עלט־סטע טאָכטער, אסנת, מיט איר מאַן. זיי האָבן געהאַט אַ הורטאָוונעם באַקאַליי־סקלאַד. און פון הינטן האָבן זיי געהאַט זייער וווינונג, צוויי געראַמע צימערן מיט אַ קיך. רייך מעבלירט. דער קאָרידאָר, וואָס איז אַרויס אין הויף, און אויך דער גאַנעק, איז געווען אַ בשותפותדיקער פאַרביידע וווינונגען. דער הויף איז געווען אַ ברייטער און אַ טיפער, איבגאַנצן נישט פאַרבויט. ווען עס האָט שטאַרק גערעגנט פלעגן זיך דאָ וויזן „וואַזשנע” קאַלוזשעס. אין זיי פלעגן זיך וואַלגערן און קאַטשען גרויסע אָפּגעפּאַשעטע חזירים און שטאַרק הנאה־האָבן פון די בלאָטע־בעדער, וואָס זיי האָבן גענומען. אַבקע און אַנדערע קונדיסים האָבן אין זיי געַ־וואָרפן שטיינער און ווען אַפילו געטראָפן האָט עס די חזירים נישט איבעריקס באַאומרויקט. אַבקע האָט פיינט געהאַט חזירים. ער האָט זיי געהאַלטן פאַר די שמוציקסטע באַשעפענישן. ער האָט נישט געקענט באַגרייפן, ווי אַזוי די גוים מיאוסן זיך נישט פון זיי און עסן זייער פאַרשטונקען פלייש.

## 20

# אַבקע מאַכט דעם ערשטן „ויברח“

אַבקע האָט געמאָזלט. ער האָט אָבער נישט געקענט איינליגן אין בעט, ווען ער האָט דורכן פענצטער געזען, ווי קינדער לויפן אַרום און שפּילן זיך אין הויף. איינמאָל, ווען די מוטער איז געווען אַוועקגעגאַנגען און זעלדע האָט זיך געפּאָרעט אין קיך, האָט ער זיך אַרויסגעכאַפּט אין הויף און „צוגעקילט“ די מאָזלען. ער איז קראַנק געוואָרן און מע האָט אים אַוועקגעלייגט צוריק אין בעט. איז געקומען דער אַלטער דאָקטאָר. ער איז געווען גרוי ווי אַ טויב. געגאַנגען אָנגעלענט אָן אַ שטעקן. היפּש געבויגן אין רוקן, אָבער זיין שטים איז געווען נאָך היפּש הילכיק און אָפּהילכיק. ער האָט אָנגעזאָגט דעם חולה מיטן האַרבן וואָרט, ער זאָל ליגן אין בעט און נעמען די רפואות, אַניט וועט מען אויסגראָבן אַ טיפן גרוב און אים באַגראָבן טויטערהייט. די דראָונגען פון דאָקטער מאַכן נישט אויף אַבקען קיין שטאַרקן איינדרוק. ווען טויט טראַכט ער אַמווינציקסטן. ער ווייסט נישט „מיט וואָס מען עסט עס“... טויט? וואָס איז טויט? גאָר אַנדערע זאַכן ליגן אים אין זינען.

ווי אַלע קינדער נאַשערס איז ער זיך מחיה, ווען ער עסט איינגעמאַכטס. דערהויפּט אַגרעסן־איינגעמאַכטס. דער טעם דערפון ליגט אים אין מויל נאָך פון יענעם סוף־זומער אין נישטאַנישעק, ווען די באָבע און די עלטער־מומע, מלכה, חיים שמחהס ווייב, האָבן עס צוזאַמען געפּרעגלט און אים געגעבן אַ נאַש צו טאָן.

ער האָט געוואַרט אויף אַ געלעגנהייט קראַנק צו ווערן, זייענדיק זיכער, אַז אים, ווי אַ חולה, וועט מען געבן איינגעמאַכטס. ווי דערשטוינט איז ער געוואָרן, ווען מע האָט אים איצטער געגעבן אַ נאַש צו טאָן מאַלינעס־איינגעמאַכטס און ער האָט פון דעם קיין שום הנאה נישט געהאַט. די צונג איז אים געווען ווי אָנגע־פּעלצט און ער האָט אין דעם נאַשוואַרג קיין שום טעם נישט געפילט.

ער האָט פיל געטראַכט וועגן אָט־דער רעטעניש: ווי אַזוי איז עס גאָר מעגלעך, אַז איינגעמאַכטס זאָל גאָר קיין טעם נישט האָבן! ער קען עס נישט באַגרייפן. אָבער פרעגן ביי אַ דערוואַקסענעם, ער זאָל אים דערקלערן די מאָדנע זאַך, האָט ער נישט געוואַגט. ער האָט זיך געשעמט אַרויסצוווייזן זיין אומ־ווויסנהייט.

דאָס מאָל האָט מען אים געהאַלטן צוויי וואָכן אין בעט און צוויי וואָכן אין הויז. די צייט האָט זיך אים געצויגן ווי פון פּעך. אים איז מיאוס און נימאס געוואָרן דאָס זיצן אין שטוב פאַרשפּאַרט אין אַזעלכע שיינע וואַרעמע טעג. ווען ער האָט זיך געבעטן ביי זעלדען, אַז זי זאָל אים אַרויסלאָזן אין דרויסן, האָט זי אים געזאָגט, אַז ביי איר וואָלט ער געפּועלט, אָבער זיין מאַמע האָט אָנגעזאָגט, מע זאָל אים האַלטן אין שטוב נאָך אַ גאַנצע וואָך.

ער האָט זיך צעבונטעוועט. ער איז געקומען צום שלוס, אַז ער קען דאָ לענגער נישט בלייבן. ער וועט זיך איינגאַנצן אַרויסציִען. וווהין? די פּראָבלעם איז אים נישט שווער געווען צו לייזן. אין הויף, פּונקט לעבן גאַנעק, איז געלעגן אַן

אויסגעליידיקט פאַס פון צוקער, וואָס האָט באַלאַנגט צו דער קראָם פון אסנתן, שיינע יהודיתעס טאָכטער. ער וועט זיך באַזעצן אין פאַס, דאָ וווינען און איבעררייסן אַלע זיינע באַציִונגען מיט דער מאַמען, וואָס באַהאַנדלט אים אַזוי גרויזאַם, גאָר אָן רחמנות, גאָר אָן איינזעעניש. ער האָט דאָס פאַס אויסגעבעט פונאיבעווייניק מיט סכך, וואָס האָט זיך געוואַלגערט אין הויף פון דער פאַראַיאָריקער סוכה. ער איז אַריינגעקראָכן אין פאַס מיטן פעסטן באַשלוס צו בלייבן דאָ וווינען אויף שטענדיק, מאַכן עס פאַר זיין דירת־קבע.

ער איז געווען אַ שטילער, אַ נאָכגעביקער, אָבער צו דער זעלביקער צייט איז ער געווען אַ געבראָטענער עקשן. הכלל, ער איז אָפּגעזעסן אַ גאַנצן טאָג אין פאַס. אַהער האָט מען אים געבראַכט דאָס עסן. וויפל מע האָט מיט אים נישט איינגעטענהט, און! איינטענהרנס זענען געווען זיינע שוועסטערס, ווי שליחטעס פון דער מאַמען, האָט מען אים נישט געקענט באַוועגן זיך אַרויסצוציִען פון זיין פאַס־דירה און קומען צוריק אַהיים און זיך איבערבעטן מיט דער מאַמען. איינ־מאָל ניין! ער איז געווען זיכער, אַז זי קריוודעט אים, באַעוולהט אים און ער וויל מיט איר מער נישט האָבן וואָס צו טאָן.

ער איז אַזוי געזעסן אין פאַס ביז עס האָט גענומען טונקלען אין הויף. עס איז געווען בין־השמשות־צייט. אין פאַס איז שוין געווען שטאָק־פינצטער. ער האָט איינגעדרעמלט. איז זעלדע געקומען און אים גענומען אין אירע אָרעמס, געבראַכט אין שטוב, אים אויסגעטאָן און געלייגט שלאָפן אין זיין בעטל.

ער האָט אָבער מיטן פּראָטעסט זיינס אויסגעפירט. אויף מאָרגנס האָט מען אים באַפרייט פון „שטוב־אַרעסט״, מע האָט אים אַרויסגעלאָזט זיך שפּילן מיט חברים און אַרומלויפן איבערן הויף פראַנק און פריי.

## 21

## שיינע יהודית און די ליצים

שיינע יהודית, פאַרשטייט זיך, האָט געהאַט אַ מאַן, ווי באַלד זי האָט געהאַט אַ שוין אויסגעגעבענע טאָכטער און אַ זון מיטן נאָמען ניסל, וואָס איז געווען עלטער פון אַבקען מיט דריי יאָר. אָבער די הויזן האָט זי געטראָגן. זי איז געווען אַ שם־דבר אין יאַגוסטאוו. זיי האָבן געהאַנדלט מיט תבואה, געהאַט אַן אָנגעפילטן שפּייכלער. אַבקע פלעגט אַהין קומען זיך שפּילן מיט ניסלען. איבערהויפּט האָבן אים צוגעצויגן צום שפּייכלער דער טוכלער גערוּך, די האַלב־פינצטערניש, דער מעל־שטויב, מיט וועלכן די לופט איז געווען אָנגעזעטיקט, די מיט שפּינוועבס־פאַרוועבטע ווינקלען, וווּ עס זענען געשטאַנען זעק פול־אָנגעשאָטענע מיט קאַקו־רוזע, מיט ווייץ, גערשטן, קאָרן. צווישן די זעק פלעגט ער, וואָס איז געווען גאָר קליינגעוויקסיק און בייגעוודיק, האָלט האָבן זיך צו פאַרשטעקן און מע פלעגט אים נישט קענען געפינען, אָבער דעם גרעסטן צוצי־כוח האָט פאַרמאָגט די זאַסיקע פון אַרבעס. איבער די אָנגעשאָטענע אַרבעס פלעגט ער זיך קאָלערן און האָבן הנאה פון פילן אַן אַרבעס אונטערן העמד ביי סאַמע לייב און אויך אין די שיכלעך.

אין זייער היי־שטאָל אויפן בוידעם האָט ער זיך געשפּילט מיט זיין יינגסטער שוועסטער מאַשע און אַ פּאָר פון אירע חברטעס אין „טאַטע און מאַמע". אַמאָל פלעגט זיין שוועסטערל, אַמאָל אַן אַנדער מיידעלע גיין צו קינד, און ער איז געווען דער טאַטע און דאָקטאָר־אַקושער, העלפן אַן עופעלע קומען אויף דער וועלט און דערנאָך עס האָדעווען.

דעם נאָמען פון שיינע יהודיתס מאַן, ר' הירש בּאָראָוויטש, האָט ער יאָ און נישט געוווּסט, דאָס הייסט, ער האָט זיך וויניק וואָס אינטערעסירט מיט אים, כמעט זיך נישט צוגעקוקט צו אים. ווייל ער איז געווען אַן אומזיסטע צוגעבעניש, אַ מין ביילאַגע צו דער הויך־ און ברייטבוזימדיקער גראָב־ און דיקהיפּטיקער בריה, שיינע יהודית.

שיינע יהודית איז געווען אַ פרומע ייִדענע און אין שטעטל איז אַרומגע־גאַנגען אַן איבערגעבע, מיט אָפּשפּעטערישע כוונות, פון איר פרימאָרגנדיקער וואַנ־דונג צום רבונו של עולם פון דער ווייבערשער־שול אַרויס. זי פלעגט קומען גאַנץ פרי, נאָך איידער די מנינים אין דער מענערישער שול האָבן זיך אָנגעפאַנגען. מיטן אויבערשטן האָט זיך שיינע יהודית געהאַלטן זייער היימיש־פאַמיליאַר. געווען מיט אים אויף דו נישט בלויז אין תפילות, נאָר אויך אין טאָג־טעגלעכן לעבן, אין שטענדיקן קאָנטאַקט.

— איך, דיין דינסט, שיינע יהודית, בין שוין דאָ. מיין מאַן, צבי הירש, איז נאָך אין די גאַטקעס. ער וועט באַלד קומען.

איינמאָל איז זי אַריין אין איילעניש אין דער ווייבערישער שול פאַרטאָג. עס איז נאָך געווען כמעט פינצטער. דאָרטן, אויפן דיל, ביים אַריינגאַנג, איז געלעגן אַ שיכורער זעלנער. אַז זי האָט זיך פאַרנייגט פאַרן רבונו של עולם מיט איר אימפּראָוויזירטער תפילה, האָט זי דערשמעקט דעם סאָלדאַטס גערוך און אויס־געגרופן:

— הייליק ביסטו, אָבער שטינקען שטינקסטו.

יאַגוסטאָוו האָט געהאַט משכילים און ליצים, וואָס האָבן גערן אָפּגעחוזקט פון אַ פרום־פאַנאַטישער אָבערגלויבערישער פרוי.

## 22

## קלמן דער משוגענער — דער יעדוואַבנער

אַבקע איז געווען אַן אָפּטער באַזוכער אין בית־מדרש. דאָרט פלעגט ער אַרומלויפן, מיט קינדער פון זיין עלטער, אַרום דעם באַלעמער, שפּילן אַפילו אין באַהעלטעניש און פאַרקריכן אונטער דער בימה און נישטערן אין דעם באַרג „שמות", וואָס האָבן זיך דאָרט אָנגעקליבן. דער בית־מדרש אין יאַגוסטאָוו אין יענע יאָרן איז געווען תמיד פול מיט מענטשן. עס איז געווען דאָרטן פריילעך. בשעת די מנינים זענען אָנגעגאַנגען — איז דאָך אָפּגערעדט, נאָר אַפילו נאָך די מנינים. די שטאָטישע בחורים, באַלעבאַטישע קינדער, ווי אויך די באַלעבאַטים, זענען דאָרט געזעסן ביי די לאַנגע טישן אָדער ביי שטענדערס און געלערנט אויפן קול מיט אַ ניגון. עס זענען אויך געווען אָרעמע בחורים־לערנערס פון אַנדערע שטעט, וואָס האָבן געגעסן טעג, צווישן זיי אויך אַ פּאָר פרושים. איבער די טישן

האָבן געהאָנגען בליצלאָמפּן. אויף די שטענדערס זענען געווען צוגעטריפט ליכט־
לעך און ביי זייער שיין האָט מען געלערנט און געלייענט די דראָבנע שריפט
פון רש״יס כתב.

דער בית־מדרש איז געווען פול מיט לערנען־זינגעריי און אויך שטיפעריי.
ער איז געווען מער ווי אַ געבעטהויז און מער פון אַ שטודירפּלאַץ, ער איז געווען,
בפועל ממש, אויך אַ פאָלקסקלוב. דאָ הינטערן אויוון און אויפן קאַכעלנעם אויוון
זענען געשלאָפן אורחים, אָרעמעלייט אָנגעפאָרענע פון אַנדערע שטעט, וואָס זענען
געגאַנגען איבער די הייזער. דאָ אויפן אויוון איז געשלאָפן אויך דער שטאָט־
משוגענער קלמן „טומאה וטהרה״. ער איז אַרומגעגאַנגען אַן אָפּגעריסענער און
אַן אָפּגעשליסענער. קויטיקע טראַנטעס זענען געהאָנגען פון אים און דורך די
לעכער האָבן זיך אַרויסגעוויזן שטיקער לייב. די האָר פון קאָפּ און באָרד זענען
געווען שוואַרץ ווי סמאָלע און צעקאָלטנט. זיין פּנים מיט די צוויי בליציקע אויגן
איז געווען פאַרצוקט, פאַרצאָרנט און פאַראומערט. ער איז אַרומגעגאַנגען און
געמורמלט צו זיך, און אַלץ וואָס מען האָט געהערט פון אים אַרויסגעבראַכט אַר־
טיקולירט קלאָר, זענען געווען די צוויי ווערטער „טומאה״ און „טהרה״. ער איז
געווען אַ שטילער משוגענער. ער האָט קיינעם נישט אָנגערירט, אָבער טאָמער
האָט מען אים געזאָגט דאָס וואָרט „שרץ״, איז ער געוואָרן ווילד און האָט זיך גע־
וואָרפן שלאָגן. ער האָט געקענט בשעת אויפרייצונג איינעם דורס זיין. ער האָט
זיך אויפגעהאַלטן אָדער אויבן אין דער ווייבערישער שול אָדער ער איז געלעגן
אויפן אויוון אין בית־מדרש.

פון וואָרט „שרץ״, ווען עס איז בלויז אַרויסגערעדט געוואָרן אין זיין געהער־
פאַרנעם, איז ער געוואָרן אַן אויפגעקאָכטער, אָבער ער פלעגט אַריינפאַלן אין אַ
דציחה ממש, ווען מען האָט אים אונטערגעוואָרפן אַ „שרץ״ אָדער אַרויפגעוואָרפן
אויף אים אַ „שרץ״. דער שרעקלעכסטער שרץ איז ביי אים געווען אַ קאַץ. די
„שיינע, ווילדערצויגענע״ באַלעבאַטישע בחורים, די כלומרשטע לערנערס,
זענען געווען אַזוי האַרצלאָז, אַז זיי פלעגן זיך אַמוזירן מיט רייצן קלמנען. דאָס
איז געווען זייער בעסטע פאַרווייליונג. זיי האָבן געקראָגן אַ קאַץ און זי אַריינגע־
וואָרפן דורך אַ פענצטערל אין דער ווייבערשער שול ביי דער נאַכט און גענומען
שרייען „שרץ״. אָדער זיי פלעגן אַרויפוואַרפן די קאַץ אויף קלמנס געלעגער אויפן
אויוון. ער פלעגט ווערן אַזוי אויפגערייצט, אַז ער וואָלט צעריסן מיט די הענט
יעדן איינעם, וואָס ער וואָלט געכאַפּט.

איינמאָל פאַר מנחה־צייט, ווען קלמן האָט זיך געלאָזן איבערן בית־מדרש
יאָגן נאָך אַ שרץ און אַלע זענען זיך צעלאָפן, איז אַבקע פונקט געווען דאָרטן.
אויך ער האָט זיך געלאָזט לויפן צו דער טיר, כדי אַנטרונען צו ווערן פון דעם
מאוימדיקן קלמנען. אָבער די שרעק און סכנה אַריינצופאַלן אין די הענט פון דעם
מלא־רציחהדיקן משוגענעם איז געווען אַזוי גרויס, אַז ער איז געבליבן ליגן אין
מיטן בית־מדרש ווי אַ געליימטער; פון פחד האָט אים אָפּגענומען הענט און
פיס. ער האָט זיך נישט געקענט אַ ריר טאָן. קלמן האָט זיך אויף אים אַ וואָרף
געטאָן. ער וואָלט אים געממיתט, אָבער דאָ איז אונטערגעשפרונגען דער „יעד־
וואַבנער״ און האָט אים אַרויסגעכאַפּט פון קלמנס לאַפּעס און אים אַוועקגעטראָגן
אַהיים, נישט טויט, נישט לעבעדיק.

דער יעדוואַבנער איז געווען אַ בחור פון אַ יאָר צוואַנציק. אַ גבר. אַ בן־בית אין רבס שטוב. ער פלעגט דאָרט זיין יעדן טאָג אין דער וואָך און אָן באַצאָלט געדינט ווי אַ משרת פאַר יעדן סאָרט שליחות אויס בלויזער איבערגעגעבנקייט צום רב, צו דער שיינער, יונגער רביצין און אפשר גאָר צו דער חנעוודיקער ברוי־נעטקע, זעלדע... און אפשר צו אַלע דריי צוזאַמענגענומען: ער האָט צו יעדן גע־פילט אַ באַזונדעראַרטיקע לאָיאַליטעט.

די בחורים און יונגעלייטלעך אין בית־מדרש האָבן זיך לוסטיק געמאַכט אויפן חשבון פון רב און דער שיינער יונגער רביצין, ווען זי איז געלעגן געוואָרן און געהאַט דעם צווילינג משהקען און מיכלען. אַבקע האָט, פאַרשטייט זיך, נישט באַגריפן דעם פולן מיין פון זייערע ניבול־פה־רייד, אָבער ער האָט גענוג פאַר־שטאַנען תופס צו זיין, אַז זיי חוזקן אָפּ אויף אַ גראָבן אופן פון זיין טאַטן און מאַמען. דאָס האָט אים שטאַרק געקרענקט. דער איינציקער, וואָס האָט זיך אָנגע־נומען פאַרן רב און דער יונגער רביצין, איז געווען דער יעדוואַבנער. ער איז געשטאַנען שטאָל און אייזן פאַר דעם רב און רבס הויזגעזינד. די לצים האָט ער געגעבן אַ ריכטיקן גאָב מיט שאַרפע ווערטער. און אויב דאָס האָט נישט פאַר־מאַכט זייערע מיילער האָט ער אָנגעבאָטן און געגעבן פעטש.

ביי אַבקען איז רעכט געווען, אַז „יעדוואַבנער" איז געווען דער אמתער נאָמען פון אָט־דעם בחור מיט די אייזערנע ביינער און שטאָלענע מוסקולן. אַזוי האָבן אים אַלע גערופן, נישט בלויז די קינדער אין שטוב, נאָר אויך די מאַמע און דער טאַטע.

דער „יעדוואַבנער" איז געווען כמעט ווי אַ מיטגליד פון דעם רבנישן הויז־געזינד. ווען די רביצין פלעגט אַוועקפאָרן זומער אין די בעדער, דעמאָלט האָט דער יעדוואַבנער מיט זעלדען אַכטונג געגעבן אויף די קינדער און געפירט די גאַנצע באַלעבאַטישקייט. ער האָט געטאָגט און גענאַכט, דאָס הייסט, גענעכטיקט אין רבס הויז אין די זומער־חדשים, אָבער אויך אין דער איבעריקער צייט פון יאָר איז ער געווען ווי אַן אייגענער, עלעהיי אַן עלטערער ברודער. ער פלעגט זיך שפּילן מיט די קינדער, ווי איינער פון זיי.

## 23

## מושטירן — פאַראַדן

אין מיטן מאַרק, פונקט אַנטקעגן דעם מיטלסטן פענצטער פון רבס דירה, האָט מען מושטירט די רעקרוטן. זיי געלערנט גיין ווי געהעריק, דאָס הייסט, שטעלן „געגדז טריט", שטיין אויסגעצויגענע ווי סטרונעס און פאַרשטיינערטע באַוועגלאָז ווי סטאַטועס. מע האָט זיי אויך געלערנט ווי צו האַלטן אַ ביקס, ווי זי צו טראָגן אויפן אַקסל, ווי צו שטעכן אַ שפּיז אין אַ שטרויענעם מענטשן. יאַגוס־טאַוו, ווי אַ שטעטל וואָס איז געלעגן נישט ווייט פון דער דייטשער גרענעץ, האָט געהאַט אַ גרויסן גאַרניזאָן.

איינמאָל בשעת אַ מושטרע האָט ר' יהודה לייב צוגעפירט פאַרן הענטל

אַבקען צום פענצטער און אים געוויזן, וואָס דאָרט קומט פאָר און צו אים אַ זאָג־געטאָן:

— זעסט, אַבקע, אָט־אַזוי לערנט אַ מענטש ווי צו הרגענען מענטשן.

די ווערטער זענען אים אַריין אין קאָפּ, אָבער זייער טיפע מיינונג האָט ער דעמאָלט נאָך נישט געקענט באַגרייפן. ער האָט דווקא ליב־געהאַט צו באַאָבאַכטן די מושטירעריי, זיך צוצוקוקן ווי די רעקרוטן הייבן אַלע אויף דעם רעכטן פוס און לאָזן אים אַראָפּ אויפאַמאָל, ווי זיי שטעכן אין אַן אָנגעשטאָפּטן שטרויענעם זאַק וואָס האָט געהאַט אַ גאָר ווייטע ענלעכקייט צו אַ מענטשלעכער פיגור.

צוליב וואָס דאָס ווערט אַלץ געטאָן, האָט ער נישט געטראַכט. ביי אים האָט עס אויסגעזען ווי אַ טשיקאַווע אָבער אומשולדיקע שפּיל, דערהויפּט נאָך, וואָס די שוישפּילערס האָבן געטראָגן זעלנערישע מונדירן און שינעלן. אין צירק איז ער געווען עטלעכע מאָל. דער טאַטע האָט אים געשיקט מיט זעלדען, ער זאָל רייטן אויף אַ פערדל אין אַ קאַרוסעל. ער האָט דאָרט געזען פאַרשיידענע חיות: קראָקאָדילן, אפּאָפּאָטאַמוסעס, פאַרשיידענע פייגל מיט פעדערן פון אַזעלכע רייצנ־דיקע קאָלירן, לייבן און לעמפּערטן. דאָרט איז אויך געווען אַ משונהער שוואַרצער מענטש מיט אוירינגלעך אין די אויערן. אַז עס זענען פאַראַן מאַנצבילן, וואָס טראָגן אוירינגלעך, איז ביי אים קיין נייס נישט געווען. אין שטעטל זענען איינ־געשטאַנען קאָזאַקן־אָפּטיילונגען און צווישן זיי האָבן זיך געפונען, דערהויפּט דענ־שטשיקעס, משרתים ביי די אָפיצירן, קאַלמיקעס מיט אוירינגלעך. אָבער אַז עס זענען פאַראַן מענטשן מיט אַ שוואַרצער הויט, דאָס האָט ער זיך גאָרנישט גע־קענט פאָרשטעלן. און ער איז געווען זיכער, אַז יענער האָט מיט סאַזשע זיך אויסגעשמירט דאָס פנים, האַלדז און נאַקן און אויך די פיס און הענט.

ער איז נישט געווען גלייכגילטיק צו די זעלנערשע פאַראַדן, וואָס פלעגן פאָרקומען אין די „טאַבעלנע טעג". די זעלנער מיט די אָפיצירן פלעגן אַלע אַריין אין דער רעכטגלויביקער (פּראַוואָסלאַוונער) קאַטעדראַלע, זיך דאָרט זאמען אַ שעה און אַמאָל מער. ער מיט קינדער פון זיינע יאָרן און אויך גרעסערע און עלטערע זענען געשטאַנען אינדרויסן, אין מאַרק, און געוואַרט געדולדיק אויף זייער אַרויס־קומען. זומער איז דאָס געווען נישט צו שווער, אָבער ווינטער, אין די ברענענ־דיקע פרעסט, איז דאָס וואַרטן געווען אַן אמתע אָפּקומעניש. די אויערן האָבן גע־פראָרן, פון נאָז האָט גערונען, די פיס זענען געוואָרן ווי קלעצלעך, די פינגער פון די פיס האָבן גענומען גליווערן, ס'האָט געקלאַפּט אַ צאָן־אָן אַ צאָן, אָבער ער האָט אויסגעהאַלטן און זיך דערוואַרט. דער ספּעקטאַקל, וואָס קומט איצט, איז ווערט געווען אָט־די אַלע עינוים קשים.

די זעלנער, די אָפיצירן און די פּאָלקאָווניקעס זענען אַרויס, זיך אויסגע־שטעלט אין גראַדע שערענגעס. אָט מושטירט מען זיי און זיי פאַראַדירן אַדורך דעם פּלאַץ אַהין און צוריק. עס פאַרבעמט אַן אויג. דער מיליטערישער אָרקעסטער שפּילט, די פייקלערס מאַרשירן פאָרויס און קלאַפּן אין די פויקן, דער זאַפּיעוואַלע (דער פירזינגער) פאַרציט אַ ניגון מיט אַ זעלנערישן פזמון און די גאַנצע קאָמאַנדע ענטפערט אָפּ. אויף אַבקען איז גאָר אַ גדולה. ער זינגט מיט און גייט אונטער־שפּרינגענדיק טאַקע פאַזע דעם פייקלער. ער באַגלייט די זעלנער דורך דער שטאָט און אַ שטיק מהלך הינטער דער שטאָט, ביז זיי גייען אַריין אין זייערע

קאַזאַרמעס. ערשט דעמאָלט, אַ הונגעריקער, אַ פאַרפראָרענער, קערט ער זיך אום אין שטאָט אַריין און לויפט גלייך אַהיים, עפּעס נעמען אין מויל, דאָס האַרץ אונטערלענען. ער וואָלט נישט איבערהיפּן קיין זעלנערישן פּאַראַד פאַר קיין זאַך אין דער וועלט.

ער איז אַ בקי אין דעם ענין פון טיטלען און ראַנגען; ער קען דערקענען אַ גענעראַל לויט די רויטע פּאַסן און לאַמפּאַסן אויף זיינע הויזן, אויך לויט זיינע עפּאָלעטן.

## 24

## די כאָלעריע

די מגיפה, וואָס האָט זיך געשפּרייט איבערן גאַנצן לאַנד, האָט מיט איר שוואַרצן פליגל אָנגערירט דאָס שטעטל יאַגוסטאַוו. אַ פּחד איז באַפאַלן גרויס און קליין. מע שטאַרבט. וואָס איז טויט? ער האָט נישט געוווּסט און איז נישט געווען נייגעריק צו וויסן. כאָלעריע בושעוועט אין שטאָט און זי הרגעט מענטשן. זיי נעמען ברעכן, זיי קריגן אַ שלשול, קראַמפּן אין בויך — און פאַלן ווי די פליגן. אַזוי ריידן די דערוואַקסענע און די קינדער חזרן איבער די אייגענע רייד מיט אימה, מיט שרעק.

מען דאַרף זיך היטן. מע לאָזט אים נישט עסן קיין רויס, קיין גרינס און קיין פּרוכט; מע לאָזט אים נישט טרינקען קיין אומגעזאָטן וואַסער.

איבערן גאַנצן שטעטל הויערט אַ שרעק, וועלכע האָט ווי עפּעס אַ מאָדנעם גערוך, וואָס קיצלט אים זיינע נאָזלעכער: עס איז דער גערוך פון קאַרבאָל און זשעגעכץ. די רינשטאָקן זענען אויסגעקאַלכט, באַגאָסן מיט קאַרבאָל, אין די אָפּטרעטן איז אָנגעגאָסן אויף די דילן, אויף די ווענטלעך — קאַרבאָל.

זיין טאַטע איז עפּעס ווי געוואָרן אַן אַנדערער. ער זיצט מער נישט אין דער צווייטער העלפט פון שטוב און „שרייבט תורה". ניין, ער גייט אָנגעטאָן אין אַ מאָדנעם כאַלאַט, וואָס איז אַרומגעבונדן מיט אַ לעדערנעם פּאַסיק אַרום די לענדן. ער גייט אַוועק פרי אין קלויז. אַבקע גייט אים נאָך פונדערווייטנס. דאָרט אין קלויז וואַרט אויף אים אַ כאַפּטע ייִדן. זיי גייען איבער די הייזער. זיי טראָגן מיט זיך אַ פּעסעלע ספּירט און פאַרשיידענע מכשירים. אָבער איידער זיי גייען ארויס צו אָט־דער „אַרבעט" דאַווענען זיי אויף שנעל און זאָגן אָפּ אַ פּאָר קאַפּיטלעך תהילים. זיי גייען באַזוכן די חולאים; זיי רייבן זיי איין מיט אַלקאָהאָל און אַ סך פון זיי ראַטעווען זיי אָפּ און זיי בלייבן לעבן. אָט יענע ייִדן זענען אַלע אַזעלכע שטאַרקע, הויכע און פאַר דער „כאָלעריע" האָבן זיי גאָר קיין מורא נישט. זיי זענען אומדערשראָקן און אומדערמידלעך. אַבקעס טאַטע קומט אַהיים שפּעט און אויך פון אים שמעקט מיט קאַרבאָל.

צום מאַרק־צו, איינגאַנצן אַ פּאָר הייזער פון זייער וווינונג, איז פאַראַן אַ קליין קלייטל. אויף אַ גאַנעק מיט אַ פּאָר הויכע טרעפּלעך האָט מען אַהין געדאַרפט אַרויפקריכן. דאָרט אין קלייטל איז געשטאַנען אַן עלטערע ייִדענע און פאַרקויפט לעדער אויף זוילן פאַר שטיוול, פאַר קאַמאַשן, אויך פאַר אַ כאָמעט און אַנדערע הצטרכותן.

אַ שוסטער האָט געוווינט ביי זיי אין הויף. דער עלטערער ברודער, וועלפקע, גייט אַהין לייען ביכלעך צום איבערלייענען, ווי די בבא־ביכלעך אָדער דער „פלעקהונט" און אַנדערע. אַבקע פלעגט אים אַמאָל באַגלייטן און אַמאָל פלעגט ער גיין אין שליחות אָפּצוטראָגן אַ שוין איבערגעלייענט ביכל. ער אַליין האָט זיי נישט געקענט לייענען, אָבער דער ברודער האָט פאַר אים פון זיי אַרויסגעלייענט טשיקאַווע מעשיות. אָט־דער שוסטער פלעגט קומען גאַנץ אָפט אין קלייטל קויפן שטיקער לעדער. אַז אַבקע האָט אים געזען גיין, פלעגט ער מיט אים מיטגיין און אַריינגיין מיט אים אין קלייטל. אַלעמאָל איז די פאַרקויפערן געווען אַ ייִדענע, זייער זעלטן פלעגט זיך ווייזן אויך איר מאַן. ער איז געווען אַ ייִד אַ זקן, אַ סופר. אַבקע האָט אים גוט געקענט; ער פלעגט זיך אַריינשטעלן אין דער אינעווייניקסטער אָפענער טיר פון קלייטל און אַריינקוקן אין שטוב אַריין, וואָס איז באַשטאַנען פון איין צימער און אַ קיך. דער סופר פלעגט זיצן איינגעוויקלט אין טלית און תפילין און שרייבן מיט אַ גענדזענער פעדער. ער האָט געהאַלטן אין מיטן שרייבן אַ ספר תורה, גאָר נישט ווי זיין טאַטע, וואָס פלעגט „שרייבן תורה" אויף בייגעלעך ווייס פאַפּיר מיט אַ שטאָלענער פען. דער סופר האָט געשריבן אויף געלבלעכן פאַרמעט און דאָס געשריפטס איז געווען אינגאַנצן אַן אַנדערס.

ער איז געווען אַן אַלטער און אויסגעדאַרטער מאַן. אַ סך קנייטשן ביי אים אויפן פנים, וואָס איז געווען באַזוימט מיט אַ שיטער בערדל. אַבקע האָט געוווּסט, אַז דער סופר איז זייער אַ פרומער ייִד און אַז ער טוט אַ הייליקע אַרבעט. ער שרייבט אַ ספר־תורה, וואָס מען האַלט אָנגעטאָן אין אַ מענטעלע אין אָרון־קודש אין בית־מדרש און מען נעמט אַרויס אין מיטן דאַווענען און מען לייגט אים אַוועק אויפן שולחן אויפן באַלעמער, און מען רופט אויף צו אים מענטשן־דאַוונערס, מען „גיט עליות" און מען לייענט פון אים אַרויס; און נאָכדעם הייבט מען אים אויף און מען ווייזט אים דעם עולם דאַוונערס און מען זאָגט און מען זינגט און מען טראָגט אים אָפּ מיט גרויס אָנזען צוריק צום אָרון־קודש און מען שטעלט אים אַריין. און דאָרט שטייט ער פאַרמאַכט און אַריבערגעצויגן מיט אַ פּרוכת. ער שטייט נישט אַליין. דאָרט שטייען מיט אים נאָך עטלעכע ספרי־תורות, אַלע אָנגעטאָנענע אין שיינע אויסגעהאָפטענע מענטעלעך.

אָט אַזאַ ספר־תורה האָט דער סופר, ר' זעליק, געשריבן.

איז דער סופר קראַנק געוואָרן. אַבקע האָט זיך דערוווּסט וועגן דעם פון די רייד ביי זיי אין שטוב. דאָס קרעמל איז געווען צוגעמאַכט. עס האָט זיך אים שטאַרק געוואָלט גיין זען ווי איינער קריגט אָט־די טשיקאַווע כאָלעריע, אָבער די מאַמע און זעלדע האָבן אים נישט געלאָזן. אַ פאָר טעג שפּעטער האָט מען דעם סופר צוגענומען פון הויז, אים אַוועקגעפירט אויפן בית־עולם. די ייִדענע, וואָס פלעגט שטיין אין קראָם, האָט געוויינט אויפן קול.

נאָך דעם ווי מען האָט דעם מת צוגענומען, האָט מען פאַרברענט דאָס בעטל, אויף וועלכן דער סופר איז קראַנקערהייט געלעגן, און אויך דעם שטרויענעם סיעניק און די קישנס און די קאָלדרע, מיט וועלכער ער האָט זיך צוגעדעקט. אַבקע איז געשטאַנען פונדערווייטנס און האָט זיך צוגעקוקט, נאָענט האָט ער נישט געטאָרט צוגיין. ער חידושט זיך: צו וואָס פאַרברענט מען עס? ער פרעגט אַן עלטער ייִנגל, וואָס איז אויך געשטאַנען דערביי און באַאָבאַכט די טשיקאַווע סצע־

נע. יענער האָט אים געגעבן צו פאַרשטיין, אַז די „כאָלעריע" איז אַ קלעפּיקע און זי קלעפּט זיך צו אַפילו צום בעטגעוואַנט.

ווי אַזוי איז עס קלעפּיק? — דאָס האָט אַבקע נישט פאַרשטאַנען, אָבער איבערפרעגן האָט ער נישט געוואָלט; עס איז אים נישט אָנגעשטאַנען. ער האָט געהאַלטן אויפן קאָפּ אַ סך אַזעלכע אומפאַרשטאַנענע זאַכן, וואָס ער האָט גע־טראַכט, אַז ווען ער וועט אויסוואַקסן וועט ער זיי מסתמא פאַרשטיין.

## 25

## ט ו י ט

אין מיכעלעס שטאַרבן האָט אַבקע נישט געזען קיין „טויט". ערשטנס האָט ער אים נישט געזען קיין געשטאָרבענעם. ער האָט בלויז געוווּסט, אַז זיין עופּעלע־ברודערל איז נישט געוואָרן. ער האָט נישט געזען ווי מען האָט אים צוגענומען און ערגעץ באַשטאַט... לויט זיין אויפפאַס איז ער אַוועקגעפלויגן. אַזוי האָבן די עלטערע אים געזאָגט און ער האָט זיי געגלויבט. ער איז געוואָרן אַ מלאך און אַרויף אויפן הימל, וווּ מלאכים געפינען זיך. איז דאָך דאָ נישט שייך קיין טויט. דעם מיטאָס האָבן די עלטערע קינדער אין שטוב אָנגענומען און אים איבערגע־געבן און ער האָט אָן גריבלעניש אקוויעסצירט אין דעם, הגם ער האָט נישט גע־ווּסט, וואָס עס איז אַזוינס אַ מלאך, ווי אַזוי ווערט מען עס פּלוצלונג אַ מלאך און פאַרוואָס ווערט ער, אַבקע, נישט קיין מלאך.

אין דעם סופרס טויט האָט ער אויך נישט געזען קיין טויט, נאָר עפּעס אַ משונהדיקע זאַך, וואָס הייסט כאָלעריע.

צום ערשטן מאָל איז ער געקומען פּנים אל פּנים מיט דער רעטעניש, וואָס הייסט טויט, דאָס הייסט, ער האָט געזען אַ מת און באַאָבאַכט מיט באַוווּנדערונג דעם טויטן, די אבלים און די איבעריקע לעבעדיקע, וואָס זענען זיך מתעסק אַרום דעם געשטאָרבענעם.

ער האָט דערשנאַפּט, אַז דער מגיד פון קלויז איז פּלוצלונג געשטאָרבן. דאָס גאַנצע שטעטל האָט גערעדט וועגן דעם. פון די דערוואַקסענע איז עס דערגאַנגען צו די קינדער און אויך צו אים. מע האָט גערעדט וועגן מגידס טויט אויך ביי זיי אין הויז.

די מעשה איז געווען די: אָט־דער מגיד איז געווען איינער פון די אָנפירערס פון דער אָפּאָזיציע צום נייעם רב. ער האָט געדינט דער אַליגאַרכיע, וואָס האָט געהאַלטן מיט ר' כתריאלן און געוואָלט פּטור ווערן פון נייעם רב, וואָס האָט אויס־גענומען ביים ברייטן עולם מיט זיין דרשענען און זיין דעמאָקראַטישן האַלטן זיך, און צוריקברענגען זייער קרוב, ער זאָל פאַרנעמען דעם כסא־הרבנות. דער טויט פון מגיד, וואָס האָט געהאַט פאַר זיך אַ קלויז, וואָס איז געווען די פעסטונג פון דעם רבס קעגנערס, איז געווען אַ סענסאַציע, ווייל ער איז אַנידערגעפאַלן אין מיטן דרשענען טאַקע קעגן רב, ר' יהודה לייב. ער האָט זיך געהיצט און געקאָכט — און געקראָגן אַ האַרץ־שלאַג. ער איז קוים דערגאַנגען פון קלויז

אַהיים און גלייך אויסגעגאַנגען. דעם רבס אָנהענגערס האָבן געזען אין אָט־דעם פּלוצלונגן טויט־פאַל גאָטס נקמה־נעמענדיקע האַנט און אַ באַווייז פון רבס צידקות.

אַבקע האָט געהערט אין שטוב און אין בית־מדרשריידן וועגן טויט און טויטן מגיד. פאַר טויטע, הגם ער האָט נישט געוווּסט וואָס טויט איז, האָט ער מורא געהאַט. אָבער צו דער אייגענער צייט האָט אים זיך זייער געגלוסט צו זען איינעם אַזאַ און זיך דערקוּנדיקן, וואָס איז אַזוינס טויט. ער וועט זיך צוקוקן צו אַ טויטן אין דעם דערבייזיין פון אַנדערע מענטשן, אַזוי אַז דער טויטער זאָל אים נישט כאַפּן און אָועקשלעפּן מיט זיך.

ער האָט נישט געדרוט. ער מוז גיין זען דעם טויטן מגיד. ער האָט זיך נאָכ־געפרעגט אין גאַס, סיי ביי קינדער און סיי ביי עלטערע, ווו אָט יענע קלויז האָט זיך געפונען. ער איז אַריין אין קלויז. אַלץ ווי געוויינטלעך, ליכט ברענען פאַרן עמוד, יידן דאַווענען, קיין סימן און זכר פון דעם פאַרשטאָרבענעם מגיד.

ער ווערט נישט אַנטמוטיקט. ער נעמט זיך נאָכפרעגן, ווו דער מגיד האָט געוווינט. ער האָט, סוף־כל־סוף, זיך דערפרעגט און געטראָפן אַהין. ער איז אַריין מיט אַ קלאַפנדיק האַרץ, אַן אַנגעשראָקענער, אָבער ער איז געטריבן געוואָרן פון נייגעריקייטן, קעגן וועלכער זיין שרעק ווערט ווי בטל.

ער קוקט. וואָס זעט ער? עמיצער ליגט אויפן דיל. זיין פנים האָט ער נישט געקענט זען. די קאָנטורן פון זיין קערפּער האָבן זיך קוים בולט אָפּגעריסעוועט אונטער דער דיקער, גרויער, האַריקער קאָלדרע. צוקאָפּנס ברענען ליכט. ייִנגלעך פון דער תלמוד־תורה און אויך דערוואַקסענע יידן זאָגן תהילים.

ער שטייט ווי אַ פאַרגליווערטער: אָט־דאָס איז טויט... עפּעס שרעקלעכס אונטער אַ דיקער גרויער קאָלדרע. אַ שוידער האָט אים אַדורכגענומען. ער האָט דערפילט די סכנה, וואָס שטעקט אין געפינען זיך לעבן אַ טויטן. דער טויט קען נאָך אים אויך אַ כאַפּ־טאָן. אַ משונהער כוח ציט אים צו דער קאָלדרע, וויל אים אָנכעמען ביי אַ פוס און אַרונטערשלעפּן אונטער איר. ער לאָזט זיך נישט. ער אַנטלויפט. ער לויפט אַהיים צו זעלדען, זיין באַשיצערן און באַשירעמערן. חדשים נאָכדעם איז אים אַלץ געשטאַנען פאַר די אויגן דאָס שרעקבילד: אַ גרויע קאָלדרע אויפן דיל און ברענענדיקע ליכט צוקאָפּנס. דאָס בילד האָט אָנגע־וואָרפן אויף אים אַ פחד ביי טאָג און נאָכמער ביי דער נאַכט, דערהויפּט פאַרן אַנטשלאָפן ווערן. זעלדע האָט געמוזט זיצן לעבן אים אויפן בעטל, אַנישט האָט ער מורא געהאַט צוצומאַכן אַן אויג.

## 26

## דער רב און דאָס פערד. — פסח דער שענקער

אַבקע ווייסט שוין איצט, אַז אויפן שול־הויף, וואָס איז געווען באַוואָקסן מיט פרישן גרינעם גראָז ווי די בעסטע לאָנקעס אין „פּוטילאָווקע" און וואָלט געקענט דינען פאַר אים און חברימלעך ווי אַ שפּילפּלאַץ, געפינט זיך אין אַ שטעלכל דאָס „טהרה־ברעט" און די „מיטה", צוויי זאַכן, פאַר וועלכע ער און אַלע קינדער ציטערן, ווייל זיי האָבן אַ שייכות צום טויט און טויטע. ער ווייסט שוין אויך, אַז

עס איז פֿאַראַן אַ מלאך־המוות, וואָס גייט אַרום מיט אַ שווערד. ער איז פֿול מיט אויגן. און ער טויט עס די מענטשן און פֿאַר אים דאַרף מען זיך היטן.

ער האָט זיך אויפֿן שול־הויף קיינמאָל נישט געשפּילט. נישט נאָר האָט ער מורא פֿאַרן טהרה־ברעט און מיטה, נאָר ער איז פֿול מיט פּחד פֿאַר דער שול גופֿא. זי איז אַ ריזיקע געביידע פֿון שטיין און ציגל, מיט ברייטע טרעפּ אַרויף־צוגיין און אַריינקומען אין פּאָליש. פֿון פּאָליש ווידער רחבותדיקע טרעפּ אַראָנ־טער־צוגיין, ווי אין אַ קעלער, אין שול. די שול איז געווען אַ מאוימדיקע זאַך. דאָרט דאַוונען אַלע נאַכט די מתים. דער אַלטער שמש, אַבקע האָט אים גוט גע־קענט, האָט געהאַלטן די שול פֿאַרשלאָסן. דאָס האָט נאַטירלעך נישט געשטערט די טויטע צו קומען און דאַוונען אין איר. אַלע אינדערפֿרי האָט זיך דער שמש נוהג־געווען אָנצוקלאַפּן דריי מאָל מיטן שווערן שליסל אין דער מאַסיווער טיר פֿון שול און בעטן די מתים, זיי זאָלן אָפּליידיקן דאָס פּלאַץ. ער האָט דערביי דריי מאָל איבערגעחזרט די ווערטער: גייט אין אייער רו אַריין. ערשט נאָך דעם אָוועקגיין פֿון די מתים האָט ער זיך געוואַגט צו עפֿענען די שול פֿאַרן ערשטן וותיקים־מנין.

אַבקע איז געגאַנגען אין שול מיטן טאַטן, ר׳ יהודה לייב, בלויז יום־כּיפּור. אַ גאַנץ יאָר איז ער נאָכגעגאַנגען דעם טאַטן אין בית־מדרש אַריין. אַז דער רב איז פֿאַרבייגעגאַנגען, האָבן זיך די מענטשן אויפֿגעשטעלט. אַבקע האָט געהאַט הנאה פֿון דעם, וואָס מע גיט אָפּ כּבֿוד זיין טאַטן.

אין שול איז ער געקומען דאַוונען יום־כּיפּור ביי דער נאַכט צו „כּל־נדרי״. פֿאַר „כּל־נדרי״ האָט זיין פֿאָטער, דער רב, געהאַלטן אַ קורצע דרשה פֿול מיט התעוררות. אַ יאָמער האָט באַגלייט זיין רוף צו תּשובֿה. איבערהויפּט פֿלעגן זיך לאָזן הערן די ווייבער מיט זייער געוויין און געקלאָג אויף זייערע באַגאַנגענע עבֿירות. אין שול האָבן געברענט זייער אַ סך הענגלייכטער און הענגלאָמפּן און אַן אַ שיעור ליכט. די שול איז געווען אָנגעפּראָפּט מיט מענטשן. עס איז געווען אַזוי הייס און שטיקנדיק, אַז אים האָט ממש פֿאַרפֿעלט לופֿט צו אָטעמען. די שטיינערנע ווענט האָבן געשוויצט. ער האָט געהאַלטן צוגעלייגט דאָ איין באַק דאָ אַ צווייטע צו דער פֿאַרשוויצטער וואַנט. אַזוי האָט ער זיך אַ ביסל אָפּגעקילט און געקענט אָפּכאַפּן דעם אָטעם. אַנישט וואָלט ער געפֿאַלן אין חלשות.

ער האָט געציטערט און געפּלאָנטערט פֿאַר דער שול אַפֿילו ביי טאָג, מחמת זי האָט געשמעקט מיט מתים. אָבער דאָס נאָר, ווען ער פֿלעגט זי פֿאַרבייגיין אַליין. אָבער גייענדיק מיטן פֿאָטער האָט ער זיך געפֿילט, ווי הינטער אַן אייזערנער וואַנט. ער האָט גוט געוווּסט, אַז זיין טאַטע, ווי דער רב פֿון שטעטל, האָט כּוח צו באַצווינגען סיי די לעבעדיקע און סיי די טויטע. זיי אַלע האָבן פֿאַר אים גרויסן אָפּשיי.

איינמאָל איז אַבקע געגאַנגען אינדערפֿרי צו פּסח דעם שענקער קויפֿן וויין אויף שבת.

ער גייט פֿאַרביי די שול. ער האָט מורא אויפֿצוהייבן די אויגן צום פֿענצטער, ער זאָל נישט דערזען קיין פּנימער פֿון מתים, וואָס דאַוונען דאָרט. די מעשיות וועגן די טויטע דאַוונערס שטעקן ביי אים אין זכּרון. אויפֿן שול־הויף איז געווען אַ ברונעם.

ער זעט מע פירט צו אַ פערד צום ברונעם אים אָנצופּאָיען.

ווער פירט אים? אַ ייִד מיט אַ לאַנגער, גרויער באָרד ביזן גאַרטל, אַ גוט צעקאַמטע אַזוי, אַז יעדע זילבערנע האָר זעט זיך אָן, מיט לאַנגע געקרייזלטע פּאות; זיין אויבערראָק צעשפּיליעט; די פּאָלעס צעשפּרייט אַזוי, אַז דער טלית־קטן זעט זיך אַרויס; די ציצית באַמבלען זיך, קלאַפּן זיך אָפּ אָן די שפּיצן פון זיינע שטיוול; דער שטערן אַ ברייטער, אַ טיפער און אַ ליכטיקער. אויפן קאָפּ טראָגט ער אַ סאַמעטענע יאַרמולקע מיט אַן אויסגעהאַפּטענעם, מיט זיידענע פעדים, מגן־דוד.

אַבקע שטעלט זיך אָפּ און חידושט זיך: אַ רב זאָל פירן אַ פערד צו פּאָיען? און פונוואַנען האָט זיך דאָ גענומען אַ צווייטער רב? זיין פּאָטער איז דאָך דער איינציקער רב אין שטעטל.

ער קוקט אָן דעם ייִדן מיטן פּאַטריאַרכישן אויסזען. ער איז פאַרוווּנדערט: דער ייִד שעפּט אָן אַן עמער וואַסער, פּייפט געמיטלעך צו און דאָס פערד לאָזט זיך נישט בעטן, טרינקט אויס איין עמער און בעט נאָך מיט אַ פירקעריי.

אַבקע איז אויסער זיך: לויטן אויסזען איז דער ייִד מער רב ווי זיין טאַטע. ער קען זיך אָבער נישט פאָרשטעלן, אַז זיין טאַטע זאָל פּאָיען אַ פערד.

אַז דער ייִד מיטן אָנגעטרונקענעם פערד איז אַוועק, איז אַבקע אויך אַוועק, ריכטיקער: זיך אַוועקגעטראָגן ווי אַ ווינט.

אַריינגעלאָפן צום שענקער, פּסח.

אַבקע האָט אים גוט געקענט און אים ליב געהאַט. ער איז געווען זייער אַ מילדער, אַ צוגעלאָזענער. ער האָט גערעדט צו אַבקען ווי ער וואָלט געווען מיט אים פון איין עלטער, זיינסגלייכן.

אָבער נישט מיט דעם אַליין האָט פּסח, דער שענקער, אויסגענומען ביי אים. ווי ער וואָלט געפאַנגען זיין נשמה. עס איז געווען שמחת־תורה. פּסח איז געווען ביי זיי אין הויז. ער מיט אַ כאָפּטע ייִדן. מע האָט זיך משמח געווען, געדרייט זיך אין קאַראַהאָדן, געזונגען „פונוואַנעט איז אַ ייִדי?" און פאַרענדיקט מיט „מע טרינקט לעקעך און מע עסט בראָנפן" און זיך צוריק אויסגעזעצט ביים לאַנגן טיש. פּסח, דער שענקער, איז געווען גוט אָנגעשניאָשקעט. ער איז געזעסן פּונקט אַנטקעגן דעם רב און האָט זיך צערעדט. די ווערטער האָבן לאַנג געקלונגען אין אַבקעס אויערן, ומיט אַזאַ אָנגענעמער האַרציקייט און ערנסטקייט זענען זיי געווען אַרויס־גערעדט, הגם זייער טיפערן אינהאַלט און ווייט־גרייכנדיקן מיין האָט ער קוים פאַרשטאַנען. זיי זענען אים שטאַרק געפעלן געוואָרן.

פּסח דער שענקער האָט גערעדט צו זיך:

— פּסחקע, וואָס מיינסטו זיך עפּעס?! דאָס געלט, וואָס דו האָסט, איז דיינס? עס הייבט זיך גאָרנישט אָן. דו לעבסט אין טעות. דאָס איז בלויז אָנגעקומען אויף דיין אַדרעס. דאָס געלט באַלאַנגט צו די אָרעמעלייט פון שטעטל. ביי דיר געפינט זיך עס, ווייל דער אויבערשטער האָט עס צוגעשיקט אויף דיין אַדרעס פאַר זייערטוועגן.

— געדענק, פּסחקע, איבערצוגעבן עס צו די, פאַר וועמען עס איז צוגעשיקט געוואָרן. דו ביסט בלויז אַ שליח. פאַרברויך עס נישט פאַר דיין אייגענעם באַדאַרף. עס איז פרעמד געלט. עס איז נישט דיינס, זיי זיך נישט טועה. פאַר יעדן פרעמדן

גראָשן וועסטו דאַרפן אָפּגעבן חשבון. פּסחקע, דו זעסט דען נישט, אַז דאָס געלט איז נישט דיינס? עס איז דאָך באַשיינפּערלעך קלאָר, אַז דו ביסט בלויז אַ נאָמן אויף־דערווייל. מע וועט דיך באַלד אָווועקרופן פֿונדאַנעט. מע וועט דיך נישט לאָזן עס מיטנעמען מיט זיך אין קבר אַריין, טאָרסט קיין פֿרעמדס נישט פֿאַרכאַפּן, נישט מיטנעמען.

אַזוי האָט פּסח שענקער געטענהט צו זיך און אויך אָנגעוויזן מיט די פֿינגער אויף די איבעריקע ייִדן. אייניקע פֿון זיי רייכע און אָנגעזעענע באַלעבאַטים, וואָס זענען געזעסן אַרום טיש.

אבקע, אַריינלויפֿנדיק אָן אָטעם, סאָפּעט זיך אָפּ און זאָגט, נאָך וואָס ער איז געקומען.

דערליידיקט די שליחות־אויפֿגאַבע, גיט ער אַ פֿרעג פּסחן:

— זאָגט מיר, ווער איז עס יענער אַלטער רב מיט אַזאַ שיינער באָרד, וואָס פּאָיעט גאָר אַ פֿערד אויפֿן שול־הויף?

פּסח שענקער לאַכט זיך גוטמוטיק פֿאַנאַנדער.

— יענער רב?! יאָ, ער איז אַ שם־דבר. ער איז אַ פֿערד־גנב. פֿאַר פֿערד־גניבֿות איז ער שוין געווען פֿאַרשיקט אויף קאַטאָרגע. ער איז נישט לאַנג צוריק־געקומען . . .

אבקע גלויבט נישט זיינע אויערן. ער ווייס אָבער, אַז פּסח שענקער איז אַן ערלעכער ייִד און ער וועט נישט אויסטראַכטן קיין בלבול אויף אַ ייִדן.

ער הייבט זיך אָן צו דערטראַכטן צום טרויעריקן געדאַנק: הפּנים, אַז אויפֿן אויסזען קען מען זיך נישט פֿאַרלאָזן... אַ פֿערד־גנב קען גאָר אויסזען ווי אַ רבֿ. אים פֿאַרדריסט עס. ער האָט געמיינט, אַז אַ פּנים איז אַן אָפֿענע זאַך, און אַלץ, וואָס דער מענטש טוט, זעט מען אויף זיין פּנים, ווי ער האָט געהערט זאָגן. „אַ פּנים איז אַ מסור". עס איז אָבער נישט אַזוי.

דעם גאַנצן אויפֿצוריקוועגס האָט ער וועגן דעם נאָכגעטראַכט. ער האָט פֿון דעם מאָדנעם אומשטאַנד געהאַט שבֿרת־לב.

## 27

## אַ שריפֿה

פֿון דער טרעוואָגע האָבן זיך אַלע אויפֿגעכאַפּט. אָבער אזוי ווי דאָס פֿייער האָט געפֿלאַקערט אויפֿן צווייטן עק שטאָט, האָט מען זיך באַרויִקט און צוריק איינגעשלאָפֿן. אַבקען האָט זיך געוואָלט אַהין צולויפֿן און צוקוקן זיך צו דער שריפֿה, אָבער מע האָט אים נישט געלאָזן. עס האָבן אָפּגעברענט אויף זויבנער־גאַס די שפּייכלערס פֿון די תּבֿואה־הענדלערס. ער איז אַוועקגעלאָפֿן אַהין גאַנץ פֿרי. פֿאַרזאַמט דאָס פֿייער, וועט ער כאָטש אָנזעטיקן די אויגן מיט די רויִנעס. אייניקע האַלאָוועשקעס האָבן נאָך אַ ביסל אונטערגערויכערט, פֿון אַנדערע האָט נאָך געשלאָגן אַ הארעלע פֿאָרע. קערנער גאַנצע בערגלעך זענען אומעטום געווען אָנגעשאָטן, אויך ציגל פֿון די צעבראָכענע פֿונדאַמענטן האָבן זיך געוואַלגערט. אַלץ איז אים געווען טשיקאַווע.

די קינדער האָבן צוגעטראַכט ווי צו כאַפּן פייגעלעך אין די אָנגעשטעלטע פּאַסטקעס פון ציגל.

ווי מאַכט מען אַזאַ פּאַסטקע? זייער פּשוט. מע בויט אויס אַ קליין שטיבעלע פון פיר ציגל אויסגעלייגט ווי אַ קוואַדראַט. איצט שטעלט מען אויף אַ ציגל ווי אַ דעכל. ער האַלט זיך באַלאַנסירט אויף צוויי שפּענדלעך. איינס אַוועקגעלייגט האָריזאָנטאַל און אויף אים שיט מען אָן די קערנדלעך. דאָס צווייטע, וואָס איז אָנגעשפּאַרט אָן ערשטן, האַלט אונטער דאָס משופּעדיק־אויפגעשטעלטע ציגלדעכל. ווי נאָר דאָס פייגעלע גיט אַ פּיק די קערנדלעך, אַזוי גליטשט זיך אויס דאָס ווערטיקאַלע שפּענדל, דאָס דעכלציגל פאַלט אַראָפּ, דעקט צו דאָס שטיבעלע און דאָס פייגעלע איז געכאַפּט אינעווייניק אין שטיבעלע.

אים האָט נישט לאַנג גענומען זיך אויסצולערנען די קונסט פון אויפשטעלן אַזעלכע פּאַסטקעס. ער האָט אָבער נישט געהאַט די געדולד זיך אַוועקצוזעצן פונדערווייטנס און טשאַטעווען, ווען אַ פייגעלע וועט אַ פּיק טאָן. אַמאָל פלעגט פּאַסירן, אַז דאָס פייגעלע האָט אַרויסגעוויזן אַזאַ זשוואַוועקייט, אַז עס פלעגט אַרויסשפּרינגען נאָך איידער דאָס דעכל איז געפאַלן, עס האָט אויך געקאָנט טרעפן, אַז דאָס פייגעלע זאָל זיך צעמזיקן אַ פּיסעלע צי אַ פליגעלע פון פאַל און קלאַפּ פון ציגלדעכל.

פייגעלעך האָבן פאַר אַבקען געהאַט אַן אומגעווינטלעכע צוציִקראַפט. זיי באַזיצן די פלאַי־פלאַימדיקע פעיִקייט, וואָס אים האָט זיך אַזוי געוואָלט באַזיצן. און דאָס איז, האָבן פליגלען, קענען פליִען און נישט דאַרפן תמיד רק אַרומגיין אָדער אַרומלויפן אויף דער ערד. אַ פייגעלע איז אַ מין קליינטשיק מלאכל. עס גיט זיך אַ הייב, אַ פּאַטש מיט די פליגלען און אָט זיצט עס שוין אויף אַ בוים, אויפן דאַך. עס איז פריי. איז אויב ער קען אַליין נישט זיין קיין פייגעלע איז כאָטש האָבן אין זיין באַזיץ אַ פייגעלע, אָדער עטלעכע פייגעלעך, וואָלט ער אפשר פון זיי דערגאַנגען דעם גרויסן סוד פון פליִען — אויף דער וואָר. אין זיינע חלומות איז ער אָפט אַרומגעפלויגן און זיך געפילט אַזוי לייכט און גוט. אָבער נישט אויף דער וואָך. ער האָט מקנא געווען די פייגעלעך, וואָס פליִען וווהין זיי ווילן און קיינער זאָגט זיי נישט קיין דעה. בעת ער קען עס נישט באַווייזן. ווו ער גיט זיך אַ קער, אַ ריר איז ער אַלע מאָל אונטער אַן השגחה. דאָס מעג ער, דאָס טאָר ער נישט. ביי זיך אין די אויגן איז ער אַ גאַנצער מאַכער, אָבער דאָס מינדסטע פייגעלע קען טאָן זאַכן, וואָס ער קען נישט. און דאָס באַוווסטזיין פון זיין אומבאַהאָלפנקייט און אונטערגעוואָרפנקייט דריקט אויף זיין געמיט.

## 28

# די מאַמע שערט אים

די גרעסטע אָפּקומעניש פון זיין קינדהייט האָט אַבקע דורכגעלעבט, ווען די מוטער האָט אים געשאָרן די האָר.

זי איז געווען זייער ווייט פון אַ מומחה אין דעם פאַך. דאָס אָפּשערן אים האָט איר גענומען זייער לאַנג, איבער אַ שעה. די גאַנצע צייט האָט ער, נעבעך,

געמזוט שטיין מיט אַן אַראָפּגעבויגענעם קאָפּ אויף איין אָרט און זיך נישט רירן פון אָרט, ווי ער וואָלט זיין אַ צוגעשמידטער. דאָס איז געווען אומאַריבערטרעגלעך. דער קאָפּ פלעגט אים ווערן אָנגעגאָסן ווי מיט בליי, ווערן שווער ווי אַ צעבער. די אויגן האָבן גענומען שמאַרצן און טרערן. זיין גאַנצער נפש איז ווי פאַרגליווערט געוואָרן. זיך קלאָגן, אַרויסווייזן אומצופרידנקייט — איז אים, פשוט, נישט אָנגעשטאַנען. די מאַמע טוט דאָך עפּעס, כלומרשט, פאַר אים, לטובתו, איז ווי אַזוי קען ער גאָר האָבן טענות צו איר. מיט די לעצטע כוחות האָט ער זיך איינגעהאַלטן נישט אויסצוברעכן אין אַ געוויין.

וואָלט ער כאָטש מסכים געווען מיט זיין מוטער, אַז דאָס שערן איז נייטיק, וואָלט ער די יסורים נישט געפילט אַזוי שאַרף. ער איז אָבער מיט איר לחלוטין נישט געווען איינשטימיק. די האָר וואַקסן, זאָלן זיי וואַקסן. וואָס איז ער אַ שעפּס, וואָס מע דאַרף זייער נויטיק שערן זיין וואָל? וואָס איז זיין קאָפּ אַ לאָנקע?

ווען ער איז געווען אין נישטאָנישעק, איז ער אַ פּאָר מאָל מיטגעגאַנגען מיט די קאָסאַרעס. ער האָט האַלט געהאַט זיך צו שפּיגלען אין די בלאַנקנדיקע קאָסעס.

זיין געהער האָט אָנגענעם געקיצלט דער ליאַזג פון דער קאָסע, ווען זי האָט זיך אָנגעשטויסן אויף עפּעס, וואָס איז געווען האַרטער פון גראָז. וויפל מאָל האָט ער זיך געווונטשן צו דערלעבן צו דער צייט, ווען ער'ט ווערן אַ דערוואַקסענער, ווען ער וועט קענען זיך צעפאָכען מיט אַ קאָסע. אין נישטאַנישעק איז ער אויך געגאַנגען מיט די שניטערנס שניידן קאָרן אָדער ווייץ. די שניטערנס זענען געשטאַנען געבויגן איינדרייען און געשניטן מיט די סערפּעס. זיי האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט צו די זאַנגען, זיי האָבן נישט געשלעפּט די זאַנגען צו זיך. אַ סערפּ לגבי אַ קאָסע איז ווי גאָרנישט. ער פילט נישט קיין יראת־הכבוד פאַר דעמדאָזיקן געווערקצייג, וואָס איז שיער נישט אַ שפּילצייג. אַנדערש איז אַ קאָסע. זי איז מלכותדיק, גרויסאַרטיק, שטאָלץ, אָנגעצויגן, דופּעט און האָט אויף וואָס צו דופּען. זי איז לאַנג און גרויס, כמעט די הויך פון אַ דערוואַקסענעם מענטש. און דער קאָסאַר שטייט אַן אויסגעצויגענער, אַ שטאָלצער, אין פולן באַוווסטזיין פון זיין קראַפט — איין מאַך, איין פאַרפאָר און אַזויפיל גראָז ליגן פאַרשניטענע צו זיינע פיס.

ווען די מאַמע האָט אים געשאָרן, זענען פאַר זיינע אויגן געשטאַנען די צוויי היישניטערס פאַוולענקאָ און איוואַנטשוק. ביידע באַפּלייצטע מיט זונשטראַלן, אַזש זיי פאַרזשמורען די אויגן. אָט גיבן זיי אַ פאָך מיט די קאָסעס און גיבן אַ לאַנגן שפּרייז. זיי רוקן זיך. איין שעה און די לאָנקע לעבן דעם זיידנס צווייטער קרעטשמע איז שוין אַן אָפּגעקאָשעטע.

מיט די אָנלאָקנדיקע בילדער האָט ער פּרובירט פאַרזיסן אויפוויפל מעגלעך, די ביטערקייט פון זיין קאָפּס צושטאַנד, וואָס איז מעין אַ לאָנקע. פאַרוואָס רוקט זיך זיין מאַמע אַזוי פּאַמעלעך? — האָט ער זיך געפרעגט מיט כעס. איין קעפּל אָפּשערן נעמט איר אַזוי לאַנג.

און וואָס טוט זי מיט די האָר, מיט זיינע האָר? אָט ליגן די הערעלעך אויפן דיל. ער פילט זייער צער און פאַרשעמונג. אָט זענען זיי געווען אויף זיין קאָפּ און אָט ליגן זיי שוין אונטער די פיס, דערנידעריקטע, באַליידיקטע, אויף אַרויסצוּוואַרפן. מיט זיי צוזאַמען איז ער דערנידעריקט. אַז די מאַמע אין מיטן שערן

גייט אַרויס אין קיך, בייגט ער זיך איין, נעמט אַ הויפן הערלעך אין דער האַנט. ער טאַפּט זיי, צופּט זיי — ער פילט גאָרנישט, זיי פילן גאָרנישט. ווען זיי זענען געווען אויף זיין קאָפּ און מען האָט אַ צופּ געטאָן, האָט ער געפילט אַ וויטיק. איצט גאָרנישט. זיי זענען דאָך געווען זיינע. און איצט זענען זיי ווי פרעמדע. קיינער דאַרף זיי נישט. מען קערט זי אויס מיטן מיסט אויפן שמיעטניק.

צום פּשוטן גראָז ווייזט מען אַרויס מער דרך־ארץ. מע טריקנט עס אויף דער זון, מע מאַכט פון דעם היי. די פערד עסן עס מיט אַזאַ אַפּעטיט. זיינע האָר גייען אין ניוועץ; קיינער דאַרף זיי נישט. איז אויף וואָס וואַקסן זיי? אים טוט באַנג ביז צום וויינען, וואָס אַ טייל פון אים, וואָס איז געווען צוזאַמענגעוואָקסן מיט זיין קעפּל, ווערט אָפּגעשניטן און אַרויסגעשמיסן אָן אַ פאַרוואָס און אָן אַ פאַרוועז. אויב אַזוי, אויב די האָר, וואָס וואַקסן אויף זיין קאָפּ, זענען הפקר, קען דאָך זיין קאָפּ אויך ווערן הפקר אויף אַרויסצוואַרפן. ער קריגט פּחד פאַר דער מאַמעס האַנט און שערל: וואָס וועט ער טאָן, אַז זי וועט פאַרכאַפּן אַ שטיק אויער? אַז זי וועט צעגראַבלען און צעדראַפּען אים דעם קאָפּ מיט דעם קאַם? זי קאַמט אים די האָר עפּעס מיט אַזאַ רציחה, אַז די ציינדלעך פון קאַם שניידן זיך אַריין אין סאַמע ביין פון קאָפּ און עס טוט אים ווי.

די מאַמע צופּט פון אים שטיקער. און מיט וואָס? מיט אַ שערל אַ פאַרזעעניש. עס האָט צוויי קלינגלעך, וואָס צעעפענען זיך ווי אַ מויל פון עפּעס אַ חיה, וואָס וויל אים פאַרצוקן.

און אַז ער קומט שוין אַרויס אַ לעבעדיקער פון אונטער אירע הענט, אַן אָפּגעסטריזשעטער, לאַכן פון אים די יינגלעך, מיט וועמען ער שפּילט זיך:

— ער טראָגט אַ לייטער אויפן קאָפּ! זעט נאָר די טרעפּ, וואָס ער האָט!

פאַרוואָס שערט די מאַמע נישט די מיידלעך. אין אָט־דער שעה פון מאַטערניש און שרעק איז ער מקנא די מיידלעך, די שוועסטער. ער וויל ממש ווערן אַ מיידל און פּטור ווערן פון דער שערניש־צרה און שערניש־שרעק. נאָך אַן אָפּשערעניש האָט ער מיט אַ באַזונדער הנאה אָנגעטאָן זיין שוועסטערס, רחקעס, קליידל, און אַזוי, פאַרשטעלט פאַר אַ מיידל, האָט ער אימפּערסאָנירט אין שפּיל פאַרשיידענע ווייבלעך אַריינגייערנס, זיין מאַמעס פריינדנס.

## 29

## די ברכה פון חפץ חיים

אַבקע איז שוין אַלט זעקס יאָר. וואָלט זיין פאָטער נישט געווען משכיליש־געשטימט און קעגן צו־פריצייטיקן איינשפּאַנען אין תורה־לערנען־יאָך און וואָלט אַבקע נישט געווען אַ שוואַך קראַנק קינד, וואָס זינט זיין מאָזלען־פאַרקילונג קען ער צו זיך נישט קומען, האָט ער שוין געדאַרפט זיין, לויט די השגות פון יענעם דור, אַ גמרא יינגל. אָבער ער איז נאָך אַפילו אין חדר נישט געגאַנגען. אינגאַנצן קיין גראָבער יונג איז ער אָבער נישט געווען, מחמת זעלדע, דאָס דינסטמידל, האָט נישט געקענט צוזען די עם־הארצות פון איר ליבלינג און זי איז אַוועק און האָט געקראָגן אַן אלף־בית, אָפּגעדרוקט אויף אַ לאַנגן גרויסן בויגן מיט קלאָפּ־

טערדיקע אותיות. זי האָט מיט אים געקנעלט גאַנץ געשמאַק און מיט גרויס פעולה. די תורה פון די קמץ־אלפן און קמץ־ביתן האָט ער גרינג פאַרנומען. ער האָט געקענט איבערלייענען אַלע מינים טראַפּן. זיין קענטעניש איז אָבער נישט געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז ער זאָל קענען זיי צוזאַמענגיסן אין גאַנצע ווערטער.

ויהי היום... געווען איז עס אַ ווינטער־טאָג, אַ דינסטיק און אַ טאָג פון גרעט־וואַשעניש, און גרעט־וואַשעכץ אין יענע יאָרן האָט געהאַט אין זיך עפּעס כמעט ווי אַן אחד משׂשים פון ערב פסח, דאָס הייסט, אַז מאַנצבילן, קינדער, זכרים, האָבן נישט געטאָרט אַריינשמעקן אין קיך. די נשים אין הויז, אַבקעס דריי שוועסטער אַריינגערעכנט, זענען אַרומגעגאַנגען מיט פאַרריסענע קעפּ, מעשׂה גדלות. עס איז זייער צייט און זייער ממשלה.

אים האָט מען עטלעכע מאָל אַרויסגעטריבן פון קיך, אָבער ער פלעגט זיך אַריינגנבענען שטילינקערהייט אויף צוריק. ער האָט נישט געקענט איינזיצן אין עסצימער, בעת אין קיך האָבן זיך געקאָכט, געזאָטן און היפּש געטשאַדזשעט, גרויסע טשוגונעס פול מיט אַזעלכע מאָדנע פאַרמישעכצן, וואָס האָבן געהייסן לויג, בלויעניש וכדומה משונהדיקע נעמען. די באַלייע איז געשטאַנען אין מיטן קיך און זי איז געווען פול מיט מולינעס, פון וועלכע מע האָט געקענט מאַכן מילי־מיליאַסן זייפנבלעזלעך, ווען מע פאַרמאָגט נאָר דאָס פאַסיקע שטרויעלע און מע גיט דעם ריכטיקן צוגעמאָסטענעם בלאָז.

קופּעס גרעט זענען געלעגן אָנגעוואָרפן אויפן דיל. איין בערגל שוין איבערגעציילט, אַ צווייטס נאָך נישט געציילט. אויף דער באַנק האָבן זיך אויסגעטיילט שוין אויסגעשווענקטע, אויסגעדרייטע און איינגעדרייטע שטיקלעך וועש. עס איז נישט געווען ווו אַ קער צו טאָן זיך. און דאָס ביסל חלל, וואָס איז נאָך איבערגעבליבן אין קיך, איז געווען פאַרנומען מיט מאַריוסען, דער געזונטער פוללייביקער, הויכבוזימדיקער גויע מיטן רויטן פּרצוף און האַלב־נאַקעטע ליטקעס און איינגאַנצן נאַקעטע אָרעמס און עלנבויגנס. זי איז געשטאַנען איבערגעבויגן איבער דער באַלייע און האָט זיך נוקם געווען אין די שטיקלעך גרעט, וואָס זי האָט אַריינגענומען אין אירע רויטע, ווי אָפּגעבריטע, הענט.

די טיר אין קיך האָט זיך פּלוצלונג אַן עפן געטאָן און אַ קליינגעוויקסיקער ייִד איז אַריין, און מיט אים אַ גאַנצער זייל פּאַרע, דורך אָט־דעם נישט פאַראַדנעם „כאָד“.

ער פרעגט די רביצין, צי ער קען זען דעם רב.

די רביצין, נישט אויפהייבנדיק די אויגן און נישט אַ קוק־טוענדיק אויף אים, ענטפערט האַלב־מעכאַניש:

— דער רב עסט איצט וואַרעמס.

די רביצין און אַלע אין קיך גיבן נישט־ווילנדיק אַ קוק אויף דעם אַריינעקומענעם פרעמדן. ער זעט עפּעס אויס אַנדערש פון אַלע די, וואָס קומען נאָך נדבות אונטער דער פאַרשטעלעניש פון „מחברים“.

אַ פּנים איז, אין ס׳רוב פאַלן, אַ מסור. עס זאָגט אויס פון חדר און וואָס עס טוט זיך אין חדרי־חדרים. אַלע מעשׂים און אַפילו מחשבות פון מענטשן ווערן פאַרשריבן אין בוך פון פּנים, און מע דאַרף נישט זיין קיין גרויסער ידען אין

חכמת־הפרצוף, צו קענען לייענען דעם ספר פון צורה, וואָס לייענט זיך ווי פון זיך אַליין.

איבערן ייִדנס פנים איז געווען אויסגעשפרייט אַ דורכזיכטיקע שלווה פון אַ צדיק. זיין געזיכט איז געווען רונדיק ווי אַ לבנה אין מיטן חודש און אויך אַזוי בנעימותדיק שעמעוודיק, ווי די שכינה וואָלט אויף אים גערוט.

די רביצין איז גלייך אַוועק צום רב אים איבערגעגעבן וועגן דעם אויסטער־לישן באַזוכער, וואָס זיצט אין קיך.

דער רב האָט זיך אויפגעהויבן פון מיטן עסן און האָט זיך געלאָזט מיט געאײַלטע טריט אין קיך אַריין.

אַ קיך איז געווען אַ פאַרבאָטן לאַנד פאַר אים. אין צווייען פאַרבאָטן איז עס געווען אין אַזעלכע אויסנאַם־טעג.

דער אַרייַנגעקומענער ייִד איז זיך רויִק געזעסן אויף דער באַסער באַנק לעבן דעם גרעט, נישט ווייט פון דער באַלייע מיט דער וועשערן, וואָס דער־זעענדיק אים האָט אויפגעהערט צו וואַשן אוןִ האָט זיך פאַרגאַפט. ער איז געווען גרייט צו וואַרטן ביז דער רב וועט אָפּעסן און אָפּבענטשן און דעמאָלט וועט מען אים צולאָזן זען דעם מרא דאתרא.

דער רב האָט מיט באַוואונדערונג כמעט ווי אויסגעשריִען:

— דער חפץ־חיים!

ער האָט אים מיט גרויס כבוד אַרויסגעפירט פון קיך.

דער „חפץ־חיים" האָט געהייסן ר' ישראל מאיר בן אריה זאב הכהן. „חפץ־חיים" האָט מען אים גערופן אויפן סמך פון אַמוסר־ספרל, וואָס ער האָט אַרויס־געגעבן און פאַרשפּרייט. עס איז אַ ספרל, וואָס פאַרנעמט זיך מיט שמירת־הלשון, הייסט זיך אויסהיטן פון לשון־הרע־רײדן, ווי א סגולה צו אַריכות ימים. עס שטיצט זיך אויפן פסוק אין תהילים (ל"ד, י"ג, י"ד): „ווער איז דער מענטש, וואָס וויל לעבן, האָט ליב די טעג צו זען גוטס — היט דיין צונג פון שלעכטס און דיינע ליפּן פון צו רײדן אָפּנאַרעריי".

אין הויז איז פּלוצלונג געוואָרן יום־טובדיק. אַפילו דאָס גרעט מיט דער גויע מיט די זייפנבלעזלעך האָבן אָפּגעטראָטן הינטערוויילעכטס, געוואָרן געווייִנט־לעך אומבאַדייטנדיק לגבי דעם, וואָס האָט זיך אומדערוואַרט באַוויזן.

אַ קלייניקייט! דער „חפץ־חיים" איז דאָ ביי זיי אין הויז! דער רב האָט זיך מיט אים אַזוי דערפרייט, אַזוי ווי ער וואָלט אים געבראַכט אַ בשורה־טובה אָדער עפּעס אַ גרויס געשאַנק. די רביצין האַלט אין איין איבעררײדן דאָס, וואָס ער, דער „חפץ־חיים", האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דער באַסער באַנק לעבן דעם גרעט. דאָס הייסט אַן עניו! זי נעמט זיך איבער מיט איר טביעת־עין פון אַן אשת חבר. זי האָט באַלד דערקענט, אַז ער איז נישט קיין „יהדורה".

עס קומט דער אָוונט. אַבקעס עלטערער ברודער, וועלפקע, פאַלט אַריין אין הויז. ער איז צוריקגעקומען פון חדר. די מאַמע דערציילט אים, וועמען מע האָט אין הויז פאַר אַ גאַסט: דער „חפץ־חיים" איז זייער אורח.

דער רב שיקט דעם שמש, ער זאָל אַרייַנרופן וועלפקען. די רביצין פּוצט אים אַ האָרינקע צו. ער גייט אַוועק מיטן שמש עפּעס אַזוי סודותדיק און גאווהדיק.

— וואָס קומט דאָ פאָר? — פרעגט אַבקע זיך אַליין. ער איז שטאַרק פאַר־אינטריגירט.

ר׳ יהודה לייב האָט געהאַלטן פון בכורהשאַפט. ער האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז וווּהין דער עלטערער זון וועט גיין, אַהין וועלן די ייִנגערע זין נאָכגיין. זיין גאַנצע אויפמערקזאַמקייט האָט ער דעריבער געשאָנקען וועלפקען, דעם עלטסטן פון די דריי ברידער.

אַגב האָבן די מיידלעך געהערט צו דער רביצין. די ייִנגלעך זענען ערשט געוואָרן ייִנגלעך אין די אויגן פון זייער טאַטן, דעם רב, ווען זיי האָבן גענומען לערנען גמרא. פאַר דעם האָבן זיי קיין סטאַטוס פון קיין ייִנגלעך נישט געהאַט. זיי האָבן זיך געפונען אין רשות פון זייער מאַמען. זי פלעגט זיי פאַרהערן, הייסן זאָגן „עברי״, סידור, אָפּלייענען אַ פרשה חומש אד״גל. מיטן אָנפאַנג פון גמרא־לערנען פלעגן זיי אַריבערגיין אין רשות און יוריסדיקציע פון זייער טאַטן.

און אַבקע? ער איז דערווייל אינגאַנצן אַ ברכה לבטלה. ער גייט נאָך אַפילו נישט אין חדר. ער איז פאַררעכנט פאַר אַ מיידל, אויב נישט נאָך ערגער, נידע־ריקער. דער טאַטע, דער רב, קוקט זיך אויף אים נישט אום.

— ווּ איז וועלפקע? וואָס טוט ער דאָרט? פאַרוואָס קומט ער נישט צוריק?

— האַלט אַבקע אין איין פרעגן זיך.

זעלדע נעמט אים פלוצלונג אָן פאַר דער האַנט. פירט אים אַוועק אין קיך. וואַשט אים אָפּ דאָס פנים. פאַרריכט זיין הלבשה, דאָס מיינט, פשוט גערעדט, רוקט אַריין דאָס ווייַדעלע פון העמד, ווי אויף־צו־להכעיס, אַרויסגע־שטעקט דורך דעם שפּאַלט פון זיינע פּליודערן.

אַז ער קוקט זי אָן פאַרוווּנדערט און פרעגט מיט די אויגן: מה נשתנה? וואָס וואַשט זי אים און פוצט אים?

ענטפערט זי אים:

— וועלפקען האָט דער „חפץ־חיים״ געבענטשט. גיי, בעט אַ ברכה. בעט, ער זאָל דיך בענטשן. גיי אויף גיך. פאַרוואָס זאָל ער קריגן אַ ברכה און דו נישט?! וואָס ביסטו אַן אַרויסגעוואָרפענער?!

זעלדע רעדט מיט כעס.

— אַ ברכה? — פרעגט ער איבער. ער האָט נישט געוווּסט, וואָס עס באַ־טייט. אָבער זויבאַלד דער ברודער האָט עס געקראָגן, דאַרף ער עס אויך קריגן. מע דאַרף אים נישט אויסלאָזן.

— ווי אַזוי בעט מען עס? — פרעגט ער זעלדען, וואָס איז אין זיינע אויגן די אַלוויסנהייט אין אַ קליידל.

— זאָג: רבי, בענטשט מיך! — לערנט אים זעלדע און חזרט מיט אים איין די פאָרמול.

זעלדען האָט שטאַרק פאַרדראָסן, הלמאי מע באַעוולהט איר ליבלינג. דעם פאַרדראָס האָט מען געקענט זען אין אירע אָנגעכמורעטע ברעמען און הערן אין איר שטים, וואָס איז געווען אָנגעלאָדן מיט האַרבקייט.

זעלדע האָט אים באַגלייט ביז צו דער טיר פון בית־דין־שטיבל. דאָס האַרץ האָט אים געקלאַפּט ווי ביי אַ גזלן. טאָמער טוט ער עפּעס, וואָס פּאַסט גאָרנישט פאַר אים צו טאָן. ער געדענקט גאַנץ גוט דעם אָנזאָג פון זיין מוטער: „אַז מע בעט, גיט מען ניט״. אָבער וויבאַלד זעלדע הייסט, מסתמא דאַרף מען אַזוי. ביי

אים איז זעלדע די העכסטע אויטאָריטעט. זי איז געווען זיין באַשיצערן און מדריכטע. איז ווי אַזוי זאָל ער זי נישט פאָלגן!

ער טוט זיך אָן אַ כוח. ער עפנט פּאַוואָלינקע אויף די טיר, טרעט שעמעוודיק אַריבער די שוועל. זעלדע איז געבליבן אויף יענער זייט און קוקט אַריין דורך דעם שליסל־לעכל. זיין טאַטע און דער „חפץ־חיים״ האָבן אים אַפילו נישט באַ־מערקט. זיי זענען געווען פאַרטיפט אין אַן ענין. פּאָליאַנטן זענען געלעגן אָנגע־וואָרפענע איינע אויף די אַנדערע, אַלע צעעפנט. צו די גרויסע ספרים האָבן זיך בצטוליעט קלענערע ספרים, אויך אָנגעלייגטע איינע אויף די אַנדערע. דער רב און דער „חפץ־חיים״ אַמפּערן זיך אין לערנען.

אַבקע נעמט זיך אָן מיט דרייסט, שאַרט זיך צו אַ פּאָר טריט נענטער, שטעלט זיך אַוועק ביים סאַמע טיש לעבן „חפץ־חיים״.

ערשט איצט האָט אים דער „חפץ־חיים״ באַמערקט.

— וואָס ווילסטו, זונינקע? — פרעגט ער אים מיט אַ ווייכער לירישער שטים.

— רבי, בענטשט מיך, — האָט ער קוים אַרויסגערעדט די ווערטער פון דער איינגעחזרטער פאָרמול.

ערשט איצט האָט זיין טאַטע זיך אויף אים אומגעקוקט. ער איז זיכער ניט אָנגעשטויסן. מעגלעך אַז אים טוט הנאה, וואָס דער קליינער אַבקע ווייזט אַרויס איניציאַטיוו.

— דו ווילסט אַ ברכה. איז זאָג מיר, זונעלע: וואָס האָסטו האָלטער, — געלט צי תורה? — פרעגט אים האַרציק דער „חפץ־חיים״.

ער האָט זיך פאַרטראַכט. ער זאָל דאָ קיין טעות נישט מאַכן. ער האָט פאַר־שטאַנען, אַז פון זיין ענטפער הענגט אָפּ דאָס קריגן די ברכה. „געלט״ — וואָס איז געלט? — פרעגט ער זיך. ביי אים האָט „געלט״ באַטייט די קאָפּיקע, וואָס די מאַמע גיט אים צו קויפן אַ מאַנדעלע, אַ צוקערקע. מילא, ער קען זיך באַגיין אָן דעם, עס איז דאָך בלויז פאַר אַ ווילע, אַזוי לאַנג ווי דער „חפץ־חיים״ וועט זיין ביי זיין אין הויז. זועגן דער אלמאכט פון פינאַנץ־קאַפּיטאַל האָט ער נאָך קיין השגה נישט געהאַט.

תורה — וואָס איז עס? — פרעגט ער זיך. ער האָט געהערט אין שטוב אַז דער טאַטע „שרייבט תורה״, דערפאַר דאַרף מען נישט צופיל טומלען, מחמת די געוואַלדן און קוויטשערייען טראָגן זיך אַוועק און זיי דערגרייכן אין טאַטנס חדר מיוחד, ווו ער זיצט און שרייבט תורה. באַגרייפט ער, וויבאַלד זיין טאַטע טוט עס, מוז עס זיין אַ וויכטיקע זאַך.

און ער ענטפערט אַנטשלאָסן:

— תורה.

דער „חפץ־חיים״ האָט זיינעביידע הענט אים אַרויפגעלייגט אויפן קאָפּ און אים געבענטשט. אַ ציטער האָט אים דורכגענומען, ווען ער האָט דערפילט דעם צדיקס צוריר. ווי אַן עלעקטרישער שטראָם וואָלט אַדורך דורך אים. די ווערטער פון דער ברכה האָט ער נישט געקענט הערן. דער „חפץ־חיים״ האָט זיי אַרויסגע־פליסטערט אונטערן געהער, בלחש גמור.

## 30

# די אלמנה — אבקע דער שליח

דער רב האָט ווידער געביטן די דירה שוין צום דריטן מאָל. אַז דער רב איז געגאַנגען באַקוקן אַ דירה, האָט ער זי אויספּרובירט מיט זיין שטים. אויב די אַקוסטיק איז געווען גוט, זיין שטים האָט אין איר גוט אָפּגעקלונגען, זי האָט געגעבן אַ גוטן רעזאָנאַנס, האָט ער געגעבן זיין הסכם און מען האָט זיך אַהין אַריבערגעצויגן.

אין שכינות מיטן רב האָט געוווינט אַן אָרעמע אלמנה. זי האָט געהאַט צוויי יינגלעך. דער יינגסטער איז געווען בלויז מיט איין יאָר עלטער פון אַבקען. זיי זענען אַרומגעגאַנגען אָפּגעריסענע און כסדר הונגעריקע. אַבקע איז אַרומגעלאָפן מיטן יינגערן, זיי האָבן געשפּילט צוזאַמען און אַבקע האָט זיך געטיילט מיט אים מיטן לעצטן ביסן, ווען ער האָט נאָר געהאַט עפּעס עסנוואַרג מיט זיך. אַז אַבקע האָט זיך פאַרשפּילט, האָט ער פאַרגעסן אין עסן און טרינקען, אַזוי אַז דאָס אַוועקגעבן די שפּייז, וואָס זעלדע האָט אים מיטגעגעבן אויף זיינע שפּיל־עקסקורסיעס, האָט ער געטאָן מיט אַ לייכטן האַרצן. ער האָט עס נישט באַדאַרפט און דער „צידה לדרך" איז געווען ביי אים אַן איבעריקער באַלאַסט און ער איז געווען גערן פּטור צו ווערן פון אים.

ער האָט געוויינטלעך אַרומגעפּאַדעט אַ גאַנצן לאַנגן זומערדיקן טאָג. צו פאַרנאַכט־צו איז ער געקומען אַהיים אַן אויסגעשעפּטער, איז אַנידערגעפאַלן אויף דער שוועל און איינגעשלאָפן. זיין שלאָף האָט דעמאָלט געהאַט פאַר אים טעם גן־עדן, זיסער ווי דאָס בעסטע איינגעמאַכטס.

זיין מאַמע, די רביצין, חיה אסתר שרה, האָט אַרויסגעהאָלפן דער אלמנה מיט וואָס זי האָט נאָר געקענט: מיט אָנטועכץ פאַר די קינדער, מיט שפּייז, אָבער דערהויפּט מיט קרעדיט: זי האָט גאַראַנטירט פאַר איר און געבעטן טרויען דער אלמנה אַ גאַנצן פּעסל הערינג. די אלמנה פלעגט זיך שטעלן אין מאַרק אין די יריד־טעג, אויספאַרקויפן דאָס פּעסל הערינג און ברענגען דער רביצין דעם פּדיון. דאָס הייסט, די סומע פון לייזונג, וואָס זי האָט געקומט לויטן מושווה־געוואָרענעם מקח דעם הורטאָווניק, וואָס האָט גאַנץ גוט געוווּסט, אַז דער רביצין גייט דאָ אין טאָן אַ מצווה און אַרויסהעלפן דער אלמנה מפרנס זיין אירע יתומים, לכן דאַרף ער אויך האָבן איינזעעניש און עפּעס אַרונטערלאָזן פון געשטעלטן פּרייז.

אין די פאַלן איז אַבקע געווען דער שליח צו דער מצווה־זאַך. מיט שמחה, מיט דעם פולן באַוווּסטזיין, אַז ער טוט אַ גוטע זאַך, איז ער געגאַנגען זאָגן מאַרקוסן, אַז די מאַמע איז די ערבטע פאַרן פּעסל הערינג, וואָס די אלמנה רבקה וועט ביי אים נעמען אויף באָרג.

מאַרקוס איז געווען אַ שיינער ייד, געשמט פאַר אַ למדן, געווען אויך אַ יחסן ער האָט געהאַט אַ קראָם פון כל־טוב: אַלערליי געטריקנטע פרוכטן, געווענדזלטע פיש און אויך פּעסלעך הערינג.

מיט גרויס פאַרגעניגן און מיט אַ געפיל פון באַפרידיקונג, וואָס אַ גוטע זאַך

איז דורכגעפירט געוואָרן מיט איר הילף, האָבנדיק אַ וויכטיקן חלק אין איר, האָט אַבקע געטראָגן דאָס ברודיקע זעקל, פול מיט פאַרשמאָלצענע פּיאַטאַקעס און פּייעמס, פון וועלכע עס האָט זיך געטראָגן דער גערוך פון הערינג, צו מאַרקוסן גלייך אויף מאַרג; פרי נאָכן יריד.

פאַר זיין שליחות האָט אים מאַרקוס געוואָלט געבן אַ הויפן שעפּטאַלן. אָבער ער האָט באַדאַנקט און זיך אָפּגעזאָגט פון דעם אָנבאָט. ער האָט נישט געוואָלט קריגן קיין טובת־הנאה פאַר זיין שליחות, וואָס איז אַ מצווה. און אַ מצווה, האָט ער געוווּסט, ווייל די מאַמע און זעלדע האָבן עס אים געזאָגט, דאַרף מען טאָן אומזיסט. באַצאָלט קריגט מען פאַר דעם אויף יענער וועלט, נישט אויף דער וועלט. ער האָט אַרויסגענומען די קאָפּיקע, וואָס די מאַמע האָט אים געגעבן, און פאַר איר געקויפט כאַלוואַ. און אויב מאַרקוס האָט אים געגעבן אַ גרעסערע שטיק ווי אים האָט געקומען פאַר זיין „געלט”, אויף דעם האָט ער נישט מקפּיד־געווען. אַבי ער צאָלט און עסט נישט בחינם.

31

## דער חדר

טאַטע און מאַמע האָבן באַשלאָסן אָפּצוגעבן אַבקען אין חדר צו אַ מלמד־דרדקי. דער אויסוואַל איז געפאַלן אויף חיים קוקוריקו. אַזוי האָט מען גערופן דעם מלמד פאַר אָנפאַנגער. זיין צונעמעניש האָט ער געקראָגן צוליב זיין הייזעריקער שטים. ווייל ער האָט כסדר געכריפּעט און „געזעגט” מיטן האַלדז, האָבן אים די קינדער־תלמידים באַשאָנקען מיט דערדאָזיקער גאָר נישט פייגלדיקער איבעררופעניש. אין שטעטל האָט מען אים אַזוי גערופן און קיינער האָט זיין פאַמיליע־נאָמען נישט געוווּסט, און ווען אַפילו יאָ געוווּסט, נישט געברויכט.

אָט־דער קוקוריקו איז געווען אַן אויסגעדינטער סאָלדאַט, אַ שטרענגער דיסציפּלינאַר. זיין דיסציפּלין האָט ער געבראַכט פון דער קאַזאַרמע און זיין מיליטער־דינסט. ער פלעגט שלאָגן די תלמידים מכות־רצח. אין שטעטל האָט מען גערעדט, אַז ער האָט איין ייִנגל אינגאַנצן דערהרגעט. ער האָט אים צעקיילט און צעביילט. דאָס קינד איז קראַנק געוואָרן, אָפּגעקרענקט אַ פּאָר וואָכן און אַוועק פון דער וועלט. אָבער אָט די ריידערײַ, און דאָס איז נישט געווען קיין פּוסטע באַריידערײַ, נאָר אַן איבערגעב פון אַ מעשה שהיה, האָט נישט געשעדיקט זיין רעפּוטאַציע פון אַ „פּעדאַגאָג”. עס האָט געהאַט אַ פאַרקערטע ווירקונג. ער האָט געקראָגן אַ נאָמען פאַר אַ גרויסן „בעל־פּעולה”. ער איז געווען זייער גוט פאַר אויסלערנען „עברי” און נישט שלעכט פאַר חומש און נביאים ראשונים. אַי וואָס ער „ממיתט” די קינדער — קען מען דען די מזיקים, די קונדסים אַנדערש לערנען?! די תורה אויפן באַרג סיני האָט מען דאָך אויך געגעבן איבערגעוואַלד, „אַריבערגעבויגן דעם באַרג ווי אַ פעסל”, אָדער איר נעמט אָן די תורה, אָדער איר ווערט באַגראָבן דאָ אויף אַן אָרט”.

די רביצין האָט אָבער מורא געהאַט. אַבקע איז אַ שוואַך קינד און אויב ער

כאַפּט אַריין אײן „סאָלדאַטסקן“ קלאַפּ פון „חיים קוקוריקו“ איז ער אַ פּאַרטיקער. האָט דער רב גערופן צו זיך דעם מלמד און אין אַבקעס דערבייזיין אים אָנגעזאָגט מיט די ווערטער פון מלאך צו אַברהמען: זאָלסט נישט אויסשטרעקן דיין האַנט אויפן ייִנגל און זאָלסט אים גאָרנישט טאָן 1); און טאָמער פאָלגט נישט דער מלמד, האָט ער, דער טאַטע, באַפוילן אַבקען, ער זאָל גלייך קומען און דערציילן און ער וועט אים צונעמען פון חדר. הכלל, דער רבי זאָל אײפן קינד קיין האַנט ניט לייגן.

חיים קוקוריקו באַגרייפט גאַנץ גוט, אַז זיין מעמד ווי אַ מלמד קריגט צו חשיבות און פרעסטיזש פון דעם, וואָס דער רב האָט אים אָפּגעגעבן זיין זון; דאָס איז דאָך אַ הסכמה און גוטהייסונג פון די מעטאָדן צו לערנען, וואָס ער ווענדט אָן אין זיין חדר. ער פאַרשטייט אויך גאַנץ גוט, וואָס פאַר אַ נידערלאַגע זיין קנעלעכץ וואָלט ליידן, ווען דער רב וואָלט אין מיטן זמן צונעמען זיין ייִנגל. לכן נעמט ער אָן די באַדינגונג פון נישט־שלאָגן מיט אַ פאַרשטשעמעט האַרץ. הגם ער קען זיך גאָר נישט פאָרשטעלן ווי אַזוי מען קען לערנען אַ ייִנגל אָן קלעפּ אָדער, אַמווייניקסטן, דעם פּחד פאַר אַריינכאַפּן קלעפּ. ווי איז עס גאָר מעגלעך, אַז אַ קינד זאָל ווילן זיך לערנען, ווען דער קאַנטשיק הענגט נישט איבער אים. אָבער פאַרפאַלן. ער גייט איין אויף דעם רבס באַדינגונגען, כאָטש ער האַלט זיי פאַר אַבסאָלוט אומזיניק. ער קען זיך נישט אָפּזאָגן פון אַזאַ זיסן ביסן ווי אַריינקריגן דעם רבס זון פאַר אַ תלמיד. אַז די ידיעה וועט זיך פאַרשפרייטן אין שטעטל, וועט זיין חדר דעם זמן זיין אָן איבערגעפּאַקטער.

ער שטייט אין ווינקל פון צימער, קוקט אָן זיין רבין און ציטערט מיט אַלע גלידער, כאָטש ער ווייסט, אַז וועגן קריגן געשלאָגן פון אים קען קיין רייד נישט זיין. דער רבי זיינער וועט פאָלגן דעם רב. אַלע מוזן פאָלגן זיין טאַטן, דעם רב פון דער גאַנצער שטאָט, פאַר וועמען אַלע אין בית־מדרש, ווען ער גייט פאַרביי, שטעלן זיך אויף. דאָך ציטערט ער, ווייל פאַר אַ רבין דאַרף מען ציטערן און פלאַטערן און אויך פאַרהערלעכן, אַזוי האָט אים די מאַמע געזאָגט, אַזוי האָט אים זעלדע געזאָגט, אַזוי האָט אים אויך זיין טאַטע, דער רב, געזאָגט: דעם רבין דאַרף ער טייער האַלטן ווי דעם אייגענעם פאָטער, ווייל ער לערנט מיט אים תורה, גאָטס תורה.

מען האָט אויסגעריכט אַבקען אין חדר אַריין. אים האָט אָפּגעפירט זעלדע. זי האָט אים געפירט ביי דער האַנט און צוגעפירט צו דער שוועל. אַריבערטרעטן די שוועל האָט זי אים געלאָזן אַליין, זאָל ער נעמען ווערן אַ חדר־ייִנגל און אומאָפּהענגיק פון איר.

ער איז אַריין און געבליבן שטיין ביי דער טיר. ער האָט דערזען פאַר זיך אַ צאָרנדיקן רבין, וואָס האָט געהאַלטן אין שרייען, אַ כאַפּטע קינדער פון זיין עלטער און אויך עלטערע פון אים, אַ געמיש פון ייִנגלעך מיט מיידלעך. דער רעש און טומל האָט אים פאַרטויבט.

דער רבי האָט אים אויפגענומען נישט איבעריקס פריינטלעך. ער איז געווען אַנטוישט, וואָס דעם תלמיד האָט אים געבראַכט די דינסט און נישט די מוטער פון קינד, די רביצין.

---

1) בראשית כ״ב, י״ב.

דער רבי האָט אָנגעוויזן אַבקען אַ פלאַץ צווישן די אָנפאַנגערס אויף אַ לאַנ־גער באַנק לעבן די פענצטערס. ער האָט נישט געוואָלט זיך אַריינזעצן צווישן ווילד־פרעמדע קינדער. דערצו נאָך דער געפילדער, וואָס האָט דאָ געהערשט און אים שיער די אויערן נישט צעריסן. ער איז געווען צעשראָקן, אַ קליינטשיקער דניאל, וואָס מע האָט אַריינגעוואָרפן אין אַ לייבנגרוב.

אָן זעלדען וועט ער דאָ נישט בלייבן. איז זעלדע מיט אים געבליבן. אָבער פאַר זיי ביידן איז נישט געווען גענוג פלאַץ אויף דער באַנק. האָט פאַר זיי די רביצין צוגעשטעלט צוויי בענקלעך.

זעלדע איז געגאַנגען מיט אים אין חדר אַ גאַנצע וואָך. אין משך פון אָט־דער ערשטער וואָך האָט אים דער רבי גאָרנישט געלערנט. ער איז געזעסן און זיך צוגעקוקט און צוגעהערט וואָס אַרום אים קומט פאָר. צוביסלעכווייז האָט ער זיך צוגעוווינט צו דער נייער סביבה, האָט זיך גענומען חברן מיט די איבעריקע קינ־דער פון חדר און זיך אויפגעהערט צו שרעקן פאַר זיי.

פון דער צווייטער וואָך אָן קומט דער באַהעלפער נאָך אים, פירט אים אין חדר אינדערפרי און פאַרנאַכט ברענגט ער אים צוריק אַהיים.

חיים קוקוריקו האָט זיך געקלאָגט פאַר דער רביצין, זיין ווייב, אַז ער הייבט גאָרנישט אָן צו וויסן, ווי אַזוי צו לערנען מיט אַבקען: אַז מע קען אים נישט שלאָגן און ער, דער שטיפער, ווייסט, אַז דער רבי קען אים נישט שלאָגן, אַזוי אַז ער האָט פאַרן רבין קיין מורא נישט. און אָן מורא און אָן שמיץ, — ווי לערנט מען מיט די טייוואָלים?! און אים גאָרנישט לערנען, לאָזן אים זיצן אין חדר און גאָרנישט טאָן מיט אים, טויג דאָך ווידער נישט. ער וויל נישט פאַרלירן זיין נאָמען פון אַ בעל־פעולה צוליב אָט־דעם אָנשיקעניש פון אַ יינגל. איז וואָס זאָל ער טאָן? ער איז געווען ממש אין פאַרצווייפלונג.

די רביצין איז געווען אַ הויכגעוויקסיקע און אַ פאַרשליומפּערטע יידענע. זי איז אַרומגעגאַנגען מיט אַ צעכריאַשטשעטן בוזעם, געהאַלטן אין געבן זויגן אַן עופעלע. ביי איר קלייד האָט זיך געהאַלטן אַ פאַרמורזשעט קינד פון אַ יאָר צוויי מיט אַ פאַרך אויפן קאָפּ. דער „חדר“ און דעם רבינס וווינונג זענען געווען צו־זאַמען.

חיים קוקוריקו איז געווען פון די „מאָדערניסטן“, רחמנא ליצלן. האָט ער גענוצט אָנשטאָט דעם אַלטמאָדישן אלף־בית מיט די נקודות און גאַנצע שערענגעס טראַפן אויסגעשטעלט ווי מאַרשירנדיקע זעלנער. דעם „קרא־מקרא“, אין וועלכן די אותיות האָבן פאַרלאָרן זייערע פולע נעמען און זענען געבליבן ביי זייער קאָנסאָנאַנט.

דער רבי הייסט אבקען זיך אַוועקשטעלן אויף דער „סקאַמייקע“, וואָס איז אויך געווען איינער פון די סימנים פון פאָרשריטנקייט פון חדר. ער באַווייזט אין „קרא מקרא“ אַ היפשן פעטן „מ“. אַבקע האָט זיך דערפרייט מיטן אות, זיינער אַן אַלטער באַקאַנטער, און שרייט אויס „מעמעלע“, ווי זעלדע האָט אים געלערנט. אָבער דער רבי, וואָס זעט אין אַבקעס אַקט אַ פאַרשוועכונג פון זיין גאַנצן פראָגרעס און „רעפאָרמאַציע“, שרייט אויף אים אָן און הייסט אים אַרויס־ברענגען דעם אומאַרטיקולירטן קלאַנג „מ־מ־מ־מ“.

אַבקע עקשנט זיך איין. ער וויל ניט מעקען אָדער מרוקען. ער האָט געטראַכט:

דאָס איז אַן עסק פֿאַר אַ קו, נישט פֿאַר אַ ייִדיש ייִנגל, און דערצו נאָך אַ בן־הרב. אויסער דעם וואָלט ער אָט־די מעקעריי געהאַלטן פֿאַר אַ באַליידיקונג פֿאַר זעלדען, פֿאַר אַן אַקט, וואָס רייסט אַרונטער איר אויטאָריטעט ווי זיינע אַ לערערן. ער דאַרף זיך האַלטן בײַ דער תורה, וואָס זעלדע האָט מיט אים איינגעקנעלט. און ער וועט פֿון איר דרך נישט אַראָפּ.

חיים קוקוריקו שרייט מיט באַנומענע קולות:

— זאָג: „מ־מ־מ־מ!"

אַבקע זאָגט דווקא „מעם", כאָטש טו אים עפּעס. ער איז גרייט צו גיין אויף „קידוש־השם". ער וועט איינשטעלן זיין לעבן פֿאַר זעלדען און איר כבוד.

דער רבי איז אויסער זיך, ווען ער האָט דאָ נישט אַבקען, נאָר אַן אַנדער תּלמיד, וואָלט ער אים איינגעטיילט אַ גוטע פּאַרציע אויער־אַנרייסענישן און אַ היפּשע מאָס לייב־צופּענישן, און ער וואָלט שוין ביי אים געמעקעט און געמוקעט. אָבער אַנטקעגן אַבקען איז ער מאַכטלאָז. איז ער צוגעלאָפֿן צו דער רביצין און אויסגעלאָזט צו איר זיין ביטער האַרץ און זיך געקילט און געשטילט.

חיים קוקוריקו האָט געהאַט נישט ווייניק שוועריקייט מיט אַבקען, ווען עס איז געקומען צו אַנדערע אותיות. עס איז פֿון אָרט נישט געגאַנגען, ביז ער האָט זיך, סוף־כל־סוף, געכאַפּט, אַז אַבקע שטייט שוין אין זיין „געלערזאַמקייט" אויף יענער זייט פֿון „קרא מקרא", אַז ער קען איבערלייענען אַלע מעגלעכע זילבן און אַלץ, וואָס אים פֿעלט, איז באַהערשן די טעכניק פֿון צוזאַמענגיסן טראָפּן אין גאַנצע ווערטער. און דאָס אַבקען אויסלערנען האָט אים פֿאַרשפּאָרט זעלדע, וואָס האָט געקנעלט מיט אַבקען אין די אָוונטן. אין גאַר אַ קורצער צייט איז ער שוין געוווען אַ גאַנצער מושלם. ער איז געפֿאָרן איבערן סידור, אמת היפּש פּאַמעלעך. אָבער מיט זיכערקייט אָן קיין גרייזן.

אַבקע האָט אין חדר נישט געהאַט וואָס צו טאָן די ערשטע פּאָר חדשים פֿון זמן, ווען זיין כּיתה פֿון אָנפֿאַנגערס האָט געשוויצט איבער דעם „קרא־מקרא" און זיך געלערנט איבערלייענען ווערטער אָן וויסן זייער באַדייט. אַזוי ווי ער האָט געהאַט אַ סך פֿרייע צייט און זיצן אינגאַנצן ליידיק איז אים געווען לאַנגווייליק, פֿלעגט ער זיצן און טראַכטן. וועגן וואָס? וואָס עס איז אים נאָר איינגעפֿאַלן. אָבער דערהויפּט האָט ער נאָכגעקלערט וועגן דער ערד, דער וועלט און וואָס איז אויף יענער זייט פֿון ענד פֿון דער וועלט. ער איז געזעסן ביים פֿענצטער, אַרויסגעקוקט אין דרויסן איבער די גערטנער, וואָס האָבן זיך געצויגן ווייט־ווייט; ער האָט נאָכגעפֿאָלגט מיטן אויג די האָריזאָנט־ליניע און איר נאָכגעשפּירט, ביז זי דערגייט צו דער סאַמע ערד. ער איז געווען זיכער, אַז דאָרט, וווּ זי לאָזט זיך אַראָפּ, איז דער עק פֿון דער וועלט. אים האָט זיך זייער געוואָלט דערגיין, וואָס ס'טוט זיך דאָרטן אויף יענער זייט, שוין נאָכן סוף. אָט־די וועלעניש האָט אים שיער נישט געפּייניקט. יעדנפֿאַלס געהאַלטן אים געשפּאַנט און פֿאַרטראַכט.

ער האָט זיך געפֿרעגט און איבערגעפֿרעגט צענדליקער מאָל: וואָס איז אויף יענער זייט? ער האָט געהאַט בדעה זיך לאָזן גיין און צוקומען צום סאַמע סוף, און זיך אַריבערקולעמען איבערן ראַנד פֿון דער וועלט און אַריינפֿאַלן אויף יענער זייט, און זען מיט די אייגענע אויגן, וואָס דאָרטן טוט זיך. אָבער ווי קומט מען אַהין צו? דער חדר האָט זיך געפֿונען אין אַ זייטיקן געסל, וואָס איז געווען גאַר

נישט ווייט פון עק שטאָט. ווי מ׳גייט אַריבער דאָס געסל צו מערב־זייט הייבן זיך אָן גערטנער פון שאר ירקות. נאָך ווייטער אַראָפּצו געפינט זיך דאָס באָד, און נישט ווייט פון באָד איז גאָר נאָענט צום עק פון דער וועלט.

מיט גרויס געלוסטעניש און בענקעניש קוקט ער אַהין צום באָד און איבערן דאַך פון באָד. אין אַ קליינעם מרחק פון באָד איז שוין סוף וועלט. איינמאָל איז ער אַפילו צוגעקומען צום באָד. אָבער אַז ער איז אַהין דערגאַנגען, האָט זיך דער עק פון דער וועלט אָפּגערוקט אויף אַ היפּשער שטרעקע, און זיך לאָזן ווייטער גיין — האָט ער מורא. ווער ווייסט וואָס פאַר אַ מיני חיות־רעות עס לויערן דאָרט, און אפשר טשאַטעווען דאָרט שקצים, וואָס זענען נאָך ערגער פון חיות? אין נישטאַנישעק זענען די שקצים געווען קינדער ווי ער, ער האָט זיך מיט זיי געשפּילט, זיך מיט זיי געחברט. דאָ זענען זיי שקצים מיט הינט, און ער האָט פאַר זיי מורא אימת מוות.

דער חדר איז געווען אַ גערוימער צימער. דאָס מעבל איז באַשטאַנען פון אַ צאָל „סקאַמייקעס״, שולבענק, אַ לאַנגן טיש, וואָס איז געשטאַנען אין מיטן צימער, פון ביידע זייטן טיש בענקלעך און אויבנאָן אַ שטול פאַרן רבין. די גאַנצע דירה איז באַשטאַנען פון נאָך אַ צימער און אַ קיך. אין יענעם צימער האָבן געוווינט דער רבי, די רביצין, צוויי קינדערלעך, מיידעלעך. איינס ביי דער ברוסט, דאָס צווייטע איז אַרומגעקראָכן. דערצו אַ דריי־פיר הינער.

דער „חדר״ איז נישט געווען איבעריק ריין, אָבער דער צווייטער צימער איז געווען שוידערלעך שמוציק. עס האָט זיך געטראָגן פון דאָרט אַ שטינקעניש פון „פאַרמלאכהטע״ ווינדעלעך, יללות פון קינד און אַ קוואָקטשעריי פון די הינער.

דער „מאָדערניזם״ פון חדר איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער איז געווען אָפּגעגעבן, כאָטש נישט אינגאַנצן, צו דער קנעלונג־באַשעפטיקונג, דער רבי מיט דער רביצין זענען אין אים נישט געשלאָפן. אָבער אַ גאַנצן טאָג איז די רביצין מיט אירע קינדער און הינער אַרומגעגאַנגען איבערן חדר, ווייל זייער שלאָפצימער איז געווען צו ענג פאַר זיי. דאָס וויגל און דאָס בעט מיט די קישנס און פערינעס, אַ פּאָר הינקעדיקע שטולן און אַ קאָמאָד, און אַ קופערט האָבן אים אָנגעפילט מיט אַ קויב, אַזוי אַז דאָרט איז נישט געווען ווו אַ ריר צו טאָן זיך. אויסער דעם האָט דער חדר געהאַט נאָך אַ „באַמערקווערטיקייט״ און דאָס איז אַ פּאָרטרעט פון קייסער, וואָס איז געהאָנגען אויף אַ בכבודיקן פּלאַץ אויף דער מזרח־וואַנט.

פאַר דעם פּאָרטרעט האָט אַבקע ממש געציטערט. די חדר־יינגלעך צווישן זיך האָבן אָפּט גערעדט וועגן קייסער. זיי האָבן זיך באַצויגן צו אים מיט גרויס אָפּשיי, ווי צו איינעם, וואָס שטייט נאָענט צום הימלשן מלכות, געפינט זיך אונטער אַ באַזונדער השגחה פון גאָט אַליין. אַבקע האָט אים געהאַלטן פאַר אַ באַשעפעניש, וואָס שטייגט אַריבער די מדרגה פון אַ מענטשן, ער איז אַפילו וויכטיקער פון אַ רב; ער געפינט זיך ערגעץ צווישן די מלאכים. די ווערטער מלאך און מלך, וואָס זענען ענלעך אין זייערע קלאַנגען, האָבן אים סוגעסטירט אָט־דעם רעיון זיינעם.

אין חדר איז געווען היפּש שמוציק. דער דיל אָנגעטראָטן, אָנגעשפּיגן. ווען די רביצין האָט אין אַ נאָווינע אים אויסגעקערט האָט זיך אויפגעהויבן אַ וואָלקן שטויב און איז געבליבן שטיין אַזוי פאַר אַ ווייַלע. אַבקע האָט מיט גרויס הנאה

אַריינגעקוקט אין די שטויב־זײַלן, ווען די זונשטראַלן, אַריינקומענדיק בשפע דורך די דרום־פענצטערס, האָבן זיי דורכגעדרונגען און זיי באַפאַרבט שיער נישט רעגנבויגנדיק. די שטויבעלעך האָבן זיך ריטמיש באַוועגט און האָבן אויסגעזען ווי גאַנצע מחנות פון פיטשוטשינקע שמעטערלינגס.

די קינדער פלעגן ברענגען מיט זיך עסנוואַרג אונטערצוּלענען זיך דאָס האַרץ. כאָטש עסן וואַרעמעס איז מען געגאַנגען אַהיים. אַבקע איז געווען אַ קנאַפּער עסער און מער ווי אַ קאָפּיקע איינצוהאַנדלען עפּעס אַ נאַשעריי פלעגט ער מיט זיך נישט מיטנעמען.

דאָס עסנוואַרג איז, אין ס׳רוב פאַלן, באַשטאַנען פון בולקעס צעשניטענע אין דער העלפט און דיק באַשמירטע מיט פּוטער. געהאַלטן האָבן עס די קינדער אין די אָפענע סקאַמייקעס. דער שמוץ און די שפּייז האָבן צוגעצויגן גאַנצע מחנות פליגן. אַזוי אַז אין חדר האָט זיך איבער אַלע אַנדערע קלאַנגען געהערט אַ זשור־מער און זשוזשעריי. די פליגן האָבן באַלאַגערט די פענצטער, געמאַכט אַקראָבאַ־טישע אַרויף־ און אַראָפּ־פלי־איבונגען אויף די שויבן.

אַבקע איז געוואָרן אַ ווירטואָז פון אַ פליגן־כאַפּער. מיט איין מאָך מיט דער האַנט האָט ער געקאָנט קריגן אין פאַנג שיער אַ פולע זשמעניע.

ער פלעגט זיך אָן זיי נוקם זיין. דער אָפּרייסן אַ פאָר פיס, דער — אַ פליגל. אַנדערע גאָר אַרויפשטעכן אויף אַ שטרויעלע און זיי לאָזן אַזוי מאַרשירן, ווי איינגעשפּאַנטע פלעגן זיי זיך אָנשטרענגען און שלעפּן די שטרוי. ער האָט אויך געמאַכט טשיקאַווע עקספּערימענטן. מיט אַ קלאַפּ האָט ער פריטשמעליעט אַ פליג, אָדער זי בפועל ממש אַוועקגעהרגעט. זי איז געבליבן ליגן ווי אַ טויטע. דעמאָלט האָט ער זי אַוועקגעלייגט אין אַ פלאַק, ווו די זון האָט שטאַרק געוואַרעמט. ביס־לעכווייז האָט די פליג געגומען קומען צו זיך. אָנגעהויבן זיך באַוועגן, דערנאָך אויסציִען איין פיסל, אַ צווייטס, שפּעטער־צו אַ ריר געטאָן מיט אַ פליגעלע און, צום סוף, זיך אויפגעשטעלט — און אַוועקגעפלויגן, ווי זי וואָלט זיין פולקום געזונט.

ער האָט אין דעם געזען די היילקראַפט פון דער זון, און וואָס איז נאָך טשיקאַווער, דעם איבערגאַנג פון טויט צוריק צום לעבן.

די שעהן אין חדר זענען געווען זייער לאַנגע, פון אינדערפרי ביז נאָך בין־השמשות. אַז דער לאַנגוויל איז אַריבער אַלע גרענעצן האָט מען זיך אַרויסגע־כאַפּט אין הויף מיטן אויסרייד, אַז מע גייט אויף „נקיות״. אין אָפּטרעט אָדער צווישן די קלעצער איז מען געזעסן מיט אָפּגעשפּילטע הויזן און געשמועסט. מע האָט זיך גאַרנישט געאיילט אָפּצופאַרטיקן זיך און גיין צוריק. אָבער צו לאַנג האָט מען זיך נישט געקענט פאַרזיצן, ווייל דער רבי פלעגט קומען זען, וואָס זיי טוען און זיי אַריינטרייבן צוריק אין חדר.

## 32

# די קיינאנעס מיידלעך

דער חדר איז געווען אומדערטרעגלעך, אַן עכטע תפיסה אָדער, נאָך ריכ־טיקער, אַ גיהנום, ווו מען פּייניקט קליינע קינדער, און דער מלאך־חבלה איז געווען דער רבי. אַבקען האָט זיך אַלע מאָל, ממש, געגלוסט קראַנק צו ווערן אויף אַ פּאָר טעג אָדער, נאָך בעסער, אויף אַ גאַנצער וואָך, און אַזוי אַרום פּטור ווערן פון גיין אין חדר און נישט דאַרפן אָנקוקן דעם רבין. חיים קוקוריקו.

דער פּראָצעס פון לערנען איז אים דווקא יאָ געווען אָנגענעם. אָבער אין חדר, אויסער זיינע איבעריקע שלאַקן און פּלעררן, איז דאָס לערנען צוגעגאַנגען צו פּאַמעלעך. דער רבי האָט זיך געשלעפּט מיט דער כיתה, אָנגעהאַלטן איר טראָט, און דאָס איז געווען פאַר אַבקען, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַ פלינקער תפיסה, פּשוט אַן אָפּקומעניש. מען האָט איבערגעקייט צען מאָל די אייגענע זאַך; מען האָט כסדר געחזרט און איבערגעחזרט. דאָס האָט אים דערעסן ווי דער טויט.

ביים ענד פון ערשטן זמן גיין אין חדר האָט דער רבי שוין אָנגעפאַנגען צו לערנען מיט אים חומש. די ערשטע פּרשיות זענען אים שטאַרק געפעלן געוואָרן. אָבער צו דער אייגענער צייט זענען זיי אים געווען אַ ביסל קשה. דער אויבער־שטער באַשאַפט אַלץ; דאָס איז רעכט און ריכטיק, אָבער ווער באַשאַפט דעם אויבערשטן? ער האָט געטראַכט וועגן דעם און איבערגעטראַכט, אָבער פרעגן דעם רבין האָט ער נישט געוואָלט, ער האָט עס אַזוי געלאָזן הענגען, ביז ער וועט אויסוואַקסן, און דעמאָלט וועט ער די פראַגע, ווי אַ סך אַנדערע, וואָס האָבן זיך ביי אים אָנגעקליבן, פאַרענטפערן.

אויפן צווייטן זמן איז אָנגעקומען אין „חדר" אַ גאַנצע כאַליאַסטרע מיידלעך, אַלע פון דער ברייט־צעצוויגטער קיינאנעס־משפּחה. בלאָנדע מיידלעך מיט רויטע בעקלעך, שיין, ריין, כמעט אויסגעפּוצטע ווי ליאַלקעס; אַזוי האָבן זיי אויסגעזען אין אבקעס אויגן. זיי פלעגן ברענגען מיט זיך גרויסע קוכנס, אָנגעשמירטע דיק מיט פּוטער; אויך פלעשלעך מילך. גלייך פאַר פרי פלעגן זיי זיך אַ נעם טאָן צו דער אַכילה. זיי האָבן געגעסן מיט אַפּעטיט, נישט מחמת הונגער, נייערט לשם פּוסטער באַרימעריי, צו ווייזן, אַז זיי זענען רייך און קענען זיך פאַרגינען צו האָבן דאָס בעסטע.

אַבקע האָט זיי פיינט געהאַט בכלל און אויך פאַר זייער זיך־אויספּיינען. זיין שוועסטער, רבקה, וואָס האָט איצט געלערנט מיט אים אין „חדר" און איז געזעסן אין דער אָנפאַנגערס־כיתה, האָט זיי אויך נישט האָלט געהאַט. צווישן איר און די קיינאַנעס־מיידלעך זענען פאָרגעקומען אָפטע קריגערייען און ער, פאַרשטייט זיך, האָט זיך תמיד אָנגענומען פאַר דער שוועסטער. די אָננעמעכץ איז געטאָן געוואָרן נישט מיט די הענטלעך, מחמת קיין גבר איז ער נישט געווען, נאָר מיטן מויל. עס זענען אָנגעגאַנגען מויל־שטרייטערייען, זידלעריי־קאמפּאניעס. דאָס הויפּט־געווער, וואָס מען האָט דאָ אָנגעווענדט מיט אַ פאַרנישטענדיקן עפעקט, איז געווען צונעמעניש־געבעכץ.

עס איז מערקווערטיק, וואָס די פּיינטשאַפט, וועלכע האָט געהערשט צווישן די עלטערן, האָט זיך איבערגעגעבן צו די קינדער.

אַ שטענדיקע אומאויפהערלעכע מחלוקת איז אָנגעגאַנגען צווישן די קיינאַנעס מיידלעך און זיין שוועסטער און ער, ווי איר ברודער און באַשיצער, איז ממילא אַריינגעצויגן געוואָרן אין אַלע מויל־געפעכטן. אַזוי ווי די הויפּט־קריגערנס זע־נען געווען מיידלעך, איז צו קיין פויסט־געשלעגן קיינמאָל נישט דערגאַנגען, כאָטש די שנאה האָט געפלאַקערט אַ גאַנצן זמן און נישט אויסגעזען זיך אויס־צולעשן.

די קיינאַנעס־מיידלעך האָבן געהאַט גוטע קעפּלעך און האָבן שוין געזאָגט „עברי" גאָר נישט שלעכט און הויך, קלאָר און דייטלעך, מיט אָנגענעמע קולכלעך. און אבקע וואָלט געהאַלטן פון זיי. ער האָט אָבער זיי נישט געקענט פאַרגעבן זייער פּוסטע גאווה, זייער גרויסהאַלטעריי, זייער זיך אַרויסשטעלן מיט זייערע קאָסטיו־מען, באַטיסטענע קליידלעך מיט שיינע אוקריינישע אויסהעפטעכצן. איינמאָל האָט איינע פון זיי אים אַזוי דערצאָרנט, אַז ער איז געוואָרן מלא חמה און נישט וויסנדיק וואָס איר אָפּצוטאָן האָט ער גענומען און באַהשתנהט איר אויסגענייט קליידל. זי איז אַריינגעלאָפן אין חדר מיט אַ געוויין, אָבער זיין האַנדלונג האָט אַרויסגערופן גרויס בייפאַל ביי די איבעריקע קינדער־יינגלעך, ווייל ער האָט עס געטאָן מיט גרויס מייסטערשאַפט: ער האָט געלאָזן גיין זיין וואַסער פון אַ מרחק ווי אַ שפּריצער פון אַ פאָנטאַן, אַ טעכניק, אין וועלכער ער האָט זיך לאַנג גע־איבט. צווישן די יינגלעך פלעגן אָנגיין געוועטענישן וועגן דעם ווער עס וועט בעסער, העכער, רעגנבויגנדיקער קענען משתין־זיין, און ער איז געווען אַ קינסט־לער אין אָט־דער אַרבעט.

פון דעמאָלט־אָן האָבן די קיינאַנעס־מיידלעך גענומען האָבן אָפּשיי פאַר אים. זיי האָבן זיך געפילט ווי באַזיגטע. אָפּגעשמיסענע. ער האָט דורכגעשטאָכן זייער פענכער און אַ היפּשער חלק פון זייער גדלות איז אַרויס און זיי האָבן זיך לגבי אים און זיין שוועסטער, רחקע, וואָס איז געווען מיט אַנדערטהאַלבן יאָר עלטער פון אים, מער זיך נישט גרויס געהאַלטן מיט זייער געבעקס און אָנטועכצן.

## 33

## שפּיל ניט מסחר

צייט צו שפּילן זיך איז געווען אַ זייער באַגרענעצטע, סיידן בין־הזמנים, אין די פעריאָדן, ווען עס פאַלן אויס די גאָר חשובע יום־טובים. אין מיטן זמן זענען די שפּילערייען פאָרגעקומען הויפּטזעכלעך פרייטיק נאָך האַלבן טאָג, ווען מען איז געווען פריי פון חדר. דעמאָלט האָט מען זיך געשפּילט ערגעץ אויף אַ הויף, וואָס ווייטער פון אייגענעם פלאַץ און הויז און אויג פון טאַטע־מאַמע.

אַבקע האָט זיך געשפּילט, ווי אַלע קינדער פון זיין עלטער, אין זעלנערס, אין גערעכט. מען פלעגט כאַפּן אַ גזלן, אַ גנב און אים משפּטן און פאַרמשפּטן. אַבקע האָט זיך פריי אויסגעצייכנט אין „פאַליאַן"־שפּיל, אַ פאַרווײלונג, מיט וועל־כער אויך עלטערע קינדער פון אים האָבן זיך אָפּגעגעבן.

מ׳לייגט אַוועק צוויי ציגל, מ׳לאָזט אַ שטיקל ריווח צווישן זיי. אַ העלצל פֿאַרשפּיצט פֿון בײדע זייטן לייגט מען אַוועק אויף די ציגל מיט איין שפּיץ אויף איינעם מיטן צווייטן — אויפֿן צווייטן. מיט אַ פֿלאַך, שמאָל ברעטל גיט מען אַ קלאַפּ אויפֿן פֿאַרשפּיצטן קלעצל, אַזוי אַז עס גיט אַ שפּרונג פֿון אָרט. דאָ כאַפּט מען עס אונטער און מען גיט אים אַ געזונטן זעץ און עס טראָגט זיך אַוועק אויף אַ היפּשן מרחק. מען מעסט אָפּ דעם שטח פֿון זיין אָפּפֿלי. דער צווייטער, דער מיטשפּילער, דאַרף אים כאַפּן מיט די הוילע הענט און אַ וואָרף טאָן אויף צוריק. וואָס נענטער צו דער פּאָזיציע פֿון די ציגל עס קומט צו אַלץ בעסער.

אַבקע האָט אויך האָלט געהאַט אַרומצוגיין מיט ניסלען, שיינע יהודיתעס בנאָק, איבער די פֿעלדער, אומפֿאַרבויטע פּלעצער און אומפֿאַרצאַמטע הויפֿן אוז קלײבן שטיינער, וועלכע אַבקע האָט געטראָגן אין שיינע יהודיתעס הויף אַריין. ביי אים איז עס געווען שפּיל לשם שפּיל, ריינע פֿאַרווײלונג אָן קיין אַנדערע אָפּזיכטן, אָן קיין תּכלית. נישט אַזוי האָט אָבער געקוקט אויף דעם ניסל. אַז עס האָט זיך אָנגעקליבן אַ היפּשע גרודע שטיינער האָט ער עס פֿאַרקויפֿט פֿאַר אַ פּאָר קאָפּיקעס צו איינעם, וואָס פֿלעגט קומען מיט אַ האַנטוועגעלע, אַמאָל אויך מיט אַ פֿערד־און־וואָגן און צונעמען די שטיינער. אַז אַבקע האָט זיך דערוווּסט, אַז זייז שפּיל־פּראַצע ווערט פֿאַרשוועכט דורך אַ מקח־וממכר־טראַנסאַקציע, האָט עס אים זייער געערגערט. ער האָט אינגאַנצן פֿאַרלאָרן דעם חשק צו קלײבן און שלעפּן די שטיינער. ער האָט ניסלען מער נישט געהאָלפֿן. דער גאַנצער ענין פֿון פֿאַר־קויפֿן און קויפֿן איז אים אָרגאַניש געווען דערווידער.

אַבקע האָט געהאַט אַ חבר, וואָס האָט געוווינט אויף דער אַנדערער זייט פֿון פּאַרק. זיין פֿאָטער האָט געהאַט אַן אייזנקראָם. דאָס ייִנגל האָט פֿאַרמאָגט אַ וועלאָ־סיפּעדל אויף דריי רעדלעך: איין גרויס רעדל פֿון פֿאָרנט, און צוויי קלענערע פֿון הינטן. אויף דעם וועלאָסיפּעדל איז ער אַרומגעריטן, ווי להבדיל אויף אַ פֿערדל, איבערן גאַנצן הויף. ער איז געווען אַ גוטער חבר און פֿון־צייט־צו־צייט האָט ער צוגעטיילט דעם פֿאַרגעניגן אַבקען, אים געלאָזן זיך אַרויפֿזעצן און אָפּ־פֿאָרן אַ שטיקל מהלך אויף זיין „שטאָלענעם פֿערדל“. אַבקע איז געווען אויפֿן זיבעטן הימל. דאָס רייטן האָט געהאַט אַלע טעמען. ער איז אָנגעקוואָלן און זיך איבערגעגאָסן פֿון פֿאַרגעניגן. ער האָט זיך ביז איצט גאָר נישט געקענט פֿאָר־שטעלן, אַז דער גוטער גורל קען צושטעלן צו די קליינע מענטשנקינדער אַזעלכע פֿאַרשיכּורנדיקע תּענוגים. אַלע פֿרייטיק, ווי נאָר ער האָט זיך אָפּגעפּטרט פֿון חדר, איז ער געלאָפֿן הענדום־פּענדום צום חבר, כּדי צו קריגן כאָטש אויף אַ פּאָר מינוט די געלעגנהייט צו רייטן.

## 34

## דאָס קיניג־שפּיל

שבת פֿלעגט דאָס שפּילן זיך ס׳רוב פֿאָרקומען אין הויז. אין די הויפֿן האָט מען קיין סך נישט געקענט אויפֿטאָן. ס׳רוב זאַכן, מיט וועלכע מען וואָלט זיך געקאָנט שפּילן, זענען געווען מוקצה, מען האָט זיי אין האַנט נישט געטאָרט

נעמען. אין די קעשענעס האָט מען קיין זאַך נישט געטאָרט טראָגן. אַזוי, אַז דאָס בעסטע איז שוין געווען זיך פֿאַרווײַלן אין שטוב.

דאָס שפּילן זיך איז פֿאָרגעקומען אין „זאַל", דאָס גרעסטע, שענסטע און ריינסטע צימער אין גאַנצן הויז. אַהער איז כּמעט קיינמאָל קיינער נישט אַריינגע־קומען. עס איז געווען שיער נישט דער „קדשי־קדשים" פֿון דער וווינונג. עס איז געשטאַנען ליידיק כּמעט אַ גאַנצן יאָר. בלויז אַ גאָר געהויבענעם גאַסט האָט מען דאָרט אויפֿגענומען. אויף די ווענט זענען געהאַנגען גרויסע שפּיגלען. דאָס מעבל איז באַשטאַנען פֿון אַ האַלבן טוץ אויסגעבעטע שטולן און צוויי סאָפֿעס באַצאָרגט מיט צודעקעכצן קעגן שטויב, אַ רונדער טיש צוגעדעקט מיט אַ טיש־טוך. אויף די פֿענצטער־שוועלן זענען געשטאַנען גוט צוגעזעענע און פֿיין־צעוואַק־סענע וואַזאָנעס.

דאָ זענען די קינדער זיך צוזאַמענגעקומען און — געקרוינט אַ קעניג, אַ ייִדישן קעניג. פֿאַרוואָס האָבן די גויִים אַ קייסער און די ייִדן נישט?! די ייִדן דאַרפֿן אויך האָבן אַ מלך און זיין פּאָרטרעט זאָל הענגען אויף דער וואַנט. אַז מיר זענען אין גלות איז וואָס?! אַ קייסער דאַרפֿן מיר סיי־ווי־סיי האָבן, אַן איי־גענעם קייסער.

אַ פֿאָטערשטול האָט געדינט פֿאַר אַ געהויבענעם טראָן.

וועמען האָט מען אויסגעקליבן פֿאַר אַ מלך? דעם ייִנגסטן, משהקען. עס שיקט זיך נישט אַ קעניג אָן אַ קעניגין, האָט מען דעם מלך פֿאַר אַ מלכּה געגעבן זיין ייִנגסטע שוועסטערל, מאַשקען. פֿאַרוואָס האָט מען געזאָלבט פֿאַרן קעניג דווקא משהקען? עס איז פֿאַראַן אַ שׂכל דערביי. ער איז געווען דער ייִנגסטער און פֿאַר קיין אַנדער ראָלע, וואָס וואָלט פֿאָדערן פֿאַרשטענדעניש, האַנדלונג, איני־ציאַטיוו האָט ער זיך לחלוטין נישט אויסגעטויגט. צו זיין אַ קייסער האָט ער גאָרנישט געדאַרפֿט טאָן, ווי בלויז זיצן אויפֿן טראָן און בלאָזן פֿון זיך ווי אַן אינדיק. און דאָס איז די איינציקע זאַך, וואָס ער האָט געקענט. ער האָט געהאַלטן שטאַט מיט גרויסן אָנשטעל.

אַבקע איז צוליב וועלכן־עס־איז טעם באַשטימט געוואָרן פֿאַר דעם שעף פֿון דער אַרמיי, וואָס האָט נישט עקזיסטירט, אַזוי אַז ער איז געווען אי דער שעף און אי די גאַנצע אַרמיי.

הגם אין שפּיל איז נישט געווען וואָס צו טאָן, דאָך האָבן זיי זיך אָפּגעשפּילט אַ גאַנצן טאָג און עס איז זיי נישט לאַנגווייליק געוואָרן. אַלץ, וואָס זיי האָבן געהאַט צו טאָן, איז היטן דעם טראָן און זיך בוקן און קניִען און ווידער זיך בוקן און קניִען פֿאַרן גרויסן קעניג און פֿון דעם, פֿון דער דאָזיקער הכנעה, האָבן זיי זיך געפֿילט דערהויבן; זיי זענען קרובֿים למלכות.

## 35

# אַ ז ט ר אָ פ

אַבקע האַלט שוין סוף צווייטן זמן אין חיים קוקוריקוס חדר. ער האָט זיך שוין געגוג אָנגעוויינט אויף דער פינצטערער מערכה פון יוספן און יעקבן. אים האָט זיך שטאַרק געוואָלט לויפן אָנזאָגן יעקבן, אַז יוסף לעבט, אַז קיין חיה־רעה האָט אים נישט פאַרצוקט, אַז בלויז די שלעכטע ברידער האָבן אים פאַרקויפט פאַר אַ קנעכט.

עס האָט זיך אים נישט פאַטופעט אין קאָפּ די מעשה, אַז יעקבס זין זאָלן זיין אַזעלכע געמיינע מענטשן. ער וואָלט עס צו זיין ברודערל זיכער נישט געטאָן. אָבער אַזוי ווערט דערציילט אין חומש און דעם חומש האָט געשריבן גאָט, און גאָט וועט זיכער נישט אויסטראַכטן קיין בלבול אויף יעקבס קינדער.

אים איז אויך אַ ביסל קשה די זאַך, וואָס פריִיטיק פאַרנעמט זיך דער רבי מיט בײדע כיתות צוזאַמען מיט מעריב־זיין די סדרה פון דער וואָך, לערנען די ייִנגלעך טראָפּ, דרייען דעם פּזיר און אויסציקלען דעם שלשלת, אויסציִען אַ מונח פשטא און בלייבן שטיין ביי אַן אתנחתא. אים האָט מען פון דעם לימוד אינגאַנצן באַפרייט, ווי ער וואָלט, גאָט באַהיט, געווען אַ מיידל. ער וואָלט זיך געפילט שטאַרק געטראָפן דערפאַר: ס׳טייטש, וואָס איז ער, גאָר קיין ייִדיש ייִנגל נישט! אָבער די אויסנאַם, וואָס איז געמאַכט געוואָרן מיט אים, האָט אים געגעבן אַ טייערע געלעגנהייט אַרויסצולויפן פון „חדר״ מיט אַ שעה פריִער פון די איבעריקע ייִנג־לעך. און ער האָט געדאַנקט גאָט דערפאַר. ער האָט געהאַט מער צייט פאַר שפּילן זיך.

פאַרוואָס האָט מען אים באמת נישט מצרף געווען צו ייִנגלשן כאָר? פאַרוואָס לערנט מען אים נישט דעם טראָפּ? ער ווייסט עס נישט, און עס אַרט אים נישט, מעגלעך, אַז זיין שוואַכער געזונט־צושטאַנד איז אים בייגעשטאַנען, און זיין פאָ־טער האָט זיך געמיט פאַר אים און אָנגעזאָגט דעם רבין, ער זאָל לערנען מיט אים בלויז תוך־זאַכן און מיט זייטיקע ענינים נישט אָנשטאָפּן זיין שוואַכינקן קאָפּ. דער רבי, ווייטער, פון זיין זייט האָט געהאַלטן, אַז די פּזרן און שלשלתן קען מען אַ ייִנגל אין קאָפּ נישט אַריינקלאַפּן סיידן דורך דורכעגבערן זיינע אויערן, דאָס הייסט, זיי גוט אָנרייסן און אָנדרייען אַזוי, אַז פונקען זאָלן שפּריצן פון די אויגן. און אַזוי ווי אויף אַבקען קען מען דעמדאָזיקן מעטאָד נישט אָנווענדן, איז בעסער נישט אָנפאַנגען. איז אַבקע אויסן געבליבן פון די זינגערייען. אַי, זיין טאַטע, דער רב? דער רב איז אַ משכיל און אים וועט עס נישט אַרן, און דעם ריכטיקן געגוג־דיק פאַרענטפער האָט ער דאָך. איז וואָס איז דאָ וואָס צו זאָרגן! ווי מען זאָל דאָ נישט טייטשן, דער פאַקט בלייבט, אַבקע איז פּטור געוואָרן פון די זינגערייען און סדרה מעביר־זיין, וואָס זענען געווען אַקאָמפּאַנירט מיט מכות־רצח און מיט אַ געיאָמער און אַ געקלאָג פון די געשלאָגענע.

# 36

## פאַרשוואָלענע אויגן

אַבקע איז, נעבעך, געגאַנגען מיט אַ שווערן געמיט, געגאַנגען אומגערן ווי אַן אָקס צו שחיטה, אין חדר סיי זומער און סיי ווינטער. ער האָט אָבער כסדר גע־גאַרט קראַנק צו ווערן און דעמאָלט וועט ער זיך קענען אָפּטשעפּען פון דער אָנשיקעניש, וואָס הייסט חדר. ער האָט די האָפענונג פון אַ חולאת קיינמאָל נישט אויפגעגעבן.

זיין אָנלאָקנדיקסטער טרוים איז געווען אַרויסצוּוואַקסן פון אָט־דעם חדר מיט זיין רצחן רבין, וועמען ער האָט געהאַסט. און ווען ער וועט שוין זיין אַרויס־געגאַנגען פון חיים קוקוריקוס רשות און לערנען ביי אַן אַנדערן, זאָל ער קומען צוגיין און זיך אַוועקזעצן אויפן הויכן גאַנעק פון חדר און ווייזן חיים קוקוריקון בפירוש, מיט אַלע דייטלעכע סימנים, אַז ער האָט פאַר אים גאָר קיין מורא נישט. אַז דער שלעגער קען אים גאָרנישט טאָן, גאָרנישט הייסן טאָן, און, דערהויפּט, קען אים גאָרנישט לערנען, ווייל ער, דער תלמיד, קען שוין מער פון אים. פון די שמועסן, וואָס ער האָט געהערט צווישן זיין פאָטער און מוטער, ווי אויך צווישן פאָטער און דיין האָט ער תופס געווען, אַז אין לומדות שטייט דער רבי אויף אַ גאָר נידעריקן שטאַפּל; אַז זיין קענטעניש־פאַרמעגן ווערט אָפּגעשאַצט, בפועל ממש, אין גראָשנס, אָדער אַז אַ פייגעלע קען עס אַוועקטראָגן אויפן עק. אויב אַזוי, ווי לאַנג דאַרף עס אים נעמען אַריבערצושטייגן אָט־דעם עם־הארץ?!

אבקע האָט אָפּט אונטערגעקרענקט; הפּנים אַז גאָט, אָדער זיין קערפּער, האָט זיך וואַכזאַם צוגעהערט צו זיינע תפילהדיקע גאַרעגישן.

עס איז מיטן ווינטער. אַבקע איז נישט גלייכגילטיק צו פייער. ער האָט ליב אַרויסצוהעלפן זעלדעןביים איינהייצן די קאַכעלנע אויוונס און אויך ביים שפּאַלטן קינעלעך צו פאַרהייצן, ווען עס איז נישט געווען געגנוג בעריאָזעווע קאָרע, וואָס צינדט זיך אָן ווי אַ שוועבעלע. האָט ער געשפּאָלטן קינעלעך אין קיך, ווען זעלדע איז אַרויס מאַכן די בעטן אין די שלאָפצימערן. ער האָט אָבער אויס אימפּעט און התלהבות מיט דער אַרבעט צו הויך אַ הייב־געטאָן דעם סיעקאַטש, אַזוי אַז ער איז פאַרפאָרן זיך אין שטערן. בלוט האָט זיך באַוויזן. ער האָט פון דעם געמאַכט אַ שווייג, אויף גיך אָפּגעוואַשן דאָס בלוט און — פאַרטיק. זיך געמאַכט כלא־ידע, ווי קיינמאָל גאָרנישט געשען. ער האָט מורא געהאַט, אַז ווען מען וועט זיך וועגן דעם דערוויסן, וועט מען אים פּסלען פון צו זיין אַ קינעלעך־שפּאַלטער, אַ באַשעפּ־טיקונג, וואָס פאַרשאַפט אים גרויס פאַרגעניגן. בלויז איין זעלדען האָט ער עס פאַרטרויט און זי פאַרשוואָרן האַלטן דאָס מויל.

אַזוי זענען אַוועק דריי טעג. ער האָט כמעט פאַרגעסן די גאַנצע זאַך. אַזוי־פיל געשעענישן קומען פאָר יעדן טאָג, וועט ער אָט־יענעם סיעקאַטש־שניט האַלטן אויפן קאָפּ! מער האָט ער נישט וואָס צו געדענקען?

אויפן פערטן טאָג אינדערפרי. ער פּרובירט עפענען די אויגן. ער קען נישט. זיי זענען ביי אים ווי פאַרקלעפּט. ער ווערט מער ווי אַ ביסל דערשראָקן. אָבער

ער ליגט און שווייגט. די מאַמע ווייסט, אַז אַבקען דאַרף מען נישט וועקן. ער שטייט אַליין אויף פרי און גייט אַוועק אין חדר אָן קיין מחזקות.

אָבער היינט ליגט ער אַזוי שפּעט אין בעטל. וואָס איז דער מער? זי קומט צו, גיט אַ קוק — מע זאָל עס גאָרנישט זען: די אויגן זיינע פאַרקלעפּט מיט מאַטעריע; אויפן שטערן אַ גוליע ווי אַ פויסט. וואָס האָט פּאַסירט?

— האָט דער רבי דיך געשלאָגן? האָט אַ ייִנגל דיר דערלאַנגט מיט אַ שטיין?

נאָך אַ לאַנגער פאַנאַנדערפרעגעניש האָט ער זיך מודה געווען, אַז מיט דריי טעג צוריק האָט ער זיך אַ זעץ געטאָן מיטן שפּיץ פון סיעקאַטש.

מען האָט אויף גיך גערופן דעם יונגן דאָקטער גאָלדבערג. ער האָט געוווינט נישט ווייט פון זיי און איז געווען זייער שטובדאָקטער. אַבקעס מוטער האָט אָפּט געקרענקט און ד״ר גאָלדבערג איז ביי זיי געווען ווי אַ בן־בית. קיין געלט פאַר זיינע וויזיטן האָט ער ביים רב נישט גענומען. ער איז געווען אַ זון פון זייער רייכע עלטערן, וואָס האָבן געוווינט אין ווילקאָווישק; ער האָט אויך געקראָגן אַ ירושה פון אַ פעטער, אַ גביר־אדיר. דערצו האָט ער געהאַט אַ היפּשע פּראַקטיק אין שטאָט. אַז די דינסט זעלדע איז געקומען אים רופן אַזוי פרי, האָט ער זיך דערשראָקן; ער האָט געמיינט, אַז עפּעס האָט פּאַסירט מיט דער יונגער שיינער רביצין. ער איז געקומען צו לויפן מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם. אַז ער האָט דערזען דעם חולה, האָט ער זיך אַ ביסל באַרויִקט: אַבי נישט די רביצין. ער האָט געעפנט מיט אַ לאַנצעט די מיט מאַטעריע אָנגעלאָפענע גוליע. אויסגעוואַשן די אויגן און פאַרבאַנדאַזשירט דעם שטערן. אַבקע האָט אָפּגעקרענקט צוויי וואָכן און איז געווען צופרידן. אַלץ בעסער ווי זיין אין חדר ביי חיים קוקוריקו. ווען מען כאַפּט זיך מיט אַ טאָג שפּעטער, וואָלט ער פאַרלאָרן אַן אויג. אַזוי האָט ער נאָך נישקשה אָפּגעשניטן.

ווען ער האָט זיך גענומען פילן בעסער, האָט דער דאָקטער אים מיטגענומען מיט זיך צו נעכטיקן ביי אים. אַזוי עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד. אין דער פרי האָט ער אים געבראַכט אַהיים. אַבקע האָט זיך גאָרנישט געקענט אָפּוווּנדערן פון די גרויסע צימערן מיט די רייכע מעבל, די געראַמע שלאָפצימערן און די גרויסע ברייטע בעטן מיט די זייבערנע ציכלעך, קאָלדרעס און דעקעס מיט שפּיצן. ער האָט געטראָטן אויף דיקע ווייכע טעפּיכער. די פּאַרקעטן האָבן געגלאַנצט, געווען גלאַט, ווי אַ גליטש. מען האָט זיך אין זיי געקענט שפּיגלען. די ווענט זענען געווען באַהאָנגען מיט בילדער און פּאָרטרעטן צווישן טריומאָ־שפּיגלען; אַזויפיל שפּיגלען, אַז די צימערן האָבן זיך אין זיי געטאָפּלט און אים איז געווען אוממעגלעך צו באַשטימען זייערע ריכטיקע דימענזיעס.

דער דאָקטער האָט אַבקען גענומען צו זיך נעכטיקן, כדי צו האָבן אַן אויסרייד פאַר קומען אַלע טאָג, אים פירן אַהין און צוריק.

# 37

## פלאָצק. אַ רב קויפט אַ שטעלע

אַבקעס פאָטער, ר׳ יהודה לייב, האָט באַדאַרפט אָפּפאָרן קיין פלאָצק. ער איז געווען פאַרבעטן ווי אַ קאַנדידאַט אויף דער רבנות־שטעלע. ער האָט אָבער געקראָגן אַ געשוואָלענע באַק און אַ ווייטיק אין האַלדז און דאָרטן האָט ער דאָך געדאַרפט האַלטן אַ דרשה. איז ווי קען ער פאָרן? ד״ר גאָלדבערג האָט זיך אָפּגעגעבן מיטן רב גאַנצענע טעג. ער איז נישט אַרויס פון רבס הויז. ער האָט געהאַלטן אין איין לייגן אים קאָמפּרעסן. אַ גאַנצע נאַכט האָט ער זיך מתעסק געווען מיטן פאַציִענט און זיך אַפילו נישט צוגעשפּאַרט. ער האָט אים אויסגעקורירט און געזאָגט, אַז ער מעג פאָרן.

דער רב איז אַוועקגעפאָרן. גאָלדבערג איז געקומען יעדן אָוונט שפּילן זיך מיט אַבקען. מיט אַ וואָך שפּעטער איז דער רב געקומען צוריק. אַבקע האָט געהערט די שמועסן צווישן פאָטער און מוטער. ער האָט געהאַט, הפּנים, אַ סך צו דערציילן וועגן זיין נסיעה. מע האָט אים זייער שיין אויפגענומען, אָפּגעגעבן אַ סך כבוד, אָבער די רבנות־שטעלע האָט ביי אים אַרויסגעכאַפּט פון אונטער דער נאָז אַן אַנדער רב, ר׳ יחזקאל, אַ זון פון סוואַלקער רב. ער האָט אונטערגעקויפט די גבירים פון גרויסן בית־מדרש און נאָך אייניקע פון די כלל־טוערס, אַבקעס פאָטער, ריידנדיק וועגן אָט־דער באַשטעכונג, האָט געברויכט דאָס וואָרט „קערבלעך", „קאַרבאָנצעס" און אָנגעגעבן בערך די סומע פון די קאַרבאָנצעס, וואָס ר׳ כאַצקעלען האָט די רבנות־שטעלע געקאָסט. ער איז געווען אַן אײדעם פון אַ רייכן שווער און ער האָט געקענט זיך לאָזן קאָסטן.

וואָס ס׳מיינט אַ „קערבל", אַ „קאַרבאָנעץ" האָט אַבקע נישט געוווסט. ער האָט אָבער פאַרשטאַנען פון שמועס, אַז עס האַנדלט זיך וועגן געלט.

זיין פאָטער האָט ר׳ כאַצקלס האַנדלדונג געטאַדלט מיט די האַרבסטע ווערטער. צוהערנדיק זיך צו זיינע רייד, האָט אַבקע געגומען באַגרייפן, אַז זיין אַ רב מיינט, הפּנים, נישט אַלע מאָל דאָס זעלבע ווי זיין אַ גוטער מענטש. און די פּגימה, וואָס איז געפאַלן אויף רבנות האָט אים, ווי אַ בן־הרב, אָנגערירט, פאַרדראָסן, אַפילו וויי־געטאָן.

ער האָט ביז יענער נאַכט און אונטערגעהערטן שמועס געמיינט, אַז דער נאָמען רב איז דער שענסטער, וואָס אַ מענטש קען טראָגן. ער האָט זיך דערוווסט, אַז נישט אַלע רבנים זענען ראוי צו טראָגן אָט־דעם נאָמען... ער האָט באַגריפן, אַז אויך רבנות איז נישט ריין פון ניסלס מקח־וממכר־געשעפטן...

רבנות האָט פאַרלאָרן ביי אים איר אומשולד און גלאַנץ; מ׳פאַרקויפט שטיינער און מ׳וואַרפט שטיינער...

(דער יונגער רייכער דאָקטער גאָלדבערג איז געווען פאַרליבט איבער די אויערן אין דער רביצין, זיין פאַציִענטן.

אַז דער רב און די רביצין האָבן פאַרלאָזן יאַגוסטאָוו, האָט ער אויך פאַרלאָזן דאָס שטעטל. ער איז געבליבן אַ בחור זיין גאַנצן לעבן).

## 38

# אַבקע מאַכט אַ „ויברח" אַ צווייטן מאָל

עס איז פּורים. די רביצין האָט געשיקט איר זון, אַבקען, קויפן קיכעלעך מיט מאָן. ער האָט מיט חשק אויסגעפילט די שליחות. ערשטנס איז אַ גרויסע מצווה צו פאָלגן אַ מאַמען און טאָן וואָס זי הייסט טאָן; צווייטנס האָט ער האָלט שליחותן, זיין באַשעפטיקט. ווי ער וואָלט שוין געווען אַ גאַנצער מענטש, וואָס טויג זיך אויס. דערהויפּט אין אַזאַ טאָג, וואָס פאַר אים איז נישט געווען קיין שטאָך אַרבעט. ער האָט זיך סתם אַרומגעבלאָנקעט אין קיך און זיך קיין אָרט נישט געקענט געפינען. און ער האָט אויסגעפילט זיין שליחות מיטן גאַנצן האַרצן, מיט זיין גאַנצן ווילער. אַוועק, געקויפט די מאָן־קיכעלעך. זיי גלייך געבראַכט און איבערגעגעבן זיין מאַמען.

פאַרנאַכט. די רביצין האָט איבערגעציילט די קיכעלעך און לויט איר חשבון האָט איין קיכעלע געפעלט.

ביים טיש, אין דער אָנוועזנהייט פון טאַטן, ברידער און שוועסטער, האָט די מוטער אַרויסגעזאָגט איר חשד, אַז ער האָט גענומען אַ קיכעלע און עס אויפ־געגעסן אָן אָנפרעגן זיך ביי איר. זי האָט אים לייכט אויסגערעדט דערפאַר.

ער האָט זיך באַליידיקט; ווי קען מען אים, אַ חדר־יינגל, וואָס האַלט שויז ווייט אין לערנען חומש, באַשולדיקן אין אַזאַ פאַרברעכן! ווער איז ער עפּעס, אַ נאַשער, אַ זולל וסובא? איינער, וואָס גיט נאָך זיין געשמדטן האַלדז? אַזאַ פגיעה־בכבוד איז גאָר אוממעגלעך צו פאַרגעבן. ס'טייטש און ס'טייטש! וואָס הייסט, היתכן, אַז ער, אַבקע וועט נעמען אַ מאָן־קיכעלע אָן פרעגן און עסן בגניבה, אַז קיינער זאָל אים נישט זען, אויפעסן און מאַכן דערביי אַ שווייג?! ווי קען גאָר אַזאַ זאַך עמעצן איינפאַלן!

ער האָט זיין מוטער גאָרנישט געזאָגט. אויב זי קען אויף אים מאַכן אַזאַ בלבול, האָט ער מיט איר נישט וואָס צו ריידן. זיך פאַרענטפערן, זיך פאַרטיידיקן — עס איז נידעריקער פון זיין ווערדע. יעדעס וואָרט פון התנצלות וואָלט זיין פאַר אים אַ פאַטש אין פּנים.

ער איז מיט כעס און אַנטשלאָסנקייט אַרויסגעשפּרונגען פון זיין פּלאַץ ביים טיש, אַ כאַפּ געטאָן זיין קוטשעבייקע (אַזאַ אויבער־מלבוש), וואָס איז געווען איי־בערגעגנייט פאַר אים פון דער מאַמעס אַן אַלטן מאַנטל, זיך אויף גיך אָנגעטאָן און אַרויסגעלאָפן פון שטוב מיט דעם פעסטן באַשלוס קיינמאָל צוריק נישט קומען, וואָרעם מיט אַזעלכע מענטשן, ווי זיין מאַמע איז, וואָס קען אים באַשולדיקן אין אַזעלכע מעשים תעתועים, און מיט אַזעלכע ברידער און שוועסטער, וואָס שווייגן ווען מע טראַכט אויס אויף אים אַזעלכע בלבולים און נעמען זיך פאַר אים נישט אָן, שטעלן זיך נישט איין פאַר אים, טאָר ער, קען ער צוזאַמען נישט וווינען. אויף זעלדען האָט ער נישט קיין כעס; זי איז דערביי נישט געווען.

ער איז אַוועק איבער די גאַסן. די באַליידיקונג האָט אין אים געברענט ווי אַ העליש פייער. עס איז שוין געווען גוט פינצטערלעך, אָבער די פראַגע, חוו וועט

ער איבערנעכטיקן די נאַכט האָט זיך פאַר אים גאָר נישט געשטעלט. ער איז געגאַנגען וווהין די אויגן און די פיס האָבן אים געטראָגן. ווען אַ וואָלף קומט אים אַנטקעגן — וואָלט אים נישט אָנגעהויבן צו אַרן, ווען אַפילו אַ מת ווייזט זיך — וואָלט ער זיך נישט געשראָקן. ער וועט אַוועקגיין בדאי צו די מתים, אַבי נישט אַהיים צו דער מאַמען.

די מאַמע האָט אַרויסגעשיקט אַלע קינדער און אויך די דינסט, זעלדען, אים זוכן, געפינען און ברענגען אַהיים. אַפילו דעם בית־דין־שמש האָט מען מאָבילי־זירט פאַר דעם צוועק. אַז מע האָט אים אַרומגערינגלט אין גאַס, האָט ער זיך אַרויסגעדרייט פון די הענט פון זיינע פאַנגערס און ער האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין בית־מדרש, וואָס איז איצט, מער ווי אַ שעה נאָכן לייענען די מגילה אוי־שלאָגן געשמאַק המנען, געווען ליידיק. דער עולם איז זיך שוין לאַנג צעגאַנ־גען אַהיים.

זיינע נאָכיאָגערס האָבן זיך אַריינגעלאָזט נאָך אים. ער האָט זיך גענומען דרייען, מאַכן גאָר פלינקע הקפות אַרום דער בימה. דער בית־דין־שמש האָט גערופן צו הילף דעם בית־מדרש־שמש און זיי ביידע האָבן זיך געלאָזט נאָך אַבקען אין ביידע ריכטונגען. ער האָט זיך נישט געקענט אַרויסמאַכן. מען האָט אים געפּאַקט און צוגעשטעלט אַהיים. דער פאָטער, דער רב, האָט זיך אינגאַנצן נישט אַריינגעמישט אין דעם „סכסוך" צווישן זון און דער מאַמען. אַ מיספּאַר־שטענדעניש וועגן אַ קיכעלע, וואָס איז מסתמא ווערט פחות משווה פרוטה, איז נישט קיין עסק פאַר אים. האָט ער עס אינגאַנצן איגנאָרירט.

די מאַמע האָט פאַרלאַנגט, אַז אַבקע זאָל בעטן ביי איר פאַרצייאונג. ער אָבער איז געווען פעסט איבערצייגט, אַז על פי דין און על פי יושר דאַרף די מאַמע אים איבערבעטן, וואָרעם זי האָט אים אָן קיין שום גרונט באַליידיקט, מיט איר חושד־זיין אים, אַן אומשולדיקן, אין גניבה.

אַז ער האָט באין־אופן נישט געוואָלט זיך אַנטשולדיקן, האָט די מאַמע אים געשלאָגן. אַזוי ווי ער איז געווען אין זיין פעלצל־קוטשעבייקע האָט אָט־דער קאַצאַפּישער אויבער־מלבוש אַריינגעכאַפּט די קלעפּ און ער האָט קיין ווייטיק נישט געפילט. די קלעפּ זענען צו זיין לייב נישט דערגאַנגען.

ער איז געווען פאַרעקשנט. ווען מע שניידט אים אויף שטיקער, ווען מע פערטלט אים, וואָלט ער געבליבן ביי זיינס: ער איז נישט שולדיק, האָט ער נישט פאַרוואָס צו בעטן מחילה. ער האָט אויף דעם שלאָגן נישט רעאַגירט נישט מיט קיין באַוועגונג און נישט מיט קיין וואָרט אָדער געוויין. ער האָט געטראַכט ביי זיך, אַז נישט אים שלאָגט די מאַמע, נייערט זיין קוטשעבייקע. דאָס איז געווען דאָס ערשטע און לעצטע מאָל, ריכטיקער, דאָס איינציקע מאָל, וואָס זיין מוטער האָט אים געשלאָגן.

## 39

## דער שטופּ

שבת נאָך מיטיק פלעגן זיך צונויפקומען אַבקעס שוועסטערס חברטעס און אַ פּאָר פון זיינע חברים. מע האָט זיך געשפּילט אין שטוב אין „שלי׳עפּע באַבע".

כדי נישט צו מאַכן קיין טומל און נישט שטערן דעם טאַטן אין שלאָף, האָבן זיי אויסגעטאָן די שיך און זיך געשפּילט אַרומגייענדיק אין די זאָקן.

צווישן דער שוועסטערס חברטעס איז געווען אַ שיינע ברונעטן מיטן נאָמען נחמהלע. זי האָט געהאַט אַזאַ מחייהדיקן שמייכעלע און אַזעלכע טיפע שוואַרצע אויגן. אַבקע האָט זי זייער ליב געהאַט. אַז זיי האָבן זיך געשפּילט אין „באַהעל־טעניש און זוכעניש", איז ער געלעגן מיט אַ צאַפּלדיק האַרץ, ווען זי איז געווען די זוכערן, און געוואַרט און געגאַרט, זי זאָל אים געפינען. איז ער געווען דער זוכער, האָט ער זיך געפילט גליקלעך איבערגליקלעך, ווען ער האָט זי געפונען און געפירט זי ביי דער האַנט. איינמאָל, ווען ער האָט זי געפונען האָט ער זיך אַזוי דערפרייט, אַז ער האָט גענומען יובלען און טאַנצן, ער האָט פאַרגעסן, אַז דער פאָטער שלאָפט און מ'דאַרף זיך שפּילן איינ־דערשטיל.

דער פאָטער איז אַרויס פון שלאָפצימער אויפגעבראַכט, וואָס ער האָט אים אויפגעוועקט. ער האָט זיך אויף אים אָנגעבייזערט און אים אַ שטופּ־געטאָן דורך דער טיר אין הויף אַריין, אַ זאָג געבנדיק: שפּילט זיך אין הויף! שטיל זאָל זיין!

אַבקע האָט זיך געפילט שטאַרק געטראָפן. דער טאַטע האָט אים פאַרשעמט אין די אויגן פון נחמהלען.

ער האָט אַ יאָר צייט נישט גערעדט צום פאָטער, אַזוי אין כעס איז ער געווען אויף אים.

## 40

## ז' אדר*)

אַבקע האָט נישט געוווסט דאָס יאָר פון זיין געבוירן ווערן. ער האָט אָבער גאָר גוט געדענקט דעם טאָג פון זיין געבוירן ווערן, ז' אָדר, (תרמ"ח).

פּונקט אין אָט־דעם טאָג שיקט אים די מאַמע קויפן „געבייטלט" ברויט (דאָס איז ברויט, וואָס געפינט זיך צווישן שוואַרצן ראַזאָוון ברויט און ווייסער שבת־דיקער חלה) ביים בעקער ר' הענאָך.

ר' הענאָכן האָט ער געקענט. ער האָט אים געזען אין בית־מדרש אין די פאַרנאַכטן זיצן איבער אַ פּאַליאַנט. ער האָט אויך געהערט, ווי זיין פאָטער האָט געזאָגט מיט אַ שמייכל: „הענאָך לערנט מדרש"... מיינענדיק, ער קוקט אין מדרש ווי אַ האָן אין בני אָדם.

יעדנפאַלס, הענאָך איז געווען דער בעקער, ביי וועמען זעלדע האָט געקויפט ברויט. אַבקע וועט נישט פאַרבייגן זעלדעס אַ מנהג אָדער טראַדיציע. הענאָך האָט געוווינט און אויך געהאַט די בעקעריי פּונקט אַנטקעגן בית־מדרש.

אַבקע גייט פאַרביי דעם בית־מדרש. ער זעט אויס וואָכעדיק. ער איז פאַר־טונקלט אין שאָטנס, ווי אַלע מאָל; קיין שפּור פון קיין יום־טובדיקייט. אַ פּאָר ייִדן גייען, מיט זייערע טלית־ און תפילין־זעקעלעך אונטער די אָרעמס, צום דאַוונען. מער ווי אַ פּאָר גייען שוין אַהיים פון דאַוונען. אַלץ איז ווי געוויינטלעך

---

*) מגילה י"ג.

אין אַלע טעג פון דעם יאָר. אָבער טשיקאַווע, אין אַ קלויז, וואָס שטייט ווי אַ צוגעליעפּעטע צו דער דרום־זייט פון בית־מדרש, זעט ער אַ פּאָר מניינים ייִדן, וואָס דאַוונען עפּעס אַזוי פייערלעך, שיער נישט יום־טובדיק. עס ברענען פאַרן עמוד צענדליקער ליכט. אַ גאַנצע אילומינאַציע.

וואָס טוט זיך דאָ? וואָלט היינט געווען יום־טוב, וואָלט דאָך די מאַמע, די רביצין, נישט שיקן אים מיט געלט קויפן ברויט און מחלל־יום־טוב זיין. איז עס אַ וואָכעדיקער טאָג, ווי אַלע טעג פון אַ גאַנץ יאָר. איז וואָס איז די גדולה אויף דער קלויז, וואָס זי האָט זיך אַזוי צעצונדן מיט אַזויפיל ליכט? די ייִדן, די מתפללים זענען אַזעלכע פריילעכע, אַזעלכע אויפגעלייטערטע, וואָס איז עס?

ער גיט אַ טראַכט: מען דאַרף צוגיין און זען.

ער קומט צו צום קלויז. ייִדן דאַוונען אויפן קול. די ליכט ברענען פאַרן עמוד, אין צוויי הענגלייכטערס. זיי דאַוונען אָבער אין טלית און תפילין. איז וואָס קומט דאָ פאָר? עפּעס אַ פּלאָנטער.

ער האָט פיינט צו פרעגן פראַגעס, וואָס שטעלן אים אַרויס פאַר אַן עם־הארץ, אָבער דאָס מאָל וועט ער מאַכן אַן אויסנאַם. ער מוז דערגיין וואָס דאָ טוט זיך.

ער גיט אַ פרעג אַ ייִדן ביי דער טיר. דער געפרעגטער גיט אים צו פאַר־שטיין: היינט איז יאָ אַ שטיקל יום־טוב; עס איז ז׳ אָדר; משה רבינו איז אין דעם טאָג געבוירן געוואָרן און אין דעם אותו טאָג, נאָך הונדערט און צוואַנציק יאָר, איז ער געשטאָרבן.

אַבקע גייט אַוועק. אַלץ איז פאַרענטפערט. ער קויפט מיט אַ רויִקן געוויסן אַ לעבל ברויט. ער איז אַן אויפגעלויכטענער, אַן אויפגעפרייטער, אַ שטאָלצער. ווער קען זיך צו אים גלייכן! ער איז געבוירן געוואָרן אין איין טאָג מיט משה רבינון. דאָס מיינט דאָך, אַז ווען ער וועט אויסוואַקסן, וועט ער אויפטאָן גרוי־סע זאַכן.

## 41

## דער ממזר־בלבול

די רביצין חיה אסתר שרה איז געווען אַוועקגעפאָרן אויפן גאַנצן זומער אין די בעדער.

דער רב האָט איצט געלערנט אין הויז, געלערנט אויפן קול, די קינדער זאָל נישט זיין אומעטיק אַליין.

פון זיין טאַטנס זינגען בשעתן לערנען פלעגט זיך אַבקען צעגיסן איבערן גאַנצן קערפּערל זיינעם ווי אַ שטראָם פון נחת־רוח. דעם פאָטערס שטים האָט אים געגלעט און געוויקלט אין זיידנס, געגאָסן זיך דורך זיינע אויערן; דאָך האָט ער עס געפילט אין מויל, ווי ער ווערט געקאָרמעט מיט די זיסטע איינגעמאַכצן. פון מתיקות פלעגט ער איינשלאָפן אויף זעלדעס הענט. אַ שלאָפעדיקן פלעגט זעלדע אים אויסטאָן און אַריינלייגן אין זיין בעטל.

דער יעדוואַבנער האָט זיך אריבערגעקליבן צו זיי אין הויז. ער האָט געהאָלפן

זעלדען  השגחה געבן אויף די קינדער און פירן די באַלעבאַטישקייט. ער איז אויך יעדן טאָג געגאַנגען אָפּנעמען אַבקען פון חדר און אים ברענגען אַהיים, ער זאָל זיך נישט פאַרשפּילן אויפן וועג און פאַרגעסן קומען אָפּעסן.

זעלדע איז געווען אַ שטשופּלינקע, אָבער דורכן זומער איז זי געוואָרן ווי אַן אָנגעגאָסענע, אַ פּולינקע. אים איז זי אַן אָפּגעקאָרמעטע, אַ פּעטינקע נאָך בעסער געפעלן געווען. ער האָט זי נאָך מער ליב געקראָגן.

סוף זומער איז זיין מוטער צוריקגעקומען.

אין הויז האָט זיך די מאַמע מיטן טאַטן און די מאַמע מיט זעלדען געהאַלטן אין איין שושקען זיך. וועגן וואָס, האָט ער נישט געוווסט. מע האָט אויך גערעדט עפּעס אַזוי פאַרשטעלט, אומפאַרשטענדלעך פאַר אים אין באַקאַליי־קרעמל, וווהין מע האָט אים געשיקט פון צייט־צו־צייט עפּעס קויפן און ווו זעלדע איז געווען די שטענדיקע איינקויפערין.

זיין מאַמע, די רביצין, איז געווען שטאַרק פאַרעוסקט מיט זעלדען. זי האָט געקראָגן פאַר איר אַ חתן, אַ שוסטער־לאַטוטניק. אין אַבקעס אויגן האָט ער אויסגעזען צו מגושמדיק־גראָב. ער האָט געהאַט שוואַרצע האָר ווי פּעך. אַ שוואַרץ בערדל. אַבקע האָט אים פּיינט געהאַט. ווען ער איז צו אים געקומען צולויפן, — וואָס מער ער האָט אים געהאַסט, אַלץ מער האָט אים אַהין געצויגן און אַבקע האָט אים זייער אָפּט באַזוכט, — האָט דער חתן געהאַלטן אין ציִען דראַטוועס, אָדער ער האָט זיך געראַנגלט מיט אַ שטיק דיקער און האַרטער לעדער פאַר אַ זויל. ער איז אַלע מאָל אַרומגעגאַנגען אין אַ פאַרקויטיקטן פאַרטעך. זיין מאַמע איז געווען די גאַנצע מחותנתטע. זעלדע איז דאָך געווען אַ יתומה, וואָס האָט זיך געהאַט געהאָדעוועט ביי אַ ווייטער קרובה. און זיין מאַמע איז אונטער די אומ־שטענדן געווען אי זעלדעס מאַמע, אי איר טאַטע און אי איר גאַנצע משפּחה. די רביצין האָט אין איילעניש געפראַוועט די חתונה. מע האָט געשטעלט די חופּה.

ער האָט צוגעזען, ווי זעלדע, זיין זעלדע, שטייט מיט יענעם ווילד־פרעמדן יונג אונטער דער דעקע מיט די פיר דרענגלעך. אים האָט עס פאַרדראָסן, ממש געקרענקט, וואָס צוליב יענעם יונג האָט זעלדע נישט קיין צייט זיך אָפּצוגעבן מיט אים ווי פריִער.

גלייך נאָך דער געאיילטער חתונה האָט די רביצין זיי ביידן אויסגעריכט קיין אַמעריקע. אַבקע האָט נישט פאַרשטאַנען גענוי, וואָס אָט־די „אַמעריקע" באַטייט. ער האָט אָבער תופס געווען, אַז זעלדע פאָרט אַוועק העט ווייט פון זייער הויז און שטעטל.

זעלדע איז אַוועקגעפאָרן. ער האָט זיך געפילט ווי ער וואָלט, גאָט באַהיט, געוואָרן אַ קיילעכדיקער יתום. ער איז געווען בייז, אש להבה, אויף דער מאַמען, וואָס האָט זעלדען אַוועקגעשיקט ערגעץ־ווו אין די מרחקים; ער האָט אויף איר נישט געקענט קוקן און נישט אַרויסווייזן זיין כעס, ס'טייטש, פאַרוואָס האָט זי בידים פאַרוויסט זיין לעבן! ער האָט נישט געוואָלט גיין אין חדר; מע האָט אים קוים מיט צרות אַהין משלח־געווען. ער האָט אויפגעהערט צו עסן. ער איז אַרומ־געגאַנגען ווי אַ פאַרחושכטער. ער האָט ביי דער נאַכט זיך געוואָרפן אויפן געלע־גער און נישט געקענט איינשלאָפן. אין אַ פּאָר טעג איז פון אים געוואָרן חושך. ער איז געוואָרן ערנסט קראַנק. מע האָט גערופן דעם יונגן דאָקטער גאָלדבערג.

ער האָט אים אונטערזוכט און גאָרנישט געפונען. ער האָט דערקלערט, אַז דאָס קינד בענקט און מ׳מוז ברענגען זעלדען צוריק, אַנישט וועט דאָס קינד, מ׳זאָל באַהיט ווערן, זיין פאַרביי. צום גליק האָט זיך געמאַכט אַזוי, אַז זעלדע האָט זיך פאַרפלאָנטערט אין אירע ענטפערס אויף דער גרענעץ. מע האָט זי געהאַט אויסגע־פראַוועט מיט אַ פעסל אויף אַ פרעמדן נאָמען און זי האָט פאַרגעסן דעם נייעם נאָמען און האָט זיך אָנגערופן ביי איר אייגענעם, אַזוי אַז מע האָט זי נישט דורכ־געלאָזט. איר געמאַל איז אַדורך בשלום. זי איז געקומען צוריק, אָפּגעזעסן אַ טאָג צוויי ביי אַבקעס בעטל און ער איז גענעזן געוואָרן.

דאָס מאָל האָט זי „געשוואַרצט" די גרענעץ. אַ קאָנטראַבאַנדיסט האָט זי דורכגעפירט בשלום.

די שושקערייען אין הויז און די ריידערייען אין קלייטל האָבן זיך געדרייט אַרום איין אַקס.

דער ערשטער, וואָס האָט באַמערקט, אַז זעלדע איז אַ „קאַפּיטשקע" מעוברת, איז געווען דער קרעמער. ער איז געווען פון ר׳ כתריאלס צד. ער האָט גלייך זיך גענומען פאַרשפרייטן אַ קלאַנג אין שטעטל, אַז די דינסט האָט פאַרשוואַנגערט פון רב. ר׳ כתריאלס רייכע קרובים האָבן זיך צוזאַמענגעלייגט און מע האָט אָנגעבאָטן זעלדען אַ טויזנט רובל, אַז זי זאָל באַשטעטיקן דעם אויסגעטראַכטן בלבול.

זי האָט מיט פאַראַכטונג אָפּגעוואָרפן זייער אָנבאָט. זי האָט פאַרטרויט דעם סוד דער רביצין, אַז זי האָט פאַרפירט דעם „יעדוואַבנער". ער האָט זיך אָבער אין דעם בשום אופן נישט געוואָלט מודה־זיין.

דער „יעדוואַבנער", וואָס איז געווען פאַררעכנט ווי אַ מיטגליד פון רבנישן געזינדל, איז פלוצלינג נישט געוואָרן. אַוועק איין טאָג, אַ צווייטער טאָג — ער איז נישטאָ. ער ווייזט זיך נישט. אַבקע איז אויסער זיך. די איבעריקע קינדער זענען דערשטוינט און פאַראומערט. ער פעלט זיי בפועל־ממש אויס. פאַר אַבקען איז ער געווען שיער־שיער נישט אַ צווייטע זעלדע.

וואָס האָט פּאַסירט? די קינדער פרעגן די מאַמען. זי גיט זיי נישט קיין ענטפער.

אַבקע איז אַוועק אין בית־מדרש. ער מוז אויפזוכן דעם „יעדוואַבנער". ער האָט אים געפונען שאָקלענדיק זיך איבער דער גמרא „קידושין". ער איז צוגע־גאַנגען צו אים. זיין פּנים איז געווען אַזאַ פאַרצערטער. ער האָט אָבער געמאַכט אַן אָנשטרענג און קוים מיט צרות זיך צעשמייכלט. ער האָט אַבקען אַוועקגעזעצט לעבן זיך ביים שטענדער.

אַבקע פרעגט אים:

— פאַרוואָס קומט איר נישט? מיר אַלע בענקען נאָך אייך.

דער יעדוואַבנער ענטפערט בלויז מיט אַ טיפן זיפץ. נאָך אַ פויזע גיט ער אַ זאָג:

— איך בענק אויך. אָבער איך וועל מער צו אייך נישט קומען.

אַבקע איז פאַרווירט, ער קען נישט משיג־זיין, וואָס עס איז געשען מיט: יעדוואַבנער. ער איז דער זעלביקער, גאַנץ אין אַלע אברים, נישט קראַנק, און דאָך איז ער פאָרט נישט דער זעלביקער. די וואַרעמע ליבשאַפט און האַרציקייט, וואָס פלעגט פון אים אַרויסגיין צו אַבקען, איז עפּעס ווי אָפּגעקילט געוואָרן.

אַבקע גייט גלייך צוריק אַהיים. דער יעדוואָבנער באַגלייט אים ביז נאָענט צום מאַרק. ווייטער איז ער נישט געגאַנגען, כאָטש אַבקע האָט זיך ביי אים גע־בעטן, געקליאַנטשעט, געקושט אים די הענט, ער זאָל מיט אים אַריין אין שטוב. עס האָט נישט געהאָלפן.

דעם רבס חסידים האָבן דעם גאַנצן ענין אָפּגעפּטרט מיט דעם ווערטל: „אַ רב ווערט נישט קיין אמתער גאון, סיידן מע טראַכט אויף אים אויס אַ ממזר־בלבול״...

(דעם דינסטמיידל זעלדע און איר מאַן, דעם לאַטוטניק, האָט דער מזל שיין צוגעשפּילט אין דער גאָלדענער מדינה. עס זענען אַוועק אַ צוויי צענדליק יאָרן און זיי זענען רייך געוואָרן. זיי האָבן געהאַט אין ניו־יאָרק גרויסע שיך־געשעפטן. ווען אין יאגוסטאוו האָט מען זיך דערוווּסט, אַז זעלדע איז געוואָרן אַן עושרטע, האָבן די מענטשן, די יודעי־דבר, געזאָגט, אַז דער זכות, וואָס זי האָט זיך נישט געלאָזן אונטערקויפן און מאַכן אַ בלבול אויף אַ צדיק, איז איר בייגעשטאַנען און זי איז נתעשר געוואָרן. דער אויבערשטער האָט איר אָפּגעצאָלט בכפלי־כפלים).

## 42

# אַבקע לעבט זיך אַריין אין חומש

אַבקע האָט פיינט זיין רבין, חיים קוקוריקו; ער האָט אים פיינט מיט זיין גאַנצן הויזגעזינד, זיין פאַרשליומפּערט ווייב, איר וויינענדיק זויגקינד, וואָס איז תמיד פאַרנעצט און פאַרשטינקען, אַז עס האָט געאַווירט פון אים מיט „שטשא־קעס״, און זיין טעכטערל מיטן פאַרך.

אבער ער האָט אים אינגאַנצן פאַרהאַסט אוז פאַראַכט, אים אָפּגעשטעמפּלט ווי אַ רשע מרושע, ווי אַן אמתן רוצח, ווען ער האָט געזען, ווי אָט־דער מדריך און דערציִער זיינער פאַלט אַריין אין דער טריפהנער רציחה און גיט זיין פאַר־שליאָכעטן ווייב אַ בריק מיט דעם באַשטיוולטן פוס גלייך אין מיטן פון בויך, ווען יענע איז געווען אין די הויכע מאָנאַטן.

אַבקע האָט אָבער נישט אַריבערגעטראָגן די שנאה, וואָס ער האָט געפילט צום רבין — אויף דער תורה, וואָס ער האָט אים געלערנט.

אַבקע האָט זיך, בפועל ממש, געקוויקט מיטן חומש. וועגן בראשית אוז זיינע וווּנדער־מעשיות איז דאָך אָפּגערעדט, אָבער אויך שמות, במדבר און דברים האָבן אים געהאַלטן עקזאַלטירט, ווי פאַרטראָגן אין אַן אַנדער וועלט, אין אַ וועלט פון גראַנדיעזע טרויעריקע געשעענישן און ריזיקע, טראַגישע פּערזאָנען, ווי משה און אַהרן, וואָס קענען נעבעך נישט אַריין אין פאַרשפּראָכענעם לאַנד און שטאַרבן אויפן וועג, אין דער וויסטעניש, און די איבעריקע בני־ישראל, וואָס האָבן זיך אַזויפיל אָנגעליטן אין מצרים, אין מדבר און רעבעלירן כסדר קעגן גאָט און ווערן כסדר באַשטראָפט און כאַפּן נאָך דערצו אַריין אַזאַ פאַרציע קללות און חרמות אין דער מאוימדיקער „תוכחה״ *).

*) ויקרא כ״ו, י״ד — מ״ג. דברים כ״ח, ט״ו — ס״ח.

אַבקע האָט זיך באַגאָסן מיט זודיקע טרערן, ווען ער האָט געלערנט די סדרה „ואתחנן"... משה האָט זיך געבעטן און עס האָט אים גאָרנישט געהאָלפן, ער איז באַשטראָפט געוואָרן... פאַר וואָס? פאַר שלאָגן אַ שטיין? דאָס איז בלויז אַן אויס־רייד. אַ שטיין פילט דען אַ ווייטיק...

זיצנדיק אין שמוציקן חדר, האָט ער זיך אַריבערגעטראָגן אין אַנדערע רעגיאָנען און אַנדערע צייטן. ער האָט זיך אַריינגעלעבט אין די פּערזאָנען, וואָס האָבן פיגורירט אין יענע וויכטיקע פּאַרקומענישן. ער איז געווען אויסגעבונדן מיט די העלדן פון חומש. ער איז געגאַנגען דורכן מדבר מיט די בני־ישראל. ער האָט נישט געלערנט דעם חומש, ער האָט אים דורכגעלעבט, איבערגעלעבט. ער איז געזעסן אין טעאַטער און פאַר זיינע אויגן האָט זיך אָפּגעשפּילט דער אָנפאַנג פון דער ייִדישער געשיכטע; איין געשיכטע נאָך דער אַנדערער, איינע שפּאַנענדיקער פון דער אַנדערער, האָט זיך פאַנאַנדערגעוויקלט. ער איז אַרויס אינדערפרי קלייבן מן מיט די בני־ישראל; ער האָט אים געגעסן און געפילט זיין טעם „כצפּיחים בדבש *) אויפן גומען, אַזוי קאָנקרעט איבערגעבעוודיק איז אַלץ פאָרגעקומען.

ווי אָטעמפאַרכאַפּנדיק און פאַנטאַזיעצעצינדנדיק זענען די דיאַלאָגן צווישן משהן און דעם אייבערשטן. אָט שפּאַצירן זיי ביידע דורכן מדבר און טענהן זיך אויס... מיט משהס ליפּן רעדט אַבקע צום רבונו של עולם. ער לייגט אין אים אַריין די וואָגיקע טענות: נישט דערלעבן זאָלן די גוים, די ערלים, אָפּצולאַכן פון יהוה אלהים, דעם גאָט פון די בני־ישראל. אַבקע זעט דעם אויבערשטן פאַר זיינע אויגן. ער איז איינגעוויקלט אינגאַנצן אין ליכט. משה געניסט אויך פון דעמדאָזיקן ליכט; זיין פּנים זאַפּט אַריין דאָס ליכט און שיינט עלעהיי די זון. ער מוז טראָגן אַ מאַסקע אויפן פּנים ער זאָל נישט פאַרבלענדן די אויגן פון די בני־ישראל, ווען זיי קוקן אים אָן און ריידן צו אים. אַבקע שפּילט ביידע ראָליעס: דאָ איז ער משה און דאָ פאַרטרעט ער דעם אויבערשטן, רעדט אין זיין נאָמען, ענטפערט משהן. ער איז אַזוי אינטים מיט זיי, אַז ער איז ממש זיי. אין די מאָמענטן פון עקסטאַז און טראַנס איז ער אַ באַפליגלטער, אַן אויסגעטאָנענער פון דער וואָכעדיקער סביבה וואָס אַרום אים. דער חדר איז נישטאָ, דער רבי איז נישטאָ, פאַרשוווּנדן, נעלם געוואָרן, ווי קיינמאָל גאָרנישט געווען.

אַבקע איז אין אוהל־מועד, וואָס איז פול מיט רויך.

אָט־די טראַנס־מאָמענטן ווערן גאָר אינטענסיוו אין די בין־השמשותן, אין דער האַלב־פינצטערניש וואָס הערשט אין חדר. אין די געדיכטע שאָטנס אין ווינקל האָט ער געזען ממש מיט די אויגן אַהרנען אָן אויסגעצירטן מיטן ציץ אויפן שטערן מיטן חושן ואפוד אויף די אַקסלען און ברוסט. ער האָט אין אַזעלכע עקזאַלטירטע מינוטן זיך ניט גערעכנט אַפילו מיטן פּסוק „לא יראנו אדם וחי**)... אַ מענטש קען מיך נישט זען און בלייבן לעבן... אַבקע האָט געטייטשט דעם פּסוק אַזוי: אַ דערוואַקסענער מענטש קען דעם אויבערשטן נישט זען, אָבער ער, אַ ייִנגל, קאָן יאָ זען דעם אויבערשטן, און ער זעט אים טאַקע: אָט שטייט ער פאַר זיינע אויגן. בלויז אָנטאַפּן קען ער אים נישט.

---

*) שמות, ט"ז, ל"א.

**) שמות, ל"ג, כ'.

אויך אומגעוויינטלעך גשמיות־אַנגענעמע מאָמענטן האָט ער דורכגעלעבט אין חדר אין די שפּעטלעכע אָוונט־שעהן ווינטערצייט.

ער און רחקע האָבן געבראַכט מיט זיך אַ פלאַש טיי. צו האַלטן זי וואַרעם, ווייל מע וועט עס ערשט טרינקען אין אָוונט; שטעלט מען עס אַריין ביי דער רביצין אין דער פּעטשורקע פון אָנגעהייצטן קאַכליעס־אויוון. צו דעם טיי האָבן זיי געבראַכט ברויט מיט פּאָווידלע אָדער מיט גריוועניעס. די פלאַש איז געווען פון טייערן אימפּאָרטירטן וויין, וואָס די מוטער האָט געברויכט ווי אַ רפואה פאַר איר שוואַכן געזונט, אַזוי אַז אין טיי איז אַריין דער טעם און גערוך פון וויין. ער האָט זיך אָנגעזאַפּט פון פלאַש.

אָבער די עסעכצן און טרינקעכצן ווערן אין איין אויגנבליק, ווי דורך אַ צויבערקראַפט, פאַרוואַנדלט אין מן, אין שליו, אין די אויסטערלישע וואַסערן, וואָס משה האָט אַרויסגעשלאָגן פון אַ פעלדזנשטיין. יענע וואַסערן זענען נישט געווען קיין פּשוטע קרעניצע־וואַסער, נייערט אַ משקה, וואָס האָט געהאַט דעם טעם פון וויין, פון דעם פאַרוויינטן טיי, וואָס ער טרינקט אַצינד אין חדר.

די סיסטעם פון לערנען ווי זי איז פּראַקטיצירט געווען אין „חדר“ האָט פאַרמאָגט איין גרויסע מעלה, וואָס האָט אַריבערגעוויגן אַלע זיינע שווערע מעטאָדאָלאָגיש־דידאַקטישע חסרונות, און דאָס איז די צונויפגעפּרעסטע קאָנצענטרירטקייט, דאָס אָפּגעבן זיך מיט איין קעגנשטאַנד אויסשליסלעך. אויב „עברי“ זאָגן, איז „עברי“ זאָגן, ביז מע באַהערשט די טעכניק פון לייענען; אויב חומש איז כסדר חומש; אויב גמרא — איז גמרא און איין באַשטימטע גמרא פון איר אָנהייב ביז איר סוף. דאָס האָט דערצויגן דעם מענטשן דעם פאַרטיפטן, דעם מענטשן מיט דעם „איין־טראַקט־שכל“, וואָס טוט זיך אַריין אין אַ זאַך מיט לייב און לעבן, מיט חושים און מיט אַלע געדאַנקען. אָט־די קאָנצענטרירונגס־פעיִקייט איז די וויכטיקסטע באַגאַבטקייט ביים מענטשן. קאָנצענטראַציע איז גאונות.

די לימודים אין די וועלטלעכע „מאָדערנע“ שולן, ווו די קעגנשטאַנדן ווערן איינגעגעבן אין קליינע דאָזעס: אַ לעק געשיכטע, אַ שמעק מאַטעמאַטיק, אויפן שפּיץ־מעסער ליטעראַטור, האָבן געשאַפן דעם צעוואָרפענעם טיפּ מענטש, דעם פליאַדער־קאָפּ, וואָס קען זיך נישט אַריינטאָן אין איין קעגנשטאַנד און דערגרונטעווען אים ביזן סאַמע דעק.

אין חדר, אַז מע האָט געלערנט חומש, איז געווען הימל און ערד און חומש. מען איז אים דורכגעגאַנגען פון „בראשית“ ביז „לעיני כל ישראל“ און מען האָט אים געקענט שיער נישט אויפאויסנווייניק.

דער חומש האָט געהאַלטן דאָס יִדישע חדר־יִנגל, אויב עס איז געווען סענסיטיוו און האָט פאַרמאָגט אַ פאָרשטעלונגס־קראַפט, איינגאַנצן באַצוווּנגען. ער האָט געשאַפן אַרום אים אַ באַזונדערע, אַן אייגענע חומש־אַטמאָספערע, חומש־לופט, מיט וועלכער דאָס יִנגל האָט געאָטעמט. ער איז אויפגעשטאַנען מיט חומש, זיך געלייגט שלאָפן מיטן חומש און אין חלום געזען און אַליין אימפּעראָנירט די העראָיִשע חומש־געשטאַלטן.

אַבקע האָט אויף־וואָר ווי אין חלום געפירט שמועסן מיט יוספן און זיינע ברידער, מיט די אָבות און אמהות. אַלץ אַרום אים, דאָס שטעטל מיט זיינע

איינוווינער, זיינע חברים און ער אַליין, דאָס קליינגעוויקסיקע יידישע יינגל, זענען געווען אַ צוליג צום חומש און זיינע געשטאַלטן. די שטעטלשע יידן זענען געווען אַ פּאַראָדיע אויף די יידן פון חומש, אַ קאַריקאַטור, אַ גראָטעסק. אַפילו די אָפּי־צירן און גענעראַלן פון גאַרניזאָן, וועלכע ער האָט געזען אויף די פּאַראַדן, זענען געווען פאַרשטעלטע, איבערגעטאָענע אלופים, בלייכע שאָטנס פון יענע עכטע גענעראַלן, מיט וועלכע אַבקע האָט זיך געחברט אין חומש בראשית*), אַפילו אָט־די פשוטע באַשינעלטע און באַשטיוולטע זעלנערס זענען געווען פאַרמאַסקירטע „חניכים“**) פון אברהמען, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין די שלאַכטן פון די פיר מלכים קעגן די פינף...

## 43

## אַלעקסאַנדער דער דריטער שטאַרבט

אַבקע קומט פון חדר שפּעט אין אָוונט. עס איז שוין קאַלטלעך. די טעג זענען קורצע. אין די גאַסן איז אַ שליאַכאַטע. דאָס גיין אַהיים איז מעין אַ פּאַראַד אָדער אַ פּראָצעסיע. מע גייט מיט אָנגעצונדענע לאַמטערנעס. די לאַמטערנעס זענען פּאַפּירענע, אייגן־געמאַכטע. די קינדער האָבן אַליין אויסגעקנייטשט דאָס פּאַפּיר, אַזוי אַז עס האָט זיך באַקומען אַ סקעלעט פון אַ לאַמטערנע. מען האָט געדאַרפט אַריינשטעלן אַ דעק. די לאַמטערנעס האָבן זיך צעצויגן און זיך אויפגע־לייגט, עלעהיי אַ האַרמאָשקע אָדער אַ גוט אויסגעשמירטע כאַליעווע. צו מאַכן דאָס פּאַפּיר דורכזיכטיק, אַז דער שיין פון ליכטל זאָל קענען דורכדרינגען דורך אים און באַלייכטן דעם וועג, האָט מען עס אויסגעוויקסט מיט פעטס אָדער מיט קעראָסין.

מען האָט אַבקען, פאַרשטייט זיך, צוגעפירט ביזן הויף. דאָ האָט ער אַליין געדאַרפט דורכלויפן די קליינע שטרעקע אין דער פינצטערניש. די לאַמטערנע האָט בלויז צעריצט און צערודערט אַ ביסל דעם חושך פון דער נאַכט. פאַר־זינדיקט יענע גוטע צייטן ווען דער יעדוואַבנער פלעגט אים קומען אָפּנעמען און ברענגען צו פירן אַהיים. ער איז אַריינעפאַלן אין שטוב אַ פאַרסאָפּעטער, אַ האַלב־לעבעדיקער.

קיינער קוקט זיך אויף אים נישט אום; נישט ווי אַלע מאָל, וואָס ווי נאָר ער האָט זיך באַוויזן, האָט ער אַרויסגערופן אינטערעס ביי די קינדער און די דינסט האָט אים גלייך צוגעטראָגן עסן.

ער חידושט זיך. אין שטוב, שפּירט ער, הערשט עפּעס אַן אָנגעשטרענגטקייט. אַ פאַרשטיקטקייט, אָבער נישט פון טרויער, נייערט, פאַרקערט, פון אונטערדריק־טער, אין זיך פאַרבאַהאַלטענער שמחה. דאָס האַרץ איז פול מיט פרייד. אָבער מ׳האָט מורא זי אַרויסצווייזן פאַר אַ זייטיקן.

ער האָט אַ שאַרפן חוש־הריח. ער דערשמעקט, אַז עפּעס וויכטיקס און גוטס האָט פּאַסירט.

---

*) בראשית, ל״ו, כ״ט — ל׳.

**) דאָרט, י״ד, י״ד.

וואָס איז עס?

זיין שוועסטערל, רחקע, וואָס איז מיט אים דעם זמן נישט געגאַנגען אין חדר און זי איז געווען אין שטוב, קלערט אים אויף:

— דו ווייסט? דער קייסער איז געשטאָרבן.

— פונוואַנעט ווייסטו עס?

— דער טאַטע האָט געזאָגט.

— דאַרף מען זיך פרייען?

— אַוודאי, ער איז געווען שלעכט צו יידן.

מיט אַ שעה צוריק האָט דעם רב באַזוכט דער בורגאמיסטער. ער איז געווען אַ פּאָליאַק, אַ פּאַטריאָט, אָבער זיין פּאַטריאָטיזם האָט ער געהאַלטן אונטער שלאָס און ריגל.

ער איז אַריין מיט אַ געמאַכטער טרויעריקער מינע:

— אונדזער אימפּעראַטאָר איז געשטאָרבן, — זאָגט ער אָן די ידיעה אין אַ שטים וואָס איז אָנגעלאָדן מיט פאַרשטיקטער פרייד און געמאַכטן קלאָמפּערשטן אומעט.

— מע דאַרף דערקלערן פון מאָרגן־אָן טרויערטעג.

דער רב שטימט מיט אים איין, אַז דאָס פאָטערלאַנד האָט געליטן אַ גרויסן פאַרלוסט.

דער רב, ר' יהודה לייב, איז געווען אַ טאָפּלטער: אי עכטער רב און אי „קאַזיאָנער" ראַבינער. דאָס הייסט, ער האָט אָנגעהאַלטן אַ ברעקל רעגירונגסאַמט.

די פּאָליאַקן אין שטעטל האָבן זיך געפרייט און זיי האָבן גוט געוווסט, אַז די יידן פרייען זיך נישט ווייניקער פון זיי. אָבער איינער פאַרן אַנדערן האָט מורא געהאַט אַרויסצווייזן די פרייד. נאָך מער האָט מען זיך געשראָקן פאַר די מיליטערלייט, פאַר די באַאַמטע, פאַר די „קאַצאַפּעס", וואָס האָבן זיך געפונען אין שטעטל.

אַבקע איז געווען מלא שמחה, מאָרגן דאַרף ער נישט גיין אין חדר און נישט אָנקוקן דעם פאַרהאַסטן פּרצוף־פּנים פון זיין ערגסטן שונא, דעם רבין.

ווען אַלע טאָג שטאַרבט אַן אַנדער גוי־רשע, יאָ קיניג, צי נישט קיניג, וואָלט דאָך געווען ליהודים. ער האָט פיינט געהאַט זיין רבין, אָבער דעם טויט האָט ער אים נישט געוווּנטשן... מע טאָר נישט שילטן קיין יידן, און אַ רבין אַוודאי און אַוודאי נישט, ווי שלעכט ער זאָל נישט זיין.

דער רב־ראַבינער האָט גלייך געלאָזט וויסן אַלע באַלעבאַטים פון שטעטל, אַלע גבאים פון די שולן און אַלע שמשים.

אויף מאָרגן האָט מען אָנגעצונדן ליכט אין אַלע קלויזן. דער רב האָט אָנגעזאָגט, מע זאָל זאָגן תהילים, קאַפּיטל ק"ט.

אַראָפּגעקומען די גאַנצע „נאַטשאַלסטוואָ" פון שטאָט.

דער גרויסער בית־מדרש איז געווען געפּאַקט. דער רב אַליין האָט געזאָגט מיט אומעטיקער פאַרזיפצטער און פאַרקרעכצטער דביקות, אויף די גאָר הויכע טענער פון זיין באַריטאָן, די פּסוקים פון תהילים:

„זיינע קינדער זאָלן ווערן יתומים און זיין ווייב — אַן אלמנה. און וואָגלען זאָלן זיינע קינדער, בעטלען און זוכן ברויט... קיינער זאָל נישט נויגן צו אים

קיין גנאָד און קיינער זאָל נישט לייטזעליקן זיינע יתומים... פאַרוואָס ער האָט אָפּגעזאָגט דעם אָרעמאַן און דעם אביון... ער האָט ליב געהאַט די קללה, זאָל זי קומען צו אים. ער האָט נישט געוואָלט קיין ברכה — זאָל זי זיין ווייט פון אים; זאָל ער אָנטאָן די שילטעניש ווי אַ מלבוש לויט זיין מאָס, און זי זאָל אַריין אין זיין אינעווייניקייט ווי וואַסער און ווי בוימל — אין זיינע ביינער. זי זאָל זיין פאַר אים ווי אַ בגד, אין וועלכן מען וויקלט זיך איין, און ווי אַ גאַרטל זאָל זי אים אַרומנעמען..."

דער רב האָט אָפּגעזאָגט דעם גאַנצן קאַפּיטל תהילים און דער בורגאמיסטער איז שיער נישט צעגאַנגען געוואָרן אין טרויער...

## 44

## דער גוטער רבי

אַבקעס טייערסטער ווונטש איז דערפילט געוואָרן. ער איז אַריבערגעוואָקסן חיים קוקוריקוס חדר. ער ווערט שוין אַ גמרא־ייִנגל. מע האָט אים געקויפט אַ גמרא, בבא מציעאַ.

ביז אַהער האָט ער באַלאַנגט צו דער מאַמען. זי האָט אים פאַרהערט יעדן שבת. אַגב, זי איז געווען אַ שטרענגע עקזאַמינאַטאָרן. אים זענען די פאַרהערע־נישן גאָרנישט געווען געפעלן. ער האָט זיך געפילט דערנידעריקט פון דעם, וואָס ער ווערט באַהאַנדלט ווי אַ מיידל. אויף זיין לומדות פאַסט גאָר אויף די מאַמע. כאָטש אַ מאַמע, אָבער דאָך בלויז אַ ייִדענע. און וואָס איז די קענטעניש פון אַ אשה?! און וואָס ווינציקער זי קען, אַלץ שטרענגער און מער־פאָדערנדיק איז זי. דעם עלטערן ברודער פאַרהערט דער טאַטע. און וואָס פאַר אַ פאַרהערן דאָס איז; דער טאַטע זאָגט אים אַליין אונטער, ווו יענער איז שטומפּיק. הפנים, וואָס מער מען קען און מען ווייסט, אַלץ מער פאַרגיט מען. מען איז גנעדיק. און אַצינד ווערט ער אַ גמרא־ייִנגל — זיין הדרכה און השגחה גייען אַריבער אין רשות פון טאַטן. הכלל, ער איז דערהויבן געוואָרן.

איצט וועט ער קענען קומען און זיך אַוועקזעצן בהרחבה אויפן גאַנעק פון חיים קוקוריקוס שטוב און חדר מיט אַ גמרא אין האַנט אָדער אונטערן אָרעם און דורכשפּירן מיט אַלע גלידער, אַז ער האָט מער פאַר אים, פאַרן רוצח, קיין מורא נישט. און אויב ער וועט זיין מזלדיק, וועט דער קאַט אַרויס פון הויז און דערזען זיין געוועזענעם משועבד, וועט אים אָט־דער שוואַכינקער אַבקע ווייזן באַשיינפּערלעך, אַז אויס, ער ציטערט מער נישט פאַר אים. אמת, ער, דער רוצח האָט אים פאַר דעם אויך נישט געשלאָגן, ער האָט נישט געטאָרט אים שלאָגן. אַזוי האָט אים אַבקעס פאָטער אָנגעזאָגט, אים פאַרווערט צו שלאָגן, אָבער אַבקע האָט פאָרט געציטערט פאַר אים. וואָס טוט ער, ווען יענער, דער שלעגער, טרעט אַריבער דעם געבאָט, דער קלאַפּ וואָלט דאָך בלייבן ביי אים. איצטער האָט ער לחלוטין מער קיין מורא נישט פאַרן אויסגעדינטן סאָלדאַט און גבר. ער האָט קיין מורא נישט.

און דאָס האָט ער טאַקע געטאָן. ער האָט אויף אַזאַ שטייגער דעמאָנסטרירט צו זיין ערשטן רבין און צו דער רביצין, אַז ער איז אַרויס פון קנעכטשאַפט צו פרייהייט, פון אונטערדריקונג צו אויסלייזונג, און זיך געפילט גליקלעך און קאָנ־קרעטיזירט, געמאַכט זיין פרייהייט־צושטאַנד פאַר עפּעס פּאָזיטיווס, פאַר עפּעס, וואָס איז מער ווי בלויז אַ באַזייטיקונג פון שקלאַפעריי. ער האָט געיום־טובט זיין פרייהייט מיט אַלע זיינע חושים און איברים און אַמשטאַרקסטן האָט ער עס געפּייערט זיצנדיק אויפן גאַנעק, שיער נישט אויף דער שוועל פון דער תפיסה, אין וועלכער ער איז אָפּגעזעסן אַ טערמין פון דריי זמן.

אַבקע איז אָנגעקומען צו אַ נייעם רבין, אַ גמרא־מלמד, אַ באַאָרנטער ייִד מיט אַ שיינעם איידעלן הדרת־פּנים, מיט אַ גרויער באָרד. ער איז געווען אַ מזג־טוב. אַליין אַ חלוש. ער האָט געליטן אויף די פיס. אויך די רביצין איז געווען אַ בנעימותדיקע, איידעלע פרוי, וואָס האָט זיך אין חדר כמעט קיינמאָל נישט געוויזן. זי איז געזעסן אין איר קאַמער, אָדער געטאָן איר אַרבעט אין קיך. דער רבי האָט געהאַט אַן איידעם און ער האָט געוווינט מיטן רבין. דאָס פּאָרפאַלק האָט געהאַט אַן אַלקער פאַר זיך. דער איידעם פלעגט זיצן אַ גאַנצן טאָג און אַרבעטן, מאַכן לעדערנע זאַכן: טייסטערס, פרויען־הענטשקעס וכדומה. זיין אַרבעט איז געווען ריין, שיין, עלעגאַנט. ער האָט אָבער קיין „פּאַטענט" נישט געהאַט, דאָס הייסט, ער האָט נישט געצאָלט דער רעגירונג פאַר דער דערלויבעניש צו אַרבעטן און פאַרדינען אויף ברויט פאַר זיך און זיין ווייבל, דעם רבינס טאָכטער. האָט מען געמאַכט אָבלאַווע גאַנץ אָפט. פּאָליציי פלעגט זיך אַריינרייסן, פּרובירן אים כאַפּן ביי דער אַרבעט. דער רבי פלעגט בעת אַזעלכע איבערפאַלן ציטערן ווי אַ בלאַט. דער איידעם האָט אויף גיך פאַרשטעקט די אויסגעאַרבעטע פּראָ־דוקטן און אויך דאָס ביסל רויע מאַטעריאַל. קיין סך איז נישט געווען וואָס צו פאַרבאַהאַלטן, און אַליין האָט ער געמאַכט פליטה דורכן פענצטער פון אַלקער, וואָס איז אַרויס אין אַ הויף. די הויזזוכונגען און איבערפאַלן האָבן זיך ס'רוב געענדיקט מיט אַריינשטעקן אַ ריכטיקע מטבע דעם שטייער־באַאַמטן און דעם פּאָליציאַנט, וואָס האָט אים באַגלייט. די שרעק איז געווען גרויס, אָבער דער רבי האָט נישט מפסיק געווען דאָס קנעלן. ער האָט נישט געוואָלט אַרויסווייזן, אַז אים איז די זאַך נוגע. מען זאָל זיך נישט נעמען טשעפּען צום חדר און האַלטן אים פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די חטאים פון איידעם.

אַבקען איז אין אַזעלכע איבערפאַלן דאָס האַרץ שיער נישט אַרויסגעפאַלן פון פחד. עס האָט זיך פאַרטליעט אין אים אַ שנאה צו דער פּאָליציי און טאַקע צו דער רשעותדיקער רעגירונג. ס'טייטש, וואָס ווילן זיי פון זיין שטילן, גוטן רבין! פאַרוואָס שרעקן זיי אים איבער!

דאָס געפיל פון ליבע, וואָס אַ ייִדיש קינד שפּירט געוויינטלעך צו זיין גייס־טיקן פאָטער, וואָס לערנט אים תורה, מצוות און מעשים טובים און וועלכעס אַבקע האָט נישט געקענט אָפּגעבן זיין ערשטן רבין, האָט ער אַצינד אָפּגעגעבן ווי אַ חוב מיט פּראָצענט זיין צווייטן רבין, ער האָט אים ממש פאַרהערלעכט.

דאָ אין חדר האָט געלערנט אויך ניסל, שיינע יהודיתעס. ער איז געווען הויכגעוואַקסיק און מיט דריי יאָר עלטער פון אים און געקענט אַ סך וויניקער פון אים אין די שוואַרצע פינטעלעך. און גאָר קיין וווּנדער נישט. ניסל האָט זיך

קיינמאָל ניט איינגעהערט ווי דער רבי טייטשט די ווערטער אין „עלו מציאות“ אָדער אין אַ קאַפּיטל ישעיה. ניסל האָט בשעתן לערנען געהאַלטן די הענט פאַר־רוקט אין סקאַמייקע און עפּעס געמייסטרעוועט, פאַרריכט אַ צעבראָכענעם הפץ אָדער איינגעבונדן ביכלעך. ער האָט פאַר זיי קינדן און האָט געקראָגן באַצאָלט פאַר זיין אַרבעט. דאָס לערנען איז אים אין קאָפּ נישט געקראָכן. ער האָט תמיד געהאַט עפּעס בילכערס צו טאָן.

ניסל איז געווען, אייגנטלעך, וועלפקעס חבר, הגם וועלפקע האָט געלערנט ביי אַן אַנדער גמרא־מלמד, פון די געהויבענע, וועמען מע האָט געהאַלטן פאַר אַ שטיקל למדן. ער איז געווען אַ שוואַרצלעכער, אַ הויכער, אַ דאַרער, מיט אַ קורץ אונטערגעשאָרן בערדל; געווען אַ קרענקלעכער. זיין נאָמען איז געווען ר׳ אבא, אָבער די תלמידים האָבן אים גערופן דער „שטרויענער קאָזאַק“.

## 45

# אבקע דער רודף שלום

צווישן ניסלען און וועלפקען האָבן אָפט אויסגעבראָכן קריגערייען, ברוגזן. צייטנווייז האָבן זיי איבערגעריסן זייערע חברשע באַציִונגען; איינער מיטן צווייטן האָט נישט גערעדט.

אַבקע האָט געהאַט גאָר ווייניק אייגענע חברים, דאָס הייסט, ייִנגלעך פון זיין עלטער. האָט ער „געבאָרגט“. חברטעס האָט ער געקראָגן פון זיין שוועסטער־רחקע, און חברים פון זיין עלטערן ברודער, וועלפקע. וועלפקעס חברים, וואָס זענען אַלע געווען עלטער פון אַבקען, האָבן אים געהאַלטן פאַר זייערן אַ „האלבן חבר“. אין חברן זיך האָבן זיי זיך שטאַרק גערעכנט מיט די יאָרן. אויף אַ ייִנגערן מיט אַ יאָר צוויי האָבן זיי געקוקט מיט ביטול און זיי איז גאָרנישט אָנגעשטאַנען צו האָבן מיט אים צו טאָן. בלויז אין וועלפקעס זכות האָבן זיי אים צוגעלאָזן צו זייערע שטיפערייען און שפּילערייען.

אָבער וועלפקע, וואָס איז געווען אַ מאדים אין לערנען, איז געווען אַ גרויסער כעסן און אַ ביטערער קפדן און האָט זיך זייער אָפט צעקריגט מיט זיינע חברים. פון דידאָזיקע קריגערייען האָט אַבקע געליטן זייער פיל. אָן וועלפקעס חברים האָט ער נישט געהאַט מיט וועמען זיך צו שפּילן, וואָרעם קיין אייגענע חברים האָט ער נישט קולטיווירט. ער האָט בעסער געוואָלט זיין אַן עק ביי די לייבן, אידער אַ קאָפּ ביי זיינע פּיקסעלעך; און אָן וועלפקען האָבן וועלפקעס חברים מיט אים זיך נישט געוואָלט חברן, זיי איז נישט אָנגעשטאַנען זיין „יונג־שנע־קישקייט“, און ביי אים ווידער איז געווען שטאַרק אָנגעלייגט זייער „עלטערקייט“. האָבן אַ מעגלעכקייט זיך צו חברן מיט עלטערע, מיט מער דערפאַרענע, מיט שטאַרקערע אין אַלע הינזיכטן, הן אין פיזישן און הן אין גייסטיקן פשט, איז פאַר אַבקען געווען גאָר אַ וויכטיקער ענין.

לכן האָט אַבקע, וואָס פון אויספעכטן אַ קריג, זיך שלאָגן און באַווייזן, ווער עס איז גערעכט, מיט כוח, האָט ער נישט געהאַלטן, האָט נישט געקענט האַלטן,

מחמת ער איז געװען אַ שװאַכלינג, אַ קרענקלעכער און דערצו נאָך זײַנען די סכסוכים פֿאָרגעקומען צװישן עלטערע ייִנגלעך, װאָס זענען אַלע געװען גאָר־פֿיל שטאַרקער פֿון אים, — זיך געמוזט אַרײַנלײגן אין אַ שלום. ער פֿלעגט עס אָנפֿירן מיט די פֿרידנס־אונטערהאַנדלונגען צװישן װעלפֿקען און זײַנע חברים. ער איז באמת געװען זײער געשיקט אין זײַנע דיפּלאָמאַטישע אונטערנעמונגען. ער האָט אָנגעװענדט אהרנס *) טאַקטיק: ער איז געקומען צו יעדן פֿון די צעקריגטע און אים געטאָן זאָגן, אַז דער צד־שכנגד װיל זיך איבערבעטן און מאַכן אַ סוף צו דעם ברוגז, װאָס שטערט די שפּילערײען און אַרומלויפֿעניש אין די אָפּגעלײגטע, פֿאַרװאָרפֿענע פּלעצער פֿון שטעטל. דהײנו, דעם ברודער, װעלפֿקען, האָט ער געזאָגט, אַז ניסלען גײט אויס דאָס חיות זיך איבערצובעטן מיט אים; און ניסלען האָט ער פֿאַרזיכערט, אַז װעלפֿקע חלשט נאָך אַ שלום, כּדי מע זאָל זיך קענען שפּילן צוזאַמען.

די דיפּלאָמאַטיע איז, פֿאַרשטײט זיך, געװען אַ געהײמע. בלויז ער אַלײן האָט געװוּסט דעם אמת, און ער האָט אים קײנמאָל נישט אויסגעזאָגט. די שלום־באַדינגונגען און אָפּמאַכונגען האָט ער געמוזט אויסאַרבעטן מיט אַלע אײנצלהײטן. װאָרעם די צדדים האָבן זיך שטאַרק געדונגען איבער יעדער קלײניקײט. עס האָט זיך ס'רוב געהאַנדלט װעגן דעם, װער עס װעט מאַכן אַ גרעסערע צאָל שריט אין דער ריכטונג פֿון דערנענטערן זיך צום צװײטן. און אויך װער ס'װעט שטעלן דעם ערשטן טראָט, זײַן דער המתחיל־בדבר; און דערנאָך װער עס'װעט זײַן דער װאָס װעט אַרויסרײדן דאָס ערשטע װאָרט, װער ס'װעט דער ערשטער אויסשטרעקן די רעכטע האַנט און זי דערלאַנגען דעם חבר.

װען ער האָט זײ שוין צונויפֿגעבראַכט, זענען בײדע צדדים געשטאַנען אויסגעשטעלט, שיִער נישט װי צו אַ דועל, אין הויף אָדער אין מיטן מאַרק אָדער אין שטאָטגאָרטן. אַבקע, װי דאָס װעבער־שיפֿל, האָט זיך געװאָרפֿן פֿון אײנעם צום צװײטן, ער האָט איבערגערעדט מיט אײנעם און געזען פּועלן בײַם צװײטן. אַז עס איז געקומען צום קלימאַקס, צום דעצידירנדיקן מאָמענט, האָט ער שנעל אַ כאַפּ געטאָן בײַ בײדן די הענט און זײ אַזוי, מעשה פּאָקוּסניק, פֿלינק איבערגעצלמט, אַז מען האָט בפּועל ממש נישט געקענט זאָגן מיט באַשטימטקײט, װער איז באמת געװען דער ערשטער אויסצושטרעקן די האַנט און זיך צעװויטעװען. ער האָט גערעדט צו בײדן און זײ האָבן אים געענטפֿערט און ער האָט אַזוי געשיקט פֿאַרפֿלאָכטן די רײדערײען, אַז יעדער אײנער פֿון זײ האָט זיך געקענט טראַכטן, אַז ער איז געװען דער צװײטער, װאָס האָט אָפּגעענטפֿערט.

## 46

## ישעיה — דעם טאַטנס דרשות

אַבקעס נײַער רבי, דער גמרא־מלמד, איז געװען אַ װוילער מענטש. אים האָט מען נישט באַדאַרפֿט אָנזאָגן, ער זאָל אַבקען נישט שלאָגן. ער איז שויִן

*) אבות דרבי נתן, י״ב, ג׳.

גאָר קיין שלעגער נישט געווען. און אַבקען איז נישט געווען פאַרוואָס צו שלאָגן. ער האָט געהאַט אַן אָפענעם מוח, אַ טייערן קאָפּ אויף זיך. זיין אויפפיר איז געווען אַ לייטישער, אַ סטאַטעטשנער, אויף אַלע ייִדישע קינדער געזאָגט געוואָרן. וועגן געבן אים קלעפּ האָט גאָר קיין רייד נישט געקאָנט זיין. אויף זיין קאָרעקטער הנהגה האָט מען קיין שפּרינקל נישט געקענט געפינען, סיידן מ׳וואָלט וועלן גלאַט זיך טשעפּען צו אים.

אַבקע הערט זיך איין מיט אַלע זיינע חושים אין די שטראָפרייד פון די נביאים ישעיה און ירמיה.

אַפילו זיין טאַטע אין זיינע פייערדיקע דרשות זאָגט נישט אַזוי שאַרף און שיין דעם עולם מוסר.

ער האָט  האַלט געהאַט זיך צוצוהערן צו זיין טאַטנס דרשות  און ער האָט זיי פאַרצייכנט אין זיין זכרון.

ווען ער איז געווען גאָר יונג און נישט פאַרשטאַנען וואָס דער טאַטע זאָגט אין זיינע דרשות פאַרן עולם, וואָס ער האָט געהאַלטן צוויי מאָל אַ יאָר, שבת־שובה פאַר יום־כיפור און שבת־הגדול, פאַר פסח, האָט ער דאָך געשעפּט פון זיי פולע עמערס נחת. אים האָט שטאַרק הנאה געטאָן וואָס „אַלע" הערן זיך צו צו זיין טאַטן: דער בית־מדרש איז געפּאַקט, די ווייבערשע שול איז אָנגעפּיקעוועט, מען שטייט קאָפּ אויף קאָפּ.

זיין פאָטער איז בשעת זיין דרוש־האַלטן געשטאַנען ביים ארון־קודש. אָן איינגעוויקלטער אין טלית. ער האָט זיך אָנגעלענט אויף אַ שטענדער, וואָס ער האָט געהאַלטן אין וויגן. אַבקע איז געזעסן אויף די טרעפּלעך צוגערוקט צום שטענדער. וואָס האָט ער געטאָן? ער האָט געכאַפּט אַ ציצה פון טאַטנס טלית, ווען ער, זיין פאָטער, האָט זיך געבויגן צום עולם צו, און זי אַרויסגעלאָזן פון האַנט אויף שנעל, ווען דער טאַטע האָט זיך אויסגעגלייכט, זיך אויסגעצויגן צו זיין פולער שטאַטור. אָבער פיל מער אינטערעסאַנטער איז פאַר אים געווען אַרונטערצורוקן אַ פינגער אונטערן שטענדער, ווען דער טאַטע האָט אים אַ בויג געטאָן צוריקוויילעכץ און אים, דעם פינגער, אַרויסכאַפּן, ווען דער טאַטע האָט דעם שטענדער אַראָפּגעלאָזט און צוגעדריקט צום דיל.

איינמאָל האָט ער פאַרשפּעטיקט אויף איין אויגנבליק און דער פינגער איז געבליבן שטעקן אַ פאַרשטשעמעטער צווישן שטענדער און דיל. דער ווייטיק איז געווען מאוימדיק. ער האָט אָבער פאַרביסן די ליפּן, פאַרקריצט די ציין, געליטן און געשוויגן. צום גליק האָט דער טאַטע גלייך אויסגעבויגן דעם שטענדער און אַבקע האָט אַרויסגעכאַפּט זיין שיער נישט צעדרוזגעטן פינגער. ווי האָט ער געקענט אַרויסקומען מיט אַ געשריי? דאָס וואָלט דאָך אים אינגאַנצן דיסקרעדיטירט: עס וואָלט ווייזן, אַז ער הערט גאָרנישט די דרשה, נאָר ער שפּילט זיך גאָר בעת אַלע דערוואַקסענע האַלטן אָפן מויל און אויערן. אַזאַ בושה — בעסער אַריבערטראָגן די פיינפולסטע יסורים.

אַצינד איז ער דאָך שוין אַ דערוואַקסענער. ער הערט זיך אויפמערקזאַם צו צו די מעשהלעך און משלים, וואָס זיין פאָטער פלעגט אַרייַן אין זיין דרוש, און דערהויפּט ווערט ער ווי באַצויבערט פון דעם ניגון, מיט וועלכן דער דרוש ווערט געזאָגט און די מעשהלעך־משלים דערציילט.

אַ קיניג האָט געהאַט אַ טייערן דיאַמענט, האָט ער אים אַריינגעלייגט אין אַ גאָלדן קעסטעלע, צו וועלכן ער האָט געהאַט אַ שלעסל מיט אַ קליין שליסעלע. האָט ער מורא געהאַט, דאָס שליסעלע זאָל נישט פאַרלאָרן גיין, האָט ער עס צוגעבונדן צו אַ לאַנגער קייט און ער איז געווען זיכער, אַז דאָס שליסעלע וועט נישט פאַרפאַלן ווערן. דאָס איז דער משל.

דער נמשל איז:

דער מלך איז דער אויבערשטער; דער דיאַמענט איז די הייליקע תורה; דאָס קעסטעלע איז דאָס פאָלק ישראל; דאָס שליסעלע איז דער נאָמען, וואָס אַ ייִד טראָגט. אָט־דער ייִדישער נאָמען איז צוגעבונדן צו דער גרויסער קייט, צום שם־הוויה, צום וואָרט „יה" אָדער „אל"... אָבער אַז מע נעמט זיך רופן מיט גויאישע נעמען — איז דאָ אַ סכנה, אַז דאָס שליסעלע וועט פאַרלאָרן גיין און דאָס קעסטעלע וועט מען נישט קענען עפענען, סיידן מען זאָל עס צעברעכן.

אַבקע נעמט־אויף די קלוגשאַפט און שכלדיקע המצאות און איינפאַלן פון די דיספּוטאַנטן אין דער גמרא. איינער פרעגט, דער צווייטער פרעגט אָפּ. מע אַמפּערט זיך, מע ווייזט־אַרויס חריפות. מע פאַרענטפערט. מע מאַכט רעכט. עס איז לעבעדיק־שכלדיק. עס איז נישט קיין טרוקענער פאַרשלאָפענער, פאַרגעניצטער לימוד. עס קומט פאָר כסדר אַ געפעכט. איינער קעגן צווייטן, איינער קעגן אַלעמען און אַלע קעגן יעדן. עס איז רעשיק, קאָכיק. עס האַלט דעם לערנערס מוח וואַך, אָנגעשפּיצט.

אָבער באַגייסטערט איז ער פון ישעיהן.

ווי וווּנדערשיין איז אַרויסגעקומען ביי זיין רבין „דאָס געזאַנג פון וויינגאָרטן". דער רבי האָט געזאָגט די פּסוקים מיט אַ ניגון, וואָס האָט פאַרכאַפּט ביים האַרצן, וואָס איז געווען אָנגעזאַפּט מיט צער, צאָרן און פאַרשטיקטע טרערן. דער רבי איז אַ חלוש, אַ סוטולעוואַטער, פאַרדאגהטער ייִד, וואָס ציטערט פאַר אַ קנעפּל, פאַר אַ הויזזוכונג, פאַר אַ שטראָף, וואָס מע דראָעט אַרויפצולייגן אויפן אייִדעם און אויסגיין וועט עס צו זיין מאָגערער קעשענע. אָבער ווען ער האָט געזאָגט די פּסוקים פון דעמדאָזיקן געזאַנג, איז ער געוואָרן אַן אַנדער מענטש: ער האָט געקראָגן אַן אַנדער אויסזען; ער האָט מיט ישעיהס ליפּן געשטראָפט דאָס פאָלק ישראל. אין זיינע אויגן האָט זיך באַוויזן אַ פייערל, זיי האָבן געגליט און געבליט; זיין רוקן האָט זיך אויסגעגליכן, דאָס קול איז געווען ליריש, אָבער קרעפטיק.

און אַבקען האָט זיך בשעת מעשה געדוכט, אַז זיין רבי ווערט אין אָט־די מינוטן ווי „פאַרישעיהט". אָט שטייט ער אויף אַ היגל. אונטן אין טאָל איז פאַרזאַמלט דאָס פאָלק, אַ גרויסע מחנה, טויזנטער מאָל אַזוי די גרויס ווי דער עולם אין בית־מדרש, ווען זיין טאַטע דרשנט. דעם רבי ישיעהס פּנים איז צעלויכטן. אַרום די ליפּן ווייזט זיך אַ שוים, ער רעדט, מיט היץ און ברען, שאַרפע דיבורים, און דער עולם שטייט מיט געבויגענע קעפּ, מיט צעבראָכענע געמיטער; אין זיינע אויגן ווייזן זיך טרערן פון חרטה אויף זיינע זינד. יעדער איינער שווערט אין האַרצן, אַז פון היינט אָן און ווייטער וועט ער מער נישט מוטווילִיקן.

אַבקע איז צווישן עולם און ער פאַרשווערט זיך און פאַרנדרט זיך מיט אַ

ציצה אין געדאַנק, קיינמאָל, קיינמאָל נישט צו זינדיקן, צו פאָלגן דעם נביא־מוכיח ישעיהן.

געענדיקט דעם קאַפּיטל, ווערט דער רבי אַנטשוויגן; די זעונג פאַרשווינדט; דער צויבער איז אָפּגעטאָן; פאַר די אויגן איז אַ חדר, אַ צאָל ייִנגלעך. ניסל פאַרקעט זיך מיט אַ פּאָר פּענעס, וואָס ער גלייכט אויס זייערע שפּיצן דורך אַריינשטעכן זיי אין ווייכן האַלץ פון דער סקאַמייקע. דער רבי אָטעמט שווערלעך. ער איז אַ קראַנקער, צעבראָכענער, צעשראָקענער ייִד. און אַבקע אַליין — אַ חדר־ייִנגל און נישט מער.

## 47

## קושמענדער

דער חדר האָט געהאַט אַ גרויסן בשותּפותדיקן קאָרידאָר אָדער פּירהויז מיט אַ שניידער. זיין נאָמען האָט געקלונגען אין אַבקעס אויער אַ ביסל טשיקאַווע: „קושמענדער". מעגלעך, אַז דאָס איז גאָר קיין נאָמען נישט געווען, נאָר אַן איבערדרופּעניש, וואָס האָט אין זיך אַריינגענומען אַ טייל פון „שמענדריק". אָבער מיטן שניידער האָט אַבקע נישט געהאַט קיינע פאַרבינדונגען און זיין נאָמען אָדער צונעמעניש וואָלט אים אינגאַנצן נישט אינטערעסירט, ווען ער האָט נישט אַ זון, וואָס האָט געלערנט אין איין חדר מיט אים.

דער זון איז געווען אַ בן־יחיד, מיט אַ צוויי יאָר עלטער פון אַבקען. דאָס ייִנגל האָט געהאַט אַ שווערע תּפיסה. אָבער זיין טאַטע, דער שניידער, האָט געגלויבט, אַז תּורה איז אַזאַ זאַך, וואָס מען קען עס אַריינקלאַפּן איינעם אין קאָפּ אָדער איינגעבן איבערגעוואַלד עלעהיי אַ ביטערע רפואה. אים האָט זיך דווקא געוואָלט מאַכן פון זיין תּכשיט אַ „לערנער". אַזוי ווי ער איז געווען אַ באַלעבאַטישער שניידער, האָט גוט פאַרדינט און האָט זיך געקענט לאָזן קאָסטן אויף שכר־לימוד, האָט ער אָפּגעגעבן זיין בן־יחיד אין אַ גוטן חדר, טאַקע צו אַבקעס רבין, אים אָנגעבאָטן גוט משלם צו זיין. האָט ער געבעטן דעם רבין, ער זאָל אויף זיין זון אַכטונג געבן, און פאַר דער ספּעציעלער השגחה וועט ער באַקומען עקסטראַ באַצאָלט חוץ דעם באַדונגענעם באַלוין.

מיט פּשוטערע ווערטער מיינט עס, אַז ער האָט דעם רבין בפירוש אָנגעזאָגט, אַז ער זאָל קיין פּעטש נישט קאַרגן, „שניידן די פּעל", אַבי פון ייִנגל זאָל ווערן אַ לייט.

דער רבי האָט געהאַט אין חדר אַ כּיתּה, מיט וועלכער ער האָט געלערנט אי גמרא און אי נביאים־אחרונים און אויך משלי פון די כּתובים. האָט דער רבי, וואָס האָט נישט געקענט זיך אָפּזאָגן פון דעם אָנלאָקנדיקן אָנבאָט מצד דעם שכן, קושמענדערן, אַריינגענומען זיין זונדל אין אָט־דער כּיתּה, וואָס איז געווען צו אַוואַנסירט פאַרן ייִנגל מיט זיינע גאָר קנאַפּע קענטענישן אין די „שוואַרצע פּינטעלעך".

אַ גאַנצע וואָך איז דאָס לערנען געגאַנגען כּשורה אין חדר. פרייטיק אָבער, ביים איבערחזרן און, אַזוי צו זאָגן, „עקזאַמינירן", האָט זיך געטאָן חושך. דאָס ייִנגל קושמענדער האָט נישט געוווּסט דעם פּירוש המלות פון די אָפּגעלערנטע

קאַפּיטלעך. די עברי איז ער דורכגעקראָכן אָן שוועריקייטן, אָבער מיטן טייטש איז געווען געברענטע צרות. עס איז געווען איבער זיינע באַגרענעצטע כוחות. די עקזעקוציע האָט זיך אָנגעפאַנגען גלייך פֿונדערפֿרי, און זי האָט אָנגעהאַלטן ביז נאָך האַלבן טאָג, ווען דאָס לערנען האָט זיך געענדיקט. פֿאַר יעדן קאַפּידרעך פֿאַרטייטשטן וואָרט זענען געפֿאַלן פּעטש ווי שפּענער. הילכיקע פּעטש. פּרעסק אין די ציינער.

דאָס שלאָגן האָט לחלוטין גאָרנישט געקענט אויפֿטאָן; דעם רבינס קלעפּ זענען געווען אַרויסגעוואָרפֿן; עס האָט געהאַט אַזאַ זינען, ווי שמייסן די באַנק, שלאָגן אַ באַק, ער זאָל געבן מילך. אַבקע מיט זיין פּעדאַגאָגישן חוש האָט ווייטיק־דיק־פֿאַרדריסלעך געפֿילט, אַז דאָ איז נישט געווען קיין פֿראַגע פֿון ייִנגלס נישט וועלן לערנען, נישט זיין אויפֿמערקזאַם. ער האָט פּשוט מיט זיינע ווייכע ציינדלעך נישט געקענט איינבייסן די צו האַרבע און האַרטע רייד פֿון נביא, וואָס זענען געזאָגט געוואָרן פֿאַר אַ בעסערן און העברעיִש־באַהאַוונטן עולם. די אויסדרוקן — צו שיין, צו געפֿליגלט, צו הויך. דער יונגער קושמענדער האָט געדאַרפֿט לערנען די נביאים־ראשונים, זיי וואָלט ער דורכקריכן מיט אָנשטרענג.

אָבער קושמענדער האָט געוואָלט מאַכן זיין זון פֿאַר אַ קענער אויף גיך, איבערהיפּנדיק אַ פּאָר נידעריקערע שטאַפּלען אין קענטעניש־לייטער, און דעם זונס קאָפּ האָט אַרויסגעוויזן עקשנותדיקן ווידערשטאַנד. און, הפּנים, אַז דער שניידער האָט געמיינט, אַז מיט שמייסן קען מען עס דערגרייכן.

אבקע איז געווען זיכער, אַז ווען מע נעמט דאָס ייִנגל און מע צעפּאַסעוועט אים, צעשניידט אים אויף שטיקלעך, וואָלט ער נאָך נישט באַנומען, וואָס ישעיה זאָגט. אים האָט געפֿעלט די געהעריקע בהדרגהדיקע צוגרייטונג.

מעגלעך, אַז דער רבי האָט עס באַגריפֿן. אָבער אָפּזאָגן זיך פֿון פּעטן פֿינאַנ־ציעלן ביסן, מישטיינס־געזאָגט, ביי זיין אָרעמקייט, האָט ער נישט געקענט. איינ־גאַנצן לאָזן דאָס ייִנגל ביי זיין נישט־וויסן און נישט־פֿאַרשטיין איז אים געווען אומפּאַסיק; ער קריגט דאָך באַצאָלט טאָפּלט אי פֿאַרן קנעלן מיט אים און אי פֿאַרן אונטערטרייבן; האָט ער געטריבן דעם לאָשעק מיט דער בייטש, האָפֿנדיק אפֿשר טאָמער וועט פֿאַרט פּאַסירן אַ נס און דער לאָשעק וועט אַ שלעפּ טאָן דעם איבער־געלאָדענעם וואָגן, וואָס איז איבער זיינע כוחות. אויספּראַווען פֿאַר אים אַ באַזונ־דער וועגעלע מיט אַ לייכטער משא, דאָס הייסט, לערנען מיט אים באַזונדער, און לייכטערע קעגנשטאַנדן, איז ער נישט געווען ביכולת אי מחמת מאַנגל אין צייט און אי מחמת דעם, וואָס זיך אַרונטערלאָזן וואָלט זיין קעגן זיין פֿאַרנומענער פּאָזיציע אין דער היעראַרכיע פֿון מלמדות: אַ גמרא־מלמד וועט נישט ווערן קיין חומש־מלמד, דאָס באַטייט דאָך אַ ירידה. זאָל ער צוליב דעם איין „פֿויער" זיך אַראָפּלאָזן און ווערן אַ דרדקי מלמד! דאָס איז דאָך אַן אומגעהערטע דעגראַדאַציע. איז אים געבליבן איין אויסוועג: פּאַטשן און פֿאָרן און אולי ירחם, — ער קריגט דאָך שכר פֿאַרן ברעכן די ביינער.

אַבקע איז געווען אַ רך־לבֿ. ער האָט נישט געקענט פֿאַרטראָגן די עקזעקו־ציעס. פֿרייטיק, אין די שעהן, ווען דער רבי האָט זיך אָפּגעגעבן מיט קושמענדערס ייִנגל, פֿלעגט ער אַרויסגיין אויף נקיות און זיך זאַמען אַזוי לאַנג ווי נאָר מעגלעך. דער רבי האָט פֿיל פֿאַרלאָרן אין זיינע אויגן פֿאַר זיין שפּילן די ראָלע פֿון

אַ שלעגער, אַ ראָלע, וואָס האָט זיך גאָרנישט געפּאַסט פאַר אים, וואָס אין דער תנ״ך־שעה האָט ער זיך שיעור נישט פאַרזעלביקט מיטן נביא ישעיה און האָט אַזוי טעמפּעראַמענטפול און באַגייסטערט געמוסרט, געשמיסן דעם עולם מיט ריטער־ווערטער און נישט געוואָרפן שלאָגן זיך מיט די פויסטן.

אַבקע האָט געגומען תופס זיין אינטואיטיוו, אַז אין דעם ווילן רבין, וואָס קען זיך דערהייבן אין אַ שעה פון באַגייסטערונג צו אַ ישעיה, שטעקט נאָך אַלץ אַ חלק פון דעם גזלן־מלמד חיים קוקוריקו.

ער האָט ליב געהאַט, אהבת נפש, זיין רבין אַ גאַנצע וואָך. ער האָט אים אָבער פאַרהאַסט אין די פרייטיקן. זיין רבינס טאָפּל־געשטאַלטיקייט האָט אים פאַרשאַפט אַ סך עגמת־נפש און האָט אים אויך געמאַכט זיך פאַרטראַכטן וועגן מענטשן, וואָס קען זיך אויפהייבן, אין געוויסע מאָמענטן, אַזוי הויך, אַוועקפליִען אין די הימלען אַריין און זינקען, אין אַנדערע מאָמענטן, אַזוי נידעריק, זיך וואַלגערן ממש אין בלאָטע.

ער האָט געגומען קריגן אַ שטיקל אַנונג וועגן דער רעטענישקייט, װאָס שטעקט אין מענטשן. זיין מאַמע, וואָס איז צו אים אַזוי גוט צייטנוויז, אַז זי איז כמעט ווי זעלדע איז געווען צו אים, האָט אים דאָך אום פּורים אַזוי גראָב אָנגעטראָטן, ממש „פאַרגאָסן זיין בלוט“... ווי קען ער עס פאַרשטיין: זיין רבי — אָט איז ער ישעיה און אָט איז ער אַ פּראָסטער שלעגער, אַ חיים קוקוריקו.

ער האָט אויך געטראַכט, אַז ווען דער הייליקער נביא ישעיה וואָלט געוווסט, וויפל ייִדישע ייִנגלעך עס וועלן צוליב זיינע רייד קריגן געשלאָגן אין די חדרים פון רוצחישע מלמדים, וואָלט ער בעסער אינגאַנצן געשוויגן, און ווען נישט געשוויגן, וואָלט ער זיינע רייד לדורות נישט פאַרשריבן. וואָרעם יעדער אות אין זיין ספר איז אָפּגעטונקט אין ייִדישן ייִנגל־בלוט און דורכגעזאַפּט מיט ייִדישע ייִנגל־טרערן. זיי, די נביאים, האָבן געשריבן — און אויסגיין גייט עס אויס צו ייִדישע ייִנגלשע קעפּ...

## 48

## קורציזיכטיקייט — „בולקע“...

דער חדר האָט געהאַט אַ צוגאָב צום רבין און דאָס איז געווען דער רוסישער לערער. ווי איז געווען זיין נאָמען? די קינדער האָבן אים ביים נאָמען נישט גערופן. ער איז געווען אַ קליינגעוויקסיקער, אָבער אַן אָנגעגאָסענער ווי אַ פּעסל, אַזוי אַז ער איז געווען „ברייטער ווי לענגער“, ווי דאָס ווערטל גייט. די ייִנגלעך תלמידים האָבן אים גערופן „בולקע“. זיין אַרבעט איז באַשטאַנען אין קומען אין חדר אויף אַ שעה אָדער צוויי און לערנען מיט חדר־ייִנגלעך רוסיש לייענען און שרייבן און אויך חשבון, אַביסל אַריטמעטיק.

ביידע לימודים האָבן זיך אַבקען געגעבן זייער לייכט. רוסיש איז אים נישט געווען פרעמד. ער האָט געקאָנט פאַרשטיין די „ערלים“, די פּאַראָבקעס אין זיידנס הויף, און זיי האָבן גערעדט אַ לשון, וואָס איז געווען זייער ענלעך צום ביכלשן רוסיש וואָס בולקע האָט אים געלערנט. אָבער ממש פאַרליבט איז ער געווען אין חשבון. ער האָט זיך לייכט אויסגעלערנט צוזאַמענשטעלן אַ כפל־טאַבעלע, וואָס

איז דערגאַנגען ביז הונדערט. די ציפערן זענען געווען אויסגעשטעלט אַזוי, אַז אָן רעכענען האָט מען גלייך געקראָגן דעם ריכטיקן ענטפער. אַלץ, וואָס מען האָט געדאַרפט טאָן, איז אַ קוק טאָן אויפן נומער אין דער האָריזאָנטאַלער און ווערטיקאַלער ליניע און אין דעם פונקט, וווּ אָט־די צוויי האַקן זיך איבער, איז געשטאַנען דער ענטפער. ווען ער האָט זיך געלייגט שלאָפן, האָט ער אַוועקגעשטעלט לעבן בעט אַ שטול און אויף אים, אויפן געזעס־פלאַץ, האָט ער „געלייזט" אַריטמעטישע „פּראָבלעמען", אויפגאַבעס (זאַדאַטשעס) פון אַ ביכל מיטן נאָמען דער „אויפגעבער" (זאַדאַטשניק).

איין זאַך, אין פאַרבינדונג מיט חשבון־קנעלונג איז אים געווען אינגאַנצן אומפאַרשטענדלעך, און דאָס איז די „טועכץ" פון בולקען אויפן גרויסן שוואַרצן טאָוול, וואָס איז געשטאַנען אויף אַ היפּשער דיסטאַנץ פון די שילערס בענקלעך, אין עק צימער, נישט ווייט פון טיר.

בולקע האָט זיך אַוועקגעשטעלט לעבן טאָוול, דורכגעמאַכט פאַרשיידענע באַוועגונגען איבערן טאָוול און געפרעגט פראַגעס ביי די קינדער. אַבקעס חידוש איז געווען זייער גרויס, וואָס די קינדער האָבן אים געענטפערט, געוווּסט וואָס צו ענטפערן. לויט זיין קוק און פאַרשטיין נאָך איז אויפן טאָוול גאָרנישט געווען אָנגעשריבן און בולקעס פראַגעס האָבן נישט געהאַט קיין שום זינען. איז וואָס איז געווען דער מער מיטן משונהם לערער? ווען בולקע האָט זיך געווענדט צו אים דירעקט מיט זיינע פראַגעס, האָט ער אים נישט געענטפערט, ער האָט נישט געוווּסט וואָס צו ענטפערן און אים האָט זיך געדאַכט, אַז בולקע רעדט נישט צו דער זאַך.

ביי אים איז בולקעס האַנדלונג ווי אויך די האַנדלונג פון די קינדער געווען אַ רעטעניש.

נאָך דער לעקציע, ווען בולקע איז שוין געווען אַוועקגעגאַנגען, איז ער אויס נייגעריקייט צוגעגאַנגען צום טאָוול און געזען, אַז אויף אים זענען אָנגעשריבן ציפערן און לויט די ציפער ווייזן, זענען בולקעס פראַגעס נישט געווען אויסן וועג. אָבער ווער האָט דען געקענט זען די ציפער פון אַזאַ מרחק?! האָבן די אַנדערע ייִנגלעך עפּי יאָ געקאָנט זען? אים איז נישט איינגעפאַלן, אַז ער איז אַ קורצזיכטיקער. ער האָט זיך עס דערוווּסט, ווען ער האָט זיך געדאַרפט שטעלן צום „פּריזיוו". דעמאָלט האָט ער אָנגעטאָן פּענסנעס. מיט קיין אָפּטאָמעטריסט האָט ער זיך נישט באַראַטן. ער אַליין האָט זיי אויסגעקליבן. אָנגעמאָסטן עטלעכע פּאָר און די, וואָס האָבן אים געפּאַסט אַמבעסטן, האָט ער גענומען. באַצאָלט 25 קאָפּיקעס און פּטור אַן עסק.

מיט צוויי יאָר צוריק, אַבקע איז נאָך אין חדר נישט געגאַנגען. ער פלעגט אָבער גיין באַגעגענען וועלפקען, ווען יענער קומט אַרויס פון אבאס, דעם שטרויענעם קאָזאַקס חדר. איין מאָל, ער באַגעגנט וועלפקעס חברים, זיי גייען עסן וואַרעמעס.

— וווּ איז מיין ברודער?

— בולקע האָט אים פאַרהאַלטן. אָפּגעשטעלט אָן וואַרעמעס ווי אַ שטראָף.

— אַזוי גאָר? — איז אַבקע פאַרחידושט.

די ייִנגלעך ריידן אים אָן, ער זאָל אַריין אין חדר, ווו בולקע לערנט איצט מיט אַ צווייטן קלאַס, און צוגיין צום לערער און זאָגן צו אים בזה הלשון:

„בולקע, פאַרוואָס לאָזט איר נישט מיין ברודער, וועלפקען, גיין עסן״? און דאָס וועט העלפן און ער וועט וועלפקען באַפרייען.

וואָס טוט מען נישט פאַר אַן אייגענעם ברודער?! אַבקע האָט נישט געוווּסט, אַז „בולקע״ איז אַ צונאָמעניש. טוט ער וואָס די ייִנגלעך הייסן אים.

ער איז אַריין און האָט זיך געווענדט מיט דער פראַגע צום לערער און אים אָנגערופן „בולקע״.

דער לערער איז געוואָרן רויט ווי אַ בוראַק. דער „קלאַס״ האָט זיך געשמיקט מיט געלעכטער. די תלמידים האָבן דערלעבט אַ נקמה אין פאַרהאַסטן לערער.

אַבקע האָט געגומען חושד זיין, אַז ער האָט דאָ עפּעס אָפּגעטאָן אַ שרעקלעכע זאַך. הגם ער האָט נישט געקענט באַגרייפן, וואָס דאָס איז געווען. אַ דערשראָקענער איז ער אַרויסגעלאָפן פון חדר און אַוועק אַהיים.

אין אַ שעה אַרום, ער זעט „בולקע״ איז דאָ. ער האָט אים פאַרמסרט פאַרן טאַטן: ס׳טייטש, אַבקע האָט אים מבייש געווען פאַר אַ גאַנצן קלאַס ייִנגלעך.

דער טאַטע האָט אים אַפילו נישט אויסגערעדט. ער איז געווען זיכער, אַז אַבקע האָט עס געטאָן אין פולער אומשולדיקייט, ווי די זאַך איז טאַקע געווען. אָבער אים, ווען ער האָט זיך דערוווּסט, וואָס ער האָט אין זיין תמימות אָפּגעטאָן, האָט זיין האַנדלונג שטאַרק פאַרדראָסן: ער האָט פאַרשעמט אַ לערער, וואָס איז אַ חצי־רבי.

נאָך אָט־דעם דורכפאַל איז ער געוואָרן פאַרזיכטיק. ער האָט גענומען טראַכטן, אַז מען דאַרף נישט אויספאָלגן אַלץ, וואָס די עלטערע ייִנגלעך הייסן אָדער ראַטן אים צו טאָן.

## 49

# דער טאַטע שלאָגט וועלפקען

וועלפקע איז אַוועק מיט דער אלמנהס ייִנגל, וואָס איז געווען אין זיינע יאָרן; אַבקע איז אים נאָכגעגאַנגען, ווי אַ קעלבל נאָך אַ קי, צום טייך, ריכטיקער, צו דער בריק, וואָס איז געהאָנגען אויף קייטן איבערן טייך נעטטא. דאָרטן איז געווען אַ קאַנאַל. דער טייך איז פון איין זייט בריק געווען אויף דער פלאַך מיט דעם ערד־ניוואָ, אויף דער צווייטער זייט איז ער געפלאָסן אין אַ טיפן טאָל, דער אַראָפּזינק איז געווען אפשר פון אַ הונדערט פוס. ווען נישט די בריק און די שליוזעס, וואָלט דאָ געווען אַ היפשער וואַסערפאַל. אַז עס פלעגן אָנקומען פליטן און זיך דערנענטערן צו דער בריק, האָט מען אָנגעפילט דעם קאַנאַל מיט וואַסער אַזוי, אַז עס איז געווען אויף דעם ניוואָ פון טייך אויף דער פלאַך. מען האָט אַריינגעלאָזן די פליטן אין קאַנאַל און מ׳האָט בהדרגה געלאָזט אַרויספליסן דאָס וואַסער, ביז דער וואַסערשפיגל האָט זיך אויסגעגלייכט מיטן טייך אין טאָל. איצט האָט מען געעפנט די שליוזעס־טויערן, אַרויסגעלאָזט די פליטן און זיי זענען אַוועקגעשווומען בשלום.

אַבקע איז אַ סך מאָל געשטאַנען און באַאָבאַכט מיט אויפמערקזאַמקייט די טעכניק פון אָנפילן דעם קאַנאַל דורך די אָפענע זאַסטאַווקעס און דערנאָך דאָס אַרויסלאָזן דאָס וואַסער פון דער צווייטער זייט דורך אַנדערע געעפנטע

זאַסטאַוועקס. אים איז אָבער קיינמאָל נישט איינגעפאַלן זיך אָנצוהענגען אויף די קייטן און רינגען פון בריק און זיך אַזוי לאָזן הוידען איבערן טייך. וועלפקע האָט עס יאָ געטאָן. באַוויזן עס ווי אַ קונץ. אַבקע האָט אָן אַ האַרץ פרובירט אים נאָכטאָן, אָבער דער קאָפּ האָט זיך אים פאַרדרייט און ער האָט עס געמוזט אויפגעבן. אָבער וועלפקע האָט זיך אַזוי געוויגט שעהנלאַנג מיט קורצע פויזעס. ער האָט באַוויזן זיין געשיקטקייט. דער אלמנהס יינגל האָט מורא געהאַט נאָכצוטאָן וועלפקען. ער האָט אָבער באַוווּנדערט וועלפקעס גבורה־קונציקייט און בראַווקייט, מיט וועמען ער איז געווען אַ גוטער חבר, כאָטש ער האָט אים מיט אַ יאָר צי מער צוריק שיער אַן אויג נישט אַרויסגענומען בעת אַ שטיפעריי.

זיי האָבן אַזוי פאַרבראַכט דאָ ביז ווייט נאָך האַלבן טאָג. ווען וועלפקע און אַבקע זענען געקומען אַהיים, איז שוין געווען טונקל בין־השמשותדיק.

אויף די נאָכפראַגעס, ווו זיי זענען עס געווען אַ גאַנצן טאָג, האָבן זיי געגעבן נישט קיין קלאָרע, זיך אַרויסמאַכנדיקע, ענטפערס. און אַלץ וואָלט אַראָפּ גלאַט, ווען נישט דער אלמנהס יינגל. ער איז געווען אַזוי אַנטציקט פון וועלפקעס ציר־קישע קונצשטיק, אַז ער האָט עס געמוזט אַרויסדערציילן, עס האָט אים ממש געפּוישט. אַז די אלמנה האָט עס דערהערט, איז זי געוואָרן אַ פאַרציטערטע; עס איז דאָך סכנת נפשות. איז זי גלייך אַוועק און דערציילט דער רביצין, ווו אירע קינדער זענען געווען און אין וועלכער געפאַר זיי האָבן זיך געפונען. די רביצין האָט דערציילט דעם רב, וואָס דער מזיק האָט געטאָן. ער האָט זיך געהוידעט אויף די קייטן און ער האָט געקענט אַראָפּפאַלן און דערטרונקען ווערן.

דער טאַטע האָט די צוויי תכשיטים גלייך אַריינגעפירט אין בית־דין־שטיבל. אַבקע איז געבליבן שטיין אין ווינקל אַ צעשראָקענער. אים האָט דער טאַטע נישט געטשעפּעט. ער האָט גוט געוווּסט, אַז אַבקע איז בלויז אַ נאָכשלעפּער; אַז די איניציאַטיוו אין אַלע ווילדע שטיפערייען קומט פון וועלפקען, דעם מזיק — און ער האָט אים גענומען קנייפּן, צופּן, רייסן שטיקער מיט אַזאַ כעס און לײַדנשאַפט. אַז צוקוקנדיק זיך, האָט אַבקע געטראַכט, ווער ווייס צי וועלפקע וועט אַרויס אַ גאַנצער פון זיין טאַטנס הענט. ער האָט אים געהויבן אינדערלופטן און אים גע־שליידערט צום דיל און אים ווידער געקנייפּט און ווידער געצופּט.

ר׳ יהודה לייב האָט פון צאָרן־אויפברויז געציטערט מיט אַלע איברים. עס האָט אים געוואָרפן ווי אין קדחת. ער איז געוואָרן בלייך און אַ דיקער קאַלטער שוויס האָט אים אויסגעשלאָגן.

וועלפקע, ווי נישט אים מיינט מען עס. ער האָט אַ פּיפּס נישט געטאָן, ווי ער וואָלט געוואָרן פאַרגליווערט, פאַרשטאַרט, ווי ער וואָלט גאָרנישט געפילט קיין ווייטיק, ווי פאַרלאָרן די חושים.

ר׳ יהודה לייב האָט נישט געשלאָגן וועלפקען, ווי מען שלאָגט געוויינטלעך אַ יינגל, וואָס פאַרזינדיקט זיך; מע באַשטראָפט אים מיט אויסרעכענונג, באַזאַכט; מע הייסט אים זיך לייגן, מע גיט מעטאָדיש שמיץ.

אין שלעגער האָט געברענט זיין גרימצאָרן ווי אַ העליש פייער. אַ שטורעם האָט אין אים געבושעוועט. ער האָט פון דעם קרבן געריסן שטיקער לייב מיט אַן אומבאַשרייבלעכער צעהיצטער תאווה פון מערדעריי.

מעגלעך, אַז דאָס האָט זיך גענומען פון דעם, וואָס אַלע זיינע האָפענונגען

האָט ר׳ יהודה לייב געלייגט אויף דעם בכור, וואָס דאַרף אויסוואַקסן אַ גאון. און דאָ ווערט פון אַלע זיינע גליַענדיקע גלענצנדיקע דערוואַרטונגען אַש און שטויב. און אַלץ צוליב יענעמס ווילדע שטיק. נישט ווייל ער וויל נישט לערנען; נישט ווען לערנען פאַר אַ ייִנגל וואָלט זיין גאַנץ נאַטירלעך; לערנען לערנט ער זיך דווקא גוט, מיט חשק, מיט התמדה און ער וואַקסט אַ טייערע כלי, אַ גדול בישראל, אַ צעדער אין לבנון. אָבער עפּעס אַ רוח זיצט אין אים. און אָט־דעם רוח דאַרף ער עס אַרויסטרייבן. דאָס האָט אים געברענט, ווײ־געטאָן ביז צום שרייען. ער האָט געזען מיט די אייגענע אויגן ווי אַ טייערער אוצר ווערט פאַר־לאָרן ביי אים אונטער די הענט. האָט ער פון קלעמעניש, פון שברת־הלב נישט געוווּסט וואָס צו טאָן. האָט ער דאָס קינד געשליידערט ביזן פולאָפּ און געקאָלערט עס אויפן דיל, ווי אין אַ פּאַראָקסיזם, ווי אין אַן אָנפאַל פון ווילדער אומקאָנטראָ־לירבאַרער רציחה. ער וואָלט דאָס קינד און זיך אַליין אומגעבראַכט — אַזוי גרויס איז געווען זיין עגמת־נפש און יאוש.

## 50

## דאָס קעזל

אַבקע איז געווען אַ גאָר שוואַכער עסער. קוים מיט צרות האָט מען ביי אים געפּועלט, ער זאָל כאָטש אויסטרינקען אַ האַלב גלאָז מילך איידער ער גייט אַוועק אין חדר.

כדי ער זאָל אינגאַנצן נישט פאַרחלשט ווערן, האָט מען אים מיטגעגעבן אין חדר אַריין אַמאָל אַ גאַנצן פּיאַטאַק, פינף קאָפּיקעס, אַמאָל בלויז אַ פּייעס, ער זאָל האָבן פאַרוואָס צו קויפן עסנוואַרג און אַ נאַשוואַרג.

אַבקע איז אַוועק אינדערפרי אין חדר. גאָר אָן באַגאַזש. ער דאַרף נישט טראָגן מיט זיך קיין ספרים. דעם סידור, תנ״ך און גמרא לאָזט ער איבער אין חדר אַריינגערוקט אין דעם שול־בענקל.

עס איז אַ שיינער זומערדיקער יריד־טאָג. אָן אַ שיער פורן אָנגעשטעלט אויפן מאַרקפּלאַץ. די פערד אויסגעשפּאַנט; די האָלאָבליעס אויפגעהויבן; זיי זעען אויס ווי צווייגלאָזע אויסגעטריקנטע ביימלעך. דער מאַרק שוויבלט מיט גויִים און מיט ייִדן. מיט שוועריקייט שניידט זיך אַבקע דורך אַ שטעג אין קאָכעדיקן זידנדיקן מענטשן־ים.

ער האַלט דעם פּייעם פאַרקוועטשט אין האַנט, ער זאָל נישט אַרויספאַלן און פאַרלאָרן ווערן אין דעמדאָזיקן הוהאַ. ער טראַכט, וואָס ער זאָל קויפן פאַר זיין געלט. ער האָט באַשלאָסן דאָס מאָל נישט צו קויפן קיין נאַשעריי, נאָר עפּעס צום עסן.

ער גייט פאַרביי אַ שרענגע שטייערקעס, מאַרק־ייִדענעס מיט זייערע טישלעך. אויף די טישלעך פון כל־טוב. ער שטעלט זיך אָפּ, באַטראַכט די נאַשערייען, די פרוכטן, די פאַרשיידענע יאַגדעס. שווער בייצושטיין דעם נסיון און זיך האַלטן ביי זיין באַשלוס. ער קווענקלט זיך: וואָס זאָל ער אויסקלייבן? זאָל ער נאָכגעבן דעם יצר־הרע און קויפן אַ נאַשעריי? ניין, ער וועט אים נישט נאָכגעבן. זיין אויג

פֿאַלט אויף די קעזלעך. אַ ווילדע מציאה: אַ פּייעם אַ שטיק. ער איז אַ בקי אין די פּרייזן. ער איז דאָך אַ געניטער שטענדיקער קויפער. אַזאַ מציאה־גדולה וועט ער נישט דורכלאָזן. ער קויפט אַ קעזל.

אין „חדר" ווייזט ער זיין בחצי־חינם־איינגעהאַנדלטע שטיקל סחורה צו זיינע חברים. אַלע באַוווּנדערן זיין קניה. אייניקע פון די חדר־ייִנגלעך פרעגן אים פּאַ־נאַנדער, ווו ער האָט עס געקויפט. זיי וואָלטן אויך זיין בעלנים כאַפּן אַזאַ מציאה, אָבער זיך אַפּזענטירן פון חדר אויף אַזאַ לאַנגער צייט, וואָס וואָלט נעמען דאָס גייך, אַפילו דאָס לויפן, אַהין און קומען צוריק, דאָס קענען זיי נישט טאָן. ווייטער זענען זיי גאָר נישט זיכער, אַז די קעזלעך האָט מען שוין נישט אויספאַרקויפט. עס איז דאָך אַ יריד מיט אַזויפיל אָנגעפּאַרענע קונים.

אַבקע עסט זיין קעזל. אייגנטלעך האָט ער עס בלויז פּאַרזוכט. עסן האָט ער עס נישט געקענט. גלייך נאָך די ערשטע ביסנס האָט ער זיך דערפילט איבער־זעטיקט. ער קוקט אויפן קעזל, וואָס ער האַלט אין האַנט, און קלערט: וואָס זאָל ער טאָן מיט אים? מער עסן קען ער נישט. ברענגען אים מיט זיך אַהיים פון חדר האָט קיין זינען נישט. עס פעלט דען וואָס צו עסן אין הויז? און די מאַמע וועט זיכער אָנשרייען אויף אים, הלמאי ער קויפט עפּעס צום עסן און עסט עס נישט. אַרויסוואַרפן? מע טאָר נישט מבזה־זיין גאָטס גאָב, און ער וועט עובר זיין אויף בל־תשחית *). בלייבט פאַר אים אָפן איין איינציקער אויסוועג: זיך טיילן מיט חברים. ער צעטיילט דאָס קעזל אויף פיר גלייכע חלקים. די ערשטע פּאַרציע קריגט ניסל. אַלע פיר עסן די חלקים פון קעזל און פּאַסמאַקעווען זיך, האָבן שטאַרק הנאה פון דער אכילה און גיבן אַבקען אַ צוזאָג, אַז ווען זיי וועלן קויפן קעזלעך, וועלן זיי זיך מיט אים אַזוי חבריש טיילן ווי ער מיט זיי. מדה כנגד מדה. דאָס טיילן זיך מיטן עסן איז כמעט ווי אַן אינגאוואציע אין שטייגער. געוויינטלעך עסט יעדער וואָס ער ברענגט מיט זיך פון שטוב צי פון אונטער־זועגנס, וואָס ער קויפט גייענדיק אין חדר. חדר־ייִנגלעך שפּילן זיך צוזאַמען, בחברותא, אָבער עסן זענען זיי זיך נוהג צו עסן ביחידות, יעדער וואָס ער האָט. זיי פּראַוון נישט קיין בשותפותדיקע סעודות.

אַבקע איז צו וואַרעמעס אַהיים אינגאַנצן נישט געקומען. אויסגענוצט דאָס ביסל פרייע צייט אויף שפּילן זיך אין חדר־הויף, ערשט פאַרנאַכט איז ער געקימען אַהיים. טשיקאַווע, ער איז נאָך אַלץ זאַט. ער דערמאָנט זיך אין דער מעשה פון אליהון וואָס האָט אויפגעגעסן איין בולקע און ער איז געוואָרן זאַט פון איר אויף גאַנצע פערציק טעג **). האָט מיט אים אויך פּאַסירט אַ נס? — פרעגט ער זיך, און איז פול מיט דערוואַרטונג, מיט אויפרודער. ער וועט זען מאָרגן, וואָס עס וועט זיין. דערווייל האַלט ער דעם סוד און כדי מע זאָל אויף אים גאָרנישט באַמערקן, פּאַרזוכט ער קלאָמפּערשט פון דער וועטשערע, וואָס שטייט פאַר אים אויפן טיש אַ צוגעגרייטע. ער איז טועם פון יוצא וועגן. ער איז די נאַכט שלעכט געשלאָפן. ער האָט אַלץ געטראַכט וועגן אליהון און וועגן דעם נס פון זאַטקייט, וואָס גייט מיט אים געשען. אויף מאָרגן אינמיטן טאָג, ער איז נאָך אַלץ אַ זאַטער. פון גע־

---

*) שבת ק״מ.

**) מלכים א׳, י״ט, ח׳.

דאַנק, אַז אין אים קומט פאַר אַ זאַטקייט־נס איז ער ווי בגילופין. קיין פרישטיק האָט ער נישט געגעסן, קיין מילך נישט געטרונקען, קיין וואַרעמעס עסן איז ער אַהיים נישט געגאַנגען. ער וועט ציילן די טעג פון זיין נישט־עסן. ער וועט קיינעם גאָרנישט אויסזאָגן, ביז ער ציילט נישט אָפּ גאַנצע פערציק. איין טאָג קען דאָך יעדער פאַסטן. אָבער פאַסטן מיינט דאָך פילן הונגער און זיך איינהאַלטן. ער פאַסט דאָך נישט, ער האַלט זיך נישט איין פון עסן, ער וויל גאָרנישט עסן. עס איז שוין אַ מעת־לעת, אַז ער איז זאַט, נאָך ניינאונדרייסיק אַזעלכע טעג — און ער וועט פאַרטרויען זיין וווּנדערבאַרן סוד צו די חברים, דערנאָך צום רבין און ערשט, צום סוף, דעם טאַטן.

אַביסל נאָך מיטיקצייט האָט ער גענומען פילן אַ טעמפּן ווייטיק אין דער לינקער זייט. ער האָט זיך פון דעם נישט וויסנדיק געמאַכט. מסתמא איז עס אַ סימן, אַז דער דערוואַרטער נס גייט מקוים ווערן און דער ווייטיק וועט איבער־גיין. אַזוי איז אַוועק אַ צווייטער טאָג און ער פילט נאָך אַלץ אַ זאַטקייט. אָבער דער ווייטיק איז געוואָרן ערגער. ער פאַנגט אָן צו גרעפּצן, און וואָס אַ טאָג היל־כיקער. אפשר האָט אליהו אויך געגרעפּצט? ווער ווייסט? — פרעגט ער זיך. די ווייטיקן אין דער לינקער זייט ווערן פיינפולער; ער קען עס מער נישט האַלטן בסוד. ער האָט פאַרציילט דער מאַמען די גאַנצע געשיכטע אי וועגן די ווייטיקן אין דער לינקער זייט און אי וועגן קעזל, אָבער וועגן נס האָט ער געהאַלטן. אַז עס איז גלייכער צו מאַכן פון דעם אַ שוויג. זאָלן די ווייטיקן זיין געקומען פון קעזל? — אָבער ער האָט זיך נאָכגעפרעגט ביי די פיר וואָס האָבן אויפגעגעסן גרעסערע פּאַרציעס קעז ווי ער און זיי האָט עס נישט פאַרשאַט.

ער פילט זיך קראַנק. איז עס אַ שטראָף פאַר זיין האָבן די חוצפה און זיך וועלן פאַרגלייכן צו אליהו הנביא? עס איז אים שווער צו זיצן אין חדר אויפן בענקל. זיין כיתה האָט דעמאָלט געלערנט משלי. די קלוגע רייד פון שלמהן קריכן אים נישט אין קאָפּ. ווען די ווייטיקן כאַפּן אים אָן, מוז ער זיך אַוועקלייגן אויף דער לינקער זייט. אַזוי אָפּליגן אַ ווײַלע ביז זיי שטילן זיך איין אַביסל.

## 51

## דער רב און דער דאָקטער

אַבקעס טאַטע האָט פּונקט צו דער צייט באַדאַרפט גיין מיט אַ באַזוך צום מיליטערישן דאָקטער. זיין פאָטער, ווי אַלע רבנים אין שטעט און שטעטלעך, האָט זיך פאַרנומען, צווישן אַ סך אַנדערע צרכי־ציבור־באַשעפטיקונגען, מיט אַרויס־ראַטעווען ווויל־קענעוודיקע יונגעלייט פון „יווּנישע" הענט. ער האָט נישט דער־לאָזן, אַז אַ בחור אַ לערנער זאָל אָפּגעריסן ווערן פון תורה־לערנען און אַוועקגיין „דינען דעם קייסער" און פטרן דריי יאָר אויף מיליטערדינסט. אַרויסנעמען פון זעלנערײַ איינעם נאָכדעם ווי ער איז שוין אין געוואַנט, אויף סלוזשבע, האָט געהאַט אַ גאָר גרויסע מעלה. זיין ניצול ווערן האָט קיין אַנדער ייִדן קיין שאָדן נישט גורם געווען. יעדעס שטעטל האָט געמוזט צושטעלן אַ באַשטימטע קוואָטע

רעקרוטן. לכן, אַז מען האָט, דורך אונטערקויפן די דאָקטוירים און דעם הויפּט־באַאַמטן, באַפרייט איין ייִדן, האָט אַן אַנדערער געמוזט גיין אויף זיין פּלאַץ. אַזוי איז פון דער טובה פאַר איינעם אַרויסגעקומען אַ רעה פאַרן צווייטן. נגידישע קינדער האָבן זיך באַפרייט מיט דער הילף פון שוחד־געבן. אָרעמע לערנערס האָט מען באַפרייט אויפן זעלביקן שטייגער, פרומע ייִדן פלעגן זיך צונויפלייגן און שאַפן די נייטיקע סומעס, אַזוי אַז די לעכער אין דער קוואָטע האָט מען פאַרשטעקט מיט אָרעמע בחורים און עם־הארצים.

זיין פאָטער האָט דעריבער אַזוי נישט געהאַנדלט. מע טאָר נישט זיין קיין גוטער אויף יענעמס חשבון. וואָס ער האָט גערן געטאָן, איז אַרויסנעמען אַ לערנער פון פאָלק; דאָס איז געווען אַ כשרע זאַך לכל־הדעות. קיינער, דאָס הייסט, קיין אַנדער ייִדישער יונגערמאַן, האָט פון דעם נישט געליטן. זיין פאָטער האָט מיט דערדאָזיקער מצווה פון „פדיון שבויים“ זיך אָפּגעגעבן מיטן גאַנצן האַרצן, מיט לייב און לעבן. ווען עס איז געווען אַ ריזיקע דערביי האָט ער עס סיי ווי געטאָן און זיך גרינגגעמאַכט דאָס האַרץ מיט דער פאַרזיכערונג: די שטאָט וועט נישט דערלאָזן מע זאָל מיך פאַרשיקן אויף קאַטאָרגע אין סיביר.

די אַרויסראַטעווונג־פּראָצעדור איז געווען אַ פּשוטע. דער רעקרוט סימולירט אַ חולאת און פאַרלאַנגט, אַז דער פאָלק־דאָקטער זאָל אים אונטערזוכן. דעם הויפּטדאָקטער גיט מען אין יד־אַריין פאַר דער אונטערזוכונג און ער טאַפּט שוין אָן די קראַנקייט... דער נוסח, וואָס דער רב, ר׳ יהודה לייב, האָט אין אַזעלכע פאַלן געברויכט, איז געווען אַ באַשטימטער און איינפאַכער:

„איך בעט אייך, דאָקטער, טוט פאַרן רעקרוט־חולה אַלץ, וואָס איר קענט טאָן אין די גרענעצן פון געזעץ“ (וו׳פּרעדיעלאַך זאַקאָנאַ). אָבער סיי די גרענעצן און סיי דאָס געזעץ זענען געווען עלאַסטיש; זיי האָבן זיך געלאָזט ציִען ווי גומע, ווען דעם דאָקטער האָט עס געלוינט.

די באַגעגענישן פון רב מיטן רעגימענט־הויפּטדאָקטער זענען תמיד פאָרגעקומען אינגעהיים, ביי נאַכט, שפּעטלעך, און ביים דאָקטער צו־הויז. פאַרשטייט זיך, אַז עס איז געווען בעסער, ווען אַ תירוץ פאַר דעם ביינאַכטיקן וויזיט איז געלעגן אין קעשענע אַ פאַרטיקער. אַבקעס קראַנקייט האָט איצט געדינט פאַר דעם אויסרייד. דעם מיליטערישן דאָקטער האָט מען געהאַלטן פאַר אַ גוטן רופא. הגם אין שטעטל צו ציווילע קראַנקע האָט מען אים זעלטן ווען גערופן. און מען לעך, אַז ער וואָלט גאָרנישט וועלן גיין.

ר׳ יהודה לייב האָט מיטגענומען אַבקען זיין בן, און איז אַוועק צום דאָקטער.

הגם ער איז דאָך געגאַנגען מיט זיין פאָטער, איז ער פאָרט געווען אַן איבערגעשראָקענער, ווען ער האָט אַריבערגעטראָטן די שוועל פון דעם רייך־מעבלירטן זאַל פון דאָקטער, ווו דער פאָטער האָט אים איבערגעלאָזן, און זיך מתיחד געווען מיטן דאָקטער אין אַ חדר־מיוחד.

דער זאַל האָט פאַרכאַפּט אַן אויג. ער איז געווען באַין־ערך שענער ווי זייער זאַל, אין וועלכן זיי האָבן געקרוינט משהקען פאַר אַ קעניג. אַפילו דאָקטער גאָלדבערגס דירה האָט אויסגעזען נעבעכדיק אין פאַרגלייך מיט דערדאָזיקער אויסגעפּוצטער רחבות. אויף די ווענט זענען געהאַנגען אַזעלכע גרויסע שפּיגלען, אַז לכתחילה האָט ער געמיינט, אַז דער זאַל האָט נאָך אַ זאַל. ער איז געווען

איבערוועלטיקט פֿון גלאַנץ און ציר אַזוי, אַז ער האָט ממש מורא געהאַט זיך אַ ריר צו טאָן פֿון שטול, אויף וועלכן זיין פֿאָטער האָט אים אָנגעוויזן זיך צו זעצן. די טעפּיכער אויפֿן דיל זענען געווען אַזעלכע דיקע און ווייכע, אַז זיין טראָט ביים אַריינגיין און צוגיין צום שטול איז אינגאַנצן פֿאַרדושעט געוואָרן, און דאָס נישט הערן זיין אייגענעם טראָט האָט אויף אים אָנגעוואָרפֿן ממש אַ פּחד.

ער איז אַזוי אָפּגעזעסן אַ שטיקל צייט. פֿון באַוווּנדערונג און איבעראַשונג האָט אים אַזש דורכגענומען אַ ציטער ווי פֿון קעלט. אַגב איז די שעה פֿון דער נאַכט געווען אַ שפּעטע. אין דער צייט, געוויינטלעך, וואָלט ער שוין לאַנג געשלאָפֿן.

דער פֿאָטער האָט אים אַריינגערופֿן אין דאָקטערס קאַבינעט. דער דאָקטער האָט אים געהייסן זיך אויסטאָן האַלב־נאַקעט. ער האָט אים אויסגעקלאַפּט און אויסגעהערט.

ער האָט פֿאַרשטאַנען, וואָס דער דאָקטער האָט געזאָגט, הגם אים אַליין איז אָנגעקומען שווער זיך אויסצודריקן אין „גוייִש".

דעם דאָקטערס ווערעדיקט איז געווען אויסגעדריקט האַלב מליצהדיק: אַזוי ווי ער גייט באַפֿרייען דעם קראַנקן רעקרוט פֿון מיליטערדינסט, זאָל דער רב באַפֿרייען זיין יונגן קראַנקן רעקרוט פֿון „חדר־דינסט", לכל הפּחות, אויף אַ יאָר צייט.

אַבקע האָט זיך אי דערפֿרייט און אי דערשראָקן. ער ווערט פּטור פֿון חדר. דאָס איז זייער גוט. אַזוי אַז דער דערוואַרטער גס איז דאָך יאָ געשען, הגם נישט געצוי אין דער פֿאָרם, אין וועלכער ער האָט אים זיך פֿאָרגעשטעלט. אַפֿילו איצט, כאָטש דער רבי איז געווען אַ ווילער און שלמהס קלוגע רייד האָבן צו אים אַפּעלירט, איז דער חדר געווען אומדערטרעגלעך צוליב די פּרייטיקדיקע עקזעקוציעס, וואָס זענען נאָך געוואָרן ערגער. אין „משלי" איז דער לשון געווען נאָך שווערער ווי אין ישעיה און קושמענדער האָט שוין דאָ גאָרנישט פֿאַרשטאַנען, וועגן וואָס עס רעדט זיך אין די קורצע סענטענצן. אַזוי אַז איצט, פֿאַר שלמהס חכמה און מוסר־רייד, האָט ער געקראָגן נאָך שטאַרקערע פּעטש און אין אַ גרעסערער קוואַנטיטעט. אַבקע האָט עס ניט געקענט פֿאַרליידן. דעם רבינס האַנדלונג האָט אים פֿאַרמיאוסט דאָס גאַנצע לערנען, פֿאַרסמט פֿאַר אים די גאַנצע אַטמאָספֿער פֿון חדר. ער האָט זיך דעריבער געפֿילט גליקלעך, וואָס ער ווערט אַ פֿרייער מענטש. דאָס איז, פֿון איין זייט. אָבער, פֿון דער צווייטער זייט, איז ער געווען אין אַ זייער דעפּרעסיווער שטימונג, ווען ער האָט זיך דערוווּסט, אַז ער איז אַזוי ערנסט קראַנק, אַז מע מוז אים צונעמען פֿון חדר. ער מוז דאָך זיין אַ גאָר שטאַרקער חולה, אַז ביי זיין פֿאָטער און מוטער זאָל זיין רעכט, אַז ער זאָל פּוסט־אונפּאַסעווען אַ גאַנץ יאָר. אַ ייִדיש ייִנגל מוז דאָך גיין אין „חדר". אַנישט וועט ער דאָך אויסוואַקסן אַ יורקע. אויף אונטערקרענקען אַ ביסל, אויפֿצופֿלייסנס, אויף דעם איז ער תמיד געווען אַ בעלן, אָבער קרענקען אויף אַן אמת, דאָס האָט ער גאָרנישט גערן, דאָס איז גאָר קיין חכמה נישט.

ער האָט זיך געפֿונען אין אַ פֿאַרווירטן צושטאַנד. ער האָט אי טריאומפֿירט, וואָס זיינער אַ פֿאַרבאַהאַלטענער ווּנטש איז דערפֿילט געוואָרן, און אי ער האָט זיך געפֿילט דערשלאָגן. ער האָט געבעטן אויף רעגן, אָבער נישט אויף אַ שלאַקס־

רעגן... הגם דער פּאָטער, איבעררײדנדיק מכוח דעם מיט דער מוטער, האָט דעם ענין געמאַכט צו קלײנגעלט, װי ער האָט זיך אױסגעדריקט:

— זאָל ער נאָר געזונט װערן, ער האָט אַ פֿלינקע תּפֿיסה. ער װעט דאָס דורכגעלאָזטע אָניאָגן.

די מוטער פֿון איר זײַט האָט צוגעגעבן:

— װעט ער װערן אַ רבֿ מיט אַ יאָר שפּעטער.

## 52

## טרױער

1896. אין אמת טיפֿן טרױער האָט זיך דעם רבֿס הױז אײַנגעװיקלט, װען עס איז אָנגעקומען די ידיעה, אַז ר׳ יצחק אלחנן ספּעקטאָר, קאָװנער רבֿ, איז נפֿטר געװאָרן. אַבֿקע האָט געזען זײַן פּאָטער װײנען מיט זודיקע טרערן. אַ זאַך, װאָס ער האָט בײַ אים באַאָבאַכט בלױז ערבֿ יום־כּיפּור פֿאַרנאַכט בײַם בענטשן די קינדער. די מאַמע איז אױך געװען אַ פֿאַרטרױערטע און אַ פֿאַרװײנטע. װי עס װאָלט געשטאָרבן אײנער פֿון זײער אײגענער משפּחה.

אַבֿקע האָט געװוּסט, אַז ר׳ יצחק אלחנן איז געװען אַ גרױסער גאון. עפּעס אַ מין אַלגעמײנער ייִדישער טאַטע. זײַן פּאָטער, ר׳ יהודה לײב, איז געװען אין קאָװנע מיט אַ באַזוך בײַ ר׳ יצחק אלחנן און אַז ער איז געקומען צוריק, האָט ער פֿיל גערעדט פֿון אים, פֿון גאון, און פֿון דער האַרציקער אױפֿנאַמע, װאָס ער האָט אים געשאָנקען.

מיט אַ פּאָר יאָר צוריק איז געװען אַ טריקעניש. שיער נישט דערגאַנגען צו אַ הונגער; אַז עס איז געקומען דער יום־טובֿ פּסח, האָבן די אָרעמע לײַט נישט געהאַט װאָס צו עסן, נישט געװען גענוג מצה.

בײַ זײ אין הױז איז קײנמאָל נישט געװען קײן דוחק אין מצה. דער זײדע, ר׳ סענדער, האָט יעדעס יאָר צוגעשיקט אי מצה־מעל, אי מצה־פֿאַרפֿעלעך און דערצו דרײַ פֿוד אױסגעבאַקענע מצה שמורה. ר׳ סענדער האָט אַלײן אַכטונג געגעבן אױפֿן װײץ בשעתן שנײַדן, בינדן אין גאַרבן און טריקענען און דערנאָך מאָלן עס און באַקן. זײ האָבן געהאַט מצה די והותר. זײ האָבן פֿאַרטײלט מצה שמורה צו די ערשטע סדרים אַלע באַלעבאַטים, װאָס האָבן עס נאָר געבעטן, אָדער אַפֿילו נישט געבעטן בפּירוש, נאָר בלױז צוגעשיקט כּיבוד יום־טובֿ אין דער פֿאָרם פֿון געלט, װײַן און טאָרטן. דורך דעם אײגענעם שליח האָבן זײ צוריקגעשיקט צו עטלעכע מצות שמורה. און נאָך די אַלע פֿאַרטײלעניש האָט געקלעקט מצה פֿאַר די קינדער אױף אַ גאַנצן יאָר.

אָבער די אָרעמעלײַט אין שטעטל האָבן נישט געהאַט װאָס צו עסן, אַזױ האָט אַבֿקע געהערט איבעררײדן אין הױז. זײַן פּאָטער האָט זיך אָנגעטאָן אַ כּוח, האָט פֿיל נאָכגעטראַכט און „געשריבן תּורה" און לסוף אַרױסגעקומען מיט אַ היתּר אױף קוקורוזע־מעל און אַרבעס.

בײַ שײַנע יהודיתן אין שטובֿ האָט מען זיך געפֿרײט, װען זײ האָבן זיך דער־

ווּסט ווענן היתר. זיי האָבן געהאַט אַ פֿולן שפּייכלער מיט קוקורוזע, וואָס זיי האָבן אַראָפּגעבראַכט פֿון ערגעץ ווייט. זיי האָבן געהאָפֿט עס איינגאַנצן צו פֿאַר־קויפֿן פֿאַר געהעכערטע פּרייזן און כאַפּן אַ גוטן ריווח.

אָבער ר׳יהודה לייב האָט נישט געוואָלט שטעלן אויף זיך, נעמען די פֿולע אחריות פֿאַרן היתר; האָט ער וועגן דעם צוגעשיקט אַ שאלה־ותשובה צו ר׳ יצחק אלחנן און האָט געקראָגן פֿון אים אַ צושטים־ענטפֿער.

דער ענטפֿער איז געווען פֿאַררעכנט פֿאַר אַ וויכטיקער געשעעניש אין זייער הויז. ר׳ יצחק אלחנן האָט אין זיין ענטפֿער שטאַרק גערימט ר׳ יהודה לייבס לומדות, חריפֿות און בקיאות אַזוי, אַז דער בריוו האָט היפּש געהויבן דעם רבס פּרעסטיזש אין שטעטל אויף צעפּיקעניש זיינע קעגנערס. ר׳ יצחק אלחננס בריוו האָט מען באַוויזן אין שטעטל צו די לומדים און צו די באַלעבאַטים חשובים. אַבקע האָט אויך געזען דעם בריוו. ער האָט באַוווּנדערט די גאָר שלעכטע האַנט־שריפֿט פֿון גאון, אַנשטאָט אותיות — קאָטשערעס און פּאָמעלעס. אַבקע האָט געהאַט אַ שיינעם כתב. שיין־שרייבן האָט אים געלערנט חיים קוקוריקו. און דער זיידע און באָבע האָבן זיך גאָרנישט געקענט אָפּלויבן פֿון די בריוו, וואָס ער האָט זיי געשריבן, דאָס מיינט, איבערגעשריבן פֿון דעם, וואָס די מאַמע האָט פֿאַר אים אָנגעשריבן. צוויי מאָל אַ יאָר, ערב פּסח און ערב ראש השנה. אַבקע האָט געמיינט, אַז אַ גאון דאַרף קענען שיין שרייבן.

אין שטעטל יאַגוסטאַוו איז געשטאַנען, אין קאַזאַרמעס ספּעציעל אויסגעבויטע פֿאַר דעם צוועק, אַ גרויסער גאַרניזאָן, אַ דיוויזיע, אין וועלכער עס גייען אַריין פֿיר רעגימענטן.

אין גאַרניזאָן האָט זיך געפֿונען נישט קיין קליינע צאָל ייִדן־זעלנער. די ייִדישע זעלנער האָט מען גענומען ווי אורחים אויף שבת און יום־טוב. אַנדערע פֿון זיי זענען געוואָרן איינגייערס אין ייִדישע באַלעבאַטישע הייזער. האָט זיך פֿאַרלאָפֿן אַזאַ געשיכטע: אַ זעלנער האָט בשעת אַ שמחהלע אין איינעם פֿון די הייזער פֿון די „שווייִדאַקעס“ גענומען אַ רינגל און האָט עס אָנגעטאָן אויף דעם פֿינגער פֿון אַ מיידל, אַ בגרות און האָט דערביי געזאָגט די צויבערווערטער: „הרי את מקודשת לי כדת משה וישראל“, אין דעם דערבייזיין פֿון עטלעכע חברים סאָלדאַטן, ווי עדות.

אַ „שווייִדאַק“ האָט באַצייכנט איינעם, וואָס גייט אַוועק אויף אַ צאָל חדשים אין יאָר קיין שוועדן פּעדלען. אַזעלכע זענען אין יאַגוסטאַוו געווען עטלעכע משפּחות, און אַלע גאַנץ באַלעבאַטיש־פֿאַרמעגלעך.

דאָס שטעטל איז אַוועק כאַדאָראַם. קינד און קייט האָט גערעדט פֿון דעם פֿאַל. דעם מיידלס מאַמע האָט געקלאָגט און געוויינט. דער טאַטע, דער שווייִדאַק, איז נישט געווען אינדערהיים. אָבער מע האָט אים געלאָזט וויסן און ער איז הענדום־פּענדום געקומען פֿון שוועדן. דער שידוך האָט זיי גאָרנישט געשמעקט. וואָס טוט מען? איז מען געקומען צולויפֿן צום רב, ער זאָל זיי אַרויסראַטעווען פֿון אומגליק. פֿון דער חרפּה און בושה. די טאָכטער איז געווען אַ בת־יחידה און דער זעלנער אַ פּראָסטער גראָבער יונג, פֿון פּראָסטע עלטערן אין אַדעס.

אין שטעטל האָט געקאָכט מיט דער פֿאַרלויפֿעניש. מע האָט מורא געהאַט

אַריינצולאָזן ייִדישע זעלנער אין די הייזער, ווו עס זענען געווען דערוואַקסענע מיידלעך.

אַבקע האָט געוווּסט וועגן אַלע אייִנצלהייטן פון דער געשעעניש. ער איז געווען שטאָלץ מיטן באַוווּסטזיין, וואָס בלויז זיין טאַטע קען ראַטעווען די סיטואַציע.

מע האָט דעם זעלנער אָנגעבאָטן געלט, אַז ער זאָל צושטימען צו געבן דער מיידל אַ גט. ער האָט דעם אָנבאָט אָפּגעוואָרפן. ווייטער: ווען ער זאָל איר געבן אַ גט, וואָלט זי דאָך שוין געקראָגן דעם סטאַטוס און נאָמען פון אַ גרושה, און וועלכער באַלעבאַטישער בחור וועט וועלן חתונה האָבן מיט אַ גרושה! וועט זי דאָך, גאָט באַהיט, דאַרפן זיצן ביזן גרויען צאָפּ, אָדער חתונה האָבן מיט אַ גרוש אָדער אַן אַלמן. הכלל, דער אומגליק איז געווען גרויס און נישט קלענער איז געווען דער בזיון.

בלויז איינער האָט זיי געקענט מציל זיין און דאָס איז געווען דער רב, דער מרא דאתרא *).

האָט אַבקעס טאַטע זיך פאַרשלאָסן אין בית־דין־שטיבל. ער האָט נאָכגעקוקט אַ סך ספרים און ער האָט „געשריבן תורה", אָנגעשריבן אַ גאַנצע שאלה ותשובה. דער סוף איז געווען, אַז ער האָט אַנולירט, מבטל געווען די קידושין דורך דעם אייִנפאַל פון פסלען די זעלנער־עדות. מע האָט זיי געזען רויכערן אום שבת, הייסט עס, זיי האָבן מחלל שבת געווען בפרהסיה, זיי האָבן געגעסן טריפות פון רעגימענטס קעסל און זענען געווען אויסגעלאַסענע יונגען.

אָבער ווידער דאָס אייגענע: דער רב האָט אויף זיך אַליין נישט געוואָלט שטעלן. האָט ער זיין שאלה ותשובה, דאָס הייסט, זיין פסק־דין פון קידושין־ביטול, אָפּגעשיקט צו ר' יצחק אלחננען. און ס'איז דאָס מאָל ווידער געקומען אַ הסכם־ענטפער אַדרעסירט צום רב מיט אַ גאַר געהויבענער טיטל־ווענדונג: הרב הגאון ה"ג, וואָס דאָס לייענט זיך „הגדול", אַ קאַפּיטשקע אָפּגעדונגען, דאָס האָט ווייניקער באַטייט, ווי ווען דאָס וואָרט „הגדול" שטייט אָנגעשריבן פול. אַזוי, אַז ר' יצחק אלחנן איז געוואָרן דער באַשיצער און באַשירעמער פון יונגן רב. ר' יהודה לייב האָט געקראָגן פון גדול־הדור פולע אָנערקענונג.

אַבקע, ווי יונג ער איז נישט געווען, האָט זיך שוין פאַנאַנדערגעקליבן אין דער רבנישער פרייער היעראַרכיע און הערעלדיק.

בקיצור, ר' יצחק אלחנן איז ביי אַבקען געווען פאַררעכנט שיער נישט ווי אַ מיטגליד פון דער פאַמיליע, ווי אַ מין גייסטיקער זיידע זיינער און ער האָט טיף געטרויערט אויף זיין פטירה. פאַרשטייט זיך, אַז ער איז געגאַנגען אַ פאַרטרויער־טער, אַ שרוי־בצער, אין בית־המדרש הערן ווי זיין פאָטער וועט מספיד זיין דעם אָפּגעשיידטן גדול־הדור. דער בית־מדרש איז געווען געפּאַקט. אויך די ווייבער־שול איז געווען אָנגעפּראָפּט. נישט בלויז ווייבער, אַפילו מיידלעך זענען געקומען. ר' יהודה לייב האָט געהאַלטן דעם הספד; דער עולם האָט געוויינט; די ווייבער האָבן געקלאָגט און מיט זיי אַבקע. און נאָכן וויינען האָט ער זיך דערפילט דער־לויטערט, ווי אַ הימל בלוי נאָך אַ רעגן.

---

*) יהודה לייב גאָרדין, „תשובות יהודה" סימן ל"ז־ל"ס.

## 53

# פ ר יי ה יי ט

אַבקע איז געוואָרן פריי. זיין קראַנקייט האָט אים אויפגעהערט צו שרעקן. ער האָט טאַקע געפילט ווייטיקן אין דער לינקער זייט. אָבער אַזוי ווי ער איז נישט געזעסן אַ פאַרקאַרצערטער אין דער פאַרשטיקטער לופט פון חדר, האָבן די ווייטיקן אים באַפאַלן נישט אַזוי אָפט ווי פריִער און זיי האָבן לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. און אַז ער איז געווען אין עפּעס פאַרטאָן האָט ער אינגאַנצן אָן זיי פאַרגעסן.

אַצינד האָט זיך אַבקע אַרומגעזען, אַז מיט „פרייהייט" אַליין קען ער קיין סך נישט אויפטאָן. קיין ייִנגלעך, מיט וועמען צו שפּילן זיך אין מיטן טאָג אינדערוואָכן, זענען נישט פאַראַן. זיי זענען אַלע פאַרנומען אין די חדרים. איז וואָס זאָל ער פאָרט טאָן מיט זיך? איז ער אַרומגעגאַנגען איבער די גאַסן; זיך צוגעקוקט צו אַלץ, וואָס איז פאָרגעקומען אין שטעטל. ער האָט זיך דורכגעשפּאַצירט דורך דעם מאַרק און דעם שטאָטגאָרטן עטלעכע מאָל אַ טאָג. אָבער קיין גרויסע באַפרידיקונג האָט ער פון דעם נישט אַרויסגעקראָגן. עס איז נישט געווען וואָס צו זען. קיין נייסן האָבן נישט פּאַסירט. איין טאָג איז געווען ענלעך צום צווייטן און איין גאַס, איין פּלאַץ, איז געווען גלייך צו אַן אַנדערן. ווען עס מאַכט זיך אַ שריפה, וואָלט געווען וואָס צו זען. אָבער די צרה מיט די שריפות איז די, אַז זיי ברעכן אויס תמיד ביי דער נאַכט, ווען ער שלאָפט, און ווען ער טשוכעט זיך פאַנאַנדער, זאָגט מען אים, אַז עס איז שוין נאָך אַלעמען. מען האָט זי שוין פאַרלאָשן. ער איז געווען פאַרקאָכט אין די זעלנער, אין זייערע מאַרשן. אָבער נישט אַלע טאָג איז אַ האַלוועקע.

איז אים זיין פריי לעבן געוואָרן לאַנגווייליק. דאַרף ער דאָך עפּעס צוטראַכטן אַ באַשעפטיקונג.

איז ער געשפּרונגען איבער שטיינער אין די ברוקירטע גאַסן און בעת־מעשה זיי געציילט, וויפל גרעסערע שטיינער עס זענען איינגעפלאַסטערט אין מיטן גאַס. און געציילט האָט ער נישט איינס מיט איינס; דאָס איז געווען פאַר אים צו עלעמענטאַר, נייערט צוויי צו צוויי, אין אַן אַריטמעטישער פּראָגרעסיע, אַזוי: צוויי, פיר, זעקס, אַכט אאַז"וו. דערנאָך צו דריי: דריי, זעקס, ניין צוועלף; דערנאָך צו פיר, דערנאָך צו פינף, שפּעטערצו זעקס, ביז ער איז צוגעקומען צו הויכע נומערן. אָט־די ציילעניש האָט אים געהאַלטן פאַרנומען פאַר וואָכן און וואָכן. ער איז בזה־האופן געוואָרן דער איינציקער ידען־מומחה אין שטעטל, וואָס האָט אייך געקענט זאָגן, וויפל שטיינער יעדעס שטיקל גאַס און געסל פאַרמאָגט.

אָט־דער אבזאָרבירנדיקער אינטערעס צו ציפערן האָט ביי אים אָנגעהאַלטן אַ היפּשע צייט. אָבער סוף־כל־סוף האָט ער געמוזט צוגעבן, אַז כאָטש ער איז בלומרשט פאַרטאָן אין דידאָזיקע שטיינער־חשבונות, לאַנגווייליקט ער זיך פאָרט. אָבער אים איז קיינמאָל נישט איינגעפאַלן צו בעטן, מען זאָל אים דערלויבן גיין צוריק אין חדר. ווייל ווי שלעכט זיין פרייהייט, ריכטיקער, ווי פּוסט זיין פרייהייט איז נישט געווען, איז זי לגבי דער שקלאַפעריי פון חדר געווען אַ דערקוויקונג. ער האָט נאָך אַלץ געקוקט אויף זיין קראַנקייט ווי אויף אַן אויסלייזערן. זי האָט

אים אַרויסגעצויגן פון „מצרים״, וואָס האָט געהייסן חדר מיט די לאַנגע שעהן זיצן און קוועטשן די באַנק. און אויב אַליין נישט כאַפּן קיין קלעפּ פון די נוגשים, איז צוקוקן ווי יענער כאַפּט, ׳וואָס איז נישט ווייניקער פּיינלעך ווייטיקדיק.

נאָך אַ היפּשער צייט פון שטיינער־ציילעניש איז אים איינגעפאַלן גאָר צו פּרובירן עפּעס לייענען. אָבער וואָס? איז ער אַוועק אין בית־מדרש און זיך גענומען ראָיען אין די שמות אונטער דעם באַלעמער. אָבער דאָרט האָט ער נישט געפונען עפּעס וואָס זאָל אים צוציִען. עס זענען דאָרט געווען בלעטלעך פון אַ צעריסענעם סידור, פון אַ חומש, אָדער אַ בלאַט פון אַ גמרא. דאָס איז נישט געווען קיין לייענשטאָף פאַר אים.

איינמאָל, נישט האָבנדיק וואָס צו טאָן, איז ער אַוועק מיט דער אלמנהס עלטערן זון. יענער האָט געאַרבעט הינטערן שטעטל אין אַ ציגעלניע, אָדער, ריכטיקער, אין אַ קאַכליאַרניע. ער האָט דאָרט ווי אָפּגעלעבט. ער האָט געזען, ווי פון ליים ווערן אויסגעקנאָטן קאַכליעס פון די פאַרשיידנסטע פאָרמעס, פירקאַנטיקע, זעקסקאַנטיקע, לאַנגע, קורצע, רונדע. גאָר טשיקאַווע קאַכליעס פאַר געזימסן. ער האָט געקוקט אויף די קאַכליעניקעס ווי אויף צויבערערס. זיי מאַכן אַזעלכע זאַכן, וואָס איז למעלה פון זיין כוח־הדמיון.

אָבער אויך אָט־דער אינטערעס האָט גענומען אָפּבליאַקעווען. ער האָט אויפגעהערט צו גיין אַהין. ריכטיקער, דער שכן האָט אים מער נישט געוואָלט מיטנעמען. ער האָט געפּטרט אויף אים צופיל צייט. ער האָט געמוזט אויף אים אַכטונג געבן, ער זאָל נישט אַריינפאַלן אין אַ ליימגרוב, און אַבקע איז אומעטום אַרומגעקראָכן. אַזוי אַז דאָס האָט אים געשטערט ביי דער אַרבעט. ער איז געווען בלויז אַ געזעלניונג און זיין מייסטער האָט עס נישט געוואָלט דולדן.

לכן איז ער ווידער געבליבן אָן אַ שטאָך אַרבעט און גאָרנישט טאָן איז געווען פאַר אים אַן אָפּקומעניש.

האָט ער זיך אַ נעם געטאָן צו באַקוקן די גערטנער. די מאַקאָווקעס האָבן געבליט זייער שיין, זייערע קעפּלעך זענען געווען רויט ווי פייער. אויך ציבעלע איז שוין געוואָקסן. ער האָט געמאַכט אַן אָנשטעל, אַז ער קומט אין גאָרטן לשם קויפן עפּעס, און ער האָט טאַקע געגעבן צו לייזן דער גערטנערקע אַמאָל אַ קאָפּיקע, אַמאָל אַפילו צוויי. אָבער די קויפעניש איז געווען בלויז אַן אויסרייד, ער זאָל קענען אַרומגיין צווישן די בייטן, זיך אויסלערנען דערקענען לויט די בלימלעך און אַרויסשפּראָצונגען מערן פון בוריקעס, פון רעטעכער, אַרבעס פון באָב. מער ווי אַלץ האָבן אים צוגעצויגן צו זיך די זונענבלומען (פאָדסאָלנעטשניקעס) מיט זייערע צעבליטע גאָלדענע קרוינען. אים האָט געשיינט, אַז זיי זענען עס די מאָנאַרכן, וואָס געוועלטיקן איבער דעם גאַנצן גרינעם קיניגרייך פון גאָרטן.

אָבער אויך אָט־דער מלכות־גלאַנץ, ווי אַלץ אין דער וועלט, איז געווען פאַרגענגלעך. די גאָלדענע בלעטער נעמען וועלקן, פאַלן אַראָפּ. עס קומען אויף זייער פלאַץ קערנער און זיי ווערן מיט דער צייט שוואַרץ און פון דעם מלכות־פּראַכט פון ריינעם גאָלד בלייבט נישט קיין שפּור.

האָט ער ווידער נישט וואָס צו טאָן. דאַרף ער געפינען אַ זונענבלום, וואָס איר גאָלדענע קרוין זאָל גליִען און בליִען דורך אַלע פיר סעזאָנען.

54

# אין צויבערלאַנד

האָט אַבקע ביי אַ שוסטער, אַ שכן, געפונען אַ ביכל, וואָס האָט געהאַט אַ נאָמען, וועלכער האָט צו אים שטאַרק אַפּעלירט: „אַ מעשה מג׳ אחים״, אַ געשיכטע וועגן דריי ברידער. דאָס איז פּונקט אַ מעשה פאַר אים. זיי זענען דאָך דריי ברידער. ער איז דער מיטלסטער. דער עלטסטער איז וועלפקע, דער יינגסטער איז משהקע.

האָט ער זיך צוגעכאַפּט עס לייענען. ווו איז ער געזעסן און געלייענט עס בהרחבה? דווקא אויפן גאַנעק פון חיים קוקוריקוס חדר. אין חדר איז קיינער נישט געווען. עס איז געווען אַ טאַבעלטאָג. אָבער צוליבן ביכל איז ער צום פאַראַד נישט געגאַנגען.

ער האָט אָנגעפאַנגען לייענען און ער איז גלייך אַריינגעצויגן געוואָרן אין סיפור־המעשה אַזוי, אַז די אַרומיקע סביבה איז לחלוטין פאַרשוווּנדן, געקומען צום פולשטענדיקן ביטול־היש. קיין זאַך אויסער דעם געשפּין און געפלעכט פון די אויסטערלישע עפּיזאָדן האָט פאַר אים נישט עקזיסטירט.

עפּעס אַ קלייניקייט! דריי ברידער און יעדער ברודער נעמט אויף זיך אַ באַשטימטע מצווה. און מען שטעלט יעדן פאַר אַ שורה נסיונות. האַרבע פּרוּוונ־גען. שווער בייצושטיין. אָבער דער העלד האַלט אויס, ליידט און גיט נישט נאָך. צום סוף נעמען זיך שיטן ווּנדער, נסים ונפלאות ווי אַ באַלוינונג פאַר זיין אויסדויער.

ער האָט שוין פאַרענדיקט די מעשה מיטן בכור. ער הייבט אָן לייענען די סדרה נסיונות פון צווייטן ברודער. דאָ אידענטיפיצירט ער זיך אינגאַנצן מיטן העלד. ער גייט מיט אים דורך מדבריות פול מיט עקדעשן, שלאַנגען און ווילדע חיות; ער רייזט איבער ימען, ליידט אַ שיפּברוך, אָבער דער אויבערשטער פאַרלאָזט נישט דעם געפלאָגטן בעל־נסיון. ער ראַטעוועט זיך.

ער איז אויפן זיבעטן הימל פון געַנוס. אַזעלכע פאַרשיכורנדיקע, אָטעם־פאַרכאַפּנדיקע איבערלעבונגען זאָל מען קענען אַרויסכישופן פון פאַרגעלטע בלעט־לעך פון אַ ביכל, דאָס איז עפּעס, וואָס ער האָט זיך גאָרנישט געקענט פאָרשטעלן. ער איז דאָס גליקלעכסטע מענטשנקינד אין דער וועלט. דאָס ביכל איז דער גרעסטער כישוף־ווונדער אין דער גאָרער וועלט.

ווי ער לייענט אַזוי און געפינט זיך בפועל ממש אין מיטן מדבר און אַלץ איז אַזוי אויסטערליש... פּלאי־פּלאים. און ער, אַבקע, שטייט אין סאַמע מיטל־פּונקט און אַלע געשעענישן דרייען זיך אַרום אים, ערשט ער דערהערט די שטים פון זיין יינגסטער שוועסטער, מאַשקע. זי שטייט אונטן, ביים גאַנעק. זי רופט אים אַהיים.

ער איז אויפגעבראַכט אויף איר; ער איז מלא חמה. וואָס וויל זי האָבן מיט איר היים? ווער דאַרף די היים, ווען ער איז גאָר אין מיטן מדבר און ער רייט אויף אַ קעמל. ער האָט מורא, זי זאָל נישט צעברעכן דעם צויבערשפּרוך.

— לאָז מיך צורו! — שרייט ער צו איר.

— קום עסן!

וואָס עסן, ווען עסן, ווען ער איז אין מדבר און עס איז נישטאָ קיין טראָפּן וואַסער און ער האָט אויף זיך גענומען די מצווה פון נטילת־ידים, וואָס ער מוז אונטער אַלע אומשטענדן אָפּהיטן; ווען ער זאָל אַפילו פאַרהונגערט ווערן אויף טויט, וועט ער נישט עסן, סיידן ער וואַשט זיך די הענט. דאָס איז זיין נסיון, וועלכן ער מוז ביישטיין.

איז וואָס וויל זי פון אים? פאַרוואָס איז זי אַזאַ מרשעת און זי וויל אים דווקא איבערגעוואַלד אַרויסנעמען פון צויבערלאַנד און אים אַריינפירן אין דער וואָכעדיקער טאָגטעגלעכקייט.

ער זעט אין איר די ערגסטע מכשפה. וואָס קומט צעשטערן זיין שענסטן טרוים. זי צערייסט דאָס שענסטע בילד, וואָס אַ מענטש קען זוכה זיין איינמאָל אין לעבן צו זען.

זי טרעט אָבער נישט אָפּ. אויך זי געברויכט אַ צויבערוואָרט.

— דער זיידע פון נישטאנישעק איז געקומען!

— דער זיידע?! נישטאנישעק?!

דאָס איז אויך אַ שטיק צויבערלאַנד, כאָטש צו דער „מעשה מג׳ אחים“ קומט עס נישט.

זיין אַרומלויפן איבער די פעלדער און וועלדער, זיין חברן זיך מיט די הינט פון הויף, מיט די פערד און לאָשאַקעס, מיט שאָף און רינדער, זיין פאַרברענגען מיט די פּאַרובקעס און שיקסעס, זיין גיין קאָשען היי, שניידן קאָרן, גראָבן קאַר־טאָפל... אַראָפּלאָזן זיך אין קעלער פון פּאַכט, העלפן אויסשלאָגן פּוטער אין אַ באָיניצע, העלפן מאַכן גאָמעלקעס און אויספּרעסן די סיראָוואָדקע — אָט־די אַלע בילדער האָבן זיך אַ שטעל געטאָן פאַר זיינע אויגן, וואָס ער האָט אַרויסגענו־מען פון ביכל...

דער זיידע איז געקומען!

ער פאַרמאַכט דאָס ביכל און לויפט אַוועק מיט דער שוועסטער זען דעם זיידן, וואָס איז פאַרשפּונען אין אַ לעגענדאַרער לאַנדשאַפט.

דער זיידע איז געקומען. מסתמא געבראַכט מתנות. און די גרעסטע מתנה איז ער גופא, דער זיידע!

## 55

## צוריק אין נישטאנישעק

עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז אַבקע פאָרט מיטן זיידן. צו וואָס זאָל זיך דאָס קינד אַרומדרייען שלינג־און־שלאַנג אָן אַ שטאָך אַרבעט איבער די גאַסן. ביים זיידן וועט ער געזונט ווערן. ער וועט כאָטש זיין אויף דער פרישער לופט אין אַ געזונטער דאָרפישער אַטמאָספער. וויבאַלד ער גייט נישט אין חדר, איז קיין תכלית נישט צו האַלטן אים אין שטאָט.

אַבקע איז געווען גליקלעך, איבערגליקלעך.

כדי אַבקען זאָל נישט זיין לאַנגווייליק, זייענדיק אַליין מיט עלטערע מענטשן,

מחמת דער זיידע איז שוין געווען אַ זקן, די באָבע נישט ייִנגער פון זיידן; דער פעטער שלמה־יצחק המכונה שליימיטשל האָט נישט געהאַט קיין קינדער, די מומע כאַשע־רחל איז געווען אַן עקרה, אַ בירן־קראַנקע, — איז מיט אים מיטגעפאָרן זיין שוועסטער רחקע, וואָס איז געווען עלטער פון אים מיט אַ יאָר אַנדערטהאַלבן.

די נסיעה געדענקט ער נישט. זי איז געווען ביי אים אַן איבעריקע זאַך. וואָס אים האָט זיך געגלוסט און וואָס עס האָט אים געצויגן, איז צום זיידנס הויז און צו דער פויערשער דאָרפישער סביבה און שטוביקערווירטשאַפט. ער האָט געוואָלט די רייזע זאָל זיך ענדיקן וואָס פריִער און ער זאָל שוין קומען אויפן פּלאַץ. ער איז געווען אומגעדולדיק. געציילט די טעג, די שעהן. געוואָלט זיי דורכשטופּן וואָס אַמשנעלסטן.

די איבערלעבונגען פון זיין גאָר פריִער יוגנט זענען געווען לעבעדיק און פריש אין זיין זכרון. נישטאַנישעק און דעם זיידנס הויז איז ביי אים אין פאָרשטעלונג געווען אַ לאַנד, וואָס פליסט מיט מילך און האָניק פון תענוגים, פון אַ מחיהדיקייט, וואָס צעגייט אין אַלע איברים. אַזויפיל זאַכן צו זען און, דערעיקרשט, צו טאָן. בעת ביי זיין טאַטן אין הויז איז קיין זאַך נישט געווען, ווי בלויז ספרים, אַ סך ספרים; וווּ מ׳גיט זיך אַ קער, ליגן ספרים; אויף די טישן, אויף די בענק, אויף די שטולן, אויף די פּאָליצעס — אומעטוּם זענען אָנגעשטעלט גראָבע פאָליאַנטן. עס איז דאָ נישט געווען קיין שום באַלעבאַטישקייט; נישט קיין קו, נישט קיין פערד, נישט קיין קאָץ, נישט קיין הונט, אַפילו נישט קיין הינער, קיין גענדז, קיין קאַטשקעס, קיין גאָרטן לעבן הויז, קיין סאָד, קיין זאַך נישט. קיין זאַך וואַקסט נישט אויפן אייגענעם באָדן. אַלץ קויפט מען. אַפילו קיין חלה אויף שבת באַקט מען נישט, וועגן ברויט פאַראָשטשינען, קנעטן און באַקן איז דאָך אָפּגערעדט. דער בעקער שטעלט צו דאָס געבעקס סיי אויף דער וואָך, סיי אויף שבת און יום־טוב. אַפילו קיין איינגעמאַכטס פרעגלט מען נישט, קיין אוגערקעס זייערט מען נישט, קיין קרויט שטעלט מען נישט. אַפילו קיין באָרשטש אויף פּסח שטעלט מען נישט. די באָבע שיקט צו אַ גאַנצן פעסל.

דאָס לעבן איז געווען קאָליראָרעם, שטיל, איינגעשטעלט. שטיפן, מאַכן אַ גערודער — טאָר מען נישט, עס שטערט דעם טאַטן. וואָס טוט דער טאַטע? ער איז כסדר פאַרנומען מיט איין זאַך: ער „שרייבט תורה“.

נישטאַנישעק איז פונקט דער היפּך פון דעם. עס רודערט זיך, עס טוט זיך, עס איז פול מיט לעבן; מע זעצט הינער אויף אייעלעך; עס פּיקן זיך אויס הינדעלעך. דאָס אייגענע טוט מען מיט אַ קאַטשקע, מיט אַ גאַנדז, און עס פּיקן זיך אַרויס אַזוינע שייַנינקע, פּוכלינקע קאַטשקעלעך און גענדזעלעך, וואָס זייערע מאַמעס פירן זיי צום סטאַוו צו שווימען. די קי מעלקן זיך, קעלבן זיך. די שעפּסן שערט מען. אין די גערטנער וואַקסן כל־המינים שׂאר־ירקות. מע גייט אַליין אין גאָרטן און מען רייסט אויס: אַ מערעלע, אַ רעטעכל, אַ בוריקל, אַ ריבעלע. מע עסט פון אייגענעם געוווּקס.

אַזויפיל זאַכן צו טאָן און אַרויסהעלפן דער באָבען און דער דינסט.

אַבקע געדענקט נישט די רייזע, פון וועלכער ער האָט געוואָלט פּטור ווערן ווי איינער וואָס דאַרף אַדורכגיין און אָפּקומען אַ ווײלע אין גיהנום אום גערײ־

ניקט צו ווערן אַזוי שנעל ווי מעגלעך און אָנקומען און אַריין אין גן־עדן התחתון, וואָס איז געווען פאַר אים נישטאַנישעק.

ברוך־השם שוין אָפּגעפּטרט די רייזע מיט דער באַן. אַצינד פאָרט מען שוין מיט אַקס. און פונוויטנס דערשמעקט ער שוין די ריחות פון היימישן נישטאַ־נישעק. דער גוי קומט פון דאָרטן, דער וואָגן איז פון דאָרטן. אַ פערד, אַ פור און אַ גוי האָבן אָפּגעוואַרט דעם זיידן מיט די אייניקלעך ביי דער לעצטער סטאַנציע.

אַבקע און רחקע זענען אויפגעלויטערט. זיי דערנענטערן זיך צו זייער היימ־לאַנד, נאָך וועלכן זיי האָבן יאָרן געבענקט. און באַלד וועלן זיי זוכה זיין צוצופאַלן צום בוזעם פון מוטערערד. זיי וועלן טרעטן אויף אייגענעם באָדן. אין יאַגוסטאַוו האָבן זיי זיך געפילט די גאַנצע צייט ווי פאַרוואָגלטע, פאַרטריבענע אין דער פרעמד. זייער מאַמעס היים איז זייער היים.

מע דערגרייכט שוין דעם ברעג פון דעם טייך ווילִיע. ביי אַבקען אין פאָר־שטעלונג איז עס אַ מין ירדן. אָבער דאָ קומט מען נישט אָן צו די טובות און וווּנדערצייגעניש פון דעם הייליקן ארון פון בונד. אַ פּאָראָם פירט זיי אַריבער אין טריקעניש, מיטן פערד און וואָגן.

דערגרייכט שוין דעם צווייטן ברעג. ער רייסט אָפּ בלעטלעך און דינינקע צווייגעלעך פון די קלייניניקע ביימעלעך, וואָס וואַקסן דאָ, און ער קושט זיי מיט ליבשאַפט, מיט האַרציקייט, מיט בלות־הנפש. ווען ער זיצט נישט אויפן וואָגן, וואָלט ער צוגעפאַלן צו דער ערד און זי געקושט, געקושט.

טרערן פון פרייד שטייען אין זיינע אויגן. ער זעט, אַז אויך רחקע איז אַן אויפגעלויכטענע, אַן אויפגערודערטע נישט ווייניקער פון אים. אין האַרצן מאַכט ער די ברכה שהחיינו וקיימנו והגיענו לזמן הזה. ער האָט דערלעבט ווידער צו זען דאָס וועלדל, די פעלדער, די גערטנער. זיי זענען אים אַזוי איינגעבאַקן אין האַרצן, אַזוי אייגן, אַזוי ליב, ליב און טייער, ווי אַ פאַרשיקטער, וואָס קערט זיך אום אַהיים. ער טראַכט, צי דער הונט מיראַן לעבט נאָך, צי די צוויג ליסיטשקע לעבט נאָך, צי וועלן זיי אים דערקענען, צי דער שוואַרצער אָגער שטייט נאָך אין שטאַל אַזאַ רויִקער, אַזאַ שטאָלצער, אַזאַ פאַרריסענער ביי זיך. ער פלעגט דאָך גנבענען האָבער אין די גאַלאָשן און אים טראָגן צום פערד. ער האָט אים אויך געגעבן עסן צוקער. דאָס פערד האָט געגעסן ביי אים פון האַנט און פריילעך לוסטיק אַ פירקע געטאָן, ווי איינער זאָגט: אַ דאַנק דיר, אַבקע!

געקומען. אַ שמחה, אַ גדולה. מע קושט זיך. מע האַלדזט זיך. די באָבע איז שוין אַ ביסל איינגעהויקערט, אָבער נאָך הויך און שטייף. אַ נייער מענטש אין הויזגעזינד איז די מומע, אַ בלאָנדע, שיער נישט רויטלעך. היפּש אָנגעגאָסן. אויך זי איז אַרויס באַגעגענען די געסט. זי האַלט זיך אָבער אין דער מעלה, אויף אַ געוויסן מרחק. זי איז פרעמד, שטאָטיש, קומט פון אשמינע. אַלע פרייען זיך מיט אַבקען, אַלע מיינט אַן עלטערפעטער, אַן עלטערמומע, חיים־שמחה און מלכה, די שיקסע, די דינסט, די שכנים גויִים און שכנות גויעס. אַ קלייניקייט! די קינדער פון ר׳ יהודה־לייבן און פון חיה אסתר שרהן! די אַלטע גויעס האָבן נאָך די מוטער זייערע געטראָגן אויף די הענט, געהוידעט אין שויס.

די באָבע און דער זיידע זענען געבענטשט מיט גליק. זיי האָבן אַן איידעם, וואָס פאַרשאַפט זיי כבוד און נחת אויף דער וועלט און מיט זיין לומדות און

צדקות וועט ער פֿאַר זיי עפֿענען, נאָך הונדערט און צוואַנציק יאָר, די פֿאַרשלאָסענע טויערן פֿון גן־עדן אויף יענער וועלט. ביידע זאַכן זענען זיכער אין דער אייגענער מאָס. דער זיידע דערציילט דער באָבען, מיט וואָס פֿאַר אַ דרך־ארץ און כבוד מע האָט אים אויפֿגענומען אין כרך, געגעבן די בעסטע עליה, אויפֿגערופֿן שלישי. די שענסטע באַלעבאַטים האָבן זיך מיט אים אַרומגעפֿירט, געקומען אָפּשטאַטן וויזיטן מיט דער זאָגעניש „ווי ליב איז אייך אייער גאַסט". אַ שפּאַס צו זאָגן; דעם רבס שווער, דער רביצנס פֿאָטער! דער בית־מדרש איז געווען אײבערגעפּאַקט. דאַוונערס פֿון קלויז און שול זענען בכיוון געקומען זען דעם חשובֿן אורח.

די ערשטע זאַך, וואָס אַבקע טוט, איז אַוועקלויפֿן און כאַפּן אַ קוק אויף דער קרעניצע. יאָ, זי קוועלט און שפּרודלט ווי געווען. אויף אַ האָר זיך נישט געענדערט. פֿון דער קרעניצע אַוועק צום סטאַוו; ס'איז גלייך דערביי. דער סטאַוו איז פֿול, ווי אַן אויג, צום איבערגיסן זיך דורך דער אָפֿענער זאַסטאַווקע, וואָס אונטערן בריק. פֿון דאָרט האָט ער זיך געלאָזן לויפֿן צום וועלדל, פֿאַרבייגעאײלט דעם מאָהילניק. דער גויאישקער בית־עולם איז היפּש אויסגעוואַקסן פֿאַר די יאָרן, וואָס ער איז דאָ נישט געווען. עס האָט פֿון אים געווייעט מיט אומהיימלעכקייט, מיט טויטרעטעניש; כאָטש נישט געשטאָרבן נאָר געפּגרט, אָבער טויטע זענען זיי דאָך, הגם זיי ליגן אונטערן דעם טמאן צלם.

דאָס וועלדל האָט זיך נישט פֿיל געענדערט. נייע בושעס פֿון מאַלינעס; אויך ביימעלעך זענען צוגעוואָקסן. די יונגע ביימער זענען היפּש אונטערגעוואָקסן. אַ ביסל גרעבער געוואָרן. די מוראַשקעס־בערגלעך העכער געוואָרן; די שלאַנקע סאָסנעס זענען אַזוי מחייהדיק מיט זייערע גרינע שישקעס, די יעל־ביימער זענען אַזוי גאַסטפֿריינטלעך מיט זייערע ווייערס און אויסגעשפּרייטע שאָטנס. און דער סאַמעטענער מאָך איז אַזוי ווייך און פֿרושינעדיק אונטערן טראָט, ווי קומט צו אים דער טעפּיך פֿון ד"ר גאָלדבערגס פֿאַרקעט! אַפֿילו דעם מיליטערישן דאָקטערס טעפּיך קען זיך מיט אים נישט פֿאַרגלייכן. דערצו איז ער נאָך באַשפּרינקלט ווי אויסגעהעפֿט מיט וווּנדערלעכע דעסנעס, מיט רויטע פּאָזשימקעס, שוואַרצע יאַגאָדעס און געלינקע ליסיטשקעס (שוועמלעך). אויף די ראַנדן פֿון וועלדל איז ריינער גאָלדענער זאַמד, וואָס דער טעם פֿון טרעטן אויף אים, ווען ער איז אַ צוואַרעמטער פֿון דער זון, מיט באָרוועסע פֿיס ליגט נאָך אַבקען פֿריש צאַפּלדיק אין זכּרון.

קלעבאַניע, דעם גלחס הויף און גוט איז געבליבן ווי געווען, פֿונוויטן האָט ער געקענט זען די גרויסע וועלפּישע הינט אַרומשמייען. די צערקווע איז אַביסעלע עלטער געוואָרן, און ווי זיין באָבע, להבדיל, האָט זי זיך אַביסל איינגעהויקערט, אַזוי האָט זי אין זיינע אויגן אויסגעזען. דער גלח, וואָס איז געווען אַ זקן פֿריִער, זעט נישט אויס עלטער. אַבקע האָט אים געזען פֿונוויטן פֿאַרבייגיין. ער שלעפּט די פֿיס, ווי ער האָט זיי מיט עטלעכע יאָר צוריק געשלעפּט. ער גייט אָנגעלענט אויף אַ גראָבן שטעקן מיט אַ זילבערנער גאַלקע.

56

# די ירידה און אַנטוישונג

נישטאַנישעק! אַבקע קען זיך מיט אים נישט אָנפרייען צו זאַט. אָבער ווו איז פּוטילאָווקע? ער לעבט, אויף אַ האָר נישט אויסגעבלייכט, אין אַבקעס גוטן זכרון. ער איז אויפּבאַוואַרט, נישט געמינערט כהוא־זה. מיט זײַנע טשערעדעס, מיט ביז צו דער האָריזאָנט־ליניע לויפנדיקע לאָנקעס, מיט די קרויט־גערטנער, מיט די צוויי סעדער, אַ נײַער און אַן אַלטער. דער נײַער סאָד איז אַרומגעצאַמט און אָפּגעהיט. דער אַלטער איז שוין איבערגעלאָזן אויף הפקר אָן אַ פּאַרקאַן. ער איז אָפן פֿאַר אַלעמען, כל דכפין קען קומען און קלײַבן און רײַסן און אָפּשאָקלען פּרוכט פון זײַנע ביימער. די ביימער זענען שוין אַלט, זייערע צווײַגן פֿאַרדאַרט. מיט קיין אויבס־גערעטעניש זענען זיי שוין מכמה וכמה יאָרן נישט געבענטשט געוואָרן. אָבער דאָ און דאָרט וואַקסן נאָך עפּל און באַרנעס. אין פּוטילאָווקעס סטאָדאָלעס זענען געשטאַנען פערד. אייניקע גוט צו שלעפּן משא, אַנדערע האָבן זיך אויסגעטויגט צו דער אַרבעט פון אַקערן, אַנדערע צום פֿאָרן און רײַטן. פּוטילאַווקעס סטאַוו האָט אַ נאָמען צוליב זײַנע פיש, וואָס האָבן זיך געלאָזט כאַפּן שיער נישט מיט די הוילע הענט; נישט קיין נעץ און נישט קיין ווענדקע האָט מען פֿאַר זיי באַדאַרפט. פון סאַמע מיטן סטאַוו האָט זיך אַרויסגעהויבן אַן אינדזל, וואָס איז געווען שפעדיק באַוואָקסן מיט ביימער, קוסטעס און גאָר הויכע גראָזן. אויף איינעם פון די ביימער, וואָס איז געווען אָנגעבראָכן און צוגעסמאַליעט פון אַ בליץ און דונער, וואָס האָבן אים געטראָפן, — איז געווען אויסגעבויט אַ נעסט פון שטאָרכן. ער געדענקט די שייערס, די שפּײַכלערס, דעם פּאַכט, די פּאָדוואַלן אָנגעשאָטענע מיט ווייניקע עפּל. אויך די פּאָקאָיעס (אַ פײַנע פּריצישע קוואַרטיר), אין וועלכע ס'האָט אַמאָליקע יאָרן געוווינט דער פּריץ פון הויף, זענען בימי אַבקע געניצט געוואָרן ווי אַ פּלאַץ אויף אָנצושיטן עפּל און באַרנעס לרוב, און פון זיי האָט זיך געטראָגן אַ זויערלעך־ווייניקער גערוך, וואָס האָט אָנגענעם געקיצלט זײַנע נאָזלעכער.

ווו איז דער הויף? נישטאָ מער. וואָס הייסט נישטאָ? ער איז נישט פֿאַראַן פֿאַר אַבקען. זײַן זיידע, ר' סענדער, האַלט אים מער נישט אין אַרענדע. דאָס געזעץ לאָזט קיין ייִדן מער נישט אַרענדירן אַ הויף. אַ יאָר צוויי האָט דער זיידע אים געהאַלטן אויף אַ גויאישקן נאָמען. אָבער עס איז אים נימאס געוואָרן צו האָבן צו טאָן מיט דעם כאַמולע, דעם פּראָסטן גוי, וואָס האָט זיך געמישט אין זײַנע עסקים. די גאַנצע זאַך איז אים נישט אָנגעשטאַנען — און ער האָט עס אויפגעגעבן. מע וועט זיך באַגיין אָן הויף.

דעם זיידן איז עס געווען לײַכט צו זאָגן. אָבער פֿאַר אַבקען איז עס געווען אַ גרויסער פֿאַרלוסט. ער האָט איבערגעלעבט אַ ווייטיקדיקע אַנטוישונג. דער הויף האָט פֿאָרגעשטעלט אַ וואָגיקן טייל פון צויבער, וואָס נישטאַנישעק האָט געהאַט פֿאַר אים. ער איז געווען מנעמאניש עמאָציאָנעל צונויפגעקניפּט מיטן הויף מיט אַלע טועכצן, וואָס עס זענען דאָרט געטאָן געוואָרן: אַקערן, בראָנעווען, זייען, שנײַדן, יעטן, דרעשן, אָנטרינקען די שעפּסן, שערן די וואָל און צענדליקער באַ־

שעפּטיקונגען אַרום דעם מילכפּאַכט. ער האָט אין אַלץ געהאַט אַ האַנט. אויב נישט אַ גאַנצע האַנט, איז אַ פינגער, אַן אויג זיכער. ער האָט אַלץ בייגעוווינט, אַלץ באַאָבאַכט און קלאָמפּערשט באַטייליקט זיך אין דעם, אָדער, לכל־הפּחות, באַערט מיט זיין דערבייזיין. קיין זאַך איז נישט געטאָן געוואָרן אָן אים. אַפילו ווען מען האָט איינגעבראָכן אַ ווילדן אָגער, אים מחנך געווען צו גיין סטאַטעטשנע אין שפּאַן, אָדער בהכנעה טראָגן אויפן רוקן אַ רייטער, — אַפילו אָט־די ריזיקאַלישע טואונגען האָט ער בייגעוווינט. ער געדענקט, ווי אַ פערד, וואָס האָט נישט געוואָלט בייגן זיין קאַרק מיט דער שיינער גריווע אונטער דעם מענטשנס יאָך, האָט זיך צעיאָגט און זיך אַ שטעל געטאָן אויף די הינטערשטע פיס, אַריבערגעשפּרונגען מיטן פרעכן רייטער איבער דעם געמויערטן און געוועלבטן הויף־טויער און האָט זיין חצוף־באַצווינגער אַ שלײַדער געטאָן פון זיין רוקן אויף אַ פּופּציק פוס, און יענער איז פון אָרט נישט אויפגעשטאַנען, מע האָט אים געדאַרפט אויפהייבן און אַוועקטראָגן אויף די הענט.

ער געדענקט אויך, ווי אַ פערד האָט זיך צעיאָגט מיט דער פור, אין וועלכער מע האָט אים צום ערשטן מאָל איינגעשפּאַנט, מיט אַזאַ אימפּעט און זיך געלאָזט אין אַ גאַלאָפּ איבער פעלדער, גראָבנס, בערגלעך, טייכלעך און טאָלן, מיט אַזאַ שנעלקייט, אַז די פאָדערשטע רעדער זענען אַראָפּגעפאַלן און צעשפּרונגען געוואָרן אויף שטיקלעך און דערנאָך זענען אַראָפּגעפאַלן די הינטערשטע רעדער און פון וואָגן איז געוואָרן אַ שליטן.

דאָס אַלץ איז איצט מער נישט געווען. פאַר אים איז עס געווען אַ גרויסער קלאַפּ, אַ קאַלאָסאַלע קאַטאַסטראָפע, רחמנא ליצלן. נישטאַנישעק אָן פּוטילאָוקע האָט אין זיינע אויגן אויסגעזען, ווי אַ קערפּער אָן אַ קאָפּ, אָן הענט און פיס.

ווי אַ זכר לחורבן איז געבליבן לעבן הויז אַ שטיק פעלד פאַרזייט מיט האָבער, אַן אַנדער פעלד פאַרזייט מיט גערשטן. אַ גאַר היפּשער גאָרטן פאַרזעצט מיט קאַרטאָפל, מיט מערן, בוריקעס, אוגערקעס און קרויט. לגבי פּוטילאָווקעס גערטנער האָט דער גאָרטן אויסגעזען ווי אַ קאַרליק לגבי אַ ריז.

ער האָט געהאַט גרויס צער פון דעם ריס, וואָס האָט זיך געשאַפן צווישן זיינע פאַרבנרייכע דערמאָנענישן וועגן נישטאַנישעק און דער איצטיקער גרויער ווירקלעכקייט.

ער האָט זיך געפילט ווי אַ יורד. מישטיינס געזאָגט די נישטאַנישקער באַלעבאַטישקייט. אינגאַנצן בלויז פיר קי. וויפל פאַילע דאַרף מען פאַר זיי? וויפל קלייען? אַ שאַנדע אויסצוזאָגן. נישט מער ווי פיר טשוהונעס מיט קליינע בולבעלעך האָט יעוודאָטע, די גויאישקע דינסט, אָפּגעקאָכט און צעריבן מיט אַ שטעקן. צעריבענערהייט אַריינגעוואָרפן עס אין פיר צעבערס פאַרמישטע מיט קלייען און זיי אַרויסגעטראָגן און אַוועקגעשטעלט פאַר די קי, ווען זיי זענען געקומען אין אָוונט פון דער פּאַשע. זיי עסן אָפּ זייער וועטשערע און מע פאַרשפּאַרט זיי אין שטאַל אויף איבערנעכטיקן. דאָס אַלץ. וואָס פאַר אַ פאַרגלייך צו פּוטילאָווקע, ווו עס זענען געווען איבער הונדערט קי און מ׳האָט געקאָכט פאַר זיי גאַנצע קעסלען מיט בולבעס.

די גדולה, גלאָריע און פראַכט פון נישטאַנישעק האָט זיך אָפּגעטאָן. ער איז צעוויטיקט. ער האָט געקענט איכה כמעט אויפּאויסוויניק און אין האַרצן האָט ער אָפּגעזאָגט די מגילה פּסוק נאָך פּסוק און באַגלייט זי מיט אומגערונענע טרערן־

## 57

# דאָס חזיר

סטרוצקיס הויף האָט אויך טיף אַראָפּגעזונקען. נאָך די קופּסקעס האָט אין הויף געוווינט ר׳ אברהם שלמה סווירסקי. אַבקע געדענקט אים גאַנץ גוט. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אין נישטאַנישעק יעדעס מאָל, ווען ער איז געפאָרן קיין סוויר אָדער אשמענע. ער איז געפאָרן מיט אַן עלעגאַנטן קוטשער אין אַ ליווריי. אין אַ קאַרעטע אויף רעסאָרן געשפּאַנט צו צוויי שוואַרצע אָגערס. מע האָט אים מכבד געווען מיט אַ קאַלטן טרונק וואַסער פון דער קרעניצע. קיין אַנדער זאַך איז נישט געווען וואָס אים צו געבן, ער זאָל עס נישט האָבן געהאַט ביי זיך אין הויף.

פון סווירסקין איז דער הויף אַריבער צו סטרוצקין מיט זיינע שקצים. אַ העלפט פון הויף האָט סטרוצקי פאַרקויפט צו אַ קולאַק, אַ פּויער. דער פּאַלאַץ מיט זיינע פּראַכטפולע זאַלן און שפּיגלדיקע פּאַרקעטן, וואָס זענען געווען גלאַט ווי אַ גליטש און זויבער, אַז מען האָט געקענט פון זיי עסן, איז פאַרחזירט געוואָרן אין בוכשטעבלעכן טייטש פון וואָרט. אַבקע האָט אַליין געזען, ווי אַ חזיר איז אַרויס בריוקענדיק פון דער העלפט, ווו סטעפּאַנאָוו מיט זיין משפחה האָבן געוווינט.

ווען ער האָט דערזען דאָס חזיר אַרויסקריכנדיק, האָט זיך אים דאָס האַרץ אָפּגעגאָסן מיט בלוט. נאָך די קופּסקעס, איידער די סווירסקעס האָבן אים איבערגענומען, האָט דער זיידע געהאַלטן דעם הויף און זיין טאַטע און מאַמע האָבן דאָ געוווינט, פאַרן אָפּפאָרן קיין מיכאַלישעק, ווען דאָס שטיבעלע, וואָס דער זיידע האָט ספּעציעל אויסגעבויט פאַר דעם פּאָרפאָלק, איז געוואָרן צו ענג, קינדער זענען געבוירן געוואָרן און זיך געהאָדעוועט. פון יעדן ווינקל האָט געפינקלט און געשיינט און איצט האָט זיך אַהער אַריינגעצויגן אַן אַרויפגעאַרבעטער פּראָסטער מוזשיק מיט זיין פאַמיליע און זיינע חזירים קומען אַריין אן שטוב און מען גיט זיי דאָ עסן... אַזאַ אַראָפּפאַל, אַזאַ חילול הקודש. ער האָט זיך געפילט, ווי ער וואָלט געזען ווי פון אַ מקום קדוש מאַכט מען אַ שטאַל. אין זיינע זכרונות זענען דידאָזיקע געביידעס נישט געווען קיין חולינדיקע בנינים. אַן אייגנאַרטיקע קדושה האָט געשוועבט אַרום זיי און געהויערט איבער זיי. אין זיינע דערינערונגען האָט ער די פּלעצער און הייזער פאַרהערלעכט, פאַרחומשט און פאַרתנ״כט. מחמת די פּערסאָנאַזשן, וואָס האָבן אין זיי געוווינט, זענען אין זיין דמיון איבערגעשמאָלצן געוואָרן אין ביבלישע פיגורן. זיין זיידע איז ביי אים, אין זיין צעשפּילטער דורך דערמאָנעניש פאַנטאַזיע, געווען שיער נישט אַ מין אברהם... די געשטאַלט פון ר׳ אברהם שלמהן האָט אויך אָנגענומען אַ ביבלישע קאָלאָראַציע, אַ מין יששכר, וואָס וווינט אויף די ברעגעס פון וואַסערן.

לכתחילה איז ער געווען אַן אָרעמער פישער. ער אַליין פלעגט אַרויס אין זיין שיפל מיט זיין נעץ אויף דער סווירער אָזיערע, כאַפּן פיש און זיי פאַרקויפן אין שטעטל צו די ייִדן אויף שבת. ער האָט אָבער געפונען לייטזעליקייט ביים

פריץ כאמינסקי און ער איז געוואָרן זיין מעקלער. ער האָט געקראָגן פּאַרן פּריץ וואַלד־סוחרים. דערנאָך איז ער פון מעקלער געוואָרן שותף מיט די סוחרים. שפּעטער־צו איז ער אַליין געוואָרן אַ גרויסער וואַלד־סוחר. ער האָט געמאַכט גאָלדענע געשעפטן. דאָס געהילץ האָט מען אין פּליטן געטריבן קיין דייטשלאַנד. אַז אברהם שלמה איז נתעשר געוואָרן, האָט ער געדונגען אַ מלמד און ער האָט מיט אים געלערנט. ער איז דורכגעגאַנגען דעם תנ"ך און אַריינגעשווומען אין ים התלמוד, הגם געהאַלטן זיך, פאַרשטייט זיך, ביי די סאַמע ברעגעס. אַזוי איז ער געוואָרן ר' אברהם שלמה. ער איז געווען אַ גרויסער בעל־צדקה.

ער האָט זיך געפירט ברייט, מעשה פּריץ, קאַפּריציעז, דיקטאַטאָריש. זיין וואָרט איז געווען באַפעל. ער האָט זיך פאַררייסן אָבער זיך געהאַלטן אין די צאמען כלפּי ר' סענדערן, וואָס האָט זוכה געווען צו קריגן אַזאַ איידעם, וואָס עס קלינגט מיט אים אַ וועלט.

אַבקע האָט עטלעכע טעג ממש געקלאָגט אויפן חורבן פון נישטאַנישעק, וואָס האָט ביי אים געהאַט מער ווי אַ געאָגראַפישן באַטייט.

## 58

## פאַר אַלט קעגן ניי

נישטאַנישעק גופא איז נישט נאָר נישט חרוב געוואָרן, נאָר איז אויפגעריכט געוואָרן, איז אויסגעוואַקסן. דאָס נייע הויז האָט מען אויסגעברייטערט, צוגעבויט אַ צווייטע העלפט, וווּ אַבקעס פעטער, שלוימיטשל, מיט זיין ווייב, כאַשע רחל, האָבן איצט געוווינט אין גאַנץ שיין־מעבלירטע צימערן.

אָבער אַבקען זענען אָט־די בוי־אויפטואונגען נישט איינגעגאַנגען. ער האָט נישט סובל געווען דידאָזיקע נייקייטן. ער האָט געוואָלט, אַז אַלץ זאָל האָבן גע־בליבן אין נישטאַנישעק אין דעם צושטאַנד, אין וועלכן ער האָט עס איבערגע־לאָזן מיט איבער פיר יאָר צוריק, גענוי ווי ער האָט עס געדענקט און געהאַלטן פריש אין זכרון. אין די צובויאונגען האָט ער געזען צעשטערונג פון זיינע דערינע־רונגען און פאַרלעצונגען פון זיינע וואַרעמע געפילן. ער האָט געוואָלט אַלץ אויפ־היטן אין אַמאָליקן סטאַטוס־קוואָ, אין אַ סטאַטישן מצב. ער האָט געהאַסט די נייע מעבל; ער האָט געזען אין דעם אַ מין פאַרלעצונג פון דער הייליקייט, וואָס האָט אַרומגעשפּונען די פאַרגאַנגענקייט ווי זי האָט זיך אויפגעהאַלטן אין איר פולער אומבאַרירבאַרקייט און איז פאַרהערלעכט געוואָרן אין זיין זכרון.

ער איז אַרומגעלאָפן אַמאָל אַליין אַמאָל מיט זיין שוועסטערל, רחקע, איבערן וועלדל אַהין און צוריק און אים האָט ממש פאַרדראָסן, וואָס זיין פּחד פאַר די אימאַגינירטע גזלנים איז פאַרשוווּנדן. אים האָט איצט אויסגעפעלט דער רייץ, וואָס די שרעק פאַר אַן אמתער אָדער אויסגעדוכטער געפאַר גיט. מיט אַ היפּש ביסל יאָרן צוריק האָט מען דאָ באמת געדאַרפט זיך שרעקן פאַר איבערפאַלן פון רויבערס אויף פריצישע גיטער.

ער האָט אַ סך מאָל זיך איבערדערציילט די מעשה מיט די גזלנים און ביי

יעדן מאָל איבערהזרן עס איז ער פאַרציטערט געוואָרן און בשעת־מעשה אויך אָנגעקוואָלן פון דער בראַווקייט, ממש העלדישקייט פון זיין באָבען, וואָס איז אין זיינע אויגן, אַדאַנק אָט־די אומדערשראָקענע האַנדלונגען, אױסגעוואָקסן צו די פּראָפּאָרציעס פון אַ יעלן, וואָס האָט דערהרגעט סיסרהן 1).

די געשיכטע איז טאַקע אַ מעשה־נורא.

דער זיידע איז געווען אַוועקגעפאָרן. דאָס אייגענע דער פעטער, צוליב זייערע געשעפטן. אין הויז איז געבליבן די באָבע מיט אַ דינסט. אין מיטן דער נאַכט הערט זי, ווי מ׳איז צוגעריטן צום הויז. לויט דעם קליפּ־קלאַפּ פון די קאָפּיטעס האָט זי זיך משער געווען, אַז די פערד זענען בריטישע ספּריטנע אַגערס. די רייטערס זוכן מסתמא נאַכטלעגער אין קרעטשמע.

זי הערט, מע פּאָרעט זיך ביי דער דרויסנדיקער טיר. זי האָט זיך אויפגיך אָנגעטאָן און געגאַנגען עפענען. זי גיט האַלב אַן עפן־אויף די דרויסנדיקע טיר, ערשט פאַר איר שטייט אַ גזלן אין אַ רויטער רובאַכע מיט אַ שאַרפן מעסער אין דער האַנט און הינטער אים אַ צווייטער מיט אַ האַק. זי האָט מיט איר גאַנצן כוח געגעבן אַ קלאַפּ־צו די טיר, זי אויפשנעל פאַררינגלט און געגומען רופן און וועקן די שלאָפנדיקע מאַנצבילן, וואָס זענען קלאָמפּערשט געווען אין שטוב. די גזלנים האָבן, אפנים, געהאַלטן אַן אויג אויפן הויז פאַר אַ פּאָר טעג און האָבן געוווסט, אַז קיינער איז אין הויז נישט געבליבן אויסער דער באַלעבאָסטע און איר דינסט, אַ שיקסע פון אַ דערבייאיקן דאָרף. דאָס אויסרופן די נעמען האָט אויף זיי קיין ווירקונג נישט געהאַט. זיי האָבן שוין גענומען ברעכן די טיר מיט העק. די באָבע, כיענע־רייזע, האָט אויפגעפּראַלט אַ פענצטער און זי און די דינסט זענען אַרויסגעשפּרונגען דורך אים. זי האָט געהייסן דער דינסט לויפן אַזוי שנעל ווי זי קען אין פוטילאָווקע, אויפוועקן די פּאַרובקעס און זיי ברענגען אַהער. אַליין איז זי צוגעלאָפן צום שכן, דעם שוסטער פעטריצקי, אים אויפגעוועקט און געכאַפּט ביי אים זיין אָנגעלאָדענע ביקס. דורכן אָפענעם פענצטער האָט זי געזען די גזלנים שטיין ביים גרויסן קאָמאָד, ווי זיי האַלטן אין אויסליידיקן די שופלאָדן. איינער האָט גענומען דאָס געלט, וואָס האָט זיך דאָרט געפונען, דער צווייטער האָט איינגעבונדן אין אַ פּאַטשיילע די גאָלדענע בעכערס, דאָס זילבערוואַרג. זי האָט אויסגעשאָסן. זי האָט קיינעם נישט געטראָפן; קיין גרויסע שיסערקע איז זי נישט געווען, דערצו האָבן אירע הענט, ווי זי איינגאַנצן, זיך געטרייסלט. דערווייל איז פעטריצקי געקומען צולויפן מיט אַ פלאָקן. די גזלנים האָבן זיך איבערגע־שראָקן און געמאַכט פּליטה; דאָס געלט און די חפצים האָבן זיי איבערגעלאָזט. אויף די געשרייען און שיסעריי זענען אָנגעלאָפן די פּאַרובקעס פון קלעבאַניע; עס זענען געקומען רייטנדיק די פּאַרובקעס פון פוטילאָווקע; מע האָט די גזלנים נאָכגעיאָגט, אָבער נישט געקענט כאַפּן. זיי זענען נעלם געוואָרן אין דער פינצ־טערניש פון דער נאַכט.

אַבקען האָט זיך געגלוסט, אַז עפּעס ענלעכס זאָל פּאַרקומען טאַקע איצט, ווען ער איז דאָ פאַראַן און ער זאָל אַרויסהעלפן דער באָבען פאַרטרייבן די גזלנים. ער האָט זיך פאַרגעשטעלט, ווי די באָבע האָט אויסגעזען מיט אַ ביקס אין דער

1) שופטים, ד׳, כ״א.

האַנט און ווי זי צילעוועט זיך אין דעם גזלן, וואָס שטייט ביי דעם קאָמאָד... אים האָט פאַרדראָסן, וואָס דאָס ווערלדל האָט פאַרלאָרן די מיסטעריעזקייט, אין וועלכער זיין דמיון האָט עס פאַרשלייערט.

ער האָט כמעט ווי חרטה געהאַט אויף זיין גאַנצן קומען. אָט־דער איבעריקער באַזוך זיינער האָט פאַר אים צעשטערט דעם נישטאַנישעק פון דער ווונדערלעכער באַצויבערטער פאַרגאַנגענהייט, וואָס האָט זיך געפונען אין זיין פולער אומבאַרירבאַרער אינטעגריטעט אין זיין געדעכעניש. די אבידה האָט ער געפילט אַזוי יסורימדיק, ווי מע וואָלט פון אים גופא אָפּגעריסן אַ שטיק און עס אַרויסגעוואָרפן.

## 59

## דער ייִד און גוי

אַבקע געדענקט און לעבט איבער אין געדעכעניש די יאַרידן אין נישטאַנישעק. ייִדן און ייִדענעס. שטיקלעך קרובים און גאָר קיין קרובים נישט, קומען אַראָפּ פון סוויר אַרויסהעלפן דעם זיידן און דער באָבען. די ערב־יאַרידן זענען געווען נאָך וויכטיקער, פאַרהאַוועטער, פאַרשמאַיעטער פון די יאַרידן. מען האָט געמאַכט די נייטיקע הכנות. מען גרייט זיך צו די אָנקומענדיקע גרויסע, משונה, אָנלאָקנדיקע און פחד־אָנוואַרפנדיקע טעג, אייגנאַרטיקע „ימים־נוראים”. ער איז געפאָרן מיטן זיידן קיין סוויר, ווו ר׳ סענדער האָט אָנגעקויפט פעסלעך און פלעשלעך, גאָר אָן אַ שיעור, בראָנפן און ביר. ער איז אַרומגעגאַנגען מיטן זיידן איבער די פּאָדוואַלן פון די בראָנפן־ און ווייַן־הענדלערס, ווו דער זיידע האָט איינגעהאַנדלט כל־המיני קאָניאַקן א״אַ משקאות: זויערע, ביטערע און זיסע, אַלץ פאַר די גויִים. מע האָט אָנגעלאָדן אַמאָל פורן און פורן, אַמאָל שליטנס און שליטנס, עס האָט זיך געווענדט אָן סעזאָן, און אַלץ אָפּגעשיקט קיין נישטאַנישעק פאַרן יאַריד.

אַ גויאישקער יאַריד. מענגעס גויִים און גויעס. שקצים און שיקסעס. טאַבונעס פערד. אויפגעשטעלטע ביידלעך אין רייען. זיי זענען פול מיט כל־המיני געווערקצייג. זעגן, סערפּן, קאָסעס, העק, ווילעס, גראַבלעס, אַקעראייזנס; אויך אָן אַ שיער טשוהונעס, פאַנען, קעסלעך.

די גויִים קויפן און די גויִים פאַרקויפן. יעדע קניה־מכירה־טראַנסאַקציע ווערט באַשפּריצט, דאָס הייסט, ווערט געשלאָסן דורך אַ טרונק בראָנפן. קיין זאַך ווערט נישט געטאָן אָן אַ כוסה־מאַכן. אַז עס פאַלט־צו דער אָוונט פאַלן שוין אַלע גויִים פון די פיס. זיי זענען לוט־שיכור. אַלע געשעפטן געענדיקט. מע נעמט זיך קלייבן פאָרן צוריק אַהיים אין די דערפער, פונוואַנען מען איז געקומען. פאַרן אָפּפאָרן נעמען זיי זיך געזעגענען. זיי קושן זיך, האַלדזן זיך איינער מיטן אַנדערן און כליפּען. פון די טשיקאַווע זייער וואַרעמע קושערייען און האַלדזערייען צינדט זיך אָן אין זיי די יוכע, צעפלאַקערט זיך פלוצלונג אַ מאוימדיקער געשלעג. ביי די גויִים פון די קעפּ, פון די נעזער, פון די צעדראַפּעטע פנימער טריפט, אַמאָל גיסט זיך, בלוט. מע הייבט אָן מיט וואַרפן זיך איינער אין אַנדערן מיט די אויס־

געלײדיקטע פלעשער; דערנאָך, אַז די פלעשער זענען שוין אַלע צעבראָכענע, גיט מען זיך אָ נעם צו אַ דערבײאיקן איװועלע, מע צענעמט עס אויף אײנצלנע ציגל און מע פלעט אײנער דעם אַנדערן די קעפּ מיט די ציגל, — אַן אמתע באַטאַליע.

אַנדערע גויִים, די פרידלעכע און איבערגעזויפטע, ליגן אויסגעצויגענע אויפן גראָז צי אויפן שניי, לויט דעם סעזאָן פון יאָר, פאַרחלשטע, שיער נישט פאַר־ברענטע פון ספּירט, וואָס זיי האָבן אין זיך אַרײנגעגאָסן. זײערע באַבעס, די װײַבער, עפּענען זיי די מײַלער און זײערע „קומעס״, פרײַנט אָדער נאָענטע קרובים, זענען משתין זיי אין מויל אַרײַן. דאָס טרעפן אין מויל קומט זיי אָן נישט לײַכט, וואָרעם זיי האַלטן זיך קוים אויף די פיס, וואָס בייגן זיך אונטער זיי. מיט דער אײַנגעגעבענער „אורין־מעדיצין״ חיהן זיי אָפּ די „פאַרשרפהטע״; זיי לעשן דאָס פײַער אין זײערע אינגעווייד. נאָכדעם לייגט מען זיי אַרויף אויף די וועגענער אָדער שליטנס און מ׳פירט זיי אַוועק אַהיים, אין דאָרף אַרײַן.

אויף די צעמזיקטע קוקט זיך קײנער נישט אום. קײנער פאַרבינדט נישט זײערע וווּנדן, קײנער באַנדאַזשירט נישט זײערע צעבראָכענע, אויסגעלונקענע גלידער. אַ „קום״ דערלאַנגט זיי אַן עמער קאַלט װאַסער, זיי וואַשן זיך אָפּ דאָס בלוט, — און פאָרן אָפּ.

די בילדער זענען שוידערלעכע, אָפּשטויסנדיקע, אָבער פון גרויסן באַטייט פאַר אַבקען. זיי העלפן אים אויסצוגרונטיקן זײַן השגה און געמעל פון גוי און גויאישקייט. שיכרות און געשלעג זענען אַן אינטעגראַלער טייל פון עצם מהות פון גויאישקייט. אָט־די האַנדלונגען פון די פויערים האָבן געהערט צו זײער װעזנטלעכקייט, צו זײער נאַטור, לויט אַבקעס באַאָבאַכטונגען און אויפפּאַסונג פון דעם באַאָבאַכטן, נישט װײניקער ווי דאָס קודאַכטשען און קוואַקטשען געהערט זיך אָן צו די הינער, און דאָס הירזשען און פאַרשקען — צו די פערד.

די ייִדן, ישובניקעס, וואָס קומען רײַן, ציכטיק־אָנגעטאָענע צום ײדנס מנין יעדן שבת, דאַוונען בציבור, הערן קריאת־התורה, מאַכן קידוש, זענען טועם פון ווײַן און צעגייען זיך פרידלעך־בנעימותדיק אַהיים. און די לוטישע באַזויפנקייט און רציחהשע געשלעגערייען פון די גויִים שטעלן צוזאַמען איין גאַנץ בילד. דער ייִד שטעלט צו דאָס ליכט, דער גוי דעם שאָטן; אײנס גייט מיט דעם אַנדערן, ווי טאָג מיט נאַכט מאַכן אויס איין מעת־לעת.

איצט איז דאָס בילד אינגאַנצן אָפּגעקראָכן; די שאַרפע קאָלירן אויסגערו־נען; אַלץ איז מטושטש: דאָס ליכט איז װײניקער ליכטיק און דער שאָטן איז װײניקער חושכדיק. אַלץ האָט זיך געביטן. די אַלטע ייִשובניקעס האָבן קיין כוח נישט צו דעקן אַזעלכע לאַנגע שטרעקעס, עטלעכע תחום־שבתן אַהין און צוריק, און די ייִנגערע, די אונטערוואַקסענע, אָדער זיי זענען זיך צעפאָרן אין די אַרו־מיקע שטעטלעך, אָדער עס ציט זיי נישט צום בציבורדיקן דאַוונען. אַזוי, אַז קיין מנין איז מער נישטאָ. די גויִים, ווידער, שיכורן װײניקער און הורגן זיך װײניקער מיטן אײנפיר פון בראָנפן־מאָנאָפּאָל. זיי קענען קריגן דעם בראָנפן, אָבער עס איז נישטאָ ווו זיך אויסצוזעצן און טרינקען בחברותא, מיט צובײַסעכץ, מעשה געפּראַוועט אַ סעודה. מען קויפט די מאָנאָפּאָלקע, מען גיט איר אַ ברעך־אַראָפּ דאָס העלדזל מיט אַ קלאַפּ אָן אַ שטיין און מען זשליאָקעט־אויס דעם בראָנפן, וואָס איז וואַסערדיק... האָט ווינציק ספּירט. עס האָט קיין טעם נישט.

אַבקע איז נישט משיג, אַז ער האָט זיך פאַר די עטלעכע בינתים פאַרפלאָ־סענע יאָרן אויך געענדערט. זיינע אויגן האָבן פאַרלאָרן דעם אַמאָליקן כוח זייערן צו פאַרוואַנדלען יעדן קעגנשטאַנד און יעדע שטיקל געשעעניש אין פלאַי־פלאַימ־דיקע זאַכן און אויפטועונישן.

די גאַנצע געגנט האָט צוליב דעם, צוליב דעם אָפּשוואַך פון זיינע פאַר־כישופנדיקע ברילן פאַרלאָרן אַ גרויסן חלק פון איר זאַפט און קראַפט. אַלץ אַרום אים איז געוואָרן בלייך, געשמאַקלאָז, לעפּלעך, פאַרעווע — גרוי. נישטאַ־נישעק האָט אים אָפּגענאַרט אָדער, ריכטיקער, ער האָט זיך אָפּגענאַרט אין נישטאַנישעק. עס איז גאָרנישט דאָס, וואָס עס איז געווען, ווען ער איז געווען מיט פיר יאָר יינגער.

## 60

## צוריק צו ישעיהן

אַבקע פאַרבענקט זיך נאָך ישעיהס מוסר־רייד און שטראָף. ער זוכט אויף אין זיידנס ספרים־אַלמער אַ תנ״ך.

דער זיידע זעט, ווי זיין איניקל פאַרעט זיך אַרום די ספרים, קוועלט ער אָן מיט נחת. ער שפּירט אַבקען נאָך פונדערווייטנס. ערשט ער זעט, ווי אַבקע נעמט אַרויס דעם ספר ישעיה, עפנט און קוקט אַריין אין אים מיט אַ פּנים פון אַ פאַרבענקטן זון, וואָס קוקט אויף אַ פאָטאָגראַפיע פון זיין פאָטער, וועמען ער וואָלט גריילעך וועלן זען קערפּערלעך, נישט בלויז אין אָפּבילד.

דער זיידע באַט גלייך אָן אַבקען אַ זילבערנעם רובל פאַר איטלעכן קאַפּיטל ישעיה, וואָס ער וועט זאָגן פאַר אים אויפּאויסווייניק. די זילבערנע רובלס זענען נאָר וואָס אַריין אין ברייטן געברויך. זיי זענען נאָך דערווײַלע אַ נאָווינע. ער נעמט אָן דעם אָנבאָט מיט פאַרגעניגן.

מיט זיין טאַטן האָט ער אויך געטאָן געשעפט. אָבער די פרייזן זענען געווען קבצנישע. אַ פונט ניס פאַר אַ גאַנצן עמוד געזאָגט אויפּאויסווייניק. וואָס האָט באַטראָפן אַ פונט וועלישע ניס? צען, צוועלף קאַפּיקעס. ווער האָט אים פאַר־הערט? דער דיין. דער טאַטע איז דאָך געווען אַ נוגע בדבר. האָט מען אויף זיין אָפּשאַץ זיך נישט געטאָרט פאַרלאָזן. דער דיין איז געווען נייטראַל. ער האָט גע־זאָגט דעם רב, וויפל עמודים אַבקע האָט אָפּגעזאָגט אויפּאויסווייניק אָן זיך פאַר־היקן, זיך פאַרהאַקן, זיך ספּאָטיקען, אָן גרייזן, און דער טאַטע האָט געצאָלט אויף דער שטעל מיט מזומנים לויט דעם באַשטימטן פרייז פאַר ניס אין קראָם אין דער געגעבענער צייט פון ערב יום־טוב.

פאַר תנ״ך האָט דער טאַטע גאָרנישט געצאָלט; בלויז פאַר גמרא. דער זיידע אָבער איז רייך און ער וועט צאָלן מיר רובלס. אַבקע וואַרפט זיך אַריין אין דער „אַרבעט"...

ער האָט גאָר אויף שנעל זיך אויסגעלערנט דעם ערשטן קאַפּיטל. דער זיידע האַלט די סוואַרבע (עשרים וארבע), קוקט אַריין און אַבקע זאָגט אויסווייניק, ווי אַ וואַסער. אָפּגעזאָגט דעם קאַפּיטל אָן איין מאָל געשטרויכלט צו ווערן, אָן אַ פאַרהאַלט, אָן אַ זאַהיקן זיך און געקראָגן דעם ערשטן זילבערנעם רובל.

אַבקע ווערט אַ פֿאַרדינער. „ער שאַרט גאָלד“, ריכטיקער, זילבער. קויפֿן עפּעס פֿאַרן געלט איז נישטאָ וואָס. און ער דאַרף קיין זאַך נישט קויפֿן. אין וואָס ער נייטיקט זיך, קריגט ער. לייגט ער איין זיין פֿאַרדינעכץ ביי דער באָבען. זי איז ביי אים אַ בעל־בטוחטע. ווען ער וועט עס נאָר דאַרפֿן, וועט ער עס אַלע מאָל קענען קריגן. און אויב ער וועט עס נישט דאַרפֿן פֿאַר דער גאַנצער צייט פֿון זיין ווייַלן דאָ, וועט ער עס אָפּנעמען פֿאַרן אָפּפֿאָרן צוריק אַהיים.

ער האָט שוין אין באַנק ביי דער באָבען גאַנצע פֿינפֿאונצוואַנציק רובל. ער האָט אָפּגעקליבן און זיך אויסגעלערנט אויפֿאויסווייניק די שענסטע קאַפּיטלעך אין ישעיה און דאָ האָט ער זיך אָפּגעשטעלט. אַראָפּגענומען דעם שמאָנט. עד כאן אומרים. דאָס איבעריקע איז האַרטע עברי, האַמעטנער לשון און אים געפֿעלט עס נישט. פֿאַר באַצאָלט לערנען אַ זאַך, וואָס אים געפֿעלט נישט, דאָס טוט ער נישט. קיין חשק צו געלט האָט ער קיינמאָל נישט געהאַט. ער האָט געלערנט, וואָס עס האָט אַפּעלירט צו זיין פֿאַנטאַזיע און זיין חוש פֿאַר שיינשרייבעריי, און אויב דער זיידע האָט נאָך געצאָלט, איז אדרבה ואדרבה. אָבער זיך פֿאַרקויפֿן פֿאַר געלט — דאָס נישט. אויף וואָס טויג אים דאָס געלט, וואָס בלייבט סיי ווי ביי דער באָבען! און ביז ער וועט פֿאָרן צוריק אַהיים, וועט ער און די באָבע פֿאַרגעסן וועגן דעם. וואָס קען ער טאָן מיט אַ זילבערנעם רובל? זיך שפּילן מיט אים? פֿינפֿאונצוואַנציק קנעפּלעך וואָלטן אים מער צוניץ געקומען אין יאגוסטאוו. אָבער דאָ אין נישטאַנישעק אָן ייִדישע ייִנגלעך־חברים, וואָלט ער אַפֿילו מיט קנעפּלעך גאָרנישט געקענט אויפֿטאָן. נישטאָ מיט וועמען צו שפּילן זיך אַפֿילו אין קנעפּלעך. און דאָס קנעפּלעך־שפּיל גופֿא איז דאָך בלויז פֿאַרכאַפּנדיק, ווען מען האַלט אין מיטן לערנען און מ׳רייסט זיך אַרויס פֿון חדר, כלומרשט אויף באַדערפעניש.

די איבעריקע קאַפּיטלעך זענען האַמעטנע. זיי לאַכן אָפּ פֿון געצן און געצנדינסט און זיי קלינגען מאָדנע אין נישטאַנישעק אין זיידנס שטוב, וואָס דורך אירע פֿענצטער זעט מען דעם מאָנאַשקעס־מאָנאַסטירל מיטן יויזל אויפֿן ביישטידל פֿון דער דרויסנדיקער טיר. און פּעטריצקיס שטיבל איז אויך פֿאַרטונקט אין בלומען, רויזן, נאַסטורציעס, טוליפּאַנען, פֿאַרגעסמיכניט און... איקאָנעס... געצקעלעך קלענערע און גרעסערע. אַזויפֿיל גויִים — מיט זייערע געצן! ווער דאַרף דאָ ישעיהן, דעם אָפּלאַכער פֿון געצן! און דער מוסר־זאָגער? זיין זיידע, ר׳ סענדער, דאַרף נישט ישעיהס מוסר; ער איז סיי ווי אַ צדיק. ער הערט נישט אויף מתפּלל צו זיין. ער דאַוונט אַפֿילו אין שלאָף. ער זאָגט־אָפּ דאָס גאַנצע שבתדיקע דאַוונען אויפֿן קול ווי אַ גוטער בעל־תּפֿילה. דאָס איז ער דאָך טאַקע געווען, — דער שליח ציבור, ווען מען האָט דאָ געהאַט די מנינים. אפֿנים זיי פֿעלן אים אויס אויף דער וואָר. חלומט ער וועגן זיי און דאַוונט פֿאַרן עמוד אין שלאָף. מיט זיין קדושות־זאָגן פֿלעגט ער גאַנץ אָפּט אויפֿוועקן אַבקען פֿון שלאָף. ער איז שוין געבליבן אַ וואַכער אויף אַ שעה צייט. ער האָט אַלץ איבערגעקלערט, צי דער זיידע פֿאַרזינדיקט זיך נישט מיט דעם, וואָס ער רעדט אַרויס דעם פֿולן „אַדוני“ מיט אומגעוואַשענע הענט. צי פֿאַרשפּילט ער נישט אַ טייל פֿון זיין עולם־הבא דערפֿאַר. אָבער ישעיה רעדט נישט וועגן אַזעלכע עבירות.

דער זיידע איז אַ גרויסער צדיק. דאָך זינדיקט ער אונטער: דאָס פֿערד

קריגט נישט, לויט אַבקעס השגות, געגוג האָבער; ס'איז אַ צער־בעלי־חיים אויף אים; דער הונט און די קאַץ ווערן אויך באַעוולהט; אָבער דאָס איז די שולד פון דער באַבען. אויף דער שטוב־באַלעבאַטישקייט גיט זי אַכטונג. דער זיידע מישט זיך נישט. אַבקע גיט אַוועק אַ טייל פון יעדן מאָלצייט זיינעם צום הונט, סיי ווען ער עסט מילכיקס, סיי פליישיקס. ער וואַרפט אים צו היפשע חתיכות פלייש.

אָבער וועגן קריוודען שטוביקע בהמות, גאָטס באַשעפענישן, זאָגט ישעיה נישט קיין איין וואָרט. ער רעדט אַלץ מכוח ראַבירן די הייזער, די שטיקער לאַנד, וואָס די רייכע לייט נעמען צו פון די אָרעמע קינדער פון ישראל. זיין זיידע איז נישט מסוגל אויף דעם.

## 61

## אַבקע זוכט זיך אויס אַרבעט

ווי איינגעשרומפּט נישטאַנישעק איז נישט געווען, ווי באַגרענעצט זיינעווירטשאַפטלעכע טעטיקייטן, איז נאָך פאַראַן וואָס צו טאָן, אַז מע וויל נאָר. אַבקע געפינט אַרבעט צו האַלטן זיך באַשעפטיקט אַ גאַנצן פולן טאָג.

קודם־כל קומען די הינער. זיי לייגן זיך און פאַרשטעקן זייערע אייער־נעסטן אין די אומדערוואַרטסטע פלעצער: אין היישטאַל, אין שייער, אונטער אַ קוסט. זיי גראָבן זיך אויס אין היי אַ רונד גריבל און אַהין קומען זיי און לייגן זיך. זיי פאַרבאַהאַלטן זייערע אייער פון צווייפיסיקן, ער זאָל זיי נישט באַראַבעווען.

ער ווייס, אַז מע מוז איבערלאָזן איין איי אַמוויינקסטן אין נעסט, אַנישט וועט די הון זיך אַרויסצי:ען און אויסזוכן זיך אַן אַנדער פאַרהוילענעם פלאַץ. און גיי דערנאָך און זוך זי אַרום, פאָלג מיר אַ גאַנג. ער האָט זיך אויך אויסגעלערנט, ווי און ווו אַ טאַפּ צו טאָן אַ הון און וויסן, ווען זי גייט לייגן דאָס איי, היינט צי גאָר מאָרגן. ער איז געוואָרן אַ מומחה אין די זאַכן, כאָטש די באָבע האַלט אין איין טענהן, אַז עס פּאַסט גאָרנישט פאַר אַ גמרא־יינגל און אַ בן־הרב, וואָס וועט דאָך אַליין ווערן אַ רב, אם ירצה השם, זיך אָפּצוגעבן מיט אַזעלכע התעסקותן ווי קריכן אין די געהיימע פּלעצער פון די הינער. די באָבע זאָגט, אַז דאָס איז נישט קיין עסק פאַר אַ יינגל; עס איז אַ ווייבערשע אָדער אַ מיידלשע זאַך. אָבער מאַלע־וואָס זי זאָגט. אים קימערט עס נישט. ער האָט אינדערהיים אָנגעטאָן גאַנץ אָפּט זיין שוועסטערס קליידל און אַזוי אַרומגעפּראַנטעוועט איבער דער שטוב, ווי ער וואָלט באמת געווען אַ מיידל. און פיל מאָל האָט ער טאַקע געוואָלט זיין בעסער אַ מיידל איידער אַ יינגל.

ער זוכט אויס אַלע געהיימע פּלעצער פון די הינער־אייער, נעמט זיי צו און ברענגט זיי דער באָבען. אין איין פּלאַץ האָט ער געפונען אַ גאַנצן טוץ אייער. עס זענען פאַראַן אפשר צוואַנציק הינער, וואָס לייגן זיך.

ער איז אויך פאַרנומען ביי די הינדעלעך, וואָס גייען אַרום, אַ ביסל צייט נאָכן אויספּיקן זיך, מיט זייער מאַמען. מע דאַרף אויף זיי גוט אַכטונג געבן, אַנישט בלייבט פון זיי איינע, אפשר, פון אַ גאַנצן טוץ. זיי האָבן קיין שכל נישט; זיי פאַלן אַריין אין לוזשעס און ווערן דערטרונקען, אָדער אַ הונט אָדער אַ קאַץ פאַרצוקט

זיי. פאַרשטייט זיך, אַז נישט דער שטוביקער הונט און נישט די שטוביקע קאַץ וועלן טאָן אַזאַ אומפאַרגעבלעכע זאַך. אָבער אַ פרעמדער הונט און אַ פרעמדע קאַץ באַגייען אַזעלכע מערדערייען. הינדעלעך פאָדערן אַ באַזונדערע השגחה; איז ער זייער משגיח. וואָרעם ווער האָט פרייע צייט זיך אָפּצוגעבן מיט זיי אויסער אים! ער האָט זיך גלייך באַשטימט פאַר זייער שומר־חינם, היטער און באַשיצער.

אין נישטאַנישעק זענען דאָ פיר קי. דאַרף מען זיי מעלקן. דאָס טוט די דינסט, זעלבסטפאַרשטענדלעך. אָבער ער דאַרף מיט איר מיטגיין און טרינקען אַ ביסל וואַרעמע מילך גלייך פון דער קו, ווען עס גייט פון איר אַ פאַרע. וואָס אַן אמת, צום מילך־טרינקען האָט ער גאָר קיין חשק נישט. אָבער דאָס דינט אים פאַר אַן אויסרייד צו גיין מיט דער דינסט און זיין דערביי און זען ווי זי מעלקט און זיך אויסלערנען אַליין מעלקן. אַ דין שנירעלע מילך, ווי אַ ווייסער פאָדעם, גייט גלייך פון קוס אייטער אין שעפעלע אַריין. ווען די קו איז גוט אויפגעלייגט, שטייט רויק, און מ'קען זיין זיכער, אַז זי וועט זיך נישט בריקען, פועלט ער ביי יעוודאָכאַן: זי לאָזט אים אַ צופּ טאָן די ציצקע און ער באַקומט אַ שפּריץ וואַרעמע מילך אויף די פינגער. דאָס פאַרשאַפט אים גרויס הנאה.

אַ פאָר מאָל דורכן טאָג, סיי זומערדיקן און סיי ווינטערדיקן, כאַפּט ער זיך אַריין אין סטאַדאָלע דורכן טויער צום שוואַרצן אָגער, וואָס באַלאַנגט צום זיידן, און צום רויטן פערדל, וואָס באַלאַנגט צום פעטער. ער גיט אַ קוק, צי זיי האָבן געגנוג וואָס צום עסן, צי זיי פעלט, חס ושלום, נישט אויס קיין היי און קיין האָבער.

ער דאַרף אויך אומבאַדינגט צולויפן צום סטאַוו און זען, וואָס די מאַמעס־קאַטשקעס טוען מיט די יונגע קאַטשקעלעך, ווי זיי לערנען זיי שווימען. ער גיט אַגב אויך אַ קוק אויף די גענדז און גענדזעלעך. ער דאַרף אויך זען, צי די קליאַדקע ליגט גוט פונקט אין מיטן אויף די צוויי הויכע שטיינער, וואָס סטאַרטשען אַרויס פון וואַסער. און אַז ער איז שוין דאָ, קריכט ער אַריין אין וואַסער און פּרובירט כאַפּן אַ קליין פישעלע מיט די הענט. אָבער זיין עיקר עובדה איז צו זען, צי די אָפענע זאַסטאַווקע פאַרן וואַסער־אָפּרין איז נישט צופעליק פאַרשטאָפּט געוואָרן פון אַ פלאַנץ אָדער אַ פאָר צווייגעלעך, וואָס האָבן זיך פאַרטשעפּעט ביים ראַנד און פאַרהאַלטן דעם אָפּפלוס פון וואַסער. אויב ער באַמערקט עפּעס אַ מכשול, איז ער עס גלייך מתקן, און פילט זיך דערביי זייער חשובדיק און דערהויבן און דאַנקט דעם צופאַל אָדער דעם בורא־עולם, וואָס רוקט אים אונטער אַזאַ געלעגנהייט אַרויסצווייזן זיין געשיקטקייט און נוצלעכקייט אין דער נישטאַנישקער און דער קלעבאַניער באַלעבאַטישקייטן.

## 62

## אָפּגעשמיסן

אַבקע האָט באַמערקט, אַז אויפן ראַנד פון וואַלד שטייט אַ גרויסע הילצערנע געביידע. די אָפּגעטעסעטע באַלקנס וואַרפן זיך אין אויג פונוייטנס. לעבן דער געביידע — אַן אַרומגעצאַמטער הויף. ער דאַרף צוגיין און זען, וואָס איז דאָס

פאַר אַ בנין. עס איז נישט קיין פּויערשע כאַטע און אויך נישט קיין פּריציש הויז. אַ פּריציש הויז וועט נישט שטיין אַליין אָן אַ גוט. ער גייט אַליין אויסגעפינען, ווייל רחקע, זיין שוועסטערל, איז פאַרהוואָרפן מיט שטוב־ און ווירטשאַפט־אַרבעטן איבערן קאָפּ. אָן אַ שיעור טועכצן. זי איז דאָך אַ מיידל, העלפט זי אַרויס אין דער שטוביקער באַלעבאַטישקייט. זי וואַלגערט אַ ברעט לאָקשן, זי קנעט אויס פאַר זיך און פאַר אים ווען מע באַקט און פאַראָשטשינעט ברויט, צוויי קליינע חלהלעך. זי העלפט דער באבען מאַכן קעזעלעך, פּרעגלען איינגעמאַכץ פון פּארעשקעס, אַגרעסן אָדער גאָר אתרוגים, אַלץ באַשעפטיקונגען, צו וועלכע מע לאָזט אים נישט צו, מחמת זיין פאַרשאָלטענער יינגלישקייט.

הכלל, ער האָט אויסגעפונען, אַז יענע אויסטערלישע געביידע, וואָס שטייט אויף אַ בערגל און האָט פענצטער פון אַלע זייטן און וואָס איר דאַך איז צוגעדעקט מיט שינדלען, איז גאָר אַ דאָרפישע שולע, „סעלסקאָיע אוטשילישטשע".

ווי האָט ער עס אויסגעפונען? זייער איינפאַך, אָן קיין שוועריקייטן.

אויפן גאַנעק האָט ער דערזען אַנטאָנען פון דאָרף שימאַנעל און ער האָט אים געפרעגט, און אַנטאָן האָט עס אים געזאָגט, און ער האָט נאָך צוגעגעבן, אַז ער איז דאָ דער שומר.

אַבקע האָט איבערגערעדט מיט רחקען. זי האָט צוגעשטימט: זי וועט גיין מיט אים אין „אוטשילישטשע" (שולע).

לכן דאַרף מען קריגן דעם הסכם פון זיידן און באבען. ביים זיידן וועלן זיי זיכער פועלן. דער זיידע זאָגט זיי אין קיין זאַך נישט אָפּ. אַז זיי וועלן האָבן דעם צושטים פון זיידן, וועלן זיי בעטן די באבען. נאָך לאַנגן בעטן און קליאַנטשען האָט זי זייער אומגערן געגעבן איר צושטים. איז שוין אַלץ גוט. דאַרף מען איצט אָנקומען צום פעטער, שליימיטשל, ער זאָל אַריין צום לערער און אים בעטן אַריינצונעמען אין איינעם פון די קלאַסן פון זיין שולע די צוויי אייניקלעך פון סענדער מעלער. דער לערער וועט זיכער זיך נישט לאָזן בעטן. וואָס אַרט אים, אַז עס וועלן זיין נאָך צוויי שילערס. ער קען עפּעס דערלייגן צו זיי? דער פעטער האָט עס געטאָן. דער אַריינטריט אין שולע איז פאַר זיי אָפן.

מאָנטיק פאַר פרי איז אַבקע מיט רחקען אַוועק אין שולע.

זיי זענען קודם אַריין צו אַנטאָנען, כאַפּן מיט אים אַ שמועס.

אַנטאָן זאָגט, אַז זיי זיינען געקומען צו פרי. דער לערער שלאָפט נאָך.

אַנטאָן האָט געקענט זייער מאַמען. ער האָט זי פיל מאָל אויף די הענט געטראָגן. ער האָט אויך געקענט זייער טאַטן, דעם גרויסן מאַן, וואָס איז אַ ראַווין אין אַ גרויסן כרך ערגעץ זייער ווייט פונדאַנעט.

אַנטאָן איז געווען אַ קליינגעוויקסיקער, אַ דאַרינקער פויערל. גרוי איז ער געווען ווי אַ טויב. געטראָגן הויכע שטיוול, די הויזן אַריינגעצוקט אין די כאָליוועס, געטראָגן אַ רובאַכע, איבערגעגאַרטלט. ער איז דאָ אי שומר, אי אויפזעער, אי משרת. ער ברענגט האָלץ, טראָגט אַריין וואַסער, הייצט די אויוונס, קלייבט אויף די נאַרעס, אויף וועלכע שקצים פון ווייטע דערפער בלייבן דאָ שלאָפן, זיי איז צו

שווער צו גיין אַהיים יעדן פּאַרנאַכט. אַנטאָן קייקלט זיך ווי אַ שרעטל. ער איז אַ שטיק קוועקזילבער. ער איז אָבער שטיל, אַ גרויסער שווייגער. אַ שמייכעלע רוט תּמיד אויף זיינע ליפּן.

— טייערער אַנטאָן, — פרעגט אים אַבקע, — ווען וועט דער לערער אויפ־שטיין?

—מיין זון, — ענטפערט אַנטאָן און שמייכלט הן מיט די ליפּן און הן מיט די אויגן, — ער וועט אויפשטיין שפּעט. — באַמערקנדיק, אַז זיי חידושן זיך, גיט ער צו, — נעכטן שפּעט געזעסן; דורך נאַכט געשפּילט אין קאָרטן מיט סטרוצקין.

אַ ספק נעמט לעכערן אַבקעס האַרץ: אפשר האָט ער גאָר געשיכורט, מחמת סטרוצקי האָט געהאַט אַ נאָמען פאַר אַ זויפער.

עס ווערט אים שווער אויפן יידיש־יינגלשן געמיט: אַ לערער איז דאָך כמעט אַ חצי רבי... און אויב ער איז אַ שיכור, איז עס אַ חילול־השם...

אַבקע רופט אָפּ רחקען אָן אַ זייט און זאָגט אַרויס צו איר זיין חשד:

— איך האָב מורא פאַר אים, שיכורערהייט קען ער אונדז אָנברעכן די ביינער,

— זאָגט ער און טראַכט: ווי לערנט מען זיך עס ביי אַ שיכור, — מ'מעג דען? ער וויל עס אָבער נישט אַרויסברענגען.

רחקע באַרואיקט אים:

— נישטאָ זיך וואָס צו שרעקן, אינדערפרי מוז ער דאָך זיין ניכטער, נאָכן איבערשלאָפן זיך... ווייטער, וואָס האָסטו זיך צו שרעקן? אַזויפיל שקצים, פאַר־וואָס זאָל ער דווקא אונדז שלאָגן?

— אויב איך וועל נישט וויסן דעם אוראָק (לעקציע)?

— דו וועסט נישט וויסן? דו מיט דיין יידיש קעפּל און אַרום גראָבע גוייִשקע קעפּ! דו וועסט דאָ זיין דער ערשטער אוטשעניק (שילער), — אין איר רעדט דער נאַציאָנאַלער שטאָלץ און יידישע איבערגעמעריי.

— ער איז אויפגעשטאַנען; ער גייט באַלד אַריין אין קלאַס, — שעפּטשעט צו זיי אַנטאָן און ווייזט זיי אָן די טיר, וווהין אַריינצוגיין.

אַ ברייטער לאַנגער צימער פול מיט פענצטער. עס איז ליכטיק און כמעט ריין אויסגעקערט.

שול־בענקלעך אויסגעשטעלט אין רייען אַרום און אַרום די ווענט. בלויז דער מיטן איז ליידיק. כמעט אַלע זיצפּלעצער פאַרנומען.

אַבקע מיט רחקען שטייען אין מיטן צימער אַביסל פאַרווירט. די שקצים טומלען, רעשן, ווייזן אויף זיי מיט די פינגער אָן כעס און אָן שנאה, בלויז אויס טשיקאַווישקייט. אדרבה, זיי האָבן אפשי פאַר סענדערס אייניקלעך. זיי קענען דעם זיידן און וויסן, אַז ביי זייערע טאַטעס איז ער שטאַרק אָנגענומען.

די טיר האָט זיך געגעבן האַסטיק אַ פראַל־אויף און דער לערער האָט אַריינ־געשטורעמט. ער טראָגט אַ רוסישע קאָסאָוואַראָטקע. דער קראַגן צעשפּילעט.

עס איז געוואָרן שטיל. די פופציק, זעכציק שקצים, וואָס זענען דאָ געווען אויפגעקליבן פון די אַרומיקע דערפער, האָבן ווי פאַרהאַלטן זייער אָטעם. אַלעמען;

איז באַפאַלן אַ שרעק. וועד ווייסט וואָס דער לערער גייט טאָן. ער האָט אויסגעזען אויפגערודערט, צערייצט.

ער באַמערקט אַבקען מיט רחקען און גייט צו צו זיי:

— זייט איר סענדער מעלערס אייניקלעך? — גיט ער אַ פרעג מיט אַ באַסאָווער שטים.

זיי ווערן פאַרציטערטע.

ער וואַרט נישט אויף קיין ענטפער. ער ווייזט זיי אָן אַ פלאַץ צווישן די שקצים ביים פענצטער אויף אַ באַנק.

זיי זעצן זיך.

ער קוקט זיך צו צום לערער. זיינע אויגן רויט, נישט אויסגעשלאָפן. די באָרד פאַנאַנדערגעקאַמט, די האָר צוגעגלעט און צעטיילט מיט אַ שרונט, אַ רואיקייט איז אויסגעשפרייט איבער זיי. אָבער זיינע אויגן — אַן אימה אַ קוק צו טאָן אויף זיי. און זיין קול — ווי פון אונטער דער ערד.

דער לערער איז געווען אַ טיפיש־רוסישער האַלבער אינטעליגענט. די היגע סביבה איז געווען צו נידעריק פאַר אים. ער האָט נישט געהאַט מיט וועמען אויסצורעדן אַ וואָרט וועגן אַ געשעעניש, וועגן אַ קולטורעלן ענין. אַרום אים — אַ געדיכטע פויערשע אַטמאָספער. ניין און ניינציק פּראָצענט פון דעם עולם — פולע אַנאַלפאַבעטן. זיי קענען נישט לייענען, נישט שרייבן. דער גלח איז געווען אַן אַלטער מאַן, כמעט אַן עובר ובטל. די פריצים פון דער אַרומיקער געגנט האָבן גערעדט פויליש, געווען פאַטריאָטיש געשטימט, זיך פאַרהאַלטן פיינטלעך צו דער רוסיפיקאַטאָרישער ראָלע, וואָס דער לערער איז געקומען אויסצופילן. די ארויפגעצוווּנגענע איינזאַמקייט האָט געדריקט און געשטיקט אים. אַ דערלייכטערונג האָט ער געפונען בלויז אין ביטערן טראָפּן. האָט ער זיך אַריינגעלאָזט אין שיכרות.

אין האַנט האָט דער לערער געהאַלטן אַ ווירע און ער האָט מיט איר געפאָכעט ווי זי וואָלט געווען אַ שטעקעלע און ער אַ דיריגענט.

אַבקע ציטערט מיטן גאַנצן גוף. ער איז זיכער, אַז אויב ער דערלאַנגט אים איין זעץ, וואָלט ער שוין קיין תחית־המתים אויך נישט אויפגעשטאַנען.

אַ ווילדקייט וויקלט זיך אַרום דעם לערער. זיינע באַוועגונגען זענען פלינקע. די ווירע לאָזט ער אַפילו אויף איין אויגנבליק נישט אַרויס פון האַנט... אָבער די גרעסטע שרעק וואַרפט ער אָן מיט זיינע אויגן, וואָס זענען פאַרגאָסן מיט בלוט.

אַבקע קוקט זיך אַרום. די שקצים זיצן זיך שלווהדיק און שרייבן.

עס הייבט זיך אָן די לעקציע. זי געדויערט בלויז עטלעכע מינוטן.

דער לערער שרייט־אויס: „אימיאַ סוסטשעסטוויטעלנאַי נאַפרימיער פעטש“ (אַ סובסטאַנטיוו, צום ביישפּיל, אַן אויוון).

אַבקע האָט נישט אָנגעהייבן צו וויסן וואָס די עטלעכע ווערטער באַטייטן. ער האָט קיין אָנונג נישט געהאַט, אַז עס איז פאַראַן אַזאַ לימוד און קענטעניש ווי גראַמאַטיק.

אַלץ, וואָס ער האָט אויפגענומען, איז אַרטיקולירטע ווערטער אַרויסגעשאָסענע

מיט אַ שטים פון אַ לייב, די קלאַנגען האָבן זיך צעשפּריצט איבערן גרויסן צימער און אַזש אָפּגעהילכט אין דעם דערבייאיקן וואַלד.

ער ציטערט ווי אַ בלאַט. אַ לייב ברומט אין וואַלד און ווער וועט זיך נישט שרעקן?

ער מיינט, ער וועט פון די קולות טויב ווערן. אַלע שילער האָבן פאַרשטאַנען, אַז זייער לערער איז שיכור און ווייסט נישט וואָס ער שרייט אַרויס. זיי וואָלטן אויסגעשאָסן מיט אַ געלעכטער. זיי האָבן אָבער מורא, ער זאָל זיי נישט דורס זיין.

אַבקע און אַלע שילערס זענען געווען זיכער, אַז דער לערער שיסט אַרויס ווערטער, וואָס האָבן נישט קיין שום זינען. איינפאַכע רוסישע יוערטער האָבן זיי פאַרשטאַנען און דאָס נישט פיל פון זיי. זיי האָבן פאַרשטאַנען דאָס וואָרט „פּעטש", עס באַטייט פּשוט אַן איוון. אָבער וואָס פאַר אַ פּאָר קליידער איז מיט אַט־דעם איוון די „סוסטשעסטוויטעלנאָיע", אַזאַ ווילד וואָרט, וואָס קען צעברעכן אַ צאָן ביים אַרויסרעדן עס? דער לערער האָט אָפּגעבאַראַבאַנעוועט נאָך אַ פּאָר ווערטער, אַלע פּשוטע, באַוווסטע, באַקאַנטע, וואָס זיי, די שילערס, געברויכן אין איינפאַכן גערייד. איז צו וואָס שרייט ער אַרויס ווערטער אָן קיין פאַרבינדונג צווישן זיך און וואָס נישט אַלע ווייסן זיי? דער לערער איז אַרויסגעלאָפן פון קלאַס מיטן זעלביקן אימפּעט, מיט וועלכן ער האָט פריִער אַריינגעשטורעמט.

איצט האָט דער גאַנצער קלאַס אויסגעשאָסן מיט אַ כאַכאַטשען, וואָס איז אי־בערגעריסן געוואָרן מיט איינצלנע אויסגעשרייען: ער איז שיכור! ער איז משוגע געוואָרן!

דער לערער האָט גלייך צוריק אַריינגעוויכערט. די שקצים, צעשראָקענע, ווערן שטיל; אַ פּיפּס האָט זיך מער פון קיינעם נישט געהערט. זיי זענען ווי פאַר־גליווערט געוואָרן.

ער שרייט אויס אויף דער העכסטער אָקטאַווע:

— נעמט אַרויס די העפטן און פאַנגט־אָן שרייבן, — און לויפט אַרויס.

אַבקע און רחקע האָבן אָפּגעוואַרט אַ פּאָר מינוט. זיי האָבן מורא אַ ריר צו טאָן מיט אַן איבר. אַז זיי האָבן זיך משער געווען, אַז אַזוי גיך וועט ער נישט צוריקקומען, האָבן זיי זיך אויפגעהויבן פון זייערע פּלעצער און שטילערהייט זיך אַרויסגעשאַרט פון צימער. אַריין צו אַנטאָנען, אים געפרעגט אין אַ פליסטער:

— ווו איז דער לערער?

אַנטאָן האָט זיי שמייכלענדיק גוטהאַרציק געענטפערט:

— ער איז אַריין צו זיך אין שלאָף־צימער.

— וואָס?!

— ער פּאָפט.

זיי זענען אַוועק מיטן באַשלוס אין האַרצן צוריק נישט צו קומען.

אויפן וועג אַהיים זאָגט אַבקע צו רחקען:

— איך וועל מער נישט גיין. דאָס איז נישט קיין לערנען.

ענטפערט רחקע, וואָס איר פּאַרדריסט, הלמאי ער איז דער ערשטער צו זאָגן דאָס, וואָס אויך זי האָט געטראַכט. זי איז עלטער, דאַרף זי עס זאָגן די ערשטע:

— און איך אַוודאי נישט... ער מרוקעט ווי אַן אָקס... און איך האָב מורא געהאַט, ער זאָל מיך נישט אַרויפנעמען אויף די הערנער...

זיי באַשליסן צו מאַכן אַ שוועיג פון גאַנצן ענין.

„מע זאָגט נישט אויס פון חדר" האָט געהאַט ביי ייִדישע קינדער די פּאַר־בינדלעכקייט פון אַן אומאיבערטרעטלעכן געזעץ, אַ „חוק ולא יעבור".

פון זייער שוויגן האָבן די באבע און דער זיידע געצויגן זייערע מסקנות, אַז די קינדער זענען נישט צופרידן מיט דער שולע. יעדנפאַלס ווייט פון צו זיין באַגייסטערט. די באבע איז אין אַלגעמיין געווען קעגן דער „אַוואַנטיורע". דער זיידע איז אויך נישט געווען דערפאַר. לערנען גויִיש פאַר אַ ייִדיש ייִנגל איז נישט קיין דרך. אָבער אַזוי ווי ער האָט זיינע אייניקלעך ליב און וויל זיי אין אַלץ קאַווירן, האָט ער געגעבן זיין הסכם מיט אַ האַלבן מויל, הגם ער איז געווען קעגן דעם מיטן גאַנצן האַרצן.

אויף מאָרגן ווידער גאַנץ פרי זענען אַבקע מיט רחקען אַוועק קלאָמפּערשט אין שולע. באמת זענען זיי אַריין צו אַנטאָנען כאַפּן מיט אים אַ שמועס. זיי האָבן זיך געטראָפן מיט נאָך עטלעכע שקצים. איינער פון זיי האָט געהייסן מונדוטש. זיין פאָטער איז געווען אַ סטעלמאַך פון דאָרף שימאַנעל. ער האָט פון צייט צו צייט געאַרבעט אויך ביים זיידן. דער שייגעץ מונדוטש האָט אים אַ פאָר מאָל באַגלייט צו דער אַרבעט און ער האָט זיך דעריבער פאַרהאַלטן צו אַבקען און רחקען זייער פריינטלעך.

אין קלאַס זענען זיי נישט אַריין.

נאָך אַ פאָר שעה אַרומבלאָנקען זיך, קומען זיי אַהיים.

דער זיידע באַגעגנט זיי אויפן גאַנעק; ער גיט זיי אַ פרעג און איז שוין משער, וואָס פאַר אַן ענטפער ער וועט קריגן:

— ווי איז אייך געפעלן די אוטשילישטשע?

— מיר וועלן מער ניט גיין. קיין נוץ ניט. ער שרייט און שלאָגט אַלעמען.

— מילא, אַז איר ווילט נישט, גייט נישט, — ענטפערט דער זיידע אַ צופרי־דענער, וואָס דער שולבאַזוך האָט זיך אַזוי פרי געענדיקט.

אַבקע האָט זיך כמעט ווי אַ נדר־געטאָן אין האַרצן זיך אָפּצורעכענען מיטן לערער פאַר דער שרעק, וואָס ער האָט אים פאַרשאַפט.

ער האָט געטראַכט: „חיים קוקוריקו" איז געווען אַ שלעגער, אַ רוצח, ער איז אָבער כאָטש ניכטער געווען. אָט־דאָס איז אַ גוייִשער לערער, אַ שיכורער מערדער. ער איז געווען זיכער, אַז אַלע גוייִשע לערערס זענען שיכורע רוצחים...

ער האָט געוואַרט אויף אַ געלעגנהייט אָפּצודינגען דעם לערער און ער האָט געפילט בחוש, אַז ער וועט אויף איר לאַנג נישט דאַרפן וואַרטן. זי וועט זיך בקרוב אונטעררוקן.

פון צייט צו צייט האָט ער זיך געלאָזן גיין אַרום אוטשילישטשע. געוויינטלעך האָט ער זיך געהאַלטן פונדערווייטנס, אַמאָל, אָננעמענדיק זיך מיט קוראַזש, איז ער צוגעקומען נענטער און געכאַפּט אַ קוק אַריין דורך אַ פענצטער.

זונטיק. אַ שיינער זוניקער טאָג. תחילת ווינטער. די צווייגן פון דיביימער זענען אָנגעטאָן אין ווייסן פראָסט. די ערד האָט אויף זיך אַרויפגעצויגן אַ ווייס קליידל פון פוכיקן שניי. די לופט ממש אַ מחיה אַריינצואָטעמען. דער וואַלד מורמלט אונטער, אָדער ער שמועסט מיט די ווינטלעך, וואָס שוועבן פאַרביי, פאַרטשעפּען, מעשה קונדסים, די שפּיצן פון די ביימער אין אַ שפּאַס, אין גוטן ריינעם דורכ־זיכטיקן געמיט.

אַבקע שפּאַצירט מיט רחקען און מונדוטש קומט זיי אַנטקעגן. זיי צעשמועסן זיך מכוח שולן און לערערס. ער גיט מונדוטשן צו פאַרשטיין, אַז אַ לערער, אַ רבי, איז אַ געהויבענע זאַך, כמעט אַ געטלעכע זאַך.

מונדוטש קוקט אים אָן מיט צוויי אויסגעלופּעטע אויגן און לאַכט און לאַכט. ער דערציילט אים וועגן די לערערס אין דער אוטשילישטשע, וואָס בייטן זיך כסדר.

— אַלע שיכורים... זיי קריגן אַ גרויסן געהאַלט און ווייסן ניט וואָס צו טאָן מיטן געלט, שיכורן זיי טאָג און נאַכט.

פון די לערערס זענען זיי אַריבער צום גלחס הינט.

— זיי האָבן מיך שיער נישט צעריסן, — היצט זיך מונדוטש, — איך האָב זיך אַריבערגעכאַפּט איבערן פּאַרקאַן און פון דער זייט גענומען זיי פּאַסעווען מיטן בייטש... אָבער זשוק גיט זיך אַ לאָז צו מיר און ער איז שוין גרייט געווען אַרי־בערצושפּרינגען דעם צאַם... צו מיין גליק איז דער גלח אַרויס און האָט אים אָפּגערופן.

— ס׳וואָלט זיין אַ גלייכע זאַך, ווען מיר, אַלע דריי, גייען זיך רייצן מיט זיי... מיר דאַרפן זיך איינשאַפן לאַנגע שטעקנס מיט אַריינגעהאַקטע טשוועקעס... און אָנלערנען זשוקן, ער איז נישט קיין הונט, נאָר אַ טייוול.

אַזוי שמועסנדיק קומען זיי צו צו דער אוטשילישטשע. אַבקע זעט אַנטאָנען, ווי ער שטייט אויפן גאַנעק, מאַכט מיט דער האַנט צו זיי און שטיקט זיך פון געלעכטער.

זיי שטעלן זיך אָפּ. אַנטאָן ווינקט צו זיי.

— וואָס, אַנטאָן?

— שאַ, שטיל. ער שלאָפט. שיכור אויף טויט.

— ווו איז ער?

— אויף די נאָרעס לעבן אָפענעם פענצטער.

— ווייז אונדז...

— מאַכט אָבער נישט קיין טומל, ער קען זיך אויפכאַפּן.

אַבקען איז פינצטער געוואָרן אין די אויגן. אַ חרפּה און אַ שאַנד!

דער לערער ליגט אין איין העמד מיט דער „מחילה״ אַרויף, פאַרקאַשערט הויל, ביים אָפענעם פענצטער און כראָפּעט.

נישט געמאַכט קיין שהיות, אָנגעבראָכן דריי וויטשעס.

אַבקע קריכט אַריין דורכן פענצטער מיטן האַלבן גוף און מיט זיין גאַנצן קינדערשן כוח גיט ער אים אַ שמיץ איבערן הוילן „איך בעט אייך צו פאַרצייען״.

דער לערער ווי נישט אים מיינט מען עס.

מונדוטש גיט אַ שפּרונג צו, דערלאַנגט אַ קאַטעווע און צעברעכט די וויטשע אויף דעם לערערס הינטער־חלק.

דער לערער שפּרינגט־אויף פון אָרט; ער איז מלא רציחה; ער גיט אַ רעווע, ווי אַ ווילדע חיה.

זיי ציִען אָפּ אין דריי פאַרשידענע ריכטונגען.

דער לערער שפּרינגט־אַרויס דורכן פענצטער און לאָזט זיך אין געיעג נאָך אַבקען. ער איז אָבער אין אַ נאַכטהעמד... און דער עולם גייט פּונקט איצט פון צערקווע.

— זעט! קוקט! — שרייט מען פון אַלע זייטן.

דערזעענדיק דעם עולם, ניכטערט ער זיך אָפּ... ער לויפט צוריק, די גויִים נאָך אים ווי אין אַן אַבלאַווע. ער שפּרינגט אַריין דורכן פענצטער.

אַבקע איז אַנגעקומען פון איין זייט װעלדל, רחקע פון דער צווייטער. ביידע פאַרסאָפּעטע, שיער נישט אָן אָטעם.

דאָס האַרץ קלעמט אים.

— רחקע, איז דאָס ניט קיין עבירה? ער איז דאָך פאָרט אַ לערער...

— וואָס פאַר אַ לערער! מיר האָבן ביי אים גאָרנישט געלערנט, — זי האַלט, אַז אַזאַ איינעם אָנצולערנען איז נישט קיין זינד, אפשר גאָר אַ שטיקל מצווה.

— מ׳האָט עס נישט געטאָרט טאָן, — עקשנט ער זיך און דאָס האַרץ קלאַפּט אים אויס שרעק און חרטה.

ער שטעלט זיך דאַווענען מנחה. ער שטייט שוין שמונה־עשרה. ער וועט אויס־בעטן אַ פאַרגעבונג.

מונדוטש איילט אַריין. ער ציט אים פאַרן אַרבל און לאַכט אויפן קול.

— האָסטו געזען, וואָס עס האָט זיך דאָרטן אָפּגעטאָן... זיי האָבן אים צוריק אַריינגעטריבן... ווי מ׳יאָגט אַ וואָלף.

אַבקע וויל וועגן דעם נישט רעדן. ער האָט מורא, דער זיידע זאָל נישט דער־הערן.

אַ שווערער שטיין דריקט אים אויפן האַרצן.

נאָך דער דאָזיקער געשעעניש איז מונדוטש געוואָרן אַבקעס אַ טייערער חבר. ער איז געווען עלטער פון אים בלויז מיט איין יאָר. אַבקע איז אָבער געווען שטאַר־קער פון מונדוטשן. אַז זיי האָבן זיך געראַנגלט אויסצופּרובירן זייערע כוחות, האָט אַבקע שטענדיק אַוועקגעלייגט מונדוטשן.

— פונוואַנעט זאָל ער האָבן כוח, — האָט ער באַדויערט זיין חבר איבער־געבנדיק רחקען וועגן זיין אָפּגעהאַלטענעם נצחון, — פון די קאַרטאָפל, וואָס ער עסט? ער גייט אַרום אַ הונגעריקער, זיי זענען זייער אָרעם.

מיט צוועלף יאָר שפּעטער איז אַבקע ווידער געקומען אויף אַ באַזוך אין נישטאַנישעק. ער האָט געדענקט זיין גוטן חבר מונדוטש און ער נעמט זיך נאָכ־פרעגן אויף אים ביי זיין פעטער שלמה־יצחק.

— מונדוטש? מע האָט אים היי־יאָר אָפּגעגעבן פאַר אַ סאָלדאָט און זיין היים־דאָרף קאָראָבקע און אַלע דערפער אַרום דאַנקען גאָט, וואָס זיי זענען פטור געוואָרן פון אים.

— וואָס איז געווען דער מער מיט אים?

— ער איז אויסגעוואַקסן אַ גיבור, אַ בויאַן. אַלע שקצים און גויִים פון די דערפער האָבן געציטערט פאַר זיין דוך. ער פלעגט זיך אָנשיכורן און אַלעמען שלאָגן מכות־רצח.

אַבקע קוועטשט מיט די פּלייצעס:

— פּעטער, ווען מיר זענען געווען קינדער, בין איך געווען שטאַרקער פון אים. איך פלעג אים אנידערלייגן, אַז מיר האָבן זיך געראַנגלט.

— דו ביסט אָבער געזעסן און געלערנט און ער איז אַרומגעגאַנגען פּראַנק און פריי איבער די פעלדער און אין די וועלדער, ביסטו אויסגעוואַקסן אַ חלוש און ער, עשוקע, אַ שלעגער.

— די תורה שוואַכט אָפּ דעם כוח פון מענטשן*) — האָט אַבקע אָפּגעזיפצט.

ער האָט נישט מקנא געווען מונדזוטשן זיין „גרויסן נאָמען" און זיין גוואַל־דאָוונע גבורה...

## 63

# דאַס הינטעלע

איינע פון די חשובע און עלטערע ישובניקעס איז קראַנק געוואָרן. ער האָט געוווינט אַ וויאָרסט צען פון נישטאַנישעק. ר' סענדער האָט עס געהאַלטן פאַר זיין פליכט צו פאָרן אים מבקר־חולה־זיין. דער חולה, ר' מרדכי סוסלאָוויטשער, איז געווען עלטער פון אַבקעס זיידן מיט אַ יאָר פינף. מיט אַ היפּש ביסל יאָרן צוריק זענען זיי געווען שותפים אין אַ ברייזל. אַבקע איז מיטגעפאָרן. עס איז געווען ווינטערצייט. די באָבע האָט אויסגעבעט דעם שליטן מיט איר פוטער און איינ־געטוליעט און איינגעקוטעט אַבקען אין אַ גרויסער פּאַטשיילע. ר' סענדער איז געווען אָנגעטאָן אין זיין ברייטן בערענעם פעלץ. דער קאַלנער אויפגעשטעלט אַזוי, אַז מ'האָט אים קוים אַרויסגעזען. דער וועג איז געווען גלאַט ווי אַ טיש. דער שליטן האָט זיך געגליטשט, ממש אַ פאַרגעניגן. דאָס פערד איז זיך לעבעדיק, פריילעך אויפגעלייגט געלאָפן און דער שליטן מיט די צוויי פּאַסאַזשירן איז אים נאָכ־געלאָפן און צוגעקלונגען נאָך דערצו מיט אַ פּאָר גלעקלעך וואָס זענען אַראָפּגע־האַנגען פון ביידע זייטן פון די האָלאָבליעס, כדי צו מאַכן די נסיעה אויסזען איינ־גאַנצן אַ שפּילעוודיקע, אַ לוסטפאַרעניש, אַ פאַרוויילונגס „קאַטאַיען זיך". דאָס פערד האָט זיך אויף אַ האָר נישט אָנגעשטרענגט. עס האָט נישט געשלעפּט קיין משא. עס האָט אויסגעקוקט ווי עס וואָלט פאַרגעקומען אַ וועטגעלאָף צווישן די צוויי פערד: פערד און שליטן, וועד ס'וועט אָנקומען פריִער אין סוסלאָוויטש. די איינציקע טירחה איז געווען דאָס אַראָפּקריכן יעדעס מאָל פון שליטן און עפע־נען און צומאַכן דעם טויער פון דאָרף, וואָס מ'פאָרט אַדורך. יעדעס דאָרף האָט געהאַט אַזעלכע צוויי טויערן. זיי זענען געווען טאַנדעטנע צונויפגעשלאָגן פון אַ פּאָר פלעקענער, געהאַנגען האַלב־באַלכסונדיק אויף זאַוויעסעס, געפלאָכטענע פון קאָרע און וויטשעס. דער דורכפאָרער איז געווען מחוייב אי עפענען און אי צו־מאַכן די טויערן. אויב עס האָט זיך געמאַכט אַז די דאָרפס־שקצים זענען געשטאַ־נען דערביי האָבן זיי פאַרשפּאָרט ר' סענדערן די מי. פאַר זייער געפעליקייט־טאָן האָבן זיי געקראָגן צוגעוואָרפן פון שליטן אַ פּאָר בייגל. אַ קרענצל בייגל איז געלעגן אין שליטן צוגעגרייט פאַר דעם צוועק.

---

*) סנהדרין, כ"ו.

דער חולה האָט זיך געפילט בעסער. ער האָט מכבד געווען דעם חשובן אורח און אַלטן פריינט מיט משקה און צובייסנס. אַבקעס זיידע איז דאָ געווען אַ זייער אָנגעלייגטער גאַסט און אַבקע איז דאָ געווען אַ פּראָמינענטע פיגור. אַ בן־הרב און אַליין שוין אַ „גרויסער למדן". ר' מרדכי האָט געהאָדעוועט ביי זיך אַן אייניקל, אַ יתום. ער האָט געהייסן שלמהקע. ער איז געווען עלטער פון אַבקען בערך מיט אַ יאָר דריי. זיי האָבן זיך גלייך באַפריינדט. ר' סענדער און ר' מרדכי האָבן אָפּגעפרישט זייערע דערינערונגען וועגן פּוילישן אויפשטאַנד, אין וועלכן זיי האָבן זיך ביידע באַטייליקט, וואָס מיינט זיך אויסבאַהאַלטן אין קאָרן־פעלדער און אין וועלדער. זיי האָבן געמוזט מיטגיין מיט די פריצים. זיי האָבן פון זיי געצויגן חיונה; געהאַלטן אין אַרענדע קרעטשמעס, פּאַכטן, אָדער געקויפט וואַלד צום האַקן. זיי האָבן נישט געקענט מעיז זיין קעגן זיי.

אַבקע האָט שוין עטלעכע מאָל געהערט דעם זיידן דערציילן די דאָזיקע מעשה. געוויינטלעך האָט ער פאַרציילט די פּאָר עפּיזאָדן פון אויפשטאַנד נאָך הבדלה, מוצאי־שבת, פאַר די עטלעכע ייִדן, ישובניקעס, בשעת טיי־טרינקען. אַזוי, אַז ער און שלמהקע האָבן צווישן זיך אין צווייטן צימער אָנגעהאַלטן זייערן אַן אייגענעם שמועס.

וועגן זיין גרויס לומדות האָט אַבקע עניוותדיק געשוויגן. אַ זאַך, וואָס אַלע ווייסן און אָנערקענען דאָ אויפן ישוב, איז דאָך שענער און פּאַסיקער פאַר אים צו שווייגן וועגן דעם. אָבער אַביסל זיך איבערנעמען דאַרף מען דאָך. האָט ער זיך באַרימט פאַר שלמהקען מיט זיין געבוירנטאָג, וואָס פאַלט אויס ז' אדר, ווען משה רבינו איז געבוירן געוואָרן. שלמהקע איז אָבער אויך נישט אַבי־ווער. ער האָט אויך אויף וואָס שטאָלץ צו זיין.

— איך הייס שלמה, אַ נאָמען נאָך שלמה המלך, און יעדערער, וואָס דאַוונט, זאָגט דעם אני־מאמין און דאָרט שטיין בפירוש „אני מאמין באמונה שלמה", — איך גלייב אין דער אמונה פון שלמהן. יעדער זאָגט עס יעדן טאָג און חזרט עס איבער דרייצן מאָל: „אני מאמין באמונה שלמה".

אַבקע האָט געוווּסט, אַז דער טייטש איז גאָר אַן אַנדערער. אָבער ערשטנס האָט ער נישט געוואָלט איבערשפּאָרן זיין חבר און אָפּשלאָגן זיינע פאַלשע פּרע־טענזיעס אויף גרויסקייט. צווייטנס, איז אים געפעלן געוואָרן דער איינפאַל פון שלמהקען. דריטנס, און דאָס איז שוין דער עיקר, שלמהקע האָט פאַרמאָגט צוויי הינטעלעך, וואָס זענען אין אַבקעס אויגן געווען טייערער פון אַלע אוצרות, נישט בלויז פון שלמה המלך, נאָר פון אַלע מלכים פון דער וועלט. און אים האָט זיך שטאַרק געגלוסט קריגן איינס פון זיי. די הינטעלעך זענען געווען, הפנים, אַ צווילינג, געווען ענלעך איינס צום צווייטן ווי צוויי טראָפּנס וואַסער, און געווען זענען זיי גאָר אַן אויסנאָם: זיי האָבן געגעסן צוקער, „געסלוזשעט", ד"ה, געקאָנט זיך שטעלן און בלייבן אַ ווייַלע אויף די הינטערשטע פּאָר פיסלעך און די פאָ־דערשטע האַלטן ווי צונויפגעלייגט. דערצו זענען זיי געווען אַזוי גוט דערצויגן, אַז ווען זיי האָבן באַדאַרפט גיין אויף נקיות, האָבן זיי זיך מיט אַ פּישטש געבעטן אַרויסלאָזן. זיי האָבן געשטאַמט פון גאָר גרויסן יחוס. ר' מרדכי האָט זיי געקראָגן אַ מתנה פון זיין פּריץ.

שלמהקע האָט איין הינטל אַוועקגעשאָנקען אַבקען. ער האָט נישט געוווּסט ווי אים אָפּצודאַנקען. אַ קליינִיקייט — צו האָבן אַזאַ הינטל פאַר זיך אַליין.

אין שטוב ביים זיידן זענען געווען צוויי כלבים, איינער אַ גרויסער, וואָס האָט געהערט צום הויז, דער צווייטער אַ קלענערער, וואָס האָט געהערט אויסשליסלעך צום פעטער שלימיטשל. דער הונט איז אים אומעטום נאָכגעגאַנגען, ווי ער וואָלט געווען זיין לייב־גוואַרדייער.

אַבקע האָט אַ סך מאָל געשטעלט דעם הונט פאַר אַ שווערן נסיון. ער האָט אָנגעגאָסן אַ פולע שיסל מיט סמעטענע און עס אַוועקגעשטעלט פאַר אים צו לאָק־טשען פּונקט דעמאָלט, ווען דער פעטער האָט זיך געקליבן צו גיין אין וואַלד און זען, ווי עס גייט־צו מיטן אַרויספירן דאָס געהילץ פאַרן זומערדיקן ספּלאַוו. ווי נאָר דאָס הינטל האָט געזען דעם פעטער אַרויסגיין פון שטוב, האָט עס געוואָרפן דאָס עסן און אים נאָכגעלאָפן.

ער האָט אַפילו פּרובירט, מיט דעם פעטערס דערלויבעניש, פאַרשפאַרן דאָס הינטל און אים אָפּהאַלטן ביז אַ פופצן מינוט נאָך דעם פעטערס אַוועקגיין. ווי נאָר ער האָט אים אַרויסגעלאָזט האָט עס זיך געלאָזט לויפן אַהין און אַהער, גע־שמעקט און געשנופט מיט גרויס צעטראָגנקייט, ביז עס האָט דערשנאַפּט דעם שפור, דעמאָלט האָט עס זיך אַוועקגעטראָגן ווי אַ פייל פון בויגן, אָנגעיאָגט דעם פעטער, אַפילו ווען יענער איז שוין געווען אַוועק ווייט אין וואַלד.

אַזאַ הינטל האָט אַבקע געשאַצט זייער הויך פאַר זיין איבערגעגעבנקייט צו זיין ווירט, און בלויז צו אים. ער האָט קיינעם אויסער דעם פעטער בישט אָנער־קענט און נישט געפאָלגט. אָבער קיין הנאה האָט אַבקע פון אים נישט געהאַט, ווייסנדיק אַז ער געהערט מיט לייב און הינטישער זעל צו אַן אַנדערן.

דאָס אייגענע בנוגע דעם שטוביקן הונט. ער האָט באַלאַנגט צו דער שטוב, נישט צו קיין פּערזאָן באַזונדער. און וויפל אַבקע האָט אין אים אַריינגעשטאָפּט פלייש און אים צוגעוואָרפן די בעסטע און פעטסטע ביינער, האָט אים גאָרנישט געהאָלפן. דער הונט האָט זיך צו אים נישט צוגעבונדן. ער האָט אים אַמאָל באַ־גלייט אויף אַ שפּאַציר, ווען אַבקע האָט אים גערופן, אָבער ער האָט עס געטאָן גאָר אָן חשק און זיך כסדר אומגעקוקט אויפהינטערווייַלעכץ, און ווען ער איז שוין געווען אָפּגעגאַנגען אַ מרחק, פון וועלכן ער האָט מער נישט געקענט זען אָדער שפּירן די ריחות פון זיידנס הויז, האָט ער אָן צערעמאָניעס איבערגעלאָזן אַבקען און צוריקגעלאָפן. וויפל אַבקע האָט נישט געשמוצערט צו אים, געפייפט, זיך געקלאַפּט אויפן פוס האָט ער גאָרנישט געקענט פועלן ביים הונט. ער איז גע־לאָפן אַהיים, און אַבקע האָט זיך געמוזט אומקערן און אים נאָכגיין. פון אַזאַ הונט האָט ער קיין סך נחת נישט געקענט האָבן.

אָבער אַצינד האָט ער געקראָגן אַ הינטל אַ געלערנטס, און עס וועט געהערן צו אים, טיילוויַיז אויך צו רחקען, אָבער מער צו קיינעם נישט. איז ווער קען זיך פילן אַזוי גליקלעך ווי ער! אָבער ער דאַרף בעטן דעם זיידן מיטצונעמען דאָס הינטל און ברענגען עס אַהיים. אָבער דאָס איז אַ קליינִיקייט. דער גוטער, האַרצי־קער זיידע וועט אים צוליב טאָן. ער ווייסט עס פאַר זיכער. וואָס ס׳פאַרוואָלקנט זיין לויטערן הימל פון גליק איז דער געדאַנק וועגן דער באבען. מיט איר וועט ער האָבן אַ שווערע סדרה איינצוקנעלן. ער ווייסט, אַז די באבע האָט פיינט הינט

און זי האַלט, אַז פאַר אַ ייִדיש ייִנגל פּאַסט גאָר נישט זיך אַרומצופירן מיט הינט. ער טאָר צו אָט־דער טמאר באַשעפעניש זיך אַפילו נישט צורירן, ווייל יעדע מגע־ומשא מיט אַ טומאה שוואַכט־אָפּ דעם כוח פון זכרון. איז וואָס זאָל ער טאָן מיט דער באָבען? עס איז שלעכט, אַז ערגער קען גאָר נישט זיין.

דאָך טרייסט ער זיך, אַז ער וועט ווי־ניט־ווי מיט דער שטרענגער באבען דורכקומען. דאָס הינטל איז דאָך נישט קיין פּשוטער כלב. עס איז דאָך אַן אויס־געאיידלטס, אַ דעליקאַטס. עס עסט דאָך צוקער. עס שטאַמט פון גרויס יחוס און עס איז אַ מתנה פון אַ פּריינט. אַבקע וויל האָפן, אַז אַלץ וועט דורך בכי טוב. דער־ווייל האָט ער דאָס הינטעלע, האַלט עס אין די הענט איינגעטוליעט אונטער די פּעלצן אין שליטן. ער איז אויפן זיבעטן הימל און איז דאַנקבאַר דעם גוטן ייִדן פאַר דעם חסד און גנאָד, וואָס ער האָט געטאָן מיט אים, אַז ער וואָלט אים צע־קושט יעדן אבר זיינעם.

מען איז געפאָרן צוריק דורכן וואַלד. עס איז שוין געווען פינצטער. אים האָט זיך אַלץ געדאַכט, אַז וועלף יאָגן זיך נאָך נאָך זייער שליטן. ער האָט מורא געהאַט, זיי זאָלן נישט פאַרצוקן זיין הינטל. ער האַלט עס צוגעדריקט צום בוזים. דאָס הינטל דאַרף ער באַשיצן און באַשירעמען פון די וועלף.

געקומען בשלום אַהיים. די וועלף האָבן זיי נישט געקאָנט דעריאָגן, אַזוי שנעל איז דאָס פערד געלאָפן.

די באבע איז אַרויס פאַרן הויז זיי באַגעגענען. זי האָט געהערט די גלעקלעך קלינגען און האָט דערקענט דעם געקלאַנג. זי האָט זיך דערפרייט. זי איז שוין געווען אומרויִק, וואָס זיי האָבן זיך אַזוי לאַנג געזאַמט.

זי האָט געהאָלפן אַבקען זיך אַרויספּלאָנטערן פון די פּעלצן. זי האָט דערזען דאָס הינטל און געמאַכט אַן אומצופרידענע גרימאַסע, אָבער זי האָט גאָרנישט געזאָגט. דער זיידע האָט אַריינגעוואָרפן אַ וואָרט פאַר אים.

— עס איז אַ מתנה פון שלמהקען.

אַבקע האָפט, אַז עס וועט זיך אויספּרעסן. בדיעבד וועט די באבע דאָס הינטל אָננעמען. יעדנפאַלס בלייבט עס דאָך איבער נאַכט און מאָרגן איז גאָט אַ פאָטער. וויבאַלד די באבע וועט זען ווי שיין עס סלוזשעט און ווי עס „בעט זיך" ממש ווי אַ קליין קינד, וועט זי עס נישט פאַריאָגן. ווייטער, ווי קען מען עס אַרויסטרייבן פון שטוב; עס איז דאָך ווינטער, עס וועט דאָך דערפרויִרן ווערן. ס'איז דאָך אַ צער בעלי־חיים. אָבער דאָס האַרץ קלאַפּט אין אים טרעוואָגע. ער איז פול מיט פּחד פאַרן ווילזיין פון הינטעלע.

ווען אַבקע האָט געלייענט קריאת־שמע פאַרן שלאָפן, האָט ער געהאַלטן אין זינען דאָס הינטעלע, אַז עס זאָל אָפּגעהיט ווערן פון יעדן אומגליק און האָט אַרויס־געריעדט מיט אַ באַזונדער כוונה די פיר ווערטער „לא תאונה עליך רעה", אַז קיין שלעכטס זאָל מיט אים נישט פּאַסירן.

אויף מאָרגן האָט ער זיך געפּעדערט גאַנץ פרי. ווען ער שלאָפט האָט ער דאָך נישט דאָס הינטעלע און יעדע מינוט איז טייער, מיט גאָלד נישט אָפּצושאַצן. ער האָט אויף שנעל זיך אָפּגעגאָסן נעגל־וואַסער, אָפּגעכאַפּט דאָס דאַוונען שיִער נישט אין איין אָטעם, גלייך צוגעלאָפן צום הינטל, וואָס איז געשלאָפן אויסגעבעט

ווייך מיט אַלע גויאישקע סערמיעגעס אין אַ ווינקל פון צימער און וואַרעם צוגע־דעקט.

אַבקע איז פול מיט פרייד. דאָס הינטעלע בעט זיך, ער זאָל עס אַרויסלאָזן אויף נקבים קטנים און אפשר גדולים, פון פישטש קען ער עס נאָך נישט וויסן געגוי. אַבקע עפנט פאַר אים די טיר. עס זאַמט זיך נישט לאַנג. עס שטייט שוין פון יענער זייט טיר און פישטשעט. עס בעט, מען זאָל עס אַריינלאָזן. אים איז אינדרויסן קאַלט. אַבקע טיילט זיך מיט אים מיט זיין פרישטיק. ער לאָזט דאָס הינטל פון זיך ניט אָפּ אויף אַ רגע. ווען ער שעמט זיך ניט פאַר דער באבען, וואָלט ער דעם הינטל צעקושט אַלע ביינדעלעך. עס איז דען אַ הינטל, — עס איז דאָך כמעט אַן עופהלע, מער פון אַן עופהלע, — אַ פאַרשטענדיק קינד; עס פאַר־שטייט אַלץ, וואָס מע זאָגט אים. מעגלעך, אַז עס וועט זיך נאָך אויסלערנען איי־ניקע ווערטער. ער רימט דאָס הינטל פאַר דער באבען. די באבע שווייגט. ער טראַכט: זי האָט שוין שלום געמאַכט מיטן געדאַנק, אַז דאָס הינטל בלייבט אין שטוב. זי גיט אים אַ שיסעלע פאַר מילך פאַרן הינטל. ער כאַפּט די באבען קושן פאַר איר חסד.

ער איז באַרויקט: דאָס הינטל בלייבט מיט אים. און אַלץ איז גוט און ווויל.

מיטיק־צייט איז געקומען צו פאָרן אַ גוי אין אַ בריטן שליטן. ער איז געווען פון גאָר אַ ווייטן דאָרף. די באבע האָט זיך מיט אים געסודעט. אַבקע האָט קיין זאָך נישט פאַדעכטיקט. דאָס הינטעלע, ווי זיין שטייגער איז, „האָט זיך געבעטן". ער האָט עס אַרויסגעלאָזט דורך דער הינטערשטער טיר. ער איז זיכער, אַז דאָס הינטל וועט באַלד צוריקקומען, אַ דראַפּע־טאָן די טיר און אַרויסלאָזן אַ וויינענ־דיקן פישטש, ער זאָל עס אַריינלאָזן. דערווייל האָט ער זיך פאַרשפּילט מיט אַ יאַזשעק, וואָס דער פעטער האָט מיט אַ פּאָר טעג צוריק געבראַכט. ער רירט אים אָן, און יענער גיט זיך אַ דריי־־צענויף ווי אַ קנויל. ער איז פול מיט שטע־בלקעס, אַז ער טשעפּעט אים ניט, ציט ער זיך אויס, לויפט אַוועק און פאַר־באַהאַלט זיך אונטערן בעט.

אַוועק אַזוי איבער אַ פערטל שעה. ער כאַפּט זיך, אַז דאָס הינטעלע איז נאָך נישט צוריקגעקומען. ער כאַפּט אויף זיך אַרויף זיין פעלצל, לויפט אַרויס. זוכט עס אַרום דער שטוב, ער זוכט עס איבערן גאַנצן הויף. עס איז נישטאָ קיין זכר פון הינטעלע און יענער גוי מיטן גרויסן שליטן איז אויך נעלם געוואָרן. ער פרעגט די באבען, צי זי האָט געזען דאָס הינטעלע; זי שווייגט, זי מאַכט זיך ניט הערנדיק. אַז ער שטייט צו, ענטפערט זי מיט אַ האַלבן מויל, אַז זי ווייס ניט פון וואָס צו זאָגן.

אַבקע כאַפּט זיך איצט, וועגן וואָס די באבע האָט זיך געשושקעט מיטן גוי. זי האָט געזאָגט, ער זאָל צוגנבענען דאָס הינטל און מיט אים פאַרשווינדן. ער פרעגט זיך נאָך פון וועלכן דאָרף דער ערל איז געווען. קיינער זאָגט אים נישט. ער וואָלט געלאָפן צו אים אין דאָרף אָפּנעמען פון אים דאָס הינטעלע. אָבער וווּהין זאָל ער לויפן?

אַ נידערגעשלאָגענער האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ טאַפּטשאַן אין פינצטערן קאַמער, ווו עס זענען געווען אָנגעוואָרפן אַלטע טראַנטעס, אָפּגעטראָ־גענע מלבושים צום אַרויסוואַרפן און פאַרשיידענער ברוכוואַרג. זודיקע טרערן

האָבן זיך געגאָסן פון זיינע אויגן. ער האָט באַווײנט זיין פאַרלוסט, ווי ער וואָלט געווען אַ טאַטע און בײ אים, זאָל גאָט אָפּהיטן, איז געשטאָרבן זיין אײנציקער זון. אין זיין אײגענער פאָרשטעלונג איז ער געווען שיער נישט יעקב, וואָס באַווײנט זיין זון, יוספֿן...

ער וועט עס דער באַבען קײנמאָל נישט מוחל זיין. אַזאַ רשעות אים אָפּצוטאָן, אַזאַ עוולה! און אין וועלכע הענט איז זיין הינטל אַרײנגעפֿאַלן?! צו אַ פּראָסטן פויער. אָן הינטל איז אים נישטאַנישעק פֿרעמד געוואָרן. די זון איז פֿאַרגאַנגען אין מיטן טאָג. ער איז פֿאַרהילט אין חושך. בײ אים אין קאַמער איז טאַקע געווען חשכת־מצרים, שטאָק־פֿינצטער.

בײ אים איז רעכט געווען אין דער אותו רגע צו אַנטלויפֿן פֿונדאַנעט וווּהין די אויגן טראָגן אים און קײנמאָל צוריק ניט קומען. ער האַסט די באַבען, ער האַסט זי מיט אַלע פֿיברען פֿון זיין זעל.

ווע מע האָט אים גערופֿן גײן עסן, איז ער ניט געגאַנגען. ער וועט דער באַבעס עסעכץ מער אין מויל ניט נעמען. ער קאָן זי ניט אָנקוקן. ער האָט דעם טאָג געפֿאַסט, געבליבן אָן מיטיק און אָן וועטשערע.

אַזאַ נבלה, ערגער ווי די פּלגש בגבעה! צונעמען בײ אים דאָס טײַערסטע אין זיין לעבן. אָן הינטל איז זיין לעבן קײן לעבן נישט. ער בעט אויף זיך דעם טויט. ער וועט ניט עסן. ער וועט שטאַרבן פֿון הונגער און זאָל די באַבע וויסן!

ער איז אַ פֿאַרקלעמטער, אַ צעצערטער אײנגעשלאָפֿן אויפֿן האַרטן טאַפּטשאַן אין פֿינצטערן קאַמער. די דינסט, יעוודאָטאַ, האָט אים אַ שלאָפֿנדיקן, אַרײַבערגעטראָגן אין זיין בעטל. אַ גאַנצע נאַכט האָבן זיך אים געחלומט שרעקלעכע חלומות: וועלף זענען באַפֿאַלן אים און זיין הינטל. זײ האָבן פֿאַרצוקט די באַבען און דאָס הינטל, בלויז ער און דער זײדע זענען ניצול געוואָרן.

נאָך דער דאָזיקער געשעעניש האָט ער זיך גענומען דערנענטערן צו דער מומע באַשע־רחל, שלײמיטשלס ווײב. ער האָט פֿאַרבראַכט אין אירע צימערן מער ווי אין דער באַבעס שטוב.

ער וואָלט אַזוי וועלן אַוועקפֿאָרן פֿונדאַנעט. זאָל מען אים שוין קומען אָפּנעמען! זאָל די מאַמע, זאָל דער טאַטע, זאָל ווער עס איז קומען און אים אָפּנעמען, אַוועקנעמען פֿון דאַנעט.

## 64

## קאָרטן

אויף חנוכה זענען אָנגעפֿאָרן וואַלד־סוחרים פֿון מיכאַלישעק. זײ זענען געקומען צו־גאַסט צו שלײמיטשלען. אײגנטלעך זענען זײ געווען זיינע שותפֿים.

וועגן זיין פֿעטערס וואַלד־געשעפֿטן האָט אַבקע געהאַט אַ היפּשע השגה. ער איז אָפֿט מיטגעגאַנגען מיטן פֿעטער צום ברעג פֿון ווילִיע, ווו דער „ספּלאַוו“ איז געווען. די שטרעקע פֿון זײער הויז צו שימאַניעל איז שוין גאָר אַ נישקשהדיקע, אָבער דער שפּאַציר איז אָנגענעם. מען גײט דעם גאַנצן וועג מיטן וואַלד.

ער האָט גרויס הנאה פֿון אַרומקריכן איבער די פֿליטן. דאָס גײן איבער די־

קלעצער פאָדערט אַ געוויסע קענטעניש און געשיקטקייט. די קלעצלעך זענען צוגענאָגלט מיט הילצערנע פלעקלעך. שפּאַרט מען אַרבעט און פלעקלעך. קלאַפּט מען צו די גרעבערע און מע שפּאַרט צווישן זיי אַריין דינערע, וואָס האַלטן זיך סיי ווי סיי. לכן, בשעת מ׳גייט אַרום אויף אַ פּליט, דאַרף מען זיך משער זיין, וועל־כעס קלעצל איז אַ צוגעשטיפּטס און אויף אים שטעלן דעם פוס. אויב מע גיט אַ שטעל דעם פוס אויף אַ לויזן קלעצל, בייגט עס זיך אַרונטער און דער גייער קען זיך אויסגליטשן און זיך איינבעצן, אויב נישט דערטרונקען ווערן.

אַבקע איז געווען פלינק און שפּרינגעוודיק ווי אַ האָז און ער האָט זיך לייכט אויסגעלערנט די תורה.

זיין פּעטער האָט תמיד געהאַט שותפים אין זיינע געשעפטן. זיי האָבן אים כסדר אָפּגענאַרט, אַזוי האָט געטענהט די באבע און דער זיידע האָט צוגעשטימט. זיי האָבן געפירט די חשבונות. אַז עס איז געקומען צום גמר האָבן די ביכער שטענדיק באַוויזן אַ דעפיציט. כדי צו דעקן דעם הפסד, האָט דער פעטער, דער בן־יחיד, געטאָן איין זאַך: צוגעגאַנגען צום שופלאָד פון קאָמאָד, גענומען וויפל ער האָט באַדאַרפט, און לאחר המעשה געזאָגט וויפל ער האָט גענומען, ניט אַוועק־צוגעבן.

אַבקע האָט וועגן דעם געוווּסט, ווייל די באבע מיטן זיידן האָבן זיך מתרעם געווען אויף זיין הנהגה אין זיין אָנוועזנהייט. דער פעטער האָט געלערנט דעם פשט אַזוי: אַלץ, וואָס זיין טאַטע און מאַמע פאַרמאָגן, איז אַזוי גוט ווי זיין פאַר־מעגן. דער זיידע האָט אים תמיד פאַרענטפערט און די באבע האָט אים קיינמאָל ניט אויסגערעדט. בלויז איבערגערעדט וועגן דעם אין זיין אָפּוועזנהייט.

אַז דער קאָמאָד איז געווען אַ פאַרשלאָסענער, האָט שליימיטשל געבעטן דעם שליסל, אויב ער איז ניט געהאנגען אויפן טשוואָק אין דער וואַנט. צו וואָס ער דאַרף דעם שליסל האָט ער פאַרשפּאָרט צו זאָגן. די באבע און דער זיידע האָבן געוווּסט אָן זיין זאָגן עס.

אייגנטלעך צו וואָס האָט שליימיטשל געדאַרפט האַנדלען, ווייבאַלד ער האָט אַלע יאָר דערלייגט צו זיינע געשעפטן און די שותפים האָבן אים באַשווינדלט דורך געבן אים פאַלשע חשבונות? דער תירוץ איז: ער האָט נישט געוואָלט זיין אַ שטובזיצער, אַ קרעמער. קרעמעריי איז געווען אי לאַנגווייליק און אי ניט בכבודיק. אים האָט זיך געלוינט צו פאַרלירן אַ טויזנט רובל אַ יאָר, דאָס הייסט באַצאָלן פאַרן טיטל סוחר, וועלכן ער האָט געטראָגן מיט שטאָלץ. די פויערים האָבן אים אַדרעסירט „פּאַניע קופּצע" און דאָס איז ביי אים געווען ווערט כל הממון שבעולם.

מיט דער קראָם האָט זיך אָפּגעגעבן די מומע. זי איז אָבער געווען אַ קראַנקע און זי האָט פאַרנאַכלעסיקט די קראָם; זי האָט זיך פשוט געפּוילט. אָדער, ריכ־טיקער: קיין כוח נישט געהאַט אויפצושטיין אין דער פרי און עפענען די קראָם. זיצן אין קראָם און וואַרטן אויף די קונים דורכן טאָג האָט זי קיין געדולד ניט געהאַט. בלויז אין אַ יריד־צייט האָט זי געמוזט האַלטן אָפן די קראָם; אויך זונ־טיק, נאָך דעם ווי די ערלים גייען אַרויס פון צערקווע, איז זי געזעסן אַ פּאָר שעה אין קראָם. אַ גאַנצע וואָך האָט זי געוואַרט, אַז דער קונה זאָל קומען צו איר אין הויז אַריין, ערשט דעמאָלט האָט זי גענומען דעם שווערן שליסל, אַוועק מיטן

קונה, געעפֿנט די קראָם און אים געגעבן וואָס ער האָט פֿאַרלאַנגט. זי האָט דעם קונד כמעט ווי געטאָן אַ טובה, ווען זי האָט אים עפּעס פֿאַרקויפֿט.

מיטן זיידן האָט זי נאָך אַמאָל אויסגערעדט אַ פּאָר ווערטער, אָבער מיט דער באָבען — אַ וואָרט ניט. זיי זענען געווען צעקריגט. זי האָט גוט געוווּסט, אַז די שוויגער איז קעגן איר פֿאַר דריי זאַכן: 1. פֿאַרוואָס זי קינדלט נישט; 2. פּיעשטשעט זיך פֿאַרן מאַן; 3. גיט ניט אכטונג ווי געהעריק אויף דער קראָם. די לעצטע צוויי זינד וואָלט זי איר לייכט פֿאַרגעבן, אָבער ניט איר ערשטע. כיעגע־רייזע האָט געוואָלט דערלעבן נחת פֿון זון, ווי זי האָט דערלעבט פֿון איר טאָכטער, האָבן אייניקלעך אַרום זיך אויסגעהאָדעוועטע אין שטוב און ניט דאַרפֿן זיי אימפּאָרטירן, אַראָפּברענגען אַזש פֿון עק וועלט, פֿון סוּוואַלקער גובערניע. די באָבע האָט אַלץ פֿאַרלאַנגט פֿון שליימיטשלען, איר זון, אַז ער זאָל אָפּגטן זיין ווייב, די עקרה. עס איז שוין איבער צען יאָר, אַז ער לעבט מיט איר און זי האָט ניט קיין קינדער. על־פּי־דין קומט איר אַ גט. שליימיטשל האָט פֿון גטן זיין ווייב אַפֿילו ניט געטראַכט. זי איז געווען אַ שיינע און ער האָט זי ליב געהאַט.

די סוחרים זענען אַראָפּגעקומען אין שליטנס, געשפּאַנטע צו טראָיקעס מיט גלעקלעך. געבראַכט מיט זיך זייערע יונגע ווייבלעך און זייערע פֿריינדינס. מע האָט געמאַכט פֿאַר זיי לאַטקעס. עס איז דאָך חנוכּה. מע האָט גענומען היפּשע לחיימס. אַ גאַנצע נאַכט, ביז אויפֿמאָרגן פֿאַרטאָג, האָט מען געשפּילט אין קאָרטן.

דער זיידע האָט געקוקט קרום אויף קאָרטן־שפּילן. די באָבע האָט זיך אוודאי געהאַלטן ווייט פֿון אַזעלכע אַמוזירונגען. בכלל זענען די געסט געווען אַ יונגע חבֿרה און צום אַלטן דור האָבן זיי זיך נישט אָנגעהערט.

אַבקע און רחקע האָבן זיך צוגעקוקט צום שפּיל און גלייך געכאַפּט דעם שניט. אַ ביסל האָט זיי די מומע צוגעוויזן און אונטערגעלערנט. זי האָט זיי געוואָלט האָבן פֿאַר „העננט" אין די געווייכטלעכע טעג, ווען קיין געסט זענען ניטאָ, און מ׳קען אויסגיין פֿון לאַנגווייל. זי האָט ניט געהאַט וואָס צו טאָן. פֿון צער גידול בנים האָט זי ניט געוווּסט. איר טראַכט איז געווען אַ פֿאַרשלאָסענע. דער מאַן איז נישט געווען אין דער היים; אַ גאַנצע וואָך אַרומגעפֿאָרן. ער איז אַראָפּגעקומען פֿרייטיק שפּעט. שיער מיטן דישל אין שבת ניט פֿאַרפֿאָרן. האָט זי זיך פֿאַרווײַלט מיט אַבקען און רחקען, מיט זיי געשפּילט אין קאָרטן. זיי זענען גאָר גיך געוואָרן ליידנשאַפֿטלעכע קאָרטנשפּילערס. זיי האָבן געבענקט אַהיים און מיט דעם שפּיל געשטילט זייער בענקשאַפֿט. נישטאַנישעק איז געווען פֿאַר אַבקען אינגאַנצן אויסגעשפּילט. אַבקע מיט רחקען האָבן געשפּילט גאַנצענע טעג, אַפֿילו אָן דער מומען. ער האָט געוואָלט איין זאַך: פֿטרן די צייט, זאָל זי וואָס שנעלער אַוועק, און זאָל ער שוין דערלעבן דעם טאָג פֿון צוריקפֿאָרן.

זונטיק האָט זיך די שטוב אָנגעפֿילט מיט גויִים און מיט רויך. זיי זענען געווען קלאָמפּערשט קונים אין קראָם. אַלע האָבן געראויכערט. ווער פּאַפּיראָסן, ווער ליולקעס אָנגעשטאָפּטע מיט מאַכאָרקע אָדער טיטון. דעם טאַבאַק האָבן זיי געקויפֿט ביי דער מומע. מען האָט עס פֿאַרקויפֿט אין פּעקלעך; אויף יעדן פּעקל איז געווען אויסגעמאָלן אַ בער, ווי ער שטייט אויף די הינטערשטע לאַפּעס. וואָס פֿאַר אַ סמיכות־הפּרשיות איז פֿאַראַן צווישן אַ בער און טאַבאַק — דאָס האָט אַבקע נישט פֿאַרשטאַנען און האָט נישט געפֿרעגט. אַרויסקומענדיק פֿון צערקווע

(זייער געבעטהויז איז געווען חצי צערקווע און חצי קלויסטער), זענען זיי פון אַלטער געוווינהייט אַריינגעקומען אַהער, אין דער קרעטשמע, וואָס האָט שוין לאַנג ניט עקזיסטירט. די צימערן זענען געווען איבערגעפּאַקט. אַ שפּילקע־קעפּל איז ניט געווען ווו אַריינצושטעקן.

פּאַר אַבקען מיט רחקען איז גאָר קיין פּלאַץ נישט געווען. זענען זיי אַרויפ־געקראָכן אויפן מאַסיוון קאָמאָד און דאָרט געזעסן פונאינדערפרי און געשפּילט קאָרטן.

ר' סענדער האָט די גויים אינגאַנצן איגנאָרירט. ער האָט זיי עפּעס ווי גאָר־נישט געזען. ער איז געשטאַנען אין טלית און תפילין און געדאַוונט אויפן קול, ווי ער וואָלט געווען אַ שליח־ציבור, מיטן פּנים אַריינגעשטעקט אין פּרוכת פון ארון קודש, ווו עס זענען געווען צוויי כשרע, נאָר־וואָס אויפדאָסניי איבערגע־קוקטע ספרי־תורהס. ער איז געווען פאַרטיפט אין כוונות פון די תפילות. די גויים זענען געווען געוווינט צו דער סצענע און זיין האַנדלונג האָט ביי זיי אַרויס־גערופן ניט קיין פאַרוווּנדערונג, נאָר טיפן אָפּשיי. זיי האָבן געוווּסט, אַז ער איז אַ פרומער ייד, אַ שווער פון אַ ראַווין, און שיער אַליין ניט קיין ראַווין, און זיי האָבן געהאַט פאַר אים גרויס דרך־ארץ, וויסנדיק אַז ביי אים איז פרומקייט גע־גאַנגען מיט ערלעכקייט און גוטסקייט.

## 65

## חיים שלום — אַבקע ווערט אַ רויטער

עס איז ערב פּסח. דער זיידע, ר' סענדער, ווערט דערוואַרט אומגעדולדיק. ער דאַרף באַלד קומען און ברענגען גוטן פּסחדיקן ווין און פאַרשיידענע טאָרטן און אַנדערע נאַשערייען: ניס, פּרוכטן, וואָס נישטאַנישעק מוז זיי „אימפּאָרטירן" פון סוויר און נאָך ווייטערע מקומות, ווי, דהיינו, אַשמענע אָדער סמאַרגאָן.

דער פעטער שליימיטשל איז אָוועקגעפאָרן אין פּאַליאַן, צו ר' אברהם־שלמהן, זען זיך מיט זיינע טעכטער, וואָס זענען געקומען צו פאָרן אַהיים אויף יום־טוב. זיין וויזיט שטאָט שליימיטשל אָפּ ערב יום־טוב, מחמת אום יום־טוב וועט ער, ווי אַ פרומער ייד, דאָך נישט פאָרן צו זיי, און אָפּלייגן זיין באַזוך ביז חול־המועד וויל ער נישט, עס איז צו־לאַנג צו וואַרטן. ער מוז נאָך היינט זען מלכהן און מירלען און זיך נחתען מיט די דערינערונגען פון זייער יוגנט, וואָס זיי האָבן דורכגעמאַכט צוזאַמען אויף אַ מרחק פון איין וויאָרסט איינער פון אַנ־דערע, ווען זיי האָבן געוווינט אין קופּסקעס הויף.

אין הויז זענען פאַרבליבן די באַבע, די מומע, וואָס איז אַ שבט פאַר זיך און איז זיך מתבודד אין אירע צימערן, די דינסט יעוודאָטע, וואָס ווייס אַלע יידישע מנהגים און אַפילו דינים פון פּסח און איז זייער מקפיד אויף אָפּהיטן זיי אויף דער האָר, און אבקע און רחקע.

רחקע מיט דער באַבען פאָרען זיך אין קיך. זענען נאָך אַלץ נישט פאַרטיק מיט די הכנות צום ערשטן סדר.

אַבקע זיצט אויפֿן גאַנעק, קוועלט אָן פֿון דער זון, וואָס וואַרעמט גאָר ניש־קשהדיק זיין רוקן, הגם זי איז שוין אַדורך דעם מיטלפּונקט אין הימל און רוקט זיך שוין אַפֿילו אַראָפּצו צו מערבֿ־זייט.

פּלוצלונג דערזעט ער, ווי אַ יונגערמאַן קומט צו צום גאַנעק. ער איז פֿאַר־שטויבט פֿון וועג און היפּש מיד. ער איז מסתמא געגאַנגען צופֿוס, ער טראָגט אַ זעקעלע אויפֿן רוקן. אַ ייִדיש פּנים, אָבער אַ ווילד־פֿרעמדער. אַבקע קען אים נישט; איז דאָך עס אַ קלאָרער סימן, אַז ער איז נישט פֿון די היגע מקומות, ווייל אַלע ישובניקעס פֿון אַרום זענען אים גוט באַקאַנט; זיי קומען אַלע, אַנדערע אָפּ־טער, אַנדערע ניט אַזוי אָפֿט, קיין נישטאַנישעק צום זיידן, בעטן אַ טובֿה, אַ גמילת־חסד אָדער שואל־עצה־זיין, זיך באַראַטן, וועגן ייִדישע אָדער פּערזענלעכע אָנגעלעגנהייטן.

אַבקע חידושט זיך און פֿרעגט זיך אין איבערטראַכט: פֿונוואַנעט קומט עס אַ ייִד אַזוי שפּעט? עס איז דאָך אַ פּאָר שעה פֿאַר ליכטצינדן? און וואָס טראָגט ער אין זעקעלע?

— איז דאָס נישטאַנישעק? וווינט דאָ ר׳ סענדער מעלער? — פֿרעגט אים דער יונגערמאַן.

אַבקע קוקט אים אָן פֿאַרוווּנדערט. ער זעט נישט אויס ווי אַ בעטלער, וואָס איז געקומען אומגעבעטענערהייט, ווי אַן אורח אויף די ערשטע טעג פּסח. ער איז צו גוט אָנגעטאָן און אויך צו יונג. בעטלערס זענען ייִדן אין די יאָרן. אָבער, פֿאַרקערט גערעדט, ווער קומט עס צופֿוס, אויב ניט אַ בעטלער, וואָס גייט איבער דער מדינה? עס איז אַ גרעטעניש. דאָס זעקעלע איז צו זויבער און פֿון צו דינעם שטאָף צו זיין אַ טאָרבע; עס איז גיכער אַ ציכל.

אַבקע ענטפֿערט אויף זיינע צוויי פֿראַגעס מיט אַ שאָקל מיטן קאָפּ אויף יאָ.

ער קען זיך נישט באַהערשן; די נייגעריקייט פֿוישט אים און פֿוישט אים:

— וואָס האָט איר אין זעקעלע?

— אין זעקעלע האָב איך מצות, וואָס די מומע האָט מיר געגעבן, על כל צרה שלא תבוא; טאָמער מאַכט זיך און איך בלייב אונטערוועגנס און קום נישט אָן אויף פּסח קיין נישטאַנישעק.

אַבקע איז נאָך מער פֿאַרחידושט.

— ווער זייט איר? ווי אַזוי האָט איר אַהער געטראָפֿן? פֿונוואַנעט קומט איר צופֿוסנס?

— איך האָב אַ בריוו פֿון ר׳ סענדערס טאָכטער, פֿון דער יאַגוסטאָווער רביצין...

אַבקע שרייט אויס מיט פֿרייד און דערשטוינונג:

— פֿון דער מאַמען?

ער לאָזט שטיין דעם יונגנמאַן, לויפֿט אַריין אין שטוב מיט אַ געשריי:

— אַ יונגערמאַן איז געקומען. ער האָט געבראַכט אַ בריוו פֿון דער מאַמען. ער קומט אָנזש פֿון יאַגוסטאָוו.

די באָבע איז געוואָרן פֿאַרעוסקט און פֿאַרדאגהט: ווי וועט זי זיך ספּראַווען! אַזוי פֿיל זאַכן צו באַזאָרגן און מ׳דאַרף אין אַ שעה צוויי שוין בענטשן ליכט און זיך אַרומוואַשן און זיך „אויספּוצן" לכבוד יום־טובֿ.

— גיי שוין, גיית וואָס האָסטו אויסגעטראַכט? — זי רייבט זיך די האַנט, ווישט זיי אָפּ אָן פאַרטעך, זיי זאָלן זיין כאָטש טרוקן און כאַפּט־אַרויף אַ געבלימלט טיכל אויפן קאָפּ.

— נישט אויסגעטראַכט. ער שטייט אין דרויסן ביים גאַנעק.

די באבע גייט אים נאָך.

דער יונגערמאַן דערלאַנגט דעם בריוו.

אַבקע לייענט אים פאַר דער באבען.

דער בריוו איז קורץ. הפּנים געשריבן אין איילעניש. עס זאָגט זיך אין אים, אַז זיי קלייבן זיך אַריבער פון יאַגוסטאָוו קיין אסטראָוו, לאָמזשער גובערניע. דאָס איז אַ גרויסע שטאָט און אויך אַ געהויבענערע רבנות־שטעלע. זיי האָבן דעם פּלימעניק, חיים־שלום, וואָס איז געווען ביי זיי צוגאַסט, נישט געקענט מיט זיך מיטנעמען צוליב כמה וכמה טעמים. לכן בעט זי איר מוטער אים אויפצונעמען ווי אַ גאָר נאָענטן קרוב. צו אַלעמען גערוסן און קושן און ליבע.

הכלל, דער יונגערמאַן איז ר׳ יהודה־לייבס אַ ברודערס אַ זון. ער שטאַמט פון רעזשיצע. ער איז דער עלטסטער זון פון אַבקעס טאַטנס יינגסטן ברודער. ווי קומט ער אין יאַגוסטאָוו? ער איז געווען צוגאַסט ביים פעטער און ביי דער מומען.

חיים־שלום גיט איבער מיט איינצלהייטן די גוטע נייעס. אָסטראָוו איז אַ חסידישע שטאָט. זיי גייען דאָרט אָנגעטאָן אין לאַנגע קאַפּאָטעס, האָבן זיי אים נישט געקענט מיטנעמען סיידן אים אויפנייען נייע מלבושים און פאַר דעם איז נישט געווען געווען קיין צייט. זיי זענען אַרויסגעפאָרן אין גאַייל, כדי דער רב זאָל נאָך באַוויזן צו האַלטן דאָרט זיין דרוש אויף שבת הגדול.

חיים־שלום האָט פאַרשיינט דעם יום־טוב. ער האָט אַלעמען אונטערהאַלטן. ער איז געווען פול מיט לעבן, מיט פרייד, מיט יוגנט, מיט געזאַנג. ער האָט זיי געלערנט נייע לידער, ווי דהיינו: „מנוחה ושמחה“ און „אַ פאַסטעכל איז אַמאָל געווען“...

מיט אַבקען און רחקען האָט ער זיך געשפּילט ווי ער וואָלט געווען פון זעלביקן עלטער מיט זיי. אַבקע האָט זיך שטאַרק צוגעבונדן צו אים. אַבקע האָט אים געבעטן ער זאָל דאָ בלייבן מיט זיי אין נישטאַנישעק, וועלן זיי האָבן מיט וועמען זיך צו שפּילן און זיי וועלן זיך אַזוי ניט לאַנגווייליקן. חיים־שלום האָט געענטפערט, אַז ער קען עס נישט טאָן. ער מוז אָפּפאָרן גלייך נאָך פּסח.

דער פּסח איז פאַרלאָפן שנעל, ממש אַוועקגעפלויגן, ווי ער וואָלט געהאַט פליגלען. חיים־שלום איז גרייט אָפּצופאָרן. דער פעטער וועט אים אָפּפירן צו דער באַן.

אַ שעה צוויי פאַרן געזעגענען זיך און אָפּפאָרן איז ער אַוועק מיט אַבקען און רחקען אין וואַלד זיך שפּילן ווי געווייינטלעך. בשעתן שפּילן האָט ער זיי געגעבן צו פאַרשטיין, אַז מע דאַרף נישט האָבן קיין קייסער. אַ ראיה: אָט איז דאָך פאַראַן אַזאַ גרויס לאַנד ווי פראַנקרייך און עס באַגייט זיך אָן אַ קייסער. עס איז אַ רעפּובליק.

ביי אַבקען האָט ער לייכט געפּועלט. טאַקע, אויף וואָס דאַרף ער דעם קיי־

סער?! און אויב ער קען אויסקומען אָן אַ קייסער, קענען אַלע אויסקומען אָן אַ קייסער.

ער האָט זיי אויך אויפגעקלערט דעם ענין פון אומדירעקטע שטייערן, דורך וועלכע דער קייסער רויבירט די פויערים. אַ פונט צוקער וואָלט געדאַרפט קאָסטן, ווען מ׳קויפט עס אין געוועלב, בלויז צוויי קאָפּיקעס. פאַרוואָס איז דער מקח דרייצן קאָפּיקעס? איז דער ענטפער: ווייל קאַזנאַ, דער אַקציז, באַלייגט יעדן פונט צוקער מיט אַן אָפּצאָל פון בערך עלף קאָפּיקעס. אָט אַזוי באַראַבעוועט עס דער קייסער דאָס אָרימע פויערימפאָלק און דאָס פאָלק ווייס עס אַפילו נישט.

— פונוואַנעט ווייסטו עס אַלץ? — פרעגט אים אַבקע, וואָס האָט גלייך תופס געווען, אַז חיים־שלום האָט זיך מיטן אייגענעם שכל צו דעם נישט דערטראַכט.

— סטודענטן אין אָדעס, ווו איך האָב געאַרבעט ווי אַ קאָמאַשן־שטעפּער, פלעגן קומען צו אונדז און מיט אונדז לערנען און אונדז אויפקלערן אָט־די אַלע זאַכן.

הכלל, די סטודענטן האָבן אָרגאַניזירט די שטעפּערס און אַנדערע אַרבעטער אין אָדעס, געשאַפן פאַר זיי בילדונגסקרייזן און זיי געגעבן לעקציעס און פאַר זיי קלאָר געמאַכט אַ סך זאַכן.

האָבן זשאַנדאַרן געכאַפּט אים און אַ סך אַנדערע, סיי אַרבעטער און סיי סטודענטן, און זיי פאַרשיקט אין סיביר אויף קאַטאָרגע. פון קאַטאָרגע איז ער אַנטלאָפן און זיך אויסבאַהאַלטן ביים פעטער, דעם רב. די מומע האָט אים באַ־קליידט און באַשוכט און אים געגעבן געלט ער זאָל שוואַרצן די גרעניץ און אַוועק־פאָרן קיין אַמעריקע, וואָס איז אַ פריי לאַנד און האָט נישט קיין קייסער.

איידער ער האָט זיי פאַרטרויט די געשיכטע זיינע האָט ער גענומען פוןביידן אַ צוזאָג מיט אַ שבועה, אַז זיי וועלן עס קיינעם נישט אויסזאָגן, נישט דעם זיידן, נישט דער באָבען און נישט דעם פעטער און דער מומען.

אין אַ שעה שפּעטער איז שוין חיים־שלום געווען אָפּגעפאָרן מיט שליי־מיטשלען צו דער נעענסטער באַנסטאַנציע.

אַבקע האָט געהאַלטן וואָרט. ער האָט גאָרנישט דערציילט וועגן חיים־שלומען, זיין קוזין. ער האָט זיך אָבער ניט געקענט איינהאַלטן ניט צו דעקלאַרירן, אין זיין אייגענעם נאָמען, אַז מע דאַרף ניט האָבן קיין קייסער, אַז פראַנקרייך איז אַ רעפּובליק און אַז מע דאַרף אָפּשאַפן די אומדירעקטע שטייערן, אַקציזן און זאַלאָגן.

אַז דער זיידע האָט דערהערט זיין פּאָליטישן קרעדאָ האָט ער זיך אָפּגערופן צו דער באָבען:

— כיענע־רייזע, אַבקע וואַקסט ביי אונדז אַ רויטער.

אַבקע האָט ניט באַגריפן וואָס פאַר אַ שייכות האָבן זיינע רייד צו קאָלירן און וואָס פאַר אַ זינען האָט עס צו זאָגן, אַז ער איז אַ רויטער. ער איז ניט רויט געוואָרן. ער איז צוגעגאַנגען צום שפּיגל, וואָס איז געהאנגען ביי דער מומען אין צימער, און האָט געזען אַז ער האָט זיך אויף אַ האָר נישט געביטן.

ער האָט זיך אָבער געשעמט צו פרעגן.

ר׳ סענדער האָט אַרויסגעבלאָזן אַ גאַנצן וואָלקן רויך פון זיין ציביקליולקע,

וואָס ער האָט קיינמאָל פון מויל נישט אַרויסגעלאָזן, און האָט געוואָרנט זיינע צוויי אייניקלעך בזה הלשון:

— אַי, וועט מען עס אייך שמייסן, קינדערלעך! אַי, וועט מען אייך קאַטעווען.

און ער האָט זיי דערציילט צום וויפלטן מאָל וועגן זיינע דערפאַרונגען מיט דעם פוילישן אויפשטאַנד, ווי מע האָט געשמיסן די פּריצים און די פּויערים, קיינעם נישט געשאָנעוועט.

— איר הייבט זיך בעסער נישט אָן מיטן קייסער.

אַצינד האָט זיך אָבּקע דערמאָנט, אַז די קינדער אין חדר האָבן אים דער־ציילט וועגן אַ שוואַרצער קאַרעטע, וואָס פאָרט צו איין מיטן דער נאַכט און נעמט אַריין סטודענטן, און קיינער ווייס נישט, ווו זיי קומען אַהין. איצט פאַרשטייט ער, אַז דאָס מוזן זיין דידאָזיקע סטודענטן, וואָס לערנען מיט די אַרבעטער און קלערן זיי אויף, אַז מען דאַרף נישט האָבן קיין קייסער.

יאָ שוואַרצע קאַרעטע, נישט שוואַרצע קאַרעטע, יאָ רויטער, ניט רויטער,

— ער איז איבערצייגט, אַז חיים־שלום איז גערעכט:

— טאַקע, אויף וואָס דאַרף מען אַ קייסער?!

## 66

## זי מאַכט זיך

די יוריסדיקציע אָדער דעה־זאָגעריי איבער אַבקען און רחקען האָט באַ־לאַנגט אויסשליסלעך צום זיידן און דער באָבען. דער זיידע האָט די צוויי איי־ניקלעך געבראַכט און זיי איבערגעגעבן אין רשות פון דער באָבען, ביי וועמען זיי געפינען זיך ווי „געסט״. דאָס דעה־זאָגן איבער זיי איז באַגרענעצט, דאָס מיינט בלויז אַכטונג געבן אויף זיי, און זיי אומקערן צוריק נאָך דעם פאַרלויף פון אַ באַשטימטער צייט צו זייער טאַטן און מאַמען נישט נאָר אומגעשעדיקטע, נאָר פאַרבעסערטע אין געזונט. דאָס איז אַלץ. וועגן קערפּערלעכער באַשטראָפונג האָט גאָר קיין רייד נישט געקענט זיין. די קינדער זענען חיה אסתר שרהס און ר׳ יהודה־לייבס און זייער דערציִונג, אויפהאָדעוונג און הדרכה זענען פון אַזאַ שטייגער, וואָס איז נישט גורס קיין שלאָגן, שמייסן, געבן קלעפּ, פּאַטשן, קנייפּן. שטראָף בנוגע זיי קען מיינען בלויז זיך אָנבייזערן אויף זיי, אין האַרבסטן פאַל נישט מיטנעמען אויף אַ שפּאַציר אָדער אויף אַ פאַרווײלנדיקער יאַזדע, ניט מער.

דער זיידע, ר׳ סענדער, איז געווען כולו רחמים, קיין דין נישט. אַז די באָבע כיענע־רייזע האָט זיך געקלאָגט אויף אַבקען, אויף זיינער אָן אומפּאַסיקער האַנד־לונג, איז ר׳ סענדערס ענטפער געווען תמיד אומפאַרענדערלעך:

— ער וועט אויסוואַקסן, וועט ער אַליין חרטה האָבן.

— אָבער ביז ער וועט אויסוואַקסן? וויפיל יאָר דאַרף עס נעמען?

אויף דעם האָט די באָבע קיין ענטפער נישט געקראָגן און האָט עס גאָרניט דערוואַרט.

אַבקען האָט דאָס בלויזע פאַרקלאָגן אים פאַרן זיידן מצד דער באָבען שטאַרק געערגערט און דאָס אַליין איז שוין געווען גענוג באַשטראָפונג.

ער איז געווען זיכער, אַז סיי די באבע מיט איר אָנקלאַגע און סיי דער זיידע מיט זיין באַהויפּטונג, אַז ער וועט חרטה האָבן, זענען געווען פולשטענדיק אומגערעכט. ער האָט גאָרנישט געטאָן אַזעלכעס, אויף וואָס ער זאָל זיך דאַרפן שלאָגן אין הארצן „על חטא" און זיך באַדענקען. איבערהויפּט האָט ער געהאַלטן פאַר פאַלש דעם צושטעל „ווען ער וועט אויסוואַקסן". און וואָס איז ער איצטער? ניט קיין דערוואַקסענער? ניט קיין בר־דעת? ניט קיין פאַראַנטוואָרטלעכער?! ער האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ מיושבדיקן מענטשן, פאַר אַ דערוואַקסענעם אין פאַרשטאַנד און אויפפיר. ער האָט געקוקט אויף זיך ווי אויף אַ פאָלנעם מענטשן, וואָס ווייסט זיינע רעכטן און זיינע פליכטן. וועט ער כהוא־זה נישט פאַרבייגן. אמת, ער דאַוונט אָן תפילין־לייגן און אָן אַ טלית, אָבער דאָס האָט צו טאָן מיט אַ דין. און ער מישט זיך ניט אין דעם. אָבער אויך אָן די תפילין און אָן דעם טלית איז ער אַ ייִד מיט אַלע פּיטשעווקעס. אַלע זיינע האַנדלונגען זענען קאָרעקט, ווי עס באַדאַרף צו זיין. ער גייט ניט אַראָפּ פון דרך־הישר אויף אַ טראָט ניט. די איינציקע זאַך, וואָס ער האָט באַדאַרפט טאָן און טוט נישט — איז לערנען. אָבער דאָס איז אַ צייטווייליקע זאַך, מחמת זיין קראַנקייט, וועגן וואָס ער וואָלט געהאַט איינגאַנצן פאַרגעסן ווען אַ הילכיקער גרעפּץ, וואָס רייסט זיך אַרויס פון זיין מויל פון צייט צו צייט, דערמאָנט אים ניט וועגן דעם אומאַנגענעמען צושטאַנד. ער וויל שוין טאַקע פאָרן אַהיים. ער בענקט נאָך דעם תנ"ך און נאָך דער גמרא. ער וואַרט מיט אומגעדולד, אַז דער טאַטע אָדער די מאַמע זאָל קומען און אים אָפּנעמען פון דאַנעט, וואָס איז אַמאָל געווען אַ גן־עדן התחתון און עס איז איצט אַ גיהנום, ווו ער ווערט געפּייניקט. די גרעסטע יסורים ליידט ער פון אַרומגיין גאַנצענע טעג פּוסטאונפּאַס. ער קען זיין ליידיקגייעריי מער ניט אַריבערטראָגן.

די מומע, שליימיטשלס ווייב, האָט איבער אים זיכער קיין דעה נישט געהאַט. ער איז צו איר נישט געקומען און ער געפינט זיך נישט ביי איר. און ווער איז זי? זי איז דאָך ניט קיין אמתע מומע זיינע, ד"ה דעם פאָטערס אָדער דער מוטערס אַ שוועסטער. זי איז דאָך בלויז דעם פעטערס אַ ווייב. און אַפילו זיין פעטער. שליימיטשל, וואָס איז אַן אמתער פעטער, ד"ה דער מאַמעס אַ ברודער, האָט אויך איבער אים גאָרנישט וואָס צו זאָגן. ער איז נישט זיין גאַסט, ער איז צו אים נישט געקומען און ער געפינט זיך נישט אונטער זיין השגחה. דאָך פאַרשאַפט אים די מומע אַ סך עגמת־נפש יעדן פרייטיק, ווען דער פעטער קומט צו פאָרן אַהיים פון די וועלדער־עסקים. זי איז אַן עכטע מוסרניצע. זי ברענגט בסדר מסירות אויף אים, פאַלשע מסירות, בלבולים. דער פעטער האָט זיך צוגעהערט צו אירע רייד און ער האָט אים גענומען אויף אַ פאַרהער, אים אויסגעפרעגט, חוקר ודורש געווען, צי ער האָט טאַקע באַגאַנגען יענע עוולה אָדער, חלילה, פאַרברעכן.

אַבקע האָט געהאַלטן די מומע פאַר אַ רכילותניצע, אַ פּראָסטע ליגנערקע, וואָס פאַרגינט אים נישט דאָס לעבן, וואָס דערגייט אים די יאָרן. און די באבע איז געווען מיט אים איינשטימיק.

— אַזוי ווי זי האָט נישט קיין קינד און נישט קיין רינד וואָלט זי וועלן, אַז קיין קינדער זאָלן גאָר אויף דער וועלט נישט זיין; „זי גראָבט אַרויס אויפן קינד זאַכן פון אונטער דער ערד", האָט ער אונטערגעהערט דער באבעס רייד צום זיידן.

וואָס האָט אים דער פעטער געקענט טאָן? נישט פיל און דאָך זייער פיל: ניט מיטנעמען אין באיעקי אָדער אין שימאַנעל צום „ספּלאָוו".

אַבקע האָט האַלד געהאַט צו גיין מיטן פעטער צו די פּליטן.

די אַרבעטער האָבן אים אָפּגעגעבן גרויס כבוד. זיי זענען געווען ס'רוב פון ווייטע דערפער און זיי האָבן נישט געוווּסט דעם פעטערס פאַמיליען־אַנגלעגנ־הייטן. זיי האָבן אים אָנגענומען פאַרן „סוחרס זון", אַ וויכטיקע דערהויבענע פּאַ־זיציע. זיי האָבן אים באַוויזן ווי און וווּ מ'קלאַפּט אַריין די הילצערנע טשוועקעס, ווי מ'בינדט צוזאַמען אַ פּליט, וואָס עס טוט זיך אין דעם הילצערנעם שטיבעלע, וואָס איז אויסגעפּלאָכטן פון צווייגן, צונויפגעקלאַפּט פון ברעטלעך און געפינט זיך אין סאַמע מיטן פון הויפּט־פּליט, וואָס נאָך אים גייען נאָך אַלע איבעריקע פּליטן. ער איז עפּעס ווי זייער פירער און וועגווייזער.

עס איז אויך געווען פאַרכאַפּנדיק דאָס צוקוקן זיך, ווי מ'וואַרפט אַרונטער די קלעצער פון אויבן, פון הויכן משופּעדיקן ברעג. די קלעצער קאָלערן זיך, הייבן אויף אַ וואָלקן שטויב, קייקלען זיך, קייקלען זיך און אויב זיי פאַרטשעפּען זיך נישט אָן אַ פּיען, אָן אַ שטיין, וואָס סטאַרטשעט אַרויס, דערקייקלען זיי זיך צום סאַמע זוים פון דעם טייך און פאַלן אַריין אין וואַסער מיט אַ פּליושק וואָס פאַר־שפּריצט אַלע דערביישטייענדיקע.

קוקנדיק אויף די קלעצער, ווי מ'שטופּט זיי אַראָפּ, האָט ער געזען פאַר זיינע אויגן דעם שעיר־לעזאזל, ווי מ'גיט אים אַ שליידער־אַראָפּ פון אַ פעלדזנשטיין אין מדבר*), ווי ער קאָלערט זיך, ביז עס פאַלן פון אים שטיקער.

דאָס ניט־מיטנעמען אים אַמאָל, אויפן סמך פון אַ מסירהלע, וואָס די מומע האָט אונטערגעטראָגן דעם פעטער, צום ברעג, וווּ מע שלאָגט צוזאַמען די פּליטן, האָט אַבקע געהאַלטן פאַר גאָר אַ שווערע שטראָף. זי האָט אַ סך מאָל „אָנגעע־סטראָיעט" דעם פעטער, געמאַכט, אַז ער זאָל זיך אָנברוגזן אויף אים און זיך מאַכן ניט־זעענדיק ווי אַבקע שטייט און גאַרט, ממש די נשמה גייט אים אויס, מיטצוגיין.

דעריבער האָט ער געטראָגן אַ ביטער האַרץ אויף דער מומען. לעצטנס האָט ער געוויכט פון איר, אַ פּוס ניט אַריינגעשטעלט אין אירע צימערן.

אָבער דאָס מאָל האָט ער געמוזט אַריין צו איר. די באָבע האָט אים געשיקט. קונים זענען געקומען פון אַלע זייטן. איינער האָט באַדאַרפט צוקער, דער אַנדערער אַ פּעקל פּאַפּיראָסן, אַ דריטער ליכט, אַ פערטער טשוועקעס. דאָס קלייטל איז געווען פאַרשלאָסן און די קרעמערקע האָט זיך נישט באַוויזן.

— גיי, זאָג איר, אַז קונדן וואַרטן. אויב זי וויל נישט אַרויסקומען, זאָל זי דיר געבן דעם שליסל און איך וועל זיי אָפּפאַרטיקן. און דעם שליסל מיט דעם לייזעכץ וועסטו איר ברענגען.

ער איז שטילערהייט אַריין. די מומע איז אין עסצימער ניט געווען. איז ער אַריין אויף די שפּיצפינגער אין שלאָפצימער, זען, צי זי שלאָפט נאָך. ערשט זי ליגט מיט צוגעמאַכטע אויגן און אָטעמט שווער, ווי איינער סאָפּעט.

ער פּרובירט צו איר רעדן און זי ענטפערט ניט.

---

*) ויקרא, ט"ז.

אַ דערשראָקענער איז ער אַרויסגעלאָפן.

— באבע, זי מוז גאָר זיין קראַנק.

— קראַנק?! זי מאַכט זיך, זי פּיעשטשעט זיך. היינט איז פרייטיק, קומט דאָך דער מאַן אַהיים.

ער איז צוריק אַריין אין דער מומעס צימערן, געפונען דעם שליסל ליגן אויפן טיש און אים געבראַכט דער באבען.

אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער צוריק געבראַכט דעם שליסל מיט דעם לייזעכץ.

די מומע ליגט ווי פאַר דעם מיט צוגעמאַכטע אויגן. ער רוקט איר דאָס לייזעכץ. זי נעמט ניט.

עס קען דאָך ניט זיין, אַז זי זאָל אַזוי שפּעט שלאָפן און ניט וועלן נעמען דאָס ביסל געלייזטע געלט.

שטייט ער אין פאַרלעגנהייט לעבן איר בעט. עס איז האַלב פינצטער אין שלאָפצימער. די לאָדנס זענען צוגעמאַכט. ער עפנט זיי. ער קוקט זיך איצטער בעסער צו צו דער מומע. איר אויפּפיר זעט אים אויס צו זיין אויפפאַלנדיק. אָבער אַז די באבע זאָגט, אַז „זי מאַכט זיך, אַז זי פּיעשטשעט זיך", ווייס זי דאָך, וואָס זי רעדט. ער האַלט, אַז זיין באבע איז אַ חכמניתטע, זי וואַרפט זיך ניט ווי אַנדערע ייִדענעס מיט ווערטער. ביי איר איז אַ וואָרט אַ רענדל. געוויגן און געמאָסטן. דאָך לייגט זיך עס אים ניט אויפן שכל, אַז די מומע זאָל זיך אַזוי מאַכן קראַנק... און אונטערכריפּען ווי זי וואָלט זעגן האָלץ...

ער גייט אַרויס אין הויף. ער לאָזט זיך גיין צו די מוראַשקעס־בערגלעך. ער ווייסט די שטעגעלעך, וואָס פירן צו די בערגלעך און פון די בערגלעך. די מור־ראַשקעס זענען תמיד פאַרטאָן, פאַרעסקט. זיי שלעפּן עפּעס אויף זיך, אַמאָל אַ קערנדל, אַמאָל אַ שטרויעלע, אַמאָל אַ קרישל פון אַ שישקע. אויב די משא איז איבער די כוחות פון איין מוראַשקע, קומט מען איר צוהילף. אין איין שטיקל שטרוי שפּאַנען זיי זיך איין זאַלבעדריט און מער. פאַרביי אים פליִען מיט אַ געזשומעריי פאַרשמאַיעטע בינען.

אים פאַרדריסט, וואָס זיי אַלע זענען אַזוי פאַרטאָן; בלויז ער איז אַ ליידיק־גייער. די באבע זיינע איז אויך אַן אַרבעטזאַמע, אַ האָרעפּאַשנע. בלויז זיין מומע איז אַ פוילערקע.

דערמאָנט זיך אָן דער מומע, לויפט ער צוריק. ער דאַרף זען, וואָס קומט מיט איר פאָר. ער גייט אַריין.

זי ליגט ווי פאַרדעם, מיט צוגעמאַכטע אויגן. איר בוזעם הייבט זיך אַראָפּ און אַרויף. זי כריפּעט איצטער שטאַרקער, הייזעריקער.

ניין. אַזוי פּיעשטשעט מען זיך ניט. דאָס איז ניט קיין צופעליקן.

ער לויפט אַרויס אַ צעשראָקענער.

— באבע, די מומע כאָרכלט עפּעס אַזוי מאָדנע.

די באבע קומט אַריין, גיט אַ קוק אויף איר שנור. גייט גלייך אַרויס און רופט אַריין דעם זיידן. ביידע שטייען ביים בעט.

די באבע ברעכט אויס אין אַ געשריי:

— אוי וויי איז מיר! מיינע אָכעלעך! זי איז דאָך פאַרביי! גלייך שיקן נאָך אַ רופא.

אין גרויס געאייל האָט מען אויסגעריכט סטעפּאַנען קיין סוויר ברענגען דעם רופא, ר׳ זלמן.

אַז דער רופא איז געקומען, איז שוין די מומע געלעגן שטיל.

— זי איז טויט! — האָט ער געזאָגט מיט דעם ערנסט פון אַ מומחה.

אָבער דאָס האָבן אַצינד אַלע געוווּסט אָן אים.

אָט אַזוי האָט זי זיך עס געמאַכט קראַנק.

## 67

## דער טאַטע קומט

נישטאַנישעק זעט אויס ווי עס וואָלט געווען איצט ערב פּסח. מע וואַשט, מע רייניקט, מע שייערט. דער איידעם, ר׳ יהודה־לייב, דער אָסטראָווער רב, קומט צו פאָרן אויף אַ קורצן באַזוך.

אַבקע טאַנצט פון שמחה. ער וועט פאָרן אַהיים. ער האָט זיך שוין גענוג איבערגענוג אָנגעלאַנגוויילט און אָנגעענודיעט זיך דאָ אין נישטאַנישעק, וואָס פון איר אַמאָליקער גדולה און פּראַכט איז געבליבן בלויז אַ געדעכעניש ביי אים אין קאָפּ.

די גרויסע הכנות צו דער אויפנאַמע פון וויכטיקן גאַסט, וואָס איז זיין טאַטע, וואַרפט שטראַלן פון חשיבות אויך אויף אים, זיין זון. אַז זיין טאַטע איז אַזוי הויך געהויבן. פון אַזאַ געהיירישער וויכטיקייט, קען ער דאָך, זיין לייבלעכער זון, ניט זיין אינגאַנצן בטל ומבוטל. ער מוז זיין אַ יש, ניט אַבי־ווער.

די גויע, די דינסט, יעוודאטע, באַציט זיך צו אים מיט אַ סך מער דרך־ארץ היינט. אַפילו די באבע און דער זיידע באַהאַנדלען אים מיט מער איידלקייט און צערטלעכקייט ווי פאַרדעם. ער וועט דאָך שוין אינגיכן זיי פאַרלאָזן און זיי האַלטן אים טייער. די באבע זעט אים צו מיטן עסן, זי וויל אים אָפּשיקן אָן אָנגעפּאַשעטן. מען האָט אים אויך אַרומגעסקראַבעט און אַרומגעשייערט, שיער ניט אויסגע־כשרט. אים אָנגעטאָן אַ נייעם גאַרניטור.

ער פילט זיך הויך געשטיגן. זיינע אַקציעס הייבן זיך.

דער פעטער, אַן אויפגעלייטערטער, איז אַוועק אין קלעבאַניע צום אַלטן גלח אַנטלייען ביי אים זיין קאַרעטע מיט די רעסאָרטן און די גומענע רעדער. מיט אַ פּראָסטער בריטשקע וועט ער נישט פאָרן אָפּנעמען פון דער סטאַנציע זיין שוואָ־גער, דעם גדול בישראל. די בריטשקע טרייסלט אַרויס די געדערים.

אַבקע גייט מיט מיטן פעטער צום גלח. דער פעטער דערציילט דעם גלח, אַז ער קלייבט זיך צו פאָרן באַגעגענען זיין שוואָגער, דעם באַרימטן ראַווין, וואָס קומט פון זייער וויט, פון אַ גרויסן כרך. דער גלח איז זייער צופרידן עס צו הערן. ער באָט אַליין אָן זיין קאַרעטע. ער האָפט, אַז דער ראַווין וועט קומען צו אים מיט אַ העפלעכקייט־וויזיט. ער שיקט דורכן פעטער זיין פאַרבעטונג.

אין דעם גלחס קאַרעטע שפּאַנט מען איין צוויי שוואַרצע שטאָלצע פערד.

דער פעטער איז אָפּגעפאָרן ברענגען ר׳ יהודה־לייבן.

קְרובים און נאָענטע און ווייטע ישובניקעס זענען זיך צונויפגעקומען. אַלע וואַרטן. אַלע זענען געשפּאַנט. מע גייט אַלע ווײַלע צו צו די פֿענצטערס קוקן. מע רעכנט געווי איִיס, ווען דער צוג דאַרף אָנקומען און וויפֿל עס וועט שליימיטשלען, וואָס האַלט פֿון פֿאָרן גאַלאָפּירנדיק אַזוי, אַז סיי פֿאַרבייגייערס און סיי פֿאַרבייפֿאָרערס זאָלן ווערן דורכגענומען מיט אַ דרך־ארץ געפֿיל צו די ספּריטנע פֿערד און צו דעם בּאָרער־אָנטרייבער, נעמען דאָס צוריקפֿאָרן.

וויפֿל מע האָט נישט קאַלקולירט און ספּעקולירט איז אַבקע געווען זיכער, אַז זיין פֿעטער וועט עס מאַכן נאָך שנעלער, כדי צו ווייזן דעם אויפֿגעזאַמלטן עולם פֿון קרובים און שכנים, וואָס פֿאַר אַ קונציקער־פֿלינקער פֿאָרער ער איז. ער וועט די פֿערד ניט שאַנעווען, ווען מע זאָל זיי אַפֿילו נאָכדעם דאַרפֿן לאָזן זיך אָפּרוען אַ צוויי וואָכן און אַפֿילו ווען זיי ווערן „אכוואָטשעט״.

ער קען גוט זיין פֿעטערס פֿאָרן פֿון דערפֿאַרונג. ער איז מיט אים און מיט זיין זיידן פֿיל מאָל געפֿאָרן קיין סוויר. דער זיידע פֿאָרט אַריין באַלעבאַטיש. מע האָט גלייך געקאָנט דערקענען דאָס פֿערד לויט זיין אויסזען און לויט זיין גאַנג. יעדער פֿאַרבייגייער האָט געזען, אַז ר׳ סענדער פֿאָרט נישט אויף אַ פֿויערשער שקאַפּע, נייערט אויף אַ פּריצישן אָגער, וואָס איז פּרימא שבפּרימאַ.

פּאַר שליימיטשלען איז דאָס נישט גענוג. ער פֿאָרט אַריין אין שטעטל מיט אַזאַ טראַסק און געפּילדער, אַז אַלע שטובזיצערס לויפֿן צו די פֿענצטער זען, וועלכער „כראַברי״ פֿאָרט עס אַריין מיט אַזאַ האַרמידער און אַלע אַנדערע צערוקן זיך אין די זייטן, טרעטן אָפּ דעם וועג, זייערע פֿערד צעפּודזשען זיך, פֿוסגייערס צעלויפֿן זיך, האָבן מורא, ער זאָל זיי נישט איבערפֿאָרן. לעצטנס, אַז די שטעטללייט האָבן געהערט אָט־דעם טומל, געטראַסק, געבריאַזג און ליאַרעם, זענען זיי שוין מער נישט געלאָפֿן צו די פֿענצטערס; זיי האָבן שוין גאַנץ גוט געוווּסט, אַז דאָס פֿאָרט שליימיטשל פֿון נישטאַנישעק; און אַז ער פֿירט זיין שוואָגער, דעם גאון, וועט ער דאָך זיכער פֿאָרן און יאָגן ווי אַ וויכער.

אַבקע און רחקע גייען באַגעגענען זייער אָנקומענדיקן טאַטן. זיי זענען שוין אויף יענער זייט מאהילניק. דאָ האָבן זיי זיך צוגעזעצט וואַרטן.

ערשט אַ וואָלקן שטויב קאָלערט זיך. אַבקען האָט זיך געוואָלט, אַז אַן עמוד־האש זאָל זיך קייקלען פֿאָרויס און אויסגלעטן אַלע גריבלעך און „וויבאָיענעס״ אויפֿן וועג. אָבער מאַלע, וואָס אים האָט זיך געוואָלט. ער האָט זיך געמוזט, אונטער די אומשטענדן, באַגנוגענען מיטן עמוד־הענן, מיטן זייל שטויב.

— דער טאַטע פֿאָרט! דער טאַטע קומט!

ער לויפֿט אַזוי שנעל ווי זיינע יונגע פֿלינקע פֿיסלעך קענען אים טראָגן, אָנזאָגן דעם זיידן און דער באבען און דעם גאַנצן עולם די בשורה. אָבער ווי שנעל ער איז נישט געלאָפֿן, און ער איז געווען דער פֿלינקסטער לויפֿער צווישן אַלע זיינע חברים און חדר־ייִנגלעך און מע האָט אים דערפֿאַר גערופֿן „אילה שלוחה״ (אַ פֿלינקע הינדין), האָט ער ניט באַוויזן אָנצוקומען פֿריִער פֿון דער קאַרעטע.

די פּשוטע וואָכעדיקע טעג האָבן אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון זיך זייער פּשוטקייט און זייער גרויקייט און חולינדיקייט. עס איז געוואָרן „זמן שמחתנו״. עס איז יום־טוב. עס פֿינקלט און שיינט אין יעדן ווינקעלע פֿון שטוב. עס איז אַ „טאַטע־יום־טוב״. דער טאַטע שלאָפֿט, דער טאַטע שטייט אויף, דער טאַטע גיסט אָפּ

נעגל־וואַסער, דער טאַטע וואַשט זיך, דער טאַטע שטעלט זיך דאַוונען, וויקלט זיך איין אין טלית, לייגט תפילין; דער טאַטע שטייט שמונה־עשרה; דער טאַטע איז דער צענטער פון דעם וועלטל, וואָס הייסט נישטאַנישעק. מע קומט, מע פּאָרט אָן, און דאָס אַלץ כדי צו זען דעם טאַטן, צו רעדן מיטן טאַטן, זיך אַן עצה־האַלטן מיטן טאַטן, צו פרעגן אַ דין בײַם טאַטן; אַלץ צירקולירט און דרייט זיך אַרום דעם טאַטן. אַלע עסקים ווערן פאַרגאַכלעסיקט; דער פעטער פּאָרט נישט אין וואַלד; די באַבע טוט גאָרנישט אין דער שטוביקער ווירטשאַפט; דער גויע צו־גרייטן די מאכלים העלפט אַרויס אירע אַ שוועגערן, די שיינע מלכה, וואָס איז געקומען לשם זה פון שימאַניעל. די באַבע גייט אַרום אַ צעלויכטענע, אַ יום־טובדיק־אויסגעפּוצטע און האַלט אַן אויג, אַז אַלץ זאָל זיין אַמשענסטן און אַמ־בעסטן פאַר איר גאַסט, דעם איידעם.

ר׳ יהודה־לייב פרעגט זיך נאָך אויף אַבקעס געזונט און איז זייער צופרידן צו הערן, אַז ער איז כמעט ווי געזונט.

— ווי האָט ער זיך אויפגעפירט?

דער פעטער וויל עפּעס האַלב אין שפּאַס אָנרעדן אויף אַבקען, אָבער ר׳ יהודה־לייב מאַכט אַוועק זיינע רייד, האַקט אים איבער מיט דער באַמערקונג:

— נאַרמאַלע, געזונטע קינדער דאַרפן שטיפן.

ער פאַרהערט אַבקען אויפצופלייסן. פרעגט אים, וואָס ער געדענקט נאָך. אַבקע זאָגט אָפּ אַ קאַפּיטל ישעיה. דער טאַטע גלעט אים איבערן קעפּל און קען זיך גאָרנישט אָפּלויבן אים.

פאַרנאַכט. מע גייט שפּאַצירן. דער טאַטע גייט מיטן זיידן פאָרויס. אַלע גייען נאָך. עס איז נאָך שקיעה. אַבקע שפּרייזט אַ פאַרטראַכטער, אַן ערנסטער ביי דער זייט פון זיין טאַטן. ער הערט זיך איין, וואָס זיי רעדן. ער זאַפּט איין יעדעס וואָרט, וואָס זיין טאַטע זאָגט. ער רעדט וועגן עפּעס אַ גרויסער געשעעניש אין יידישן לעבן. ער געברויכט דאָס וואָרט „קאָנגרעס“, „באַזעל“. אַבקע קען בישט פאַר־שטיין, וואָס אַזעלכעס ס׳האָט פּאַסירט; ער ווייסט נישט דעם טייטש פון וואָרט קאָנגרעס; ער באַגרייפט ניט, פאַרוואָס איז עס אַזוי וויכטיק.

ר׳ יהודה־לייב באַמערקט, אַז אַבקע הערט זיך צו צו זיין שמועס מיט גע־שפּאַנטער אויפמערקזאַמקייט. זיין פּנים איז שטאַרק אָנגעצויגן און דער שטערן פאַרוואָלקנט. גיט ער זיך אַ רוף־אָפּ צו אים און פאַראיינס צו רחקען, וואָס איז געגאַנגען מיט דער באבען.

— אַבקע, רחקע, פאַרוואָס שטיפט איר נישט? פאַר וואָס לויפט איר נישט אַרום. פאַר וואָס שפּרינגט איר נישט אַרום?!

פאַר דעם יאָר געפינען זיך אין אַ סביבה פון עלטערע מענטשן איז אַבקע עפּעס ווי פאַרעלטערט געוואָרן, אַרויפגעצויגן אויף זיך אַן אָנגעוואַמפּטקייט, אַ פאַרדאגהטקייט, אַ פאַרטראַכטקייט, וואָס ר׳ יהודה־לייב האָט געהאַלטן, אַז עס איז ניט לויט די קינדערשע יאָרן. מעגלעך אַז ער האָט געוואָלט רעדן מיטן זיידן, וואָס ער האָט ניט געוואָלט, אַז אַבקע זאָל הערן.

אַבקע כמורעט זיך נאָך מער אָן. ער פילט זיך באַליידיקט. דעם טאַטנס ווערטער האָבן אים ווייטיקדיק געטראָפן. ער האָט געטראַכט מיט פאַרדראָס:

— וואָס מיינט דער פאָטער? ער איז אַ שטיפער, ער איז נאָך אַ קינד, וואָס

דאַרף אַרומשפּרינגען און ניט הערן, וואָס דערוואַקסענע רעדן? אין איין האַלבער שעה האָט ער פון חיים־שלומען אַ סך געלערנט. צו דעם איבעריקן האָט ער זיך אַליין דערטראַכט. חיים־שלום האָט גערעדט וועגן די פּויערים, וואָס דער קייסער באַראַבעוועט. אַבקע באַגרייפט און פילט בחוש, אַז דער קייסער רודפט די ייִדן. ווי אַזוי איז נישטאַנישעק חרוב געוואָרן? ווו איז פּוטילאָווקע? פאַרוואָס טאָר זיין זיידע עס מער נישט נעמען אין אַרענדע? פאַרוואָס צעלויפן זיך די ישובניקעס פון די דערפער, אַזוי אַז ביים זיידן איז שוין קיין מנין נישטאָ? אַלע צרות קומען פון קייסער. ער איז איבערצייגט אין דעם. און עפּעס דאַרף געטאָן ווערן, אַז מע זאָל פּטור ווערן פון דעם רשע, דעם קייסער. ער געדענקט דעם קאַפּיטל תהילים, וואָס זיין טאַטע האָט געזאָגט אויפן אַלטן קייסערס טויט. ער האָט דעמאָלט נישט פאַרשטאַנען דעם פּירוש המילות. אָבער נאָך חיים־שלומס אָפּפאָרן האָט ער זיך דערמאָנט אין דעם קאַפּיטל. און ער האָט אים איבערגעלייענט און אים אויסגע־חזרט. ער וואָרט, אַז די ווערטער פון תהילים, אָט יענע קללות, זאָלן פאַלן אויפן קייסערס קאָפּ. ער איז זיכער, אַז זיין טאַטע האַלט אויך ווי חיים־שלום, אַז מע דאַרף נישט קיין קייסער. דאַרף דאָך עפּעס געטאָן ווערן, אַז מע זאָל אים משלח זיין. חיים־שלום האָט אים דערציילט, אַז אין פראַנקרייך איז אויך אַמאָל געווען אַ קייסער, נאָר מע האָט אים דעם קאָפּ אָפּגעהאַקט און פּטור געוואָרן פון אים.

אַבקען ווייזט זיך אויס, אַז ער טראָגט די גאַנצע לאַסט פון די פאַרפאָלגונ־גען סיי אויף די ייִדן און סיי אויף די פּויערים אויף זיינע אַקסלען. ער פאַרהאַלט זיך צו זיך און צו די אַרומיקע מיט דער אַריינגעטראַכטקייט און איינזעעניש פון אַ דערוואַקסענעם; אַזוי מיינט ער; און זיין טאַטע קוקט אויף אים ווי אויף אַ קינד, וואָס ווען דערוואַקסענע רעדן וועגן וויכטיקע זאַכן, דאַרף ער גאָר שטיפן, לויפן, שפּרינגען. אין זיינע אויערן האָבן זיין פּאָטערס ווערטער געקלונגען אַזוי אויסן פלאַץ, ווי זיי וואָלטן געוואָלט געווענדט נישט צו אים, נאָר צו זיין זיידן:

— שוועֶר, פאַרוואָס שטיפט איר נישט? פאַרוואָס שפּרינגט איר נישט?

## 68

## א ס ט ר א ו

אַבקען האָט זיין פּאָטער געבראַכט קיין אָסטראָוו.

ער האָט דערזען פאַר זיך גאָר אַנדערע ייִדן. זיי זענען נישט געווען ענלעך צו די, וואָס ער האָט געקענט אין יאַגוסטאָוו; זיי האָבן גערעדט אַנדערש, זיי זענען געווען אַנדערש געקליידט. אָבער וויבאַלד זיין טאַטע איז ביי זיי רב, הייסט דאָך עס, אַז זיי זענען עכטע ייִדן, אמתע ייִדן. אָבער זיי האָבן אין זיינע אויגן אויס־געזען זייער משונה: זיי זענען געווען אַזעלכע אָפּגעלאָזענע, פאַרוואַקסענע מיט ווילדע צעקלאַטשעטע בערד און נאָך ווילדערע פּיאות און אַלע זענען זיי פאַר־שליומפּערטע, פאַרזשאַווערטע, פאַרמורזשעטע.

אָבער טשיקאַווע: לויט ווי ער זעט און פאַרשטייט עס, קוועלט זיין טאַטע דווקא אָן פון אָט־די מאָדנע ייִדן. זיי טלאָטשען זיך כסדר ביי זיי אין הויז; זיי

קומען און גייען; די טיר מאַכט זיך נישט צו. הפּנים, זיי נייטיקן זיך כּסדר אין זיין טאַטן, אין זיינע עצות; זיי זענען זייער פרומע ייִדן, אַזוי זאָגט אים די מאַמע, און דעריבער געפעלן זיי אַזוי זיין טאַטן.

אָבער אים געפעלן זיי שוין גאָר נישט. ווי אַזוי זאָלן זיי אים געפעלן ווען ער געפעלט זיי נישט. זיי קוקן אויף אים קרום, שפּיזלען אים מיט די אויגן און רופן אים „דייטש".

ער הייבט נישט אָן צו פאַרשטיין, ווי אַזוי און מיט וואָס איז ער, אַ ייִדיש ייִנגל פון נישטאַנישעק, מיכאַלישעק, יאַגוסטאָוו, אינמיטן דערינען געוואָרן גאָר אַ „דייטש". אַז מע ווערט געבוירן „ייִדיש" אין אַ רבס אַ שטוב, קען מען דען ווערן עפּעס אַנדערש? ווי שיקט זיך עס? ער פאַרשטייט ניט, ווי אַזוי קענען זיי אויס־טראַכטן אויף אים אַזאַ מאָדנעם בילבול.

ער גייט אַרויס אין גאַס — די ייִנגלעך פון זיין עלטער ווייכן פון אים, קוקן אים אָן ווי ער וואָלט געווען אַ פאַרזעעניש. זיי טראָגן לאַנגע קאַפּאָטעס; די פּאַ־לעס פלאַנטערן זיך צווישן די פיס. זיי זענען זיכער אַ שטער צום לויפן שנעל, ווי ער קען; אויף די קעפּ — אַזעלכע מיתה־משונהדיקע היטלען מיט דענקעס. ער פילט זיך זייער אומהיימלעך אין גאַס. זיצט ער שוין בעסער אין שטוב און ווייזט זיך נישט פאַר קיינעם. ער שעמט זיך מיט זיין „הילוך".

די מאַמע האָט שוין געשיקט רופן אַ שניידער. ער האָט גענומען זיין מאָס און אין אַ פּאָר טעג וועט ער שוין האָבן אַ לאַנגע קאַפּאָטע, ווי אַלע. ער וויל ניט זיין אַנדערש פון אַלעמען, אַז מע זאָל אויף אים טיקען מיט די פינגער. ער וועט זיך אויך פאַרלאָזן פּיאות, וועט מען אויפהערן קוקן אויף אים, ווי ער וואָלט געווען אַ סטראַשידלע.

מע האָט אָבקען אויסגעשטאַט ווי ס׳באַדאַרף צו זיין. אָנגעטאָן אַ לאַנגן טלית־קטן, אַ לאַנגע קאַפּאָטע מיט אַ טשיקאָוון היטעלע. ער גיט אַ קוק אויף זיך אין שפּיגל, — אָסור צי ער קען זיך דערקענען. ער טראַכט: ניט ער אַליין האָט זיך געביטן; זיין עלטערער ברודער, וועלפקע, האָט זיך דאָך אויך געביטן; גוט איז די מיידלעך, זיי זענען געבליבן די זעלביקע.

דער אַלטער בית־דין־שמש, ר׳ תּנחום, אַ גרייזגרויער זקן מיט אַ יונג פריי־לעכן, תּמיד שמייכלענדיקן פּנים, מיט ליכטיקע קלוגע אויגן, אָבער מיט אַלטע שוואַכע פיס, וואָס קוים זיי רירן זיך, זיי שאַרן זיך איבערן דיל ווי אויך איבערן ברוק אין גאַס, — פירט אים, לויט זיין טאַטנס אינסטרוקציעס, אין ישיבה, כּיתה א׳.

די ישיבה איז פאַררוקט טיף אין אַ הויף. פונפאַרנט געפינט זיך דאָרט דער הקדש.

די ישיבה כּיתה א׳ קוואַרטירט אין אַן איינשטאָקיקער געביידע, וואָס באַ־שטייט בסך־הכּל פון אַ פירהויז און איין לאַנגן, שוין גאָר לאַנגן, צימער. ביים אַריינגאַנג שטייט אַ היפּשע קאַטקע פול ביז צום ראַנד מיט וואַסער. איבער דער קאַטקע הענגען די אויבער־מלבושים פון די „פּאַטראַנעס", — צעריסענע, פאַר־לאַטעטע, אָפּגעטראָגענע, אָבקע האָט אַפילו באַמערקט, אַז לייז קריכן איבער זיי אַרום. ער קלערט: זיי, די לייז, קענען דאָך אַריינפאַלן אין דער קאַטקע. עס איבלט אים. ער פאַרשווערט זיך, קיינמאָל ניט צו טרינקען דאָס וואַסער, ווען ער זאָל

אַפילו פאַרחלשט ווערן פון דאָרשט, ווי יענער אין דעם מדבר אין דער „מעשה מג׳ אחים״. דאָס וועט זיין זיין נסיון...

די ישיבה־בחורים — אויסגעוואַקסענע, אייניקע גאָר הויכע. אים שיינט די זאַך מאָדנע, וואָס ער, אַזאַ קליינגעוויקסיקער, כמעט אַ „קטונתי״, זאָל לערנען אין איין כיתה מיט אַזעלכע גרויסע בחורים, „עוג מלך הבשנס״. אַנדערע פון זיי שפּאַרן אונטער די סטעליע, וואָס ליגט, אגב, אויף דער נאָז. אין צימער איז ניט איבעריק־ליכטיק. עס האָט פענצטער בלויז פון איין זייט, אַזוי אַז די צווייטע העלפט פון צימער איז אינגאַנצן פאַרטונקלט.

די בחורים זענען אויסגעזעצט אַרום די ווענט אויף לאַנגע בענק. פאַר זיי שטייען לאַנגע טישן, ד״ה צענויפגעשלאָגענע ברעטער אויף „קאָזלעס״. אויף די טישן ליגן אָפענע גמרות.

מען האָט, הפנים, געהאַלטן אינמיטן לערנען, נאָר צוליב אַבקעס און תנחומס אַריינקומען האָט מען מפסיק געווען.

ר׳ תנחום האָט אַבקען צוגעפירט צו אַ ייִדן, וואָס איז געזעסן אינמיטן צימער ביי אַ טישל. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז דער רבי.

— דער רב האָט אייך געשיקט זיין זון, — האָט תנחום אַ שאלאמייזשע געטאָן און גלייך זיך אַרויסגעשאַרט, זיך ניט באַגריסט ביים אַריינגיין און זיך ניט געזעגנט ביים אַרויסגיין, בלויז אַ קוש־געטאָן די מזוזה, ביים אַריינגיין אַזוי ווי ביים אַרויסגיין.

## 69

## ר׳ וואָלף־בער — אין כיתה א׳

דער רבי איז געווען אַ הויכער, אַ ברייטער אין די אַקסלען, מיט אַ לאַנגער גרויער באָרד און היפּשע פּיאות. זיין פּנים האָט געשיינט מיט אַ באַזונדער דורכזיכטיקער ליכטיקייט. זיין שטערן אַ הויכער און אויך אַן אויפגעלויכטענער. אויף דער לינקער זייט פון שטערן, איבער דעם אויג, אַ גרויסע גוליע. טשיקאַווע, זי צעשטערט ניט די גייסטיקע שיינקייט פון שיינענדיקן פּנים. פאַרקערט, עס זעט אויס, ווי זי וואָלט געווען אַ באַזונדער חן־צוגאָב. פאַר אים ליגט אַ גרויסע גמרא פון „ווילנער ש״ס״ אַ צעעפנטע. אויף די צווי בלעטער איז אויסגעשפּרייט אַ רויטע שנופּטוך, אַ צעבלימלטע. זי דעקט צו די אונטערשטע העלפט פון פּאַליאַנט.

ר׳ וואָלוש־ (וואָלף־) בער, דאָס איז דער נאָמען פון ראש־ישיבה, כיתה א׳, ווייזט אים אָן מיט דער האַנט אַ פּלאַץ אויפן באַנק לעבן פענצטער און מע לערנט ווייטער. דער רבי זאָגט דעם שיעור. פון צייט צו צייט ווענדט ער זיך צו איינעם, אַ צווייטן אָדער אַ דריטן, ער רופט זיי ניט אָן ביי זייערע נעמען, נייערט ביי די שטעט,׳ פון וואַנעט זיי קומען.

— פּעטרעקאָווער, זאָג!

— זאמבראָווער, זאָג!

דער בחור, לעבן וועמען אַבקע האָט זיך אַוועקגעזעצט, טיילט זיך מיט אים מיט דער גמרא און ער ווייזט אים, ווו מען האַלט. אָבער אין איין רגע שפּעטער

ווייסט שוין ניט אַבקע, ווו מע האַלט. ער פֿאַרשטייט ניט, וואָס זיי זאָגן; ער פֿאַרשטייט ניט וואָס זיי לייענען; ער איז אינגאַנצן פֿאַרווירט; ער באַגרייפֿט ניט, וואָס דאָ קומט פֿאָר צווישן אָט־די משונה ברואים, וואָס אַפֿילו די ווערטער, וואָס זעען אים אויס צו זיין באַקאַנט, לייענען זיי אינגאַנצן אַנדערש ווי ער, ווי מע האָט אים געלערנט זאָגן „עברי״.

דער רבי פֿאָדערט אים אויף צו לייענען. לכתחילה ווייסט ער אַפֿילו ניט, אַז ער מיינט עס אים. אָבער אַזוי ווי אַלע אויגן האָבן זיך אַ קער־געטאָן צו אים און זיינע שכנים האָבן אים גענומען טאָרקען און האַלב־שרייען „ני״ און אים ווייזן אויף דער גמרא, כאַפּט ער זיך פֿון דעם גערודער און זייערע תנועות, וואָס מע פֿאָדערט פֿון אים.

ווי אַזוי קען ער לייענען און זאָגן, וואָס אין גמרא שטייט, אַז ער ווייסט אַפֿילו ניט, ווו זיי האַלטן? און ווען ער וואָלט אַפֿילו יאָ געוווּסט ווו זיי האַלטן, וואָלט ער אויך ניט געקענט זאָגן דעם פּשט אין דער גמרא. זיי האַלטן אין צווייטן פּרק פֿון בבא קמא. און אַלץ, וואָס ער האָט געלערנט, און דאָס מיט העכער אַ יאָר צוריק, איז אַ פּאָר לייכטע פּרקים אין בבא מציעא. און אויך דאָס האָט ער פֿאַרגעסן, פֿאַרלאָרן עס אין די וועלדער און אויף די פֿעלדער אין נישטאַנישעק און אומגעגנט. שוין מער ווי אַ יאָר אין אַ גמרא ניט אַריינגעקוקט. און דאָ לערנען זיי גמרא מיט תוספות. ער הייבט ניט אָן צו וויסן מיט וואָס מע עסט עס.

ער איז דערשלאָגן און פֿאַרלאָרן.

ער האָט זיך קיינמאָל ניט געפּלייסט צו זיין דער ערשטער תלמיד אין חדר. ער האָט ניט געהאַלטן פֿון אַרויסשטעלן זיך, פֿון אויספּיינען זיך. דאָס לערנען איז אים אָנגעקומען לייכט, אָן אָנשטרענג. אָבער דאָ, צווישן אָט־די „דראָנגעס״, בחורים פֿיל עלטערע פֿון אים, פֿילט ער זיך אויסן פּלאַץ. ווי קען ער זיך מיט זיי פֿאַרהערן? פֿאַרגלייכן אין לערנען!

ער דערמאָנט זיך אָן דעם אומגליקלעכן קושמענדער. ווען מ׳האָט געלערנט ישעיה איז געווען שלעכט; ווען מ׳האָט גענומען לערנען „משלי״, איז גאָר געווען צרות צרורות. ער, אַבקע, ווערט דאָ פֿאַרוואַנדלט אין אַ מין קושמענדער, וועלכן מע שלאָגט אַפֿילו ניט, אַזוי איז מען אים מבטל.

דער רבי האָט גלייך אַרויסגערופֿן אַן אַנדער בחור און איז אָנגעגאַנגען ווייטער מיטן לערנען ווי קיינמאָל גאָרנישט, ווי ער וואָלט גאָרנישט עקזיסטירט פֿאַר אים.

הפּנים אַז זיי, אַלע אויסער אים, האָבן יאָ געוווּסט וועגן וואָס עס האַנדלט זיך.

אַבקע איז געזעסן אַ דערדריקטער און געקוקט אין דער גמרא ווי אַ האָן אין „בני אדם״.

ער איז געקומען אַהיים שפּעט אין אָוונט אַ פֿאַראומערטער, אַ פֿאַרצרהטער, אַ פֿאַרדאגהטער. ער האָט ניט געוווּסט, וואָס מיט אים האָט פּאַסירט. ער האָט זיך געשראָקן, טאָמער האָט ער גאָר פֿאַרלאָרן זיין זכרון, זיין תּפֿיסה. ער איז אַרומגעלאָפֿן מיט הינט, זיך געחברט מיט שקצים, מיט שיקסעס, איז ער פֿאַרחמורט געוואָרן. ער האָט געקראָגן אַ פֿאַרשטאָפּטן קאָפּ... געוואָרן אַ יורקע...

ער האָט זיך בפּועל ממש געוואָרגן מיט יעדן ביסן פֿון דער וועטשערע. געגאַנגען שלאָפֿן. געלייענט קריאת־שמע אויפֿן געלעגער. זיך באַגאָסן מיט זודיקע

טרערן; ווען ער האָט געזאָגט: „לישועתך קויתי ה׳, קויתי ה׳ לישועתך, ה׳ לישועתך קויתי" האָט ער זיך בפירוש מכוון געווען, אַז דער אויבערשטער זאָל זען, אַז דער קאָפּ זאָל זיך אים צוריק עפענען; אַז דער זכרון זאָל זיך אומקערן צו אים און זיין תפיסה זאָל ווערן אַזוי פלינק ווי זי איז געווען.

ער האָט ניט געקענט איינשלאָפן. די רעטעניש פון זיין פאַרוואַנדלונג אין אַ „פויער" האָט אים געדריקט און געשטיקט. ער האָט פאַרלאָרן לחלוטין זיין גלויבן אין זיך, אין זיין פאַרשטאַנד, אין זיין שכל; ער האָט געטראַכט וועגן זעלבסטמאָרד, זיך „אַ מעשה אָנטאָן", און פטור אַן עסק. איידער זיין אַ גוי, בעסער אינגאַנצן ניט זיין. ער וועט די חרפה ניט קענען אַריבערטראָגן, אויב דעם טאַטן זאָל אײַנפאַלן אים שבת צו פאַרהערן, ווי ער פאַרהערט וועלפקען.

ער גייט אַלע טאָג אַוועק אין ישיבה גאַנץ פרי. עס עקלט אים פון קויט, פון שטויב. ער לײַדט פון דער פרעמדקייט, וואָס ווייעט אויף אים פון דער גאַנצער בחורים־סביבה, כאָטש אַביסל אָפּשיי האָבן זיי פאַר אים. ער איז דאָך פאָרט דער בן־הרב. ער וועקט אויך בײַ זיי אַ מין געפיל פון רחמנות: ער איז דער קלענסטער, דער ייִנגסטער, דער שוואַכסטער און דער אומבאַהאָלפנסטער אין דער גאַנצער ישיבה און ער איז אַלע מאָל אַזאַ פאַרטרויערטער.

ער איז שיער ניט אַרײַנגעפאַלן אין אַ מרה־שחורה. אַ גליק, וואָס דער טאַטע פרעגט אים גאָרנישט וועגן דער ישיבה און וועגן זיין לערנען. ער גייט אַרום אָן אַ קאָפּ און אַזוי אַ פאַרחידושטער זיצט ער בײַ דער גמרא. ער איז צופרידן, וואָס דער רבי ניט ער זעט אים, ניט ער פרעגט אים עפּעס.

## 70

## שמואלקע שוואַרץ

ר׳ וואלוש־בער גיט זיך בכלל ניט אָפּ מיט די תלמידים ווי אײַנצלנע לערנערס. ער זאָגט זיין שיעור מיט אַ ניגון. זיין שטים הילכט אָפּ אין אַלע ווינקעלעך פון דעם לאַנגן צימער. ווער עס פאַרשטייט, פאַרשטייט, און ווער ניט — מילא, איז ניט. בלויז איין תלמיד איז דאָ אַ יוצא־מן־הכלל אין דער הינזיכט פון ציִען אויף זיך די אויפזיכט־אויפמערקזאַמקייט פון רבין. בלויז מיט אים גיט ער זיך אָפּ צומאָל. אַלע תלמידים ווייסן, פאַר וואָס ער איז „פּריווילעגירט" אין פּשט פון האָבן מער חובות, אָבער ניט קיין זכיות. אַלע פרייטיק ברענגט ער דעם רבין אין ישיבה אַרײַן אַ שטאָף ספּירט, וואָס זיין טאַטע שיקט דעם רבין, ווי אַ מתנה, כדי ער זאָל אויף זיין זונדל גוט אַכטונג געבן, ד״ה, ניט זשאַלעווען קיין פּעטש. און אַ צוויי שעה נאָכן אַרײַנטראָגן דאָס פלעשל שנאַפּס און איבערגעבן עס דעם רבין בפרהסיא, נעמט אים דער רבי אויף אַ פאַרהער און ער כאַפּט אַרײַן די געשמאַקע קלעפּ. דער בחור הייסט שוואַרץ און כשמו כן הוא, ער איז שוואַרצלעך אויפן פּנים. ער איז נישט קיין הויכגעוויקסיקער, אָבער גאָר סאָליד געבויט, אײַנגעפונדעוועט, ברייט אין די אַקסלען, געזונט ווי אַ מויער. ער רעדט מיט אַ הייזעריקער שטים און דערפאַר רופט מען אים אין דער ישיבה „שמואלקע שוואַרץ מיט דער קילע".

דער רבי האַלט אים לעבן זיך ביי זיין טישל, גיט זיך אָפּ מיט אים באַזונדער און פּלייסט זיך „אַריינצופּאַטשן" אין אים דעם וואָגיקן „שיעור". זיין טאַטע איז אַן אַמשינאָווער חסיד. ער איז אַ ייד אַ נגיד, האָט אַ גאַנצע רייע הייזער אין מיטן מאַרק און שמט אין שטאָט פאַר אַ קמצן, מחמת דעם האָבן אים אַלע ישיבה־בחורים פיינט און האַלטן אין איין רייצן זיך מיט אים. אַלע דערגייען אים די יאָרן. ער איז דער שעיר לעזאזל און דער ישמעאל פון דער גאַנצער כיתה. עפּעס איז געזוען אין אים אַזעלכעס, וואָס האָט געוועקט אין זיי דעם יצר־הרע פון אָפּשפּעטעריי. זיי האָבן געמאַכט חוזק ניט בלויז פון אים, נאָר אויך פון זיין טאַטן. די „פּאַטראָנעס" האָבן געהאַט צו דערציילן אַ סך אָפּלאַכערישע אַנעקדאָטן וועגן זיין טאַטנס קאַרגשאַפט. אים האָט עס פאַרדראָסן און, ס'האָבן צוליב דעם אויסגעבראָכן רייסערייען און געשלעגן.

## 71

# דורכגעבראָכן די מחיצה

אַבקע איז אַ וועלט פאַר זיך, אַ מתבודד. די כיתה האָט ער אויפגענומען ווי אַ גאַנצע קערפּערשאַפט. ער האָט זיך נישט געמישט אין אירע אָנגעלעגנהייטן. זיי האָבן אים הינטער די אויגן, ער האָט עס אונטערגעהערט, גערופן „דער ליטוואַק". דער צונאָמען האָט געהאַט אין זיך אַ סך פּשטים. אין אים איז געלעגן אי קנאה, אי שנאה, אי פאַראַכטונג און אי דרך־ארץ. אַלץ האָט זיך געווענדט אָן דער אינטאָנאַציע און דעם אופן ווי אַזוי דאָס וואָרט איז אַרויסגעבראַכט געוואָרן.

אַבקע האָט זיך אַרומגעצוימט, אָפּגעצוימט פון אַלעמען. אים איז דאָ קיין זאַך און קיין נפש ניט אָנגעגאַנגען. ער האָט זיך געהאַלטן פון אַלעמען אויף אַ געוויסער דיסטאַנץ. ער האָט מיט די בחורים קיין מגע ומשא ניט געהאַט. בלויז איין בחורל האָט דורכגעבראָכן די מחיצה, וואָס ער האָט אויפגעשטעלט צווישן זיך און דעם „בחורים־קהל", און דאָס איז געווען דער סיניער. ער האָט געהאַט אַ „טאָג", אַ מיטוואָך, ביים רב. אַזוי אַז ער האָט זיך געהאַלטן נאָענט צו אַבקען. ער איז יעדן מיטוואָך דריי מאָל געגאַנגען מיט אים צוזאַמען אַהיים עסן. דער בחור איז געווען דווקא אַ „זגראַוונער", אַ ציכטיקער; ער האָט געטראָגן גאָר קורצע פּיאות און געהאַט מלבושים אָן לאַטעס און אָן פלעקן. ער האָט שטאַרק מקפּיד געווען אויף זיין אָנטועכץ. ביים רב האָט ער געהאַט זיין בעסטן טאָג. און ער האָט עס איבערגעגעבן די איבעריקע בחורים טעג־עססערס, און זיי האָבן זיך אין אים מתקנא געווען. אָט־דער איינציקער טאָג האָט אים געהאַלטן זאַט צוויי טעג, אין וועלכע ער האָט זיך באַגענוגנט מיט ברויט און וואַסער. אָט־דער טאָג איז געווען דער מיטלסטער זייל, אויף וועלכן זיין גאַנצע שפּייזונג־וואָך האָט זיך געהאַלטן. אַבקע האָט געזען, ווי דער משגיח האָט דעם סיניער אויסגעטיילט זיין פּאָרציע, אַ האַלב לעבל ברויט, צוויי קאָפּיקעס צו קויפן אַ קאָפּ פון אַ הערינג און מיט אָט־דער פּראָוויזיע האָט ער דורכגעשטופּט גאַנצע צוויי טעג, פאַרשטילט די טענות און תביעות פון זיין מאָגן.

דער צווייטער, צו וועמען אַבקע האָט זיך מתקרב געווען, איז געווען שמואלקע

שוואַרץ. און געטאָן האָט ער עס דווקא דערפֿאַר, וואָס אַלע האָבן אים גערודפט, פֿאַרטשוקעט, „געמאַכט פֿון אים פּענדזועס".

שמואלקע שוואַרץ האָט קיין פֿלינקע תּפֿיסה ניט געהאַט; דערפֿאַר האָט ער געכאַפּט פּעטש און קלעפּ מיטן שטעקן פֿון רבין, וואָלוש־בער. אָבער דעם שיעור האָט ער אין אים, אין שמואלקען, גוט אַריינגעקלאַפּט. שוואַרצן איז לכתחילה אָנגעקומען שווער צו פֿאַרשטיין דאָס געלייענטע בלאַט גמרא, דערהויפּט די שכל־דיקע אויסקנייטשונגען פֿון תּוספֿות און מהרש"א. אָבער נאָך דעם אַריינקלאַפּן עס, האָט ער געוווּסט דעם שיעור פֿון דער וואָך ניט ערגער פֿון די גוטע לערנערס.

ביסלעכווייז האָט זיך אַבקע גענומען צוגעוווינען צו זיין טרויעריקער לאַגע. ער האָט זיין אומגליק און דעגראַדאַציע אָנגענומען מיט אַ פֿולער מאָס פֿון רעזיגנאַציע. פֿאַרפֿאַלן! אַזוי איז עס און אַזוי בלייבט עס דערווייל. וואָס עס וועט זיין, וועט מען שפּעטער זען.

# 72

## פּיזישע קולטור

די בחורים אין ישיבה האָבן זיך אָפּגעגעבן ניט בלויז מיט לערנען, מיט שאַרפֿן זיך די מוחות מיט די שווערע סוגיות פֿון מקח און ממכּר און נזקים. זיי האָבן געהאַט אַביסל צייט, אָדער אָפּגעשפּאָרט צייט פֿאַר „פֿיזישער קולטור", פֿאַר „חילוץ עצמות", „בריות גופֿא". יעדער האָט באַוויזן, — אין די פֿרייע מינוטן אָדער שעהן, ווען דער רבי איז געקומען שפּעט און דער משגיח האָט געדאַרפֿט באַזאָרגן עפּעס דרינגנדיקס און איז אַוועק, — וואָס ער קען אין הלכות אַקראָבאַטיק, אין פֿעכטעריי, אין שנעללויפֿעריי, קלעטעריי אָדער סתם גבורה־קונצשטיק.

באַבושקין, אַ בחור מיט אַ קאָפּ ווי אַ צעבער, ניט קיין הויכער, נאָר אַ ברייטלעכער און אַ קאָמפּאַקטער, האָט דעמאָנסטרירט זיין געשיקטקייט אין גיין אויף די הענט בעסער, שנעלער און לענגער, ווי ווער עס איז אין דער כּיתּה. ער האָט געקענט שטיין אויפֿן קאָפּ, ניט געבנדיק זיך אַ שאָקל, אַ וואַקל אַ היפּשע ווײַלע. אויך אין דעם פּרט האָט זיך קיינער צו אים ניט געקענט פֿאַרגלייכן. נאָך אַ פּעקוליאַריטעט האָט ער פֿאַרמאָגט: זיין פֿעטער איז געווען אין לאָנדאָן אַ ריכטער. אַזוי האָט ער געזאָגט.

אגב, איינמאָל, גייענדיק אַזוי אויף די הענט, האָט ער ניט־ווילנדיק אַ בריק־געטאָן מיט די פֿרייע פֿיס און געטראָפֿן אַבקען אין די ציין און אָפּגעשטשערבעט אַ שטיקעל פֿון זיינע צוויי פֿאָדערשטע ציין. אָט־דער טשיקאַווער פֿאַל האָט זיי געמאַכט פֿאַר גוטע חברים. אַנדערע האָבן באַוויזן, אַז זיי קענען, אָנהאַלטנדיק זיך אין מיטלסטן באַלקן אין סטעליע, קלעטערן איבער דער גאַנצער לענג פֿון ישיבה־צימער. דער פּעטראַקאָווער איז געווען אין אָט־דער „קונסט" זייער געשיקט. ער האָט געלייגט, ממש ווי אַ געניטער שווימער, קלאַפּטער און דורכגעקלעטערט הענגענדיק אין דער לופֿטן, צוויי מאָל דעם צימער, אַהין און צוריק, אָן אָפּשטעלן זיך אָפּצוכאַפּן דעם אָטעם.

אַבקע האָט אויך געוואָלט ווייזן זיין געשיקטקייט, אָבער זי אַרויסצווייזן

איז ניט בלויז דער צימער געווען צו קליין, נאָר אויך דער הויף האָט ניט געסטאַ־יעט. עס האָבן זיך געפּאָדערט, לכל הפּחות, עטלעכע גאַסן. ער האָט פאַרזיכערט, אַז ער קען לויפן שנעל ווי אַ ווינט און קיינער פון דער גאַנצער כיתה וועט אים נישט קענען כאַפּן אָדער אָניאָגן. האָבן זיך אַרויסגעשטעלט פינף בחורים, וואָס האָבן געזאָגט אַז זיי וועלן אים יאָ כאַפּן. האָבן אַלע זעקס זיך אַרויסגעלאָזט פון הויף, געיאָגט זיך אין געוועט־אַנגעלאָף איבער צוויי פון גויים באַווינטע געסלעך. אַבקע איז געקומען אַ ניט־געכאַפּטער, אַפילו אַ ניט־אָנגעיאָגטער, צוריק אין ישיבה־הויף. אַלע האָבן פון דעם מאָל אָן אָנערקענט זיין טיטל ווי דער פלינקסטער לויפער פון דער ישיבה, כיתה א׳.

אָט־די דערגרייכונג זיינע און די אַלגעמיינע אָנערקענונג מצד אַלע בחורים האָט געדינט ווי אַ טראָפּן האָניק אין דעם בעכער פון גאַל, וואָס ער האָט, נעבעך, געמוזט טרינקען אין דער ישיבה טאָג־טעגלעך.

## 73

## רעפּעטיטאָר

אַבקע באַשליסט עפּעס צו טאָן בנוגע זיין קאָפּ־פאַרשטאָפּעניש. אַז מע קען ניט אַריבער, מוז מען אַרונטער. ער האָט פאַרבויגן זיין שטאָלץ און זעלבסט־ווערדע און האָט אָנגעבאָטן שמואלקע „שוואַרץ מיט דער קילע״ צען קאָפּיקעס אַ וואָך, ער זאָל מיט אים דורכגיין דעם שיעור. אַזוי איז שוואַרץ געוואָרן אַבקעס רעפּעטיטאָר. ער האָט געקראָגן די דערוואַרטע רעזולטאַטן. סוף וואָך האָט ער געוווסט דעם שיעור מיט אַלע תוספותן און מהרש״א. אַלע שכל־שפּיצלעך און מוח־דריידלעך, וואָס שוואַרץ האָט זיך איינגעקויפט דורך כאַפּן גוטע קלעפּ מיטן רבינס שטעקן, האָט אַבקע איבערגעקויפט פאַר אַ פּריז פון אַ גריוועניק. שוואַרצן איז דאָס קנעלן מיט אַבקען שטאַרק צונוץ־געקומען. קנעלנדיק מיט אים האָט ער זיך ערשט אַליין בעסער פאַנאַנדערגעקליבן אין די פאַרפּלאָנטערנישן פון די שקלאָ וטריאות פון דער גמרא און די פאַרשפּיצטע חריפים מפרשים.

אַבקען האָט זיין טאַטע אָנגעהויבן צו פאַרהערן. ער האָט גוט געוווסט די עטלעכע בלאַט גמרא, וואָס מע איז דורכגעגאַנגען אין ישיבה אין משך פון דער וואָך. דער טאַטע האָט געפרעגט פראַגעס און ער האָט געגעבן די פּאַסיקע ענט־פערס. דעם טאַטן איז אָבער ניט איינגעפאַלן, אַז אַבקע מוז נעבעך אָנקומען צו די חסדים פון אַ בחורל, וואָס לערנט מיט אים פאַר אַ באַזונדערן שכר־לימוד.

ר׳ וואלזש־בער האָט זיך פון אַבקען מייאש געווען; ער האָט געהאַלטן, אַז דעם רבס בנאָק האָט אַ פויערשן קאָפּ און קיין לייט וועט שוין פון אים ניט זיין. דאָס איז אויך געווען די מיינונג פון אַלע בחורים אין דער ישיבה.

אַבקעס פאָטער, דער מרא דאתרא, איז פונצייטצוצייט געקומען פאַרהערן די ישיבה־בחורים. ר׳ וואלזש־בער האָט אָפּט איינגעלאַדן דעם רב מיט דער כוונה צו רעהאַביליטירן די ישיבה און זיין פּרעסטיזש ווי דער ראש־ישיבה פון דער ערשטער כיתה. די זאַך איז געווען די: אין שטאָט איז געווען אַ רייכער ייִד, אַ

„באַנקיר״, ד״ה אַ וווּכערניק, מיטן נאָמען גאָלדבערג, אַ פעטער פון ד״ר גאָלד־בערג. ער האָט געהאַט אַ לאַנגע בלאָנדע גוט־אויסגעקעמטע און ברייט־צעוואַק־סענע באָרד. אַבקעס טאַטע האָט געזאָגט אויף אים, גאָלדבערגן, וואָס איז ניט געווען קיין נותן, ווען עס איז געקומען צו צדקה־זאַכן, צו אַרויסהעלפן די נויט־באַדערפטיקע, פאַר וועלכע ר׳ יהודה־לייב האָט זיך כסדר געמיט, געקליבן נדבות: ווינטער אויף האָלץ און פרילינג אויף מצות, מעות־חטים־געלט, — זיין באָרד איז אַ וואַלד און אין וואַלד וווינט אַ גזלן. אָט־דער גאָלדבערג איז געווען איינער פון די „פני״, פון די גאָר חשובע באַלעבאַטים. ער איז געווען אַן איידעם פון דער רייכער געשעפטס־פרוי און גרויסע נדבנטע, די אַלמנה בלאָמבערג. האָט ער גענומען פאַר אַן איידעם אַ זיידענעם יונגנמאַן, אַ היפשן לערנער פון וואַרשע. אָט־דער איידעם איז זייער אָפט געקומען ניט־געבעטענערהייט פאַרהערן די ישיבה־בחורים. אַזוי ווי ער האָט זיך געוואָלט אַרויסשטעלן מיט זיין לומדות און וויזן, אַז ער האָט כשר פאַרדינט זיין נדן און קעסט, האָט ער מיט זיין שיינענ־דיקער אַטלאַסענער קאַפּאָטע און רייכן אָוועקשטעל אָנגעוואָרפן אַ פחד אויף די בחורים און דערצו האָט ער זיי תמיד פאַרדרייט די קעפּ מיט זיינע קונציקע פּשטלדיקע קשיות. דער פועל־יוצא איז שטענדיק געווען דער זעלביקער: קיינער פון זיי האָט ניט געוווּסט דעם שיעור. די פּאַטראַנעס טאָג־עסערס האָבן געהאַסט דעם רייכן אויסגעכאַליעטן איידעם. דער רבי איז געווען ביי די פאַרהערענישן און ער איז געווען אַן אויפגעקאָכטער אויפן שטרענגן עקזאַמינירער. ער האָט זיך אָבער באַהערשט און אָנגענומען אַ פול מויל מיט וואַסער. ער האָט זיך נישט געקענט איינרייסן מיטן איידעם פון איינעם פון די רייכסטע יידן אין שטאָט. די ישיבה האָט קיין משולחים איבערן לאַנד ניט געשיקט, זי איז אויפגעהאַלטן געוואָרן פון דער שטאָט. דער שווער פון דעם קאָט־פאַרהערער איז געווען אַ דאָזאָר. דער איידעם האָט זייער פיל געשעדיקט די רעפּוטאַציע פון דער ישיבה און איר ראש־ישיבה. אויסער דעם איז ר׳ וואָלוש־בער געווען אַן אַמשענאָוווער חסיד און דער איידעם אַן אַלעקסאַנדערער חסיד, און זיי האָבן סיי ווי ניט געהויזט.

כדי צו ראַטעווען די סיטואַציע און אונטערהאַלטן דעם פאַלנדיקן גוטן נאָמען פון דער ישיבה האָט דער רבי פאַרבעטן דעם רב, ער זאָל קומען פאַרהערן די בחורים און זען און זאָגן, צי מ׳לערנט מיט זיי ווי ס׳באַדאַרף צו זיין און צו די בעסטע פון זיי ווייסן, וואָס מ׳לערנט מיט זיי. ר׳ וואָלוש־בערס שיטה אין לערנען איז געווען: לערן מיט די בעסטע און די פורצעס לאָז געמאַך.

אַבקעס פאָטער איז אין פאַרהערן, ווי בכלל אין שאלות, אין וועלכע עס האָט געקאָנט אַרויסקומען אַ הפסד פון געלט פאַר אַן אָרימען קצב, געווען אַ גרויסער מקיל. זיין דרך איז געווען קודם־כל זען, אַז די בחורים זאָלן זיך ניט שרעקן פאַר אים, ווייל די שרעק אַליין קען זיי אַרויסיאָגן פון קאָפּ דאָס גאַנצע לערנען זייערס. דערנאָך, אַז ער האָט געזען, אַז די בחורים זענען באַרויִקט, גוט אויפגעלייגט, האָט ער זיך געווענדט צום ישיבה־בחור, וואָס איז געזעסן אַם־נאָענטסטן צו אים, אים אירצנדיק, בזה הלשון:

— זאָגט, וואָס ווייסט איר פון וואָכיקן שיעור?

נאָך דעם ווי יענער האָט אים געזאָגט, אַרויסלייענענדיק פון דער גמרא

וואָס ער ווייסט, האָט ער אים באַשאָטן מיט שבחים, רימענדיק אים אויפן קול, אַז אַלע בחורים און דער ראש־הישיבה זאָלן הערן און הנאה האָבן.

— זייער גוט! זייער גוט! איר ווערט, אם־ירצה־השם, אַז איר וועט נאָר לערנען מיט התמדה, זיין אַ גרויסער למדן.

ערשט אַז יענער איז געוואָרן ביי זיך זיכער מיט זיין וויסעניש און קענטעניש, האָט ער אים געפרעגט אַ פראַגע צי צוויי, וואָס האָבן שוין אַוועקגעפירט פון פשוטן פשט אין פלפול אַריין.

די פראַגעס זיינע פלעגן טאַקע אָפט בלייבן אָן די פאַסיקע ענטפערס מצד די בחורים און דעמאָלט האָט ער אַ זאָג־געטאָן, דרך־אגב, מאַכנדיק דעם ענין צו קליינגעלט, אַזוי ווי צום עיקר פאַרהערן געהערט זיך עס ניט אָן:

— אַז איך האָב עס געפרעגט מיין אַבקען, האָט ער מיר געגעבן אָט־דעם ענטפער.

ר׳ וואלזש־בער, הערנדיק דידאָזיקע רייד פון רב, האָט בשעת־מעשה אַ צוק־געטאָן מיט די אַקסלען און געבליבן שטיין אין אַ פאַרלעגנהייט. אַבקע האָט פון אים קיין אויג נישט אַראָפּגענומען. ער האָט אויך באַאָבאַכט די פאַרוואונדערונג, מיט וועלכע די בחורים האָבן זיך איבערגעוואָרפן.

זיי האָבן ניט געקענט פאַרשטיין ווי רעכט צו מאַכן דעם רבס רייד. זיי האָבן אַלע געוווּסט, אַז אַבקע ווייסט ניט „מאי דקאמרא רביצין"; אַז ער איז אַ פויער פון פויערימלאַנד אין אַ סערמיעגע און אין לאַפּטעס. דאָס איז איין הנחה. אָבער ווי קען מען צולאָזן דעם געדאַנק, אַז דער רב, וועמען זיי פאַרערן אַזוי און וועמען זיי האָבן ליב פאַר זיין גוטסקייט, וואָס ער ווייזט אַרויס צו זיי בעתן פאַרהערן זיי, זאָל זיין אַ פשוטער ליגנער און אַ פּוסטער באַרימער, וואָס באַרימט זיך פאַר זיי מיט זיין זונס קענטעניש און שאַרפן מוח.

איז ווי שיקט זיך עס? דאָס איז ביי זיי אַלעמען געבליבן אַ רעטעניש. אַבקע האָט איינמאָל אַפילו אונטערגעהערט, ווי דער רבי האָט גערעדט וועגן דעם מיטן משגיח, און יענער האָט אויך געצויגן מיט די אַקסלען, געשאָקלט פאַרווירט מיטן קאָפּ. דאָס איז ביי זיי ביידן געבליבן ווי אַ „תיקו".

אַבקע האָט געהאַט אַ פלינקע תפיסה און אַ מוח שאַרף ווי אַ חלף. ער האָט ניט געוווּסט דעם שיעור ניט מחמת דער טיפקייט פון דער סוגיא, מיט וועלכער ער האָט זיך נישט געקענט אַן עצה געבן, נייערט מחמת דעם, וואָס ער האָט ניט געקענט נאָכפאָלגן דעם רבינס זאָגעכץ און לייענעכץ, מיט זיין פוילישן צווינג. אָבער נאָך דעם ווי ער איז דורכגעגאַנגען די פּאָר בלאַט מיט זיין רעפּעטיטאָר „שמואלקע שוואַרץ מיט דער קילע", האָט ער אַרויפגענומען דאָס געלערנטע אויף זיינע גוטע כלים און ער האָט זיך געקענט פאַרמעסטן מיטן בעסטן בחורעץ בעל־פּילפּול.

אָבער אָט־דער אומשטאַנד איז געווען אומבאַקאַנט אַפילו פאַר אַבקען גופא. ניט דער רבי, ניט דער משגיח און ניט די בחורים האָבן תופס געווען, אַז אים קומט דאָ אָן שווער ניט דער פילפול פון די תוספות און מהרש"א, נאָר דאָס עלעמענטאַרע, דאָס איבערלייענען און זיך באַקענען מיטן פּשט. פון ר׳ וואלזש־בערס משונהדיק־פּויליש פאַרצויגענעם לייענען האָט ער עס ניט געקענט אַרויסבאַקומען.

אַז אַבקע האָט געהערט זיין טאַטן איבערזאָגן פאַר דער כיתה און אין דער־בייזיין פון זיין רבין זיינע חריפותדיקע ענטפערס, האָט עס אים צוגעגעבן אַ פּוד געזונט. אָבער אויך דאָס האָט אים ניט געקענט אַרויסהייבן פון זיין שווערן געמיט. ער האָט ניט געקענט שלום־מאַכן מיט דעם מצב: ער זאָל דאַרפן אָנקומען צו שוואַרצן און אים צאָלן פאַר זיין קנעלן, אָוועקגעבן אים די קאָפּיקעס, וואָס ער קריגט זיך צו קויפן עסן אָדער אַ נאַשעריי.

אָט־די דערפרעסיע האָט ביי אים אָנגעהאַלטן דעם גאַנצן ערשטן זמן ביזן סאָמע גמר.

## 74

## דער קאָפּ עפנט זיך

אויפן צווייטן זמן האָט פון אַבקען עפּעס ווי אָפּגעטאָן זיך דער פויערישקייט־כישוף. דער קאָפּ האָט זיך אים ווי געעפנט. ער פאַרשטייט, וואָס דער רבי לייענט; ער כאַפּט זיך אויף דעם, וואָס דער רבי וויל זאָגן, נאָך איידער יענער האָט צייט עס אַרויסצוברענגען; איידער ר׳ וואָלוש־בער פרעגט די קשיא, האָט ער שוין אַ פאַרטיקן תירוץ. הכלל, עס איז ליהודים. אַבקע קען נישט פאַרשטיין, וואָס ס׳איז געווען מיט אים דער מער. אַבי עס איז אַלץ אַריבער. ער איז געהאָלפן געוואָרן. דער אויבערשטער האָט צוגעזען זיין צער, געהערט זיין געבעט, האָט זיך דער־באַרעמט איבער אים און ער האָט אים צוריק געעפנט דעם קאָפּ, ווי ער האָט, מיט זיין גנאָד, געעפנט די טראַכט פון דער עקרה שרה. דער רבי האָט זיך ניט געקענט אָפּוווּנדערן פון דער ענדערונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין דעם רבס זון.

— דער רב, ר׳ יהודה־לייב, איז פאָרט געווען גערעכט, ווען ער האָט איבער־געגעבן זיין זונס איינפאַלן און תירוצים, — האָט דער רבי עס איבערגעגעבן צום משגיח.

דער משגיח האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און זיין ציגנבערדל האָט זיך מיט־געשאָקלט. ער האָט געוווּסט פון אייגענער דערפאַרונג, אַז דער בן־הרב האָט אַ עילויישן קאָפּ אויף זיך.

אַבקע האָט געהאַט גרויס דרך־ארץ פאַרן רבין. ער האָט הויך געשעצט זיין לומדות און כוח פון הסברה; ער האָט אַליין געהערט ווי זיין טאַטע האָט גערעדט וועגן דעם מיט אַנטציקונג.

— ר׳ וואָלוש־בער איז אַ גרויסער בעל־כשרון; ער איז אַ למדן און אַ גאַר גרויסער בעל־מסביר, — האָט אַבקע געהערט זיין טאַטן זאָגן צו די באַלעבאַטים, אויף דער אסיפה, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן העכערן די שכירות פון ראש־ישיבה.

ער האָט ר׳ וואָלוש־בערן אַפילו ליב געקראָגן. מע האָט אים געקאָנט ליב האָבן, ער איז געווען אַזאַ צוגעלאָזענער, אַזאַ געמיטלעכער, אַלע מאָל אַ פאַר־טראַכטער, אַ פאַרדביקהטער. אַבקע האָט אים אָפט באַגעגנט גייענדיק אין גאַס, אין באַגלייטונג פון אפרים (פראָים), דעם שמש פון אַמשענאָווער שטיבל. ער איז געווען דער ראש וראשון פון די אַמשענאָווער חסידים אין אָסטראָוו. אויף זיין

פנים האָט געדרוט די שכינה. עס האָט פון זיין גאַנצן מהות אַרויסגעשטראַלט אַן אייגנאַרטיקע ייִדישע איידלקייט. דאָס אַמשענאָווער שטיבל האָט זיך געפונען ניט ווייט פון רבס דירה. אַבקע איז אָפט אומישנע פאַרבייגעגאַנגען דאָס שטיבל, כדי צו כאַפּן אַ קוק אויף זיין רבין בעת ער האָט געדאַוונט. ר' וואָלזש־בער איז געווען אַ מלכותדיקער ייִד, וואָס האָט געטראָגן אַן אינערלעכע קרוין, דעם כתר־תורה, הויך און שטאָלץ. ווי לעבנסוואַך, שיינענדיק און זויבער־ציכטיק ר' וואָלזש־בער איז געווען, אַזוי איינגעשרומפּן־קליין, מינערוועדטיק און תמיד פאַרשלאָפן און אָפּגעלאָזן, אינגאַנצן פאַרשליומפּערט איז געווען זיין שטענדיקער באַגלייטער אפרים. אַ גרויסער רויטער שנופּטוך האָט אַרויסגעשטעקט פון דער הינטערשטער קעשענע פון זיין צעריבענעם, אויף פּעדים זיך צעשיטנדיקער, זשופּיצע; זיין בערדל און פּיאות זענען געווען צעקאָלטנט. ער איז געווען דער סאַמע היפּוך פון ליכטיקן, ציכטיקן און שטאַלטנעם ר' וואָלזש־בער.

ווען ר' וואָלזש־בער איז געגאַנגען אויף נקיות פאַר תפילת שחרית, און שחרית האָט ער קיינמאָל פאַר צוועלף ניט געדאַוונט, און זיין נקיות־פּראָצעדור האָט געדויערט אַ היפּשע ווײַלע, האָט אפרים אים נאָכגעטראָגן ביז דער טיר פון בית־הכסא אַ פלעשל וואַסער. ער האָט הפּנים געליטן פון מערידן.

ר" וואָלזש־בער האָט געהאַט עקסצענטרישע חסידישע הנהגות, אָבער זיי האָבן ניט געשטערט דער אינערלעכער אצילותדיקער פרייד, וואָס האָט אין אים געקוואָלט און האָט אַרויסגעשפּרודלט דורך זיינע ליכטיקע אויגן מיט די לאַנגע ברעמען און האָט אָנגעטרונקען מיט מצווהדיקער שמחה זיין גאַנצן אַרום און אַלע די, וואָס האָבן זיך פאַרבייגייענדיק אָפּגעשטעלט אַ קוק צו טאָן אויף אים און באַוווּנדערן זיין ליכטיק פּנים.

אויף וויפל אַבקע איז געווען פאַרליבט אין ר' וואָלזש־בערן, אויף אַזויפיל האָט ער פאַרהאַסט דעם משגיח. ער האָט אים אָרגאַניש ניט געקענט פאַרטראָגן. וואָס טוט ער דאָ אין ישיבה? אַבקע האָט אין אים געזען אַ באַאַמטן, אַ זשאַנדאַר, וואָס קוקט נאָך די בחורים, שפּירט זיי נאָך. ער לערנט זיי גאָרנישט, ער קען זיי נישט לערנען; ער איז קיין למדן נישט. אַבקע האָט אין די אָוונטן אין שטוב זיך אָנגעלאָדן מיט קשיות. זיי האָבן געלערנט די מסכתא פּסחים. אַבקע האָט אָנגעשעפּט פולע זשמעניעס מיט פּשטלעך און פּלפּולים פון צל"ח און שיטה מקובצת און מיט אַן אומשולדיקער מינע און באַזאַכטע טריטעלעך פלעגט ער צוגיין צום משגיח און נעמען שיסן אין אים מיט קוילן פון האַרבע קשיות, איינע שאַרפער פון דער צווייטער. אַלע ישיבה־בחורים הערן מיט אַ כיוון אויף צו לערנען. עס ווערט שאַ־שטיל. זיי הערן זיך איין, ווי ער פרעגט, און דער משגיח, ניט־וויסנדיק וואָס צו ענטפערן, ווערט רויט ווי אַ בוראַק, פּרובירט עפּעס שאַלאַמייזשען, פּלייסט זיך רעכט צו מאַכן די שטעל אין דער גמרא, אָבער אַבקע, פאַרשטייט זיך, לאָזט זיך ניט; זיי קוועלן אָן פון נחת; דערלעבט נקמה אין משגיח, וועמען זיי האָבן אַלע פיינט. און אַבקע וואַקסט־אויס אין זייערע אויגן. ער איז זייער גואל־הדם; ער רעכנט זיך אָפּ פאַר זיי אַלעמען. אים גופא קען דאָך דער משגיח גאָרנישט טאָן; ער דאַרף צו אים ניט אָנקומען, ער זאָל אים צוטיילן זיין פאָרציע ברויט, ווען ער האָט ניט קיין „טאָג".

ער האָט גוט געוווּסט, ווי האַרב עס איז די זינד פון פאַרשעמען איינעם ברבים; דאָס מיינט פאַרלירן דעם חלק לעולם הבא.

אָבער דעם משגיח קומט עס; עס איז אַ מצווה. זאָל ער דאָ ניט זיצן און זיי היטן ווי אַ שומר אין אַ תפיסה; ניט לאָזן אַרויסגיין און אַריינגיין אָן זיין דערלויבעניש. אַבקע האָט פיינט שנאת מוות הערשאַפט און אויטאָריטעט, וואָס האַלט זיך ניט אויף קענטעניש, אויף אויסצייכענונג און לערנען, אויף טאַלאַנטירטקייט.

## 75

## פרילינג

אַ וואַרעמער האַרציקער פרילינג־טאָג. אין ישיבה איז האַלב־טונקל, שטויביק און שמוציק. דער וולאָצלאַוועקער, אַ בחור אַ דעמב און אין לערנען אַ פלאָקן, אַ דראָנג, האָט עפּעס געהאַט צו טאָן מיט די אויגן און ער האָט, לויט זיינע מעדיצינישע השגות, באַדאַרפט זיי וואַשן מיט קוואַל־וואַסער. און אַזאַ וואַסערל האָט זיך, לויט זיינע געאָגראַפיש־טאָפּאָגראַפישע קענטענישן, געפונען אויף אַ לאָנקע הינטער דער שטאָט, ניט זייער ווייט פון דער ישיבה.

אויף אַבקעס געמיט האָט געדריקט, ווי אַ כמאַרע וואָלט זיך אויף אים אָנגעלייגט, דער קאָנטראַסט צווישן דער שימל־טרויעריקער טונקלקייט, וואָס האָט געהערשט אין ישיבה־צימער, און דער העל־פריידיקער זוניקייט פון דעם צעפרילינגטן דרויסן, ווי ער האָט אים פאַרנומען און דערשפּירט בעת ער האָט זיך אַריינגעריסן דורך די פענצטער־שויבן, הגם זיי זענען געווען געדיכט פאַרשטויבט.

אַבקע איז אַרויס קלאָמפּערשט אויף נקיות; אַזוי האָט עס באַדאַרפט אויפפאַסן דער פאַרהאַסטער משגיח, אָבער אינדעראמתן איז ער אַוועק מיטן וולאָצלאַוועקער.

זיי זענען נאָך אַ היפּש־לענגלעכן האַסטיקן שפּאַציר צוגעקומען צו אַ קוועלעכל, ריכטיקער, אַ קליין ריטשקעלע. דער וולאָצלאַוועקער האָט מיט אַ כלי אָנגעשעפּט אַ פּאָר גלעזער וואַסער און האָט אַוועקגעאיילט צוריק.

אָבער אַבקע האָט זיך נישט געקענט אָפּרייסן פון מחיהדיקן פלאַץ, ווי אומזיכטבאַרע שטריק וואָלטן אים צוגעבונדן, ווי צאַרטע סעדוקטיווע הענט וואָלטן אים צוגעהאַלטן. אַרום און אַרום גרין, געשמאַק, ממש נישטאַנישקער גראָז. עס האָט אים ממש געגלעט די אויגן. עטלעכע ביימעלעך, אַ זכר צו נישטאַנישקער וועלדל, האָבן זיך געשאָקלט מיט זייערע קוים־באַבלעטערטע צווייגעלעך, זיך געקוויקט מיטן בעטעמטן ווינטל. אַבקע האָט זיך פאַרגעסן און ער האָט טאַקע בכוונה זיך געוואָלט אַרויסשלאָגן פון קאָפּ, אָן דעם פאַרכמורעטן, פאַרצרההדיקן ישיבה־צימער מיטן סטראַזשניק, דעם פאַרהאַסטן משגיח. פאַר זיינע אויגן האָבן גענומען מיניען ליכטבילדער פון אַמאָליקן נישטאַנישעק. ער האָט זיך געתענוגט מיט די זעאונגען, האַלב ווירקלעכע, אויפגענומענע מיט זיין גענץ־חוש, האַלב־אויסגעפּאַנטאַזירטע אויפגעהיטע אין זכרון פון די קינדישע יאָרן זיינע. ער האָט זיך פאַרשפּאַצירט, אַרומגעגאַנגען און זיך געפילט אַזוי זאָרגלאָז, אַזוי יאָכלאָז ווי

ביים זיידן אויף אַ לאָנקע פון פּוטילאָווקער גוט. אַן אויפגעלייטערטער, אַ פאַר־ייִנגלטער, איז ער אַוועק ווייט. פּלוצלונג דערזעט ער, אַז ער איז נאָענט צו אַ קאָזאַקן־אָפּטיילונג. דאָ, אינמיטן פעלד שטייט אַ קיך. אין אַ גרויסן קעסל קאָכט עס און זידט און אַ פּאַרע שלאָגט פון אים. עס שטינקט מיט סאלא (שינקע), מיט חזיר, פלייש און פעטס.

אַבקע, אַ דערשראָקענער, נעמט ער שטעלן פיס צוריק. די זון איז שוין היפּש פאַרפאָרן צו מערב־זייט. מיט צער און ווייטיק האָט ער זיך דערמאָנט אָן דער ישיבה, וווּ מ'נעמט זיך שוין מכין זיין צו דאַווענען מנחה.

## 76

## קידוש־השם

צוויי קאָזאַקן כאַפּן זיך פון ערגעץ אַרויס. איינער האַלט אין האַנט אַ שטיק חזיר. זיי נעמען זיך יאָגן נאָך אים. ער אַנטלויפט. ער פאַרלאָזט זיך אויף זיין פלינקייט און איז זיכער, אַז ער וועט אַנטרינען. אָבער אַנדערע צוויי קאָזאַקן פאַרלויפן אים דעם וועג. זיי כאַפּן אים. זיי האַלטן אים. ניט אַנדערש זיי ווילן אים אַריינשטופּן איז מויל אַ שטיק סאלא. ער ווערט זיך מיט כל הכוחות. ער וואָלט וועלן שרייען: „ייִדן, ראַטעוועט!". ער מוז אָבער האַלטן דאָס מויל צוגע־מאַכט, די ליפּן פאַרפּרעסט. ער וואַרפט זיך, ער שליידערט זיך, ער דראַפּעט זיי די פּנימער מיט די נעגל, ער קאָפּעט און בריקעט מיט די פיס. זיי זענען אָבער פיל שטאַרקער פון אים. זיי האַלטן אים ביי די הענט, פיס און קאָפּ.

ער האָט ביי זיך פעסט אָפּגעמאַכט צו גיין אויף קידוש־השם. וואָס הייסט עפּעס: זיי, די רשעים, וועלן אים מטמא־זיין, פאַראומרייניקן מיט חזיר־פעטס! ער האַלט די ציין פאַרשטשעמעט. וויפל זיי פּרובירן איבערגעוואַלד אים אַריינצושטופּן אַ שטיק שינקע, קענען זיי מיט אים גאָרניט אויפטאָן. דערזעענדיק, ווי ווייט עס גייט זיין ייִדישע עקשנות און מורא־האָבנדיק, אַז זייער שפּאַס זאָל נישט ווערן צו ערנסט, אַז דער ייִדישער פּאָדריאַטשיק (ליוועראַנט) זאָל ניט אָנקומען, אַן אָפּי־ציר זאָל ניט פאַרבייגיין, גיבן זיי אים אַ שמיר איבערן שטערן מיטן פעטס און לאָזן אים אָפּ, רעדנדיק צווישן זיך מיט באַוווּנדערונג וועגן זיין ווילנפעסטקייט און אַנטשלאָסנקייט.

— וואָט זשידאק! וואָט זשידאק! — שרייען זיי אויס און פאַרענדיקן: פּאשאָל זשידאק!

ער האָט אָפּגעריסן אַ פּאָר בלעטער פון אַ ביימל, זיך אָפּגעווישט דעם שטערן פון דער חזיריי, אַז זיין שטערן־הויט זאָל עס חס־ושלום נישט איינזאַפּן. ער איז אַוועק אַ שטאָלצער און אַ גליקלעכער. ער איז געבליבן אַ קדוש וטהור, — ער האָט ניט נאָר ניט פאַרשפּילט זיין חלק עולם הבא, נייערט צוגעקראָגן אַ היפּשן ביסן. ער האָט געוווּסט, אַז אַפילו ווען זיי שטופּן אים אַריין די סאלא, וואָלט ער געווען אַן אנוס, ניט שולדיק, און וואָלט עס גלייך אויסגעשפּיגן. אָבער אַביסל פעטס וואָלט דאָך אים געבליבן אין מויל און ביז ער וואָלט געקראָגן וואַסער אויסצושווענקן דאָס מויל און דעם גאָרגל, וואָלט אפשר אַ טראָפּעלע פון

טריפות צו אים צוגעשטאַנען. אַצינד האָט ער זיך געפילט דערהויבן. ער איז בייגעשטאַנען אַ שווערן נסיון און אים, איין שוואַכן יידישן יינגל, האָבן נישט געקענט בייקומען, אַ דאַנק זיין עקשנות און פרומקייט, פיר גרויסע געזונטע קאָזאַקן.

ער האָט זיך געלאָזן לויפן צוריק. אַז ער איז אָנגעקומען אין ישיבה, האָט מען זיך פונקט געשטעלט דאַווענען מנחה.

ער איז אַריין. דער משגיח האָט אויף אים געקוקט מיט אַרויסגעלייפּטע אויגן, אין וועלכע עס איז געווען מער חידוש ווי בייזקייט.

פון וואָלאַזשינער האָט דער משגיח אויסגעזונגען, ווו ער איז געווען. דער משגיח איז אויסער זיך: ס'טייטש, ווי דערלויבט זיך עס אַ ישיבה־בחור, אַ בן־הרב דערצו, אַוועקצוגיין אין מיטן טאָג פון דער ישיבה, אַוועקגיין פון דער גמרא און זיך „שלאָגן" איבער גוישקע לאָנקעס. וואָס האָט אים אַהין געצויגן? וואָס האָט ער דאָרט געזען? ניט אַנדערש ווי אַ ניט־גוטער האָט אים פאַרשלעפּט! ניט אַנדערש ווי אַ רוח איז אין אים אַריין. ווי טוט ער אַזאַ זאַך! עס איז דאָך אַ בפירושער מאמר פון רבי יעקבן אין פרקי אבות: „אַז איינער האַקט איבער דאָס לערנען און זאָגט: ווי שיין איז דער בוים, ווי שיין איז דאָס פעלד, פאַרשולדיקט ער זיין זעל... *)

## 77

## קעגן רוסיפיקאַציע

אַבקע האָט פיינט געקראָגן דעם קייסער זינט חיים־שלום האָט אים געגעבן די ערשטע „אַגיטאַציע", האָט אָפּגעלערנט מיט אים די ערשטע משנה אין דער מסכתא „פּאָליטישע ווויסנשאַפט". לכן האָט ער אויך ניט געקענט פאַרטראָגן דעם קייסערס משרתים און ואשר משרתים, גרויס צי קליין. די גרויסע האָט ער פיינט געהאַט פונדערווייטנס, וואָרעם ווו האָט ער זיי געקאָנט זען אָדער צוקומען צו זיי פונדערנאָענט? די קליינע האָט ער פאַרהאַס'ט און פאַראַכט. ער האָט זיי ניט געקאָנט סובל־זיין. אין דער קאַטעגאָריע פון די „ואשר משרתים" איז ביי אים געווען אַריינגערעכנט אויך דער רוסישער לערער.

פון דער רוסישער שפּראַך האָט אַבקע דווקא שטאַרק געהאַלטן. זיין טאַטע, דער רב און גאון, האָט געקענט גוט רוסיש און האָט זיך מיט דעם איבערגענומען. זיין טאַטע האָט גערעדט מיט גרויס אַכטונג וועגן די רוסישע שרייבערס; ער האָט אין שטוב אַפילו געזונגען אין רוסיש דאָס ליד „אַ תפילה" און האָט פאַרזיכערט, אַז דער אָפּיצער פּאָעט ליאַרמאָנטאָוו (1814—41) האָט עס געשריבן מיט רוח־הקודש, און ער האָט אָנגעוויזן אויף דעם תנא דבי אליהו רבא: סיי אַ ייִד, סיי אַ גוי... אַלץ לויט די מעשים, וואָס ער טוט, רוט אויף אים דער רוח־הקודש**).

אָבער דעם רוסישן לערער, דעם רוסיפיקאַטאָר, האָט ער פיינט געהאַט בתכלית השנאה. ער איז אין זיינע אויגן געווען געגליכן צו אַ פּאַסקודנעם שרץ.

---

*) אבות, ג׳, ט׳.

**) תנא דבי אליהו רבא, פ"ח.

ער איז געווען מוקצה מחמת מיאוס. אַזוי האָט אים געעקלט פון אָט־דעם „גוי־טשאק", וואָס וויל, ווי יענע פיר קאָזאַקן, פאַראומרייניקן די נשמות פון די ישיבה־בחורים. אַבקע האָט „געקענט" רוסיש נאָך פון זיינע חדר־יאָרן אין יאַגוסטאָוו און דערהויפּט פון זיין ווײַלן אין נישטאַנישעק, ווו די ערלים האָבן גערעדט כמעט רוסיש, ווייס־רוסיש אָדער „צי טשויעש", ווי זיין זיידע האָט זייער לשון אָנגערופן. צוליב זייער פרעגן איינער דעם אַנדערן ביים באַגעגענען זיך „צי טשויעש"? וואָס האָט געמיינט: „וואָס הערט זיך?" אָדער: „וואָס מאַכסטו?". דאָך האָט ער אין דער ישיבה בשום־אופן ניט געוואָלט זיך לערנען רוסיש. ביי אים איז עס געגאַנגען אין אַ צו־להכעיס דעם קייסער, ד"ה, דעם געזעץ, אַז יעדער לערנאַנשטאַלט מוז אָפּגעבן אַ באַשטימטע צאָל שעהן דעם לימוד פון דעם רוסישן לשון און רוסישער געשיכטע.

וויבאַלד דאָס איז געווען אַ גזירת המלכות, האָט ער בשום אופן עס בישט געוואָלט אָנערקענען. ער האָט קעגן דער גזירה אַרויסגעוויזן גרויסע התנגדות. פאַרשטייט זיך, אַז אַבקע האָט נאָך דעמאָלט ניט געוווּסט וועגן די רוסיפיקאַטאָרישע כוונות פון דער קאַצאַפּישער רעגירונג. ער האָט אָבער געפילט בחוש, אַז דער צאַר און זיינע באַדינערס ווילן אים און אַלעמען מאַכן ניט סתם פאַר גויִים, נאָר דווקא פאַר „מאָסקאַלעס", פאַר קאַצאַפּעס. איז וויבאַלד זיי ווילן, וועט ער עס אויף קיין פאַל ניט טאָן, און זאָלן זיי צעפּוקעט ווערן.

דער לערער איז געווען אַ ייִדישער יונגערמאַן, אַ הויכער. אַ דינער, ווי אַ שטעקן. אַ גלות און די גאָמבע איז ביי אים געווען בלוילעך ווי ביי אַן אָפּגעסמאַליעטן חזיר. איידער דער לערער איז געקומען אין דער כיתה. די שעה איז געווען אַ באַשטימטע, האָט שוין אַבקע געהאַט איינגעאָרדנט אַ „פּעלצלעך־וואַרפעניש". דער משגיח האָט זיך נוהג געווען אויף יענער שעה צו שיינען מיט זיין אָפּוועזנהייט. וואָס האָבן די בחורים געטאָן? זיי האָבן איינער אין דעם אַנדערן געוואָרפן פּעלצלעך, מאַנטלען און אַזוי ווי די בגדים זענען געווען פאַרברודיקטע און דער דיל אין צימער אַ ניט־אויסגעקערטער, האָט זיך אויפגעהויבן פון דער דאַזיקער וואַרפעניש אַזאַ געדיכטער וואָלקן פון שטויב, אַז מע האָט קוים געקענט זען איינער דעם אַנדערן. ניט איין פּעלצל האָט דער לערער אַריינגעכאַפּט. וועגן זיין אָנוואַרפן אַ שרעק אויף די ישיבה־בחורים האָט נישט געקענט זיין קיין רייד. אייניקע פון זיי זענען געווען ווי די „צעדערן פון לבנון", גוט־געבויט, העכער און מסתמא אויך שטאַרקער פון אים, ווען זיי גייען אויף איינעם, אַ פשיטא שוין, ווען זיי וואָלטן זיך אַ נעם־געטאָן צו אים בחברותא. ווען ער הייבט אויף איינעם אַ האַנט, וואָלט ער אַרויס בריסוק איברים. וואָס האָט דער שלימזלדיקער לערער געקענט נעבעך טאָן? האָט ער אין אַזאַ פאַל זיך צוריקגעצויגן, אַוועק פון ישיבה, אַזוי שנעל ווי ער האָט געקענט, באַגלייט מיט אַ קוויטשעריי, אַ פייפעריי, אַ הוקעריי, בקיצור, אַ קאַקאַפאָניע פון כל המיני קולות פון הינער, הענער, קעץ און הינט צוזאַמענגעגאָסן.

אַבקע אַליין האָט זיך אין דער „אַקציע" ניט באַטייליקט. ער איז בלויז געווען דער אינסטיגאַטאָר, דער מסית ומדיח, דער „אָנסטראָיער". אים אַליין וואַרפן אַ פּלעצל אָדער קוויטשען, ריטשען, רעווען, ווען דער לערער מאַכט פּליטה, איז נים אָנגעשטאַנען. ער איז דאָך דער בן־הרב. דער לערער האָט אים געקענט,

געוווּסט, ווער ער איז. דער לערער פלעגט אַמאָל קומען מיט אַ באַזוך צו זיין פאָטער, וואָס האָט געהאַט אַ שם פאַר אַן אויפגעקלערטן, אַ געבילדעטן. „אויפגעקלערטע" אין שטאָט, חוץ דעם רב, זענען בסך־הכל געווען דריי, אַן איינזאַמער „מזומן": דער אַדוואָקאַט יעזשערסקי, דער שטאָטלערער שטשינקא און זיין געהילף.

ווען אַלץ אין ישיבה איז אָפּגעגאַנגען גלאַט, זיך געפירט כשורה, מחמת דער משגיח איז געווען דערביי, און דער לערער האָט זיך געווענדט צו אַבקען און אים האַלב געבעטן און האַלב געהייסן ער זאָל זיך זעצן שרייבן, וואָס מיינט אָפּקאָפּירן אַ פּאַר רוסישע ווערטער, האָט ער געהאַט תמיד דעם תירוץ: ער האָט נישט קיין העפט, ער האָט נישט קיין פען. די מאַמע גיט אים נישט קיין געלט פאַרוואָס עס צו קויפן. דער לערער האָט גענומען איינטענהן מיט אים, ווי עס איז גאָר מעגלעך, אַז די רביצין זאָל אים נישט געבן קיין „פינאַנציעלע" מעגלעכקייט זיך איינצוקויפן די שרייב־מכשירים, בעת זיין פאָטער איז דאָך באַרימט פאַר אַ גרויסן רוסישקענער און אַ ליבהאָבער פון דער רוסישער ליטעראַטור.

אַבקע האָט געהאַט פאַר אים אַ גאָר קורצן ענטפער:

— איר זעט דאָך, אַז איך האָב ניט קיין העפט, אויף וואָס צו שרייבן, און קיין פען, מיט וואָס צו שרייבן.

דער לערער איז טאַקע אויפמאַרגן געקומען זיך קלאָגן אויף אַבקען, וואָס לערנט זיך ניט און ווירקט שלעכט אויף די איבעריקע שילער, געבנדיק זיי אַ שלעכטן ביישפּיל. מה דאָך דעם רבס זון, וואָס זיין פאָטער איז דאָך אַ ווויל־קענעוודיקער, וויל קיין רוסיש ניט לערנען, דאַרפן זיי, וואָס זייערע טאַטעס קענען ניט קיין צורת אות אין רוסיש, דאָך אַוודאי ניט לערנען אַט־דעם גויִשן לשון. ער האָט געבעטן די רביצין, זי זאָל זיין אַזוי גוט און געבן זיין תלמיד קליינגעלט, ער זאָל זיך קויפן אַ העפט, אַ פען און אַ רוסיש ביכל.

די רביצין האָט גוט פאַרשטאַנען, אַז די מניעה ביי אַבקען איז נישט קיין „פינאַנציעלע", נייערט אַ ריין פּסיכאָלאָגישע. אָבער דעם לערער האָט זי צוגעזאָגט צו באַזאָרגן איר זון מיט אַלץ, וואָס פאָדערט זיך פאַר זיין שטודירן רוסיש מיט דעם צו זיין באַרוף אַזוי איבערגעגעבענעם לערער, און האָט אים העפלעך באַדאַנקט פאַר זיין קומען און איר לאָזן וויסן וועגן אַבקעס פאַרנאַכלאָזיקן זיינע רוסישע לעקציעס.

איינמאָל האָבן די ישיבה־בחורים, אונטער דער איניציאַטיוו און דערמוטיקונג פון אַבקען, זיך צוזאַמענגערעדט, אַז אין מיטן לעקציע וועט מען פּלוצלונג אויסלעשן די לאָמפּן, און אין דער פינצטערניש אַוועקשטעלן די קאַטקע מיט וואַסער ביי דער טיר, נעמען וואַרפן פּעלצלעך און ליאַרעמען און געוואַלדעווען כלומרשט אויס פּחד פאַר שדים, מיט קולי־קולות. אַז דער לערער וועט זיך איבערשרעקן און פּרובירן מאַכן פּליטה, וועט ער זיך איבערקוליִעווען און אַריינפאַלן ווי גרויס ער איז אין דער קאַטקע, און קיין טרוקענער וועט ער שוין ניט אַרויס.

כך־הווה. דער פּלאַן איז דורכגעפירט געוואָרן גענוי ווי אַבקע האָט אים אויסגעאַרבעט. דער לערער איז אַריינגעפאַלן אין צעבער און אַן אויסגענעצטער איז ער אַרויסגעלאָפן אין הויף. עס איז געווען ווינטערצייט און גוט קאַלט. ער

האָט זיך צוגעקילט, קראַנק געוואָרן און אָפּגעלעגן מיט אַ לונגען־אָנטצינדונג אַ גאַנצן חודש. ביי די בחורים איז געווען ששון ושמחה; פּטור געוואָרן פון דעם „גויאטש" אויף אַ גאַנצן מאָנאַט.

ווען דער לערער איז געזונט געוואָרן, איז ער ווידער געקומען זיך קלאָגן אויף אַבקען, אָבער מער ווי אַ חשד האָט ער נישט געהאַט. ער האָט ניט געקענט באַווייזן, אַז אַבקע האָט געהאַט אַ האַנט אין דעם אויסלעש פון די לאָמפּן. ווען דעם צעבער און זיין אַריינפאַלן אין אים האָט ער קיין וואָרט נישט געזאָגט. ער האָט זיך געשעמט.

אַבקען האָט געפּלאָגט דאָס געוויסן. זיין פּאַרענטפער איז געווען, אַז דער לערער איז אַליין שולדיק. פאַרוואָס קריכט ער ווו מען דאַרף נישט. פאַרוואָס וויל ער דווקא מאַכן יידישע קינדער פאַר קאַצאַפּעס. אין אַ ישיבה דאַרף מען קיין רוסישן לערער ניט האָבן. מע דאַרף דאָ, אין אַ יידישן אַנשטאַלט, קיין „גויאיש" ניט האָבן. עס איז אַ צלם בהיכל, אַ געץ אַריינגעשטעלט אין אַ בית־המקדש.

נאָך דעם אומגליקלעכן פאַל האָט זיך דער לערער אָפּגעזאָגט פון קומען אין ישיבה לערנען מיט די „ווילדע" בחורים.

## 78

## שטשינקאַ — דער עקזאַמען

אַז מוכאַמעד איז ניט געגאַנגען צום באַרג, האָט דער באַרג זיך געמוזט מטריח־זיין און גיין צו מוכאַמעדן. האָט מען די בחורים געשיקט אין שטאָטשולע אויף אַ שעה אין אָוונט. דער הויפּטלערער איז געווען שטשינקאַ. אָבער די בחורים האָבן זיך ניט געלאָזט איינברעכן. זיי האָבן אָנגעהאַלטן זייער אַקטיווע כנגדות. זיי האָבן פאַרן לערער, דעם גוי, קיין דרך־ארץ ניט געהאַט און קיין מורא אַוודאי ניט. וואָס קען ער זיי טאָן. און אַז זיי געפינען זיך אין שטאָטשולע, איז וואָס, האָבן זיי גרויסע התפעלות פאַר אים!

זיי האָבן אָפּגערעדט צווישן זיך, אַז ווי נאָר דער לערער וועט אָנפאַנגען זיין אוראק (לעקציע) זאָלן זיי נעמען ניסן, שליקערצן, הוסטן, פאַרצן, גרעפּצן, בלאָזן פון זיך, אַזוי אַז מע זאָל קיין וואָרט ניט קענען הערן. זיי ווילן ניט פאַר־אומרייניקן זייערע אויערן מיט די קאַצאַפּישע קלאַנגען. אַזוי זאָל עס אָנהאַלטן די גאַנצע שעה.

שטשינקא איז געוואָרן אַן אָנגעצונדענער. עס האָט זיך געדאַכט, אַז פונקען שפּריצן פון אים, פון זיינע אויסגעקערטע אויגן, דאָס מויל האָט זיך אים פון כעס אַזש פאַרקרימט אין אַ זייט. ער איז אָבער געווען אָנמעכטיק. וואָס האָט ער געקאָנט טאָן מיט אַזויפיל דערוואַקסענע בחורים, וואָס ווילן קיין רוסיש ניט לער־נען, כאָטש נעם אַ האַק און בראַק זיי.

ער האָט ווי ניט ווי דורכגעשטופּט די שעה, אָבי פּטור געוואָרן. ביים אַרויס־גייק, ריכטיקער ביים אַרויסלויפן מיט אַן אימפּעט פון אַ שטראָם, וואָס האָט דורכ־געריסן אַ דאַמבע, האָבן זיי געיעלהט מיט באַנומענע קולות און אויסגערופן: שטשינקאַ! שטשינקאַ! הוראַ! הוראַ! און געפּליעסקעט אין די הענט.

שטשינקא מיט אַ ווירע אין האַנט האָט זיך נאָך זיי געיאָגט איבערן הויף פון דער שולע ביז דער גאַס. זיין האַנדלונג האָט געהאַט אַזאַ זינען, ווי ווען אײנהעגטיק כאַפּן אַ טאבון צעיאָגטע פערד און זיי שמייסן מיט אַ שטרוי.

פלוצלונג איז אָנגעקומען אַ ידיעה, אַז דער אויפזעער (פּאַפּעטשיטעל) איבער די שולן פון גאַנצן ראַיאָן קומט אויף אַן אינספּעקציע. ער וועט פאַרהערן די ישיבה־בחורים, וואָרעם עס איז דערלאַנגט געוואָרן אַ מסירה, אַז מע לערנט זיי ניט קיין רוסיש און מע פאָלגט ניט אויס די פאַראָרדענונג פון בילדונגס־מיניס־טעריום.

שטשינקא האָט גאַנץ גוט געוווּסט, אַז די ישיבה־בחורים, מיט וועלכע ער דאַרף עס לערנען רוסיש, קענען ניט קיין צורת אות און זענען ניט בכוח אַרויס־ברענגען איין רוסישן וואָרט אומקאַליעטשעט. ער האָט אָבער געלייגט גרויסע האָפענונגען אויף אַבקען, דעם רבס זון, וואָס איז אַ „ליטוואַק" און קען רוסיש, ווייל זיין טאַטע, דער רב, איז דאָך אַ גרויסער רוסיש־ידען. און ער איז געווען דער איינציקער אין דעם גאַנצן ישיבה־קלאַס, וואָס האָט געקענט לייענען ניט שלעכט רוסיש, ד"ה, געקאָנט זאָגן די רוסישע „עברי".

שטשינקא האָט גערופן צו זיך אַבקען, אים אָנגעזאָגט, אַז ער וועט אים אַרויסשטעלן צו לייענען ווען דער פּאַפּעטשיטעל וועט עקזאַמענירן דעם ישיבה־קלאַס. אַבקע האָט געשוויגן. שטשינקא האָט עס אָנגענומען, אַז דאָס מיינט ער איז מסכים, „שתיקא כהודאה דמיא",*) צו שפּילן די פידל ווי אַ סאָליסט...

דער יום־הדין איז געקומען.

דער אויפזעער מיט אַ ברייטער שיינער בלאָנדער באָרד, אַ פּאָר ליכטיקע אויגן און מיט אַ פּנים אַזאַ שיינענדיק־פריינטלעכן, גוט־אויפגעלייגטן, גאָר ניט קיין קאַצאַפּיש־העסלעכן, ווי אַבקע האָט זיך אים פאָרגעשטעלט, זיצט אַ שמייכלענ־דיקער ביים טיש. דער לערער שטשינקא שטייט אַ צעשראָקענער, אַ פאַרציטער־טער ווי אַ פרומער ייִד אין די ימים־נוראים, ביים טאָוול.

אַבקע קוקט אויפן אויפזעער און ער שלאָגט זיך מיט דער דעה: זאָל ער נאָכגעבן דעם יצר־הרע, זיך איבערגעבן דעם געפיל פון סימפּאַטיע, וואָס נעמט אים אַדורך צום גוטן גוי. אפשר איז ער גאָר איינער פון די חסידי אומות העולם. דאָס איז דאָך אויך מעגלעך, אָדער ער זאָל פאַרהאַרטעווען זיין האַרץ ווי קיזל־שטיין, ווי פעלדזנשטיין? דאָס קווענקלען זיך, דאָס וויגן זיך אויף די וואָגשאָלן, האָט געדויערט בלויז אַ פּאָר אויגנבליקן. אַבקע האָט שוין ביי זיך אָפּגעמאַכט, אַז ער וועט גובר זיין אָט־די „מענטשלעכע שוואַכקייטן".

אַז מען האָט אים אויפגערופן, איז ער בכיוון, שיער ניט דעמאָנסטראַטיוו, געבליבן זיצן. ער האָט נישט אַרויסגעוויזן ניט קיין דרך־ארץ פאַרן אויפזעער און ניט פאַרן לערער, הגם אָט־די אומהעפלעכע האַנדלונג זיינע האָט אים גע־קאָסט אַ סך אָנשטרענג.

ווען דער לערער שטשינקא האָט עטלעכע מאָל איבערגעחזרט דעם אימפּע־ראַטיוו „ווסטאַן!" (שטעל זיך אויף), האָט ער זיך ניט ווייסנדיק געמאַכט, ווי ער וואָלט ניט פאַרשטאַנען, וואָס יענער וויל פון אים. ער האָט געלייענט פון בוך יעדעס־וואָרט מיט אַן אומריכטיקער אַקצענטואַציע.

---

*) יבמות, פ"ז.

דער אויפזעער־פאַרהערער האָט אים אָפּגעשטעלט און אַ זאָג געטאָן, מיטן טראָפּ געשטעלט אויפן זייער: „זייער שלעכט"

אַבקע האָט אין האַרצן אויסגעבטלט אַלע בייזע חלומות צום גוייִשקן קאָפּ פון אויפזעער. ער האָט אָבער באַמערקט ווי שטשינקאן האָבן זיך געביטן די קאָלירן אין פּנים, ער איז רויט געוואָרן ווי צונטער און גלייך בלאַס געוואָרן ווי קאַלך. ער איז געוואָרן אַן אויפגעציטערטער. מסתמא זיך געשראָקן ער זאָל ניט פאַרלירן זיין שטעלע.

אַבקען האָט זיין האַנדלונג געקרענקט, דאָך האָט ער טריאומפירט: ער האָט אָפּגעהאַלטן אַ זיג איבער דעם צאַרס אַ געהויבענעם משרת.

ער האָט געגעבן אַ פּאַטש אין פּנים שטשינקאן, וואָס וויל ייִדישע קינדער מאַכן פאַר קאַצאַפּעס.

## 79

# חובות און צדקה

אַבקעס פאָטער, דער אָסטראָווער רב, קריגט שכירות וועכנטלעך פון שטאָט און האָט אַ סך דין־תורות, פאַר וועלכע די בעלי־דברס לאָזן איבער פּסק־דין־געלט וויפל איינער וויל און קען. עס איז אויף דעם קיין באַשטימטער פּרייז ניט פאַראַן. ער פאָרט אויך אַרויס אין אַנדערע שטעט און שטעטלעך אויף בוררות, אויסצוגלייכן אַ סכסוך צווישן ייִדישע רייכע סוחרים. מע שיקט נאָך אים און מע באַצאָלט אים פאַר זיין טרחה גאַנץ שיין, וואָרעם ער האָט אַ נאָמען פון אַ וועלט־מענטש מיט אַ שכל־הישר, וואָס קלייבט זיך פאַנאַנדער אין די פאַרפּלאָנטערנישן פון ייִדישן האַנדל־וואַנדל. אַזוי אַז ער דאַרף דאָך האָבן גענוג אויף אויסקומעניש. אָבער עס קלעקט נישט. ער איז אַ שווערער בעל־חוב, אָפּגעטונקט איבערן קאָפּ אין חובות און די חובות וואַקסן כסדר און מערן זיך. אויפן רב דריקט אָט־דער חוב־יאָך זייער שטאַרק. ער קען דעם קאָפּ נישט אויפהייבן. אָבער דער רביצין זאָל עס גאָר נעמען אַרן. זי איז אַ געבוירענע אָפּטימיסטקע.. זי זעט אין אַלץ די ליכטיקע, די זוניקע זייט.

זי טענהט צו איר מאַן, דעם רב ר' יהודה־לייב:

— וואָס זאָרגסטו! קיין רב ביי ייִדן האָט נאָך קיינמאָל ניט אָנגעזעצט. אַז מען וועט דיך קומען נעמען אין אַן אַנדער שטאָט אויף רבנות, וועלן די באַלעבאַטים פון יענער שטאָט באַצאָלן דיינע חובות, ווי די אָסטראָווער קהילה האָט באַצאָלט דיינע חובות אין יאַגוסטאָוו.

אין די בעסערע צייטן האָט זי בכלל ניט געטראַכט וועגן שולדן, הכנסה און הוצאה. זי איז דאָך געווען אַ רייכע בת־יחידה; אַז זי האָט געדאַרפט האָבן געלט, איז זי צוגעפאָרן צו איר טאַטן און מאַמען און ביי זיי גענומען וויפל זי האָט נאָר געדאַרפט; אויב מע האָט געדאַרפט אַ גאָר היפּשע סומע, האָט זי אויסגעריכט איר מאַן, אים וועט מען דאָך אוודאי ניט אָפּזאָגן. איז וואָס זאָל זי דאגהן! און אַפילו איצט, אַז נישטאַנישעק, די גאָלד־גרוב, האַלט שוין ביים אויסגעשעפּט ווערן, איז נאָך אויך קיין זאָרג ניט, דער אויבערשטער איז אַ פאָטער.

זי האָט זיך אָפּגעגעבן מיט צדקה־זאַכן, געוווּסט וועגן יעדן נצרך און נצרכטע

אין שטעטל און זיי באַזאָרגט צי מיט אַ מתן־בסתר צי אָפן; אַזוי אַז אירע צדקה־אויסגאַבן האָבן אַריבערגעשטיגן די הוצאות פאַר די הצטרכותן פון הויז. וועגן בודזשעט, מכוח אַ באַלאַנס צווישן הכנסה און הוצאה, האָט זי זיך לחלוטין ניט געקימערט. זי האָט אין די דאָזיקע בוכהאַלטערישע טערמינען ניט געטראַכט. וויפל מען האָט אויסגעגעבן האָט זי ניט געוווּסט, און ניט געוווּסט, אַז זי דאַרף עס גאָר וויסן. מע האָט אַלץ, אָנהויבנדיק מיט געבעקס און ענדיקנדיק מיט שניט־סחורה פאַר מלבושים, גענומען אויף באָרג. וויפל מע האָט גענומען און ווען האָט מען גענומען און וויפל ס'האָט באַטראָפן דאָס גענומענע האָט געוווּסט איין גאָט אין הימל און די קרעמערס אויף דער ערד, וואָס האָבן עס פאַרשריבן אין זייערע פנקסן. איין מאָל אַ יאָר אָדער צוויי מאָל אַ יאָר האָבן זיי צוגעשיקט זייערע חשבונות און העפלעך געבעטן דעם סכום, וואָס ס'קומט זיי לויט זייער פאַרשרייבן. חושד זיין אַ כשרן ייִדן, אַז ער זאָל צושטעלן פאַלש אָדער באַרייסן, וואָלט דאָך געווען אַ זינד. זיי טרויען דאָך איר, גיבן אַלץ אויף באָרג. דאַרף זי זיי אויך טרויען אַז־איבערטראַכטן. לכן, איז דער שניטקרעמער, דער בעקער, דער באַקאַליי־קרעמער, דער גאַלאַנטעריי־קרעמער, הכלל, אַלע זענען געווען פולשטענדיק באַגלויבט און קיינער האָט זייערע חשבונות ניט איבערגעקוקט און ניט רעווידירט. די רביצין האָט בלויז אַ קוק־געטאָן, פון יוצא וועגן, אויף דער אונטערשטער שורה, געזען די ציפער, — און גענוג. ר' יעקב משלם. דער רב דאַרף באַצאָלן. די קרעמערס זענען קיינמאָל נישט געווען צושטייעריש בנוגע אויפמאָנען די חובות פון רב. אַפילו דאָס איינקויפן עסנוואַרג פאַרן הויזגעזינד איז אויך געטאָן געוואָרן אויפן יסוד פון צדקה און גמילות חסדים, האַלטנדיק אין גדאַנק אַז מע דאַרף באַהילפיק זיין נויטבאַדערפטיקע אלמנות. די קיך אין רבס הויז איז אַלע מאָל געווען געפּאַקט. איין אלמנה איז געקומען און געבראַכט אייער, די צווייטע — פוטער, די דריטע — הינער. די רביצין האָט געקויפט וואָס זיי האָבן געבראַכט און געצאָלט וויפל זיי האָבן געבעטן. אַז אַן אלמנה האָט געהאַט צופיל קינדער און האָט ניט געקענט זיי מפרנס־זיין, האָט די רביצין גענומען פון איר אַ יתומהלע און עס געהאָדעוועט אין שטוב, געהאַלטן אַ יאָר און מער. די פּראָצעדור פון אַדאָפּטירן דאָס אָרימע קינד איז געווען גאָר אַ פשוטע. די רביצין האָט זי אָפּגעקויפט פון איר מוטער און איר דערפאַר באַצאָלט אַ קליינע סומע פאַר די אויגן פון דער געקויפטער, אַזוי אַז זי האָט זיך געקענט איינרעדן אַז זי געהערט אויף אַן אמת צו דער רביצין און ניט צו איר לייבלעכער מוטער. אַזוי ווי דאָס הויז און דאָס עסן איז ביי דער נייער מאַמען געווען בעסער, איז די טראַנזאַקציע געווען שטאַרק ניחא דעם קינד.

## 80

## דער „רעזשיצער“

עס איז געקומען צו פאָרן דעם רבס שוועגערין, אַן אלמנה. זי האָט מיט זיך געבראַכט אַ ייִנגל פון אַ יאָר פערצן־פופצן. געהייסן האָט ער וועלפקע, אַ נאָמען נאָכן זעלביקן זיידן, וואָס איז אַוועק פון דער וועלט נאָך גאָר אַ יונגערמאַנטשיק.

געקומען איז זי פון רעזשיצע, וויטעבסקער גובערניע, פון וואַנעט אַבקעס טאַטע שטאַמט.

דער צוועק פון איר קומען און ברענגען מיט זיך איר זון איז געווען אַ וויכטיקער: דער זון האָט אַ גוטן קאָפּ און לערנט זיך גוט. אונטער דער הדרכה פון זיין פעטער, דעם גרויסן רב און צדיק, וועט ער זיכער אויסוואַקסן אַ טייערע כלי. אלא וואָס די הוצאה פון אויסהאַלטן אים? די מוטער איז וויליק צו צאָלן פאַר אים און דעקן די אויסגאַבן מיט אַ דאַנק. צו אַ געזינ־ד פון אַכט נפשות קען זיך צוטוליען אַ ניינטער. מען וועט עס ניט פילן, האָט אַ טראַכט געטאָן אַבקעס מאַמע, די רביצין חיה אסתר שרה. זי איז גלייך איינגעגאַנגען אויף דעם, דערהויפּט אַז דער בחורל איז אַ יתום, קען מען דאָך אים זיכער ניט פאַרשטויסן. אין רעזשיצע, אָן דער אויפזיכט פון אַ טאַטן און אָן אַ פּאַסיקער לומדישער סביבה, וועט ער נאָך חלילה פאַרלאָרן גיין. דאָ, אונטער די וואַרימע פליגלען פון גאון פעטער און דער גוטהאַרציקער מומען, וואָס וועט אים צוזען ווי אַן אייגן קינד, וועט ער אויסוואַקסן אַ גרויסער רב, אַ גדול בישראל, וועט זי דאָך פאַרדינען אַ גרויסע מצווה. דערהויפּט נאָך, אַז זיין מוטער זאָגט צו העלפן טראָגן דעם יאָך פון מגדלזיין אים, — איז דאָך אוודאי רעכט. אמת, זי וועט מסתמא פאַרגעסן אירע צוזאָגענישן, — איז אויך אַ קליינע דאגה. ער איז דאָך אַ פּלימעניק, וואָס איז געקומען פון אַזוי ווייט, ווייל ער וויל לערנען, איז ווי שיקט מען עס אים צוריק און מ׳פאַריאָגט אים פון געצעלט פון תורה. דאָס וואָלט דאָך געווען אַן אומפאַרציילעכע זינד!

אַז ביי איר איז רעכט געווען צו האָדעווען פרעמדע יתומים, וועט זי אויסזעצן קעגן אַריינעמען אַן אייגענעם יתום, אַ שוואָגערס אַ זון און דערצו נאָך מיט אַ גוטן קאָפּ און מיט אַ וועלער.

אַבקעס מאַמע האָט באַהאַנדלט דעם צווייטן וועלפקע פונקט ווי דעם ערשטן, איר אייגענעם. ריכטיקער: זי האָט זיך מיט זיי ביידן ווייניק וואָס אָפּגעגעבן. די שטוב־באַלעבאַטישקייט האָט געפירט די דינסט, און שפּעטער צו, ווען זי איז אונטערגעוואַקסן, די עלטערע טאָכטער, בלומע, אַבקעס מאַמע האָט געהאַט אויף איר קאָפּ און אויף אירע שולטערן געגנוג צדקה־אַנגעלעגנהייטן צו האַלטן זי פאַרנומען גאַנצענע טעג.

אָט־דער רעזשיצער, ביי זיין נאָמען וועלפקע האָט מען אים זעלטן גערופן, וואָרעם מע וואָלט דאָך אים ניט געקאָנט אונטערשיידן פון דעם אייגענעם וועלפקע, איז געווען אין שטוב ווי אַן אייגענער. אָבער דאָך איז ער געווען אַנדערש פון די איבעריקע ייִנגלעך. ער איז געווען עפּעס מאָדנע.

קודם־כל האָט ער געהאַט אַ געוווינהייט צו שאַפן און געברויכן ווערטער, וואָס האָבן אין ייִדישן לשון ניט געהאַט, ניט געקענט האָבן קיין שום מיין. די קלאַנגען אין זייערע קאָמבינאַציעס, צוזאַמענשטעל אין ווערטער זענען געווען משונה. זיי האָבן ממש געשניטן דאָס ייִדישע אויער. די ווערטער האָבן געהאַט פאַרשיידענע מיינען און טייטשן, וואָס זענען געווען אומבאַשטימט, אַלץ האָט זיך געווענדט אָן זיין קאַפּריז און מוטוויליקייט. דאָס זעלביקע וואָרט, דהיינו „דזשימזשיק״, האָט געקענט באַצייכענען אַלץ אין דער וועלט. וואָס עס באַטייט באמת האָט מען זיך געדאַרפט אָנשטויסן לויט די אומשטענדן, אין וועלכע ער האָט עס

געברויכט און לויט דעם קאָנטעקסט, אין וועלכן עס האָט זיך געפונען אַריינגעשטעלט אַרביטראַריש.

נאָך אַ כשרון האָט ער פאַרמאָגט: ער האָט געקאָנט דערציילן לאַנגע כמעט אומענדלעכע מעשיות, סיפורי־נפלאות אין פאָרזעצונגען איין אָוונט נאָכן צווייטן אין משך פון חדשים. אַבקע, רחקע, משהקע און מאַשקע פלעגן זיך אַרומשטעלן אַרום אים און ער איז זיך געשטאַנען ביים וואַרימען קאַכליענעם אויוון און געשפונען אַ סיפור־המעשה, פון וועלכן די קינדער זענען געווען פאַרכאַפּט.

ער האָט אויך האָלט געהאַט צו מגידעווען, נאָכמאַכן די מגידישע העוויות, רייד און ניגון.

ער איז געווען אַ גאַנץ גוטער תלמיד. דער רב, דער פעטער, האָט אים אָפּט פאַרהערט און געבליבן צופרידן מיט זיין קענטעניש. ער האָט געוווּסט דעם שיעור. ער האָט געלערנט מיט וועלפקען אין דער ישיבה אין כיתה ב׳, איין שטאַפּל העכער אין תורה־לייטער פון אַבקען. זייער רבי איז געווען ר׳ ניסן, אַ ייִד אַן אָפּגעהיטער, אַ מוסרניק. ער האָט געלערנט מיט די תלמידים מוסר פון „מסילת ישרים״ אַרויס, און אויך געהאַלטן מוסר־דרשות בעל־פּה. ער האָט געהאַט אַ שטאַרקע השפּעה אויף זיינע תלמידים. וועלפקע איז געווען זייער פרום און דאָס אייגענע דער „רעזשיצער״, וואָס האָט ניט געוואָלט זיין הינטערשטעליק אויף דעם געביט פון פרומקייט.

דאָך האָט אים פון צייט צו צייט אַ שטופּ־געטאָן דער לץ, וואָס איז געזעסן טיף פאַרשטעקט אין אים. אויך די נעאָלאָגיזמען, וואָס ער האָט געשאַפן, האָבן געדינט באמת פאַר ליצנות צוועקן. די קלאַנגען גופא און די העוויות, וואָס האָבן זיי באַגלייט, און די דיקציע, דער חיתוך־הדיבור, מיט וועלכן ער האָט זיי אַרויסגעבראַכט, האָבן אומפאַרמיידלעך אַרויסגערופן אַ געלעכטער ביי די צוהערערס. ער האָט גערעדט צו דער זאַך און גאַנץ ערנסט. פּלוצלונג פלעגט ער אין זיינע רייד אַריינוואַרפן, ווי אַ שטיין אין וואַסער, אַ „דזשימדזשיק״ אָדער אַ „קאַראַבומדזשיק״, אַ „שמודזשיק״, אַ ניט־געשטויגן און ניט־געפלויגן וואָרט. אַזוי ווי דער אָנגענומענער ייִדישער לשון וואָלט געווען פאַר אים צופיל אויסגעדראָשן, אָפּגעריבן, צו אַלט, צו מעשה־קלישע און ער האָט געגאַרט נאָך עפּעס אַן אויפטו, אַ חידוש, אַ „בריאה יבראַ״.

אַזוי ווי ער איז געווען אַ יתום און דער טויט פון זיין פאָטער, וואָס ער האָט בייגעוווינט, האָט שטאַרק געדריקט אויף זיין געמיט, האָט ער זיך אַרומגעטראָגן מיטן געדאַנק, אַז ער אָדער ווער אַן אַנדערער וועט אינגיכן אויסגעפינען אַ מיטל קעגן טויט, און מענטשן וועלן מער ניט שטאַרבן. אין זיינע מעשיות האָט ער אַלע מאָל אַריינגעפלאָכטן אַ העלד, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט געפינען אַ מיטל ווי אָפּצושאַפן טויט. און אָט־אָט געפינט ער אים. די דאָזיקע זוכעניש האָט געהאַלטן זיינע צוהערערס, קוזינס און קוזינעס, געשפּאַנט.

אַבקע איז געווען איינער פון זיינע שטענדיקע צוהערערס. ער האָט געשאַצט זייער הויך די „קונסט״ פון זיינע דערציילונגען, וואָס האָבן געהאַט אַ שטיקל ענלעכקייט צו דער „מעשה מג׳ אחים״. אָבער פון דערציילער גופא האָט ער ניט געהאַלטן; ער האָט געקוקט אויף אים פונאויבן אַראָפּ מחמת זיין שוואַכקייט צו ליצנות.

נאָך אַ „מיחוש" אָדער אייגנאַרטיקייט האָט ער פֿאַרמאָגט און דאָס איז געווען רעדן אין גראַמען, ווען דער גראַם האָט אַפֿילו געשעדיקט די כוונה פֿון דעם. וואָס ער האָט געוואָלט אַרויסברענגען. אָט־די שוואַכקייט איז צו אים געקומען פֿון זיינעם אַ פֿעטער, פֿון דעם יינגסטן ברודער פֿון אַבקעס טאַטן, מאַשקע, וואָס האָט גערעדט מיט גראַמען, געווען אַ בעל־קורא, אַ בעל־תפילה, וואָס האָט זיך געריסן צום עמוד און פֿאַרן עמוד וואָלט ער זיך געשמדט, און דערצו אַ מומחה אין „שאַשקעס"־שפּילן (טשעקערס) און אַ שטיקל בדחן, הגם על פּי זיין פֿאַך איז ער גאָר געווען אַ רופֿא.

## 81

## אַבקע און וועלפֿקע אָפּגעפֿרעמדט

וועלפֿקע האָט געהאַט אַ טבע צו זיצן שפּעט און לערנען, אַבקע, פֿאַרקערט, האָט האָלט געהאַט צו גיין פֿרי שלאָפֿן און אויפֿשטיין פֿרי פֿאַרטאָג. כדי ער זאָל זיין זיכער נישט צו פֿאַרשפּעטיקן, מאַלע וואָס עס מאַכט זיך, האָט ער געהאַט געדונגען זיינעם אַ חבר פֿון ישיבה, אַ זון פֿון אַ בעקער, אַ שכן, פֿאַר אַ וועקער.

דער בעקער איז געווען זייער אָרים. ווי אַזוי האָט עס אַבקע דערקענט? על פּי באַשטימטע סימנים. איין סימן מובהק איז ביי אים געווען דאָס, וואָס ביי זיי אין שטוב האָט מען געטרונקען קאַקאַאָ און ביים בעקער — ציקאָריע. און די ביטערע ציקאָריע האָט מען ניט פֿאַרזיסט, ניט ווי ביי זיי די ביטערע קאַקאַאָ, מיט צוקער, נאָר גאָר מיט סאַכאַרין.

אַבקען האָט זיין חבר איינמאָל געגעבן אַ לעק־טאָן דעם סאַכאַרין, האָט די זיסקייט אים אַזוי געאיבלט, אַז ער האָט שיער ניט אויסגעטרונקען אַן עמער וואַסער צו פֿאַרשלאָגן די נודנעקייט.

הכלל, דאָס בחורל איז געווען אָרים. אַבקע האָט אים געצאָלט אַ פּאָר קאָפּי־קעס אַ וואָך פֿאַר קומען יעדן טאָג אים וועקן. זיין חבר איז אויפֿגעשטאַנען פֿרי פֿאַרטאָג. ווען זיין פֿאָטער, דער בעקער, איז אויפֿגעשטאַנען קאַיאָר צו דער עבודה פֿון טייג און ברויט האָט ער אויפֿגעוועקט זיין זון.

ער האָט געדאַרפֿט אַבקען וועקן אַזוי קונציק, אַז בלויז אים זאָל ער טאַקע אויפֿוועקן, אָבער בשעת־מעשה ניט שטערן דעם שלאָף פֿון די אַנדערע בני־בית. איז ווי באַווייזט מען עס? דערביי איז געווען אַ טשיקאַווע דערפֿינדונג.

אַבקע האָט אַרומגעבונדן אַ לאַנג שטריקל אַרום האַנטגעלענק, דאָס שטריקל דורכגעצויגן דורכן לעכל אין לאָדן, זיין עק געלאָזן הענגען נידעריק פּאַזע דעם גרונט. זיין געדונגענער חבר, ברוכקע, האָט אָנגענומען דעם עק פֿון שטריקל און אים אַ צי־געטאָן, אַזוי אָרום געגעבן אַ טאָרע אַבקעס האַנט און אים גע־שלעפּט פֿון בעט אַרויס. אַבקע איז געווען אַ וואַכזאַמער שלאָפֿער. ביים ערשטן צופּ איז ער שוין געווען אויף.

אין יאַגוסטאָוו איז אַבקע געווען אַ כרוך, אַ צוטשעפּ, אַ נאָכשלעפּ נאָך זיין עלטערן, — און עלטער מיינט קלוגשאַפֿט, פּאָזיציע, — ברודער. ער איז אומעטום אים נאָכגעגאַנגען, זיך געחברט מיט וועלפֿקעס חברים. אויף די לעצטע, וואָס זע־

נען אַלע געווען מיט עטלעכע יאָר עלטער פון אים און זיך געהאַלטן לגבי אים אין דער מעלה, האָט ער זיך, פּשוט, אַרויפגעצווונגען. זיי האָבן אים גערולדעט ווי זייער חברס יינגערער ברודער און „געהילף".

אין משך פון דעם יאָר, וואָס אַבקע איז געווען אין נישטאַנישעק און וועלפקע איז געבליבן אין יאַגוסטאָוו, איז צווישן די ברידער פאָרגעקומען אַן אָפּגעקילטקייט, אַן אָפּגעפרעמדטקייט, וואָס איז פאַראורזאַכט געוואָרן פון זייער צעשיידטזיין געפּאָרט מיט דעם אומשטאַנד, וואָס וועלפקע איז אַוועק פאָרויס אין זיינע לימודים און אַבקע, מחמת זיין קראַנקייט און געצוווּנגענער ליידיקגייעריי, האָט זיך אַ רוק־געטאָן גאָר ווייט אויפקאַריק, אַזוי אַז אין קענטעניש האָט זיך צווישן זיי געשאַפן אַ גרויסער מרחק, אויב ניט אַ גאַנצער תהום.

דאָ אין אָסטראָוו, ווען אַבקע איז געקומען צוריק, זענען אָט־די צוויי ברידער געווען צוויי באַזונדערע וועלטן. ערשטנס זענען די צוויי כיתות פון דער ישיבה א׳ און ב׳ געווען אָפּגעזונדערט. זיי זענען געווען איינגעקוואַרטירט אין באַזונדערע לאָקאַלן, היפּש וויטלעך איינע פון אַנדערן. אָבער נאָך ווייטער זענען זיי געווען אין גייסט און אין דרך פון לערנען. דער ראש־ישיבה פון כיתה א׳ איז געווען אַ חסיד מיט אַלע פּיטשעווקעס. דער ראש־ישיבה פון כיתה ב׳ איז געווען אַ „געבראָטענער" מתנגד, דערצו נאָך אַ פאַרברענטער מוסרניק, אַ כפול־שמונה־דיקער מסילת־ישרימניק. אַן אָפּגרונט האָט געגעניצט צווישן זייערע הנהגות און צווישן זייערע אויפפאַסונגען וואָס איז שייך יידישקייט און פרומקייט, די אופנים ווי צו געפינען חן און לייטזעליקייט אין די אויגן פון רבונו־של־עולם. און דאָס האָט געהאַט אַן אָפּשפּיגלונג אין דעם אויפפיר פון זייערע תלמידים.

ווייטער, דער גאַנצער ענין חברן זיך האָט ביי וועלפקען און ביי אַבקען ניט געהאַט די פאָרעם און דעם אינהאַלט, וואָס עס האָט געהאַט מיט אַ צוויי יאָר צוריק אין יאַגוסטאָוו. וועלפקע איז געווען אַ גרויסער מתמיד. ער האָט ניט געהאַט קיין איבעריקע פרייע צייט אָפּצוגעבן זיך צו אַזאַ פּוסטער זאַך ווי שפּילן זיך, פאַרווילן זיך. ווען ניט ווען האָט ער נאָכגעגעבן אָט־דעם יצר־הרע פון צייטפאַרטרייב. ער האָט זיך געפלייסט מקיים צו זיין דעם „והגית בו יומם ולילה" אין בוכשטעבלעכן טייטש פון די ווערטער.

אַבקע אָבער איז די ערשטע צייט נאָך זיין אָנקומען קיין אָסטראָוו און אַריינטרעטן אין דער ישיבה געווען אַזוי פאַרצערט און פאַרצרהט, אַז שפּילערײַ איז אים קוים געקראָכן אין קאָפּ, סיידן אין גאָר זעלטענע פאַלן, ווען יעדער בחור האָט באַוויזן, וואָס ער קען און ער האָט „געמוזט" ווייזן, אַז ער איז ניט קיין טויגענישט אין אַלע פּרטים, אַז אין עפּעס צייכנט ער זיך אויס.

אַזוי אַז צווישן די צוויי ברידער, אַבקע און וועלפקע, האָט מער נישט געהערשט די אַמאָליקע אינטימקייט און אויסגעבונדנקייט. זיי זענען געגאַנגען באַזונדער אויף אָפּגעזונדערטע וועגן. זיי האָבן מאַרשירט באַזונדער און „געשלאָגן" דעם יצר־הרע באַזונדער, יעדער אויף זיין שטייגער. פרומקייט, אייגנטלעך, באַשטייט דאָך הויפּטזעכלעך אין מלחמה־פירן קעגן דעם אָנריידער צו טאָן שלעכטס. איינער האָט זיך געהאַלטן אין פרומקייט ביי דעם נוסח פון חסידות, דער צווייטער ביי דעם נוסח פון די מוסרניקעס; איינער האָט זיך געפונען אונטער דער השפּעה פון דער שטראַלנדיקער, ליבלעכער, פריידפולער פערזענלעכקייט פון ר׳ וואָלוש־

בערן, וואָס האָט געפּראַוועט אַ שמחהלע יעדן ערב־ראש־חודש; דער צווייטער אונטער דער דריקנדיקער באַצווינגנדיקער השפּעה פון דעם פאַרכמורעטן נזיר, ר׳ ניסן, וואָס האָט זיך אַרומגעטראָגן מיטן „מסילת־ישרים" און האָט כסדר זיך מתוודה געווען אויף זיינע זינד, געפּראַוועט חצות, ניט געגעסן קיין חדש, גע־שטאַנען שמונה־עשרה נישט ווייניקער פון אַ שעה צייט, ניט געקוקט חוץ לד׳ אמות און אַזוי ווייטער און אַזוי נאָך.

לכתחילה איז אַבקע געשלאָפן מיט זיין ברודער וועלפקע, אָבער, ווי שוין דערמאָנט, וועלפקע איז געזעסן און געלערנט אין בית־מדרש ביז שפּעט אין דער נאַכט. אַז ער איז געקומען זיך לייגן שלאָפן, האָט ער דווקא געוואָלט אויסגלייכן די קישנס, דעם ליילעך, די קאָלדרע, האָט ער מיט דעם אויפגעוועקט אַבקען, וואָס האָט דעמאָלט געהאַלטן אין סאַמע מיטן פון געשמאַקן שלאָף. אַבקע איז געווען אויפגעבראַכט אויף וועלפקען פאַר זיין הנהגה. ער איז געווען אויסער זיך פון זיין עלטערן ברודערס האַנדלונג, וועלכע ער האָט באַטראַכט פאַר אַן אַקט פון אכזריות און אוממענטשלעכער רשעות, און דאָס האָט זיך זיכער ניט געקאָנט פאַרן, לויט אַבקעס השגה, מיט פרומקייט, מיטן רעכטפאַרטיקן אויפפיר, אויף וואָס וועלפקע האָט פּרעטענדירט. אַבקע האָט זיין ברודער געזאָגט ווי ער שאַצט אָפּ זיין התנהג־גות, זיין „בין אדם לחברו", וואָס איז דאָ אַ „בין אח לאחיו". ער האָט אים שוין גאָרניט געשאָנעוועט. ער האָט באַשאָנקען, און טאַקע אויפן קול, זיין ברודער מיט די עפּיטעטן, וואָס ער האָט פאַרדינט, לויט אַבקעס אויפפאַסונג: ער האָט אים גערופן „רשע!", „רוצח!". צווישן זיי איז אויסגעבראָכן אַ קריגעריי אינמיטן דער נאַכט. זיי האָבן אַלעמען אין שטוב אויפגעוועקט פון שלאָף.

אַזוי, אַז מען האָט זיי למען השלום און רויקייט, צעשיידט .

אַצינד איז אַבקע געשלאָפן אין איין בעטל מיטן „רעזשיצער". הפּנים עס איז געווען אַ שטיקל דוחק אין בעטלעך און אין בעטגעוואַנט, אַזוי אַז פאַר יעדן באַזונדער האָט נישט געקלעקט.

איינמאָל הערט ער, ווי די מאַמע, די רביצין, זאָגט צו דער דינסט: די יינגלעך זענען דאָך שוין דערוואַקסענע. מע דאַרף זיי לייגן שלאָפן באַזינדער. בעט פאַר זיי אויס צוויי געלעגערס.

## 82

## די יונגע גויע אלמנה

פאַני קראַסניצקי איז געווען אַ יונגע פּוילישע אלמנה. איר מאַן האָט אָנ־געהאַלטן פאַר אַ סך יאָרן אַ שטעלע אין דער שטאָט־פאַרוואַלטונג. מסתמא געווען איינער פון די מיטעלע שרייפלעך אין דעם גמינע־אַפּאַראַט. ער האָט געקראָגן אַ נישקשהדיקן געהאַלט. און אַזוי ווי ער איז קיין „שונאי ישראל" ניט געווען... האָט ער גענומען כאַבאַר פון ייִדן, וואָס זענען געווווינט צו געבן אַ באַאַמטן אין יד אַריין און פרייען זיך, וואָס יענער נעמט, ברוך השם, און טוט אַמאָל אַ טובה, פאַרקוקט אַ באַגרעניצונג, אַ דיסקרימינאַציע. זאַכן, וואָס האָבן אונטער דעם צאַרישן רעזשים ניט געפעלט.

אַז ער האָט אָנגעקליבן אַ ביסל געלט, האָט ער זיך געלאָזט אויפבויען אַ גרויס הויז פון זיבן־אַכט צימערן. פון פאָרנט זענען געשטאַנען ווי שומרים אַ ריי קאַשטאַנען־ביימער און פון הינטן איז געווען אַ גוט־צוגעזעענער פרוכט־גאָרטן. דערביי האָט ער צוגעבויט אַ קליין שטיבעלע, אינגאַנצן דריי צימערן און אַ קיך. ביידע בנינים האָבן זיך געפונען אין איין הויף, צווישן זיי איז געלעגן אַ שמאָלער ברוקירטער דורכגאַנג. ווען דער מאַן איז געשטאָרבן און די יונגע אלמנה איז געבליבן מיט אַן אַלטער מוטער אויף אירע הענט. מיט דריי קינדער, צוויי שקצים פון פינף און זעקס יאָר און אַ שיקסעלע פון קאָרגע צוועלף יאָר, האָט זי, קודם כל, זיך אַרויסגעצויגן פון איר דירה אין גרויסן הויז און זיך אַריינגעצויגן אין שטיבעלע. זי האָט געקראָגן אַ זייער מאַגערע שיער ניט שיבושדיקע פענסיע פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג. דער מאַן האָט איר אויך איבערגעלאָזן אַ ביסל מזומנים. זי האָט אָבער געמוזט לעבן בצמצום און בדוחק גדול, אויב זי האָט געוואָלט האַלטן זיך און די מוטער און אירע קינדער אַריבער דער הונגער־ליניע. מהאי־טעמא איז זי איינגעגאַנגען אויף פאַרדינגען איר הויז צו אַ זשיד און אַפילו צו אַ רב. אַזוי אַז אין איר הויז, וווּ זי האָט געוווינט מיט איר ליבן „געמאַל" און אים געבוירן זייערע קינדער, האָט זיך איצט געפונען גאָר אַ בית־דין־שטוב. פון איר הויז האָט זיך געלאָזט הערן דורך די פענצטער דער קול־התורה און זיך צעקלונגען און צעזונגען איבער דער גאַנצער גאַס. דער קול־התורה איז געווען דעם רבס שטאַרקע אָבער אויסערגעוויינלעך אנגענעמע שטימע, וואָס האָט מקיים געווען פשוטו כמשמעו, דעם אָנזאָג פון „לא ימוש ספר התורה הזה מפיך והגית בו יומם ולילה" *). ער האָט געלערנט טאָג און נאַכט, געלערנט געשמאַק אויפן קול מיט אַ דביקותדיקן ניגון. אין איר הויז האָבן געשטראָמט אַריין און אַרויס ייִדן אין לאַנגע קאַפּאָטעס, מיט צעפּלאָשעטע בערד און פאַרדרייטע אין ספּיראַלן פּיאות. די קנאה און שנאה האָט אין איר געברענט; עס איז איר שווער געווען צוצוקוקן צו דער דעגראַדאַציע פון איר פּויליש הויז, וואָס איז געבויט געוואָרן פאַרן אייגענעם געברויך. זי האָט אָבער געקראָגן פּינקטלעך אין צייט אויף דער האָר אַ הויכן שכר־דירה און זי האָט געשטיקט אין זיך איר האַס און כעס. זי האָט זיך באַהערשט. נויט ברעכט אייזן, אַ פּשיטא שוין דעם „האָנאָר" פון אַ פּוילישן הויז און אַ פּוילישער הויזווירטן.

דעם רבס הויזגעזינד האָט געהאַט דאָס רעכט צו נוצן דעם גאָרטן פאַר אַ שפּאַציר, פאַר אַן אָפּרו־פּלאַץ, אַפילו פאַר אַ פאַרוויילונג. לעבן די הינטערשטע פענצטער, וואָס זענען אַרויס אין סאָד, איז טאַקע געשטאַנען אַ לאַנגער טיש, אַרום אים בענקלעך. דאָ האָבן זיי אָפט געטרונקען טיי, געזעסן און געשמועסט, אַמאָל אַפילו אַ לייכטע וועטשערע אַריינגעכאַפּט.

דער רב, ר' יהודה־ליב, האָט זיך געקוואַפּעט אויף דער דירה טאַקע צוליב דעם סאָד. אָבער די אויבס פון די ביימער ווי אויך די אַגרעסן, פאַרעש־קעס און מאַלינעס האָבן געהערט צו דער אייגנטימערן און איר הויזגעזינד. אַבקע און די איבעריקע קינדער האָבן געוווּסט וועגן די באַדינגונגען, דהיינו, אַז די פרוכט פון אָט־דעם סאָד זענען ווי די פּירות פון עץ־הדעת אין פאַרצייטיקן

---

*) יהושע א', ח'.

גן־עדן התחתון. די קינדער, פון עלטערן ביזן סאַמע ייִנגסטן, האָבן שטרענג אָפּגעהיט דעם פאַרבאָט. זיי האָבן קיינמאָל ניט אויפגעהויבן אַפילו אַן אַראָפּגעפאַלענעם עפּל, באַרנע אָדער קאַרש און פלוים. פאַרבאָטן איז פאַרבאָטן, וואָס מ׳טאָר נישט, טאָר מען נישט. נאָך מער וואָס זיי האָבן גוט געוווּסט, אַז די בעל־גופטע איז אַן אלמנה און לעבט אין דחקות און דאָס אויבס דאַרף זי האָבן צום עסן און דאָס איבעריקע פאַרקויפט זי.

די רבנישע קינדער מיט די גויִשע האָבן זיך אָפּט באַגעגנט אין סאָד ווי אויך אין הויף. זיי האָבן זיך באַקענט און זיך גענומען חברן. די פריצטע האָט געפּראַוועט, הפּנים, התבודדות. זי האָט זיך זעלטן באַוויזן. בלויז זונטיק פאַר מיטיקצייט האָט מען זי געזען אַ שיינע, אַן אויסגעפּוצטע מיט די קינדער אַוועקגיין אין קלויסטער און קומען צוריק.

די חברשאַפט צווישן די קינדער איז אַריבער אין אינטימער פריינטשאַפט, אַזוי אַז די צוויי שקצים האָבן געטאָגט, כאָטש ניט גענעכטיקט, ביים רב אין שטוב. זיי זענען אָפּגעזעסן דאָ גאַנצענע טעג, פשוט, כדי צו עסן צוזאַמען. ביי זיי אין שטוב האָט דער דלות געפייפט דורך אַלע לעכער, הגם עס איז געווען אַ דלות, וואָס מ׳האָט אים גוט צוגעדעקט, פאַרהוילן פון אַ פרעמדנס אויג. אויף די פענצטער־שוועלן זענען געשטאַנען צעבליטע וואַזאָנעס און איבער די פענצטער זענען געהאָנגען שווערע פאָרהענגלעך. אויך די מעבל אין הויז איז געווען פון גוטער קוואַליטעט, אָבער צופיל אָנגעשטעלט, איין שטיק אויפן אַנדערן. זיי זענען געווען פאַרענגט אין אַזאַ קליינער דירה, וואָס האָט געפינקלט פון ריינקייט. אַבקע איז איינמאָל געווען ביי זיי, ווען די שיקסלקע, וואָס איז געווען מיט אים כמעט פון איין עלטער, האָט אים פאַרבעטן, אויסנוצנדיק די געלעגנהייט פון איר מוטערס און באבעס אַוועקגיין, און געוואָלט אים פאַר איר גאַסט.

אין אַלגעמיין איז דער אלמנהס שטיבעלע געווען איינגעהילט וו אין אַ געהיימעניש. קיינער איז אַהין ניט געקומען, קיין באַזוכערס ניט אינדערוואָכן, ניט אין זייערע חגאות. געווען בלויז איין אויסנאַם, אַ פּאָליאַק, אַ שכן. ער פלעגט קומען און אַוועקגיין אַזוי קאָנספּיראַטיוו, אַז דעם רבס קינדער האָבן זעלטן ווען געזען אים קומען, אָבער קיינמאָל נישט אַוועקגיין. מעגלעך אַז ער פלעגט אַוועקגיין שפּעט ווען אַלע זענען שוין לאַנג געשלאָפן. דאָך איז עס געווען אַ סוד פאַר גאַנץ בראָד, אַז אָט דער שכן, וואָס איז, פונקט ווי דער אלמנהס געוועזענער מאַן, דער שוכן־עפר, אַ באַאַמטער אָדער אַן אָנגעשטעלטער אין דער פרינציפּאַליטעט, איז דער אלמנהס געליבטער און זיי לעבן צוזאַמען ווי מאַן און ווייב. זיי היטן זיך אָבער פון פרעמדע אויגן און שלעכטע צינגער, און קענען זיך דאָך ניט איינהיטן. אין אַ קליין שטעטל האָבן טאַקע הימל און ערד, הויפן און הייזער געשוואָרן, אַז זיי זאָלן קיין סודות ניט האַלטן. דעריבער זעט דער אלמנהס שטיבעלע אויס ווי עס וואָלט זיך געפונען אין אַ באַלאַגערונגס־צושטאַנד, אַ מין מיניאַטור יריחו סוגרת ומסוגרת... אין יוצא ואין בא... פאַרמאַכט און פאַרשלאָסן... אָן אַן אַרויסגייער און אָן אַן אַריינגייער...

די יונגע שקצימלעך האָבן זיך געחברט מיט משהקען, הגם זיי זענען געווען אַ סך ייִנגער פון אים; די שיקסלקע האָט זיך געחברט מיט אַבקען און רחקען. די שקצים האָבן זיך שטענדיק געפונען אין בית־הרב סיי אין די וואָכעדיקע טעג

און סיי שבתים און יום־טובים און זיי האָבן זיך היפש אָפּגעפּאַשעט, די ייִדישע מאכלים האָבן זיי „פּאַליובעט". אַז דער רב האָט געמאַכט קידוש צי הבדלה, האָבן די צוויי שקצימלעך אָנגעטאָן יאַרמעלקעס און אונטערגעברומט מיט משהקען אַן „אמן!". בשכר זה האָבן זיי געקראָגן פאַרזוכן פון קידוש־ און הבדלה־וויין. נאָך קידוש זענען זיי שוין געגאַנגען מיט אַלעמען זיך וואַשן די הענט און זיך געזעצט צום טיש.

דער שכן, דער געהיימנישפולער אַריינגייער, איז געווען אַ באַוויבטער. זיין הויז, אויך מיט אַ סאָד און אַ הויף, איז געווען אָפּגערוקט אויף אַ שטח פון צוויי הייזער, דווקא ייִדישע, פון דער אלמנהס שטיבל.

די אלמנה איז געווען אַ יונגע, אַ שלאַנקע, אַ שיינע שאַטינקע. דעם שכנס ווייב איז געווען אַ צעפּאַרענע, אַן אָפּגעלאָזענע גויע מיט אַ פּנים רויט ווי צונטער, מיט אַ קאָפּ רויטע האָר ווי פייער, מיט אַ בוזים ווי אַ טורעם. זי האָט זיך אָנ־געטאָן געשמאַקלאָז, געטראָגן קליידער, וואָס האָבן אויפגעריסן די אויגן מיט זייערע מיתה־משונהדיקע קאָלירן. די ייִדישע שכנטעס האָבן זי אַנדערש ניט גערופן ווי די „דריי גראַשנדיקע פּריצטע". זי איז נעבעך געווען אַ צעוויטיקטע, אַ צעליטענע, אַן אויפגעגעסענע פון איפערזוכט. זי האָט געוווּסט ווו איר מאַן ווערט פאַרפאַלן אין די אָוונטן און אין וועמענס שויס ער פאַרברענגט די נעכט. זי האָט זיך געשטיקט מיט איר אומגליק און בזיון, באַגרייפנדיק, אַז זי איז הילפ־לאָז אין איר קאַמף קעגן איר קאָנקורענטין, וואָס איז געווען אי שיין און אי יונג און אי פון אמת פּריצישן יחוס. האָט זי מיט איר גאַנצער ליבשאַפט און געשלעכט־גלוסטעניש זיך אָפּגעגעבן צום האָדעווען קעץ און עופות. אַזוי אַז איר הויז איז געווען פול מיט קעץ און קעצעלעך פון פאַרשיידענע מאָסן און פאַראַדעס. און ווער עס האָט זיך געניויטיקט אין אַ קאַץ, אויף אַ שטח פון עטלעכע גאַסן אַרום, איז געקומען צו איר און האָט זיך געקענט אויסקלייבן דאָ וואָס ער האָט נאָר אַליין געוואָלט.

זי האָט אויך געהאַט אַ רייכע קאָלעקציע פון טשיקאַוו־באַפעדערטע הינער און הענער.

פלוצלונג איז געקומען אַן איבערקערעניש. ווי גרויס עס איז געווען די חבר־שאַפט און פריינטשאַפט צווישן די קינדער פון די צוויי הויזגעזינדן, אַזוי און נאָך פיל גרעסער איז געוואָרן, דורך נאַכט, די פאַרשרפּהטע שנאה. די קינדער האָבן מער נישט אַריבערגעטראָטן די שוועל פון רבס הויז. זיי האָבן איבערגעריסן אַלע באַציִונגען. אַז אַבקע איז אַרויס אין הויף, האָט זיין חברטע, די שיקסלקע, אָנגערייצט אויף אים זייער הונט. אין סאָד, אַז זיי האָבן זיך צופעליק באַגעגנט, האָבן די שקצים געוואָרפן אויף זיי זידלערייען, זלזולים, חרמות, איבעררופעניש, ווי שטיינער.

וואָס האָט דאָ פלוצלונג פּאַסירט?

די געליבטע, די אלמנה און איר „פריינט", האָבן זיך דערשראָקן פאַר די קאָנסעקווענצן פון דער קינדערשער אינטימער פריינטשאַפט. וויבאַלד אירע קינ־דער זיצן אָפּ גאַנצענע טעג אין רבס הויז, וועלן דאָך דעם רבס קינדער נעמען גיין צו זיי אין הויז, און זייער „קאָנספּיראַציע", וואָס איז אגב אַלעמען געווען באַקאַנט, געווען אַן אָפענער קאָרט פאַר דער גאַנצער שטאָט, וועט אויפגעדעקט

ווערן... דערצו האָבן זיי זיך דערוווּסט, פון די קינדער טאַקע, אַז די „דריי־גראָ־שנדיקע פּריצטע" איז געווען ביים רב. נאָך וואָס זי איז געקומען האָבן די קינדער נישט געוווּסט, אָבער זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז זי איז געקומען פאַרקלאָגן איר מאַן פאַר דעם ראַבין און אים בעטן זיך אָננעמען איר קריוודע... ער דאַרף עס טאָן, ווייל ער וווינט אין דעם הויז פון אָט־דער פאַרדאַרבענער און אויסגעלאַ־סענער פרוי. און עס איז אַ שאַנדע, אַז אַ ייִדישער ראַבין, אַ געטלעכער מאַן, זאָל וווינען אין הויז פון אַזאַ... און אין שכנות פון איר שטיבל, וואָס איז אַ „שאַנד־הויז"...

דער רב האָט איר געעצהט זיך ווענדן צום קשאַנדז (גלח).

אָט־דער באַזוך פון דער אומגליקלעכער פרוי איז געווען דער גורם פון דער איבערקערעניש. די שנאה האָט אַזוי געפלאַקערט צווישן די קינדער, אַז דער רב האָט זיך געמוזט אַרויסציִען פון דער דירה.

פאַר זייער אַרויסציִען זיך האָט די שיקסלקע אָפּגעטשאַטעוועט אַבקען אַליין ביי טאָג אין זייער סאָד און האָט פאַר אים געוויינט מיט זודיקע טרערן. זי האָט אים פאַרזיכערט, אַז זי וויל זיך מיט אים חברן ווי פריִער, נאָר איר מאַמע לאָזט זי נישט. זי האָט איר געדראָעט אַז זי וועט זי צעביילן און צעקיילן, אויב זי וועט זי זען אויסרעדן איין וואָרט מיט די פאַרפלוכטע זשידעס, וואָס האָבן דערהרגעט יעזוסן, גאָטס זון.

אַבקע, פאַרחידושט פון איר קאָנפעסיע, פרעגט זי:

— פאַרוואָס האָסטו אָנגערייצט אויף מיר אייער בייזן הונט, וואָס איר האַלט אויף אַ קייט?

— כדי אָפּצונאַרן די מאַמען און די באָבען, זיי זאָלן אויפהערן מיר נאָכקוקן, צי איך באַגעגן דיך. מיינע ברידערלעך ווילן אויך גיין צו אייך, נאָר די מאַמע שלאָגט זיי, האַלט זיי פאַרשפּאַרט און זי האָט זיי געזאָגט, אַז דיין מאַמע האָט איר אָנגעזאָגט, אַז זי זאָל פאַרשפּאַרן די קינדער. דערפאַר זענען זיי אַזוי פאַר־ווירט און קריגן זיך מיט אייך.

— פאַרוואָס איז דיין מאַמע אַזוי אין כעס אויף אונדז?

— איך ווייס נים.

— וואָס זאָגט זי?

— זי זאָגט, מחמת דעם, וואָס איר האָט געהרגעט אונדזער גאָט.

— און דו גלויבסט איר?

— איך גלויב איר ניט, וואָרעם דאָס איז דאָך אַן אַלטע געשיכטע און מיר האָבן זיך דאָך געחברט שוין נאָך אייער הרגענען אונדזער גאָט, ביז דריי וואָכן צוריק.

אַבקען איז דער איבעררייס פון זיינע באַגעגענישן מיט זיין חברטע, דער שיקסלקע, געווען פּיינפול נישט צום פאַרטראָגן. האָט ער אַנעסטעטיזירט זיין ווייטיק און געשמירט זיין האַרצוווּנד מיט דעם באַלזאַם פון „קצות", פון וועלכן ער האָט שטאַרק הנאה געהאַט, און ווען ער האָט זיך אין אים פאַרטיפט, האָט ער אַלץ פאַרגעסן.

ער האָט אויסגעשפּרייט דעם „חושן משפּט", וואָס איז געווען געדרוקט אין אַן עקסטראַ־פאָליא־פאָרמאַט, אויפן שטענדער, אַרויפגעקראָבקעט זיך אויף אים.

מיט אַ ליכטל אין האַנט האָט ער געאײַלט דורך די שורות פון דראַבנעם כתב. ער איז אַנגעקוואָלן פון קצות חריפות, וואָס האָט דווקא געהאַט דעם אויסזען פון אויבערפלעכלעכער פשטות. די תירוצים אויף די קשיות זענען געלעגן עפּעס ווי גאָר אויבנאויף און אַבקע האָט ממש פאַרדראָסן וואָס ער האָט זיך אַליין ניט געכאַפּט אַזוי עס צו פאַרענטפערן און די קשיא אַזוי ווי מיט דער האַנט אַוועקנעמען.

## 83

## ר׳ ניסן

ביי דער צייט האָט אַבקע שוין געלערנט אין כיתה ב׳. דער ראש־ישיבה איז געווען ר׳ ניסן. אַ גרויסער יראת־שמים. ער האָט געקענט לערנען, אָבער ער איז ניט געווען קיין חריף. ער האָט מיטן לערנען צופיל זיך ניט געקענט אָפּגעבן. ער איז געווען אַ טרוד, כסדר פאַרנומען מיט צוטראַכטן טאַקטישע און געשיקט־סטראַטעגישע קאָנטערצוגן, תכסיסי־מלחמה, כדי צו פאַרווירן דעם כיטרן און פיפיקן ימח־שמוניק, דעם יצר־הרע, וואָס איז דאָך דער נחש הקדמוני, די פאַר־צייטיקע שלאַנג, וואָס האָט פאַרפירט חווהן, די מוטער פון אַלע לעבעדיקע באַ־שעפענישן, און דורך חווהן — אדמען און בזה־האופן פאַראומגליקלעכט די גאַנצע מענטשלעכע ראַסע. מיט אַזאַ חברה־מאַן, מיט אַזאַ כל בוניק, דאַרף מען וויסן צו האַלטן מלחמה... עס איז גאָר ניט פּשוט, און עס איז גאָר ניט לייכט אַרויסצוקומען פון די געפּעכטן אַ זיגער. אַזוי אַז ר׳ ניסן האָט קיין צייט און קיין קאָפּ ניט געהאַט פאַר די פּילפּולים, פאַר די תלמודישע „שאַרפע פעפערלעך״. ער האָט ניט געקענט האַלטן מלחמה אויף צוויי פראָנטן, — פירן אי אַ מלחמת היצר און אי אַ מלחמתא של תורה. ער איז אָבער געווען אַ גרויסער בריה אין די געפעכטן קעגן יצר־הרע, ממש אַ גאון־סטראַטעג, איינער פון די גרעסטע פעלדמאַרשאַלן...

ר׳ ניסן איז געווען אַ קליינגעוואַקסיק ייִדל, מיט אַ שיטער בערדל, מיט לאַנגע פּיאות, ווי פאַרפלאָכטענע צעפּעלעך, וואָס זענען פאַרבונדן איבערן קאָפּ. ער איז אָנגעפּאַקט מיט ווילן, מיט זעלבסטבאַהערשונג. זיין פּנים בלייך, אָן אַ טראָפּן בלוט, בלויז די אויגנדעקלעך זענען רויט פון ניט־דערשלאָפן. ער, ווי באַפאַלעאַן דער ערשטער, האָט מורא צו שלאָפן לאַנג, ווארעם בשעת ער שלאָפט, איז ער נישט זיכער, אַז ער בלייבט ר׳ ניסן. ווי קען ער זיך פאַרגינען צו שלאָפן רויק, ווען זיין דם־שונא, דער יצר־הרע, שלאָפט נישט און דרעמלט נישט. ער איז כסדר וואַך און גרייט אים צו באַפאַלן פונפאַרנט, פונהינטן און פון אַלע זייטן. ער מוז כסדר זיין אויף דער וואַך.

אַבקע, ווי אַ צאָל אַנדערע בחורים, איז אַרונטערגעפאַלן אינגאַנצן אונטער ר׳ ניסנס השפעה. ער איז געוואָרן ווילד־פאַנאַטיש־פרום. ר׳ ניסן האָט זייער אָפט, אין זיינע דרשות פאַר די תלמידים, אָפּגעלאַכט פון די אויך מיר גאָטס־פאַרכטיקע ייִדן, ביי וועמען יום־כיפור איז איין מאָל אין יאָר. ר׳ ניסן האָט באַהויפּט, אַז יום־כפּור איז יעדער טאָג אין יאָר. קיינער, ווען ער לייגט זיך שלאָפן און לייענט קריאת־שמע, קען ניט זיין זיכער אַז ער וועט אויפמאַרגן אויפשטיין. ער קען דאָך שטאַרבן אין שלאָף, וואָס איז, אגב, אַ לייכטער טויט, אָן יסורים.

לכן, איידער אַ ייִד גייט שלאָפן, דאַרף ער מאַכן אַ חשבון־הנפש, זיך מתוודה זיין אויף זיינע זינד, וואָס ער האָט באַגאַנגען אין משך פון טאָג, חרטה האָבן אויף די באַגאַנגענע פעלערן און צוזאָגן מער ניט צו באַגיין די דאָזיקע פעלערן, זיך פאַרנדרן און פאַרשווערן. ער דאַרף זיך אַרויפנעמען אַ תשובה, נעמען אויף זיך אַ שטראָף, אַן אָפּקומעניש. אָן אַן אָפּקומעניש, אָן יסורים קען זינד נישט אָפּגעוואַשן ווערן. אַפילו אַ פלעק פון אַ מלבוש קומט אויך נישט אָן לייכט אַרויסצונעמען, מע דאַרף עס וואַשן, רייבן, שווענקען אין עטלעכע וואַסערן, נוצן זייף און אַמאָל עפּעס אַ כעמישן שטאָף, אַ פּשיטא שוין אַראָפּנעמען אַ פלעק פון נשמה־מלבוש. מע דאַרף האַרעווען. מע דאַרף עס וואַשן מיט זודיקע טרערן. מע דאַרף עס שייערן און כשרן מיט אַן עונש, וואָס מע נעמט אויף זיך, מיט סיגופים, מיט תעניתים, מיט פּייניקן דעם גוף. תשובה איז מער ווי אַ חרטה אַרויסגעזאָגט מיטן מויל, אַרויסגעבראַכט אין אַ ווידוי; חרטה דאַרף פאַרשטאַרקט ווערן, באַוויזן ווערן דורך מעשים.

דאָס לעבן איז ניט קיין שפּיל. די וועלט איז ניט קיין פלאַץ פאַר שמחות, הוליאַנקעס, תענוגים. דאָס לעבן איז אַ רייע נסיונות, וואָס מע דאַרף ביישטיין, און אַזוי אַרום זיך צוגרייטן פאַר יענער וועלט, פאַר דעם חלק לעולם־הבא, וואָס ווערט קיינעם בחינם ניט געגעבן. מע דאַרף עס פאַרדינען מיט עבודה, מיט דינען דעם בורא. די וועלט איז בלויז אַ זאַמלפּונקט פאַר די רעקרוטן. דאָ לערנט מען זיי, דאָ אַרבעט מען זיי איין, מע ברעכט זיי איין. דאָס לעבן איז פול מיט פליכטן און זכיות; די זכיות זענען אויף יענער וועלט. פעלשט מען אין דינסט, מע דערפילט ניט די פליכטן, — קומט די אומברחמנותדיקע שטראָף, די פּייניקונגען אין גיהנום. די פּייניקונגען באַצוועקן איין זאַך — אויסרייניקן די נשמה. מחמת אין גן־עדן קענען אַריין בלויז זויבערע נשמות, וואָס האָבן אויף זיך נישט קיין שטויבעלע, קיין זכר פון אַ פּגם, פון אַ פלעק.

ר׳ ניסן האָט נישט געדאַוונט אין בית־מדרש אָדער אין אַ קלויז. ער האָט געקוקט אויף די ייִדן פון אָסטראָווּ, אַפילו אויף די פרימסטע צווישן זיי, ווי אויף קלים שבקלים; ער וואָלט זיי נישט וועלן האָבן פאַר קיין שותפים אין זיינע געשעפטן און אונטערהאַנדלונגען מיטן בורא־עולם.

ער האָט אָבער געהאַט גרויסן צוטרוי צו זיינע אויסדערוויילטע תלמידים, וואָס זענען געגאַנגען אין זיינע וועגן פון באמת אָפּגעהיטער יראת־שמים. אַפילו ראש־השנה און יום־כיפור האָט ער געדאַוונט מיט זיין אייגענעם ישיבה־בחורישן מנין. ער איז אַליין געווען דער שליח־ציבור. ער וואָלט קיין אַנדערן ניט אָנפאַרטרויט אַזאַ וויכטיקע אחריותפולע שליחות. קיין אַנגענעמען קול האָט ער ניט פאַרמאָגט. אָבער צי איז דען דער עיקר אין דאַוונען פאַרן עמוד דאָס קול? דער אויבערשטער דאַרף דען נגינה? דער יושב־תהלות ישראל זוכט אַ ריין האַרץ, אַ ריין געוויסן און איינעם, וואָס איז מכוון די ריכטיקע כוונות אין דער תפילה, ניט איינעם, וואָס קען שיין זינגען. דאַוונען איז ניט קיין געזאַנג־קאָנצערט.

ר׳ ניסן האָט שטאַרק געהאַלטן פון דעם מאמר חז״ל: „הנעלבים ואינם עולבים שומעים חרפתם ואינם משיבים״ *) — די וואָס ווערן באַליידיקט און באַ־

*) יומא כ״ג; שבת, פ״פ.

ליידיקן ניט, הערן זידלערייען און ענטפערן ניט. ער האָט זיינע תלמידים געלערנט, אַז דאָס גרעסטע גליק פאַר אַ מענטשן איז צו ווערן באַליידיקט פון עמיצן און פאַרשווייגן די באַליידיקונג, וואָרעם אין אַזאַ פאַל נעמט איבער דער אָנפאַל־באַליידיקער די זינד פון דעם באַליידיקטן, און דער באַליידיקטער קומט אַרויס ריין ווי אַן עופהלע, וואָס איז נאָר־וואָס געבוירן געוואָרן. אַ קלייניקייט, פּטור ווערן פון אַלע זינד אויף איין מאָל. דאָס מיינט דאָך כאַפּן אַ ווילדע מציאה.

ר׳ ניסן איז אַלע מאָל אַרומגעגאַנגען אַ פאַרכמורעטער, אַ פאַרדאגהטער, אין שטענדיקן ציטער און פלאַטער, ווי די שווערד פון דאַמאָקלעסן וואָלט הענגען איבער זיין קאָפּ; ווי ער וואָלט שטיין פאַר אַ בייזן ריכטער און דערוואַרטן זיין פּסק־דין, זיין האַרבן גזר.

ער איז ניט מיד געוואָרן אין אָנזאָגן זיינע תלמידים, זיי זאָלן זיך היטן, ווי פון סם־המוות, פאַר ליצנות, פאַר קלות־ראש. וואָרעם איין ליצנות־ווערטל קען אָוועקמאַכן די ווירקונג פון אַ מוסר־דרוש, וואָס דויערט אַ שעה.

לאַכן, שמייכלען טאָר מען נישט; מע טאָר נישט אָנפילן דאָס מויל מיט לאַכעניש אויף דער וועלט. די, וואָס לאַכן, ווייזן, אַז באמת זענען זיי בהמות, און דאָס איז די איינציקע אייגנשאַפט, וואָס טיילט זיי אָפּ פון שטומיקע און ווילדע חיות, וואָס קענען ניט לאַכן און ניט שמייכלען.

ר׳ ניסן האָט קיין „חדש“ ניט געגעסן. ער האָט געוואַרט אויף שבועות און אויפן מקריב־זיין דעם עומר. ער האָט נאָך האַלבער נאַכט אָפּגעריכט חצות; געזעסן אויף אַ פּוס־בענקעלע, דעם קאָפּ באַשאָטן מיט אַש און געקלאָגט אויפן חורבן צוזאַמען מיט דער מוטער רחל און זיך ניט געוואָלט טרייסטן.

ר׳ ניסן האָט געהאַט אַ בן־יחיד, מיט אַ יאָר ייִנגער פון אַבקען. ער איז געווען בלייך ווי קאַלך. קיינמאָל ניט געגעסן צו זאַט. ערשטנס, איז טאַקע ניט געווען וואָס צו עסן; צווייטנס, מע דאַרף זיך דאָך היטן, מע זאָל ניט קומען צו אַן אכילה גסה. דער גאַנצער ענין איז אַן איבעריקע זאַך, אָבער עס שטייט דאָך: ואכלת ושבעת וברכת (זאָלסט עסן, זאַט ווערן און בענטשן). אַז ער וואָלט ניט עסן, וואָלט ער דאָך ניט געקענט בענטשן קיין ברכת־המזון, האָט ער געגעסן בלויז אַזויפיל, וויפל עס פאָדערט זיך פאַרן קענען בענטשן.

ר׳ ניסן איז געזעסן אין דער ישיבה און געזאָגט דעם שיעור. זיין דרך פון לערנען אין דער כיתה איז געווען אַזאַ: אַזויפיל מסביר זיין און דערקלערן און פּאַרטייטשן, אַז דער הינטערשטעליקסטער תלמיד זאָל קענען אים נאָכפאָלגן. ר׳ ניסן איז אין לערנען געווען אַ דעמאָקראַט. ער האָט געהאַלטן טראָט מיטן שוואַכסטן פון די תלמידים, דעם לעצטן פון די לעצטע, און די בעסערע תלמידים, די פלינקערע קעפּ דאַרפן צולײַדן, איינהאַלטן זייער געלאַף, צוואַרטן ביז די אָפּגעשטאַנענע וועלן זיי אָניאָגן. ניט ווי ר׳ וואלזש־בער, וואָס איז געווען אַן אַריסטאָקראַט. די גראָבע קעפּ, די „מאַסן“, האָט ער מפקיר געווען; נישט געוואָלט, אַז אויף זיי זאָל ער און די בעסערע תלמידים פּטרן זייער טייערע צייט.

אַבקע האָט דערפאַר ר׳ ניסנס שיעור־זאָגן ניט געקענט פאַרטראָגן. עס האָט אים ממש דענערווירט. ער האָט ניט געקענט הערן, ווי מע קייט און צעקייט אַ זאַך, וואָס ער קען עס אויף איין צאָן צעקנאַקן און אַראָפּשלינגען.

אַבקע האָט אַליין, אָן קיין שוועריקייטן, אָפּגעלייענט דאָס בלאַט גמרא מיט

די תוספותן און מהרש"א און די איבעריקע מפרשים. בעת ר' ניסן האָט געזאָגט דעם שיעור איז אבקע אַרויס אין הויף. וואָס צו טאָן דאָרט איז נישט געווען; אַלע ישיבה־בחורים פון זיין כיתה זענען דאָך געווען פאַרנומען; האָט ער זיך אַרומגע־בלאָנקעט און ווי לאַנגווייליק דאָס איז נישט געווען, איז עס אַלץ געווען בעסער ווי הערן ר' ניסנס שיעור, וואָס האָט זיך געצויגן לאַנג און נודנע.

אַמאָל, נישט האָבנדיק וואָס צו טאָן, האָט אַבקע זיך פאַרווײלט מיט קלע־טערן מיט די הענט אַראָפּ און אַרויף אויף דער פאַרקערטער זייט פון די שטיגן פון ערשטן שטאָק צום צווייטן און פון צווייטן אַראָפּ צום ערשטן.

## 84

# מופתים פון אַ מוסרניק

### א.

ר' ניסן איז געזעסן איינגעהילט אין טלית און באַצירט מיט די תפילין. ער האָט געזאָגט דעם שיעור. אין זאַל איז געווען שטיל, אַז מע האָט געקענט הערן אַ פליג זשומען. אַבקע האָט שוין ביים לאָזן זיך צום אַרויסגאַנג, כלומרשט, אויף נקיות. באמת מאַכט ער פליטה. ער קען ניט פאַרטראָגן די לאַנגווייליקייט פון רבינס פאַמעלעכן פּוזשען איבער דעם, פון אים שוין איבערגעלייענטן און פאַר־דייעטן, בלאַט גמרא.

די טיר גיט זיך אַ פראַל־אויף און אַ יידענע איבער די מיטעלע יאָרן רייסט זיך אַריין מיט אַ געשריי:

— אייער ווייב האָט מיך באַגנבעט. זי האָט אַרויסגעגנבעט שייטלעך האָלץ פון מיין שטעלכל.

אַבקע איז געווען ביי ר' ניסן אין שטוב עטלעכע מאָל מיט אַ באַזוך. ער האָט געקענט ר' ניסנס ווייב. זי איז געווען קליין, בלייך און איינגעדאַרט פון ניט־דערעסן. זי האָט געציטערט פאַר אַן עבירה כמעט ווי איר הייליקער מאַן, ר' ניסן אַליין. באַשולדיקן זי אין גניבה האָט געהאַט אַזאַ זינען ווי באַשולדיקן אַבקען אין עסן חזיר. ווי קומט גניבה צו אַזאַ צידקנית!

די ישיבה־בחורים, צווישן זיי האָבן זיך געפונען אַכצן־ניינצניעריקע בחו־רים, הויכע ווי דעמבעס, מיט די אמתע "ידים", האָט די פאַלשע באַשולדיקונג פון דער רביצין און דאָס חוצפהדיקע אריינרייסן זיך אין ישיבה אין מיטן שיעור פון אָט דער פאַרשייטער יידענע שטאַרק פאַרדראָסן. אייניקע האָבן געבעטן רשות פון רבין ער זאָל זיי לאָזן זי אַרויסטרייבן מיט שאַנדע.

ר' ניסן האָט באַרוזיקט די אויפגעברויזטע געמיטער פון די קנאים, וואָס האָבן זיך געוואָלט אָננעמען פאַר זיין כבוד און זיין ווייבס כבוד, וואָס איז אַן אשת חבר און גלייך צו אַ חבר*), מיט אַן אומאַרטיקולירטן מ' און אַ מאַך מיט דער רעכ־טער האַנט, ער וואָלט ניט געבראָכן די האַנט מיטן של־יד פאַר אַזאַ חולינדיקער

*) שבועות 5; עבודה זרה, ל"ט.

אַרבעט. צו דער ייִדינע גיט ער אַ קער דעם קאָפּ מיטן של־ראש, און בלחש, כמעט מיט אַ פּליסטער, אָבער ציילנדיק די ווערטער און אונטערשטרייכנדיק יעדע זילב.

— פֿאַר גניבה באַצאָלט מען כפל, און אויב מיין ווייב האָט געגנבעט, וועל איך אומקערן דעם שאָדן טאָפּלט. אָבער ביטול תורה של רבים... — די לעצטע פיר ווערטער האָט ער אַרויסגערעדט מיט אַזאַ ערנסט און מיט אַזאַ פּחד אין די אויגן, ווי איינער וואָלט געזאָגט בפירוש, די וועלט האַלט זיך דאָך אויף תורה־לערנען און ביטול תורה קען דאָך גורם זיין אַז די וועלט זאָל זיך אומקערן צום תוהו־ובוהו... דער ציטער אין זיין קול און די שרעק, וואָס האָט אַרומגענומען זיין גאַנצן מהות, האָט דייטלעך געלאָזט הערן און פילן דער ייִדענע, אַז אַ קאַטאַסטראָפע איז נאָענט; אָט־אָט פּאַסירט עס. און דער בנין מיט אַלץ מיט אַנאַנדער וועט איינפאַלן און זי ווערט באַגראָבן אונטער די חורבות...

אַן איבערגעשראָקענע אויף טויט איז די ייִדענע אַרויסגעלאָפן פון צימער. דער רבי האָט ווייטער געזאָגט דעם שיעור מיט זיין געוויינטלעכער אינטאָנאַציע און צוזינג, ווי עס וואָלט גאָרנישט פּאַסירט.

די וועלט איז ניצול געוואָרן. מע לערנט די הייליקע תורה און די וועלט איז געגרונטפעסטיקט אויף איר יסוד.

## ב.

ר׳ ניסן איז געווען אַ ציוניסט. ער האָט געהאַלטן זייער שטאַרק פון דער מצווה פון ישוב ארץ־ישראל. ער האָט אַפילו געקויפט אַ שקל. אַז די חסידים קנאים פון אָסטראָוו האָבן זיך דערוווּסט פון דעם, אַז ער האַלט מיט די פּושעים, מיט די עוכרי־ישראל, זענען זיי געווען אויסער זיך.

איינמאָל איז ער אַריין צום רב פונקט ווען דאָרט איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַן אסיפה וועגן אַ שטאָט־אָנגעלעגנהייט, אויף וועלכער עס זענען געווען עטלעכע היציקע פאַנאַטישע חסידים, שטאַרקע מחוצפים. אַז דער רב איז אַרויס אויף אַ פּאָר מינוטן פון בית־דין־שטיבל, האָט אַ געוויסער חסיד אויסגענוצט די געלעגנהייט און איז באַפאַלן ר׳ ניסנען און האָט אים געזידלט מיט די ערגסטע ווערטער.

אַבקע איז געווען דערביי. ער האָט אָבער נישט געקענט זיין זיכער, צי יענער זידלט טאַקע און איז מבייש זיין רבין, ר׳ ניסנען, מחמת ר׳ ניסן האָט ניט נאָר גאָרניט געענטפערט אויף די זלזולים, נאָר ער האָט בכלל געמאַכט דעם איינדרוק, אַז ניט אים מיינט עס אָט יענער עזות־פּנים, אַז ער הערט גאָרניט יענעמס רייד. ער האָט ניט אַרויסגעוויזן קיין סימנים פון אויפרעגונג, פון כעס. ער איז געבליבן זיצן אַזוי גלייכגילטיק, ווי ער וואָלט געווען אַ טויבער. זיין פאַרשוויגן יענעם האָט ביי אים, הפּנים, ניט געפאָדערט קיין אָנשטרענג, קיין באַזונדערן ווילנסאַקט.

דער חסיד האָט אים גערופן פּושע ישראל פאַרוואָס ער טראָגט תפילין אַ גאַנצן טאָג און איז משתין אין זיי, וואָס לויט זיין פאַרשטיין איז עס אַ חילול השם; ער איז מבזה אַ הייליקייט, אַ ריינקייט, פּרשיות פון דער תורה הקדושה.

ר׳ ניסן האָט געטאָן איין זאַך: ער האָט געקוקט פאַר דעם אויף די נעגל פון דער רעכטער האַנט, דערנאָך אויף די נעגל פון דער לינקער האַנט. קוקן אויף די נעגל איז אַ גוטע זאַך, ווייל זיי דערמאָנען אַן הימל און דאָס ברענגט צו יראת־שמים.

## ג.

ביי ר׳ ניסנען האָט שמונה־עשרה שטיין אין אַ געוויינטלעכן טאָג גענומען בערך אַ שעה צייט. ביי אַבקעס פאָטער, דעם רב, להיפוך, האָט עס גענומען גאָר ווייניק צייט, געציילטע מינוטן. זיין פאָטער, ווי דער גרויסער מתמיד, האָט ניט געקענט ביי זיך פועלן אָפּצורייסן צייט פון לערנען און עס אַוועקשענקען דעם דאַוונען. ער האָט, ווי אַ סך אַנדערע גרויסע לומדים, געשטיצט זיך אויפן מאמר חז״ל: „מניחים חיי עולם ועוסקים בחיי שעה״ 1) (מע פאַרנאַכלעסיקט אייביקייט־זאַכן און מע פאַרנעמט זיך מיט צייטווייליקע ענינים). דער אויבערשטער, וואָס איז אייביק, איז פאַרקערפּערט אין די אותיות פון דער תורה הקדושה, וואָרעם ער און די תורה איז איינס. און דורך לערנען די תורה ווערט פאַרזיכערט די יידישע אייביקייט, בעת תפילה איז מינדערווערטיק; זי מיינט דאָך בעטן ביים הקב״ה אַ טובה, פּרנסה אָדער אַ רפואה פאַר אַ חולה, אַלץ פאַרביילויפנדיקע ענינים.

האָט זיך געמאַכט אַזוי אַז ר׳ ניסן איז געקומען צום רב, האָט זיך דאָרט פאַר־האַלטן און עס האָט זיך אונטערגערוקט זיין תפילת מנחה, די צייט פון מנחה־דאַווּ־נען. אַבקען איז געווען טשיקאַווע צו זען, וואָס וועט זיין רבי טאָן, ווי וועט ער זיך ספּראַווען מיט שמונה־עשרה. פאַרן רב וואַרט מען דאָך ביז ער גייט אויס, און ערשט דעמאָלט דאַוונט מען ווייטער. וועט ר׳ ניסן נאָך שטיין שמונה־עשרה, ווען דער רב האָט שוין געענדיקט, וועט דאָך אויסקומען, אַז ער שטעלט זיך אַרויס פאַר פרימער פון רב. פון מרא דאתרא. וועט ער ענדיקן פאַרן רב, איז ווי אַזוי וועט ער עס קענען באַווייזן און מכוון זיין אַלע כוונות.

ר׳ ניסן איז אויסגעגאַנגען שמונה עשרה פאַרן רב. אין אָט־דעם אַקט פון ר׳ ניסנס „מסירת־נפש״, פון מוותר־זיין אויף אַלע כוונות פון די אַכצן ברכות, האָט אַבקע געזען ר׳ ניסנס אמתע גרויסקייט, זיין עניוות. אין זיינע אויגן איז ער אויסגעוואַקסן צו אומגעהויער גרויסע פּראָפּאָרציעס. אָט־דאָס הייסט אַ צדיק!

אין יענער צייט האָט אַבקע פיל געליטן פון דעם באַוווסטזיין, אַז זיין טאַטע, דער גאון, איז נישט געגוג פרום. ער האָט געהאַט פון דעם עגמת־נפש, בישט איינמאָל בעתן דאַוונען האָט ער זיך באַגאָסן מיט זודיקע טרערן. ער האָט מתפלל געווען מיטן גאַנצן האַרצן, אַז זיין טאַטע זאָל ווערן אַ גרעסערער ירא־שמים, כאָטש ער האָט גוט געוווסט, אַז תפילה איז אין דעם פרט הילפלאָז. וואָרעם אַלץ איז אין רבונו־של־עולמס רשות חוץ גאָטספאָרכט־קייט 2). איבער פרומקייט האָט דער אויבערשטער גאָרנישט וואָס צו זאָגן.

אַמבולטסטן האָט זיין טאַטנס ניט־גענוגנדיקע פרומקייט זיך אַרויסגעוויזן, לויט אַבקעס באַגריף, איינמאָל יום־כיפור.

אַבקע איז געשטאַנען און זיך געשלאָגן אין האַרצן „על חטא״. די רשימה פון די חטאים איז גאָר אַ היפשע. נישט פון אַלע חטאים איז אַבקען געווען קלאָר דער מיין און פּראַקטיק. אָבער דער בוכשטעבלעכער טייטש פון די ווערטער איז אים ווינציק וואָס אָנגעגאַנגען. ער האָט געוווסט, אַז ער איז אַ שווערער זינדיקער.

1) שבת, י׳.
2) ברכות, ל״ג.

דערהויפּט האָט ער מורא געהאַט פאַר „מתכבד בקלון חבירו״3), וואָס האָט געמיינט ביי אַבקען זיך אויספּיינען מיטן קענען בעסער לערנען פון אַן אַנדער יינגל, וואָס דאָס איז דאָך כמעט ווי פאַרשעמען יענעם. הכלל ער זאָגט די על־חטאָס און פּויקט אין זיין ברוסטקעסטל. פּלוצלונג באַמערקט ער, אַז זיין פאָטער שטייט דערביי איינגעוויקלט אין טלית, קוקט אויף אים ווי ער שאָנעוועט נישט זיין ברוסט און שמייכלט אָפּשפּעטעריש. אַבקע באַגרייפט ניט, וואָס ס׳איז דער מער מיט זיין פאָטער, דאַכט זיך די זאַך איז גאָר אַן ערנסטע. עס האַנדלט זיך דאָך וועגן אַזאַ ערנסטער אַנגעלעגנהייט ווי עבירות.

אַז ער איז פאַרטיק געוואָרן, גיט אים זיין פאָטער אַ פרעג:

— אַבקע, וועגן האָסטו עס אַזויפיל אָנגעזינדיקט?

ער האָט געפילט, ווי אַ קויל וואָלט אים אַ ברי־געטאָן דעם אויער.

ער האָט גאָרניט געענטפערט. ער האָט אָבער געזען אין אָט־דער אָפּלאַכנדיקער פראַגע זיין טאַטנס אויסגעטאָנענקייט פון יאָך. ער האָט מורא געהאַט צו טראַכטן וועגן דעם ענין טאָמער פאַלט ער אַריין און פאַרזינדיקט זיך מיט זיינע מחשבות קעגן כיבוד־אב, אַ באַפעל, וואָס געפינט זיך אין די עשרת־הדברות. ער האָט געבלוטיקט פון דעם באַוווסטזיין, אַז זיין טאַטע, דער מרא דאתרא, איז נישט קיין ירא־שמים ווי זיין רבי ר׳ ניסן. ר׳ ניסן וואָלט אים אַזאַ לייכטזיניקע חוזק־פראַגע ניט געשטעלט...

## 85

## ר׳ בערוש, ר׳ בן־ציון

ר׳ בערוש שאַפּיראָ, ר׳ אייזל חריפס זון, און ר׳ בן־ציון, דער אָנערקענטער ראש פון די גערער חסידים אין אָסטראָוו, זענען געווען די צוויי פאָרשטייערס פון שטאָט, וואָס האָבן געבראַכט דעם כתב־רבנות צו ר׳ יהודה־לייבן אין יאַגוסטאָוו. ר׳ בן־ציון האָט פאַרטראַטן דעם חסידישן צד און ר׳ בערוש דעם מתנגדישן.

ר׳ אייזל חריף איז געווען סלאָנימער רב, אַ גדול בישראל, באַוווסט מיט זיין אויסגעשפּראָכענער קעגנערשאַפט צו חסידות, געניוער, רביות. ר׳ בערוש איז געווען אַ קליין גרוי ייִדעלע, אַ זקן, געצויגן חיונה בריווה, ד״ה געווען רייך לויט די שטעטלשע השגות, פון אַ שניטקראָם, אין וועלכער ער האָט אויף זיין לעבן אַ פוס ניט אַריינגעשטעלט. זיין ווייב, שרה־שיינדל, איז געווען די אשת־חיל און זי האָט געפירט דאָס געשעפט. זי איז געקומען פון אַ רייכער סוחרים־משפחה. ר׳ בערושן האָט מען עס געקויפט פאַר זיין יחוס, דעם סלאָנימער רבס זון. ר׳ בערוש איז קיין באַדייטנדיקער למדן ניט געווען. ער האָט עס ניט געקאָנט זיין, ווייל ער האָט זיך אָפּגעגעבן כל־ימיו מיט גימטריות. אויף דעם געביט האָט ער געהאַט טשיקאַווע אויפטואונגען און שאַרפע איינפאַלן. ער האָט פאַרמאָגט די בעסטע ביבליאָטעק אין שטאָט פון קלאַסיש־תלמודיש־רבנישע ווערק.

געדאַווענט האָט ער אין מתנגדישן נייעם בית־מדרש. איינמאָל איז אין אָט־דעם בית־מדרש אַריינגעקומען אַ ייִד, וואָס איז געווען געוווינט צום נוסח ספרד,

---

3) מגילה, כ״ח; ירושלמי חגיגה, ע״ז, ג׳.

הגם קיין באַשטימטער שטיבלדיקער צו אַ רבין־פאַרנדיקער חסיד איז ער ניט געווען. ער האָט געהאַט יאָרצייט און אין „קדיש" האָט ער אַ זאָג־געטאָן: „ויצמח פורקנה ויקרב משיחו" (און ער וועט מאַכן שפּראָצן זיין אויסלייזונג און דער־נעענטערן זיין אויסלייזער) אויס בלויזער רגילות אָן קיין באַזונדערער כוונה. ער האָט פשוט פאַרזען, אַז ער איז אין מתנגדישן בית־מדרש. אַז ר' בערוש, וואָס איז געזעסן אין מזרח־וואַנט לעבן ארון־קודש און, ממילא, ניט ווייט פון עמוד, ווו די קדישים ווערן געזאָגט, האָט דערהערט די דאָזיקע ווערטער איז ער אויפגעשפּרונ־גען ווי אַ שלאַנג וואָלט אים געהאַט אַ ביס־געטאָן און ער האָט אויסגעשריִען אויפן קול, וואָס האָט זיך צעקלונגען איבערן גאַנצן חלל פון בית־מדרש: „אין אַ מקום קדושה?!" און זיין גאַנצער גוף האָט זיך געטרייסלט פון כעס.

ר' בן־ציון, וואָס איז געווען דער אַנטיפּאָד פון ר' בערושן און בלויז אַביסל יינגער פון אים, אָבער אַ סך מער למדן פון אים, האָט אויך געשטאַמט פון מתנגדים. זיין טאַטע, וואָס איז שוין לאַנג אויפן עולם־האמת, איז געווען וואָר־שעווער שטאָט־מגיד. אַ פאַרברענטער מתנגד. ווען זיין זון בן־ציון איז געכאַפּט געוואָרן אין דער מעשה, האָט זיך באַהעפט אין דעם „כת", צוגעשטאַנען צו די „פושעים", איז ער געזעסן נאָך אים שבעה, פונקט ווי ער וואָלט זיך געשמדט און וואָלט אַרויס פון כלל־ישראל.

ווען ר' בן־ציון איז געווען אַ יונגערמאַן, האָט ער געלערנט ביים חידושי הרי"ם, ביי ר' איטשע־מאיר ראָטענבערג, וואָס איז געווען אַ תלמיד פון ר' מענ־דעלע קאָצקער. ער האָט געשאַפן די גרערער דינאַסטיע נאָך ר' מענדעלעס פּטירה. אין יענע יאָרן איז חסידות געווען נאָך אויפברעכעריש־דרייסט.

ערב יום־כיפור, ווען עס איז אַ מצווה צו עסן און טרינקען, האָט זיך בן־ציון, דער שאַרפער חסיד, אַזוי משמח געווען, אַזוי זיך צעהוליעט מיט חברה חסידישע יונגעלייטלעך ווי ער און אַזוי זיך אָנגעשיכורט, אַז ער האָט פאַרשלאָפן „כל נדרי". „גאַנץ וואַרשע" האָט געוווּסט וועגן דעם און מ'פלעגט אויף אים טייטן מיט די פינגער, אַז ער איז דורך אַ גאַס, און אָנווייזן: „דאָס איז דער פויגל"...

דאָס איז אַלץ געווען אַמאָל, ווען חסידות איז נאָך געווען אויפברעכעריש, געוואַגט, דרייסט. איצטער איז ר' בן־ציון געווען אַ מיושבדיקער, אָפּגעהיטער ייִד ווי יעדער פרומער שולחן־ערוך־ייִד־מתנגד מיט דעם אונטערשייד, וואָס שחרית האָט ער געדאַוונט אַרום צוועלף אַזייגער מיטאָגצייט, געפאָרן אין גער, געדאַוונט אין גרערער שטיבל און בשעתן דאַוונען געשפּאַנט אויס דביקות און התלהבות פון איין ווינקל צו אַ צווייטן.

מיטן מתנגד־רב האָט ר' בן־ציון אָנגעהאַלטן זייער פריינטלעכע באַציִונגען. דאָך האָט זיך אים געוואָלט פאַרגלעטן זיין זינד פאַר גער. ס'טייטש, ער האָט בידים געהאָלפן אַריינזעצן אין אַ שטאָט ווי אָסטראָוו, וואָס איז געווען אַ פעסטונג פון גערער חסידים, אַ רב אַ מתנגד. אייגנטלעך האָט ער זיך ניט געקאָנט העלפן. עס זענען פאָרגעקומען קריגערייען צווישן גער, אַמשענאָוו און אַלעקסאַנדראָוו, ד"ה צווישן אָט־די פאַרשיידענע שטיבלעך. זענען זיי איינגעגאַנגען אויף אַ פשרה, וואָס איז באַשטאַנען אין דעם „גם לי גם לך יהיה" 1): ניט מיר און ניט דיר,

1) מלכים ג', כ"ו.

זאָל מען גאָר נעמען אַ מתנגד און קיין חסידיש שטיבל וועט ניט קריגן דורכן רב קיין אויבערהאַנט אין שטאָט.

איז מיט וואָס וואָלט ער געקענט אויסקויפן זיין דיפּלאָמאַטישן דורכפאַל און פאַרשטאַרקן געוועזענעם פּרעסטיזש? מיטן פאַנגען די רבנישע זין. זאָלן זיי כאַטש פאָרן, מיטפאָרן מיט אים קיין גער.

האָט ר׳ בן־ציון גענומען צושטיין צו אַבקען, פּרובירט אים איינרעדן און איבעררעדן. ער וועט אים פירן קיין גער אויף די אייגענע הוצאות. דער רב, אַבקעס פאָטער, האָט גענומען אַ נייטראַלע שטעלונג. אויב ביי אַבקען איז רעכט, איז אים ניחא. זאָל ר׳ בן־ציון פועלן ביי אַבקען, פון זיין צד איז קיין מניעה ניטאָ.

ר׳ בן־ציון האָט אָפּגעמאָלן פאַר אַבקען אין רייכע אַנלאָקנדיקע קאָלירן די גרויסקייט פון גערער הויף. עס איז, ממש, אַ מלכות. מע קומט אַהין פון דער גאַנצער וועלט.

מען וועט אַבקען דאָרט זייער גוט אויפנעמען. ער וועט זיצן אויבנאָן, ביי דער רעכטער האַנט פון ר׳ בן־ציונען, וואָס זיצט ביי דער רעכטער האַנט פון רבין.

ר׳ בן־ציון האָט זיך געמיט מיט כל הכוחות, אָבער אַבקע האָט זיך נישט געלאָזן פאַנגען.

אַבקע איז אָפּט געגאַנגען אין שליחות פון פאָטער צו ר׳ בן־ציונען. קרוב צו צוועלף פאַר מיטיק האָט ער אים געפונען נאָך אַלץ פאַרנומען מיט מכין־זיין זיך צו שטעלן זיך דאַווענען שחרית.

אַבקע, וואָס האָט זיך געפונען אונטער ר׳ ניסנס השפּעה, האָט געקוקט זייער קרום אויף אַזאַ דרך אין עבודת־הבורא. ער האָט געהאַלט פון: „ייראוך עם שמש" 1), אַז מען דאַרף לייענען קריאת־שמע פון שחרית מיט דעם זונאויפגאַנג2).

אַבקע האָט פאַרעקשנט זיך אָפּגעזאָגט צו פאָרן. ווען ר׳ בן־ציון צאָלט אים צו, נישט בלויז דעקט די הוצאות־הדרך, ווען ער גילט אים אָפּ, וואָלט ער קיין גער נישט געפאָרן. ער האָט עס ר׳ בן־ציונען ניט אַרויסגעזאָגט, אָבער אין האַרצן האָט ער געחזרט די ווערטער פון פּסוק: „הברכים אשר לא כרעו לבעל" 3) (די קני, וואָס האָבן זיך ניט געבויקט צום אָפּגאָט בעל). אַבקע האָט געקוקט אויף די חסידים, וואָס פאָרן צו רביים, ווי אויף „פּושעים". ער האָט געוווסט פון נודע ביהודהס שריפטלעך ווערטל: „ישרים דרכי ה׳ צדיקים ילכו בם וחסידים יכשלו בם" (גלייך זענען די וועגן פון רבונו של עולם, צדיקים גייען אין זיי און חסידים ווערן אין זיי געשטרויכלט), אַנשטאָט „ופושעים יכשלו בם", ווי עס שטייט אין הושע 4). ער האָט אויך געהערט, טאַקע פון זיין פאָטער, אַז דער „נודע ביהודה", יחזקאל לאַנדוי, האָט גערופן די חסידים „אשר פיהמניקעס", נאָכן פּסוק: „אשר פיהם דיבר שוא וימינם ימין שקר" 5) (וואָס זייער מויל האָט גערעדט פאַלשקייט און זייער רעכטע האַנט איז ליגן). אַבקע האָט באַטראַכט די חסידים מיט זייער גלויבן אין רביים און אין רביישע מופתים ווי יידן, וואָס זענען אַראָפּ פון ריכטיקן וועג און זענען גענייגט צום קאַטאָליציזם מיט זיין פאַרגעטערונג פון די „הייליקע".

---

1) תהלים, ע״ב, ה׳; 2) שבת, קי״ח; 3) מלכים א׳, י״ט, י״ח; 4) הושע, י״ד, י׳; 5) תהלים קמ״ד, ח׳.

## 86

# דעם רבס צער

געווען איז עס ביי שלוש־סעודות.

חסידים זיצן ביים רב אין שטוב, זינגען זמירות און „זאָגן אַ ייִדיש וואָרט", וואָס אויפֿן חסידישן לשון האָט עס געמיינט דערציילן מופֿתים פֿון רביים. דער ר׳ב זיצט אויבנאָן. אַז עליע חסיד האָט געענדיקט זיין וווּנדער־מעשה און די אויפֿגעלייגטע חסידים האָבן געלעקט די פֿינגער פֿון דעם מופֿת, האָט דער רב זיך אָפּגערופֿן:

— פֿאַרוואָס נעם איך שכירות דאָ אין שטאָט? פֿאַר מיין לערנען טאָר איך דאָך ניט נעמען קיין לוין. עס איז דאָך אַ בפֿירושער מאמר חז״ל: „מה אני בחנם אף אתה בחנם" 1): (דער אויבערשטער זאָגט צו משהן: ווי איך גיב דיר די תורה אָן באַצאָלט, אַזוי זאָלסטו זי אויך געבן אָן קריגן באַצאָלט). איז דאָך די קשיא: פֿאַרוואָס קריג איך פֿאַרט שכירות? איז דער תירוץ: פֿאַר דעם, וואָס איך הער די נאַרישע מעשיות און שווייג.

די מסיבה חסידים זענען געבליבן זיצן אַ ווײַלע ווי אָפּגעשמיסענע אָדער ווי אָפּגעגאָסענע מיט אַ קאַלטן טוש, אָבער זיי זענען גאָר גיך צו זיך געקומען און פֿאַרצויגן אַ זמרל: „יונה מצאה בו מנוח"...

אָבקע האָט מיטגעפֿילט דעם צער פֿון זיין פֿאָטער, וואָס איז געווען אַ הונ־דערטפּראָצענטיקער מתנגד, דערצו אַ משכיל, וואָס איז נעבעך אַריינגעפֿאַלן צווישן חסידים און ער קומט־אָפּ, ער מוז זיי דולדן מיט זייערע הבלדיקע גלויבערייען. ער זעט זייערע פֿאַלשע דרכים און קען זיי אַפֿילו ניט אויסמוסרן. ער איז אַוועק פֿון יאגוסטאָוו, ווו אַ רב, לויט זיינע רייד, איז געווען אָן איבעריקע זאַך, אַן אַנ־שטעל. ניט די ייִדן דאָרט האָבן געדאַרפֿט האָבן אַ רב, ניט זיי האָבן אים געפֿאָלגט. רבנות האָט זיך געפֿונען בשפֿל המדרגה. ער איז פֿון דאָרטן פּשוט אַנטלאָפֿן, אָבער דאָ אין אָסטראָוו איז נאָך ערגער, ער געפֿינט זיך צווישן ווילדע, שיער ניט „געצנדינערס".

אין שטוב האָט אָבקע געהערט זיין פֿאָטער איבעררעדן דעם חפֿץ חיימס רייד. ער האָט זיי באַגלייט מיט פֿאַרנישטנדיקע סאַרקאַסטישע באַמערקונגען.

ווען ער האָט געקראָגן דעם אָנבאָט פֿון אָסטראָווער רבנות, איז פּונקט געקו־מען צו פֿאָרן אין שטאָט דער „חפֿץ־חיים". האָט דער רב מיט אים געהאַלטן אַ ישוב־הדעת. אָנצונעמען די רבנות־שטעלע צי ניט. היות, ער איז אַ מתנגד, צי וועט אים ניט זיין שווער צו זיין אַ רב ביי חסידים.

דער „חפֿץ חיים" האָט די פֿראַגע אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט און האָט זיך אַ זאָג־געטאָן:

— וואָס איז די נפֿקה מינה! די חסידים היינטיקע צייטן זענען די זעלביקע ייִדן, זיי היטן אָפּ דעם „שולחן ערוך" פּונקט ווי די מתנגדים. אַלא וואָס דען?

---

1) נדרים, ל״ז.

זיי נעמען דערביי אַ טרונק בראַנפן, מאַכט מען מיט זיי אַ „לחיים״ און פּטור אַז עסק... זיי טרינקען דאָך נישט, חס ושלום, אַן אַ ברכה מאַכן.

אַזוי האָט עס טאַקע אויסגעזען פונדערוויטנס; פונדאָענטן אָבער איז די זאַך געווען ניט אַזוי לייכט צו דולדן. אים, דעם רב, דעם מתנגד, איז שווער געווען שלום צו מאַכן מיט זייער ווילדן חסידישן פּיר, און, דערהויפּט, מיט זייער פאַרהערלעכן זייערע רביים, מיט זייער גלויבן אין זיי שיער ניט מער ווי אין קדוש־ברוך־הוא. דער אויבערשטער איז גוזר און זייער „צדיק״ קען מבטל מאַכן די גזירה 1). מ׳שטיינס־געזאָגט, די צידקות פון די רביים, וואָס האָבן געגרינדעט דינאַסטיעס, זיך געשאַפן הויפן, האָבן אָנגעקליבן ממון קורח, געלעבט אין לוקסוס, און אַ גאַנץ יאָר געשאָרן די וואָל פון זייערע צאָן־קדשים. אין געדאַנק האָט ער געזאָגט אַ שטיק פון קאַפּיטל אין יחזקאל, וווּ עס רעדט זיך וועגן די שלעכטע פּאַסטעכערס, וואָס פּאַשען און פּיטערן זיך און פאַרנאַכלעסיקן די שאָף. „ווײ צו די פּאַסטעכערס פון ישראל, וואָס האָבן געפּיטערט אַליין! דאַרפן ניט די פּאַסטעכער פּיטערן די שאָף? דאָס פעטס עסט איר אויף און מיט דעם וואָל באַקליידט איר זיך; די פעטע טוט איר שעכטן, די שאָף פּיטערן טוט איר ניט. די שלאַפּע האָט איר ניט געשטאַרקט און די קראַנקע האָט איר ניט געהיילט, און די צעבראָכענע האָט איר אַרומגעבונדן און די פאַרשטויסענע האָט איר ניט אומגעקערט, און די פאַרלאָרענע האָט איר ניט געזוכט, און מיט געוואַלט האָט איר געוועלטיקט איבער זיי, און מיט האַרטקייט. און זיי זענען צעשפּרייט געוואָרן אָן אַ פּאַסטעך און געוואָרן עסעכץ פאַר איטלעכער חיה פון פעלד, ווייל זיי זענען צעשפּרייט. מיינע שאָף האָבן געבלאָנדזשעט אויף אַלע בערג און אויף יעטוועדן היגל; און איבערן גאַנצן פּנים פון דער ערד זענען צעשפּרייט געוואָרן מיינע שאָף און עס איז ניטאָ קיין פרעגער און קיין זוכער״ 2).

זייער אָפט זענען געקומען ווייבער בעטן ביים רב אַ ברכה, ווען אַ קינד איז קראַנק געוואָרן אָדער אַ זון איז געשטאַנען צום פּריזיוו, אָדער ביי אַנדערע אומגיניציקע אָנגעלעגנהייטן. דער רב האָט זיי געטריבן פון בית־דין־שטוב און זיך געבייזערט אויף זיי:

— גייט צום רבונו־של־עולם, בעט ביי אים; ער איז ניט קיין שררה; יעדער קען צו אים גלייך אָנקומען. זייט מתפּלל. אייער תפילה איז ביי אים פונקט אַזוי אָנגעלייגט ווי מיינע. איר דאַרפט ניט האָבן מיך ווי אַ פּאַרמיטלער, ווי אַ שתדלן. דער אויבערשטער נעמט אויף יעדן, ער הערט יעדן, וואָס רופט צו אים.

## 87

## אילו ידעתיו — הייתיו

אַבקע, לערנענדיק ביי ר׳ ניסנען, איז געווען ווייער פרום. ער האָט נאָכגעפאָלגט זיין רבין און האָט זיך געדביקהט און מאריך געווען אין דאַוונען, דערהויפּט אין

1) שבת, ס״ג.
2) יחזקאל, ל״ד, ב׳־ז׳.

„שמונה עשרה״. יעדעס וואָרט האָט ער אַרויסגערעדט און מכוון געווען בשעת־מעשה די ריכטיקע כוונה.

אָבער מעשה־שטן, ווען ער האָט אַזוי וואָרעם געדאַווענט און היפּשלעך אונטערגעכליפּעט, בעטנדיק פאַרגעבונג פאַר זיינע זינד, האָט זיך, ווי פון זיך אַליין, געשטעלט די פראַגע: ווער איז גאָט? וואָס איז זיין מהות? ווי זעט ער גייסטיק אויס? פאַרוואָס אַנטפּלעקט ער זיך ניט צו אים?

אַבקע האָט געוווּסט, אַז מיט אַזעלכע פראַגעס טאָר מען זיך ניט אָפּגעבן. עס איז אַ זינד „במופלא ממך אל תדרוש״;1) דאָס פאַרהוילענע קען מען ניט אַנטבלויזן; מע טאָר ניט קלעטערן צו הויך, אַריינגיין אין פּרדס 2) איז סכנת־נפשות; בלויז רבי עקיבא איז אַריין בשלום און אַרויס בשלום. די איבעריקע תנאים האָבן געכאַפּט אַ מיאוסן פּסק. ער ווייס עס און ער שרעקט זיך פאַר דער זינד פון זיינע פאַרבאָטענע נאָכטראַכטענישן, וואָס באַפאַלן אים ווי בינען, ווי היישעריקן, פּונקט ווען ער האַלט אין מיטן „שמונה־עשרה״ און איז אַ צענומענער פון התלהבות און דביקות מיט דער שכינה. אָבער צוגלייך טראַכט ער, אַז דער אויבערשטער וועט אים פאַרגעבן, וואָרעם ער איז דאָך אַ בוחן־כליות ולב; (פאַרשט־אויס די נירן און דאָס האַרץ) און ער ווייסט דאָך, אַז אַבקע איז ניט שולדיק, אַז די פאַרבאָטענע רעיונות קריכן אים אין קאָפּ אַריין קעגן זיין אייגענעם ווילן. עס פאַרצערט אים אַ באַגער צו וויסן, ווער ס׳איז דער רבונו־של־עולם און פאַרוואָס אַנטפּלעקט ער זיך ניט מיט זיין „אנכי ה׳ אלקיך״ טאָג־טעגלעך. זאָלן אַלע ייִדן און ניט־ייִדן הערן דעם דיבור, ווי ער גייט אַרויס פריש מפּי הגבורה, פון דעם מויל פון דער שטאַרקייט. און די ייִדן וועלן אַלע תשובה־טאָן, ווערן אַזוי פרום ווי ר׳ ניסן און די ניט־ייִדן וועלן זיך מגייר־זיין.

אָט די געדאַנקען פייניקן אים. ער באַגיסט זיך מיט אַן אַנגסטן־שווייס. ער ציטערט און וויינט און בעט פאַרגעבונג און זינדיקט ווידער מיט די געדאַנקען וועגן דעם מהות פון גאָט, און האָט מורא, אַז צוליב זייער שולד וועט ער ירשענען גיהנום. ער איז אינגאַנצן פאַרווירט. בשעת ער בעט פאַרגעבונג איז ער דאָך מתפּלל, גיסט ער דאָך אויס זיין האַרץ ווי וואַסער פאַרן רבונו־של־עולם, און ווען ער טוט עס, ווילט זיך אים נאָך מער, נאָך חשקדיקער, נאָך לײדנשאַפטלעכער זען דעם רבונו־של־עולם, תופס־זיין זיין מהות און אָט־די וועלעניש, ווייס ער, איז אַ זינדיקע, אַ צו־פרומע, דערפאַר אַן עבירהדיקע. ער זעט ניט, ווי ער קען זיך אַרויספּלאָנטערן פון דער נעץ. ער איז פאַרצווייפלט. אויסערלעך אין זיינע מעשים איז ער פרום ביז גאָר, אָפּגעהיט אויף דער האָר, אָבער אינערלעך, אין זיינע געדאַנקען, ווערט ער צעריסן און צעפּליקט, צעעסן פון רעיונות, וואָס גרעניצן זיך מיט כפירה.

ווער איז דער רבונו־של־עולם? פאַרוואָס אַנטפּלעקט ער זיך ניט מיט דונערן און בליצן? פאַרוואָס לאָזט ער ניט הערן זיין אנוכי... ולא יהיה לך? אַבקע וויינט און קלאָגט. ער קען זיך אָבער ניט אַרויסרייסן פון דעם קלעם פון זיינע געפערלעכע מחשבות.

ער גייט אַרום אַ פאַראומערטער, אַ צענומענער. ער האָט מורא אַז ער איז

---

1) חגיגה, י״ג; 2) דאָרט, י״ד.

שוין אַ פאַרפאַלענער, ער האָט פאַרשפּילט זיין חלק עולם הבא, כאָטש ער איז אָפּגעהיט מיט יעדער לייכטער און האַרבער מצווה און לערנט יומם ולילה, סיי גמרא און סיי מוסר־ספרים. אַ שולדיקייט־געפיל דריקט אים און שטיקט אים. אַלע זיינע גייסטיקע שיפן זינקען, גייען צום אָפּגרונט. ער איז אַ פאַרלאָרענער, ניטאָ פאַר אים קיין רעטונג.

ס׳איז שבת־שובה. זיין טאַטע האַלט זיין האַלביאָריקע דרשה. דער אַלטער בית־מדרש איז געפּאַקט; מע שטייט קעפּ אויף קעפּ. אויך די ווייבער־שול איז אָנגעפּילט צו איר פולער קאַפּאַציטעט; פאַראַן דאָרט ווייבער אַלטע, מיטליאָריקע און גאָר יונגע, אַפילו כלה־מיידלעך, מער וויפל זי קען אַריינכעמען. מע זאָגט אין שטאָט, אַז אין אַזעלכע פאַלן צי׳ען זיך די ווענט פאַנאַנדער. דעם רב ר׳ יהודה־לייבס אַ דרשה איז אין שטאָט אַ וויכטיקע געשעעניש.

דער רב שנירלט אָן ווי פּערל מאמרים פון חז״ל. ער ברענגט אַ סך שטעלן פון זוהר־הקדוש. יעדעס מאָל, ווען ער ברענגט אַרויס אַ ביסל אַ ריזיקאַלישן אויפקלערערישן געדאַנק מכוח געטלעכקייט, וויקלט ער אים איין אין די רייד פון די נביאים און די חכמים און פאַרשנורעוועט אים מיט אַ שפּאַגאָט אַרויסגענומען פון זוהר, ספר יצירה און אַנדערע קבלה־ספרים, אַזוי אַז דער רעיון ווערט כשר לכל הדעות למהדרין מן המהדרין.

אַבקע שלינגט יעדעס וואָרט, קוועלט אָן פון זיין טאַטנס הילכיקער שטים און קוויקט זיך מיט זיינע דרייסטע אויסטייטשונגען. פּלוצלונג נעמט זיין טאַטע רעדן פאַרן גאַנצן עולם וועגן דעם מהות פון אלהות; ער ברענגט דעם זאָג פון יוסף אַלבו אין ספר העיקרים: „אילו ידעתיו — הייתיו“, 1) ווען איך וואָלט דער־קענט גאָט, וואָלט איך געווען אַ גאָט“. אַבקע ווערט אָן אויפגעלעבטער. אַלע זיינע ספקות און פרעגעניש און האַרץ־קלעמעניש ווי מיט דער האַנט צוגענומען. וואָס וויל ער, ווערן אַ גאָט? דאָס קען ער דאָך אַפילו אויפן געדאַנק ניט אַרויפלאָזן. אויב אַזוי, אַז ער איז ניט קיין גאָט און קען קיין גאָט ניט ווערן, וואָרעם ער איז דאָך אַ שטערבלעכער מענטש, אַ ילוד־אשה, געבאָרן פון אַ טאַטן און אַ מאַמען, קען ער גאָט ניט דערקענען. זיינע געלוסטעניש, פלאַגעניש, נאָכטראַכטעניש זענען אומזיסט און אומנישט.

אַבקע איז אַ געראַטעוועטער. זיין טאַטע, ניט־וויסנדיק וועגן דעם, האָט אים מציל געווען פון דעם העלישן פייער פון גיהנום, פון זיין אינערלעכן גיהנום פון צווייפלען אוי דעם יאָגן זיך נאָך דאָס אומדערגרייכבאַרע. פון היינט אָן וועט ער דאַווענען אַן איינגעשטילטער, אַ באַרויקטער, אַ באַפרידיקטער. ער איז געגעזן, ער איז גליקלעך.

די דרשה איז שוין פאַרענדיקט. מע דאַוונט גאַנץ געשמאַק דעם מוצאי־שבתדיקן מעריב. אַבקע גייט דורך, ווי אַ פּראָבע, די שמונה־עשרה אָן קיין שטרויכלונגען און אָן קיין יסורימדיקע איבערטראַכטונגען.

„אילו ידעתיו — הייתיו“ איז געווען זיין רעטונגס־אַנקער, זיין מאַגישע פאָרמול.

---

1) מאמר שני, פרק ל׳, צום סוף.

## 88

## גרויסער פּאַרמעסט, קליינער דורכפאַל

אַבקע האָט זיך שוין לאַנג באַטראַכט פאַר אַ דערוואַקסענעם. אַצינד פאַרנעמט ער זיך מיט וויכטיקע ענינים. ער פאַרטראַכט זיך וועגן אחריותפולע אונטערנעמונגען. די ייִדישע צרות זענען אַ שטראָף פאַר די ייִדנס זינד. די האַרבסטע שטראָף איז דער גלות, וואָס ציט זיך עפּעס גאָר אָן אַ סוף. אַן ענד צום גלות וועט מאַכן משיח. דאַרף מען זיך פאַרנעמען מיט ברענגען משיחן, מקצר זיין דעם קץ. ווער וועט אָנזאָגן די גוטע בשורה, אַז משיח קומט? אליהו הנביא.

פון דער געטלעכער נייער אַנטפּלעקונג האָט זיך אַבקע אָפּגעטרייסלט. עס איז אַן אוממעגלעכקייט, ער ווייסט עס שוין פאַר געוויס. ער טראַכט אָבער זייער ערנסט וועגן אַ גילוי אליהו.

אליהו האָט זיך דאָך באַוויזן צו אַ סך צדיקים. ער נישטערט אין די קבלה־ספרים. ער וויל אויסגעפינען דעם ריכטיקן און קירצסטן וועג, ווי אַזוי זיך אַרויפצואַרבעטן צו אַזאַ מדרגה, אַז ער זאָל זוכה זיין צו אַ גילוי. אליהון ברענגט מען ניט אַראָפּ. ער איז ניט קיין משיח. מע קען אים אויך ניט באַצווינגען דורך השבעות און צירופים. מע דאַרף ווערן ראוי, זיך פאַרדינט מאַכן, קומט ער אַליין, ער באַוויזט זיך פרייוויליק. אָבער ראוי ווערן קען מען דורך תעניתים און סיגופים; אַזוי שטייט אין די ספרים, וועלכע ער לערנט באַהאַלטענערהייט. אָבער פאַסטן וועט מען דאָך אים ניט לאָזן, ניט די מאַמע און ניט דער טאַטע. און אַז דער טאַטע וועט גוזר זיין ער זאָל עסן, וועט ער דאָך מוזן פאָלגן און עסן, אַניט וועט ער דאָך עובר זיין אויף כיבוד־אב און זיך פאַרזינדיקן און זיין תענית וועט גאָרניט אויפטאָן פאַר אים.

ער איז אין אַ פאַרלעגנהייט. כדי זוכה צו זיין צו אַ גילוי־אליהו דאַרף מען פאַסטן צוואַנציק טעג נאָכאַנאַנד מיט לייכטע אָפּפאַסטונגען. בלויז דאָס האַרץ זיך איבערכאַפּן ביי דער נאַכט. דאָס קען ער, זייענדיק ביים טאַטן און מאַמען, בשום אופן ניט דורכפירן. מוז ער עס אָפּלייגן אויף שפּעטער, ווען ער וועט זיין אין אייגענעם רשות. לכל־הפחות דאַרף ער פאַר דעם דורכשטופּן זיין בר־מצוה.

## אַ ייִדישע אַרמיי

מערקווירדיק, זייענדיק פאַרטאָן אין די דערהויבענע נשמה־זאַכן, האָט ער ניט פאַרגעסן אָן דער ערד און אין די גשמיותדיקע אָנגעלעגנהייטן.

זיי ווינען איצט אין אַ נייעם הויז, וואָס איז ניט ווייט פון אַ קאַזאַרמע, באמת אַזוי נאָענט, אַז ווען מע קאָכט דעם קעסל פאַר די זעלנער, ס׳רוב איז עס קרויט, קאַפּוסטע, מוז מען ביי זיי צומאַכן אַלע פענצטער, אַזוי פאַראווירט עס די לופט אין זייער הויף. שטייענדיק ביי זיך אין הויף און אַרויסקוקנדיק דורך די שטאַכעטן פון פאַרקאַן, זעט ער ווי מע מושטירט די רעקרוטן. מע לערנט זיי גיין, שטיין גלייך, שפּרינגען, טראָגן די ביקס אויפן אַקסל, שטעכן מיט אַ באַגנעט.

ווען ער האָט צייט און דאַרף ניט גיין אין ישיבה לערנען, וואָלט ער געקענט

אָפּשטיין שעהנלאַנג און באַאָבאַכטן די איבונגען, איבערהויפּט איז ער פּאַראינ־טערעסירט אין שפּרינגען. אין קאָפּ פאַלן אים איין מאָדנע געדאַנקען. אפשר וואָלט ער גאָר געוואָרן אַ מין יהודה המכבי און גענומען שאַפן אַ ייִדישע אַרמיי. ער וואָלט טאַקע געקענט מאַכן אַ התחלה גלייך אין ישיבה, פון ר׳ ניסנס און ר׳ וואלזש־בערס תלמידים, און דערנאָך צוציִען אויך די בית־מדרש־בחורים. האָבן זיך ־דאָך ר׳ עקיבאס תלמידים אָנגעשלאָסן אָן בר־כוכבאס חיילות. מע דאַרף רעקרוטירן איין רעגימענט דערווייל פון יונגע בחורים, שפּעטער־צו פון עלטערע. מיט דעם באַהעפט זיך אַ צווייטער געדאַנק.

עֿר דאַרף, למען־השם, אויסגעפינען דעם סוד פון „רואה ואינו נראה״ און ער וועט דעמדאָזיקן סוד איבערגעבן זיין חייל. מיט אָט דעם חייל, וואָס זעט און ווערט ניט געזען פון קיין פרעמדן אויג, וואָלט ער אַרויס און גוט צעשלאָגן אַלע שקצים און גוייִם רשעים, וואָס וועלן זיך אָפּזאָגן אָנצונעמען דעם ייִדישן גלויבן און זיך אויפצופירן ווי צדיקים. דערנאָך וועט ער אַוועק און איינגעמען ארץ־ישראל; צונעמען זי פון די טערקן. מיט זיין אומזיכטבאַרער אַרמיי דאַרף אים די זאַך ניט אָנקומען איבעריק־שווער.

דעם סוד אויסצוחורשן איז אים אָנגעקומען שווער. ער האָט נאָכגעזוכט אין די קבלה־מעשית און ספרימלעך, וואָס האָבן זיך געפונען ביי זיי אין בית־דין שטיבל אויף די פּאָליצעס. אַנדערע גאָר אונטן, פּאַזע דעם דיל, אַנדערע גאָר אויבן, נאָענט צו דער סטעליע, וואָס כדי זיי צו דערלאַנגען האָט ער זיך געמוזט שטעלן אויף אַ לייטער. ער האָט געהאַלטן פון „יגעת ומצאת — תאמין״ 1) אַז מען זוכט־נאָך מיט חשק, געפינט מען.

אַלץ, וואָס מע דאַרף טאָן, איז כאַפּן אַ פלעדערמויז, וואָס איז אַלט ניין חדשים. מע דאַרף זי כאַפּן ביי־טאָג, דווקא מיטוואָך, נאָכן אָפּזאָגן די ערשטע זעקס פסוקים פון יום:

יהוה, דו גאָט פון נקמה,
גאָט פון נקמה, שיין אַרויס,
דערהייבנדיק זיך, דו, ריכטער פון דער ערד,
קער אום פאַרגעלטונג צו די שטאָלצע.
ביז וואַנען וועלן די רשעים, גאָט,
ביז וואַנען וועלן די רשעים זיך פרייען ?
זיי גאַווערן. זיי ריידן פאַרשייט.
זיי רימען זיך, אַלע טוערס פון אומרעכט.
דיין פאָלק, גאָט, צעדריקן זיי
און זיי פייניקן דיין אַרב.
די אלמנה און דעם פרעמדן הרגענען זיי
און יתומים טייטן זיי. 2)

1) מגילה, ו׳.

2) תהילים, צ״ד. א־ו׳.

מען דאַרף זיי פּאַקן, ווען זי הענגט מיטן קאָפּ אַראָפּ פון אַ באַלקן אויף אַ בוידעם אָדער אין אַ חורבה. ביים נעמען זי געפאַנגען דאַרף מען פליסטערן אָט־די פסוקים:

מאַכסט פינצטערניש און עס ווערט נאַכט,
אין איר ווידמען זיך אַלע חיות פון פעלד...
גייט אויף די זון, ווערן זיי איינגעזאַמלט
און זיי הויערן אין דיערע נאָרעס,
גייט אַרויס דער מענטש צו זיין ווערק. 1)

ווען מע האַלט זי אין זיינע הענט שטייף, זאָל מען זאָגן אָט־די פסוקים:

„און די דאָזיקע זאָלט איר פאַרמיאוסן פון צווישן די פויגלען; זיי טאָרן ניט געגעסן ווערן. אַ מיאוסקייט זענען זיי: דעם אָדלער, און דעם ביינברעכער, און דעם שוואַרצן אָדלער, און די ווײַ, און דעם פאַלקפויגל לויט זיינע מינים; יעט־ווערן ראָב לויט זיינע מינים; און דעם שטרויספויגל און דעם נאַכטשפאַרבער, און דעם ים־פויגל און דעם שפּאַרבער לויט זיינע מינים; און די אייל, און דעם פישפרעסער און די שטאָקאייל; און דעם אוהו, און דעם פעליקאַן און דעם גייער; און דעם שטאָרך, דעם בושל לויט זיינע מינים, און דעם אויערהאַן און די פלעדערמויז" 2).

דאָס וואָרט פלעדערמויז זאָל מען איבערזאָגן זיבן מאָל און זיך בייגן און נייגן בשעת־מעשה מיט דער פלעדערמויז צו די פיר זייטן, מזרח און מערב, דרום און צפון.

די פלעדערמויז דאַרף זיין טונקל־ברויז פונאויבן און ווייסלעך פון אונטן. איר לענג זאָל זיין פונקט צוועלף צאָל. דער פליגלאויסשפּרייט צוויי פוס פינקט־לעך. איר שנאָבל אַביסל ענלעך צו אַ בלאַט פון אַ בוים.

זי מוז דווקא זיין אַ בכורטע, אַן ערשטגעבוירענע, פון אַ בכורטע, וואָס איז אַ טאָכטער פון אַ בכורטע, דאָס הייסט דריי דורות בכורטעס, ערשטלינגס.

איצט טוט מען זי אַריין אין אַ ליימענעם טאָפּ, מיט אַ ליימענעם שטערצל צומאַכן זי און פאַרשמירן מיט ליים אַזוי אַז קיין טראָפּן לופט זאָל אַהין ניט אַריין. דעם טאָפּ זאָל מען באַגראָבן אַן אייל די טיף אונטער אַ גרויסן שטיין. אַלע טאָג, אויסער שבת און יום־טובים דאַרף מען קומען צו יענעם פּלאַץ אין דער אייגענער פרימאָרגנדיקער שעה, ווען מע האָט זי געכאַפּט, זיך אָוועקזעצן אויפן שטיין און אָפּזאָגן מיט איין אָטעם דריי מאָל דעם פסוק: „אין יענעם טאָג וועט אַוועקוואַרפן דער מענטש זיינע אָפּגעטער פון זילבער און זיינע אָפּגעטער פון גאָלד, וואָס זיי האָבן זיך געמאַכט, זיך צו בוקן, פאַר די קראָטן און פאַר די פלעדערמייז" 3) און בשעת־מעשה אַרויסוואַרפן פון קעשענע אַ זילבערנע מטבע, אויף וועלכער עס איז אויסגעבולט דער קאָפּ פון אַ מענטשן אָדער פון אַ פויגל. אויב מע האָט ניט קיין

---

1) דאָרט, ק"ד, כ'־כ"ג.

2) ויקרא י"א, י"ג־י"ט; דברים, י"ד, י"ב־י"ח.

3) ישעיה ב', כ'.

זילבער, איז רעכט אַ קופּערנע מטבע. די זעלביקע מטבע מעג מען נוצן יעדן טאָג. דערנאָך אויף שנעל זיך אויפהייבן און אַרומגיין דעם שטיין זיבן מאָל.

נאָך דעם פאַרלויף פון ניין חדשים אַרויסגראָבן דעם טאָפּ און אים צעברעכן מיט אַ שטיין. דאָרט וועט מען געפינען אַ ביינדל פון דער פלעדערמויז, עס אַרויפטאָן אויף אַ בענדל, זיך עס אָנהענגען ווי אַ מעדאַליאָן אויפן האַלדז, אָפּזאָגן די נויטיקע השבעות, מצרף זיין די נויטיקע צירופים, וואָס ווערן אָנגעגעבן. אויפן דריטן טאָג וועט דער טרעגער פון דעם ביינדל ווערן אַ רואה ואינו נראה, אָבער ער טאָר זיין אומזיכטבאַרקייט ניט געברויכן פאַר זיין אייגענעם, נייערט דווקא לטובה פון כלל ישראל.

אַבקע וואָלט עס פּרובירט דורכצופירן, אָבער ווי אַזוי קען ער וויסן, צי די פלעדערמויז איז אַ בכורטע, אַ טאָכטער און אַן אייניקל פון אַ בכורטע? האָט ער געמוזט דעם פּלאַן אויפגעבן, מחמת זיין אומדורכפירבאַרקייט פאַר אים, סיידן ער זאָל נעמען האָדעווען פלעדערמייז.

ער האָט זיך אָבער פון זיין אידייע צו שאַפן אַ ייִדישע אַרמיי ניט אָפּגעזאָגט, נייערט אַ קער־געטאָן זיין אויפמערקזאַמקייט צו אַן אַנדער סוד. און דאָס איז צו דער געשיכטע וועגן אברהמס שלאַכט, ווען ער איז אַוועק ראַטעווען לוטן, זיין ברודערס זון. שטרויעלעך זענען ביי אים געוואָרן ביקסן, זאַמד — קוילן און פּולווער. ווען ער קען אויסגעפינען אין די הייליקע ספרים די השבעות און צירופים, אַ דאַנק וועלכע אברהם האָט דורכגעפירט דיזאָזיקע פאַרוואַנדלונגען, וואָלט ער געוואָרן אָן שוועריקייטן אַ גרויסער קריגספירער. — אייגנטלעך איז ער דאָך געווען דער שעף פון דער אַרמיי, ווען זיי האָבן געזאָלבט משהקען פאַר דעם ייִדישן קעניג, — ער וואָלט געראַטעוועט דעם כלל ישראל און אויך די אומות העולם וואָלטן פיל געוווּנען דערביי. זיי וואָלטן אַלע, אָדער ס׳רוב פון זיי, געוואָרן ייִדן צי מיראה צי מאהבה.

ער דערמאָנט זיך דעם פּסוק אין מגילת אסתר „ורבים מעמי הארץ מתיהדים כי נפל פחד היהודים עליהם״ 1) (און פיל פון די פעלקער פון לאַנד ווערן ייִדן, ווייל אַ שרעק פאַר די ייִדן איז אויף זיי געפאַלן).

ער געדענקט אויך, וואָס עס ווערט דערציילט וועגן די „גרי אריות״, „כותים גריי אריות הן״ 2).

## 89

## וואַסער מעין אַ מבול

אָבער אין דער אייגענער צייט, ווען ער האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט אַזעלכע געוואַגטע פּלענער, האָט ער ניט געקענט גובר זיין אין זיך זיין ליידנשאַפט צו וואַסער. הגם ער האָט דיזאָזיקע טשיקאַווע תשוקה זייגע באַטראַכט פאַר אַ מעשה־נערות, אַ שוואַכקייט, וואָס פּאַסט פאַר אַ קינד, נישט פאַר אים, אַזאַ וויכטיקן מענטש, ווי ער איז.

---

1) מגילת אסתר ח׳, י״ז; 2) קידושין, ע״ה.

ער האָט געדעדט צו זיך אין האַרצן און זיך געזידלט:

— ווי פּאַסט עס גאָר פאַר דיר, אַ גמרא־יינגל מיט אַ שאַרפן קאָפּ צו גלוסטן אַזעלכע נאַרישע קינדישע גלוסטעניש, צו ווינטשן אַזעלכע נאַרישע ווינטשעניש.

זייער הויף האָט דורכגעשניטן אַ קאַנאַווע, וואָס איז געווען אויסגעברוקירט מיט רויטע ציגל. אין געוויינטלעכע צייטן איז זי געווען אינגאַנצן אַ טרוקענע; נישט געווען אין איר אַ טראָפּן וואַסער אויף אַ רפואה. בעת אַ שלאַגס רעגן, אויב ער האָט אָנגעהאַלטן לאַנג, האָט זי זיך אָנגעפּילט. דאָס וואַסער איז געפלאָסן מיט אַ שוימיקן רעש, מיט אַ ליאַרעם, ווי די קאַנאַווע וואָלט געווען עפּעס רעכטס, נישט קיין קאַנאַווע, נאָר ממש אַ טייך.

בעת אַ רעגן איז אַבקע געשטאַנען אויפן ראַנד פון דער קאַנאַווע און ממש אָנגעקוואָלן פון שטראָם; ער האָט אַזוי געקענט אָפּשטיין אַ שעה צייט, ווערן דורכגענעצט און דורכגעווייקט ביזן לעצטן פאָדים פון זיין אונטערהעמד, און אים האָט עס ניט געקימערט. ער האָט זיך ניט געקענט אָפּרייסן, — אַזוי פאַרחלשט איז ער געווען נאָכן פליסיקן רוישיקן וואַסער. ער האָט בפועל ממש געהערט דעם „קול ה׳ על המים... ה׳ אל מים רבים״ 1). ער האָט געזען און געהערט דעם „נשאו נהרות קולם, ישאו נהרות דכים״ 2) (די טייכן האָבן אויפגעהויבן זייער שטים, די טייכן האָבן אויפגעהויבן זייער גערויש).

ער האָט געשטילט זיין הונגער־דאָרשט נאָך אַ שטאַרקער, מעכטיקער, סטיכישער נאַטור־דערשיינונג און האָט געפילט אַ מאָדנע באַפרידיקונג און בשעת־מעשה האָט ער זיך געמאַכט פאַרוווּרפן: הפנים, ביסט נאָך אַלץ אַ קליין קינד, ניט־געקוקט אויף דיין פרומקייט און לומדות. זיין קליינקינדישקייט האָט אים געעקערט, ממעט־דמות געווען, געמאַכט אים צו קליין און נישטיק, אַראָפּגעקלאַפּט אים די פליגלען פון גרויסן שווונג. ער האָט ניט געקענט איבערוועלטיקן זיין ליידנשאַפט צום פליסיקן ראַשיקן וואַסער.

ער איז געשטאַנען אונטערן פלוך־רעגן. עס האָט געגאָסן אויף אים ווי מיט עמערס און ער האָט געפליסטערט אַ תפילה, עס זאָל ווערן אַ מבול, וואָס זאָל פאַרפלייצן כאָטשבי דעם גאַנצן הויף, אָנפילן מיט וואַסער דעם קעלער פון זייער הויז. פון אַלע שכנישע הייזער, אָבער ניט קיין אמתער מבול, אַזוי אַז מענטשן און אַנדערע לעבעדיקע באַשעפענישן זאָלן חס־ושלום דערטרונקען ווערן. דאָס ניט; דאָס זאָל גאָט אָפּהיטן. וואָרעם ווו וועט ער נעמען אַ תיבת־נח זיי אַלעמען צו ראַטעווען. און ווער ווייסט: אפשר איז ער, אַבקע, גאָרניט דער צדיק הדור... וואָס ער האָט געוואָלט איז בלויז אַ זכר למבול, אַן אָנשרעק בלויז, אַזוי, אַז מענטשן זאָלן זיך באַזינען, אַוועקוואַרפן זייערע שלעכטע וועגן און זיך אומקערן צו גאָט, ווערן פרום ווי ר׳ ניסן.

ער שטייט און קוקט אויפן שטראָם און נחתט זיך. ער שווימט מיט מיט יעדן שפענדל, קלעצל, שטיקל ברעט, וואָס האָט זיך פאַרבייגעטראָגן מיט אַזאַ אומגעהויערן אימפעט.

אַז דער רעגן האָט אויפגעהערט. דאָס וואַסער אין קאַנאַווע האָט גענומען

1) תהלים, כ״ט, ג׳.

2) דאָרט, צ״ג, ג׳.

ווערן ווייניקער און ווייניקער, איז אים אָפּגעקומען שטיקער געזונט. ער האָט זיך געפילט ווי אַן אָפּגענאַרטער. ער האָט דערפילט אַן אומבאַשרייבלעכן אומעט, ווי זיין בעסטער פריינט וואָלט אים פאַרלאָזן אויף שטענדיק.

ער האָט געקעמפט קעגן דערדאָזיקער ליידנשאַפט זיינער. ער האָט זיך געשעמט מיט איר פאַר זיך אַליין. ער האָט זי אָבער נישט געקענט אַרויסרייסן פון זיין האַרצן. אָט־די שוואַכקייט זיינע איז געווען אַ סך שטאַרקער פון אים מיט זיין גאַנצער פרומקייט, לומדות און מוסר, און ער האָט זיך פרובירט רעכטפאַרטיקן מיט דעם, וואָס זיין כוונה איז דאָך נישט זיך קוויקן מיטן וואַסער גופא, נייערט מיט דעם, וואָס מענטשן וועלן תשובה־טאָן. דאָס וואַסער וועט זיי מחזיר־למוטב־זיין.

ער האָט זיך אָבער ניט געקענט אָפּנאַרן, ניט געקענט זיך פאַררעדן די ציין.

## 90

## ווינטמילן

ווי ער האָט ליב געהאַט וואַסער, אַזוי האָט ער ליב געהאַט אַ שטורעם, אָבער ניט דעם ווינט און שטורעם גופא, נאָר זיין טואונג, זיין דרייען די פליגלען פון די ווינטמילן, וואָס האָבן זיך געפונען אין אָסטראָוו אין אַ היפּשער צאָל. די שטאָט האָט קיין טייך ניט געהאַט, און כדי מע זאָל זיך קענען גטן האָבן די רבנים אויסגעזוכט עפּעס אַ זכר צו אַ ריטשקעלע, פון וועלכן דער וואָלאַצלאַווקער האָט עס געשעפּט הייל־וואַסער פאַר זיינע שוואַכע אויגן, און אויף אָט־דעם סמך פון אַ קלאַמפּערשטן טייך געשריבן גטן און אָנגעגעבן דעם נאָמען פון שטאָט, וואָס געפינט זיך קלאַמפּערשט אויפן ברעג פון דעם און דעם טייך. גטן האָט מען געמעגט שרייבן ביים טייך, אָבער מאָלן ווייץ און קאָרן מיט זיינע וואַסערן האָט מען ניט געקענט. האָט אָסטראָוו ממלא געווען דעם חסרון פון וואַסערמילן מיט ווינטמילן.

אין אַ שטורעם, ווען די פליגלען פון די מילן האָבן זיך געדרייט מיט דער גרעסטער שנעלקייט, האָט אַבקע באַוויזן דורכצולויפן אויף דר׳ערד צווישן איין פליגל און צווייטן. ער איז געווען אַזוי פלינק, אַז אַמאָל האָט זיך אים איינגעגעבן צו באַווייזן נאָך אַ גרעסערע קונץ פון שנעלקייט: ער האָט זיך דורכגעכאַפּט צוויי מאָל צווישן די אייגענע צוויי פליגלען, אַהין און צוריק. ווען ער פאַרשפּעטיקט אויף איין אויגנבליק, וואָלטן דער צעיאָגטער פליגל אים אַוועקגעלייגט אויפן אָרט, ניט אויפצושטיין, סיידן צו תחיית־המתים. אָבער דווקא אָט־דאָס אויסזעצן זיך צו דער געפאַר און דאָס ראַטעווען זיך פון דער געפאַר, זי איבערקליגלען, האָט אים צוגעצויגן. ער האָט זיך מיט דעם איבערגענומען פאַר זיינע חברים אין ישיבה. ער האָט זיי באַוויזן זיין אומגעווײנטלעכע פלינקייט. פאַרשטייט זיך, אַז אָט די „קונץ" זיינע האָט מען געהאַלטן בסודי־סודות, עס זאָל ניט דערגיין צום רבין אָדער, וואָס וואָלט געווען גאָר ערגער, צום טאַטן און מאַמען. געטאָן האָט ער עס „לשם שמים" — צו באַווירקן די חברים; זיי

זאָלן אים אָנערקענען פאַר זייער מנהיג, ווען ער וועט זיי אַריינגעמען אין דער „יידישער אַרמיי"...

ער האָט באַוויזן נאָך אַ קונץ, וואָס האָט געפאָדערט גרויסע געשיקטקייט. הגם עס איז ניט געווען אַזוי לעבנאַיינשטעלנדיק ווי דורכלויפן צווישן די פליגלען פון אַ ווינטמיל בעת אַ שטורעם.

ער האָט זיך אַרויפגעכאַפּט אויפן דייקסל פון ווינטמיל און האָט זיך געלאָזט גיין אויף דעם אַרומגעטעסעטן רונדיקן גלאַטן באַלקן און דערגאַנגען ביזן בריקל פון מיל, וואָס איז געווען פון דער ערד אַ צוויי שטאָק הויך און אַמאָל טאָקע דריי שטאָק. ווען ער האָט עס געטאָן, האָט ער געהאַלטן אין איבערחזרן די פסוקים: „כי בכה אָרוץ גדוד באלה, אדלג שור... תרחיב צעדי תחתני ולא מעדו קרסולי" 1).

אַבקע האָט דעמאָנסטרירט זיין געשיקטקייט פאַר אַ כאַפּטע חברים, צווישן וועלכע עס האָט זיך געפונען אויך זיין עלטערער ברודער און זיין ברודערס חברים, בית־מדרש־בחורים. וועלפקע האָט דעמאָלט געלערנט מיט זיין פאָטער אַ צוויי שעה אין טאָג. די איבעריקע צייט האָט ער געלערנט פאַר זיך אין בית־מדרש. ער איז שוין געווען אַ בקי, געקענט האַלב ש"ס אויף אויסנווייניק.

די דעמאָנסטראַציע האָט ער דורכגעפירט מיט אַ מיין: זיי זאָלן זען, אַז ער איז ראוי און מסוגל צו ווערן זייער פירער, זייער מנהיג, ווען ער וועט זיי רעקרוטירן און שאַפן פון זיי זיין גרויסן חייל, וואָס ער האָט גערופן „אסטרטיא".

עס איז פרייטיק נאָך האַלבן טאָג. אַבקע ווייזט זיינע קונצן.

גיין אויפן דייקסל אַרויפצו און זיך דערקלייבן ביזן בריקל, — דאָס האָבן געקענט אויך אַנדערע בחורים; וואָס קיינער האָט ניט געקענט, נאָר בלויז ער, איז גיין אויפן דייקסל הינטערוויילעכץ, מיטן רוקן צום בריקל. אַלץ, וואָס ער האָט פאַרלאַנגט פון זיינע צוקוקערס, איז געווען, זיי זאָלן אים זאָגן, אַז ער איז שוין צוגעקומען צום סאַמע בריקל, וועט ער זיך געבן אַ דריי־אויס און זיך אָנכאַפּן אָן די שטאַכעטן פון גאַנעק און ניט געבן זיך אַ בוכצע צו דער ערד פון אַזאַ הויך, פון וואָס ער וואָלט, חס־ושלום, געקענט מיאוס אָפּשניידן, אַרויס בריסוק איברים.

ער איז שוין דורכגעגאַנגען איין מאָל און צוויי מאָל די גאַנצע לענג פון דייקסל אָן קיין מכשול; אַלץ איז כשורה; אַלע האָבן באַוואונדערט זיין לייכטן טראָט און זיין געשיקטקייט אין באַלאַנסירן זיין קערפּער, אין קאָנטראָלירן זיינע באַוועגונגען. ער גייט איצט צום דריטן מאָל און עס וועט שוין זיין געענדיקט; ער איז שוין מיד. די בחורים האָבן זיך, הפנים, מתקנא געווען אין אים, און ווען ער האָט געהאַלטן אַ צען טריט פון בריקל, האָבן זיי אויסגעשריגן „בריקל!". ער האָט אָבער געפילט, אַז ער איז נאָך ניט דערגאַנגען און ער האָט געשטעלט נאָך עטלעכע טריט, דאָס מאָל האָט אויך זיין ברודער מיטגעשריגן מיט אַלעמען: „בריקל!". אים האָט ער געגלייבט. האָט ער זיך געגעבן אַ דריי־אויס מיטן פּנים צום בריקל און דערזען, אַז ער האָט זיך ניט און וואָס אָנצוכאַפּן, אַז ער פאַרלירט דאָס גלייכגעוויכט פון פלוצלונגן דריי און פון שרעק — און פאַלט אַראָפּ.

---

1) שמואל ב', כ"ב, ל'—ל"ז.

דער זעץ אין דר׳ערד איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז ער איז אָפּגעלעגן א־בער אַ שעה איידער ער האָט זיך געקענט אויפהייבן.

נאָך דעם אַראָפּפאַל האָט ער פאַרלאָרן זיין גאַנצע געשיקטקייט. ער האָט דערנאָך, מיט וואָכן שפּעטער, עטלעכע מאָל פּרובירט גיין אַרויפצו אויפן דייקסל מיטן פּנים צום בריקל, אַ זאַך, וואָס איז ביי אים געווען פאַר דעם אַ קלייני־קייט, אַ שפּאַס, נידעריקער פאַר דער ווערדע פון זיין געשיקטקייט, און ער האָט ץס איצט בשום־אופן ניט געקאָנט באַוויזן. די שרעק פאַרן אַראָפּפאַלן האָט אים אַראָפּגעוואָרפן פון דייקסל גלייך ביי די ערשטע טריט ווען ער איז נאָך געווען נאָענט צו דער ערד. און וויפל ער האָט זיך ניט געמיט צוצוגעבן זיך שטאַר־קייט, זיכערקייט פון טראָט מיט זאָגן די פּסוקים 1) און שטעלן דעם טראָפּ אויף „לא מעדו", האָט אים גאָרניט געהאָלפן.

אַבקע האָט פיל נאָכגעטראַכט וועגן אָט־דעם פאַל. ער האָט געזען און גע־שטוינט, צו וואָס קנאה קען דערפירן אַפילו אַן אייגענעם לייבלעכן ברודער. ער האָט גענומען באַגרייפן, ווי שווער עס וועט אים זיין צו שאַפן אַן אַרמיי, וואָס מוז זיך האַלטן אויף העכערע און נידעריקערע ראַנגען. וואָס וועט ער טאָן קעגן דער קנאה, וואָס די נידעריקערע וועלן פילן צו די העכערע?

אַ צווייטן מאָל האָט ער געהאַט אַ געלעגנהייט צו זען, וואָס פאַר אַ בעל־מקנאניק זיין ברודער וועלפקע איז.

ער האָט געדאַרפט פאַרענדיקן אַ פּאָר בלאָט אין בבא מציעא. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן שנעלקייט פון תפיסה, גיין צום פאָטער אויף אַ פאַרהער און קריגן דערפאַר אַ פּאָר פונט ניס ווי אַ מתנה.

ער זוכט אַרום זיין גמרא און ער קען זי ניט געפינען. דעם טאַטנס גמרא האַלט וועלפקע, אַ צווייטע גמרא האַלט דער „רעזשיצער", און זיין אייגענע גמרא איז נעלם געוואָרן, ווי די ערד וואָלט געעפנט איר מויל און זי איינגע־שלונגען.

תחילת ווינטער. די דינסט גייט הייצן דעם אויוון. זי וויל אַריינשטעלן די שייטלעך האָלץ, ערשט דער אויוון איז אַ פאַרשטאָפּטער.

און וואָס האָט זי אַרויסגעשלעפּט? אַבקעס גמרא בבא מציעא.

## 91

## דער מתמיד

וועלפקע איז אַ גאָר גרויסער מתמיד און ער האָט אַ גאָר טיפע תפיסה. ער וואַקסט אַ גאון אין לומדות און אַ גרויסער צדיק אין פרומקייט. ער לייגט זיך שלאָפן לאַנג נאָך האַלבער נאַכט. ער שלאָפט מיט הענטשקעס אויף ביידע הענט, כדי ער זאָל מעגן גלייך נאָכן אויפכאַפּן זיך נעמען לערנען אויסווייניק.

1) שמואל ב׳, כ״ב, ל׳—ל״ז.

ער איז מקיים דעם „והגית בו יומם ולילה" 1). ער איז ניט מפסיק אין לערנען אויף איין אויגנבליק. ווען ער גייט, ריכטיקער איילט, דורך דער גאַס, פון דער קלויז אַהיים, כאַפּן עפּעס איבערבייסן, לערנט ער אויף אויסנווייניק. ער זאָגט דף נאָך דף, שעפּטשנדיק שטיל. פון די קעשענעס אין זיין איבערמאַנטל הענגען אַראָפּ צוויי שנופּטיכלעך; זיי דינען ווי אַ מחיצה צווישן אים און דער דרויסנ־דיקער וועלט, און דערהויפּט ווי אַן אָפּצאַמונג, ווען עס מאַכט זיך אים דורכ־צוגיין בהסח הדעת צווישן צוויי נשים, אַזוי אַז זיין זכרון זאָל ניט געשעדיקט ווערן.

ער לערנט אויפן קול. ער האָט אַן איינגענעם־קלינגענדיקע שטים. אָבער דער ניגון, מיט וועלכן ער לערנט, איז אַן אָנגעווייטיקטער מיט עצבות, איז באַ שפּרינקלט ווי מיט טרערן. ער לערנט גאַנצענע טעג ביז שפּעט נאָך האַלבער נאַכט אין דער אונטערשטער קלויז, כמעט אַ קעלער פון אַלטן בית־מדרש. צוויי מאָל אַ וואָך איז ער אויף משמורים.

אַנטקעגן דעם בית־מדרש האָט זיך גראָד געפונען די וווינונג פון נאַטשאַל־ניק, דעם הויפּט פון שטאָט. וועלפּקע מיט זיין לערנען דורך די נעכט האָט אים און זיינע בני־בית ניט געלאָזן שלאָפן. ער האָט געמאַכט אַ שריפטלעכע אָנפראַגע ביים רב: ווער איז עס, וואָס וויינט גאַנצענע נעכט אויפן קול אין דער באָזשניצע (גאָטס הויז)? ער האָט געבעטן, מע זאָל אים איינשטילן אָדער באַזייטיקן.

פאָלג מיך אַ גאַנג: גיי דערקלער אַ גוי, אַ מיטגליד פון אַן „עם הדומה לחמור" 2) (אַ פאָלק, וואָס איז געגליכן צו אַן אייזל), וואָס עס איז אַ יידישער מתמיד און אַז אויף תורה־לערנען שטייט די יידישע וועלט און אַז אַט־דער קול־יעקב איז דער אמתער נר־תמיד, וואָס טאָר אין בית־ישראל נישט אויסגעלאָשן ווערן, נאָר מוז ברענען און לייכטן טאָג און נאַכט.

אַבקע איז אויך געווען שטאַרק פרום. ער איז אויך געווען אַ מתמיד. אָבער ווי קומט ער צו זיין עלטערן ברודער! ער באַזיצט ניט יענעמס „חילק לאוריי־תא" 3); ער האָט ניט יענעמס כוח און גבורה; ער איז אַ חלוש. זיין פאָטער דער־וואַרט פון אים זייער ווייניק. צום לערנען דאַרף מען האָבן אַ סך כוחות. זיינע גלענצנדיקע האָפענונגען לייגט ער אויפן בכור. און וווהין יענער וועט גיין, וועלן זיינע יינגערע ברידער נאָכגיין, ווי קעלבלעך נאָך אַ קו.

אָבער אַבקע לאָזט זיך ניט מבטל־מאַכן. ער האָט אַ לייכטע תפיסה, וואָס איז עפּעס איבערנאַטירלעכס.

דער גענעראַל־גובערנאַטאָר פון גאַנץ פוילן פאָרט אַדורך אָסטראָוו. די שטאָט גייט כאַדאַראַם. דער רב מיט די „פני" פון שטאָט זענען אים מקבל־פנים מיט ברויט און זאַלץ און אַ ספר־תורה.

אָט פאָרט ער פאַרביי אין זיין פּראַכטפולער קאַרעטע דעם אַלטן בית־מדרש. קאָזאַקן רייטן פאָרויס און דראַגונערס רייטן פונהינטן. אַ גאַנצע מחנה מיט אָפיצירן און גענעראַלן מיט דריי אָרקעסטערס באַגלייטן אים. עס טוט זיך

---

1) יהושע א', ח'.

2) מדרש תנחומא, וירא, כ"ג.

3) בבא מציעא, פ"ד.

מעשים; עס קערט זיך הימל און ערד; עפּעס אַ קאַטאַוועס: דער גענעראַל־גובערנאַטאָר פאָרט דורך דער שטאָט אין אַן אָפענער קאַרעטע! אַ גרויסע געשעעניש, וואָס פּאַסירט איין מאָל אין אַ יובל. אַבקע, אַן אויפגערודערטער, אַ צעהיצטער פון נאָכלויפן נאָך דעם קרוב־למלכותדיקן פאַרער און זיין סוויטע פון אויסגעשטראַלצלטע רייטערס און פול התפעלות פון דעם גאַנצן פּאָמפּ און פּוראַר, לויפט אַריין אין קלויז צום ברודער, צו וועלפקען. די קלויז איז אַ פּאַרלאַזענע. מען באַנוצט זי מער ניט צום דאַווענען. זי ליגט אַריינגעגראָבן אין דער אדמה, פאַרנעצט פאַרשימלט און פאַרפּליעסנעט, ווייל קיינער שמעקט אַהין ניט אַריין. דעריבער האָט זי וועלפקע אויסגעקליבן פאַר זיין מקום; דאָ וועט אים קיינער ניט שטערן צו לערנען אָן איבעררייס און טאַקע זיך פאַרטיפן אין לערנען.

אַבקע האָט ניט געקענט צולאָזן דעם געדאַנק אַז זיין ברודער זאָל ניט זען די וווּנדערלעך־אויסגעפּוצטע שררות. און ער שרייט אויס אַ פאַרסאָפּעטער:

— לויף אַרויס אויפגיך! שוואַלאָוו פאָרט פאַרביי מיט זיין גאַנצער סוויטע!

וועלפקע האָט זיך ניט גערירט פון אָרט. ער האָט אַבקען בלויז צוגעוואָרפן אַ בליק פול מיט פאַראַכטונג, פאַרדאַמונג און ביטול.

וועלפקע האָט אין דעם מאָמענט געהאַלטן אין דורכשווימען אַ ר״ן, וואָס האָט זיך צעגאָסן, מעשה געוויסער אין פרילינג, איבערן גאַנצן בלאַט. ער האָט דעמאָלט געלערנט נדרים. וועט ער מפסיק־זיין אין מיטן לערנען, כדי אָנצוקוקן אַן ערל טמא, אַ שוואַלאָוו! זיין מרכבה, מ׳שטיינס־געזאָגט, און די חיילות, וואָס באַגלייטן אים, — וואָס פאַר אַ ווערדע און באַטרעף האָבן זיי לגבי דער אייביקייט, לגבי דעם מלך מלכי המלכים׳ס תורה! אַ גענעראַל־גובערנאַטאָר — אויך מיר אַ מורינו ורבינו! ער איז דאָך אַ שטיקל משרתל ביי אַ מלך־אביון, וואָס איז אַ בשר ודם...

וועלפקע האָט דאָס אַלץ געזאָגט מיט דעם איינעם בליק, מיט וועלכן ער האָט דורכגעשפּיזלט אַבקען. זיין יינגערן ברודער, וואָס ווערט נתפּעל פון די הבלים, די הבלי העולם הזה.

אַבקע איז געבליבן שטיין אין אויגנבליק אַ געפּלעפּטער און איז גלייך אַרויסגעלאָפן, מורא־האָבנדיק צו פאַרלירן איין רגע פון ספּעקטאַקל... ער האָט אָבער געטראַכט, איבערגעטראַכט און באַוווּנדערט זיין ברודערס גרויסקייט, זיין גייסטיקע גבורה: זיך קענען איינהאַלטן און אַפילו ניט אַרויסגיין כאַפּן אַ קוק אויף דעם גענעראַל־גובערנאַטאָר און זיין סוויטע רייטערס מיט זייערע וווּנדערשיינע רייטפערד און זייערע רויטע לאַמפּאַסן אויף די הויזן און די גאָלדענע עפּאָלעטן אויף די אַקסלען, וואָס האָבן געפינקלט אין דער זון און פאַרבלענדט די אויגן.

אַבקע האָט זיך גענומען באַציִען צו זיין ברודער מיט אַן אויסערגעוויינטלעכן יראת־הכבוד. ער פאַרגיט אים אַלע זיינע חטאים קעגן אים, ווי דאָס וועקן אים אין מיטן נאַכט, זיין אָפּנאַרן אים מיטן שרייען „בריקל!" און אַפילו זיין פאַרבאַהאַלטן די גמרא. יאָ, ער איז דער אמתער גבור, וואָס באַוועלטיקט זיין יצר־הרע 1). נישטאָ צו אים קיין צווייטער. אַבקע פילט זיך לגבי אים ווי אַ

1) אבות ד׳, א׳.

קאַרליק לגבי אַ ריז. ער פֿאַלט ביי זיך אַראָפּ. אָבער ער שטאָלצירט מיט דעם, וואָס ער האָט אַ ברודער אַ העלד. ער טרייסט זיך מיט דעם, וואָס ער איז דאָך יינגער מיט דריי יאָר. ער זאָגט זיך צו, אַז ווען ער וועט דערגרייכן יענעמס עלטער, וועט ער אויך דערגרייכן זיין מדרגה פֿון אויסגעטאָנקייט פֿון די אייטל־קייטן פֿון דער וועלט מיט אירע דריי־גראָשענע שררות, גענעראַל־גובערנאַטאָרן און גובערנאַטאָרן, וואָס זיין פֿאָטער גייט זיי באַגעגענען מיט ברויט און זאַלץ און האַלט באַגריסונגס־רעדעס פֿאַר זיי אין רוסיש.

ניט בלויז אַבקע נעמט זיך איבער מיט זיין ברודער; אויך דער טאַטע און די מאַמע פֿילן זיך דערהויבן פֿון דעם, וואָס זיי האָבן די זכיה מגדל צו זיין אַזאַ זון. די גאַנצע שטאָט, ד״ה אַלע, וואָס קומען צום רב, שטאָלצירן מיט דעם, וואָס ביי זייער רב האָדעוועט זיך אַ זון, וואָס וועט פֿאַרשיינען די יידישע וועלט מיט זיין גאונות.

אין שטאָט גרויסט מען זיך מיט וועלפֿקען, אָבער אויך אַבקע ווערט ניט פֿאַרקוקט. מע האַלט פֿון אים און מע דערוואַרט, ער זאָל ניט אָפּשטיין פֿון זיין עלטערן ברודער.

אָבער ניט דער טאַטע, ניט די מאַמע און ניט די שוועסטער דערוואַרטן, אַז פֿון אים זאָל אַרויסקומען עפּעס אַ וויכטיקער יש. מען רופֿט אים „דראכלע״, וואָס מיינט אַ חלוש, אַ קרענקלעכער.

אים קימערט עס ניט. ער בלייבט איינגעגלויבט אין זיך, אין זיינע גייס־טיקע כוחות.

## 92

## אַבקע לערנט אַ קל־וחומר

וועלפֿקע לערנט אין יענער ווילגאָטנער קלויז אַ גאַנצן ווינטער. ער נעמט הוסטן. דער הוסט ווערט ערגער. בלוט ווייזט זיך אין דער ליחה. וועלפֿקע איז קראַנק. דער דאָקטער זאָגט, אַז אויב מ׳וועט עס ניט פֿאַרכאַפּן באַצייטנס, קען ער נאָך אַריין אין דער דער. אַזוי ווי עס גייט צו פֿרילינג, שיקט מען אים אַפּ צום זיידן, ווי מע האָט פֿריִער געטאָן מיט אַבקען. דאָרט, אויף דער פֿרייער לופֿט פֿון אַ סאָסנאָווען וואַלד, וועט ער זיך דערהוילן.

אַבקען האָט זיין ברודערס קראַנקייט געטראָפֿן ווי אַ דונער. ער האָט זיך שטאַרק פֿאַרטראַכט. ער לערנט אַ קל־וחומר: מה דאָך זיין ברודער, וואָס איז געווען אַזוי שטאַרק (ער דענקט איצט אין פֿיזישע טערמינען), איז צעבראָכן געוואָרן, אויף אַזויפֿיל שוואַכט די תורה אָפּ דעם כוח פֿון מענטשן, פֿון לערנער — אַ פּשיטאַ שוין ער, אַבקע; ער וועט דאָך זיכער צעשמעטערט ווערן און וועט בשום־אופֿן, מחמת זיין שוואַכן געזונטצושטאַנד, ניט קענען דערגרייכן צו דער מדרגה פֿון אַ גאון. און אויב ניט קיין גאון ווערן, וואָס טויג אים דאָס גאַנצע לערנען? וואָס וועט פֿון דעם אַרויסקומען? זיין ערגעץ אַ רבל אין אַ העק, דאָס איז ניט קיין צוקונפֿט פֿאַר אים. דאָס איז ניט קיין דרך. אין לערנען וויל ער דערגרייכן אָדער גאָר אָדער גאָרנישט. אָדער דעם העכסטן שטאַפּל, אָדער ער

וועט אינגאַנצן ניט קלעטערן אויף דער לייטער. בלייבן ערגעץ שטעקן אינמיטן, ניט אַהין און ניט אַהער — וויל ער ניט, שטייט אים ניט אָן.

דאָס און נאָך עפּעס.

אַבקע האָט באַמערקט אַז צווישן זיין טאַטן און זיין מאַמען קומען פאַר איבערריידענישן, שיער ניט אמפּערנישן. וועגן וואָס און איבער וואָס? מכוח דער מאַמעס התנהגות בנוגע באַזאָרגן די נויטבאַדערפטיקע, מיט וואָס זי האָט זיך כסדר אָפּגעגעבן.

דער טאַטע האָט געטענהט:

— צדקה־געבן איז גאָר אַ גרויסע מצווה. עס וועגט אַריבער אַלע איבעריקע מצוות [1]; עס ראַטעוועט אַפילו פון טויט [2]. ווען איז עס גערעדט געוואָרן? ווען איינער גיט אַוועק זיינס, וואָס ער פאַרמאָגט. אָבער זיין אַ בעל־צדקה אויף יענעמס קעשענע. אויף אַ פרעמדנס חשבון, — איז ניט קיין מצווה, נייערט אַן עבירה. דו גיסט אַוועק דאָס, וואָס איז ניט אונדזערס, דו גיסט אַוועק פרעמד געלט. איך בין פאַרוויקלט אין חובות ביז דערשטיקט צו ווערן; דו גיסט אַוועק פרעמדע האָב־און־גוטס. מע טאָר עס ניט טאָן.

אַבקעס מאַמע, די רביצין, חיה־אסתר, איז פון רבס איסור ניט נתפּעל געוואָרן. זי טענהט צוריק. זי ענטפערט:

— דו, אַז דו וועסט קומען נאָך הונדערט און צוואַנציק יאָר אויף יענער וועלט, וועסטו קריגן דיין גרויסן חלק עולם־הבא פאַר דיין לערנען. דו האָסט עס כשר פאַרדינט. דו זיצסט על התורה ועל עבודה, לערנסט יום ולילה, שרייבסט חידושי תורה. איך בין אַן אשה; ווען איך וואָלט אַפילו לערנען, וואָלט זיך עס ניט גערעכנט; מיר וועט מען דערפאַר ניט צאָלן. מע פאָדערט עס ניט פון מיר. מע דערוואַרט עס ניט פון מיר. לערנען איז ניט מיין זאַך. איז פאַר־וואָס וועל איך קריגן עולם־הבא? לעבן אין דיין זכות, — וויל איך ניט. איך וויל האָבן אין הימל אַן אייגענעם חשבון. איז וואָס בלייבט מיר צו טאָן? איין און איינציקע זאַך: מקיים זיין דעם „פּזר נתן לאביונים צדקתו עומדת לעד" [3] — (ער טיילט פאַנאַנדער, ער גיט די באַדערפטיקע; זיין צדקה באַשטייט אויף אייביק).

אַבקע איז ניט אַריין אין דעם, ווער פון זיי איז גערעכט. ניט וועגן דעם האָט זיך עס געהאַנדלט אין זיין קאָפּ און האַרצן. ער האָט געאורטיילט בערך אַזוי:

— מיין טאַטע איז דער בעסטער מענטש, וואָס לעבט אויף גאָטס וועלט, חוץ ר' ניסנען. מיין מאַמע איז די בעסטע און שענסטע פרוי, וואָס איז פאַראַן אויף דער וועלט. און אויב אָט־די צוויי קענען צווישן זיך ניט דורכקומען און זייער צוזאַמענלעבן פליסט ניט אינגאַנצן גלאַט אָן פעלבלעך, אָן קנייטשן, אָן קאַרבן, איז עס אַ סימן מובהק, אַז דאָס לעבן פון מאַן מיט אַן עזר כנגדו טויג ניט. לכן וועט ער, אַבקע, ניט חתונה האָבן. דאָ האָט ער זיך ניט אָפּגעשטעלט, נייערט געצויגן דעם פאָדעם פון געדאַנק ווייטער: וויבאַלד ער וועט בלייבן אַן אַלטער בחור, אַ רווק, וועט ער ניט קענען זיין קיין רב; אַ רב מוז האָבן אַ רביצין, און אויב ניט זיין קיין רב, איז אויף וואָס טויג אים דאָס לערנען כסדר גמרא!

---

1) בבא בתרא, ט'.
2) משלי, י', ב'.
3) תהלים, קי"ב, ט'.

נאָך דער אַרגומענטאַציע און צ׳עזן מסקנות פון זיין הויפּט־הנחה, איז ער געוואָרן גלייכגילטיק צו די שאַרפע שכלדיקע איינפאַלן פון „קצות״, צו די שוין גאָר געפּעפּערטע פּלפּולים פון צל״ח, פון נודע ביהודהס, ר׳ עקיבא איגערס „שאלות ותשובות״, צום „כרתי ופלתי״, צום „שב שמעתתא״. זיי זענען ניט פאַר אים. אָט־דער איבערבראָך, וואָס איז פאָרגעקומען אין אים, האָט אים אַריינגעוואָרפן אין אַן אומעט. אַלע זיינע בריקן זיינען איינגעפאַלן, אַלע שיפן דערטרונקען. ער האָט פאַרלאָרן זיין וועג און באַשטרעבונגס־פּונקט אין לעבן.

אַבקעס פאָטער האָט אָט־די ענדערונג אין זיין זון ניט באַמערקט. ער האָט זיך אָבער איצטער מער אָפּגעגעבן מיט אים. זיין אָפּגעבן זיך מיט אים און זיין אַכטונג געבן אויף אים איז באַשטאַנען אין איין זאַך, און דאָס איז — ניט לאָזן אים צופיל לערנען, זיין אַ צו־גרויסער מתמיד. אַבקעס התמדה האָט דערווייל אָנגעהאַלטן דורך אינערציע, כמעט אויטאָמאַטיש און, צו אַ געוויסער מאָס, אויס פאַרצווייפלונג: ער האָט ניט וואָס צו געווינען און וואָס צו פאַרלירן. ווען ער האָט געלערנט שפּעטלעך ביי דער נאַכט, האָט ער געהאַלטן די פיס אין אַ מעדניצע מיט קאַלטן וואַסער, כדי ער זאָל ניט איינדרעמלען. ווען זיין פאָטער האָט עס דערזען, האָט ער אויף אים אָנגעשריען. מע טאָר עס ניט טאָן. ער׳ט קריגן רומאַטיזם. ער איז עובר אויפן „ונשמרתם לנפשותיכם״.

אַבקעס פאָטער האָט אַצינד שטאַרק פאַרדראָסן, הלמאי ער האָט זיך ניט צוגעהערט צו די וואָרנונגען פון אייניקע פריינט, אַז זיין זון, וועלפקע, כאַפּט איבער די מאָס הן אין התמדה און הן אין פרומקייט, און וואָס צופיל טויג ניט, „כל יתר כנטול דאי״ 1). ער האָט זיי געענטפערט: די ליניע פון זיין הנהגה וועט זיך אויסגלייכן ווי פון זיך אַליין. ער זעט איצטער, אַז ניט אַלע מאָל קען מען זיך פאַרלאָזן אויף דעם נאַטירלעכן גאַנג פון זאַכן. מע דאַרף אַכטונג געבן, מער זיך אַריינמישן און ניט דערלאָזן צו עקסצעסן.

די קראַנקייט פון זיין געראָטענעם בכור, פון וועלכן ער האָט אַמאָל געהאַט אַ סך צער און עגמת־נפש, מחמת זיינע שטיפעריייען, און לעצטנס אַ סך נחת, וואָס האָט אים מער ווי קאָמפּענסירט, האָט אים געטראָפן ווי אַ דונערקלאַפּ פון אַ לויטערן הימל, גאָר אומדערוואַרט.

## 93

## ר׳ יהודה לייבס חשבון הנפש

לעצטנס האָט אַבקעס פאָטער פיל געטראַכט און מיט פיין וועגן זיין אַריבערפאָר פון יאַגוסטאָוו קיין אָסטראָוו. ער, אַ רב אַ משכיל, וואָס איז געווען גוט באַהאַוונט אין דער רוסישער ליטעראַטור און באַקאַנט מיט דער דייטשער, האָט ניט געדאַרפט אַריינפאַלן אין אַ סביבה פון פאַנאַטיקערס, פון פינצטערלינגס־פלעדערמייז, וואָס גלייבן באמונה שלימה, אַז זייערע רביים, וואָס ס׳רוב פון זיי קענען אַפילו ניט לערנען, האָבן ניט קיין סמיכות אויף רבנות, קענען ווייזן וווּנדער, זענען

1) חולין, ב״ה.

גאַנצע ר׳ שמעלקעס אין פמליא של מעלה, זענען באַזעסן פון רוח־הקודש, קענען אָפּשרייען גזירות, זענען פאַרויס די צוקונפט, שאַלטן און וואַלטן איבער די מערכות פון קימפּעטאָרנס און פון צו מיליטער־דינסט זיך שטעלנדיקע, האַלטן אין זייער בוזעם־קעשענע דעם שליסל צום פּרנסה־קאַמער. אים האָט, ממש, ווײ־געטאָן, וואָס ייִדן, קינדער פון אברהמען, וואָס האָט מיט אַזױפיל יאָרן צוריק באַקעמפט געצנ־דינסט, אָבערגלויבערייען; קינדער פון דעם עם חכם ונבון 1), פון קלוגן און פאַר־שטענדיקן פאָלק, זאָלן זיין פאַרזונקען אין מ״ט שערים פון שטותעריי, וואָס איז אַ מין טומאה, רחמנא ליצלן.

ער האָט זיינע געפילן אונטערדריקט, די געדאַנקען פאַרשטיקט אין זיך, ניט געהאַט פאַר וועמען פון האַרצן זיך אַראָפּרעדן. דאָס שטיקן אַלץ אין זיך האָט אים קיין געזונט ניט צוגעגעבן. אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער פאַרנעמט אַ פאַלשע פּאָזיציע. ער געפינט זיך אין אַן אומגעזונטן מצב. פונקצייטצוצייט האָט זיין אומ־צופרידנקייט זיך אַרויסגעריסן פון אים אין אַ ביטערער זאָגעכץ. אין ס׳רוב פאַלן האָט ער פאַרשוויגן און געדולדעט די „ווילדע שטיק״, וואָס די חסידים האָבן גע־פּראַוועט ביי אים אין הויז צו שלוש־סעודות, צו מלווה־מלכה, אָדער אין סוכה צו שמחת בית השואבה. אָבער דאָס איבערגוואַלדיקע שוויגן האָט אונטערגעגראָבן זיין געזונט.

ער האָט זיך געמאַכט גרינג דאָס האַרץ מיט דעם, וואָס די חסידים באַזיצן איין גרויסע מעלה, וואָס קאָנטערבאַלאַנסירט אַלע זייערע חסרונות, און דאָס איז זייער פריילעך זיין, זייער קענען זיך משמח־זיין. זיי גייען ניט אַרום ווי די מתנג־דים אָנגעכמורעטע, פּאַראַבלטע, געבויגענע אין דרייען אונטער דער לאַסט פון אַ שולדיקייט־געפיל און דערשראָקענע פאַר זייערע זינד, האַלטנדיק זיך, ווי אַ קינד ביי דער מאַמעס פאַרטעך, ביים פּסוק „אשרי אדם מפחד תמיד״ 2). זיי זענען הור־ליאַנקעס, פריילעכע לונגאונלעבערס. זיי מאַכן זיך ניטוויסנדיק פון זייער אָרעמ־קייט, דחקות אין הויז; ביי אייניקע פון זיי איז ניטאָ אַפילו קיין מזון סעודה אחת, קיין צוגעגרייטע שפּייז אויף איינמאָל אָפּצועסן ניט פאַר זיך און ניט פאַר ווייב און קינד, און דאָך זענען זיי זאָרגלאָז, ווי די פייגעלעך וואָס טיוויטערן אויף די צווייגן פון ביימער; זיי האָבן בטחון, גלייבן אין השגחה פּרטית און זענען זיכער, אַז דער טאַטע אין הימל וועט זיי ניט פאַרלאָזן.

פאַר זייער שטענדיקער אויפגעלויטערטקייט האָט אָבקעס פאַטער אַט־די פאַנאַטיקער זייער פיל פאַרגעבן. ווען ניט אַט־די ותרנות זיינע וואָלט ער בפּועל ממש ניט געקענט איינזיצן אויף דעם כסא הרבנות אין אַט־דער פאַרחושכטער שטאָט.

אָבער אויך מיט דער דאָזיקער פאַרגעבעכץ און קאָמפּענסאַציע האָט זיין סובל־זיין אַט־די פּינצטערלינגס אים געקאָסט שטיקער געזונט. און כדי אינגאַנצן צו פאַרגעסן זיך וועגן דעם אָבסקוראַנטישן אַרום, האָט ער זיך אַריינגעטאָן מיטן גאַנצן אימפּעט אין צוגרייטן צום דרוק אַ חיבור פון שאלות ותשובות אויף אַלע

---

1) דברים, ד׳, ו׳.

2) משלי כ״ח, י״ד.

פיר טיילן פון שולחן־ערוך, „אורח חיים". „יורה דעה", „אבן העזר" און „חושן המשפט".

ר' יהודה לייב איז געשטאַנען אין שפּיץ פון דער קהלה קדושה. ער איז געווען דער מרא דאתרא אין פולן פּשט פון וואָרט בנוגע יידישע ענינים: מיט יעדער שטאָטישער אָנגעלעגנהייט איז מען געקומען צו אים; אויף יעדן שטאָטישן מוסד האָט ער געדאַרפט האַלטן אַן אויג. דערהויפּט האָט ער אַכטונג געגעבן אויף די שוחטים און אויף די קצבים. ער האָט אויך באַזאָרגט מיט פלעצער ביי באַלעבאַטים, זוי אורחים אויף די יום־טובים, די זעלנער. אין קאַמאַראָוו, וואָס איז געווען אַ מין פאָרשטאָט פון אָסטראָוו, איז געשטאַנען אַ גאַנצע דיוויזיע, ד"ה פיר רעגימענטן, און צווישן זיי האָבן זיך געפונען עטלעכע הונדערט יידן. דערצו האָבן דין־תורות צוגענומען ביי אים אַ היפּש ביסל צייט. די בית־דין־שטוב איז נים געשטאַנען קיין ליידיקע. יידן האָבן געפירט געשעפטן אויך צווישן זיך און אין ערכאות של עכו"ם איז מען ניט געגאַנגען; ווען ס'זענען אויפגעקומען סיכסוכים, איז מען געגאַנגען צו בית־דין. דעם פסק בית־דין האָט מען מקיים געווען; ווען ניט האָט מען, אויב דער ניט־פאָלגער איז געווען אַ מתנגד, מעכב הקריאה געווען אין בית־מדרש, ווו יענער האָט געהאַט זיין שטאָט; ווען אַ חסיד, — אין דעם געהעריקן שטיבל. בית־דין האָט געשיקט דעם שמש און געלאָזט וויסן וועגן דעם, אַז דער און דער איז ניט צייַת און מ'זאָל ניט לייענען אין דער תורה, סיידן ער וועט צוזאָגן צו פאָלגן בית־דין.

עס איז באַקאַנט דאָס שאַרף־וויציקע גלייכווערטל פון ר' יאָשע בער סאָלאָוויטשיק:

עס זענען פאַראַן צוויי, וואָס וויסן ניט פון זייער כוח, און ווען זיי וואָלטן עס געוווּסט, וואָלט די וועלט קיין קיום ניט געקענט האָבן. איינער איז אַ סטראַזשניק אין אַ קליין יידיש שטעטל; ווען ער ווייסט, וויפל כוח ער פאַרמאָגט, וואָלט מען פון אים, דעם מלך בגדוד, ניט געקענט אויסהאַלטן. דער צווייטער איז אַ רב אין אַ גרויסער שטאָט; ווען ער ווייסט, וויפל כוח ער האָט ניט, וואָלט די קהלה קדושה גלייך אונטערגעגאַנגען.

אָסטראָוו איז קיין גרויסע שטאָט ניט געווען און אין איר איז דער רב געווען אַ מאָראַלישער, רעליגיעזער און יורידישער כוח. אַפילו דער מלוכהשער פרידנסריכטער פלעגט צום רב אָפּשיקן ליטיגאַציעס, ער זאָל אַרויסטראָגן זיינע פּסוקים. ער האָט געהאַט געגוג צרכי־ציבור. ער איז געווען אַ טרוד. איז ווען איז אים געבליבן צייט צום לערנען? פרי פאַרטאָג און גאָר שפּעט ביי דער נאַכט, ווען אַלע שלאָפן. און ווען ער האָט זיך פאַרנומען מיט זיין חיבור איז ער אויפגעווען גאַנצענע נעכט. און אַז ער האָט דורכגעפּראַצעוועט דעם ווינטער מיט זיינע לאַנגע נעכט און ער האָט נאָך אַלץ געהאַלטן אין מיטן שרייבן זיין ווערק, האָט ער גענומען פילן שרעקלעכע ווייטיקן אין קאָפּ. עס איז איצט געגאַנגען צום פרילינג, געוואָרן וואַרעמער און די טעג לענגער און ליכטיקער, אָבער ער האָט זיך דערפילט גאָרניט פרילינגדיק.

ער איז קראַנק, מוז אָפּשטעלן זיין אַרבעט אינמיטן און זיך באַראַטן מיט דאָקטוירים.

## 94

# חשבון־הגוף

אין אָפּטראָוו איז צו דער צייט קיין ייִדישער דאָקטער ניט געווען. די קראַנקע ייִדישע באַפעלקערונג איז באַדינט געוואָרן פון פּוילישע מעדיקערס. איינער פון זיי האָט געהייסן כאַרוסעוויטש. ער איז געווען דעם רבס אַ שכן. זיין הויז האָט זיך געפונען אין זעלביקן געסל, נאָר אַנטקעגנאיבער. כאַרוסעוויטש האָט, לויט זיינע גאָר מאָגערע מעדיציניִשע קענטעניִשן, אָנגענומען, אַז אָט־די קאָפּווייטיקן זענען אַ פּועל־יוצא פון אַ מאָגנקראַנקייט. לכן האָט ער אַוועקגעשטעלט דעם קראַנקן רבי אויף אַ כמעט הונגער־דיעטע.

דעם שטעטלשן עסקולאַפּ איז גאָר נישט איינגעפאַלן, אַז דער פּאַציענט איז, פּשוט, איבערגעהאָרעוועט, ניט־דערשלאָפן, צופיל אָנגעשטרענגט, אויסגעשעפּט און אין וואָס ער נייטיקט זיך איז, קודם־כל, אין רו: מער שלאָפן, מער עסן, כדי זיך צו דערהוילן און קומען צו זיינע כוחות. כאַרוסעוויטש האָט אָבער אין זיין דיאַגנאָז און פּראָגנאָז גענומען די פאַרקערטע ריכטונג.

דעם חולה איז מיט יעדן טאָג געוואָרן ערגער; די ווייטיקן זענען געוואָרן אומדערטרעגלעך; די כוחות זענען אים ממש אויסגעגאַנגען. אין אַ משך פון עטלעכע וואָכן האָט דער דאָקטער דערפירט דעם פּאַציענט צו אַזאַ צושטאַנד פון חולשה, אַז ער איז מער ניט געווען בכוח אַליין צו לייגן תפילין און אַבקע האָט אים דערביי געדאַרפט אַרויסהעלפן. פאַרציִען דעם קשר, אַרומוויקלען די רצועות, אויך זיינע פיס האָבן זיך גענומען אָפּזאָגן אים צו דינען. ער האָט אַליין אָן זיך אָנלענען אויף עמיצנס אַקסל, ניט געקענט דורכגיין דעם שמאָלן שלאָפצימער.

איז געבליבן, נאָך אַ קורצער באַראַטונג מיט באַלעבאַטים פריינט, צו נעמען דעם חולה קיין וואַרשע. אין וואַרשע איז געווען צו יענער באַרימט פאַר אַ גרויסן מעדיקער פּראָפעסאָר באַראַנאָווסקי. וועגן אים האָבן צירקולירט צווישן דער ייִדישער באַפעלקערונג כמו־לעגענדעס. פון זיין פּראָפעסאָר אויפן מעדיציניִשן פאַקולטעט האָט אים די רוסישע רעגירונג מעביר־געווען פאַר זיין פאַרברעכן און חוצפּה. ער האָט דעם גענעראַל־גובערנאַטאָר געענטפערט אין פּויליש, זיך אַנטזאָגט צו רעדן רוסיש. באַראַנאָווסקי האָט געשמט פאַר אַ גרויסן פּוילישן פּאַטריאָט און צו דער אייגענער צייט אַן אוהב־ישראל און אַפילו אַ „מוקיר רבנן", געהאַלטן פון רבנים און „גוטע ייִדן".

ער האָט דעם קראַנקן רבי אויפגענומען זייער פריינטלעך. מיט אים, וואָס איז ניט געווען געשיקט אין פּויליש־רעדן, האָט ער גערעדט רוסיש. פאַר זיין אונטערזוכונג און באַהאַנדלונג בשום־אופן ניט געוואָלט נעמען באַצאָלט. לויט דעם איינדרוק, וואָס דער חולה האָט אויף אים געמאַכט, האָט ער זיך משער געווען אַז ער האָט צו טאָן מיט איינעם, וואָסליידט אויף דער קראַנקייט שוין אַ יאָר דריי. אַז מע האָט אים איבערגעגעבן ווי ד"ר כאַרוסעוויטש (ער איז מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער געוואָרן דער הויפּט פון דער פּוילישער קאָלאָ אין דער „דומע") האָט באַהאַנדלט דעם קראַנקן און אַז די קראַנקייט איז בלויז פון אַ

פֿאַר וואָכן דוראַציע. איז ער געווען אויסער זיך פֿון דער אומוויסנהייט פֿון שטעטלשן דאָקטער. באַראַנאָווסקי האָט געגעבן אינסטרוקציעס ווי דעם חולה צו באַהאַנדלען, אויך שריפֿטלעכע אָנווייזונגען צום היימישן פּראַקטיצירער. ער האָט אויך רעקאָמענדירט אַ פּוילישן קוראָרט. די קראַנקייט האָט ער דעפֿינירט ווי די „באַזעדאָוו־מחלה״. עס איז אַ נערוון־קראַנקייט. זי הייסט אויפֿן נאָמען פֿון דייטשן מעדיקער קאַרל פֿאָן באזעדאָוו (1799—1854), וואָס האָט זי צום ערשטן מאָל באַשריבן אין 1840. עס איז אַן עקזאָפּטאַלמישע וואַליע. די הויפּט־סימפּטאָמען זענען אַ פֿאַרשנעלערטע האַרצקלאַפּעניש און אַן אַרויסשטאַרטשונג פֿון די אויגן. עס האָט צו טאָן מיט דער פֿאַרשטאַרקונג פֿון דער פֿונקציע פֿון דער טיראָדעיִשער דריז. זי ווערט אויך אָנגערופֿן „באַסיאָ״.

# 95

## רחקע ווערט באַלעבאָסטע

אַבקעס קראַנקער פֿאָטער, מוטער און די עלטערע שוועסטער, בלומע, זע־נען אַוועקגעפֿאָרן אין אַ קוראָרט אין נאָווי־מיאַסטי.

אַבקע, רחקע, משהקע, מאַשקע און דער רעזשיצער זענען געבליבן אַליין, פֿאַרוואָרלאָזטע. אַ פּחד האָט געהויערט איבער דער שטוב. אַ שרעק האָט זיי איינגעהילט און זיי האָבן זיך געטוליעט איינע צו די אַנדערע ווי שעפּסעלעך, וואָס זענען פֿאַרכאַפּט אויפֿן פֿעלד אין אַ שטורעם אָן אַ פּאַסטעך.

אַבקע האָט געציטערט, ער זאָל, גאָט באַהיט, ניט ווערן גאָר אַ יתום. ער דאַוונט געשמאַק, ער בעט גאָט און בעט זיך ביי גאָט ער זאָל זיך דערבאַרעמען.

נאָך יעדן מאָל דאַוונען פֿילט ער זיך געשטאַרקט, קריגט בטחון. ער איז מתפּלל פֿאַר זיין טאַטנס געזונט. און אויב עס פֿעלן אים, חס־ושלום, יאָרן, שענקט ער זיין פֿאָטער אַוועק זיינע יאָרן, זאָל דער רבונו־של־עולם בעמען וויפֿל עס פֿאָדערט זיך, אַפֿילו אַלע יאָרן און אים גאָרנישט איבערלאָזן. ער איז גרייט אַוועקצוגעבן זיין לעבן, אַבי זיין טאַטע זאָל בלייבן לעבן און די ברידער און שוועסטער זאָלן ניט בלייבן קיין יתומים.

נאָך אַ סך בעטן, דאַוונען און וויינען מיט זודיקע טרערן איז ער כמעט ווי זיכער, אַז דער אויבערשטער האָט פֿאַרנומען זיין געבעט. ער וועט ביי אים זיין טאַטן ניט צונעמען. אַזאַ אכזריות וועט ער ניט טאָן. ער איז דאָך אַ בעל־רחמים.

ביי זייער דינסטמיידל האָט ער דערשנאַפּט אַ ביכל, „אבן נגף״, פֿון יעקב דינעזאָן (1856—1919).

אַבקע האָט עס אָנגעפֿאַנגען צו לייענען. עס זיסט, ממש, אויף זיין גומען. עס דערמאָנט אים די גליקלעכע שעהן, וועלכע ער האָט געהאַט מיט „די מעשה מג׳ אחים״. ער איז פֿאַרכאַפּט פֿון סיפּור־המעשה. ער היפּט איבער אין בוך די שטעלן. וואָס גיבן זיך אָפּ מיט זייטיקע זאַכן, וואָס האָבן צו דעם עצם פֿון דער פֿאַבולע קיין שייכות ניט. ער האָט פֿיינט די נאַטור־ און וועטער־באַשריי־

בונגען; די האַנדלונגען און די שמועסן פון די העלדן מאַכן אים אויפּציטערן. אָבער די לאַנדשאַפט־געמעלעכצן קען ער ניט פאַרטראָגן. זיי פאַרהאַלטן דעם טעמפּאָ פון סיפּור, זיי פאַרציִען, פאַרשלעפּן אים. ער האָט פאַר זיי קיין געדולד ניט. זיי געהערן ניט צו דער עיקר־זאַך און ער וואָלט זיי אַרויסגעשמיסן פון בוך.

ער האָט שוין דערלייענט דאָס ביכל ביז צום סאַמע סוף. ער איז דערשלאָגן. דאָס קינד איז געבליבן אַ יתומל און מ׳וועקט עס גיין זאָגן „קדיש“. אַ שרעק באַפאַלט אים. ער אידענטיפיצירט זיך מיט יענעם יִינגל, וואָס אין בוך. ער איז אויפגעקאָכט אויפן מחבר. ווען ער כאַפּט אים, וואָלט ער זיך געוואָרפן אויף אים שלאָגן. ער רעדט צו זיך אין האַרצן און אויך צו רחקען; ער רעדט און רעדט, טאָג נאָך טאָג, און קען זיך ניט שטילן:

— וואָס פאַר אַן אכזר דער שרייבער איז! פאַרוואָס האָט ער מיך געמאַכט אַזוי אומגליקלעך. ער האָט דאָך געקענט ענדיקן גוט. נאָר ער האָט ניט גע־וואָלט, דער צורר!

ווען דער סיפּור־המעשה ענדיקט זיך בכי טוב, האָט אַ גוטן סוף, וואָלט אַבקע דעם מחבר גרייט געווען אָפּצוגילטן; ער וואָלט אים צעקושט און צע־האַלדזט און געבליבן אים דאַנקבאַר אין משך פון זיין גאַנצן לעבן. אָבער דער שונא־ישראל, דער שלעכטער מענטש, דער רשע־מרושע, דינעזאָן, האָט בכיוון אויסגעלאָזן מיט אַ שלעכטן סוף, כדי ער, אַבקע, זאָל זיך פילן אומגליקלעך, כדי ער זאָל ליידן און געפּייניקט ווערן מיטן יתומל.

וואָס האָט דער שלעכטער מענטש, דער מחבר, געוואָלט פון זיינע יאָרן! ער האָט אַבקען פאַרחושכט די טעג, פאַרסמט דאָס לעבן.

פאַרוואָס איז ער אַזאַ שלעכטער! אַבקע וועט עס אים קיינמאָל ניט פאַרגעבן.

די שטוב־באַלעבאַטישקייט און די השגחה אויף די קינדער נעמט איבער רחקע. אויף הוצאות־הבית באַקומט זי זיבן רובל אַ וואָך. דעם רבס שכירות ברענגט איר צו טראָגן דער שמש פון אַלטן בית־מדרש, פאַרבונדן שטייף אין אַ קניפּל פון זיין שנופּטוך.

רחקע פירט די ווירטשאַפט, להיפּוך צו איר מוטערס פירונג, מיט געניִער אויסרעכענונג. זי ציטערט איבער יעדן גראָשן, וואָס זי גיט אויס. זי האָט גע־שפּאָרט און געקאַרגט. אָנשטאָט בולקעס און קוכנס, האָט זי זיי געגעבן עסן שוואַרץ ראַזעווע ברויט. אין דער דיעטע געברויכט זי אַ סך קאַרטאָפל, אַרבעס, בעבלעך, פאַרשיידענע גרויפּנס, הירזש, אָנשטאָט קאַקאַאָ — ציקאָריע; אָנשטאָט רינדערן פלייש — זיי געקאָכט לונג־און־לעבערס און מילצן, וואָס האָבן גע־קאָסט אַ שיבוש; אָנשטאָט פיש — הערינג. קיינער האָט ביי איר ניט געהונ־גערט, נייערט געלעבט איינגעהאַלטן, אַלץ בצימצום. איר טענה איז געווען: מען קען זיך ניט לאָזן ווילגיין, ווען מע לעבט פון צוגעציילטן גראָשן.

אַבקען האָבן עניִנים פון מאָגן און גומען ניט אינטערעסירט. גשמיותדיקע קערפּערלעכע אָנגעלעגנהייטן זענען אים אין דער לינקער פּיאה ניט געלעגן.

רחקע האָט געפירט די שטוב מיט אַ שטאַרקער פאַרשטשעמערטער האַנט און מיט אַזאַ ווונדערלעכער בוכהאַלטונג, אַז ניט נאָר האָט איר ניט אויסגע־פעלט אויף דער הוצאה, נאָר זי האָט נאָך אָפּגעשפּאָרט עטלעכע רובל. אויף שבת זענען די קינדער פאַרבעטן צום דיין ר׳ יוסף צינאָוויטש. אָבער זיי האָבן,

אונטער דער אינסטיגאַציע פון רחקען, זיך אָפּגעזאָגט פון דער טובה און כבוד. רחקע האָט געמאַכט שבת און אַפילו געהאַט אַ זכר פון אַ טשאָלנט.

## 96

# דער דיין

אויף די יום־טובים האָבן זיי אָנגענומען די פאַרבעטונג פון דיין. דאָ האָט אַבקע באַאָבאַכט גאָר טשיקאַווע הנהגות, ער האָט געזען עפּעס אַזעלכעס, וואָס ער האָט זיך עס גאָרניט געקענט פאָרשטעלן. אַ גייער אומבאַקאַנטער שטייגער האָט זיך דאָ געפירט. אַבקעס טאַטע האָט זיך געהאַלטן אין שטוב פּשוט און צוגענג־לעך. דער עלטסטער פון הויזגעזינד, ניט מער. ער איז געווען אָפּגעזונדערט, האָט זיך מתבודד געווען בלויז, ווען ער האָט געלערנט, געווען פאַרטיפט אין אַ האַרבער סוגיא אָדער ער האָט געשריבן זיינע חידושי תורה. ער איז געווען אַ מקפּיד אויף דעם, קיינער זאָל ניט אַוועקנעמען זיין פעדער און טינטער. ער האָט עס גערופן „מיינע געווערקצייג". אָבער ווען ער איז ניט געווען פאַרעוסקט, איז ער געווען אויסגעמישט מיט די קינדער, צוגעלאָזן ווי אַ חבר, לאָמיר זאָגן, אַן עלטערער חבר. ער האָט ניט געלאָזן פון זיך מאַכן צופיל וועזן, ווי ער וואָלט געווען עפּעס אַן אַנדער באַשעפעניש ניט פון זייער אומגעבונג. ער האָט געגעסן מיט אַלעמען ביים זעלביקן טיש, שבת, בעתן עסן. האָט ער איבערגעגעבן דעם דובנערס משלים אויפאויסווייניק אָדער ער האָט זיי געלייענט פון אַ ספר אַרויס און פאַרטייטשט אויף יידיש. דער איינציקער פּלאַץ, וואָס איז פאַר אים געווען פאַרבאָטן, ער׳ט ניט געהאַט אַהין קיין דריסת־הרגל, ווי עס וואָלט זיך געפונען אונטער אַן איסור חרם, איז געווען די קיך. פון דער צווייטער זייט — דער איינציקער פּלאַץ, וואָס איז פאַר אַלעמען, אויסער אים אַליין, געווען פאַרבאָטן מיט דער אייגענער שטרענגקייט איז געווען דער אויבנאָן ביים טיש. דאָס איז געווען פרעזערווירט פאַר אים, און קיינער האָט זיך אויף אים קיינמאָל נישט געזעצט. פון קיין אַנדערע ספּעציעלע פּריווילעגיעס האָט ער ניט גענאָסן.

דאָ, ביים דיין, איז שוין געווען גאָר אַנדערש. דער דיין האָט זיך געהאַלטן און געפירט נישט ווי קיין ליבער פאָטער, נייערט ווי אַ בייזער אַלמעכטיקער הערשער. אַלע אין שטוב האָבן געציטערט פאַר זיין דוך. ער האָט מיט קיינעם פון די קינדער, געווען אין שטוב בלויז טעכטער, ניט גערעדט, מיט זיין ווייב — אויך ניט. ער איז געווען דער עיקר העיקרים; אַלע אַרום אים זענען געווען בלויז אַ נישטיקער טפל, ווי זיי וואָלטן באַשאַפן געוואָרן פאַר איין צוועק: אים צו באַדינען, דאָס אַלץ. קיין צוועק אין זיך און פאַר זיך זענען זיי ניט געווען. ער איז געווען דער איינציקער צוועק, זיי אַלע זענען געווען מיטלען.

ער האָט געהאַט פאַר זיך יעדע זאַך באַזונדער: זיין האַנטעך, זיין מעסער און גאָפּל, זיין טעלער און שיסל, זיין פענדל און טעפּל. מע האָט געקאָכט פאַר אים באַזונדער, ספּעציעל. אין שטוב האָט געהויערט אַ שטענדיקער פּחד, וואָס אַבקע האָט ניט געקענט פאַרטראָגן. די אַטמאָספער האָט אַבקען, וואָס איז

געוועז געוווינט צו אָטעמען פרייע שטובלופט, ממש געדריקט און געשטיקט ווי צען פוד וואָלט זיך אָנגעלייגט אויף זיין ברוסט. ער האָט געבעטן גאָט די יום־טובים ראש־השנה, יום־כיפּור און סוכות זאָלן וואָס גיכער אַריבער און ער זאָל זיך אַרויסכאַפּן אויף דער פריי.

אַבקע און זיין יינגערער ברודער, — דער עלטערער, וועלפקע, איז געוועזן ביים זיידן אין נישטאַנישעק — האָבן געגעסן מיטן דיין אין עס־צימער, „ביי פאַרמאַכטע טירן". פון קיך האָט מען אַריינגעטראָגן דאָס עסן; די אַריינטראָגערן איז געוועזן איינע פון די טעכטער, וועלכע האָט דערלאַנגט, אַוועקגעשטעלט אויפן טיש, זיך צוריקגעצויגן און פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר. די דיינטע מיט די צוויי טעכטער און אַבקעס צוויי שוועסטער, רחקע און מאשקע, האָבן געגעסן באַזונדער אין קיך. אייגנטלעך האָט דער דיין געבעטן זיי, ווי געסט, צו עסן אין עסצימער מיט אים ביים טיש און ניט זיין צעשיידט פון זייערע ברידער. אָבער וויבאַלד די פרויענצימער האָבן געגעסן באַזונדער אין קיך, האָבן די „נשים", רחקע און מאַשקע, אויס סאָלידאַרישקייט און אַ געפיל פון באַליידיקונג פאַר זייער געשלעכט, דעמאָנסטראַטיוו זיך אָפּגעזאָגט פון דעם צווייפלהאַפטן כבוד.

דער דיין איז בכלל געוועזן אַ טשיקאַווער מענטש, ווי אַבקע האָט אים דערקענט נאָך פון פאַר דעם, איידער ער האָט זיך געפונען אין זיין נאָענטקייט פאַר אָט־דער קורצער צייט. ער איז געוועזן אַ פאַרליבטער אין זיך; ער איז געוועזן דער איינציקער יש; אַלע אַרום — עפר ואפר. און צו דער אייגענער צייט האָט ער זיך פאַר אַלעמען געשראָקן.

ער איז געוועזן אַ גרויסער פּחדן.

דהיינו, עס האַנדלט זיך וועגן אַן אָקס. מע דאַרף זען, מיט כל הכוחות פון רבנישער ערודיציע און חריפות, אים כשר צו מאַכן, ־וואָרעם טאָמער מאַכט מען אים טריפה, וועט עס זיין אַ הפסד גדול, אַ גרויסער געלט־פאַרלוסט פאַרן אָרי־מען ייִדישן קצב, וואָס וואָלט בדיל־הדל געוואָרן; זיין גאַנץ שטיקל פאַרמעגן, אַמאָל אויך נאָך צוגעלייִען אַ היפּשע פּאָר רובל, האָט ער אַריינגעטאָן אין דער קניה פון אָקס. טריפה פלייש האָט זיך פאַרקויפט פאַר וויניקער פון אַ פערטל פון מקח, וואָס מע האָט געלייזט פאַר כשרע. דער דיין וויל אויף זיך נישט נעמען קיין פאַראַנטוואָרטלעכקייט. קודם־כל דאַרף ער זיך זיינע ביינער פאַר־היטן. אַבקעס פאָטער, דער רב, שטעלט זיך איין פאַרן אָרימען קצב. מע דאַרף דאָך זיין „חס על ממונם של ישראל", מען קען דאָך ניט מאַכן אַ מענטשן אומ־גליקלעך; ער וועט דאָך דאַרפן אַוועקגיין מיט דער טאָרבע. דער רב זיצט אָפּ שעהן און שעהן, אַמאָל אַ גאַנצע נאַכט איבער די פוסקים, וואָס האָבן צו טאָן מיט הלכות טריפות, מיט דעם חלק אין „יורה דעה". סוף־כל־סוף, מיט גרויס מי האָט ער געפינען אַ היתר. געפונען אַ גרויסן פוסק, אַ מקיל. ער ווענדט זיך צום דיין, ער זאָל נעמען אויף זיך בלויז איין דריטל אחריות פאַר כשר מאַכן דעם אָקס; דער דיין זאָגט אים אָפּ. ביי אים קען מען עס ניט פועלן. דער רב מוז נעמען אויף זיך אַלע דריי דריטל.

עס האַנדלט זיך וועגן נעמען אויף זיך די שטראָף אויף יענער וועלט, אין פאַל דער פסק איז צופיל איבערגעבויגן לצד קולא, און מ'קען דערפאַר כאַפּן שמיץ,

מלקות. דער דיין אין אַזעלכע פֿאַלן, ווען עס איז אויסגעקומען צו גיין אין פּסקענען אויף דינעם אייז, האָט געהאַט איין סטערעאָטיפּישע טענה: איך קען ניט, איך האָב געגנוג אייגענע זאָרגן, ד״ה, אייגענע זינד, פֿאַר וועלכע צו קריגן אַריינגעצימבלט. צו ליידן פֿאַרן אָרימען קצב, דאָס וועט ער באין־אופֿן ניט טאָן.

ער האָט זיך איינגערעדט אַז ער איז אַ גרויסער מוזיקער, אַ קאָמפּאָזיטאָר. ער האָט זיך מתקנא געווען אין רב, וואָס האָט געהאַט זייער אַ שיינעם פֿיין־קול־טיווירטן באַריטאָן און איז געווען אַ בעל־מנגן. אַז ער האָט געדאַוונט בעילה, איז מען פֿון אַלע בתי־מדרשים געלאָפֿן אין בית־מדרש, וווּ ער האָט געדאַוונט, כדי צו הערן זיין נגינה. דאָס אייגענע שמחת־תורה ווען ער האָט געזאָגט „אתה הראית״ אָדער תשעה־באב: „ארזי הלבנון, אדירי התורה״. די באַלעבאַטים ווי „עמך״ האָבן זיך ניט געקענט געגנוג אָפּרימען. אַ קליינינקייט אַזאַ כלי. דעם דיין האָט עס פֿאַרדראָסן. האָט ער זיך און אַנדערע געוואָלט איינשמועסן, אַז אין הלכות קאָמפּאָזיציע שטייט ער אויף אַ גאָר העיכער מדרגה.

איז דאָך די קשיא: פֿאַרוואָס שווייגט די וועלט? פֿאַרוואָס וויים מען ניט פֿון אים און זיינע קאָמפּאָזיציעס? איז דער תירוץ: ער קען זיי ניט פֿאַרשרייבן. ער קען ניט קיין נאָטן. ווען ער פֿאַרשרייבט זיינע ניגונים, וואָלט מיט אים געקלונגען די וועלט. וואָרעם די וועלט פֿאַרמאָגט גאָר ניט אַ זעלכע וווּנדערלעכע ניגונים און אָפּערעס ווי די, וואָס ער פֿאַרפֿאַסט, נאָר זיי בלייבן ביי אים אין געהירן, ניט פֿאַרשריבן.

קיין רוסיש האָט ער ניט געקענט; די רוסישע ווערטער האָט ער אַרויסגערעדט אַזוי, אַז זיי זענען ביי אים אַרויסגעקומען בריסוק איברים, דערצו פֿאַרביטן די מלעילס מיט די מלרעס. ער האָט אָבער געהאַט אַן אַטעסטאַט. ער האָט „באַליגט״ אַן עקזאַמען אויף אַ געהילף פֿון אַ „קאַזיאָנעם רב״. ער האָט געקויפֿט דעם דיפּלאָם. אין פּוילן האָט מען די זאַכן געטאָן כמעט ווי אָפֿן. אַז עמיצער האָט אָפּגעלאַכט פֿון זיין רוסיש־רעדן, האָט ער יענעם אָפּגעשטעלט, פֿאַרשטאָפּט דאָס מויל מיט דער טענה: ס׳טייטש, איר זענט דאָך אַ מורד־במלכות; איך האָב דאָך אַן אַטעסטאַט כתוב וחתום בגושפּנקא... געשריבן און געחתמעט מיטן זיגל פֿון מלכות...

אים האָט געטאָטשעט דער מינדערווערטיקייט־וואָרים און ער האָט זיך געפּלייסט אים צו פֿאַרשטילן. האָט ער זיך געקנייפּט אין די באַקן, צו מאַכן זיי אויסזען רויט. ער פֿלעגט נעמען אָפּלאַכן פֿון די ווױלקענעוודיקע, מאַכן זייער קענטעניש צו קליין געלט.

ער האָט גערעדט מיט היץ צום רב, ווי צום רעפּרעזענטאַנט פֿון די קענערס: וואָס קענען זיי? מיט וואָס גרויסן זיי זיך?! עפּעס אַ קליינינקייט, עפּעס אַ שפּאַס! זיי קענען פֿראַנצויזיש. איז וואָס איז דער „מורנו״ מיט דעם פֿראַנצויזיש. זיי קענען פֿראַנצויזיש — קען איך תרגום!

פֿון דעם פֿראַנצויזיש־תרגום־פֿאַרגלייך גייט דער רב אַריבער צו דער מעשה וועגן דור הפלגה. ער האַלט, אַז אָט־די קללה איז די ערגסטע.

— צו וואָס דאַרף מען אַזויפֿיל שפּראַכן? אויף דעם שטודיום פּטרן מענטשן אומזיסט זייער צייט.

דער רב האָט טאַקע זיך אַליין אין זינען. זיין רוסיש, זיין דייטש און אויך

זיין תרגום האָבן ביי אים צוגענומען אַזויפיל יאָרן. אַלע מענטשן, ווי גאָר פאַר־צייטנס, איידער דער אויבערשטער האָט צעמישט זייערע לשונות, האָבן גע־דאַרפט געברויכן איין לשון. גוט איז געווען אין מיטלאַלטער, ווען אַלע גע־לערנטע און אויפגעקלערטע האָבן געברויכט ליטיין, געשריבן זייערע חיבורים אין ליטיין. צוליב וואָס האָט מען עס געגומען שרייבן אויף די נייע לשונות און פאַרוואָרפן ליטיין ווי אַן אינטערנאַציאָנאַלע שרייבשפּראַך!

די פילשפּראַכיקייט איז אַ קולטור־אומגליק. אַזויפיל צייט און ענערגיע ווערט פאַרשווענדט אויף גאָרנישט, אויף אויסצולערנען זיך אָנצורופן די זעל־ביקע זאַך מיט פאַרשיידענע נעמען. זי איז פּוסטע פּאַפּוגייאישקייט. אַ מענטש ווערט ניט קליגער פון דעם, וואָס ער קען אָנרופן אַ מעסער מיט צען פאַר־שיידענע ווערטער. דאָס גרעסטע אומגליק פון דער וועלט איז דאָס, וואָס איינער פאַרשטייט ניט דעם צווייטן. און דאָס אייגענע איז בנוגע די ייִדן, ווען די גויים וואָלטן פאַרשטאַנען זייער לשון, וואָלטן זיי זיך ערשט דערקונדיקט אויף וויפל העכער די ייִדן שטייען פון זיי.

דער רב האָט געמאָסטן די דיסטאַנץ אין קולטור צווישן ייִד און גוי לויט דעם מרחק, וואָס איז געלעגן צווישן אים, דעם רב, און די עטלעכע כומרים און גלחים, וואָס זענען געווען אין אַסטראָוו. אַפילו רוסיש קען ער בעסער פון פּראַ־וואָסלאַוונעם כומר. ער האָט זיי באַגעגנט ביים איינשווערן די זעלנער אין די רעגימענטן, דעמאָלט האָבן די פאַרשטייערס פון די דריי רעליגיעס זיך באַגעגנט. יעדער איינשווערנדיק זיינע גלויבנס־ברידער.

אָבער דער דיין הערט גאָרנישט זיינע רייד און חקירות מכוח דער צעשפּלי־טערטקייט פון דער געבילדעטער וועלט. ער איז מבטל די אינטעליגענץ אין אַלגעמיין; ער האַלט ניט פון די נייע אידייען, וואָס זיי האָבן פאַרשפּרייט.

— קענען זיי פּראַנצויזיש, קען איך תרגום!

דער רב האָט געקנעלט מיטן דיין שעהנלאַנג און אים דערקלערט קאָפּער־ניקס (1543—1473) אַסטראָנאָמישע שיטה, אַז די ערד דרייט זיך אַרום דער זון. ער האָט אים דערקלערט די סעזאָנען־ראָטאַציע, ווי אויך די מעת־לעתיקע, אָבער דער דיין איז עקשנותדיק געבליבן ביי דאָס זייניקע, ביי פּטאָלאָמייס (געלעבט אין צווייטן יאָרהונדערט) געאָצענטרישער סיסטעם, אַז די זון דרייט זיך אַרום דער ערד. מע זעט דאָך מיט די אויגן! דערצו האָט ער געבראַכט די מעשה פון יהושע 1). דער גרויסער קריגער האָט אָפּגעשטעלט די זון אין גבעון און די לבנה אין טאָל אילון.

עס האָט נישט געהאָלפן, וואָס דער רב האָט אים באַוויזן מיט אותות און מופתים, ד"ה, מיט דער הילף פון אַ גלאָבוס און אַן אָנגעצונדענעם ליכט, ווי דער טויש פון טאָג און נאַכט קומט פאָר. עס האָט אויך ניט געהאָלפן, וואָס דער רב האָט געבראַכט דעם רלב"ג, וואָס שטעלט זיך אָפּ אויף די ווערטער אין פּסוק: „לעיני ישראל", וואָס זאָגט בפירוש, אַז פאַר די אויגן פון ישראל האָט זיך אויסגעוויזן, אַז די זון האָט זיך אָפּגעשטעלט, בעת אין דערווירקלעכקייט האָט יהושע גאָר אָפּגעשטעלט די ראָטאַציע פון דער ערד. דער דיין האָט געטענהט,

1) יהושע י', י"ב—י"ג.

אַז ווען די ערד וואָלט זיך חס־ושלום געדרייט, וואָלט זיך אים דער קאָפּ פאַר־דרייט. וואָרעם ווען ער פאָרט אַפילו אויף אַ פור, שווינדלט אים דער קאָפּ, און אַ פור גייט דאָך פּאַמעלעך. און דאָ, ווי דער רב זאָגט, דרייט זיך די ערד אַזוי שנעל, איז ווי וואָלט זיך אים אינגאַנצן דער קאָפּ ניט פאַרשווינדלט! ניין, די ערד שטייט ווי אין פסוק: „דור הולך ודור בא והארץ לעולם עומדת" 1) (אַ דור גייט, אַ דור קומט, אָבער די ערד שטייט אויף אייביק).

אַבקע האָט געהאַסט דעם דיין ניט פאַר זיין איינרעדעניש, אַז ער איז אַ גרויסער קאָמפּאָזיטאָר, און ניט פאַר זיין אָנערקענען קאָפּערניקוסן און אויך ניט פאַר זיין איבערנעמען זיך מיט זיין תרגום־קענטעניש; ער האָט אים פיינט געהאַט פאַר זיין פאַרברעכערישער באַציאונג צו זיין ווייב, צו דער דיינטע און צו זיינע טעכטער, וואָס ער באַהאַנדלט ערגער פון דינסטן. אַבקע האָט רחמנות געהאַט אויף זיי, וואָס ווערן געטראָטן אונטער דעם קנאַפּל פון אָט־דעם שטוב־טיראַן.

דאָס ווייב האָט זיך אינגאַנצן ניט געטאָרט ווייזן אין זיין צימער. די טעכ־טער, די מיידלעך, בלויז ווען זיי האָבן אים אַריינגעטראָגן דאָס עסן און אַרויס־געטראָגן די ליידיקע טעלער, צוגענומען פון טיש.

## 97

## די דיינטע און די זשוליקעס

עס איז אָנגעקומען אַ בריוו פון דער מוטער צו די קינדער, אין וועלכן זי לאָזט זיי וויסן, אַז דער פאָטער פילט זיך בעסער און זיי קלייבן זיך קומען אַהיים.

רחקע האָט באַשלאָסן, אַז זי מיט אַבקען וועלן פאָרן אויף די אָפּגעשפּאָרטע פאַר רובל, מאָגן־געלט, וואָס זי פאַרמאָגט, קיין וואַרשע, באַגעגענען דעם פאָטער די מוטער און די עלטערע שוועסטער.

עס האָט זיך גראָד געמאַכט אַזוי, אַז די דיינטע האָט באַדאַרפט צופאָרן קיין וואַרשע דערליידיקן עפּעס אַ ענין. זענען רחקע און אַבקע מיטגעפאָרן אויף זייער אייגענעם חשבון. רחקע האָט געהאַט גענוג אויף הוצאות־הדרך.

פאָרנדיק פון וואָקזאַל צו דער אַרימער, אָפּגעלאָזענער און איבערגע־פּאַקטער אכסניה, ווו זיי מיט דער דיינטע וועלן עס איינשטיין, האָט אַבקע פּרו־בירט כאַפּן אַ שמועס מיטן בעל־עגלה, וואָס איז זיך געזעסן מיט דער בייטש אין האַנט בהרחבהדיק אויף דער קעלניע פון זיין קאַרעטע, אין וועלכער עס איז געווען איינגעשפּאַנט זיין גאָר נישט נעבעכדיק, גאָר ניט פאַרמאַרעט פערדל, וואָס איז זיך געלאָפן אָן אָנגעטריבן צו ווערן.

אַבקע האָט זיך געחידושט, וואָס אים קומט אָן שווער צו כאַפּן, וואָס יענער רעדט. דאַכט זיך ער רעדט ייִדיש, דאָך זינגט ער אַרויס די ווערטער אַזוי „מאַדנע", אַז אַבקע קען זיי ניט דערקענען. זיי קומען אים פאָר עפּעס יאָ באַקאַנט

---

1) קהלת, א׳, ד׳.

און דאָך ניט באַקאַנט. ער האָט נאָך ניט געוווּסט, אַז אייניקע שפּראַכן האָבן דיאַלעקטן. אָבער אין משך פון פאָרן, וואָס לענגער ער האָט געהערט דעם פּור־מאַן רעדן, אַלץ מער וווּנדער האָט ער פאַנאַנדערגעשיפרירט. וואָס ס׳האָט אַבקען שטאַרק איבערראַשט, איז געווען דער „יאַך" אַנשטאָט דעם „איך" און דער „ענק". אָבער זיין אויער האָט זיך גיך צוגעוווינט צום וואַרשעווער לשון און צוזונג, אַזוי אַז ווען ער איז אָנגעקומען אין „גאַסטהויז", כביכול, איז ער שוין געווען אַקלימאַטיזירט און ער האָט פאַרשטאַנען, וואָס די ווירטן האָט גע־רעדט צו אים און אַפילו וואָס די געסט, די איינשטייערס, האָבן גערעדט צווישן זיך.

אין אכסניה איז געווען אַזאַ ענגשאַפט, אַז אַבקען איז ניט געווען ווו צו לייגן, — רחקע איז געשלאָפן מיט דער דיינטע, וועלכע מע האָט דאָ טיטולירט רביצין, אין איין בעט, — האָט מען אים אויסגעבעט אויף אַ טיש, נאָכדעם ווי אַלע אורחים זענען שוין געווען באַזאָרגט מיט געלעגערס.

אַבקע איז געווען דער לעצטער זיך צו לייגן שלאָפן, אָבער דער ערשטער אויפצושטיין. מע האָט געדאַרפט אָפּליידיקן דעם טיש פאַר די נייע געסט, וואָס זענען אָנגעקומען קיין וואַרשע פון די אַרומיקע שטעטלעך מיט די פריפאַרטאַגיקע באַנען.

גלייך נאָך זייער אָנקומען האָבן רחקע און אַבקע געמאַכט אָנפראַגעס און אויסגעפונען, אַז דער טאַטע מיט דער מאַמען וועלן אָנקומען אין וואַרשע ערשט מיט אַ גאַנצער וואָך שפּעטער. אַזוי לאַנג וואַרטן האָבן זיי ניט געקענט. זייערע הוצאות אין דער אכסניה וואָלטן איבערגעטראָפן די אָפּגעשפּאָרטע סומע, וואָס רחקע האָט געהאַט מיט זיך, לכן האָבן זיי באַשלאָסן אָפּצופאָרן אין אַ פּאָר טעג אַרום, צוזאַמען מיט דער דיינטע. וואָס צו טאָן האָבן זיי ניט געהאַט. ווו צו זיין — אויך ניט. די אכסניה איז געווען, הויפּטזעכלעך, אַ פּלאַץ צום איבערנעכטיקן. זענען זיי אַרויס אָנקוקן די שטאָט. די דיינטע איז געגאַנגען מיט זיי, אָבער לשם אירן אַן עסק.

עס איז נאָך געווען גאַנץ פרי. אָבער די טראָטואַרן אויף נאַלעווקי האָבן שוין געהאַט אַ היפּשע צאָל פּוסגייערס. די דיינטע שטעלט־אָפּ אַ ייִדן אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע מיט אַן אונטערגעשאָרענעם בערדל און פרעגט ביי אים, ווי צו גיין און געפינען די און די גאַס. זי האָט אים געוויזן אַן אָנגעשריבענעם אַדרעס. דער אומבאַקאַנטער מעסט זי אָפּ פון קאָפּ ביז די פיס און באַטראַכט איר הילוך. ער האָט זי מסתמא ריכטיק אָפּגעשאַצט ווי אַ „פּראָווינציעלע ווילדע חיה". ער גיט איר די נויטיקע דירעקטיוון און גיט זי תוך כדי דיבור אַ פרעג, פון וואַנען זי קומט. זי דערציילט אים, אַז זי איז אַסטראָווער רביצין, (אַבקען און רחקען גיט דאָס וואָרט אַ שניט אין אויער. זיי זעען אין דעם אַ פאַלשע פּרעטענזיע און באַ־רימערייַ, מחמת זי איז דאָך בלויז די דיינטע, ווי קומט זי צו אוזורפּירן זייער מאַמעס טיטול), און אַז זי איז געקומען קיין וואַרשע איינקויפן קליידער פאַר איר עלטערער טאָכטער, וואָס ווערט בקרוב, אין אַ מזלדיקער שעה, אַ כלה.

דער ייִד האָט זי אויפמערקזאַם אויסגעהערט; ער האָט געוואָלט וויסן, ווער ס׳איז דער חתן, צי איז ער אַ לערנער און וויפל נדן זיי האָבן בדעה צו געבן דער טאָכטער. ער האָט זי לסוף, דרך אגב, אַ פרעג־געטאָן, צי זי קויפט איין די זאַכן פאַר מזומן, ווייל פאַר מזומן קען זי איינשפּאָרן אַ היפּשע סומע. ער ווייסט פון פּלעצער, ווו פאַר מזומן קריגט מען מציאות, ממש בחצי חינם.

זי פאַרזיכערט אים, אַז זי קויפט אַלץ פאַר מזומן געלט. זי האָט פיינט זיך צו פאַרחובן און דערהויפּט, אַז זי האָט ניט אין וואַרשע קיין באַקאַנטע הענדלערס, וואָס וואָלטן איר געגעבן אויף קרעדיט.

דער ייִד ווינטשט איר און איר טאָכטער אַן אַ פולן קאָפּ מיט מזל ברכה און גליק און איילט אויף שנעל אַוועק.

די דיינטע איז אַוועק, וווהין זי האָט באַדאַרפט און לויט די ריכטיקע די־רעקציעס, וואָס דער ייִד האָט איר געגעבן.

— אַ טייערער ייִד, ניט אַנדערש ווי אַ מלאך האָט אים איר צוגעשיקט. ווען איך האָב ניט געפרעגט אין אכסניה, האָט קיינער ניט געוווּסט, וווּ דאָס איז און ווי מ׳גייט אַהין. אַ טייערער ייִד, אַ מלאך פון הימל געשיקט.

אַבקע און רחקע האָבן זיך אומגעקערט אין אכסניה. די דיינטע האָט ניט געלאָזן זיי לאַנג וואַרטן אויף איר. זי איז געקומען מיט אַ קניה, דערוויל אַן אונטערקליידל, איינגעהאַנדלט פאַר דעם כלה־מיידל. אין אַ שעה שפּעטער איז זי ווידער אַוועק, כדי צו באַזאָרגן דאָס, לשם וואָס זי איז געקומען קיין וואַרשע. אַבקע און רחקע גייען מיט איר מיט. זיי גייען פּאַמעלעך; שנעל האָט מען ניט געקענט גיין, וואָרעם דער טראָטואַר איז שוין געווען פול מיט פוסגייערס. אייניקע גייען אַהין און אַנדערע אין דער פאַרקערטער ריכטונג. עס איז אַ געדרענג, מע רייבט זיך מיט די אַקסלען, מיט די עלנבויגנס. אין דעם מאָמענט דערזעט אַבקע, אַז גלייך לעבן זיי, בלויז אַביסעלע פאָרויס, גייט יענער ייִד, מיט וועמען די דיינטע האָט זיך צעשמועסט אין דער פרי, און פון פאָרנט פאַר אים גייט אַן אויסגעפּוצ־טער גוי, צי אפשר גאָר אַ ייִד, וואָס איז קיין ייִד ניט, מיט אַ פּאָר שיינע פּוילישע וואָנצעס, אַ פּאַצעט פון קאָפּ ביז די פיס; פון זיין פרילינג־מאַנטלס זייטיקער קעשענע שטעקט אַרויס אַ שפּיץ פון אַ נאָזטיכל. ער גיט עס אַ ציִ־אַרויס האַסטיק, און בשעת־מעשה פאַלט פון דער אייגענער קעשענע אַרויס אַן אָנגעשטאָפּטער טייסטער.

דער ייִד גיט זיך אַ בייג־אַראָפּ און גיט אים פלינק אַ כאַפּ־אויף נאָך איידער דער טייסטער האָט דערגרייכט צו דער ערד. די דיינטע האָט באַמערקט, ווי דער ייִד האָט עפּעס אויפגעהויבן; גיט זי אַ געשריי „לחצאין", ד״ה אַז איר קומט אַ העלפט פון געפינס. דער ייִד שטעלט פיס. ער מאַכט אַ פאַרזוך צו אַנטלויפן, אָבער זי לאָזט אים ניט; זי האָט אים אָנגעכאַפּט ביי אַ פּאָלע, פון פּאָלע ביים אָרעם און זי גייט שוין מיט אים. זיי פאַרקירעווען זיךביידע אין אַ זייטיקן געסל. אַבקע און רחקע גייען זיי נאָך. אַבקע מערקט אין זכרון די גאַסן און געסלעך רעכטס און לינקס, ער זאָל ניט פאַרלאָרן גיין און וויסן ווי צו טרעפן צוריק אין אכסניה אין פאַל זיי דאַרפן גיין אַליין צוריק. די זאַך זעט אים אויס צו זיין עפּעס ניט גלאַטיק. פאַרוואָס פּלאָנטערט זיך עפּעס דער ייִד צווישן די פיס? פאַרוואָס האָט יענער געהאַלטן זיין טייסטער מיט געלט אין אַ זייטיקער מאַנטל־קעשענע און ניט אין רעקלס בוזעם־קעשענע, ווי דער דרך־העולם איז צו האַלטן געלט? און ווי אַזוי האָט ער ניט געפילט, אַז מיטן אַרויסציִען דאָס נאָזטיכעלע האָט ער אַרויסגעוואָרפן זיין טייסטער און איז זיך אַוועקגעגאַנגען ווי קיינמאָל גאָרנישט? ער האָט דאָך געלערנט אין גמרא, אַז מענטשן, וואָס האָבן ביי זיך געלט, גיבן

אפט אַ טאָפּ אין קעשענע, צו זען, צי דאָס געלט איז נאָך דאָ? 1) יענער פראַנט איז עפּעס געוועזן צו נאָכלאָזיק, האָט באַהאַנדלט זיין אַנגעשטאָפּטן טייסטער צו זלזולדיק.

דער ייד גייט געאָרעמט מיט דער דיינטע; פונצייטצוצייט שטעלט ער זיך אָפּ, און ווען ער איז חושש, אַז איר געלט־אַפּעטיט ווערט אָפּגעשוואַכט, גיט ער אַן עפּן אויף דעם טייסטער און ווייזט איר, אַז ער איז אָנגעפּראָפּט מיט אַסיג־נאַציעס.

זי רעדט מיט אַנטציקונג:

— ר׳ ייד, אויף מיין וואָרט, עס איז אַן אוצר! אָבער עס איז „לחצאין״.

יענער ייד גיט זי אַ פרעג:

— ווער זענען אָט די קינדער?

זי ענטפערט אים אומגערן:

— דעם אַסטראָווער רבס קינדער; זיי זענען געקומען צו פאָרן מיט מיר.

— אויב אַזוי, — זאָגט דער ייד, — וועט מען אויך זיי ניט באַוואולהן. מיר וועלן זיי צוטיילן כאָטשבי אַ קליינעם חלק.

— ניין, שרייט די דיינטע, — זיי קומט גאָרנישט. זיי האָבן דאָך ניט געזאָגט „לחצאין״, און דער וואָס זאָגט עס ניט, קומט אים גאָרנישט.

— על פּי דין, — רעדט דער ייד מיט אַ גמרא־ניגון און דרייט מיטן גראָבן פינגער, — קומט זיי טאַקע גאָרניט, אָבער על פּי יושר דאַרף מען זיי אויך עפּעס צווואַרפן. גאָט האָט אונדז צוגעשיקט אַן אוצר, וועט זיין גענוג פאַר אַלעמען.

די דיינטע שלעפּט דעם יידן ביים אָרעם.

— ר׳ ייד, קומט אַריין אין אָט־דער דערבייאיקער אכסניה. דאָ שטייט איין מיין שוואָגער, וועלן מיר ביי אים אין צימער זיך צעטיילן מיט אונדזער געפינס. די אכסניה איז איינגאַנצן אַ פּאָר טריט פון דאַנעט. מיר וועלן זיך צעטיילן און זיך פאַנאַנדערגיין, אין שאַ־שטיל, קיינער וועט ניט הערן, קיינער וועט ניט זען און קיינער וועט ניט וויסן.

— וואָס רעדט איר עפּעס, אַסטראָוועד רביצין! אין דער אכסניה, אין יענער אכסניה, גאָט איז מיט אייך! איך וויים בעסער וווהין צו גיין, קומט, רביצין, מיט מיר.

זי וויל וואָס פריִער קריגן איר חלק, און ער מאַרודזשעט: גייט אַ גאַס נאָך אַ גאָס און האַלט אין איין איבערזאָגן די פּאָר ווערטער.

— אַסטראָוועד רביצין, איך וויים בעסער.

אָט קומען זיי שוין צו צו די פאָרטן, כמעט אויסער דער שטאָט. אַ גרויסער ליידיקער באַגראַזטער פּלאַץ אַרום.

אַבקע באַמערקט, ווי יענער פראַנט, דער פּאָליאַק, וואָס האָט פאַרלאָרן דעם טייסטער, נעמט זיך דערנענטערן צו זיי. ער איז אָנגעקומען פון דער צווייטער זייט. ער קומט צו צום פּלאַץ, ווו דער ייד האָט זיך אָפּגעשטעלט און די חלוקה האָט זיך שוין באַדאַרפט אָנפאַנגען.

דער ייד פאַרבאַהאַלט אויפשנעל דעם טייסטער אין קעשענע, רוקט אַריין די האַנט און האַלט דאַרט צו דאָס בייטעלע, וואָס שטאַרטשעט כמעט ווי אַרויס.

---

1) בבא מציעא. כ״א.

ער שטייט און ציטערט. ער איז אַן איבערגעשראָקענער, דער אוצר זאָל זיך ניט אַרויסגליטשן פון זיינע הענט.

דער פּאָליאַק לויפט צו אים צו אַ צעטראָגענער, אַ פאַרסאָפּעטער, גיט אים אַ טאַפּ אין דער צווייטער קעשענע, געפינט גאָרניט.

— ווו איז דער טייסטער, פּשאַ קרעוו?!

ער גיט זיך אַ נעם צו דער דיינטע. ער זוכט אין אירע אַלע קעשענעס פון אויבערקלייד און אונטערקליידל; קריכט איר אין בוזעם. זי שטייט ווי אַ געליימטע פון שרעק און פון פאַרדרוס. אַז ער איז פאַרטיק געוואָרן מיט דער אונטערזוכונג, גיט ער זיך אַ ווענד צוריק צום ייִדל, גיט אים אַ טאַפּ אין דער צווייטער קעשענע און ציט אַרויס זיין אָנגעשטאָפּטן טייסטער. ער דערפרייט זיך מיט דעם אומקער פון זיין פאַרלוסט, לאָזט יענעם אַראָפּ אַ פּאַטש איבערן באַק, כלומרשט, מיט רוגזא און שרייט אויס:

— זשידזשיע, פּשאַ־קרעוו...

און ביידע גייען אַוועק און ווערן גלייך נעלם.

די דיינטע האָט זיך קוים אָפּגעטשוכעט פון שרעק. עס ערגערט איר צום טויט, וואָס אַזאַ געלעגנהייט רייך צו ווערן איז דורכגעלאָזן געוואָרן. זי קען זיך ניט מוחל־זיין איר שוואַכקייט פון כאַראַקטער, איר ניט גענוגנדיקע צושטייעניש צום ייִדן. אויפן וועג צו דער אכסניה האַלט זי אין איין טענהן מיט פאַרדרוס:

— ווען ער פאָלגט מיך און גייט אַריין אין דער אכסניה, וואָלטן מיר צעטיילט זיך מיטן געלט און זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען, און גיי זוך אונדז, געפין אַ טראָפּן וואַסער אין ים. איך האָב געדאַרפט מיט כוח אַריינשלעפן אָט־דעם גלאָמפּ, דעם נאַרישן ייִד, און מיר וואָלטן אַלע באַגליקט געוואָרן; עס וואָלט פאַר אייך, קינדער, אויך געקלעקט, אַזאַ אָנגעשטאָפּטער טייסטער. איך האָב באַדאַרפט אַרויסרייסן דעם בייטל פון זיינע הענט. עס איז אַן אומגליק, אַז מע האָט צו טאָן מיט נאַראָנים, אַזאַ ייִד אַ שוטה... צוליב זיין נאַרישקייט און מיין שוואַכקייט איז פאַרלאָרן געגאַנגען אַזאַ מטמון. עס איז דאָך געווען אַ גאָטגעשאַנק... אַן ערל האָט פאַרלאָרן און מיר האָבן געפונען... איז וואָס האָבן מיר געוואַרט מיטן צעטיילן זיך... אַזאַ שלימזלניק, אַ ייִד!

אַבקע פּרובירט געבן איר צו פאַרשטיין, אַז צווישן די צוויי, דעם נאַרישן ייִדן, ווי זי רופט אים, און דעם אויסגעפּוצטן ערל איז געווען אַן אָפּגעמאַכטע זאַך. אָבער זי ווויל זיך צו זיינע רייד און אַרגומענטן ניט צוהערן. זי האָט פאַר אים און זיינע באַווייזן פאַרמאַכטע אויערן. זי האָט באַין אופן ניט געוואָלט זיך שיידן מיט דער רייצנדיקער אילוזיע, אַז זי האָט שיער ניט אַריינגעקראָגן אַן אוצר... דאָס גאָלדענע גן־עדן־פייגעלע איז אַוועקגעפלויגן, איז פאַרשוווּנדן, אָבער זי האָט דאָך עס נאָך אַ האָר געכאַפּט, זיך כמעט צוגערירט צו אים און איבערגעלעבט אַזאַ אויפציטער, אַזאַ פאַרשיכורנדיקן אויפטרייסל, אַז דער קאָפּ האָט זיך איר שיער ניט פאַרדרייט.

אָבער אַבקע איז אַן אכזר. ער וויל זי באַרויבן פון איר שענסטער איבערלעבונג אין איר גרויען געשעעניש אָרימען לעבן, פון איר איינרעדעניש, אַז זי איז נאָך־אַ־האָר שיער־ניט געוואָרן אַ נגידה.

ער זעט, אַז זי איז איינגעשפּאַרט און קיין אויפקלערונגען וועלן אויף איר

ניט ווירקן; ער דאַרף איר באַווייזן מיט אותות ומופתים, אַז זי לעבט אין טעות. גיט ער אַ זאָג:

— דיינטע, זייט מוחל, גיט זיך בעסער אַ טאַפּ אין קעשענע און זעט צי די צוויי זשוליקעס האָבן אייך ניט באַגנבעט, ווען זיי האָבן אייך באַזוכט.

זי ענטפערט אים מיט זיכערקייט:

— גייט, שוין גייט, וואָס רעדט איר?!

זי פאָלגט אים אָבער, גיט אַ נישטער אין די קעשענעס, גיט זיך אַ בוכצע אויפן טראָטואַר און שרייט־אויס מיט אַ באַנומענעם קול:

— געוואַלט, ייִדן, האָט רחמנות! זיי האָבן מיך באַגנבעט. איך האָב ניט אַפילו אויף אַ בילעט אַהיימצופאָרן.

אַ רעדל האָט זיך אַרום איר אַרומגעשטעלט.

רחקע האָט זי געבראַכט אַהיים אויף אירע הוצאות און האָט אויך באַצאָלט אין אכסניה פאַר איר נאַכטלעגער.

אָט די צוויי אַקטן פון דער נאַרישער, אויך טראַגישער, קאָמעדיע האָט זי „פאַר קיין געלט״ ניט צונויפגעקניפּט. איינס מיט דאָס אַנדערע האָט זיך ניט אָנגעהערט. ווען דער ייִד איז ניט קיין טיפּש און ער פאָלגט זי, וואָלטן זיי בײדע נתעשר געוואָרן. דער גוי, דער רשע, דער ימח־שמוניק, ער זאָל אַרויסגעריסן ווערן, ער זאָל פאַרכאַפּט ווערן, די ערד זאָל אים ניט צונעמען, ווען ער האָט געזוכט זיין טייסטער מיט געלט... האָט ער זי באַגנבעט, אַ גוי איז אַ גנב...

יאָרן נאָכדעם האָט זי נאָך אַלץ דערציילט אין דער ווייבער־שול וועגן דעם מטמון מיט געלט, וואָס גאָט האָט איר צוגעשיקט. ער האָט זיך, אָבער, מחמת איר אייגענער שולד, אַרויסגעגליטשט פון אירע הענט.

— איך האָב באַדאַרפט זיין מער איינגעשפּאַרט, באַשטיין אויף אַריינגיין אין אכסניה און ניט זיך לאָזן פירן אין אַן אָפענעם פעלד... אַזאַ פאַרזען! אַזאַ פאַרזען! איך קען זיך עס ניט פאַרגעבן.

## 98

## י. ל. פּ. — יאַלאָפּ

אַבקעס טאַטע, מאַמע און שוועסטער זענען געקומען צו פאָרן. דעם פאָטער האָט מען אין שטוב אַריינגעטראָגן אויף די הענט. ער האָט ניט געהאַט גענוג שטאַרקייט אין די פיס, ער זאָל קענען שטיין אָדער גיין.

ער בעסערט זיך אין געזונט, אָבער צו אַ רפואה שלמה איז נאָך אַ גאָר ווייטער מהלך. דער פּראָצעס פון גענעזן ווערן איז אַ פּאַמעלעכער, די קראַנקייט דאַרף זיך, הפנים, אויסשטיין.

דער טאַטע קען ניט ליגן צו לאַנג אין בעט, זיצט ער אין אַ פאָטעל אַ גאַנצן טאָג. זיצן און גאָרנישט טאָן איז פאַר אים, וואָס איז געוווינט געווען צו זיין פאַרנומען, לערנען יום ולילה, אַן אומדערטרעגלעכע אָפּקומעניש. אָבער לערנען, אָנשטרענגען דעם קאָפּ טאָר ער ניט, אַליין לערנען קען ער ניט, ער דאַרף שאַ־

געווען די אויגן. חוץ דעם האָט ער ניט קיין כוח צו האַלטן אַ ספר אָדער אַ בוך אין האַנט. איז וואָס בלייבט צו טאָן? פאַרלייענען פאַר אים עפּעס אַ לייכטע זאַך.

האָט מען אַבקען אַוועקגעשיקט אין ביבליאָטעק ברענגען ייִדישע ביכלעך. עס רעדט זיך אַזוי עלאָקווענטיש „ביבליאָטעק". באמת איז עס געווען אַ גאָר מאָגערע קאָלעקציע ביכער, וואָס אַ „שרייבער" ד"ה, אַ לערער, וואָס לערנט מיידלעך שרייבן בריוו און אָנשרייבן אַן אַדרעס, האָט געהאַט ביי זיך אין הויז אויף אויסצו־באָרגן אָדער אַרויסגעבן צום לייענען פאַר אַן אָפּצאָל פון עטלעכע קאָפּיקעס אַ וואָך.

אַבקע איז אַהינגעגאַנגען בשתיקה ובגניבה, קיין חבר זאָל אים ניט זען, מע זאָל זיך ניט דערוויסן, אַז ער נעמט פאַר זיך אַזעלכע ביכלעך. דאָס איז אים ניט אָנגעשטאַנען. נעמען עס גאָר פאַרן רב — דאָס וואָלט דאָך זיכער געווען אַ חרפה און אַ שאַנד און עפּעס ערגערס, אַ סקאַנדאַל. אַזוי אַז ווען אַ באַלעבאָס אָדער אַפילו דער שמש איז אַריינגעקומען צו זיין אין הויז, האָט מען די ביכלעך ערגעץ פאַרשטעקט, מבער געווען ווי חמץ, מע זאָל ניט עובר זיין אויף דעם „לא יראה ולא ימצא" 1). טריפה־פסולס אין דעם רבס שטוב, רחמנא ליצלן!

דער פאַרלייענער איז ס'רוב געווען אַבקע. די עלטערע שוועסטער, בלומע, האָט אויך פאַרגעלייענט, אָבער זי האָט זיך מיט דעם ניט געקענט אָפּגעבן, זי איז געווען צופיל פאַרנומען מיט אַכטונג געבן אויפן קראַנקן פאָטער, אים אָנטאָן, אויסטאָן, צוגרייטן דאָס עסן, דערלאַנגען דאָס עסן, געבן די מעדיקאַמענטן.

איינמאָל האָט אַבקע געבראַכט פון דער „ביבליאָטעק" אַ דיק בוך מיטן אימפּאָזאַנטן נאָמען „די ייִדישע ביבליאָטעק". פון אָט דעם בוך האָט אַבקע האַלט געהאַט פאַרצולייענען קורצע זאַכעלעך, וואָס זענען געווען אונטערגעשריבן מיט דריי אותיות „י. ל. פּ.". אַבקע האָט דידאַזיקע ראשי־תיבות געלייענט אין שפּאַס „יאַלאָפּ", און ער האָט אַרויסגעזאָגט זיין מיינונג מיט אַן אויטאָריטעט פון אַ פּוסק־אחרון: וואָס יאַלאָפּ שרייבט איז גוט און שיין. ביי אים האָט געוואַלדיק אויסגענומען „שלום־בית". ער האָט אָבער אויך פאַרגעלייענט אייניקע פון שמר"ס ראָמאַנען.

אַז דעם חולה איז בעסער געוואָרן און ער האָט געהאַט גענוג כוח צו האַלטן אַ בוך אין האַנט, האָט ער גענומען אַליין לייענען; ער האָט מערסטנס געלייענט רוסישע ביכער אָדער פראַנצויזישע אין אַ רוסישער איבערזעצונג, זיינע באַ־ליבטסטע פראַנצויזישע שרייבער זענען געווען באַלזאַק, זאָלאַ און וויקטאָר הוגאָ; צווישן די רוסישע האָט טאָלסטאָי פאַרנומען דעם ערשטן פּלאַץ, דעם צווייטן — טשעכאָוו און דעם דריטן — דאָסטאָיעווסקי.

אַז דער פאָטער האָט שוין געקאָנט אַליין לייענען, איז אַבקע באַפרייט גע־וואָרן פון זיין אָנגענעמער באַשעפטיקונג אַלס פאַרלייענער.

---

1) שמות, י"ג, י"ב, י"ט.

## 99

## א י ו ב

אַבקע איז געווען אין אַ זייער געדריקטער שטימונג; זיין פֿאָטערס קראַנקייט איז געהאנגען ווי אַ שווערע כמאַרע איבער זיין הימל. דער חולה האָט זיך גע־בעסערט, אָבער די בעסערונג איז געגאַנגען מיט אַזאַ פּאַמעלעכן טראָט, אַז מע האָט עס קוים געקענט באַמערקן. און אַבקע איז געווען באַאומרויִקט פֿון געדאַנק, אַז זיין פֿאָטערס געזונט־ווערן קען אפשר נעמען עטלעכע יאָר. אָבער ניט דאָס אַליין האָט אים געהאַלטן אין אַ צושטאַנד פֿון עצבות און דערשלאָגנקייט.

ער האָט ניט געוווּסט, וואָס צו טאָן מיט זיך. ער גייט אין ישיבה. גלייך זונטיק לערנט ער אָפּ דעם שיעור פֿון דער גאַנצער וואָך און אַ גאַנצע וואָך האָט ער ניט וואָס צו טאָן. האָט ער זיך מיישב געווען, ער זאָל גאָר אָנהייבן לערנען איוב. פֿאַרוואָס עפּעס איוב? ער האָט איבערגעלייענט דאָס ביכל „בעמק הארזים". איז דער סיפּור־המעשה אים שטאַרק געפֿעלן געוואָרן. אָבער אַ סך ווערטער האָבן אים אויסגעפֿעלט; ער האָט ניט געוווּסט זייער טייטש. האָט ער געטראַכט, אַז ווען ער ער וואָלט וויסן אַלע ווערטער, וואָלט דער סיפּור־המעשה פֿיל געווונען, עס וואָלט אַרויסקומען שענער. איז ווי אַזוי לערנט מען זיך אויס דעם „פּירוש המילות" פֿון אַלע העברעיִשע ווערטער? איז דער ענטפֿער: מע דאַרף נעמען דעם שווערסטן ספר פֿון גאַנצן תנ"ך און אים דורכגיין גרונטאָוונע מיט אַלע פּירושים. לויט אַבקעס פּעדאַגאָגישן פֿאַרשטיין דאַרף מען אָנפֿאַנגען פֿון דעם שווערסטן און אַז מע איז עס גובֿר, איז מען פֿאַרטיק מיט דער גאַנצער זאַך; דאָס לייכטערע גיט זיך שוין איבער ממילא, און עס לוינט זיך מיט דעם ניט אָפּצוגעבן.

האָט אַבקע גענומען לערנען מיט התמדה איוב. ער האָט עס געלערנט ניט צוליב די געדאַנקען, וואָס ווערן אין ספר אַנטוויקלט, זיי האָבן אים ניט אינ־טערעסירט, נייערט די שווערע און האַמעטנע ווערטער, וואָס געפֿינען זיך דאָרט. ער האָט געהאָפֿט, אַז נאָך דעם ווי ער וועט זיך האָבן אַן עצה געגעבן מיט אָט־דעם ספר, וועט ער קענען לייענען יעדעס העברעיִשע בוך און וויסן דעם ריכ־טיקן טייטש פֿון אַלע ווערטער, וואָס ווערן דאָרט געברויכט.

## 100

## ב ר ־ מ צ ו ה

זיין פֿאָטער איז נאָך אַ גרויסער חולה. אָבער פֿון געפֿאַר איז ער אַרויס. איצט איז זיין געזונט־ווערן כמעט ווי אַ זיכערע זאַך, עס איז בלויז אַ פֿראַגע פֿון צייט, ווי לאַנג עס וועט נעמען.

עס רוקט זיך אונטער אַבקעס בר־מצווה. דער זיידע פֿון נישטאַנישעק קומט צו פֿאָרן לכּבֿוד אָט־דער יום־טובֿדיקער געשעעניש. אגבֿ, וועט ער ברענגען מיט זיך וועלפּקען, וואָס האָט זיך, לויט די בריוו, וואָס קומען אָן, גוט דערהאַלט.

זיין הוסט האָט זיך איינגעשטילט, קיין בלוט אין דער פלעגמע האָט זיך ניט באַוויזן די גאַנצע צייט.

פאַר אַבקען שטייט די פראַגע, וואָס פאַר אַ דרשה ער זאָל צוגרייטן. ער האָט זיכער געקענט אַרויסנעמען אַ פלפּול פון „שאגת־אריה", עס אויסחזרן אַזוי, אַז ער זאָל אים קענען אָפּזאָגן וואָרט ביי וואָרט אויפּאויסנווייניק. אָבער דאָס טאָן שטייט אים ניט אָן. פון „שאגת אריה" נעמען, — קען דאָך יעדעס בר־מצוה־יינגל. איז וואָס איז דאָ די רבותא! ער דאַרף ווייזן, וואָס ער, דער בן־הרב, קען. לכן, נאָך אַ ביסל נאָכטראַכטן און זיך באַראַטן מיט זיין קראַנקן פאָטער, איז געבליבן, אַז ער זאָל נעמען דעם פאָטערס אַ שטיק חידושי־תורה פון אַ כ"י און זי איבערזאָגן פאַרן עולם, פונאויסנווייניק. דאָס וועט שוין זיין אַ שטיקל אויפטו. וואָרעם צו זיין בר־מצוה וועלן דאָך קומען די לומדים פון שטאָט און זיינע ביידע רביים און ער דאַרף זיי אַלעמען איבעררּאַשן, דערלאַנגען זיי אַ פלפּול, וואָס אין קיין ספר קען מען עס ניט געפינען.

דער זיידע איז געקומען. ער האָט אַבקען געגעבן „דרשה־געשאַנק" אַן אַקציע פון דער יידישער נאַציאָנאַלער באַנק. זי איז געווען אויסגעשטעלט אויף אַבקעס נאָמען.

אין זיין דרשה האָט זיך געהאַנדלט וועגן הלכות שבת. זיין טאַטע האָט רעכט געמאַכט דעם רמב"ם; מיט גרויס שוועריקייט און פאַרשפּיצטער שאַרפזיניקייט אויסגעפּרעסט אַ קנייטש פון אַ האַרבער סתירה.

## 101

## וועלפּקע מענטשלט זיך אויס

וועלפּקע איז געקומען צוריק אַ געזונטער. אָבער דער דאָקטער, וואָס האָט אים אונטערזוכט, האָט אים אָנגעזאָגט, ער זאָל זיך היטן. און ער האָט באַשלאָסן צו פאָלגן.

אין אים איז פאָרגעקומען אַן איבערבראָך. ער איז מער ניט דער אייגענער, וואָס ער איז געווען, ווען ער איז אַוועקגעפאָרן.

בעת זיין פאַרברענגען אַ קאַרגן יאָר אין נישטאַנישעק האָט ער זיך, אין זיין לעבן, געגעבן אַ קער־אום צו זיינע יאָרן און געמיט־צושטאַנדן, וואָס ער האָט דורכגעלעבט אין יאַגוסטאָוו.

יאַגוסטאָוו האָט געהאַט אַ היפּשע צאָל משכילים. אין שטאָט איז געווען אַ העברעיִשע און יידישע ביבליאָטעק; אַפילו צוויי שרייבערס האָט די שטאָט פאַרמאָגט. איינער, מיטן נאָמען פרענקל, איז געווען אַ שניטקרעמער, געהאַט זיין שטאָט אין מזרח־וואַנט. ער האָט פאַרעפנטלעכט אַ פילשורהקע פּאָעמע אין העברעיִש, אין וועלכער ער מאַכט חוזק פון אַ פּאַנאַטישן רב, וואָס איז זיך מפלפל וועגן דעם זאַץ אין גמרא „נפל מראש הגג ונתקע באשה". דער צווייטער, שפּערלינג, איז געווען דער געהילף פון קאַזיאַנעם רב, געפירט די ביכער פון די מעטריקעס, פאַרשריבן חתונות, בריתן און גטן און האָט איבערגעזעצט אויף העברעיִש פון פראַנצויזיש זשול ווערנס (1828—1905) אוטאָפּיע אונטערן נאָמען

„במצילות ים", אין וועלכן דער מחבר באַשרייבט, זאָגט פאָרויס דעם אָנקום פון אַ סובמאַרין, אַן אונטערוואַסער־שיף.

וועלפקע האָט באַוויזן איבערצולייענען פּרק סמאָלענסקינס „התועה בדרכי החיים", „שמחת חנף" און אַנדערע ווערק פון די מאָדערנע העברעיִשע דערציילערס. אַלץ, וואָס די יאַגוסטאָווער ביבליאָטעק האָט פאַרמאָגט אין דער העברעאישער שפּראַך, האָט ער דורכגעלייענט.

ווען ער איז אָנגעקומען קיין נישטאַנישעק אין זיין לאַנגער קאַפּאָטע מיט די געקרייזלטע פּיאות, האָט מען אויף אים געקוקט ווי אויף אַ „דזשיקאַן", אַ ווילדן מענטשן. אים האָט עס ניט געאַרט. ער האָט גוט געדענקט, וואָס דער „שולחן־ערוך" זאָגט אַן דעם אמתן ירא שמים: „אל ישים לב למלעיגים", מען זאָל ניט שענקען קיין אַכט צו די אָפּשפּעטערס. און ער האָט זיך נוהג געווען. ווי ער האָט געהאַלטן פאַר ריכטיק. ער האָט ניט געקוקט אויף קיין נשים, ער האָט ניט אַרויסגעקוקט חוץ לד' אמות. ער איז זיך אַרומגעגאַנגען איינער אַליין איבער די פעלדער און אין די וועלדער און געחזרט אויפּאויסווייניק, געזאָגט אין מסכתא נאָך דער אַנדערער. ער זאָל ניט פאַרגעסן דאָס געלערנטע.

ניט ווייט פון נישטאַנישעק איז געווען דער הויף מיטן נאָמען פּאַליאַן. דאָ האָט געוווינט ר' אברהם־שלמה. ער האָט געהאַט צוויי דערוואַקסענע טעכטער און דריי זין. דער פעטער שליימיטשל איז געווען אַן אָפּטער באַזוכער אין פּאַליאַן. די צוויי פאַמיליעס, די מעלערס און די סווירסקעס, האָבן זיך געהאַלטן, ווי זיי וואָלטן געווען נאָענטע קרובים.

די בחורים האָבן זיך ניט געוואָלט לערנען. זיי זענען אַרומגעלאָפן גאַנצענע טעג, געריטן אויף פערד, געגאַנגען כאַפּן פיש, געשפּילט זיך, געבאָדן זיך, פאַרטריבן די צייט. די מיידלעך האָבן דווקא יאָ געהאַט אַ חשק צום לערנען. ר' אברהם־שלמה האָט געהאַלטן פאַר זיי אַ לערער, וואָס האָט זיי געלערנט העברעאיש, רוסיש און דייטש.

דער פעטער האָט דערציילט אין פּאַליאַן וועגן דעם טשיקאַוון גאַסט, זיין פּלימעניק, דעם גרויסן עילוי, אָבער ווילדן פּרומאַק. פרייע צייט האָבן זיי געהאַט געגנוג; האָבן די צוויי מיידלעך מיט זייער לערער איינגעשפּאַנט אַ גוט פערדל אין אַ בריטשקע און אַראָפּגעקומען אין נישטאַנישעק אָנצוקוקן דעם מאָדנעם בחור, ר' יהודה־לייבס זון. וועלפקע האָט אָבער אויף זיי אַפילו אַ קוק־טאָן ניט געוואָלט — טרעגערנס פון זינד, שליחטעס פון יצר־הרע, נשים, מיידלעך, רחמנא ליצלן!

אַז ער האָט זיי דערזען, האָט ער געמאַכט פּיס. דאָס האָט זיי שוין פאַרדראָסן. וואָס זענען זיי אומווירדיקייטן, מע טאָר אויף זיי אַפילו ניט אַ קוק־טאָן?! האָבן זיי אין שפּאַס געמאַכט אויף אים אַן אָבלאַווע. „זיי" — מיינט דער לערער מיט די צוויי מיידן. דער פעטער שליימיטשל האָט אויך צוגעלייגט אַ האַנט. מע האָט אים געכאַפּט און אים אַריינגעזעצט אין בריטשקע צווישן די צוויי „חצופות" און האַיידאַ! אַוועקגעפאָרן קיין פּאַליאַן. ער האָט בדעה אַראָפּצושפּרינגען און זיך ראַטעווען פון אָט־די צוויי ליליתטעס, אָבער דאָס פערד איז געלאָפן צו שנעל,

זיך געיאָגט, ווי אַ וויכער, ניזוק ווערן — וויל ער ניט. דאָ האַנדלט זיך דאָך ניט, השם ירחם, וועגן עריות, אויף וואָס עס גייט דער אָנזאָג „יהרג ולא יעבור" [1].

די מיידלעך האָבן אָפּגעשפּילט מיט אים אַזעלכע סצענעס עטלעכע מאָל; זיי האָט געריצט זיין פאַראַכטונג און פּחד פאַר זיי, ביז זיי האָבן אים, סוף־כל־סוף, איינגעבראָכן. ער האָט גענומען פאָרן מיט זיי קיין פּאַליאַן גאַנץ גערן.

אין פּאַליאַן ביי ר׳ אברהם־שלמהן האָט ער געפונען אַ פיינע העברעיִשע ביבליאָטעק, אין וועלכער עס זענען געווען אַלע נייע ביכער פון די היינטצייטיקע שרייבערס. וועלפקע איז געווען אַ גרויסער מתמיד. האָט ער איבערגעלייענט אַלץ, וואָס איז נאָר געשטאַנען אויף די פּאָליצעס.

קיין פריידענקער איז ער פון דעם לייענען ניט געוואָרן, אָבער זיין איבערמאָסיקע פרומקייט, זיין וצדקתך׳קייט האָט זיך אָפּגעטאָן פון אים. ער איז געוואָרן אַן אַנדערער, אָבער ניט קיין אחר, ניט קיין מקצץ בנטיעות. ער האָט נאָך אַלץ פאַרמאָגט ביי זיך פרומקייט גענוג איינצוטיילן אַ מנין דורכשניטלעכע ליטווישע ייִדן.

קומענדיק צוריק קיין אָסטראָוו, האָט ער אָנגעהאַלטן זיין לערנען אָבער מיט מעסיקייט. ער האָט אָפּט מעיין געווען אין די ראשונים, אַריינגעקוקט אין די אחרונים, געשריבן אויך אייגענע חידושי תורה, פאַרצייכנט אָנמערקונגען אויף די גליונות פון די ספרים, אָבער געטאָן האָט ער עס אָן אַ ברען, אָן דער פאַרדעמדיקער התלהבות.

## 102

# אַראָפּוואַרפן דעם יאָך

אַבקע האָט געטראַכט: ווי אַזוי קען ער אַראָפּוואַרפן פון זיך דעם יאָך פון תלמוד? ווי אַזוי טוט מען זיך אויס פון געשפּאַן? פלוצלונג נעמען און ווידערשפּעניקן? עס שיקט זיך ניט. מע דאַרף האָבן עפּעס אַ גרונט, אַן אויסרייד. קומען מיט דער טענה: וויבאַלד איך קען ניט ווערן קיין גאון, וויל איך אינגאַנצן ניט לערנען — איז דאָך לעכערלעך. פאַרוואָס מוז ער עס דווקא ווערן אַ גאון. קאַרג ייִדן לערנען, זענען גאַנץ פיינע לומדים און זענען ניט קיין גאונים? ווו שטייט עס געשריבן, אַז ער מוז עס זיין אַ גאון? עס איז דאָך גרויסהאַלטעריי. דאָס פּאַסט גאָרניט פאַר אים פאַרן מויל צו ברענגען. קומען ווייטער מיט דער צווייטער טענה: וויבאַלד איך בין קעגן חתונה־האָבן, קען איך קיין רב ניט ווערן, וואָרעם עס איז ניט פאַראַן קיין רב אָן אַ רביצין — איז נאָך לעכערלעכער: ווי קום איך, אַ ייִנגל פון אַ יאָר פערצן, אַ שנעק, זיך דרייען אַ קאָפּ מיט חתונה־האָבן און געבן מייך פּסק לכף חוב קעגן אַ לעבנסשטייגער, וואָס איז אָנגענומען ביי דער גאַנצער וועלט, סיי ביי ייִדן און סיי ביי ניט־ייִדן!

פאַר אים פערזענלעך איז דער ניט־חתונה־אַרגומענט געווען שטאַרק פעסט, ניט אַ טרייסל צו טאָן. אָבער בלויז פאַר אים. אַרויסזאָגן עס פאַר מענטשן, פאַרן טאַטן, פאַר דער מאַמען — מיינט דאָך מאַכן זיך צום נאַר, מאַכן פון זיך אַליין

---

1) סנהדרין, ע"ד.

חוזק, לייטישן געלעכטער. אַ שנעק, די מאַמעס מילך איז נאָך ניט פאַרטריקנט
אויף זיינע ליפן און ער זאָגט שוין אַ מיינונג וועגן פאַמיליע־לעבן! אויסער דעם
אַלעם איז דאָך זיין טאַטע ערנסט קראַנק און מ׳קען אים ניט דולן דעם קאָפ
מיט אַזעלכע צוטראַכטענישן.

אָבער זיכער איז ער, אַז אַן אויסוועג איז פאַראַן. ער דאַרף זיך בלויז
אַריינטראַכטן. פלוצלונג גיט אים ווי אַ בליאַסק אין געהירן: ס׳איז דאָך פשטות!
וואָס האָט ער דאָ צו טראַכטן און קלערן. עס ליגט פון אויבנאויף. ווי אַזוי איז ער
שוין איינמאָל פטור געוואָרן פון חדר אויף אַ גאַנצן יאָר? דורך קראַנק ווערן.
ווי אַזוי באַפרייט מען זיך פון מיליטער־דינסט? מע ווערט קראַנק אָדער מע
מאַכט זיך קראַנק. ווי אַזוי האָט דער ברודער אויפגעהערט צו לערנען? דורך
קראַנק ווערן. דאַרף ער, אבקע, נעמען און קראַנק ווערן. אָבער ניט אַזוי ערנסט
ווי דער ברודער, וואָס איז שיער ניט אַריינגעפאַלן אין דער דער, און אַפילו
ניט אַזוי ערנסט ווי ווען ער איז דאָס ערשטע מאָל קראַנק געוואָרן און אַזוי
אַרום באַפרייט געוואָרן פון שיעבוד החדר. דעמאָלט האָט ער געהאַט יסורים,
געפילט ווייטאָקן אין זייט, היינט זיינע גרעפצעניש זענען דאָך גאָר געווען אַ
שווידערלעכע זאַך. עס פלעגט פלוצלונג אויסשיסן פון אים ווי פון אַ האַרמאַט.
מענטשן האָבן אין גאַס זיך אָפגעשטעלט, זיך אומגעקוקט צו זען, וואָס ס׳איז
געשען. אויב ער זאָל ווערן שטאַרק קראַנק, אויף אַן אמת קראַנק, וועט ער דאָך
איינגאַנצן ניט קענען לערנען. דאָס וויל ער דאָך ניט. וואָס ער וויל, איז בלויז
אָפטשעפען זיך פון לערנען כסדר גמרא. לכן, דאַרף ער ווערן אַביסל קראַנק,
אונטערקרענקן, ווערן אַ חלוש, וועט ער קענען אַרויסקריכן פון גמרא־כאָמוט.
ער האָט חלילה גאָרניט קעגן דער גמרא, קעגן די פלפולים. זיי זענען אָבער פאַר
אים ניט קיין עסק. עס איז ניט קיין תכלית פאַר אים צו בלייבן שטעקן איב־
מיטן, ניט אַהער און ניט אַהין, זיצן און קוועטשן די באַנק. וואָס וועט ער פון
דער האַרטער בית־מדרש־באַנק אויסקוועטשן?

איז ווי אַזוי ווערט מען קראַנק, אָבער ניט צו שטאַרק קראַנק? ווי שטעלט
מען איין די מאָס? וואָס איז דער שיעור? ווי אַ כזית ווי אַ כביצה קראַנקייט?
דאָ קען ניט גילטן דער „ענטוועדער גאָר אָדער גאָרניט“. ער מוז דאָ איינגיין
אויף אַ פשרה. און די חולאת דאַרף אויסקומען מיניה וביה, ד״ה די חולשה
דאַרף קומען פון אינעווייניק, פון לערנען גופא, פון זיך איבערלערנען, פון צו־
פיל התמדה, אַזוי אַז קיינעם וועט ניט איינפאַלן, אַז ער אַליין איז עס געווען
דער גרמא בנזקין.

אומר ועושה. ער נעמט זיך דורכפירן זיין באַשלוס.

ער האָט אַצינד געלערנט אין בית־מדרש, ד״ה געלערנט פאַר זיך, זעלבסט־
שטענדיק, ער קען אַליין אָפלערנען יעטוועדן בלאַט גמרא מיט רש״י און תוס־
פות און די איבעריקע מפרשים און דאַרף צו קיין רבין ניט אָנקומען. איז ער
געוואָרן אַ גרויסער מתמיד, איז אָפגעזעסן גאַנצענע טעג און זיך געשאָקלט
איבער דער גמרא. געגאַנגען אַהיים פון אַלטן בית־מדרש, דאָס איז געווען אַ
היפשער מהלך, האַסטיק, אימפעטיק, כמעט געלאָפן, מיט דער כוונה זיך אַרויס־
צושלאָגן פון די כוחות. ער האָט זיך געלאָזן איבערחלשן דאָס האַרץ. ער האָט
געגעסן אַזוי ווייניק ווי נאָר מעגלעך. ער איז קיינמאָל קיין אכלן ניט געווען,
אָבער איצטער האָט ער בכיוון אונטערגעהונגערט.

## 103

# הבתולה נשאת און דקדוק

געלערנט האָט אַבקע פאַר זיך, אָבער אויף אַ פּאָר שעה דורכן טאָג האָט ער געהאַט אַ פּרייען רבין, ד״ה איינעם, וואָס האָט געזאָגט אַ שיעור אין בית־מדרש פאַר אַ צענדליק בחורים און אַבקע איז געווען איינער פון די צען. קיין התחייבות פון זיין צד איז דערביי ניט געווען, קיין מוז צו קומען צום שיעור איז ניט געווען. קיינער האָט אים ניט פאַרהערט, צי ער פאָלגט באמת נאָך דעם געזאָגטן שיעור. די גאַנצע זאַך איז געווען אַ פרייוויליקע אונטערנעמונג.

אין שטאָט איז געווען אַ מוסמך, וואָס איז ניט לאַנג געקומען פון די ליטווישע ישיבות. ער איז געווען אַן אײדעם אויף קעסט. ער איז געווען אַ היפּשער למדן און גוט באַהאַוונט אין דעם נייעם דרך פון לערנען אין די ישיבות, וואָס האָט געהייסן „עמקות״. זיין שווערס נאָמען איז געווען סקאַלקע און אים האָט מען גערופן סקאַלקעס אײדעם. סקאַלקע האָט געהאַט אין שטאָט אַ שם פאַר אַ קאַרגן. זיין טאָכטער, האָט מען גערעדט, איז געווען אַ גרויסע מיאוסקייט. אַזוי אַז דעם אײדעם האָט קיינער ניט מקנא געווען; מע האָט גיכער געלייגט אויף אים רחמנות, ווייל דער רייכער שווער האָט אויס קאַרגשאַפט געהאַלטן אים אויף אַ הונגער־דיעטע. ער איז געווען אַן אָפּטער אַריינגייער צום רב, וואָס האָט אים אויפגענומען זייער גערן. ער איז געווען ווייט פון חסידות, אַביסל גענייגט צו דער „וועלטלעכקייט״־זייט. אַז ער האָט זיך אָנגעבאָטן צו לערנען מיט אַ „קיבוץ״, האָט אַבקע מיט זיין פאָטערס הסכם זיך אָנגעשלאָסן. דער קיבוץ האָט קיין אריכות־ימים ניט געהאַט; ער האָט אָנגעהאַלטן אַ חודש מיט אַ וואָך. דער אײדעם האָט געהאַט אויסצושטיין צרות צרורות אי פון שווער און אי פון זיין ווייבל, וואָס איז געווען ניט בלויז אַ מכוערת, נאָר אויך אַ שלאַק, אַן ארורה, ניט פאַר קיין ייִדן געדאַכט; איז דער יונגער בעל־הביתל אין איין פינצטערער נאַכט נעלם געוואָרן, אַנטלאָפן פון שטוב, פון ווייב, פון שווער און פון שטאָט.

געלערנט האָט ער מיטן „קיבוץ״ די מסכתא כתובות. ער האָט אָנגעהויבן פון דער ערשטער משנה און ווען ער האָט אַרויסגעלייענט די ערשטע צוויי ווערטער „בתולה נשאת...״ האָט ער געמאַכט די פאָלגנדיקע באַמערקונג:

— ווי אַזוי מע דאַרף עס לייענען, צי „ניסאַאס״, צי „ניסעס״, ווייס איך ניט; כדי דאָס צו וויסן געגוי, דאַרף מען קענען דקדוק.

ער האָט זיך דערביי ניט אָפּגעשטעלט, ער האָט אַוועקגעלייענט ווייטער און האָט אָפּגעלערנט אַ היפּש שטיק גמרא און האָט זיך אַריינגעלאָזן אין סברא־זאָגענישן אין נוסח פון סלאָבאָדקער ישיבה.

אַבקען האָט זיין באַמערקונג געגעבן אַ קלאַפּ אין קאָפּ ווי מיט אַ האַמער: ס׳טייטש, וואָס הייסט עפּעס לייענען און ניט וויסן ווי אַזוי מ׳דאַרף עס לייענען? מ׳דאַרף קענען דקדוק דערצו? — איז וואָס איז מעכב? קען מען. נעמט מען, קריגט מען אַ דקדוק־ספר און מ׳לערנט זיך אויס די תורה. עס איז דאָך „לא בשמים היא״; די תורה איז דאָ ניט אויפן זיבעטן הימל; זי איז דאָך ניט געגעבן געוואָרן צו די מלאכים.

דער געדאַנק מכוח לערנען דקדוק האָט אַבקען ניט אָפּגעלאָזן. אַז ער איז געקומען אַהיים פון בית־מדרש, האָט ער איבערגענישטערט אַלע ספרים, וואָס זענען געשטאַנען אויף די פּאָליצעס, וועלכע האָבן צוגעדעקט צוויי ווענט, פון דיל ביז דעם פּולאָפּ, אין בית־דין־שטוב. ער האָט צווישן זיי קיין איין דקדוק־ביכל ניט געפונען.

זיין פאָטער האָט געהאַט אַ שאַפּקע, ווו ער האָט געהאַלטן אַ צאָל ביכער אונטערן שלאָס. זיי זענען, הפנים, ניט געווען אינגאַנצן כשר למהדרין מן המהדרין. אויך זיי האָט אַבקע זאָרגפעלטיק, הגם בגניבה, איבערגעקוקט. דאָ האָט זיך געפונען י. ב. לעווינזאָנס (1860—1788) „תעודה בישראל“, „בית יהודה“, „זרובבל“, „אפס דמים“, די עוואַנגעליע אויף רוסיש, דייטשע ביכער, געטעס ווערק, שילערס ווערק, אָבער קיין דקדוק איז ניט געווען.

אַבקע האָט איצט באַגריפן, אַז אויך זיין טאַטע, דער גאון, קען ניט קיין דקדוק און ווייסט, מסתמא, ניט ווי מ׳לייענט ריכטיק אָט־די צוויי ווערטער אין דער משנה „בתולה נשאת“... אויף וויפל ער געדענקט, האָט זיין פאָטער געלייענט ניסאַאָס. אָט־דער רעיון, אַז ער וועט זיך באַפרייען, ווען ער לערנט זיך אויס דקדוק, פון טאַטנס יאָך, פון טאַטנס אויטאָריטעט, — הגם ער ווערט אַרויפגעצווונגען אויף אים ניט איבערגעוואַלט, דאָך האָט ער זיך תמיד געפילט ווי אַ געפּענטעטער, — האָט אים שטאַרק געדרייצט. ווו ער האָט זיך געגעבן אַ קער, האָט ער זיך תמיד אָנגעשטויסן אָן זיין פאָטער, וואָס האָט עס געקענט בעסער פון אים. ער גייט זיך אַצינד אויסלערנען אַ זאַך, וואָס זיין פאָטער, דער גאון, קען עס ניט. אַזוי אַרום וועט ער זיך נעמען פילן פריי, זעלבסטשטענדיק, כּאָטשבי אין איין תחום.

אָבער ווו געפינט מען אַ דקדוק־ביכל? אין שטאָט איז געווען איין ייִד, וואָס מ׳האָט אים גערופן דער בעל־מדקדק. זיין נאָמען איז געווען מאָרגנשטערן. אַבקע האָט אים געקענט. ער איז געווען אַ חשובער באַלעבאָס, אַ פאַרברענטער מתנגד; ער׳ט געדאַוונט אין נייעם בית־מדרש, וואָס איז געווען די ציטאַדעל פון מתנגדות. ער איז געווען אַ גרויסער מקפיד אויף פּינקטלעכקייט, אַ פראַווערביאַלער פּעדאַנט: ער האָט ניט געוואָלט אונטערשרייבן אַ בריוו, אין וועלכן דער אַדרעסירטער איז טיטולירט געוואָרן ר׳, אויב ער איז קיין רב ניט געווען; אויך אין רעדן האָט ער קיינעם ניט געזאָגט ר׳, סיידן יענער איז געווען אַ רב אָדער געהאַט סמיכות אויף רבנות, צו אַזאַ עקיקייט האָט ער דערפירט דעם אָנזאָג „מדבר שקר תרחק“ 1) (דערווייטער זיך פון אַ ליגן). ער איז געווען אַן איש־אמת, וואָס איז געווען אָפּגעהיט אויף אַ קוצו של יוד. ער האָט זיך געפירט לויט די פאָרשריפטן פון „שולחן־ערוך“, ניט אָפּגענייגט אויף אַ האָר, ניט צוגעגעבן און ניט אַראָפּגענומען.

אַבקע האָט מער ווי משער געווען אַז ביי ר׳ גדליה־דוד מאָרגנשטערנען, צווישן זיינע ספרים געפינט זיך זיכער אַ דקדוק. אָבער גיין צו אים בעטן עס לייען, האָט ער ניט געהאַט קיין חשק. ער האָט געוווסט, אַז מאָרגנשטערן איז אַן אָנגעוואַמפּעטער חוקר־ודורשניק; אַז ער וואָלט אים, אַבקען, פאַרפייניקט מיט

---

1) שמות כ״ג, י״ז.

פראַגעס. אויף וואָס דאַרף ער עס; ווי לאַנג האָט ער בדעה עס צו האַלטן און נאָך די אַלע אויספאַרשונגען וואָלט ער אים ערשט אָפּגעזאָגט, ווייל ער גיט פון שטוב ניט אַרויס קיין ספרים, מחמת מענטשן זענען זיך נוהג מיט זלזול לגבי אָנטליִענע ספרים; זיי גיבן זיי ניט אָפּ, און ביכער ווערן אַזוי אַרום פאַר־פאַלן; ער וואָלט אויך חושש געווען טאָמער צעקנייטשט אַבקע אַ בלאַט אין ספר, פאַרשטויבט עס, פאַרפלעקט עס, און ביי מאַרגנשטערענען זענען די ספרים געווען אָפּגעהיט און געהאַלטן ריין ווי ניי, ווי נאָר וואָס אַרויס פון דרוק און פון האַנט פון איינבינדער.

הכלל, ער האָט זיך צו אים ניט געווענדט. האָט ער געזוכט אַן אַנדער קוואַל און האָט אים געפונען. ער האָט פאַרדעכטיקט, אַז ר׳ בערושעס איניקל, ר׳ אייזל חריפס אוראייניקל, איז אַביסל „געכאַפּט אין דער מעשה״, איז אַ „קאָ־פּיטשקע מעוברת״ מיט משכילישקייט און ער מוז ערגעץ האָבן אַ דקדוק. כך הווה. ער האָט טאַקע געהאַט אַ דקדוק, דעם „המסלול״. ער האָט אים אָנטליִען אַבקען אויף עטלעכע חדשים. אַבקע האָט זיך געפרייט „ווי ער וואָלט געפונען רוב לרוב״.

דער „המסלול״ איז געווען אַ דיקער ספר, אָנגעפּראָפּט מיט אַלע יוצאי־מן־הכללס, אָבער דאָס האָט אים ניט אָפּגעשראָקן. ער האָט אים געטראָגן אַהיים, ווי אַן אבן־טוב, מיט גרויס פרייד.

## 104

## אַבקע ווערט קראַנק

גאַנצענע נעכט, ווען אַלע שלאָפן, איז אַבקע אויף. ער זיצט אין בית־דין־שטיבל, ריכטיקער: ער גייט אַרום איבערן צימער, כדי ער זאָל ניט איינשלאָפן, און חזרט, לערנט אויפּאויסווייניק דעם „המסלול״. גאַנצענע טעג לערנט ער גמרא אויפן קול אין בית־מדרש, ער שאַנעוועט ניט די לונגען און ניט דאָס האַרץ. ער עסט ווייניק, ער „מאַרעט״ זיך, ער שלאָפט נאָך ווייניקער, ער לייגט זיך שלאָפן ערשט אין די לעצטע שעהן פון דער נאַכט. זיין שלאָפצימערל איז ד׳ אויף ד׳ ממש. עס איז אייגנטלעך בלויז אַ פּירהויז, וואָס טיילט די צוויי העלפטן פון דער וווינונג. דער חדר האָט ניט קיין פענצטער, האָט ניט קיין ווענ־טילאַציע. דערצו שטייט דאָ ניט־ווייט פון זיין בעטל די נאַכט־כלי, וואָס דער פאָטער, זייענדיק נאָך אַלץ ערנסט־קראַנק, נוצט זי אויך בייטאָג, הן פאַר נקבים קטנים און הן פאַר נקבים גדולים. ער איז צו שוואַך זיך צו באַנוצן מיטן אָפּטרעט, וואָס געפינט זיך אין הויף און מע דאַרף צו אים אַרויף אויף אַ היפּשער צאָל טרעפּלעך. ער גייט קוים אַרום איבער דער שטוב, ד״ה, שלאָפצימער און זיצ־צימער. זי איז אַ מין פאַראַשקע מיט אַ צודעק. זי אַווירט און פאַרדאַרבט די לופט אַרום זיך, ווייל מע ליידיקט זי אויס און שווענקט זי אויס בלויז צוויי מאָל אין מעת־לעת.

איז ווי לאַנג האָט אַבקע, וואָס איז געווען אַ חלוש, קוים וואָס ער האָט זיך געהאַלטן, געקענט אויסהאַלטן אַזאַ רעזשים און ניט איינברעכן?

אײן טאָג, ער כאַפּט זיך אויף פון שלאָף אינדערפרי מיט אַ געוואַלדיקן קאָפּווייטיק און אַ האַרצקלאַפּעניש. לכתחילה האָט ער זיך דערפרייט. דאָס איז עס דאָך, וואָס ער האָט געוואָלט; מיינט דאָך עס, אַז לסוף האָט ער אויסגעפירט זיינס, ער האָט דערגרייכט זיין ציל, ער איז קראַנק געוואָרן און צו דעם האָט ער דאָך געשטרעבט, געריסן זיך. אָבער צוזאַמען מיט דער פרייד איז געקומען זיין שרעק: ער האָט פחד, טאָמער האָט ער זיך אַריינגעטריבן אין אַן אמתער קראַנקייט. פון איבערגעשראָקנקייט און פאַרלאָרנקייט האָט ער זיך אַזש צעוויינט: ער האָט זיך אומגליקלעך געמאַכט. ער וועט שוין קיין זאַך ניט קענען לערנען. אייגנטלעך וועלכע לימודים ער דאַרף יאָ לערנען — איז אים ניט קלאָר. ער טראַכט אין אַלגעמיינע אומבאַשטימטע טערמינען; ער דאַרף לערנען און וועט ניט קענען לערנען. און טאָמער האָט ער זיך גאָר געמאַכט פאַר אַ בעל־מום, אַ שברי־כלי? דעם סוד, אַז ער האָט זיך בידים, מיט אַ כיוון, קראַנק געמאַכט, קען ער קיינעם ניט פאַרטרויען, און דערדאָזיקער סעקרעט דריקט אויף זיין געמיט. אָנשטאָט אַ קלאָמפּערשטער קראַנקייט, האָט ער אויף זיך געבראַכט אַן אמתע מחלה. דאָס האַרץ פאַלט אים אַרויס פון דעם ברוסטקעסטל. עס קלאַפּט און טראַסקעט ווי מיט האַמערס. הענט און פיס ציטערן אים. ער באָדט זיך אין אַ קאַלטן שווייס. ער איז קאַפּוט. וואָס זאָל ער טאָן? ער מוז האַלטן ס'מויל. וואָס האָט ער צו רעדן? צו וועמען זאָל ער רעדן? ער ווייסט דאָך דעם אמת, אַז ער אַליין איז שולדיק.

די ערשטע, וואָס האָט באַמערקט, אַז ער איז קראַנק, איז געווען די מאַמע. זי האָט דערזען, אַז ער זיצט און דאַוונט, און האָט זיך גוט דערשראָקן. זי האָט גוט פאַרשטאַנען, אַז וויבאַלד ער זיצט, איז עס אַ סימן, אַז ער האָט פשוט קיין כוח נישט צו שטיין אויף די פיס.

מע האָט גלייך געשיקט רופן דעם פוילישן דאָקטער, כאַרוסעוויטשעס קאָנקורענט, ק.

דער דאָקטער איז געקומען שפּעט נאָך מיטיק, נאָענט צו בין־השמשות. ער האָט אַבקען אויסגעקלאַפּט און גוט אויסגעהאָרכט. אַבקע איז געווען אַן אויפגעשרויפטער, אַ צעקלייטער. ער האָט זיך קוים געקענט האַלטן אויף די פיס, שטייענדיק האַלב־אויסגעטאָן פאַרן דאָקטער. עס האָט אים געוואָרפן ווי אין קדחת. ער האָט געמיינט, אַז אָט־אָט און ער פאַלט אַנידער. ער וואַרט אויפן ווערדיקט. דער דאָקטער נעמט אָבער ניט זיין קראַנקייט ערנסט; ער פאַרזיכערט, אַז עס איז זיך ניטאָ וואָס צו שרעקן. דער פאַציענט איז איבערגעאַרבעט און ניט־דערעסן. ער ברייטיקט זיך אין רו און „פּאַשע".

ווי אַבקע האָט דאָס דערהערט, אַזוי האָט זיך דער פחד פון אים גלייך אָפּגעטאָן. ער האָט דערפילט אַ צופלוס פון כוחות. ניט נאָר האָט ער געקענט שטיין אויף די פיס אָן קיין שוועריקייטן, נייערט אויך אַרומגיין און נאָך ווי אַרומגיין. ווי נאָר דער דאָקטער איז אַוועק, איז ער אַרויס אויף אַ שפּאַציר פון איבער אַ שעה צייט. ער האָט זיך געוווּנדערט און זיך געפרייט, וואָס ער קען עס באַהויפּטן. אַצינד איז ער שוין זיכער, אַז זיין פלאַן האָט זיך אים איינגעגעבן דורכצופירן על הצד היותר טוב, אויפן בעסטן געוווּנטשענעם אופן. ער איז בלויז אַ קאַפּעטשקע קראַנק. זיין שוואַכקייט האָט זיך גענומען פון הוילער שרעק. ווי

נאָר דער דאָקטער האָט אַוועקגענומען פון אים דעם פּחד פאַר זיין חולאַת, אַזוי האָט ער גלייך, באותו רגע, געגומען זיך פילן שטאַרקער.

וואָס אים האָט שטאַרק געחידושט און איבער וואָס ער האָט זיך אַצינד פאַרטראַכט, איז דער אומגעהויער גרויסער כוח פון דיבור, פון וואָרט; אַז דיבור, אַ זאָג איז ווי אַן אַקט[1]; דער דאָקטער האָט אַרויסגערעדט אַ פּאָר ווערטער און ער איז געוואָרן ווי אַ נייער מענטש; ער, דער דאָקטער, האָט אין אים ווי אַריינגעטאָן נייע כוחות. אַ מינוט פאַר דעם איז ער געפאַלן פון די פיס; מיט די לעצטע כוחות האָט ער זיך געהאַלטן און געלאָזן דעם דאָקטער אים אויסהערן. און אַ מינוט נאָכדעם האָט ער געקענט שטיין און גיין ווי אַ געזונטער מענטש...

וואָס האָט פּאַסירט צווישן אָט־די צוויי מאָמענטן? בינתים האָט גאָר ניט פּאַסירט, בלויז דער דאָקטער האָט געזאָגט זיין „שפּרוך". אויב אַזוי, האָט אַבקע געטראַכט, זענען דאָך די חסידים ניט אינגאַנצן אויסן וועג, ווען זיי פאַרזיכערן, אַז אַ וואָרט פון זייער רבין, אין ווען זיי גלייבן, צו ווען זיי האָבן פולן צוטרוי, ווי ער צום דאָקטער, וואָס האָט אים אונטערזוכט, קען פאַר זיי אויפטאָן גרויסע זאַכן; אויב אַזוי קען דאָך אַ ברכה טאַקע האָבן אַ ווירקונג[2]. און זיין פּאָטער, דער מתנגד און משכיל, איז ניט אינגאַנצן גערעכט, ווען ער טרייבט אַרויס די ווייבער, וואָס קומען צו אים בעטן ברכות.

אַ וואָרט איז אַ כוח און עס טוט אַרבעט בפועל ממש.

## 105

## העפּנער און פאַמיליע

זיי האָבן דעמאָלט געוווינט אין איינעם פון העפּנערס הייזער, וואָס איז געשטאַנען אין אַ גאַס, וואָס איז געווען כמעט אינגאַנצן אַ גוישע.

זיין פאָטער האָט צוליבן געזונט אויסגעמיטן, ווען נאָר מעגלעך, צו וווינען אין דער געדיכטעניש, פאַרשטיקעניש און ענגשאַפט פון די ייִדישע געסלעך. אַזוי אַז זיי האָבן אַלע מאָל געזוכט דירות אַביסל אָן אַ זייט, דערווייטערט פון צענטער פון שטאָט, ווו די לופט איז פרייער און די שטחים צווישן די הייזער גרעסער, ברייטער. דאָ איז געווען אויך אַ צווייטע כוונה: זאָל דער ייִדיש־פאַנאַטישער עולם, וואָס האָט אַזוי ליב צו באַרעדן אַ רב, צו פירן מחלוקתן, זיין ניט צו נאָענט, ניט קענען אַריינקוקן דורך די פענצטער און זיך צופיל צוקוקן צו די הנהגות פון רבס הויז.

העפּנער איז געווען אַ רייכער ייִד, היפּש ווייט פון פרומקייט ווי דאָס וואָרט איז פאַרשטאַנען געוואָרן אין אָסטראָוו. זיין פרוי איז געווען אַ הויכע, אַ שלאַנקע, אַ שיינע. זי איז געווען אַן איינהאָרן און האָט שטאָלצירט מיט איר יחוס. זי איז געגאַנגען מיט די אייגענע האָר. געהאַט אַ טאָכטער פון איר ערשטן מאַן. העפּנער איז ביי איר דער צווייטער.

---

1) שבת, קי"ט.

2) מגילה, ט"ו; ברכות, ז'.

העפּנער האָט זיך געקליידט ווי אַ „דייטש“, ד״ה, געטראָגן אַ מאַרינאַרקע, אָנשטאָט אַ קאַפּאָטע, אַ מאַנישקע מיט אַ קראַוואַט, מאַנזשעטן, אַ ווייכן קאַפּעליוש, אָנשטאָט אַ היטל. די ייִדן אין שטאָט האָבן באַטראַכט די העפּנער־פּאַמיליע פֿאַר קלים שבקלים. צו די קהלה־אָנגעלעגנהייטן האָט העפּנער קיין צוטריט ניט געקענט האָבן; ער איז געשטאַנען מחוץ פֿון ייִדישן קהל, אויב ניט מיטביידע פֿיס, איז מיט איין פֿוס.

קיין שלום־בית איז ביי די העפּנערס ניט געווען. די פּרוי העפּנער איז געקומען צו דער רביצין זייער אָפֿט. זי האָט זיך תּמיד געריכט מיט איר אָפּשטאַם, זיך שטענדיק פֿאַררופֿן אויף אירע עלטערן און אורעלטערן, און זיך כּסדר געקלאָגט אויף איר מערכה, אויף דער ביטערער דאָליע, וואָס זי און איר טאָכטער האָבן ביי העפּנערן. די רביצין האָט ניט געהאַלטן ניט פֿון איר און ניט פֿון איר יחוס, וואָרעם אין איר פֿאַמיליע זענען געווען טאַקע רבנים, אָבער אויך משומדים האָבן ניט געפֿעלט, אַזוי, אַז לויט דער רביצינס השגות האָט זי בעסער געדאַרפֿט שווייגן וועגן איר אַרויסקום. דאָך פֿלעגן זיי ביידע אָפּזיצן שעהן גאַנצע און שמועסן.

די קריגערייען און מיספֿאַרשטענדענישן צווישן העפּנערן און זיין ווייב האָבן געהאַט איין הינטערגרונט און דאָס איז געווען איר טאָכטער, וואָס האָט געוווינט מיט איר. איר מאַן האָט געהאַט אַן אַמביוואַלענטישע באַציִונג צו אָט־דער טאָכטער, פֿון איין זייט האָט ער זיך געטשעפּעט צו דעם, וואָס זי, וואָס איז געווען אַ פֿריילין פֿון אַ יאָר זעכצן־זיבעצן, איז אַ לאַסט און ער דאַרף זי אויסהאַלטן מיט עסן און קליידן; פֿון דער צווייטער זייט, האָט ער זיך טאַקע אויף אַן אמת צו איר „געטשעפּעט“. און מער וויפֿל ער האָט זיך געטשעפּעט האָט דאָס ווייב אים חושד געווען אין פֿאַרבאָטענע כּוונות.

די העפּנערס זענען געווען היפּש פֿאַרמעגלעך לויט דעם עקאָנאָמישן סטאַנדאַרט פֿון דעם ייִדישן אָרימען שטעטל. אָבער זיי האָבן זיך פֿאָרט געפֿונען אין אַ מצב פֿון ירידה, וואָרעם מיט יאָרן צוריק איז העפּנער געווען אַ גאָר רייכער ייִד, לויט די השגות פֿון דער סביבה.

זייער מצב איז געזעלשאַפֿטלעך געווען אַן אומאַנגענעמער. פֿון איין אומגעבונג אַוועק, צו אַ צווייטער ניט צוגעשטאַנען. מיט די ייִדן האָבן זיי ניט געקענט פֿאַרקערן, זיי זענען געווען צו פֿריי; מיט די גויִים האָבן זיי זיך ניט געקענט מישן, אויף אַזויפֿיל גויִיש זענען זיי ניט געווען.

העפּנער האָט געהאַט אַ טאָכטער פֿון זיין ערשטן ווייב. זי איז געווען פֿאַרהייראַט צו אַ ייִדן אין וואַרשע מיטן נאָמען יאַקאָבי. זי האָט זיך אָבער מיט אים געשיידט, אפֿשר געזעצלעך אין געריכט, אָבער קיין גרושה, ד״ה, אַ געגטע, איז זי ניט געווען. אין אָסטראָוו האָט זי געעפֿנט אַ פֿאָטאָגראַפֿישע שטודיאָ, טאַקע אין איר פֿאָטערס אַ הויז, אין שכנות מיט דעם רבס דירה, בשותּפֿות מיט אַ גוי. אַזוי אַז די שטאָטישע ווייבער, און ניט בלויז ווייבער, האָבן זי געהאַלטן אין מויל. מע האָט זי באַרעדט פֿון קאָפּ ביז די פֿיס; אַ ייִדיש יונג ווייבל אַליין מיט אַ גוי אין געשעפֿט... אַן אַנטלאָפֿענע פֿון אַ מאַן, וועמען זי האָט איבערגעלאָזט אין וואַרשע. פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג האָט קיינער מיט איר קיין מגע־

ומשא ניט געהאַט, אָבער קיינער האָט ניט געלייקנט, אַז זי איז געווען אַ בילד־שיינהייט.

דער הויף פון רבס וווינונג און פון דער פאָטאָגראַפישער שטודיאָ איז געווען אַן אַלגעמיינער. דעם רבס דירה איז געווען אַ רחבותדיקע: גראַמע צימערן, הויכע פולאפן, דילן, פאַרקעטן, אָבער קיין זכר פון פלאָמבירונג, אַזוי, אַז דער בית־הכסא איז געשטאַנען אין הויף און מע האָט געדאַרפט אַרויפגיין אַ היפשע צאָל טרעפלעך. דאָס אייגענע דער בית־הכסא פאַר די שטודיאָ־מענטשן. די צוויי אָפטרעטן זענען געווען אַ מין געבויצווילינג, נאַטירלעך אָפגעמחיצהט מיט ברעטלעך־ווענטלעך. זיי האָבן געהאַט באַזונדערע טירלעך, אויף וועלכע עס זענען געהאנגען שלעסלעך. אַ מענטש איז דאָך בלויז אַ מענטש, צי מאַן, צי פרוי, צי צנועה, צי חצופה. האָט פרוי יאַקאָבי געמוזט זיך וויזן פון צייט צו צייט. פינקט־לעכער: לכל הפּחות איינמאָל אין מעת־לעת, אין הויף און אַבקעס שוועסטערס און אויך אַבקע זענען געלאָפן צום פענצטער, אויב עס איז געווען בייטאָג, זי אָנקוקן, און יעדעס מאָל, ווען זיי האָבן זי געזען, האָבן זיי זיך ניט געקענט אָפּרימען פון איר שיינקייט.

איינמאָל האָט העפנער געלאָזט וויסן, אַז זיין טאָכטער האָט אַ געהויבענעם גאַסט פון וואַרשע, אַ ייִדישן שרייבער מיטן נאָמען ה. ד. נאָמבערג.

אַבקע איז געווען טשיקאַווע אָנצוקוקן אָט־דאָס אויסטערלישע באַשעפעניש, אַ שרייבער. האָט געטשאַטעוועט ביים פענצטער אַ גאַנצן טאָג. ער איז דאָך ניט פרעה מלך מצרים. ער וועט זיך דאָך מוזן באַווייזן, ווען ער'ט גיין אויף נקיות. ער האָט אָבער געוואַרט אומזיסט. מסתמא האָט ער געליטן אויף עצירות. תלמידי חכמים לידן דאָך אויפן מאָגן און די געדערים! 1). אויף מאָרגן איז אַבקע ווידער געשטאַנען ביים פענצטער אויף דער וואַך. דער גאַסט־שרייבער האָט זיך באַוויזן... אַבקע איז געווען אַנטוישט: ניט געווען וואָס צו זען. ער האָט זיך אָבער געטרייסט מיטן מאמר חז"ל: „שיינע קלוגשאַפט אין אַ מיאוסער כלי" 2), מיט אַלע מעלות קען זיין, אָבער דאָס פּאַסירט זעלטן. אַ קאָפּמענטש דאַרף ניט זיין קיין בעל־גוף.

## 106

## העפנער איז תמיד גערעכט

אַבקען איז געווען זייער אינטערעסאַנט זיך צוצוהערן צו העפנערס רייד, ווען ער האָט אויסגעלייגט זיינע טענות, זיינע פּרעטענזיעס, וואָס ער האָט געהאַט צו פאַרשידענע מענטשן, מיט וועלכע ער האָט געהאַט משפטים אין די רעגי־רונג־געריכטן. ווען דער רב, אויסהערנדיק אים, האָט אים געזאָגט, אַז ווען ער האָט אַ דין־תורה ביי אַ בית־דין, וואָלט ער פאַרלאָרן, האָט ער זיך ניצוחדיק געאַמפּערט.

---

1) שבת, קי"ח.

2) תענית, ז'.

העפּנער האָט געהערט צו דעם סאָרט מענטשן, וואָס זענען ניט ביכולת צו־צוגעבן אַז זיי קענען זיין אַמאָל אומגערעכט. ער איז געווען זיכער, אַז ער איז תמיד געווען, איז און וועט זיין גערעכט, און אַלע די, מיט וועמען ער שטויסט זיך צוזאַמען, זענען תמיד די אומגערעכטע; עס קען גאָר אַנדערש נישט זיין; ביי אים איז עס אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט.

אַבקע האָט גוט געוווסט דעם טעם פון חרטה. ער האָט אָפּט געליטן פון אַ שולדיקייט־געפיל. ער האָט באַגריפן, אַז זיין הנהגה איז ניט אָן אַ שפּרינקעלע פּגם. העפּנער איז אין אַבקעס אויגן געווען עפּעס אַ גאָר מאָדנער מענטש. אַבקע האָט פיגוראַטיוו געצוקט מיט די אַקסלען און זיך געחידושט: ווי אַזוי איז עס אַ מענטש אַזוי איינגעגלויבט אין זיך. די חכמים האָבן דאָך אונדז אָנגעזאָגט בפּי־רוש, אַז אַ מענטש טאָר נישט גלויבן צופיל אין זיך 1) ביז דעם לעצטן טאָג פון זיין לעבן. אַ מענטש איז עלול צו מאַכן אַ טעות, זיך אויסצוגליטשן. ווי רעדט זיך עס אַ מענטש איין, אַז ער איז אין דער בחינה פון שלימות, אַ בחינה, וואָס געהערט בלויז צום רבונו־של־עולם. אַבקע האָט אים כמעט ווי מקנא געווען: אַ גליקלעכער מענטש, ער טראָגט נישט אויף זיינע אַקסלען די לאַסט פון שולד. אַ פרומער ייִד קען אַזוי וועגן זיך ניט טראַכטן, וואָרעם עס איז „ניטאָ אַ מענטש אויף דער וועלט, וואָס ער זאָל תמיד טאָן גוטס און ניט זינדיקן" 2). בכלל אַ מענטש, וואָס ווייסט ניט, וואָס ס'איז חרטה און תשובה, איז אָדער אַן אומ־מענטש, נידעריקער פון אַ מענטשן, אָדער ער איז איבער דעם מענטשן, אַ מלאך אָדער אַ געטלעך באַשעפעניש.

## 107

## זכרונות לבית־דוד

אַבקע האָט געקראָגן דעם ערשטן באַנד פון ביכל „זכרונות לבית דוד" אין אַש פרידבערגס איבערזעצונג און איבעראַרבעטונג פון דייטש. ער האָט עס גענומען לייענען. אָבער ער איז דאָך נאָר־וואָס אַוועק פון דער גמרא, נאָך ניט אַנטוווינט זוי געהעריק, איז דער ענין לייענען, בלויז לייענען, אים געווען פרעמד. אויסער דעם איז דאָך זיין כוונה געווען ניט דאָס באַקענען זיך מיט די פיקציאָניזירטע קאַפּיטלעך געשיכטע, נייערט דאָס שטודירן העברעיִש, די העברעיִשע שפּראַך, און פאַר דעם צוועק, האָט ער געטראַכט, איז לייענען אַליין ניט גענוג. ער דאַרף דעם טעקסט לערנען. האָט ער איבערגעלייענט אַ זאַץ, עטלעכע זאַצן, און גלייך פּרובירט איבערגעבן דעם אינהאַלט פון דעם איבערגעלייענטן מיט זיינע אייגענע ווערטער אין העברעיִש. דאָס איז פאַר אים געווען זייער שווער. זיין ווער־טער־באַגאַזש, וואָקאַבולאַר, איז געווען אַן אָרימער, די סטרוקטור פון העברעיִשן לשון איז אים געווען האַלב־פרעמד, האָט ער נעבעך געהאָרעוועט. ער האָט זיך געפלייסט נאָכמאַכן, נאָכזאָגן פרידבערגס פליסיקן העברעיִש, און ער האָט ניט געיכולט. האָט עס אים שטאַרק געערגערט.

---

1) אבות ב', ה'.

2) מלכים א', ח', מ"ו; קהלת, ז', כ'.

דערצו איז נאָך צוגעקומען די פראַגע פון אויסלייגעכץ. אָבער אַט־די פּראָבלעם האָט אים ווייניקער געקימערט. ער איז געקומען צום שלוס, אַז כדי זיך אָנצואייגענען די אָרטאָגראַפיע, דאַרף מען זיך ניט פוילן, זיך פשוט אַוועקזעצן און איבערשרייבן דאָס גאַנצע ביכל פון אָנהייב ביזן סוף.

מיט זיין לייענעכץ האָט ער זיך פאַרנומען אין אַלטאַנקע פון העפּנערס סאַד.

ביי העפּנערן אין זיין הויז (ער אַליין האָט פאַרנומען בלויז אַ פליגל פון הויז, וואָס איז געווען ווי צוגעבויט, ווי אַ מין אָפּיצינע) האָט געוווינט אַ קאָזאַקישער גענעראַל, זייער אַן אַלטער מאַן. ער איז שוין זיכער געווען אין דימיסיע אויף אַ פּענסיע. ער האָט געהאַלטן אַ פּאָר דענשטשיקעס. זיי זענען אַרומגעגאַנגען אַרום זיינע עטלעכע פערד. זיי האָבן זיי אַלע טאָג געבאַרשט און געוואַשן. אַזוי אַז אין אַלטאַנקע האָט געשמעקט מיט פערד־גערוך. אָט־דער אַוויר און דער גאָר דינער האָר־שטויב האָט געררייצט און געקיצלט, כאָטש ניט אויפאַזויפיל, אַז עס זאָל קומען צום ניסן, אַבקעס נאָזלעכער און ניט געלאָזן אים זיך קאָנצענטרירן אויף די איבונגען אין העברעיש.

נאָך אַ זאַך האָט אים צעשטרייט און דאָס איז געווען העפּנערס וויבס טאָכטער. זי איז אָפּט געקומען אין גאָרטן און האָט שפּאַצירט אין די אַלייען. אַן אומעט האָט געווייעט פון איר גאַנצן מהות. זי איז געווען זייער אַ שיינע אויפן פּנים, אָבער איר פיגור איז געווען צעמומט. איין אַקסל אויפגעהויבן און דער רוקן אַביסל אויסגעבויגן, אַזוי אַז אַ הויקערל האָט זיך קענטעוודיק פאַרמירט. זיין בולטקייט האָט זי אָפּגעשוואַכט דורך איר טראָגן אַ ברייטלעכן, לויזן אויבערמאַנטל. פאַר אַבקען איז זי געווען רייצנדיק מיט איר פרעמדקייט: אַ יידישע טאָכטער, און דאָך ניט יידיש. איר מוטער האָט גערעדט „קאַלוועריער דייטש", און אַזוי האָט אויך די טאָכטער גערעדט, ווען זי איז אַמאָל געקומען מיט איר מוטער און געכאַפּט אַ שמועס מיט אַבקעס עלטערער שוועסטער. זי איז אינגאַנצן געווען אָנלאָקנדיק מיט איר עקזאָטישקייט, חצי־מיידל און חצי־שיקסע. אָט־די האַלבירונג האָט אים צוגעצויגן און אָפּגעשטויסן. איר צוציקראַפט איז געלעגן אין דעם, וואָס זי האָט אין אים געוועקט אַ רחמנות־געפיל. ער האָט געהאַט מיט איר מיטלייד: אויף דער וועלט האָט זי צרות סיי פון דער מאַמען, וואָס וויל פון איר פּטור ווערן אויף אַ גוטן אופן און ווייסט ניט ווי אַזוי, ווייל צוליב איר חסרון איז שווער זי צו פאַרשלייערן, סיי פון איר מאַמעס מאַן, וואָס וואָלט וועלן פּטור ווערן פון איר מאַמען אויף אַ לייטישן שט״יגער אָן א סקאַנדאַל; יענע וועלט וועט זי דאָך זיכער ניט האָבן: זי איז דאָך ניט פרום; אַבקע איז אַפילו ניט זיכער, אַז ביי זיי אין הויז איז אַ כשרע קיך, אַז זיי עסן ניט קיין טריפה פלייש, און אפשר אויך חזיר־פּעטס און שינקע, מיט וואָס די קאָזאַקן האָבן אים געוואָלט איבערגעוואַלט מכבד־זיין און ער איז ניצול געוואָרן פון זייערע הענט ווי דורך אַ נס. זי איז איינע אַליין, ווי אַ שטיין, אָן חברטאָרינס. זי איז עפּעס ווי אַ מין פאַרשטויסענע, אַן אויסגעשלאָסענע פון כלל־ישראל. זי געהערט ניט צום בית־יעקב, אָבער אויך ניט צו בית־עשיו; זי האָט ניט קיין יידישע סביבה און ניט קיין גוייִשע. און אַבקע האָט געוווּסט פון חוני המעגלס ווערטל: „או חברותא או מיתותא" 1). זי איז געווען איינזאָם; אַפילו שפּאַצירן גיין האָט זי,

1) תענית, כ"ג.

נעבעך, געמוזט איינע אַליין. אַבקע האָט געוואָלט מיטגיין מיט איר, באַגלייטן זי אויף אירע שפּאַצירגענג; זאָל זי האָבן מיט וועמען אַ וואָרט אויסצורעדן. ער האָט זיך אָבער געשעמט איר אָנצובאָטן זיין געזעלשאַפט, זיין חברשאַפט. זיין האַרץ האָט געווייטיקט פאַר איר. אַז זי האָט זיך באַוויזן אין גאָרטן, זיך דורכגעשפּאַצירט און אַוועקגעגאַנגען, האָט ער איר לאַנג נאָכגעקוקט, באַגלייט מיט פאַראומערטע אומרוּיִקע בליקן. ער האָט זיך לאַנג ניט געקענט באַרויִקן. ער האָט געהאַט אויף איר תרעומות, וואָס זי נעמט ביי אים צו אַ סך צייט, און זי ווייסט אַפילו ניט פון דעם. יעדעס מאָל נאָך איר אַוועקגיין האָט ער געטראַכט, אַז מאָרגן, ווען זי וועט אַריינקומען אין גאָרטן, וועט ער צו איר צוגיין, זי באַגריסן און איר אָנבאָטן זיין חברשאַפט און פריינטשאַפט. אָבער דער מאָרגן איז אַלע מאָל אָפּגעלייגט געוואָרן אויף איבערמאָרגן, און דער איבערמאָרגן אויף איבער־איבער...

געהייסן האָט זי פלאָראַ, אָבער אַבקע האָט זי אין געדאַנק גערופן „יפתחס טאָכטער", אַזוי טראַגיש האָט זי אויסגעזען אין זיינע אויגן. יענע איז אַרומגעגאַנגען איבער די בערג און באַוויינט איר מיידלשאַפט;1) און די גייט אַרום איבער די אַלייען און באַוויינט איר יונגשאַפט אָן טרערן. אויף אָט־דער איז מער רחמנות, ווייל יענע האָט כאָטש געהאַט חברטעס, און די האָט דאָס אויך ניט.ביידע אומגליקלעכע קרבנות פון שיקזאַל...

# 108

## פּאָדגזשיבאָווסקי

חולאים האָבן אין הויז ניט געפעלט: דער רב קראַנק, די צוויי זין ניט געזונט. איז די רביצין אַוועקגעפאָרן און גענומען פאָרן זומער אַ קליין פּויעריש שטיבל אין פּאָדגזשיבאָווסקי. אַזוי ווי אין שטיבעלע איז ניט געווען גענוג פּלאַץ פאַר דעם גאַנצן הויזגעזינד, האָבן זיי זיך צעטיילט: דער פאָטער און מוטער און עלטערע שוועסטער האָבן זיך אַריבערגעצויגן קיין פּאָדגזשיבאָווסקי. אַבקע, וועלפקע, רחקע, מאַשקע און משהקע זענען געבליבן וווינען אין שטאָט, אָבער יעדן טאָג זענען זיי געקומען אויף דער זומער־וווינונג צופוס, פאַרבראַכט דעם גאַנצן טאָג און פאַרנאַכט זיך געלאָזט גיין אַהיים, איבערנעכטיקן. דער מהלך איז געווען אַ היפּשער; מע האָט געדאַרפט דורכגיין דאָס גאַנצע שטעטל, דערנאָך זיך פאַרנעמען מיטן פעלד און וועלדל און ערשט דעמאָלט איז מען אָנגעקומען צו זייער דאַטשע. דאָס איז געווען אַ שטרעקע פון אַ פּאָר גוטע וויאָרסט.

אַבקעס פאָטער האָט זיך פּאַמעלעך געבעסערט, אָבער ער איז נאָך אַלץ אַן ערנסטער חולה. ער איז שוין אָבער געווען בכוח צוצוגיין פון דעם שטיבל ביז דעם סאָסנאָוון וואַלד. און דאָרט אויפן ראַנד זיך זעצן אָפּרוען. אַבקע האָט אים תמיד באַגלייט און נאָכגעטראָגן אַ שטול. אין וואַלד איז ער געגאַנגען יעדן טאָג, חוץ שבת און זונטיק, ווייל אין די דאָזיקע טעג איז דער וואַלד געווען אָנגעפילט

1) שופטים, י"א, ל"ח.

מיט מענטשן, אַזוי געדיכט, אַז עס האָט אויסגעמאַכט צו עטלעכע מענטשן אויף אַ בוים.

אין הויף הינטערן שטיבעלע איז געווען אַ קליין וועלדל מיט אַ צאָל סאָס־נאָווע ביימער. אַ האַמאַק איז געווען צוגעבונדן צו צווייי ביימער און דאָ איז זיין פאָטער געזעסן אָדער געלעגן, ווען ער איז ניט געגאַנגען אין, וואַלד.

דער פאָטער איז מיט אַבקען, דורך די עטלעכע חדשים, וואָס זיי האָבן פאַרבראַכט אויף דער דאַטשע, דורכגעגאַנגען קירפּיטשניקאָווס רוסישע גראַמאַ־טיק, וואָס האָט זיך באַנוצט גאַנץ בשפע מיט ליטעראַטור־פראַגמענטן צו באַ־גרינדן און ווייזן די רעגלען דורך מוסטערן אין קלאַסישע ווערק.

אַבקען זענען שטאַרק געפעלן געוואָרן די ציטאַטן, געבראַכטע פון גאָגאָלן, וואָס שילדערן דעם דניעפּער, אָדער באַשרייבן די שטילקייט פון וואַלד נאָך האַלבער נאַכט, ווען דער נאַכטיגאַל צעזינגט זיך און צעטרעלט זיך.

## 109

# צוליב אַ טראָפּן

אַ פּאָלוציע. לכתחילה האָט זיך אַבקע דערשראָקן. ער האָט געמיינט, אַז דער אויספלוס פון דער געלבלעכער פליסיקייט וועט זיך ניט אָפּשטעלן און ער וועט ווערן אַ מין זב 1), וואָס ווערט באַשריבן אין חומש, און ער גייט דאָרט געפּאָרט מיט אַ קרעציקן, גאָר ניט קיין אַנגענעמע קאָמפּאַניע, און צו וואָס ער רירט זיך צו ווערט עס אומריין 2), און ווער עס רירט זיך צו אים צו, ווערט אויך אומריין. אַזוי, אַז ער איז נאָכדעם אַ גאַנצן טאָג אַרומגעגאַנגען אין הוילער שרעקעניש. ער האָט זיך געטאַפּט און זיך בודק געווען און האָט זיך איבער־צייגט, אַז מער פליסט פון אים קיין זאַך ניט אַרויס און ער האָט זיך באַרויִקט צוביסלעכווייז. און נאָך דעם פאַרלויף פון עטלעכע טעג איז עס געשען אַ צווייטן מאָל. דאָס מאָל איז דער אויסשוס געווען שוואַכער און דער אויספלוס ווייניקער און ער האָט פאַר דעם אינגאַנצן אויפגעהערט זיך צו שרעקן.

ער האָט זיך אָבער פאַרטראַכט וועגן דעם, וואָס די הייליקע ספרים זאָגן, אַז הוצאת שכבת זרע לבטלה איז געגליכן צו מאָרד... וואָרעם אין יעדן טראָפּן פון זאָמען געפינט זיך שויז אַ לעבעדיק באַשעפעניש. ר׳ ניסן האָט גערעדט מיט די בחורים וועגן דעם און האָט זיי אָנגעזאָגט זיי זאָלן זיך היטן פון קרי, וואָרעם אַ בעל־קרי ווערט טמא, דאַרף זיך טובלען און איז געגליכן צו אַ מערדער, וואָס הרגעט בשוגג אַ מענטש, — אַ שווערע זינד — און ער האָט זיי אַפילו געגעבן עפּעס אַזאַ מין זאַך אַרויפצוטאָן ביי דער נאַכט אויפן אבר, כדי אים צו פאַר־היטן פון פּאָלוציעס.

אַבקען האָט דער דאָזיקער געדאַנק וועגן „שפיכת דמים” אויסגעזוגן צו זיין גרונטלאָז. און דער אָפּשלאַג פון דער באַהויפּטונג, אַז קרי איז שיער ניט בלוט־

---

1) ויקרא, כ״ב. ד׳.

2) דאָרט, ט״ו.

פאַרגיסונג, האָט אים געפירט בהדרגה, טראָט נאָך טראָט, צו דעם, אַז ער זאָל זיך נעמען פאַרהאַלטן מיט אומצוטרוי צו די מאמרים פון חז״ל.

ער האָט בערך אַרגומענטירט אַזוי:

אויב יעדער טראָפּן פון שכבת זרע (ספּערמאַטאָזאָיד) איז אַזוי טייער, אַנטהאַלט אין זיך אַ לעבעדיק נפשל, איז פאַרוואָס האָט אַ מאַן בלויז איין ווייב? בסך־הכל, אין בעסטן פאַל, ווערט זי שוואַנגער און געבוירט אַ קינד איינמאָל אַ יאָר, אויב אַ סך אַ צווילינג, און שלאָפן שלאָפט מיט איר דער מאַן אין משך פון יאָר אַ קיימא־לן איבער פופציק מאָל, ווען מ׳זאָל אַפילו אָננעמען ווי די גמרא זאָגט, אַז בלויז פון ערב שבת צו ערב שבת פאַרקערט אַ תלמיד־חכם מיט זיין פלונית 1), איז ער דאָך די גאַנצע ציַיט „שופך־דמים״. וואָרעם זיינע אַלע טראָפּנס גייען דאָך אין ניוועץ און עס איז בפירוש הוצאת זרע לבטלה, הגם די זרע באַקומט די פרוי, וואָס טוט מיט דעם גאָרניט. יעדער דורכשניטלעכער מאַן האָט געקענט מאַכן טראָגעדיק אַמווייניקסטן אַ פופציק ווייבער דורך אַ יאָר. איז וואָס פאַר אַ זינען האָט דער איינשטעל פון איינווייב־ און איינמאַן־זיווג!

אַבקע האָט שרעקעוודיק, פאָרזיכטיק גענומען טראַכטן, אַז ניט אַלץ, וואָס עס שטייט אין די הייליקע ספרים, און אַפילו אין גמרא איז פעסט באַגרינדעט. ער האָט אָנגעפאַנגען זיך צו באַציִען קריטיש צו די זאָגונגען פון די חכמים. און אויב איין זאַץ זייערער איז ניט ריכטיק, קען דאָך גריילעך זיין, אַז אַ צווייטער און אַ דריטער און אַ פערטער זאַץ זאָל אויך זיין ניט ריכטיק. אויב זיי האָבן זיך טועה געווען אין איין זאַך, זענען זיי דאָך ניט אומפעלערהאַפט, און, לכן, בלינדערהייט, אָן יעדן מאָל צו אונטערזוכן, קען מען זייערע פסקים ניט אָננעמען. מ׳קען זיך אויף זיי אינגאַנצן ניט פאַרלאָזן. מ׳דאַרף נוצן אויך דעם אייגענעם שכל, די אייגענע סמעקאַלקע.

די מעשה בולקע האָט אים געלערנט, אַז ניט אַלע מאָל איז רעכט צו פאָלגן, וואָס די חכמים זאָגן; די מעשה מיט דעם שטרענגן פאַרבאָט פון הוצאת זרע לבטלה האָט אים געוויזן אַז מיט פאַרמאַכטע אויגן טאָר מען ניט נאָכפאָלגן אַלץ, וואָס די גמרא הייסט טאָן אָדער ניט־טאָן. חז״ל זענען ניט פאַרזיכערט קעגן אַ טעות־מאַכן. זיי שטייען ניט העכער פון דער מענטשלעכער שוואַכקייט, עלול־זיין צו באַגיין אַ פעלער: און אויב „עס איז ניט פאַראַן אַזאַ צדיק אויף דער וועלט, וואָס זאָל טאָן גוטס און ניט זינדיקן״, איז אויך ניט פאַראַן אַזאַ קלוגער מענטש, וואָס זאָל זיך אַמאָל ניט באַנאַרישן, און אַזאַ ווילקענער, וואָס זאָל ניט מאַכן קיין פעלער.

לכן, אַבקע — האָט ער געזאָגט צו זיך, — זיי פאָרזיכטיק, וואַכזאַם, באַטראַכט יעדע באַהויפּטונג, יעדן פסק־דין, צי ער איז טאַקע פעסט באַגרינדעט מיטן מענטשלעכן פאַרשטאַנד.

---

1) כתובות, ס״ב.

## 110

# דאָס מיידל אַנעט

אין פּאָדגושיבאָווסקי זענען געווען חוץ אָסטראָווער אויך זומערגעסט פון לאָמזשע. צווישן זיי צוויי מיידעלעך שוועסטערס, איינע אין אַבקעס יאָרן און איינע מיט אַ יאָר ייִנגער. ביידע בלאָנדינקעס און אַזעלכע דורכזיכטיקע, מיט רויטינקע בעקעלעך און ראָזע ליפּעלעך. זיי זענען געווען זומערדיק־לייכט אָנגעטאָן אין ווייסע קורצע קליידעלעך און באַטיסטענע בלוזקעלעך, אונטער וועלכע זייערע בוזימלעך האָבן זיך געצאַפּלט. עס האָט געשפּריצט פון זיי מיט לוסטיקייט און געלוסטיקייט. דערהויפּט איז די ייִנגערע ווי אָנגעפּילט מיטן זאַפּט פון יוגנטלעכער חיותדיקער ליידנשאַפּט. זי האָט אַבקען כסדר גערופן זיך הוידען. בעת זי האָט זיך געהוידעט, האָט זי זיך אַוועקגעלאָזן הויך־הויך און דער ווינט האָט צעבלאָזן איר קליידל. זי האָט אים גערייצט. ער האָט געשפּירט, אַז זי איז צו אים ווייט ניט גלייכגילטיק.

טעאָרעטיש האָט ער וועגן די סעקסועלע באַציִונגען פון מאַן און ווייב כמעט אַלץ געוווּסט פון זיין לערנען גמרא, סדר נשים; ער האָט אַפילו גאַנץ אָפּט אַריינגעקוקט אין מסכתא נידה, ווו געשלעכט־פּראָבלעמען ווערן אַרומגערעדט גאַנץ ברייטלעך און גאָר אָפן, קלאָר, אָבער פּראַקטיש — האָט ער באמת נישט געוווּסט, וואָס ער וואָלט טאָן מיט דעם רייצנדיקן מיידעלע, ווען ער וואָלט ניט ביישטיין דעם נסיון. ער האָט אַפילו מורא געהאַט צו טראַכטן וועגן דעם.

האָט ער זיך געהאַלטן פון דעם מיידעלע פונדערווייטנס אויף וויפל עס איז אים געווען מעגלעך, ניט דערצערנדיק, ניט באַליידיקנדיק זי און ניט אָפּפרעמדנדיק זי. ווען־ניט־ווען האָט ער איר נאָכגעגעבן און האָט זיך מיט איר אַ הוידע־געטאָן. זי האָט אים גערייצט און איר רייץ האָט אים פון איר געטריבן, אָפּגעשטויסן, אַנשטאָט צוצוציִען. ער האָט פשוט מורא געהאַט פאַר איר. מורא געהאַט ער זאָל זיך אין איר ניט פאַרליבן, וואָס ס'מיינט זיך פאַרליבן, האָט ער אייגנטלעך גענוי ניט געוווּסט; ער האָט אָבער געוווּסט, אַז יעקב האָט ליב געהאַט רחלען 1), ווייל זי איז געווען אַ שיינע, און ניט לאהן, איר שוועסטער. ער האָט אויך געוווּסט, אַז אלקנה האָט ליב געהאַט חנהן 2) און ניט זיין צווייט ווייב פנינה. ער האָט אויך געוווּסט די טשיקאַווע מעשה פון אמנון און תמרן 3). ער האָט זיך אָבער פאָרגעשטעלט, אַז ליבע איז אַזאַ מין שטורעם, וואָס בושעוועט אין האַרצן פון מענטשן און מאַכט פון אים אַ תל; אַז עס איז אַזאַ פייער, וואָס פאַרצערט אים. ער האָט גוט געדענקט די פסוקים פון שיר־השירים: „פיל וואַסערן קענען ניט פאַרלעשן די ליבע און טייכן קענען זי ניט פאַרפלייצן" 4). ליבע איז, לויט זיין פאַרשטיין, סינאָנימיש מיט אַן אומגעהויער־גרויסער קאַטאַסטראָפע.

---

1) בראשית, כ"ט, י"ח; 2) שמואל א׳, א׳, ה׳; 3) שמואל ב׳, י"ג, ה׳, י"ד, ט"ו; 4) שיר השירים, ח׳, ז׳.

פאַרוואָס ער האָט זיך אַזוי טראַגיש אויסגעמאָלן „ליבע״, האָט ער אַליין ניט געוווּסט. ער איז אָבער געווען זיכער„ אַז ווען ער פאַרליבט זיך אין אָט־דעם לאָמזשער מיידעלע אָדער אין אַן אַנדער מיידל, וואָלט ער פאַרלאָרן ביידע וועלטן. ער וואָלט זיך ניט געקענט לערנען, ער וואָלט ניט געהאַט קיין פרייען קאָפּ דערצו. און לערנען זיך מוז ער טאָג און נאַכט, דאָס איז זיין לעבן. ער וועט לערנען, לערנען, ביז ער וועט אויסוואַקסן און זיין... וואָס?

איינמאָל, שבת ביים עסן, האָט זיין פאָטער גערעדט וועגן דעם רוסיש־ייִדישן דיכטער פרוג, וואָס האָט ניט געהאַט קיין רעכט צו וווינען אין פּעטער־בורג און באַראָן גינזבורג האָט אים פאַרשריבן פאַר אַ קוכער ביי זיך אין קיך און אַזוי אַרום, ווי אַ קיך־דינער, האָט ער געקראָגן דאָס ווױנרעכט, וואָס ווי אַ דיכטער האָט ער ניט געקאָנט קריגן. אַזאַ מלכות הרשעה איז עס! זיין פאָטער האָט גערעדט וועגן פרוגן מיט גרויס רעספּעקט ווי וועגן אַ גרויסן פּאָעט. ער, הערנדיק זיין פאָטער רעדן, האָט גלייך ביי זיך אָפּגעמאַכט, אַז ער וועט זיין אַ דיכטער, ווי פרוג... אָבער כדי ער זאָל עס קענען זיין, דאַרף ער זייער אַ סך שטודירן. ער דאַרף קענען גוט רוסיש. און כדי צו קענען רוסיש מוז ער טאָג און נאַכט זוברעווען די גראַמאַטיק... און דאָס מיידל צעמישט אים די רעיונות מיט איר בלוזקעלע, וואָס פלאַטערט אין ווינטל, מיט אירע נאַקעטע ליטקעס, וואָס ווערן אינגאַנצן אַנטבלויזט בשעתן הוידען זיך. זי שטייט ווי אַ שטרויכלונג אויף דעם וועג צו זיין ציל.

ער וויכט פון איר, ער מאַכט זיך אַרויס, הגם עס טוט אים הנאה, וואָס זי זוכט אים אויס. ער גייט אַוועק מיט דער גראַמאַטיק טיף אין וואַלד, כדי זי זאָל ניט וויסן, וווּ ער איז. אָבער בלייבנדיק אַליין אין וואַלד, כאַפּט אים אָן אַן אומעט, פאַרקלעמט אים דאָס האַרץ און אים ווילט זיך, אַז זי זאָל האָבן געקומען צו אים אַהער און זיך מתייחד זיין מיט אים אין אָט־דער באַהעלטעניש. ער האָט זיך אַפילו פאָרגעשטעלט, אַז אָט זעט ער זי גיין; זי קומט. פון דעם פאָרשטעל־לונג־בילד ציטערט ער אויף, אַ פאַרגעניגן צעגיסט זיך אין אַלע זיינע גלידער.

ער האָט זיך קוים פאַרגונען אָט־די פּאָר מינוטן, וואָס ער פאַרברענגט אין שווערמעריי, אין טראַכטן וועגן איר, אין קושן זי, האַלדזן זי... ער פאַרגייט זיך אין אַן אומבאַשרייבלעכער מתיקות, אין אַ זעלישן נחת־רוח... דער קאָפּ טוט אים אַזש שווינדלען, אין די אויערן נעמט זשומען, עס ווערט אים טונקל פאַר די אויגן, די בוכשטאַבן פון דער גראַמאַטיק נעמען שפּרינגען פון בלאַט אַראָפּ... ער ציט זיך אויס אויפן מאָך, אונטער אַ הויכן סאָסנעבוים; אים דוכט זיך, אַז ער האַלט אַנעטעלען אין די אָרעמס...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ער פילט זיך באַרויִקט... ער כאַפּט זיך צו צו דער גראַמאַטיק מיט באַנייטן אימפּעט, מיט פרישן חשק, ווי ער וואָלט וועלן אָניאָגן די האַלבע שעה, וואָס ער האָט געפּטרט אויף זיינע חלומות און פאַנטאַזיעס...

# 111

## טוב שברופאים

אין פּאָדגושיבאָווסקי האָט זיך אויך געפונען דער יונגער מאָרגנשטערן. ער איז געווען האַלב־משכיליש, אָבער נאָך גאַנץ פרום, הגם ניט ווילד־פאַנאַטיש און ניט אַזוי שטרענג־שולחן־ערוכדיק אויסגעהאַלטן ווי זיין פאָטער דער שם־דברדיקער פּעדאַנט.

דער דאָזיקער מאָרגנשטערן האָט געקראָגן וואַסער אין אַ זייט. ער איז געווען פאַרביי. די דאָקטוירים סיי אין אָסטראָוו און סיי אין וואַרשע האָבן זיך פון אים מייאש געווען. זיי האָבן ניט געוווסט, וואָס צו טאָן, ווי אַזוי אים צו ראַטעווען. אַז זיין ווייב און זיינע עלטערן האָבן געזען, אַז זיי האָבן שוין לחלוטין ניט וואָס צו פאַרלירן, האָבן זיי אין וואַרשע אויס פאַרצווייפלונג זיך געווענדט צו די האָמעאָפּאַטן. די לעצטע האָבן אים געגעבן פּילן, וואָס האָבן אים געמאַכט הוסטן נאָכאַנאַנד און מיט דער ליחה האָט ער אויסגעשפּיגן דאָס וואַסער. ער האָט זיך געבעסערט פון טאָג צו טאָג.

ער איז אין מיטן זומער שוין געווען אויפאַזויפיל דערהוילט, אַז ער האָט שוין געקענט קומען צום רב, אַבקעס פאָטער, מיט אַ באַזוך. אמת, די ווינונגען זענען געווען נאָענט, בלויז דאָס געסל אַריבערצוגיין. אָבער פאַר דעם חולה, וואָס איז געווען חדשים אַ צוגעשמידטער צום בעט זיך ניט אויפצוהייבן, איז עס געווען אַ גאָר גרויסער אויפטו. מיטן רב האָט ער גערעדט וועגן ליטעראַטור אָדער וועלטזאַכן.

קיין למדן איז דער יונגער מאָרגנשטערן ניט געווען, אָבער ניט וועגן וואָס זיי האָבן גערעדט איז דאָ וויכטיק, וויכטיק איז, אַז ער האָט געקענט שוין צו־ביסלעך אַרומגיין און פירן אַ שמועס. צום סוף פון זומערסעזאָן איז ער אינגאַנצן געזונט געוואָרן און דאָס איז באַטראַכט געוואָרן ווי אַ מין מופת, אָדער אַ נס, באַוויזן פון די האָמעאָפּאַטן, אַ שיטה אין דער מעדיצין, וואָס איז ניט געווען פּאָ־פולער און אינגאַנצן ניט אָנגענומען ביי דער ברייטער יידישער באַפעלקערונג. ווי אַ דרך אין דער מעדיצין איז האָמעאָפּאַטיע צוערשט פאָרמולירט געוואָרן פון סעמועל האַנעמאַן (1843—1755) אין יאָר 1776.

דער יידישער דאָקטער קליאַטשקאָ איז געווען ניי אין שטאָט און איז באַ־טראַכט געוואָרן פון יידישן ברייטן עולם פאַר אַ גוט־באַהאַוונטן מעדיקער און אַ געשיקטן פּראַקטיציר ער. ער האָט אָפּט באַזוכט דעם רב, וואָס איז נאָך אַלץ געווען אַ היפשער חולה, און פון צייט צו צייט האָבן זיך ביי אים אַנטוויקלט פאַרשיידענע קאָמפּליקאַציעס, וואָס האָבן געפאָדערט אַ מעדיקערס מומחהשע באַהאַנדלונג. קליאַטשקאָ איז אויך געווען מאָרגנשטערנס דאָקטער. ער האָט געהאַלטן אויף אים אַן אויג און נאָכגעפאָלגט, ווי אַ פּאַסיווער באַאָבאַכטער, דעם פּראָצעס פון זיין געזונט־ווערן. ער איז געווען אין דעם פּרט גענוג אָרנטלעך און אָפנהאַרציק מודה צו זיין, רעדנדיק וועגן דער געשעעניש ביים רב אין הויז, אַז ער הייבט ניט אָן צו באַגרייפן, ווי אַזוי די האָמעאָפּאַטן האָבן מאָרגנשטערנען אויסגעקורירט.

אָבער דעם פאַקט קען קיינער ניט אָפּלייקענען: דער חולה איז פּולקאָם געזונט געוואָרן און דאָס איז פאַרגעקומען אונטער זיין אָבסערוואַציע. וועגן דעם איז ער שטענדיק גרייט צו געבן זיין עדות־זאָגעניש.

אין אָסטראָוו, אַן עיר ואם בישראל, זענען געווען בלויז צוויי דאָקטוירים און ביידע פאַרריסענע פּאָליאַקן און איינער פון זיי, כּאַרוסעוויטש, איז געווען אַן אויסגעשפּראָכענער שונאי־ישראל. דעריבער האָט זיך די ייִדישע קהילה מישב געווען, אַז מע דאַרף קריגן אַ ייִדישן דאָקטער. און מע האָט מיט היפּשער מי און אָנשטרענגונג אַראָפּגעבראַכט דאָקטער קליאַטשקאָ, וואָס האָט זיך אַרויסגעגעבן פאַר אַ נאַציאָנאַלן באַוווּסטזיניקן ייִדן, אַן אויסגעשפּראָכענעם ציוניסט. ציוניזם האָבן די גאָר פרומע ייִדן פאַרגליכן צו דער פּרה אדומה, וואָס איז מטמא, פאַר־אומרייניקט די ריינע, די טהורים, און איז מטהר, רייניקט די טמאים, די אומ־ריינע 1).

ביי אַ געוויינטלעכן ייִדן וואָלט ציוניזם פאַררעכנט געוואָרן פון די חסידים־פרומאַקעס אין אָסטראָוו פאַר אַ גרויסן חטא און פעלער, אָבער ביי אַ דאָקטער איז ציוניזם געווען אַ גרויסע מעלה, שיער ניט אַ מצווה־זאַך.

אגב וועגן דאָקטער קליאַטשקאָן, הגם ער האָט געשפּילט די ראָלע פון אַ ייִדישן נאַציאָנאַליסט, אַן אוהב־ישראל און פון אַן איבערגעגעבענעם ציוניסט, האָט אָבקע ניט געהאַט קיין געהויבענע מיינונג. אָבקע האָט באַמערקט, אַז ווען ער קומט צו לויפן אין מיטן נאַכט צום דאָקטער און וועקט אים און זאָגט אים, אַז דער פּאַטער איז פאַרביי און ער מוז גלייך גיין אים ראַטעווען, נעמט זיך קליאַטש־קאָ קלייבן ווי אַ מחותנתטע צו אַ חתונה; עס נעמט אים אַ סך צייט זיך אָנצוטאָן, דערנאָך נעמט ער, קלאָמפּערשט, זוכן זיינע מכשירים און דאָס אַלץ מיט איין אָפּזיכט: צו געווינען צייט, אָפּצוציִען אַזוי לאַנג ווי מעגלעך, כּדי דער אָנפאַל ביים חולה זאָל שוין זיין איבערגעגאַנגען, ווען ער, דער עסקולאַפּ, וועט אָנקומען.

אָבקע האָט עטלעכע מאָל געהערט מיט די אייגענע אויערן פון דאָקטערס מויל, ווי ער האָט זיך געקלאָגט אויפן ווינטער, וואָס איז דאָס יאָר אַרויס אַ שלעכטער. און אַז ער האָט באַמערקט, אַז מען כאַפּט ניט אויף דעם מיין פון דעם אַדיעקטיוו „שלעכטער", האָט ער תוך כּדי דיבור צוגעגעבן: „גיטאָ קיין עפּי־דעמיעס אין שטאָט דעם גאַנצן ווינטער".

הייסט עס, אַז ביי דעם „אוהב־ישראל" קומט אויס, אַז ווען מענטשן פאַלן ניט ווי די פליגן, שטאַרבן ניט, קרענקן ניט, איז אַ שלעכטער ווינטער, מחמת ער קען זיך ניט אָנשטאָפּן די קעשענעס מיט זייער געלט, וואָס „פאַרן טייוול איז דאָ" אַלעמאָל. אַזאַ פיינט פון ייִדן און מענטשן איז געווען אָט־דער, וואָס האָט זיך עס היפּאָקריטיש געמאַכט פאַר זייער פריינט. אָבקע האָט דערזען פאַר זיך דעם תהום פון פאַרדאָרבנקייט, אין וועלכן קליאַטשקאָ, אַ מיטגליד פון דער פּראָפע־סיאָנעלער אינטעליגענציע, איז געווען פאַרזונקען, מחמת זיין געלטגייציקייט. אָבקע האָט זיך געשעמט פאַר דעם קלאַס פון די אויפגעקלערטע, וויסנשאַפטלערס, גע־לערנטע, צו וועלכן ער האָט מיט כל הכוחות געשטרעבט צו געהערן און געפּיבערט מיט דער האָפענונג, אַז ער וועט אין דער צוקונפט זוכה זיין צו ווערן איינגעגלי־

---

1) במדבר רבה, פּרשה י"ט.

דערט אין אים. ער האָט געזען אין קליאַטשקאָן איינעם, וואָס פאַרשוואַרצט דאָס פּנים, פאַרשוועכט דעם נאָמען פון אָט־דעם מין מענטשן, מאַכט צו שאַנד זייער כבוד, דערנידעריקט זייער גדולה.

אַבקען האָט עס געערגערט ביז צום ווײ־טאָן כמעט פיזיש און ער האָט זיך פאַרנדרט און פאַרשוואָרן ניט צו שטודירן אויף דאָקטער־מעדיצין, וואָרעם די דאַזיקע פּראָפעסיאָנאַלן, וואָס יעדער טראָט זייערער איז פאַרבונדן מיט געלט, ווערן הפנים מאַראַליש פאַרדאָרבן. ער האָט געטראַכט, ווי ריכטיק עס איז דער זאָג פון די חכמים, אַז דער בעסטער דאָקטער דאַרף גיין אין גיהנום 1). ער איז געווען זיכער, הגם ער האָט עס ניט געקענט באַווייזן, אַז קליאַטשקאָ האָט אָנגע־הייבן צו פּראַקטיצירן ווי אַן אידעאַליסט, נאָר ער איז פאַרדאָרבן געוואָרן אין פּראָצעס פון פּראַקטיצירן און קריגן באַצאָלט פון די באַהאַנדלטע חולאים, פון די פּאַציענטן. ער האָט זיך אַריינגעלאָזן אין מאַכן געלט פון יענעמס צרות, אומ־גליק, אַפילו טויט, גראַדועל, צוביסלעכווייז, ביז ער איז געוואָרן פאַרטעמפּט, בלינד און טויב צו מענטשלעכע יסורים. ער איז אויסגעבאָרן געוואָרן אין אַ פּאַראַכטלעכן קאַריעריסט, וואָס קיין זאַך אינטערעסירט אים ניט, ווי בלויז דער רובל...

## 112

## שרה דראַזדאָווסקי

צווישן די זומערגעסט איז געווען אַ מיידל פון לאָמזשע. איר נאָמען — שרה דראַזדאָווסקי. זי איז געווען עלטער פון אַבקען מיט אַ יאָר פינף. צו איר האָבן אַלע, ד״ה אַבקעס שוועסטער בלומע און עלטערער ברודער וועלפקע, אַרויפגע־קוקט. זי האָט געקענט העברעיִש. געווען באַקאַנט מיט דער נייער העברעיִשער ליטעראַטור. אין אַבקעס אויגן איז זי געווען אַ באַשעפעניש פון אַן אַנדער ספער. ער האָט אַפילו ניט געהאַט די העזה צו טראַכטן וועגן איר ווי בלויז אַ מיידל אין אַ קליידל. זי איז געשטאַנען העכער פון מיידלטום, פון גאַנצן פּרויען־מין און העכער פון געוויינטלעכן מענטשנטום. זי איז געווען אַ ציוניסטקע און גערעדט האָט זי בלויז וועגן ליטעראַטור, אָנגערופן די נעמען פון אייניקע באַרימטע שרייַ־בערס, געגעבן אָפּשאַצונגען פון זייערע שאַפונגען, אָדער וועגן אַנדערע גאָר הויכע ענינים, ווי דער ייִדישער מצב אין דער וועלט, ייִדישע באַשטרעבונג און אידעאַלן, וואָס וועלן פאַרווירקלעכט ווערן אין דער צוקונפט, וואָס זי האָט אָפּגעמאָלן ווי די ימות־המשיח. זי איז געווען ייִדיש־נאַציאָנאַל און קולטור־באַוווסטזיניק. אַבקעס שוועסטערס האָבן אויף איר געקוקט ווי אויף אַ מוסטער פון דער ייִדישער באַ־וווסטזיניקער עמאַנציפּירטער און אויפגעקלערטער פרוי. ביי אַבקען אין די אויגן, וואָס האָט זיך אָנגעלייענט מיט די מעשיות פון די „זכרונות לבית דוד״, האָט זי אויסגעזען ווי אַ העלדין אַרויסגענומען פון דער געשיכטע. ער האָט זיך געפילט דערהויבן ווען ער האָט זיך געפונען אין איר אַנוועזנהייט, און נאָך העכער דער־

---

1) קידושין, פ״ב.

הויבן און געגרויסט, ווען זי האָט אים באַגנעדיקט מיט זאָגן אַ פּאָר ווערטער צו אים דירעקט.

זי איז דאָס געקומען צו די אָסטראָווער דראַזדאָווסקיס. זיי זענען געווען נאָענטע קרובים. מיט איר איז געווען אַ ברודער מיט אַ יאָר עלטער פון איר. אָבער אויף וויפל מע האָט געהאַלטן פון איר, אַזוי וויניק האָט מען געהאַלטן פון אים. זיין צונעמעניש איז געווען דער „מילכיקער״. ער איז געווען ווייס, בלאַס, ווי אָפּגעקאַלכט, אַן עכטער אַלבינאָ.

איר פאָטער, ר׳ ישׂראל דראַזדאָווסקי, איז געווען, אין אַבקעס אָפּשאַץ, אַ טשיקאַווער טיפּ ייִד. ער האָט זיך געפּוצט ווי אַן עכטער פּאַצעט; ער האָט אַפילו געטראָגן לאַקירענע גלאַנציקע קאַמאַשן. האָט ער דאָך געדאַרפט זיין, לויט זיין אָנטועכץ אין קורצע קליידער מיט אַן אָנגעקראָכמאַלעטן אויבערהעמד און קראַוואַט און מאַנזשעטן מיט גאָלדענע שפּאַנקעס און אין גאָלדענע פּענסנע, — פון די פרייע, פון די קלים. איז ער גאָר געווען אַ גייענדיקער „שולחן־ערוך״. ער איז געווען אָפּגעהיט אויף דער האָר במצווה קלה כבחמורה 1). ער האָט געהערט צו דער „פראַנקפורטער שול״ פון פרומאַקעס, מיט וועלכער אַבקע איז ניט געווען באַקאַנט, און דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס ער האָט געזען אַזאַ מין פרומען ייִדן, וואָס זיין שטרענגע פּעדאַנטישע פרומקייט איז געווען צוגעדעקט מיט פראַנטישע קליידער.

אַבקע איז נאָך געגאַנגען אין שפּאַן פון ייִדישקייט, אָבער ער האָט זיך שוין היפּש געבריקעט. ער האָט נאָך געשפּרייזט צווישן די האָלאָבליעס און געהאַט דאָס צוימל אין מויל, אָבער ער האָט שוין אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם כאָמוט און דוהע... ער האָט געהאַט די העזה צו קריגן און איבערפּסקענען חז״ל, ווען זייער זאָג און אָנזאָג האָט אים אויסגעזען צו זיין כנגד זיין שכל און פאַרשטאַנד, אויף וועלכע ער האָט זייער פיל, גאָר אַ סך, געשטעלט. לויט אים נאָך האָט אַ מענטש געדאַרפט זיך אויפפירן לויט די דיקטאַטן פון זיין פאַרשטאַנד; ער איז דער העכסטער אויטאָריטעט; ער איז דער „חלק אלה ממעל״ 2). אָבער אָנגעטאָן איז ער געווען ווי אַן עכטער חסיד, וואָס גייט אין שטיבל און פאָרט צו אַ רבין. ער האָט געטראָגן אַ לאַנגע פאַרשלומפּערטע קאַפּאָטע, געהאַט גאָר היפּשע פּיאות. אין זיין חיצוניות איז ניט געווען קיין שום שינוי. זיין אָנטועכץ האָט אים ניט אינטערעסירט. וואָס אַרט אים, אַז ער טראָגט אויפן קאָפּ אַ חסידיש היטעלע מיט אַ דענקע! עס איז ניט וויכטיק וואָס מע טראָגט אויפן קאָפּ, נאָר וואָס מען טראָגט אין קאָפּ. ער איז געווען אַ מקפּיד ניט אויף זיין קליידונג, נאָר אויף זיינע געדאַנקען, איבערצייגונגען און גלויבונגען. אין אים האָט ער געוואָלט עס זאָל הערשן אַ שטרענגע אָרדענונג, אַלץ זאָל זיין ווי עס באַדאַרף צו זיין.

אַבקע האָט אָפּגעפרעגט זאַכן פון שטייגער, פון די תלמודישע דינים. ער האָט ניט געהאַלטן, אַז אַלץ, וואָס אַ תלמיד וותיק, אַ באַשטאַנדיקער פאַרלאָזלעכער תלמיד, וועט אויפטאָן, איז עס שוין געגעבן געוואָרן אויפן באַרג סיני 3),

---

1) אבות ב׳, א׳.

2) איוב, ל״א, ב׳.

3) ירושלמי, פאה, פּ״ב, ו׳.

אָדער אַז די ווערטער פון די סופרים, פון די תלמוד־שאַפערס, זענען טייערער פון די ווערטער פון דער תורה 1). אַזעלכע באַהויפּטונגען האָט ער אָפּגעוואָרפן. מאַלע וואָס אַ תנא אָדער אַן אמורא האָט אויסגעפּשטלט. ער איז ניט מחויב עס אָנצונעמען און אויספאָלגן. ער איז אין יענער צייט געווען קאַראַ:מיש געשטימט. כאָטש קיין קלאָרן דין וחשבון האָט ער זיך אין דעם ניט אָפּגעגעבן.

אויף אַ ייִדן ווי דראַזדאָווסקי פון לאָמזשע, וואָס איז געווען געקליידט ווי אַ גוי, אַ פוצער, און איז באמת געווען אַן אדוק שבאדוקים, האָט ער געקוקט ווי אַ חצי־פאַרזעעניש און חצי־רעטעניש.

אַבקע איז אין זיינע באַנעמונגען געווען שוין זייער ווייטלעך פון דער אָרטאָדאָקסיע. ער האָט זיך שוין גאָר ווינציק „געצערעמאָניעט" מיט די „דרבנן", ער האָט זיך נאָך אָבער שטאַרק געקלאַמערט אָן די „מדאורייתאס". וויבאַלד עס שטייט אין דער תורה — מוז עס אָפּגעהיט ווערן. וואָס איז געווען דער שכל דערביי, וואָס אַן עלטערע טראַדיציע איז יאָ אומבאַרירבאַר, און אַ ייִנגערע ניט? וואָס איז די רבותא מיט אַלטקייט ווי אַזעלכע? די פראַגעס האָט ער זיך ניט געשטעלט. ער איז געווען דורכגעדרונגען מיט אַן אומגעוויינטלעכער פּיעטעט פאַר דער תורה. דאָס איז אַ ווערק, האָט ער געטראַכט, וואָס שטייט העכער פון זיין קריטיק און אונטערזוכונג. אין אים איז אַלץ הלכה פסוקהדיק, אָפּגעמאָסטן, צוגעשניטן און אָפּגעשניטן. לחלוטין אַנדערש איז דער תלמוד. אויב זיי, די תנאים און אמוראים, פירן כסדר דיספּוטאַציעס, פאַרוואָס זאָל ער זיך ניט קאָנען אַריינמישן און אַרויסזאָגן אויך זיין מיינונג?! ער האָט אויך אַזויפיל פאַרשטאַנד ווי זיי. פאַרוואָס זאָל ער זיי האַלטן ווי קליגער פון זיך?! אויב איינער קען אָפּשלאָגן דעם צווייטן, קען ער זיי ביידן אָפּשלאָגן.

## 113

## עס איז אַלץ אַ צופאַל

אויפן וועג קיין פאָדגזשיבאָווסקי און אַמאָל צוריקגייענדיק אין שטאָט האָבן שקצים אָנגערייצט אויף אַבקען זייערע הינט. ער איז ניט געווען קיין שרעקעוודיקער. אַז ער האָט ניט מורא געהאַט פאַר די „קלייבאַניער" הינט, וואָס זענען געווען גרעסער פון וועלף, וועט ער מורא האָבן פאַר די אויך־מיר דאָרפישע הינט... די הינט האָט ער אָפּגעטריבן, געוואָרפן אין זיי שטיינער און זיי פאַריאָגט אַן גרויסע שווערקייטן. די אָנפאַלן פון די שקצים האָט ער צוריקגעשלאָגן, קיין צו גרויסן ווען ניט געמאַכט פון דידאָזיקע „מלחמות". אָבער גלייך נאָכן געשלעג פלעגט טרעפן, אַז ער האָט זיך פאַרטראַכט. וואָס האָט ער געטראַכט? וועלכע געדאַנקען זענען אים געקראָכן אין קאָפּ נאָך דער באַטאַליע?

ער האָט געטראַכט אַז עס האָט געקאָנט גרייילעך טרעפן, אַז ער, אַבקע, זאָל זיין אויף יענער זייט פלויט מיט די הינט און דער שייגעץ גאָר אויף דער זייט.

— וואָס וואָלט דעמאָלט געווען? — האָט ער זיך ערנסט געפרעגט, און גלייך

---

1) ברכות, ג׳.

געענטפערט: — דעמאָלט וואָלט ער געווען דער שייגעץ, און דער שייגעץ וואָלט געווען דער בן־הרב. נאָך אַלעמען איז עס בלויז אַן אומבאַרעכנטער און אומפאָרויסגעזעענער צופאַל, וואָס פונקט ער, אַבקע, איז געבוירן געוואָרן ביי זיין טאַטן, דעם גרויסן רב און גאון. עס האָט דאָך געקאָנט זיין פונקט פאַרקערט, אַז דער שייגעץ זאָל האָבן געבוירן געוואָרן ביי זיין, אַבקעס, טאַטן, און ער, אַבקע, ביים שייגעצס טאַטן.

איז וואָס טוט זיך דאָ? ער האָט בשום אופן ניט געוווּסט, ווי פאַנאַנדערצונעמען אָט־דעם פלאָנטער.

איז עס צולאָזבאַר, אַז ווען ער, אַבקע, וואָלט געבוירן געוואָרן ביי אַ פויער בן פויער, אין אַ גוייִשקער דאָרפישער כאַטע, וואָלט ער איצט געווען יענער שייגעץ מיט די פאָר הינט און ער וואָלט זיי אָנגערייצט אויף אָט־דעם שייגעץ, וואָס וואָלט דעמאָלט געווען דער בן־הרב, און ער וואָלט גיין צו דער זומערוווינונג אָדער פון דער זומערוווינונג, פונקט ווי ער, אַבקע, גייט אַצינד?

איז וואָס טוט זיך דאָ?! אויב דאָס אַלץ איז אַ צופאַל פון געבוירן ווערן אין אַ באַשטימטן הויז, איז דאָך דער שייגעץ ניט שולדיק, ווי זיינע הינט זענען ניט שולדיק און אים קומט ניט קיין שטראָף, און ער קען דאָך ניט באַטראַכטן ווי זיין פאַרדינסט, פאַרוואָס אים קומט שכר, דאָס וואָס ער איז פונקט געבוירן געוואָרן אין אַ בית־הרב און פאַרן געבוירן ווערן איז ער אָפגעלעגן ניין חדשים אין דעם בויך פון דער מיכאַלישקער רביצין.

די אומזיכערקייט, די צופעליקייט פון זיין מצב, וואָס האָט דאָך געקענט זיין אינגאַנצן אַן אַנדערער און ער האָט דאָך ניט קיין האַנט, קיין דירעקטן אָנטייל אין דעם, וואָס ער איז אַזוי און ניט אַנדערש, — האָט אים ממש געשראָקן. מיטן האַרצן, מיט זיינע געפילן האָט ער גיט געקאָנט צולאָזן אָט יענע משונה מעגלעכקייט, אָבער מיטן שכל הישר האָט ער יאָ באַנומען, אַז עס האָט געקאָנט אַזוי פאַסירן, אַז ער מיטן שייגעץ זאָלן זיך האָבן געביטן מיט די ראָליעס.

ער האָט געטריבן פון זיך, ממש, ווי די אָנגערייצטע הינט, אָט־די מאָדנע מחשבות און פאָרשטעלונגען, וואָס האָבן אים באַוויזן, אין דמיון, אין דער גוייִשקער הלבשה מיט די הינט ווי זיינע חברים, מיט דער ברענענדיקער שנאה אין האַרצן צום ייִדישן ייִנגל, וואָס גייט פאַרביי. אָבער דער שכל האָט זיך איינגעשטעלט דערפאַר און האָט געטענהט, אַז אַזאַ געשעעניש־פאַרפלעכט האָט געקענט פאָרקומען.

און אויב אַזוי, אויב עס האָט געקאָנט אַזוי זיין, איז דאָך עס אַזוי. טאָמער איז ער טאַקע אָט־יענער שייגעץ, אָבער ער איז פאַרשטעלט ווי אַ בן־הרב, און יענער שייגעץ איז אַ פאַרשטעלטער, אַ פאַרמאַסקירטער בן־הרב, אַ פאַרגלגולט ייִדיש ייִנגל, אַ ייִדישע נשמה, וואָס איז דורך אַן אומגליקלעכן צופאַל אַריינגעפאַלן אין אַן עובר אין בויך פון אַ פויערטע אין דאָרף. און ער האָט אַ גוייִשע נשמה, וואָס איז אַריינגעפאַלן אין אַן עובר, וואָס איז געלעגן ביי דער רביצין אין בויך.

אָט־דער געדאַנק פון דער צופעליקייט פון די געבורטן און די מעגלעכקייט פון אַ פאַרבייט פון די נשמות האָט אים ממש געפייניקט, פונקט ווי מיט אַ צייט צוריק דער געדאַנק וועגן גאָטס אויסזען און מהות.

אין יעדן שייגעץ האָט ער געזען אַ פאַרלאָרענע ייִדישע נשמה, וואָס איז

דורך אַ קאַפּריז אָדער אַ טעות פון דער מערכה אַריינגעפאַלן צו אַ שוואַנגערנ־דיקער גויע אין בויך, און אַזוי אַרום ווערט ער געבוירן ווי אַ גוי ביי אַ גוי און קריגט, אָן זיין שולד, אַ גויִשע הדרכה. אייגנטלעך זענען די נשמות דאָך אַלע ריינע; מיינט דאָך עס, אַז זיי זענען באמת ייִדישע נשמות.

ער איז געגאַנגען ווייטער און ער האָט געטראַכט, אַז באמת זענען גאָר קיין גויִים נישטאָ, זיי זענען פאַרווירטע ייִדן, פאַרלאָרענע דורך אַ צופאַל, ווייל אַלע נשמות ווען זיי זענען נאָך בטהרה זענען ייִדישע, גוטע, ווילע נשמות. ווי אַזוי איז גאָר מעגלעך, אַז עס זאָלן זיין צוויי סאָרטן נשמות, ייִדישע און גויִשע!

אָט־די מאָדנע געדאַנקען האָבן אים פיל געשטערט, ווען אים איז אויסגע־קומען זיך צו שלאָגן מיט די שקצים. אים האָט זיך געוואָלט רעדן צו זיי, אָנשטאָט שלאָגן זיך, און זיי איבערצייגן, אַז באמת זענען זיי ייִדישע ייִנגלעך, וואָס זענען אַריינגעפאַלן אין גויִשקע לייבער און הייזער, און עס איז צייט זיי זאָלן זיך באַדענקען...

## 114

## דאָס ווערטערבוך

סוף זומער. די גראַמאַטיק באַלד פאַרענדיקט. מע נעמט זיך בקרוב קלייבן צוריק אין שטאָט אַריין. דער פאָטער גיט אַבקען די לעצטע לעקציע וועגן פונק־טואַציע.

ער מאַכט צו דאָס ביכל און גיט אַ זאָג:

— איך האָב דיר געגעבן דעם שליסל, אַצינד שאַף זיך אַליין דאָס הויז.

געמיינט האָט עס, אַז פון היינט אָן און ווייטער וועט ער דאַרפן אַליין שטו־דירן. זיך אָנאייגענען דאָס הויז איז ער מחויב מיט די אייגענע כוחות, אָן קיין הילף מצד דעם טאַטן.

אַבקע האָט זיך אויסגעלערנט די גראַמאַטיק אויפּאויסוויינִיק, ווי ער האָט פאַר דעם אויסגעזוּברעוועט דעם „המסלול". אויפן וועג אין שטאָט פאַרנאַכט און פון שטאָט אין די פרימאָרגנס האָט ער געחזרט די כללים פון דער גראַמאַטיק און אויך די יוצאי־מן־הכללים דערהויפּט צווישן די שמות הפּועל. רוסיש האָט אַ סך אירעגולערע צייטווערטער.

דער זומער איז אַריבער. אַבקע איז געקומען צוריק אין שטאָט. ער האָט אַ טראַכט־געטאָן: צו וואָס זאָל ער זיך פאַרנעמען מיט יעדן רוסישן וואָרט באַזונ־דער, ווען ער וועט עס באַגעגענען אין אַ לערנביכל, ער וועט בעסער לכתחילה איבערשרייבן דעם גאַנצן רוסישן ווערטערבוך, וועט ער וויסן דעם טייטש פון יעדן וואָרט און פּטור אַן עסק. ער וועט ניט דאַרפן איבעררייסן אין מיטן לייענען און פאַרלירן דעם פאָדעם פון סיפּור־המעשה און גיין זוכן דעם באַטייט פון דעם וואָרט וואָס ער וועט ניט וויסן. אים איז דאָך ידוע איינפאָרויס, אַז אים פעלן אָן אַ שיעור ווערטער, איז זאָל ער בעסער זיך אַליין פאַרלויפן דעם וועג. אָבער דאָס רוסישע ווערטערבוך, וואָס האָט זיך געפונען ביי זיי אין הויז, איז געווען אַן אַקאַדעמישס, אין צוויי בענד, געדרוקט אויף דינעם זייד־פּאַפּיר. האָט עס פאַרמאָגט צופיל ווער־טער. האָט ער זיך מיישב געווען: היות ווי דער רוח־החיה פון אַ לשון איז דער

שם־הפּועל, דאָס טואונג־וואָרט, דער ווערב, לכן וועט ער איבערשרייבן אַלע ווערבן און דער גאַנצער רוסישער לשון וועט ליגן ביי אים אין וועסטלקעשענע.

געזאָגט — געטאָן. עס האָט אָבער גענומען אַ היפּש ביסל צייט, ביז ער איז פאַרטיק געוואָרן מיט דערדאָזיקער אַרבעט.

ער האָט שטודירט פאַרבאַהאַלטענערהייט, קאָנספּיראַטיוו. די גאַנצע קאָנספּיראַציע איז געווען כלפּי חוץ, געווענדט מיטן שאַרף קעגן זיינע ישיבה־ און בית־מדרש־חברים, קעגן די ייִדן פון שטאָט, זיי זאָלן זיך ניט דערוויסן, וואָס דער בן־הרב טוט, אָבער ניט כלפּי־פּנים. דער פאָטער האָט אים ניט געשטערט; פאַרקערט, ער האָט אים דערמוטיקט. מעגלעך, אַז זיין פאָטער האָט אויך געטראַכט אַז אויב מחמת זיין שוואַכן געזונט קען ער ניט ווערן אַ רב אַ גרויסער למדן, איז זאָל ער בעסער אינגאַנצן ניט זיין קיין רב. איידער אַ פאַרטאַטש, בעסער גאָר ניט קיין בעל־מלאכה.

וואָס זיין פאָטער האָט ניט געקענט פאַרטראָגן, איז ליידיקגייעריי. ער האָט ניט געקאָנט זען, ווי מענטשן בטלען, פטרן אַזאַ טייערע זאַך ווי צייט, וואָס איז לעבן; ער האָט ניט געקענט דולדן שמועסעריי, פלאַפּלעריי, דברים־בטלים־ריידעריי.

נאָך איידער אַבקע איז לעצטנס קראַנק געוואָרן, האָט דער פאָטער און די מוטער אים סיי־ווי געהאַלטן פאַר אַ ניט־געזונטן, אויף וועלכן מע קען דעם עול־התורה ניט אָנלאָדן אין פולקייט. זיין פאָטער האָט פון אים ניט דערוואָרט קיין סך, וויסנדיק, אַז די תורה שוואַכט אָפּ די כוחות[1] פון דעם לערנער, און ביי אַבקען וועט זי ניט האָבן וואָס אָפּצושוואַכן. צו לערנען די תורה דאַרף מען זיין ווי אַן אָקס צום יאָך און ווי אַן אייזל צו שלעפּן אַ משא[2]. אַבקע האָט זיך צו דעם ניט אויסגעטויגט. אַזוי אַז זיין פאָטער איז געווען צופרידן, וואָס אַבקע קען כאָטש עפּעס שטודירן, זאָל זיין רוסיש, זאָל זיין העברעיִש, זאָל זיין ליטעראַטור. לייכטע קעגנשטאַנדן. בכלל איז אַבקעס פאָטער געווען געניגט פריי־הייטלעך. ווי באַלד זיין זון באַגייט ניט קיין עוולות, פאַרשוועכט ניט קיין הייליק־טימער, זינדיקט ניט, דאַרף מען אים לאָזן צורו, זיך ניט מישן אין זיינע אי־נערלעכע אָנגעלעגנהייטן. אים שענקען אַ פולע אויטאָנאָמיע. ער איז געווען קעגן רעגלאַמענטירונג, קעגן צופיל קאָנטראָלירונג, אינטערווענירונג.

יעדנפאַלס זיין פאָטער האָט אים ניט געפרעגט, פאַרוואָס ער האָט אינגאַנצן אַוועקגעוואָרפן דאָס לערנען גמרא און פוסקים. ער אַליין האָט אָפּט געטראַכט, אַז עס וואָלט כדאי געווען, ווען ער באַשטימט אַ שעה, צוויי שעה אין מעת־לעת אויף פאָרזעצן זיין תלמוד־שטודירן; אָבער ווייטער פון טראַכטן וועגן דעם איז ער ניט געגאַנגען, כאָטש אין געדאַנק האָט ער עטלעכע מאָל אויסגערעכנט וויפל עס וואָלט אים גענומען צו ווערן אַ בקי אין גאַנץ ש״ס, ווען ער לערנט צו דריי בלאַט אַ טאָג, לשם בקיאות, אָן קיין פלפּול־פּליטערלעך. אָבער ביי די חשבונות איז ער געבליבן. ער האָט זיין פּלאַן אַפילו ניט פּרובירט צו רעאַליזירן.

ווען אַ געוועזענער חבר האָט אים צופעליק באַגעגנט און געגעבן „אַ טאָפּ

---

1) סנהדרין, כ״ו.

2) עבודה זרה. ה׳.

אין וואָגן״, אַ פרעג־געטאָן, וואָס ער לערנט, האָט ער אומגערן שטאַמלענדיק געענטפערט: „גיטין״. פאַרוואָס עפּעס „גיטין״? ווייל דאָס איז געווען די גמרא, וואָס ער האָט געהאַט בדעה צו נעמען לערנען, מאַכן מיט איר דעם אָנפאַנג, ווען ער וואָלט זיך פונסניי אַרויסגעלאָזט אויף אַ לאַנגער רייזע איבערן ים התלמוד.

אַבקע האָט אָפּגעהאַקט אַלע פאַרבינדונגען מיט זיינע געוועזענע חברים; ער איז על פּי אונס געוואָרן אַן אָפּזונדערלינג, אַ מתבודד. ער איז געזעסן אַ פאַרשפאַרטער אין אַ צימער, וואָס ביינאַכט איז עס געווען אַ שלאָפצימער פאַר די שוועסטערס. אין אָט־דעם צימער, ביים סאַמע פענצטער, וואָס איז אַרויס אויפן הויף, איז געשטאַנען אַ טיש. ביי דעם טיש זענען פון ביידע עקן געזעסן אַבקע און זיין שוועסטער רחקע. זי האָט שטודירט, ממש, טאָג און נאַכט, ווי אַ יידישער מתמיד, פראַנצויזיש פון אַ טוסען־ און לאַנגעשייד־זעלבסטביכל, און ער, אַבקע, האָט שטודירט רוסיש.

כדי ניט צו פאַרגעסן די גראַמאַטיק, האָט ער זי געהאַלטן אין איין חזרן און איבערחזרן אויף זיינע שפּאַצירגאַנגען ביי דער נאַכט איבער פינצטערע גוייִשע געסלעך, ווו ער איז געווען זיכער אַז ער וועט קיינעם פון זיינע חברים נישט אָנטרעפן, אָדער בעת זיין שפּרייזן אַרויף און אַראָפּ פאַרן הויז, כדי אונטער־צויאָגן די בלוט־צירקולאַציע אין זיין קערפּער. ער האָט געפילט, ווי זיינע קני ווערן פאַרגליווערט־קאַלט פון פאַרזעסנקייט אַפילו אין די הייסע זומערדיקע פאַרנאַכטן.

## 115

## כ פ י ר ה

טעאָלאָגישע פּראָבלעמען האָבן ניט אויפגעהערט צו אינטערעסירן אַבקען צוביסלעך צו יעדער צייט, אָבער ער האָט זיי ניט געשאָנקען קיין סך אויפמערק־זאַמקייט. זיי זענען געשטאַנען אין שאָטן אין אַ ווינקל און געוואַרט אויף אַ פרייערער צייט. אַצינד איז ער געווען פאַרטאָן הויפּטזעכלעך, ווי אים האָט זיך געדאַכט, מיט אויסגלייכן זיין קאָפּ, נאָרמאַליזירן זיין טראַכטונג־אַפּאַראַט, וואָס איז געווען צופּיל צעדרייט פון דער פּלפּוליסטיש־תלמודישער דיסציפּלין, ביי וועלכער פשוטע פאַרשטענדלעכקייט, איינפאַכע שכל־הישרדיקע באַהויפּטונגען זע־נען געווען פּסול; קעגן זיי האָט מען אויסגעזעצט מיט דער אָפּט געברויכטער פאָרמול: „מאי קא משמע לן? פשיטא״.

דערווייל האָט זיך אַבקע געהאַלטן ביי דער טראַדיציע פון חומש און זיינע פאַרקונדיקונגען און עדות־זאָגענישן. מתן־תורה, די התגלות גופא, האָט ער באַ־טראַכט ווי אַ היסטאָרישן פאַקט. אים האָט שטאַרק אימפּאָנירט דער זאַץ: „אתם נצבים היום כלכם״ 1) (איר שטייט היינט אַלע). אַ זעקס הונדערט טויזנט מענטשן האָבן געזען און געהערט דעם ערשטן דיבור, די קלאַנגען, דעם באַרג, ווי ער האָט געברענט... איז ווי קען מען עס אָפּלייקענען. אָט־די עדות זאָגענישן זענען

1) דברים, כ״ט. ט׳.

לאין־ערך פּעסטער, פּאַרלאָזלעכער ווי די צייגענישן, וואָס געפינען זיך אין עוואַנגעליום, וואָס דערציילן אייך, אַז צוויי היסטערישע פרויען האָבן געזען ישון אַ לעבעדיקן נאָך זיין שטאַרבן אויפן קרייץ. מאַלע וואָס צוויי אילוזיאָנירטע האַלוציאָניזירטע פרויען קען זיך אויסדאַכטן! דאָ אין חומש האָבן מיר דאָך די עדות־זאָגענישן פון אַן עם־רב, פון אַ זעקסהונדערט־טויזנטקעפּיקן עולם. די געשעעניש, די אַנטפּלעקונג איז פאָרגעקומען אין זייער אַנוועזנהייט. זי האָט אַפּעלירט צו זייערע געזונטע חושים, צום געזע און געהער. אַזאַ גרויסע מענגע מענטשן קאָנען ניט זיין קיין קרבנות פון אַ האַלוציאַנאַציע, פון אַן אָפּטישן אָפּנאַר. מיט אָט־די געדאַנקען, וואָס זענען צו אים געקומען פון כוזרי 1) האָט ער זיין כפירה־יצר־הרע באַרואיקט פאַר אַ צייט.

אָבער פּלוצלונג פּאַלש צו אים אַריין אין האַנט יוסף קאַרוס (1575—1488) חיבורל „ספר מגיד מישרים“ (ויניציא 1654, צווייטע פולע אויפלאַגע); אין אים פאַרזיכערט יוסף קאַרו, דער מחבר פון „שולחן ערוך“, אַז אַ גייסט, אַ „מגיד“, וואָס איז געווען די נשמה פון דער משנה, פלעגט קומען צו אים און אים אַנטפּלעקן הימלשע סודות. אָט־דאָס ספרל האָט אויפגעריסן אַבקעס טעאָלאָגישן בנין ווי גייסטיקער דינאַמיט. אויב יוסף קאַרו, אַזוי שפּעט ווי בלויז מיט אַ פּאָר הונדערט יאָר צוריק (אין 1567) האָט געקענט איבערגעבן ווי אַ מעשה שהיה, אַ גייסט־געשעעניש, וואָס לא היה ולא נברא, איז פאַרוואָס האָט ניט געקענט דער חומש־פאַרפאַסער אָנשרייבן מיט אַ לייכטער האַנט „אתם נצבים היום כלכם“. דער מחבר פון צוואַנגעליע האָט טאָקע „קליינלעך“ געהאַנדלט. ער האָט געקענט פאַר די זעלבע אויסטראַכטעניש־הוצאות אָנשרייבן ניט אַז אַ צוויי פרויען און אַקליינע צאָל תלמידים האָבן געזען ישון אַן אויפגעשטאַנענעם תחיית־המתים, נאָר אַז טויזנטער און צענדליק טויזנטער האָבן אים געזען. וויבאַלד די גאַנצע זאַך איז די אויסקלערעניש פון אַ שרייבער, קען ער דאָך זיך לאָזן ווילגיין און ניט קאַרגן אין צאָלן, אין ציפערן.

געווען איז עס אין אַ פאַרנאַכט. אַבקע איז געגאַנגען שפּאַצירן מיט זיין עלטערן ברודער וועלפקען. אַבקע האָט זיך פאַנאַנדערגערעדט מכוח קאַרון און דעם „מגיד“. ער האָט געצויגן דעם „דרייסטן“ שלוס וועגן די ענלעכע אויסטראַכטענישן פון חומש און האָט באַהויפּט, אַז זיי זענען ניט פון אַ גרעסערער וואַלידיטעט. וועלפקע, נאָכן איבערטראַכטן און דורכשמועסן דעם ענין, האָט צוגעשטימט.

און דאָ, הינטער דער שטאָט, אין דער שעה פון שקיעה, פון זונפאַרגאַנג, איז פאַר זיי ביידן אונטערגעגאַנגען די זון פון דער תורה־טראַדיציע.

זייענדיק עקסטרעם און אימפּעטיק, האָט אַבקע אָפּגעוואָרפן די טראַדיציאָנעלע ייִדישקייט מיט האַק און פּאַק; ניט איבערגעלאָזן פון גאַנצן בנין אַ שטיין אויף אַ שטיין.

פון דעם אָוונט אָן האָט ער אויפגעהערט צו היטן די תורה־געבאָטן. ער האָט זיך געמאַכט מיקלאָמפּערשט ווי ער דאַוונט, באמת האָט ער גאָר געחזרט די

---

1) כוזרי, מאמר ראשון, סימן כ״ה „פתה דבריו אל המון ישראל“... „שהיא במראה העין“.

דוסישע גראַמאַטיק. דאָס אייגענע האָט ער געטאָן בעתן בענטשן נאָכן עסן. ער האָט אַצינד גייסטיק אידעאָלאָגיש אינגאַנצן איבערגעריסן מיט זיין פאָטער. ער האָט געקוקט אויף די ייִדישקייט־ספרים, אויף אָט־דער ליטעראַטור, אויך אויף דעם טייל, וואָס גיט זיך אָפּ מיט עטיק, ווי אויף אַ באַרג פון שמות, וואָרעם וואָס טויגן זייערע עטישע פאָרשריפטן, ווען זיי זענען פאַלש באַגרינדעט, אויף שכר ועונש, לוין און שטראָף ערגעץ אויפן הימל, אויף יענער וועלט. ער האָט גענומען אַ נעגאַטיווע שטעלונג צו אַלע זייערע פאָרשריפטן, הן די טו־געבאָטן און הן די ניט־טו־געבאָטן. אין זיינע אויגן האָבן זיי אַנטהאַלטן ניט מער ווי שטותעריי.

איצט האָט זיין קאָנספּיראַציע זיך פאַרגראָבן טיפער. ער איז אַוועק ווי אַ מוילוורף אין אונטערערד. ער דאַרף זיך פון איצט אָן פאַרבאַהאַלטן מיט זיינע געדאַנקען און זיינע מעשים ניט בלויז פון די חסידים, די פאַנאַטיקערס, נאָר אויך פון זיין אייגענעם פאָטער, דעם משכיל.

פון איין זייט האָט ער זיך געפילט דערהויבן, ער האָט זיך באַפרייט פון אַ שווערער טראַדיציע־לאַסט און אויך פון דער דריקנדיקער אויטאָריטעט פון זיין פאָטער; ער האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיינע אַקסלען אַ גאַנצן באַרג, וואָס האָט אים געהאַלטן צוגעדריקט צו דער ערד, ניט געלאָזן אָטעמען פריי, אויפהייבן דעם קאָפּ. פון דער צווייטער זייט, אָבער, האָט ער זיך געפילט צעבראָכן, צעמאָלן אויף זשוויר. ער האָט זיך געשראָקן פאַר דער פוסטקייט, וואָס האָט זיך געלאָזט פילן ביי אים אין האַרצן. די ווערטער לבי חלל בקרבי 1), מיין האַרץ איז אויס־געדלובעט פון אינעווייניק, זענען ביי אים געווען ניט קיין מליצה, בייערט אַ באַשרייבונג פון אַ ווירקלעכן מצב. איבערהויפּט פלעגט אים פאַרקלעמען דאָס האַרץ, ווען ער איז פאַרבייגעגאַנגען דעם אַלטן בית־מדרש און געהערט די שטימעס פון די עטלעכע בחורים, וואָס האָבן דאָרט געלערנט, און אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער זיצט דאָרטן צווישן זיי.

ער האָט באַווײנט זיך, זיינע יונגע יאָרן, וואָס זענען אַוועק אין ניוועץ, אין לערנען קעגנשטאַנדן, וואָס האָבן אַצינד ניט געהאַט, לויט זיין אָפּשאַץ, קיין שום ווערט. ער האָט באַקלאָגט זיך, זיינע געוועזענע חברים, בחורים לערנערס, און ניט בלויז די בחורים אַליין, נאָר דאָס גאַנצע פאָלק, די גאַנצע כנסת ישראל. וואָס קלאַמערן זיך אָן נאַרישע אבערגלויבערייען און גיבן אוועק אַזויפיל צייט און אַנשטרענג אָפּצוהיטן און אויסצופילן געבאָטן, וואָס האָבן ניט קיין שום זינען, וואָס זענען זאַבאַבאָנעס, טיפּשותערייען.

דער פאָטער האָט דערשפּירט, אַז אַן איבערבראָך קומט פאָר אין די איבער־צייגונגען פון זיינע זין, כאָטש אויסערלעך האָבן זיי ניט אַרויסגעוויזן קיין סימנים, לויט וועלכע מע וואָלט געקענט טרעפן, וואָס אין זיי קומט פאָר.

---

1) תהלים, ק״ט, כ״ב.

# 116

## ר׳ יהודה־לייב און ר׳ אברהמעלע סאָכאַטשאָווער

אַבקעס פאָטער האַלט ביים פאַרענדיקן זיין ספר שאלות ותשובות „דברי יהודה״. אַבקע האָט צוזאַמענגעשטעלט דעם אינדעקס פון רעפערענצן, דעם מראה־מקומות, פאַר אָט־דעם ספר אַזוי אויך פאַרן פאָטערס ספר „דגלי יהודה״ (דערשינען אין 1903), וואָס באַשטייט פון אַ שבת־הגדול־דרשה און אַ הדרן אויף סיום הש״ס אין 1902.

אין די שאלות ותשובות האָט זיין פאָטער אָנגעפירט אַ שאַרפע פאָלעמיק קעגן ר׳ אברהמל סאָכאַטשאָווער, וואָס איז געווען ר׳ מענדעלע קאָצקערס אַן איידעם און האָט געשמט אין פוילן פאַר אַ גאון.

אַבקע האָט געהאַט גרויס הנאה פון דעם, וואָס זיין פאָטער גיט „גוטע קלעפ״ דעם איבערגעשיפּצטן קאָפּ־צעדרייטן פלפוליסט פון חסידישן פוילן, ר׳ אברהמעלע. לויט אַבקעס פאַרשטאַנד, ווי קאַזואיסטיש־סאָפיסטיש־סכאָלאַסטיש די ליטווישע רבנים זענען ניט געווען מיט זייער צו־פאַרטיפטן דרך אין לערנען, זענען זיי געווען שטרענגע געזונטע לאָגיקערס לגבי די פוילישע „פשטליאַרעס״.

קיין אינטערעס אין דעם צעפלאַקערטן וויכוח, וואָס איז געווען אַן אמפּערניש פון צוויי רבנים וועגן סכך פון אַ בית־עולם, צי מעג מען אים נוצן צוצודעקן אַ סוכה, האָט ער ניט געהאַט. ער׳ט ניט געהאַלטן, אַז מע דאַרף בכלל זיצן אין אַ סוכה און אויך ניט אַז אַ מת ישראל איז אסור בהנאה. דאָך, ווי טשיקאַווע דאָס זאָל ניט אויסזען, איז אים געגאַנגען אין לעבן, אַז זיין טאַטע זאָל אַרויס דער זיגער פון דער דיספּוטאַציע און ער זאָל צעקלאַפּן, מאַכן צו אַש און רויך די אַרגומענטן פון דעם איבערגעקליגלטן פוילישן גדול, וועמען אַבקע האָט מבטל געווען בתכלית הביטול, אַפּריאָרי. ער איז געווען קעגן דעם פוילישן אופן פון לערנען; ער האָט ניט געהאַלטן פון חידושי הרי״ם. עס איז צו־אויפגעשרויפט, עס געפינט זיך אויף יענער זייט פון שכל־הישר, פון געזונטער מענטשלעכער לאָגיק.

דער פאָטער האָט אַבקען געהאַלטן גוט אינפאָרמירט מכוח דער דעבאַטע. ער האָט אים איבערגעגעבן ר׳ אברהמעלעס גאַנצע לאַנגע תשובה און אַבקע האָט פשוט געצויגן מיט די אַקסלען פון די ווילד־אומגעלומפּערטע אַרגומענטן פון זיין פאָטערס אָפּאָנענט, דעם „גאון פון פוילן״. זיין טאַטע האָט אין אַבקעס אויגן פאָרגעשטעלט דעם גאַנצן כלל פון ליטווישע רבנים; ער איז געווען זייער זעלבסטבאַשטימטער שליח־ציבור און פון זייער שיטה אין לערנען, וואָס האָט זיך געהאַלטן, מ׳שטיינס־געזאָגט, נאָענט צום לאָגישן דענקען. ער האָט געזען אין דעם אַ געפעכט פון ליטע קעגן פוילן, און אים איז געווען טייער דער כבוד און פרעסטיזש פון ליטע. ער איז געווען אַ שאַרפער פאַרביטערטער כנגד פון די „פוילישע פליאַקעס״ מיט זייער ווילד־משוגענער חסידות און תלמודישער צירקן־אַקראָבאַטיק.

אויפן גורל פון זיין פאָטער איז געפאַלן די אויפגאַבע צו ווייזן אָט־די פוילישע „גאונים״, כביכול, אַז זיי קענען פשוט ניט אָפּלערנען אַ בלאַט גמרא ווי

געהעריק. ביי אַבקען איז עס שיער ניט געוואָרן אַ פּערזענלעכע אַמביציע. יעדעס מאָל, ווען עס איז אָנגעקומען אַ נייע תשובה פון ר׳ אברהמעלען, און זיין פאָטער האָט עס, אין זיין ענטפער, דורס געווען, צעפליקט אַזוי, אַז פון דעם זענען געבליבן בלויז די פיסלעך און די הערנער, און די האָט ער אויך צעבראָכן, איז ביי אַבקען געווען יום־טוב, ששון ושמחה, אור ליהודים פון ליטע.

## 117

## פּראַגמאַטישע יידישקייט

אַבקע האָט דעמאָלט שטודירט מאַקס נאָרדויס (1849—1923) „פּאַראַדאָקסן״ (דערשינען 1887) אין אַ רוסישער איבערזעצונג. דאָס פאַרשטיין איז אים אָנגעקומען שווערלעך, מחמת דער גרויסער צאָל פרעמדשפּראַכיקע, לאַטיינישע און גריכישע, ווערטער, וואָס ווערן געברויכט אין ווערק. אָבער אין הויז ביי זיי איז געווען אַ ספּעציעל ווערטערבוך דערפאַר און מיט זיין הילף איז ער אַדורך בשלום די אַביסל אַרויספאָדערנדיקע דיסקוסיעס, וועלכע האָבן אים אויסגעזען צו זיין פילאָזאָפיש, הגם ער האָט געשפּירט, אַז זיי זענען ניט־שפּאַר, אָנגעבלעזלט, אויפגעשוימט. אָבער אונטערן שוים האָט זיך געפונען פאַר אים מער ווי אַ רביעית וויין, וואָס האָט געררייצט זיין גומען.

אַבקע האָט אַמאָל, עפּעס ווי דרך־אגבדיק, באַרירט דעם ענין אמונה און געפרעגט זיין פאָטערס מיינונג וועגן אָט־דער קאָאָרדינירטער פּראָבלעם, עיקר העיקרים. זיין פאָטער האָט זיך ניט געלאָזט אריינציען אין קיין אַרגומענטאַציע. ער האָט אים בלויז געזאָגט, אַז אין דעם פּונקט קען מען זיך דערלויבן צו זיין אַ סקעפּטיקער. מע דאַרף אָבער האַלטן פון פּאַסקאַלס איינפאַל: אַ פלעט קאָסט אַ פּרוטה, געווינען קען מען אַן אין־לשער גרויסע סומע. איז ווער וועט זיין אַזוי נאַריש, אַז מען זאָל ניט וועלן שפּילן אין אָט־דער לאָטעריי!

ווען אַבקע האָט אים געפרעגט וועגן די מצוות מעשיות און יידישן שטייגער, האָט אים זיין פאָטער געענטפערט ווי אַ פּראַגמאַטיסט:

— דעם אויבערשטן אַרט ניט, ווען עמיצער רויכערט אום שבת, אָבער ווער עס טוט עס, איז אַן עוכר ישראל און אַ פושע ישראל, אַ פאַררעטער, ער איז געגליכן צו דעם, וואָס עפנט דעם טויער פון אַ באַלאַגערטער שטאָט און לאָזט אַריין דעם שונא. ער איז אַ בוגד און איז חייב מיתה בידי אדם, אים קומט טויט־שטראָף. מיר יידן זענען באַלאַגערט פון שונאים פון אַלע זייטן; די מצוות און געבאָטן זענען די מויערן פון אונדזער פעסטונג.

## 118

## דער חתן

מען האָט זיך געסודעט. מע האָט זיך געשושקעט. אַבקעס מאַמע איז אַרומגעגאַנגען מיט אַ פּנים פון אַ פאַרשווערערין. וואָס קומט דאָ פאָר אין הויז? —

האָט ער זיך געפּרעגט, און איז געבליבן ביים פּרעגן. צו־נייגעריק איז ער ניט געווען. ער איז געווען איינגאַנצן פאַרשלונגען פון די רוסישע קלאַסישע ווערק. ער האָט דעמאָלט געלייענט, ריכטיקער: שטודירט, איוואַן אַלעקסאַנדראָוויטש גאָנטשאַראָוון (1812—1891) און זיין מייסטערווערק „אָבלאָמאָוו" (דערשינען אין 1857), ווו דער טיפּישער רוסישער פּוילאַק קריגט זיין בולטסטן און קינסטלע־רישסטן אויסדרוק.

רחקע פאַרטרויט אים אַ סוד: זייער עלטערע שוועסטער, בלומע, איז שוין געוואָרן, מיט מזל און ברכה, אַ כלה. וועגן דעם שושקעט מען זיך עס אין הויז.

— ווער איז דער חתן?

— אַ בחור פון ראַדאָם. זיין פאָטער איז אַ געשעפטסמאַן. עס איז שוין גע־ווען אַ פאַרקנסונג. די טעג קומט דער חתן־בחור צו־גאַסט.

ער איז געקומען. מע האָט אים אויפגענומען זייער פריינטלעך. אָבער ער האָט אַ גאַנצע נאַכט געהוסט און אין דעם שפּייקעסטעלע, וואָס איז געשטאַנען אין זיין שלאָפצימער, האָט די דינסט געפונען, ווען זי האָט אויפגעראַמט דעם צימער, אָנגעכראַקעטע ליחה און זי'ט געהאַלטן פאַר נייטיק צו ווייזן עס דער באַלעבאָסטע, דער רביצין.

די רביצין האָט זיך דערשראָקן, טאָמער האָט ער די דער. די קראַנקייט איז געווען פאַרשפּרייט צווישן די ייִדן אין פּוילן.

הכלל, דער בחור איז אַוועקגעפאָרן מיט ווייניקער ווי ער איז געקומען. עס איז געוואָרן אויס שידוך. די מוטער האָט געהאָט פון דעם גרויס צער. דער כלה האָט די אָנגעלעגנהייט שטאַרק פאַרדראָסן. מע האָט מבייש געווען אַ בחור. מע האָט אָפּגעלאָזט אַ שידוך אויף דעם סמך פון אַ חשד. אָבער עס איז געווען לית־ברירה. מע האָט דאָך ניט געקענט אויסגעבן די טאָכטער פאַר אַ חולה, וואָס קען נאָך שטאַרבן יונג און זי איבערלאָזן אַן אלמנה מיט יתומים, זי זאָל זיך דאַרפן פּלאָגן אַ גאַנצן לעבן.

ווידער האָט זיך אין הויז געגומען וועבן אַ מין פאַרשווערונג. שדכנים האָבן זיך אָפּט באַוויזן, געסודעט זיך מיט דער רביצין. אַלץ איז אָנגעגאַנגען אין געהיים, „אונטערערדיש".

אַבקען האָט דער גאַנצער ענין אויסגעזען ווילד און אומפאַרשטענדלעך.

ער האָט זיך געפרעגט און איבערגעפרעגט און נאָכגעקלערט: פאַרוואָס דאַרף מען אַריינגעמען אַ ווילדפרעמדן אין זייער געשלאָסענעם, האַרמאָניש־איינגע־שטעלטן משפּחה־קרייז? דאָ זענען פאַראַן דריי ברידער און דריי שוועסטער, האָט יעדער ברודער געקענט נעמען פאַר זיך אַ שוועסטער. דאָ וואָלט מען ניט גע־טאַפּט אין דער פינצטער. ניט מורא געהאַט פאַר חולאתן. מע קען זיך. מע איז אויסגעעבונדן. איז אויף וואָס גיין זוכן חתנים און ברענגען זיי פון דער פרעמד, אימפּאָרטירן סחורה, ווען ס'איז דאָ אייגנס?!

אַבקע האָט געוווּסט, פאַרשטייט זיך, אַז לויטן חומש ויקרא איז נעמען אַ שוועסטער אַ שווערע זינד, פאַר וואָס עס קומט טויטשטראָף, און די האַנדלונג ווערט באַצייכנט ווי אַ „חסד" 1). ער האָט זיך אָבער פאַרקלערט וועגן דעם זינען

1) ויקרא כ׳, י״ז—י״ח, ס׳.

פון אָט־דעם שטרענגן פֿאַרבאָט. ער האָט ניט געקענט זען קיין לאָגישע באַגרינדונג פֿאַר אָט־דעם פֿאַרווער. און אַ לאוו, מעג ער זיך טאַקע געפֿינען אין דער תורה, אויב ער האָט ניט קיין שכלדיקע דערקלערונג, איז מען ניט מחויב צו היטן. אַבקע איז געווען אַ שטרענג־אויסגעהאַלטענער ראַציאָנאַליסט. פֿאַר אַ שטייגער, פֿאַר אַ מנהג, פֿאַר די „פֿאָלקס־וועגן" האָט ער ניט געהאַט קיין אָפּשיי. אַ פֿאָלקספּיר, אַ הנהגה, וואָס איז געווען אָנגענומען אַפֿילו פֿון דער גאַנצער וועלט האָט פֿאַר אים קיין אויטאָריטאַטיוון ווערט ניט געהאַט. מאַלע וואָס די שוטים טוען! קיין קלוגער מענטש איז ניט מחויב נאָכצוטאָן זייערע נאַרישע אויפֿפֿירונגען. זיי זענען דאָך פֿאַרזונקען אין מ"ט שערים פֿון אַבערגלויבערייען און שטותים.

ער איז געווען ביי זיך גייסטיק־אַריסטאָקראַטיש פֿאַרריסן.

ווען ער האָט זיך פֿאַרטראַכט וועגן דעם, אַז אין זייער הויז איז די איינטיילונג פֿון די געשלעכטער אַן אידעאַלע, דריי ברידער און דריי שוועסטערס, האָט ער ניט אַרויסגעלאָזן פֿון געדאַנק, אַז ער איז בכלל קעגן חתונה... אָבער דעמאָלט האָט זיך גערעדט וועגן אַ קאָנווענציאָנעלער חתונה מיט אַ פֿרעמדער; מיט זיין שוועסטער, אין דעם פֿאַל מיט זיין באַליבטער שוועסטער רחקע, וואָלט ער זיך מתיר געווען, ער וואָלט פֿאַרבויגן זיין בחורשאַפֿט־נדר. ער האָט ניט געמאַכט קיין אָנפֿראַגע ביי די שוועסטערס, צי זיי דריי וואָלטן גערן אָנגענומען זיין „פֿאָרשלאַג". טאָמער האָט זיך שוין איינע גאָר פֿאַרליבט אין אַ „פֿרעמדן", וואָס וועט מען דעמאָלט טאָן? ער האָט קיין אָנפֿראַגעס ניט געדאַרפֿט מאַכן, ווייל די פֿראַגע איז ביי אים געווען אַ ריין טעאָרעטישע, אַ ספּעקולאַטיווע. זי האָט אָבער געהאַט אויך אַ שטיקל עמאָציאָנעלן הינטערגרונט: אים האָט, פּראָסט און פּשוט, פֿאַרדראָסן, הלמאי מע דערלאָזט, אַז אַ פֿרעמדער זאָל זיך אַריינרייסן אין זייער אינטימען קרייז און צונעמען אַ חפץ, וואָס דאַרף, על פּי דין און יושר, געהערן צו אים... ווייל אויב אַזוי וועט זיך עס פֿירן, אויב מ'וועט אָט־דעם „סקאַנדאַל" דערלאָזן בנוגע זיין עלטערער שוועסטער, וועט דאָך דאָס אייגענע פּאַסירן מיט דער מיטעלער, וואָס לויט זיין חשבון דאַרף קומען אים, ווי דעם מיטלסטן ברודער, און צו איר איז ער געווען צוגעבונדן; זיי זענען צוזאַמען געגאַנגען אין חדר, צוזאַמען געווען צוגאַסט ביים זיידן, צוזאַמען געשפּילט אין קאָרטן גאַנצענע טעג, און איצט לערנען זיי זיך צוזאַמען, ד"ה ביי איין טיש, הגם ער שטודירט רוסיש און זי גאָר פֿראַנצויזיש.

## 119

## קישענאָווער פּאָגראָם

קישענאָווער פּאָגראָם. עס האָט געטראָפֿן די ייִדישע גאַס ווי אַ דונער. עס האָט אויפֿגערודערט די גאַנצע ייִדישע באַפֿעלקערונג. אַבקע איז אויפֿגעטרייסלט. ער איז טעג נאָך טעג אַרומגעגאַנגען ווי אָן אַ קאָפּ. ער האָט ניט געקענט נעמען קיין רוסישן בוך אין האַנט. אים האָט זיך אויסגעדוכט, אַז פֿון יעדן רוסישן אות טריפֿט ייִדיש בלוט. וואָס טויג אים די רוסישע וואָרט־קונסט, וואָס טויגן אים די רוסישע ווונדערבאַרע נאָוועלן, די מייסטערווערק, אַז פֿון זיי גיסט זיך ייִדיש בלוט. אָבער גיין לייִדיק איז דאָך קיין תכלית ניט, ער קען ניט פּוסטאונפּאַסעווען.

וואָס בלייבט צו טאָן? גיין צוריק צו דער גמרא — איז אים אַפילו אויפן געדאַנק נישט אַרויף. האָט ער און זיין ברודער זיך אַ נעם־געטאָן מיט גאָר גרויסן פלייס צו העברעיִש. זיי האָבן באַשלאָסן אויך אָנצופאַנגען צו רעדן העברעיִש. דעם שריט האָבן זיי נאָך באַטראַכט אין 1901. דער ערשטער, וואָס האָט עס אָנגעמוט, איז געווען דער „רעזשיצער". איינמאָל, גייענדיק פאַרנאַכט פון פּאָדגזשיבאָווסקי, האָט ער אַ זאָג־געטאָן פּלוצלונג: לאָמיר גאָר רעדן העברעיִש. ער אַליין האָט זיין פאָרשלאַג ניט גענומען ערנסט. ער איז געווען אַ שטיקל לץ. אָבער אַבקען איז עס אַריין אין קאָפּ, ווי אַ זוימען איז עס דאָרט געלעגן פאַרזייט אין באָדן און געוואַרט אויף אַ גינציקן וועטער, זונשיין און רעגן.

כדי עס זאָל געשאַפן ווערן עפּעס אַ שטיקל סביבה, מע קען דאָך ניט רעדן צו זיך אַליין, האָט דער עלטערער ברודער גענומען אויף זיך אויסצולערנען די עלטערע שוועסטער, בלומען, העברעיִש, אַבקע — די מיטלסטע, רחקען, און שפּעטער־צו אויך די יִינגסטע, מאַשקען. אַזוי אַז מיט אַלגעמיינע כוחות וועלן זיי בכוח זיין עפּעס אויפצוטאָן און דערגרייכן אויף אָט־דעם געביט. רחקע האָט זיך איבערגעגעבן צום שטודירן העברעיִש מיט איר גאַנצן פלייס. אין אַ קורצער צייט אַרום האָבן זיי שוין געהאַט אַ דוברי־עברית אגודהלע, צו וועלכער זיי האָבן צוגעצויגן אויך עטלעכע יוגנטלעכע פון זייער עלטער. אין הויז צווישן זיך האָבן זיי גערעדט עברית בהברה הספרדית און אויך צו דער מוטער און צום פאָטער. דער מוטער איז צום אָנפאַנג אָנגעקומען שווערלעך דאָס פאַרשטיין, אָבער זי האָט זיך שנעל צוגעוווינט און פאַרשטאַנען יעדעס וואָרט.

אָבער דאָס אַליין האָט אַבקען און וועלפקען ניט באַפרידיקט. דער קרייז איז געווען צו־ענג און די טעטיקייט צו באַגרעניצט. זיי האָבןביידע געפילט, אַז עפּעס מער מוז געטאָן ווערן. און ביי זיי איז פרי פאַרטיק געוואָרן אַ פּראָיעקט: מען דאַרף צונויפרופן אַ פאַרזאַמלונג פון אַרבעטער־געזעלן און שאַפן פון זיי אַ מין פאַריין. פאַר וועלכן צוועק? דאָס איז זיי ניט געווען קלאָר. אונטער וועלכן אויסרייד? אַזוי ווי יִדן זאָגן „פּרק" אַלע שבת, זומער, איז די פּאַסיקסטע זאַך צו גרינדן אַ חברה צו לערנען פּרק מיט די אַרבעטער־יונגען, וואָס וואַקסן ווילד, ווי קראָפּיווע, אָן קיין יִדישן וויסן. ווו אָפּצוהאַלטן די ערשטע פאַרזאַמלונג? אין תלמוד־תורה. ווען? מוצאי־שבת, ווען די צימערן שטייען ליידיקע. די געביידע איז אַ נייע, די צימערן גרויסע, לופטיקע. די אלמנה בראָמבערג, די גבירטע, האָט עס אויפגעבויט אַ מויער פאַר דער ישיבה און תלמוד־תורה. אַבקען קען דער שמש־שומר זייער גוט, ער איז דאָך עפּעס אַ בן־הרב, וועט ער אויסנוצן זיין פּאָזיציע פאַר קריגן דעם פּלאַץ.

אָבער וואָס קען מען זאָגן די אַרבעטער? צוליב וואָס רופט מען זיי און ווער רופט זיי?

אויך פאַר זייערע באַקאַנטע, פון וועמען זיי האָבן דערוואַרט הילף אין דער דאָזיקער דרייסטער אונטערנעמונג, האָבן זיי ניט געקענט אַרויסקומען מיטן הוילן אמת.

האָט אַבקע מיט זיין ברודער אויסגעאַרבעט אָט־דעם פּלאַן: זיי מוזן צוטראַכטן אַ ווייסן ליגן און זאָגן, אַז פון וואַרשע קומט ספּעציעל אַראָפּ אַ גרויסער רעדנער־שרייבער און צו הערן אַ וואַרשעווער גדול וועלן זיך שוין געפינען בעלנים.

אַז מע וועט זיך צונויפקלייבן, וועט מען וואַרטן אויפן רעדנער, וואָס האָט צוגעזאָגט צו קומען, נאָר האָט מסתמא פאַרשפּעטיקט דעם צוג. איז בלית־ברירה אַז עס וועט ניט זיין קיין העכט, וועט אויך אַ הערינג זיין רעכט. וועלפקע וועט זיין פאַרזיצער, ער וועט עפענען די פאַרזאַמלונג און אַבקע, ווי קליינגעוויקסיק ער איז ניט, וועט אַרויפקריכן אויף אַ באַנק און רעדן צום צענויפגעקומענעם עולם.

איידער צו קריגן דעם עולם, האָבן זיי גערעכנט אויף צוויי חברים, איינער איז מאָרגנשטערן, דער יינגערער ברודער פון דעם געוועזענעם חולה, וואָס איז געזונט געוואָרן דורך אַ האָמעאָפּאַטישן נס, דער צווייטער און דער הויפּט איז שמואלקע שוואַרץ. דאָס איז דער שמואלקע, וואָס איז געווען אין דער ישיבה פאַר מיין זיין אַבקעס „רעפּעטיטאָר”. אין כיתה ב׳ האָט שמואליק שוואַרץ ניט געלערנט. זיין טאַטע, זייענדיק אַ פאַרברענטער אַמשענאָווער חסיד, האָט ניט געהאַלטן פון ר׳ ניסנס פיר אין יידישער הדרכה, האָט ער אים ניט אַנגעטרויט זיין זון. האָט זיך שמואלקע איינגעעקשנט און אַן זיין טאַטנס צושטים אַוועקגעפאָרן לערנען אין דער ישיבה אין סלאָבאָדקע. זיין טאַטע האָט געהאַלטן, אַז פון די ליטווישע ישיבות קומען אַרויס קלים, אויב ניט קיין פּושעים, אַפּיקורסים גמורים.

נאָך אַ דריי יאָר לערנען דאָרט, איז ער אַראָפּגעקומען צוריק קיין אָסטראָוו. ער האָט זיך גלייך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט זיין חבר, אַבקען. שמואלקע שוואַרץ האָט געבראַכט מיט זיך דעם „המון” פון ד״ר נ. סירקין. ער האָט אויך אַנטוויקלט גלייך ביי דער ערשטער באַגעגעניש, וואָס איז באַשטאַנען אין אַ לאַנגן שפּאַציר הינטער דער שטאָט, די פילאָזאָפיע פון היסטאָרישן מאַטעריאַליזם און די טעאָריע פון קלאַסנקאַמף, וואָס איז דער עיקר־פאַקטאָר אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט.

אַבקע האָט באַקעמפט מיט זיין גאַנצער דעבאַטאַנטישער היץ אַט־די פאַלשע שיטות.

— ס׳טייטש, — האָט אַבקע געשטורעמט די דאָקטרינע פון קלאַסנקאַמף, — ווי אַזוי קען ער אָננעמען, אַז דער קלאַסנקאַמף פאַרנעמט דעם אויבנאָן אין געזעלשאַפטלעכן לעבן, אין דער געשיכטע, ווען כדי זיך צו באַטייליקן אין עקאָנאָמישן קלאַסנקאַמף דאַרף מען דאָך זיין אַן עקאָנאָמישער סוביעקט, אַן אַרבעטער, אויפּוויפל־ניט־איז אַ דערוואַקסענער מענטש, זיין באַשעפטיקט אין דער ווירטשאַפט, און ער האָט אָנגעפאַנגען זיינע קאַמפן מיט די שקצים, ווען ער איז נאָך קיין פיר יאָר ניט אַלט געווען.

אַבקע האָט געשטעלט דעם טראַפּ אויף דעם קאַמף פון די פעלקער, ער האָט אונטערגעשטראָכן די שנאה פון די פעלקער צום יידישן פאָלק.

דעם היסטאָרישן מאַטעריאַליזם האָט ער אָפּגעשליידערט מיט כעס און האַס. ער האָט אים דערקלערט פאַר אַ ווילדער באַרבאַרישער דעמאָראַליזירנדיקער אַנשויאונג.

שמואלקע האָט זיך קרעפטיק געאַמפּערט, אָבער קיין זיגער איז ער פון דעם וויכוח ניט אַרויס אַפילו אין זיינע אייגענע אויגן. ער האָט צוגעגעבן, אַז ער אַליין דאַרף נאָך פיל שטודירן, כדי תופס צו זיין די מאַרקסיסטישע לערע ווי געהעריק און זיין בכוח זי צו פאַרטיידיקן.

אָט די צוויי, וואָס האָבן געהאַט קאָנטאַקטן מיט אַנדערע באַלעבאַטישע און

חסידישע בחורים אין שטאָט און אויך מיט אַרבעטער־געזעלן, האָבן עס געדאַרפט העלפן קריגן אַן עולם. אָבער אויך זיי האָבן די ברידער געמוזט אָפּנאַרן, און זיי האָבן דערוואַרט מיט אומגעדולד דעם אָנקום פון באַרימטן אָראַטאָר, באמת גע־גאַרט אים הערן רעדן און געגלויבט, אַז זיי און די איבעריקע צוהערערס וועלן פון אים געניסן, און גלויבנדיק אין אָט־דעם אויסטראַכט, אין דעם מיטאָס, האָבן זיי באַוועגט אַנדערע צו קומען. ווען זיי ווייסן דעם אמת, וואָלטן זיי אַ פינגער אָן אַ פינגער ניט אַ קלאַפּ־געטאָן.

עס האָט פּאַסירט. אַלץ איז צוגעגאַנגען ווי זיי האָבן דערוואַרט. עס איז גע־קומען אַ היפּשער עולם יונגוואַרג, וואָס איז באַשטאַנען מערסטנס פון בעל־מלאכהשן שטאַנד. מע האָט געוואַרט מער ווי אַ האַלבע שעה אויפן וואַרשעווער רעדנער, ער איז, אָבער, ניט געקומען.

אַז מע איז זיך שוין צוזאַמענגעקומען, איז צו וואָס זאָל מען זיך פּאַנאַנדער־גיין מיט גאָרניט? האָט וועלפקע געעפנט די פאַרזאַמלונג, זיך אַנטשולדיקט פאַר דעם רעדנער, וואָס האָט זיי אַלעמען אַנטוישט. נאָך די פּאָר קורצע באַמערקונגען האָט ער גערעדט וועגן דער וויכטיקייט פון אַרבעט און דעם אָנזען, וואָס זי האָט געהאַט ביי ייִדן פאַרצייטנס. ער האָט אויסגערעכנט אַ לאַנגע רשימה פון די תלמוד־שאַפערס, וואָס זענען געווען בעלי־מלאכות, שניידערס, שוסטערס, שמידן, זאָטלמאַכערס אאַז״וו.

אַצינד האָט ער זיך ווידער אַנטשולדיקט, וואָס דער רעדנער איז ניט גע־קומען, מסתמא האָט דער צוג פאַרשפּעטיקט אָדער ער איז דעם לעצטן טאָג קראַנק געוואָרן, און ער האָט אויפגערופן זיין ייִנגערן ברודער, אַבקען, עס זאָל זאָגן עטלעכע ווערטער.

אַבקע. האָט זיך געלאָזט בעטן, ווי קומט ער צו פאַרנעמען דעם אָרט פון דעם וואַרשעווער גרויסן רעדנער? ער האָט געראָטן נאָך אַביסל צוצוואַרטן. סוף־כל־סוף האָט ער מסכים געווען צו רעדן מיט דעם תנאי, אַז אויב דער רעדנער קומט אָן, מעג ער אַפילו האַלטן אינמיטן אַ זאַץ, וועט ער אים תיכף אָפּטרעטן זיין פּלאַץ.

אַבקע איז אַרויפגעקראָכן אויף דער באַנק. ער איז געווען צו קליין צו רעדן שטייענדיק אויפן דיל; מע וואָלט אים קוים אַרויסגעזען צווישן די פאַרזאַמלטע יונגעלייט. ער האָט געהאַלטן אַ פייערדיקע רעדע. ער האָט געשילדערט די ייִדישע טרויעריקע לאַגע אין דער וועלט און דערהויפּט אין רוסלאַנד, דאָס הייסט, אין פּוילן. ער האָט געשפּילט, כלומרשט, די ראָלע פון אַ מיניאַטור נאָרדוי. דערנאָך האָט ער גערעדט וועגן דער נויטיקייט זיך צו פאַראייניקן און שאַפן אַ כוח, וואָס זאָל זיי קענען שטעלן קעגן די כוליגאַנעס אַזוי אַז דאָ אין שטאָט זאָל זיך ניט איבערחזרן די קישענאָווער טראַגעדיע. אַצינד אַז ער האָט דערשפּירט אַז ער האָט דעם עולם שוין געוווּנען, אים גוט צעוואַרעמט, האָט ער גערעדט וועגן דעם שטרעבן פון ייִדישן פאָלק צו גאולה — צום שאַפן אַ ייִדישע מדינה. ער האָט גערעדט קלאָרע דיבורים וועגן דער וויכטיקייט צו קריגן אַ לאַנד און גרינדן דאָרט אַ ייִדישן שטאַט. ער האָט אָבער ניט פאַרגעסן צו דערמאָנען די מצווה פון שיבת־ציון.

זיין רעדע האָט שטאַרק אויסגענומען. דער עולם איז געווען באַגייסטערט. און גלייך אויפן אָרט איז געגרינדעט געוואָרן אַ חברה אָדער אַן אגודה, וואָס האָט

באַדאַרפט אָפּהאַלטן אירע פאַרזאַמלונגען יעדן שבת נאָך מיטיק. די ווייטערדיקע אָנפירונג מיט דער געזעלשאַפט האָבן אַבקע און וועלפקע איבערגעגעבן צו שוואַרצן און צו מאַרגנשטערנען. זיי אַליין האָבן זיך געמוזט צוריקציִען.

ווען דער אָפּגעהאַלטענער פאַרזאַמלונג און אַבקעס דרשה האָט מען געַנומען רעדן אין שטאָט. עס איז דערגאַנגען צום דיין. דער דיין האָט גלייך איבערגעגעבן דעם רב אַז זיין זון האָט געהאַלטן אַ „מאָווע" (רעדע) פאַר אַ חברה פועלים.

אַבקעס פאָטער האָט אויף דער שטעל ניט רעאַגירט. כאָטש ער האָט באַגריפן, אַז די האַנדלונגען פון זיינע זין וועלן האָבן פאַר אים זייער אומאַנגענעמע קאָנ־סעקווענצן. אָבער זייענדיק אַליין אַ זייער באַגאַבטער רעדנער האָט ער הויך גע־שאַצט די רעדנער־קונסט. איז ווי אַזוי האָט ער געקענט אויסרעדן דעם ייִנגערן זון פאַר דעם, וואָס ער ווייזט זיך אַרויס ווי אַן איבערנעמער פון זיין אייגענעם טאַלאַנט, וואָס ער האָט אַזוי טייער געהאַלטן?!

דערצו איז ער אין האַרצן געווען אַ ציוניסט. אָבער אָפן האָט ער ניט גע־קענט צושטיין צום „מזרחי". די חסידים זענען געווען אש להבה אויפן ציוניזם. זיי האָבן אַפילו געטייטשט דעם פסוק „לא תתורו אחרי לבבכם" 1), איר זאָלט ניט נאָכפאָלגן הערצלען... ווען ער שטייט צו צום ציוניזם, וואָלט זיכער אויסגע־בראָכן אַ מחלוקת אין שטאָט. און צוליב שלום־וועגן האָט ער זיך צוריקגעהאַלטן. ער האָט ניט געענטפערט אויף הרב ריינעסעס צושריפטן, הגם עס האָט אים פאַרדראָסן, וואָס ער געפינט זיך אין אַזאַ לאַגע, וועלכע דערלויבט אים נישט אָנ־צושליסן זיך אין דער באַוועגונג, מיט וועלכער ער סימפּאַטיזירט. ער האָט זיך געפילט ווי אַן אנוס. ער איז געווען אַ גרויסער רעדנער און ער וואָלט געקענט זייער פיל אויפטאָן פאַרן ציוניזם־מזרחיזם און אויך פאַר דער אַנטוויקלונג פון זיינע אָראַטאָרישע כשרונות. וועלכע ער האָט ניט געהאַט קיין מעגלעכקייט אָנצו־ווענדן און אויסצופיינערן, ווייל ניט האָבנדיק קיין אידייע, קיין באַוועגונג פאַר וואָס צו אַגיטירן, וואָס צו פּראָפּאַגאַנדירן, האָט ער גערעדט פאַרן עולם בלויז צוויי מאָל אַ יאָר, און אַ טייל פון דרשה־צייט און אינהאַלט האָט ער, לויטן אַלטן טראַדי־ציאָנעלן מנהג, אָפּגעגעבן צו הלכה און פלפול, אַזוי, אַז זיינע רעדנערישע פעיִ־קייטן זענען געבליבן אומגעברויכט און פון אומגעברויך געכאַפּט זשאַווערן, ווי יעדער מעטאַלענער אינסטרומענט, וואָס ליגט אָן אַ שטאָך אַרבעט.

## 120

## שוואַרץ — לעשץ

אַבקע האָט באַאייַנפלוסט שמואלקען בנוגע העברעיִש רעדן. און גאָר אינגיכן איז געגרינדעט געוואָרן אַ קליינע גרופּע פון דוברי עברית. די פאַרזאַמלונגען האָט מען אָפּגעהאַלטן אין געהיים אין אַן אויבנשטיבל פון אַ הויז, וואָס האָט געהערט צו שוואַרצן, שמואלקעס פאָטער. ער איז געווען אַן אייגנטימער פון עט־לעכע הויפן הייזער.

1) במדבר, ט"ו, ל"ט.

ער האָט ניט פֿאַרדעכטיקט, אַז די גאַנצע טומאה, — זי איז געווען אַ טאָפּל־טע: אי ציוניזם און אי העברעיִזם, ציוניזם פֿון הערצלס שניט אָן קיין צומיש פֿון אחד־העמיזם, העברעיִזם אַ ריינער, אָן אַ צומיש פֿון רעליגיע און טראַדיציאָנאַליזם, נאַציאָנאַלע שפּראַך, ניט קיין „לשון־קודש" — געפֿינט זיך אין זיין הויז.

מע האָט אויך גענומען קלייבן קליינע סומעס געלט, כדי איינצוקויפֿן העברעיִשע ביכער, וואָס מע האָט געבראַכט פֿון וואַרשע, ס'רוב פֿון פֿאַרלאַג „תושיה". פֿאַר ביבליאָטעקאַר האָט מען באַשטימט שמואלקען. ער האָט געהאַט אַ ברויזנדיקן טעמפּעראַמענט, פֿאַרמאָגט אַן אומאויסשעפּלעכן קוואַל פֿון ענערגיע. ער איז געווען אַ בראַווער, אומדערשראָקענער קעמפֿער מיט אַ מאַרטירער־קאָמפּלעקס. געווען גרייט צו גיין אויף מסירת־נפֿש פֿאַר זיינע איבערצייגונגען.

צו אָט־דער געהיימער ציוניסטיש־העברעיִשער געזעלשאַפֿט האָבן געהערט די צוויי יונגע מאָרגנשטערנס, נחמיה און נחקע. זיי זענען געווען די ייִנגסטע מיטגלידער פֿון דער אגודה, וואָס איז באַשטאַנען אויסשליסלעך פֿון יוגנטלעכע, און אויך אַ בית־מדרש־לערנער, אַ בחור'ל מיטן נאָמען לעשק. ער איז געווען אַ זון פֿון אַן אַלעקסאַנדראָווער חסיד. דער פֿאָטער זיינער האָט געהאַט די גרעסטע אייזנקראָם אין שטאָט, געטאָן גוטע געשעפֿטן, געווען פֿאַרמעגלעך, אָנגעזען אין אַלעקסאַנדראָווער שטיבל, אַ גרויסער תקיף און אַ גאַנצער זעלבסטהערשער ביי זיך אין הויז בנוגע ווייב און קינדער.

לעשק און שוואַרץ זענען ביידע געווען אין די זעלביקע יאָרן, אָבער אינגאַנצן פֿאַרשיידן אין זייערע כאַראַקטערן. שוואַרץ איז געווען פֿון דער נאַטור אַ „קרייץ־ציגלער". ער האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט פֿאַר קיין מניעה. אַן אַסקעט, תמיד אַן אָנגעשרויפֿטער, אַ געשפּאַנטער, אַן עקספּלאָסיווער, אַ ווולקאַנישער. ווי אַ מלאך, וואָס איז פּעיִק אויסצופֿירן בלויז איין שליחות, אַזוי איז ער געווען: אַ מענטש פֿון איין לאָיאַליטעט, אַ דינער פֿון איין האַר, פֿון איין אידייע. אַזוי און באין־אופֿן ניט אַנדערש. אַ כּפֿול־שמונהדיקער מאָניסט. ער האָט ניט געוווּסט פֿון קיין ספֿקות, פֿון קיין אָפּנייגונגען. אַלץ איז געווען באַשטימט, באַטראַכט, באַשלאָסן און לויט דעם באַשלוס — געהאַנדלט.

לעשק איז געווען אַ צאַרטפֿילנדיק בחור'ל, מער ווי אַ האַר סענטימענטאַל. אַ גוטער חבר, אַן איבערצייגטער העברעיִסט. ער איז געווען אַ קלוגער, אַן אָפּנהאַר־ציקער און מיט אַן אָפֿענער האַנט. ער האָט תמיד געהאַט ביי זיך געלט און עס גערן אַוועקגעגעבן. ער איז געווען דער בעסטער ביישטייערער פֿאַר דער ביבליאָטעק.

עס האָט זיך גענומען אַנטוויקלען אַ מין „קולטור־קאַמף" אויף אַ גאָר קליינעם מאַסשטאַב. מע האָט זיך דערוווּסט וועגן דער אגודה. מע האָט גערעדט וועגן דעם אין די חסידישע שטיבלעך. מע האָט גענומען די חברים נאָכשפּיאָנירן. מע האָט געמוזט אָפֿט בייטן די אויבנשטיבלעך פֿאַר די פֿאַרזאַמלונגען, אויך פֿאַר דער „ביבליאָטעק".

לעשק האָט אויפֿגעהערט צו קומען צו די פֿאַרזאַמלונגען. נאָך עטלעכע חברים זענען אַרויסגעפֿאַלן. אַ האַלב יאָר אַוועק און לעשק האָט זיך ניט באַוויזן. אַבקע האָט זיך אַלץ געקליבן גיין אויסגעפֿינען, וואָס איז דער מער מיט זיין חבר, פֿאַר־וואָס ווייזט ער זיך ניט, אויב ניט אויף די פֿאַרזאַמלונגען איז אַמווייניקסטן מיט

אַ באַזוך פּריוואַט צו אים. איינמאָל האָט זיך טאַקע לעשץ אַרויסגעגנבעט פון הויז און איז געקומען זען אַבקען. עס איז שוין געווען נאָך מעריב־צייט און זיי זענען ביידע אַוועק אויף אַ שפּאַציר אין אַ פינצטערן גוישקען געסל, ווו זיי זענען געווען זיכערער ניט נאָכגעשפּירט צו ווערן.

לעשץ האָט זיך פאַר אַבקען ווי מתוודה געווען.

ער האָט זיינע איבערצייגונגען ניט געביטן, ער קען אָבער מער צו דער קאָנספּיראַטיווער געזעלשאַפט ניט געהערן. אַפילו קומען זען אַבקען פּריוואַט קען ער אויך נישט. זיין טאַטע איז אַ שטרענגער און ער איז געוווינט מע זאָל אים פאָלגן. זיינס אַ וואָרט אין שטוב איז געזעץ. און דער טאַטע זיינער האָט אים אָנגעזאָגט מיטן האַרבן וואָרט, ער זאָל ניט וואַגן זיך חברן מיט דעם רבס בנים און באַזוכן זייערע טריפהנע פאַרזאַמלונגען. אויב ער וועט עס טאָן, וועט ער אים צעברעכן האַלדז און נאַקן און אים אַרויסוואַרפן אויף צוויי שפּענדלעך פון שטוב. ער וועט פון אים מער ניט וועלן וויסן. ער וועט מער ניט זיין זיין זון. וועט ער אָבער תשובה טאָן, געבן אַ תקיעת־כף, אַז מהיום והלאה וועט ער מיט די אפּיקורסים, מיט דעם רבס בנים, מער ניט האָבן צו טאָן און וועט זיך נעמען אויפפירן ווי געהעריק, ווי עס פּאַסט פאַר אַ נגידיש־חסידישן בחור, וועט ער קריגן פאַר אים אַ שיינע, אַ קלוגע און געבילדעטע כלה מיט אַ פיינעם נדן, אַ טאָכטער פון אַן אַלעקסאַנדראָווער חסיד, וואָס וווינט אין ראַדאָם, און מיט וועמען ער טוט געשעפטן. דער שווער וועט אים קויפן אַ גאָלדענעם זייגער און זיין פאָטער מיטן שווער וועלן אים אַריינשטעלן אין אַ געשעפט פאַר זיך. דאָס איז געווען ניט גלאַט גערעדט. ביי זיין פאָטער גערעדט מיינט געטאָן. דער שידוך איז געשלאָסן געוואָרן אין אַלעקסאַנדראָווער רבינס הויז, ווען די ביידע מחותנים זענען געווען דאָרט אויף יום־טוב.

לעשץ האָט באַוויזן זיין גאָלדענעם זייגער מיט דער שווערער גאָלדענער קייט.

לכן, איז די זאַך אַזוי: ער האָט געמוזט צוזאָגן דעם פאָטער, אַז ער וועט זיך אויפפירן לייטיש. זיך איינרייסן מיטן פאָטער האָט ער ניט געקענט. ער האָט דערצו ניט געהאַט קיין כוח. ווייטער לוינט עס אים גאָרנישט. ער וועט דאָך גאָר אינגיכן ווערן אַ פרייער מענטש, אַרויס פון רשות פון זיין פאַנאַטישן פאָטער. די כלה איז אַן אויפגעקלערטע, קען פויליש, קען פראַנצויזיש, איז אַן אָנגעלייענטע. און נאָך דער חתונה וועט ער זיך מער ניט דאַרפן אויסבאַהאַלטן, ער וועט זיך אויפפירן לויט זיינע איבערצייגונגען, זיין ווייבל וועט אים זיכער ניט שטערן. האָט ער אויסגעקליבן דעם וועג פון נאָכגעבן דעם טאַטן. ווען ער טוט עס ניט, וואָלט ער געקענט דערוואַרטן שווערע פאַרפאָלגונגען, צרות צרורות. און וואָס וואָלט ער געקענט געווינען? וואָס וואָלט ער אויסגעפירט, ווען ער שטעלט זיך קעגן טאַטן און אַנטלויפט פון הויז? ווו וואָלט ער אַהינגעקומען? וווהין און צו וועמען וואָלט ער זיך געוואָנדן?

אַבקע איז אויסער זיך. שוואַרצן האָט ער רעספּעקטירט פאַר זיין שטאַרקן ווילן, גרייטקייט צו ליידן, קאָמפּסלוסטיקייט, אָבער לעשצן האָט ער ממש ליב געהאַט. ער האָט אים געהאַלטן פאַר אַ טייערן, קלוגן, געשטעלטן חבר. און פּלוצלונג — פאַרלירט ער אים גאָר. ער וועט פּרובירן אים ראַטעווען, ניט אַוועקגעבן אַזאַ געווינס פאַר דער באַוועגונג.

אַבקע הייבט אָן מיט אים איינטענהן:

— ווי קענסטו ביי זיך פועלן אַוועקצוגיין פון דער באַוועגונג, פאַרלאָזן דיינע חברים, ניט נאָכקומען דיינע פליכטן צו דיין פאָלק, צו זיך אַליין, און נאָכגעבן די ווילדע פאַנאַטיקערס, די פינצטערלינגס?

— וואָס זאָל איך טאָן? וואָס וועט פון מיר ווערן, אויב איך זאָג זיך אָפּ צו ווערן אַ געשעפטסמאַן, פראָסט אַ קרעמער? אַ מענטש דאַרף זיך דאָך צו עפּעס דערשלאָגן.

— און וואָס וועט פון מיר ווערן, פון שוואַרצן ווערן, פון אונדז אַלעמען ווערן? — פרעגט אַבקע אַן אויפגעצאָרנטער.

— דו, אַבקע, ביסט אַן אַנדער זאַך. וועסט ווערן אַ געבילדעטער מאַן, אַ דאָקטער אָדער אַ לערער, אָדער אַ שרייבער, דו האָסט אַ טייערן קאָפּ אויף זיך. אָבער איך וועל דאָך בלייבן ניט אַהער און ניט אַהין, אַ „קרח מכאן וקרח מכאן", ניט צו גאָט און ניט צו לייטן. איך וועל זיך צו קיין זאַך ניט צושלאָגן. איך האָב ניט דיין ווילער צום לערנען און אויך ניט דיין שאַרפע תפיסה.

— און וואָס איז מכוח שמואלקען? איז ער דען אין אַ בעסערער לאַגע פון דיר? מיר זענען דאָך זעלנער אין אַן אַרמיי. מיר קעמפן פאַר דער באַפרייאונג פון ייִדישן פאָלק, הן פון די קייטן פון גלות און הן פון די קייטן פון פינצטערן פאַנאַטיזם.

— שמואלקע איז אַן אַנדער סאָרט מענטש און זיינע אומשטענדן זענען אַנ־דערע. איך קען זיך צו אים ניט גלייכן. ער איז פאַרהאַרטעוועט. ער האָט גע־פּאַטראָנעוועט אין סלאָבאָדקע, געוואַלגערט זיך אין דער פרעמד, געגעסן טעג. ער איז געוווינט צו הונגערן. איך בין אַ „מאַמעס קינד", קיינמאָל פון הויז ניט אַוועק. איך בין ניט קיין קעמפער. וועל איך אונטערצבויעיאַקעוועטן נאָך אַ פּאָר חדשים, נאָך אַ האַלבן יאָר — און וועל ווערן פריי.

אַבקע האָט איינגעזען, אַז מיט זיינע דייד וועט ער גאָרניט אויפטאָן, בלויז מצער זיין זיין חבר, אָבער ניט באַוועגן צו בייטן זיין קורס פון האַנדלונג. ער האָט באַגריפן, אַז פון חסידישן זומפּ וועט שוין לעשק ניט אַרויסקריכן... אַז מע גיט דעם טייוול אַ פינגער, כאַפּט ער אַריין די גאַנצע האַנט... כך אומנתו של יצר הרע 1)... אַזוי פירט זיך דער יצר־הרע. ער הייבט אָן איינצורעדן דעם מענטשן אין קלייניקייט און דערנאָך דערפירט ער אים ביסלעכוויז ביז צו עבודה־זרה דינען, און דער מענטש, וואָס האָט אָנגעהויבן אים פאָלגן, פאָלגט ביזן ענד, אַז מע שטעלט זיך ניט אָפּ ביים אלף זאָגן, זאָגט מען שוין דעם גאַנצן אלף־בית ביזן תיו.

אַבקען האָט די דאָזיקע אָפּטריניקייט שטאַרק געערגערט. ער האָט געקוקט אויף זיין חבר ווי אויף אַ דעזערטיר. ער האָט אים פאַרדאַמט. ער איז געווען געקנאָטן פון אַ ווייכן טייג. ער איז אָנגעלאָקט געוואָרן מיט הבטחות פון עולם־הזה. דערצו איז ער, האָט אַבקע געטראַכט, איינער פון די, וואָס מ'האָט אַמאָל באַפרייט פון גיין אין מלחמה... ער טויג ניט פאַר קיין סאָלדאַט... ער איז אַ מרא ורך הלבב 2). אָבער צו דער אייגענער צייט האָט ער ניט געקענט ניט

1) נדה, י"ג; שבת, ק"ה.
2) דברים, כ', ח'.

צוגעבן אַז לעשץ, פון אַ פּערזענלעך־פּראַקטישן שטאַנדפּונקט, איז געווען גע־רעכט. דער וועג, אויף וועלכן ער רופט אים צו גיין איז פול מיט גריבער, מיט דערנער, מיט שטרויכלונג־שטיינער.

ער האָט זיך געשיידט מיט זיין חבר מיט גרויס עגמת־נפש. ער האָט אים כמעט ווי באַווינט, ווי ער וואָלט געווען געשטאָרבן. פאַר אים איז ער געווען טויט. די איבעריקע חברים פון דער אגודה האָבן זיך געפילט שטאַרק גע־טראָפן פון דער מעשה לעשץ, אָבער זיין אַוועקגיין האָט זיי ניט אָפהענטיק גע־מאַכט, פאַרקערט, האָט געשטאַרקט זייער קאַמפמוט, געפעסטיקט זייער ווילן. זיי האָבן ענגער געשלאָסן זייערע רייען. אַ הייפעלע יונגע בחורים, וואָס זענען געווען לחלוטין אָפּהענגיק פון זייערע פאַנאַטישע עלטערן, האָבן אין געהיים, מיט מסירת־נפש, געפירט אַ קאַמף קעגן אַ ווילדן אָבסקוראַנטיזם, ווי מיט אַ הונדערט יאָר צוריק פאַר זיי האָבן עס געטון די פּיאָנערן־משכילים. דאָ אין שטעטל, אין דערדאָזיקער אומגעבונג זענען זיי געווען פּיאָנערן־קעמפער.

אַבקע און וועלפקע האָבן אויך קיין האָניק ניט געלעקט. אין שטאָט האָבן זיך געצומען פאַרשפּרייטן קלאַנגען וועגן די טועכצן פון דעם רבס זין, אַז זיי פירן אַראָפּ פון דרך־הישר די ישיבה־ און בית־מדרש־בחורים, און דערצו פאַר־דרייען זיי די קעפּ די שניידער־ און שוסטער־יונגען. ווער ווייסט, צו וואָס דאָס קען פירן! קיין גוטס וועט פון דעם זיכער ניט אַרויסקומען. אין די חסידישע שטיבלעך האָט מען געצומען מורמלען, אַז דעם רבס קינדער רעדן עפּעס אַ מאָדנעם לשון... זיי פאַרשוועכן לשון־קודש, זיי געברויכן הייליקע ווערטער צו רעדן מיט זיי דברי חול... וואָס איז אַ גרויסע זינד.

איינמאָל, ווען אַבקע און וועלפקע זענען געקומען שפּעטלעך אין אָוונט פון אַ געהיימער פאַרזאַמלונג, האָבן זיי געפונען די טיר פון הויז פאַרשלאָסן. די טיר האָט מען קיינמאָל ניט פאַרשלאָסן איידער אַלע האָבן זיך געלייגט שלאָפן. זיי זענען געבליבן שטיין אין דרויסן דערשטוינטע און טיף־באַליידיקטע. אַזאַ האַנד־לונג מצד זייער פאָטער און מוטער האָבן זיי זיך גאָר קיינמאָל ניט געקענט פאַרשטעלן. דאָס מיינט דאָך פּראָסט און פּשוט, אַז מע יאָגט זיי אַרויס פון הויז. וואָס זאָלן זיי טאָן? זיי האָבן געצומען באַטראַכטן פאַרשיידענע פּלענער. זיי זענען ניט לעשץ, זיי וועלן ניט איינגיין אויף קיין פּשרות. זיי וועלן ניט נאָכגעבן, ווען זיי וואָלטן אַפילו געדאַרפט אַוועק פון הויז, ווי זיי שטייען און גייען, אָן אַ גראָשן אין קעשענע. אָבער איידער וואָס ווען, איידער זיי האָבן געהאַט צייט צו קומען צו וועלכן עס איז באַשלוס און פּלאַן פון האַנדלונג, האָט זיך די טיר געעפנט און די יינגסטע שוועסטער איז אַרויס און זיי געזאָגט, אַז די מוטער האָט זי געשיקט בעטן זיי אַריינקומען. זיי האָבן זיך, פאַרשטייט זיך, ניט געלאָזט לאַנג בעטן.

## 120

# מאיר טייטל, דער „פליגנדאָקטער“

דער אַלטער טייטל איז געווען אַ באַלעבאַטישער ייִד. געהאַנדלט מיט רייז, וואָס ער האָט אימפּאָרטירט פון ווייט. געווען אַ פרומער ייִד, אַ בעל־קורא אין אַלטן בית־מדרש. ער האָט אָבער גענומען באַגרייפן, אַז דער ייִדישער האַנדל־וואַנדל אין פּוילן, אויב ניט אין גאַנץ רוסלאַנד איז אויסגעשפּילט, ער וועט זיך אַרויסגליטשן פון ייִדישע הענט. האָט ער געוואָגט און באַשלאָסן, ניט קוקנדיק אויף די פאָראורטיילן קעגן מלאכה און בעלי־מלאכות, וואָס האָבן געהערשט אין דער סביבה, צו מאַכן זיינע זין פאַר בעלי־מלאכות. אָבער אַ מלאכה וועט ער אויסקלייבן אַ ריינע, אַ געהויבענע. האָט ער אַפּגעשיקט זיין עלטערן זון, שפּעטער־צו אויך דעם ייִנגערן, קיין וואַרשע, דאָרטן אים אָפּגעגעבן צו אַ גוטן בעל־מלאכה, אַ זייגערמייסטער. ער האָט באַצאָלט פאַר דער לערע פינפאונצוואַנציק רובל, וואָס איז דעמאָלט געווען אַ היפּשע סומע (געוויינטלעך האָט מען די לערנ־ייִנגלעך געלערנט אומזיסט און זיי האָבן פאַר דער לערע אָפּגעאַרבעט אָדער אָפּגעמשרתט). ער האָט אויך באַצאָלט פאַר זייער קאָסט. ער האָט געוואָלט, זיין זון זאָל זיך דערשלאָגן צו אַ תכלית. אַלע זיינע באַקאַנטע און פריינט אין שטאָט האָבן געקוקט קרום אויף זיין האַנדלונג. ווי אַזוי נעמט עס אַ טאַטע, — האָבן זיי זיך געקלאָגט, — און מאַכט אַ תל פון זיין זון און האָט גאָרנישט קיין איינזעעניש?!

ער איז אָבער געווען אַ מענטש מיט כאַראַקטער און וויזיע, האָט געהאַט דעם מוט אויסצופירן זיינס און האַנדלען לויט זיינע איבערצייגונגען. ער האָט זיך מיט קיינעם פון די „פּראַטעסטאַנטן“ נישט גערעכנט, און דעם ביסן „בזיון“ האָט ער אַראָפּגעשלונגען און האָט אַפילו קיין שלוקערץ נישט געטאָן.

דער ייִנגערער ברודער, יאָסל, האָט דערווייל געלערנט אין דער ישיבה. נאָר ווייבאַלד ער האָט זיך דערוווסט, אַז זיין ברודער לערנט זיך פאַר אַ זייגערמאַכער, האָט ער זיך באַצייטנס גענומען צו דער דאָזיקער מלאכה. ער האָט פאַנאַנדערגענומען זייגערלעך און דערנאָך זיי צוזאַמענגעשטעלט. אַבקע, וואָס איז געווען זיינער אי אַ שכן־חבר און אי אַ ישיבה־חבר, האָט זיך פאַרקוקט אויף יאָסלען און אים נאָכגעטאָן. דערפאָלג אין זיין אַרבעט האָט ער געהאַט בלויז אויף אַ העלפט, ד״ה ער האָט זיך אויסגעלערנט פאַנאַנדערצונעמען אַ קעשענע־זייגער. ער האָט געמייסטרעוועט, עקספּערימענטירט, געלערנט זיך די מלאכה אויף דעם טאַטנס גרויסן, מאַסיוון דרשה־געשאַנק־זייגער, אויף דער מאַמעס קליין זייגערל. ער האָט זיי אַלע צענומען, צעגלידערט, ריכטיקער „צערעדלט“, אָבער אַז עס איז געקומען צום צוזאַמענשטעלן האָט זיך פון אים זיין זייגערמאַכערישער רוח־הקודש אָפּגעטאָן. ער האָט ניט געוווסט, ווי זיי צו ברענגען אין דער געהעריקער אָרדענונג. הפּנים, אַז ס'איז אים באַשערט געווען צו זיין אַ צעשטערער. און דער גייסט פון צעשטערונג איז נישט געווען דער גייסט פון אויפבויונג, זיין סתירה איז ניט געוואָרן קיין בנין 1).

---

1) מגילה, ל״א.

דעם עלטערן ברודער, מאיר, האָט קיינער ביים נאָמען ניט גערופן. זיין צונעמעניש האָט פאַרשטויסן זיין ברית־נאָמען און זיין פאַמיליע־נאָמען. מע האָט אים גערופן דער „פליגנדאָקטער". וואָס איז דער פשט פון דעם? גאָר איינפאַך: ער האָט זיך געקליידט ווי אַ דייטש און דערצו מעשה פראַנט. האָט דאָך עס אין אָסטראָוו געמיינט ווי אַ דאָקטער. אָבער קיין דאָקטער, קיין מעדיקער, איז ער דאָך ניט געווען, ער האָט קיין חולאים ניט געהיילט. אָבער לויט זיינע מלבושים איז ער פאָרט געווען א דאָקטער, לכן, אויב ער איז ניט קיין מענטשן־דאָקטער, האָט דער עולם־ליצנים אָפּגעמאַכט ביי זיך, אַז ער איז אַ „פליגנדאָקטער". און אַזוי און ניט אַנדערש האָט מען אים גערופן הינטער די אויגן.

אַזוי ווי ער איז געווען אַ זייגערמאַכער, האָט ער גענומען האַנדלען צוביסלעכווייז מיט צירונג. און ער האָט געעפנט זיין קרעמל, ד׳ על ד׳, אַ טיר לעבן דראַזדאָווסקיס שניטקראָם אין מאַרק.

דראַזדאָווסקי איז געווען אַ פרומער ייִד, אַ שיינער באַלעבאָס, אַ מתנגד. אָבער אין זיין אָנטועכץ האָט ער זיך ניט אונטערשיידט פון די חסידים. ער האָט געטראָגן אַ היפּשע באָרד, ניט קיין געשאָרענע, פּיאות מיטלמעסיקע, ניט לאַנג און ניט קורץ. דאָס ערשטע ווייב איז ביי אים געשטאָרבן מיט יאָרן צוריק, האָט ער גענומען אַ צווייטע, אַ יונג ווייב. זי האָט אים אָנגעקינדלט אַ פּאָר ייִנגלעך און אַ מיידעלע. פונעם ערשטן ווייב האָט דראַזדאָווסקי געהאַט אַ זון אין זעלביקן עלטער פון וועלפקען און אַ טאָכטער אין איין עלטער מיט אַבקעס עלטערער שוועסטער, בלומע. אַגב זענען די צוויי, בלומע און יענטע דראַזדאָווסקי, געווען זייער גוטע חברטעס. יענטע איז געווען אַ שיינע, אָבער אַ קליינגעוויקסיקע.

אַבקע, און אויך וועלפקע אַמאָל, איז געווען אַן אָפטער באַזוכער ביי מאיר טייטל אין זייגערקראָם. נאָך וואָס איז ער געקומען? נאָך אַ ביישטייערונג פאַר דער ביבליאָטעק, פאַר אַ שקל. ער פלעגט אים פאַרקויפן מאַרקעס פון נאַציאָנאַל־פאָנד. ער האָט אַבקען קיינמאָל נישט אָפּגעזאָגט. ער האָט זיך אַלעמאָל אַרויסגעשטעלט זייער פיין. ער האָט געוווּסט, אַז פון זיינע ביישטייערונגען וועט אַבקע קיין סוד ניט מאַכן. ער וועט עס צעלייגן אויף טעלערלעך און צעטראָגן און עס וועט דערגיין דורך אַבקעס עלטערער שוועסטער צו יענטען, איר חברטאָרן.

מאיר טייטל איז געווען פאַרליבט אין יענטען. ער איז אויסגעגאַנגען נאָך איר. זי איז אָפט געקומען צו בלומען. איינמאָל האָט זי זיך אַריינגעשטעלט און אונטערן אָרעם האָט זי געהאַלטן פּיסאַרעווס (1840—68) ווערק אין איין באַנד. זי האָט עס געקראָגן ווי אַ מתנה פון איר רוסישן לערער, וואָס אויך ער איז געווען אין איר פאַרליבט. דער לערער איז אָבער געווען אַ בעל־מום. זיין רעכטער פוס איז געווען אי אַ קירצערער פונעם לינקן און אי אויסגעדרייט אויפאינעווייניקצו. אַזוי אַז זיין קאַנדידאַטור האָט געהאַט ווייניק שאַנסן. אויסער דעם וואָלט איר פאָטער אַפילו אין געדאַנק ניט געקענט צולאָזן, אַז זיין איידעם זאָל זיין אַ „גוי", ווען אַפילו בלויז אַ ייִדישער גוי. אָבער ביי מאיר טייטלען, וואָס האָט געוווּסט פון קאָנקורענט, האָט געציטערט דער פּופּיק און איינס פון די מיטלען צו געווינען איר האַרץ איז געווען זיין פרייגיביקייט, וואָס ער האָט אַרויסגעוויזן. ער האָט זיך געוואָלט שאַפן אַ גוטן נאָמען און געווינען סימפּאַטיע אין רבנישן הויז צווישן די ברידער און שוועסטער און דאָס וועט ווירקן אויף יענטען.

אַבקע האָט עס גוט פאַרשטאַנען, אָבער אים האָט עס נישט שטאַרק געאַרט, זאָל עס געבן שלא לשמה, אַבי ער גיט. פאַר זיינע בייטראָגן האָט מען איינגעהאַנדלט אַ היפשע צאָל ביכער.

זיין קראָם האָט מאיר טייטל בכיוון געעפנט לעבן דראַזדאָווסקיס שניטקראָם. אגב האָט ער עס טאַקע געדונגען פון דראַזדאָווסקין, וואָס איז געווען דער אייגנטימער פון הויז. ער האָט זיך געוואָלט געפינען נאָענט לעבן זיין געליבטער. צווישן די צוויי איז געלעגן, ווי עס האָט זיך לכתחילה געקענט אויסווייזן, אַ תהום ניט אַריבערצושפרייזן. דער פיר און מצב פון אַ בעל־מלאכה, פון וועמען, ווי אַ צוגאָב, אַלע מאַכן חוזק, איז זיכער ניט אָנגעשטאַנען דעם חשובן באַלעבאָס דראַזדאָווסקי. זיין טאָכטער איז אויך געווען ביי זיך פאַרריסן, אַ באַלעבאַטישע טאָכטער. איר טאַטע איז געשטאַנען אין מזרח־וואַנט, געווען איינער פון די „פני“. זי האָט זיך געהאַלטן אין דער מעלה. זי איז שיין און געבילדעט, ד״ה, געלייענט ראָמאַנען אין רוסיש, צי יאָ פאַרשטאַנען, וואָס זי לייענט, צי ניט פאַרשטאַנען, אָבער עפּעס אויפגעכאַפּט. בעת דער זייגערמאַכער איז געווען אַ פּראָסטער חי־וקים, אַ „בעל־מלאכה“, זיין טאַטע איז טאַקע געווען אַ באַלעבאַטישער ייִד, אָבער ער האָט דאָך פאַרשוואַרצט דאָס פּנים דער גאַנצער פאַמיליע זיינער...

אָבער אַז איינער עקשנט זיך איין, האָט ער כמעט אַלע שאַנסן, אַז ער וועט זיינס דערגרייכן. קיין כוח קען ניט ביישטיין קעגן דעם, וואָס האָט ענערגיע, ווילנסקראַפט און אויסדויער און אַ באַשטימטן פּונקט, וווהין ער צילעוועט.

דראַזדאָווסקיס געשעפטן האָבן גענומען גיין בהדרגה באַרגאַראָפּ. דעם יונגן טייטלס — באַרגאַרויף. זיין צירונג־קראָם איז געווען די איינציקע, וואָס האָט זיך געפונען אין סאַמע מיטן פון מאַרק. אָפיצערן פון קאמראוו האָבן גענומען קויפן ביי אים רינגלעך, אוירינגלעך, בראָשעס, קאָליעס און אַנדערע שמוק פאַר זייערע געליבטע אָדער ווייבער.

דער אַלטער דראַזדאָווסקי פלעגט זיך אַמאָל האַלב־שעמעוודיק אַריינכאַפּן אויף איין פוס אין קראָם צום זייגערמאַכער און כאַפּן ביי אים כלאחר־יד, ווי ניט צוליב דעם איז ער אַריין, אַ גמילות־חסד אויף אַ טאָג אָדער צוויי. דער יונגער זייגערמאַכער האָט עס געהאַלטן פאַר אַ כבוד און אַ זכיה און ער האָט אים גערן, מיט רעספּעקט און גדולה, ווי יענער וואָלט אים געטאָן אַ טובה, אונטערגעטראָגן אַ הונדערטער, אַ צוויי הונדערטערס, ניט פרעגנדיק, ווען ער וועט אים צוריקקערן די הלוואה. מיט דער צייט האָט זיך אָנגעקליבן אַ היפּשער חוב. וואָרעם ווען דראַזדאָווסקי איז געקומען אָפּצוצאָלן, האָט טייטל ניט געוואָלט נעמען: ער האָט צייט, מע איז דאָך שכנים. ער וועט עס אים אָפּגעבן אַן אַנדערש מאָל. ווען ער וועט דאַרפן פאָרן איינקויפן סחורה אין וואַרשע. לעת־עתה דאַרף ער ניט קיין געלט. און דראַזדאָווסקי איז אַ בעל־בטוח און אַז עס ליגט ביי אים איז אַזוי גוט ווי עס וואָלט ליגן אין קעשענע ביי טייטלען גופא.

וואָס גרעסער דער חוב איז געוואַקסן, אַלץ חשובער און זיכערער ביי זיך איז דער מלווה געוואָרן, און אַלץ נכנעדיקער, נאָכגעביקער איז דער בעל־חוב, דער לווה, געוואָרן. אַזוי אַז מיט דער צייט האָט זיך דער פאַרהאָסטער בשפל־המדרגהדיקער בעל־מלאכה, דער „פליגנדאָקטער“, פון וועמען אַלע מאַכן חוזק, זיך גענומען שטעלן אויף איין ברעטל מיטן גאָר פיינעם באַלעבאָס, דעם שניט־

קרעמער; און די האָפענונג צו קריגן יענטעס איז ביי אים אַלץ שטאַרקער געוואָרן: צייט און דערפאָלג אין געשעפט אַרבעטן פאַר אים.

אין זייער „אגודה" זענען ניט געווען קיין פאַרדינערס. אַלץ, וואָס די מיטגלידערס האָבן געקענט ביישטייערן, איז געווען געציילטע קאָפּיקעס, קעשענעגעלט, וואָס זיי האָבן געקראָגן פון זייערע עלטערן. און זיירע עלטערן האָבן זיך ניט איבערגעגעבן. דערהויפּט נאָך, אַז זיי האָבן חושד געווען, אַז דאָס געלט גייט אויף זינדיקע צוועקן ווי ציוניזם און קויפן העברעיִשע טריפה־פּסולס, וואָס מען טאָר אין אַ ייִדישער שטוב ניט אַריינלאָזן. אָבער אַפילו אָן דעם חשש און חשד וואָלטן זיי קיין סך ניט באַקומען צוליב דעם פּשוטן טעם, וואָס „בדליכא שאני". דלות איז נאָך אַלץ דער בעסטער שומר פון בייטל. און אָט דער שומר האָט געטאָן זיין אַרבעט בשלימות.

אַבקע איז אָפּט געקומען מיט אַ באַזוך צום זייגערמאַכער, אָבער אַלע מאָל „געשעפטלעך": פאַרקויפן אים נאַציאָנאַלפאָנד־מאַרקעס, אַ שקל, אַן אַקציע פון נאַציאָנאַלבאַנק, אָדער בעטן אַ ביישטייערונג פאַר דער „ביבליאָטעק". לשם זה האָט ער קולטיווירט אָט־די „פריינטשאַפט", וואָס איז געווען דורך און דורך אוטיליטאַריש. ער האָט אים באַטראַכט ניט ווי קיין בעל־מלאכה, וואָס דאָס וואָלט ביי אים שוין גאָר ניט געווען קיין נחות־דרגא־מצב, נאָר טאַקע ווי אַ קרעמער, ניט בלויז לשם חיונה, אויס נויט, נאָר לשמה. אָבער אַבקע האָט זיך געחברט מיט אים, ווייל ער איז געווען דער איינציקער „מעצענאַט" פון זייער נעבעכדיקער ביבליאָטעק, וואָס שונאים און פאַרפאָלגערס האָט זי געהאַט אַ סך און שטיצערס גאָר ווייניק... און די שטיצערס האָבן געהאַט אַ גוטן ווילן, אָבער גאָר אַ שלעכטע, אָרימע, ריכטיקער, ליידיקע קעשענע.

## 121

## פ אַ ר ש י כ ו ר ן...

אַבקע האָט געהאַט אַ צווייטן מעצענאַט.

ער איז געווען אַ ייִד פון בריסק, ניט לאַנג אַריבערגעקומען קיין אָסטראָוו. ער האָט געעפנט אַ פאַפּיראָסן־פאַבריק. עס איז אים געגאַנגען גאַנץ נישקשהדיק.

אויף יום־טוב האָט ער געשיקט דעם רב, אַבקעס פאָטער, כיבוד אַ פלאַש גוטן ווין און אַ דרייערל און געקומען יום־טוב ביטן אַמאָל אַליין, ס׳רוב מיטן עלטערן זון, וואָס איז געווען ניט פאַרהייראַט און געווען מיט זיין פאָטער אין געשעפט.

אַבקע האָט אים געקענט. ער איז געווען אַ שטילער בנעימותדיקער ייִד. געהאַט עטלעכע זין; נאָר עפּעס ניט קיין געראָטענע, אַלע, אויסער דעם בכור, בעלי־מום: איינער טויב, דער אַנדערער בלינד. אַזוי, אַז קיין נחת פון קינדער האָט ער נישט געהאַט.

אַבקע האָט אים ניט צו אָפט באַזוכט. ער האָט אַבקען שטענדיק אויפגענומען זייער העפלעך, אים געגעבן זיין ביישטייערונג מיט אַן אָפענער האַנט און זי אונטערגעטראָגן מיט אַ פריינטלעכן שמייכל אויף די ליפּן.

איינמאָל, נאָכדעם ווי ער האָט געגעבן זיין בייטראָג מיט אַ באַזונדער גרייט־קייט, ווי עס האָט געשיינט, רופט זיך אָן דער בריסקער שטילער ייִד צו אַבקען רעדנדיק ווי אַ מסיח־לפי־תומו, און ער האָט געגלויבט, יעדעס וואָרט, וואָס ער האָט אַרויסגעבראַכט:

— וואָס מיינט איר טוען הערצל מיט דער חבריא מיטן געלט פון די שקלים און מאַרקעס און אַקציעס? זיי פאַרשיכורן עס און פאַרהורן עס.

אַבקע איז געבליבן זיצן אַ דערשטויגטער. עס האָט אים געערגערט ביז צו ווייטיקן.

ס׳טייטש, אַזאַ ווילער ייִד, אַ פריגיביקער און ניט קיין פאַנאַטיקער, זאָל גלייבן אין אַזאַ שענדלעכן בילבול, וואָס ווילדע שונאים האָבן אויסגעטראַכט אויף דער ציוניסטישער באַוועגונג מיטן פירער בראש, אַז די גאַנצע אָרגאַניזאַציע באַשטייט פון אַ חברה שווינדלערס, אויסוווּרפן, שיכורים און נואפים!

ווען אַבקע איז געקומען צו זיך, האָט ער געגומען אויסזעצן, אָפּוואַרפן די באַשולדיקונג.

אָבער דער בריסקער ייִד לאָזט אים נישט רעדן, האַקט אים איבער:

— איך ווייס עס פאַר געוויס. איך האָב אַליין געזען, וואָס מען טוט מיטן געקליבענעם געלט.

מער האָט אַבקע ביי אים קיין ביישטייערונג פאַר ציוניסטישע צוועקן ניט געבעטן. ער וואָלט אים אָפּגעגעבן דעם בייטראַג, וואָס ער האָט איצט געגומען, אָבער ער האָט דעם „ווילן" ייִדן ניט געוואָלט באַליידיקן.

אַבקע איז געווען אויסער זיך: ווי גלויבט עס אַן אָרנטלעכער ייִד אין אַזעלכע רכילותן און באַשמוצערייען פון דער גרויסער נאַציאָנאַלער באַוועגונג. ווי גלויבט ער עס אויף הערצלען, וואָס איז געווען אַן אידעאַליסט פון ריינסטן וואַסער און האָט ניט נהנה געווען פון דער באַוועגונג כהוא־זה!

אַבקע האָט זיך דערמאָנט אָן די מדרשים וועגן משהן און די בלבולים און זלזולים, וואָס דער דור־המדבר האָט אויף אים אויסגעטראַכט. מען האָט אים באַשולדיקט אין באַגנבענען דעם משכן, אין לעבן מיט זייערע ווייבער, אין זיין אַרויספירן זיי פון מצרים מיט דער בייזער כוונה זיי אומצוברענגען אין מדבר, אויפן וועג.

אַבקען האָט אָנגעכאַפּט אַ גרויל פון דעם פאַקט, וואָס אַ גוטער מענטש קען גלייבן אין אַזעלכע שווידערלעכע שקרים וואָס בייזוויליקע שמוציקע מענטשן פאַרשפרייטן... אויב אַזוי, איז וואָס איז דער ווונדער, וואָס די ניט־ייִדן גלויבן אַלע ליגנס, וואָס די אַנטיסעמיטן טראַכטן אויס אויף די ייִדן... ווי אַזוי קען מען אויפקלערן אַ קריסט, וואָס נעמט אָן פאַר אמת, וואָס די שונאי־ישראל טראַכט־אויס, אַז ער קען ניט אויפקלערן אָט־דעם ייִדן, דעם גוטן מענטשן... עס איז שוידערלעך! דער כוח פון לשון־הרע, פון רכילות איז אין לשער גרויס.

## טיפן

## ר׳ ישראל ראָזענבלום און זיינע זין די קנייפּיסטן

צווישן די אינטערעסאַנטע טיפּן, וואָס אָסטראָוו, ווי יעדעס ייִדישע שטעטל, האָט פאַרמאָגט, האָט פאַרנומען ניט קיין הינטער־דער־בימה־פּלאַץ דער דרדקי־מלמד ראָזענבלום. ביי אים האָט טאַקע געלערנט משהקע, אַבקעס ייִנגסטער ברו־דער. דער גאַנצער מעמד זיינער איז באַשטאַנען פון אַ צען ייִנגלעך, ס׳רוב פון זיי קינדער פון אָרימע עלטערן, וואָס האָבן קוים מיט צרות צענויפגעסקראָבעט דעם שכר־לימוד. אַזוי אַז די פראַגע: „מה נאכל?״ איז קיינמאָל ניט אַראָפּ פון טאָגאָרדענונג ביי אים אין הויז. דערצו האָט ער געהאַט אַ שווינדזיכטיקע ייִדענע, זי האָט כסדר געהוסט, געקרעכצט און געשפּיגן מיט ליחה, געמישט מיט בלוט־טראָפּנס. איר קראַנקייט האָט זי איבערגעגעבן צו אירע און זיינע דריי זין, זיי האָבן אַלע דריי געליטן פון דער דער.

אָט־דער ייִד, דער מחוסר־לחם, האָט פאַרן עולם התחתון, ד״ה דער טייל פון דער וועלט, וואָס געפינט זיך אונטערן גלגל־החמה, ניט געהאַט קיין אינטערעס. ליידנשאַפטלעך פאַרטאָן מיט אַלע רמ״ח איברים איז ער געווען אין אַסטראָנאָמיע, אין תכונה, וואָס ער האָט אויסגעלערנט פון גמרא. זיין גרעסטער פאַרגעניגן איז געווען אויסצורעכענען, לויט די דאַטן, וואָס ווערן אָנגעגעבן אין תלמוד, אין מדרש און אין זוהר, די דיסטאַנצן פון דער ערד צו דער לבנה, צו דער זון, צו אַנדערע שטערן. ער איז געווען אויף גאַנצענע נעכט און האָט תאווהדיק גע־חשבונט די גרויס פון דער ערד פון אָנהייב מזרח ביז סוף מערב. אָבער די גרעסטע הנאה האָט ער געהאַט פון מעסטן דעם כסא־הכבוד. מיט אָט־די דימענ־זיעס האָט ער זיך ממש געקוויקט און געלאָבט. ער פלעגט פון די דאָזיקע אַסטראָ־נאָמישע ציפערן אַזוי נתפּעל ווערן, אַז ער האָט זיך געמוזט מיט זיינע ידיעות טיילן מיט זיין ווייב. ער האָט זי פיל מאָל געוועקט אין מיטן דער נאַכט.

— דו הערסט, שיינע־בתיה, דו הערסט?! — און אַז ער רעכנט, אַז זי איז שוין גענוג וואַך אויפצונעמען די מאָסן פון די שטחים, לייענט ער איר פאָר און פאַרטייטשט פאַר איר אויף ייִדיש:

— „דער הויכער און דער דערהויבענער שטול פון קדוש־ברוך־הוא איז די לענג אַכט הונדערט טויזנט מאָל צענטויזנט מייל, און זיין ברייט איז פינף הונ־דערט טויזנט מאָל צענטויזנט מייל, און זיין גרעב איז דריי הונדערט טויזנט מאָל צענטויזנט מייל. און די דאָזיקע רעכענונגען זענען געמאַכט געוואָרן אין מיילן פון קדוש־ברוך־הוא, געבענטשט זאָל זיין זיין נאָמען און געלויבט זאָל זיין זיין אָנדענק. איטלעכע מייל זיינע האַלט צוויי טויזנט אייל און זיין אייל איז פיר שפאַן, און זיין שפאַן איז די לענג פון עק וועלט ביז עק וועלט״... הערסט, באַגרייפסט?...

זי שלאָגט אים איבער:

— לאָז שלאָפן; לעכער מיר ניט דעם מוח מיט די טויזנטער... גיי, לייג זיך

שלאָפֿן... האָסטו געזען אַן איינפֿאַל פֿון אַ מענטשן... ווער עס ציילט רענדלעך, ווער עס מעסט פֿעלד, און ער ציילט די שטערן און מעסט דעם כּסא־הכּבֿוד!

זי האָט קלאָמפּערשט גערעדט וועגן אים מיט ביטול. זי האָט בלויז געוואָלט, אַז ער זאָל זיך לייגן שלאָפֿן און זיך ניט „מאַרדעווען" מיט די שווערע חשבונות. אין האַרצן האָט זי זיך געגרויסט מיט איר מאַן. עפּעס אַ קלייניקייט! ער ווייסט אַלץ, וואָס עס טוט זיך אין די הימלען! האָט זי געטראַכט מיט שטאָלץ און אַמאָל אירע טראַכטונגען אַרויסגעזאָגט פֿאַר אירער אַ שכנה.

ראָזענבלום איז געווען אַ קאָצקער חסיד. צו שלוש־סעודות איז ער תּמיד געקומען צום רבֿ, זיך פֿאַרווײַלט מיט די אַנדערע חסידים מיט אויסהערן אַ „ייִדיש וואָרט", וואָס האָט באַטייט אויף זייער לשון מופֿתים, ספּורי־נפֿלאָות, דערציילט וועגן רבּיים און מיט אויסהערן און מיטברומען די ניגונים פֿון די זמירות, דער־הויפּט פֿון מתיקותדיקן ניגון פֿון „יונה מצאה בו מנוח"...

איינמאָל, אַזוי זיצנדיק און אויסטויישנדיק זיך מיט וווּנדער־מעשׂיות, נעמט זיך ר' שלמה ראָזענבלום ביי זיין לאַנגער, היפּש צעפּאַטלטער שוואַרצער באָרד, וואָס האָט ניט געהאַט קיין גרויע האָר, ניט קוקנדיק אויף זיינע קרובֿ צו ששים יאָרן, גיט אַ צוק מיט די איינגעצויגענע אַקסלען און גיט זיך אַ זאָג מיט תּמימותדיקער אָפֿנהאַרציקייט:

— מענטשן זאָגן, עס זענען דאָ דאגות... וואָס איז אַזוינס דאגה? איך ווייס ניט, וואָס דאָס איז. קענט איר מיר זאָגן, וואָס דאָס איז אַזוינס?!

אַבקע, וויסנדיק דעם עקאָנאָמישן מצבֿ פֿון אָט־דעם מלמד, איז געבליבן זיצן אַ דערשטוינטער פֿון דער ביישפּיללאָזער זעלבסטצופֿרידנקייט, שׂמח־בחלקו־דיקייט פֿון דעמדאָזיקן קבצן אין זיבן פֿאָלעס.

אַבקע האָט זיך געחברט מיט זיינע שווינדזיכטיקע זין, דערהויפּט מיט דעם ייִנגסטן, מתּתיהו, וואָס זענען אַרומגעגאַנגען אין פֿאָדגזשיבאָווסקער וואַלד האַלב־נאַקעטע, באָרוועסע. זיי האָבן זיך געבראָטן אויף דער זון. זייערע לייבער זענען געווען פֿאַרבראָדזשעט. זיי האָבן נאָך די זונבעדער גלייך גענומען קאַלטע טושן. זיי זענען געשלאָפֿן ביי אָפֿענע פֿענצטער.

שפּעט אין האַרבסט און אין ווינטער, אין די ערגסטע, פֿייכטסטע וועטערן, אין די קעלטסטע טעג און נעכט, זענען זיי געגאַנגען אַן מאַנטלען. זיי האָבן זיך אָבער געראַטעוועט פֿון מלאך־המוות, וואָס האָט זיך אויף זיי אָנגעזעצט און האָט זיי גלייך געוואָלט פּטרן.

זיי זענען געווען קניפּיסטן.

סעבאַסטיאַן קנייפּ (1821—1897) איז געווען אַ בייערישער פּאַסטאָר, אַ נאַ־טוריסט. ער האָט באַהאַנדלט שווינדזיכטיקע מיט „הידראָטעראַפּיע". איינער פֿון די שטריכן פֿון זיין היילונגס־סיסטעם איז געווען דאָס גיין מיט באָרוועסע פֿיס אויפֿן באַטויטן גראָז.

## 123

# אויף וואָס דאַרף זי עס?

ר׳ ברוך, אַ מתנגד, שוין אַ רעכט ביסל אַ „וועלטלעכער“, איז געקומען מיט אַ פּאָר טעג צוריק פון יאַגוסטאָוו, אַ שטאָט, אין וועלכער די מסיבה חסידים, וואָס זיצן ביים רבס טיש און פּראַווען שלוש סעודות, האָבן אַ באַזונדער אינטערעס: פון דאָרטן האָבן זיי דאָך אַראָפּגעבראַכט זייער רב, דעם מתנגד.

מע פרעגט אים פאַנאַנדער וועגן דער שטאָט און די ייִדן, וואָס וווינען דאָרט. יעדע קליינינקייט הערן זיי אויס מיט געשפּאַנטקייט, ווי די זאַכן וואָלטן זיי ווירקלעך אָנגערירט.

איינער פון די פּני אין יאַגוסטאָוו איז געווען וואָרהאַפטיק, אַ רייכער מענטש, דער אייגנטימער פון דער גרויסער וואַסער־און דאַמפּמיל, וואָס האָט זיך געפונען אויסער דער שטאָט, ניט ווייט פון די קאַזאַרמעס. די וואָרהאַפטיקס האָבן געוווינט לעבן דער מיל, אין אַ שיינעם הויז, מעשה פּאַלאַץ, וועלכעס איז געשטאַנען אין מיטן פון אַ גאָרטן, אין וועלכן עס האָט מיט גרויס חשיבות אַרומגעשפּאַצירט אַ פּאַווע, וואָס האָט זיך געגרויסט מיט אירע פילפאַרביקע פעדערן און דערהויפּט מיטן עק. אַבקע, ווען ער איז געווען היפּש ייִנגער און איז מיטגעגאַנגען מיט די זעלנער, באַגלייטנדיק זיי פון שטאָט אין זייערע קאַזאַרמעס, האָט קיינמאָל ניט פאַרפעלט זיך אָפּצושטעלן ביים פּאַרק פון סאָד און אַריינקוקן דורך די שטאַכעטן און באַוווּנדערן די רייצנדיקע שיינקייט פון דער גאַוהדיק־אָנגעבלאָזענער פּאַווע.

צום סוף פון די באַשרייבונגען און מיטטיילונגען וועגן דער טשיקאַווער שטאָט און אירע זינדיקע ייִדן און ער איז געווען מלא וגדוש מיט נייס, האָט ר׳ ברוך דערמאָנט, אַז וואָרהאַפטיקס ווייבל איז ווידער, אין אַ נאָווינע, אַנטלאָפן מיט אַ יונגן אָפיציר.

— אויף וואָס דאַרף זי עס? — האָט געפרעגט אליהו חסיד, אַ יונגער חסידישער באַלעבעסל, וועמען די ווייבער אין אָסטראָוו האָבן גערופן „עליע כאַ“. זיי זענען געווען אויף אים מלא־חמה, הלמאי ער פאָרט אַוועק צום רבין און זיצט דאָרטן אָפּ חדשים, איבערלאָזנדיק זיין ווייב מיט אַ קינד ביי דער ברוסט אָן אַ שטיקל ברויט, ממש אויף גאָטס באַראָט און אויף שכנשער רחמנות.

— אויף וואָס דאַרף זי עס?

אליהו חסיד האָט באַגריפן, ווי אַזוי מע לאָזט איבער אַ ווייב און מע אַנטלויפט צום רבין, אַוועק פון דאגות פּרנסה, פון צרות, פון יאַדעניש; מע מאַכט אַ שפרונג פון דער פאַרשאָלטענער וועלט מיט די ארורות ווייבער אין דעם קעניגרייך פון גליקזעליקייט, פון הזדווגות מיט דער שכינה; אַ שפרונג אַריין אין דעם מלכות, ווו דער רבי, דער גרויסער צדיק, איז דער מלך און ער זיצט ביי דער רעכטער זייט פון מלך מלכי המלכים הקדוש ברוך הוא... דאָס מיינט דאָך אַנטרינען פון געפענגעניש און ווערן אַ בן־חורין, אַ פרייער מענטש; דאָס מיינט דאָך אַרויסרייסן זיך פון גיהנום און גלייך אַריין אין גן־עדן, אַרויס פון צרהדיקן שטערבלעכן גוף און זיך באַזעצן מיט דער נשמה אין עולם האצילות. אָבער אַנטלויפן גאָר מיט אַן אָפיציר. — וואָס פאַר אַ זינען האָט עס? אויף וואָס טויג עס?

— אויף וואָס דאַרף זי עס ?

קיינער פון דער מסיבה האָט קיין שמייכל ניט געטאָן. זיי האָבן אַלע ביי זיך איבערגעפרעגט די אייגענע פראַגע.

אַבקען האָט שטאַרק אימפּאָנירט אָט־די אומבאַרירטע תמימות פון אָט־די פאַרדביקהטע חסידים, וואָס זענען געווען מיילן ווייט פון די דרכים פון דער אויסגעלאַסענער וועלט פון די וועלטלעכע ייִדן.

## 124

## טעוול קילעוויטש, טוביה דער וויינקרעמער

טעוול איז געווען אַ פאַרמעגלעכער ייִד. אַ בעל־צדקה. פון לומדות זייער ווייט. מיט די שוואַרצע פינטעלעך גאָר ניט קיין מחותן. אָבער אַ גרויסער „מוקיר רבנן". אַן איבערגעגעבענער ידיד פון רב און זיין גאַנצן הויזגעזינד. אַ בן־בית. אַזוי אָפט האָט ער זיי באַזוכט.

ער האָט געהאַט צוויי גרויסע קראָמען פון טייערע ווײַנען און קאָניאַקן פון כל המינים. אָבער טאַקע בחיר שבבחיר. זיינע קונדן זענען געווען הויכגעשטעלטע מיליטערלייט, מיט וועלכע ער איז געווען אויסגעבונדן. ער איז געווען אויך אַ ליפעראַנט. ער האָט צוגעשטעלט געוויסע פּראָדוקטן אין דער „אינטענדענטסטווא" (פּראָוויזיע־קאָמיסאַריאַט) אין קאַמעראָוו.

ער איז געווען אַ קלוגער ייִד און אַ שטאָלצער ייִד. ער האָט זיך אין דער קאַשע ניט געלאָזן שפּייען. בעת דעם דרייפוס־פּראָצעס (1899) אין פראַנקרייך האָט צו אים אַ גענעראַל אַ זאָג געטאָן:

— די ייִדן האָבן געגעבן גענוג כאַבאַר ריינצוואַשן זייער דרייפוסן.

טעוול גיט אים גלייך אַ שנייד אָפּ:

— אויב די ייִדן האָבן געגעבן כאַבאַר, איז ווער האָט עס גענומען, אויב ניט קיין גענעראַלן ?!

און יענער שונא־ישראל איז פאַרשטומט געוואָרן.

טעוול האָט געהאַט אַ ווייב, רעלע, וואָס איז געווען אַ גאָר גרויסע בעל־צדקהניצע. גאַנצענע טעג איז זי אָפּגעשטאַנען אין קיך מיט אירע צוויי דינסטן און געהאַלטן אין איין קאָכן געקעכצן און זופּן, יויכן און בוליאָנען פאַר אָרימע קימפּעטאָרינס, קראַנקע אלמנות, יתומים און יתומות און סתם אָרימע משפּחות. זי פלעגט צעשיקן אירע געריכטן און פּראָדוקטן ווי אַ מתן־בסתר. די מקבלים אין מקבלות האָבן ניט געדאַרפט וויסן, ווער עס שיקט זיי דאָס עסן אין שטוב אַריין.

טעוולס הויזגעזינד איז באַשטאַנען אייגנטלעך פון דריי פאַמיליעס. זיי האָבן אַלע געוווינט צוזאַמען. טעוול האָט געהאַט ניט קיין געראָטענע צוויי זין. ביידע געווען ניט קיין דערבאַקענע. אָבער טעוול האָט, אַ דאַנק זיין רייכקייט און ברייטן אַוועקשטעל, פאַר זיינע האַלב קרעטינישע בנים גענומען זייער שיינע שנירס. פאַרשטייט זיך, אַז זיי זענען געווען פון אָרימע עלטערן, וואָס האָבן זיי קיין נדן ניט געקענט געבן. טעוול האָט שטאָלצירט מיט זיינע צוויי שנירס. ער איז אומע־

טום געגאַנגען מיט זי און ניט מיט זיין ווייב, וואָס איז תמיד געווען פאַרנומען אין קיך מיט צוגרייטן און צעשיקן עסנוואַרג פאַר אַ היפּשער צאָל נצרכים.

אין שטעטל האָט מען געמורמלט, שלעכטע צינגער האָבן געזאָגט, אַז די שניר האָט טעוול געמומען פאַר זיך און ניט פאַר זיינע האַלב־אידיאָטישע זין... טעוול איז אָבער געווען אַ חשובער באַלעבאָס. געשטאַנען אין בית־מדרש ביי דער מזרח־וואַנט. צו די רכילותניקעס האָט מען זיך ניט צוגעהערט. אין איין אויער אַריין פון אַנדערן גלייך אַרויס.

אַז די געשעפטן ביי טעוולען האָבן גענומען גיין וואָס אַ יאָר אַלץ שוואַכער, דערנאָך שלעכט און ערגער, האָט טעוולס ווייב, רעלע, נאָך אַלץ ניט געענדערט איר הנהגה.

זי האָט געזאָגט:

— דער אויבערשטער טוט דאָס זייניקע, איך וועל מיר טאָן דאָס מייניקע.

אָבער גאָר לאַנג האָט זי ניט געקענט אָנהאַלטן איר עקשנות. עס איז גע־קומען אַ צייט, ווען זי האָט געמוזט אויפגעבן אירע פילאַנטראָפּישע צו־להכעיס־טאָן דעם רבונו־של־עולם.

טעוולען איז געוואָרן ענגער און ענגער. די הצלחה האָט זיך אָפּגעטאָן. ער האָט זיך שטאַרק געניטיקט אין געלט, חובות פאַר גענומענע סחורות האָט ער באַדאַרפט באַצאָלן און עס איז קיין מזומן ניט געווען, און ווו צו כאַפּן אַ גמילות־חסד האָט ער ניט געוווסט. ווו ער האָט געקענט, האָט ער שוין גענומען. אָבער „דער הויפן האָט ניט געקענט אָנזעטיקן דעם לייב"... שולדן און שולדן, וועקסלען און וועקסלען... דאָ איז אָבקעס מאַמע געקומען, גאַנץ אָפּט, און געראַטעוועט די פאַרצווייפלטע סיטואַציע.

טעוול האָט די לעצטע יאָרן, ווען די געשעפטן זיינע האָבן גענומען גיין באַרג־אַראָפּ פינאַנציעל, גענומען „פריינטלעכן זיך" מיט אַ גאָלדשמיד מיטן נאָ־מען זעליג עפשטיין. אָט־דער ייִד האָט געהאַט היפּשע קניפּלעך. ער האָט געלייזט ניט שלעכט און אַ הוצאה האָט ער געהאַט אַ קליינע. ער און דאָס ווייב,ביידע שוין אין די יאָרן, ביידע נישט קיין אויסברענגערס.

ביים גאָלדשמיד איז טעוולס פריינטשאַפט געווען שטאַרק אָנגעלייגט. דאָס האָט אים געגעבן פּרעסטיזש. ער האָט גענומען קריגן, אַ דאַנק טעוולען, אַנזען אין שטאָט. אָט־אָט און ער וועט אַריינטרעטן אין דער מחיצה פון די באַלעבאַטים חשובים. ווער האָט ניט האָלד כבוד, אָנערקענונג! טעוול האָט דעם גאָלדשמיד מיטגענומען איין מאָל, צוויי מאָל צום רב, ממילא האָט ער געכאַפּט אַ שמועס מיט דער רביצין.

קיין פינגער אין מויל האָט מען דער רביצין ניט געדאַרפט לייגן. זי האָט גענומען קולטיווירן די באַקאַנטשאַפט פון גאָלדשמיד און זיך געפלייסט אים אַרויסהייבן פון דער דרגא פון אַ בעל־מלאכה און אים אַוועקשטעלן נאָענט צו די „פּני".

זי האָט עס געטאָן ניט בחינם... זי האָט דערוואַרט פון אים פאַר איר מי גמילות־חסדים און טאַקע פאַר זיין פריינט טעוולען, וואָס האָט אים אַריינגעפירט אין רבס הויז. אָבער דאָס איז געווען איר סוד. זי האָט דעם גאָלדשמיד ניט אויס־געזאָגט, פאַר וועמען זי נעמט ביי אים די הלוואות. ער האָט זיך אָבער אָנגעשטויסן.

אַבקע איז געווען תמיד דער שליח צו אָט־די דבר־מצוות. דער רביצין צו שאַפן די פּאָר מאות איז ניט אָנגעקומען גאָר לייכט. דאָ איז אַבקע געווען דער שליח. ער איז געגאַנגען צום גאָלדשמיד אָפּנעמען דעם צוגעזאָגטן גמילת־חסד און עס ברענגען דער מאַמען און פון דער מאַמען עס אָפּטראָגן טעוולען, ברענגען אים אין קראָם אַריין, ער זאָל האָבן מיט וואָס צו באַצאָלן אַ „זלידנעם" וועקסל, ער זאָל ניט, חס ושלום „פּראָטעסטירט" ווערן.

אַז אַבקע איז אָנגעקומען מיט דער היפּשער סומע, איז שוין געווען אַ פּאָר שעה אָפּגעפּאָרן נאָך מיטאָגצייט.

ווי טעוול האָט דערזען אַבקען אַריינקומען אַזוי האָט זיין פאַרדאגהטער פּנים אויפגעלויכטן. ער האָט זיך געכומען ביי זיין אונטערגעשאָרענעם גרוילעכן בערדל און גערעדט צו זיך אויפן קול:

— טעוול, טעוול, וואָס האָסטו געזאָרגט אַ גאַנצן טאָג! דו האָסט דאָך געוווּסט, אַז דער וועקסל וועט אין „פּראָטעס" ניט גיין, אַז דו וועסט קריגן דעם גמילת־חסד, איז וואָסטו האָסטו זיך געערגערט. אַי, נאַרישער טעוול! עס פעלט דיר בטחון, בטחון פעלט דיר, נאַרישער טעוול.

אַבקע האָט געטראַכט:

— יאָ, ער האָט געמעגט זיך לערנען ווי ניט צו דאגהנען ביי ר' ישראל ראָזענבלום...

## 125

## קעגן אחד־העם

אַבקע איז געווען אַ פאַרברענטער ציוניסט, ריכטיקער, אַ טעריטאָריאַליסט. מען דאַרף ראַטעווען די ייִדן, וואָס ליידן פון פּאָגראָמען, פון אַנדערע גזירות און באַשרענקונג, פון די רדיפות, פון נגישות, אַז די ייִדן־פראַגע וועט געלייזט ווערן, וועלן אַלע איבעריקע פּראָבלעמען בנוגע ייִדן זיך לייזן ווי פון זיך אַליין.

ער האָט געפילט שיער ניט אַ האַס צום אַלטן פאַרקנאכערטן ייִדנטום. ער האָט פון זיך אַראָפּגעשליידערט דעם גאַנצן עול פון מצוות־מעשיות אינעדלעך; אויסערלעך האַלט ער אָן שטאַט. ער מאַכט זיך, אַז ער בענטשט, אויב דער פאָטער זיצט ביים טיש, און זיי האָבן צוזאַמען געגעסן, וואָס טוט ער באמת? ער גייט אַדורך בלחש אויפשנעל, מעשה־עקספּרעס, די גאַנצע רוסישע גראַמאַטיק אָדער בלויז דעם טייל, וואָס באַהאַנדלט די ווערבומס, אָדער ער זאָגט אויפּאויסנווייניק פּושקינס אַ פּאָעמע. שפּעטער־צו האָט ער אָפּגעפּליסטערט ביאַליקס אַ שיר אָדער טשערניכאָווסקיס אַ ליד.

ער האָט זיך באַצויגן מיט מער ווי מיט בלויזן ביטול צו דער ייִדישער פאַרגליווערטער טראַדיציע.

ער האָט אינגאַנצן ניט געהאַלטן פון אחד־העמס חקירות מכוח מוסר היהדות. אמתע, עכטע, געזונטע ייִדישקייט איז אַלץ דאָס, וואָס די ייִדנשאַפט טוט און טראַכט. אויף אחד־העמיזם האָט ער געקוקט ווי אויף אומפאַרציילעכער בטלנות. ווער דאַרף עס? די אָרטאָדאָקסיע וועט עס קיינמאָל ניט אָננעמען; די פריִע, די אַזוי־גערופענע אייראָפּעערס, זיי דאַרפן דאָך עס זיכער „אויף כפּרות". אים האָט

שאַקירט אחד־העמס גאווה, וואָס שטעקט הינטער זיין כלומרשט עניוותדיקן פּסעוו־דאָנים. ער רעדט זיך איין, אַז מען וועט אים אַמאָל אַרויסגעבן מיט „ל״ב פּירו־שים״. ווו וועט ער נעמען אַזעלכע שוטים, וואָס זאָלן שרייבן אויף זיינע פלאַכע אַרטיקלען, זיינע מאַמריסטישע שרייבעכצן, קאָמענטאַרן און נאָך גאַנצע צווייאונ־דרייסיק, אַן איינפאַל, כ׳לעבן, אַ ישיבה־בחורישער־טרוים! ניט נאָר איז אַבקע ניט געווען אין הסכם מיט אחד־העמס שיטה, נאָר ער האָט בפועל ממש ניט געקאָנט באַגרייפן וואָס אחד־העם וויל. אים האָט זיך געדאַכט אַז אָט־דער בית־מדרשדיקער חוקר דראַפּעט זיך אויף גלייכע ווענט. ער טוט־נאָך אויף אַ זייער ניט געראָ־טענעם שטייגער די סלאַוואָפילן, כאָמיקאָוון און אַקסאַקאָוון, און מאַכט דערביי אַן אָנשטעל, גאָר ניט קיין געלונגענעם, אַז ער וואָרצלט טיף אין יהדות־באָדן.

אין דער פּאָלעמיק אַרום „אַלט־ניילאַנד״ איז ער געווען אויף דער זייט פון נאָרדויען.

מע דאַרף אומבאַדינגט קריגן אַ לאַנד, גרינדן דאָרט אַ ייִדישע מדינה, און ייִדן וועלן ווערן מיט לייטן צוגלייך. ער האָט געהאַלטן, אַז אחד־העם קען העלפן אייניקע ישיבה־בחורים צו צעררייסן די תלמוד־רצועות, אין וועלכע זיי זענען פאַרשנורעוועט. ער דינט פאַר זיי ווי אַ מין איבערגאַנג, אַ צוגרייטונג. אָבער אויף וויפל ער העלפט אייניקע, שטערט ער אַנדערע, וואָס אָן אים וואָלטן זיי לייכטער דורכגעמאַכט דעם איבערבראָך! האָבן דאָך די פּריִערדיקע משכילים זיך באַגאַנ־גען אָן אים.

אַבקע האָט געהאַסט ייִדישקייט, וואָס האַלט דאָס פאָלק אין פינצטערניש, וואָס פאַרלאַנגט, אונטער דער פאָרעם פון מיצוות, ווילדע אומגעלומפּערטע אויפ־פירעכצן. די רבנישע ליטעראַטור מיט איר שפע פון ספרים, וואָס האָבן ניט קיין שום אינטעלעקטועלן און קיין שום פּראַקטישן ווערט, איז אַ קאָפּ־פאַרדרייעניש, אַ פאַרווירעניש פון מוח. די אחרונים מיט זייערע פּלפּולים האָבן צעמזיקט דעם שכל־הישר, צעקרימט און צעלאָמט דעם ייִדישן פאַרשטאַנד, אים האָט גענומען אַ היפּשע צייט ביז ער האָט אויסגעגליכן און נאָרמאַליזירט זיין לאָגישן דענקען.

## 126

## דער טאַטע ניט קיין ציוניסט

אַבקע האָט געהאַלטן פון זיין פאָטער פאַר זיינע קענטעענישן. ער האָט אָבער געהאַט אויף אים אַ הארץ, אים באַשולדיקט אין כאַראַקטערלאָזיקייט. ער האָט ניט דעם דרייסט פון זיינע איבערצייגונגען.

אין האַרצן איז ער דאָך אַ ציוניסט, איז וואָס שווייגט ער?! ער האָט מורא פאַר אָט־די פינצטערלינגס; אַזאַ פּחדנות, האַלט אַבקע, איז גאָר אַ שלעכטע מידה.

אין אָסטראָוו איז געקומען אַ מגיד. דאָס וואָלט קיין רושם ניט מאַכן. מגי־דים זענען געווען אַ געוויינטלעכע דערשיינונג ביי די מתנגדים אין זייערע בתי־מדרשים. חסידים האָבן אָט־די אינסטיטוציע, ווי אויך די אינסטיטוציע פון חזנות, ניט גורס געווען. ער איז אָבער קיין מגיד ניט געווען. ער האָט גערעדט ווי אַ

מטיף. ער איז געווען אָן ספק אַ פּעיִקער רעדנער. ער׳ט געהאַט אַ שטאַרקע קלינגענדיקע שטים און אַ שאַרפן חיתוך־הדיבור. ער איז געווען אַ מין יוצא מן הכלל. די מטיפים, ווי קאַראַטקין, ניסנבוים און אַנדערע, האָבן גערעדט פאַרן ציוניזם. ער האָט גערעדט קעגן ציוניזם און מיט וואָס פאַר אַ העליש־ברענענדיקער התלהבות: ער האָט געדונערט און געבליצט. נאָך יעדער דרשה זיינער איז אין בית־מדרש שיער ניט געקומען צו אַ געשלעג. אַזוי האָט ער אויפגערודערט די צוהערערס. ביידע צדדים זענען געוואָרן אויפגערייצט, צעקאָכט און גרייט זיך צו וואַרפן איינע אויף די אַנדערע. מע האָט אים געמוזט אָפּשטעלן, ניט לאָזן אים האַלטן זיינע דרשות אין בית־מדרש, אַ ניט וואָלט זיך אין שטאָט געטאָן חושך.

אַבקעס פאָטער האָט זיך געהאַלטן נייטראַל. אין שטוב, אין אייגענעם פאַמיליע־קרייז, האָט ער זיך יאָ אַרויסגעזאָגט לטובת דעם מזרחי־ציוניזם, אָבער אָפן האָט ער אַ וואָרט ניט געזאָגט, זיך ניט געמישט. און מ׳האָט געקענט מיינען, אַז ער איז אַ קעגנער פון ציוניזם. ער האָט אויסגערעדט און זיך צעקריגט מיט אַבקען און וועלפקען, הלמאי זיי באַטייליקן זיך אין דער באַוועגונג, מיט וועלכער ער האָט באמת סימפּאַטיזירט.

אין אַבקעס אויגן האָט זיין פאָטער אויסגעזען ווי ער וואָלט זיין אַ מין גרויסער „לעשץ“, אַ קאָמפּראָמיסלער, אַ נאָכגעבער.

אַבקע האָט מיט פאַרדראָס און פאַרביטערטקייט געטראַכט: אָט איז ר׳ ניסן, אַזאַ צדיק און אַן אָרימער ראש־ישיבה אין אַ חסידישער שטאָט, און ער איז אַן אויסגעשפּראָכענער ציוניסט. שיבת־ציון איז איינע פון די גאָר גרויסע מצוות. פאַרוואָס זאָל זיין טאַטע אַזוי ניט האַנדלען? עס וואָלט אויסגעבראָכן אַ מחלוקת — נו, איז וואָס?! מע וואָלט אים אַרויסגעיאָגט פון אָסטראָוו, נו, איז וואָס?! וואָלט ער און דאָס גאַנצע הויזגעזינד אַ קורצע צייט אפשר אונטערגעהונגערט, אָבער ער וואָלט זיכער געקראָגן אַן אַנדער רבנות־שטעלע אין אַ ליטווישער שטאָט. פאַרוואָס זאָל ער זיך אַזוי איינשטעלן פאַרן הויזגעזינד, ווען דאָס גאַנצע הויזגעזינד, די קינדער, זענען גרייט מקריב־צו־זיין זייער ווילזיין אויפן מזבח פון ציוניזם. ווען עס האַנדלט זיך וועגן ראַטעווען דאָס פאָלק ישראל, דאַרפן די אייגענע קליינלעכע אינטערעסן אָפּטרעטן.

ער וואָלט דערגאַנגען אין זיין קריטיקירן זיין אייגענעם טאַטן היפּש ווייט, ער וואָלט זיך ניט אָפּגעשטעלט אַפילו פאַר פאַראַכטן אים. אָבער ער האָט גאַנץ גיך געפונען אַ זכות פאַר זיין פאָטערס קווענקלעניש. ער האָט אים גענומען פאַרשטיין און פאַרענטפערן. ער האָט אַרגומענטירט: ער, אַבקע, איז דאָך ניט בלויז אַ ציוניסט, אַ טעריטאָריאַליסט. ער איז פיל מער. ער איז אַ פּאָליטישער אַנטי־רעליגיעזער ייִדה, און דאָס איז דאָך עכטער אויסגעהאַלטענער פּאָליטישער ציוניזם. עס באַטייט די פאַרניינונג פון גלות און פון אַלע גלות־שאַפונגען, וואָס זענען ניט קיין שאַפונגען, נייערט ווערטלאָזע גלות־פּראָדוקטן, וואָס אַ באַפרייט זעלבסט־שטענדיק פאָלק דאַרף עס אינגאַנצן ניט האָבן. עס איז אַ באַלאַסט און אַ שטער, און אַ פאָלק, וואָס גרייט זיך צו אַ גראַנדיעזער באַפרייאונגס־ און באַנייאונגס־אַקציע, צו אַ רענעסאַנס, דאַרף זען וואָס אַמשנעלסטן אַראָפּצוּוואַרפן פון זיין רוקן אָט־דעם גלות־הויקער.

לכן, איז דאָך גריילעך מעגלעך, אַז דאָס, אָט־די אויסגעהאַלטנקייט, די קאָנ־

סעקוועלנטקייט פון ציוניזם, איז די סיבה, פאַר וואָס זיין פאָטער האַלט זיך אָפּ פון אָנצושליסן זיך אָן דער ציוניסטישער באַוועגונג. ער זעט דאָך וווהין ציוניזם פירט, וווהין ער האָט פאַרפירט זיינע זין.

ערשט איצט האָט אַבקע געגומען פאַרשטיין זיין פאָטער.

דער אמת איז, אַז לכתחילה האָט ר׳ יהודה לייב געמיינט, אַז ציוניזם איז אַ גאולה־באַוועגונג. אָבער שפּעטער־צו האָט ער געגומען באַגרייפן, אַז אין ציוניזם ליגט אַ גרויסע סכנה פאַר יידישקייט. מזרחיזם איז אַ פּשרה־מאַכעריי און דאָס וועט פיל ניט אויפטאָן. ער האָט געגומען האַסן הערצלען וואָס האָט ביי אים, אַליין ניט וויסנדיק דערפון, צוגעגנבעט זיינע מילויים, זיינע זין.

## 127

## אַטעאיסטן

ביי אַבקען האָט ציוניזם באַטייט טעריטאָריאַליזם: די נייטיקייט צו קריגן אונטער אַלע אומשטענדן אַ לאַנד און גרינדן דאָרט אַ מדינה, ברענגען אַהין אַלע יידן, דורכפירן די קיבוץ־גלויות־אַקציע, אַרויסרייסן מיט די וואָרצלען דעם גלות מיט אַלע זיינע אָנשיקענישן. אָוועקוואַרפן דעם גלות־לשון, איינפירן העברעאיש. ביי אַבקען ציוניזם האָט געמיינט וועלטלעכער נאַציאָנאַליזם און עקסטרעמער אַטעאיזם, ד״ה פאַרניינען יידישקייט מיט אַלע יידישע מנהגים, שטייגערס, פאָרשריפטן. ער האָט געהאַלטן כמעט פאַר אַ מצווה מחלל־שבת צו זיין, עסן אום יום־כפור, מישן בשר וחלב, טאָן כל דבר אסור, אַראָפּשליידערן פון זיך דעם גאַנצן זאַק פון די מדאורייתאס. וועגן די מדרבננס איז גאָר ניטאָ וואָס צו רעדן.

דאָס אַלץ אינערלעך. אויכערלעך, וואָס איז שייך אָנטועכץ און פיאות, האָט ער אויסגעזען פונקט אַזוי, ווי ווען ער איז געווען אַזוי פאַנאַטיש איבערטריבן פרום, אַז ער האָט זיין אייגענעם טאַטן, דעם רב, געהאַלטן פאַר אַ קל. ער האָט אין זיין הילוך קיין שום שינוי ניט אַריינגעטראָגן.

ווען אַבקעס פאָטער האָט געזען, וווהין די בנים זענען פאַרפאָרן און זיי שלעפּן נאָך זיך אויך די טעכטער, איז ער געוואָרן שטאַרק אַלאַרמירט. ער האָט דערזען פאַר זיך דעם חורבן פון זיין הויזגעזינד. ער האָט ליב געהאַט זיך מיישב צו זיין מיט זיין ווייב. ער האָט געהאַלטן, אַז זי, די אשה, פאַרמאָגט אַ פּראַקטישן געראָדן שכל 1). פון דעם ישוב־הדעת איז אַרויסגעקומען אָט־דער פאָרשלאַג: זיי האָבן פאַרגעלייגט וועלפקען, ער זאָל אַוועקפאָרן שטודירן אין דער ישיבה ביי הילדעסהיימער. דאָרט וועט ער אויך דורכמאַכן אַ דאָקטאָראַט פאַר פילאָזאָפיע.

וועלפקע האָט דעם פאָרשלאַג ניט אָנגענומען: ער וויל ניט ווערן קיין „יקום־פורקן״־דאָקטער. ער וועט ניט פאָרן לערנען אין אַ ראַבינער־סעמינאַר. ער איז אַ קעגנער פון רעליגיע בכלל און פון יידישקייט בפרט. ער וועט אויף אַ היפּאָקריטישן קאָמפּראָמיס ניט איינגיין. עס איז קעגן זיין כאַראַקטער. פאָרן אין אויסלאַנד שטודירן — אדרבה ואדרבה. אָבער ניט פאָרן אונטער פאַלשע צייגענישן אין קר־

---

1) נידה, מ״ה.

מען אַהין און נאַרן דעם טאַטן. ער וויל גיין מיטן אמת. ער וועט פאַרן לערנען פילאָזאָפיע מיט פאַרגעניגן, אויב דער פאָטער וויל אים שטיצן, אויסהאַלטן אין אויסלאַנד.

אויף דעם איז דער פאָטער ניט איינגעגאַנגען. ער איז ניט מחויב צו לאָזן זיך קאָסטן, כדי קינדער זאָלן ווערן גוים. דאָס ליגט אויסער זיינע פליכטן...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

## 128

## אוגאַנדע

ענגלאַנד אין דער פּערזאָן פון דזשאָזעף טשעמבערלען (1836—1914), קאָלאָניאַל־מיניסטער, האָט פאַרגעלייגט הערצלען אוגאַנדע, אַ שטיק לאַנד אין אַפריקע, וואָס האָט זיך געפונען אין פּאָליטישן רשות פון גרויס־בריטאַניע.

דעם 23סטן אַפּריל 1903 האָט טשעמבערלען איינגענומען הערצלען און אים געמאַכט דעם פאָלגנדיקן אָנבאָט אין די דאָזיקע ווערטער:

„זינט מיר האָבן זיך געזען, איז מיר אויסגעקומען צו באַרייזן אַ שטיקל וועלט... בעת מיין רייזע האָב איך געזען אַ לאַנד, וואָס איז צוגעפּאַסט פאַר אייך. דאָס איז אוגאַנדע. ביי די ברעגעס פון ים איז דאָרט גאַנץ הייס, אָבער וואָס טיפער אין לאַנד, ווערט דער קלימאַט גוט אויך פאַר אייראָפּעער. מ׳קען דאָרט פלאַנצן צוקער און באַנוול. איך האָב מיר געטראַכט בשעת־מעשה: אָט־דאָס וואָלט געווען אַ לאַנד פאַר ד״ר הערצלען!״.

אַבקע און וועלפקע זענען געווען אויסגעשפּראָכענע אוגאַנדיסטן־טעריטאָריאַליסטן. אַבקע האָט ניט געקענט פאַרשטיין די ציוני־ציון פון רוסישן שניט, ווי: אוסישקין, טשלענאָוו, שמריהו לעווין, וויצמאַן און אַנד. ווי אַזוי קען מען עס ליב האָבן אַ לאַנד, זיין צוגעבונדן צו אים, אַז מ׳איז שוין קאַרגע צוויי טויזנט יאָר אַוועק פון דאָרטן. ווען ער איז אויפן קאָנגרעס, וואָלט ער מיטביידע הענט גע־שטימט פאַר אוגאַנדע.

דער זעקסטער ציוניסטישער קאָנגרעס איז פאַרגעקומען אין אויגוסט 1903. דער אוגאַנדע־פּראָיעקט איז גענומען געוואָרן צו אָפּשטימונג. פון 600 דעלעגאַטן האָבן 295 געשטימט פאַרן פּראָיעקט, 197 — קעגן, די איבעריקע 128 האָבן זיך צוריקגעהאַלטן.

גלייך נאָך דער אָפּשטימונג האָבן 150 דעלעגאַטן דעמאָנסטראַטיוו פאַרלאָזן דעם קאָנגרעס. דאָס זענען געווען די ציוני־ציון, ציוניסטישע ציוניסטן.

דעם 3טן יולי 1904 איז הערצל געשטאָרבן. אַבקען האָט די ידיעה וועגן הערצלס טויט דערשלאָגן. ער און וועלפקע האָבן דעם טאָג געפאַסט. ער איז גע־ווען אַזוי פאַראומערט און פאַרטרויערט אַז ער האָט ניט געקענט פאַרזוכן קיין שפּייז. ער האָט גוט תופס געווען, אַז מיט הערצלען אין איין קבר באַגראָבט מען דעם אוגאַנדע־פּראָיעקט. ביי אים האָט עס געמיינט מקריב זיין די אומגליקלעכע יידישע מאַסן אויפן מזבח פון אַ פּסיכאָלאָגישן קאָמפּלעקס. מיט הערצלס אַוועקגיין

האָט זיך פאַרשטאַרקט אין ציוניזם דער רוסישער פליגל, ד״ה, ציוניזם ווערסוס טעריטאָריאַליזם. אַבקע האָט עס באַטראַכט פאַר אַ נאַציאָנאַלן אומגליק.

## 129

# פאַרלאָזן אָסטראָוו

ווי שוין דערמאָנט האָט מען אין שטאָט היפש געמורמלט וועגן רבס הויז און די רבנישע קינדער, וואָס פירן אַראָפּ די יוגנט פון וועג, מאַכן זיי פאַר ציוניסטן. אָבער, פון דער אַנדערער זייט גערעדט איז ניט געווען מיט וואָס אויפצוואַרפן די רבנישע זין. זיי זענען געווען אָנגעטאָן ייִדיש, ד״ה געטראָגן פאַרשמאָלצענע קאַפּאָטעס, היפּשע געקרייזלטע פּיאות. דער עיקר סימן פון אַרויסגיין לתרבות־רעה איז געווען זיך אונטערשפּילן מיט מיידלעך. דעם סימן האָבן זיי ניט געהאַט. אַבקע איז געווען אַזוי אַרייַנגעטאָן מיט אַלע זיינע חושים אין העברעיִזם־ציוניזם, אַז פאַר קיין אַנדער זאַך האָט אים ניט געסטאַיעט קיין רגע צייט און קיין אונץ ענערגיע.

איינמאָל, דאָס איז געווען מיט צוויי יאָר צוריק, ווען ער האָט שפּאַצירט פאַרן הויז און געחזרט די רוסישע גראַמאַטיק, האָט ער באַמערקט אין פינצטערן פענצ־טער פון „זאַל״ צוויי פיגורן. ער איז געוואָרן פאַרחידושט. ווער זענען זיי? ערשט ער דערקענט זיין שוועסטער רחקע און זיין קוזין דעם „רעזשיצער״. זיי שטייען און קושן זיך. מילא, דער שוועסטער האָט ער נאָך געקענט פאַרגעבן, זי איז אַן אשה, און פרויען זענען לייכטזיניק 1), אָבער דעם „רעזשיצער״ האָט ער עס ניט געקענט מוחל זיין. ער האָט אין זיינע אויגן פאַרלאָרן דעם צלם מענטש. אין אַזאַ צייט, ווען מ׳דאַרף ראַטעווען דאָס פאָלק און זיך אינגאַנצן אָפּגעבן מיט ציוניס־טישער און העברעיִסטישער אַרבעט, ווי ליגן עס אַ בחור אַזעלכע נאַרישקייטן אין זינען, ווי זיך קושן מיט אַ מיידל, זיך פאַרליבן! פע! ער האָט דעם „רעזשיצער״ פאַרדאַמט און פאַרהאַסט. ער איז ניט קיין ערנסטער מענטש! ער איז גאָר קיין מענטש ניט! קיין לייט וועט שוין פון אים ניט זיין!

אַזוי אַז קיין מיידלעך האָבן פאַר אַבקען און אויך פאַר וועלפקען ניט עקזיס־טירט, אַזוי ווי זייער מין וואָלט גאָר אויף דער וועלט ניט געווען.

אמת, וועלפקע האָט קאָרעספּאָנדירט מיט ר׳ ישראל דראַזדאָווסקיס טאָכטער פון לאָמזשע. ער האָט איר געשריבן אָפּטע און לאַנגע בריוו. אָבער זיי אַלע האָט אונטערגעשריבן רחקע. און אין בריוולעך־אויסטויש פון צוויי מיידלעך האָט דאָך ניט געקאָנט זיין קיין אָפּענע עראָטיק, סיידן פאַרהוילענע, לעסבי־אַנישע. זענען טאַקע די בריוולעך געווען פול מיט חקירות וועגן ייִדישע נאַציאָנאַלע אָנגעלעגנ־הייטן.

לכן, אַזוי ווי פּריקת־עול־שמים האָט, לויט די אָנגענומענע השגות אין אָס־טראָוו צווישן די חסידים, געמוזט זיין באַגלייט אָדער אומפאַרמיידלעך פאַרקניפּט מיט האָבן צו טאָן מיט מיידלעך און אין דעם האָט מען דעם רבס זין ניט געקענט אינקרימינירן, האָבן זיך געפונען איניקע, וואָס האָבן זיך אָנגענומען פאַר זיי.

---

1) שבת, ל״ג.

צווישן זייערע סניגורס איז געווען ר׳ בן־ציון, אַ מקורב פון גערער רבין. ער האָט מיט אים צוזאַמען געלערנט ביים חידושי הרי״ם, וואָס איז געווען אַ תלמיד פון ר׳ מענדעלע קאָצקער. דערנאָך איז ער געוואָרן דעם קאָצקערס אַ שוואָגער. ר׳ יצחק מאיר ראָטענבערג־אַלטער איז געווען אַן איידעם פון משה חלפן, אַ וואַרשעווער נגיד. ר׳ מענדעלעס צווייטע ווייב איז געווען אַ שוועסטער פון יצחק מאירס ווייב.

ר׳ בן־ציון האָט אין גערער שטיבל, ווו עס האָט זיך געטומלט וועגן דעם רבס זין, אויסגעשריִען אויפן קול מיט גרויס רוגזא:

— ווער עס וועט רעדן אַ וואָרט פון זלזול אויף דעם רבס זין וועל איך געבן פעטש...

אַזוי זיכער איז ר׳ בן־ציון געווען אין זייער אומשולדיקייט, אַז דאָס באַרעדן זיי האָט ער אָנגענומען פאַר געמיינער לשון־הרע.

חנה־גיטל, ר׳ בן־ציונס ווייב, איז געקומען צו דער רביצין און האָט איר איבערגעגעבן, אַז מע רעדט אויף בלומען, דעם רבס עלטסטער טאָכטער. מע האָט אויסגעטראַכט אויף איר אַ בילבול, אַז זי לערנט מיט באַלעבאַטישע טעכטער העברעיִש. זי גלייבט אָבער ניט, אַז בלומע, וואָס איז אַזאַ ווילע טייערע גאָטס־פאַרכטיקע יִידישע טאָכטער, וועט טאָן אַזאַ זינדפולע זאַך...

ר׳ בן־ציון איז געקומען צום רב און האָט איבערגעגעבן וועגן דעם אינצי־דענט אין שטיבל אין דעם דערבייזיין פון אַבקען, וואָס האָט באַוווּנדערט ר׳ בן־ציונס תמימות. טיפער פון דער קאַפּאָטע און פּיאות האָט ער ניט געקוקט, ניט בודק געווען, געגלייבט אין זיינע פריינט...

דער רב האָט ר׳ בן־ציונען אויסגעהערט און האָט פאַרכמורעט געשוויגן. ער האָט גאַנץ גוט געוווּסט, אַז די באַרעדערס זענען געווען גערעכט און ר׳ בן־ציון מיט זיין אָנבאַטן פעטש האָט געלעבט אין טעות. ער האָט זיך ערנסט פאַר־טראַכט וועגן אַרויסראַטעווען זיך פון דער צרהדיקער לאַגע. דאָס הייסט, ער דאַרף אַרויספאָרן פון שטאָט איידער מע וועט אים אַרויסטרייבן צוליב זיינע קינ־דער און דעם טשיקאַוון בית־הרב, אין וועלכן מע רעדט „עברית״.

איז ער קלאָמפּערשט אָוועקגעפאָרן באַזוכן זיין שווער, ר׳ סענדערן אין ניש־טאַנישעק. באמת האָט ער געהאַט אין זינען צו זען אויף דער נסיעה צו קריגן אַ רבנות־שטעל אין ליטע. ער האָט געוואָרפן אַן אויג אויף סמאַרגאָן, מינסקער גובערניע, וואָס איז זייער נאָענט פון נישטאַנישעק.

כך הווה. ער האָט געקראָגן אַ כתב־רבנות. דאָרט איז געווען עפּעס נאָך אַ רב, ר׳ מנשה גינזבורג, אָבער ער איז ניט געווען דער אָפיציעלער רב פון דער קהילה. ער איז קלאָמפּערשט געווען דער חסידישער רב.

ר׳ יהודה־לייב איז פון זיין רייזע געקומען צוריק מיט דער גוטער בשורה, אַז זיי קלייבן זיך אַרויס פון אָסטראָוו קיין סמאַרגאָן. די רביצין איז געווען אומ־צופרידן. זי האָט געוווּסט, אַז אין אייגענעם דאַרף קען מען קיין נביא ניט ווערן 1), און סמאַרגאָן איז דאָך כמעט איר געבוירנפּלאַץ. וועט מען איר דאָרט קיין כבוד ניט צוטיילן. עס איז אָבער געווען אַ לית־ברירה־סיטואַציע.

---

1) מאַרקוס, 6. 4; לוקאַס, 4. 21; יוחנן, 4. 44.

דער רב איז אויך געווען אומצופֿירדן. אָבער אונטער די אומשטענדן איז עס געווען ממש אַן אויסלייזונג. ער וועט באַצייטנס אַוועק און עס וועט ניט קומען צו אַן אָפֿענעם סקאַנדאַל און צו חרפּות און בזיונות.

אַבקע און וועלפּקע ווי אויך די שוועסטער זענען געווען איבערגליקלעך. זיי ווערן פּטור פֿון די ווילדע פֿאַנאַטישע חסידים. זיי וועלן ניט זיין מער קיין „אנור־כים". אין סמאַרגאָן וועלן זיי אָנגיין אָפֿן מיט זייער העברעיִש־ציוניסטישער טעטיקייט.

## 130

## צו פֿרייהייט — אַנטוישונג

דער רב מיט דער רביצין און די טעכטער און ייִנגסטן זון זענען אַוועק־געפֿאָרן די ערשטע. אַבקע און וועלפּקע — די לעצטע און אַליין.

אַבקע האָט זיך געזעגנט מיט די חברים פֿון זייער קליינער אגודה, דערהויפּט מיט שוואַרצן. אים האָט ער איבערגעלאָזן צו פֿאַרנעמען זיין פּלאַץ און אָנפֿירן מיט דער אַרבעט. ביים געזעגענען זיך האָט שמואלקע שוואַרץ שיִער זיך ניט פֿאַנאַנדערגעוויינט.

— אַצינד, אַז איר פֿאָרט אַוועק, וועט דער פֿאַנאַטיזם נאָך שטאַרקער און ווילדער ווערן. דיין טאַטע, ווי דער מרא דאתרא, האָט געהאַט אַן איינטאַמעוועוו־דיקע ווירקונג אויף די היגע פֿאַנאַטיקערס. זיי האָבן זיך ניט געקענט צעפֿירן מיט די הענט. מיר בלייבן דאָ ווי שעפּסן צווישן וועלף. זיי וועלן אונדז פֿאַרצוקן.

אַבקע און וועלפּקע זענען געפֿאָרן דורך ביאַליסטאָק. זיי האָבן מיט אַ כּיוון אַזוי מאַרקירט זייער מאַרשרוט, כּדי זיי זאָלן זיך קענען באַגעגענען מיט פֿריילן דראַזדאָווסקי, וואָס האָט צו אַ געוויסער מאָס זיי געגעבן דעם ערשטן שטויס און אָנווייז זיך אַ קער צו טאָן פֿון רוסיש צו העברעיִש. זיי האָבן געוווּסט, אַז זי איז אַ לערערן, גיט העברעיִשע פּריוואַטע לעקציעס דאָ, אין דער „עיר ואם בישראל", אין כּרך ביאַליסטאָק.

זיי האָבן אין איר געזען די מוסטערהאַפֿטע ייִדישע טאָכטער, דאָס מיידל מיט אַלע מעלות, אַן אידעאַלער טיפּ: אי שיין, אי העברעיִש געבילדעט, אי קלוג, אי רייצנדיק. וועגן אַזאַ האָבן זיי קוים געוואַגט צו טרוימען. וועלפּקע האָט מיט איר קאָרעספּאָנדירט אַ גאַנצן יאָר און צום סוף האָט רחקע איר אויסגעזאָגט דעם אמת, ווער דער שרייבער איז געווען, זי האָט זיך ניט געוואָלט פּוצן אין פֿרעמדע פֿע־דערן. די בריוו זענען געווען איבער אירע כּוחות און קענטעניש.

הכּלל, זיי זענען פֿאַרפֿאָרן צו כייקל ווילענסקי, וואָס איז געווען אין אָסטראָוו אי חזן און אי לעדערהענדלער. דער חזן מיטן רב און די חזנטע מיט דער רבי־צין זענען געווען אמתע ידידים. אַבקע האָט אָפֿט באַזוכט דעם חזן, און דעם חזנס קינדער, יונגע מיידעלעך. זענען געווען ביים רב מער ווי ביי זיך אינדערהיים, אַפֿילו מיטן געלעגער זיי אָפֿט באַזאָרגט אויפֿן שענסטן פֿריינטלעכסטן אופֿן, וועגן עסן איז דאָך אָפּגערעדט.

אַבקע און וועלפּקע האָבן געהאַט איר אַדרעס. זענען זיי אַוועק זי אויפֿזוכן.

דאָס האָט געגומען צייט, האָבן זיי זי געפונען ערשט שפּעטלעך אין אָוונט. געכאַפּט מיט איר אַ שפּאַציר איבער די גאַסן און אַ שמועס, פאַרשטייט זיך, אין העברעיִש.

וואָס פאַראַ אַנטוישונג! זי איז גאָרניט געווען די זעלביקע וואָס אויף דער זומערוווינונג אין פּאָדגזשיבאָווסקי! בינתיים זענען פאַרלאָפן אַ פּאָר יאָר. די עסקים ביי איר טאַטן זענען אַוועק שלעכט, געפאַלן מיט דער פוטער אַראָפּ. דערצו איז זי געוואָרן מיט אַ פּאָר יאָר עלטער. זי איז געווען אָרים אָנגעטאָן. זי האָט אויסגעזען פאַרמאַטערט. זי האָט זיך, הפנים, אָפּגעגעבן מיט דריי־גראָשענע לעקציעס. זי האָט אָפּגעבליאַקעוועט מער ווי אַביסל. אַ מיידל אַליין אינדערפרעמד, פאַרוואָרלאָזט. זי האָט געוועקט רחמנות, ניט באַגייסטערונג, פאַרהערלעכונג, אַנטציקונג. זי איז אינגאַנצן אַרונטער פון איר בת־מלכהדיקער גדולה. אָבער די הויפּטאַנטוישונג איז געקומען פון איר מאָגערן, קוים־זשיפּענדיקן העברעיִש־רעדן.

אַ צויבערנדיקע אילוזיע, אַ שיינער רעגנבויגנדיקער אויפשפּיל פון קאָלירן איז אויסגערונען.

אַבקע האָט זיך געפילט ווי איינער, וואָס דערוואַרט צו זען אַ פּראַכטפולן פּאַלאַץ און געפינט אָנשטאָט דעם אַ בערגל רויִנען, האַלאָוועשקעס און אַ הויפן אַש. וועלפקע האָט זיך געפילט נאָך שמערצלעכער, נאָך פיל יסורימדיקער. ער האָט איבערגעחזרט דעם קלאַסישן אויסדרוק „הזאת נעמי?״ 1). ער האָט דערוואַרט צו באַגעגענען רות, אָבער זי איז שיער ניט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דער פאַרצרהטער נעמי...

— וואָס האָט מיט איר פּאַסירט? — האָבן זיי זיך אַליין און איינער דעם אַנדערן געפרעגט.

די צייט מאַכט, הפנים, פון אַלץ אַ תל. זיי זענען אויסגעוואַקסן. אין פּאָדגזשיבאָווסקי זענען זיי געווען נאָך נאַיִווע קינדער. זיי האָבן צו איר אַרויפגעקוקט, נתפעל געוואָרן פון אירע העברעיִשע און דערעיקרשט ליטעראַטור־קענטעניש, אַנטציקט געוואָרן פון איר רייצנדיקער שיינקייט. ווו זענען געווען זייערע אויגן? קענען אַ פּאָר יאָר אָנטאָן אַזויפיל שאָדן צו אַ מיידלשן פּנים און פיגור? הפנים זיי האָבן זי דעמאָלט ניט געזען מיט זייערע פלײשיקע אויגן, נייערט מיט זייער באַטרונקענער פאַנטאַזיע. זיי האָבן זיך געשאַפן אינגאַנצן אַ פאַלשע פאָרשטעלונג וועגן איר.

זיי האָבן זיך געשיידט — מער זיך ניט צו טרעפן און אַפילו ניט צו קאָרעספּאָנדירן.

דער פאַרדרוס איז געווען קעגנזייטיק. זי האָט פון זייערע פּנימער, פון זייער גאַנצן באַנעמען זיך, אַראָפּגעלייענט זייער טיפע אַנטוישונג אין איר. זי האָט זיך דערפילט ווי אַן אַראָפּגעפאַלענער מלאך, אַן אַנטקרוינטער קומיר, עני־ואביונדיק אין אַלע פּשטים. עס איז אין איר ניט געווען קיין טראָפּן לעבנספרייד. בעת אַבקע און וועלפקע האָבן געברויזט, געווען אָנגעגאָסן מיט שמחה ביז צום ראַנד: זיי זענען אַרויס פון קנעכטשאַפט. עס ליגט פאַר זיי אָפן אַ פרייע ייִדישע וועלט. אַ קלייניקייט וואָס זיי גייען אויפטאָן פאַר העברעיִש! און זי איז דאָך געווען די ערשטע, וואָס האָט זיי שיער ניט באַוויזן זיך צו פאַרקירעווען אויף דעם גלאָררייכן וועג פון פולן ייִדישן רענעסאַנס.

---

1) מגילת רות. א׳, י״ט.

## 131

# אַ מענטש ווייסט ניט וווהין ער קומט

אַבקע און וועלפקע זענען אָנגעקומען בשלום אויף דער סטאַנציע־סמאַרגאָן.

עס איז געווען ווינטערצייט. ביידע זענען געווען „אויסגעפראַנטעוועטע", אין נייע אָנצוגן; די אַלטע בגדים זענען דאָך געווען לאַנגע חסידישע קאַפּאָטעס; אין נייע אויבערמאַנטלען, נייע קאַפּעליושן, נייע שיך, הכלל, מע האָט געדאַרפט מאַכן אויף זיי „תתחדש" פון קאָפּ ביז די פיס. די זון האָט געשיינט. עס איז געווען אַ פראָסטיקער, אָבער אַ מחיהדיקער טאָג. דער שניי האָט געסקריפּעט אונטער די פיס און געפינקלט האָט ער מיט אָן אַ שיעור און אָן אַ צאָל דימענטן און בריליאַנטן, וואָס זענען געווען צעוואָרפן איבערן גאַנצן פעלד, ווי ווייט דאָס אויג האָט געכאַפּט, פון ביידע זייטן פון די שטאָלענע אײַזנבאַן־פּאַסן.

ביידע זענען געווען ליידנשאַפטלעכע שפּאַצירערס. גיין, אָפּגיין וויאָרסטן איז געווען דער איינציקער מיטל פון פיזישע איבונגען, וואָס זיי האָבן פּראַקטיצירט. מיט קיין אַנדער סאָרט גימנאַסטיק האָבן זיי זיך ניט פאַרנומען. אויך ווען זיי האָבן זיך געדאַרפט מיישב־זיין, איבעררײדן וועגן אַ וויכטיקן ענין האָבן זיי עס געטאָן אויף אַ שפּאַצירגאַנג הינטער דער שטאָט, אין פעלד, 1) ווי די גמרא רעקאָמענדירט צו טאָן, ניט אין דער ענגשאַפּט פון אַ צימער, וווּ מ'איז קיינמאָל ניט פאַרזיכערט קעגן אומגעוווּנטשענע אונטערהערערס.

זיי האָבן באמת געהאַט אַ תאווה צו פעריפּאַטעטיקס. אַפילו אין אָסטראָוו, וווּ שפּאַצירן איז געווען פאַררעכנט פאַר אַ מין קלות, וואָס פּאַסט ניט פאַר קיין בחור, אַ לערנער, האָבן זיי אויך אַרומגעשפּאַצירט. אַ מאָל איז עס געווען לשם איבערקאָכן די איבערלאָדעניש פון שפּייז, פּסח, נאָך די פאַרצויגענע און אכילה־גסהדיקע סדרים. אַן אַנדערשמאָל איז עס געווען זונטיק, כדי זיך צו רייצן מיטן אַסימילירטן ייִדן, דעם אַדוואָקאַט יעזשערסקי, נחום סאָקאָלאָווס אַ געוועזענער חבר פון קינדוויז אויף, זיי קומען ביידע פון איין שטעטל, פון מאַקאָווע, וווּ זיי האָבן אויף איין בוידעם געלייענט צוזאַמען מאַפּוס „אהבת ציון", — און אים אַ זאָג טאָן, אויפן קול, אין געהער־תחום פון די מיטשפּאַצירערס און צוריקגייערס פון קאָשטשיזל, אַ ברייטן „גוט שבת!". אַמאָל זענען זיי גאָר אַוועק ווייט אין וואַלד, כדי צו רעדן, אומגעשטערט און אָן פּחד אונטערגעהערט צו ווערן, צווישן זיך רוסיש און זיך איבן אין דערדאָזיקער פרעמדשפּראַכיקער קאָנווערזאַציע.

אין אַלע דידאָזיקע און אַנדערע פאַלן איז דער עיקר־תכלית געווען דאָס שפּאַצירן לשם שפּאַצירן, ווי אַ זעלבסטצוועק; די איבעריקע מאָטיוון זענען בלויז געווען תירוצים צו פאַרענטפערן אָט־די תאווה.

אַז דער שניי האָט געבלישטשעט און פאַרבלענדט די אייגן, דער הימל האָט טיף געבלויט, האָבן זיך די צוויי העלדן אונדזערע, אָנשטאָט צו גיין דירעקט אַהיים, זען זיך מיט דעם טאַטן און מאַמען און ברודער און שוועסטערס, זיך אַרויסגעלאָזט גלייך פון קליינטשיקן וואָקזאַל אויף אַ לוסטשפּאַציר. זיי זענען אַוועק מיטן איינ־

1) ברכות, ח'.

געפאַרענעם און אָנגעפּאָרענעם שליטוועג. זיי האָבן איבערגעהאַקט די רעלסן. ביי די רעלסן, ווו אַ וועג האָט זיי איבערגעשניטן, זענען געשטאַנען, האָבן זיי געזען אַ כאַפּטע זשאַנדאַרן און פּאָליציאַנטן. אַז אַבקע מיט וועלפקען זענען צוגעקומען, האָבן זיי זיך העפלעך צערוקט און געמאַכט פאַר די פּעריפּאַטעטיקערס אַ פרייען דורכגאַנג, אַ וואַרע.

זיי האָבן עס באַמערקט, אָבער אָט־דער האַנדלונג פון דעם צאַרס משרתים האָבן זיי געשאָנקען זייער ווייניק אויפמערקזאַמקייט. עס שטייען באַוואָפנטע וואַכ־לייט, זאָלן זיי שטיין. אַבי זיי האָבן זיי דורכגעלאָזט און נאָך מיט דרך־ארץ. זיי האָבן זיך ניט געפרעגט: „מה יום מיומים? אָדער מה נשתנה היום הזה?”, פאַרוואָס עפּעס אַ גאַנצע כנופיא פון צאַרס סטראַפּטשעס אין מיטן העלן טאָג אויפן פעלד לעבן די רעלסן?

זיי זענען געווען פאַרטיפט אין אַ שמועס, באַטראַכט זייערע פלענער פאַר פּראָפּאַגאַנדע פון טעריטאָריאַליזם און ריינעם, אָן אַ צומיש פון יודאַיזם, העברע־איזם, — אין סמאַרגאַן, ווו זיי קענען עס טאָן אָפן, אָן אַ צוזאַמענשטויס מיט די ווילדע פאַנאַטיקערס פונדרויסן, אָבער ניט אָן דערוואַרטע שוועריקייטן אין שטוב, ווו זיי וועלן נאָך פאַר אַ שטיקל צייט מוזן בלייבן אנוסים, צו אַ געוויסער מאָס.

אַוועק אַ שעה, צוויי. זיי האָבן געגומען דערפילן דעם פראָסט און אַ טראַכט געטאָן, אַז עס איז צייט צו גיין צוריק, אַניט וועלן זיי אין בין־השמשות דאַרפן גיין זוכן דעם רבס הויז אין אָט־דער אומבאַקאַנטער שטאָט, אַ זאַך, וואָס איז ניט זייער אַנגענעם.

ווי נאָר זיי זענען צוגעקומען צום פונקט, ווו די זשאַנדאַרן זענען געשטאַנען, האָבן די לעצטע זיך ניט אָפּגערוקט, ווי זיי האָבן דערוואַרט אויפן סמך פון זייער פריערדיקער האַנדלונג. נאָר האָבן זיך אַ וואָרף־געטאָן צו זיי, אַרומגערינגלט — און זייביידן פאַרהאַלטן.

פראַגעס האָבן זיך אַ שאָט־געטאָן פלינק און געדיכט.

— פונוואַנעט קומט איר?

— וווהין גייט איר?

— ווער זייט איר?

מיט די פראַגעס זענען די געפרעגטע געווען גאַנץ גוט באַקאַנט פון „אבות” 1).

אָבער זיירע ענטפער איז געווען ניט קיין אבותדיקער: „פון אַ פאַרשטונקענעם טראָפּן”, נאָר „פון ביאַליסטאָק”.

אין די נאָזלעכער פון די זשאַנדאַרן האָט דערדאָזיקער ענטפער געשמעקט מיט פולווער, מיט אויפגעריסענעם דינאַמיט, מיט באָמבעס געוואָרפענע.

אַבקע האָט אומבאַזאַכט אַ צי־אַראָפּ־געטאָן אַ הענטשקע פון דער רעכטער האַנט. דער זשאַנדאַר, וואָס האָט אים געהאַלטן אונטערן אָרעם און אים געפירט, האָט אים פלוצלונג אָפּגעלאָזט און געגעבן אַן אַקראָבאַטישן שפּרונג אַוועק — אויף אַ היפּשן שטח.

אַבקע האָט לכתחילה ניט באַגריפן, וואָס דאָ האָט פּאַסירט, וואָס האָט דער זשאַנדאַר זיך אַזוי איבערגעשראָקן. ער האָט זיך אָבער גלייך געכאַפּט: אַזוי ווי

---

1) אבות, ג׳, א׳.

זיי קומען צו פאָרן דירעקט פון ביאַליסטאָק און ביאַליסטאָק איז אַ נעסט פון אַנאַר־כיסטן־טעראָריסטן, לכן האָט אַבקע געהאַט אין דער הענטשקע אַ באָמבע, איז אויס־געקומען פונעם זשאַנדאַרס מורא, וואָס האָט גרויסע אויגן.

הכלל דאָ האָט זיך אָפּגעשפּילט אַ טראַגי־קאָמעדיע פון מיספאַרשטענ־דענישן.

— צו וואָס זענט איר דאָ געגאַנגען לעבן די רעלסן, ביי דעם בריקל?

— גלאַט אַזוי זיך דורכגעשפּאַצירט.

— אין אַזאַ ברענענדיקן פראָסט?

— ווען מען מיינט איר עס אָפּצונאַרן!

אמת איז דאָס, וואָס ס'איז וואַרשיינלעך. וואָס ס'איז ניט וואַרשיינלעך, מעג עס זיין דער ריינער אמת, וועט עס פאַר קיין אמת ניט אָנגענומען ווערן.

וועלכער משוגענער וועט זיך עס אַרויסלאָזן אויף אַ שפּאַציר אין אַ פראָסט גלייך פון וואָקזאַל און וועט נישט גיין אַהיים! משונה תהלוכות. איז דען דער זשאַנדאַר מחויב צו וויסן אַז עד האָט דאָ פאַר זיך צוויי ניט־קיין־דורכשניטלעכע פאַרשוינען, נייערט אייגנאַרטיקע „אַרעסטאַנטן", וואָס האָבן זיך, על פי נס, אַרויס־געריסן פון זייער אָבסקוראַנטיזם־תפיסה און זיי פייערן עס אויף אַ טשיקאַווען אופן זייער באַפרייונג און באַנייונג, הן אין גייסטיקן און הן אין סאַרטאָרישן באַטייט פון וואָרט „באַנייונג"! עפּעס אַ שפּאַס! מיט איין קלאַפּ פּטור געוואָרן פון די חסי־דים! זיי קענען רעדן העברעיש און רוסיש וויפל זייער האַרץ געלוסט, פּטור גע־וואָרן פון דער ווילדער הלבשה, פון די קאַפּאָטעס מיט די גאַרטלען, פון די מאָדנע היטעלעך מיט די דענקעס, פון די טשיקאַווע שיך און זאָקן. ווי האָט עס גאָר געקענט איינפאַלן די זשאַנדאַרן און פּאָליציאַנטן, אַז פאַר זיי שטייען צוויי אַנוּ־סים פון שפּאַניע, וואָס האָבן זיך אַרויסגעראַטעוועט פון דער אינקוויזיציע און געפינען זיך אין אַמסטערדאַם, אין פרייען האָלאַנד...

די מעשה איז געווען די: דער צאַר ניקאָלאַי האָט באַדאַרפט, היינט־מאָרגן, דורכפאָרן אויף אָט־דער ליניע. אונטערוועגס האָבן זיי פאַרפעלט צו לייענען אַ צייטונג און זיי האָבן גאָרנישט געוווּסט וועגן דעם. זיי האָבן טאַקע באַמערקט, אַז די ליניע איז באַוואַכט, — אָבער וואָס האָט עס מיט זיי צו טאָן!

זיי זענען געווען איבערגעגעבענע העברעיסטן־ציוניסטן. זיי איז שטאַרק גע־פעלן געווען דאָס מעשהלע, וואָס הערצל האָט דערציילט, מיטן מוסר־השכל, אַז אַ קיניג דאַרף ניט זוכן קיין קנעלונג. זיי האַלטן ערב ווערן מלכים: איינשאַפן זיך אַ לאַנד, גרינדן אַ יידישע מלוכה, און זיי האָבן זיך ניט פאַרנומען מיט דער קנע־לונג, וואָס הייסט רעוואָלוציע. יידן, לויט זייער פאַרשטיין נאָך, דאַרפן האָבן אין זינען איין זאַך און אויף דעם קאָנצענטרירן זייער גאַנצע אויפמערקזאַמקייט און ווילנסקראַפט — אויסלייזונג, איין מאָל פאַר אַלע מאָל זיך אַרויסרייסן פון שיעבוד גליות־קלעם, סיי פּאָליטיש און סיי גייסטיק. פאַר דעם גרויסן צוועק דאַרף מאָ־ביליזירט ווערן יעדע אונץ פון יידישער ענערגיע.

מע האָט זיי ביידן אַריינגעזעצט אין „חד־גדיא".

אָט אַזוי האָבן זיי אַראָפּגעשלונגען דעם ערשטן ביסן פון מאכל, וואָס הייסט „פרייהייט"

יאָ פרייהייט, ניט פרייהייט, עפּעס אין מויל מוז מען דאָך נעמען. מ'איז דאָך

לעבעדיקע מענטשן מיט אָנשיקענישן מאָגנס, וואָס מאָנען זייערס, און וויפל העבּרעישע ווערטער און זאַכן זיי שלונגען ניט אַראָפּ, בלייבן זיי אַלץ נאָך הונגעריק. די קישקע לאָזט זיך ניט פאַררײדן; עס איז שוין געווען עטלעכע שעה נאָך מיטיקצייט און זיי האָבן נאָך קיין פרישטיק ניט געהאַט.

צום גליק איז ביי זיי געבליבן אַ ביסל געלט פון די הוצאות־הדרך, וואָס זיי האָבן געקראָגן ניט צוגעציילט ביזן לעצטן גראָשן. האָבן זיי געגעבן אַ פאָר זילבערנע מטבעות איינעם פון די שומרים און אים געבעטן קויפן מחיה זיך אונטערצולעבען דאָס האַרץ, געזאָגט בפירוש, אַז זיי ווילן ער זאָל פאַר זיי קויפן אַ פאָר בולקעס און אַ פאָר קעזלעך.

דער שומר, ברענגענדיק זיי די שפּייז, האָט זיך מיט זיי גערייצט. ער האָט זיי פאָרגעלייגט חזיר־ווורשטלעך, וואָס ער האָט איינגעהאַנדלט פאַר זיך טאָקע פאַר זייער געלט, אַ טייל פון וועלכן ער האָט „עקספּראָפּריאירט“ על פּי יושר, ווי שכר־הליכה פאַר זיין טירחה.

## 132

## באַפרייט

זיך אונטערגעלעגט דאָס האַרץ, האָבן זיי גענומען טראַכטן: ווי לאָזט מען וויסן אין הויז, אַז זיי זענען גאָר אין קוטוזקע. נישקשה פון אַ קבלת־פּנים האָבן זיי עס געקראָגן אין סמארגאָן!

אָבער דאָס לאָזן וויסן איז שוין געטאָן געוואָרן אָן זיי. סמארגאָן, כאָטש אַ עיר ואם בישראל, האָט געהאַט אַ שטאַרקע בונדישע אָרגאַניזאַציע, אַ היפּשע מיטגלידערשאַפט אין אַנדערע רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס; זי האָט געהאַט אַ רייכע טראַדיציע פון סיניצקין, אַ באַקאַנטן פאָלקיסטישן רעוואָלוציאָנער, וואָס איז געווען פאַרשיקט; אַ סך לעדער־קאָמיסיאָנערן, וואָס שפּאַרן־אָן מיט זייער סחורה אַזש אין די ווייטסטע מקומות אין סיביר, איז נאָך אַלץ אַ ייִדיש שטעטל, ווו אַלע קענען אַלעמען און ווו יעדעס צאַפּלדיקע שטיקל נייס צעטראָגט זיך כהרף־עין איבער אַלע גאַסן און געסלעך, קראָמען און הייזער, קלויזן און בתי־מדרשים.

און דאָ אַזאַ אויפרייסנדיקע געשעעניש: אינמיטן העלן טאָג האָט מען דורכגעפירט דורך דער גאַנצער שטאָט צוויי ייִדישע יונגעלייט אונטער אַ שטאַרקער זשאַנדאַרמען־שמירה. איז ווער זענען זיי? וואָס אַזעלכעס האָבן זיי געטאָן? די בונדאָוועצעס האָבן זייערע אַלע חברים געקאָנט. די סאָציאַל־דעמאָקראַטן — דאָס אייגענע. לכן, זענען עס פרעמדע אויסגעפּוצטע בחורים. האָט מען זיך געכאַפּט, אַז דאָס מוזן זיין דעם רבס צוויי זין, וואָס מע האָט היינט דערוואַרט.

האָט מען דערטראָגן די נייס ביז אין רבס שטוב אַריין. דער רב האָט זיך גלייך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיטן שטאָט־שתדלן, אַ ייִד אַ שם־דבר, אַ קהלשע קליאַמקע. געווען אויסגעבונדן מיט „נאַטשאַלסטווא“, מיט דעם רעפּרעזענטאַנט פון דער צאַרישער מאַכט. אין זיין קאַפּאַציטעט פון אַ כאַבאַר־איבערגעבער, הן פון יחידים און הן פון דער „קהילה הקדושה“.

מ׳שטיינס־געזאָגט די מאַכט אין סמארגאָן. העכער פון דעם ראַנג פון אַ פריסטאַוו איז די ציווילע מאַכט ניט געגאַנגען.

הכל, די מיספאַרשטענדעניש האָט זיך אויפגעקלערט און די „אַרעסטאַנטן", די פּאָליטישע פאַרברעכערס, האָט מען נאָך אַן אונטערזוכונג און אויספרעגונג און נאָך אַ נאַכט־אָפּהושכן אין תפיסה, אַרויסגעלאָזט. זיי זענען געקומען בשלום אַהיים. די שמחה איז געווען גרויס, אָבער ווייט פון פול.

די שאַרפע רייבונגען אין שטוב זענען פיל טעמפּער געוואָרן. ציוניזם־העברע־איזם זענען אין כמאַרגאָן ניט געווען קיין פאַרבאָטענע אַרטיקלען. אָבער העברעיִזם, וואָס דערפירט צום עקסטרעם פון וועלטלעכקייט און אַטעיִזם, איז ניט אין שטוב און ניט אין שטאָט געווען אַ גאַנגבאַרער אַרטיקל. און די צוויי ברידער זענען געווען הונדערט־פּראָצענטיקע גאָט־פאַרניינערס, כאָטש ניט קיין גאָט־לעסטערערס. זיי זענען געווען קעגנערס פון גלותדיקן שטייגער־לעבן, עקיקע כנגדים פון די ייִדישע איינגעפונדעוועטע מנהגים. דאָך, אויסערלעך, האָבן זיי נאָך אַלץ אָנגעהאַלטן אַ טראַדיציאָנעלע־רעליגיעזע סטאַטעטשנעקייט. זיי האָבן זיך געוואַשן צום עסן, כלומרשט געמאַכט אַ ברכה, כלומרשט געשעפּטשעט אַ ברכת־המזון נאָכן עסן, כלומרשט געדאַוונט, געלייגט תפילין.

איז ווי באַפרייט מען זיך פון דעם אַלעם? דאָס איז געווען די קאַרדינאַלע פראַגע, וואָס האָט זיי שטאַרק באַאומרויִקט.

## 133

## פּראָבלעמען

דער מאַראַנענטום, די פאַרשטעלעניש, דאָס אויספּילן צערעמאָניעס, ריטואַלן איבערגעוואַלד — איז זיי געקראָכן פון האַלדז. אָבער אַרויסשפּרינגען פון די מצוות־מעשיות־האַלאָבליעס אינגאַנצן און אויפאַמאָל האָבן זיי ניט געקענט פועלן ביי זיך. זיי האָבן ניט געהאַט גענוג דרייסטקייט מעיז צו זיין קעגן פאָטער. אָבער גיין לאַנג אין שפּאַן — וועלן זיי זיכער ניט, אַזוי אַז שווערע קאַמפן שטייען זיי פאָר און זיי דאַרפן זיך אונטערגאַרטלען.

וואָס עס זאָל ניט זיין, וואָס עס זאָל ניט געשען, אייך זאַך איז קלאָר: פון מצרים, פון אָסטראָוו, זענען זיי אַרויס; זיך אַרויסגעריסן פון דער חסידישער סביבה מיט די עבודה־זרהניקעס, שיער ניט קאַטוילישע גלחים־יעזויִטן־„רביים". זיי האָבן אָפּגעאָטעמט פריי. אַציגד וועט דער צוזאַמענשטויס פאָרקומען מיטן אייגענעם טאַטן, און אויף קיין צופיל שטיצע פון דער אומגעבונג קען ער ניט דער־חאַרטן.

זיי האָבן באַטראַכט זייער לאַגע זייער ערנסט. קיין פייגעלעך איז בזעם האָבן זיי זיך ניט געלייגט. זיי האָבן גוט תופס געווען, אַז זייער פאָטערס און מוטערס טאָלעראַנץ וועט גיין בלויז ביז אַ געוויסער ליניע און דאָרט זיך אָפּשטעלן. אויף אַ פולבלוטיקן אַגרעסיוון אַטעיִזם וועט קיין רב ניט איינגיין, ווי אויפקלערעריש, משכיליש ער זאָל ניט זיין. האָבן זיי געדאַרפט אויסאַרבעטן אַ טאַקטיק, אַ סטראַטעגישן פּלאַן.

אויף זייער שפּאַציר האָבן זיי זיך באַראַטן ווי צו האַנדלען, ווען זיי וועלן קומען אַהיים. זיי האָבן ניט געוואָלט אַריינפאַלן אין שטוב בישט־צוגעגרייטערהייט.

דאָס „זיצן" האָבן זיי באַטראַכט ווי אַ נאַרישן עפּיזאָד פאַראורזאַכט פון זשאַנדאַרן, וואָס טאַפּן אַ וואַנט, ווייסן ניט ווו איין און ווו אויס. אָבער שיקזאַלהאַפּטע אָנצוהערעניש איז פאָרט אין דעם געלעגן...

די ערשטע זאַך, וואָס זיי האָבן געטאָן, איז געווען אַוועקגיין אין בית־מדרש כלומרשט דאַוונען; אויב אַנוסים איז כאָטש אויסנוצן זייער אַנוסימשאַפט, און זען, צי עס זענען דאָרט פאַראַן לערנערס און אויב יאָ, זיי אויפקלערן, אַרויסשלעפּן זיי פון בית־מדרשדיקן זומפּ.

ווי אַזוי? דאָ דאַרף מען אויך געברויכן טאַקט און טאַקטיק. זיי וועלן נוצן ביאַליקן און זיין „המתמיד" ווי אַ קלין. אָט־די פּאָעמע דאַרף אַפּעלירן צו יעדן בית־מדרש־בחור.

געפונען האָבן זיי בסך־הכל צוויי בחורים. איינער — דער גודליעווער עילוי, שוין מיט אַ וואַזשנעם בערדל. דער צווייטער — יינגער, זשוואַווער, מיטן נאָמען וואַרשאַווסקי. זיי האָבן געגעסן טעג און אויך געקראָגן תמיכה פון דער קהילה, אַזוי אַז זיי האָבן זיך וויניטווי דורכגעשלאָגן עקאָנאָמיש און זיך געגרייט צו קריגן סמיכה און, דערנאָך, באַלעבאַטישע כלות.

דער גודליעווער עילוי איז געווען אַן אָנגעכמורעטער, אַ שווערגעמיטיקער. ער האָט ניט גערעדט, נאָר געצויגן די ווערטער ווי דראַטוועס. ער איז שוין געווען זוייט פאַרפאָרן אין די פּוסקים און געהאַלטן גאָר „קרוב למקח", ביי קריגן סמיכה און אַ כלה און קעסט; און דערנאָך, אַז דער שווער און דער אויבערשטער וועלן העלפן, באַקומען אַ רבנות־שטעלע אין אַ שטעטל די גרויס פון אַ געניץ.

וואַרשאַווסקי איז געווען אַ בלאָנדער, אַ לעבנסלוסטיקער, אַ באַריידעוודיקער, שיער ניט אַ גאַנצער מטיף. ער האָט געהאַט אַ פיינעם כוח־הדיבור און האָט קולטיווירט די קונסט פון שמועסעריי.

די ברידער א. און וו. האָבן מיט ביידן געשלאָסן אַ פריינטשאַפט. ביאַליק האָט גוט געדינט אין זייערע הענט, ריכטיקער אין זייערע מיילער, ווי אַן אומפעלערהאַפטער מויערברעכער דורכצוברעכן די ווענט פון דער גייסטיקער געטאָפּעסטונג.

זיי זענען ביידע געוואָרן איינגייערס אין בית־הרב און זיך אויך באַקענט מיט די בנות־הרב. דער גודליעווער עילוי האָט אַפילו נאָך אַ קורצער צייט פּרובירט, אויף אַ זייער דעליקאַטן מאַניערלעכן אופן, זיך צוצושאַרן צו דער עלטערער טאָכטער, בלומע. די צוויי בחורים האָבן זיך גענומען פלייסיק לערנען העברעיִש און זיך גערן איבן אין רעדן העברעיִש.

וואַרשאַווסקי איז געוואָרן כמעט זייערער אַן „אַסיסטענט": ער האָט זיי געהאָלפן אויפקלערן און אַגיטירן, מאַכן פאַר ציוניסטן־העברעיִסטן אַנדערע לערנערס בחורים, וואָס האָבן זיך געפונען אין די קלויזן.

דער ערשטער טראָט איז געווען אַ געראָטענער. הפנים זיי זענען גאָר ניט קיין שלעכטע אַגיטאַטאָרן פאַר העברעיִזם־ציוניזם. זיי האָבן געפּרוווט ווירקן אויף די חברטעס פון די שוועסטערס, עלטערע און יינגערע.

דער דריטער לערנער־בחור, צו וועמען זיי האָבן זיך אַ נעם־געטאָן צו

מאַכן פון אים אַ העברעיִסט־ציוניסט, האָט געהאַט אַ טאָפּלטן נאָמען, חיים־ישראל. ער איז געווען אַ חסידישן רבינס אַ זון. געווען פאַרדביקהט פרום. פון לומדות וויטלעך, אָבער ער האָט געקוועטשט די באַנק גאַנץ געשמאַק. גע־פּאַטראָנעווועט, געגעסן טעג כדת וכדין. זיין פּאַטער, דער „גוטער ייד", איז שוין לאַנג געווען אַ נפטר. ער האָט זיך געהאָדעוועט ווי אַ יתום. ביי אים איז די אַגיטאַציע אָנגעגאַנגען שווערלעך. ער איז געווען אַ האַרטע נוס איינצוקנאַקן. אַבקע האָט אים איינגעלאָדן אין הויז. ער איז געקומען אַ שעמעוודיקער, גע־בליבן פאַרברענגען אַ ווייל, אָבער האָט זיך די גאַנצע צייט געפילט ווי געפּענ־טעט, איבערהויפּט האָט ער זיך געפילט שטיף־איינגעשנורעוועט אין דער אָנ־וועזנהייט פון די דערוואַקסענע, שיינע און געבילדעטע רבס טעכטער. אָבער אַלע צוזאַמען, מיט די אַלגעמיינע כוחות פון אַבקען, וועלפקען, בלומען און רחקען, האָבן מיט דער צייט איינגענומען די פעסטונג פון זיין פאַנאַטישער פרומקייט. אויך ער איז געוואָרן אַ העברעיִסט־ציוניסט. און ווען ער איז באַקערט געוואָרן, האָט ער אויף זיין נייעם באַנעם אַריבערגעטראָגן זיין אַלטן פאַנאַטיזם און גרויסע אַנמעסיקע איבערגעגעבנקייט.

אין אים האָבן די ברידער א. און וו. געפונען אַ זייער נוצלעכן תלמיד־חבר אָדער אַדיוטאַנט.

בלויז אין איין פּונקט, דאָס איז אוגאַנדע, האָט ער באַין־אופן ניט נאָכ־געגעבן. וויפל לאָגישע, ניכטערע אַרגומענטן זיי האָבן ניט גענוצט, האָט זיי גאָרניט געהאָלפן. אַז זיי האָבן אים, אין היץ פון פּאָלעמיק, צוגעקוועטשט צו דער וואַנט, האָט ער צוגעגעבן אַז מיטן שכל זעט ער איין, אַז זיי זענען גערעכט. אָבער אויף מאָרגן, אַז זיי האָבן אים באַגעגנט, האָבן זיי אים געפונען צו זיין דער פאַרדעמדיקער ציוני־ציון. מע האָט אים פון ציוני־ציוניזם בשום־אופן ניט גע־קענט אָוועקרייסן. ארץ־ישראל איז געווען ביי אים ניט בלויז אַ שטיק פון זיין נשמה, נייערט ממש אַ שטיק פון זיין לייב. ער איז געווען צוגענאָפּלט צו ירושלים, עיר הקודש, צום הר הכרמל און צו אַלע איבעריקע היסטאָרישע און הייליקע פּלעצער. שפּעט אין אָוונט איז ער אָוועק פון רבס שטוב, דוכט זיך, אַ באַקערטער אור־גאַנדיסט, אָבער דורך דער נאַכט האָט זיך דער גאַנצער אוגאַנדיזם ביי אים אויס־געוועפּט און אינדערפרי איז ער צוריק געווען אַ פאַרברענטער ציוני־ציון.

ער האָט זיך, אונטער דער ווירקונג פון זייער אַגיטאַציע, פון אַלץ אָפּגעזאָגט: פון שבת־האַלטן, פון יום־טוב האַלטן, פון דאַוונען, אַפילו פון גלייבן אין דער עק־זיסטענץ פון גאָט — אָבער ניט פון זיין ליבע צו ארץ־ישראל. דאָס האָט מען פון זיין האַרצן ניט געקענט אַרויסרייסן.

## 134

## דעמאָנסטראַציעס

די צווייטע אַקציע פון די ברידער איז באַשטאַנען אין דעם: זיי האָבן צוזאַ־מענגעקליבן אַלע חדר־ און תלמוד־תורה־יינגלעך און אָפּגעהאַלטן מיט זיי פאַרזאַמ־לונגען פרייטיק נאָך האַלבן טאָג; זיי געלערנט העברעיִש־רעדן, זיי אָרגאַניזירט

אין קליינע פּאַרטיעס און זיי אינסטרוקטירט זיך אַרויסצולאָזן שבת נאָכמיטאָג, ווען דער ייִדישער עולם שפּאַצירט אויף דעם ברעטער־טראָטואַר אויף דער הויפּטגאַס, און זיך מישן צווישן די שפּאַצירערס און רעדן בשעת־מעשה העברעיִש דעמאָנס־טראַטיוו אויפן קול, אַזוי אַז עס זאָל זיך שאַפן דער איינדרוק, אַז העברעיִש איז געוואָרן אַ כוח אין סמאַרגאָן צווישן דעם יונגוואַרג.

אין דערדאָזיקער אַרבעט האָט חיים־ישראל זיך אַרויסגעװיזן צו זיין אַ גרויסע הילף. ער איז טאַקע געווען דער אָנפירער פון דידאָזיקע שבת־נאָכמיטיקדיקע קינדער־דעמאָנסטראַציעס. ער האָט זיך צו דעם זייער אויסגעטויגט.

אַבקע האָט זיך אונטערגענומען צו לערנען העברעיִש די ייִדיש־רוסישע לע־רערס און אויך מלמדים, אויב זיי ווילן נאָר נעמען אומזיסטע לעקציעס.

אַלץ איז געגאַנגען כשורה, דוכט זיך.

אָבער אויך דאָ, אין פרייען סמאַרגאָן, האָט מען אָנגעהויבן צו מורמלען קעגן דעם רבס זין, וואָס האָבן אַראָפּגעפירט פון וועג די עטלעכע בית־מדרש־לערנערס, באַטראַנעס, וואָס סמאַרגאָן האָט נאָך פאַרמאָגט.

אייניקע פאַנאַטישע באַלעבאַטים מיט דעם באַפּעמפיקטן ראש־הקהל ברודנע האָבן אויסגעזעצט קעגן דעם אויסנוצן די קלויז פאַר די העברעיִשע פאַרזאַמלונגען מיט די חדרים־ און תלמוד־תורה־ייִנגלעך. די קלויז איז אַ מקום־קדוש און די פאַרזאַמלונגען זענען דורכויס חול. ברודנע האָט זיך געהיצט און געטענהט, אַז די דאָזיקע צונויפקונפטן פאַרדאַרבן די תינוקות של בית רבן; מע מאַכט זיי אַלעמען פאַר גאָטלאָז. אָנשטאָט תורה לערנט מען זיי פּלאַפּלען „עברית" מיט אַ פרעמדער אויסשפּראַך. ער װעט עס מער ניט דערלאָזן.

ער איז געווען גבאי־ראשון פון יענער קלויז.

אונטער דער אינסטיגאַציע פון די ברידער א. און וו., וואָס האָבן זיך געמאַכט כלא־ידעדיק, געהאַלטן זיך כלומרשט פונדערווייטנס, פאַרשטעקט הינטער די קו־ליסן, האָט חיים־ישראל צונויפגעקליבן אַ היפּשע כאָפּטע יונגטלעכע און זיי האָבן דעם גבאי־ראשון פראָסט און פשוט אַרויסגעטריבן פון קלויז.

דאָס איז באַטראַכט געוואָרן אין שטאָט ווי אַ סקאַנדאַליעזע טועכץ און מע האָט באַשולדיקט די רבנישע זין, אַז זיי האָבן אין דער „מעשה אשר לא יעשה" געהאַט אַ האַנט; אַז אָן זייער דערמוטיקונג און אָנרייצונג וואָלט דער פּאַטראָן, דער טעגעסער חיים־ישראל, נישט געהאַט די חוצפּה אַרויסצוזאָגן דעם גבאי און ראש־הקהל פון דער קלויז, אין וועלכער ער האָט תמיד געדאַוונט און אָנגעפירט די גאַנצע קלויזישע גרענדע. אָבער קיין באַוויז, אַז חיים־ישראל איז געווען זייער שליח לדבר עבירה, האָט קיינער ניט געהאַט. די ברידער האָבן געלייקנט שטיין און ביין. זיי האָבן געטענהט, אַז זיי הייבן ניט אָן צו וויסן וואָס צו זאָגן וועגן דער גאַנצער אָנגעלעגנהייט.

זייער פאָטער, דער רב, האָט דעם אינצידענט אַראָפּגעשלונגען. עס איז ניט געקומען אַפילו צו קיין איבעררייד, וועגן אַ צאָרן־אויסברוך און אַ שאַרפן אויסרייד איז אָפּגערעדט. מעגלעך, אַז דעם רב האָט די מעשה מיטן גבאי הנאה געטאָן; ווייל ער איז געווען אַ צו גרויסער תקיף ביי זיך, האָט צופיל געדופעט אויף זיין געלט און געפּראַוועט „פרומאַצקע שטיק".

ווייטער: אַ צאָל באַלעבאַטים, וואָס האָבן נעהאַט גרויסע גאַרבאַרניעס, האָבן

אין די רבנישע זין געזען אַ נוצלעכן כוח, וואָס אַרבעט קעגן סאָציאַליזם און שטרייק־פּירערײַ. זייער באַהויפּטונג איז געווען: זיי צי‏ִען אָפּ אַ טייל פון דעם יונג־וואַרג פון רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט. זיי האָבן אָנגעוויזן אויף ר׳ מנשהס, דעם חסידישן רבס טעכטער, די מיידלעך גינזבורג, וואָס האָבן פאַרפּעסט סמאַרגאָן מיט סאָציאַליזם. זיי זענען געווען תלמידות פון סיניציקין, וועמען די רעגירונג האָט פאַרשיקט. איז דאָך גוט, וואָס דעם רבס זין פאַרנעמען זיך מיט ציוניזם־העברעיִזם, אַבי ניט מיט סאָציאַליזם און שטרייק־אָנפירערײַ.

סיניצקי איז געווען אַ ווײַסרוס. ער האָט געהאַט הינטער דער שטאָט אַ היפּשע נחלה: אַ גרויסן פרוכטגאָרטן און היפּשע גרינס־גערטנער. אין מיטן סאָד, וואָס איז געווען אַרומגענומען מיט אַ גאַר הויכן צאָם מיט אײַזערנע שטאַבעס, האָט ער אויסגעבויט אַ הויז אין שווייצאַריש־דאָרפישן געבוי־סטיל. אין אָט־דעם הויז, אינעם אויבנשטיבל, האָט ער עס געלערנט אינגעהיים מיט די יוגנטלעכע די תורה פון רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם און שטרייקן־פּירערײַ. איינע פון זיינע איבער־געגעבנסטע תלמידות איז געווען ר׳ מנשהס עלטסטע טאָכטער, און זי איז עס גע־וואָרן די טיכטיקסטע אַגיטאַטאָרשע אין סמאַרגאָן און אומגעגנט.

אין פאַרגלייך מיט דעם, וואָס די שטאָט האָט געהאַט אויסצושטיין פון „חסי־דישן רבס״ טאָכטער, איז די טעטיקייט פון דעם נייעם רבס זין געווען ממש אַ בענטשונג.

## 135

## אַגיטירן די פרייע

אַבקע איז אָפט געגאַנגען באַזוכן די קופּסקעס. וואָס האָט אים אַהין געצויגן?

אַבקעס טאַטע, אַז ער האָט געזען ווי זיין זון פּוצט זיך איידער ער גייט אַוועק צו די קופּסקעס, האָט אים חושד געווען, אַז ער איז פאַראינטערעסירט אין דער יינגערער טאָכטער. אַבקע האָט אַפילו ניט געטראַכט וועגן איר. זיין טאַטע איז אין דעם פּרט בנוגע אים געווען אַ חושד בכשרים. אַבקע איז געווען פאַרליבט איבערן קאָפּ אין דער יונגפרוי „עברית״ און קיין מיידלעך אַרום זיך האָט ער גאָר־נישט געזען. אויף דער לייכטסטער פלירטעווונג מיט אַ מיידל וואָלט ער געקוקט ווי אויף פאַרראַט. ער האָט זיך באַטראַכט, ווי פייערבערגס העלד פון „לאָן?״, פאַר אַ זעלנער, וואָס שטייט אויף זיין וואַכפּאָסטן אויף דער מויער פון אַ פעסטונג אָדער פון אַ שטאָט, וואָס איז באַלאַגערט פון אַ שונא פון אַלע פיר זייטן. פאַר כאַרוויילונג, פאַר פאַרברענגען האָט ער ניט געהאַט ניט קיין צייט, ניט קיין האַרץ און ניט קיין קאָפּ.

ער איז געגאַנגען צו די קופּסקעס, ווייל דאָרטן פלעגן קומען בחורים. אַ שטוב מיט צוויי יונגע מיידלעך, מיט אַ טויבער מאַמען און אַ טויטן טאַטן, איז אַן אידעאַלער פּלאַץ פאַר יונגע חברהלייט צו קומען זיך אַ שפּיל־טאָן, און אפשר אויך אַמאָל אַ נאַש טאָן פון מיידלשן מאכל.

אַבקע איז אַהין געגאַנגען מיט אַ טאָפּלטער כוונה: ערשטנס, זיך צו איבן אין רוסיש רעדן, ווייל אַ היפּשער טייל פון די בחורים האָט גערעדט רוסיש; צווייטנס און דערהויפּט: זען צו באַקערן אַזויפיל בחורים, ווי עס וועט זיך לאָזן,

צום ציוניזם־העברעיִזם. ער האָט געגלויבט אין זיינע אַגיטאַטאָרישע כוחות און איז געווען זיכער צו האָבן דערפאָלג ניט בלויז צווישן לערנערס בחורים, נאָר אויך צווישן די פרייע, די וועלטלעכע.

אָבער נאָך עטלעכע באַזוכן האָט ער אויפגעהערט צו גיין אַהין. ניט געווען צו וואָס: זיי האָבן גערעדט אַ רוסיש, וואָס איז געווען פאַרבראָקט מיט אַ סך יידישע ווערטלעך, גלייכווערטלעך און וויצן. וואָס איז שייך זיין אַגיטאַציע־אַרבעט האָט ער זיך איבערצייגט, אַז ער וועט דאָ גאָרניט קענען אויפטאָן: דער מערסטער טייל פון די באַזוכערס זענען געווען אָדער אויסגעשפּראָכענע בונדיסטן, אָדער סימפּאַטיקער, נוטהניקעס צום בונד, אָדער רוסלענדישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן, „גויים" ביזן ביין. זיי האָבן אַפילו דעם „בונד" באַשולדיקט אין אַ געפערלעכן אָפּנייג פון עכטן אינטערנאַציאָנאַליזם צום שאָוויניזם. זיי האָבן ניט אָנערקענט יידן פאַר קיין פאָלק. יידישער נאַציאָנאַליזם איז אין זייערע אויגן געווען אַן אויפּגעבלאָזענע מאַכערייקע. זיי האָבן ניט אָנערקענט אַ פאָלק, וואָס האָט ניט קיין אייגענע טעריטאָריע, אויף וועלכער די מערהייט פון זיינע מיטגלידער איז קאָנצענטרירט. אייגנטלעך, טעאָרעטיש, האָבן זיי גערעדט כמעט ווי ציוניסטן, מיט דעם אונטערשייד אין די פּראַקטישע שלוסן: די ציוניסטן האָבן געזאָגט, אַז מע דאַרף קריגן אָט־די געווונטשענע טעריטאָריע, אָן וועלכער אַ נאָרמאַל פאָלק קען זיך ניט באַגיין, בעת זיי האָבן באַהויפּט, אַז קריגן אַ טעריטאָריע איז אַן אוטאָפּיע; יידן דאַרפן ניט קיין טעריטאָריע, ווייל זיי זענען מער ניט קיין פאָלק. און עס איז ניט פאַראַן פאַר וועמען צו קריגן די טעריטאָריע. דעבאַטירן מיט אָט־די אַסימילירטע יונגעלייט איז געווען אַרויסגעוואָרפענע צייט און מי. דערהויפּט נאָך, וואָס אַבקע האָט דערשפּירט, אַז ער איז ניט דער מענטש צו פירן צווישן די דאָזיקע טיפּן קיין אַגיטאַציע, מחמת אים פעלט אַן אַלגעמיינע שפּראַך צו קענען זיך צוזאַמענרעדן: העברעיִש פאַרשטייען זיי ניט און אין יידיש איז ער אַ קנאַפּער בעל־לשון. ער האָט שיער ניט פאַרגעסן די גלות־שפּראַך, יעדנפאַלס איז ער אין איר ניט עלאָקווענט. אין רוסיש — איז ער שוין גאָרנישט קיין דעמאָסטען... ער איז נישט בכוח אָנצוהאַלטן אַ טעאָרעטישן שמועס. עס פעלן אים ווערטער און אויסדרוקן.

## 135

## שייגוק

צווישן דעם רבס מקורבים אין סמארגאָן איז געווען איינער אַן אַלטער פריינט, וואָס קומט נאָך פון מיכאַלישעק, דער, וועמען וועלפקע האָט עס געוואָלט פלעטן דעם קאָפּ פאַר באַליידיקן, לויט זיין קינדערשן שכל, זיין טאַטן דורך באַצייכענען אים ווי אַ יידן... זיין נאָמען איז געווען שייגוק.

ער איז געווען אַ קליינגעוויקסיק יידל מיט אַ קליין בערדל, ניט באַזונדערס ריין אָנגעטאָן. וואָס איז געווען זיין געשעפט אָדער מלאכה? אַבקע האָט ניט געוווּסט און אים האָט עס ניט שטאַרק אינטערעסירט. ער איז געווען אַ גאָר אָפטער אַריינגייער אין בית־הרב. ס'איז זעלטן ווען אַריבער אַ טאָג, אַז ער זאָל פאַרפעלן אָפּצושטאַטן זיין באַזוך און ברענגען אַן אָנגעלאָדענעם וואָגן מיט „שטאָט־נייס".

הפנים, אַז ער איז געווען אָרים. אַבקע האָט געאורטיילט פון זיין הלבשה און האַלטן זיך, אַז עס איז גאָרניט מעשה וויכטיקער שטאָט־באַלעבאָס.

ער האָט געהאַט צוויי זין און אַ טאָכטער. אַלע דריי לערערס. דער ייִנגערער זון איז געווען אַ רוסישער לערער, דער בכור — אַ העברעיִשער. די טאָכטער — אויך עפּעס אַ שטיקל לערערן, וואָס האָט זיך געוויגט צווישן ביידע שפּראַכן, מיט אַ קוים־קענטעוודיקער הכרעה צו רוסיש. גוט האָט זי קיין איינע פון די שפּראַכן ניט געקענט און פון פּעדאַגאָגישע קענטענישן איז זי געווען ווייט עטלעכע תחום־שבתן. דאָך האָבן זיך געפונען אין סמאַרגאָן בעלנים אויך אויף איר לערערשאַפט. אַזעלכע, וואָס צאָלן אַ לערער מיט עפּעס אַ שטיקל נאָמען און מעמד, האָבן ניט געהאַט קיין פינאַנציעלע מעגלעכקייט. אַזוי אַז אויך זי האָט זיך בדוחק גדול אַריינגעקוועטשט צווישן דער לערערשאַפט, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט געבן פּריוואַטע לעקציעס אין די הייזער.

די פּעדאַגאָגישע געניטקייט פון דעם רוסישן לערער שיינוק איז ווייט ניט געגאַנגען. מאַשקע, אַבקעס ייִנגסטע שוועסטער, האָט פון אים געקראָגן אַ פּאָר לעקציעס. זי האָט איבערגעגעבן וועגן זיין מעטאָד פון קנעלן מיט איר, און אַלע, ד״ה וועלפקע, בלומע, אַבקע און רחקע, האָבן זיך געקייכט פון געלעכטער. ער האָט איר געהייסן לייענען אַ פאַבל, לאָמיר זאָגן, „אַ וואָלף און אַ שעפּס״. ווי נאָר זי האָט איבערגעלייענט דאָס קעפּל, דעם נאָמען פון דער פאַבל, האָט ער זי גלייך אָפּגעשטעלט און זי געפרעגט, ווי אַזוי וואָלט זי עס געענדערט. ער האָט געוואָלט זי דערמוטיקן צו שעפערישקייט... זי איז, פאַרשטייט זיך, געבליבן אָן אותיות. וואָס הייסט איבערמאַכן אַ פאַבל, וואָס איר מחבר איז דער רוסישער קלאַסיקער קרילאָוו? איז ער אַרויס מיט אַ ניצוח־קוויטש אין קול:

— מע קען עס יאָ איבעראַנדערשן, מע קען אָנשרייבן אַ שעפּס און אַ וואָלף. אַזוי האָט ער זיך נוהג געווען מיט אַלע פאַבלען, וואָס האָבן פאַרמאָגט אַ פּאָר טוערס. ער האָט עס זי געוואָלט אַזוי מחנך־זיין צו קענען אַליין עפּעס אָנשרייבן אָריגינעלס... אויב די פאַבל האָט געהאַט פאַר איר נאָמען „אַ קאַץ און אַ מייזל״, האָט ער עס שעפעריש־אויפטועריש משנה־השם געווען „אַ מייזל און אַ קאַץ״. אָט־די שינויים האָט ער געהאַלטן פאַר דעם ראשית פון פאַרפאַסעריי, קאָמפּאָזיציע־שרייבעכץ, מחבר־זיין עפּעס פון אייגענעם קאָפּ אַרויס.

·זיין ברודער, דער העברעיִשער לערער, איז געווען אַ גאָר טשיקאַווער טיפּ מענטש. ערשטנס איז ער געווען דער איינציקער אין סמאַרגאָן, וואָס האָט באַקומען צוגעשיקט פון לאָנדאָן דעם „אַרבעטער־פריינט״, און פון צייט צו צייט האָט ער דאָרט עפּעס פאַרעפנטלעכט, אַ שטיקל קאָרעספּאָנדענץ. די זאַך איז געווען באַזונדערס אויסטערליש, וואָרעם ער איז גאָר געווען אַ פאַרברענטער העברעיִסט. ער איז געגאַנגען זייער ציכטיק אָנגעטאָן, כמעט פראַנטעוואַטע אויסגעפּוצט. שיינע הלבשה איז געווען ביי אים דער עיקר פון אַלע עיקרים אין זיין פּעדאַגאָגישן „אני־מאמין״. זיין גאַנג איז געווען מיט געמאָסטענע טריט, פּסיעות דקות, מיט אַן אויפגעהויבענעם, שיִער ניט שטאָלץ־אַרויספאָדערנדיק פאַרריסענעם קאָפּ, מיט אַ גלייכן רוקן, אַזוי אַז אין שטאָט האָט מען וועגן אים געזאָגט, אַז ער האָט אַראָפּגעשלונגען אַן אַרשין. קיינער האָט קיינמאָל ניט געהאַט די זכיה אים צו זען זיך איינבייגן.

ער איז געווען אַן אָפּטער באַזוכער אין בית־הרב. ער איז געקומען זיך איבן אין העברעיִש. רעדן און, אגב, כאַפּן אַ שמועס מיט די דריי רבנישע טעכטער. וואָס בנוגע אויסזען זענען זיי געווען, ברוך־השם, גאָרנישט צו פאַרזינדיקן. בלומע און רחל — צוויי שיינע חנעוודיקע ברונעטקעס. מאַשע, די ייִנגסטע, אַ באַצויבערנ־דיקע בלאָנדינקע מיט בלײַענדיקע באַקן און בלויע קאָרן־בלימלעך־אויגן, געקראָגן פון איר מוטער. אַזוי ווי שיינוק איז געווען אַ לערער, וואָס תורתו־אומנתו, האָט זיך אַבקע מיט אים ספּעציעל אָפּגעגעבן. אַבקע איז געווען פאַראינטערעסירט אין דעם, אַז ער זאָל זיך אויסלערנען רעדן פליסיק און קאָרעקט העברעיִש, ליטע־ראַריש, כדי ער זאָל זיין קענטעניש איבערגעבן זיינע תלמידים. אַבקע האָט מיט אים געקנעלט אומזיסט, הגם ער האָט געוווּסט, אַז שיינוק וועט אָט־די געשיקט־קייט, וואָס ער האָט אים געהאָלפן זיך אָנאייגענען, פאַרקויפן פאַר אַ גוטן פּרייז. העברעיִש קענען פליסיק רעדן איז געווען אַ צייכן פון אַ געהויבענעם, הויך־קוואַליפיצירטן לערער.

## 136

## שוב, כתריאל

עס האָט זיך צעטראָגן איבערן גאַנצן שטעטל אַ קלאַנג, אַ בשורה־טובה: אַ דייטשער לערער איז אָנגעקומען. ער האָט שטודירט אין בערלין. געוווינט אין דער שוויִיץ, הכלל ער קען טאַקע גוט דייטש און ער נעמט ניט טייער פאַר פּרי־וואַטע לעקציעס.

אַבקע און וועלפקע האָבן איבערגערעדט מיט דער מוטער. זיי קענען טאַקע אַ היפּש ביסל דייטש. אָבער אַ מענטש איז געקומען דירעקט פון בערלין. זיי ווילן זיך פאַרפולקאָמענען אין דייטש. נעמען ביי אים לעקציעס, צוויי מאָל אַ וואָך. עס וועט קיין סך ניט קאָסטן.

די מוטער איז מסכים. זענען זיי אַוועק צום לערער, מיט אים מושווה געוואָרן, און גלייך, אויפן אָרט, אַריינגענאַשט אַ לעקציע. דאָס זענען ניט געווען קיין לעק־ציעס אין שטרענגן טייטש פון וואָרט. ער האָט גערעדט מיט זיי דייטש און גע־לייענט מיט זיי די קלאַסיקערס. ער האָט, דערהויפּט, ליב געהאַט פאָרצולייענען שילערס היסטאָריש־דראַמאַטישע ווערק. ער האָט זייער שיין פאָרגעלייענט, זיין דיקציע קלאָר, זיין שטים אַנגענעם און קלינגעוודיק.

זיי האָבן זיך צעשמועסט גלייך ביי דער ערשטער באַגעגעניש און זיך באַפריינדט מיט אים.

זיין נאָמען איז געווען כתריאל שוב. זיין טאַטע איז געווען אַ שוחט אין אַ קליין שטעטל. אים האָט זיך געוואָלט ווערן אַ פילאָזאָף און דווקא ווי קאַנט, אויף אַ האָר ניט קלענער. איז ער אַוועק קיין דייטשלאַנד, אָפּגעווען און זיך געפּלאָגט יאָרן און יאָרן און קיין קאַנט ניט געוואָרן. זיך פאַרבענקט נאָך ייִדן, איז ער גע־קומען צוריק. אין ווילנע האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ קורצער ווײַלע. אַ פריינט האָט אים געזאָגט, אַז אין סמאַרגאָן וואָלט ער געקענט קריגן לעקציעס צו פאַרדינען אויף אויסקומעניש, איז ער געקומען קיין סמאַרגאָן.

ביי אַבקען און וועלפקען האָט ער אויסגענומען. ער איז ניט געווען קיין פּע־

דאַגאָג. אָבער זיי האָבן, אייגנטלעך, ניט געדאַרפט קיין פּעדאַגאָג. די דייטשע היפּש־פאַרווירטע, קאָמפּליצירטע און פּעדאַנטישע גראַמאַטיק האָבן זיי נאָך מיט אַ פּאָר יאָר צוריק אויסגעזשובערעוועט און זיי קענען זי אויף אויסווייניק. אַלץ, וואָס זיי ווילן איצט, איז פּראַקטיצירן זיך אין רעדן און באַרייכערן אַביסל זייער שפּראַך־אוצר. מער ניט. און דאָס טוט זייער לערער אויף דעם בעסטן אופן. זיי האָבן אים פאַרבעטן קומען צו זיי אין הויז. ער האָט זיך באַקענט מיט די רבנישע טעכטער. זיי האָבן אים גענומען לערנען העברעיִש.

שילערס האָט ער געקראָגן בלויז צוויי, אַבקען און לייבקען, אָבער שילערינס האָט ער געהאַט אַ היפּשע צאָל. שבת־צו־נאַכט האָט ער זיך נוהג געווען צונויפצו־רופן אַלע זיינע תּלמידות און תּלמידים און זיי געבן אומזיסט, ווי אַ הוספה, אַ פאָרלעזונג. ביי דער דאָזיקער פאָרלעזונג האָבן זיך צונויפגעקליבן גאַנץ שיינע ייִדישע טעכטער, אַ שמעקעדיקער בוקעט פון פריילינס.

די ברידער א. און וו. זענען „די נאַרישקייטן" אין זינען ניט געלעגן. זיי האָבן ניט געוואָלט מאַכן קיין באַקאַנטשאַפט מיט די יפה־פיות. זיי האָבן אויף זיי געקוקט ווי אויף „ווייסע געגנדז" 1), און בלויז צוויי מאָל האָבן זיי באַזוכט די שבת־צו־נאַכטיקע לייענעכצן.

דאָס לעקציעס־נעמען האָבן זיי אויך לאַנג ניט אָנגעהאַלטן. וואָרעם דער רב האָט געטענהט זיין אַלטע טענה: ער איז ניט מחוייב צו פּטרן געלט אויף מאַכן די קינדער פאַר גויִים. די פּאָר רובל וועלן צוניצקומען אויף עפּעס בילכערס. דער רב, זייער פאָטער, האָט בדרך כּלל ניט געהאַלטן פון קיין לערער. לערנען, לויט זיינע השגות, דאַרף מען וועלן, האָבן חשק דערצו, און דער בעסטער אופן פון לערנען איז לערנען פאַר זיך. ער האָט געקריגט אויפן „עשה לך רב" 2) (שאַף זיך איין אַ רבין). ער האָט באַהויפּט, אַז זיינע זין קענען גענוג דייטש, זיי זאָלן ניט דאַרפן אָנקומען צו קיין לערער. אַז מע ווייסט ניט דעם טייטש פון אַ וואָרט, קוקט מען אַריין אין אַ ווערטערבוך. אין הויז האָבן זיי טאַקע געהאַט סמידטס גוטע ווערטערביכער, רוסיש־דייטש און דייטש־רוסיש.

שוב־כּתריאל האָט זיי סיי־ווי געבעטן קומען צו די פאָרלייענישן. וואָס גרע־סער דער עולם, אַלץ מער פּרעסטיזש קריגט ער; זאָל מען מיינען, אַז אויך דעם רבס קינדער לערנען זיך ביי אים. „ברוך עם — הדרת מלך" 3). מע איז געווען ידידים. שוב האָט זיי אָפט באַזוכט. מע איז געגאַנגען איינע צו די אַנדערע, הגם מיטן רב האָט שוב קיין באַקאַנטשאַפט ניט געמאַכט.

אַלץ איז געגאַנגען כּשורה. דעם דייטשן לערערס פּאָפּולאַריטעט איז גע־וואַקסן. די צאָל שילערינס האָט זיך פאַרגרעסערט. ניט איין ייִדיש מיידל אין סמאַרגאָן האָט אים געזען, מסתמא, אין אירע חלומות. ער איז געווען אַ שיינער יונג, אַן עכטער ברונעט, אַ הויכע פיגור, געווען זייער מענלעך, ברייט אין די אַקסלען, אָבער ניט צו־ברייט, סימעטריש געבויט. זיין אויסשפּראַך, האַלטן־זיך זענען געווען העכסט־העפלעך, אַטראַקטיוו, מלא־חן, אויסלענדיש, כּמעט עקזאָטיש־רייצנדיק.

אַ סך מיידלעך, שיינע כּלה־מיידלעך, האָבן זיך גענומען לערנען דייטש, עס

---

1) ברכות, כ'; 2) אבות, א', ט"ז; 3) משלי, י"ד, כ"ח.

איז שיער ניט געוואָרן אַ שטיק מאָדע, אויב ניט לשמה איז לשמו, צוליב דעם לערער, לשם חופה וקידושין אָדער אַ ליבע־שפּילן.

אָבער דאָ האָט פּאַסירט אַן אומגליק.

ער האָט אַליין מודיע געווען אויף זיין צעבראָכענעם רוסיש:

— „מאַיאַ סוואַדבאַ פּרייעכעלאַ" (מיין חתונה איז געקומען צו פאָרן), ער האָט געמיינט צו זאָגן מיין ווייב.

איבערן גאַנצן שטעטל האָט זיך צעטראָגן אָט־די טשיקאַווע פּראַזע. אַלע האָבן געלאַכט, איניקע פריילנס האָבן שטילערהייט געזיפצט, באַזיפצט זייער חלום, פון וועלכן עס האָט זיך אויסגעלאָזט אַ טייך.

באַקונין האָט געזאָגט, אַז אַ רעוואָלוציאָנער, ווען ער האָט חתונה, פאַרלירט ער פופציק פּראָצענט פון זיין קעמפערישקייט, ער ווערט אויס רעוואָלוציאָנער אויף אַ גאַנצער העלפט.

וויבאַלד עס איז שוין דאָ אַ ווייב, איז דער דייטשער לערער אויס לערער, ער האָט פאַרלאָרן גאַנצע הונדערט פּראָצענט. וועד דאַרף זיך גרונטעווען אין דייטש אין סמאָרגאָן? אויפן שפּיץ מעסער וויפל עס פאָדערט זיך פאַר די מאַטור־ריטעט־עקזאַמענס, קען דאָך יעדער סטודענט, קורסיסטקע כמעט ניט לערנענדיק, וועלכער ייִד, וואָס רעדט ייִדיש, קען עס ניט קיין דייטש, און ער זאָל עס גאָר דאַרפן ספּעציעל גיין לערנען?! אַז אוואַראָוו, דער רוסישער „ליבעראַלער" ביל־דונגס־מיניסטער, האָט געפרעגט ר' הירש לייבן, דעם וואָלאָזשנער ראש־ישיבה, צי ער קען דייטש, האָט ער געענטפערט דעם ערל: אוודאי בין איך מבין בלשון, ער האָט אים געענטפערט אין „דייטש".

וועד איז געווען זיין ווייבל? ווער זי איז ניט געווען, אַ שיינע ברונעטין איז זי געווען, זי האָט געהאַט שוואַרצע האָר און גרויסע שוואַרצע פאַרחלומטע אויגן. זי האָט אין די שמועסן קיינמאָל זיך ניט אַריינגעמישט; זי האָט ניט געקענט ניט קיין דייטש און ניט קיין רוסיש, בלויז ייִדיש, מאַמע־לשון. דאָס איז רעדן. וואָס איז מכוח לייענען און שרייבן? — אויף קיין שפּראַך ניט.

ווו האָט ער זי געקראָגן? אגב זי איז שוין געווען אויף דער צייט. דאָס בייכל ביי איר האָט שוין מער ווי אַ קאַפּעטשקע גענומען אַרויסשטאַרצן פון קליידל. ווו, וואָס, ווען?

ווי ער האָט דערציילט, איז זי געווען אַ צימערמיידל אין דער אכסניה אין ווילנע, ווו ער איז איינגעשטאַנען. ער איז געקומען פון דייטשלאַנד אַ פאַרבענק־טער נאָך אַ ייִדישן שוואַרץ־חנעוודיקן מיידל. און אָט האָט ער געפונען אָט־דאָס מיידל. האָט ער חתונה געהאַט. זי איז אַן אַנאַלפאַבעטקע.

די פריילינס אין סמאָרגאָן האָבן אים ניט געקענט פאַרגעבן זיין זינד פון זיין אַ חתונה־געהאַטער און ניט קיין בחור; אָבער נאָך מער אויפגעבראַכט זענען זיי געווען, ווען זיי האָבן אויסגעפונען, אַז זיין זיווג האָט ניט קיין עלעמענטאַרסטע בילדונג. זיי האָבן זיין האַנדלונג באַטראַכט ווי אַ באַליידיקונג פון אַלע אינטע־ליגענטע מיידלעך.

ער האָט פאַרלאָרן אַלע לעקציעס. ער איז געבליבן ווי אויפן וואַסער, אָן אַ שטיקל ברויט, אין איינפּאַכסטן טייטש פון וואָרט. דערווייל איז זיין ווייב געלעגן געוואָרן און עס איז ניט געווען פאַרוואָס צו קויפן וויקעלעך, ווינדעלעך, אַ וויגעלע.

ער אַליין האָט שוין געהולכט אין אַ פּאָר הויזן, פון וועלכע דער הינטערשטער חלק האָט זיך שוין באַזאָרגט מיט עפּענונגען פאַר ווענטילאַציע, אָבער דער שמייכל פון זיין פּנים האָט זיך ניט אָפּגעטאָן, און זיין מוט און ווירטע זענען געבליבן אומבאַרירט.

[אין די רעשיקע חדשים פון 1905 און 1906 איז שוב געוואָרן אַ פּועלי־ציון־פּראָפּאַגאַנדיסט. ער איז געשטיגן אין דער פּאַרטיי זייער הויך. ער האָט פאַרגומען אַ חשובן אָרט צווישן דער פירערשאַפט. זיין ווייב און קינד האָט ער איבערגעלאָזן אין סמאַרגאָן. וואָס איז פון איר געוואָרן? זי איז וואַרשיינלעך אוועק צוריק דינען. פאַרדינט פאַר זיך און פאַר דער האָדעוואַניע פון איר קינד].

## 137

## דעם רופאס טאָכטער

אַ מיידל מיטן נאָמען בתיה איז געווען אַן אָפּטע באַזוכערין אין בית־הרב. זי האָט זיך געחברט מיט בלומען און רחלען. איר פאָטער איז געווען אַ רופא, אַ פעלדשער, אַ ייִד אַן אָרעמאַן. אַזוי ווי זי האָט געקענט אַביסל העברעיִש און האָט געוואָלט קענען מער, האָט וועלפּקע געגעבן איר דריי מאָל אַ וואָך אַ לעקציע. פאַר־שטייט זיך, בחינם, טאַקע לשמה, ניט לשם דעם מיידל, נאָר אויסשליסלעך לשם „עבריה". איר מוטער האָט פּרעטענדירט צו זיין עפּעס שטיקלעך קרובות מיט דער רביצין, פערד־פוס־פאָדקאָווע־קרובהשאַפט. אין סמאַרגאָן, ווער ס'האָט געהאַט גאָט אין האַרצן און ווייניק געלט אין קעשענע און האָט געהאַט אַן אַמביציע זיך איינצוקויפן אין יחוס און עס זאָל אים גאָרנישט קאָסטן, האָט זיך אָנגעגעבן פאַר אַ קרוב אָדער קרובה פון דער רביצין. די רביצין האָט עס קיינמאָל ניט אָפּגע־לייקנט, ביי איר איז עס געווען ניחא. זיי נעמען זיך איבער מיט איר, שליסן זיך אָן אין איר משפּחה, אויב זיי קענען נאָר האָבן אַ נוצן פון דעם, — זאָל זיי עס וויל באַקומען...

וועלפּקע האָט מיט בתיהן געלייענט ביאַליקן און אַנדערע פּאָעטן, די ווערק זייערע, וואָס זענען אים געווען שטאַרק געפעלן, עראָטישע לידער אַריינגערעכנט. ער איז אָבער געווען אַריינגעטאָן בראשו ורובו אין דער שיינקייט פון דער שפּראַך. די שילערין זייַנע, ווי אַ מיידל אַ בגרות, האָט ער לחלוטין נישט געזען. איר אָנ־וועזנהייט ניט געשפּירט. ער האָט זיך מיט איר אָפּגעגעבן אויסשליסלעך ווי מיט אַ תלמידה, וואָס וועט העלפן שאַפן אַן אינטענסיווע העברעיִשע סביבה אין סמאַר־גאָן; און אויב זי וועט, מסתמא בקרוב, ווערן אַ מוטער זאָל ביי אירע קינדער העברעיִש זיין זייער מוטערשפּראַך.

זי האָט אָפט באַזוכט וועלפּקעס שוועסטער און יעדעס מאָל, ווען זי איז גע־קומען, זענען אַלע געגאַנגען זי באַגלייטן אַהיים. אַלע מיינט אַבקע, וועלפּקע און ביידע שוועסטער, אַמאָל אויך די דריטע, די ייִנגסטע. די באַגלייטענישן זענען אויך געטאָן געוואָרן מיט אַ מיין, דערווייל צו גיין בחברותא דורך עטלעכע גאַסן און רעדן העברעיִש בקול רם.

אַז מע איז צוגעקומען צו זייער הויז אין עק מאַרקפּלאַץ, האָט זי גערופן די מוטער דורכן פענצטער. איז די מוטער גלייך אַרונטערגעלאָפן די פּאָר טרעפּלעך, ווו זיי האָבן געוווינט און צוגעשטאַנען מע זאָל אומבאַדינגט אַרויפקומען. זי איז געווען אַזוי צושטיילעך, אַזוי קליאַנטשענדיק, אַז אָפּזאָגן איז געווען כמעט ווי אוממעגלעך. אַז מען איז אַריין אין הויז, האָט זי דערלאַנגט כיבוד, אָנגעשטעלט אַ פולן טיש. די טאָכטער איז ביי זיי געווען איינציקע, דאָס אויג אין קאָפּ.

גערעטן איז די טאָכטער געווען אין איר פאָטער, מיט זיין בלאָנדן קאָפּ האָר און בלאָנדן צוגעשאָרענעם בערדל. ער איז געווען אַ הויכער און אַ דינער. ער האָט זיך געהאַלטן אין דער מעלה — פאָרט אַ שטיקל רופא־חולים, רייבט זיך אַרום דושמאַנען, דעם שטאָטדאָקטער. בתיה איז געווען פון מיטעלן וווקס. דאָס געזיכט ווייס ווי מילך, זייער צאַרט. זי איז ניט געווען קיין שיינהייט, אָבער זיכער ניט מיאוס. גאָר גאָר נישקשהדיק.

די מוטער האָט תמיד, אין אַזעלכע פאַלן פון באַגלייט־באַזוכן, געבעטן די טאָכטער צו שפילן קלאַוויר און פאַרווילן די געסט. בתיה איז געווען אַ שטילע, אַ רויקע, מיט לאַנגזאַמע באַוועגונגען, ווייט פון אימפולסיוויקייט. זי האָט גערעדט בנעימותדיק און אין אונטערטענער. און אַזוי האָט זי אויך געשפילט. די טענער האָבן זיך געקייקלט געפּיללאַז, אינדיפערענט, קאַלטבלוטיק־גלייכגילטיק צו דער לופט־סביבה. איר שפילן האָט געמאַכט דעם איינדרוק ווי עס וואָלט קומען פון אַן אויטאָמאַט.

די געסט האָבן נעבעך געמוזט איבערזיצן דאָס שפילן. עס איז געווען פאַר זיי, ממש, אַן אָפּקומעניש. זיי האָבן פון יוצא־וועגן טועם־געווען פון כיבוד, בלויז כדי ניט צו פאַרשעמען די ווירטין. די אורחים האָבן גוט געוווּסט, אַז דער רופא און הויזגעזינד שלאָגן זיך קוים דורך און זיי קענען זיכער זיך ניט דערלויבן פינאַנציעל אָנצושטאָפן פיר־פינף מיילער מיט טאָרט און איינגעמאַכטס. האָבן זיי אויסגעהערט די מוזיק, וואָס איז געווען אַ מוזאַך, אויסגעטרונקען די טיי, זיך צעזעגנט און אַוועק.

אויפן וועג אַהיים האָבן זיי אָפּגעחוזקט פון איר שפילן, פון איר פלעגמאַטישקייט, פון איר קערפּער אָן טעמפּעראַטור און אָן טעמפּעראַמענט, אָן לייב און לעבן.

וועלפקע האָט מיט איר אָפּגעקנעלט אַ גאַנצן ווינטער. זי האָט פיל פּראָגרעסירט אין איר שטודיום. ער האָט זי געלערנט ניט בלויז דאָס לשון, נאָר אויך פאַרשטיין שיינע ליטעראַטור, אַנאַליזירן אַ קונסטווערק, סיי אין פּראָזע און סיי אין פערז.

אין פרילינג איז וועלפקע אָפּגעפאָרן קיין וואַרשע. ער האָט געוואָלט זיך דערקונדיקן, צי ער וועט קענען עקאָנאָמיש זיך שטעלן אויף די אייגענע פיס. ער האָט אויך געחלומט וועגן ווערן אַ העברעיִשער שרייבער און דער פאַסיקסטער פלאַץ דערפאַר איז געווען וואַרשע.

אַ חודש נאָך זיין אָפּפאָרן, — ערשט אָט־די קאַלטע לונג־און־לעבער, אָט דאָס פלעגמאַטישע מיידל, איז געווען אין אים אַזוי פאַרליבט און אַזוי געבענקט נאָך אים, אַז זי איז אַראָפּ פון זינען, אין פולן פראַזאַיִשן טייטש פון וואָרט, מיט אַ טעלעגראַמע האָט מען אים אַרויסגערופן.

דער טאַטע, דער רב, האָט מיט אים געגומען איינטענהן, אים ממש געבעטן, ער זאָל אויס רחמנות אויף איר מיט איר חתונה האָבן. מיר אַלע האָבן איר און אירע עלטערן געגעבן אונדזערע וואַרעמסטע סימפּאַטיעס. אָבער וועלפקע האָט זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט. ער טראַכט ניט וועגן חתונה האָבן, און צום מיידל האָט ער זיך ניט צוגערירט אַפילו מיט זיין מינדסטן פינגער.

אָבער ווער פון זיי, איר פּאָטער, מוטער און שטאָטלייט, האָבן געקענט אים גלייבן, כאָטש דאָס איז געווען דער ריינסטער אמת; זיי האָבן ניט געקענט משיג זיין, אַז ער זאָל האָבן זי געלערנט העברעיִש אַ גאַנצן ווינטער און אַלץ לשם־מצווה. זיי האָבן זיך ניט געקענט פאָרשטעלן, אַז אַזעלכע איבערגעגעבענע העברעיִסטן זענען גאָר בנמצא. פּונקט ווי די זשאַנדאַרן האָבן ניט געקענט פאַרשטיין די הנהגה פון די ברידער, ווען זיי האָבן זיך אַרויסגעלאָזט אויף אַ שפּאַציר ווייט איבערן פעלד אין אַ זוניקן פראָסטיקן טאָג, אָן קיין אַנדער כוונה ווי בלויז שפּאַציר לשם שפּאַציר, כדי צו פלעגן די „קונסט" פון גיין... און פון שמועס און באַראַטונג.

הפּנים, גרויסע צי קליינע קאַטאַסטראָפעס לויערן פון הינטער יעדן ווינקל אויף דעם איבערענטוזיאַסטישן אידעאַליסט.

## 138

## דער קליינער טלית און די גרויסע מחלוקת

לעת־עתה איז דאָס לעבן געפלאָסן רויִק אין דעם רבנישן הויז אין דער פרייער שטאָט סמאַרגאָן. אָבער די רויִקייט האָט לאַנג ניט געקענט דויערן. עס האָט געמוזט קומען צו אַ צוזאַמענשטויס. עס איז געווען אומפאַרמיידלעך. צופיל סתירות, צופיל עקספּלאָדירנדיקער שטאָף האָט זיך אָנגעזאַמלט. די קינדער זענען אַוועק צו ווייט פון די עלטערן. דער „קולטור־קאַמף", וואָס האָט זיך אָנגעפאַנגען אין אָסטראָוו, ווען מע האָט זיך געפונען צווישן די ווילדע פאַנאַטישע חסידים, איז אָנגעגאַנגען פאַרהוילענערהייט און האָט סוף כל סוף געמוזט קומען צו אַ קלימאַקס. סמאַרגאָן איז טאַקע געווען אַ פרייע ליטווישע שטאָט, אָבער אַ רבניש הויז מוז אָנהאַלטן אַ געוויסע טראַדיציע און אויב מ'וויל זי אינגאַנצן אַראָפּוואַרפן, דאַרף דאַרף מען אָט־די פריקת־עול אויסקעמפן. אויף אַ פרידלעכן וועג קען עס ניט פאָרקומען.

די רביצין, חיה אסתר שרה, האָט צופעליק אויסגעפונען, אַז משהקע, דער ייִנגסטער זון, וואָס האָט זיך נאָכגעשלעפּט נאָך די עלטערע ברידער, טראָגט ניט קיין טלית־קטן. זי האָט געזען, אַז זיין טלית־קטן ליגט גאָר אונטערן בעט, ווי אַן איבעריקער אַרטיקל פון ייִדישער הלבשה. זי האָט גוט פאַרשטאַנען, אַז ער טוט עס ניט לויט זיין אייגענעם שכל און דורך אייגענער איניציאַטיוו. ער וואָלט עס אַליין, אויף אייגענער אחריות, ניט וואַגן. מסתמא האָבן זיי אַלע איינגעבראָכן אָט־דעם גדר. האָט זי זיך ניט געפוילט און אַ זוך־געטאָן. שטעלט זיך אַרויס, אַז אויך זייערע טלית־קטנס ליגן אונטער די בעטן פאַרשטעקט. זי איז דערשיטערט געוואָרן פון דער אַנטדעקונג. זי האָט זיך ביז אַצינד גאָר ניט פאָרגעשטעלט, אַז אירע זין זענען אַזעלכע פּורקי־עול, אינגאַנצן אַרויס פון שפּאַן. דאָס האָט זי

שטאַרק צערודערט. פּונקט אויף דעם אותו־מאָמענט איז דער רב אַרײַנגעקומען אין שטוב, געקומען פון שחרית־דאַווענען אין בית־מדרש. זי האָט אים איבער־געגעבן, וואָס די זין דערלויבן זיך צו טאָן.

ער האָט גלײַך גענומען משהקען אויף אַ פאַרהער. ער האָט אים אַראָפּגעצ־לאָזט אַ פּאָר קלינגנדיקע פּעטש, אין דער אַנוועזנהייט פון אַלע קינדער. אַבקע איז געוואָרן אַן אויפגעקאָכטער. ער איז צוגעלאָפן צום טאַטן, אונטערגעשטעלט די באַק און אויסגעשריִען מיט כעס:

— הכה! — און ניטווילנדיק האָט זיך ביי אים פון מויל אַרויסגעריסן דאָס וואָרט „נבזה!”.

אַבקע איז אַליין דערשטוינט געוואָרן, וואָס ער האָט געברויכט אַזאַ זידלענ־דיקן עפּיטעט. אָבער ווער קען כאַפּן אויף צוריק אַן אַרויסגערעדט וואָרט! דאָס וואָרט האָט זיך ביי אים בשעת כעס אַרויסגעכאַפּט, ווייל ער האָט פאַרהאַסט און פאַראַכט זיין פאָטער פאַר זיין ניט־קאָרעקטער באַציִונג צום ציוניזם. ער האָט זיין האַנדלונג באַטראַכט ווי אַ דיקטירטע אויס גראָבן אומפאַרציילעכן קאַריערריזם. אַבקע האָט זיך פאַרגעשטעלט, אַז אַן אידעאַליסט וואָלט אַזוי זיך ניט אויפגעפירט. ער האָט געדאַרפט מקריב זיין אויפן מזבח פון גרויסן אידעאַל פון ייִדישער באַ־פרייונג זיך און זיין ווייב און די קינדער.

דער פאָטער האָט זיך פון זידל־וואָרט באַליידיקט ביז די טיפעניש פון זיין נשמה. ער איז געווען דערשטוינט פון דער תהום טיפקייט, וואָס האָט זיך גייסטיק־קולטורעל אויסגעגראָבן צווישן אים און זיינע זין, אַז איינער פון זיי, וואָס איז אַלע מאָל געווען אַזאַ שטילער, זאָל האָבן די חציפות אים אַזוי אָנצורופן. אַזאַ פּאַטש אין פּנים!

וואָס קומט דאָ פאָר אין זיין אייגענעם הויז? ווי קען זיינער אַ זון אַזוי נידע־ריק פאַלן. אַז ער זאָל עובר זיין אויף אַ געבאָט פון דער תורה, זאָל אַזוי גראָב פאַרברעכן קעגן כיבוד אב, קעגן איינעם פון די עשרת הדברות. ווי וואַגט עס אַ ייִד, ווען אַפילו ניט קיין אייגענער זון, אים, דעם רב פון שטאָט, אָנצורופן „נבזה”!? וואָס אַזוינס האָט ער געטאָן, אַז מע זאָל אים אָפּגיסן מיט אַ פּאַמישאַף מיט גנאַי־ווערטער?!

ער האָט אינגאַנצן פאַרגעסן, וואָס ס'האָט פאַראורזאַכט אָט־דעם קריג. ער האָט זיך געפילט ווי אַ פאַרוווּנדעטער, מיט אַ פאַרסמטער פייל אין האַרצן. ער איז פאַרזונקען אין טיפע טרויעריקע געדאַנקען.

ר' יהודה לייב איז געווען אַ דעמאָקראַט לויט זיין כאַראַקטער. ער האָט פיינט געהאַט צו שטעלן אויף זיך. אַז דער אויבערשטער האָט זיך מיישב געווען מיט די מלאכים 1) און האָט אויף זיין אַלוויסעניש און אַלצקענטעניש זיך ניט פאַרלאָזן, אַ פשיטא שוין אַ בשר ודם דאַרף דאָך אַוודאי אַזוי זיך פירן: זיך מיישב זיין מיט פריינט. וואָרעם וואָס פאַר אַ וווּרדע האָט דעם מענטשנס וויסן. ער איז עלול צו באַגיין אַ פעלער, אַן עוולה; דערהויפּט ווען ער איז אַ נוגע בדבר, ווען ער האָט אַ סכסוך מיט עמיצן, קען ער זיין אייגענעם אורטייל ניט אָננעמען פאַר ענדגילטיק.

---

1) סנהדרין, ל"ח, בראשית רבה, פרשה ח'.

אויך ווי אַ ריכטער, און דאָס איז דאָך אַ רב, ווען ער פּסקנט דין־תּורהס, האָט ער ליב געהאַט בוררים.

לכן, אַזוי ווי ער האָט אַ סכסוך מיט זיינע אייגענע קינדער און ער ווייס אַז זיי זענען ציוניסטן־העברעיִסטן, וועט ער פאַררופן ציוניסטן, פון מזרחי־פליגל, אויסלייגן פאַר זיי זיינע טענות און זאָלן זיי משפטן און אַרויסטראָגן זייער פּסק־דין.

דער פאַרנעמסטער מזרחי־ציוניסט אין סמאַרגאָן איז געווען אַ ייִד אַ גביר, וועמען מע האָט געהאַלטן פאַר אַ ווילן מענטש און פאַר אַ בעל־שכל הישר.

האָט דער רב אים פאַרבעטן. אין דער אָנוועזנהייט פון אַבקען האָט דער פאָטער אים פאַרקלאָגט פאַרן „שופט" און ער האָט אים געפרעגט אָפן און קלאָר, צי האָט ער פאַרגעסן דעם גאָר וויכטיקן געבאָט פון כיבוד־אב, וואָס איז פאַראַן אין די צען געבאָטן, וואָס זענען דער געטלעכסטער דאָקומענט. ניט שוין־זשע איז ביי אַבקען אַלץ הפקר?! ער פּרעטענדירט דאָך צו זיין אַ מענטש פון פּרינציפּן, ניט גלאַט אַ הולטאַי.

אַז זיין פאָטער האָט זיך געשטיצט אויף דעם אָנזאָג 1) „כבד את אביך ואת אמך" (האַלט ערלעך דיין פאָטער און דיין מוטער), האָט אַבקע אים געענטפערט קורץ און שאַרף און מיט טיפער איבערצייגונג:

— עס איז פאַראַן נאָך אַ געבאָט: כבד את בנך ואת בתך (האַלט ערלעך דיין זון און דיין טאָכטער).

— אַזוי גאָר! אַזוי גאָר! דאָס הער איך דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן. אויף וועלכן יסוד קען אַזאַ געבאָט זיך האַלטן? ווער האָט אַזוי באַפוילן? ווער איז דער בר־סמכא, וואָס האָט געשאַפן אַזאַ טשיקאַווען מאָדוס פון רעגולירן די פאַר־העלטעניש צווישן עלטערן און קינדער? די עלטערן זענען דאָך מפרנס די קינ־דער, האָדעווען זיי.

— קומט אייך אַ יישר־כּוח! ווער האָט אייך געבעטן צו געבאָרן קינדער. איר טוט עס פאַר אייער פאַרגעניגן. ווילט איר מאַכן פון אונדז קנעכט. דער יונגער דור האָט זיינע רעכט, ניט בלויז פליכטן. און אָט די זכיות ווערן דיקטירט פון נייעם באַוווסטזיין, פון דעם געדאַנק, אַז אַ יוגנטלעכער און אַפילו אַ קינד איז אַ מענטש, און אַלס אַזעלכער האָט ער אָבליגאַציעס, אָבער אויך פּריווילעגיעס. אַ זון, אַ טאָכטער איז ניט אַ שטיק אייגנטום, ניט קיין „מטלטלין", וואָס באַלאַנגט צו די עלטערן און זיי קענען טאָן מיט זיי, מיט זייערע קינדער, וואָס זיי ווילן.

אַבקע האָט אַנטוויקלט אימפּראָוויזירנדיק די טעזיס וועגן דעם קאַמף פון די דורות, וואָס קומט פאָר אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט, און ער האָט גע־בראַכט דעם מאמר חז"ל, וואָס זאָגט, אַז ווען די פעלקערשאַפטן האָבן געהערט די ערשטע דיברות האָבן זיי געזאָגט: אַלץ וואָס איז גוט פאַר אים, פאָדערט ער, אָבער אַז זיי האָבן דערהערט דעם „האַלט ערלעך דיין פאָטער און דיין מוטער", האָבן זיי צוגעשטימט אָנצונעמען אויך די ערשטע געבאָטן 2). אַ יד־אַחת איז גע־מאַכט געוואָרן צווישן דעם טאַטן, וואָס איז אין הימל, און די טאַטעס, וואָס גע־פינען זיך אויף דער ערד. דער חומש האָט פאַרגעסן צו זאָגן, אַז פּונקט אַזוי ווי

---

1) שמות כ׳, י"ב; דברים ה׳, ט"ז.

2) קידושין, ל"א.

דער זון איז מחויב צו רעספעקטירן זיין פֿאָטער און מוטער, אַזוי זענען די עלטערן מחויב צו רעספעקטירן זין און טעכטער.

זיין פֿאָטער און דער שופֿט האָבן געלאָזן אַבקען אַנטוויקלען זיינע געדאַנקען. זיי האָבן אים ניט איבערגעהאַקט. אַז ער האָט געענדיקט, האָט זיין פֿאָטער מיט כעס און פֿאַרדראָס געזאָגט:

— ווילדע געדאַנקען, זיי זענען אומזין און פּרעכהייט. ניט צו פֿאַרשטיין פֿון וועמען און ביי וועמען דו האָסט אַזאַ תורה געלערנט. וווּהין קען עס פֿירן, אויב ניט צום פֿולשטענדיקן אומקום פֿון דעם מענטשלעכן מין!

זיין פֿאָטער האָט לאַנג נאָכגעטראַכט וועגן די שעדלעכע ניהיליסטישע לערעס וואָס ווערן פֿאַרשפּרייט צווישן דעם יונגוואַרג אין דער נייער צייט. ער האָט אָבער געהאָפּט אַז אַזוי ווי דאָס איז געקומען מיטן ווינט, וועט עס אַוועק מיטן ווינט.

אַבקע האָט דעם פֿאָטער געענטפֿערט מיט אויפֿברויז, ווי ער וואָלט שליידערן די ווערטער ווי שטיינער אויס אַ וואַרפֿערקע.

— וווּהין וועט עס פֿירן? צו דער באַפֿרייונג פֿון דעם אויפֿוואַקסנדיקן דור. און זיין באַפֿרייונג איז די באַפֿרייונג פֿון דער גאַנצער מענטשן־ראַסע.

ער האָט עס געזאָגט מיט שטאָלץ און זיכערקייט און האָט פֿאַרלאָזן דעם צימער מיט דעם ענדגילטיקן באַשלוס גאָר אינגיכן זיך צו שיידן מיט די עלטערן און אַוועק פֿון הויז, ווערן זעלבשטענדיק און ניט עסן מער ביים טאַטן בעטל־ברויט, נהמא דכיסופא...

## 139

## דער רב און די שנאָרערס

ר' יהודה־לייב איז געווען בטבע אַ גוטער און פֿריינטלעכער מענטש. פֿון צדקה־געבן האָט ער געהאַלטן אַן עולם־ומלואו: אויף צדקה, גמילות־חסדים און תורה לערנען 1) איז געשטאַנען זיין גאַנצע וועלט.

און פֿירן פֿלעגט ער זיך אַזוי:

ער איז אַוועק דאַוונען גיט פֿרי. ער איז ניט געווען פֿון די, וואָס שטייען אויף פֿרי פֿאַרטאָג. ער האָט געהערט צו די טיפֿן, וואָס זענען ענערגעטיש אויפֿ־טועריש אַמבעסטן שפּעט ביי דער נאַכט. ער האָט אָפֿט ציטירט דעם פּסוק „קומי רוני בלילה“ 2). ער האָט געלערנט ביז ווייט נאָך האַלבער נאַכט, ער האָט גוט געדענקט דעם מאמר חז״ל: דער, וואָס לערנט תורה ביינאַכט, איז דער רבונו־של־עולם צו אים גנעדיק ביי טאָג 3), ווי אין פּסוק שטייט: „יום יצוה ה' חסדו ובלילה שירו עמי“ 4). דער השם גיט זיין גנאָד צו דעם וואָס זינגט זיין ליד ביי דער נאַכט. ער איז געווען אַ גרויסער מתמיד. ער האָט כסדר געלערנט. ער האָט פּשוט ניט געקענט זיצן ליידיק אָדער גלאַט בטלען צייט. ער האָט זיך איבערגענומען מיט דעם, וואָס ער פֿירט אַ חשבון־צדק פֿון זיינע מעת־לעתן, ער ווייסט גענוי, ווו ער האָט אַהינגעטאָן איטלעכן טאָג פֿון זיין לעבן. קיין איינער איז ניט אַוועק אין בי־

---

1) אבות, א'; 2) איכה, י״ב, י״ט, ב', י״ט; 3) חגיגה, י״ב; 4) תהלים, מ״ב, ט'.

וועץ. אַפילו זיינע שעהן ציילט ער, ווי איינער ציילט רענדלעך און פאַרבאַהאַלט זיי, מע זאָל זיי ביי אים ניט צולאַטכענען.

ער האָט ניט אויפגעהערט צו לערנען און טראַכטן אָדער רעדן אין לערנען אָדער שרייבן „חידושי תורה". אַלע ספרים אין זיין ביבליאָטעק האָבן געהאַט הערות, אָנגעשריבענע אויף די גליונות. ער האָט ניט געקענט פאַרטראָגן פוסטע שמועסעריי. ער האָט ניט גערעדט קיין דברים בטלים. ער האָט אָפט געבראַכט די גמרא 1): דער, וואָס פירט אַ פוסטן שמועס, איז עובר אויפן געבאָט „ודברת בם" (דברים ו׳, ז׳) — זאָלסט רעדן וועגן זיי, און ניט וועגן אומנוצלעכע זאַכן; מ׳ען דאַרף רעדן אין לערנען, אין חכמת־זאַכן; רעכט אויך וועגן ליטעראַטור, רעכט אויך וועגן אַ פראַקטישער לעבנספראַגע. אַ מענטש איז מחויב מקיים צו זיין דעם אָנזאָג: „והגית בו יומם ולילה" 2). דעם פשט פון פסוק האָט ער אַזוי געטייטשט: אַ מענטש דאַרף לערנען טאָג און נאַכט גאָטס תורה, וואָס בלויז אַ קליינער טייל פון איר איז בכתב, ד"ה, אָנגעשריבן מיט אותיות. דאָס איבעריקע איז געשריבן מיט שטערן אין די הימלען, מיט טייכן, מיט בערג און טאָלן, מיט ימען און יבשות, מיט מענטשן, חיות, בהמות, פייגל, אינזעקטן. אָט די גאַנצע תורה, די נאַטור, דאַרף אַ מענטש שטודירן טאָג און נאַכט. וואָרעם זיי זענען בפירוש „דברי אלהים חיים" 3) און „אלהים" איז בגמטריא „הטבע" 4), ביידע באַטייטן זעקס און אַכציק.

בכלל האָט ער פון גימטריות ניט געהאַלטן.

ער האָט געמאַכט אַן אויסנאַם פאַר דער דאָזיקער גימטריא.

ער האָט ניט מאריך געווען אין דאַווענען. געקומען צוריק פון בית־מדרש, אַריין אין בית־דין־שטיבל, אַוועקגעשטעלט דעם שטעקן אין אַ ווינקל, אַוועקגע־לייגט דעם טלית־ותפילין־זעקל. ביי דער צייט איז שוין דאָס בית־דין־שטיבל געווען פול מיט „מהדורות", ד"ה בעטלערס־וואַנדראַווניקעס מיט פאַרשיידענע כתבים, עכטע צי געפעלשטע, פון רבנים. ער האָט זיי גערופן מיט איראָניע „וועקסלען".

ער איז צוגעגאַנגען צו דעם ערשטן, ד"ה צו דעם וואָס איז געזעסן נאָענט צו דער טיר און אים אַ פרעג־געטאָן האַלב אין ערנסט און האַלב אין שפאַס:

— איר האָט אַ וועקסל?

דער געפרעגטער ווייזט אים דעם כתב, אין וועלכן עס זאָגט זיך, אַז ער איז אַ נשרף, אָדער ער דאַרף חתונה מאַכן זיין פאַרזעסענע טאָכטער וכדומה.

דער רב מאַכט אַן אָנשטעל אַז ער לייענט דעם דאָקומענט, באמת האָט ער בלויז אַ קוק געטאָן אויף דער חתימה און זיך אָפגערופן אין זעלביקן איראָניזירנ־דיקן טאָן:

— איז וויפל, ר׳ ייד, בין איך אייך שולדיק?

וויפל יענער האָט געבעטן, אַזויפיל האָט ער אים געגעבן. עס האָט זיך דאָ געהאַנדלט וועגן סומעס, וואָס זענען נישט געשטיגן העכער פון צוואַנציק קאָפיקעס און ניט געפאַלן נידעריקער פון צען.

אַזוי איז ער געגאַנגען פון איינעם צום צווייטן.

---

1) יומא, י"ט; 2) יהושע א׳, ח׳; 3) עירובא, י"ג; 4) שניאור־זלמן, ליקוטי אמרים, פרק ו׳, ז׳, 159, ווילנא תר"ק.

אַז ער איז פּאַרטיק געוואָרן מיט אַלע באַזוכער־שנאָרערס האָט ער אויס־געשריגן מיט צופרידנקייט:

— אַלעמען געסילוקט, קיינעם שולדיק ניט געבליבן!

דאָס בית־דין־שטיבל האָט זיך אויסגעליידיקט.

ערשט איצט איז ער געגאַנגען עסן פרישטיק.

ער האָט געהאַט אַ וואַרימע, רעספּעקטפולע באַצוונג צו יעדן מענטשן, וואָס איז באַשאַפן געוואָרן בצלם. אָבער אַז זיין אייגן יינגל אָדער בחורל איז אויך אַ מענטש, אַ פּערזענלעכקייט, מיט וועלכער מע דאַרף זיך רעכענען — דאָס איז אים ניט איינגעפאַלן, ווי ער וואָלט ניט צולאָזן דעם געדאַנק אַז ער דאַרף זיך אַליין אָפּגעבן כבוד.

## 140

## די רביצין, די דינסט און צדקה־געבן

די רביצין האָט זיך תמיד אָפּגעגעבן מיט נויטבאַדערפטיקע, מיט קראַנקע, מיט עגונות, מיט אלמנות, יתומים און יתומות. זי איז געווען גרייט אַוועקצוגעבן דעם לעצטן ביסן פון איר מויל, אַוועקשענקען דאָס לעצטע קליידל פון איר לייב. יאָ, אויף אַלעמען געלייגט רחמנות, אַלעמען געהאָלפן. איין אויסנאַם איז געווען און דאָס איז געווען די דינסט אין שטוב.

זי האָט די רביצין באַהאַנדלט אויף דעם ערגסטן, אכזריותדיקסטן אופן. זי האָט זי געזידלט, געשריגן אויף איר, געהאַט צו איר טענות, אַז זי איז פויל, טויט גאָרנישט, עסט אומזיסט איר ברויט. איר איז קיינמאָל ניט איינגעפאַלן, אַז די דינסט איז דאָך אייגנטלעך אַן אָרים אומגליקלעך נפש; אַז אויף איר איז דאָך אויך אַ רחמנות. די דינסט איז אין אירע אויגן קיינמאָל ניט געווען אַוועקגעשטעלט אין דער רובריק פון די, וואָס עס איז אַ מצווה אַרויסצוהעלפן, באַשיצן, שטיצן. אַ דינסט איז ביי איר געווען הפקר.

אמת, דאָס שרייען אויף דער דינסט איז געווען אַ ספּאָראַדישע זאַך, ווי דאָס אויפוואַכן פון אַ פייער־שפּייענדיקן ווולקאַן.

פלוצלים פלעגט איר איינפאַלן צו ווערן אַ באַלעבאָסטע און אַ שטרענגע דער־צו, וואָס איז „מדקדק כחוט השערה”. זי האָט זיך אַ נעם געטאָן אויפראַמען דאָס הויז, וואָס איז געווען אָפּגעלאָזן זייט וואָכן, ווי זי וואָלט זיך פאַרמאָסטן אין איין טאָג פאַרריכטן, וואָס איז פאַרפעלט געוואָרן אין משך פון אַ היפשער צייט. זי האָט געהאַט בדעה, קלאָמפּערשט, אַוועקצושטעלן איר שטוביקע ווירטשאַפט אויף דער נויטיקער הויך, הגם אָט־די ווירטשאַפט, מישטיינס־געזאָגט, האָט זיך געפירט ווי אַ שיף אָן אַ רודער און אָן אַ קאַפּיטאַן. און ווער איז שולדיק אין דער גאַנצער אומדערטרעגלעכער אָפּגעלאָזנקייט, וואָס די שטוב איז ווי אַ שטאַל, ווער איז שולדיק? די דינסט, וואָס טוט גאָרנישט. לכן דאַרף זי אויסלאָזן איר ברענענ־דיקן כעס. וואָס האָט געשראָפּט אין איר קעגן זיך אַליין פאַר איר ניט זיין קיין לייטישע באַלעבאָסטע, צו דער אומגליקלעכער דינסט.

פאַרשטייט זיך אַז ווען די דינסט האָט געזען, אַז די ווירטין פון שטוב אַרט

נישט פאַר דער שטוב און שטובאָנגעלעגנהייטן, ווי ריינקייט, אויפגעראַמטקייט, האָט זי זיך מיט דעם ניט אָפּגעגעבן ערנסט. זי האָט אויפגעראַמט פון־יוצא־וועגן, טאַנ־דעט, אָפּגעפּטרט און די איבעריקע צייט געזעסן מיט צונויפגעלייגטע הענט.

די רביצין האָט ניט געהאַט ניט קיין קאָפּ און ניט קיין צייט צו טראַכטן וועגן דער אייגענער שטוב און הויזגעזינד. אין שטאָט זענען געווען אַזויפיל אָרימע שטיבער און אומגליקלעכע הויזגעזינדן, וואָס קיינער האָט זיך אויף זיי ניט אומ־געקוקט, און זיי זענען דאָך דער רבים, זענען זיי בילכער. זאָל זי פאַרנאַכלאָזיקן אַלעמען, אַלע אירע נצרכים און זיך אָפּגעבן מיט אירע שטוביקע?! זיי פעלט דאָך, ברוך־השם, גאָרנישט; עס גייט זיי דען עפּעס אָפּ? בשעת יענע הונגערן, נעבאַך, פרירן אום ווינטערצייט, קרענקען און האָבן ניט אויף קיין דאָקטער און אויף די רפואות צו קויפן. יענע קומען פריִער. וועגן די אייגענע איז ניטאָ וואָס צו זאָרגן.

## 141

## אַבקע פאָרט אַוועק

אַבקען האָט שטאַרק געקרענקט, וואָס ער האָט אַזוי גראָב באַליידיקט זיין פאָטער. ער האָט עס געטאָן אין אַ מינוט פון אויפברויז. ער האָט געהאַט פאַר דעם זיין פאַרענטפער.

דער פאָטער האָט זיך געוואָרפן פאַטשן דעם ייִנגסטן זון. דער ייִנגסטער טראָגט דאָך ניט קיין פולע אחריות פאַר זיינע מעשים. ער גייט אין די פוסטריט פון די עלטערע ברידער. דעריבער האָט אַבקע געהאַלטן עס פאַר זיין פליכט זיך אָנצונעמען פאַר אים, דעם שוואַכערן, הן פיזיש און הן אידעאָלאָגיש. ער האָט זיך געפילט מחויב אים צו באַשיצן. זיין באַשיצונג האָט אָנגענומען די פאָרעם פון אונטערשטעלן די אייגענע באַק: נאַ, פאַטש מיך, איך בין שולדיק; איך בין באַר אים פאַראַנטוואָרטלעך.

קענען דען געלייזט ווערן איבערצייגונג־פּראָבלעמען, פּרינציפּיעלע מיינונג־פאַרשיידנקייטן דורך פעטש?! דאָ איז דאָך ניט געווען אַ פאַל פון אויסגעלאַסנקייט, פון צעלאָזנקייט, אַ מין „עבדא בהיפקרא ניחא ליה" 1), דאָ איז געווען אַ קלאָרער פאַל פון אַ צוזאַמענשטויס פון באַנעמונגען, פון ווילן זיין אויסגעהאַלטן, זיך אויפ־פירן לויט באַשטימטע מאַקסימען, וואָס פליסן אַרויס פון אַנערקענטע פילאָסאָפישע אויפפאַסונגען. איז וואָס האָט דאָ שלאָגן געקענט אויפטאָן?!

ווען זיין פאָטער וואָלט געווען אַ ווילדער פאַנאַטיקער, אַן אדוק, וואָס ווייסט ניט וואָס עס קומט פאַר אַרום אים, אין לעבן, וואָס ווייסט ניט וועגן די נייע שטרעמונגען און שטרעבונגען סיי אויף דער ייִדישער און סיי אויף דער ניט־ייִדי־שער גאַס, וואָלט ביי אַבקען דער פאַרדרוס אויף אים ניט געווען אַזוי גרויס. אָבער זיין פאָטער איז דאָך אַן אויפגעקלערטער, באַהאַוונט אין פילאָזאָפישע פּראָבלעמען, ער קען גוט די רוסישע און דייטשע ליטעראַטור. איז ווי רעאַגירט ער עס אַזוי גראָב, אַזוי אומקולטורעל אויף די האַנדלונגען פון זיינע זין, וואָס זאָגן דייטלעך,

---

1) כתובות, י"א; גיטין, י"ג.

אַז זיי זועלן זיך ניט אונטערוואַרפן אונטער דער יוריסדיקציע פון אַלטע דינים און אָפּגעלעבטע שטייגערס און מנהגים.

דאָך קען זיך אַבקע ניט פאַרגעבן. ער האָט זיך ניט געטאָרט אַרויסכאַפּן מיט אַזאַ עפּיטעט, ווי אומפּאַסיק זיין פאָטער זאָל ניט האָבן געהאַנדלט. ער האָט איבערגעכאַפּט יעדע דערלאָזעוודיקע מאָס. ער איז אַרויס פון די כלים בשעת רוגזא.

די זאַך קרענקט אים, ערגערט אים ביז ווייטיק. אָבער וועגן גיין און איבערבעטן דעם טאַטן, וועגן דעם טראַכט ער אַפילו ניט. וואָס ער טראַכט יאָ איז דאָס: וויבאַלד עס האָט געקענט קומען צו אַזעלכע קריגערייען און זלזולים, איז דאָס בעסטע זיך פאַנאַנדערגיין, זיך שיידן, פאַרלאָזן דאָס הויז.

אַזוי האָבן טאַקע באַשלאָסן אַבקע און וועלפקע אויף זייער לענגלעכן שפּאַציר און נאָך אַ לאַנגער באַראַטונג און דורכשמועס.

וועלפקע איז אָפּגעפאָרן קיין וואַרשע, אַבקע האָט פאַר זיך אויסגעקליבן דווינסק.

פאַרוואָס עפּעס דווינסק, אַ שטאָט, וואָס ער האָט געקענט בלויז ביי איר נאָמען און אַפילו ניט געוווּסט געגנוי איר פלאַץ אויף דער מאַפּע?

דער רביצין האָט די מחלוקת, וואָס האָט זיך צעפלאַקערט אין הויז, שטאַרק פאַרדראָסן. זי האָט זיך געהאַלטן שולדיק, צו אַ געוויסער מאָס, אין דעם גאַנצן קריג. זי האָט בשעת־מעשה ניט תופס געווען ווי ברייט און טיף ס'איז די שפּאַלטונג צווישן די צוויי דורות ביי זיין אין הויזגעזינד. ווען זי ווייסט עס, וואָלט זי געהאַלטן בסוד איר אַנטדעקונג וועגן די טלית־קטנס. זי איז געווען פאַר שלום־בית אונטער אַלע אומשטענדן. דער ערגסטער שלום איז נאָך אַלץ בעסער פאַרן בעסטן קריג. אמת. די קינדער זענען אַרויס לתרבות רעה. איז עס אַן עונש מן השמים, אַ שטראָף פון הימל. אָבער זיי זענען דאָך ווילע קינדער, שטילע, פלייסיקע, כסדר פאַרנומען מיט לערנען זיך און אָפּגעבן זיך מיט פאָלקס־זאַכן. מאָדנע קינדער, זיי טראַכטן ניט וועגן זיך. רשעים, וואָס זענען צדיקים. זיי זענען קרום ווי אַ קאַטשערע, אָבער אין זייער קרומקייט ליגט אַ משונה פרומקייט, אַ גרייטקייט צו גיין אויף מסירת־נפש. זיי זינדיקן לשם מצווה. ניט דאַוונען, ניט־לייגן קיין תפילין, ניט מאַכן קיין ברכה איז ביי זיי גאָר אַ מצווה און זיי היטן עס אָפּ ווי אַ פרומער היט אָפּ די דינים פון שולחן־ערוך. טשיקאַווע קינדער מיט טשיקאַווע הנהגות. זי האָט פאַר זיי דרך־ארץ. זיי זענען ניט קיין הפקר־יונגען. אַלץ טוען זיי לויט עפּעס אַן אַנדערן, אַן אייגענעם שולחן־ערוך, וואָס איז אַ פאַרקערטער ווי דעראָנגענומענער. אָבער זיי טראָגן אויף זיך אַ שווערן עול

דאָס האַרץ ווייטיקט איר, וואָס זיי מוזן זיך שיידן. איר מוטערס האַרץ בלוטיקט. וואָס זאָל זי טאָן? פּרובירן מאַכן שלום צווישן זיי? ווי אַזוי קען זי עס, ווען ביידע צדדים זענען פאַרביטערט און אַנטשלאָסן, ווילן ניט איינגיין אויף קיין פשרות! ביי איר מאַן וואָלט זי געפּועלט, ער הערט זיך צו צו איר, ער האָט זי שטאַרק ליב. אָבער ביי אירע קינדער וועט זי גאָרנישט קענען פּועלן.

זיי לאָזן פאַרוואָגלט ווערן אינדערפרעמד? ס'איז יסורי־גיהנום.

ביז לעצטנס איז זי געווען אַ גליקלעכע מוטער. די קינדער זענען געווען אין דעם היים. אינערגעץ ניט געפאָרן. אַנדערע קינדער פאָרן אין ישיבות. אירע

קינדער האָבן געהאַט זייער ישיבה אין שטוב. געלערנט מיטן טאַטן, און אויב אַן טאַטן איז אין שטאָטישן בית־מדרש.

אָבער אַז זיי מוזן זיך שיידן, — איז זאָל עס זיין אויף אַ קורצער צייט. זי האָט פאַרגעלייגט דווינסק, ווייל דאָרט איז דאָ משפחה פון איר מאַנס צד, וועט אַבקע אַהין פאַרפאָרן.

כך הווה. ער איז אָפּגעפאָרן. דאָס געזעגענען זיך איז געווען לפנים קאַלט, אָנ־געצויגן, אָבער זייער ווייטיקדיק, אין תוך גענומען.

ער איז אַרויסגעפאָרן פון הויז אַ גוט־צוגעזעענער, אַ באַקליידטער, באַ־שוכטער און באַוועשטער אויפן שענסטן און ריינסטן אופן. עד האָט געפירט מיט זיך אַ היפשן באַגאַזש אין זיין טשעמאָדאַן.

וואָס איז מכוח זיין גייסטיקן באַגאַזש? עד האָט געקענט גוט העברעיִש, גע־ווען באַהאַוונט אין דער נייער העברעיִשער שיינער ליטעראַטור. אין דווינסק וועט ער זיכער געפינען אַן אגודה פון דוברי עברית, פון ציוניסטן. ער וועט ניט פאַר־פאַלן ווערן. ער וועט ווערן אַ העברעיִשער לערער.

## 142

## העברעישע ליטעראַטור האָט אים אָפּגענאַרט

ער איז געקומען צו זיין שוועסטערקינד. אַ פרוי אַ קרעמערקע. געהאַט אַ קלייטל. די דירה איז געווען צוזאַמען מיט דעם קרעמל. די אָרימקייט האָט גע־פייפט דורך אַלע לעכער. אים האָט מען אויפגענומען זייער פריינטלעך. אַ קליי־ניקייט, ר׳ יהודה־לייבס זון! און געקומען איז ער אַזאַ אויסגעפּוצטער, און זיין פאָטער — דאָס שיינדל פון דער גאַנצער משפחה, אַ באַרימטער רב, אַ גדול בישראל. מילא וועגן עסן וועט מען זיך אַן עצה געבן. אָבער ווו בעט מען אים אויס שלאָפן? ווייטער: עס איז שווער זיך מיט אים אויפצורעדן. ער וואָלט כסדר גערעדט העברעיִש. אין ייִדיש — קוים־קוים, וואָס ער דריקט זיך אויס. אָבער סיי־ווי איז ער אַ טייערער קרוב און אַן „אָנגעלייגטער״, ד״ה, אַן אַרויפגעצוווּנגענער גאַסט. אין אָרימקייט איז אַלץ אַ חשבון, אַ צוגעקומען מויל... מע מאַכט אים אַ געלעגער אויף שטולן.

אַבקען קימערט ניט זיין געלעגער. אַ דאגה דאָס איז ווי און ווו מע שלאָפט?! ווו מע לייגט זיך — שלאָפט מען. אַז מע האָט אַ קלאָרן געוויסן, קען מען שלאָפן אויף שטיינער און זען וווּנדערבאַרע חלומות, ווי יעקב אבינו. איז ער דאָך גע־שלאָפן צוקאָפּנס מיט אַ שטיין!

ער האָט גאָרנישט צו זיין גאַסטפריינטלעכער קרובה. ער האָסט זי בלויז צו־ליב איר פאַרהאַסטן חיונה־קוואַל: קרעמערײַ, דריי־גראָשנדיקע פאַרדינסטן. ער האָט פיינט דאָס גלות־לעבן מיט זיין אָרימקייט און לופט־פּרנסות. די נשמה פון קרעמער איז אויסגעפלאָכטן פון צעקניפּלטע שטריקעלעך.

ער האָט אַפילו פיינט די ייִדישע שאַפונגען, פון וועלכע עס שמעקט מיט גלות. ער קוקט אויף זיי ווי אויף בלימלעך, וואָס וואַקסן אין אַ זומפּ. ער האָט אָבער גרויס דרך־ארץ פאַר דעם קליינעם פערל „פרקי אבות״. ער געדענקט גוט

און אים געפעלן שטאַרק די פּאָר זאַצן: „אָט דאָס איז דער דרך פון דער תורה: ברויט מיט זאַלץ וועסטו עסן, וואַסער מיט אַ מאָס וועסטו טרינקען און אויף דער הוילער ערד וועסטו שלאָפן, און אין דער תורה מיסטו זיך" 1).

טראַכט ער: יאָ, ער וואָלט מיט פאַרגעניגן געשלאָפן אויף דער ערד, ווען די ערד וואָלט געווען זיינע, ייִדישע... וואָס טויג אַ תורה, ווען עס איז ניטאָ קיין ערד, אויף וועלכער זיך אויסצוציִען און אַנטשלאָפן ווערן! ער האָסט דאָס ייִדישע צעהויקערטע לעבן פון אַ פאָלק, וואָס האָט ניט קיין באָדן אונטער די פיס, קיין געזונטן לשון אין מויל, און ממילא איז זיין „תורה מן השמים" ניט ווי ס'באַדאַרף צו זיין, ווייל דער שמים, דער הימל, איז ניט קיין געזונטער; ער איז אָנגעפּיקעוועט אָנשטאָט מיט שטערן — מיט אויסטערלישע פאַרזעעניִשן. אַז מען האָט ניט קיין ערד אונטער די פיס, געוועלבט מען אָן צופיל הימל איבערן קאָפּ, און וואָס צופיל איז אומגעזונט.

אַבקע האָסט דעם הלכה־טייל פון תלמוד פאַר זיינע שטרענגקייטן און קליינ־לעכקייטן, פאַר זיינע גדרים און סייגים, די היטעניִשן פון די היטעניִשן 2), צוימען אַרום די פאַרקאַנס, פאַרקאַנס אַרום פּלויטן, דינים און דינימלעך, נאָך אַ חומרה און נאָך אַ חומרה. און אַלץ אַזוי קליין, שטויביק, פּעדאַנטיש, נישטאָ קיין שווונג, קיין צעפליגלטקייט, קיין גרויסצוגיקייט. ער מאַכט אָבער אַן אויסנאָם פאַר אגדתא און די מדרשים. ער האָט זיי באמת האָלט פאַר זייער ערטערווייז וווּנדערבאַרן סטיל, פיינע אימאַזשן, פאַרבנרייכע ציורים.

ער איז אַוועק זוכן די העברעער אין שטאָט. ער האָט זיך איינגעשאַפן די נויטיקע אינפאָרמאַציע. ער האָט שוין אויסגעפונען ווו זיי האַלטן אָפּ זייערע זי־צונגען און ווען. איין מאָל אַ חודש. ער קען זיך קוים דערוואַרטן דער חודש זאָל אַוועק. ער ברענט מיט אומגעדולד.

דערווייל וואָס זאָל ער טאָן? ער איז אַ מתמיד; ער קען ניט פּטרן צייט אויף גאָרניט. ער געפינט אויס, אַז די ביבליאָטעק פון די „פּריקאַזשטשיקעס" (קראָם־געזעלן) געפינט זיך ניט ווייט פון דער וווינונג פון זיין קרובה, ווו ער שטייט איין. עס איז אַ רייכע ביבליאָטעק מיט אַ שיינעם לייענזאַל. ער קען דאָ קריגן צום לייע־נען די ערנסטע רוסישע זשורנאַלן, און אַלץ פריי. זיצט ער אין ביבליאָטעק גאַנ־צענע טעג און לייענט. ער האָט אויך אויסגעפונען, אַז ניט ווייט פון דער ביבליאָ־טעק איז די „בירזשע" פון אַלע רעוואָלוציאָנערע פאַרטייען. דאָ האָט ער אַ געלעגנ־הייט צו באַאָבאַכטן די ייִדישע שטאָטישע יוגנט. כמעט אַלע טראָגן זיי רוסישע העמדלעך, „קאָסאָוואָראָטקעס", איבערגעבונדענע מיט אַ שנירל במקום אַ גאַרטל. דאָס העמדל איז זייער „טלית־קטן", שיער ניט אַ ריטועלער מלבוש. די העמדלעך זענען פון פאַרשיידענע קאָלירן, די בוראַק־רויטע טראָגן די סאָציאַליסטן־רעוואָלו־ציאָנערן, באָרדאָ־העמדלעך — סאָציאַל־דעמאָקראַטן.

וואָס איז דער אונטערשיד צווישן די צוויי ריכטונגען? ער ווייסט, אַז ס. ר. אנערקענען טעראָר. ער האָט גרויס אָפּשיי פאַר זיי. זיי האָבן אָפּגעראַמט פּלעווען, דעם שונא־ישראל. אָבער ער איז מער אין הסכם מיט די ס. ד., הגם ער קריגט

---

1) אבות, ו׳, ד׳.

2) מועד קטן, ה׳.

אויף זייער מאַטעריאַליסטישער פילאָזאָפיע. ביי אים קומט קודם כל די אידעאָלאָגיע, ניט די עקאָנאָמיק. וויכטיק איז, וואָס אַ מענטש טראַכט, ניט וואָס ער לייגט אַריין אין מאָגן.

ער קוקט זיך צו צו דער ייִדישער יוגנט. אַלע יוגנטלעכע קומען זיך צונויף אויף דער בירזשע. דאָ טרעפן זיי זיך. דאָ אַמפּערן זיי זיך. דעבאַטירן וועגן זייערע טעאָריעס. צווישן זיי זענען פאַראַן בונדיסטן, אָבער דער גרעסטער טייל זענען ס. ד., אַ קלענער טייל ס. ר., אָבער אַלע, אומגעאַכט אויף זייערע פאַרשיידענע אידעאָלאָגיעס, זענען פאַרקאָכט אין דער רוסישער רעוואָלוציע. אַלע זענען גרייט צו קעמפן פאַרן סאָציאַליזם.

ווו איז די ציוניסטישע יוגנט? ווו זענען די יונגע העברעער? מע זעט זיי ניט, מע הערט זיי ניט. אַבקען דריקט זיין איינזאַמקייט; ניטאָ מיט וועמען אויסצורעדן אַ וואָרט אין אַ וויל־קלינגענדיקן העברעיִש בהברה הספרדית.

ער קען גוט רוסיש. נאָך פון אָסטראָוו האָט ער געשריבן בריוו צום „רעזשיצער", אייניקע פון זיי אַפילו אין גראַמען. ער פאַרשטייט אויך די פובליציסטיש־סאָציאַליסטישע ליטעראַטור. כאָטש מאַרקס' גראָבבייכיקע בענד „קאַפּיטאַל" האָט ער נאָך ניט שטודירט. אָבער ער ווייסט וועגן זיי און איז באַקאַנט מיטן מאַרקסיזם, הגם ניט גרונטאָווגע.

ער זיצט אין ביבליאָטעק גאַנצענע טעג און גאַנצענע אָוונטן ביז מע שליסט זי. ער שלינגט די לאַנגע אַרטיקלען אין „רוסישע עשירות" („רוסקאָיע באָגאַטסטוואָ"), וואָס דער אין פּאָלטאַווע פאַרשיקטער קאָראָלענקאָ רעדאַקטירט. ער לייענט אויך אַנדערע ערנסטע זשורנאַלן, אין וועלכע פּלעכאַנאָוו, קאַוטסקי און אַנדערע באַטייליקן זיך.

ער באַקענט זיך מיט דער שאַרפער פּאָלעמיק, וואָס קאַוטסקי פירט קעגן בערנשטיינען. עס גיט אים אַ קלאַפּ אין נאָז מיט די גערוכן פון ווילדן פאַנאַטיזם. ער באַגרייפט, אַז מאַרקסיזם איז פאַר קאַוטסקין עפּעס אַ מין נייע תורה, געגעבן אויפן באַרג סיני, און מ'טאָר אין איר אַן אות ניט אָפּפרעגן. מאַרקס איז אמת און זיין תורה איז אמת. עס איז אַ נייער תלמוד און אַ נייער שולחן־ערוך, אַלץ איז באַשטימט, מ'קען ניט איבערפּסקענען.

ער טראַכט: איינמאָל זיך אָפּגעבריט מיטן אייגענעם תלמוד און אייגענע פּוסקים — איז דיינו. קאַוטסקי זעט אויס אין זיינע אויגן עפּעס ווי אַ מין רב אַ מחמיר, וואָס איז גרייט עוקר צו זיין יעדן איינעם, וואָס וויכט אָפּ אויף אַ האָר פון דער תורה און מצוות.

אַבקע פילט זיך אַנטוישט און כמעט ווי באַליידיקט, ד"ה, פשוט מיאוס אָפּגענאַרט. ס'טייטש, ער האָט נאָכגעפאָלגט מיט אַזאַ איבערגעגעבנקייט אַלץ, וואָס איז געשריבן געוואָרן אין דער נייער העברעיִשער ליטעראַטור, אַ ליטעראַטור האַלט דאָך דעם שפּיגל פאַרן לעבן פון פאָלק. און דער, וואָס קען די ליטעראַטור, דאַרף ממילא זיין באַקאַנט מיט דעם ייִדישן לעבן, וואָרעם דאָס איז דאָך די אויפגאַבע פון דער ליטעראַטור צו זיין אַ באַשרייבנדיקע „סאָציאָלאָגיע". אַצינד געפינט ער אויס, אַז ער ווייסט גאָרנישט, וואָס אויף דער ייִדישער גאַס צווישן דער יוגנט טוט זיך. וואָס איז עס פאַר אַ ליטעראַטור?! די שרייבערס האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט בטלנים און בטלנות. ווידער אַ ישיבה־בחור און אָבער אַ ישיבה־בחור, ווידער אַ

קלויזניק און אָבער אַ קלויזניק, הימל און ערד און קלויזן און בתי־מדרשים! ווי איז דאָס קאָכעדיקע זודיקע לעבן פון די ייִדן אויסער די פיר ווענט פון בית־מדרש און דעם אַרומגעצוימטן שולהויף! ער איז באַהאַוונט אין דער העברעיִשער ליטעראַטור, און דאָך איז אים דאָס לעבן פון דער ייִדישער סביבה אינגאַנצן פרעמד, עס איז פאַר אים אינגאַנצן אַ סורפּריז.

די העברעיִשע ליטעראַטור האָט אים פאַרפירט. זי האָט אים ניט געגעבן קיין עכט בילד, קיין ריכטיקע אָפּשפּיגלונג פון ייִדישן לעבן.

## 143

## די העברעערס

אַבקע האָט זיך קוים דערוואַרט אויף דער פאַרזאַמלונג פון די דוברי־עברית. עס זענען געקומען אַ פּאָר לערער און אַ פּאָר באַלעבאַטישע ייִדן. ער האָט געבעטן דאָס וואָרט. מע האָט אים געלאָזן רעדן. ער האָט אָבער לאַנג ניט גערעדט, מחמת ער האָט געפילט, אַז די הברה ספרדית קלינגט פרעמד אין זייערע אויערן. ער האָט געקוקט אויף די פּנימער פון די צוהערערס און ער האָט געזען פאַר זיך פאַרזויערטע אוגערקעס. זיי האָבן ניט פאַרשטאַנען, וואָס ער רעדט. ווען ער האָט זיי געפרעגט וועגן זייערע אַקטיוויטעטן, האָבן זיי געצוקט מיט די אַקסלען.

ווען ער האָט פאָרגעלייגט צו האַלטן אַ פאָרטראַג אין העברעיִש, האָבן זיי ניט נאָר געקנייטשט מיט זייערע איינגעהויקערטע שולטערן, נאָר אויך געדרייט מיט די נעזער און געגאַפט מיט אויסגעלופּעטע קוקערס: ווער וועט קומען הערן אַ פאָרטראַג?! זיי האָבן ניט קיין יוגנטלעכע. אין דעם איצטיקן מאָמענט איז די גאַנצע יוגנט פאַרטאָן איבערן קאָפּ אין דער רעוואָלוציע. קיינער וויזט זיך ניט צו די זיצונגען פון די דוברי עברית. ווען אַפילו עס קומט אַראָפּ אַ ליטעראַטור־באַרימטקייט, וואָלט ער קיין מנין צוהערערס ניט געקראָגן. און דאָ ליגט פאַר אַ רעפעראַט ער, אַן אומבאַקאַנט בחורל, וואָס רעדט אין הברה ספרדית און אַזוי שנעל, אַז מען קען אים גאָרנישט נאָכפאָלגן. ניין, זיי קענען זיין אָנבאָט מכוח דעם פאָרטראַג ניט אָננעמען. ניטאָ פאַר וועמען צו רעדן און זיי ווייסן ניט פון וועמען דער פאָרשלאַג קומט. ווער איז ער?

בלויז איינער, אַ סטודענט אין אָנפאַנג פון די צוואַנציקער, אָדער אפשר גאָר אַ געענדיקטער עקסטערנער, האָט זיך פאַראינטערעסירט מיט אים. ער האָט זיך פאָרגעשטעלט. זיין נאָמען איז געווען גוליאַק.

ער האָט מיט אים לאַנג געשמועסט נאָך דער זיצונג. ער האָט אָפּגעמאָלן דאָס לעבן פון דער ייִדישער יוגנט אין דווינסק. קיינער פון זיי וויל פון העברעיִש ניט וויסן און ניט הערן. אַלע זענען פאַרכאַפּט פון דער דערוואַרטער רוסישער רעוואָלוציע. ער, גוליאַק, האָט עטלעכע העברעיִשע לעקציעס. אָבער זיי פאַלן אָפּ מיט יעדן טאָג. גיט ער רוסישע „אוראָקן". אין דער צייט זוכן העברעיִשע לעקציעס, אָנגיין מיט העברעיִשער טעטיקייט, אַגיטירן דערפאַר — מיינט דראָפּען זיך אויף גלייכע ווענט.

— איז וואָס וועט זיין? — פרעגט אבא אַנטמוטיקט.

— ווער ווייסט. מיר זענען אייניקע אַליין אויף אַן אינדזל אין מיטן אַ ברויזנדיקן ים. די עטלעכע העברעער דאָ אין שטאָט געפינען זיך אין פולשטענדיקער איזאָלאַציע. זיי זענען ווי פאַרמשפטע אויף סאָליטאַרער פאַרקאַרצערונג. דאָס איז די לאַגע און קיינער קען זי לעת־עתה ניט ענדערן.

ער איז אַוועק פון אָט־דער זיצונג און נאָך מער פון אָט־דעם שמועס אַ צעבראָכענער, אַן אַנטוישטער. איין גוליאק האָט אים קלאָר געמאַכט וועגן דעם טרויעריקן מצב. גוליאק גופא האָט גערעדט ווי אַ פאַרצווייפלטער, אָבער ער האָט כאָטש גערעדט. און דאָס איז שוין אויך געווען פאַר אים אַ שטיקל טרייסט.

אין דווינסק איז געווען אַ העברעיִשער לערער, אַ שם־דבר, ער האָט אָבער געוווינט מעבר לנהר, אויף יענער זייט טייך. אבא האָט באַשלאָסן צוצופאָרן צו אים און זיך באַקענען: אפשר וועט ער פאָרט אויפגעבויט ווערן פון אים.

ער האָט אָנגעקלונגען. דעם לערערס פרוי האָט אים אַריינגעלאָזט. געבעטן וואַרטן, דער לערער דאַרף באַלד קומען.

דערווייל קוקט ער זיך אַרום. באַטאַפּט מיט די אויגן די דירה, די קינדער, דאָס ווייבל, די מוטער פון די קינדערלעך.

אין שטוב ניט איבעריק ציכטיק; די קינדער ניט איבעריק ריין אָנגעטאָן; סימנים פון דחקות אומעטום, אָבער ניט פון דורכויסיקן דלות. אַלץ איז דאָ אַזוי נחות־דרגאדיק. קיין העברעיִש האָט די מוטער מיט די קינדער ניט גערעדט. אים האָט עס פאַרדראָסן. זיי האָבן געפּלאַפּלט האַלב־יִדיש און האַלב־רוסיש.

ער איז געזעסן און געוואַרט עטלעכע שעה. ער פאַרשטייט, אַז די באַלעבאָסטע האָט אים איפגענומען העפלעך און געבעטן אַריינגיין און וואַרטן, ווייל ער איז געווען גוט אָנגעטאָן, און ווי די רוסן זאָגן: לויט דער קליידונג נעמט מען אויף און לויט דעם שכל באַגלייט מען.

עס איז מיטיקצייט. דער לערער מוז דאָך קומען אַהיים עסן. הכלל ער איז טאַקע אַריין אין הויז. ער איז געווען אַ פאַרמאַטערטער און אַ הונגעריקער. ער האָט זיך העפלעך צעוויטעוועט מיט אבאן, פּרובירט מיט אים אַריינטרעטן אין אַ שמועס, אָבער די ווערטער האָבן זיך ניט געקלעפּט. דער לערער האָט קוים מיט צרות זיך געקענט אויסדריקן אין העברעיִש. ער איז געווען אַ פאַרפראַצעוועטער. ער האָט זיך געאיילט. די שטוביקע האָבן געוואַרט מיטן עסן. אבאן האָט ער ניט פאַרבעטן עסן. ער האָט גוט באַגריפן, אַז אין זייער בצמצומדיקן לעבן איז אַ מאָלצייט אַן אַרטיקל, וואָס פאַרנעמט אַ קענטיקן פּלאַץ אין ביודזשעט. און ווייטער: איז ער דאָך אַ ווילד־פרעמדער, איז ווי קומט ער צו עסן דאָרט. דער לערער האָט אים אָפּגעמאָלן די לאַגע. ער גיט אויסשליסלעך העברעיִשע לעקציעס. עס איז אַ געראַנגלעניש מיט נויט, קוים וואָס ער שלאָגט אויס אויף חיונה. דער מצב ווערט ערגער פון טאָג צו טאָג. קיינער וויל ניט שטודירן דאָס זייער בכבודיקע, הייליקע, אָבער פאַרצייטיקע לשון. אבא וויל קריגן לעקציעס? עס איז נישטאָ גענוג פאַר די אַלטע תושבים לערערס.

דער לערער האָט קיין אַנטפּלעקונגען ניט געמאַכט, ער האָט בלויז באַשטעטיקט וואָס גוליאק האָט אים געזאָגט.

אבא איז אַוועק פון אים אַ מיואשדיקער.

## 144

# אַסימילאַציע — מומיפיקאַציע

אבא האָט פיל נאָכגעדענקט אויף זיין געלעגער.

דער אַלטער ייִדישער שטייגער האַלט נאָך אָן ווי־ניט־ווי מיטן כוח פון טראַדיציע. אָבער דאָס נייע לעבן האָט נאָך ניט אָנגעפאַנגען אַפילו אַרויסצושפּראָצן. און ווו עס ווייזן זיך יאָ סימנים פון אויפשפּראָץ, איז עס אַ געוויקס אָן וואָרצלען. דער לייכטסטער ווינט קען עס אַרויסרייסן.

ער האָט זיך פאַרקלערט וועגן די רבנים. זיי האָבן נאָך אַלץ אָן איינגעפונדעטע אינסטיטוציע. אַז מע וואַרפט זי אום, בלייבט מען מיט גאָרניט, ביי דער צעבראָכענער קאָריטע, ווי דער רוס דריקט זיך אויס. קיין נייע ייִדן פון זיין שניט זענען כמעט ניט בנמצא. לכן די אַלטערנאַטיוו איז אָדער דאָס אַלטע פאַרשימלטע אָדער גאָרניט — טויט, אַסימילאַציע.

אבא איז אָבער ביי זיך זיכער, אַז אַ ניי לעבן מוז אויפקומען. ער וועט צוריק קיין איין טריט ניט מאַכן.

אַסימילאַציע. מע האָט עס אַזויפיל מאָל פּרובירט און אַלע מאָל אומפאַרמיידלעך דורכגעפאַלן.

ער האָט געוווּסט, אַז דווינסק האָט צוויי באַרימטע רבנים. איינער איז ר׳ מאיר שמחה, געווען אַ ייִד אַ סוחר, ד״ה, דאָס ווייב האָט געהאַט אַ שניט־קראָם און ער איז געזעסן אין בית־מדרש און געלערנט. צום סוף האָט ער אומגערן אָנגענומען די רבנות־שטעלע אין דווינסק. ער שמט פאַר אַ גאון. ביי רבנים וואַרפט מען זיך מיטן טיטול „גאון“. דער צווייטער איז דער ראָגאַטשאָווער עילוי. ער איז דאָ דער חסידישער רב. וועגן אים האָט ער זיך אָנגעהערט אַ סך לעגענדעס. ער איז געוואָרן אַ לעגענדע נאָך בעתן לעבן. ער האָט גאָר ווייניק געדאַוונט, ווייניק געשלאָפן, געלערנט יום ולילה. ער האָט געהאַלטן בלויז פון די ראשונים. די אחרונים האָט ער אינגאַנצן מבטל געווען; געזאָגט, אַז זיי זענען וויסטע קאַליקעס, פּשוט, עם־הארצים.

ער האָט אַפילו ניט געטראַכט זיי גיין זען. וואָס פאַר אַ שייכות האָט ער אין אַלגעמיין מיט אָט־די פינצטערלינגס, מיט די פאַרצאַסענע סכאָלאַסטיקער, וואָס דרייען אַ ספּאָדעק וועגן זאַכן, וואָס ניט געשטויגן און ניט געפלויגן, וועגן אַן איי, וואָס אַ הון האָט זיך מיישב געווען און געלייגט אָנשטאָט אַלע טאָג פון דער וואָך, דווקא אום שבת!

אויב מ׳קען קיין ניי ייִדישן לעבן ניט שאַפן, — אבא איז איבערצייגט, אַז ניט נאָר קען מען עס, נאָר מ׳מוז, עס מוז געשאַפן ווערן אַ נאָרמאַל ייִדיש לעבן, — איז זאָל אַלץ גיין אין מאַקלאַטור, זאָל אַסימילאַציע אַלץ צעפרעסן. בעסער טויט איידער לעבן ווי אַ מומיע. אויפן ייִדיש־רבנישן לעבנס־שטייגער האָט ער געקוקט ווי אויף אַ באַלזאַמירטן קערפּער, קיין לעבעדיקן אָטעם האָט עס ניט, אָבער צעפאַלן צעפאַלט עס ניט. עס ווערט פאַרשטיינערט. ייִדנשאַפט האָט זיך — אַדאַנק דעם תלמוד און שולחן־ערוך, אויפגעהיט. אָבער איידער אַזאַ עקזיסטענץ, וואָס איז

ניט קיין לעבן און ניט קיין טויט און אַנטהאַלט די חסרונות פון ביידן אָן זייערע מעלות, איז שוין בעסער פולשטענדיקער אומקום.

מיט דעם אַלטן מומיפיצירטן ייִדישן שטייגער־לעבן וועט ער אויף קיין פּשרות ניט איינגיין. מע מוז אים פֿאַרנישטן, עס זאָל פון אים און די פֿאַלשע יסו־דות, אויף וועלכע ער האַלט זיך, קיין זכר ניט בלייבן. ער האָט דאָ געמורמלט דעם פסוק: „שקץ תשקצנו תעב תתעבנו כי חרם הוא" 1) (מיאוסן זאָלסטו זיך מיאוסן פון דעם און פֿאַראומציכטיקן זאָלסטו עס פֿאַראומציכטיקן, וואָרעם עס איז חרם). די טראַדיציאָנעלע ייִדישקייט האָט ער פֿאַרהאַסט; די פרומאַקעס — ער קען ניט שטיין אין זייערע ד' אמות.

## 145

## דער באַזוך

צו זיין שוועסטערקינד איז געקומען צו־גאַסט אַן אַנדער שוועסטערקינד פון רעזשיצע, פון זיין פֿאָטערס געבוירן־שטאָט. אַן אַלטע מויד, צירל האָט זי גע־הייסן. זי איז געווען אַ גרויסע מיאוסקייט. זי איז געווען דעם „רעזשיצערס" על־טערע שוועסטער. זי האָט געהאַט אַ פּנים פון אַ מייזל. אַזאַ פֿאַרזעעניש איז זי געווען.

זי האָט געפירט אבאן באַזוכן זייערן אַ וויטן קרוב, אַ פריקאַזשטשיק אין אַ גרויסן רייכן געשעפט. ער איז געווען אַ גאַנצער מאַכער אין זייער פֿאַריין. ער האָט געהאַט אַ גוט־באַצאָלטע שטעלע, געווען רעוואָלוציאָנער געשטימט, ער האָט, אָבער, געמוזט בלייבן לעגאַל, אַ ניט וואָלט ער דאָך ניט געקענט אָנהאַלטן זיין אַמט אין דעם פראָפעסיאָנעלן „פֿאַריין פון די פריקאַזשטשיקעס".

צירל מיט אבאן זענען געקומען אויפן באַזוך ניט אָנגעפרעגטערהייט. פון אָפּ־רופן אויפן טעלעפאָן און זיך אָנפרעגן, צי ער האָט צייט זיי אויפצונעמען, — האָט מען אין יענע יאָרן אין „זייערע קרייזן" נאָך ניט געוווּסט. זיי האָבן געקראָגן זייער אַ קאַלטן קבלת־פּנים. אבא האָט זיך געפילט כמעט ווי באַליידיקט, אָבער צירל האָט זיך געמאַכט ניט־וויסנדיק פון דער קאַלטקייט פון דער אויפנאַמע: קרובים זענען ניט קיין פרעמדע, בלוט איז געדיכטער פון וואַסער. זיי זענען מחויב זיי צו געבן כיבוד און אויפנעמען פריינטלעך, ווען זיי זאָלן אַפילו פּלאַצן.

דערווירט האָט פונקט יענעם אָוונט געהאַט באַזוכערס, מיטגלידער פון פֿאַריין, אייגענע מענטשן. זיי זענען געווען אויסגעשפּראָכענע סאָציאַל־דעמאָקראַטן און זיי זענען מסתמא געקומען איבעררייִדן וועגן פֿאַרטיי־ענינים און וועגן דער לאַגע אין לאַנד, ווי ס'האָט געהאַלטן ערב רעוואָלוציע.

דעם שמועס האָבן זיי געפירט אין רוסיש. אבא האָט גוט געקענט די שפּראַך, אָבער אין רעדן איז ער ניט געווען געאיבט, האָט ער אין שמועס קיין אָנטייל ניט געקענט נעמען. אַזוי אַז דער ווירט און חירטן האָבן אים אינגאַנצן איגנאָרירט. ער איז געזעסן ווי אַ שטומער עדות, אָבער איינזיצן האָט ער ניט געקענט, ווי

---

1) דברים, ז', כ"ו.

קוילן וואָלטן אונטער אים געגליט. ער האָט געוואַרט אומגעדולדיק, אַז צירל זאָל אויפפּאַסן די אומאַנגענעמע סיטואַציע און זיך צוריקציִען. אָן איר האָט אים ניט געפּאַסט אַוועקצוגיין, ווײַבאַלד ער איז געקומען ווי איר באַגלייטער. אָבער זי האָט הפּנים גאָרנישט געשפּירט, אַז זי איז דאָ אויסן פּלאַץ, און אַז זיי וואָלטן וועלן פּון איר פּטור ווערן. מעגלעך אַז זיי האָבן באַדאַרפט וועגן עפּעס זיך דורכשמועסן.

סוף כל סוף האָט אבא מער ניט געקענט אויסהאַלטן. ער האָט זיך אויפגעהויבן און זיך געלאָזן צו דער טיר אַזוי, אַז צירל האָט אים געמוזט נאָכגיין.

אבא איז אַרויס כמעט אָן זאָגן אַ גוטע־נאַכט, אַפילו בלויז פון יוצא־וועגן, אַזוי אין כעס אויף זיי, אויף די אַסימילירטע ייִדעלעך, איז ער געווען. ער וואָלט פאַרפירט מיט אָט־די אָפּגעפרעמדטע, די אברים מדולדלים פון ייִדישן פאָלקס־קערפּער, אַ דעבאַטע, ער וואָלט זיי באַוויזן, אַז זיי גייען אויף אַ פאַלשן וועג. אָבער דאָס האָט ער געקענט טאָן אין העברעיִש. אָבער די, וואָס קענען העברעיִש און פאַרשטייען, וואָס מע רעדט צו זיי אַפילו בהברה הספרדית, דאַרפן ניט האָבן זײַנע אויפקלערונגען מכוח דעם דורכפאַל פון אַסימילאַציע. הייסט עס, אַז כדי צו אַגי־טירן פאַר דער אידעע פון אַ ייִדישן רענעסאַנס דאַרף ער גאָר קענען גוט רוסיש. מע היילט דאָך ניט קיין געזונטע, נאָר קראַנקע.

ער האָט קיינמאָל אַזוי ניט געפילט זײַן אומבאַהאָלפנקייט ווי בעת זײַן באַזוך ביי אָט־דעם ווייטן קרוב. ער האָט תופס געווען, אַז ער מוז בייטן זײַן טאַקטיק. אַגיטירן אין העברעיִש פאַר העברעיִש קען מען בלויז צווישן קלויזניקעס, ניט צווישן אָפּגעפרעמדטע ייִדן, וואָס זייער לשון איז רוסיש, אויך ניט צווישן „עמך“, וואָס זײַן לשון איז ייִדיש. לכן, מוז ער נוצן דריי שפּראַכן, אויב ער וויל אָנפירן אַ ברייטע פּראָפּאַגאַנדע פאַר העברעיִש. ער האָט זיך איינגעשלאָסן אין זיך און האָט זיך אָפּגעקערט פון דער ברייטער ייִדישער וועלט.

## 146

## סאָציאַליזם - מאַרקסיזם — די פּוסקים מאַרקס און קאַוטסקי

אבא האָט זיך אָפּגעוואַלגערט אין דווינסק איבער צוויי חדשים און צו קיין זאַך זיך ניט דערשלאָגן, די זאַך האָט געמיינט ניט מער ווי אַ פּאָר לעקציעס אין העברעיִש, ער זאָל קענען באַצאָלן פאַר עסן און געלעגער. מער האָט ער ניט פאַר־לאַנגט. ביי אים איז עס געווען בלויז אַ פראַגע פון „לחם לאכול“. פון „בגד ללבוש“ האָט ער ניט געטראַכט, ווייל מיט מלבושים וועלן אים באַזאָרגן טאַטע און מאַמע, ווען ער׳ט קומען אַהיים אויף יום־טוב.

זײַן דווינסקער שוועסטערקינד האָט זיך אינטערעסירט מיט זײַן לאַגע, זי האָט זייער געוואָלט קריגן פאַר אים אַ פּאָר לעקציעס, כדי ער זאָל האָבן אויף חיונה און ער וועט אַראָפּ פון אירע קעסט. זי האָט אָבער גאָרנישט אויפגעטאָן פאַר אים. זי האָט ניט געקאָנט ביי איר גאַנצן ווילן. איר באַקאַנטשאַפט אין דער שכנהשאַפט איז געווען באַגרעניצט; אירע קונדן, וואָס האָבן איר געגעבן צו לייזן

און מיט וועמען זי איז געווען גוט באַקאַנט און אַפילו אין פריינטלעכע באַציִונגען, האָבן באַלאַנגט צום בעלי־מלאכה־שטאַנד. זיי האָבן זייערע קינדער קיין העברעיִש ניט געלערנט, געשיקט אין חדר אָדער אין תלמוד־תורה אָדער גאָר אין אַ האַנטווערקשולע און יוצא געווען מיט דער דערציִונג און בילדונג. לערנען די קינדער העברעיִש און דינגען פאַר דעם אַ לערער אויף אַ שעה אין טאָג איז געווען אַ לוקסוס־זאַך און דאָס האָבן זיך געקאָנט פאַרגינען בלויז פאַרמעגלעכע פאַמיליעס און מיט אַזעלכע האָט זי קיין באַקאַנטשאַפט ניט געהאַט, אין איר קליין קרעמל האָבן זיי ניט אַריינגעשמעקט.

ער איז בינתיים ניט געזעסן לײדיק. ער האָט זיך שטאַרק פאַראינטערעסירט מיטן סאָציאַליזם. ער איז געוואָרן היפּש קעגנעריש געשטימט צום קאַפּיטאַליזם. אָט איז ער געקומען זוכן באַשעפטיקונג ווי אַ לערער צו פאַרדינען אויף ברויט און לאָזשי, — און קײנעם גייט עס ניט אָן. ער איז עפּעס ווי אַן איבעריקער מענטש. ווען ניט זיין אָרימע שוועסטערקינד, וואָלט ער באַדאַרפט הונגערן. אַצינד, ווי די זאַך איז, הונגערט ער ניט, אָבער ער ליידט פון דערנידערונג, וואָס איז ערגער פון הונגער־יסורים. דאָס געפיל פון זיין אינגאַנצן פאַרזען, איגנאָרירט — פּייניקט אים און שרעקט אים. אונטער סאָציאַליזם וואָלט עס ניט געקענט פּאַסירן. די געזעלשאַפט ווי אַ גאַנצע איז מחויב צו באַזאָרגן אירע מיטגלידער און ניט איבערלאָזן זיי אויף גאָטס באַראָט.

ער האָט זיך אַ נעם געטאָן דורכצושטודירן פלייסיק קאַוטסקיס „ערפורטער פּראָגראַם“, מאַרקס פּאָליטישע עקאָנאָמיע און קאַוטסקיס פּאָפּולאַריזאַציע.

ער האָט עס שטודירט גאַנץ געשמאַק. עס האָט אים דערמאָנט אַביסל אָן דער צייט, ווען ער האָט געלערנט סדר נזיקין. אָבער דאָ האַנדלט זיך דאָך וועגן אַן אַקטועלער לעבנספראַגע. מאַרקס, קאַוטסקי זענען פּוסקים, זיי זענען מתיר און זיי אסרן. אָבער וואָס? ניט שטעלן אַ סאַמאָוואַר אום שבת, אָדער ניצן סכך פון אַ בית־עולם פאַר אַ סוכה און ענלעכע שטותערייען און קלײנלעכקייטן. דאָ האַנדלט זיך אויך וועגן איסור און היתר. אָבער דער איסור האָט אַ פאַרנעם, עס כאַפּט אַרום אַ גאַנצן עקאָנאָמישן איינשטעל. מע אסרט מסחר; מע אסרט דינגען אַרבעטער און זיי עקספּלואַטירן; מע אסרט האַנדל־וואַנדל און מע גיט אַרויס אַ פּסק־דין, אַז מען זאָל איינפירן ניט קיין תכלת אין די ציצית, ניט קיין מקוואות, ניט דאָס זאָגן „ברוך שאמר“ פאַר „מה טובו“, לייגן צוויי פּאָר תפילין, דווקא אָפּמורמלען בני היכלא, דאַווענען נוסח אר״י און אַנדערע שמאָכטעס, דברים של מה־בכך, נייערט אַ נייע פאָרעם פון אַ ווירטשאַפט. דאָס האָט דרייסט, שווונג. עס גייט אין הצלת נפשות פון מיליאָנען מענטשן, וואָס ווערן פאַרהונגערט, צעריבן צווישן די מילשטיינער פון דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט. עס האַנדלט זיך אויך טאַקע וועגן אים גופא. אויך ער איז אַ קרבן פון דעם עקאָנאָמישן סדר. און די פראַגעס רירן אָן ניט איין פאָלק, נייערט די גאַנצע שמאַכטנדיקע מענטשהייט, וואָס ווערט עקספּלואַטירט, באַראַבעוועט, אונטערדריקט פון אַ הייפל אָדער אַ באַנדע הערשערס, אַדעליקע און גבירים אדירים.

ער קען נאָך לעת־עתה ניט שווימען, ער פליושקעט זיך בלויזביים ברעג, וווּ דאָס וואַסער איז פלאַך אין דעם נייעם ים, אין דעם ים פון פּאָליטישער עקאָ־

נאָמיע. ער מוחט זיך וועגן גאָר וויכטיקע ווירטשאַפטלעכע און פּאָליטישע פּראָבלעמען, אַזוי אַז וועגן זיך בפרט האָט ער שיער ניט פאַרגעסן.

אָבער זיינע צוויי שוועסטערקינדער פאַרנעמען זיך דווקא מיט זיין פּראָבלעם: ווי אָרדנט מען אים איין און ווי ווערט מען, אויף אַ גוטן אופן, פּטור פון אים? זיי קומען צו דער פאַרשטענדעניש, אַז דאָס בעסטע אונטער די אומשטענדן וואָלט זיין ווען ער פאָרט קיין קרעסלאווקע. דאָרט וווינט אויך אַ שוועסטערקינד פון טאַטנס צד. און יענע זענען קען מען זאָגן, פאַרמעגלעך, און דאָס שטעטל איז קליין. דאָרטן וועט לייכט זיין צו קריגן פאַר אים העברעיִשע לעקציעס. זיי האָבן אַ ברייטע באַקאַנטשאַפט.

## 147

# קרעסלאווקע

אַ קליין שטעטל אויף דעם טייך דווינאַ. פון דווינסק קיין קרעסלאַווקע פאָרט מען מיט אַ דאַמפשיף. אַ גאָר קורצע רייזע. דאָס שטעטל איז פול מיט לעבן. עס קאָכט און זידט פון רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט. דאָרט זענען דאָ גרויסע באַרשט־פאַבריקן. די ייִדישע בערשטערס זענען אָרגאַניזירט. אַ טייל געהערט צום „בונד“, אַ טייל צו דער רוסלענדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע.

צו די קרובים איז אבא געקומען מיט אַ בריוו פון דער קוזינע, וואָס אין דווינסק. אָט־די קרובים זענען שוין גאָר ניט געווען אָרים. זיי האָבן געהאַט עפּעס אַ פאַרפאָרהויז און דערצו אויך אַ קראָם. אין שטוב האָט געשטונקען מיט ביר, געפרעגלעניש און טאַקע מיט מיסט, וואָס די פערד האָבן איבערגעלאָזן אין הויף ווי סוווענירן. די פאַרפאָרער זענען געווען לאַטישן. זיי זענען געקומען אין אַ גרויסער צאָל אויף די יאַרידן, אויף חגאות און אויך אין די געוויינטלעכע זונטיקס. פון די גויִים האָבן זיי געהאַט חיונה בשפע און געשפּאָרט דעם רובל.

דער עלטערער זון איז געווען אַ בערשטער. דער ייִנגערער איז נאָך געווען צו יונג צו גיין צו דער אַרבעט, האָט ער ארויסגעהאָלפן אין הויז. ער האָט געהערט צו דער „איסקראַ“ (פונק). דאָס איז דער באָלשעוויסטישער פליגל פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. ער פלעגט גאַנץ אָפט באַגראָבן ביי זיי אין הויף אומלעגאַלע ליטעראַטור, וואָס איז געווען געדרוקט אויף גילזן־פּאַפּיר און אריינגעשמוגלט פון אויסלאַנד. די טאָכטער, וואָס איז געווען ייִנגער פון עלטסטן זון, איז שוין געווען אַ בגרות, זי איז געווען באַשעפטיקט אין הויז, אין איר קאַפּאַציטעט פון הויפּטפאַרקויפערן און דערלאַנגערן צום טיש. די אָנגעפאָרענע גויִים פלעגן ביי זיי טרינקען און עסן.

אבאן האָט מען אָפּגעגעבן די „סאַליע“, דעם גרעסטן און ליכטיקסטן צימער פון דער גאַנצער וווינונג. אָבער בעת אַ יריד אָדער אַ חגא פלעגט דאָס הויז זיין געפּאַקט מיט גויִים, זיי האָבן פאַרנומען אויך זיין צימער. אָבער פאַרנאַכט־צו זענען זיי שוין געווען אַלע צעפאָרן.

די קרובים האָבן אָן קיין שוועריקייטן געקראָגן פאַר אים עטלעכע לעקציעס און ער האָט געהאַט גענוג צו באַצאָלן זיי פאַר זיין שטיין ביי זיי.

אַ דאַנק דעם ייִנגערן זון האָט ער געהאַט אַ געלעגנהייט זיך צו באַקענען מיט דער אומלעגאַלער ליטעראַטור פון די ס. ד., אָבער קיין אינטערעס האָט ער אין איר ניט געפונען. די זשורנאַליסטן האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט קלייזל־קריגע־רייען, מיט פראַקציאָנעלע דיסקוסיעס, מיט האָרשפּאַלטונג וועגן פראַגן פון טאַקטיק און קרייזן־אָרגאַניזירונג. ער האָט די פּאָלעמיקעס געהאַלטן פאַר אומוויכטיק. אַ סך טומל ווערט געאָרניט מיט נישט. תלמודישע קאַזויִסטיק און פּילפּוליסטישע אַק־ראָבאַטיק וועגן אַ סאָציאַליסטישן „קוצו של יוד”. ער האָט געזען פּערזענלעכע פּניות און אַמביציעס, וואָס פאַרשטעלן זיך כלומרשט הינטער פּרינציפּיעלע שיר־מעס. עס איז שנים אוחזין בטלית. עטלעכע אינטעליגענטן האָבן זיך אָנגעכאַפּט אָן רוסלענדישן פּראָלעטאַריאַט און יעדער ציט אים צו זיך, יעדער וויל ווערן זיין וואָרטזאָגער און פירער. זיי קענען די פּראָלעטאַרישע ירושה צווישן זיך נישט צעטיילן בעת עס איז נאָך קיין ירושה ניטאָ, דער צאַר זיצט נאָך פעסט אויפן טראָן.

זעט איר דעם חילוק צווישן די ס. ד. און די ס. ר. האָט ער יאָ געהאַלטן פאַר וועזנטלעך. אָבער די קריגערייען פון די באָלשעוויקעס מיט די מענשעוויקעס האָט ער געהאַלטן פאַר אויפגעבלאָזן, עס איז אַ קריג, צי מע זאָל אָנהייבן דאַוונען שחרית פון „מה טובו” אָדער פון „ברוך שאמר”.

ער האָט זיך אינטערעסירט מיט דער טעאָריע, מיט די גרונטפּרינציפּן פון סאָציאַליזם און דאָס האָט ער געפונען באַאַרבעט אין וויסנשאַפטלעכע ווערק, וואָס זענען אין רוסלאַנד אונטערן צאַר ניט געווען פאַרבאָטן. קיינער האָט אים ניט געשטערט זיך צו פאַרטיפן אין הלכות סאָציאַליזם, מאַדקסיזם.

## 148

## אַ ראיה אויף יונגשאַפט

עס איז זונטיק ביי דער נאַכט. די גויִם זענען זיך שוין צעפאָרן. אבא ליגט אויף זיין געלעגער און לייענט דאָס בוך, וואָס דער ייִנגערער זון האָט אים געגעבן. דאָס בוך האָט אַ טשיקאַוון נאָמען: „די זלידנע פליג”. עס איז אַ באַשרייבונג פון די טעטיקייטן פון איטאַליענישע רעוואָלוציאָנערן פון די צייטן פון גאַריבאַלדי. ער איז פאַרכאַפּט פון דעם סיפּור־המעשה. ער לייענט עס מיט גרויס הנאה און אַריינגעצויגנקייט, ממש ווי ער האָט געלייענט די „מעשה מג׳ אחים”. ער לייענט אָן לייענט, עס האַלט אים געשפּאַנט און וואַך. ער זעט דורכן פענצטער אַז עס נעמט שוין שאַריען אויף טאָג.

ער איז עקזאַלטירט, אין אַ גאָר געהויבענער שטימונג. וואָס איז? וויבאַלד ער קען ווערן אַזוי פאַרשלונגען פון אַ פאַרציילונג, איז עס אַ סימן אַז ער איז נאָך יונג, פול מיט לעבן, ניט אויסגעשעפּט, ניט גלייכגילטיק צו זיין אַרום.

ער איז בסך־הכל נאָך ניט קיין גאַנצע אַכצן יאָר אַלט און ער זוכט שוין ביי זיך סימנים פון זיין יונגשאַפט. ער וויל זיך איבערצייגן און פאַר דער איבער־צייגונג דאַרף ער האָבן פאַקטן, אויף וואָס זיך צו שטיצן, אַז ער איז נאָך ניט אַלט גייסטיק, פסיכאָלאָגיש, עמאָציאָנעל, נאָך ניט „אָפּגעטראָגן”, אָפּגעלעבט.

ער פרייט זיך, וואָס ער, הגם ער טראָגט שוין אַ שווערן פֿעקל יאָרן אויף זיינע אַקסלען, קען זיך נאָך אַריינלייגנען אין אַ בוך אַזוי, אַז ער זאָל ניט איינ־שלאָפן און דורכמשמורן אַ גאַנצע נאַכט. דאָס איז ביי אים אַ מדרגה. אבא האָט דעמאָלט געהאַלטן, אַז יונג מיינט פֿערצן יאָר, בדוחק קען מען אויך אַריינגעמען זיבעצן. און ניט אַ טראָט ווייטער.

און אַזוי ווי ער איז שוין אַלט אַכצן, האַלט ער זיך פֿאַר אַ בכבודיקן זקן. און עס איז קיין ווונדער נישט, וואָס אַלטקייט הייבט זיך אָן ביי אים אַזוי פֿרי. צו אַכט־ניין יאָר האָט ער זיך שוין באַטראַכט פֿאַר אַ דערוואַקסענעם. ער האָט גע־נומען זאַכן זייער ערנסט, ווען ער איז געווען ניט מער ווי ניין יאָר אַלט. ער האָט זיך געהאַלטן פֿאַר אַ פֿאַראַנטוואָרטלעכן מענטש. ער האָט „פֿאַרהאַנדלט" מיטן רבונו של עולם. ער האָט זיך אָפּגעגעבן מיט אויפֿברעכערישע פּלענער. ער האָט געטראָגן דעם גאַנצן ייִדישן יאָך אויף זיינע אַקסלען.

## 149

## אמתע רעוואָלוציאָנערן און כלומרשטע

אבא פֿירט אָפּ דעבאַטן מיט איסאַקן, דעם ייִנגערן זון, דעם איסקראָוועץ. ער ווייסט, מע קען אים ניט איבערשפּאַרן און ניט איבערצייגן. ער טוט עס בלויז, כּדי זיך צו איבן אין רעדן רוסיש.

ער איז אַפֿילו זיכער, אַז מיט דעם שניט „איסקראָוועצעס" לוינט גאָרניט זיך מתווכח צו זיין, „לאָז צו ר' דעם שיכור, ער וועט אַליין אומפֿאַלן" 1). ער פֿילט בחוש, אַז אָט־דער בן־יקיר האָט אין זיך אַריינגעזאַפּט אַזויפֿיל קרעמערישקייט אין די געבליטן און אין געביין, אַז ער וועט ווערן אַ שפּעקולאַנט, אַ מאַרוויכער און וועט פֿאַרגעסן זיינע חטאות נעורים, יוגנט־זינד, ווי נאָר ער קריגט־צו אַ פּאָר יאָרן און אַ כלה.

ער האָט אויך געקענט אַ פּאָר בונדיסטן פֿון דעם מין, וואָס וואַקסן גיך אַרויס פֿון זייערע רעוואָלוציאָנערע שיכלעך.

ווי נאָר זיי האָבן חתונה, נעמען זיי גיין אין שול, וויקלען זיך איין אין דעם פֿון דער כלה געשאָנקענעם טלית, לייגן תּפֿילין און ווערן לייטישע באַלעבעסלעך. אַזוי האָט אויך געטאָן דער עלטסטער זון פֿון זיין זויגאַם. אַלע איינעם גאַנצן הויז זענען געווען, דוכט זיך, פֿאַרברענטע בונדיסטן. אָבער ווי נאָר דער בכור האָט חתונה געהאַט, האָבן זיך זיינע בלוטן אָפּגעקילט, זיין אַטעיִסטישע רעוואָלוציאָנע־רישקייט האָט זיך אויסגעוועפּט, ער האָט עס פֿאַרלאָרן מיט זיין בחורשאַפֿט. ער האָט פֿאַרגעסן דאָס לידל „דער רבֿ מיטן פּאָפּ פֿאַרדרייען דעם קאָפּ", ער איז גע־קומען אין בית־מדרש און שלום־געמאַכט מיטן רבֿ, מיט גאָט און מיט זיין באַלע־באָס, מיט אַלע דריי אויף איינמאָל. ער האָט אַליין גענומען גאַנץ ערנסט טראַכטן וועגן ווערן אַ שטיקל באַלעבאָס פֿאַר זיך. ער וועט נוצן דעם נדן. דאָס איבעריקע

---

1) שבת, ל"ב.

וועט ער צולייען און עפענען אַ ווערקשטאַט מיט אַ צוויי־דריי געדונגענע אַרבע־טער. עס איז ניט קיין תכלית צו אַרבעטן ביי יענעם און פאַר יענעם און זיך איינרייסן מיט דער גאַנצער וועלט.

דאָס אייגענע האָט פּאַסירט מיט זיין שוועסטער. זי איז געווען מיידלוויז אַ בונדיסטקע פלאַם און פייער. נאָך דער חתונה האָט זי זיך אויסגעלאָשן אַזוי, אַז אַפילו אַ פונק האָט מער ניט געטליִעט. זי האָט זיך גענומען אויפפירן ווי אַ יידישע טאָכטער דאַרף זיך אויפפירן: מיט ליכט־בענטשן אין צייט, מיט חלה־נעמען, אין מקווה־גיין, מיט עין־הרע אָפּשפּרעכן...

אבא געדענקט זי גוט נאָך פון יענע יאָרן, ווען ער און רחקע און דאָס מיי־דעלע האָבן זיך געשפּילט אין זיידנס הויף פּוטילאָווקע, ווו אירע עלטערן האָבן געהאַלטן דעם פּאַכט. אַז רחקע איז אויף איר אין כעס געוואָרן האָט זי זי גענומען אַרויסטרייבן.

— פונוואַנעט טרייבסטו מיך? — האָט דאָס מיידעלע געפרעגט אין קינדער־שער תמימות.

— פון זיידנס דרויסן.

דאָס וואָרט הויף איז נאָך רחקען געווען פרעמד, אָבער אַז מע דאַרף טרייבן, דאָס האָט זי שוין געוווּסט.

— דער דרויסן איז אַלעמענס, — האָט די צוקונפטיקע בונדאָווקע געענט־פערט.

אין היץ פון די וויכוחים האָט אבא איסאַקן פאַרויסגעזאָגט זיין נאָענטע פאַר־וואַנדלונג. ער האָט זיך פאַררופן אויף די בונדיסטן, די בעלי־תשובה, וואָס זענען גאַנץ שנעל געוואָרן פון אַגיטאַטאָרן קעגן קאַפּיטאַליסטישער עקספּלואַטאַציע — עקספּלואַטאַטאָרן. זיי האָבן זיך אַרומגעזען, אַז דאָס לוינט זיך זיי פיל בעסער.

אָבער זיין דיספּוטאַנט האָט די דאָזיקע פאַרויסזאָגונג־באַשולדיקונג אָפּגע־שליידערט פון זיך מיט אַנטריסטונג.

אָבער זיין מאַמע, טאַטע, ברודער און שוועסטער האָבן אָנגענומען אבאס פּראָגנאָסטיקאַציע. זיי האָבן געהאַלטן אַז איסאַקס רעוואָלוציאָנערישקייט און אַסי־מילירטקייט זענען געווען בלויז פּאָזע, פּראָזע און שוים.

אָבער אין אָט־דעם שטעטל זענען געווען אויך אמתע איבערגעגעבענע רע־וואָלוציאָנערן און איבערצייגטע סאָציאַליסטן. דער רייכסטער באַרשטן־פאַבריקאַנט אין שטעטל איז געווען אַ ייד מיטן נאָמען כורין. ביי אים האָבן געאַרבעט אַ פּאָר הונדערט בערשטערס. האָט זיין בן־יחיד און בת־יחידה אָנגעפירט מיט דעם אַרבע־טער־שטרייק ביי אים אין פאַבריק קעגן זייער אייגענעם טאַטן דעם עקספּלואַ־טאַטאָר.

עס איז אויך געווען אַ יינגער בחורל, אַ בונדיסט, אין די אייגענע יאָרן וואָס אבא. ער האָט דערשאָסן דעם פּריסטאַוו דערפאַר, וואָס ער האָט געלאָזט שמייסן די מײַ־מאַי־דעמאָנסטראַנטן.

אבא האָט געהערט דעם שאָס, ווען ער איז געזעסן אויף דער ווערענדע פון אַ רייכן הויז און געקנעלט מיט זיין תלמיד „פקד פקדתי". ער'ט געזען דעם בחורל פאַרביילויפן דאָס הויז און אַ ווילע שפּעטער אַ כאַפּטע פּאָליציאַנטן און זשאַנדאַרן פאַרביישמייענדיק, נאָכשפּירנדיק, נאָכיאָגנדיק דעם בורח טעראָריסט.

חברים פון בונד האָבן אים אויסבאַהאַלטן און אין געהיים, אַן איבערגעטאָ־נעם ווי אַ מיידל, אַרויסגעפירט פון שטאָט. ער האָט געשוואַרצט די גרעניץ און אָנגעקומען בשלום קיין אַמעריקע.

## 150

## געלט — מוקצה מחמת מיאוס 1)

אבאס שטאַרקסטע און פיינפולסטע איבערלעבונג איז געווען אַן אומוויכטיקע פּאַסירונג. אַוועק שוין אַ חודש זינט ער האָט אָנגעפאַנגען צו קנעלן מיט זיין שילער. פרייטיק נאָך מיטאָג. נאָר וואָס געענדיקט די לעקציע מיטן בן־יחיד. ער נעמט זיך ערשט קלייבן אַוועקצוגיין. שוועבט אַריין די יונגע עלעגאַנטע מוטער פון זיין תלמיד און פרעגט אים העפלעך אין רוסיש:

— וויפל דאַרף איך אייך באַצאָלן פאַרן חודש?

ער פילט גלייך אַז די ערד עפנט זיך אונטער זיינע פיס, ווי די מעשה איז געווען מיט קורחן און זיין גאַנצער געמיינדע; ער וואָלט אַריינגעשפּרונגען אין תהום, אַבי צו אַנטלויפן פון אָט־דער פּרעגעניש, אַזוי באַליידיקט, אַזוי דערני־דעריקט האָט ער זיך געפילט. עס האָט אין אים געזאָטן אינערלעך.

— ס׳טייטש, ווי קען מען גאָר רעדן וועגן אַזעלכע זאַכן! אין זיין טאַטנס הויז האָט מען וועגן געלט קיינמאָל ניט גערעדט. עס איז געווען לחלוטין טאַבו. דאָס גערייד וועגן דעם איז געשטאַנען אויף דער זעלביקער שוואַרצער ליסטע פון „לא־ישמע״, וואָס מ׳טאָר פון מויל ניט אַרויסברענגען און צו די אויערן ניט צוברענ־גען, ווי דהיינו, ניבול־פּה, גראָבע רייד, קללות, זידלערייען, צונעמענישן. ווי קען ער ביי זיך גאָר פועלן איר צו ענטפערן און אָנגעבן אַ מקח? ווי קען זי גאָר אים אַזוי פרעגן?

לויט זיין פאַרשטיין האָט די יונגע פרוי, די מוטער, געדאַרפט אַריינלייגן די סומע, וואָס זי איז משער, אַז אים קומט, אין אַ קאָנווערט, דעם קאָנווערט אים דערלאַנגען אין האַנט אַריין ביים געזעגענען זיך, אָדער נאָך שענער און טאַקטישער אַריינרוקן דעם קאָנווערט אין קעשענע פון זיין אויבערמאַנטל, אין ערגסטן פאַל לאָזן דעם קאָנווערט ליגן פאַר אים אויפן טיש, נאָך איידער ער איז אַריינגעקומען.

אָבער רעדן מיט אים וועגן געלט, וועגן אַ פּרייז — ווי קען מען אַזוי נידע־ריק זינקען?! ווי קען זי אים אָננעמען פאַר אַזאַ שפּלער באַשעפעניש, אַז ער וועט זיך דערלויבן צו דערמאָנען אַ פּרייז. ווער איז ער? פאַר וועמען נעמט זי אים?!

ביי זיי אין הויז זענען פאָרגעקומען מיספאַרשטענדענישן, אויך קריגערייען, אָבער תמיד אויף אַ פּרינציפּיעלן באָדן, אויפן יסוד פון דער פאַרשיידנקייט פון איבערצייגונגען. אַ שלעכט וואָרט האָט זיך ביי אים אַרויסגעכאַפּט פון מויל און ער וועט זיך עס קיינמאָל ניט פאַרגעבן, און דאָס איז דאָך געווען בשעת אַ גוואַלדאַווי־נער סצענע, ווען ער איז געווען אויסער זיך און ניט געוווּסט, וואָס עס האָט זיך מיט אים געטאָן.

---

1) שבת, מ״ד.

יאָ, מע האָט זיך שאַרף פּאָלעמיש געאַמפּערט אין לערנען, געפרעגט קשיות, אָפּגעשלאָגן די תירוצים מיט רוגזא, ניט געשאָנעוועט קיינעמס כבוד. דאָס האָט קיינער ניט גענומען פאַר אומגוט.

וועלפקע האָט אפילו אַמאָל אין אַ היציקער אַמפּערניש וועגן אַ ברייטבייכיקן ר״ן אויף נדרים אַ געשריי געטאָן צו זיין פאָטער דעם גאון:

— אַז דו פאַרשטייסט ניט!

אַפילו דאָס איז געווען בחזקת היתר, הגם אומפּאַסיק, צו דרייסט. פאַר יענעם ר״ן האָט וועלפקע געקראָגן פון טאַטן באַצאָלט אַ גאַנצן זילבערנעם רובל.

אָבער אויסער די שאַרפע דיבורים אין תורה־קריגעריי איז דאָס ריידטייכל ביי זיי אין הויז געפלאָסן רויק, שטיל, אָן כוואַליעס און אָן רונצלעך אַפילו.

געלט איז געווען „מאן דכר שמיה״ 1). מע האָט וועגן אַזאַ אומריינער זאַך ניט גערעדט און ניט געטראַכט. עס איז געווען מוקצה מחמת מיאוס און נאָך ער־גער, ווי צורירן זיך צו אַ שרץ...

ווען מ׳האָט געדאַרפט צאָלן, האָט מען געצאָלט, אָבער ניט גערעדט וועגן דעם. דהיינו, דעם דאָקטער פאַרן וויזיט האָט מען זיין האָנאָראַריום אַריינגעלייגט אין אַ קאָנווערט און דעם קאָנווערט מיט די מזומנים אַריינגעוואָרפן אים אין קעשענע, עס זאָל אויסזען, אַז ער באַהאַנדלט דעם חולה בחינם.

אַז מ׳האָט געדאַרפט באַצאָלן די קרעמער, — האָט אַ קינד צוגעטראָגן די באַשטימטע סומע איינגעוויקלט אין פּאַפּיר פון חשבון. דערלאַנגט דעם קרעמער, אַ מורמל־געטאָן: „די מאַמע האָט עס אייך געשיקט״ און גלייך אַוועקגעגאַנגען ניט אָנצוקוקן דעם קרעמער בשעת ער נעמט עס און ציילט עס, ניט זען אים ווען ער איז אין אַן אומפּאַסיקער פאַרלעגנהייט 2).

## 151

## זאַקהיים

אבא שטודירט סאָציאַליזם־מאַרקסיזם. ער לערנט זיך אָבער אויך יידיש. ער לייענט אַלע טאָג דעם „פריינד״ אונטער אשר גינזבורגס רעדאַקציע. פאַרשטייט זיך, אַז ער קען גאָר ניט שלעכט יידיש. ער וויל אָבער זיך איינאיבן אַזוי, אַז ער זאָל ניט דאַרפן קריכן צו זיך אין קעשענע נאָכן פּאַסיקן וואָרט. ער וויל זיך איינ־אַרבעטן אַזוי, אַז דאָס וואָרט זאָל זיך ניט פּלאָנטערן צווישן דער צונג און די ציין, נאָר זאָל פליסן גלייך און גלאַט, און, ווען מע דאַרף זיי, זאָלן די זאַצן, די פראַזן, די שלאָגווערטער אַ שאָס טאָן מעשה פייל פון בויגן.

ער קומט צוריק קיין דווינסק. וואָס איז דער תכלית צו זיצן אין קרעסלאַווקע, אַ שטעטל וואָס האָט אַפילו ניט קיין לייטישע ביבליאָטעק.

אין דווינסק באַגעגנט ער זיך מיט די צעירי־ציון. ער ווערט מיט זיי היימיש. מ׳האָט אים פאַרבעטן קומען הערן אַן אינטערעסאַנטן לעקטאָר. די לעקציע

1) שבת, נ״ז; אבות, ד׳, כ״ג; 2) אבות, ד׳, כ״ג.

קומט פאַר אין געהיים. שטרענגע קאָנספּיראַציע מוז אָפּגעהיט ווערן. ער האָט געדרן אויפגענומען די איינלאַדונג. ער האָט זיך געדרייט צווישן געסלעך און ליקלעך און הויפן. סוף־סוף אָנגעקומען אויפן ריכטיקן פּלאַץ. אַריין. אַ גרויסער צימער.

מע האָט אים באַקענט מיטן לעקטאָר. אַ מיטלגעוויקסיקער מאַן. אַ פאַרטראַכ־טער. יאָרן? מסתמא סוף די צוואַנציקער, אפשר אָנהייב פון די דרייסיקער. ביי אים מיינט עס, אַז יענער איז אַ זקן. זיין נאָמען האָט מען אים אויסגעזאָגט, אָבער מע דאַרף אים האַלטן בסוד. ער קומט פון וויטעבסק. ער איז אַ גאָר געהויבענער טעאָ־רעטיקער. פאַר אַן ענגן קרייז פון אינטעליגענטן, וואָס קלייבן זיך צו ווערן פּאַרטיי־אַגיטאַטאָרן און עסקנים, גיט ער אַ סעריע פאָרטראַגן.

דער לעקטאָר, זאַקהיים, דערקלערט די יידישע גלות־געשיכטע עקאָנאָמיש־מאַרקסיסטיש. ער טייטשט דעם פּסוק אין איכה 1) „גלתה יהודה מעוני ומרוב עבודה", — זיי האָבן עקספּלואַטירט די אַרבעטער, אין לאַנד האָט געהערשט אָרימ־קייט און דאָס זענען געווען די אורזאַכן, וואָס האָבן געבראַכט צום חורבן, צו דער גרויסער נאַציאָנאַלער קאַטאַסטראָפע.

אבאן איז אָט־דער טייטש שטאַרק געפעלן געוואָרן. מיט אָט־דעם איינ־איינציקן פּסוק האָט ער אים געוווּנען אויף זיין זייט. ער האָט פון לעקטאָר נישט אָפּגעטראָטן. ער האָט נעכגעפאָלגט אַלע זיינע פאָרטראַגן. און דאָס צו טאָן איז געווען גאָר נישט לייכט. זאַקהיים האָט גערעדט געלאַסן, נישט בקול רום, אָבער אָן אַן אויפהער במשך פון פיר שעה נאָכאַנאַנד. דערנאָך האָט ער געמאַכט אַן איבעררייס אויף אַ שעה צו כאַפּן אַן איבערבייס — און נאָכן לייכטן איבערבייס גערעדט נאָך פיר שעה. אַזוי פינף טעג כסדר. ער האָט אָנגעהויבן פון דער אַמיאבע און זיך גערוקט טראָט נאָך טראָט אין דער עוואָלוציע פון ביאָלאָגיע, ביז ער איז צוגעקומען צו די מענטשלעכע געזעלשאַפטן, און צום סאַמע סוף האָט ער צוגעפירט זיינע צוהערערס, אויב זיי האָבן אויסגעהאַלטן, זיך נישט צעלאָפן אָדער געחלשט, צו דער פאָרשטייענדיקער רוסישער רעוואָלוציע.

ער האָט געראַטן אבאן צו מאַכן אַ גרינטלעכן שטודיום פון די ווערק פון די צוויי גרויסע געלערנטע קאַרל מאַרקס און הערבערט ספּענסער, דעם לעצטנס אַלע שריפטן מיט דעם אויסשלוס פון זיינע עסייען, וואָס זענען געשריבן געוואָרן לטובת אַמעריקאַנער מיליאָנערן, וואָס האָבן פינאַנסירט די אויסגאַבע פון אַלע זיינע חיבורים אין פיל בענד.

אבא האָט באַשלאָסן אויסצופאָלגן אָט־די רעקאָמענדאַציע.

## 152

## די מויד וועקט פּראָבלעמען

צו דער אייגענער צייט איז פאָרגעקומען אַ קאָנפערענץ פון די צעירי־ציון. פאַרשטייט זיך, אַז אויך זי איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן קאָנספּיראַטיוו. אבא איז גע־ווען צווישן די רעדנערס. ער האָט זיך פאַרברייטערט וועגן מענדעלעס קליאַטשע

---

1) איכה, א׳, ג׳.

ווי אַן אַלעגאָריע, אַ געמעל פון ייִדישן אַבנאָרמאַלן לעבן. כדי דאָס ייִדישע לעבן און שאַפן זאָל נאָרמאַליזירט ווערן, מוז מען זיך איינשאַפן אַ באָדן אונטער די פיס, נישט הענגען אין דער לופטן. פון אָט־דעם הענגען צווישן הימל און ערד זענען אַרויסגעוואַקסן די שפּינוועבס־פּלפּולים, די ייִדישע שוואַכקייט צו איבערטריבענער אַבסטראַהירונג, די נטיה צו אַוועקבייגן דעם ייִדישן פאַרשטאַנד פון שכל־הישר. אָט־די גלות־חולאת וועט אויסגעהיילט ווערן דורך אַ לאַנד.

די זיצונגען האָבן זיך געצויגן ביז שפּעט. אין זעלביקן זאַל איז מען געבליבן נעכטיקן, כדי מאָרגן גלייך אינדערפרי פאָרזעצן די זיצונג. מע האָט נישט געקענט לאָזן די דעלעגאַטן גיין און קומען, מע וואָלט אויף אַזאַ אופן „פאַרשאַטן" די קאָנפערענץ, און דאָס האָט געשמעקט מיט אַרעסטן און היפּש־לאַנגע טערמינען אין געפענגעניש.

האָט מען זיך אויסגעלייגט אָנגעטאָנענערהייט אויף די בענק און אויף די טישן, געדיכט איינער לעבן אַנדערן און שיִער נישט איינער אויפן אַנדערן; אַזוי גרויס איז געווען די ענגשאַפט.

אבא איז איינגעדרעמלט געוואָרן. אין מיטן שלאָף, — פילט ער, אַז עמיצער קלעפּט צו אים, דריקט אויף אים מיטן גאַנצן שווערן לייב זיינעם... ער גיט זיך אַ טשוכע־אויף, ערשט אַ חברה, אַן איבערגעוואַקסענע מויד, ליגט שיִער נישט אויף אים און קוועטשט אים מיט איר בויך און די בריסט. און זי מאַכט זיך, ווי זי שלאָפט און ווייסט נישט וואָס זי טוט.

אבא עפנט די אויגן. אים איז נישט גוט געוואָרן: אַ מיאוסקייט, אַזַ אַלטע... ביי אים אַן „אַלטע" האָט געקאָנט מיינען אַ יאָר צוואַנציק מיט אַ סמיטשעק.

ער גיט זיך אַ הייב אויף, גייט אַוועק און געפינט ערגעץ אַ שטיקל פּלאַץ אויף אַן אַנדער טיש.

ער האָט לאַנג נישט געקענט איינשלאָפן. ער האָט געטראַכט וועגן די איינזאַמע, באַעוולהטע פון גאָט פון עסטעטיק; וועגן מיידן, וואָס חלשן נאָך אַביסל ליבע און קענען עס נישט קריגן.

ער האָט גענומען פאַרשטיין, אַז נישט נאָר דער ציוניזם לייזט נישט אַלע פּראָבלעמען פון ייִדן ווי אַ מענטשן, נאָר אויך סאָציאַליזם אין ברייטסטן טייטש פון וואָרט ענטפערט נישט אויף אַלע פראַגן. אָט שטייט די אומגלייכהייט פון שיין און מיאוס. אַ שיין מיידל וועט לייכט קריגן איר באַשערטן, איר געליבטן. וואָס וועט אָבער טאָן דאָס נישט־שיינע מיידל?

פון דערדאָזיקער אומגלייכהייט איז ער אַריבער צו דער אומגלייכהייט, וואָס הערשט בנוגע געוווּקס, סיי פיזיש סיי אינטעלעקטועל. אַנדערע האָבן גוטע קעפּ, שאַרפע מוחות, און אַנדערע טעמפּע מוחות. קענען קיין זאַך נישט באַנעמען. האָט סאָציאַליזם אויף דעם אַן ענטפער? ניין. ער שטעלט אַפילו נישט די פראַגע. און ווּ איז די אומגלייכהייט אין לעבנס־לענג. אַנדערע האָבן כרת־ימים און אַנדערע אריכות ימים, אַנדערע זענען געזונט און שטאַרק, און אַנדערע שוואַך און קראַנק.

וואָס קאָן סאָציאַליזם טאָן צו דעם? ער איבערצייגט זיך, אַז סאָציאַליזם פאַרמאָגט ניט קיין פּאַנאַציִע פאַר אַלע חולאתן, פון וועלכע מענטשן ליידן. אים איז געווען לייכט זיך צו פאַרטראַכטן וועגן די פּראָבלעמען, ווייל אים האָט טאַקע

דער שוך געקוועטשט. ער איז געווען קליינגעוויקסיק און אַ חלוש, קוים וואָס ער האָט זיך געהאַלטן. ער האָט זיך תמיד געפילט ווי ער וואָלט געווען אַ צענויפ־געקלייעטער אין אָט־אָט צעגייט דער סטאָליאַרסקער קליי און ער פאַלט פאַנאַנ־דער איברימווייז.

ער קערט זיך אום צו דער פראַגע פון שיין און מיאוס. די גמרא זאָגט, אַז אַ פרוי איז באַשאַפן געוואָרן פאַר שיינקייט וועגן. איז וואָס זאָלן טאָן די מיאוסע מיידלעך? וואָס זאָל טאָן אָט יענע־צעוואַקסענע מויד? אים האָט פאַרקלעמט דאָס האַרץ פון רחמנות אויף איר. אָבער זיך איבערגעבן פאַר אַ קרבן, דאָס קען ער ביי זיך באַין־אופן נישט פועלן.

ער וועט קיינמאָל ניט האָבן צו טאָן מיט אַ מיידל סיידן ער וועט זיין אין איר פאַרליבט ביז משוגעת און זי אין אים. ער וועט אויך מוזן זיין זיכער, אַז קיינער האָט זיך פאַר אים צו איר לייב ניט צוגערירט, איר קיינמאָל ניט אַ קוש געגעבן. זי מוז זיין אַ בתולה אַפילו אין אירע געפילן. ער זאָל זיין ביי איר איר ערשטער געליבטער.

## 153

## ווילקאַמיר

צו דער קאָנפערענץ איז געקומען אויך אַ דעלעגאַט פון ווילקאָמיר. ער איז צוגעשטאַנען צו אבאן, ער זאָל פאָרן מיט אים אין זיין מקום און ער וועט דאָרט אָנפירן מיט דער אַרבעט. זיי האָבן אַ קליינע, אָבער אַ זייער טיכטיקע גרופע. זיי ווילן קריגן פאַר אים לעקציעס. זיי האָבן גוטע חברים און חברות, אַלע יונגוואַרג. עס פעלן זיי אָבער אויס אינטעליגענטע כוחות. ניטאָ ווער עס זאָל קענען אַרויס־טרעטן, פאַרטיידיקן זייער שטאַנדפּונקט, אַרויסרופן אַ בונדיסט אויף אַ דעבאַטע, אָנשרייבן אַ פּראָקלאַמאַציע פון צייט צו צייט. אבא איז דער פאַסיקסטער מענטש דערפאַר און ער וואָלט אים זייער ווילן האָבן.

אבא נעמט אויס מיט אים אַ תנאי: זיי מוזן אים קויפן אַ קאָמפּלעט פון ספּענסערס ווערק אין רובאַקינס רוסישער איבערזעצונג.

יענער איז מסכים. אבא פאָרט מיט אים. ער האָט זיך געפילט איינזאַם, פאַר־לאָרן און דאָ האָט ער געקראָגן חברים־פריינט. ער נויטיקט זיך אין אַביסל וואַרימ־קייט, חברשאַפט.

אין ווילקאָמיר האָבן די חברים געקראָגן פאַר אים אַ דירה ביי אַ חבר ערגעץ אין אַ קעלער. דער קעלער איז געווען זייער פייכט. ער האָט זיך געשראָקן, ער זאָל נאָר ניט קריגן די דער. מער פעלט אים ניט. ער האָט געגומען הוסטן. די חברים האָבן זיך אויך דערשראָקן, זיי קענען נאָך פאַרלירן זייער „אינטעליגענט" און ווו וועלן זיי קריגן אַ צווייטן.

הכלל מע האָט פאַר אים געפונען אַן אַנדער דירה, ווידער ביי אַ חבר. ער איז געווען אַ „שרייבער", דאָס הייסט, אַ לערער, וואָס לערנט מיידלעך שרייבן יידיש. אין שטוב איז געווען אַ שטענדיקער הור־האַ פון די תלמידות. דעם שריי־

בערס ווייבל איז געווען אַ פּרוכטבאַרע, האָט זי אים אָנגעקינדלט אַ היפּשע צאָל קינדער. דערצו איז זי געווען אַ שליאַכע, אַן אָפּגעלאָזענע. דער דלות איז געווען גרויס, דער שמוץ נאָך גרעסער. לייז זענען אַרומגעקראָכן איבער די קליידער, איבער די וועש און בעטגעוואַנט. עס איז געווען אַן אמתע מכת כינים.

אַבאַ זעט און פילט, ווי ער ווערט פאַרלייזיקט. ער שעמט זיך פאַר זיך און פאַר לייטן. אַ חרפּה צו גיין און געבן לעקציעס אין באַלעבאַטישע הייזער. ער שעמט זיך אָבער צו דערציילן די חברים, אַז ביי זייערן אַ חבר אין שטוב איז אַזוי אָפּגעלאָזן, אַזוי קויטיק, אַז ער קען דאָרטן מער ניט זיין. עס איבלט אים צו עסן ביי זיי. דאָס געפּעס איז פאַרברודיקט, פאַרשמאַלצן.

סוף כל סוף, האָט ער גובר געווען זיין שעמען זיך און איז אַרויס מיט קלאָרע דיבורים. ער האָט שוין מער ניט געקענט אויסהאַלטן.

האָט מען פאַר אים געקראָגן אַ ריינע, אַ ציכטיקע דירה ביי אַ פרוי, וואָס איר מאַן איז געווען אין אויסטראַליע. זי איז געווען אַ האַלבע עגונה און אפשר אַ גאַנצע. עס האָט ניט אויסגעזען, אַז דער מאַן אירער זאָל האָבן בדעה צו קומען צוריק אַהיים.

די עגונה האָט געהאַט אַ זון און צוויי טעכטער און ביידע האָבן באַלאַנגט צו דעם צעירי־ציון־קרייז, אַזוי אַז ער האָט זיך געפונען צווישן חברים. די עלטערע טאָכטער איז אַלט געווען אַ יאָר ניינצן־צוואַנציק און אפשר מיט אַ יאָר מער.

די יִינגערע טאָכטער איז געווען אַ מיידל פון אַ יאָר פופצן און אַ האַלב. אָבער זי איז געווען קערפּערלעך גוט אַנטוויקלט, הויך אויסגעוואקסן און ניט צו דין אין טאַליע.

דאָס הויז איז געווען באַלעבאַטיש, זויבער. איידער ער האָט זיך אַהין אַריי־בערגעצויגן, איז ער אַוועק אין באָד און זיך אויסגעשייערט, ער זאָל ניט פאַר־לייזיקן זיין נייע ציכטיקע דירה.

די עגונה, די באַלעבאָסטע, איז געווען אַלט אַ יאָר פערציק. ברייט צעוואָקסן אָבער מיט אַ ליבלעכן אָנגענעמען פּנים. אים האָט זי באַהאַנדלט מוטערלעך. איר זון, דער חבר, איז געווען מיט צוויי יאָר יִינגער פון אַבאַן.

ווילקאָמיר איז אַ שטעטל אַ העק. קיין באַן האָט עס ניט. כדי אַהין אָנצוקומען, מוז מען אָנקומען צו די חסדים פון אַ בעל־עגלה מיט אַ בויד. דאָך האָט דער פאַר־וואָרפענער ווינקל געהאַט אַ טראַדיציע פון השכלה. געווען יִדן, וואָס האָבן נאָך גוט געדענקט ליליענבלומען, וואָס איז געווען אַ ווילקאָמירער אײדעם. דאָ איז ער נתפקר געוואָרן און האָט אָנגעשריבן זיין ביכל, וואָס האָט אין זיין צייט אויפ־געטרייסלט די יִדישע גאַס, „חטאות נעורים".

אַבאַ האָט דאָ ביי אַ יִדן אויך געפונען דעם ערשטן באַנד פון מאַרקס „קאַפּי־טאַל" אין פּיאָטער סטרואווע רוסישער איבערזעצונג. ער האָט עס שטודירט זייער פלייסיק ווי אַמאָל די גמרא און דערנאָך דעם „המסלול". ער האָט געקענט דעם ערשטן באַנד מיט אַלע זיינע אָנמערקונגען אויפּאויסוועייניק.

154

# לייענט אין גאָרטן

אין שטאָט איז אויך געווען אַ רייכער ייִד אַ משכיל. ער האָט געהאַט אַ רייכע דייטשע ביבליאָטעק. ער איז געווען אַ שטיקל קרוב פון דער באַלעבאָסטע, אַזוי אַז דאָס באַקענען זיך מיט אים איז אַבאַן אָנגעקומען זייער לייכט. ער האָט געקענט ביי אים נעמען ביכער צום לייענען.

דער רייכער משכיל האָט געוווינט אין אַ רחבותדיקן הויז וואָס האָט געהאַט אַ שיינעם פרוכטגאָרטן, וועלכער האָט זיך געצויגן ביזן סאַמע טייך. אַבאַ האָט געהאַט אַ בפירושע דערלויבעניש צו זיצן אין גאָרטן זומער צייט גאַנצענע טעג און לייענען.

ער האָט שיער זיך ניט אויסגעלערנט אויף אויסווייניק געטעס (1832־1749) קליין חיבורל, „די ליידן פון יונגן ווערטער" (1774), אַ ווערק, וואָס האָט אין זיין צייט אויפגערודערט די געמיטער און שיער ניט אַרויסגערופן אַן עפּידעמיע פון זעלבסטמאָרדן צווישן דעם יונגוואַרג אין אייראָפּע.

ער האָט אויך דורכגעשטודירט די הויפּט־ווערק פון שעקספּירן אין שלעגעלס דייטשער איבערזעצונג.

די חברים האָבן געהאַלטן וואָרט און האָבן אים געקויפט ספּענסערס ווערק. אַזוי ווי קיין סך העברעיִשע לעקציעס האָט ער נישט געהאַט, איז ער נישט געווען פאַרנומען און האָט זיך געקענט אָפּגעבן מיט שטודירן, דאָס הייסט, לייענען מיט קאָפּ, מיט אויפמערקזאַמקייט. אַ מתמיד איז ער געווען, האָט ער זיך פיל אָנגעלייענט.

זיצנדיק אין סאָד האָט ער פּרובירט איין מאָל און אַ צווייטן און דריטן מאָל איינבייסן ספּענסערס סינטעטישע פילאָזאָפיע. דעם ערשטן טייל איז ער דורכגע־גאַנגען שנעל און גרינג. ספּענסער באַהאַנדלט די אָפּגרענעצונגען פון תחומים, וואָס געהערן צו רעליגיע און דער וויסנשאַפט. ספּענסער באַהויפּט, אַז רעליגיע האָט צו טאָן מיט דעם אומדערקענבאַרן. אַבאַ קען זיך אַמפּערן מיט ספּענסערן מכוח דעם ענין. ער באַגרייפט אים גרינגלעך. אָבער דער צווייטער טייל האָט צו טאָן מיט די אַזויגערופענע עקזאַקטע וויסנשאַפטן. ספּענסער געברויכט אָפט מאַ־טעמאַטישע פאָרמולעס. ער איז ניט געווען צוגעגרייט צו אָט־דעם שטודיום. ער האָרעוועט שווער. ער קען אָבער ניט אַלץ אַרויפנעמען אויף זיינע כלים. ער באַ־נעמט דעם הויפּטגעדאַנק וועגן דער ווירקונג פון די צוויי פּראָצעסן אין דעם עוואָלוציע־שטראָם, די אינטעגראַציע און דיפערענציאַציע, אָבער אַ סך געדאַנקען און באַהויפּטונגען, וואָס הערבערט ספּענסער (1903־1820) ברענגט אַרויס, בלייבן פאַר אים אומפאַרשטענדלעך. ער לייענט אָבער מיט גרויס הנאה און לייכטקייט „די דאַטן פון עטיק", אויך „די דאַטן פון סאָציאָלאָגיע" איז ער תופס, אָבער די בענד וועגן פּסיכאָלאָגיע קומען אים אָן שווער, מחמת אים פעלן ידיעות אין פי־זיאָלאָגיע, אַנאַטאָמיע, פיזיק און כעמיע. הגם לויט ספּענסערן קומט אויס, אַז פיזיק און כעמיע זענען פיל פּשוטער פון פּסיכאָלאָגיע און פּסיכאָלאָגיע איז פּשוטער פון סאָציאָלאָגיע. אויב אָט־די באַהויפּטונג פון ספּענסערן איז אַ ריכ־טיקע, קומט אויס, אַז אַבאַן איז שווער צו פאַרשטיין דאָס לייכטע און פּשוטע, און

אים איז גרינג אויפצונעמען דאָס שווערע און קאָמפּליצירטע. ביי אים איז די לייטער מיט די שטאַפּלען פון די וויסנשאַפטן, ווי ספּענסער האָט זיי אַוועקגע־שטעלט, אַן איבערגעקערטע.

ער האָט זיך אויך באַקענט מיט ניטשעס ווערק „אַזוי האָט גערעדט זאַראַ־טוסטראַ״ סיי אין דייטש און סיי אין דער רוסישער איבערזעצונג. ער האָט זיך אַזוי אַריינגעלייענט אין אָט־דעם אייגנאַרטיקן ווערק, אַז ווען ער האָט גערעדט פּריוואָט רוסיש, האָט ער געברויכט אַליין געשאַפענע סענטענצן און שפּריכ־ווערטלעך.

מיט אייניקע שילער זיינע, נאָך גאָר יונגע קינדער, איז אים אויסגעקומען צו לערנען חשבון, העלפן זיי לייזן רעכענונג־אויפגאַבעס. ער האָט צו זיין גרויסער איבערראַשונג און צער זיך געכאַפּט, אַז ער קען זיי גאָר ניט לייזן, הגם זיי זענען עלעמענטאַר. ער האָט זיך געחידושט, וואָס זיין בילדונג איז אַזוי איינזייטיק אויס־געפורעמט. אין ליטעראַטור און טעאָלאָגיע, אין פילאָזאָפישע דיסציפּלינען האָט ער אַוועקגעשפּרייזט גאָר ווייט, בעת ער הינקט אויףביידע פיס אין איינפאַכער אַריטמעטיק. ער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויסצופילן אָט־דעם טשיקאַוון בלויז.

## 155

## אַבאַ איז אַ רב

אַבאַ, צוקוקנדיק זיך צו זיין אַרבעט צווישן דעם קליינעם קרייז פון „צעירי ציון״־חברים און באַאורטיילנדיק די דאָזיקע טועכץ זיינע און דערהויפּט באַטראַכ־טנדיק און באַטראַכטנדיק ווי די אַרבעט ווערט אָנגעפירט פון בונדישן איני־טעליגענט־אַגיטאַטאָר, וואָס איז ספּעציעל געשיקט געוואָרן אַהער פון צענטער, פון ווילנע, האָט גענומען תופס זיין, אַז אייגנטלעך איז ער גאָר ניט ווייט אַוועק פון רבנות. ער איז געוואָרן אַ מין היינטצייטיקער וועלטלעכער רב. ער האַלט דרשות, וואָס מע רופט רעדעס אָדער פאָרטראַגן. ער קנעלט מיט די שניידערקעס און מיט די חברים „קאַפּיטאַל״ פון מאַרקסן, בעת אַנדערע רבנים זאָגן פאַר די באַלעבאַטים אַ שיעור, לערנען מיט זיי אַ בלאַט גמרא. דאָס אייגענע, הגם אויף אַ סך ברייטערן פאַרנעם, טוט דער בונדישער אַגיטאַטאָר. ער איז אַ רב ביי די אַרבעטערס. ער איז זייער פּאָליטישער און אויך גייסטיקער פירער. ער פּסקנט שאלות. גיט אַרויס הכשרים. זאָגט, וואָס מע מעג טאָן און וואָס מע טאָר ניט.

אויב אַזוי האָט ער גענומען ציִען דעם געדאַנק ווייטער: ער האָט נישט געוואָלט זיין קיין רב, ווייל ער האָט גערעכנט, אַז ער וועט צוליב זיין שוואַכן גע־זונט ניט קענען דערגרייכן אין לומדות צו דער מדרגה פון אַ גאון. האָט ער אין דערדאָזיקער איצטיקער רבנות דערגרייכט צו אַ העכערער מדרגה? ער טראַכט אַז אַפילו צו דער עלעמענטאַרער שטופע פון אַ מוסמך האָט ער נאָך ניט דערגרייכט...

דער געוויסן האָט אים גענומען מאַטערן און פּלאָגן. ער האָט געפילט, אַז ער איז ניט גענוג באַהאַוונט אין סאָציאַליזם. עס פעלט אים גאָר אַ סך. ער איז ניט באַקאַנט ווי געהעריק מיט דער ברייט־צעצווייגטער סאָציאַליסטישער ליטע־

ראַטור; ער האָט ניט דורכגעשטודירט און גוט באַטראַכט די פאַרשיידענע ריכט־וועגן און שולן פון דעם סאָציאַליסטישן געדאַנק.

איבערהויפט פלעגט אים פייניקן דער געוויסן נאָך אַ דעבאַטע קעגן דעם בונדישן אַגיטאַטאָר. ער האָט זיך ערנסט געשטעלט די פראַגע צי ער האָט גאָר דאָס רעכט צו פירן און אָריענטירן די יוגנטלעכע, ווען ער אַליין זעט דאָך בפירוש איין דעם פאַקט, אַז אים פעלט קענטעניש, אַז ער ווייסט ניט דעם קעגנשטאַנד גענוג גרינטלעך.

איין אָוונט האָט אָט־דער געדאַנק, אַז ער טוט אַ זאַך, וואָס ער טאָר גאָרניט טאָן, אַזוי געעגבויערט אים אין מוח, אַז ער האָט ניט געקענט איינשלאָפן. ער האָט זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון־הנפש און געקומען צו דעם ביטערן שלוס, אַז זיין חשבון שטימט ניט.

ער האָט זיך עטלעכע טעג און נעכט געפייניקט. ער האָט דורכגעלעבט יסורי גיהנום, ביז ער האָט לסוף געפונען אַ פאַרענטפערונג, אַ רעכטפאַרטיקונג פאַר זיין האַנדלונג, וואָס איז באַשטאַנען אין דעבאַטירן און צעשלאָגן, ווי ער און זיינע חברים האָבן געהאַלטן, דעם בונדישן אינטעליגענט. ער האָט געזאָגט צו זיך:

— און יענער, דער בונדישער אַגיטאַטאָר, ווייסט דען די גאַנצע סאָציאַליסטישע תורה? יענער ווייסט דאָך אויך ניט אַלץ גרינטלעך, פון ערשטע מקורות געשעפּט. איז דאָך עס, לכן, אַ פראַגע פון אַ פאַרהעלטעניש צווישן זייערע ביידנס קענטענישן און וויסענישן. איז וויבאַלד ער ווייסט מער און גרינטלעכער פון יענעם, קעגן וועמען ער איז אַרויסגעטראָטן, איז ער באַרעכטיקט עס צו טאָן. אָט־דער אַפּאָלאָגעטישער רעיון האָט אים באַרויִקט. ער איז ווייטער אָנגעגאַנגען מיט זיין אַרבעט און זעלבסטבילדונג.

## 156

## דער קאָמוניסטישער מאַניפעסט און דאָס יונגע מיידל

אין הויז, ווי שוין געזאָגט, זענען געווען צוויי מיידלעך. די עלטערע איז געווען אַ רייצנדיקע ברונעטן, אָבער זי איז געווען מיט דריי פיר יאָר עלטער פון אַבאַן און ער האָט זי שוין באַטראַכט פאַר אַן „אַלטע״ מויד. זי האָט געהאַט אַ געליבטן, וואָס האָט זי באַזוכט גאַנץ אָפט און די שכנים האָבן געמורמלט וועגן זייערע פאַרהעלטענישן. איר געליבטער איז געווען אַ סטריאַבטשי, אַ „ווינקל״־אַדוואָקאַט, וואָס האָט געשריבן „פּראָשעניעס״ און האָט געהאַט באַקאַנטשאַפט מיט דער פּאָליציי. מיטן פרידנסריכטער און מיט די שרייבערלעך־סעקרעטאַרן (פּי־סאַרס) אין איספּראַווניקס קאַנצעלאַריע, אַזוי אַז ער איז געווען אַ פּריוואַטער שתדלן אויף אַ באַגרענעצטן מאַסשטאַב.

אַז ער איז געקומען מיט אַ וויזיט, האָט די מוטער אויסגעפונען פאַרשיידענע תירוצים אויף אַוועקצוגיין פון שטוב, ניט ווערן אויף אַ שעה.

אַבאַ האָט פאַרשטאַנען, וואָס צווישן די צוויי קומט פאָר, אָבער ער האָט זיך געמאַכט ניט וויסנדיק. דער „כאדאטאי״ האָט געהאַט אַ ווייב, אַן אַלטע און אַ

קראַנקע, און האָט אויסגעזען אַ שרעק אָנצוקוקן. הפּנים אַז ער, דער געליבטער, האָט אויף פאַרשיידענע אופנים געזען אַרויסצוהעלפן אָט־דער עגונה.

די מוטער, אַזוי האָט ער געטראַכט, האָט שטאַרק חשק געהאַט, אַז ער, אַבקע, זאָל זיך פאַרליבן אָדער כאַפּן אַ זינדיק טאָן מיט איר יינגערער טאָכטער און אַריינפאַלן. ער האָט זיין השערה געגומען פון דעם, וואָס זי פלעגט אַוועק אין איר שלאָפצימער אויף נאַכטלעגער גאַנץ פרי און איבערלאָזן אים מיט איר יינגערער טאָכטער כמעט שטענדיק אַליין.

דער אמת איז, אַז מעגלעך אַז אַבאַ וואָלט זיך אויסגעגליטשט און נכשול געוואָרן מיט דער יונגער חברה, וואָס איז געווען יינגער פון אים, אָבער גאַנץ גוט אַנטוויקלט קערפּערלעך, רייף און גאָר ניט מיאוס. זי איז געווען פריש, צאַפּל־דיק אַזוי, אַז דאָס יווירנדיקע בלוט האָט שיער ניט אַרויסגעשפּריצט פון איר יעדן גליד, דערהויפּט האָבן אָנגעלאָקט אירע נאַקעטע אָרעמס און איר אַביסל דעקאָלטער בוזעם.

זיין שלאָפצימער איז געווען אין זייער עסצימער. זיין בעט איז געשטאַנען ביי דער וואַנט. דער צימער איז געווען גערױם אַזוי, אַז מע האָט אים לייכט גע־קענט טיילן אין צוויי. זיין בעט איז געשטאַנען ווייט פון טיש, אָבער נאָענט צו דער קיך. די טיר איז אַלע מאָל געשטאַנען אָן אָפענע. אַזוי אַז דער איבערגיין פון קיך אין זיין שלאָפצימער האָט ניט געהאַט קיין „ראַגאַטקעס".

ווען זיי זענען געבליבן אַליין אין קיך, האָט אַבאַ עובר געווען אויף יחוד, ער האָט אָבער ניט געוואָלט עובר־זיין אויף ביטול־זמן און ביטול־תורה; האָט ער מיט איר שטודירט דעם קאָמוניסטישן מאַניפעסט פון מאַרקסן און ענגעלסן.

אַלץ איז געגאַנגען כשורה אין דעם שטודיום. ער האָט פאַרשטאַנען, וואָס מאַרקס זאָגט, זי, ווארשיינלעך — ניט. זי האָט אָבער געוווסט, אַז דאָס איז אַ וויכ־טיק ספרל און עס וואָלט גוט געווען, ווען זי באַגרייפט וואָס עס רעדט זיך דאָרט.

אָבער אַז עס פלעגט ווערן שפּעטלעך, אַרום עלף, און זיי זענען געבליבן אינגאַנצן אַליין, אַלע שוין לאַנג איינגעשלאָפן, און אַרום זיי אַ פולשטענדיקע שטילקייט, פלעגט זי ווערן ווי אָנגעצונדן, אירע נאַזלעכער אויסגעברייטערט, די אויגן שיער פון די אַרביטן ניט אַרויסגעקראָכן, דער בוזעם האָט זיך ספּאַזמאַטיש געהויבן, זי האָט שווער געאָטעמט; מ'האָט געזען, אַז ממש זי ברענט ווי אַ העליש פייער... אין די אויפרעגונגס־מאָמענטן, להיפוך צו אַנדערע פרויען, האָט זי ניט נאָר פאַרלאָרן איר מיידלשן חן, נאָר זי האָט אויסגעזען אָפּשטויסנדיק, אַ חלשות אַ קוק צו טאָן. אַזוי אַז אַבאַ האָט געפילט, ווי מ'וואָלט אים אָפּגעגאָסן מיט אַ שעפעלע קאַלט וואַסער. ער האָט מיט רוגזא אויף איר פאַר איר פלוצלינגער איבערגעשטאַלטיקונג פאַרמאַכט דאָס ביכל און מיט אַן אויפגעצאָרנטער שטים אַ זאָג טאָן צו איר: „גייט שלאָפן!"

ער האָט זי פאַרלאָזן און אַוועק צו זיך אין צימער.

ער, וואָס איז געווען באַהאַוונט אין ספּענסערס טעאָריעס, האָט דידאָזיקע טראַנספאָרמאַציע און דיספיגוראַציע פון דער חברה געהידושט. אַלע שיינקייט־דאָטן ביי די נקבות דינען איין צוועק: צו מאַכן זיי אַטראַקטיוו פאַרן זכר, צו רייצן זיין געלוסט, און דאָ קומט פאַר דאָס פאַרקערטע: אַז זי ווערט צעוואַרימט, פאַר־

וואַנדלט זי זיך אין אַן אָפּשרעקבילד, אין אַן עכטער שטראַשידלע; כאָטש נעם און שטעל זי אַריין אין אַ גאָרטן אָפּצוטרייבן די פייגעלעך.

אַלע חקירות אָן־אַזייט: אין צעהיצטע מאָמענטן איז זי געוואָרן אַ פאַרזעעניש און אים איז נישט באַשערט געווען זיך אין איר צו פאַרליבן אָדער ווערן מיט איר אינטים.

אָט־די טשיקאַווע סצענעס האָבן זיך איבערגעחזרט נאַכט נאָך נאַכט. ער האָט שוין געוווּסט אין פאָראויס, וואָס עס וועט פאָרקומען. ער האָט אינגאַנצן אויפֿגעגעבן דאָס שטודירן מיט איר דעם „קאָמוניסטישן מאַניפעסט” און האָט זיך גענומען האַלטן פון איר אויף אַ היפשער דיסטאַנץ. איר אָפּשטויסנדיקער אויסזען איז געשטאַנען פאַר אים און אים געשטאָכן די אויגן אַפילו אין די געווינטלעכע שעהן פון טאָג, ווען זי האָט באמת אויסגעזען יונג און רייצנדיק. עס האָט אים אָפּגעעקלט פון איר. איר געמעלעכץ אין פאָרשטעלונג האָט פאַרדרענגט אין זיינע אויגן אירווירקלעכן אויסזען.

## 157

## גוליאַק

דורך אַ צופאַל האָט גוליאַק זיך דערוווּסט, אַז אַבאַ איז אין ווילקאָמיר. ער האָט אויך לייכט אויסגעפונען זיין אַדרעס און איז פלוצלונג געקומען אים באַזוכן. ווער איז עס געווען גוליאַק?

וואָס האָט פּאַסירט? ווי קומט ער אין אָט־דעם העק? ער איז געקומען זיך שטעלן צום פריזיוו אין ווילקאָמיר. ער האָט דערביי אַ געוויסן טעם. דווקא דאָ זענען געווען דאָקטוירים, וואָס עס איז לייכט געווען אונטערצושמירן. ער דאַרף האָבן אַ צימער אויף אַ פּאָר וואָכן. וועט ער אפשר קענען איינשטיין ביי דער זעלביקער באַלעבאָסטע?

יאָ, די ווירטן איז וויליק אים אַריינצונעמען פאַר אַ מינימאַלער קאָמפּענסאַציע און אַ מאַקסימאַלער טובה. אין אַן אַכסניה וואָלט אים קאָסטן פיר מאָל אַזויפיל.

הכלל, מע האָט אים אָפּגעגעבן אַ שלאָפצימער. די טעכטער וועלן שלאָפן אין איין צימער. עס איז ניט באַקוועם, אָבער עס איז דאָך בלויז צייטווייליק. די פּאָר וואָכן וועלן שנעל פאַרביילויפן.

די צרה איז אָבער, וואָס גוליאַק איז געווען פאַרלייזיקט. די אומפלייט איז אַרומגעקראָכן איבער זיינע בגדים אין מיטן העלן טאָג. זיי האָבן קיין בושה און קיין חרפה ניט געהאַט. ער האָט זיך אַרומגעוואַלגערט אין שמוציקע אכסניהלעך און ער איז געפאַלן אַ קרבן פון די פּאַראַזיטן.

האָט אים אַבאַ אַוועקגעפירט בכבוד גדול אין מרחץ. דאָרט האָט ער זיך גוט אויסגעוואַשן, גוט אויסגעשוויצט, געביטן די וועש און די בגדים. עס איז איינפאַך געווען אַ צער צו קוקן אויף אים, און זאָגן עס אים האָט דאָך ניט געפּאַסט. די באַלעבאָסטע איז געווען די ערשטע צו באַמערקן אין וועלכן צושטאַנד ער האָט זיך געפונען און זי האָט עס געגעבן אַבאַן די נויטיקע אינסטרוקציעס, אַניט וועט זי גוליאַקן ניט קענען האַלטן אין הויז. ער וועט פאַרלייזיקן די גאַנצע שטוב.

אַבאַ האָט זיך פּשוט מחיה־געווען מיט דעם „גאַסט“. ער האָט געהאַט מיט וועמען צו שמועסן הן אין רוסיש און הן אין העברעיִש און וועגן פּראָבלעמען און קעגנשטאַנדן, וועגן וועלכע ער האָט מיט זיינע ווילקאָמירער באַקאַנטע ניט געקענט ריידן. ער האָט אָפּגעלעבט.

גוליאַק האָט אין משך פון זייערע שמועסן אַריינגעוואָרפן אַ פּאָר ווערטער וועגן אַבאַס מאָדנעם אויפפיר. ער שטודירט אַ סך, אָבער ער באַלייגט ניט קיין עקזאַמען, אַזוי אַז זיין בילדונג איז ניט אָנדערקענט, ניט דיפּלאָמירט. ער קען פיל, אָבער בלויז פאַר זיך, געזעלשאַפטלעך־אָפיציעל איז עס ניט פאַרצייכנט.

אַבאַ האָט אים געגעבן צו פאַרשטיין, אַז די געזעלשאַפטלעכע אָפּשאַצונג האָט אין זיינע אויגן קיין ווערט ניט. זיך אונטערוואַרפן אַ ווילקירלעכן שטודיום־רעזשים, כדי יוצא צו זיין פאַר לייטן, — וויל ער ניט און קען ניט. זיין גאַנצער מהות רעוואָלטירט קעגן דעם.

אַז גוליאַק איז אַוועקגעפאָרן האָט אַבאַ זיך דערפילט מוראדיק איינזאַם, ווי ער וואָלט זיין אין ציוויליזירטער אייראָפּייער צווישן אַ ווילדן שבט אין אַפריקע.

(מיט פיל יאָרן שפּעטער האָט זיך אַבאַ דערוווסט, אַז גוליאַק האָט אַרויסגעגעבן אַ ווערק וועגן תלמודישער יוריספּרודענץ *).

## 158

## שמואלקע שטערן

אַבאַ האָט אויפגעזוכט אַ בחור אין זיינע יאָרן. ער איז געווען אַ „מאָדנער פויגל“, אַ מאַרקס־סטודענט, וואָס איז ניט געווען קיין פאַנאַטישער מאַרקסיסט; ער איז ניט געווען ניט קיין בונדיסט און ניט קיין געשוואָרענער סאָציאַל־דעמאָקראַט. זיי נאָמען איז געווען שמואלקע שטערן.

ער האָט באַזוכט רעגולער צוויי מאָל אַ וואָך אַבאַן אוןביידע צוזאַמען האָבן געלערנט אַ בלאַט „קאַפּיטאַל“, דערנאָך דעם ענין טיף דורכגעשמועסט.

שמואלקע שטערנס פאָטער איז געווען אַ ייִד אַ באַלעבאָס אין ווילקאָמיר, איינער פון די משכילים. אַ נאָמען האָט ער אָבער געהאַט פאַר אַן עקסצענטריק, אַ „טשודאַק“. אַזוי אַז דער עפּל איז ניט געפאַלן ווייט פון בוים.

אַבאַ האָט זיך דעמאָלט געשפּילט מיט דעם געדאַנק, אַז ער וועט מיט דער צייט אָנשרייבן אַ ווערק גרעסער און טיפער פון מאַרקס „קאַפּיטאַל“ און ער וועט באַגרינדן די נאַציאָנאַלע פראַגע. ער האָט וועגן דעם גערעדט מיט שמואלקע שטערן און זיך אויסגעדריקט בילדלעך גוזמאדיק: זיין ווערק וועט זיין אַזוי גרויס אַז מע וועט זיך דאַרפן שטעלן אויף אַ לייטער, כדי עס צו לייענען.

ער האָט געליטן פון זיין איינזאַמקייט. ער האָט ניט געהאַט מיט וועמען דורכצולופטערן די פּראָבלעמען, וואָס האָבן אים אינטערעסירט. ער האָט געהאַט אַ סך פראַגעס צו באַהאַנדלען, נאַציאָנאַלע און סתם מענטשלעך־פילאָזאָפישע.

---

*) אשר גוליאַק: „יסודי המשפט העברי“, ברלין, 1922.

אָבער צו דער אייגענער צײַט האָט ער געשעפּט נחת פון זיין התבודדות, פון זיין איזאָלירטקייט. זיינע באַציִונגען מיט די חברים זענען געווען אויסערלעכע, פאָרמעלע, פּאָליטישע, ניט קיין אינערלעך־זעלישע. ער איז געווען פּסיכאָלאָגיש און אינטעלעקטועל אַוועק פון זיי אויף אַ מרחק פון אַ תחום שבת. זיי זענען געווען רויע פּשוטע יונגע אַרבעטער מיט אַן אינטענסיווער אינסטינקטיווער צוגעבונדנקייט צום ייִדישן שטאַם. אָט־די צוגעבונדנקייט האָט זיך אויסגעדריקט אין זייער „יונג־ציוניזם“. קיין פּערזענלעך אינטימען קאָנטאַקט האָט ער מיט זיי ניט געקענט אָנהאַלטן. דער קאָפּ פון דער גאַנצער גרופּע איז געווען „אברהמקע“, ער איז ביי זיין פאַך געווען אַ זעצער; ער האָט געאַרבעט אין דער איינציקער רוסישער טיפּאָגראַפיע, וואָס האָט זיך געפונען אין שטעטל. ער האָט געהאַט אַן אַדיוטאַנט אָדער אַן אַרויסהעלפער מיטן נאָמען אהרקע באַראַן. אָט־די צוויי זענען געווען ווילע בחורים, אָבער ניט קיין אינטעלעקטואַלן. בעת אַבא איז געווען גוט באַהאַוונט אין דריי ליטעראַטורן: העברעיִש, רוסיש און דייטש. בלויז אין ייִדיש האָט ער ניט פיל געלייענט. ער האָט שטודירט ספּענסערן, מאַרקסן און קאַנטן. דערצו האָט ער נאָך ניט געהאַט פאַרגעסן זיינע קענטענישן אין תלמוד. ער איז אויך געווען באַקאַנט מיט די אחרונים, ווי דער נודע ביהודה, ר׳ עקיבא איגר, חתם סופר, כרתי ופלתי, קצות החושן און נאָך און נאָך. ער האָט אָט־די קענטענישן ניט געשעצט, אָבער דאָך האָט ער זיי געטראָגן אין זיין זכרון. צווישן אים און זיי, די ווילקאָמירער חברים, איז געשטאַנען אַ באַרג מיט ספרים און ביכער.

זיין גרעסטער תענוג איז געווען צו גיין שפּאַצירן אויסער דער שטאָט. אין אַזאַ קליין שטעטל איז געווען גענוג דורכצוגיין אַ פּאָר געסלעך און מ׳האָט שוין געלאָזן דאָס שטעטל הינטער זיך און געבליבן אויף יחידות מיט דער פּראַכטפולער נאַטור. אים איז עס באַזונדערס לייכט געווען צו טאָן, מחמת די דירה פון דער עגונה האָט זיך געפונען ניט ווייט פון עק שטעטל. אַ היפּשער מהלך פון מאַרק מיט די קרעמלעך, פון בית־המדרש, פון שול און שולהויף.

## 159

## גילוי הטבע

געווען איז עס אין אַ ווינטערטאָג. די זון האָט געגאָסן ליכט גאָר מעשה פּזרנטע. דער הימל איז געווען אויסגעקערט ריין, ניט אַ שטויבעלע פון וואָלקן און נעפּל. אין יעדן שנייעלע, וואָס אויף דר׳ערד, איז געווען אַריינגעפּאַסט אַ קליינטשיק שפּיגעלע, וואָס האָט רעפלעקטירט די זונשטראַלן, אַזוי אַז עס האָט זיך געקענט אויסדוכטן, אַז הימל און ערד האַלטן אין איין רעפלעקטירן זיך איינער אין דער אַנדערער.

אַבע איז אַוועק אויף זיין פּרימאָרגנשפּאַציר. ער איז אַריין אין דעם בעריאָזעווער וועלדל. די ביימער זענען געשטאַנען איינגעוויקלט אין שניי־טליתים און געבערענט האָבן זיי ווי ליכט פּאַר אַ בלוילעך־זיכטבאַרן עמוד.

ער האָט דערהערט אין זיך דעם אינערלעכן רוף: „של נעלך!“. טו אויס די

שיך און קום אין דירעקטן קאָנטאַקט, אין באַריר מיטן שניי, מיטן באָדן, מיט דער אַרומיקער פייערלעכער הייליקער נאַטור.

ער האָט אויסגעטאָן די שיך און זאָקן און זיך אַוועקגעלאָזט גיין. ער איז אַזוי אָפּגעגאַנגען אַ היפּשע שטרעקע באָרוועס. ער האָט געברענט מיט אַן אויסער־געוויינטלעכן עקסטאַז; ער איז געווען ווי אין אַ טראַנס; עס האָט אים געהויבן, עס האָט אים געטראָגן ווי אויף פליגלען פון נשמהשן געזאַנג און ווערטער, אָן קלאַנגען. ער האָט איבערגעלעבט אַ מין „גילוי הטבע", אנשטאָט אליהון האָט זיך צו אים די נאַטור אַנטפּלעקט.

ער פילט, אַ וואַרימקייט צעגיסט זיך איבער אַלע זיינע איברים. ער ציטערט אויף פון תענוג...

די נאַטור, זיין מוטער, רעדט צו אים מיט טויזנטער שטימען הערבאַרע און אומהערבאַרע. ער איז איינער פון אירע קינדער. זי ליבט אים, ער ליבט זי. ער איז אין דער היים אומעטום...

ער האָט זיך דערמאָנט, אַז מע וואַרט אויף אים מיט פרישטיק. ער דאַרף גיין צוריק. דער צויבער פון דער איבערלעבונג פאַרשווינדט. ער דערפילט אַ קעלט אין די פיס. ער האָט אויף גיך אָנגעטאָן די שיך און זאָקן און זיך געלאָזט גיין צום שטעטל.

וואָס איז מיט אים געווען? וואָס האָט אים אַזוי צעפליגלט, צעלויטערט און דערהויבן? ער האָט נאָך קיינמאָל אין זיין לעבן אַזוי ניט געפילט, ער איז געווען וועלט־גייסט־באַטרונקען; עס איז געווען אַ בפירושע אַנטפּלעקונג. אָבער פון וואָס? פון וועמען?

ער קען ניט ענטפערן אויף די פראַגעס. ער ווייסט ניט. וואָס ער ווייסט אָבער זיכער, איז אַז עפּעס איז מיט אים פאָרגעקומען. האָט ער זיך צו זיך אַליין אַנטפּלעקט? ער איז נאָך קיינמאָל אַזוי עקזאַלטירט, אַזוי נשמהדיק צעפלאַטערט ניט געווען. ער האָט געפילט בחוש, אַז אַן אומלייבלעכע קאָסמישע מוטער האָט אים פאַרדריקט אין אירע אומלייבלעכע אַרעמס און האָט אים געהאַלטן פאַר אַ ווײַלע, וואָס איז געווען אַ חוץ פון צייט־דוראַציע, צוגעדריקט צו איר וואַרימען בוזעם. ער האָט זיך דערפילט אַזוי היימיש אין דער וועלט, ער האָט זיך דערשפּירט, ווי ער וואָלט זיין איינער פון דעם גאַנצן קאָסמישן הויזגזינד... און ער איז געווען אַזוי גליקלעך פון דעם געפיל פון היימישקייט, פון אָנגעהעריקייט, אַ ברודער צווישן ברידער און שוועסטער... מה טוב ומה נעים שבת אחים גם יחד*).

אַ פּאָר טעג שפּעטער איז ער קראַנק געוואָרן. זיין שפּאַציר, אַ באָרוועסער, אין וואַלד האָט זיך אָפּגערופן. עס איז אים ניט אָפּגעגאַנגען גלאַט. ער האָט געקראָגן אַ לונגען־אָנטצינדונג. צוויי וואָכן איז ער אָפּגעלעגן. געהאַט הויכע טעמפּעראַטור, האָט געפיבערט. ער איז אָבער אַרויסגעקראָכן פון זיין קראַנקייט בשלום.

ער האָט באַצאָלט אַ פּרייז פאַר זיין התדבקות מיט דער שכינה פון דער נאַטור. אים האָט עס אָבער ניט פאַרדראָסן; עס האָט געלוינט. ער איז באַרייכערט געוואָרן מיט אַן אייגנאַרטיקער דערפאַרונג. האָט קונה געווען מיט יסורים פון גוף אַ שטיק פאַרמעגן פון דער זעל.

---

*) תהילים, קל"ג, א'.

# יאַנאָווע

אין אַ פּאָר וואָכן שפּעטער האָט ער געקראָגן אַ מיטטיילונג, אַז אין דעם שטעטל יאַנאָווע, ווו די „צעירי־ציון" האָט געהאַט אַ היפּשע גרופּע, האָט אים דער בונדישער „אינטעליגענט" אַרויסגעפּאָדערט צו אַן עפנטלעכער דעבאַטע, וואָס וועט פאַרקומען פרייטיק־צו־נאַכטס אין דער שטאָטשיל.

קיין יאַנאָווע האָט מען אַנדערש ווי מיט אַ בויד ניט געקענט פאָרן.

אָנגעקומען אין צייט. פאַרפאָרן אין אַן אכסניה. אַוועק אין באַגלייט פון אַ פּאָר חברים אין שיל. דער עולם איז געווען אַ גרויסער. די שיל איז געווען גע־פּאַקט. דאָס „גאַנצע שטעטל", קינד און קייט, איז געקומען אויף חידושים: הערן אַ דעבאַטע. מע איז געשטאַנען, פון ענגשאַפט, אַפילו אויף די פענצטער־שוועלן.

אַבא איז געשטאַנען אויף דער בימה. ער האָט גערעדט. ער האָט גענוצט די אַרגומענטן, וועלכע ער האָט אַרויסגעלייענט פון בער באָראָכאָווס אַ לאַנגן אַרטיקל אין רוסיש. דער עולם האָט געלעקט די פינגער פון זיין ריידן. ער האָט שוין גע־ענדיקט. פּלוצלונג האָט זיך דערהערט אַ שיסעריי און אַ בראַזגעריי. די ברענענ־דיקע הענגלאָמפּן האָבן גענומען פאַלן פון הויכן פּולאָפ. די פּאַניק איז געווען גאָר אין לשער. אַלע האָבן זיך געשטופּט צום אַרויסגאַנג. מע האָט אויסגעהאַקט די שויבן פון די פענצטער און אַרויסגעשפּרונגען. עס האָבן זיך געהערט אַלאַרמירנ־דיקע געשרייען: „קאָזאַקן! קאָזאַקן!". מע האָט געגלייבט, אַז קאָזאַקן האָבן אַרומ־גערינגלט די שיל. מע וועט אַלעמען אַרעסטירן און שמייסן מיט די נאַגאַיקעס.

ער איז געבליבן שטיין אויף דער בימה. ער האָט זיך ניט געלאָזט אַריינגע־צויגן ווערן אין שטראָם פון די שטופּערס־אַרויסלויפערס. ער איז נייגעריק צו זען, מיט וואָס וועט זיך עס אַלץ ענדיקן.

ער איז געבליבן אין שיל אויף דער בימה מיט איין חבר, וועמען ער האָט שיער ניט מיט געוואַלד איינגעהאַלטן לעבן זיך. יענער האָט אויך געוואָלט זיך ראַטעווען דורך אַרויסשפּרינגען פון אַ פענצטער.

די שיל איז אויסגעליידיקט געוואָרן. אַבא וואַרט, אַז די קאָזאַקן זאָלן שוין אַריין און אים אַרעסטירן. ער וואַרט און וואַרט, — קיינער ווייזט זיך ניט. ער נעמט זוכן זיינע גאַלאָשן. זיי זענען ניטאָ. ער האָט זיי געהאַט אויסגעטאָן און אָוועקגעשטעלט אַן־אַזייט אויף דער בימה. אין דער בהלה און מהומה האָט זיי עמיצער אָנגעטאָן אָדער פאַרוואָרפן.

עס קומען אַריין חברים, וואָס זענען שוין געווען אַנטרונען דורך די צע־בראָכענע פענצטער; זיי טיילן מיט, אַז מ׳זעט ניט קיין קאָזאַקן אַרום דער שיל. עס איז לא דובים ולא יער.

איז ווער האָט עס געשאָסן און אָנגעמאַכט אַזאַ בהלה?

עס איז אַ רעטעניש, אומפאַרשטענדלעך. אַבי אָפּגעקומען בלויז מיט שרעק.

דאָס ערגסטע איז געווען, וואָס ער האָט געמוזט גיין, ריכטיקער, בראָדזשען אָן גאַלאָשן. די בלאָטע אין גאַס איז געווען טיף, שיער ניט ביז די קני. זיך קוים מיט צרות דערשלעפּט צו זיין אכסניה. מער ווי אַ האַלבן וועג האָבן אים די חברים

געטראָגן. קיין שווערע משא האָבן זיי ניט געהאַט צו טראָגן, ער איז געווען קליינ־געוויקסיק און זייער שטשופּלע. ווינציק פליייש און קליינע ביינדלעך.

ער האָט ניט געקענט איינשלאָפן. ער האָט אַלץ געהאַלטן אין טראַכטן און פרעגן: ווער האָט עס געקענט שיסן? צוליב וואָס? עטלעכע קינדער, וואָס זענען געקומען מיט די מוטערס, זענען אין געדרענג פון שטופּעריי דערשטיקט און צעטראָטן געוואָרן. ווער האָט עס געקענט אָפּטאָן אַזאַ נידערטרעכטיקייט ווי שיסן אין אַ פרידלעכן עולם?

אויף מאָרגן פרי איז ער אַוועק אָנקוקן די שיל. דאָס האַרץ האָט אים אַזש פאַרקלעמט. די טירן צעדרייט, אַראָפּגענומען פון די זאַוויעסעס, אַלע שויבן אויס־געהאַקט, די פענצטער צעמזיקט.

בייטאָג, שבת, זענען צו אים אין אכסניה־צימער אַריין אַ פּאָר יונגע „יאַטן" מיט נאַגאַנעס אין די הענט. זיי זענען עס געקומען זיך דורכריידן מיטן אַראָפּ־געקומענעם „באַרימטן אַראַטאָר".

— איז אויף וואָס דאַרפט איר די נאַגאַנעס? זיי ריידן דען? ווער זענט איר? צו וועלכער פּאַרטיי אָדער ריכטונג געהערט איר?

די ערשטע פראַגע איז געבליבן אָן אַן ענטפער מצד די „געסט". אָבער קיין בפירושער ענטפער האָט זיך ניט געפאָדערט. אַבא האָט פאַרשטאַנען, אַז זיי זענען געקומען אים פטרן...

אויף דער צווייטער פראַגע האָבן זיי גערן געענטפערט: זיי זענען אַנאַרכיסטן־אינדיווידואַליסטן.

אַז אַבא האָט דאָס דערהערט, האָט ער זיך דערפרייט מיט זיי. ער האָט פאַר זיי פירגעזאָגט אויפּאויסווייניק גאַנצע פּאַסאַזשן פון שטירנערס ווערק „דער איינ־ציקער און זיין אייגנטום", דערנאָך פון ניטשעס „זאראטוסטרא".

— אַזוי גאָר?! זענט איר דאָך אַן אונדזעריקער!

זיי האָבן זיך צעשלום־עליכמט מיט אים גאָר פריינטלעך, געדריקט זיך די הענט ברידערלעך און געווען מלא שמחה.

— אַבי מיר האָבן געמיינט, אַז איר זענט אַ ייִדישער שוואַרצער מאהניק, אַ רעאַקציאָנער. מיר האָבן עס געוואָלט אייך אָפּראַמען, ווי אַ שעדלעכן מענטשן, וואָס מיט זיין געשליפן צינגל פאַרפירט ער די ייִדישע אומוויסנדיקע מאַסע.

זיי האָבן זיך מודה געווען, אַז זיי זענען עס געווען די, וואָס האָבן אָנגעמאַכט די איבערקערעניש אין שיל. זיי האָבן געשאָסן נישט אין עולם, נאָר אין די לאָמפּן, אַזוי אַז קיין קויל האָט קיינעם נישט געקענט טרעפן, אָבער די שרעק איז געווען אומבאַשרייבלעך.

דאָס איז געווען אַבאס ערשטע און לעצטע באַגעגעניש מיט די גאָר טשיקאַווע קליינשטעטלדיקע אַנאַרכיסטן־אינדיווידואַליסטן.

ביי דער נאַכט האָבן זיי געפּראַוועט פאַר אים אַ סעודה, אַ מין באַנקעטל און אים אַרויסבאַגלייט פון שטעטל מיט פּאַראַד.

## 161

# פעשקע

אַבא האָט ניט קיין סך לעקציעס און ער וויל זיי ניט האָבן. ער האָט אויף אויסקומעניש און ער איז צופרידן. מער דאַרף ער ניט. זיינע תלמידים זענען ס׳רוב יונגע ייִנגלעך. ער לערנט מיט זיי רוסיש און חשבון. אין איניקע פאַלן איז ער בלויז אַ רעפּעטיטאָר. ער העלפט זיי מאַכן זייער שטובאַרבעט, איבערהויפּט חשבון־אויפגאַבעס. ער שטודירט אַלגעברע און איז שוין ווייט פאַרפאָרן.

ער האָט אָבער איין לעקציע פאַר אדוואנסירט עברית, ליטעראַטור, קאָנווער־סאַציע און שרייבן, און די גיט ער דווקא אַ שילערן. איר נאָמען איז בתיה, פעשקע אויף ייִדיש.

איר פאָטער איז אַ משכיל פון אַלטן שניט, קען גוט תנ״ך און דעם תלמודישן האַלב־העברעיִשן האַלב־אַראַמעיִשן לשון. ער איז אַ חולק אויף דעם מהלך החדש, נייעם סטיל, אין העברעיִש. ער האַסט די נייע צוגעטראַכטע ווערטער, וואָס מע דאַרף זיי גאָרניט, מע קען זיך באַגיין אָן זיי. אַ ראיה, אַז מע דאַרף זיי ניט, איז דער פאַקט, וואָס יל״ג (יהודה־לייב גאָרדאָן) האָט געזונגען און זיך באַגאַנגען אָן די משונהדיקע צוטראַכטענישן. האָט דאָך פּרץ סמאָלענסקי געשריבן ראָמאַנען און מע האָט אים פאַרשטאַנען און ער איז זיך באַגאַנגען אָן די פון־פינגער־אויסגע־זויגענע ווערטער. און די נייע הברה הספרדית — דאָס איז דאָך גלאַט אַן אָנשי־קעניש, אַ מכה, שלא כתובה בתורה. ווער האָט עס אויסגעטראַכט? אויף וואָס דאַרף מען עס?

ער האַלט ניט פון די נוצלאָזע און אַפילו שעדלעכע, איננאוואציעס, אָבער ווי באַלד די יוגנט איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון דעם, וויל ער מיט דער יוגנט זיך ניט איינרייסן. די יונגע, הגם זייער בויונג איז צעשטערונג *), בלייבן תמיד גע־רעכט. וויל ער, אַז זיין טאָכטער, די ייִנגסטע, זאָל קענען אָט־דעם מאָדערנעם לשון־קודש, אָדער „עברית״ און מע האָט עס אים פאַרבעטן און אים פאָרגעלייגט די לעקציע.

דאָס הויז איז באַלעבאַטיש רייך, האָט רחבותדיקע לופטיקע צימערן מיט הויכע פּולאָפּן, ליכטיקע גרויסע פענצטער. אָבער די איינוווינערס פון הויז זענען, הפּנים, געדריקט. פּרנסה ציט מען בצימצום פון אַ קלייטל, וואָס געפינט זיך אין אייגענעם הויז. מסתמא געווען פאַרמעגלעך, אָבער איצטער געפינען זיי זיך אין אַ ירידה־מצב. אין הויז זענען געווען דריי טעכטער, אַצינד געפינען זיך בלויז צווי. די עלטסטע, אַ געראָטענע, אָבער שוין „אַ מיידל אין די יאָרן״, האָט מען אויסגע־געבן פאַר אַן אַלמן אין שאוול, דווקא אַ פאַרמעגלעכער באַלעבאַטישער ייִד, מיט קינדער פונעם ערשטן ווייב צו האָדעווען. ניט קיין מאכל צו זיין אַ פאַרהאַסטע שטיפמאַמע.

שווער איז געווען די לאַגע פון אַ ייִדן, אַ שיינעם באַלעבאָס, אויב זיין שיינ־קייט איז ניט באַשטאַנען אין שיין פון זילבער און גאָלד, ווען ער האָט געהאַט

---

*) מגילה ל״א.

מיידלעך אויסצוגעבן. קיין „שניידערוק״, קיין בעל־מלאכה, האָט מען דאָך פאַר אַן אידעם ניט געקענט נעמען, עס איז דאָך ניט אָנגעשטאַנען. האָט מען געדאַרפט קריגן אַ לייטישן בחור, אָבער אַזאַ איינעם האָט מען געמוזט געבן אַ היפּשן נדן. אָדער עס זאָל פּאַסירן אַ ליבע־פאַל, אָבער אויך דאָס פּאַסט גאָרניט. און ווו קען אַ באַלעבאַטישע טאָכטער, וואָס איז אַ שטובזיצערן, כבודה בת־מלך פנימה 1), באַגעגענען אַ בחור, וואָס זאָל זיך אין איר פאַרליבן אַזוי שטאַרק, אַז ער זאָל זי וועלן נעמען ווי זי שטייט און גייט, אָן נדן? מיט וועמען חברט זי זיך? דערהויפּט איז שווער צו קריגן אַ בחור אַ רעכטס היינטיקע צייטן, ווען עס איז געוואָרן אַ מאָדע, אַז דער שווער זאָל געבן דעם צוקונפטיקן אידעם די מעגלעכקייט אויסצו־שטודירן אויף דאָקטאָר אין דער שווייץ. אויף דעם דאַרף מען דאָך האָבן די אמתע אפּותיקא. אַזוי אַז בלית ברירה זענען די טעכטער פאַרזעסן געוואָרן, און בלית ברירה האָט מען זיי פאַרשלייערט צו אַן אַלמן אָדער גאָר צו אַ גרוש.

אין הויז הערשט אַ צוגעדעקטער דלות. מ׳וויל ניט, אַז זייטיקע אויגן זאָלן אים זען. מע שעמט זיך. הכלל, אַבא האָט גלייך געזען, אַז ער האָט דאָ אַ פאַל פון איינעם, וואָס אייף אים איז חל דער עני חשוב כמת 2), דאָס הייסט, אַז דער עני איז געווען אַ חשוב, אַן אָנגעזעענער ייִד און אויף דער עלטער איז ער געוואָרן אַן עני ואביון, דעמאָלט איז ער אַזוי גוט ווי טויט.

די תלמידה איז געווען אַ פלייסיקע, האָט געקענט ניט שלעכט תנ״ך, פאַר־שטאַנען, וואָס זי האָט געלייענט, אָבער עס פעלן איר נאָך ווערטער, דערהויפּט די נייע, די תלמודישע. גאָר שוואַך איז זי אָבער אין אויסלייגעכץ. זי איז אינגאַנצן ניט באַקאַנט מיט דער נייער העברעיִשער ליטעראַטור.

בתיה אָדער פּעשקע איז אַ ליכטיקע, שיער ניט אַ דורכזיכטיקע בלאָנדינקע.

אַבא נעמט אָן די לעקציע שפּאָט־ביליק. ערשטנס איז ער צופרידן צו האָבן אַ לעקציע, וואָס הויכט זיך איבער דעם עלעמענטאַרן אַלף־בית; דאָס איבערחזרן זאַכן, פאַר וועלכע דער לערער קען ניט האָבן קיין אינטערעס. דאָ וועט ער האָבן אַ געלעגנהייט אויסצוטייטשן זיינע באַליבטע אויטאָרס. צווייטנס: ער נייטיקט זיך טאַקע אין אַ פּאָר רובל. ער האָט בלויז צו באַצאָלן פאַרן עסן און געלעגער. מע איז דאָך אָבער אַ לעבעדיקער מענטש, מע דאַרף אַמאָל עפּעס קויפן.

ער לערנט מיט דער תלמידה גאַנץ געשמאַק. עס איז אַ לעקציע, וואָס ער גיט אין אָוונט. ער האָט פיינט אַוועקצוגעבן די טאָגיקע שעהן, זיי ניצט ער אויס פאַר זיך אַליין. ער איז בילכער.

די תלמידה לערנט זיך מיט חשק. זי וויל טאַקע קענען. זי איז מיט אַ יאָר ייִנגער פון איר לערער, וואָס האַלט זיך שוין שיער ניט פאַר אַ זקן. וואָס הייסט עפּעס?! אין פרילינג ווערט ער דאָך שוין אַכצן יאָר.

אַזויפיל יאָרן שוין אָפּגעלעבט און נאָך גאָרניט אויפגעטאָן ניט פאַר זיך, ניט פאַרן פאָלק ישראל און ניט פאַר דער מענטשהייט. מילא, דער מענטשהייט איז ער גאָרניט שולדיק, מחמת ער האָט איר קיינמאָל גאָרניט צוגעזאָגט, אָבער

---

1) תהילים, מ״ה, י״ד.

2) נדרים, ז׳, ס״ד; אסתר רבא, פתיחתא.

דעם יידישן פאָלק, וואָס ליידט מער ווי וועלכעס עס איז אַנדער פאָלק, וואָס איז אַרומגערינגלט מיט אַזויפיל שונאים, אַ שעפּסעלע צווישן וועלף, וואָס ווילן עס פאַרצוקן, אים איז ער יאָ שולדיק אַ חוב. ער האָט יינגלוויז, אין אַ פּאַראָקסיזם פון אהבת־ישראל און אין אַן אָנפאַל פון צעהיצטער לירישער פרומקייט, זיך געשוואָרן צו ברענגען משיחן. איינס אַוועק, אַ צווייטע זאַך איז די: אין די פּריצע פאַרטאָגן און שפּעט אין מיטן נאַכט האָט ער אָפט געהערט זיין פאָטער קרעכצן, איקען און הוסטן, סיי אין אָסטראָוו און סיי אין סמאָרגאָן. ער האָט געוווסט, אַז זיין טאַטע קען ניט שלאָפן רויק, ווייל זיינע זין, אויף וועלכע ער האָט געלייגט אַזעלכע גלענצנדיקע האָפענונגען, האָבן אים אַזוי מיאוס אָפּגענאַרט. דעמאָלט האָט ער צו זיך גערעדט און געזאָגט:

— דו זעסט ווי דיין פאָטער ליידט צוליב דיר, צוליב דיין פּיר, איז געדענק: אַזוי ווי דו שאַנעווועסט אים ניט, זאָלסטו זיך ניט שאַנעוון, זאָלסט אַוועקגעבן אַלע דיינע כוחות ביזן לעצטן טראָפּן ענערגיע צום דינסט פון דיין פאָלק, זען אים ראַטעווען, זיך ניט אָפּשטעלן פאַר קיין שוועריקייטן, מכשולים און שטערע־נישן. אַצינד איז ער שוין באַלד אַכצן, — און ער האָט נאָך פאַרן פאָלק ישראל גאָרניט אויפגעטאָן. אָט דאָס באַוווסטזיין ליגט אויף זיינע אַקסלען ווי אַ שווערע משא און בייגט אים צו דר׳ערד. און דערפאַר, וואָס ער גייט אַרום אַזאַ גייסטיק־אַראָפּגעבויגענער פילט ער, ווי ער וואָלט זיין שוין אַ זקן.

## 162

## פאַרליבט זיך

הכלל ער גיט די לעקציע מיט פאַרגעניגן. עס איז גוט צו האָבן אַ תלמידה, וואָס מע דאַרף ניט צוטרייבן, צווינגען צו לערנען. זי לערנט זיך גוט און ער קוועלט אָן פון דעם פאַרשריט, וואָס זי מאַכט. וואָרעם מיט יעדן טראָט פאָרויס מאַכט זי אים לייכטער און אַנגענעמער זיין אַרבעט. ער לייענט מיט איר בערדי־טשעווסקיס קורצע דערציילונגען ווי „מחנים״, „עור באפרח״ און אַנדערע.

ער גייט צוריק פון דער לעקציע. ער האָט מיט זיין תלמידה געלייענט ביאַ־ליקס „הברכה״ (די סאַזעלקע). ער האָט איר דערקלערט די פאָעמע, אָנגעוויזן אויף אירע רייכקייטן און שיינקייטן פון לשון. ער האָט אָבער אויך ניט פאַרפעלט אָנצו־ווייזן אויף איר גרונטאָוונעם חסרון. אין דער סאַזעלקע פעלט מענטשלעכע אַקציע. זי איז פאַר זיך אַליין. זי האָט צום מענטשן קיין שייכות ניט. זי פאַרוויקלט ניט אין איר רויקן לעבן און ניט אין איר שטורעמען דעם מענטשנס מערכה, זיין האַרץ און ליידן, זיין פרייד און טרויער. אַ מענטש האָט זיך באַדאַרפט אין איר דערטרינקען אָדער זיך אַרויסראַטעווען, אָדער אין איר זיך באָדן. זי האָט ניט געטאָרט בלייבן אין איזאָלאַציע, אָפּגעשיידט פון יידן און מענטשן. ער האָט איר אָנגעוויזן, אַז אין ס׳רוב פון ביאַליקס פּאָעמעס פעלט אַקציע, דינאַמישקייט. אַפילו זיין „מתמיד״ איז צו פּאַסיוו, עס פּאַסירט גאָרניט.

ער גייט פון דער לעקציע צו זיך אויף דער קוואַרטיר און קוקט אויף דער־

לבנה. ער האָט עס תמיד געטאָן, ווען אין הימל איז געווען אַ לבנה, וואָס איז מיט אים מיטגעגאַנגען. ווילקאָמיר איז אַ קליין שטעטל, די זייטיקע געסלעך ווערן נישט באַלויכטן מיט לאַמטערנעס, אַזוי אַז ביי דער נאַכט קען מען נאָך דאָ געפינען אַ הימל מיט שטערן און מיט אַ לבנה.

ער פילט זיך גוט־אויפגעלייגט, אויפגעלויטערט, שיער ניט בגילופנדיק. אים דוכט זיך, אַז די לבנה שיינט צו אים היינט עפּעס פריינטלעכער ווי תמיד אויף דעם באַגלייט. ער ווייס אָבער ניט פאַרוואָס דאָס איז אַזוי.

ער קומט אַריין אין הויז, אַלע אויגן שטעלן זיך אָן אויף אים ווי זיי וואָלטן דערזען אין אים, אויף זיין פּנים, עפּעס אַ חידוש. אפשר דריינגען זיי אים אַדורך מיט די בליקן און זעען, אַז ביי אים אין האַרצן איז יום־טוב, הגם ער אַליין איז ניט געוווּיר פון דעם. אַ שווייגנדיקער, אַ באַגלייטער מיט זייערע נייגעריקע בליקן, גייט ער אַריין צו זיך אין צימער. נאָך אָונטבערויט און צווישן די מאָלצייטן איז דער צימער איינגאַנצן אין זיין רשות.

ער פאַרנעמט זיך אַ שעה צוויי מיט שטודירן אַלגעברע. צייט פאַר אים צו לייגן זיך שלאָפן. ער שלאָפט קיינמאָל ניט איין אָן אַ ביכל אין האַנט. ער ליגט און לייענט „מאַקבעט" אין אַ דייטשער איבערזעצונג. ער האָט בדעה אויפצושטיין מאָרגן גאַנץ פרי. ער לייגט דאָס ביכל אונטערן קישן, פאַרלעשט דעם לאָמפּ, מאַכט צו די אויגן. ער איז דערשטוינט — פעשקע שטייט פאַר זיינע אויגן אַזוי נאָענט און ממשותדיק, אַז ער קען זי כמעט ווי אָנרירן מיט דער האַנט. ער דערשרעקט זיך פאַרן געשפּענסט. ער צינד אָן דעם לאָמפּ. איר בילד ווערט מטושטש. אָבער זי פאַרשווינדט ניט איינגאַנצן. זי איז אויסגעבלייכט, ווי אויסגעטאָן פון איר פלייש און ביין, זי איז טונקל־שאָטנדיק, זי טרעט אָבער ניט אָפּ.

וואָס האָט דאָ פּאַסירט? ער חידושט זיך און קען זיך ניט אָפּחידושן.

ער פרעגט זיך:

— איז דאָס ליבע? מיינט עס, אַז ער האָט זיך אין איר פאַרליבט?

ער צווייפלט. ער איז ניט זיכער. אפשר דוכט זיך אים אָפּ. ער וועט עס איבערקומען. ער באַרו:קט זיך אויף אַ ווײַלע. ער גיט אַ דרעמל. ער כאַפּט זיך אָבער גלייך אויף. ער קען ניט שלאָפן. אַרט עס אים ניט; וועט ער לייענען. דאָס ניט דערשלאָפענע קען ער אַלעמאָל אָפּשלאָפן. אַזעלכע חובות, וואָס מע בלייבט שולדיק דעם אייגענעם גוף, איז לייכט צו באַצאָלן. ער וועט עס שוין ביי זיך אויפמאָנען.

ער נעמט דעם ביכל אַרויס פון אונטער דעם קישן, — מאָדנע! זי איז אויסגעמאָלן אויף דעם זייטל. איר געשטאַלט שוועבט איבער די שורות, צווישן די שורות. ער פאַרמאַכט דאָס בוך, ער קריכט אַראָפּ פון בעט און נעמט אַ רוסיש בוך, — דאָס אייגענע.

ער לייגט אַוועק דאָס בוך און פלייסט זיך איינצושלאָפן. ער נעמט אָן אַלע מיטלען, וואָס זיין פאָטער האָט אים געגעבן: זיך פאָרשטעלן אַ טייך ווי ער פליסט אַוועק אין דער ווייט, אין געדיכטן נעפּל; זיך פאַרקוקן אויף אַ ווינטמילס פליגלען, בעת זיי דרייען זיך געטריבן פון אַ שטאַרקן ווינט; ציילן אַ טשערעדע שעפּסן, בעת זיי גייען פאַרביי. עס העלפט ניט. לייענען קען ער ניט, שלאָפן קען ער ניט. ער האָט זיך געוואָרפן פון זייט אויף זייט אַ גאַנצע נאַכט. זיך קוים דערוואַרט דעם

פרימאָרגן. ערשט איצט איז ער אַנטשלאָפן געוואָרן אויף אַ פּאָר שעה. אין חלום האָט ער מיט זיין תלמידה איבערגעחזרט די לעקציע.

ער האָט זיך אויפגעכאַפּט אין דער געוויינטלעכער צייט. ער איז אָוועק שפּאַצירן. און ווי ער איז נאָר אַרויס פון שטאָט, ערשט זי שפּרייזט פאַרויס פאַר אים פונדערווייטנס. ער קערט זיך אום. זי קערט זיך אום, אָבער זי גייט אַלע מאָל פאַרויס פאַר אים. ער האָט עטלעכע מאָל געביטן די ריכטונג פון זיין גאַנג און שטענדיק מיט די אייגענע רעזולטאַטן. זי טרעט ניט אָפּ. זי גייט פאַרויס פאַר אים. פאַרשטייט שוין אַבאַ, אַז ער איז אין איר פאַרליבט, און דאָס איז ליבע.

מוז ער איר עס זאָגן. ער וועט זיך איר דערקלערן אין ליבע. דאָס איז אונטער די אומשטענדן זיין ערשטע פליכט צו איר און צו זיך.

אָבער ווי אַזוי קען ער זיין זיכער, אַז ער וועט זי אייביק ליבן? ער איז טאַקע ניט זיכער. ער האָט זיך אַזויפיל אָנגעלייענט אין פּראָזע און אין פּערזן וועגן ליבע, און ער ווייסט, אַז אַלע מאָל פּאַסירט עפּעס אַן אומגליק. עס איז פּונקט ווי אין די מעשיות וועגן דער גאולה, וועגן משיחן־ברענגען, אַלע מאָל מישט זיך אַריין דער שטן.

— איז וואָס זאָל ער טאָן?

ער דיסקוטירט די פראַגע. ער פרעגט און ענטפערט.

ער קומט צום פשוטסטן שלוס. ער וועט עס איר בפירוש זאָגן, בשעת ער וועט זיך איר דערקלערן אין ליבע. ער וועט פון דעם קיין סוד ניט מאַכן. ער וועט איר זאָגן קלאָר און דייטלעך: איך האָב דיך ליב, אָבער צי איך וועל דיך אייביק ליב האָבן, ווייס איך ניט. דאָס קען איך ניט צוזאָגן. די צוקונפט איז פון אונדז פאַרהוילן.

אָבער אַ צייטווייליקע ליבע — וואָס טויג עס? אָבער דאָס איז דער אמת, און ער איז אַן איש־אמת און ער טאָר ניט אויפוועקן ביי איר קיין פאַלשע האָפענונגען.

## 163

## הכנות צו דער דעקלאַראַציע

ער האָט זיך קוים דערוואַרט עס זאָל ווערן אָוונט. אַ גאַנצן טאָג איז ער אַרומגעגאַנגען ווי אַ סאמנאמבוליסט. ער איז געווען פאַרטיפט אין זיך. ער האָט קיינעם ניט געזען, קיינעם ניט געהערט. איר פּנים איז פאַר אים געשטאַנען ווי אָפּגעמאָלן אין דער לופט. איר זאַנפטער קול האָט געקלונגען אין זיינע אויערן.

פאַרנאַכט. ער גייט אַרום און אַרום איר הויז איינמאָל צוויי מאָל, ווי יִדן שמחת־תורה אַרום דער בימה אין בית־מדרש. עס איז אָנגעקומען די גורלדיקע שעה. ער איז אַריין. אויסערלעך איז ער געווען, דוכט זיך, ווי אַלע מאָל, און אַלץ איז געווען ווי אַלע מאָל. אָבער באמת, אין תוך גענומען, איז ער און דער גאַנצער אַרום געווען אַן אַנדערער. דאָס הויז אינעווייניק האָט משנה־צורה געווען. עס האָט אַרויפגעצויגן אויף זיך אַן אַנדער הויט און לייב. דער דיל איז, דוכט זיך, פון האָלץ, אָבער דאָס איז אַן אילוזיע. אַפילו די קליאַמקעס פון טיר, אַפילו דער טיש און דער שטול, — אין אַלץ איז אַריינגעטאָן געוואָרן אַ נייער עלעמענט, אַן

אצילותדיקער. דער צימער איז מער ניט קיין פשוטער צימער; ער האָט געקראָגן קדושה און טהרה. ער איז אַ קדשי־קדשים, אין אים רוט די שכינה, די געטין פון אהבה רבה.

ער דאַרף באַלד אָנהייבן די לעקציע. זי, פעשקע, איז אַזאַ שיינענדיקע, ווי זי וואָלט געווען געוועבט פון שטראַלן. עס ווייט פון איר מיט אַזאַ גן־עדנדיקער פרילינגדיקייט. עס שמעקט מיט רויזן.

ווייסט זי, אַז זי איז אים פאַרויסגעגאַנגען אַ גאַנצע שעה אויפן שפּאַציר און איז פון אים ניט אָפּגעטראָטן אַ גאַנצן טאָג?

אפשר איז ער פון איר ניט אָפּגעטראָטן און איז איר נאָכגעגאַנגען?

ווען ער קען זי עס פרעגן אין פשוטע ווערטער!

וואָס זאָל ער מיט איר היינט שטודירן? אויסקלייבן טשערניכאָווסקין, וואָס האָט אַ היפּש ביסל עראָטישע לידער? ניין, זיי זענען אַזעלכע קורצע. זיי זאָגן ווייניק. שניאורן? ער איז צו תאוותדיק, צו ווילדיונגעריש. זאָל ער מיט איר גאָר לייענען שיר־השירים? די אימאַזשן זענען צו אָריענטאַליש גוזמאדיק. שולמית איז צו צושטייערטיש, אירע רייד צו אָפן; זי זאָגט וואָס זי וויל. זי איז כמעט פרעך־פאַרשייט. ניטאָ אין איר קיין ייִדישע מיידלשע צניעות און שעמעדיקייט. זי זאָגט קיין זאַך ניט מיט אַ דינעם אָנווונק. דווקא ווען דאָס וואָרט איז איידל־דין דרינגט עס טיף אַריין. ער וועט לייענען מיט איר „מגילת האש". אים געפעלט דאָס, וואָס דער בחור זאָגט צום מיידל, אַז ער האָט זי געזען ערגעץ אויף אַ שטערן און זי האָט צו אים פון דער הויך אַראָפּגעווונקען.

אַזוי בלייבט עס: „מגילת האש" פון ח. נ. ביאַליקן.

נאָך דער לעקציע. ער בעט זי אַרויסגיין מיט אים אויף אַ שפּאַציר. ער דאַרף איר עפעס זאָגן, עפּעס וואָס פרעגן.

ווען ער זאָגט אַרויס אָט־די פּאָר ווערטער, קלאַפּט ביי אים דאָס האַרץ ווי מיט אַ האַמער. די קני בייגן זיך. אין די אויערן רוישט. דער קאָפּ שווינדלט. ער ציטערט. דאָס פּנים גיט זיך אים אַ צינד־אָן און גלייך גיט עס זיך אַ לעש־אויס:

— טאָמער האָט ער געמאַכט אַ פאַטאַלן טעות? טאָמער זאָגט זי אים אָפּ?

— אָבער אין וואָס קען זי אים אָפּזאָגן? פאַרווערן אים זי ליב צו האָבן? ניטאָ אַזאַ כוח אויף דער וועלט. ליבע נייטיקט זיך ניט אין דערלויבענישן, שטייט איבער סאַנקציעס און פאַרבאָטונגען. ער איז אין איר פאַרליבט, — דאָס איז אַלץ און גאָר. און זי? זאָל זי האַנדלען ווי זי וויל. זאָל זי פילן, ווי זי פילט. קיינער קען ניט זאָגן קיין דעה איבער זיינע געפילן.

אָבער ווען זי זאָגט אים אָפּ, וועט ער זיך פילן באַליידיקט, ווי איינער, וואָס דערלאַנגט יענעם אַ באַקאַל פול מיט ווין און יענער נעמט עס און גיסט עס אויס פאַר אים אין די אויגן, ער וואַרפט אָפּ זיין געבעכץ. און נאָך ערגער און ווייטיק־דיקער: ער גיט זיך איר אינגאַנצן איבער און זי וויל גאָרניט געבן אין אויסטויש. ער רעדט אין טערמינען פון איר זעל, ניט איר גוף. אַבא, מיט זיין גאַנצער קעג־נערשאַפט צו ייִדישקייט, מיט זיין גאַנצן אָפּוואַרפן, כלומרשט, ייִדישע פרומקייט און רעליגיאָזיטעט, אנדערקענט ניט די וועלט מיט אירע מאַטעריעלע גיטער. ער זוכט עולם־הבא, וואָרעם עולם־הזה איז ער מבטל ביז צו פולשטענדיקן ביטול־היש. ער איגנאָרירט דעם גראָבן מגושמדיקן גוף מיט אַלע זיינע חמישע געלוס־

טענישן. מישטיינס געזאָגט, וואָס אַזוינס פאַרמאָגט די וועלט און וואָס קען זי אים געבן אָדער צונעמען פון אים!

זי האָט גלייך איינגעוויליקט און איז אַוועק זיך אָנטאָן וואָרעם, ווינטערדיק אין אַ מאַנטל און אַ מופטע.

## 164

## דעקלאַראַציע

זיי זענען ווייט ניט געגאַנגען. עס איז געווען פראָסטיק, ווינטיק און פינצטער. און גיין אויסערן שטאָט, ווייט, ביי דער נאַכט האָבן זיי מורא געהאַט. ניט פאַר מענטשן, נאָר זי זאָל זיך ניט פאַרקילן, דער ווינט זאָל זי ניט אַוועקטראָגן. זי איז אַזאַ איידעלע פרילינג־פלאַנץ, איין בלאָז פון קאַלטן ווינט — און זי נעמט זועלקן.

די פינצטערניש העלפט אים, שטאַרקט אים, דערמוטיקט אים, גיט אים צו קוראַזש.

ער הערט דעם סקריפ פון שניי אונטער זייערע פיס. ער פּראָטעסטירט ניט, וואָס ער ווערט צעטראָטן, פאַרקערט, עס טוט אים הנאה; ער זינגט־צו צום טאַקט פון זייער טראָט. ער איז צערודערט, צעטראָגן, עקזאַלטירט, ווי די צעטרע־טערס גופא.

ווי הייבט מען אָן? ווו נעמט מען ווערטער? ווו נעמט מען דעם דרייסט אַרויסצוקומען מיט אַזאַ גורלדיקער דעקלאַראַציע? אים דוכט זיך די שטערן פאַר־פלעכטן זיך אין אירע האָר, די שטערן פינקלען אין אירע אויגן. ער האַלט זי אונטערן אָרעם. עס זאָל איר זיין לייכטער צו שטעלן די טריט.

ער איז גרייט. ער מאַכט אַן אָנשטרענג. אָבער ווי, האַר פון דער וועלט, הייבט מען אָן?

ער באַשליסט ריידן צו איר פּראָסטע דיבורים און זאָל זי אַליין באַשליסן. ער וועט איר אָפּמאָלן, וואָס עס קומט פאָר אין אים, און זאָל זי אורטיילן וועגן אים און איר. ער וועט ניט אַרויסקומען מיט קיין דעקלאַראַציע. עס איז איבער זיינע כוחות. ער וועט איר דערציילן וועגן זיינע דערפאַרונגען אין משך פון לעצטן מעת־לעת.

ער דערציילט. זי ציטערט אויף. צעליכטיקט זיך. אַן אָרעאָל צינדט זיך אָן אַרום איר קאָפּ.

ער ווערט דרייסטער. ער איז זיכער מיט איר. ער שווערט איר ליבע. גע־טרייע ליבע, אָבער ניט קיין אייביקע ליבע. די צוקונפט איז אַ מיסטעריע, אין שוים פון שיקזאַל.

זי ענטפערט ניט מיט קיין ווערטער. איר פאַרפעלט אָטעם. זי האָט עס דער־וואָרט, און דאָך איז זי איבעררעאַשט, איבערגעוועלטיקט. זי פרעסט אַרויף אַ קוש אויף זיינע ליפּן.

עדות די ליכטיקע שטערן,
צווייי הערצער שווערן...

אַבא האָט זי צוגעפֿירט ביז צו דער טיר פון זייער הויז. נאָך דערדאָזיקער דערקלערונג זענען זיי בײדע געווען אויסגעשעפּט. ווען ער פֿילט זיך ניט פֿאַרפּליכט זי צו אונטערהאַלטן און ברענגען בשלום אַהיים, וואָלט ער געפֿאַלן אין אָנמאַכט אויפֿן שניי אין מיטן גאַס, אַזוי מיד איז ער. יעדנפֿאַלס אַזוי שײַנט אים.

ער איז געבליבן אַליין. ער שטייט און קוקט אַ ווײַלע אויפֿן הויז, ווו זײַן אוצר געפֿינט זיך. ווען עס איז ניט קאַלט, ווען ער איז ניט אַזוי אויסגעמאַטערט, וואָלט ער דאָ געבליבן וואַכן איבערן הויז אַ גאַנצע נאַכט.

ער איז קוים, מיט די לעצטע כוחות, דערגאַנגען צו זײַן קוואַרטיר. אַרײַן און זיך גלײַך געלייגט שלאָפֿן. ער וויל בלײַבן מיט איר אַליין אין זײַנע געדאַנקען. ער וויל ניט, אַז אַ פֿרעמדער זאָל צו אים צוקומען מיט אַ וואָרט, מיט אַ בליק. וזר הקרוב יומת. ער טראָגט זי אין זיך. ער אַליין ווערט הייליק ווי דער אָרון, וואָס האַלט אין זיך די לוחות פון בונד. עס איז אַ בונד פון יוגנטלעכער ליבע. פון הײַנט אָן איז ער אַ כּוהן. ער שטייט בײַם מזבח, איז מקריב קרבנות, רויכערט קטורת — דאָס זענען זײַנע געדאַנקען און געפֿילן.

דער צוטריט פֿאַר פֿרעמדע איז פֿאַרבאָטן אונטער טויטשטראָף.

## 165

## גן־עדן און גיהנום

אַבא האָט אָנגעפֿאַנגען קומען צו דער לעקציע שפּעטער. אָבער די לעקציע איז מער ניט קיין לעקציע. אַ וואָרט איבערגעלייענט און זיך צעקושט. געקושט זיך זיס און שטאַרק, ביז מע בלײַבט אָן אָטעם. ער גייט קושן־הקפֿות אַרום איר געזיכט, אַרום איר מירמלשטיין־ווײַסן האַלדז.

גלײַך נאָכן ערשטן קוש האָט ער זיך פֿאַרטראַכט:

ער האָט די וועלט אײַנגאַנצן אונטערגעשאַצט. ער האָט גאָרניט געוווּסט, אַז זי אַנטהאַלט אין זיך אַזאַ קוואַל פון פֿאַרגעניגן, אַ קוואַל, וואָס שפּרודלט מיט קושן.

ער טראַכט, אַז די לעגענדעס וועגן גן־עדן און גיהנום האָבן אויסגעטראַכט פֿאַרליבטע, ווײַל אייניקע פון זיי זענען געווען אין גן־עדן און אַנדערע אין גיהנום. ער האָט זוכה געווען אַרײַנצוגיין אין זײַן גן־עדן התחתון. ווי לאַנג עס וועט דויערן ווייס ער ניט.

ער האָט די וועלט באַעוולהט. ער האָט גאָרנישט משער געווען, וואָס פֿאַר אַ רײַכטימער זי פֿאַרמאָגט. ער האָט געמיינט, זי איז אַ קבצנטע, ערשט זי איז אַ קרעז, אַן עושרטע, אַ גבירה אַדירה. זי באַזיצט אַלץ, וואָס שטײַגט אַריבער אַלע אוצרות פון תענוגים און דאָס איז דער צוריר פון ליפּן צו ליפּן פון צוויי פֿאַרליבטע.

יאָ, ער האָט ביז איצט געלעבט אין טעות. די וועלט איז אַ יש, אַ גרויסער יש.

ער זיצט בײַ איר ביז שפּעט. זי גייט אים באַגלייטן דורכן לאַנגן טונקעלן קאָרידאָר. אויפֿן וועג שטעלן זיי זיך עטלעכע מאָל אָפּ און קושן זיך און האַלדזן זיך און גייען אויס פון הימלשער מתיקות. אָט קומען זיי שוין צו דער דרויסנ־

דיקער טיר. דאָ שטעלט מען זיך ווידער אָפּ און אויף לאַנג. מע קושט זיך. ער קען זיך פון איר ניט אָפּרייסן. דאָס שיידן זיך איז יציאת נשמה. ער קען עס ניט טאָן.

אַז ער גייט שוין, סוף כל סוף, אַרויס, פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר און לאָזט זיך גיין צו זיין קוואַרטיר, הייבט ער אָן זיך קריגן מיט זיך. ער פאַרוואַרפט זיך מיט ביטערע פאָרוווּרפן:

— ווי קענסטו זיך דערלויבן פטרן אַזויפיל צייט, אַוועקגעבן אַזויפיל צייט. ז׳ו ביסט דאָך אַ זעלנער. דו דאַרפסט דאָך שטודירן און זיך גרייטן צו דער דער־פילונג פון דיין פליכט. אַ זעלנער, וואָס טראָגט ניט אין זיין ראַנעץ דאָס שטעקעלע פון מאַרשאַל, איז ניט קיין אמתער זעלנער.

עס קלאָגט אין אים זיין זעל און יאָמערט מיט גייסטיקע טרערן:

— אַזויפיל שעהן אַוועקגעגעבן. אויף וואָס? אויף תאווה, אויף געלוסטונג, אויף קושן זיך. אַ שיינער תכלית ווערט פון דיר! אַזויפיל שעהן פאַרלאָרן, פאַר־זונקען אין תהום. זיי וועלן קיינמאָל צו דיר צוריק ניט קומען. ווי טוסטו עס?!

זי שטראָפט אים מיט די האַרבסטע און שטאַרקסטע ווערטער. דו דאַרפסט דאָך שטודירן טאָג און נאַכט, און דאָ האָסטו זיך גאָר פאַרליבט! מער האָסטו ניט וואָס צו טאָן!

צו וואָס אייגנטלעך דאַרף ער תמיד שטודירן? אָט־די פראַגע האָט ער זיך גאָרניט געקענט פרעגן. די וועלט שטייט ווי אַ רעטעניש פאַר זיינע אויגן. ווו ער וואַרפט אַ בליק, הייבן זיך פראַגן, ליגן פאַר אים גאַנצע בערג פון אומוויסנהייט, וואָס ער דאַרף דורכגראָבן, דורכטונעלעווען מיט זיין פאַרשטאַנד, מיט קענטעניש. איז ווי קען ער זיך גאָר פאַרגינען צו פאַרלירן איין מינוט. ער ווייסט דאָך בפּועל ממש גאָרניט. ער דאַרף זיך אָפּגעבן אינגאַנצן מיט אַלע זיינע חושים, מיט אַלע זיינע רמ״ח איברים און שס״ה גידין, מיט יעדן טראָפּן בלוט דעם ייִדישן פאָלק, דער מענטשהייט. אָבער וואָס קען פון אים קריגן דאָס ייִדישן פאָלק און די מענטשהייט, ווען ער איז גאָרניט ווערט. ער איז אַ ליידיקער זאַק. ער איז פּוסט און לער. אַזויפיל קעגנשטאַנדן צו שטודירן — עס קען קלעקן אויף צען לעבנס. ער איז אַ ציוניסט, אַ נאַציאָנאַליסט, אַ סאָציאַליסט און קיין איינע פון אָט־די שיטות האָט ער ניט באַגרינדעט, מחמת אים פעלט וויסן. ער איז אַן עם־הארץ, אַ בור מדאורייתא.

אים דוכט זיך, ער הערט די שטים פון זיין פאָטער:

— מיך האָסטו פאַראַכט, געשימפּט מיטן ערגסטן וואָרט, ווייל איך בין אַן עגאָ׳סט. איך האָב אין זינען זיך און די פאַמיליע און בין ניט גרייט געווען זיך מקריב צו זיין אויפן מזבח פון פאָלק. און דו, גרויסער אידעאַליסט, וואָס דו ביסט, האָסט זיך פאַרליבט אין אַ מיידל, און האָסט שוין אין אַלץ פאַרגעסן. פּטרסט גאַנצענע נעכט.

אַבא האָט אין זיינע ראַנגלענישן מיט זיך דערזען אין זיך דעם עכטן טיפּישן ייִדן, זיין טאַטן און די אָבות אבותינו מיט זייער פלאַם־פייערדיקן ברען פאַר דער הייליקער תורה. זיי זענען אַלע מיט די נשמות געשטאַנען אויפן באַרג סיני. די האַרבסטע זינד איז ביטול־תורה. דער געבאָט פון „והגית״ איז אַרויפגעקריצט אויף זייערע ביינער, איז אַריינגעוועבט אין זייער לייב. די תורה האָט ער געביטן,

אָבער ניט די באַציִונג צו דער תורה. אהבת־התורה איז געבליבן אומגעמינערט. ער קען זיך ניט פאַרגעבן זיין זינד, וואָס ער גיט אַוועק די צייט, וואָס געהערט צום לערנען תורה, גאָר צו אַ מיידל.

ער ליבט פעשקען ווי זיין לעבן. אָבער זיין ליבע צום לערנען איז שטאַרקער ווי זיין לעבן. ביי אים אין האַרצן קומט פאָר אַ געפעכט צווישן אָט־די צוויי גע־ליבטע. עס איז אַ געראַנגל אויף טויט און לעבן. יעדע פון די צוויי וויל דעם גאַנצן אַבאַן פאַר זיך. עס איז אַ שניים אוחזין בטלית, און ער פסקנט: יחלוקו. אָבער ער וויל דעם מיידל איינטיילן אַ קליינעם חלק. אָבער זי לאָזט זיך ניט קריוו־דען. זי רייסט אַרויס פון אים אַ היפּשן חלק. זי רעכנט זיך ניט מיט זיין באַשלוס, וואָס ער נעמט־אָן יעדע נאַכט אַרום צוויי נאָך חצות, ווען ער גייט פון איר אויף זיין קוואַרטיר.

## 166

## זעלבסטמאָרד־געדאַנקען

ער באַשליסט איין מאָל פאַר אַלע מאָל, ער וועט גיין געבן איר די לעקציע, זיצן ניט מער ווי אַ שעה. אָבער זיינע באַשלוסן זענען שטרוי, וואָס ווערן איבער־געברענט, ווי נאָר ער טרעט אַריבער די שוועל פון זייער הויז.

איין מאָל האָט איר פאָטער אים אויסגערעדט, הלמאי ער זיצט אַזוי שפּעט. ער האָט געהאַט אַ געוווינהייט אויפצושטיין אין מיטן נאַכט, מאַכן זיך אַ גלעזל טיי, אויסטרינקען עס און זיך אויסהוסטן. מעגלעך אַז ער האָט גאָר אַזאַ הרגל ניט געהאַט, נאָר ער איז אויפגעשטאַנען זיי היטן, עס זאָל ניט קומען צו קיין מכשול.

אַבא איז געוועזן אויסער זיך. נאָך וויניק וואָס ער ווערט פאַרפייניקט, וואָס ער שמייסט זיך זיין לייב מיט סקאָרפּיאָנען־פאַרוווּרפן, קומט נאָך איר פאָטער, אָט דער שטיקל משכיל מיט זיין קרעמערישער נשמה, וואָס איז אויסגעדאַרט ווי אַ ראַזשינקע, און שיט אים זאַלץ אויף די ווונדן.

ער גייט דאָך אָפּ מיט בלוט. ער צאָלט דאָך מיט דם התמצית פאַר יעדן קוש, וואָס ער גיט און קריגט.

יאָ, ער איז איבערצייגט, אַז סיי דעם גיהנום און סיי דעם גן־עדן האָבן גע־שאַפן פאַרליבטע.

ער איז דער גליקלעכסטער מענטש אין דער וועלט, ווען ער איז לעבן פעש־קען און ער קושט זי און זי קושט אים, און דער אומגליקלעכסטער — ווי נאָר ער בלייבט אַליין מיט זיין חשבון־הנפש, ווען ער נעמט פאָדערן פון זיך אַ דין וחשבון פאַר זיינע האַנדלונגען. אין זיינע האַנדלונגען איז ניטאָ קיין בייז, ניטאָ קיין שלעכטס. וואָס קען זיין אומפאַרברעכערישער ווי אַ קוש פון אַ פאַרליבטן אויף־טויט־און־לעבן געגעבן זיין געליבטער. אָבער יעדע געשעעניש קומט דאָך פאָר אין צייט און צייט איז לעבן, און יעדער קוש, וואָס ער גיט און וואָס ער נעמט, נעמט־צו פון אים א שטיק פון זיין לעבן, וואָרעם עס נעמט צו צייט און זיין צייט דאַרף ער אַוועקגעבן אויף שטודירן. אָן שטודירן איז זיין לעבן קיין לעבן ניט, דאַרף ער ניט לעבן, וואָרעם אָן וויסן איז ער גאָרניט ווערט און זיין לעבן

איז גאָרניט ווערט. ער האָט קיין רעכט ניט אַוועקצוגעבן דאָס, וואָס ער האָט געקראָגן בתורת חוב. ער האָט זיין לעבן זיך ניט דערוואָרבן. ער האָט עס באַקומען כלומרשט אומזיסט, ווי אַ געשאַנק. אָבער באמת דאַרף ער באַצאָלן פאַר דער מתנה מיט אויפטואונגען, מיט וויכטיקע אידעאַליסטישע טאָטן. אָבער ווי אַזוי קען ער עפּעס אויפטאָן, אַז אים פעלט דאָס וויסן, וואָס צו טאָן און ווי אַזוי צו טאָן.

ער טראַכט אַ סך מאָל, אַז אפשר וואָלט זיין דאָס בעסטע צו באַגיין זעלבסטמאָרד, אַוועקגעבן דעם געשאַנק און פטור אַן עסק. וויבאַלד ער האָט זיך פאַרראַטן, ווי באַלד ער באַגייט טיילוויזן מאָרד יעדע נאַכט, ער הרגט אַוועק אַ היפּשע צאָל שעהן, שטיקער לעבן, וואָלט אפשר בעסער לוינען צו מאַכן אַ סוף צו זיין לעבן אָנשטאָט אויסצוצאַפּן זיך דאָס חיות־בלוט טראָפּנווייז. ער באַגרייפט, אַז ער איז באַנקראָט.

ער האָט אַ סך מאָל אין זיין קורצן לעבן געטראַכט וועגן זעלבסטמאָרד. אָבער טיף אין האַרצן האָט ער געוווסט, אַז ער וועט עס ניט טאָן. דאָס טראַכטן וועגן דעם איז בלויז אַ מיטל זיך צו שטאַרקן מיטן אָנוויז, אַז דאָ איז ניטאָ וואָס זיך מיאש צו זיין, וואָרעם די טיר שטייט דאָך אָפן און עס פאָדערט זיך גאָרניט אַזאַ גרויסער אָנשטרענג אַרויסצוגיין דורך דער אָפענער טיר.

## 167

## געפענגעניש געשטורעמט

1905. עס האָט אויסגעבראָכן דער אויפשטאַנד אין מאָסקווע און פּעטראָגראַד. דער פליעסק פון די כוואַליעס פון ברויזנדיקן רעוואָלוציאָנערן ים האָט זיך דערטראָגן אויך צו ווילקאָמיר. מע דעמאָנסטרירט. מע טראָגט רויטע פאָנען.

אַבאַן איז איינגעפאַלן אַז מע דאַרף זיך לאָזן גיין צו דער געפענגעניש. דער גאַנצער גרויסער עולם דעמאָנסטראַנטן מאַרשירט אַוועק אַהין.

אַבא, אַ באַגייסטערטער, אַן אויפגעפלאַקערטער, כאַפּט זיך אַרויף אויף אַ בוים, האַלט אַ פייערדיקע רעדע. ער צינדט־אָן די יונגוואַרג מיט ענטוזיאַזם און דרייסט. די באַאַמטע פון תפיסה פאַרלירן זיך. זיי ווייסן ניט וואָס צו טאָן. ער באַפעלט זיי זאָלן תיכף ומיד באַפרייען אַלע פּאָליטישע אַרעסטירטע. ער גייט מיט אַ כאַפּטע יוגנטלעכע פון צעל צו צעל, פון קאַמערע צו קאַמערע. די שליסלערס און שמירה־לייט פאָלגן אויס זיינע באַפעלן. מע לאָזט אַרויס אַלע אַרעסטירטע. „זאָל לעבן די פרייהייט!“

איינער מיטן נאָמען דיזווים, אַ דווינסקער, קומט צו צו אים און דאַנקט אים. אַבא קערט זיך אָפּ פון אים, צוזוואַרפנדיק אים די פּאָר ווערטער:

— דאַנקט דער רעוואָלוציע, זי האָט עס געטאָן.

וועגן זיין האַנדלונג אין געפענגעניש האָט ער אַפילו ניט געטראַכט. קיין „קרעדיט“ דערפאַר האָט ער זיך זיכער ניט גענומען. ער האָט די טאַט ניט אַוועקגעשטעלט אויף זיין חשבון. דער עולם האָט עס געטאָן. און ער? ער איז געווען ווי פאַרהיפּנאָטיזירט און ער האָט זיינע נאָכפאָלגערס און די באַאַמטע פאַרהיפּנאָטיזירט. עמיצער אין אים, דורך אים, האָט עס אויפגעטאָן. ער גופא, ווי ער

איז אין דער געוויינטלעכערווירקלעכקייט, איז אַפילו ניט געווען דער אויספירער פון אָט־דער הערצישער שליחות. דער עמיצער, דער „פלאי״ אין אים, איז געווען אין יענעם מאָמענט דרייסט, זיך ניט געשראָקן פאַר דער באַוואָפנטער וואַך אין דער געפענגעניש. ער האָט זיך אָנגענומען מיט מאַכט, מיט אויטאָריטעט, און ער האָט באַפוילן און זיי האָבן געפאָלגט. זיי, אָט־די באַוואָפנטע לייט, האָבן זיך פאַר אים, דעם יונגינקן, קליינגעוויקסיקן בחורל, וואָס איז אַלט געווען אַכצן און אויסגעזען ווי פערצן ניט מער, — דערשראָקן און אויסגעפילט זיינע באַפעלן, ווי ער וואָלט געווען זייער שעף. די באַפעלן האָט יענער עמיצער פון אים אַרויס־געשריִען.

ווען אַ צאַרישער געריכט וואָלט אים געמשפט פאַר זיין האַנדלונג, וואָלט ער אין זיין טיפער איבערצייגונג געווען זיכער, אַז מיט אים גופא האָט די טאַט גאָרניט וואָס צוטאָן. ער האָט פאַר איר ניט געמאָנט קיין שכר און, זיכער, ניט דערוואַרט קיין עונש. עס האָט אויסגעזען, ווי ער האָט עס כלומרשט געטאָן, אָבער באמת איז עס געטאָן געוואָרן פון עמיצן, וואָס האָט זיך פאַר אָט־דער האַלבער שעה באַזעצט אין אים.

## 168

## פינאַנציעלע לאַגע

די לעקציע איז שוין לאַנג ניט קיין לעקציע. ער האָט פאַר איר מער ניט געקדאָגן באַצאָלט. ער האָט דאָך ניט געקענט נעמען באַצאָלט פאַר זיצן און קושן זיך שעהן און שעהן ביז צוויי נאָך האַלבער נאַכט. און אָט־די פאָר רובל האָבן אים אויסגעפעלט, יסורימדיק אויסגעפעלט. עס האָט אים ווי געטאָן ביז צום שרייען. ער איז געבליבן כמעט אָן מיטלען. ער האָט ניט געהאַט גענוג צו באַצאָלן פאַרן עסן און קוואַרטיר. אַ חוב האָט גענומען אָנוואַקסן. ער האָט צוליב זיין ליבע פאַרנאַכלאָזיקט די אַנדערע לעקציעס; זיי זענען אים אין קאָפּ ניט געקראָכן, ער האָט זיך מיט זיי ניט געקענט אָפּגעבן ווי געהעריק און זיי האָבן גענומען אָפּפאַלן איינע נאָך דער אַנדערער.

זיי, די עלטערן פון זיין געליבטער, זענען געווען אין אַזעלכע פאַרדרענגטע אומשטענדן, אַז פאַר זיי איז געווען אַ קרן דאָס אָפּשפּאָרן די פאָר רובל, וואָס זיי האָבן געמוזט אָפּגעבן דעם לערער. אַראָפּ אַן איבעריקע הוצאה, האָבן זיי אָפּגע־אָטעמט לייכטער. זיי זענען געווען יורדים. זיי האָבן פאַר לייטן אָנגעהאַלטן דעם באַלעבאַטישן שטאַט. ניט אַרויסגעוויזן, ווי ווייטיקדיק, ווי אומברחמנותדיק דער עקאָנאָמישער שוך קוועטשט זיי. די פאָר רובל אויף צו באַצאָלן דעם לערער האָט, בפירוש פאַר דעם צוועק, צוגעשיקט די טאָכטער פון שאוול, ווי אַ מתנה פאַר איר יינגסטער שוועסטער. אָבער זיי האָבן מיט זיי פאַרשטעקט אַן אַנדער הצטרכות־לאָך. לעכער האָבן ניט געפעלט.

אָבער אַבא איז געווען פינאַנציעל גאָר אויף צרות. אָט־די לעקציע האָט אים געגעבן די מעגלעכקייט צו האַלטן דעם קאָפּ איבערן וואַסער. ער האָט זיך ממש געטרונקען. ביי וועמען בעטן אויסלייען אַ פאָר רובל איז ניט געווען; דערציילן די חברים וועגן זיין פאַרצווייפלטער לאַגע האָט ער זיך געשעמט.

אמת, ער האָט ניט געהונגערט, אָבער דאָס איז אַ דאַנק דעם, וואָס די באַלע־באָסטע טרויט אים. שוין צוויי וואָכן, ווי ער באַצאָלט איר ניט דעם פולן סכום, וואָס איר קומט פון אים. זי טרויט אים, דאָס הייסט, זי טרויט ניט אים, נאָר זיין פאָטער, זי ווייסט גאַנץ גוט, אַז דעם חוב וועט מען סילוקן, דער סמאַרגאָנער רב איז אַ בעל־בטוח. אָבער איר איז אויך שווער געווען אָנצוגיין מיט דער שטוביקער הוצאה אָן די פּאָר רובל. זי האָט דאָך אים דערפאַר אַריינגענומען פאַר אַ קוואַר־טיראַנט, ווייל זי האָט זיך געקוואַפּעט אויף זיינע פּאָר גראָשן.

זי האָט זיך געשטיקט מיטן דלות. געמאַכט אַן אָנשטעל, אַז געלט אויף דער הוצאה שיקט דער מאַן פון אויסטראַליע, בעת באמת האָט ער גאָרניט געשיקט. ער האָט אַפילו קיין בריוו ניט געשריבן. זי האָט זיך געשעמט אויסצוזאָגן דעם אמת. צו זיין אַן עגונה איז אַ חרפּה. דאָס מיינט דאָך, אַז דער מאַן וויל פון איר ניט וויסן, אַז זי איז אַן אַוועקגעוואָרפענע.

די ווירטן האָט זיך געענוג אָנגעשטרענגט אויסצושלאָגן, ווי וואַסער פון אַ פעלדזנשטיין, מיטלען אויף חיונה פאַר איר הויזגעזינד און זיך האַלטן ווי־ניט־ווי אין דער באַלעבאַטישער קאַטעגאָריע. דערפאַר האָט זי מיט פאַרשטשעמעטע ציין צוגעלאָזן די אַפערע פון אַדוואָקאַטל מיט איר עלטערער טאָכטער.

ער, וויסנדיק איר לאַגע, האָט זי צו שטרענג ניט געמשפּט, ניט פאַרדאַמט. ווער עס איז אָן זינד, זאָל וואַרפן דעם ערשטן שטיין. די טאָכטער איז געווען שוין אין די יאָרן, אַ בוגרת. זי דאַרף אַ מאַן. זי איז געווען אַ טיפּע ברונעטקע. עס האָט ממש געברענט אונטער איר יעדן טראָט. קיין שידוך קען מען ניט טאָן. ניטאָ קיין טאַטע. ניטאָ קיין נדן. ניטאָ קיין זכר אַרום. און דאָ האָט זיך אונטערגערוקט דער „סטריאַפּטשי". ער איז געווען פיל עלטער פון דעם מיידל, אָבער אַז עס איז ניטאָ קיין פלייש און קיין פיש, איז אַ הערינג דער „בשר ודגים וכל מטעמים"...

ווי אַבא האָט עס אויפגעפאַסט, איז די זאַך געווען היפּש פאַרפּלאָנטערט. לכתחילה האָט דערדאָזיקער חברהמאַן זיך געדרייט און זיך פאַרדרייט מיט דער באַלעבאָסטע. ער איז געווען בלויז מיט אַ פּאָר יאָר יִינגער פון איר. אָבער אַז איר טאָכטער איז אונטערגעוואָקסן, אַ מויד אַ ברען, איז ער אָפּגעקילט געוואָרן צו דער מוטער. ער האָט מקיים געווען די מצווה פון שילוח הקן*). ער האָט די מוטער אַוועקגעשיקט און זיך בעסער גענומען די טאָכטער. נאָך מער וואָס די טאָכטער האָט זיך געלאָזט נעמען. זי האָט זיך, ווי אַ רייפע פרי, געבעטן נעמען. אַזוי ווי ער איז געווען דער פאַרבאָרגענער זייל, אויף וועלכן זייערווירטשאַפט האָט זיך געהאַלטן, האָט די מוטער אַראָפּגעשלונגען די באַליידיקונג און נאָך גע־מאַכט אַ גוטע מינע דערביי. וואָס האָט זי געקענט טאָן? ער איז געווען אַ גאַנץ שיינער בלאָנדין. די טאָכטער האָט ניט געוווּסט וועגן זיינע פאַרהעלטענישן מיט דער מוטער. זי האָט געמיינט, ער איז געווען אַ גוטער פריינט. זי האָט אַזעלכע זינדיקע געדאַנקען וועגן איר מוטער גאָרניט געקענט צולאָזן.

הכלל, דאָ איז געווען דער ריכטיקער פּלאָנטער. פאַר לייטן האָט עס געהייסן, אַז געלט אויף דער הוצאה קריגט מען פון אויסטראַליע און אַז דער מאַן און פאָטער וועט בקרוב קומען צוריק און ברענגען אַ מטמון. באמת איז מען געווען עקאָנאָמיש אַזוי פאַרענגט, אַז איין גאָט זאָל רחמנות האָבן.

---

*) דברים, כ"ב, ו"ז.

דער זון האָט געאַרבעט. די טאָכטער, די יינגערע, האָט אויך עפּעס געטאָן און אַביסל פאַרדינט. די עלטערע טאָכטער האָט אַרויסגעהאָלפן דער מאַמען אין שטוב. דער קוואַרטיראַנט האָט אויך געדאַרפט צוטראָגן אַ געוויסע סומע אַזוי, אַז קוים מיט צרות האָט מען געדעקט די הוצאות. און דאָ האָט גאָר דער קוואַר־טיראַנט ניט מיט וואָס צו צאָלן. הכלל, צרות, צרות פון אַלע זייטן.

אים ליגט דער פינאַנציעלער שטריק אויפן האַלדז און שטיקט אים גאַנץ גוט. אָבער ער פאַרבייסט די ליפּן און שווייגט. מע האָט אים אויפגעהערט צו צאָלן, און ווען זיי הערן ניט אויף און זיי זענען ממשיך צו געבן אים זיין באַדונ־גענעם האָנאָראַריום, וואָלט ער דאָך אים סיי ווי ניט גענומען. וואָס? ער וועט נעמען ביי זיין געליבטער באַצאָלט פאַר לערנען איר העברעיש אויף אַזאַ אויס־טערלישן שטייגער?!

## 169

## לערנען — וויסן

אָבער די פינאַנציעלע שוועריקייטן זענען געווען ווי גאָרנישט לגבי די גייס־טיקע יסורים, וואָס ער האָט געליטן פון זיין באַוווסטזיין, אַז ער פאַרלירט צייט, אַז זיין געליבטע איז גורם צו ביטול־תורה.

זיין פאָטער, דער רב, האָט ניט געהאַלטן פון די מוסרניקעס. ער האָט זיך באַצויגן מיט ביטול צו ר׳ ישראל סאַלאַנטערס שיטה. ער האָט געטענהט, אַז עס איז אַן איבעריקע זאַך: אַז מע לערנט פּיראַונצוואַנציק שעה אין מעת־לעת, האָט מען ניט קיין צייט, ווען צו זינדיקן, און דער יצר־הרע קען ניט האָבן קיין צוטריט צו אַן אמתן מתמיד. אַבא איז אין דעם פּונקט געווען אין פולן הסכם מיט זיין טאַטן, הגם ער האָט כמעט אין אַלץ געקריגט אויף זיין פאָטער.

ער האָט ניט געהאַלטן פון תלמוד. דערהויפּט פון זיין הלכה־טייל. ער האָט אים באַטראַכט ווי אַ גלות־שאַפונג, וואָס האָט ניט קיין ווערט. ער איז געווען אַ קעגנער פון די פּרושים.

ער איז געווען מיט דער מיינונג, אַז נאָכן אויפקום פון „קריסטנטום״, ניט פון קירלעכן פּאָלסיפיצירטן נוסח. נאָר פון ריינעם פּאַרצייטיקן יעוואַנגעלישן שניט, האָט יידישקייט, ווי אַן אַלטע פאָרעם פון רעליגיע, פאַרלאָרן טעאָרעטיש איר רעכט אויף עקזיסטענץ. קריסטנטום איז, לויט זיין פאַרשטיין נאָך, געלייטערטע יידישקייט, אַ יידישקייט, וואָס איז רעדוצירט געוואָרן צו איר עצם תמצית לויט דעם זאָג טאַקע פון תלמוד „בא חבקוק והעמידן על אחת שנאמר צדיק באמונתו יחיה״ *) (עס איז געקומען דער נביא חבקוק און האָט אָוועקגעשטעלט אַלע תרי״ג (613) מצוות אויף איין זאַך ווי עס איז געזאָגט געוואָרן (חבקוק ב, ד׳) און דער צדיק לעבט מיט זיין גלויבן). דער „רעזאָן ד׳עטער״ פון יידישקייט באַשטייט בלויז אין דעם גלות־לעבן פון דער יידנשאַפט. אין גלות האָבן די פּרושים אויסגעאַרבעט אַ סיסטעם, וואָס טויג ניט, און אַזוי ווי עס טויג ניט, וועט עס קיינער ניט אָננע־מען, דאָס הייסט, קיין אַנדער פאָלק וועט עס ניט וועלן אָננעמען פאַר אַ לעבנס־

---

*) מכות, כ״ד.

דרך, וועט עס ממילא בלייבן דער אויסשליסלעכער קנין פון דעם ייִדישן געזעמל, פון כנסת ישראל. לכן וועט אויסקומען, אַז דאָס ייִדישע פאָלק וועט זיך האָבן זיין אייגענע קולטור, זיין אייגענעם שטייגער, זיין אייגענעם שולחן־ערוך, זיין אייגענעם געזעצבוך. עס וועט זיך אַרומטראָגן מיט אים ווי אברהם מיט דער מילה, ווייל קיינער וועט עס ניט וועלן נעמען.

כדי אויסצוגלייכן דעם הויקער, וואָס הייסט פּרושימשע ייִדישקייט און אין וועלכער עס איז געווען אַ צורך־השעה, אַ צייטווייליקע באַדערפעניש, דאַרף מען פּטור ווערן פון גלות־לעבן. ווען טיטוס הרשע מאַכט ניט חרוב דעם בית־המקדש און ייִדן ווערן ניט אַרויסגעטריבן פון זייער לאַנד, וואָלט דאָס קריסטנטום זיך אָנגענומען ביי דער מערהייט פון ייִדישן פאָלק. דאָס הייסט, ייִדישקייט וואָלט זיך געהאַלטן מער אויף מאָראַל ווי אויף אַ ריטואַל. די פאַרצווייגטע ריטואַליסטיק מיט די אַלע חומרות, מיט דעם אומגעווינטלעכן פאַנאַטיזם און פּעדאַנטיזם, וואָס דערגייט ביז צום קאָמיזם פון ציטערן פאַר אַ משהו חמץ אום פּסח, פלאַטערן פאַר אַ גערשט אין יויך, זיך אָפּהיטן פון אַ טראָפּן מילך אין אַ פליישיקער פאַן אָדער טעפּל און נאָך און נאָך, זענען אַ פּראָדוקט פון ייִדישן צעדרייטן אומנאָרמאַלן לעבן צווישן אַנדערע פעלקער, פון וועלכע מע האָט זיך געדאַרפט קינסטלעך אָפּזונדערן, שאַפן באַזונדערע מחיצות וואָס זאָלן זיי צעטיילן, דערווייטערן אין שטייגער איינעם פון אַנדערן, הגם מע איז געווען שכנים, געוווינט איינע לעבן די אַנדערע.

אַבא איז זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען מיט זיין טאַטן בנוגע דעם אינהאַלט, וואָס מ׳דאַרף אַריינלייגן אין טערמין תורה. אָבער בנוגע דעם עצם ענין פון דער וויכטיקייט און נויטווענדיקייט פון לערנען איז ער ניט אָפּגעטראָטן פון זיין פאָטער כהוא זה.

ער האָט געהאַלטן אַז עס איז ניט פאַראַן קיין זאַך אויף דער וועלט, וואָס זאָל זיין אַזוי וויכטיק ווי לערנען, שטודירן, פאָרשן די דערשיינונגען פון דער נאַטור, זיך פאַרטיפן אין די פּראָבלעמען און געפינען די ריכטיקע ענטפערס צו זיי, וואָס שטייען פאַר דעם ייִדישן פאָלק און פאַר דער מענטשהייט. אַז ער וועט שטודירן, וועט ער לייזן אַלע פראַגעס, וואָס קאָנפראָנטירן דאָס אומגליקלעכע ייִדישע פאָלק און די אומגליקלעכע מענטשהייט, און לייזן די פראַגעס, מיינט אויסלייזן פון אַלע צרות און פורעניות. וואָרעם דער ערגסטער שונא פון מענטשן און ייִדן איז זיין אומוויסנהייט. די מענטשן געברויכן ניט זייער פאַרשטאַנד, זיי לעבן ווי די בהמות ביי זייערע אינסטינקטן. זייער שכל איז טעמפּ. איז וואָס קען מען פון זיי דערוואַרטן! ער איז געווען אין פולן הסכם מיט ישעיהס פּראָגנאָז, אַז שלעכטס וועט פאַרשווינדן דעמאָלט, ווען די וועלט וועט פול ווערן מיט וויסן. וויסן, וויסנשאַפט — דאָס איז דער אמתער גואל פון ייִדן און מענטשן. בלויז די וויסנשאַפט קען ראַטעווען.

מע רעדט דען וועגן נאַציאָנאַליזם, וועגן טעריטאָריאַליזם, וועגן סאָציאַליזם, מע פלאַפּלט. זיי ווייסן ניט וואָס זיי בעבען. זיי האָבן די פּראָבלעמען ניט גרינטלעך אויפגעפאַסט. ס׳רוב מענטשן כאַפּן אויף אַ פּאָר פראַזן, אַ פּאָר אויבערפלעכלעכע געדאַנקען און זאָגן זיי נאָך ווי פּאָפּוגייען. זיי ווייסן ניט דעם קעגנשטאַנד, און דאָס גייט אויף אים, אַבאַן, און באַרוכאָוון, וואָס ווייסט אפשר אַביסל מער פון

אים, און אַפּילו אויך אויף מאַרקסן, וואָס האָט זייער פּיל געגרייזט, דערהויפּט וואָס איז שייך די נאַציאָנאַלע פראַגע. קלאַסן, קלאַסן — האָט ער זיך אַריינגענומען אין זיין העגעליאַנישן קאָפּ. מער האָט ער ניט געזען. אין דער געזעלשאַפט איז פאַראַן פיל מער ווי בלויז קלאַסן און זייערע פאַרהעלטענישן.

ער דאַרף אויספאָרשן די געזעלשאַפט ווי געהעריק, וואַרפן ליכט אויף אַלע פאַרוויקלטע און טונקעלע פּראָבלעמען.

די אַגיטאַציע, וואָס ער פירט אַצינד אָן, איז, אויב ניט כמעט פאַרברעכעריש, קאָמיש. די צוהערערס ווייסן ניט, וואָס ער רעדט, און ער אַליין פאַרשטייט אויך נישט גרינטלעך וועגן וואָס עס האַנדלט זיך. אמת, ער ווייסט מער פון בונדישן אַגיטאַטאָר. אָבער דאָס מיינט דאָך „מער פון אַ טויטן"...

## 170

## רפאל אַבראַמאָוויטש

אַבא איז ניט פּאָפּולער אין שטעטל. ער גייט אין ערגעץ ניט. די פאַרזאַמלונגען, וואָס ווערן אָפּגעהאַלטן און ער טרעט אויף זיי אויף, זענען דאָך קאָנספּיראַטיווע. עס קומען אייגענע חברים, און ניט אַלע ווייסן דעם ריכטיקן נאָמען פון זייער אייגענעם „אינטעליגענט". ער זיצט איבער די שווערלייביקע ביכער און שטודירט. ער וואַרפט זיך ניט אין די אויגן. אין שטאָט זעט מען אים כמעט אינגאַנצן ניט.

אַ גרויסע געשעעניש. עס טומלט זיך אין די ייִדיש־ראַדיקאַלע קרייזן. רפאל אַבראַמאָוויטש, איינער פון די גאָר פּראָמינענטע פירערס פון בונד, איז געקומען אין ווילקאָמיר.

אַ פאַרזאַמלונג וועט פאָרקומען אין בית מדרש. אַבא, ניט קיין געבעטענער, האָט זיך אַריינגעשטופּט, כאָטש די פאַרזאַמלונג איז געווען אַ בונדישע און אַ קאָנספּיראַטיווע. ער האָט געטאָן מער ווי דאָס: ווי נאָר אַבראַמאָוויטש האָט פאַרענדיקט זיין פאָרטראַג, איז ער אַרויף אויף דער בימה און געבעטן אַ וואָרט.

דער פאָרזיצער האָט ניט געוווסט, ווער ער איז און צו וועלכער פּאַרטיי ער געהערט, פרעגט ער אים:

— ווער זייט איר, יונגערמאַן? דאָ איז אַ געהיימע בונדישע פאַרזאַמלונג.

ער ענטפערט מיט שטאָלץ און אַרויספאָדער:

— איר ווילט וויסן ווער איך בין? זאָג איך אייך: איך בין אַ מענטש!

דער פאָרזיצער איז אין אַ פאַרלעגנהייט. דער עולם נעמט רודערן, אייניקע שרייען: לאָזט אים ריידן! אַנדערע שרייען זיי איבער: וואַרפט אים אַרויס!

אַבראַמאָוויטש גיט אַ ווונק דעם פאָרזיצער, ער זאָל אים לאָזן ריידן.

אַבא רעדט זייער שאַרף־קריגעריש קעגן בונד. זיין הויפּטגעדאַנק איז דער:

דער בונד פרעטענדירט צו זיין אַ ראַדיקאַלע פּאַרטיי, אַ רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי. דאָס איז אַ פּוסטע פּרעטענזיע. ער איז ניט ראַדיקאַל און ניט רעוואָלוציאָנער. ער איז קליינבירגערלעך, מעסיק, פּחדנותדיק אין זיין נאַציאָנאַלער פּראָגראַם.

וואָס איז זײַן פֿאָדערונג? אַ קולטורעלע אויטאָנאָמיע. איז דאָס אַ ראַדיקאַלע לייזונג פֿון דער ייִדישער נאַציאָנאַלער פֿראַגע?! עס איז ממה־נפשך, איז אַ קולטורעלע אויטאָנאָמיע גענוג פֿאַר אַ פֿאָלק, פֿאַר דער אַנטוויקלונג פֿון זײַנע כּוחות, דאַרפֿן אַלע פֿעלקער קריגן אויטאָנאָמיעס און זיך דערמיט צופֿרידנשטעלן. דאַרפֿן די רוסן, די קאַצאַפּעס, קריגן ניט מער; דאַרפֿן די דײַטשן, די פֿראַנצויזן, די ענגלענדער באַקומען ניט מער ווי קולטורעלע אויטאָנאָמיעס. איז עס ווידער ניט גענוג — איז עס ניט גענוג פֿאַר קיינעם, אויך ניט פֿאַרן ייִדישן פֿאָלק. פֿאַרוואָס זאָל דאָס ייִדישע פֿאָלק באַעוולהט ווערן, פֿאַרטיילט ווערן! אַנדערע פֿעלקער, די שטאַרקע, די מעכטיקע נאַציעס, האָבן טעריטאָריעס, אייגענע פּאָטערלענדער און פֿאַרכאַפּטע, דעראָבערטע לענדער; זיי פֿאַרמאָגן גאַנצע אימפּעריעס, און אונדז, אַ קבצניש פֿאָלק, אַן אומגליקלעך פֿאָלק, פּטרט מען אָפּ מיט ש״הי־פּ״הי, מע וואַרפֿט אונדז צו אַ שטיקל נעבעכדיקע קולטורעלע אויטאָנאָמיע און אַפֿילו דאָס וויל אונדז די רוסישע סאָציאַלדעמאָקראַטיע ניט געבן; זי טענהט, אַז אָט־די שטיקל נדבה איז אויך צופֿיל פֿאַר אונדז.

אַ ייִדישער רעוואָלוציאָנער קען אַזאַ לאַגע ניט אָננעמען פֿאַר גוט און זיך צופֿרידן שטעלן מיט לייגן אַ שטיקל לאַטע אויף אונדזער צעריסענעם מלבוש. וואָס זענען מיר, ייִדישע רעוואָלוציאָנערן, לאַטוטניקעס?! וואָס אַלע פֿעלקער האָבן, דאַרפֿן מיר אויך האָבן; און אויב מיר האָבן עס ניט, דאַרפֿן מיר עס קריגן. פֿאַר שוועריקייטן שטעלט זיך אַ רעוואָלוציאָנער ניט אָפּ. דער סטאַטוס־קוואָ דאַרף אונדז ניט אָפּשרעקן. מע מעג זיך פֿאַרמעסטן מיט דער רשעותדיקערווירקלעכקייט. מיר דאַרפֿן אויף אַ ראַדיקאַלן אופֿן איבערבויען דעם גאַנצן ייִדישן שטייגער פֿון לעבן. דער, וואָס וויל עס ניט אונטערנעמען, איז אַ פּחדן, איז מעסיק, איז ניט קיין רעוואָלוציאָנער, נאָר אַן אָפּאָרטוניסט, אַ קאָמפּראָמיסלער, ער גייט נאָך דער קעגנוואַרטיקער ווירקלעכקייט. דער בונד איז אַן אָרגאַניזאַציע פֿון פּייגלינגס.

דער עולם האָט גענומען טומלען.

דער פֿאָרזיצער האָט אַבאַן אָפּגעשטעלט. זײַן צײַט איז אויסגעגאַנגען.

אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט מען אים איבערגעגעבן, אַז אַבראַמאָוויטש האָט זיך אויף אים נאָכגעפֿרעגט. געוואָלט וויסן ווער ער איז פּאָליטיש און וואָס ער טוט דאָ אין שטעטל. ער האָט געזאָגט:

— אַ ווױלער יונגערמאַן. אַ שאָד, וואָס ער גייט אויף אַ פֿאַלשן וועג.

אַבאַ האָט עס אָנגענומען פֿאַר אַ קאָמפּלימענט.

## 171

## אַ ר ע ס ט י ר ט

יענעם אָוונט איז אַבאַ ניט געגאַנגען אויף דער „לעקציע“ צו פּעשקען. ער האָט לעת־עתּה גובֿר געווען דעם יצר־הרע. אָבער ער איז ניט געווען זיכער, אַז עס וועט אים באַלד ניט אַ הייב טאָן פֿון שטול, אַוועקרייסן פֿון דעם אַלגעברעלערנביכל, וואָס ער שטודירט און ווי איבערגוואַלד אים אַוועקפֿירן אָדער אַוועקטראָגן צו איר. ער נעמט שוין פֿילן די רופֿעניש, די צופֿעניש...

מע קלאַפּט אין טיר.

עס לאָזן זיך אַריין אַ פּאָר זוכערס (דעטעקטיווס, סישטשיקעס) און אַ פּאָר זשאַנדאַרן. וואָס איז דער מער? אַ רעוויזיע בײַ אבאן. זיין גאַנצע ביבליאָטעק האָט זיך „פּאַמיעשטשעט" אויף אַ שטול, וואָס איז געשטאַנען אין ווינקל פון צימער.

די דעטעקטיווס זענען גלייך צוגעלאָפן צו די ביכער, צום גייסטיקן דינאַמיט. מאַרקס „קאַפּיטאַל" — ער קריגט ניט קיין אויפמערקזאַמקייט. ער איז צו דיק צו זיין געפערלעך. דיקלייביקע ביכער זענען ניט פאַרבאָטן. די טריפה־פּסולס געפינען זיך צווישן די דינע בראָשורן. „די געשיכטע פון דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע" פון בערטראַנד ראָסל ווערט אָפּגערוקט אָן אַ זייט; צו דיק; דערצו נאָך צוויי בענד — אומשעדלעך, ניט קיין אויפרייסשטאָף. דער ברייטער עולם לייענט ניט קיין צווייבענדיקע געשיכטעס. עס איז ניט פאַר זיין קאָפּ און פאַר זיין צייט.

זיי האָבן דורכגענישטערט שוין אַלע ביכער און גאָרניט געפונען צו וואָס זיך צוצוטשעפּען. זיי פילן זיך אַנטוישט. ניטאָ קיין אומלעגאַלעכץ. קיין אינקרי־מינירנדיקע ליטעראַטור.

הפנים אַז קיין באַשטימטן חטא האָבן זיי ניט אויף אים. זיין אויפטריט בײַ דער תפיסה איז ניט באַוווּסט. בנוגע יענעם יונגנמאַן, וואָס האָט „געקערט וועלטן" בײַ דער געפּענגעניש און דאָרט געקאָמאַנדעוועט, איז די אַלגעמיינע מיינונג אין שטעטל, אַז ער איז געווען איינער פון די גאָר געהויבענע אַגיטאַטאָרן, וואָס איז געקומען ספּעציעל פון ווילנע צו גאָר פון פּעטערבורג פאַר דער געלעגנהייט. עס איז געווען אַ צו דרייסטע אַקציע פאַר אַן אויפּאַנאַרטיקן אַגיטאַטאָרל...

די זוכערס און די זשאַנדאַרן זענען געקומען אויפן סמך פון אַ מסירה. זיי זוכן עפּעס אין וואָס זיך אָנצוכאַפּן, און קענען גאָרניט אויסזוכן. זיי מאַכן זויערע פּנימער, וואָס זאָגן: אַרויסגעוואָרפענע אַרבעט; דער „נפש" זעט ניט אויס צו זיין פאַרמישט אין קיין פאַרבאָטענער קאַשע. דער בעל־דבר איז נאָך גאָר אַ יונגער יינגל. ער איז נאָך אפשר גאָרניט מינדיק. זיי זענען שוין גרייט אָוועקצוגיין מיט גאָרניט. אָבער דאָ האָט דאָס געניטע אויג פון אַ זשאַנדאַר דערזען אַ בראָשור. בראָשורן, — דאָס איז די קאָנטראַבאַנדע־סחורה, וואָס ער זוכט. וואָס טויגן אים ספּענסערס ווערק! וואָס טויג אים מאַרקס „די אָרימקייט פון פילאָזאָפיע", „קריי־טיק פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע" וכדומה ביכער. עס איז פאַראַן אַ בראָשור, און ער האָט זיך אויף איר אַרויפגעוואָרפן. דאָס איז דאָך עס, וואָס ער זוכט!

— וואָט אָנאָ! אָט דאָס איז עס! — ער קלאַפּט אויף דער הילע מיט זיין ברייטער דלאָניע, ער איז זייער צופרידן; זיין מי וועט ניט גיין אין ניוועץ.

די בראָשור איז געווען אַרויסגעגעבן פון פאַרלאַג „קדימה" אין אָדעס. דער מחבר — בער־באָראָכאָוו. דער נאָמען פון העפט „קלאַסן־מאָמענטן אין דעם נאַ־ציאָנאַלן קאַמף".

אַבא האָט פון דער דאָזיקער בראָשור קיין וועזן ניט געמאַכט. דער נאַציאָ־נאַלער קאַמף איז ניט געווען געגנוג גרינטלעך באַגרינדעט און די קלאַסן־טעאָריע איז אויך ניט געווען ברייט און פּילזייטיק אַנטוויקלט. אַז צוליב אָט־דער בראָשור זאָל מען אים פאַרהאַלטן איז געווען אַזוי קאָמיש, אַז ער האָט זיך אַזש פאַנאַנדער־

געלאַכט. אָבער זיין לאַכן האָט דעם זשאַנדאַר אינגאַנצן צעדרייצט: וואָס הייסט? ער, אָט דער אַזוי און אַזוי, וועט אַרונטעררייסן זיין אויטאָריטעט יוי אַ מבין אויף אומלעגאַלער ליטעראַטור! דאָס וועט ניט גיין! ער האָט אים געהייסן אויפשנעל זיך אָנטאָן.

מען האָט אים אָפּגעפירט אין פּערעסילינע, איבערשיק־געפענגעניש, אײדער מע וועט אויספאָרשן די זאַך און אויסגעפינען ווער, וואָס, ווען.

## 172

## די פּתיחה צום ספר תּפיסה

אַן איבערשיקונג־געפענגעניש איז אייגנטלעך אַ מין הקדמה צו אַ תּפיסה. דאָ זיצט מען צייטווייליק, ביז מען שיקט איבער אין אַן עכטער תּפיסה אָדער מע באַפרייט. און דערפאַר, וואָס זי איז ניט קיין „דירת־קבע“, בלויז אַ מין פּרוזדור, אַ פירהויז אָדער אַ דורכגאַנג־פּלאַץ, גיט מען זיך ניט אָפּ מיט איר; מע גיט ניט אַכטונג אויף די סאַניטאַרע און אַנדערע באַדינגונגען, און דערפאַר טאַקע איז עס דער ערגסטער סאָרט געפענגעניש. עס איז אָפּגעלאָזן, שמוציק; עס איז אַ מין מענטשן־קלאָאַקע אָדער פּאָמוניצע. אַלץ גיסט מען אַהער אַריין. אַהערצו ברענגט מען דעם שיכור, וואָס וואַלגערט זיך אין רינשטאָק, ער זאָל איבערנעכטיקן, — און זיך אויסניכטערן. דאָ זענען קרימינעלע מיט פּאָליטישע אויסגעמישט, אויב ביידע מינים פאַרברעכערס זענען נאָר וואָס אַרעסטירט געוואָרן.

אבא איז אַריינגעוואָרפן געוואָרן און ער ליגט אויפן דעק פון זיבעטן מדור פון גיהנום. אים באַפאַלן אומפּלייט. עס עקלט אים צו שטעלן אַ פוס אויפן דיל. עס איז אָנגעכראַקעט און אָנגעהשתנהט. די לופט איז פאַרשטיקט דערשטיקט צו ווערן. עס אַווירט, כאָטש פאַרשטאָפּ די נאָזלעכער. די נאַרעס פאַרברודיקט, באַלאַגערט מיט וואַנצן, מיט כינים.

ער וואָלט וועלן כאָטש־בי אַ טראַכט טאָן וועגן זיין געליבטער. ער קען ביי זיך ניט פועלן זי אַהער אַריינצופירן אַפילו בלויז אין געדאַנק. דער פּלאַץ איז צו שמוציק. ניט פאַר איר.

איבערן דיל שפּאַצירן שטשורעס. אַ יאַט איז שטילערהייט אַראָפּגעקראָכן פון דער נאַרע. צאַפּ! ער האָט אין כאָלעווע פון שטיוול געכאַפּט אַ שטשור און ער יובלט. ער איז מלא שמחה. ער האָט אויפגעטאָן עפּעס אַ גרויסע זאַך. ער לאַכט זיך פאַנאַנדער. ער פאַרגייט זיך אין אַ ווילדן געלעכטער. זיין דערפאָלג בורשעוועט אין אים. מיטן פוס דערהרגעט ער דעם שטשור. ער צעטרעט אים און קריכט צוריק אַרויף אויף דער נאַרע. די טיר האָט זיך געגעבן אַ פאַנאַנדערפראַל. מיט גרויס פּאָמפּ און טומל פירט מען אַריין אַ גרויען זקן. מע האָט אים געפונען אין רינשטאָק טויט־שיכור. ער איז דאָ אַן אָפטער גאַסט. ער האַלט זיך קוים אויף די פיס. די פּאָליציאַנטן האָבן אים אַריינגעטראָגן אויף די הענט און אים צוגעשפּאַרט צום אָנגעהייצטן אויוון. אים איבערגעלאָזן און גלייך אַרויס. ער האָט זיך אַ זעץ געטאָן אָן דיל, די שויבן פון די פענצטערלעך האָבן זיך צעקלונגען. ער ליגט ביים אויוון אויפן דיל און שילט, קאָרעניעט, זידלט זיך, טופּעט מיט די

פיס און שרייט מיט באַנומענע קולות. כמעט אַלע שלאָפערס האָבן זיך אויפגעוועקט און זיך איבערגעקערט אויף דער צווייטער זייט. עמיצער האָט עפּעס געבאַרמאָטשעט. אין שליאַד פון יענעמס קולות האָט ער געשיקט זיין אייגענע שילטעניש. דער אַלטער האָט זיך געוואָרפן. דאָ האָט ער זיך אָנגעהאַלטן אָן איװועלע און פּרובירט זיך אויפשטעלן, דאָ האָט ער זיך ווידער אַראָפּגעלאָזט אויפן דיל. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף די קני מיטן רוקן צום איװועלע. ער איז שטיל געוואָרן. אַביסל שפּעטער איינגעדרעמלט. דער יאַט איז ווידער אַראָפּגעקראָכן פון דער נאַרע. זיך צוגעגנבעט צום זקן און אים אָנגעבונדן דעם שטשור. דער זקן אין שלאָף וויגט זיך ריטמיש צוזאַמען מיטן פּגר־שטשור...

אבא נעמט זיין לאַגע פילאָזאָפיש. דער געדאַנק, אַז אויך ער איז אַ מאַרטירער, ער ווערט אַריינגעפלאָכטן אין דעם גרויסן דערנערקראַנץ, וואָס באַצירט דעם קאָפּ פון רוסלאַנד, ער ווערט אַריינגענומען אין דער געזעלשאַפט פון די רעוואָלוציאָנערן, וואָס שמאַכטן אין די תפיסות, קאַזאַמעטן, — גיט אים חשיבות אין זיינע אייגענע אויגן. אַלע ליידן, דאַרף ער טיילן זייער שיקזאַל. ער וויל גאָרניט זיין קיין אויסנאַם.

וואָס אים אינטריגירט אין דעם מאָמענט, איז ווער ס'איז געווען דער מסר. פון דעם האַלטן זיך פון די זוכערס, אויספירערס און פון דעם באַנעמען זיך פון די זשאַנדאַרן, איז לייכט געווען צו זען אַז זיי אַליין זענען ניט געווען זיכער וועגן זייער פאַנג. עמיצער האָט זיי אונטערגעשיקט און זיי האָבן מודא געהאַט, אַז פון דער גאַנצער זאַך וועט זיך אויסלאָזן אַ בוידעם.

## 173

## די חשדים

דריי פּערזאָנען האָט אַבא חושד געווען. דער ערשטער אין דער ריי איז געווען זייער שכן. ער האָט געהאַט זיין דירה אין דעם זעלביקן הויז, אין דער צווייטער העלפט. ער איז געווען אַן אָרטיקער העברעיִשער לערער. ער האָט געוווינט מיט זיין טאַטן און מאַמען. געווען, הפנים, אַ בן־יחיד. זיין פאָטער איז געווען אַ שטיקל משכיל. אַבא האָט ביי אים אַנטליִען דעם מורה נבוכים. דער לערער האָט געקענט ניט שלעכט העברעיִש. האָט אָבער אויסגעזען זייער גראָב מגושמדיק. ער איז געווען הויך, ברייט אין די אַקסלען. גערעדט מיט אַ באַסאָווער הייזעריקער שטים. אַבא האָט אים ניט געקענט פאַרטראָגן. עס איז געווען אַ שנאת־חנם פון ערשטן בליק.

איידער אַבא איז געוואָרן פּעשקעס לערער, איז אָט־דער בחורעץ געווען אַן אַריינגייער ביי זיי אין שטוב. ער פלעגט טאַקע קומען צו פּעשקען. ער האָט אַבאַן געגעבן אָנצוהערן, אַז פאַר אַ קורצער צייט איז ער געווען איר לערער אין העברעיִש. הייסט עס, אַז אַבא, ניט ווייסנדיק עס, האָט אים אַרויסגעשטויסן. אַבא האָט באַמערקט, אַז ער איז געווען אייפערזיכטיק. ער האָט אים נאָכגעשפּירט. פון זיי צו פּעשקען איז געווען אַ קליינער שטח. פּעשקעס פאָטערס הויז איז געשטאַנען

אויף אַ פֿאַנאַנדערגאַנג־פּונקט פֿון דריי גאַסן. דאָס הויז, אין וועלכן אַבא און דער לערער האָבן געוווינט, איז געווען אַריינגערוקט אין אַ לאַנגן הויף. הינטערן הויז איז געווען אַ לאָנקע, ווו אַבא איז זומערצייט אָפֿט געזעסן פֿאַנאַנדערגעלייגט מיט זיינע ביכער. אַרויסגייענדיק פֿון זייער הויף און שטעלנדיק זיך ביי דער גאַס, האָט מען פֿון דעם אָבסערוויר־פּלאַץ געקענט זען דעם פֿונפֿאָרנט־אַריינגאַנג אין פּעש־קעס הויז. אַזוי אַז דאָס נאָכשפּירן אַבאַן איז געווען אַ לייכטע אונטערנעמונג. אַבא האָט אים אַ סך מאָל באַמערקט שטייענדיק אויף אַט־דעם אויסקוק־ווינקל. נאָך מער, זען און הערן אים קומען אין דער שטילקייט פֿון דער נאַכט, עפֿענען און צומאַכן די טיר, וואָס האָט תּמיד געגעבן אַ היפּש־הילכיקן סקריפּ, איז אַוודאי געווען ניט שווער. דער בחורעץ האָט אים עטלעכע מאָל אָפּגעשטעלט, כּלומרשט צופֿעליק, און אים געפֿרעגט פֿונוואַנען ער קומט עס אַזוי שפּעט. די שעה איז גע־ווען אַ צו שפּעטע, לכל הדעות, פֿאַר לעקציעס געבן.

ער האָט זיך אַרויסגעמאַכט פֿון אַ דירעקטן ענטפֿער. ער האָט געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער קומט עס פֿון אַ קאָנספּיראַטיווער פֿאַרזאַמלונג און עס איז בעסער צו שווייגן וועגן דעם. ער האָט עס בפֿירוש ניט געזאָגט. ער האָט ניט געקענט זאָגן קיין ליגן.

דער צווייטער אין דער ריי איז געווען דער סטריאַפּטשי. ער האָט אָפּטמאָל געטראַכט, אַז יענער וויל אים ניט האָבן אין הויז פֿון זיין מעטרעסע. ווייל אויב אַבא וועט דאָ לאַנג וווינען, וועט ער צופֿיל וויסן, און דאָס האָט ניט געטויגט פֿאַר יענעמס תּהלוכות. לכתּחילה האָט ער געהאַלטן אַבאַן פֿאַר אַ זייער נאַיִוון בחורל, וואָס פֿאַרשטייט זיך לחלוטין ניט אויף די זאַכן, און צופֿיל היטן זיך פֿאַר אים דאַרף מען ניט. אָבער אַז ער האָט אויסגעפֿונען, אַז אַבא האָט זיך אין־מיטן־דערינען פֿאַרליבט און קומט אַהיים שפּעט נאָך האַלבער נאַכט, וואָס איז געווען אַ סימן מובהק, אַז אַבא איז שוין גאָרניט אַזוי אומשולדיק ווי ער האָט געמיינט, לכן קען ער, אַבא, דאָך ווערן געפֿערלעך. און דאָס בעסטע איז אים אָפּראַמען פֿון וועג.

די דריטע אין דער ריי איז געשטאַנען די באַלעבאָסטע. אויב זי האָט עס געטאָן, האָט עס געמיינט, אַז דער סטריאַפּטשי האָט עס געטאָן לויט איר אינסט־רוקציע. פֿון איר זייט האָט עס געקענט זיין אַן אַקט פֿון נקמה. איר האָט פֿאַר־דראָסן, הלמאי ער, אַ ווילער בחור, זאָל פֿאַרבראַקירן איר טעכטערל און גיין זוכן אין דער פֿרעמד זיין בת־זוג. איז דען איר טאָכטער ניט בילכער, שענער, און דערהויפּט געזינטער! וועגן יענער זאָגט מען דאָך, אַז זי איז גאָר אַ קראַנקע.

ער האָט חושד געווען די דריי, אָבער ער איז כּמעט ווי געווען זיכער, אַז דאָס איז געווען אַ מסירה, אַ שמוציק שטיקל אַרבעט פֿון זיין שכן. וואָרעם אין זיין קאָמפּליצירטן זעלנצושטאַנד פֿון פֿאַרליבשאַפֿט איז אַריין ווי אַ באַשטאַנדטייל די פֿליכט צו ראַטעווען די איידעלע פּעשקע פֿון רויבפֿויגל, וואָס האָט אויף איר גע־לויערט. ער האָט געהאַלטן פֿאַר אַ טוגנטהאַפֿטיקן אויפֿטו דאָס ניט דערלאָזן, אַז די צאַרטע פֿיינע נשמהדיקע פּעשקע זאָל אַריינפֿאַלן אין די מגושמדיקע, מיט־האָר־באַוואָקסענע הענט פֿון דעמדאָזיקן גראָבן יונג, וואָס איז געווען שוואַרץ ווי אַ ציגיינער. ביי יעדן זעט מען גאָרניט אַזעלכע חמולישע פּנימער און גלידער...

אַבאַן האָבן פּעשקעס חברטעס אָנגעוווּנקען, אַז ער פֿאַלט אַריין אין אַן אומ־

גליק, אַז פּעשקע האָט אַ האַרצפעלער. זיי ווייסן עס, כאָטש מע האַלט עס בסודי־סודות.

## ליבע און הייראַט

ווען ער האָט זיך דערוווּסט וועגן דעמדאָזיקן אומשטאַנד, האָט ער אַנדערש אויסגעטייטשט איר פּאַטערס אויפשטיין אין מיטן נאַכט. ער האָט געהיט, די טאָכטער זאָל זיך ניט צופיל אויפרעגן, ניט אָנשטרענגען דאָס האַרץ מיט איר זיין וואָך אַזוי שפּעט אין דער נאַכט.

אַבא האָט ניט געהאַלטן זיין ליבע ווי אַ הקדמה צום בוך, וואָס הייסט חופּה און חתונה. וועגן חתונה־האָבן האָט ער יאָ געטראַכט, אָבער אין פּולן נעגאַטיוו. ער וועט עס באין־אופן ניט טאָן. זיי זענען פאַרליבטע — דאָס איז אַ פּאַטום. פאַרפאַלן. מוז ער בענקען, ליידן, אויסגיין פון יסורים, צעשמאַלצן ווערן פון הימלשן נחת־רוח און אייביקער אויגנבליקלעכער פרייד. זיין גליקלעך־אומגליקלעך — דאָס איז שיקזאַל. ער האָט איבער דעם קיין דעה ניט. עס איז ניט קיין פראַגע פון פרייען ווילן.

אָבער חתונה־האָבן מיינט דאָך בויען אַ נעסט און אויסבריִען פייגעלעך, עו־פעלעך — דאָס אויף קיין פאַל ניט. ערשטנס, איז ער אַ רעוואָלוציאָנער. מע קען אים יעדן טאָג אין דער וואָך פאַרשיקן, ווו „מאַקאַר פאַשעט זיינע שעפסן". וועט ער זיך אַהין פירן מיט אַ ווייב און קינדער?! צווייטנס, די ייִדן אין רוסלאַנד געפּי־נען זיך אויף אַ ווולקאַן. מע ווייסט ניט, וואָס ס'וועט זיין זייער צוקונפט. זיי זענען אין צאַרישן מצרים; מע דאַרף אַרויספירן אַזוי פיל ייִדן וויפל מעגלעך. צופיל ייִדן אין רוסלאַנד, — וועט ער נאָך קומען און מוסיף זיין! על הראשונים אנו מצטערים, די וואָס זענען שוין פאַראַן, זענען גרויס אין די אויגן פון די רשעים. דריטנס, ווען ער האָט חתונה און עס ווערט געבוירן ביי אים אַ קינד, דאָס הייסט, אַ זון, איז וואָס וועט ער טאָן? מל זיין איז קעגן זיינע פּרינציפּן, ער וועט ניט נאָכגעבן אָט־דעם באַרבאַרישן מנהג, וואָס לויט זיין וויסן און פאַרשטיין האָט ניט קיין שום זינען. ניט מל־זיין? אַ רבס אַן איניקל ניט קיין געמלטער, אַזאַ חרפּה און שאַנדע וועט ער זיין פּאָטער ניט אָנטאָן. דאָס איז אויסגעשלאָסן. חוץ אַלע זאַכן האָט ער נאָך מיט יאָרן צוריק ביי זיך אָפּגעמאַכט, אַז ער וועט ניט חתונה־האָבן ליבע דאַרף ניט פירן צו חתונה.

## 174

## צווישן יאָ טראַכטן און ניט טראַכטן

אַבא האָט געליטן פון שמוץ, וואָס אַרום, אָבער מער פון אַלץ פון דעם, וואָס ער האָט זיך ניט געקענט דערלויבן אין אָט־דעם פאַרגיוזשניקטן פלאָץ טראַכטן, זיך מתיחד זיין פאַרשטעלעריש עמאָציאָנעל מיט זיין געליבטער. ער איז אויס־געגאַנגען נאָך איר, אָבער זי אַריינברענגען אין דמיון אַהער, זיך קושן מיט איר, האָט ער ניט געקענט, ניט געטאָרט. עס וואָלט געווען אַן אמתער חילול־הקודש.

ער האָט זיך געפילט פאַרוואָרלאָזט, אומגליקלעך. ער האָט געבענקט און אַפילו בענקען זיך ניט געטאָרט דערלויבן.

ער ראַנגלט זיך מיט זיך. אין אים קומט פאָר אַ געפּעכט. פּונקט ווי ווען ער האָט זיך געשלאָגן מיטן געדאַנק, וואָס האָט געפּאָדערט, ער זאָל זען און וויסן דעם מהות פון גאָט און צו דער אייגענער צייט, זייענדיק זייער פרום, האָט ער תופס געווען, אַז דער בלויזער געדאַנק וועגן אַזאַ פאָדערונג־שטעלן איז אַן אומפאַרציילעכע זינד.

אַצינד איז ער אַריינגעפאַלן אין דעם זעלביקן פסיכאָלאָגישן קעסלגרוב. ער ווערט פאַרצערט פון בענקעניש נאָך זיין געליבטער און ער טאָר אין אָט־דער קלאָאַקע וועגן איר גאָר ניט טראַכטן, זי זיך ניט פאָרשטעלן. איז ווי אַזוי קאָן ער בענקען אַזוי נעפּלהאַפטיק, אַזוי מטושטשדיק, אַז איר געשטאַלט זאָל אַפילו אין פאָרשטעלונג ניט אַרויפשווימען!

ער, וואָס האָט זיך אַזויפיל אָנגעלייענט מיט ספּענסערס ווערק, אַז ביי יעדער געלעגנהייט איז אים געקומען אויפן געדאַנק אַ שטעלע פון יענעמס ביכער און ער האָט זי געוואָלט אָנווענדן אין דעם געגעבענעם פאַל, האָט אין זיין איצטיקן פאַרווירטן צושטאַנד אויך געטראַכט ספּענסעריאַניש. ער האָט געקלערט, אַז ער געפינט זיך אין דער טשיקאַווער לאַגע פון אַ רעליגיעזן מענטשן, לויט ספּענסערן. גאָט מוז זיין אומבאַוווּסטבאַר, אָבער ניט אויף אַזויפיל, אַז ער זאָל גאָר ניט וויסן, אַז ער ווייסט גאָר ניט וועגן אים, עפּעס אַ מינימום באַוווּסטקייט מוז יאָ זיין. עס דאַרף זיין אַ נעפּלהאַפטיקע באַוווּסטקייט מכוח אַן אומבאַוווּסטבאַרקייט. ער דאַרף שטיין מיט זיינע אינטעלעקטועלע פיס אַזוי צעשפּרייט, אַז איינער זאָל זיך געפינען אין איין תחום און דער צווייטער אין אַן אַנטקעגנדיקן תחום.

ער בענקט און מוז בענקען און ער איז אַזוי אומגליקלעך, וואָס זיי זענען צעשיידט; און דאָך זיך קאָנקרעט פאָרשטעלן, ווי ער האַלט זי אַרומגענומען און פאַרגייט זיך אין קושן זי, — דאָס טאָר ער ניט, קען ער ניט אין אָט־דעם שמור־ציקן פאַרחזירטן אַרום. די אַרומגעבונג איז צו עקלהאַפט, צו אָפּשיילעך.

ער ראַנגלט זיך און בלוטיק־זעליש. ער האָט מורא, ער זאָל אינגאַנצן ניט אויסגיין פון גייסטיקן בלוטפאַרלוסט, דאָס הייסט, ווערן טעמפּ און אויפהערן אינגאַנצן צו פילן, צו שפּירן. אויב ער קען זי ניט שפּירן, וועגן איר ניט טראַכטן, — איז ער אַזוי גוט ווי האַלב אָפּגעשטאָרבן, פאַראַליזירט עמאָציאָנעל. אויב ער בענקט ניט נאָך איר, איז ער שיער ניט בטל־במציאות ווי אַ פסיכאָלאָגיש וועזן.

צום גליק האָט דערדאָזיקער שוידערלעכער מצב, וואָס האָט פון אים אויסגענאָגט זיין חיות ווי אַן אייגנאַרטיקער וואַמפּיר, אַ גייסטיקער בלוטזויגער, — ניט צו לאַנג אָנגעהאַלטן. בלויז איין מעת־לעת מיט אַ נאַכט.

## 175

## דער איספּראַווניק

מע האָט אים אויף איבערמאָרגן אַרויסגעפירט פון פּערעסילינע, געפירט אונטער אַ שווער־באַוואָפנטער שמירה צום אדון־הגדול, דעם איספּראַווניק.

ווי נאָר ער איז אַרויס פֿון דעם שמוץ און פֿאַרשטיקעניש, אַזוי האָט ער זיך מיטן ערשטן אָטעם־אָנשעפּ פֿון ריינער לופֿט זיך מחיה געווען. זי איז אין אים, לעבן אים, אַרום אים, פֿון אַלע זייטן, איבער אים און אונטער אים. ער איז גליקלעך, איבערגליקלעך, ווּהין מע פֿירט אים, — קימערט אים ניט. אַבי ער איז מיט איר. ער בענקט נאָך איר מיט אַזאַ געשמאַק, מיט אַזאַ באַטרונקענקייט. ווער קען זיך צו אים פֿאַרגלייכן!

מע פֿירט אים דורכן מאַרק, דורך דער הויפּטגאַס. ייִדן מיט טלית־זעקלעך אונטער די אָרעמס שטעלן זיך אָפּ, קוקן פֿאַרווּנדערט, פֿרעגן מיט די אויגן, מיטן גאַנצן גוף: וועמען פֿירט מען עס מיט אַזאַ אימפּאָזאַנטער שמירה? ער איז דאָך נאָך גאָר אַ יונג בחורל?!

ער האָט אויסגעזען אַ סך ייִנגער פֿון זיינע יאָרן.

אים אינטערעסירן ניט די גאַסן, ניט די צוקוקערס, ניט די פֿאַרשמאַיעטע פֿאַרבייגייערס. זיי זעען דען עפּעס, וואָס אין אים קומט פֿאָר? און ער זעט דען עפּעס אויסער איר? און וואָס נאָך דאַרף ער זען? אַז ער האָט זי, האָט ער אַלץ, און זי שפּירט ער מיט אַלע זיינע חושים, מיט אַלע פֿיבערן פֿון זיין זעל — און ער איז גליקלעך.

מען האָט אים אַריינגעפֿירט אין קאַנצעלאַריע פֿון איספּראַווניק. דער איספּראַווניק האָט אים גלייך אויפֿגענומען ביי זיך אין קאַבינעט.

דער איספּראַווניק אַ הויכער, אַ דיקער, מיט אַ היפּשן בויך, מיט אַ לייבנשטימע. דאָס פּנים רויט, אָבער ניט מגושמדיק. צוויי אויגן דווקא לעבעדיקע, ניט קיין שפּיזלדיקע, כמעט מיט סימפּאַטישע בליקן.

ער קוקט אויף אַבאַן און א רחמנות געפֿיל דערוועקט זיך אין אים. מיט אַ טאָן פֿון אַ פֿאָטער, פֿון אַ מוסר־זאָגער ווענדט ער זיך צו אים:

— זאָלסט וויסן זיין, אַז עס זענען פֿאַראַן קראַמאַלניקעס, בונטאָווטשיקעס, וואָס שרייבן געפֿערלעכע, סם־המוותדיקע ביכלעך; זיי כאַפּן אַריין אין זייערע אויסגעשפּרייטע נעצן אומשולדיקע קינדער, און דו ביסט איינער פֿון די, וואָס זיי ווילן אַריינקריגן און פֿאַרפֿירן אויף שלעכטע וועגן. היט זיך פֿון זיי, ווייך פֿון זיי ווי פֿון אַ פּעסט. דו ביסט אומשולדיק, איך וויל דיך אַרויסלאָזן אויף דער פֿריי. בלויז אויף אַ ווײַלע ביסטו פֿאַרפֿירט געוואָרן פֿון די פֿאַרדאָרבענע חברה־לייט. זאָג מיר צו, אַז דו וועסט מיט זיי מער ניט האָבן צו טאָן, זייערע סכנת־נפשותדיקע ביכלעך מער ניט לייענען, און איך וועל דיך לאָזן גיין אַהיים. — האָסטו פֿאַרשטאַנען וואָס איך רייד צו דיר?

— באין אופן ניט, אייער הויכאיידלגעבוירנשאַפֿט (ניקאַק ניעט וואַשע וויסאָקאַ־בלאַגאָראָדיע).

דער איספּראַווניק זאָגט־איבער זיין לענגלעכע רעדע אַצינד מיט אַביסל מער וואַרימקייט און אין העכערע טענער. ער קומט צום ענד פֿון זיין טיראַדע און שליסט מיט דער אייגענער דירעקטער פֿראַגע.

אַבא גיט אים דעם זעלביקן ענטפֿער וואָס פֿריִער.

דער איספּראַווניק פֿוילט זיך ניט. ער האָט באמת רחמנות אויף דעם אומשולדיקן ייִדישן ייִנגל און ער חזרט איבער זיין דרוש צום דריטן מאָל, אַצינד אין

גאָר הויכע דונערדיקע טענער, מיינענדיק הפנים, אַז וואָס העכער ער וועט ריידן, אַלץ לייכטער וועט עס זיין צו פֿאַרשטיין וואָס ער זאָגט.

ער גיט צום דריטן מאָל דעם זעלביקן ענטפֿער:

— באין אופֿן ניט, אייער הויכאיידלגעבוירנשאַפֿט.

דער איספּראַווניק כאַפּט זיך, אַז אָט־דאָס ייִדישע בחורל מאַכט גאָר פֿון אים חוזק. הייסט עס, אַז ער איז גאָרניט אַזוי אומשולדיק ווי ער זעט אויס צו זיין. דער איספּראַווניק ווערט אויפֿגעקאָכט: אָט־דער נישטיקער שטיקל ייִדלינג זאָל האָבן די פֿרעכהייט צו טרייבן קאַטאָוועס מיט אים, דעם פֿאַרטרעטער פֿון דער צאַרישער אַלמאַכט, און דאָ, אין ווילקאָמיר, די פּולע אומבאַגרענעצטע מאַכט אַליין, אָט־דאָס מיינט ייִדישע חציפֿות!

ער טאָפּעט מיט די באַשטיוולטע פֿיס און שרייט אויס:

— אַרויס פֿון דאַנען (וואָן אָטסיודאַ)!

ער גיט גלייך אָפּ אַ באַפֿעל אָפּצושיקן אַבאַן אין דער שטאָטישער געפֿענגעניש און אים האַלטן דאָרט אויף אַן אַדמיניסטראַטיוון שטייגער.

ער האָט מיטן איספּראַווניק זיך ניט געוואָלט אויסטענהן, אים אָנווייזן, אַז מע האָט אים אַרעסטירט פֿאַר אַ בראַשור, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פֿון אַ לעגאַלן ציוניסטישן פֿאַרלאַג; אַז די זשאַנדאַרן האָבן קיין רעכט ניט געהאַט אין קיין זינען צו אינקרימינירן אים פֿאַר האָבן אין זיין באַזיץ אַ לעגאַלע בראָשור. ער האָט אָבער מורא געהאַט, אַז זיין אויסטענהן זיך וועט מאַכן זיין לאַגע ערגער. עס וועט זיך אַרויסשטעלן, אַז ער קלייבט זיך פֿאַנאַנדער אין די ענינים פֿון איסור והיתר בנוגע ליטעראַטור, און דאָס אַליין וועט מען אָננעמען פֿאַר אַ שלעכטן סימן, און אַזוי וועט ער זיך „פֿאַרשיטן". געבן דעם איספּראַווניק דעם געפֿאָדערטן צו־זאָג, האָט ער ניט געקענט, ער וואָלט עס געהאַלטן פֿאַר אַ פֿאַרשוועכונג פֿון נאָמען רעוואָלוציאָנער, שיער ניט פֿאַר פֿאַרראַט... ווייטער האָט ער געטראַכט, אַז אין אַרעסטירן אים האָבן זיי דאָך קיין טעות ניט געמאַכט, דאָס קומט דאָך אים, לכל הדעות. זיי האָבן זיך בלויז באַנאַרישט אין אָנגעבן אַזאַ נישטיקן רעזאָן. ווען זיי וואָלטן אָנגעגעבן דעם ריכטיקן טעם פֿאַר זיין אַרעסט, וואָלט דאָך עס געשמעקט מיט אַ טערמינלאַנגער געפֿענגעניש און דערנאָך פֿאַרשיקונג אין סיביר, לכן איז דאָס בעסטע אונטער די אומשטענדן צו מאַכן אַ שוויג. אַז מע וועט זיך נעמען גריבלען אין זיין פֿאַל — וועט זיין ערגער.

## 176

## שמוציקע רייד

אַבאַ האָט די געפֿענגעניש ניט דערקענט. זי האָט עפּעס ווי אויסגעזען אינגאַנצן אַנדערש ווי דעמאָלט, ווען ער מיט דער כאַפּטע יוגנטלעכע האָבן זי „גע־שטורעמט". צי האָט ער געזען דעמאָלט, אין אויפֿרעגונג, דורך אַנדערע אויגן?

ער האָט זי גלייך אָפּגעשאַצט: אַ טרוקענע געביידע, אַ הילצערנע. הייסט עס, אַז קיין לונגען־קראַנקהייט וועט ער פֿון זיצן דאָ ניט קריגן. איז מה רעש?!

מע האָט אים בלויז פֿון יוצא וועגן באַזוכט, באַטאַפּט, און אים, נאָך די אַלע־

נייטיקע פּרעלימינאַרן, אַריינגעפּירט אין אַ גאַנץ ליכטיקער און פאַרהעלטנישמעסיק רחבותדיקער קאַמער. נאָך דער איבערשיקונגס־תפיסה האָט די געפענגעניש אויסגעזען צו זיין ממש אַ פּאַלאַץ. ריין, די לופט ניט פאַרשטיקט, מע דאַרף גאָר ניט בעסער. ווי פון גיהנום אין גן־עדן אַריין...

אין דער גרויסער ציכטיקער קאַמער בלויז נאָך איין אַרעסטירטער, אַ „פּאָליטישער פאַרברעכער", אַ ייִדישער יונגערמאַן פון אַ יאָר עטלעכע און צוואַנציק.

ווער איז ער? אַן ס. ר.

אַבא האָט געהאַלטן פון די ס. ר. אַן עולם ומלואו. בראַווע קעמפּערס. גוטע רעוואָלוציאָנערן־טעראָריסטן. זיי האָבן גרויסע פאַרדינסטן, האָבן צורעכט־געמאַכט אַ היפּשע צאָל צאַרישע סאטראפּן. זיי האָבן אַ וווּנדערבאַרע טראַדיציע, ציִען זייער יחוס פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" מיט אירע העלדן, ווי סאָפיע פּעראָווסקאַיאַ, זשעליאַבאָוו און אַנדערע.

אָבער וואָס איז שייך אידעאָלאָגיע, האָט ער זיי מבטל געווען; ער האָט זיי באַצייכנט ווי מענטשן מיט צעטומלטע מוחות, ניט אַהער און ניט אַהין. זיי זענען רעאַליסטן; ניט קיין מאַטעריאַליסטן און ניט קיין אידעאַליסטן. דאָס איז ניט קיין פעסטע שטעלונג. די מאַרקסיסטן זענען מאַטעריאַליסטן. ער איז אַן אידעאַליסט. ער גלייבט, אַז די האַנדלונג און דאָס גאַנצע לעבן פון אַ מענטשן ווערט באַשטימט פון זיינע אַנשויאונגען, פון זיינע פּרינציפּן, פון זיין באַנעמען זאַכן. און וואָס איז ריכטיק בנוגע דעם יחיד, איז ריכטיק בנוגע דעם רבים, דעם ציבור. עס איז אמת, אַז דאָס באַוווּסטזיין קומט אַ סך שפּעטער פון זיין, אָבער אַז עס קומט שוין אויף, קערט עס איבער דעם סדר, דעם גענעטישן מוקדם ומאוחר. עס שטעלט זיך אַוועק איבעראָריס. וואָס שפּעטער אין אויפקום אַלץ וואָגיקער און פריִער אין חשיבות. ער האַלט פון מדרש, וואָס זאָגט: „כל שנברא אחר חבירו שליט בחבירו" *), — דער, וואָס ווערט געבאָרן שפּעטער באַהערשט דעם פריִערדיקן, שטייגט אים אַריבער. די ס. ר. זענען וואַקלדיק הן אין פילאָזאָפיע און הן אין פּאָליטישער עקאָנאָמיע. זיי פאַרנעמען זיך מיט דעם פּויערטום און ווילן דווקא איינשפּאַנען קליינע פּריוואַט־אייגנטימער אין דעם וואָגן פון סאָציאַליזם, וואָס פאַרניינט פּריוואַט־אייגנטום.

איז, מילא, האַלט ער ניט פון זייער פּראָגראַם און איר באַגרינדונג.

דער יונגערמאַן צערעדט זיך מיט אַבאַן און ער קאָמפּלימענטירט אים פאַר זיין פאַנאַנדערקלייבן־זיך, באַהאַוונטקייט אין די סאָציאַלע פּראָבלעמען און אויך פאַר זיינע אויגן, וואָס זאָגן עדות, אַז ער איז אומשולדיק און אומבאַרירט פון דער פאַרפּאַסקודעטער וועלט מיט אירע בלאַטע פּרויען.

וואָלט אַלץ גוט געווען, זיי וואָלטן געוואָרן גוטע חברים. איז אָבער די צרה, וואָס אָט־דער ס. ר. קען זיך קיין קער ניט טאָן, קיין דריי ניט טאָן געשפּרעכלעך, אָן פאַרבראָקן אין יעדן זאַץ כמעט אַ רוסישע יאָפּקע. אבאַן האָט יעדעס שמוציקע וואָרט ממש געריסן דעם לייב ווי מיט אַן אייזערנעם קאַם.

די אָפּקומעניש אין זיצן אין תפיסה איז געווען ווי גאָרנישט לגבי די יסורים, וואָס אָט־דער אין פלוג ווילער יונגערמאַן האָט אים פאַרשאַפט מיט די „מי

---

*) בראשית רבה, פרשה יט.

שברכס״. זאָגן אים ער זאָל זיי ניט געברויכן, וואָלט ניט העלפֿן, מחמת ער האָט די „פּאָמאַטעריעס״ גאָרניט באַמערקט. ביי אים איז עס געווען אַ ריידן־געוווינהייט און די שמוציקע ווערטער האָבן פֿאַר אים, פֿון זייער אָפֿטן געברויך, פֿאַרלאָרן זייער ווערטערלעכן טייטש. ביי אים זענען זיי געווען אַ שיגרא דלישנא, אַ קלישע אַזאַ. אָן זיי האָט זיך אים ניט גערעדט, אָדער ער האָט אין ריידן ניט געפֿילט קיין טעם, ווי אַ געריכט אָן זאַלץ, אָן געווירץ. אַבא האָט געליטן פֿון אָט־דעם מויל־אָפּפֿאַל אומבאַשרייבלעכע יסורים. יעדעס „אין מאַמען־אַריין״ האָט אים געשניטן און געשטאָכן אין די אויערן, ממש, געריסן, געריסן פֿון אים שטיקער.

אַבא האָט געוווּנטשן און געהאַט בדעה צו בעטן די געפֿענגעניש־אַדמיניסטראַציע, אַז מע זאָל אים טראַנספֿערירן אין אַ יחידישער צעל. אָבער וועלכן מאָטיוו זאָל ער אָנגעבן פֿאַר זיין בקשה?

אָט־די רוסישע מי־שברכס האָבן פֿאַר אים פֿאַראומרייניקט די לופֿט פֿון דער קאַמערע. ער האָט ניט געקענט פֿריי אָטעמען. ער האָט אַפֿילו ווידער געהאַט שוועריקייטן מיט טראַכטן וועגן זיין געליבטער אין דער אָנוועזנהייט פֿון אָט־דעם געפּעס, וואָס איז געווען פֿול מיט וואָרטשמוץ, ריידאָפּפֿאַל ביז צום אַריבערגיסן זיך.

אין האַרצן האָט ער געהאַלטן אין איין מתפּלל־זיין, עס זאָל פּאַסירן אַ נס און ער זאָל פּטור ווערן פֿון אָט־דעם „רעוואָלוציאָנער״ מיטן אומסאַניטאַרישן מויל.

געוואַלד, וואָס טוט מען?! אַזאַ רייגער פֿלאַץ און אָט־דער דעגענעראַט פֿאַרפּאַסקודעט די גאַנצע אַטמאָספֿער, פֿילט־אָן דעם חלל פֿון דער קאַמערע פֿון דיל ביז דער סטעליע מיט טומאה.

ווי גאָט וואָלט געענטפֿערט אויף אַבאס תּפֿילה, אַ תּפֿילה פֿון אַן אַטעאיסט; דער נס איז געשען; אויפֿן צווייטן טאָג האָט מען דעם ס. ר. באַפֿרייט.

## 177

## אין געפֿענגעניש

אַבא האָט אָפּגעאָטעמט פֿריי. ער האָט געמאַכט די ברכה „ברוך שפּטרני״ מיטן גאַנצן האַרצן. אַצינד האָט ער אַ ריינע קאַמערע, ריינע לופֿט. איצט קען ער זיך מתיחד זיין מיט זיין געליבטער און קיינער וועט אים ניט שטערן. ער איז אַליין.

ער האָט אַזוי ליב איינזאַמקייט. ער האָט געקראָגן צוגעשיקט זיינע העפֿטן און זיינע לערנביכלעך. ער שטודירט געשמאַק אַלגעברע. ער האָט אויך אין ביבליאָטעק פֿון דער תּפֿיסה געפֿונען דאָס ווערק פֿון עסטרייכישן סאָציאָלאָג גומפּלאָוויטש „איין אַבריס פֿאָן סאָציאָלאָגי״. ער שטודירט אים מיט גרויס חשק. גומפּלאָוויטש באַטאָנט דעם ראַסנקאַמף אין דער געשיכטע.

אין קאַמערע איז וואַרים און „ליכטיק״; עס ברענט אַ קליין קעראָסין־לעמפּל אַ גאַנצע נאַכט. ער טאָר עס ניט אויסלעשן. איז גוט אַזוי. ער קריכט אַרויף אויף זיין בעטל, שטעלט זיך ביים סאַמע לעמפּל און ער האָט גענוג ליכט צום לייענען. עסן האָבן אים די חברים געשיקט אין תּפֿיסה אַריין. גענויער: די מוטער פֿון חבר אַבראַשע האָט פֿאַר אים געקאָכט אַ טעפּעלע און עס אים געבראַכט וואַרימערהייט

אין געפענגעניש. זי האָט געווינט נישט ווייט פון תפיסה און דער שליסלמאַן האָט עס אַריינגעטראָגן מיט אַ טעלער און אַ לעפל, אַ מעסער און גאָפל.

איז וואָס פעלט אים? עסן האָט ער וואָס; ער דאַרף ניט עסן די חזירי, וואָס די געפענגענישקיך שטעלט־צו און ער האָט זיך געגודזשעט עס איז מויל צו נע־מען. צייט האָט ער גאַנצע פיראונצוואַנציק שעה. קיינער שטערט אים ניט.

אויף ביי דער נאַכט שטעלט מען אים אַריין אַ פּאַראַשקע, וואָס איז ניט איבעריק ריין און פאַרשפּרייט אַרום זיך גאָרניט קיין ריח־ניחוחדיקע גערוכן. אָבער ער האָט שוין געפּועלט ביים שליסלמאַן, אַז מע זאָל אָט־דאָס שטיקל מעבל אַרויס־נעמען, ער האָט אים פאַרזיכערט, אַז ער קען זיך באַגיין אָן דעם נאַכטגעפעס, און צו קיין סורפּריזן וועט ניט קומען.

אַבא לייִדט פון עצירות זינט זיין פערצנטן יאָר. דאָס איז צוליב זיין שטענ־דיקן זיצן און שטודירן.

פון זיין געליבטער קריגט ער אָפטע בריוועלעך צוגעשיקט דורך איינעם פון די געפענגעניש־וואַכליים, און אויך קאָנפעקטן. דער וואַכמאַן ווינט ניט ווייט פון זיי און ער קויפט ביי זיי אין קראָם, אַזוי אַז פעשקע האָט אים אונטערגעקויפט צי מיט אַ שמייכל צי מיט אָן אַנדער מער מאַטעריעלן געשאַנק. ער טוט עס פאַר איר. ער ברענגט בריוועלעך און צוקערקעס פון איר צו אים און ער טראָגט אָפּ גאָר זיסע בריוו פון אים צו איר.

ווען דער געפענגעניש־אויפזעער גייט אויף „פּאָוויערקע" (אונטערזוך) און אַבא הערט אים אין קאָרידאָר, שטעלט ער זיך און נעמט אַרומשפּריצן איבער דער קאַמער אַזוי, אַז ער זאָל זיך ניט דאַרפן אויפשטעלן פאַר אים, ווי עס באַפעלט דער געפענגעניש־רעגלאַמענט.

ער בענקט אַצינד בקדושה וטהרה. ער האָט דעם גאַנצן מעת־לעת פאַר זיך. ער זיצט על התורה ועל העבודה. איז אַרט אים ניט, וואָס ער איז אַ פאַרשפּאַר־טער, וואָס ער געפינט זיך אונטער שלאָס און ריגל. מישטיינסגעזאָגט, וויפל פריי־הייט האָט דער מענטש, ווען ער איז קלאָמפּערשט פריי. ווי ווייט קען ער עס אַוועק־גיין, ווען ער געניסט פון פולשטענדיקער באַוועגונגס־פריהייט? איבער דער ערד קען ער זיך אינגאַנצן ניט אויפהייבן. ער איז געשמידט אין קייטן פון גראַוויטאַ־ציע; ער קען ניט אַראָפּ פון ערדקוגל. זיין באַוועגונגס־שטח איז סיי ווי אַ באַגרע־נעצטער. ער איז אַרומגעצוימט. מענטש זיצט סיי ווי אין אַ תפיסה. איז ווי באַלד עס קומט ניט צו קיין ביטול־תורה, איז אַלץ גוט און וויל. ווען מע לאָזט צו פּעשקען אויף אַ באַזוך צו אים, וואָלט גאָר געווען גוט. אָבער מע דערלויבט ניט קיינע באַזוכערס פאַרן משפט. און קיין משפט דערוואַרט ער גאָרניט. ער זיצט דאָך אַדמיניסטראַטיוו.

ווי לאַנג וועט ער אַזוי זיצן? ער הייבט ניט אָן צו וויסן. דער אויפזעער פאַרהאַלט זיך צו אים זייער פיין. ער רופט אים ניט אַנדערש ווי „טייבעלע", גאָ־לובטשיק.

מעגלעך, אַז אין האַרצן סימפּאַטיזירט ער מיט די רעוואָלוציאָנערן; אויך מעגלעך, אַז ער האָט מורא, עס זאָל אַמאָל זיך ניט איבערדרייען די גאַנצע מערכה און די פּאָליטישע זאָלן אים ניט האַלטן אין געפענגעניש, ווי ער האַלט זיי. טראַכט ער, אַז ער דאַרף זיך מיט זיי ניט איינרייסן. עס איז בעסער יוצא זיין פאַר ביידע

צדדים, ניט זיין קיין צו איבערזיכטיקער מאַנאַרכיסט. ער דינט טאַקע דעם צאַר לאָיאַל, היט אָפּ דאָס געזעץ, אָבער ער מעג האָבן איינזעעניש מיט די פּאָליטישע. נאָך מער וואָס בסך הכל האָט ער אַצינד דאָ ביי זיך אין תפיסה בלויז איין פּאָלי־טישן, און דער איז נאָך גאָר אַ יונגער בחורל, ער האָט נאָך זיין מאַמעס מילך אויף די ליפּן, און ער איז אַזאַ שטילער, בנעימותדיקער, אַזאַ העפלעכער, מעג ער דאָך אים זיכער באַהאַנדלען מענטשלעך...

אַבא האָט פון די קרימינאַליסטן געקענט בלויז איינעם, אַן אַלטן מאַן. יענער האָט אים איינמאָל באַגעגנט אין קאָרידאָר, גייענדיק צוריק פון זיין האַלב־שעהדיקן שפּאַצירגאַנג. ער האָט אַבאַן געפרעגט, צי ער וואָלט וועלן, אַז ער זאָל קומען צו אים אין קאַמערע אויפנעמען. אַבא האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן אָנבאָט, און האָט אים צוגעזאָגט דערפאַר אים אָפּצוגעבן זיין פּאָרציע ברויט, וואָס ער קריגט צוגעטיילט.

אַז דער אַלטער, וואָס האָט קוים געשלעפּט די פיס, איז געקומען אויסקערן, האָט ער אים געפרעגט:

— פאַר וועלכע חטאים זיצסטו, האַרציקער זיידעלע?

דער אַרעסטאַנט האָט אים געענטפערט גלייכגילטיק:

— איך האָב דערהרגעט אַ מענטשן.

אַז ער האָט דאָס דערהערט, איז ער געוואָרן אַ פאַרציטערטער. אַ סקרוך איז אים אַדורך איבערן לייב. דאָס איז דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן, וואָס ער שטייט נאָענט צו אַן עכטן גזלן, אַ רוצח־נפש. ער האָט דערמאָרדעט אַ מענטשן און ער זאָגט עס אַזוי קאַלטבלוטיק אָן קיין געפיל פון אויפרעגונג, חרטה, שאַנד, ווי ער וואָלט גענומען אַ קאַלטן טרונק וואַסער.

דער אַרעסטאַנט איז געקומען טאָגטעגלעך אויפראַמען און קריגן אַבאַס פּאָרציע ברויט. אָבער אַבא איז יעדעס מאָל ווי ער איז אַריין אין זיין קאַמערע געוואָרן אַן אויפגעציטערטער. ער האָט געפילט אַ קאַלטן שטראָם אַראָפּפליסן אין זיין חוט השדרה.

דער ווינטער איז אַוועק. אַ פייגעלע האָט זיך באַוויזן אין זיין פענצטער מיט דער בשורה פון פרילינג. ער האָט אים יעדן טאָג צוגעוואָרפן קרושלעך פון ברויט. ער פילט, ווי ער וואָלט האָבן אַ באַזוכער, אַ לעבעדיקן מענטשן.

## 178

## באַפּרייט

אַ וואָך פאַר פּסח האָט מען אים באַפרייט.

מען האָט געשיקט אַ נאָכפראַגע אויף אים אין אָסטראָוו, די פּאָליציי האָט געענטפערט, אַז זיי האָבן גאָרניט קעגן רבס זון. ער האָט קיין פאַרברעכן ניט באַגאַנגען פאַר דער גאַנצער צייט פון זיין ווײלן אין שטאָט.

פון דער היים האָט ער געקראָגן צוגעשיקט געלט און אַן איינלאַדונג צו קומען אויף יום־טוב. דאָס געלט איז געווען צו דעקן די רייזע־הוצאות מיט אַ היפשן אַריבערשטייג, זיי האָבן משער געווען, אַז ער האָט מעגלעך אַ חוב צו באַצאָלן. ער האָט טאַקע באַצאָלט, וואָס ער איז שולדיק געבליבן זיין באַלעבאָסטע.

מיט טרערן, מיט האַרצוויייטיק און מיט אַן אַ שיער קושן זיך געזעגנט מיט זיין געליבטער. זי האָט אים געבעטן, ער זאָל גלייך נאָך יום־טוב קומען צוריק. ער האָט געשוויגן. ער האָט ניט צוגעזאָגט. אין האַרצן האָט ער פעסט אָפּגעמאַכט, אַז צוריק אין ווילקאָמיר וועט ער ניט קומען, אויב ער וועט אַפילו אין דער היים ניט בלייבן. ביי אים איז אַצינד געווען רעכט יאָ און ניט. דער כעס אויפן פאָטער איז שוין לאַנג אַריבער. די פאַרביסנקייט איז אויך אָפּגעשוואַכט געוואָרן. ער נעמט זיך חושד זיין אין קנאות און פאַנאַטיזם, אייגנשאַפטן, וואָס ער פאַרהאַסט אַזוי ביי די פרומע. וואָס מער ער האָט שטודירט און זיין וויסן איז געוואַקסן, אַלץ מער האָט ער איינגעזען, אַז ער איז זייער ווייט פון קענען זיין אַ פּוסק־אחרון אין סאָציאַלע פראַגן, אַלץ מער האָט ער באַגריפן, אַז עס וועט אים נעמען נאָך אַ סך יאָרן פון שטודירן, ביז ער וועט וויסן, ווו ער שטייט, צו וועלכער ריכטונג ער דאַרף געהערן. צו זיין פאָטער האָט ער זיך געגומען פאַרהאַלטן מיט מער טאָ־לעראַנץ.

די געפּענגעניש האָט אים געלערנט איין זאַך אויף אַ גרינטלעכן שטייגער: אויב ער וויל שטודירן און ניט פּטרן קיין צייט אויף קושן זיך און האַליובן זיך, און שטודירן מוז ער דאָך, ווייל ער ווייסט אַזוי ווייניק, אַז ער שעמט זיך פאַר זיך אַליין מיט זיין אָנרופן זיך ציוניסט־סאָציאַליסט־טעריטאָריאַליסט, — מוז ער זיך פאַרקאַרצערן אַזוי, אַז ווען ער זאָל אַפילו צעפּלאַצט ווערן פון בענקעניש, זאָל ער ניט קענען אַריבערטרעטן די שוועל.

אָבער פּעשקען האָט ער עס ניט געזאָגט. ער האָט געקענט זיין אַזאַ אַכזר אויף זיך, אָבער ניט אויף איר.

ער האָט בלויז געזאָגט, אַז ווען ער וועט קומען אַהיים און זיך אָפּרוען, וועט ער זען.

דעם גאַנצן פּסח איז ער אַרומגעגאַנגען ווי מיט אַן אָפענער ווונד אין האַרצן פון בענקעניש. די אַטמאָספער אין שטוב ביי זיי איז געווען וואַרימער ווי גע־וויינטלעך. אַלע האָבן זיך געפרייט מיט אים. וועלפקע איז געווען אין דער היים. די שוועסטער זיינען דאָך זיכער געווען אין שטוב. ווער לאָזט עס מיידלעך אַוועק־פאָרן פון הויז און זיין אין דער פרעמד אַן השגחה?! סיידן די אומדערבאַרימדיקע נויט טרייבט דערצו. ביי זיי איז אַזאַ נויט ניט געווען.

ער האָט זיינע עלטערן, פאַרשטייט זיך, גאָרניט געזאָגט ניט וועגן זיין ליבע און ניט וועגן זיצן אין תפיסה. ער האָט אָבער דעם ברודער און די שוועסטער, בלומען און רחקען, פאַרטרויט וועגן זיין געפּענגעניש־דערפאַרונג. וועגן דער ליבע־אָנגעלעגנהייט האָט ער געמאַכט אַ שוויג. ער האָט אַזוי שטרענג פאַרדאַמט זיין שוועסטער, רחקען, ווען ער האָט געזען זי זיך קושן מיט איר שוועסטערקינד, דעם „רעזשיצער", איז ווי זאָל ער זיך מודה־זיין, אַז ער אַליין איז ניט בעסער, אַז ער איז אַריינגעפאַלן אין דער זעלביקער נעץ פון זינד. ער האָט זיך געשעמט עס אויסצוזאָגן.

## 179
## בלייבט אין דער היים

דער פסח איז שנעל אַריבער. עס זענען אָנגעקומען בריוו פון אַבאס געליב־טער און פון איר שוועסטער. זיי בעטן אים קומען. זיי האָבן פאַר אים צוגעגרייט לעקציעס אין די חשובסטע באַלעבאַטישע הייזער. זיי האָבן אויך געקראָגן פאַר אים אַ צימער אין אַ שיינער פאַמיליע. הכלל, מע דערוואַרט אים.

די שוועסטער מיט זייער פרויען־חוש האָבן גלייך דערשמעקט, אַז עס איז אַ מעשה מיט אַ מיידל, וואָס בענקט. זיי האָבן אים צוגערעדט, אַז ער זאָל פאָרן צוריק, ניט לאָזן זי בענקען און ליידן.

דער פאָטער האָט אים גערופן צו זיך. ער האָט געהאַט מיט אים אַ לענגלעכן שמועס. ער האָט געשפּילט אויף אַבאס שוואַכער סטרונע. דער פאָטער האָט גוט געוווּסט, אַז די גרעסטע ליידנשאַפט פון זיינע זין, וואָס זיי האָבן איבערגענומען פון אים ווי בירושה אָדער דורך דערציִונג — איז שטודירן. לכן האָט ער אַבאַן גערעדט בלייבן אין הויז. קיינער וועט אים נישט שטערן שטודירן יום ולילה. צו וואָס זאָל ער פאָרן, זיך וואַלגערן אין דער פרעמד און פאַרשווענדן זיין טייערע צייט אויף געבן לעקציעס צו קינדער מיט פאַרשטאָפּטע מוחות. אַ שאָד די צייט! ער טאָר עס ניט טאָן.

די מוטער האָט שוין געוווּסט וועגן די בריוו, וואָס זענען אָנגעקומען פאַר אים. האָט זי איבערגערעדט מיטן מאַן, (אין אַזעלכע ענינים האָט זי געהאַט די איניציאַטיוו), אַז מע זאָל אַבאַן אָפּריידן פון אַוועקפאָרן. זי האָט מורא געהאַט ער זאָל ניט אַריינפאַלן ערגעץ מיט אַן אומפּאַסיק מיידל, אָדער, וואָס ס'קען זיין נאָך ערגער, זיך אַריינדרייען מיט די רעוואָלוציאָנערן און פאַרפוילט ווערן אין סיביר.

דער פאָטער האָט מיט אים איינגעטענהט, אַז ער און וועלפקע קענען זיצן אין הויז אַ לעבנלאַנג און שטודירן. אַזוי זיצן ביי ר׳ אליהו מייזלס, דעם לאָדזשער רב, זיינע זין. וועגן אויפפירן איז דאָך ניטאָ וואָס צו ריידן. זיי זענען דאָך, גאָט באַהיט, ניט אויסגעלאַסן. צום ציוניזם זענען זיי דאָך שוין אויך, ווי ער זעט, אַביסל אָפּגעקילט. זיי ווילן שטודירן — איז זאָלן זיי שטודירן. וועגן פרומקייט — וויל ער ניט ריידן. אָבער אויב אַפילו יאָ, איז וואָס פאַרלאַנגט אָט־די פרומקייט? וויפל צייט נעמט עס? צען מינוט אויף לייגן תפילין, אָבער אויך דאָס איז ניט אומ־באַדינגט. ער רעדט וועגן דעם ווי איינער, וואָס גיט אַן עצה־טובה. אַז מע זשאַ־לעוועט צייט, לייענט מען „שמע", זאָגט מען אָפּ די פסוקי דזמרא און שמונה־עשרה — און פאַרטיק. לערנען איז וויכטיקער. ער אַליין איז אויך ניט קיין „ציילן", קיין לאַנג־דאַוונער.

— זיץ און שטודיר, דאָס הויז איז דיינס. דו דאַרפסט ניט פאָרן אין ערגעץ.

איז אַבא געבליבן, וויסנדיק אַז אין ווילקאָמיר וועט ער זיין געליבטער אָפּ־געבן צופיל צייט, און דאָס איז אַ פאַרברעכן אין יעדן עלטער און אין זיין עלטער איז עס ערגער ווי באַגיין זעלבסטמאָרד. פאָרן ערגעץ אַנדערש־ווו? צו וואָס פטרן צייט אויף געבן דרייגראָשענע לעקציעס?! ער בלייבט.

ער האָט געבענקט — און שטודירט געאָמעטריע; געבענקט און שטודירט אַלגעברע, טרוקענע ריינע קאָפּ־דיסציפּלינען. ער האָט געוווּכט פון ליטעראַטור, וואָס וועקט די געפילן. דעם גאַנצן טאָג האָט ער ווי־ניט־ווי אונטערדריקט זיין בענקשאַפט, זי געהאַלטן אין צוים, אָבער מיטן צופאַלן פון פאַרנאַכט איז זיין האַרץ צעשפּרונגען געוואָרן אויף שטיקער.

ער זייענדיק אַ ספּענסעריאַנער, האָט אויך דורכגעשטודירט זיין „דערציִונג". ער האָט געטראַכט אַזוי: וויבאַלד ער איז אַן אויטאָדידאַקט, איז ער דאָך שילער און לערער אין איין פּערזאָן, דאַרף ער וויסן ווי אַזוי צו שטודירן, וועלכע בעסטע מעטאָדן אָנצווענדן ביים קנעלן מיט זיך, אַז ער זאָל קריגן די גינציקסטע רע־זולטאַטן.

## 180

## דער שטרייק

דער זומער איז געקומען. איז מען אַוועקגעפאָרן אויף אַ זומערוווינונג. דאָס מאָל איז דער פּלאַצאויסקלייב געווען ניט קיין געלונגענער: די גאַנצע געגנט איז געווען אַ פייכטע. דאָרט איז געשטאַנען אַ וואַסערמיל. די לאָנקעס זענען געווען ווי אָנגעקוואָלענע. די ייִנגסטע און שענסטע שוועסטער, אַבאַס פלייסיקע תּלמידה, מיט וועלכער ער האָט געלערנט העברעיִש, — איז קראַנק געוואָרן אויף מאַלאַריע אין אַ זייער לייכטער פאָרם.

אַבא און וועלוול האָבן זיך איינגעשפּאַנט אין טריגאָנאמעטריע און פיזיק. זיי האָבן שטודירט פון פאַרטאָג ביז זונאונטערגאַנג.

אין די אָוונטן, דערהויפּט בשעת שקיעה, ווען דער הימל האָט געבלוטיקט און די זון האָט געגוססט, דעמאָלט איז אַבא ממש אויסגעגאַנגען פון בענקשאַפט. ער האָט געשריבן און איבערגעשיקט זיין געליבטער לאַנגע בריוו אין פּראָזע און אין פּערזן. אויך זי האָט אים געשריבן האַרציק־שיינע געפילפולע בריוו; בלויז די אויסלייגעכץ האָט אונטערגעהונקען. זי האָט באַהערשט דעם לשון, אָבער ניט די פּעדאַנטישע שווערע אומגעלומפּערטע אָרטאָגראַפיע.

ער האָט עס איר ניט געלערנט, ער האָט ניט געהאַט גענוג צייט און ניט קיין געדולד. ווייטער קען מען עס גאָרניט לערנען. מע דאַרף פּשוט זיצן און קאָפּירן. עס איז אַ מאַרודנע, נודנע אַרבעט. ער האָט קיין האַרץ ניט געהאַט צווינ־גען זי עס טאָן.

איינמאָל, ווען אַבא און וועלוול זענען געקומען פון וואַלד, וווּ זיי זענען געזעסן און שטודירט, דריי אַזייגער אָפּעסן מיטיק און גיין צוריק שטודירן, ערשט עס איז ניטאָ וואָס צו עסן. קיין זאַך איז ניט צוגעגרייט. וואָס איז געשען?

די מוטער מיטן פאָטער זענען געווען אין שטאָט. דער רב האָט ניט געקענט אַוועקפאָרן אויפן גאַנצן זומער. ער האָט געדאַרפט דערליידיקן איניקע געמיינדע־אָנגעלעגנהייטן. דורכזיצן עטלעכע בוררותן. זענען אויף דער זומערוווינונג גע־בליבן די שוועסטער און די ברידער. די שוועסטער, ווי דער שטייגער איז געווען, האָבן אַכטונג געבן אויף דער שטוביקער ווירטשאַפט. אונטערצוואַרפן אָט־דעם איינשטעל אונטער אַ פּרעגעניש, צי עס דאַרף אַזוי זיין, צי עס איז יושרדיק, איז

די ברידער קיינמאָל ניט איינגעפאַלן, הגם פּרינציפּעל זענען זיי געווען פאַר גלייכע רעכט און פליכטן פון מענער און פרויען. דאָס איז געווען ביי זיי אַן אַקסיאָמע — סעאָרעטיש, אַז אָט־די לערע האָט צו טאָן מיט זיי אויך, אין זייער אייגענעם שטוב־קרייז, איז זיי אויפן זינען קיינמאָל ניט אַרויף.

רחלען איז עס אָבער יאָ אַרויף. איר האָט פאַרדראָסן, הלמאַי די ברידער שטודירן גאַנצע טעג, און זיי, די שוועסטער, דאַרפן אַ טייל פון טאָג אָפּגעבן אויף אויפראַמען די זומערוווינונג, צוגרייטן עסן פאַר די ברידער, וואָס טוען אַ פינגער אין קאַלטן וואַסער ניט אַריין.

די עלטסטע שוועסטער, בלומע, האָט אָנגענומען דעם רעזשים אָן צו זאָגן אַ וואָרט. אַזוי פירט זיך די וועלט. אָבער רחל האָט זי איבערגערעדט, און זיי האָבן פאַרשטרייקט. אַזוי האָט רחל אָנגערופן זייער האַנדלונג.

דער פאַרדרוס פון די ברידער אויף איר איז געווען, וואָס זי האָט עס געטאָן אָן אַ וואָרענונג.

זי האָט זיי ניט געקענט וואָרענען. זי האָט, פשוט, זיך געשעמט, ניט מעיז געווען. און ווען מע פאַרפירט אַ דעבאַטע וועגן דעם, וואָלט מען איינגעין, האָט זי געפילט, אויף אַזעלכע פשרות, אַז זייער צד וואָלט בלייבן דער פאַרלירער, און אַלץ וואָלט געבליבן ווי געווען. לכן האָט זי עס געטאָן האַמעטנע. זיי אַוועקגע־שטעלט פאַר אַ דורכגעפירטן אַקט.

אַבא און וואָלף זענען געווען איבערראַשט און אויך באַליידיקט. אַזאַ איינפאַל גאָר! זיי איבערלאָזן אָן עסן! דאָס איז ניט געהערט געוואָרן. ווען זי זאָגט זיי פאַר־דעם, איידער דער שטרייק איז דערקלערט געוואָרן, מאָנטיק, וואָלטן זיי מיט די עלטערן זונטיק אָפּגעפאָרן אין שטאָט.

וואָס זאָלן זיי טאָן? זיי זענען הונגעריק. געהאַט אַ לייכטן איבערבייס צום פרישטיק. בלומע האָט זיך פאַרשטעקט ערגעץ אין איר שלאָפצימער, זי שעמט זיך צו ווייזן זיך פאַר די ברידער. רחל איז דער שייגעץ. זי זאָגט, אַז זי איז אַ מענטש פונקט ווי די ברידער; זי וויל אויך שטודירן. און אויב זיי ווילן עסן, און אַזוי ווי דאָ אויף דער זומערוווינונג איז די דינסט ניטאָ, זי בלייבט אין שטאָט, דאַרפן די ברידער העלפן אָנהאַקן האָלץ, ברענגען וואַסער, שייערן די פאַנען, וואַשן דאָס געשיר נאָכן עסן און אויך העלפן מאַכן די בעטן, אויסקערן די צימערן און ניט אַרומגיין ווי פּריצים און זיי, די שוועסטערס, זאָלן אויף זיי, אויף די ברידער, „פאַנשטשיזנען".

אַבא און וואָלף לאָזן זיך ניט אַריין אין קיין אַרגומענטן מיט רחלען, וואָרעם זיי ווייסן, אַז פּרינציפּעל איז זי פולשטענדיק גערעכט, אָבער אַזוי ווערן זאַכן ניט געטאָן, ניט צווישן ברידער און שוועסטער. אַזוי האַנדלט מען ניט. מע לאָזט ניט אָן עסן.

איז ווי זאָלן זיי פאָרט רעאַגירן? פשוט: זיי זענען אַרויס אין דאָרף, וואָס איז געווען ניט ווייט פון דער זומערוווינונג, וואָס האָט זיך געפונען אין אַ הויף ביי אַן אַלטער פּריצטע, האָבן געדונגען אַ פור און אַוועקגעפאָרן אַהיים, קיין סמאַרגאָן. צוגעפאָרן צום הויז, איז די מוטער אַרויסגעלאָפן אַן איבערגעשראָקענע:

— וואָס האָט פאַסירט? — זי האָט זיך פאַרגעשטעלט דאָס ערגסטע.

זיי דערציילן די מעשה. איר פאַרדריסט עס, אָבער זי קען זיך ניט איינ־האַלטן פון לאַכן:

— עס איז רחלס קאָפּ; בלומע וואָלט עס קיינמאָל ניט געטאָן.

אויף צומאָרגנס פרי האָט מען געדונגען אַ ייִדישן בעל־עגלה. די מאַמע איז געקומען מיט די דריי זין און מע האָט איינגעשטעלט אַן אָרדענונג. דאָס הייסט, אַלץ איז געבליבן ווי געווען.

## 181

## וואָס איז דער תכלית?

אַוועק דער זומער.

אַבא שרייבט הייס־זומערדיקע בריוו צו זיין געליבטער. אָבער וועגן פאָרן צו איר — טראַכט ער אַפילו ניט. ער וואָלט עס ניט טאָן פאַר קיין זאַך אין דער וועלט.

ער שטודירט. דער ברודער שטודירט. זיי לייענען זייער אַ סך. דאָס געלייענטע לויפטערן זיי דורך אויף זייערע שפּאַצירגאַנג. וואָלף איז פאַרליבט אין היינען, אַבא — אין געטען. וואָלף איז פאַרקאָכט אין טשעכאָוון, וועמען ער לייענט זייער פּיל. אַבא לייענט כסדר טאָלסטאָיען.

וואָס וועט אַרויסקומען פון זייער שטודירן? וויבאַלד זיי באַלייגן ניט קיין עקזאַמענס און קריגן ניט קיין אַטעסטאַטן, איז וואָס וועט זיין דער תכלית?

זיי פרעגן זיך די פראַגע, הגם ניט אָפט. אָבער ווען זיי פרעגן זיך די דאָזיקע פראַגע, ווייסן זיי ניט וואָס צו ענטפערן. זיך נעמען צוגרייטן צו אַן „אַטעסטאַט פון מאַטוריטעט״ אַזוי, אַז זיי זאָלן קענען אַריין אין אַן אוניווערסיטעט אויב ניט אין רוסלאַנד איז אין אויסלאַנד? זיי זענען צופיל באַקאַנט מיט פּעדאַגאָגיק, אַז זיי זאָלן ניט וויסן, אַז שטודירן פאַר עקזאַמען־אָפּגעבן — טויג אויפן פּייער. עקזאַמענס ווייזן גאָרניט. זיי קענען זיך ניט צופּאַסן צו דעם צעברעקלטן שטודירן, וואָס אַן עקזאַמען אין רוסלאַנד פאָדערט. וואָלט געווען אַ מאַטעריעלע דרינגענדיקע נויט, וואָלט זי מסתּם געבראָכן דאָס אייזן פון זייער אומוויליקייט. אָבער דער וואָלף שטייט דאָך ניט ביי דער טיר. איז צו וואָס ברעכן זיך דעם קאָפּ און נאָכ־געבן דעם רוסישן ביוראָקראַטישן פּעדאַגאָגישן איינשטעלן?! דאָך, ווען זיי שטעלן זיך די פראַגע וועגן תכלית און נעמען טראַכטן, אַז זייער לאַגע איז אַן אומ־נאָרמאַלע, אַז וואָס וועלן זיי דאָ אויסזיצן אונטער די פליגלען פון טאַטע און מאַמע? וויפל איז דער שיער? איבערהויפּט נאָך, אַז זיי האָסן ייִדישקייט און פרומקייט צו אַזאַ מדרגה, אַז אַפילו יום־כּיפּור בעטן זיי די שוועסטער און זי פרעגלט פאַר זיי קאָטלעטן אויף פּוטער און זיי עסן זיך אָן און ווען עס קומט צום אָפּפאַסטן זיך, סימולירן זיי, מאַכן זיך ווי זיי וואָלטן געווען פאַרחלשט פון הונגער.

יאָ, דער פאָטער פאָדערט פון זיי ניט קיין פרומקייט. זיי דאַוונען ניט, זיי בענטשן ניט, ער מאַכט זיך ניט זעענדיק, ניט הערנדיק. ניט די מוטער זאָגט זיי ניט קיין וואָרט. ווייזט ניט אַרויס די מינדסטע אומצופרידנקייט אַפילו מיט אַ זשעסט, מיט אַ מינע, מיט אַ ריר פון אַ ברעם. אַזוי ווי אַלץ וואָלט געווען ווי ס׳באַדאַרף צו זיין.

דאָך וואָלט ער אַזאַ פּריצות, אַזאַ צעברעכן אַלע צוימען זיכער ניט געוואָלט דולדן. נאָך מער, וואָס זיי מאַכן דאָך טריפה די פליישיקע כלים און זענען אים מאכיל טריפות.

ווען זיי שטעלן זיך די פראַגע, פילן זיי איין זאַך, אַז זיי באַזיצן ניט גענוג כוח אַוועקצוּוואַרפן זייער פרייע צייט און גיין זיך צו עפּעס דערשלאָגן. זיי באַ־גרייפן, אַז זיי האָבן ניט באַדאַרפט לעבן אויפן טאַטנס חשבון, וואָס האָט אַ גרויסע הוצאה און צוויי מיידלעך, בלומען און רחלען, אויסצוגעבן. אָבער זיי ווייסן אויך, אַז ניט דער טאַטע און ניט די מאַמע וועלן זיי לאָזן אַוועקגיין פון הויז אָן ווייבען און אָן האַרצקלעמעניש.

אַז די פראַגן נעמען צושטיין, גייט אַבא אַרום ווי אָן אַ קאָפּ. ער פילט זיך אַזוי מיד און דערשלאָגן פון די ספקות און אומאַנטשלאָסנקייט, אַז ער מוז אין מיטן טאָג זיך צולייגן און אָפּשלאָפן אַ פּאָר שעה. אַז ער שטייט אויף, גייט ער ווידער, ווי אַ בלינד פערד, אין זעלביקן צירקל, דרייענדיק דאָס זעלביקע ראָד.

אין הויז איז פאַראַן אַ ייִדיש דינסטמיידל. וויל זי וויזן, אַז זי איז אויך ניט אַבי ווער. גייט זי צו גאַנץ אָפט צו דער פּאָליצע, נעמט „קאַפּיטאַל“ פון מאַרקסן, וואָס אַבא האָט געבראַכט מיט זיך, און זעצט זיך אַוועק דעמאָנסטראַטיוו עס לייע־נען. אבאן איז געווען טשיקאַווע צו זען, וואָס זי לייענט מקלאָמפּערשט. ערשט זי האָט אויפגעעפנט דאָס בוך אויפן קאַפּיטל „פעטישיזם פון סחורה“. זי האָט צוויי מאָל ניט פאַרשטאַנען, וואָס דאָרט שטייט. ערשטנס האָט זי קיין רוסיש נישט געקענט אויף אַזויפיל, אַז זי זאָל קענען פאַרשטיין אַ וויסנשאַפטלעכע עקספּאָזע. צווייטנס, ווען זי קען אַפילו די שפּראַך, וואָלט דער אינהאַלט געווען איבער אירע כוחות פון אויפנעם.

אָבער אַזוי זענען מענטשן. שווער צו פילן זיך ניט דערוואָקסן, ניט געביל־דעט, ווען מע איז אין אַן אינטעליגענטער סביבה.

זי זאָגט, אַז זי איז אַ בונדיסטקע.

זי איז אויפגעבראַכט אויף די רבנישע זין, צוויי דערוואָקסענע בחורים, און קיינער טשעפּעט זיך ניט צו איר, — זי איז דווקא געווען גאָר ניט קיין מיאוסע, אַ „זגראַבנינקע“. קיינער פּרובירט ניט זי אַ נאַש טאָן — זי באַקלאָגט זיך אויף זיי אין באַקאַליי־קראָם, ווו זי קויפט איין שפּייז פאַרן הויז. זיי זענען אַזוי פאַר־ריסן ביי זיך, אַז זיי האַלטן זי גאָר פאַר קיין מיידל ניט. זי האָט זיך געפילט אויף אַן אמת באַליידיקט און איז אַוועק פון דער שטעלע. הגם זי האָט געקראָגן גוט באַצאָלט און ניט געהאַט קיין סך אַרבעט. דריי מיידלעך האָבן איר צוגעהאָלפן.

אין פאַרבינדונג מיט דער דינסטמיידלס פאַרזוך צו לייענען מאַרקסן און איר באַהויפּטונג, אַז זי געהערט צום בונד, צערעדט מען זיך וועגן בונד.

אַבא פרעגט זיין פאָטער, וואָס ער טראַכט וועגן „בונד“.

— ווען זיי דאַווענען מנחה, שליס איך זיך אַליין אָן אין „בונד“. ייִדישקייט האַלט זיך נישט אויף רייכקייט. ייִדישקייט דאַרף ניט האָבן קיין בורזשויען. יאה עניותא לישראל*, פאַר ייִדישקייט איז גוט אָרימקייט.

---

*) ויקרא רבה, פרשה י"ג.

182

## די רביצין פֿאַרזאָרגט זיך

.1907

די רביצין פאַרנעמט זיך מיט געבן צדקה, ס׳רוב מתן בסתר. זי איז קיין גבאיטע ניט געווען. זי האָט געגעבן אייגנס וויפל זי האָט נאָר געקענט. דאָס מיינט ניט, אַז זי איז געווען אינגאַנצן אַלטרואיסטיש, זי האָט געהאַט „עגאָיסטישע" אַפּזיכטן דערביי. זי האָט געטראַכט: קיין זכות־אָבות האָט זי ניט; דעם מאַנס זכות איז גרויס, אָבער, מישטיינס געזאָגט, אַלץ, וואָס זי קען פון אים קריגן, איז אַ פּוסבענקעלע אין גן־עדן. איר איז עס ניט אָנגעשטאַנען. זי איז געווען צו שטאָלץ צו לעבן אויף יענער וועלט אויף איר מאַנס חשבון און קריגן קרושלעך, כאַפּן שיריים פון די מאכלים, וואָס וועלן דערלאַנגט ווערן אויף זיין גאָלדענעם טיש. דאַרף זי האָבן אַן אייגענעם חשבון און אַן אייגענעם זכות. זכות בנים? — זי זעט דאָך, ווו זי האַלט מיט זיי. זיי זענען אַראָפּ פון דרך־הישר און זיי וועלן, הפּנים, שוין קיינמאָל ניט אַרויף. די איינציקע האָפענונג אירע, אַז מע וועט זי ניט שטראָפן פאַר זייערע זינד. וואָרעם וואָס איז זי שולדיק? זי איז דאָך בלויז אַן אשה. די דערציִונג פון די זין האָט זיך געפונען אינגאַנצן אין רשות און אונטער דער אויפזיכט פון זייער טאַטן. ווי קומט זי זיך צו מישן?! ער האָט דאָך מיט זיי געלערנט, זיי פאַרהערט. זיי זענען געווען אַזעלכע מתמידים און אַזוי פרום, שוין צו פרום, אויב עס איז בכלל מעגלעך צו זיין צו פרום.

איז וואָס פאַר אַ הויז האָט זי עס? פון איין זייט דער מאַן, דער רב. ער זיצט און לערנט יום ולילה, פון דער צווייטער זייט — אַ דאָרף מיט שקצים. אַנומלט איז געקומען איר מוטער אויף אַ באַזוך. כיענע רייזע איז געווען אויסער זיך פון די הנהגות.

מע שטייט אויף. מע וואַשט זיך איין און מע גייט גלייך צום טיש עסן פריישטיק: מילך, פּוטער, קאַקאָ, אייער. ס׳טייטש! האָט זי זיך געטרייסלט. וואָס קומט דאָ אין דעם רבנישן הויז פאָר? אַ גוי מאַכט כאָטש אַ צלם, דאָ איז דאָך גאָרניט. זי האָט איר מוטער קוים איינגענומען. זיך געבעטן ביי איר, ניט איבערצורייד ן. עס זאָל ניט קומען צו קיין קריגעריי. עס איז אַזאַ צעווילדעוועטע צייט. אירע קינדער זענען אַ קרבן פון דער משונהר צייט. זי ציטערט איבער זיי, זיי זאָלן זיך כאָטש ניט פאַרפלאָנטערן פּאָליטיש און מ׳זאָל זיי, גאָט באַהיט, ניט פאַרשיקן אויף קאַטאָרגע.

דעם עלטסטן האָט מען מיט גרויסן אָנשטרענג אַרויסגעראַטעוועט פון יונישן געוואַנט. עס האָט געקאָסט 300 רובל. מע האָט געשטעלט אַ מלאך, דאָס הייסט אַ וויסטן קאַליקע, און ער האָט געקראָגן אַ ווייסן בילעט. געטאָן האָט עס דער סאָלער סטאַראָסטע, וואָס איז אַ ייִד, אפשר דער איינציקער סטאַראָסטע ייִד אין גאַנץ ליטע. ער איז אַ שיכור. אָבער פאָרט אַ ייִד, כאָטש ער שיכורט ווי אַ גוי. דער ענין מלאך איז גאָר פשוט. אַלץ, וואָס מ׳דאַרף דערביי טאָן, איז איבערשטעלן די פאָטאָגראַפישע בילדער, וואָס קומען צוגעזיגלט און צוגעשנורעוועט צום בילעט. מע פאַרשרייבט זיך צום פּריזיוו ערגעץ אין אַ העק. און דער מלאך שטעלט זיך צום פּריזיוו. נאַטירלעך אַזוי ווי ער איז, אַן אמתער בעל־מום, פאַרבראַקירט מען אים.

ער קריגט זיין ווייסן בילעט. אָבער אויפן בילעט איז פאַראַן זיין בילד. נעמט דער פיסאַר (דער סעקרעטאַר) אַרויס יענעץ בילד בגניבה און שטעלט אַריין דאָס בילד פון אמתן בעל־דבר. פאַרשטייט זיך, אַז ער טוט עס ניט בחינם. דער מלאך מלאכט עטלעכע מאָל, שטעלט זיך צום פריזיוו אין פאַרשיידענע שטעטלעך און אין יעדן שטעטל אונטער אַן אַנדערן נאָמען. דאָס איז זיין פרנסה. ער ריזיקירט מיט גאָרניט. ער איז זיכער, אַז מע וועט אים באַפרייען, ווייל ער איז באמת אַ ווייסטער קאַליקע.

און אַז באַפרייט פון גוייִשע הענט, קען איר זון ניט אַריינפאַלן צוריק אין גוייִשע הענט אויף אַן אַנדער שטייגער, נאָר אויף אַן ערגערן אופן. וויפל מאַמעס אין שיינע באַלעבאַטישע הייזער וויינען זיך די אויגן אויס, וואָס זייערע קינדער ווערן פאַרחושכט אין די געפענגענישן.

דאַנקט זי גאָט נאָך דערפאַר, וואָס אירע קינדער זענען אַזוי פאַרקאָכט אין זייערע לימודים, אַז אויסער שטודירן טוען זיי קיין זאַך ניט, איז אַ דאַנק זיך ליבן נאָמען.

אָבער ווי פאַרזיכערט מען זיך מיט עולם־הבא? בלייבט איר איין זאַך צו טאָן — צדקה. גיט זי צדקה. אָבער, מישטיינס געזאָגט, וויפל האָט זי צו געבן? זיי זענען דאָך ניט קיין פאַרמעגלעכע מענטשן. אַליין עסט זי כמעט גאָרניט, קליידן זיך — קליידט זי זיך ניט, פוצט זיך ניט — און וואָס זי שפּאָרט אָפּ פון מאָגן און אָנטועכץ — גיט זי אַוועק. דעם — פיש אויף שבת, דעם — חלה, לחם־משנה אויף שבת. זי ווייסט די נצרכים, וואָס שטיקן זיך, ווערגן זיך מיטן דלות און זאָגן ניט אויס, מיינען באמת, אַז אָרימקייט איז אַ שאַנדע. דעם בעקער, דעם פישערמאַן און דעם קצב האָט זי אָנפאַרטרויט עטלעכע נעמען און האָט זיי אָנגעזאָגט צו האַלטן עס בסוד. יעדן ערב שבת שיקן זיי אַריין זייערע פאָרציעס און זאָגן ניט אויס אויף וועמענס חשבון דאָס ווערט געטאָן.

אָבער דאָס אַלץ איז אויף אַ קליינעם פאַרנעם. ווען דער אויבערשטער גיט איר עשירות, וואָלט זי טאַקע געשפּייזט אַלע נויטבאַדערפטיקע, כאָטש־בי אַלע אלמנות און יתומים. אָבער ער האָט עס איר ניט געגעבן. וועלכער רב איז דען רייך? מע לעבט דאָך פון צוגעציילטן גראָשן, פון שכירות.

איז וואָס קען זי פאָרט טאָן? גיט זי זיך גופא אַוועק אין צדקה. זי גייט אַרום קראַנקע. זי גייט פון שטוב צו שטוב, וויפל עס קלעקן איר די כוחות. חולאים ווינטערצייט פעלן ניט. יעדן ווינטער בושעווען עפּידעמיעס פון טיפוס, פון לונגען־אָנטצינדונג אין די אָרימע ייִדישע פאַרענגטע געסלעך. זי גייט אַוועק פון הויז גאַנץ פרי און קומט אַהיים שפּעט. זי שרעקט זיך ניט טאָמער וועט זי ברענגען צו זיך אין שטוב די אָנשטעקנדיקע קראַנקייטן. זי איז דאָך אַ שליח־מצווה. דער אייבערשטער טוט ניט אַזעלכע זאַכן. אויב זי אַליין וועט זיך אָנשטעקן און ווערן קראַנק, דאָס אַרט זי ניט. דאָס איז אַ טייל פון דער מצווה: איינשטעלן דאָס אייגענע לעבן, כדי צו ראַטעווען אַנדערע מענטשנס לעבנס.

זי האָט זיך טאַקע אָנגעשטעקט.

## 183
## די רביצין שטאַרבט

די מאַמע ליגט שוין עטלעכע טעג אין בעט. זי האָט הויכע טעמפּעראַטור. צוויי דאָקטוירים באַהאַנדלען זי: אַ ייִדישער און אַ גוייִשער. אָבער עס ווערט איר ניט בעסער. זיי האָבן געשטעלט אַ פאַלשן דיאַגנאָז: זיי היילן פון לונגענאַנטצינדונג און זי האָט גאָר אַ בויך־טיפוס. זי איז פאַרביי. די קינדער דעזשורעווען ביי איר בעט גאַנצענע טעג און דורך די נעכט.

עס האַלט שמאָל. רופט מען אַרויס ד״ר שאַבאַד פון ווילנע מיט אַ טעלעגראַם. ער זאָל קומען. ער קומט און שטעלט דעם ריכטיקן דיאַגנאָז. איר קרענק איז פעסטגעשטעלט. אָבער ער קען פאַר איר גאָרניט טאָן, עס איז צו שפּעט.

ד״ר שאַבאַד שטייט אָפּ ביי איר בעט אַ גאַנצע נאַכט. דורך דער נאַכט באַמערקט אַבא, ווי שאַבאַד איז גרוי געוואָרן. ער האָט ניט געהאַט די מעגלעכקייט אָנצופאַרבן די האָר. ער האַלט זיך מאָדנע. ער רעדט דווקא רוסיש; קיין ייִדיש וואָרט געברויכט ער ניט, הגם ער ווייסט גאַנץ גוט, אַז ער געפינט זיך אין אַ בית־הרב און די חולה איז די סמאַרגאָנער רביצין. עס שטייט אים ניט אָן צו ריידן ייִדיש אַפילו צו דער פּאַציענטקע. הפנים ער האָט מורא ער וועט דורך ייִדיש ריידן פאַרלירן פּרעסטיזש. מיט דער פּאַציענטן האָט ער שוין ווייניק וואָס צו ריידן...

ער פאָרט־אָפּ גלייך אינדערפרי. פאַרן וויזיט נעמט ער אַ פינפאונצוואַנציקער.

די מוטער גוססט. אַלע האָבן זיך אַרומגעשטעלט אַרום איר בעט. זי לעבט איבער די לעצטע מינוטן אירע. מע זעט, אַז זי וואָלט זיך וועלן געזעגענען מיט אירע קינדער, מיטן מאַן, אָבער אַפילו מיט צייכנס קען זי עס ניט באַווייזן. עס איז נעילה־שעה פון איר לעבנס־תפילה. איר גאַנצער לעבן איז געווען איין געבעט: תפילה לעני כי יעטוף. זי האָט וואַרשיינלעך געוואָלט אָנזאָגן, אין וועלכע הייזער מע דאַרף שיקן אויף שבת חלה, פיש, פלייש. אָבער זי קען עס ניט טאָן.

אין דעם מאָמענט, ווען זי האַלט ביי יציאת־נשמה, נעמט דער פאָטער, דער רב, — דער יעזואיט, ווי אַבאַן האָט ער אויסגעוויזן צו זיין אין דער אָנגעלעגנהייט, און דאָס האָט אים געברענט ווי אַ פייער — און האַלט אַ קורצן דרוש:

זי שטאַרבט, מחמת די זינד פון די זין און טעכטער און איצטער איז צייט תשובה צו טאָן, זיך אומקערן צום גאָט פון אברהם, יצחק און יעקב, נעמען גיין אין בית־מדרש, צוריקקערן זיך צו דער גמרא און צום אָפּהיטן די הייליקע געבאָטן, צוזאָגן צו ווערן פרום.

אַבא איז אויסער זיך. ער פאַרדאַמט דעם פאָטער אין האַרצן. אַזאַ הייליקן מאָמענט, ווען לעבן און טויט באַגעגענען זיך, ווען אַ מוטער שיידט זיך אָפּ פון אירע זעקס קינדער, וויל דער פאַרביסענער פאַרהאַרטעוועטער פרומאַק אויסנוצן פאַר רעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע. ער וויל זיי מחזיר למוטב זיין און פאָדערן פון זיי אַ צוזאָג, אַז פון היינט אָן און ווייטער וועלן זיי גיין אין גאָטס דרכים.

ווי שעמט ער זיך ניט צו טאָן אַזאַ זאַך, צו זיין אַזוי אכזריותדיק. ער וויל עקספּלואַטירן איר טויט, אַריינקריגן פון זיי אַ צוזאָג, ווען זיי זענען דערשלאָגענע, איבערוועלטיקטע פון פאַרלוסט, פון אומגליק, פון צער און טרויער, ווען זיי פילן

זיך אַזוי אומבאַהאָלפֿענע, ווען זיי שטייען פֿאַרלאָרענע אין אָנגעזיכט פֿון דער גרעסטער מיסטעריִע און גרעסטן פּיין: זייער מוטער שטאַרבט.

די מוטער איז געשטאָרבן סוף 1907, אין עלטער פֿון אַכטאונפֿערציק יאָר.

די גאַנצע שטאָט גייט זי באַגלייטן צו איר אייביקער רו. אַ סך אלמנות מיט זייערע יתומים און יתומות גייען נאָך איר אָרון. זיי קלאָגן און יאָמערן:

— זי איז דאָך געווען ווי אַ מאַמע צו אונדזערע יתומים.

ערשט ביי דער לוויה דערוויסט מען זיך, ווי פֿאַרצווייגט עס איז געווען דער בוים פֿון אירע מעשׂים־טובֿים.

וועלוול, אַבא און משהקע זאָגן קדיש ביים קבֿר. אַבא באַהערשט זיך מיט כּל הכּוחות. ער לאָזט ניט פֿאַלן קיין איין טרער. אין אַ שעת צרה דאַרף מען אַרויסווייזן שטאַרקייט. זיך ניט צעיאַכמערן פֿאַרן גאַנצן עולם. זיין נשמה וויינט און קלאָגט. אָבער דאָס אויג באַצווינגט ער.

די זין זיצן שבֿעה. לייענען איובֿ. אַ מנין דאַוונט אין הויז. זיי זאָגן דריי מאָל אַ טאָג קדיש נאָך דער מאַמען.

## 184

# איבערגעצויגן די סטרונעס

דער פֿאָטער ווערט איצט ביי זיך אַ תּקיף. ער וויל אויסנוצן זייער פֿאַרלעגנהייט, געבראָכנקייט פֿון מוט און ער גייט אין אַ פֿראָנטאַלן אָנגריף אויף זיי. ער וויל זיי אינגאַנצן איינברעכן. ער איז משער, אַז איצט האָט ער געקראָגן אַ שעת־הכּושר; ער טאָר די גאָלדענע געלעגנהייט ניט דורכלאָזן. אויב ניט אַצינד אין ווען? ער שטעלט אַלץ גרעסערע פֿאָדערונגען. ער מאָנט, ער שטייט־צו, אַ זאַך וואָס ער האָט ניט געטאָן פֿאַר יאָרן; ער פֿאַרלאַנגט פֿון זיי, זיי זאָלן נעמען לערנען. שבֿעה זענען זיי געזעסן כּדת וכדין. אַצינד דאַרפֿן זיי נעמען לערנען אַ פּרק משניות פֿאַר דער מוטערס נשמה. זיי גייען דריי מאָל אַ טאָג אין בית מדרש און זאָגן „קדיש״. דאָס איז בלויז אַ מינימום. ער ווערט אַ מאַקסימאַליסט. ער וויל, זיי זאָלן מאַכן אַ פֿולן, „השיבנו נאָזאַד״, זיך אומקערן צו גאָט און צו דעם שולחן־ערוך, צו פֿולער ייִדישער טראַדיציע און ייִדישן שטייגער.

אַבא וואָלט אפֿשר נאָכגעגעבן, דאָס הייסט, ער האָט געהאַט בדעה אָנצוהאַלטן דאָס קדיש־זאָגן און צו די איבעריקע פֿאָדערונגען פֿון פֿאָטער ווענדן אַ טויב אויער, אָבער וועלוול רעוואָלטירט. ער טענהט:

— אויב אַזוי, אויב ער איז ניט צופֿרידנגעשטעלט מיט זייערע הנחות, זייער איינגיין אויף אַזעלכע וויט־גייענדיקע קאָמפּראָמיסן, אויב ער באַגרייפֿט ניט, וואָס פֿאַר אַ קרבן זיי ברענגען, וויפֿל געזונט און חיות, דם התּמצית, אין פּסיכאָלאָגישן באַטייט פֿון די ווערטער, די נאָכגעבעניש קאָסט זיי, דאַרפֿן זיי ווערן פּרינציפּיעל אויסגעהאַלטן און זיך אָפּזאָגן אויסצופֿאָלגן אָט־די באַרבאַרישע פֿאַרשריפֿטן, אָפּהיטן די ווילד־נאַרישע מנהגים — און פּטור אַן עסק. זאָל דער פֿאַנאַטישער, קלאָמפּערשט אויפֿגעקלערטער, פֿאָטער ניט מיינען, אַז ער האָט זיי אַריינגענומען אין די הענט און ער וועט זיי קנעטן און אויסקנעטן פֿון זיי אָרטאָדאָקסישע לעמעשקעס.

אַבא גיט צו, אַז וועלוול איז גערעכט. משהקע שטימט אויך צו.

זיי האָבן אַלע דריי, ווי איינער, ווי לויט אַ באַפעל, אויפגעהערט צו זאָגן קדיש, אויפגעהערט צו גיין אין בית־מדרש. די עפּאָכע פון קאָמפּראָמיסן איז פאַרענדיקט.

ערשט איצט האָט דער פאָטער באַגריפן, אַז ער האָט צופיל אָנגעצויגן די סטרונעס און זיי האָבן געפּלאַצט. ער האָט שלעכט אויסגערעכנט. פאַרפאַלן! ער וועט שוין קיין רעליגיעזע מוזיק מער ניט הערן פון זיינע זין. אין פאַרצווייפלונג האָט ער זיך אַרויסגעכאַפּט מיט אַ פאַרויסזאָג:

— משהקע וועט זיך שמדן...

פרעגט אים וועלוול, דערשטוינט פון זיין שוואַרצער נבואה־זאָגעניש:

— און וואָס איז מכוח אַבקען?

— אַבקע איז ערגער ווי געשמדט. און אַז ער וואָלט זיך שמדן, וואָלט ער תשובה טאָן, תשובה טאָן וועט ער שוין קיינמאָל ניט.

— אַז אַ מוטער שטאַרבט, פאַרלירן די קינדער אויך זייער פאָטער, — זאָגט אַבא צו וועלוולען. — מע דאַרף נעמען טראַכטן וועגן טאָן עפּעס און פאַרלאָזן דעם פאָטערס הויז. דער טאַטע האָט געענוג התחייבותן: דריי מיידלעך אין שטוב, דאָס מיינט דאָך דריי נדנס, דריי איידעמס אויף קעסט. בלומע איז שוין פינפאונ־צוואַנציק יאָר אַלט; רחל איז איבער צווייאונצוואַנציק; מאַשע, די ייִנגסטע, איז שוין אויך איבער ניינצן. דריי בוגרותן. ראוי צו גיין צו דער חופּה. דו, וועלוול, ביסט שוין פיראונצוואַנציק, איך בין שוין איינאונצוואַנציק און משהקע, דער ייִנגסטער, איז שוין אויך אַכצן.

— יאָ, צייט צו פאַרלאָזן די נעסט און מאַכן אַן אַרויספלי... — איז וועלוול מסכים.

## 185

## צום אַנאַרכיזם

אבא און וועלוול האָבן זיך היפּש אָוועקגערוקט פון זייערע פאַרדעמדיקע אידעאָלאָגישע פּאָזיציעס.

אין ציוניזם האָבן זיי זיך גראַדועל אַנטוישט. דעם ערשטן שטופּ דערצו האָבן זיי געקראָגן פון דעם אוגאַנדע־אָפּוואָרף. זיי האָבן געהאַלטן, אַז דער קאָנגרעס האָט ניט געטאָרט אַזוי אומפאַראַנטוואָרטלעך האַנדלען, ווען די ייִדן אין רוסלאַנד האָבן זיך געפונען ממש אויף אַ ווולקאַן און זענען ניט זיכער געווען מיט זייער לעבן.

פון די „צעירי־ציון", מיט וועמען אבאס פאַרבינדונג איז געווען אַ לויזע, איז ער אַריבער, און מיט זיך מיטגעצויגן די גאַנצע ווילקאָמירער גרופּע, צו די סיימיסטן. יהודה נאָוואַקאָווסקי איז געווען דער הויפּטפּראָפּאַגאַנדיסט. ער איז גע־ווען אַ גאָר פיינער פּאָלקסרעדנער. די טעאָרעטיקערס זענען געווען: בן־אדיר, באזין (ד"ר משה זילבערפאַרב) און אויך בעל־דמיון. זיי האָבן פאַרדעם געהאַט געשאַפן די וואָזראָזשדעניע (רענעסאַנס)־גרופּע. שפּעטער צו איז צו זיי צוגעשטאַ־נען דער געשוואָרענער אַדוואָקאַט ראַטנער.

אויך וועלוול האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ סימפּאַטיקער פון סיימיזם.

אָבער דאָ האָבן זיי זיך ניט אָפּגעשטעלט אין זייער אידעאָלאָגישער עוואָלוציע. זיי זענען אַוועק ווייטער.

אבא און וועלוול האָבן געהאַלטן, אַז אין 1905 איז די רוסישע רעוואָלוציע דורכגעפאלן מחמת דער צעקראָכנקייט און אומקעמפערישקייט פון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע מיט פלעכאַנאָוון בראש. די סאָציאַלדעמאָקראַטן רעדן כלומרשט ווי רעוואָלוציאָנערן, אָבער זיי האַנדלען ווי אָפּאָרטוניסטן, קאָמפּראָמיסלערס. אבא און וועלוול האָבן פאַרלאָרן זייער גאַנצן רעספּעקט פאַר זיי. וואָס קען מען דערוואַרטן פון מענטשן, וואָס זיצן און וואַרטן אויף די נאַטירלעכע פּראָצעסן, וואָס וועלן אַלץ פאַר זיי טאָן. דאָס איז אַ מין וואַרטן אויף משיחן אין אַ היינטצייטיקן נוסח. ווען די רוסישע סאָציאַלדעמאָקראַטן וואָלטן געהאַנדלט אַנטשלאָסן, זענען אבא און וועלוול געווען איבערצייגט, וואָלט מען אין 1905 געקענט אָפּהאַלטן אַ זיג איבערן צאַריזם.

בנוגע די ייִדישע מאַסן איז דאָך גאָר אָפּגערעדט. זיי זענען זיכער געווען רעוואָלוציאָנער געשטימט. ווער עס האָט זיי געטאמעוועט און זיי געהאַלטן געבונדן, זיי זאָלן גאָרניט טאָן איז געווען דער „בונד“ מיט זיין צרהדיקער סאָציאַלדעמאָקראַטישער אידעאָלאָגיע. זיי האָבן געוואָלט, אַז אַלץ זאָל פאַר זיי געטאָן ווערן פון די אַלמעכטיקע היסטאָרישע פּראָצעסן; אַז די סאַרווערקע געשיכטע זאָל זיי דערלאַנגען די סאָציאַלע רעוואָלוציע אַ פאַרטיקע ווי אַן אָפּגעקאָכטע יויך אין אַ גאָלדן שיסעלע אויף אַ זילבערנער טאַץ.

אבא און וואָלף האָבן זיך אַ שאַרפן נויג־געטאָן צום אַנאַרכיזם. שטירנערס ווערק „דער איינציקער און זיין אייגנטום“ האָבן זיי געקענט שיער ניט אויפּאויסוויייניק. זיי האָבן זיך אויך באַקענט מיט פּרודאָנס שריפטן. באַקונינען האָבן זיי פאַרהערלעכט ווי אַ טיטאַן־רעוואָלוציאָנער. ער איז געווען אין זייערע אויגן אַ פייער־שפּייענדיקער ווולקאַן. זיי האָבן שטאַרק געהאַלטן פון טאָלסטאָיען אין זיין טאָפּלטער בחינה פון אַ פרידלעכן אַנאַרכיסט און פּעדאַגאָג. זיי האָבן פיל געלייענט וועגן זיין שול אין „יאַסנאַיאַ פּאָליאַנאַ“. זיי זענען געווען איבערצייגטע אַנאַרכיסטן אין אַלגעמיינע שטריכן. קיין דורכגעטראַכטע דעטאַליזירטע סיסטעם האָבן זיי ניט פאַרמאָגט. זיי האָבן געטראַכט, אַז עס דאַרף נעמען צייט ביז זייערע אַלגעמיין־אַנאַרכיסטישע פּרינציפּן וועלן זיך אויסקריסטאַליזירן און אָננעמען אַ קאָנקרעטע פאָרעם פון אַ דעפיניטיווער טעאָריע פון עקאָנאָמיע און פּאָליטיק און פון אַ באַשטימטן פּלאַן.

דערווייל האָבן זיי אָנגענומען דעם אַנאַרכיזם פילאָזאָפיש, ווי אַ ריכטשנור.

## 186

## די גרויסע פראַגע

אבא האָט פאָרגעלייגט זיין פּלאַן: מע דאַרף עפענען אַ „חדר מתוקן“. אמת, זיי, ער און וואָלף, זענען שוין מער ניט קיין פאַרברענטע העברעיִסטן, זיי האַלטן שטאַרק פון ייִדיש ווי דאָס איינציקע לשון, וואָס האָט זיך אים איינגעגעבן זיך

אַריינצוליגן אין מויל פון רוב מנין און רוב בנין פון יידישן פאָלק, אָבער ליב־האָבערס פון העברעיִש זענען זיי עד־היום. די ייִדישע גאַס איז ניט גרייט אויף קיין פאַל אַריבערצוגיין פון אַלטן חדר צו אַ ייִדישער שול. דאָס קען מען ניט דערוואַרטן ניט פון באַלעבאַטישן ייִדן און אַפילו ניט פון בעל־מלאכה. אַ ייִד וועט ניט שיקן זיין זון אין אַ ייִדישער שולע. פון „חדר" דאַרף מען אַריבערגיין צום „חדר מתוקן". אין זייער חדר מתוקן וועלן זיי לערנען עברית בעברית, אָן דער הילף פון אַן איבערזעצונג. די קינדער וועלן זיך אויסלערנען העברעיִש און וועלן זיך באַקענען מיט די פּאַרצייטיקע קלאַסיקערס און אויך מיט דער מאָדערנער ליטעראַטור.

קיין שפור פון רעליגיע וועט ביי זיי אין „חדר" ניט זיין. קיין „עברי"־זופע־ניש, קיין דאַוונען. זייער חדר מתוקן וועט אויך זיין אַ פרייע שולע, לויטן מוסטער פון טאָלסטאָיס „יאַסנאַיאַ פּאָליאַנאַ שול".

וואָלף איז פון אָנהייב געווען קעגן דעם פאָרשלאַג. ער האָט געזאָגט, אַז דאָס מיינט „זיך זעצן ניט אין זיין שליטן". ער האָט דאָס ווערטל געזאָגט אין רוסיש. ווען זיי וואָלטן נאָך געווען ציוניסטן, וואָלטן די ציוניסטן געשטיצט זייער חדר מתוקן. אַזוי ווי זיי זענען עס מער ניט, וועט זייער שול ניט האָבן אויף וועמען זיך אָנצולענען. ניטאָ דער קאָנטינגענט, צו וועמען זיי וואָלטן זיך געקענט ווענדן און ווערבירן אָנהענגערס, אַרויסהעלפערס. אַ שול דאַרף האָבן אַרום זיך אַ סימפּאַטישע סביבה. זיי וועלן קיינעם ניט האָבן.

אבא האָט געטענהט, אַז זיי דאַרפן קיינעם ניט. זיי קענען גיין מיט זייער אייגענעם כוח. דער ייִדישער חינוך אין סמאַרגאָן ווי אין אַלע אַנדערע שטעט און שטעטלעך געפינט זיך אין אַ שוידערלעכער לאַגע. כמעט אַלע מלמדים זענען רעשטלעך, איבערבלייבענישן געבליבן שיער ניט פון מיטלאַלטער. זיי זענען אָן אַ אייראָפּעיִשער און אַפילו אָן אַ ייִדישער הויכער בילדונג. וועגן פּעדאַגאָגיק, וועגן די נייע מעטאָדן פון לערנען, וואָס זענען איינגעפירט אין די פּראָגרעסיווע שולן אין די דעמאָקראַטישע לענדער, האָבן זיי ניט די מינדסטע השגה. אויף דעם געביט וואָלטן זיי געקאָנט פיל אויפטאָן. זיי האָבן אין שטאָט אַ נאָמען פון גוטע העברע־ערס, פון קענערס. עלטערן, וואָס זענען ניט צו פאַנאַטיש, אינטעליגענטע עלטערן, וועלן האָבן צו זיי צוטרוי. אַי וואָס דאָס דאַוונען? יעדער פאָטער, וואָס גייט אין בית־מדרש און נעמט מיט זיין זון, וועט אים אַליין אויסלערנען די גרויסע תורה, אויב דאָס ייִנגל וועט באַר קענען דאָס לשון.

סוף כל סוף האָט אבא איבערגערעדט וועלוולען; ער האָט איינגעבראָכן זיין קעגנערשאַפט.

עס איז געבליבן איבערצורעדן מיטן פאָטער. אָן זיין הסכם וועלן זיי עס ניט טאָן אין שטאָט, ווו ער איז רב.

דער פאָטער האָט זיך מיישב געווען מיט אַ פּאָר מקורבים זיינע פון די באַ־לעבאַטים חשובים פון שטאָט. זיי האָבן זיך אַרויסגעזאָגט פאַרן פּלאַן. די זין ווילן ווערן עקאָנאָמיש זעלבסטשטענדיק — איז זייער גוט. ווי לאַנג איז דער שיעור צו זיצן ביים טאַטן אויפן קאַרק.

דער פאָטער האָט געטראַכט: זיי וועלן עפענען אַ „חדר מתוקן", וועלן זיי דאָך האָבן צו טאָן מיט ייִדישע עלטערן; וועלן זיי מוזן איינגיין אויף פשרות מיט

יִדישקייט, געבן הנחות דעם יִדישן שטייגער. קיין אפיקורסות קען מען דאָך מיט קליינינקע קינדער ניט לערנען. די יִדישע סביבה וועט זיינע זין אויסמענטשלען און מאַכן זיי פאַר עכטע יִדן.

ער האָט פיל מאָל געזאָגט, אַז דער אומגליק מיט זיינע זין איז דאָס, וואָס זיי ווייסן ניט „מה יקר אַ פונט צרות", ער האָט עס געזאָגט אין פאָלקסטימלעכן רוסיש: „פאַטשאָם פונט ליכאָ". זיי וועלן זיך איינשפּאַנען אין יאָך פון פרנסה, זיי וועלן טראָגן אויף זיך אַן אחריות, וועלן זיי ווערן געשטעלט, זיי וועלן זיך אַריינגלידערן אין יִדישן געזעלשאַפטלעכן קערפּער, זיך אַריינוואַרפן אין יִדישן געזאַנט און זיי וועלן, אפשר, מיט דער צייט, פאָרט תשובה טאָן... יעדנפאַלס אויך דער עקאָנאָמישער פאַקטאָר, וואָס אים וועט ווערן אַביסל לייכטער צו זעגלען און רודערן די שיף, ווען אַביסל באַלאַסט וועט אַראָפּגעוואָרפן ווערן, האָט אויך פאַרנומען אַ פלאַץ אין זיינע איבערלייגונגען.

דער פאָטער האָט ניט בלויז געגעבן זיין הסכם, ער האָט אַפילו ניט געהאַט דאַקעגן, אַז מע זאָל נוצן פאַרן חדר מתוקן די צווייטע העלפט פון זיין דירה. זי איז איצט געשטאַנען ליידיק. אין איר איז די מוטער געלעגן אַ קראַנקע און ד״אָ איז זי אויסגעגאַנגען, אַזוי אַז מע האָט זיך געפילט אומהיימלעך אַהין אַפילו אַריינצוגיין, אַ פשיטא שוין געברויכן די צימערן צום עסן אָדער צום שלאָפן.

## 187

## געעפנט אַ חדר מתוקן

מע האָט געבראַכט שולבענקלעך און זיי אויסגעשטעלט ווי געהעריק; מען האָט פאַרשפּרייט מעלדונגען איבער דער שטאָט, אין די בתי־מדרשים צווישן דעם עולם דאַוונערס, אין די גאַסן צו פאַרבייגייערס, אין די קלייטן, אַז א. און וו. גאָרדין עפענען אַ חדר מתוקן און מע בעט קומען רעגיסטרירן די קינדער אין דעם און דעם פלאַץ אין די און די טעג און שעהן. די מעלדונגען זענען געווען געשריבן אין דריי שפּראַכן: העברעיִש, יִדיש און רוסיש.

אַלע האָבן געוווּסט פון אַדרעס, אַז דער פלאַץ פון רעגיסטראַציע איז אין דעם רבס הויז; פון די נעמען, — אַז די לערער זענען דעם רבס זין.

די דערלויבעניש אויף עפענען אַ חדר איז געווען לייכט צו קריגן. קיין קוואַליפיקאַציעס האָבן זיך ניט געפאָדערט. ס'איז געווען אַ כל דכפין פראָפּאָזיציע; ווער עס וויל, קען ווערן אַ מלמד. אַלץ, וואָס ער דאַרף טאָן, איז צוצופאָרן — אויב ער וויל האָבן אַ קפיצת־הדרך, די פּראָצעדור זאָל זיך לאַנג ניט ציִען, אַניט קען עס געטאָן ווערן דורך פּאָסט, — אין ווילנע, אין בילדונגס־דעפּאַרטאַמענט, צושטעלן אַ בקשה, אַ פאָטאָגראַפיע און דערצו איינצאָלן עטלעכע רובל.

אַזוי ווי אבא האָט געבעטן אַ מלמדות־שיין האָט ער צוגעשטעלט אַ ביוסט־פאָטאָגראַפיע, גענומען אין אַ היטל. אַ מלמד בגילוי הראש וואָלט אויסזען מאָדנע אין די אויגן פון דעם שולן־ און חדרים־אויפזעער, דעם גוי.

דער ביוראָקראַט האָט געשמועסט מיט אבאן גאַנץ פריינטלעך. ער האָט אים קאָמפּלימענטירט פאַר זיין גוטן רוסיש רעדן און האָט זיך געחידושט, וואָס ער

ווערט בעסער ניט קיין רוסישער לערער. ער האָט זיך אויך געחידושט, וואָס ער איז אַזאַ „קטונתי" (מאַליש); לויט דעם גרויסן קאָפּ אויף דער פאָטאָגראַפיע וואָלט ער משער זיין, אַז דער דאָזיקער מענטש דאַרף זיין אַ הויכער, אַ ברייטער, אַ גרויסער.

די גאַנצע זאַך האָט געהאַט דעם כאַראַקטער פון אַ סענסאַציע. באַלעבאַטישע יונגע מוטערס זענען געקומען רעגיסטרירן זייערע טעכטערלעך. אויך „ליבעראַל"־געשטימטע פאָטערס האָבן זיך באַוויזן, געבראַכט זייערע יונגינקע זינדעלעך, אַביסל שעמעוודיק. אָבער די פּראָפּאָרציע פון יינגלעך איז געווען פיל קלענער. די בני הרב האָבן געשמט פאַר גאָר ניט קיין פרומע... געזאָגט קדיש אַ פּאָר וואָכן נאָך דער מוטער און גלייך אויפגעהערט. אין בית־מדרש שמעקן זיי ניט אַריין, ניט שבת, ניט יום־טוב; אין חדר מתוקן וועט מען לערנען אָן היטלען. מע זעט דאָך עס פון דער רעגיסטראַציע, וואָס גייט־צו בגילוי הראש. אַזוי אַז די פרומע ייִדן האָבן זיך צוריקגעהאַלטן. אָבער עס זענען געווען גענוג קינדער אָן די פרומאַקעס. איבער הונדערט און צוואַנציק קינדער זענען שוין געווען רעגיסטרירט. און מ׳האָט געמוזט אָפּשטעלן די רעגיסטראַציע. ניט געווען גענוג פּלאַץ. די צימערן זענען געווען צו־קליין. דערצו האָבן די מלמדים אין שטאָט געמאַכט אַ „ויצעקו": כ׳טייטש מע נעמט ביי זיי צו דאָס שטיקל ברויט. מע שמדט־אָפּ ייִדישע קינדער. און ווו ווערט עס געטאָן? אין רבס הויז. אַזאַ נבלה איז דאָך ניט געהערט געוואָרן. די מלמדים האָבן פאַררופן אַן אסיפה און זיי האָבן געדראָט, אַז זיי וועלן מעכב הקריאה זיין.

אונטער די אומשטענדן איז דאָס בעסטע געווען זיך אַרויסציִען פון רבס הויז, ווייל אויך דער פאָטער האָט פּראָטעסטירט קעגן לערנען אָן היטלען. על פי דין מעג מען עס טאָן, עס איז אָבער קעגן אַן איינגעפונדעוועטן ייִדישן מנהג.

א. און וו. האָבן סיי ווי געפילט, אַז אַ רבנישע דירה איז ניט קיין פּאַסיקער פּלאַץ פאַר זייער חדר־מתוקן, וואָס וועט איינגאַנצן זיין פריי פון רעליגיעזן לימוד. זענען זיי אַוועק און געדונגען אַ הויז מיט אַ היפּשן הויף פאַר די קינדער צום שפּילן זיך. דאָס הויז האָט זיך געפונען אויף יענער זייט פון אַ בריק איבער אַ טייכל, וואָס איז געווען חצי־סטאַוו און חצי־בלאָטע אָדער לוזשע. דאָס האָט געשטערט. אַנדערע מוטערס האָבן מורא געהאַט צו לאָזן די קליינינקע קינדער גיין איבער דער בריק, זיי זאָלן ניט אַראָפּפאַלן אָדער פאַרקריכן אין סטאַוו. זענען אַ צאָל קינדער אָפּגעפאַלן. אָבער הונדערט זענען נאָך אַלץ געבליבן. אַלע זענען געווען יונגינקע און אָנפאַנגערס, אַזוי אַז פון קיין מלמד אָדער פּריוואַטן לערער האָט מען קיין תלמידים ניט צוגענומען. זיי האָבן בלויז געקענט זאָגן, אַז מע פאַרנעמט אינפאָרויס זייערע פּערספּעקטיווע תלמידים, וואָס וואָלטן, אפשר, צו זיי קומען לערנען מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער. דערווייל זענען זיי געווען צו־יונג פאַר אַ חדר, און זייער טענה וואָלט האָבן האַפּט בלויז בנוגע ייִנגלעך. די מיידלעך וואָלטן אין קיין חדר סיי ווי ניט גיין.

אבא האָט באַשטעלט אַ גרויסן שילד, וואָס האָט פאַרנומען אַ היפּשן טייל פון פאַסאַד אויבן איבער די פענצטער. אויף אַ שוואַרצן הינטערגרונט איז געשטאַנען אָנגעשריבן אין גאָלד־געליישטע בוכשטאַבן איין וואָרט: „עבריה". על־פּי דעם געזעץ, דינא דמלכותא, האָט אַ שילד געמוזט האָבן דעם רוסישן באַטייט פון אויפ־

שריפט. האָט א. געגעבן דעם פריסטאַוו אין יד אַריין אַ זילבערנעם רובל און ער האָט זיך געמאַכט ניט־זעענדיק, מקיים געווען דעם פסוק, וואָס זאָגט, אַז שוחד מאַכט בלינד די „זעעוודיקע“ 1). דאָס הויז איז געווען אַריינגערוקט אַביסל אין הויף און האָט געהאַט אַ פּאָר ביימלעך פון פאָרנט, אַזוי אַז מקיים זיין דעם פסוק און זיך מאַכן בלינד איז דעם פריסטאַוו אָנגעקומען ניט זייער שווער.

## 188

# געגומען קנעלן

אַזוי ווי די שול איז געווען אַ פרייע, ד״ה, די קינדער, אַז זיי האָבן געוואָלט, האָבן זיי געלערנט, אַז זיי האָבן ניט געוואָלט, האָבן זיי זיך ניט געלערנט, „אין אונס“, האָט דאָס לערנען געמוזט זיין אנגענעם. דאָס איז דער קריטעריום, אויב די קינדער לערנען זיך און אין שולע הערשט ניט קיין שטרענגע דיסציפּלין, איז עס אַ באַווייז, אַז דער לימוד אַנטהאַלט אין זיך אַן אימאַנענטע דיסציפּלינירטקייט, ד״ה אַטראַקטירט די קינדער. די אויסערלעכע דיסציפּלין פטרט אַוועק דעם פּע־דאַגאָג; אַנשטאָט אַ לערער, ווערט ער אַ זשאַנדאַר, אַ הערשער: ער שטראָפט, ער שלאָגט, גיט שמיץ. דאָס זענען פונקציעס פון אַ מלוכה, ניט פון קיין שולע. לכן דאַרף מען לערנען אַזוי, אַז די קינדער זאָלן גאָר ניט פאַרדעכטיקן, אַז מען האָט בדעה זיי צו לערנען. ווי נאָר זיי וועלן זיך כאַפּן, אַז מע מיינט זיי צו לערנען, וועלן זיי נעמען אַרויסווייזן אַ ווידערשטאַנד, אַרויסברענגען זייער ווידערווילן און עס וועט זיך אָנהייבן דער געוויינטלעכער קאַמף צווישן לערער און שילער.

הייסט עס, אַז אַנשטאָט פּשוטן לערנען דאַרף מען איינפירן שפּיל, געזאַנג און אַרבעט. אַזוי ווי די קינדער זענען געווען זייער יונגינקע, האָט דער חדר מתוקן געדאַרפט אין ערשטן יאָר פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ מין „קינדער־גאָרטן“.

דער הויף איז געווען אַ היפּשער. פּלאַץ צו שפּילן זיך איז געווען גענוג. א. און וו. האָבן זיך איינגעשאַפט אַ פּאָר קינדער־שפּיל־ביכער, ווו עס ווערן אָנגעגעבן צענדליקער שפּילן מיט זייערע פאַרשידענע וואַריאַציעס.

די ברידער א. און וו. זענען געווען פאַרטאָן אין חדר מיט לייב און לעבן. זיי האָבן זיך אינגאַנצן איבערגעגעבן אָט־דער אַבסאָרבירנדיקער אַרבעט פון באַאָב־אַכטן, ווי די קינדער אַנטוויקלען זיך און העלפן אָט־דעם פּראָצעס פון אַנטוויקלונג און אָנאייגענונג פון קענטענישן און, דערהויפּט, פון העברעיִשן לשון, וואָס איז פאַר די קינדער געווען אַ פרעמדע שפּראַך.

אַוועק עטלעכע וואָכן. אַלץ איז געגאַנגען כשורה. אַזוי האָבן געטראַכט די לערערס, די „פּעדאַגאָגן“. די קינדער זענען אויך געווען צופרידן, מיט די לערערס און מיט דעם לערנען.

אָבער גאָר אַן אַנדער מיינונג וועגן דער שול האָבן געהאַט די עלטערן פון די קינדער. זיי האָבן דאָ דערזען אַ מקח טעות. די קינדער קומען אַהיים. דער פּאָ־

---

1) שמות, כ״ג, ח׳.

טער צי די מוטער גיבן זיי אויס טשיקאַווקייט אַ פרעג, צי זיי ווייסן, וואָס ס׳איז אַן אלף, אַ בית, אַ קמץ, אַ צירה. אַ נעכטיקער טאָג. דאָס קינד זינגט און שפּרינגט — דאָס אַלץ. מע לערנט זיי גאָרנישט! מע שפּילט זיך מיט זיי! מע פּטרט צייט אויף פּוסטע זאַכן — און זיי וועלן צאָלן פאַר דעם?! איז געוואָרן אַ געלאָף פון „חדר מתוקן". יעדע וואָך זענען אָפּגעקומען קינדער.

א. און וו. האָבן זיך געכאַפּט, אַז זייער איניציאַלער דערפאָלג איז געווען אַ מיראַזש. זיי האָבן געקראָגן די קינדער אַ דאַנק זכות אבות און אַ דאַנק זייער נאָמען אין שטאָט ווי גוטע העברעערס. איצט, אַז די עלטערן האָבן דערזען, וואָס אין שולע טוט זיך, — נעמען זיי צו די קינדער.

וו. האָט ווידעראַמאָל איבערגעחזרט זיין ווערטל: „זיך געזעצט ניט אין איי־גענעם שליטן". ער איז געוואָרן אָפּהענטיק.

נאָך מער ווי קעגן דעם ניט־לערנען האָבן די עלטערן געהאַט אויסצוזעצן קעגן דעם כאַאָס און די פרייקייטן, פון וואָס די קינדער געניסן אין דער „מאָד־נער" שול. זיי ווערן צעווילדעוועט. זיי ווערן שטיפערס, שלעגערס. דער לערער לאָזט זיי טאָן וואָס זיי ווילן. זיי וועלן זיך איינע די אַנדערע די קעפּ אַראָפּדרייען.

עס איז פאָרגעקומען אַזאַ „מעשה נורא": אַ מיידעלע, אַ בת־יחידהלע, זייער אַ צעפּיעשטשעטע, האָט „געכאַפּט קלעפּ" פון אַ ייִנגעלע. א. איז געשטאַנען דערביי און זיך ניט אַריינגעמישט. ער האָט געוואָלט, אַז דאָס מיידעלע זאָל באַשטיין איר שטעטל און ניט פאַרלאָזן זיך אויף אויסערלעכן שוץ. דאָס מיידעלע האָט זיך שטאַרק צעוויינט און אַוועק אַהיים און עס דערציילט דער מוטער. די מוטער איז גלייך געקומען צולויפן. זי איז געווען אויסער זיך, ניט אַזוי פון דעם, וואָס איר מיידעלע האָט געקראָגן אָנגעשלאָגן, ווי פון דער פּאַסיוויטעט פון לערער. ס׳טייטש: וואָס איז דאָס פאַר אַ לערער, וואָס לאָזט די קינדער זיך שלאָגן! עס איז דאָך אַ זאַך, וואָס איז ניט געהערט געוואָרן. די קינדער וועלן דאָך אויסוואַקסן בויאַנעס, גזלנים. זי האָט געסטראַשעט, אַז זי וועט שרייבן וועגן דעם אין די „גאַזעטן".

אין קיין „גאַזעטן" האָט זי ניט געשריבן, אָבער גערעדט וועגן דעם אינצי־דענט האָט זי. זי האָט דערציילט אַלע אירע באַקאַנטע און ניט באַקאַנטע עלטערן, וואָס האָבן געהאַט קינדער אין דער שולע, וועגן דער „סקאַנדאַליעזער" האַנדלונג פון לערער. אַ סך האָט זי באַאיינפלוסט און זיי האָבן איר נאָכגעטאָן. זיי האָבן אויך צוגענומען די קינדער, ד״ה די מיידלעך, וואָס די ייִנגלעך שלאָגן. קיין סך ייִנגלעך איז סיי ווי ניט געווען, מחמת רעליגיעזע טעמים.

189

## אויפקלערן די עלטערן

עס האָט געהאַלטן שמאָל, אָבער א. האָט זיך איינגעעקשנט. מע דאַרף זיך נע־מען צו די עלטערן, האָט ער געטענהט. דער אַגיטאַטאָר האָט זיך אין אים דער־וועקט. ער וועט אויפקלערן די עלטערן, געבן זיי צו פאַרשטיין די מעטאָדן, וואָס ווערן דאָ געברויכט, און די גינציקע רעזולטאַטן וואָס זיי דערוואַרטן.

מע קען די עלטערן ניט פֿאַררופֿן צוזאַמען אין שול אויף אַ באַראַטונג, וואָרעם אַז זיי וועלן זיך באַקענען איינע מיט די אַנדערע, וועלן זיי מאַכן אַ יד־אחת און אַרויפֿצווינגען אויף די לערערס און דער שול זייער ווילן און זייערע אויפֿפֿאַסונ־גען וועגן דערציִונג און דידאַקטיק. וואָס מע דאַרף טאָן, איז גיין צו זיי אַהיים און דאָרט מיט יעדן באַזונדער זיך דורכשמועסן, אָדער פֿאַררופֿן צו זיך אין שולע, אָבער איינציקווייז, און זיי געבן אַן אויפֿקלערונג־שמועס.

אומר ועושה. מע האָט עס גלייך געמוזט טאָן. די לאַגע איז געווען אַ קרי־טישע. מע האָט געמוזט אָפּשטעלן די אַנטלויפֿונג־מגפֿה. א. און וו. האָבן זיך אַרויס־געלאָזט אויף אַ „פּראָפּאַגאַנדע־טור", באַזוכט די עלטערן, וועמען ניט געטראָפֿן, געלאָזן אַ שריפֿטלעכע פֿאַרבעטונג קומען אין שול אויף אַ שמועס. מיט גרויסע אָנשטרענגונגען האָט זיך זיי איינגעגעבן איינצוהאַלטן ניט מער ווי פֿערצן קינדער.

זיי האָבן קוים־קוים געהאַט צו באַצאָלן דירה־געלט. פֿינאַנציעל איז די שול געווען אַ פֿולשטענדיקער דורכפֿאַל.

א. און וו. האָבן געקאָכט קאַרטאָפֿל און געגעסן און זיך צוגעפּאַשעט אויף די שיריים, וואָס די קינדער פֿלעגן איבערלאָזן אין די שולבענקלעך. אַזוי ווי די קינ־דער זענען געקומען פֿון באַלעבאַטישע היימען, האָבן זיי מיטגעבראַכט קוכנס, דיק־לעך אָנגעשמירטע מיט פּוטער און אויך ראָגאַליעס אָנגעשמירטע מיט קעז און איינגעמאַכטס. ווי נאָר די קינדער זענען אַוועק אַהיים, האָבן א. און וו. זיך גענומען בודק חמץ זיין אין די בענקלעך. וואָס זיי האָבן געפֿונען, האָבן זיי אויפֿגעגעסן, זיי זענען געווען פֿאַרהונגערטע.

עס פֿלעגט אָבער אַמאָל פּאַסירן, אַז אַ מוטער האָט באַמערקט, אַז די קינדער זענען געקומען פֿון שולע הונגעריקע. האָט זי פֿאַרשטאַנען, אַז זייער עסנוואַרג האָבן זיי איבערגעלאָזן אין שול; איז אויב אַזאַ מוטער האָט געוווינט ניט ווייט פֿון דער שול, האָט זי זיך ניט געפֿוילט און געקומען עס אָפּנעמען. זי האָט עס אָבער ניט געקענט געפֿינען. א.׳ס און וו.׳ס פּנימער האָבן אין אַזאַ פֿאַל געברענט פֿאַר בושה. זיי האָבן גאַנץ גוט באַגריפֿן, אַז די מוטער ווייסט, ווער עס האָט עס אויפֿגעגעסן. ניט א. און ניט וו. האָבן זיך אויסגעטויגט ווי סימולאַנטן. זייערע פּנימער און אויגן זענען געווען די אמתע מוסרים.

נאָך דעמדאָזיקן דורכפֿאַל האָבן זיי זיך נוהג געווען צו וואַרטן איבער אַ שעה נאָכן אַוועקגיין פֿון די קינדער מיט דעם אָפּרייניקן די בענקלעך און זוכה זיין פֿון שיכחה.

זיי זענען געגאַנגען קרוע־בלואה. זיי זענען אָבער געווען אַזוי באַגייסטערט און אַזוי פֿאַרטאָן אין זייער פּעדאַגאָגישער אַרבעט, אַז זיי האָבן ווי אינגאַנצן פֿאַר־געסן וועגן זייער שווערער עקאָנאָמישער לאַגע.

זיי זענען געווען איינגעשפּאַרט. זיי וועלן די שול דורכשטופּן דורך דעם קריזיס און זי וועט אַרויס בשלום פֿון איר געפֿעכט מיט דער פּראָווינציעלער פּע־דאַגאָגישער אומוויסנהייט פֿון די עלטערן. די ערשטע אויף דער ליסטע באַזוכט צו ווערן זענען געווען די לאַמדאנסקיס. די פֿרוי האָט געהייסן רחל. זי האָט געהאַט צוויי קינדער, אַ ייִנגעלע און אַ מיידעלע. דאָס מיידעלע האָט באַזוכט די גימנאַזיע, געווען אין ערשטן קלאַס. דאָס ייִנגעלע איז געווען אַ קאַראַפּוזיק, אַ קאָמפּאַקטער, אַ זשוואַווינקער, בסך־הכל פֿינף יאָר אַלט. ביי דער מוטער זענען די צוויי קינדער די

צוויי אויגן אין קאָפּ. זי וואָלט פאַר די קינדער זיך מוסר־נפש געווען פיר און צוואַנ־ציק מאָל אין מעת־לעת. זי האָט קיין וווּרט ניט געהאַט, איר מאַן האָט קיין ווערט ניט געהאַט, זיי האָבן עקזיסטירט אין זכות פון די קינדער און געלעבט האָבן זיי פאַר די קינדער.

זי איז געווען אַ יונגע מוטער, אַ בלאָנדינקע. דאָס פּנים ניט קיין שיינס אין פּשט פון שטריכן און סימעטריע און האַרמאָניע. עס איז אָבער געווען פול מיט אויסדרוק און כאַראַקטער. יעדער אבר אין איר האָט געאָטעמט מיט אַנטציקונג, מיט חסידישער התלהבות.

רייך זענען די לאַמדאַנסקיס ניט געווען, בלויז באַלעבאַטיש. זי איז געווען אַ בת־יחידה. איר פאָטער איז געווען אין סמאַרגאָן אַ שם־דבר, איינער פון די „פּני", פון די פּראָמינענטן. געווען אַ גאַנצער כל־ולך אין שטאָט, געפּירט אַ גאָר גרויסע גרענדע. אָבער אויף דער עלטער איז ער געוואָרן אַ יורד. עס האָט גענומען גיין באַרג־אַראָפּ, אָבער אַזוי ווי דער באַרג איז פאַרדעם געווען היפּש הויך, האָט גענומען צייט דאָס אַרונטערקומען. אַז עס האָט געהאַלטן ביים אויסגעבן די אייניקע גערעטענע טאָכטער, האָט ער געמוזט מאַכן אַ היפּשע פאַר טריט הינטער־ווײַלעכטס און נעמען פאַר אַן איידעם אַ נחות־דרגאדיקן יונגנמאַן.

דאָס פילט זיך אין הויז. זי, רחל, איז דער קאָפּ פון גאַנצן געזינדל־קערפּער. זי טראָגט די הויזן.

ער איז אַ לעדער־קאָמיסיאָנער ניט פון די ערשטראַנגיקע. אויך אין בילדונג, וואָס מיינט רעדן רוסיש, איז ער לגבי איר הינטערשטעליק.

אַזוי ווי זיי האָבן גערעדט רוסיש, סמאַרגאָנער רוסיש, האָט א. אויך גערעדט אין רוסיש און האָט זיי געגעבן אַ גאַנצן פאַרטראָג וועגן פּעדאַגאָגיק, וועגן פרייער, קרעאַטיווער דערציִונג. ער האָט זיי שיער ניט געגעבן אַ היסטאָרישן איבערבליק וועגן דער אַנטוויקלונג פון פּעדאַגאָגיק ווי אַ טעכניק און אַ וויסנשאַפט פון אַמאָ־ליקער צייט ביז היינטיקן טאָג. ער האָט געהאַט אַ דערפאָלג.

רחל לאַמדאַנסקי האָט צוגעזאָגט פולע קאָאָפּעראַציע. זי האָט פולן צוטרוי. פוליע (פּנחס), איר זון, וועט ניט פאַרלאָזן „עבריה".

## 190

## אימפּעראַטיווער מעטאָד

בשעתן פאַרוויילן און לערנען די קינדער האָט א. באַמערקט, אַז די אימפּע־ראַטיוון האָבן עפּעס ווי אַ מאַגישע ווירקונג אויף די קינדער. לכתחילה האָט א. און וו. גענוצט ש. ל. גאָרדאָנס לערנביכל, וואָס איז געווען אַרויסגעגעבן זייער שיין פון פאַרלאַג „תושיה". בכלל גערעדט, ביי יענער צייט, מיר האַלטן אין 1908, האָט זיך געשאַפן אַ היפּשער פאַרקויף־מאַרק פאַר נייע לערנביכלעך לויט דעם עברית־בעברית־מעטאָד. אַ תלמידים־ביכל ווערט דאָך פאַרקויפט יעדן זמן פון דאָס ניי. גאָרדאָנס ביכל האָט געהאַט אַ סך בילדער. דער מעטאָד איז באַשטאַנען אין קאָנעכיזאַציע, ד"ה פראַגעס און ענטפערס.

מע ווייזט די קינדער אַ קעגנשטאַנד אָדער אַ בילד פון אַ קעגנשטאַנד וואָס

געפינט זיך אין ביכל, און אונטן שטייט אָנגעגעבן ווי ער רופט זיך אין העברעיש. דער לערער אַרטיקולירט דאָס וואָרט; דער תלמיד, מעשה פּאַפּוגיי, זאָגט נאָך. דאָ קומט די סטערעאָטיפּישע פראַגע: „מה זה?" אָדער „מה זאת?".

א. האָט באַמערקט, אַז קיין צו גרויסן חשק צו אָט־דער מויל־דרעשעריי, צו דערדאָזיקער מעלה־גרהניש ווייזן די קינדער ניט אַרויס. אָבער אַז ער האָט זיך צופעליק געווענדט צו איין תלמיד און אַ צווייטן מיטן ציווי „עמוד!" (שטעל זיך!) איז דער קלאַס געוואָרן גאַלוואַניזירט, לעבעדיק, וואַך.

דאָס האָט אים געמאַכט זיך צו פאַרטראַכטן. ער האָט איבערגערעדט מכוח דעם מיט וו. זייענדיק באַקאַנט מיט דער פּסיכאָלאָגיע פון טוונג און נאָכטראַכטנ־דיק וועגן דעם אויפקום פון שפּראַכן און זייער געברויך אין מענטשלעכן פאַר־קער, איז זיי איינגעפאַלן דער געדאַנק, אַז עס איז גרייַלעך מעגלעך, אַז שפּראַכן האָבן אָנגעפאַנגען זייער אַנטוויקלונג דורך ווערבן און דער ווערבום האָט געמאַכט זיין התחלה מיט דעם אימפּעראַטיוו. יעדנפאַלס דאָס איז פאַר זיי געווען קלאָר, אַז טוונג, אַקציע אַפּעלירט צו מענטשן, אַ פּשיטא־שוין צו קינדער. מיט אַ קורצער צייט שפּעטער האָבן זיי געשאַפן דעם אימפּעראַטיוון מעטאָד.

און ערשט איצט האָבן זיי איינגעזען ווי אומנאַטירלעך עס איז דער אַזוי־גערופענער „נאַטירלעכער" מעטאָד „עברית בעברית", וואָס איז געשטאַלטיקט לויט דעם מוסטער פון לוויר, דעם פראַנצויזישן לערער. ער האָט אויסגעאַרבעט זיין מעטאָד לויט קאַנטס דערקענטעניש־טעאָריע. ער האָט פאַרזען אַזאַ פּשוטע זאַך, אַז ווען אַ קינד לערנט אַ פרעמדע שפּראַך, האָט עס ניט צו טאָן מיט דערקאָנען די קעגנשטאַנדן, נייערט מיטן צוהעקלען נייע נעמען צו די קעגנשטאַנדן, מיט וועלכע ער איז פונפריִער באַקאַנט. דערצו דאָס איבערפרעגן און איינחזרן — איז דאָך זיכער אומנאַטירלעך. אין דער מוטער־שפּראַך ווערט ניט געפאָדערט גלייך אויף־אַן־אָרט פון עופעלע עס זאָל נאָכזאָגן די ווערטער, וואָס די מוטער אָדער דער פאָטער אָדער סתם דערוואַקסענע געברויכן. אין לשון־אוצר איז אַלע מאָל פאַראַן אַ דיסטאַנץ, אַ מרחק, צווישן דעם פאַרשטיין דעם באַטייט פון די ווערטער און דעם קענען זיי געברויכן קאָרעקט. לכן, דאַרף זיך דער לערער מתעסק זיין מיטן קינדס פאַרשטיין וואָס דער לערער זאָגט, און ניט פאָדערן גלייך אויף דער שטעל, אַז דאָס קינד זאָל נאָכזאָגן דאָס געזאָגטע. דעם געברויך פון וואָרט און זיין אַריינפלעכט אין שמועס דאַרף מען איבערלאָזן פריי צום קינד, ווען עס וועט דערשפּירן, אַז עס איז געווענוג פאַמיליאַר מיט אים.

בכלל, פרעגן און ענטפערן עטלעכע מאָל וועגן דעם אייגענעם קעגנשטאַנד, וואָס דאָס איז אָדער וועגן אַ בילדל, וואָס איז נאָך ערגער, איז צו מאָנאָטאָניש, פּשוט נודנע.

אַ סך אינטערעסאַנטער און צוועקמעסיקער איז הייסן דעם תלמיד עפּעס טאָן און זען, צי ער פאַרשטייט וואָס מ'פאַרלאַנגט פון אים; זיין פאַרשטיין ווייזט ער אַרויס קלאָר דורך זיין טוונג. דאָ איז פאַראַן אַקציע, דער הויפּט־עלעמענט פון שפּיל, דאָ איז בנמצא דינאַמישקייט, באַוועגלעכקייט. וואָס קען זיין נודנער ווי אָנווייזן אויף אַ שטול אָדער אַ בילדל פון אַ שטול און האַלטן אין איין איבערחזרן, אַז עס איז אַ שטול. ווען מע זאָגט אָבער דעם קינד: נעם דעם שטול, טראָג אַוועק דעם שטול, זיץ אויפן שטול, — טוט ער דאָך עפּעס, פאַרווילט ער זיך, ווערט

דאָס וואָרט פֿאַרבונדן מיט טוונג און עס קריצט זיך אַריין אין זכרון. אַזוי האָבן זיי רעפֿאָרמירט דעם עברית־בעברית־מעטאָד.

לכן פֿאַנגט מען אָן מיט באַוועגונגען. פֿון די באַוועגונגען וועט זיך אַרויס־וויקלען עפּעס טעאַטראַלישס. פֿון די אימפּראָוויזאַציע איז לייכט צו קומען צו מי־ניאַטור־דראַמעס. אָנשטאָט דער דערציילונג ווערט געברויכט די דראַמע. אויב אַזוי ווערט דער „קינדערגאָרטן" פֿאַרוואַנדלט אין אַ „קינדערטעאַטער". דאָס וואָרט „גאָרטן" איז דאָך דאָ אויפֿן פּלאַץ, סיידן מע האַלט די קינדער באמת אין אַ גאָרטן אָדער אין אַ וועלדל זומער־צייט.

## 191

## לייענען — שריפֿטזעצעריי

דאָס איז בנוגע דער רעדשפּראַך, וואָס איז מכוח דער שרייבשפּראַך? וואָס אין דער רעדשפּראַך מיינט פֿאַרשטיין, דאָס איז אין דער שרייבשפּראַך לייענען.

לייענען הייבט אַ קינד אָן אין דעם מאָמענט, ווען עס נעמט אונטערשיידן און דערקענען קעגנשטאַנדן. עס איז בלויז אַ פֿראַגע וועגן דער גרויס פֿון קעגנשטאַנד.

אויב אַזוי, מעג מען אָנפֿאַנגען לייענען מיט קינדער, ד"ה לערנען זיי לייענען זייער פֿרי, ווען זיי זענען נאָך גאָר יונג, און ניט ווי רוססאָ און אַנדערע פּעדאַגאָגן, וואָס האָבן געוואָלט אָפּלייגן דאָס לייענען אויף היפּש שפּעט.

מע דאַרף בלויז געברויכן זייער גרויסע און גוט קענטעווודיקע בוכשטאַבן.

„תושיה" האָט געהאַט היפּש גרויסע בוכשטאַבן אין זיין אלף־בית, וואָס זענען געווען אויפֿגעקלעפּט אויף קאַרטאָן. די צרה איז אָבער געווען, וואָס די אלף־ביתן האָבן שיער ניט פֿאָרגעשטעלט אַ מין קאָלעקציע פֿון פֿאַרשיידענע זאַכן. אין איין אות האָבן זיי אַריינגעמאָלן שיער ניט אַלע קעגנשטאַנדן, וואָס זייערע באַצייכע־נונגען אין העברעיִש פֿאַנגען זיך אָן מיט דעם געגעבענעם אות. האָט מען עס געדאַרפֿט פֿאַרשמירן מיט גוטן שוואַרצן לאַק, כדי דער צורת־אות זאָל אַרויסקומען קלאָר און דייטלעך, שוואַרץ אויף אַ ווייסן הינטערגרונט. דאָס האָט געפֿאָדערט אַ סך אַרבעט. האָבן די לערערס א. און וו. מאָביליזירט זייערע סימפּאַטיקערס פֿון צווישן די עלטערן. רחל לאַמדאַנסקי און אַנדערע זענען אָפּגעזעסן לאַנגע שעהן און פֿאַרפֿאַרבט די בוכשטאַבן, ווי אויך צעשניטן די אלף־ביתן אויף איינצלנע אותיות. עס האָט זיך געפֿאָדערט אַ גרויסע צאָל אלף־ביתן. מע האָט געדאַרפֿט געבן יעדן תלמיד אַ גאַנצן שריפֿטזאַץ־קאַסטן.

מע האָט אויך געדאַרפֿט צוגרייטן נקודות אין גאָר אַ גרויסער קוואַנטיטעט. מע האָט זיי געדאַרפֿט אויסמאָלן מיט דער האַנט, יעדע נקודה באַזונדער. דערביי איז אויך געווען אַ סך אַרבעט.

צווישן די תלמידים האָבן זיך געפֿונען צוויי בעל־מלאכהשע קינדער. געווען אַ זון פֿון אַ סטאָליאַר. האָבן די לערערס באַפֿרייט דעם סטאָליאַר פֿון שכר־לימוד און ביי אים באַשטעלט ערשטנס די גרויסע שריפֿטזאַץ־קאַסטנס און צווייטנס די גרויסע טאָוולען באַהאַקטע מיט טאָפּלטע רייען פֿון אויסגעדופּלעטע לייסטן, מיט

אַזעלכע רינגעלעך, אין וועלכע עס האָבן זיך אַריינגעשטעלט אי די בוכשטאַבן און אי
די נקודות, פון אויבן און פון אונטן. דידאַקטישע טאָוולען זענען געמאַכט געוואָרן
פון צונויפגעקלעפּטע ברעטער. זיי האָבן פאַרנומען די גאַנצע לענג, ברייט און הויך
פון אַ וואַנט. אויף זיי האָט מען אויסגעזעצט צום אָנהייב דעם איינוואָרט־זאַץ, דער־
נאָך דעם פילווערטערדיקן זאַץ.

געווען אויך אַ זון פון אַ בלעכער. אַן אײדל, שוואַך, יונג און שיין ייִנגעלע,
דער פאָטער און די מוטער האָבן געוואָלט, ער זאָל לערנען דווקא ביי די „גרויסע
העברעערס“ און ניט ערגעץ ביי אַ פּראָסטאַק, אַ לא־יצלח, אַ מלמד. אָבער קיין
שכר־לימוד האָט דער בלעכער ניט געקענט צאָלן, יעדנפאַלס איז עס אים, ביי זיינע
מאָגערע פאַרדינסטן, ניט לייכט געווען צו צאָלן. האָט מען אים באַפרייט פון שכר־
לימוד. ער האָט דערפאַר געאַרבעט פאַר דער שולע. ער האָט געמאַכט אַ היפּשע
צאָל בלעכענע גרעסערע שריפטזאַץ־קעסטלעך און קלענערע נקודות־קעסטעלעך.

א. האָט דערפונדן אַ מין אלף־בית־שפּיל, וואָס איז באַשטאַנען פון טאַבעלן
אין פאַרשיידענע קאָלירן, אַזוי אַז עס איז געווען געגוג, אַז דאָס קינד זאָל זיך
באַקענען מיט עטלעכע אותיות, וואָס זענען וואַריִרט געוואָרן אין זייערע קאָלירן,
און ער האָט זיך שוין געקענט באַטייליקן אין דעם אלף־בית־לאָטאָ־שפּיל, אַן
עלעמענטאַר־לייענ־יש־פאַרווייַלונג.

צום אָנפאַנג האָט מען דעם קינד געגעבן פיגורן אין פאַרשיידענע קאָלירן און
אים געבעטן ער זאָל זיי צונויפלייגן ריכטיק, רויט צו רויט, שוואַרץ צו שוואַרץ,
און אויך אויססאָרטירן די פיגורן, גלייכע צו גלייכע.

אַז די קינדער האָבן זיך אויסגעלערנט, איינגעניבט די אויגן שנעל צו סאָרטירן
פיגורן און קאָלירן, געמעלעכצן. האָט מען אָנגעפאַנגען אויף דער וואַנט.

די זעלביקע עטלעכע אימפּראָוויזאַציעס, וואָס מע האָט געברויכט אין לערנען,
צו פאַרשטיין דעם מיין פון וואָרט, האָט מען אויך געברויכט אין „לייענען“. דאָס
מיינט, אַז ווען מע האָט דעם קינד מיט אַ גיגאַנטישן טייטל אָנגעוויזן אויף אָט־
דעם איינוואָרטיקן זאַץ, האָט ער געדאַרפט אויספילן דעם ציווי. די בוכשטאַבן זע־
נען געווען אַזוי קלאָר און דייטלעך, אַז מע האָט געקאָנט שטיין אין הויף און דורכן
אָפענעם פענצטער „לייענען“.

יעדעס קינד האָט געקראָגן זיין קאַסטן מיט בוכשטאַבן און נקודות, ווי עס
וואָלט געווען אַ זעצער. אַז עס האָט זיך דערוווּסט, אַז די געדרוקטע ווערטער צע־
פאַלן אין בוכשטאַבן, וואָס ער האָט דאָך געזען אַז אויף דער וואַנט זענען די ווער־
טער צונויפגעשטעלט פון איינצלנע אותיות און די גערעדטע ווערטער אין קלאַנ־
גען, האָט עס אַנטדעקט די גרויסע מיסטעריע פון לייענען און רעדן. קינדער מיט
אַ לייכטער תפיסה האָבן אַנטפּלעקט דעם סוד פון לייענען אין צוויי מאָנאַטן, —
מיט לאַנגזאַמערע תפיסות האָט זיי גענומען נאָך אַ חודש צי צוויי, לויט זייערע
פעיִקייטן. דער לערער האָט זיי דעם סעקרעט ניט אויסגעזאָגט, זיי האָבן אַליין
געדאַרפט זיך עס כאַפּן.

די אימפּראָוויזאַציע האָט מען אויסגעזונגען, אַזוי די מינדלעכע און אַזוי די
שריפטלעכע, דערנאָך זיי קאָמבינירט און געמאַכט פון דער גאַנצער פּראָצעדור
אַ מין ספּעקטאַקל. מע האָט מיט די קינדער ניט געקנעלט, נייערט געהאַלטן זיי
באַשעפטיקט, אַריינגעטאָן אין אַרבעט און פאַרווײַלט מיט שפּילן זיך.

די קינדער זענען געווען פריי צו קומען און אַוועקגיין אַהיים, אויב זיי האָבן געוואָלט. אָבער אין חדר איז זיי געווען פיל אינטערעסאַנטער און אַמוזירנדיקער ווי צו זיצן אין שטוב.

## 192

## גן תיאַטרוני — רוסישע בראָשורן

וו. און א. האָבן צוגעגרייט אַ לערנביכל מיטן נאָמען „גן־תיאַטרוני״. אין אים ווערט אָנגעגעבן אַ סעריע „לעקציעס״ פאַר דעם משך פון איין סעמעסטער אָדער עפּעס מער.

זיי האָבן דאָס טעקסטביכל אָפּגעשיקט קיין אָדעס צום פאַרלאַג „מוריה״, וועלכער האָט זיך גערעכנט פאַר מער פּאָרגעשריטן ווי „תושיה״, וואָס האָט זיך געפונען אין וואַרשע. אָפּגעשיקט און געוואַרט מיט אומגעדולד אויף אַן ענטפער: ווי וועלן די פאַרלעגערס, ריכטיקער דער הויפּט פון פאַרלאַג, ח. נ. ביאַליק, דער באַרימטער דיכטער, אויפנעמען און אָפּשאַצן זייער אַרבעט?

עס האָט ניט גענומען קיין לאַנגע צייט און עס איז אָנגעקומען אַן ענטפער אין דער פאָרעם פון אַן „אָטקריטקע״, אַ פּאָסקאַרטל, אָנגעשריבן מיט ביאַליקס הענט. דאָס קאַרטל הייבט זיך אָן מיט די ווערטער „עבודתכם מועילה וחשובה״... זייער פיין. הייסט עס, אַז דאָס ביכל זייערס ווערט אָנערקענט פאַר אַ וויכטיק און נוצלעך ווערק. דאָס איז דאָך אָנערקענונג. איז דאָך גוט, טויג עס ערשט ניט. וואָרעם נאָכדעם קומט דער טרויעריקער אָפּזאָג: אונטער די אומשטענדן קען דער פאַרלאַג עס ניט אַרויסגעבן, ווייל אין לאַנד זענען פאַראַן בלויז עטלעכע געציילטע „גני־ילדים״ און עס וועט ניט האָבן דעם אָפּגאַנג, וואָס זאָל באַרעכטיקן די אויסגאַבן פון אַרויסגעבן עס. לכן, ראַט ביאַליק אָפּשיקן דאָס בוך קיין ארץ־ישראל, אפשר וועט מען דאָרט זיין וויליק עס אַרויסצוגעבן.

אבא און וועלוול האָבן זיך געפילט שרעקלעך אַנטוישט.

„ארץ־ישראל״ — און אָן ארץ־ישראל זענען מיר גאָר קיין פאָלק ניט און קענען זיך ניט פאַרגינען צו שאַפן עפּעס נייס אין פּראַקטישער פּעדאַגאָגיק! אַ פאָלק, וואָס האָט חדרים אַזוי פיל הונדערטער יאָרן — האָט גאָרנישט צוגעטראָגן צו דער פּעדאַגאָגיק ווי אַ טעכניק און ווי אַ וויסנשאַפט, און דאָ קומען צוויי לערערס און ווילן עפּעס אויפטאָן נייעס, און דאָס איז די אויפנאַמע וואָס זיי קריגן: „שיקן קיין ארץ־ישראל!״.

דאָס ווערק איז אָנגעקומען צוריק. ביי א. און וו. איז תשעה־באב. דער חורבן פון אַ גרויסער אילוזיע.

אָבער אין אַ פּאָר טעג שפּעטער זענען זיי געקומען אַביסל צו זיך. אינגאַנצן קיין דורכפאַל איז עס ניט. „עבודתכם מועילה וחשובה״ (אייער ווערק איז נוצלעך און וויכטיק), אייער ווערק — דאָס איז דאָך אָנערקענונג פון זייער בכור.

וו. איז אַוועקגעפאָרן קיין וואַרשע צו בן־אביגדורן, דעם פאַרלעגער פון „תושיה״. בן־אביגדור האָט אים אויפגענומען זייער העפלעך, אים פאַרבעטן צו זיך אויף זיין זומער־וווינונג. אָבער אַרויסגעבן — דאָס ניט. נישטאָ גענוג קינדער־גאָרטנס צו באַרעכטיקן די אויסגאַבע.

האָבן זיי אָנגעשריבן אַ בראָשור אין רוסיש אונטערן נאָמען „אַ סיסטעם פון מאַטעריעלער און רעלאַטיווער נאַטורמעסיקייט", דערשינען אין 1909. עס איז גע־ווידמעט זייער עלטסטער שוועסטער, בלומען. זיי האָבן ביידע געפילט, אַז זיי זע־נען איר שולדיק אַ חוב. אַזוי ווי די מוטער איז אָדער קראַנק געווען אָדער זיך אינגאַנצן אָפּגעגעבן מיט צדקה־זאַכן, איז די ווירטשאַפט און דאָס אַכטונג־געבן אויף די קינדער אינגאַנצן געפאַלן אויף די יונגע שולטערן פון דער עלטסטער שוועסטער און זי איז געווען פאַר זיי אַ מין געהילף־מאַמע.

זייער שולע וואָלטן די ברידער א. און וו. חשק געהאַט אָנצורופן רעפּראָדוק־טינע. זיי האָבן עס ניט געקענט טאָן מחמת זי איז ניט געווען פול אויסגעברייטערט, האָט ניט אַרומגענומען אַ פולשטענדיקן ציקל פון אונטעררריכט־קעגנשטאַנדן און האָט געמוזט, לויט די אומשטענדן, זיך באַנוגענען מיטן לערנען אַ שפּראַך און איר ליטעראַטור. אָבער דעם פּרינציפּ פון רעפּראָדוצירן האָבן זיי אָנגעווענדט אין איר, הגם אויף אַ פאַרשמעלערטן פאַרנעם.

דאָס וואָרט „רעפּראָדוקטינע" איז געמינצט געוואָרן פון זיי לויט דער „פּי־לאַנטראָפּינע" אָדער „פילאַנטראָפּינום", אַ נאָמען, וואָס יאָהאַן בערנאַרד באַזעדאָוו (1723־1790) האָט געגעבן דער שול אין דעססאַו, וווּ ער איז געווען דירעקטאָר. באַ־זעדאָוו איז געווען אַן אָנהענגער פון רוססאָ. דאָס איז געווען אַ מוסטערשול, וווּ מ'האָט באַוויזן ווי צו אַנטוויקלען די פעיִקייטן פון די קינדער און פאַרבינדן דאָס לערנען מיט דער אַרומיקער סביבה מחוץ דעם קלאַסצימער. אין 1778 האָט באַ־זעדאָוו רעזיגנירט. אין יאָר 1793, דריי יאָר נאָך זיין טויט, האָט זיך די שול צו־געמאַכט.

די אידעע פון דער „רעפּראָדוקטינע" מיינט, אַז מע דאַרף קינסטלעך שאַפן אַ סביבה און דאָרט דאַרף זיך געפינען די נויטווענדיקע אָנווענדבאַרקייט פון דעם קעגנשטאַנד, וואָס מ'גייט שטודירן. דהיינו: פאַר שרייבן דאַרף מען שאַפן קינסט־לעך אַ דיסטאַנץ און גרינדן אַ פּאָסט, וווּ בריוו קומען אָן און ווערן פאַנאַנדערגע־טיילט. שרייבן מיינט קאָרעספּאָנדירן. די קאָרעספּאָנדענטן דאַרפן זיין אָדער דיס־טאַנצירט, אָדער, לשם שפּיל, ווערן אויף אַ קורצער ווײַלע טויב און שטום, אַזוי אַז די רעדשפּראַך קען פאַר קאָמוניקאַציע־צוועקן ניט געברויכט ווערן צווישן זיי און מע מוז אָנקומען צו דער שריפט.

אָט וואָס עס ווערט געזאָגט מכוח שרייבן אין זייער ביכל „סיסטעם":

„דער לערער פרעסט גיט אַרויס קיין בריוו, נייערט ער דערוואַרט זיי. דער תלמיד, לייענענדיק וואָס דער לערער האָט אויפגעזעצט אָדער אָנגעשריבן, וועט זיך אַזוי גוט פאַמיליאַריזירן מיט דער שרייבשפּראַך, אַז ער וועט פרייוויליק אַליין אָנהייבן זי צו געברויכן, ד"ה שרייבן.

„ווי אַ פאַרמיטלענדיקער רינג צווישן לייענען און שרייבן דינט די שרייבעכץ אָן אַן אינסטרומענט, ד"ה זאַצן אויפגעזעצט פון שריפטבוכשטאַבן, מיט וואָס זעלבסטטעטיקייט ווערט ביים לייענען דערגאַנצט. ווען דאָס שרייבן אָן אינס־טרומענטן גייט אַדורך זיינע צוויי אַנטוויקלונגס־סטאַדיעס: אַראָפּשרייבן און דיק־טאַנט, ד"ה אויפזעצן לויט דעם לערערס אויפזאַץ און פון זיכרון, — דעמאָלט קומט אָן דער מאָמענט פון שרייבן מיט אַן אינסטרומענט" (זייט 11).

„קאָמערציעלער מעטאָד צו לערנען אַריטמעטיק.

„דער מעטאָד פון געברויכן ריישלעך אָדער קליינע קובן כדי צו לערנען אַריט־מעטיק, איז פּעלערהאַפט, מחמת דעם וואָס ער האַלט זיך ביי פּעסטאַלאָצציס (1746—1827) סיסטעם, ד״ה ביי בלויז פאָרמעלער נאַטורמעסיקייט.

## קינדערשער מסחר

„אַריטמעטיק האָט געדינט הויפּטזעכלעך, ווי אַ הילפסמיטל פאַר מסחר־טראַנזאַקציעס. לכן, כדי צו לערנען אַריטמעטיק אויף דעם סאָציאַל־ און רעלאַטיוו־נאַטורמעסיקן שטייגער, דאַרף מען רעפּראָדוצירן קאָמערציעלע אָפּעראַציעס און ביים דורכזעצן זיי זיך באַנוצן מיט אַריטמעטיק. די נומעראַציעס, פאַרשטייט זיך, ווערן געלערנט לויט דעם אימיטאַטיוון אָדער וויזועל־פאַרשטענדלעכן מעטאָד״ (ז. דאָרט 17).

„קינדער־טעאַטער־גאָרטן... קונסטשפּילן שטעלן פאַר מיט זיך אַ לייטער, וואָס שטייט אויף דער ערד און איר שפּיץ דערלאַנגט אין הימל אַריין. דער ערשטער שטאַפּל איז דאָס שפּילן זיך אין ליאַלקעס, דער לעצטער — שעקספּירס דראַמעס. וואָס איז דאָס שפּילן זיך אין לערערס, אין קרעמערס, אין קיניגן, אין לוויות, אין קימפּעט אאַז״וו. אייב ניט אַ דראַמע אין סאַמע אורשפּרונגלעכן אַרויסצייג. צי זענען דען ניט אָט־די שפּילן די ערשטע שטראַלן פון דעם מענטשלעכן זשעני, וואָס האָבן זיך צעליכטיקט ווי אַ זון אין „האַמלעט״ און „פאַוסט״ (דאָרט, ז״ז 18—17).

זיי האָבן אַרויסגעגעבן אַ ביכל אין רוסיש אונטערן נאָמען „אימיטאַטיוו פאַרשטענדלעכער מעטאָד צו לערנען לייענען און שרייבן״, אין זעלביקן יאָר 1909.

די עטלעכע רובל, וואָס דאָס אַרויסגעבן האָט געקאָסט, האָבן זיי געליִען ביי באַקאַנטע, געליִען אויף אָפּצוגעבן.

אין דעם אָפּזאָג אַרויסצוגעבן זייער ווערק, הגם עס איז פון אָפּזאָגער אַנער־קענט צו זיין אַ גוט ווערק, האָבן די אָנפאַנגערס מחברים געזען זייער צוקונפטיקע מערכה; מע וועט אָנערקענען זייערע ווערק נאָכן פאַרעפנטלעכט ווערן, אָבער קיינער וועט זיי ניט וועלן אַרויסגעבן, מ׳וועט מורא האָבן צו ריזיקירן אָדער אי־דעאָלאָגיש אָדער פינאַנציעל.

עס איז אָנגעקומען פון אָדעס אַ בריוו פון לעווינסקין. עס איז אַן אָנפראַגע, צי קענען די מחברים דערקלערן, וועגן וואָס עס האַנדלט זיך אין זייער ווערק. ער זעט אין דעם ניט קיין וויכטיקן אויפטו.

לעווינסקי האָט מסתמא געמיינט, אַז די מחברים, די ברידער, ווייסן, אַז ער איז אַ ווילער, אַ האַרציקער מענטש און כמעט אַ מעצענאַט. זיי האָבן עס אָבער לחלו־טין ניט געוווּסט; און ער האָט ניט געזאָגט דייטלעך אָדער מיט אַן אָנצוהערעניש, אַז ווען ער וויס יאָ, וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, וואָלט ער אפשר צוגעלייגט אַ האַנט צום אַרויסגעבן דאָס ווערק. ער האָט בלויז געשריבן, אַז ער זעט ניט דעם וויכטיקן חידוש, וואָס זיי האָבן אויפגעטאָן. זיי האָט אַזאַ טאָן פון שרייבן כמעט ווי באַליידיקט. וואָס הייסט ער זעט ניט? דער גאַנצער מעטאָד פון לערנען איז דאָך אַ נייער. וואָס איז ער אַ בלינדער?! און זיי האָבן אים שאַרף אָפּגעענטפערט: „אַז אָך און ווי צו די אויגן, וואָס זעען און ווייסן ניט וואָס זיי זעען״. מסתמא האָט ער זיך באַליידיקט פון ענטפער. ער האָט זיי מער נישט געשריבן.

## 193

# ספר אל הגולה

„מוריה"ס און „תושיה"ס אָפּזאָג צו פאַרעפנטלעכן זייער ערשטע שאַפונג „גן־תיאטרוני" האָט די ברידער געקרענקט ביז גאָר. אָבער א. האָט זיך עס גענומען מער צום האַרצן, מחמת דער גאַנצער ענין שול־גרינדונג איז דאָך געווען זיין איניציאַטיוו. אמת, די שול האָט פאַר זיי זייער אַ סך אויפגעטאָן גייסטיק, זיי זענען געוואָרן שעפעריש און האָבן אַנטוויקלט אינטערעסאַנטע אויפברעכערישע געדאַנקען וועגן דידאַקטיק און מעטאָדיק, אָבער ביאַליקס עצה אָפּצושיקן דאָס ווערק קיין ארץ־ישראל, וואָס האָט געהאַט אין זיך אַ רונד־אַרום אָנצוהערעניש, אַז דאָ אין גלות קען מען גאָרניט אויפטאָן. האָט איבעראַנייס געצוווּנגען א. צו פאַרטראַכטן זיך וועגן דער אַלגעמיינער יִדישער טרויעריקער לאַגע. דאָ אין גלות קען מען גאָרנישט שאַפן, אָט דאָרט, אין ארץ־ישראל, וואָס טוט מען? מען קויפט נאָך אַ ציג און נאָך אַ ציג. איז דאָס אַ גרויסצוגיקער פאַרנעם, איז דאָס דער תכלית? ווער פון אַ פאַר קאָלאָניעס אַרויסוואַקסן עפּעס גראַנדיעזס?

די יִדישע פראַגע שטייט אַוועקגעשטעלט שאַרף, בולט. אַ פראַגע מוז דאָך האָבן אַן ענטפער, אַן ענדגילטיקן ענטפער, איז ווו ליגט דער ענטפער?

א. גייט אַרום ווי אָן אַ קאָפּ. ער שלאָגט זיך פיגוראַטיוו קאָפּ אָן וואַנט. זיין קאָפּ איז האַרט, אָבער די וואַנט איז נאָך האַרטער. אויב ניט ציוניזם איז וואָס? טעריטאָריאַליזם. אָבער ווי דאַרף מען פאַרשטיין אָט־דאָס וואָרט? עס האָט אים געגעבן אַ בליץ אין קאָפּ. ער איז אַן אויפגעלויכטענער. עווריקא! יאָ! אָט אַזוי און ניט אַנדערש: דאָס רעכט אויף טעריטאָריע דאַרף אָפּגעשאַפן ווערן. דער אָפּשאַף פון טעריטאָריעס און דער אַריינפיר פון דעם געמיינדע־פּרינציפּ פאַר די נאַציעס. די טעריטאָריעס, דער ערדקויל, דאַרף געהערן צו דער מענטשהייט און ניט צו די איינצלנע פעלקער און מדינות. פּריוואַט נאַציאָנאַל רעכט אויף טעריטאָריעס דאַרף אָפּגעשאַפט ווערן; די גרעניץ־טויערן דאַרפן שטיין אָפן; מענטשן האָבן אַ רעכט זיך צו באַזעצן, ווו זיי ווילן.

א. האָט אַנטוויקלט זיין געדאַנק פאַר וו., וועלכער האָט אים גוטגעהייסן און זיי האָבן אַרויסגעגעבן אַ ביכל מיטן נאָמען „ספר הגולה, אַ מגילה צו די יִדן אין גלות", אין יאָר 1909.

## 194

# פּ ר י ז י ו ו

די צייט רוקט זיך און א. דאַרף זיך שטעלן צום פּריזיוו. די מיליטערישע קאָמיסיע געפינט זיך אין אַשמענע, סמארגאָן האָט ניט געהאַט דעם סטאַטוס פון אַ באַצירקשטאָט, נייערט פון אַ שטעטל. אבא פאָרט אַוועק קיין אשמענע. ער וועט דאָרט זיין אַ גאַנצע וואָך. ביז ער וועט זיך דערוואַרטן אויף זיין ריי.

אַהין איז ער געפֿאָרן אין אַ בויד מיט אַ ייִדישן בעל־עגלה. אין אשמענע איז ער איינגעשטאַנען אין אַ ייִדישער ביליקער, ד״ה אָרימער אכסניה.

ווי נאָר די ברידער זענען אַוועק פֿון טאַטנס הויז און זענען געוואָרן זעלבסט־שטענדיק עקאָנאָמיש, האָבן זיי גלייך געענדערט זייער דיעטע, געוואָרן וועגעטאַר־יאַנערס, זיך אָפּגעזאָגט פֿון טרינקען טיי מיט צוקער. זיי האָבן געטרונקען געזאָטן וואַסער. געגעסן בלויז שוואַרץ, ראַזעווע ברויט.

אויפֿן וועג קיין אשמענע האָט מען זיך אָפּגעשטעלט, אַריין אין אַ פֿאַרפֿאָר־הויז, אַ קרעטשמע צו נעמען עפּעס אין מויל. אַנדערע האָבן דאָרט געקראָגן אַ שנעפּסל. א. האָט באַשטעלט אַ גלאָז הייס וואַסער און אַ שטיק ראַזעווע ברויט מיט אַ שטיקל פּוטער. אַלע האָבן זיך צוגעקוקט צו זיין טשיקאַווע עסן. איינער פֿון די פֿאָרערס, דווקא אַ גוי, קומט אַרויס מיט פֿאָרויסזאָגונג: אויב ער וועט אַזוי זיך פֿירן, וועט ער מיט דער צייט אָפּשפּאָרן אַ מטמון מיט געלט.

וו.׳ן האָט פֿון גוייִשקע הענט געראַטעוועט אַ מלאך. ווער וועט אים ראַטעווען? עס זענען פֿאַראַן גענוג מלאכים צו דינגען. דער סאלער סטאַראָסטע, וואָס שטעלט צו די מלאכים וווהין מע דאַרף און איז פֿון אָט־דער מלאכי־השרת־אַרבעט מפֿרנס זיין משפּחה און כאַפּט אַ גוטן שנעפּסל, איז אויך פֿאַראַן. זיין גאַנצע משפּחה באַ־שטייט פֿון אַ ווייב שוין איבער די מיטעלע יאָרן און צוויי מיידלעך, טעכטער. די עלטערע איז אַ מושלמת און זי איז זיין סעקרעטאַרן. זי איז געווען אַ גוטע קאַלי־גראַפֿיסטן. זי האָט אויסגעצירקלט די רוסישע בוכשטאַבן, אַז עס איז געווען ממש אַ מחיה אַ קוק צו טאָן אויף זיי. איבערהויפּט האָט זי זיך ספּעציאַליזירט אין אויסשרייבן שיין די צוויי ווערטער: „זשענאַט“, „כאָלאַסט“, אַ „באַווייבטער“, אַ „בחור“, מיט פּרעפֿערענץ פֿאַרן וואָרט „כאָלאַסט“. ווען זי פֿלעגט עס אָנשרייבן, האָט איר האַרץ געגעבן אַן איבעריקן פּולסאַציע־שלאָג. זי האָט שוין גערדאַרפֿט האָבן אַ „פֿריינט“. זי האָט זיך די אויגן אויסגעקוקט; זי האָט ווי געוואַרט, ער זאָל אַרויסקומען פֿון די מעטריקעס־פֿאַרשרייבעכצן און זיך פֿאָרשטעלן פֿאַר איר מיט אַ פֿאַרנויג און זאָל בעטן איר האַרץ און האַנט. אָבער ער האָט זיך ניט באַוויזן און זי האָט אָבער ניט אויפֿגעהערט צו וואַרטן.

מלאכים זענען געווען, אָבער קיין געלט איז ניט געווען, און אָן געלט טוט ניט אַ „מלאך“ קיין שליחות. אַזוי ווי די זין זענען שוין אַראָפּ פֿון זיין קעסט, האָט דער טאַטע, דער רב, ניט געפֿילט קיין התחייבות לגבי זיי, אַפֿילו בנוגע אַזאַ האַרבן ענין, ווי מיליטערדינסט.

איז ווי ראַטעוועט מען זיך פֿאָרט? א. איז געווען קורצזיכטיק, האָט ער גע־האָפֿט אַז די קורצזיכטיקייט וועט אים ביישטיין. ער האָט געטראָגן פּענסנעס ער האָט זיך זיי אַליין צוגעפּאַסט. מע האָט דעמאָלט אין זיין קרייז ניט געוווּסט פֿון אַן אָפּטאָמעטריסט.

ער איז אָבער אַריין צו אַן אויגנדאָקטער אין ווילנע און אים געפֿרעגט וועגן דעם צושטאַנד פֿון זיין ראיה און צי מע וועט אים פֿאַר אָט־דעם פֿעלער באַפֿרייען. דער דאָקטער איז ניט געווען אינגאַנצן זיכער.

מע רופֿט אויס אבאס כשרן נאָמען. ער איז אויסגעטאָן אדם באָקעט. קודם־כל גיט מען אים אַ שטעל אויפֿן ברעטל און מע מעסט אים אָפּ. שטעלט זיך אַרויס, אַז ער איז צו־קליין פֿאַר אַ זעלנער.

אַז די ישועה וועט קומען פון אַט־דער זייט, אויף דעם האָט זיך א. גאָרניט געריכט. דאָס איז געווען אַן אמת אנגענעמער סורפריז. אים איז קיינמאָל ניט איינגעפאַלן, אַז ער איז אונטער דער מינימאַלער זעלנערישער נאָרמע. צו די אויגן־אונטערזוכונג איז גאָר ניט צוגעקומען.

אין יאַגוסטאָוו, ווען אַבקע איז געווען אַ יינגל פון אַ יאָר זיבן, פלעגט צו זיי אין הויז, ד״ה צו זיין מוטער, אַריינקומען דער עלטסטער זון פון דער אָרימער אלמנה, וואָס איז געווען דער מוטערס פּראַטעזשע. ווען ער האָט זיך געדאַרפט שטעלן צום פּריזיוו, האָט ער זיך געצערט, ניט געגעסן, געטרונקען עסיק, גשלאָפן ווייניק און אויף קלעצלעך דערצו. דאָס זענען אַלץ מיטלען קעגן וואַקסן. אָבער אויסער דעם אַלעם האָט ער נאָך געשאַפן אַ געוויסע טעכניק, וועלכע ער האָט דעמאָנסטרירט ביי זיי אין הויז, דאָס איז געווען די קענטעניש, וואָס מע האָט אים אויסגעלערנט פאַר רבי־געלט, זיך איינצושרומפן, ווערן ניכרדיק קלענער, ממש, פאַר די אויגן. אויף אבקען האָט די „קונץ״ זיינע געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק. ער האָט זיך גאָרניט געקענט אָפּוווּנדערן פון דעמדאָזיקן מאָדנעם אויפטו: דאָס קענען איינלויפן ווי אַ שטיקל שטאָף נאָכן וואַשן. דער מענטש איז פשוט איינגעלאָפן.

אַט יענע דעמאָנסטראַציע האָט באַאיינפלוסט אַבקען און ער האָט זיך אונטערבאַוווּסטזיניק געשרומפן, זיך ניט געלאָזט וואַקסן נאָרמאַל, כדי ער זאָל ניט דאַרפן גיין דינען.

באַפרייט איז דאָך גוט, אָבער בלויז אויף אַ יאָר. זיי דערוואַרטן ער זאָל נאָך אונטערוואַקסן. דאַרף ער זיך שטעלן דריי יאָר נאָכאַנאַנד און איבערצייגן, אַז ער איז נאָך אַלץ צו קליין צו גיין דינען דעם „צאַר פּאַטערל״.

פון וואַקסן קערפּערלעך האָט א. גאָרניט געטראַכט. אים איז עס אין דער לינקער פּאה ניט געלעגן.

## 195

## די פרייע שול

ער איז געווען פאַרטאָן אין זיין וואַקסן אינטעלעקטועל און אין דער שולס וואַקסן־געדייען, און אַז די קינדער, וואָס קריגן דאָ אַ יִדישע דערציִונג, זאָלן וואַקסן און אויסוואַקסן פריי־דענקנדיקע מענטשן. לויט זייער שיטה האָבן די קינדער געדאַרפט זיין פריי איןביידע פשטים, אין פיזישן פשט, אָן אַ דיסציפּלין פון קאַנטשיק און אין גייסטיקן, אָן אַן אינטעלעקטועלן צוואַנגיאַק. אַט־די פאָדערונג פון אינטעלעקטועלער פרייהייט דאַרף מען באַפרידיקן אַפילו אין דער עלעמענטאַרער שול, אַפילו אין קינדערגאָרטן.

לשון איז אַן אינטרומענט. דאָס קינד דאַרף זיך אויסלערנען געברויכן ווי געהעריק אַט־דעם לינגוויסטישן געוועדקצייג. דאָס אַלץ. די רעגלען דאַרף ער אַליין שאַפן, אַליין אַנטדעקן. דער מענטש איז באַשאַפן געוואָרן אין צלם אלוהים, דאָס הייסט צו זיין אַ שעפער. ער הויבט־אָן מיט נאָכמאַכונג און גייט אַריבער צו־שאַפונג. אַ קינד איז אַ מענטש אין אַלע הינזיכטן בלויז אויף אַ קליינעם מאַסשטאַב, אין מיניאַטור. וויכטיק, זייער וויכטיק, איז דווקא דער אָנפאַנג, די ערשטע טריט

פון קינד. מחמת די ערשטע איינדרוקן זענען די שטאַרקסטע. ווייל מען האָבן פרייע מענטשן, מוז מען האָבן, קודם כל, פרייע קינדער, און פריי מיינט אָן דעם פיזישן קנוט און אָן אינטעלעקטועלן כאָמוט. די אָפּוועזנהייט פון דיסציפּלין אין שול איז בלויז אַ פאָרבאַדינג, וואָס איז זייער וויכטיק פאַרן לערער, וואָרעם כל־זמן ער וועט האָבן די מעגלעכקייט צו צווינגען, וועט ער קיין אויפקלערער, קיין מדריך ניט זיין, ער וועט אַראָפּזינקען צום מצב פון פּאָליציאַנט. מע טאָר דעם לערער אָט־די מעגלעכקייט ניט געבן. פאַר דעם בלינדן טאָר מען אַזאַ מכשול ניט לייגן. וויבאַלד ער וועט זיין אין אַ פּאָזיציע צו צווינגען די קינדער צום לערנען, וועט ער זיך ניט מיִען צו זיין אויף דער הויך פון זיין באַרוף אַלס פּעדאַגאָג, צו וואָס זאָל ער זוכן נייע וועגן, ווען דער אַלטער וועג פון אַריינקלאַפּן, אַריינשמייסן די תורה איז אָפן און לייכט צוגענגלעך פאַר אים.

אָבער ניט דאָס איז דער עיקר אין דער לערע וועגן דער פרייער שול.

כמעט אַז דער וועג פאַר די ברידער וו. און א. שוין אַן אָנגעצייכנטער. זיי פאַנגען אָן מיט שאַפן ביי ייִדן אַ נייע שול און אַ נייע פּעדאַגאָגיק. פאַרשטייט זיך, אַז די פּעדאַגאָגיק איז ניט קיין ספּעציפיש־ייִדישע; זי איז אַן אוניווערסאַלע. אָבער די סביבה, אין וועלכער זיי זענען טעטיק, איז אַ ייִדישע און אַ קליינשטעטלשע, דאָס הייסט, אַ רויִקע, און דווקא וועלן זיי שאַפן אַ נייע שול, וואָס וועט אָנווענדן די מאָדערנסטע פּעדאַגאָגישע מעטאָדן, נייע אויפטוערישע מעטאָדן, און זיי וועלן ווייזן די עלטערן, אַז אַפילו דידאַקטיש־מאַטעריעל, ניט בלויז אין שפּעפּרישער פּאָטענץ, נאָר אינפאַך אין דער סומע קענטעניש, וועלן זייערע תלמידים זיך אויסצייכענען און אַריבערשטייגן אַלע תלמידים, וואָס לערנען זיך אין די אַלטע חדרים אָדער אין די קלאָמפּערשטע רעפאָרמירטע חדרים, די אַזויגערופענע „חדרים מתוקנים".

פאַרקוקנדיק זיך אויף זיי האָבן שוין אַנדערע לערער געעפנט אין סמאַרגאָן צוויי חדרים מתוקנים.

זיי גייען שאַפן אַ טעאַטראַלן קינדערגאָרטן און אַ שול, וואָס וועט זיין אַ קינדער־טעאַטער. די סיפּורים פון דער תורה וועט מען ניט דערציילן, נאָר פאָרשטעלן. די דראַמע הייבט זיך אָן מיט דעם עלעמענטאַרסטן, דאָס הייסט, זי איז איינפּערזאָניק און האָט נאָך ווייניק אַקציע, אָבער זי באַשטייט פון אַ דערשיטערנדיקער איבערלעבונג. דהיינו, אַ קינד לויפט, פאַרטשעפּעט זיך אין עפּעס, ספּאָטיקעט זיך, פאַלט — און וויינט. עס פאַלט, מיינט עס שפּילט אין פאַלן, דאָס אייגענע — אין וויינען. דערנאָך קומט אַ צוויי־פּערזאָנען־דראַמעלע, דערנאָך אַ דריי־פּערזאָנען־פאָרשטעלונג. עס גייט אַרויף, מער דעטאַלן, מער מאָטיוון, מער פאַרוויקלטקייט פון סיטואַציעס.

די מעגלעכקייטן פון אָנווענדן די אַנטדעקטע פּרינציפּן זענען געווען איינגעענגטע. אָבער די באַאַרבעטונג פון די פּרינציפּן איז געווען אַ טיפגייענדיקע, אַ גרונטאָוונע. די באַזע איז געווען אי אַ פילאָזאָפישע און אי אַ סאָציאָלאָגישע. דאָס איז פאַרשטענדלעך, וואָרעם די ברידער גאָרדין זענען געקומען צו פּעדאַגאָגיק ניט בלויז פון אַ שטודיום פון פּסיכאָלאָגיע נייערט אויך פון אַ שטודיום פון סאָציאָלאָגיע און נאָך אַ גרינטלעכער באַקאַנטשאַפט מיט די ראַדיקאַלע באַוועגונגען אין רוסלאַנד און אין איראָפּע.

## 196

# ליבע צו די קינדער

וואָס איז מכוח א.׳ס געליבטער, דעם מיידל, וואָס ער האָט איבערגעלאָזן אין ווילקאָמיר?

ער האָט איר געשריבן בריוו, פון צייט צו צייט געכאַפּט און אַ בענק געטאָן. ניט מער. וואָרעם איצטער איז ער געווען פאַרליבט, און נאָך ווי פאַרליבט, אין דער נייער פּעדאַגאָגיק, אין דער שולע „עבריה״ און אין יעדן תלמיד און תלמידה, אין די ניט־פיל וווּנדערלעכע קינדערלעך, וואָס זענען געוואַקסן אונטער זיינע אויגן, און ער האָט באמת געזען, ווי זיי וואַקסן און אַנטוויקלען זיך.

ער איז געווען גליקלעך צו טיילן זייער קינדערש גליק. וואָס בעסערס און גרעסערס האָט ער געקאָנט טאָן ווי אַרויסראַטעווען פון גיהנום, וואָס הייסט חדר, איבער אַ צענדליק קינדער, און באַאָבאַכטן, ווי זיי נעמען־אויף זאַכן, פרעגן פראַ־געס און ענטפערן זיך אַליין.

אסתר גיטלין, אַ קליין מיידעלע, אויך איר ברודער, האָט געלערנט אין „עבריה״. זי איז געווען אַ חנעוודיקע ליכטיקע בלאָנדינקע. איין טאָג קומט זי אין שולע און גיט אַ פרעג דעם לערער א.:

ער לערנט זיי, די קינדער, אָבער ווער האָט אים געלערנט? — און תוך כדי דיבור ענטפערט זי: גאָט. צו אַזאַ דאַצענטישער טעאָלאָגיע, גאָט אין דער בחינה פון דעם לערער פון איר לערער, האָט זי זיך דערטראַכט.

די שולע איז געווען פריי. אַנדערע קינדער זענען געקומען פרי פאַרטאָג. אַנדערע פלעגן נאָכן אַוועקגיין אַהיים קומען צוריק. און די לערערס האָבן געהאַט אַ שטיקל דעליקאַטנע אַרבעט זיי משלח צו זיין אויף אַן איידעלן שטייגער.

די קלאַסן האָבן זיך אָנגעפאַנגען שפּעט, און זיך געענדיקט פרי, געדויערט גאָר ניט לאַנג.

אַ. און וו. זענען געזעסן פאַרשפּאַרט אין זייער צימער. זיי האָבן געשריבן. די קינדער האָבן צעטראָגן דאָס הויז כמעט אין בוכשטעבלעכן טייטש פון וואָרט. זייער שרייבן האָבן זיי אָנגענומען פאַר אַ טייל פון זייער לימוד־צייט. וואָרעם זיי האָבן געלייענט און געשריבן וועגן פּעדאַגאָגיק, וועגן די מעטאָדן, וואָס זיי גייען געברויכן, אַזוי אַז דירעקט דער שול, דאָס הייסט, דעם לימוד מיט די קינדער האָבן זיי אָפּגעגעבן ניט מער ווי דריי שעה אַ טאָג. זיי האָבן געהאַלטן, אַז דאָס איז איבערגענוג. פּראָדוקטיוויטעט, אין דעם פאַל פּועלהדיקייט, מעסט זיך ניט בלויז מיט צייט־דוראַציע. עס ווענדט זיך אָן דער טעכניק, וואָס ווערט אָנגעווענדט. זיי זענען געווען איבערצייגט אַז איין שעה אין „עבריה״ לויט זייערע מעטאָדן דאַרף געבן מער ווי אַ דריי שעהיקער לימוד אין אַן אַנדער שול, אַפילו נעמענדיק אין אָנבאַטראַכט בלויז דעם דידאַקטישן מאַטעריאַליזם, דאָס הייסט, אַקוויזיציע פון קענטעניש, די קוואַנטיטעט פון ידיעות, וואָס דער תלמיד אייגנט זיך אָן.

## 197

# רחל לאַמדאַנסקי און יאָשע לעוויטאַן

אויסער רחל לאַמדאַנסקי, וואָס האָט געהאָלפֿן דער שולע מיט וואָס זי האָט נאָר געקענט, האָט „עבֿריה" געהאַט אַ שטאַרקן אָנהענגער אין אַ מענטש מיטן נאָמען יאָשע לעוויטאַן. אָבער ער איז געווען אַ גאָר טשיקאַווער אָנהענגער. ער אַליין האָט געשיקט אין דער שול הן זיין זון און הן זיין טאָכטער. וועגן אַן אַנדער שול וואָלט אַפֿילו ניט אַ טראַכט געטאָן. ער האָט געהאַלטן, אַז קיין בעסערער לערנאַנשטאַלט ווי „עבֿריה" איז אויף דער וועלט ניטאָ. ער האָט געקוקט אויף די צוויי לערערס, וו. און א., ווי אויף מענטשן, וואָס זענען חוץ לשיטה, זיי גייט אין לעבן, אַז זיין זון און זיין טאָכטער און נאָך אַ צאָל זין און טעכטער פֿון אַנ־דערע עלטערן זאָלן דווקא זיך פֿריי אַנטוויקלען און אויסוואַקסן וויכטיקע מענטשן. זיי זענען זיך מקריבֿ פֿאַר פֿרעמדע קינדער. ניט נאָר ער און ניט די אַנדערע עלטערן פֿאַרדינען, אַז מע זאָל פֿאַר זיי עס טאָן, ער איז געווען איבערצייגט, אַז אָט־די צוויי לערערס זענען אַזעלכע גרויסע פּעדאַגאָגן, וואָס זייער גלייכן קען מען ניט געפֿינען אין גאַנץ רוסלאַנד. ער האָט אָבער געוואָלט, אַז קיינער אויסער אים, דעם מבֿין און פּקח, זאָל עס ניט וויסן. וואָרעם אויב דער ברייטער עולם וועט עס אויסגעפֿינען, וועלן זיי אַלע נעמען שיקן זייערע קינדער, אַזוי אַז פֿאַר זיין זון וועט דער לערער האָבן ווייניקער צייט און אויפֿמערקזאַמקייט.

פֿלעגט ער אַרומגיין און באַריידן די שול און זאָגן, אַז ער האָט חרטה וואָס ער האָלט זיין זון אין אָט־דער אויסטערלישער שול, וואָס איז קיין שול ניט און קיין חדר ניט, ווו מע לערנט ניט און די קינדער וועלן זיך גאָרניט אויס־לערנען אויסער שטיפֿן און שלאָגן זיך.

ער האָט געהאַנדלט ווי אַנדערע „קלוגינקע" שטאָט־חשובֿים האָבן זיך נוהג געווען בנוגע זייער מרא דאתרא. פֿאַרנדיק אין גרעסערע שטעט ווי זייער מקום האָבן זיי געטאַדלט זייער רבֿ, כדי מע זאָל זיך ניט דערוויסן, וואָס פֿאַר אַ גדול ער איז; וועט מען אים ניט אויסכאַפּן ביי זיי.

לעוויטאַן האָט געהאַנדלט מיט פֿלאַקס, מיט זעק. ער האָט אַלע מאָל זיך געמאַטערט אָרימער ווי ער איז געווען. ער איז אַלע מאָל, אָנפֿאַנג יעדן זמן, געקומען און אויסגעגניאַנטשעט אַ הנחה אונטער פֿאַרשיידענע תּירוצים.

אָבער אין תּוך, אין האַרצן, איז ער געווען אַן איבערגעגעבענער פֿריינט פֿון „עבֿריה". ער האָט מורא געהאַט, אַז די צאָל תּלמידים זאָל ניט אַראָפּזינקען צו אַזאַ מינימום, וואָס וועט מאַכן איר ווייטערע עקזיסטענץ פֿאַר אינגאַנצן אוממעג־לעך; וואָס ער האָט געוואָלט איז, אַז זיי זאָלן זיך מאַטערן, כּסדר גוססן, אָבער ניט, חלילה, שטאַרבן. טאָמער האָט ער באַמערקט אַז זי צאַנקט און באַלד גייט זי אויס, האָט ער פֿאַרקאַטשעט די אַרבל, זיך אַריינגעוואָרפֿן אין דער אַרבעט פֿון לויפֿן צו עלטערן, ריידן מיט זיי און איבערריידן, זיי, אַז זיי זאָלן אומבאַדינגט שיקן זייערע קינדער, כּדי צו פֿאַרזיכערן די שולע פֿון אונטערגאַנג.

## 198

# אַבאס געליבטע שטאַרבט

אַבא האָט געקראָגן אַ בריוו, אַז זיין געליבטע קומט קיין ווילנע. זי און איר פאָטער און איר שוועסטער קומען זען אַ חתן פאַר דער שוועסטער. לכן וואָלט ער אפשר קענען קומען צופאָרן אויף אַ פּאָר טעג.

ער איז געקומען. זי האָט זיך דערפרייט מיט אים. ער האָט זיך מחיה געווען, זיך געקוויקט מיט אירע קושן.

איר פאָטער האָט פּרובירט ריידן מיט אים וועגן תכלית, וועגן פאָרן אין אויסלאַנד שטודירן און אויסשטודירן אויף דאָקטער און זיך איינאָרדענען. אָבער אַ. האָט זיך פאַרשטאָפּט די אויערן. ער האָט גערעדט מיט גרויס באַגייסטערונג וועגן זיינע אויפטוּונגען אויפן געביט פון פּעדאַגאָגיק, וועגן די ווערק, וואָס זיי גרייטן צו צום דרוק. זיי גייען מאַכן אַ רעוואָלוציע אין דערציִונג. אַ. האָט גערעדט מיט ענטוזיאַזם, מיט התלהבות; יענער האָט געהאַט גענוג טאַקט אים ניט איבער־צושלאָגן און גענוג שכל צו באַגרייפן, אַז ער האָט פאַר זיך אַ מענטשן, וואָס האָט זיך אָפּגעגעבן צו אַ הייליקער זאַך, פון וועלכער קיין כוח וועט אים ניט קענען אָפּרייסן, און זיין טאָכטער אַוודאי ניט.

אַבא האָט פאַרבראַכט מיט זיין געליבטער איין טאָג. ער איז אַוועקגעפאָרן אַ פאַרבענקטער נאָך זיינע קינדערלעך אין „עבריה".

אַ קורצע צייט נאָך דערדאָזיקער באַגעגעניש איז אָנגעקומען אַ בריוו, אַז פעשקע איז געשטאָרבן. די שוועסטער, דערקענענדיק גאָכן קאָנווערט נאָך, אַז דער בריוו אַנטהאַלט אַ שלעכטע בשורה, האָבן דעם בריוו געעפנט, געלייענט און אַבאַן ניט אויסגעזאָגט. ער האָט זיך זייער געחידושט, וואָס זי ענטפערט ניט אויף זיינע בריוו. אָבער ער האָט ווייטער און ווידער געשריבן. אַזוי זענען אַוועק עטלעכע חדשים. די עלטערן האָבן געהאַט גרויס עגמת־נפש פון זיינע בריוו, וואָס האָבן זיי געהאַלטן אין איין דערמאָנען וועגן זייער פאַרלוסט. אַז זיינער אַ בריוו פלעגט אָנקומען, האָט די מוטער אויסגעבראָכן מיט אַ פרישן געיאָמער. זיי האָבן עס מער ניט געקענט אַריבערטראָגן. האָט די עלטערע שוועסטער אָנגעשריבן אַ בריוו צו אַבאס שוועסטערס, אַז זיי זאָלן זען צו לאָזן אים וויסן וועגן דער אבידה און ער זאָל אויפהערן שיקן זיינע ליבעבריוו.

אָט־די אומאָנגענעמע אויפגאַבע האָט אויף זיך גענומען זיין מיטעלע שוועס־טער, רחל. זי האָט געבעטן אבאן גיין מיט איר אויף אַ שפּאַציר. דרך־אגב האָט זי פאַרוואָרפן אַ פראַגע מכוח דעם, צי ער קריגט בריוו פון זיין געליבטער. אַז ער האָט איר געזאָגט, אַז ער קריגט ניט קיין בריוו, האָט זי ווייטער געפרעגט, ווי לאַנג ס'איז זינט זי האָט אויפגעהערט צו שרייבן. פון אירע פרעגענישן און אירע געהיימענישפולע צושוויגענישן האָט אַ. זיך אָנגעשטויסן, אַז עפּעס טראַ־גישס האָט פּאַסירט. האָט ער איצט אין זיין ריי זי געפרעגט, וואָס זי וויס וועגן זיין געליבטער. זי איז אַרויס מיטן אמת.

## 199

# די ערשטע שוואַלבן

דער קריזיס איז שוין אַריבער.

די שולע „עבריה“ נעמט ווערן פּאָפּולער. דאָס אייז איז געבראָכן. אין שטעטל רעדט מען וועגן „עבריה“ מיט סימפּאַטיע און אַפילו מיט שטעטלשן פּאַטריאָטישן שטאָלץ, ווי וועגן אַ וויכטיקער אינסטיטוציע.

אין פאַרלאַג „נייע פּעדאַגאָגיק“ איז דערשינען אַ ביכל, אין וועלכן עס באַטייליקן זיך די צוויי בעסטע תּלמידים פון „עבריה“, פּנחס לאַמדאַנסקי מיט פּאָעמען און צבֿי־הירש לעוויטאַן מיט אַ דערציילונג. דאָס ביכל טראָגט דעם נאָמען „ספרות הילדות“ און אַ מאָטאָ: פון קינדער צו קינדער (מילדים — לילדים).

לאַמדאַנסקי, רייזנדיק צוליב זיינע געשעפטן איבער רוסלאַנד, איז דורכגעפאָרן אָדעס. האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און איז אַוועק זען ביאַליקן. ער האָט ביאַליקן געגעבן דאָס ביכל מיט די לידער פון זיין זון. ביאַליק האָט זיך ניט געקענט אָפּחידושן. ער האָט ניט געפונען גענוג ווערטער צו רימען די לידער.

לאַמדאַנסקי איז געקומען צוריק אַ צעפלאַקערטער מיט באַגייסטערונג. פּריילינגצייט, „זמן שמחתנו“ פאַר „עבריה“ און אירע שטיצערס. „די, וואָס האָבן אויסגעהאַלטן ביזן סוף“, זענען מער ווי געראַטעוועט; זיי האָבן אויסגעפירט; זיי דערלויבן זיך אָפּצושפּאָטן פון די, וואָס זענען פּחדנותדיק אַנטלאָפן. די אַנטלאָפענע אויפנעמען צוריק האָט מען ניט געקענט. די מלמדים האָבן זיי שוין אַזוי צעמזיקט, אַז מע קען זיי שוין גאַנץ ניט מאַכן. האָבן די אייגענע עלטערן, די „בורחס“, געשיקט איצט אין „עבריה“ די ייִנגערע קינדער זייערע, וואָס דער עול פון חדר איז נאָך ניט אַרויף אויף זיי.

די שולע האָט גענומען קומען צו זיך קוואַנטיטאַטיוו און פינאַנציעל.

דער ערשטער שוואַלבבאַזוכער איז געווען א. ליטווין. ער איז אַרומגעפאָרן איבער די שטעט און שטעטלעך, זיי באַשריבן און צוגעשיקט זיינע קאָרעספּאָנדענציעס צום „פאָרווערטס“. ער האָט געהאַט אַ קאָרעספּאָנדענץ וועגן „עבריה“. ער האָט עקזאַמינירט די קינדער. געווען פאַרוווּנדערט און איבערגעוועלטיקט פון זייער וויסן און אַנטוויקלקייט.

דערנאָך איז געקומען ש. י. אַנסקי, דער מחבר פון „דיבוק“. ער איז געפאָרן איבערן לאַנד און געקליבן ייִדישן פאָלקלאָר, פאָלקסלעגענדעס, לידלעך. ער האָט געהאַלטן אין סמאַרגאָן אַ פאָרטראַג אין רוסיש. אין ייִדיש האָט מען ניט דערלויבט. עס איז געקומען אַ גאָר היפשער עולם. אויך די ברידער וו. און אַ. זענען געקומען הערן, וואָס ער האָט צו זאָגן. אין פּעריאָד פון פראַגן און אויסזעצונגען האָט וו. זיך געשטעלט ריידן, דאָס הייסט, אָפּאָנירן. מע האָט געמוזט ריידן אויסשליסלעך אין רוסיש. דערביי איז געווען דער פּריסטאַוו. ער האָט וו.׳ן אָפּגעשטעלט. דער פּריסטאַוו האָט געלערנט דעם פּשט אַזוי: וויבאַלד דער לעקטאָר קומט פון פּעטערבורג, איז ער אַ מין קרובֿ למלכות און דאָס ריידן קעגן אים דאַרף פאַררעכנט ווערן ווי אַ מין בונטאַרישער אַרויסטריט. אַוועקפאָרנדיק און באַ־

שרייבנדיק די שטאָט, האָט ער דערמאָנט די שול צום גוטן, דאָס הייסט, ער האָט געשריבן, אַז אין שטאָט האָט מען זי געריכמט פאַר אים. ער אַליין האָט זי ניט באַזוכט.

געקומען מיט אַ באַזוך איז דער פּעדאַגאָג י. י. גלאַס, דער מחבר פון „החדר", וואָס „חברת מפיצי השכלה" האָט אַרויסגעגעבן. ער האָט געלאָזט הערן גאָר אַ געהויבענעם אָפּרוף וועגן דער שול.

י. י. גלאס איז געווען אַ טשיקאַווער טיפּ. ער איז געווען באַהאַוונט אין טעאָ־רעטישער פּעדאַגאָגיק, אָבער אַלס לערער אין אַ שול האָט ער זיך לחלוטין ניט אויסגעטויגט. ער איז געקומען אין שול „עבריה" טאָגטעגלעך צוקוקן זיך צו די לימודים און איז אַוועקגעגאַנגען אַ פאַרחידושטער.

ער איז געווען אַ קבצן אין זיבן פּאָלעס. מע האָט געדאַרפט צונויפקלייבן פאַר אים אויף הוצאות צו פאָרן ווייטער און אויך באַצאָלן פאַר אים אין אכסניה.

עס זענען געקומען באַזוכן די שול סתם ייִדן, אויך לערערס פון די שטעט און שטעטלעך פון דער אַרומיקער געגנט. מע איז געגאַנגען „אויף חידושים".

פון ווילנע איז געקומען צופאָרן דער פּעדאַגאָג האָכבערג, אין קליעצקינס פאַרלאַג זענען דערשינען זיינע לערנביכלעך פאַר ייִדישע שולן. ער איז געווען אַ קולטורטוער מיט אַ היפּשן נאָמען. זיין אַראָפּקומען ספּעציעל צו באַזוכן די שול איז געווען אַ באַווייז, אַז זי נעמט ווערן באַקאַנט צווישן דער ייִדישער אינטעלי־גענציע, אַפילו צווישן די ייִדישיסטישע ראַדיקאַלע קרייזן.

האָכבערג האָט פאַרבראַכט אַ פּאָר טעג, זיך צוגעקוקט צו די לימודים און ער איז אַוועקגעפאָרן אַ באַגייסטערטער. אים האָט געבריענט, הלמאי די שול איז ניט אין ייִדיש.

## 200

## דער אויסטער און די פּערל

נאָך דעם באַזוך איז אַ., ווען ער איז געקומען קיין ווילנע, געווען אַן אָפטער גאַסט ביי די האָכבערגס. ער האָט זיך באַפריינדט מיט זיין פרוי, לאה האָכבערג. ער איז געווען מער קולטורטוער ווי לערער, זי איז טאַקע געווען אַ פּעדאַגאָג. זי האָט געהאַט אין ווילנע אַ פּריוואַטן קינדערגאָרטן. קיין ייִדיש האָט זי ניט גע־קענט; זי איז געווען אַ געבוירענע און אַ דערצויגענע אין מאָסקווע, געווען אַ דיפּלאָמירטע רוסישע לערערין. זי איז גאָר געווען באַגייסטערט פאַר די פּעדאַ־גאָגישע דרייסטע אויפטועז פון די ברידער גאָרדין. ווען אַ. איז געקומען קיין ווילנע, און ער פלעגט אַהין אָפּט צופאָרן צוליב זייערע פאַרלאַג־אָנגעלעגנהייטן, פלעגט ער אָפּזיצן ביי די האָכבערגס גאַנצענע אָוונטן ביז שפּעט אין דער נאַכט און באַהאַנדלען פּעדאַגאָגישע פּראָבלעמען.

אַ. האָט געגומען באַגריפן, אַז אין זייער פאַל מיט דער שול „עבריה" איז עס די מעשה פון דעם אויסטער און דער פּערל.

ווען זיי וואָלטן נאָך אַלץ געווען פאַרברענטע העברעיִסטן, וואָלטן זיי ניט געדאַרפט זוכן קיין באַרעכטיקונג פאַר זייער „חדר מתוקן"; זיי וואָלטן געפונען זייער פול סאַטיספאַקציע אין דער טוגנטהאַפטיקער אונטערנעמונג צו פאַרשפּרייטן

העברעיִש, לערנען די קינדער ריידן דאָס נאַציאָנאַלע לשון, וואָס דער צוועק איז שוין געווען, כדי זיך אָפּצוגעבן מיט אים און זיך איבערגעבן צו דעם בלב ונפש.

זיי זענען אָבער אין דער צייט שוין קיין העברעיִסטן ניט געווען. איז וואָס פאַר אַ גייסטיקן אינטערעס האָבן זיי געקענט געפינען אין „חדר מתוקן?" וואָס פאַר אַן אַטראַקציע פאַר זיי האָט די שול „עבריה" געקענט פאָרשטעלן? האָבן זיי לכן געמוזט שטעלן דעם טראָפּ ניט אויפן „חדר", נייערט אויפן „מתוקן". „רעפאָר־מירט" ניט אין פשט פון פלאַפּלען העברעיִש, נייערט רעפאָרמירט אין פולן טייטש פון רעפאָרמירטער דערציִונג. אַזוי ווי זייער לאַגע, מער פּינקטלעך, דאָס לשון האָט זיי געראָפּעט, איריטירט, האָבן זיי זייער אונטערנעמונג צוגעדעקט מיט עפּעס גאָר וויכטיקס, מיט פּעדאַגאָגישע אויפטואונגען.

די אומנאָרמאַלקייט פון זייער פּאָזיציע, דאָס, וואָס זיי האָבן „זיך אַריינגעזעצט ניט אין זייער שליטן", האָט זיי גייסטיק געצוווּנגען צו באַאַרבעטן דעם שליטן אַזוי, אַז ער זאָל יאָ ווערן זייערער, די אידעאָלאָגישע „אומבאַקוועמלעכקייט" פון זייער מצב, אויב מ'קען זיך אַזוי אויסדריקן, האָט זיי סטימולירט צום שאַפן, צום אויפטאָן, צום ווערן פּעדאַגאָגן אין דעם העכסטן באַטייט פון דעם באַרוף און ניט בלייבן העברעיִשע לערערס סתם. זיי זענען געוואָרן רעפאָרמאַטאָרס פון דערציִונג בכלל, אויסגעאַרבעט אַ פּעדאַגאָגישע דרייסט־ראַדיקאַלע סיסטעם.

## 201

## מיט אַ טאָפּלטער מיסיע קיין וואַרשע

.1912

ווי שוין דערמאָנט אויבן, האָט אַ. צוגעטראַכט אַן „אלפון משחק", לכן איז ער אַוועקגעפאָרן קיין וואַרשע, ווו עס האָבן זיך קאָנצענטרירט די ייִדישע פאַרלאַגן, פאַרקויפן זיין „אויפטו". אָבער ער האָט אויך געהאַט נאָך אַ שליחות צו דערליידיקן אין וואַרשע.

נאָך דעם דערשיינען פון זייער „ספר אל הגולה", האָבן זיי זיך פאַראינטעט־רעסירט מיטן ייִדישן לשון און זיין גראַמאַטיק. זיי האָבן אַרויסגעגעבן אַ קליין ביכל וועגן די ייִדישע אָפּנויגונגען פון הויכדייטש און זיי האָבן פאָרגעלייגט, מע זאָל טאָן צוויי זאַכן: אַריינגעמען אין ייִדיש וואָס מער העברעיִזמען בכדי צו פאַר־שטאַרקן די נאַציאָנאַלע וואָרצלען, און אויך שאַפן אַ פאָנעטישע אויסלייגעכץ (די פאָנעטישע אויסלייגעכץ איז בעיקר געווען דער געדאַנק פון אַ. ג.) און זען וואָס שנעלער פּטור צו ווערן פון דער דייטשמערישער אָרטאָגראַפיע.

האָבנדיק אָט־די צוויי זאַכן אין זינען, — דעם „אלפון משחק" און די רע־פאָרמירונג פון ייִדיש, איז א. ג. אָפּגעפאָרן קיין וואַרשע. ער האָט געהאַט מיט זיך אַ פּראָספּעקט, וואָס לאָזט וויסן וועגן דעם בקרובדיקן דערשיינען פון אַ „חודשניק" דאָס הייסט, אַ חודש־שריפט מיטן נאָמען „דער יונגער ייִד". אָט־די שריפט האָט באַדאַרפט דערשיינען אין דער נייער אויסלייגעכץ. אַ. ג. האָט געהאַט בדעה ווייזן דעם פּראָספּעקט י. ל. פרצן און הערן זיין מיינונג וועגן דער אונטערנעמונג.

ביי דער צייט זענען שוין די פּעדאַגאָגישע ביכלעך פון די ברידער ג. געוואָרן

באַקאַנט. ניט בלויז לערערס פון די אַרומיקע שטעטלעך האָבן זיך נאָכגעפרעגט אויף זייערע אויסגאַבעס, נאָר עס זענען אָנגעקומען באַשטעלונגען פון אַזוי ווייט ווי דרום־אַפריקע, אויסטראַליע. פיל בריוו פון פּעדאַגאָגן זענען אָנגעקומען מיט אָנפראַגעס וועגן פאַרשיידענע פּרטים פון זייער אופן לערנען. עס איז דערהאַלטן געוואָרן אַ בריוו פון יצחק עפשטיין פון ארץ־ישראל, דער הויפּטקעמפער פאַר „עברית בעברית". ער האָט געוואָלט וויסן מער וועגן זייער שריפט.

אַ. ג. האָט טאַקע געוואָלט זיך טרעפן מיט די וואַרשעווער פּעדאַגאָגן און זיך דורכשמועסן מיט זיי. אין וואַרשע איז געווען אַלטערמאַן; ער האָט געהאַט אַ קינדערגאָרטן און קורסן פאַר פרעבליסטנס; אויך האַלפּערן האָט געהאַט אַ שול און קורסן פאַר פרעבליסטנס. ש. ל. גאָרדאָן האָט געהאַט זיין באַרימטן חדר מתוקן, אויך קאַפּלאַן און פּוגאַטשאָוו זענען געווען גוט באַקאַנט אין וואַרשע מיט זייערע רעפאָרמירטע חדרים.

הלל צייטלין האָט געשטורעמט קעגן דעם חדר מתוקן. ער איז אַרויס מיט אַ סעריע צייטונגס־אַרטיקלען אונטערן נאָמען „ווי מאַכט מען אונדזערע קינדער פאַר ייִדן?" דאָס איז געווען ממש אַ קרייצצוג קעגן די נייע מעטאָדן פון לערנען, קעגן עברית בעברית. עס האָט זייער פיל שאָדן אָנגעטאָן דעם נייעם העברעיִשן שולוועזן. אַרום יענער צייט, אַביסל פריִער, איז הלל צייטלין פּלוצלונג פרום געוואָרן און ער האָט געפונען חן און לייטזעליקייט אין די אויגן פון פרומען פּובליקום צייטונג־לייענערס.

אַז אַ. ג. איז געקומען קיין וואַרשע, האָבן אים די פּעדאַגאָגן זייער וואַרים אויפגענומען. דער קבלת־פּנים אָוונט איז פאָרגעקומען ביי אַלטערמאַנען. דער פאָרזיצער איז געווען ש. ל. גאָרדאָן. עס האָט אים באַגריסט די עליט פון דער לערערשאַפט.

## 202

## אלפון משחק

אַבא איז געווען ביי קאַפּלאַנען. ער האָט אים באַוויזן דעם „אלפון משחק". אים איז עס שטאַרק געפעלן געוואָרן. האָט ער עס זייער וואַרים רעקאָמענדירט צו פישל ליאַכאָווערן. ליאַכאָווער מיט צמחן,ביידע געוועזענע חסידישע מענטשן, האָבן געשאַפן אַ פאַרלאַג אונטערן נאָמען „ספרות". פ. ליאַכאָווער איז געווען אַ פיינער זיידענער יונגערמאַן.

אין סמאַרגאָן איז אַ. ג. אַרומגעגאַנגען, — אויב ער איז אַמאָל געגאַנגען, ס'רוב איז ער געלאָפן, פאַר גיין איז ניט געווען קיין צייט, צופיל פאַרנומען געווען, — אָפּגעריסן. וואָס האָט ער זיך געהאַט צו פּוצן? אַלע האָבן אים געקענט. קיין שידוך האָט ער ניט געזוכט. אויב ער איז ניט געפעלן געווען די מיידלעך, האָט עס אים ניט געקימערט. אָבער אַז ער אַרויסגעפאָרן קיין וואַרשע האָט ער זיך אויסגעפּוצט אין אַ גוטן זומערדיקן אָנצוג און אין אַ זומערדיקן הוט און אויבערמאַנטל. מיט זיינע שאַטען־וואָנצעס, וואָס זענען געווען פאַרדרייט אויף אַרויפצו און פאַרשפּיצט, האָט ער אויסגעזען ווי אַן עכטער פּוילישער פראַנט. ער האָט שטאַרק געהאַלטן פון דער לעבנס־חכמה, וואָס איז אויסגעדריקט אין פאָלקס־

ווערטל. דאָס רוסישע ווערטל זאָגט: אַז מע באַגעגנט אַ נייעם אומבאַקאַנטן מענטש, אורטיילט מען אים לויט זיין קליידונג.

אין 1912 זענען די ברידער ג. שוין געווען פינאַנציעל ווייט פון דער „הונ־געריליניע". זיי האָבן געהאַט אין באַנק איבער טויזנט רובל און אַ. ג. האָט מיט זיך מיטגענומען אַ פּאָר הונדערט רובל אין קעשענע „על כל צרה שלא תבוא", מאַלע וואָס עס מאַכט זיך אין וועג.

אַלטערמאַן איז געווען אַ טייערער מענטש. אַ חסיד אין בעסטן טייטש פון וואָרט. מיט אַ ברען, מיט האַרציקער פריינטשאַפט. אַ. ג. מיט אים זענען געוואָרן ידידים פון דער ערשטער באַגעגעניש. ער איז אַלעמאָל געווען פאַרענגט אין געלט. אַז ער האָט זיך דערוווּסט, אַז אַ. ג. האָט ביי זיך אַ פּאָר הונדערט רובל, האָט ער גלייך געבעטן ביי אים אַ הלוואה. אַ. ג. האָט אים מיט פאַרגעניגן געגעבן דעם גמילת־חסד. ערשטנס: כדי אים צו טאָן אַ טובה, צווייטנס: ער האָט טאַקע אַביסל מורא געהאַט אַרומצוגיין איבער וואַרשעווער גאַסן מיט געלט אין קעשענע. וואַרשע איז געווען באַרימט מיט אירע קעשעניקעס.

אַ. ג. איז אַוועק צו ליאַכאָווערן, דאָס הייסט, אין פאַרלאַג „ספרות". ער האָט דאָרט געפונען שלום אַשן. אין „ספרות" איז דעמאָלט אַרויס אַשס אַ זאַמלבוך פון קורצע דערציילונגען אין אַ העברעיִשער איבערזעצונג. אַש איז געווען יונג און שיין. פּשוט, אַ ברכה צו מאַכן אויף אים. אַ. ג. האָט ניט געקענט די אויגן אָפּרייסן פון אים.

פּ. ליאַכאָווער האָט ניט געמאַכט קיין שהיות. האָט אָנגעשריבן אַ קאָנט־ראַקט, זיך מתחייב געווען צו צאָלן צוועלף פּראָצענט „ראיאל" פון נאָמינאַלן פּרייז פון פאַרקויף, געגעבן אַן אַוואַנס פון 600 רובל, 300 מזומן און 300 אין וועקסלען אויסצוצאָלן מיט זעקס חדשים שפּעטער.

אַלטערמאַן האָט געראַטן אַ. ג. צו דיסקאָנטירן די וועקסלען, פאַרלירן דעם פּראָצענט פון זעקס חדשים און פּטור אַן עסק. אַבאַן האָט זיין עצה ניט גענומען. האָבן צו טאָן מיט די וועקסל־דיסקאָנטירערס, וועלכע זענען אין זיינע אויגן געווען האַלבע צי גאַנצע שווינדלער, האָט ער געהאַלטן פאַר ניט פּאַסיק. (האָט ער טאַקע פאַרלאָרן די 300 רובל, וואָרעם „ספרות" האָט צום סוף באַנקראָטירט. אָבער דאָס איז אַ שפּעטערדיקע פּאַסירונג).

האָט אַ. ג. זיין מיסיע ווי אַ פּעדאַגאָג אינגאַנצן דערליידיקט מיט דערפאָלג. ער האָט באַזוכט האַלפערינען און פוגאַטשאָוון, וועלכע האָבן אים אויפגענומען וואַרעם־פריינטלעך.

ער איז צו זיי געפאָרן מיט זיין שוועסטערקינד מערי מעלאַמעד, אַ יונג שיין מיידל, וואָס האָט שטודירט אויף צאָנדאָקטאָריי. זי איז גאָר געווען גערירט פון די פריינטלעכע אויפנאַמעס, וואָס זי האָט געקראָגן פון די וואַרשעווער „באַרימט־קייטן". זיי האָבן זיי פאַרבעטן בלייבן ביי זיי אויף די זומערוווינונגען אויף איבער־נעכטיקן. זי האָט זיך איבערצייגט, אַז איר קוזין איז אַ „גדול בישראל". זי האָט ממש אָנגעקוואָלן פון נחת.

## 203

## ביי הלל צייטלין אין הויז

אָבער וועגן דעם אויסלייג און דעם זשורנאַל איז די זאַך צוגעגאַנגען גאַנץ שווערלעך.

ווער איז עס געווען דער אַרויסגעבער פון דער חודש־שריפט?

ווען א. ג. איז געקומען צופאָרן אין ווילנע, כדי צו מאַכן די לעצטע קאָרעקטור פון די העפטן, וואָס זיי האָבן אַרויסגעגעבן, האָט ער צופעליק באַגעגנט אַבראַשען פון ווילקאָמיר. זיי האָבן זיך דערפרייט איינער מיטן אַנדערן, זיך צעשמועסט. ערשט ער געפינט זיך אין ווילנע און אַרבעט ווי אַ דרוקער אין אַ טיפּאָגראַפיע. אַ. ג. האָט אים צוגערעדט צו נעמען אַרויסגעבן אַ מאָנאַטלעכע שריפט. קיין גרויסע פינאַנציעלע ריזיקע איז דערביי ניטאָ. ער האָט צוגעשטימט.

מיט דער נייער אָרטאָגראַפיע איז געווען צרות.

הלל צייטלין האָט פון דעם גאַנצן ענין קיין ווען ניט געמאַכט. ער האָט ניט געהאַלטן, אַז עס לוינט זיך אָפּצוגעבן מיט אַזאַ קלייניקייט, אַן אות אַהער, אַן אות אַהין — ס'איז גאָרניט שבגאָרניט. ביי אים איז רעכט געווען אויסלייגן אַזוי און אַנדערש, וואָס איז די נפקא מינה. ער האָט זיך געחידושט, וואָס א. ג. נעמט עס אַזוי ערנסט, ווי עס וואָלט זיין אַן עיקר־זאַך. אַן אַנדער שרייבער, וואָס איז געווען דערביי, ווען אַ. ג. האָט זיך צערעדט מכוח דער אַלטער און נייער אָרטאָגראַפיע, האָט זיך קאַטעגאָריש אַרויסגעזאָגט קעגן דעם פּאָנעטישן אויפטו, וואָרעם אויב אַזוי, וועלן דאָך אַלע לייכט קענען שרייבן.

אַ. ג. האָט זיך פאַנאַנדערגעלאַכט. דאָס איז דאָך עס. מע וויל דאָך מאַכן אַזוי, אַז אַ מענטש פון פאָלק זאָל זיין לייכט אָנצושרייבן אַ פּאָר ווערטער. און אויך אַז די קינדער, וואָס לערנען זיך יידיש, זאָל אָנקומען לייכט דאָס שרייבן אָן גרייזן.

ביי הלל צייטלינען איז אַ. ג. געווען עטלעכע מאָל. צייטלין האָט פאַרפירט אַ געשפּרעך מיט אַ. ג. וועגן דעם ספרל „אַ מגילה צו די ייִדן אין גלות".

הלל זאָגט צו א. ג.'ן:

— אַן אינטערעסאַנט ביכל, אָבער דאָרטן זענען דאָ אויך נאַרישקייטן.

אַ. ג. ענטפערט מיט יוגנטלעכער עזות:

— און אין אייערע שריפטן פעלן נאַרישקייטן?

הלל צייטלין קוקט אים אָן און שוויגט, ווי איינער זאָגט: וואָס זענען דאָס פאַר אַ חוצפּהדיקע ריידן?!

אַ. ג. פילט, אַז ער דאַרף פאַרגלעטן דאָס אַרויסגעזאָגטע.

— נאַרישקייטן איז דער צומיש, אָן וועלכן דאָס גאָלד פון חכמה קען זיך ניט באַגיין. די פראַגע איז בלויז וועגן דער פּראָפּאָרציע, וויפל חלקים נאַרישקייט און וויפל חלקים חכמה, אָבער פון נאַרישקייט לחלוטין איז קיין זוערק ניט פריי, ווי עס איז ניט פאַראַן אַ צדיק, וואָס זאָל זיין אינגאַנצן אָן אַ שמץ זינד.

די איינציקע באמת ייִדישע ליטעראַרישע שטוב איז געווען ביי הלל צייטלינען.

הלל האָט אָפּגעגעסן וועטשערע און גענומען עפּעס מורמלען, דאָס איז געווען זיין בענטשן נאָכן עסן.

אַ. ג. גיט אַ זאָג:

— ביי אונדז בענטשט מען ניט אַזוי. אַט־אַזוי שילט מען זיך.

הלל צייטלין האָט גערעדט מיט תרעומות און אויפגעבראַכטקייט, וואָס אין די צייטונגען באַפאַלט מען אים, מע דערציילט מעשיות וועגן אים, אַז מע האָט אים געזען עסן אין אַ בופעט אויף אַ סטאַנציע טריפות אום יום־כיפור. אים פאַר־דריסט זייער, וואָס קיינער נעמט זיך פאַר אים ניט אָן. און ער פרעגט אַ. ג.׳ן פאַר־וואָס זאָל ער אים ניט פאַרטיידיקן.

אַ. ג. מאַכט די אָנפאַלן אויף אים צו קליינגעלט. עס האָט ניט קיין ממשות, מאַלע, וואָס מע שרייבט. קיינער הערט זיך ניט צו צו די רכילותן און באַריידע־רייען־באַשרייבערייען. עס איז לשון־הרע גערעדט און געשריבן. ס׳האָט קיין שום האַפט און ער דאַרף זיך עס צום האַרצן ניט נעמען.

איצט נעמט צייטלין ריידן וועגן דעם זשורנאַל און דעם נייעם אויסלייג. מע וועט פון דעם אָפּחוזקן. ער זאָגט.

— איך האָב ניט קיין מורא פאַר קיין קריטיק, ווי שאַרף קעגנעריש זי זאָל ניט זיין; איך האָב אָבער מורא פאַר אָפּלאַכן, אָפּשפּאָט.

אַ. ג. ענטפערט אים גלייך:

— און איך האָב פאַר דעם אויך קיין מורא ניט. ווען איינער איז גערעכט, קען קיין אָפּלאַכעריי גאָרניט טאָן. דער אָפּלאַכער בלייבט צום סוף דער אויס־געלאַכטער.

דאָס איז אַלץ, וואָס האָט פּאַסירט, ווען אַ. ג. איז געווען ביי הלל צייטלינען. אין קיין אַנדער פּלאַץ אויסער זיין הויז האָט ער הללן ניט באַגעגנט. מער האָט ער מיט הלל צייטלינען אין וואַרשע ניט גערעדט.

## 204

## אלחננס בבא־מעשיות

גאָר אַן אַנדער בילד־באַריכט גיט אַלחנן צייטלין, הלל צייטלינס זון, וועגן אַט־די באַזוכן און שמועסן.

לשם פּיקאַנטקייט און סענסאַציע טראַכט ער אויס זאַכן, איגנאָרינדיק לחלוטין די ווירקלעכע געשעענישן. פאַר אַן אַנטשולדיקונג, צו אַ געוויסער מאָס, קען דינען דער אומשטאַנד, וואָס אין 1912, בעת אַ. ג. האָט באַזוכט זיין פאָטער ביי זיי אין הויז, איז ער נאָך געווען זייער יונג. ער האָט פון יענער צייט, הפנים, גאָרניט געדענקט, האָט ער דעם בלויז אין זכרון אויסגעפּילט מיט פאַנטאַסטישע אויס־טראַכטענישן.

אָט וואָס ער שרייבט:

„פלעגן זיי כסדר איינטענהן מיטן טאַטן, וועלנדיק אים געווינען פאַר זייער אידייע. דער טאַטע פלעגט אָפט שמייכלען אין דער געדיכטער באָרד אַריין, ווען זיי האָבן אים גענומען איבערצייגן, אַז אייגנטלעך איז שוין משה רבינו געווען אַן אַנאַרכיסט, און דווקא אַן אַנאַרכיסט לויט זייער אויפפאַסונג. אָבער דאָך האָט

ער די ברידער גאָרדין געהאַלטן פאַר אָריגינעלע קעפּ און מיט זיי גערן געשמו־עסט, דיסקוטירט״ (אלחנן צייטלין, „אין אַ ליטעראַרישער שטוב״, ז׳ 139, בוענאָס־איירעס, 1946).

לויט דעם פּאַסאַזש קומט אויס, אַז א. און וו. האָבן דיסקוטירט מיט הלל בײדע אויף איין מאָל. איז אָבער די מעשה, אַז די ברידער ג. זענען קיינמאָל צוזאַמען ניט געווען אין וואַרשע. זיי האָבן עס אין יענע יאָרן ניט געקענט באַוויזן, זיי האָבן ניט געהאַט אויף וועמען איבערצולאָזן די שול. איינער האָט זיך געקענט אַרויסרייסן אויף אַ קורצער צייט און דעמאָלט האָבן זיי געבעטן זייער ייִנגסטער שוועסטער קומען אַרויסהעלפן. בײדע צוזאַמען האָבן קיינמאָל ניט באַזוכט ניט צייטלינס הויז און זיכער מיט אים צוזאַמען ניט געפירט קיין דעבאַטן וועגן אַנאַרכיזם.

מיר לייענען ווייטער:

„און אויב אַנאַרכיע — איז טאַקע אַנאַרכיע אויך אין דער שפּראַך און אינעם אויסלייגעכץ. זיי האָבן געהאַט אַ משונהדיקן ייִדיש און אַן אייגענע היפּער־ראַדי־קאַלע אָרטאָגראַפיע. און פאַר זייערע חידושים האָבן זיי געקעמפט עקשנותדיק, געלאָזט זיך דורסן. בײדע זענען זיי געווען ענטוזיאַסטן, היצקעפּ... זיי האָבן געהאַט טענות צו דער גאַנצער וועלט, אָפט געקלאַפּט אין טיש, און ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז זיי וואַרטן נאָר אויפן טאַטנס הסכמה: זאָל נאָר דער טאַטע זאָגן „יאָ״ — קערן זיי איבער די וועלט״ (דאָרט, ז׳ 140).

נישט געשטויגן, נישט געפלויגן. זיי זענען קיינמאָל צוזאַמען ניט געווען ביי הלל צייטלינען אין הויז און אין די טישן האָבן זיי ניט געקלאַפּט; זיך לחלוטין ניט אינטערעסירט, צי הלל צייטלין איז מסכים מיט זייער אויפפאַס פון דער ייִדישער פּראָבלעם צי ניט. זיי האָבן אים געהאַלטן, זינט זיין פרום ווערן, פאַר אַ רעאַקציאָנער אין דערציִונג און אויך אין כמעט אַלע אַנדערע פראַגן.

אָבער עפּעס אַ וואָרט אמת האָט ער דאָך געמוזט אַריינוואַרפן. אין די שטעלן, וואָס זענען ריינע פיקציע, זענען דאָ עטלעכע פּאַסאַזשן, וואָס קאָרעספּאָנדירן מיט דערווירקלעכקייט.

אָט וואָס ער שרייבט:

„די ברידער גאָרדין האָבן אויך געפּריידיקט נייע פאָרמען פון קינדער־דער־ציִונג. אין זייער שטעטל סמאַרגאָן האָבן זיי געגרינדעט און אָנגעפירט אַן אייגענע שול... דער לערער דאַרף דאָס קינד ניט לערנען... ער דאַרף בלויז זיין דער סטימול פאַר דער שאַפונגס־פרייד פון דעם קינד... זיי זענען... געווען די ערשטע ביי ייִדן, וואָס האָבן פאַקטיש געגרינדעט די אַזויגערופענע „שעפערישע שולע״ (דאָרט, ז׳ 141).

„אויך אין הלכות עסן האָבן זיי געהאַט אַן אייגענעם דרך, די גאָרדינס. זיי האָבן פאַרפאַסט אייגענע קולינאַרישע רעצעפּטן, לויט וועלכע עס האָבן זיך באַ־קומען „אַנאַרכיסטישע״, מיתה־משונהדיקע שפּייזן. איין מאָל האָבן זיי איינגעלאַדן צו זיך אויף מיטיק אַ גרופּע פריינט און באַקאַנטע. געענוי פון וואָס פאַר אַ מאכלים דער „אַנאַרכיסטישער״ מיטיק איז באַשטאַנען, געדענק איך ניט. כ׳געדענק בלויז, אַז נאָך דערדאָזיקער סעודה האָבן די געסט באַקומען אַ געפערלעכן בויכווייטיק און די גאַסטגעבער [?] גופא, די ברידער גאָרדין, וועלכע האָבן אַליין צוגעגרייט

די שפּייזן און האָבן, כדי צוצוגעבן די נישט־דרייסטע קוראַזש, געגעסן מער פון אַלעמען, האָבן זיך געמוזט לייגן אויף אַ היפּש שטיקל צייט אין בעט אַריין״ (דאָרט, ז׳ 141).

ער איבערטרעפט זיך אַליין אין אויסקלערעניש. ער דערציילט עס ווי אַ מעשה שהיה. דער וווּנדער איז, וואָס דער קאָפּ האָט דעם מחבר אלתנגען ניט גענומען ווייטאָן פון אַזויפיל אָנדמיונגען. די גאַנצע זאַך, ווי מען דרייט עס אויס און מע קוועטשט עס אויס, איז אַז זיי, די ברידער ג., זענען געווען וועגעטאַריאַנערס, און אויך ניט קיין עקסטרעמע, ווייל אייער און מילכיקס האָבן זיי יאָ געגעסן.

זיי האָבן אין וואַרשע קיינמאָל ניט געוווינט. זיי האָבן קיינמאָל קיינעם צו זיך ניט געקענט אין וואַרשע פאַרבעטן עסן, מחמת זיי זענען קיינמאָל צוזאַמען אין וואַרשע ניט געווען. און ווען זיי זענען געווען איינציקווייז, זענען זיי געקומען ווי געסט, פאַרווײלט אַ קורצע צייט און אָפּגעפאָרן. זיי האָבן קיין ספּעציעלע קולינאַרישע רעצעפּטן ניט געהאַט און נאָכן עסן האָבן זיי זיך ניט געלייגט מיט קיין בויכווייטיק אין בעט. אַזויפיל אָנשקרן דאַרף מען קאָנען. דער מחבר האָט געמוזט זיין אַ מאדים־פאַנטאַזיאָר. ער האָט געקענט אָנשרייבן אַ בבא־מעשה; לשם סענסאַציע לוינט, הפּנים, אויסצופאַנטאַזירן זאַכן, זיי דערציילן ווי דברים כהווייתם. אַ באַזונדער חן האָט זיין מודה־זיין זיך, אַז פון וואָס די „אַנאַרכיסטישע״ מאכלים זענען באַשטאַנען, געדענקט ער ניט. וועל איך אים זאָגן פון וואָס זיי זענען באַשטאַנען, פון ריינער אויסטראַכטעניש, פון „לא היה ולא נברא״־שטאָף. מילא וואָס ער האָט אָנגעפאַנטאַזירט — האָט ער!

טשיקאַווע איז, וואָס ש. ניגער האָט גערימט דאָס ווערק ווי אַ מאַטעריאַלן־בוך פאַר דער געשיכטע פון וואַרשעווער ליטעראַטן־לעבן און טואונגען.

אויב דאָס גאַנצע בוך איז געשריבן מיט דעם זעלביקן פאַנטאַזיע־צעשפּיל, קען מען זיך שוין פאָרשטעלן, וואָס פאַר אַ היסטאָריע עס וועט זיך באַקומען פון אָט־דעם דמיונדיקן מיש־מאַש און פאַרוואָס זאָל ער לייגן בלויז וועגן די ברידער ג. און ניט וועגן אַנדערע אין דער אייגענער מאָס?

## 205

## ביי י. ל. פּרצן

עס איז שבת שובה. אַ. ג. פאָרט אין אַן אָפענער קאַרעטע. חסידים גייען פאַרביי און שיסן אין אים פאַרסמטע פייַלן־בליקן. זיי וואָלטן זיכער אים, דעם פושע ישראל, אַראָפּגעשלעפּט פון דער קאַרעטע און גוט אָנגעבראָכן די ביינער. אָבער זיי קוקן אים אָן און זענען ניט זיכער, צי ער איז אַ ייִד. זיינע וואָנצעס מאַכן אים אויסזען אַביסל פּויליש־פּראַנטיש, מעשה יונגער שליאַכטשיץ.

אַ. ג. פאָרט עס צו פּרצן מיט דעם פּראָספּעקט וועגן „חודשניק״.

י. ל. פּרץ לייענט דעם פּראָספּעקט און אין איילעניש, אומגעדולדיק; ער איז געוווינט צו פאַרריכטן כתבים פון אָנפאַנגערס־שרייבערס, וואַרפט ער אַריין אַ ה׳ אין וואָרט לערער.

אַ. ג. קוקט זיך צו און רופט זיך אָפּ מיט איראָניע:

— הער פּרץ, איך ווייס, אַז די דייטשן, שרייבן לערער מיט אַ ה: „לעהרער״. איך זע אָבער ניט איין, פאַרוואָס מיר, ייִדן, דאַרפן זיי נאָכטאָן. ייִדיש איז ניט דייטש.

פּרץ גיט אים אַ פרעג:

— פאַרוואָס שרייבט איר זיך ניט אונטער „געברידער גאָרדין?״.

אַ. ג. ענטפערט אים בנעימותדיק, מיט אַ פאַרבאַהאַלטענעם פאַרדרוס:

— מיר, די ברידער, זענען קנאַפּע דייטשן, בסך־הכל זין פון סמאַרגאָנער רב; אָבער עס זענען געווען צוויי שרייבערס ברידער, וואָס זענען געווען עכטע דייטשן און דווקא גרויסע דייטשע פילאָלאָגן און פאָלקלאָריסטן, און זיי האָבן זיך אונטערגעשריבן „ברידער גרים״, זאָלן מיר זיך אונטערשרייבן „געברידער״?! הפּנים, איר זענט ניט שולדיק, וואָס ביי אייך ריידן ניט די חסידים קיין דייטש, זיי קענען נעבעך ניט, זיי זענען שטומפּיק אויף דייטשער „עברי״. אָבער ווו איר אַליין שרייבט, דערהויפּט אין אייערע לידער, זענט איר היפּש דייטשמעריש.

פּרץ קוקט אים אָן און שווייגט. ער טראַכט מסתמא: ער איז אַ היפּשער „שייגעץ״... ער לייענט ווייטער דעם פּראָספּעקט.

— איר קענט דאָך אייראָפּעיִשע שפּראַכן, איז שרייבט אין זיי. מיר האָבן זיי אויסגעלערנט לייענען אַ סקיצע. מער וועט איר זיי קיינמאָל ניט אויסלערנען. אומזיסט אייער טרחה.

אַ. ג. איז אַוועק אַן אַנטוישטער אין פּרצן, וואָס איז געווען אַזוי פּעסימיסטיש געשטימט בנוגע דער ייִדישער ליטעראַטור. אָבער ער האָט זיך מיט זיין ביטול־באַציִונג צו די ייִדישע לייענערס און צו דער מערכה פון „בידנעם ייִדיש״ — ניט גערעכנט.

## 206

## פּוילישע פאַרלעגערס

אַ. ג. האָט זיך געפּלייסט, זייענדיק אין וואַרשע, אָנצוקניפּן פאַרבינדונגען מיט די פּויליש־פּעדאַגאָגישע קרייזן. ער איז מיט דעם צוועק געווען ביי נחום סאָקאָלאָוון. ער האָט געמיינט דורך אים, דורך זיין באַקאַנטשאַפט, צו קריגן אַ צוטריט צו דער פּוילישער אינטעליגענציע. אַ נעכטיקער טאָג. סאָקאָלאָוו האָט אים געגעבן צו פאַרשטיין, אַז די באַציִונגען צווישן דער ייִדישער און פּוילישער באַפעלקערונג זענען זייער אָנגעצויגענע. די פּוילישע אינטעליגענטן האָבן פיינט אי די ייִדן און אי די רוסן. דערהויפּט האָסן זיי די ליטווישע ייִדן, וואָס ריידן און שרייבן רוסיש, און אַזוי אַרום, ווילנדיק ניט־ווילנדיק, העלפן זיי צו רוסיפיצירן די געגנט.

די פּאָליאַקן זענען דעמאָלט געווען אש להבה אויף די ייִדן, וואָס מיט זייערע שטימען איז אין וואַרשע אויסגעקליבן געוואָרן אַ פּוילישער סאָציאַליסט אין דער דומע.

א. ג. האָט דאָך באַזוכט איניקע פּוילישע פאַרלעגערס פון פּעדאַגאָגישע ווערק און לערנביכער, אָבער צו קיין ממשות זיך ניט דערשלאָגן. זייער

גערעכטע טענה איז געווען: פון ידיש אָדער העברעיִש וועלן די פּאָליאַקן ניט נעמען. אָבער די ברידער ג. זענען דאָך רוסישע פּעדאַגאָגן, דאַרף עס אַרויס אין פּעטערבורג און קומען זאָל ער קיין וואַרשע מיט אַ רוסישער אויסגאַבע פון „אלפון משחק״, ערשט דעמאָלט וועלן זיי זיך לאָזןריידן. האָט א. ג. אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט מיט ביטול: ווערט מען זיך באַגיין אָן די פּוילישע פּאַרריסענע נאַראָנים. וועט מען צוגיין צו זיי פון דער פּעטערבורגער זייט.

א. ג. איז געקומען צוריק אין סמאַרגאָן אַ באַפליגלטער. ער איז געווען, געזען און באַזיגט די פּעדאַגאָגישע וואַרשע. מע האָט די ברידער אָנערקענט.

## 207

## מ ע ר י

וואָס איז מכוח מערין? ער האָט מיט איר עטלעכע מאָל שפּאַצירט אין זאַקסישן גאָרטן. ער האָט געפילט, אַז זי ווערט צעשמאָלצן. זי וואָלט זייער וועלן, אַז ער זאָל זיך אין איר „פאַרליבן״, ווערן אַ שטיקל חתן. איר מוטער וואָלט זיכער זיין פאַרן שידוך, איר טאַטע אויך. אַן אייגענער שוועסטערקינד: יחוס, תורה און גדולה במקום אחד, אַלץ צוזאַמען. ער איז דערפּאָלגרייך. מע האָט געקויפט זיינע עפּעס אַ זאַך און מ׳האָט אים געגעבן 600 רובל. אין זייערע אויגן איז עס געווען אַ היפּשע סומע געלט.

דאָס מיידל איז געווען יונג און שיין; יעדנפאַלס איר יונגשאַפט האָט מען געקענט נעמען פאַר שיינקייט. צווישן זיי האָט זיך גאָרניט פאַרשפּינט. פאַרוואָס?

זיצנדיק מיט איר אין זאַקסישן גאָרטן און אַריינקוקנדיק איר אין די אויגן, האָט ער אַמאָל שיער זיך ניט פאַרשיכורט פון איר נאָענטקייט. אים האָט, אָבער, געראַטעוועט די געשטאַלט פון פאָטער, ווי די מעשה איז געווען מיט יוסף הצדיק; מיט דעם אונטערשייד, וואָס ביי יוספן איז עס געווען די געשטאַלט פון זיין פאָטער, בעת ביי אַבאַן איז עס געווען די געשטאַלט פון איר פאָטער. די אַנטיפּאַטיע, וואָס ער האָט געפילט צו איר פאָטער, האָט זיך אַריבערגעטראָגן אויף איר, אויף זיין טאָכטער, און דאָס האָט אים גלייך אָפּגעקילט, פאַרגליווערט די געבליטן.

איר פאָטערס פאַמיליע־נאָמען איז געווען מעלאַמעד. ער איז געווען אַ קאָמיוואָיאַזשאָר אָדער קאָמיסיאָנער; ער האָט געהאַט צענדליקער באַשעפטיקונגען, אַפילו שדכנות איז ניט געווען אויסגעשלאָסן. אין אָסטראָוו איז ער צום רב אָפּט פאַרפאָרן, אָפּגעשטאַנען אַ פּאָר טעג — און אַוועקגעפאָרן. ער האָט קיינמאָל גאָרניט איבערגעלאָזן פאַר דער דינסט. זיין פּיר איז געווען אַזוי אומפּאַסיק, אַז די רביצין האָט זיך פּשוט געשעמט פאַר דער דינסט, וועלכע האָט געוווּסט, אַז ער איז דעם רבס אַ נאָענטער קרוב. איז ווי אַזוי האַנדלט ער עס אַזוי חזיריש! פלעגט די רביצין איר געבן געזעגענונג־געלט און זאָגן, אַז ער האָט עס פאַר איר איבערגעלאָזן. ער האָט עס איר ניט געקענט געבן אַליין, ווייל ער איז אָפּגעפאָרן פאַרפרי און אומגעריכטערהייט.

איר ברודער, וואָס איז געווען יינגער פון איר מיט צוויי יאָר, איז געווען עפּעס אַ דרייגראָשענער סוחר. ער האָט געקויפט און פאַרקויפט און זיך כסדר

באַרימט מיט זיינע מיקראָסקאָפּישע פּאַרדינסטן. אַבאַן האָט איינפאַך אָפּגעוועקלט פון זיינע הנהגות און זיינע דיבורים. אַ. האָט מורא געהאַט, אַז זי זאָל ניט זיין געראָטן אין כאַראַקטער אין איר טאַטן. אָבער ניט דאָס אַליין האָט אים באַשיצט און באַשירעמט. געווען נאָך אַ פאַקטאָר.

אַזוי ווי זיי זענען געווען קרובים, האָט ער זיך געהיט זיך צו פאַרטשעפּען מיט איר אַפילו מיט אַ קוש. משפחה קען אויף דעם סמך צושטיין און וועלן אים איינשפּאַנען אין חתונה־וואָגן.

פון חתונה־האָבן האָט ער געווייכט. דאָס וואָרט „ווייב" האָט ביי אים אַרויס־גערופן אַ געפיל פון גרויל. ער האָט געקוקט אויף דעם ווי אויף אַן איינגעהאַנדל־טער סחורה. ער איז אין דעם פּרט געווען אַן אויסגעשפּראָכענער עקסטרעמיסט. ער האָט באַטראַכט דאָס חתונה־געהאַטע לעבן ווי אַ מין לעגיטימיזירטע פּראָסטי־טוציע, הורטאַווע פּראָסטיטוציע אָנשטאָט דער געוויינטלעכער לאַחדימדיקער.

ווייטער: ביי אַ. ג. איז געווען אַקסיאָמאַטיש, אַז אין אַזאַ צייט פון פאַרפאַל־גונגען אויף ייִדן, און דערצו נאָך ערב אַ רעוואָלוציע, טאָר אַ באַוווּסטזיניקער ראַדיקאַל זיך ניט פאַרבינדן מיט אַ ווייב, וואָס קען אים אָנקינדלען און אָנפּלאָדזשען אַ פולע שטוב.

## 208

## דער חודשניק

שוין אַריבער צוויי וואָכן און פון זשורנאַל, וועגן וועלכן ער האָט אַזויפיל גערעדט אין וואַרשע, הערט מען גאָרניט. אַפילו קיין קאָרעקטור ווייזט זיך ניט.

דאַרף מען צופאָרן אין ווילנע און אַ טאַפּ טאָן דעם דופק ביים פאַרלעגער.

אַ. ג. האָט זיך מיט אים געטראָפן.

— וואָס האָט פּאַסירט?

— צרות. די זעצערס ווילן ניט זעצן.

— פאַרוואָס?

— זיי זאָגן, עס איז אַזוי מאָדנע אויסגעלייגט, אַז זיי וועלן עס ניט זעצן, סיידן מע זאָל עס איינגאַנצן איבערשרייבן.

אַ. ג. איז אָוועק אין טיפּאָגראַפיע, ווו מ'האָט דעם גאַנצן מאַטעריאַל אַריינ־געגעבן צום זעצן און, דערנאָך, צום דרוקן. דאָס, וואָס אַבראַשע האָט אים געזאָגט, האָט אים אויסגעזען צו זיין אומגלויבלעך: זעצערס זאָלן זיך מישן אין די שריי־בערישע עסקים! וואָס מ'גיט זיי, דאַרפן זיי זעצן.

אָבער דער דרוקער האָט באַשטעטיקט אַבראַשעס רייד.

— די זעצערס האָבן זיך אָפּגעזאָגט אויסצוזעצן דעם זשורנאַל.

— וואָס איז דער מער?

— די אויסלייגעכץ.

דער דרוקער האָט פאַררופן אַ פאַרזאַמלונג פון די זעצערס אין קאַנטאָר.

אַ. ג. האָט פּרובירט זיי דערקלערן זיין שטאַנדפּונקט. אָבער זיינע אויפקלערונגען האָבן זיי ניט גענומען.

— אַזאַ ווילדן עם־הארצישן ייִדיש וועלן מיר ניט זעצן.

**האָט אַ. ג. זיך געכאַפּט צו נוצן זיין פּאָליגלאָטישקייט, אפשר וועט דאָס העלפן.**

**— איך ווייס יעדעס וואָרט ווי אַזוי מע דאַרף עס אויסלייגן לויט דער אָנגענומענער דייטשמערישער אָרטאָגראַפיע. אָבער איך שרייב בכיוון אַנדערש, כדי איינצופירן אַ יידישן פאָנעטישן אויסלייג.**

**ער האָט פאַר זיי דעמאָנסטרירט זיין קענטעניש אין העברעיש, באַוויזן די אַרויסגעגעבענע ביכלעך; אַרויסגעשטעלט זיין קענטעניש אין רוסיש, באַוויזן די פאַרעפנטלעכטע ביכלעך. באַוויזן זיי, אַז ער קען אויסלייגן יידיש ווי זיי ווילן, ער האָט זיי פאָרגעלייענט שטעלעס פון „ספר אל הגולה". ער האָט צו זיי אויך גערעדט דייטש. ערשט איצט, אַז זיי האָבן זיך דערוווסט, אַז פאַר זיי שטייט אַ געבילדעטער מאַן, הגם זיי זענען קעגן זיין פאַרדרייטן און צעמזיקטן יידיש, האָבן זיי באַשלאָסן נאָכצוגעבן זיין ווילדן קאַפּריז.**

**זיי האָבן צוגעזאָגט דעם זשורנאַל איפּצוזעצן. זיי טוען עס ווי אַ קאָנצעסיע צו אַן „אינטעליגענט" און זיינע קאַפּריזן.**

**דער זשורנאַל איז דערשינען. אָט איז דער אינהאַלט פון ערשטן נומער, וואָס איז אויסגעפילט געוואָרן אינגאַנצן פון די ברידער גאַרדין; ער האָט 32 זייטן.**

ערשטע זייטל:

„דער יונגער איד" — אַ וויסנשאַפטלעכער חודשניק, געהייליקט דער פעדאַגאָגיקע, חברה־וויסנשאַפט און סאָציאָלאָגיע.

א י נ ה אַ ל ט :

אויפרוף (פּראָגראַם־אַרטיקל) — ברידער גאַרדין;
די פאָנעטישע אָרטאָגראַפיע — ה. מ. ליפקינד;
ס'ניטאָ קיין נאַציאָנאַלע פּראַגע — ש. אדירים.
תשרי, תרע"ב, 1911, ווילנע.
געזעצט אין „דרוק און פאַרלאַג" זאַוואַלנע גאַס 21;
געדרוקט אין טיפּאָגראַפיע פון „וויינשטיין און קאָמפּאַניע".

**צווייטע זייטל:**

„צו די לעזער!

אונדזער זורנאַל איז געדרוקט אין דער פאָנעטישער אָרטהאָגראַפיע אויפן גרונד פון הער ליעב־קונד'ס אַרטיקעל „די פאָנעטישע אָרטאָגראַפיע".

אויפרוף (מכוח אונדזער זשורנאַל)
אָנהענגער פון דער וויסנשאַפט!

דער זורנאַל איז ניט געקומען צוגיסן זיין קווערטל וויסנשאַפט־וואַסער אין ים פון „נעגל־וואַסער", מיט וועלכן ס'איז פאַרפלייצט די אידישע גאַס. אַלץ וואָס וועט אין עם געדרוקט ווערן, וועט האָבן אַ שטענדיקע וויסנשאַפטלעכע ווערדע. קיינע פּאָפּולאַריזאַציעס, קיינע קאָמפּילאַציעס, קיינע איבערזעצונגען; אַלץ וואָס וועט אין עם אַנ'אָרט געפינען וועט זיין אָריגינעלעס, געשאַפענעס. די פּראָבלעמעס, וועלכע ס'וועלן אין עם באַאַרבעט ווערן, וועלן זיין אַלגעמיין־מענטשלעכע, „מאָדערנע"־

וויסנשאַפטלעכע, מיט איין וואָרט: אונדזער זורנאַל איז בעיקר אַן׳אַל־געמיין מענטשלעכער, וויסנשאַפטלעכער זורנאַל.

אין זורנאַל וועלן געדרוקט ווערן, צווישן אַנדערע, די נאָכגייענדיקע ווערק. אין דער פילאָזאָפיע אָפּטיילונג — „אמונה, וויסנשאַפט און אַרטיס־טיק״ פון ב. קאַמענער. דאָס ווערק איז אַ וויכטיקעס, אַריגינעלעס, פילאָ־זאָפישעס ווערק.

אין דער חברה־וויסנשאַפטן־אָפּטיילונגען וועט געדרוקט ווערן אַ ווערק מיטן נאָמען „קאָסמיזם״ פון ש. אדירים. דאָס ווערק וועט עפענען די אייגן דעם אידישן פאָלק צו זען און פאַרשטיין זיין ווירקלאַכע פּאָלי־טישע לאַגע. אין תהו־ובהו, וואָס הערשט אויף דער אידישער גאַס וועט עס זאָגן, עס זאָל ווערן ליכטיו דער אידישער אינטעליגענציע וועט עס וויזן דעם אמתן וועג צו די אמתע הימלען... דער מחבר טראַקטירט שטריינג־וויסנשאַפטלעך, אומ׳פניה׳דיק אָביעקטיוו, פון אַדלער־פלי.

אין דער פּעדאַגאָגיק־אָפּטיילונג וועט געדרוקט ווערן, צווישן אַנ־דערע, אונדזער חיבור „די נייע פּעדאַגאָגיק׳. דאָס ווערק טיילט׳צך אַף פיר חלקים: 1) דידאַקטיקע; 2) מעטאָדיקע; 3) טעלעאָלאָגיע; 4) סאָציאַל־פּעדאַגאָגיקע. דאָס ווערק ווי איר נאָמען אַזוי איז עס.

די אייבנדערמאָנטע ווערק וועלן געגעבן ווערן פרקים־וויז, יעדער פרק, ניט־קוקנדיק אַף זיין אָרגאַנישן צוזאַמענהאַנג מיט די איבעריקע פרקים, וועט פאַרשטעלן מיט זיך אַ מין „אידייען־איינס״.

אַנהייגער פון דער וויסנשאַפט! וואו איר זאָלט ניט זיין, ווער איר זאָלט ניט זיין — אייער וויסנשאַפט־חוב איז צו שטיצן אונדזער זורנאַל״.

**דער זשורנאַל איז דערשינען, מע האָט אים צעשיקט צו געציילטע שרייבערס. מער ווי איין נומער איז ניט אַרויס.**

**אַז דער זשורנאַל האָט זיך באַוויזן אין ווילנע און דער אַרויסגעבער האָט אים געוואָלט צעטיילן אין די קיאָסקן און אין די בוכגעשעפטן, האָט מען פון אים אָפּגעלאָכט און קיינער האָט אים אין האַנט ניט געוואָלט נעמען. זיי האָבן זיך אַנטזאָגט אים צו פאַרקויפן. דעם אַרויסגעבער האָט מען אַ נאָמען געגעבן „מענטש מיט אַ טית״ — און געחוזקט פון אים. ער האָט זיך געשעמט זיך צו ווייזן אין גאַס; האָט ער די גאַנצע אויפלאַגע פון עטלעכע טויזנט עקזעמפּלאַרן פאַרקויפט אין מאַקולאַטור.**

**אַזוי האָט זיך פאַרענדיקט דער פאַרזוך פון די ברידער גאָרדין אַרויסצוגעבן אַ זשורנאַל אין דעם פאַנעטישן אויסלייג.**

## 209

## וו. ג. אָפּגעפּאַרן קיין בערלין

**וו. האָט גענומען מאָכן הכנות צוצופאָרן קיין פּעטערבורג און זען פאַרקויפן דעם „אלפון משחק״ אונטערן נאָמען „בוקוואַר־איגראַ״ צו אַ רוסישן פאַרלאַג.**

ער איז אָפּגעפֿאָרן, פֿאַרבראַכט אין פּעטערבורג עטלעכע וואָכן. געקומען צוריק מיט אַ קאָנטראַקט. קיין אַוואַנס האָבן די פֿאַרלעגערס אים ניט געגעבן, זיי האָבן זיך אָבער פֿאַרפּליכט עס אַרויסצוגעבן אין פֿערציק טויזנט עקזעמפּלאַרן די ערשטע אויפֿלאַגע און באַצאָלן דעם מחבר צוועלף פּראָצענט פֿון נאָמינאַלן פּרייז. עס איז געווען אַ היפּשע פֿינאַנציעלע ליטאָגראַפֿישע אונטערנעמונג.

נאָך דעם אָפּגעהאַלטענעם ניצחון האָבן די ברידער ג. באַשלאָסן, אַז וו. זאָל פֿאָרן קיין בערלין און זען, צי די דייטשע פּעדאַגאָגישע פֿאַרלאַגן וועלן עס וועלן קויפֿן.

אַ. איז אַוועקגעפֿאָרן אין אשמענע קריגן אַן אויסלאַנד־אַרויספֿאָר־פּאַס פֿאַר וו. געוויינטלעך איז עס אַ פֿאַרשלעפּטע קרענק. די מאַכט דאַרף מאַכן אויספֿאָרשונגען, צי דער אַרויספֿאָרער איז פּאָליטיש כשר. אָבער אַ. איז אַריין צום איספּראַווניק אויף יחידות אין זיין קאַבינעט און „בעז־חרפּתי״ אַוועקגעלייגט אַן אַסיגנאַציע אויפֿן טיש און געבעטן אַ פּאַס. ער האָט גלייך אָפּגערופֿן דעם שרייבער (פּיסאַר) אין זיין קאַנצעלאַריע, אַז מע זאָל אַרויסגעבן אַ פּאַס אויפֿן נאָמען פֿון וו. ג.

אַ. ג. האָט געדאַנקט דעם איספּראַווניק, אַראָפּ אונטן אין קאַנצעלאַריע און אַוועקגעלייגט אַ קלענערע אַסיגנאַציע אויפֿן טיש. דער פּיסאַר האָט גענומען שרייען, פּילדערן און סטראַשען, אַז ער וועט באַפֿעלן אים צו אַרעסטירן. אַ. ג. האָט זיך פֿאַנאַנדערגעלאַכט און געזאָגט צו אים: „מאַך זיך ניט נאַריש (ניע וואַלאַי דוראַקאַ), קיין זאַך ווערט אַנדערש ניט געטאָן ביי אונדז אין רוסלאַנד״.

דער קלאָמפּערשטער אומשולדיקער טשינאָווניק האָט זיך לייכט געלאָזט איבעררײדן און אַלע נויטיקע פּאַפּירן זענען געוואָרן פֿאַרטיק איינס און צוויי. דער „צדיק״, דער פּיסאַר, האָט געטענהט צו אַ. ג., אַז ער טוט עס צוליב געבן אין יד אַריין צו אָפּן. אויף דעם האָט אים אַ. ג. געענטפֿערט: „מיר זענען דאָך אייגענע מענטשן״, איז וואָס איז זיך דאָ צו צערעמאָניען.

וו. ג. איז אָפּגעפֿאָרן קיין בערלין.

ווען אַ. ג. איז געבליבן אַליין אין דער שול, האָט ער אַריינגענומען די יינגסטע שוועסטער, מאַשע, צום אָנפֿאַנג ווי אַ באַאָבאַכטערן. אַ קורצע צייט שפּעטער איז זי געוואָרן אַ לערערן און אים אַרויסגעהאָלפֿן.

פֿאַר דער צייט, וואָס וו. ג. איז געווען אין דייטשלאַנד, האָט אַ. ג. באַוויזן אַרויסצוגעבן אַ העפֿט „ספֿרות הילדות״, אין וועלכן עס האָט זיך באַטייליקט אַ היפּשע צאָל קינדער ניט ווי אין ערשטן העפֿט, אין וועלכן בלויז צוויי אויסגעצייכנטע תּלמידים האָבן גענומען אַן אָנטייל. „ספֿרות הילדות״ איז אַראָפּ־אַרויף, אַ ירידה, וואָס איז באמת אַן עליה, צו דעמאָקראַטיע. יעדעס קינד קען עפּעס אָנשרייבן, ניט בלויז די יחידי־סגולה פֿון דער שול.

אַ. פֿילט זיך זייער איינזאַם. ער האָט זיך אַזוי צוגעוווינט צו זיין כּסדר צוזאַמען מיטן ברודער וו., אַז ער האָט איינפֿאַך געבענקט נאָך אים.

רחל לאַמדאַנסקי קומט אָפּט אין שול. אַ. ג. גייט אָפּט צו איר. איר מאַן איז אַוועקגעפֿאָרן. ער איז אַ קאָמיסיאָנער. סמאַרגאַנער אויסגעאַרבעטע לעדער שפּאַרט אָן אין די וויטסטע מקומות אין סיביר. אַ. גייט אַרום שפּאַצירן מיט רחלען. ער לייענט איר פֿאָר פֿון יידישע זשורנאַלן. קיין העברעיִש קען זי ניט

אויף אַזויפיל, אַז זי זאָל פאַרשטיין אַ פאַרגעלייענטן מאמר. אין יידיש איז זי אויך ניט שטאַרק באַהאַוונט. די ערשטע צייט האָט א. עקספּראָמטאָם איבערגעזעצט פאַר איר אין רוסיש אַרטיקלען פון „די יידישע וועלט", וואָס ש. ניגער האָט רעדאַקטירט. דערנאָך האָט ער אויפגעהערט צו איבערזעצן. יידיש האָט זי זיך לייכט אויסגעלערנט. אין סמאַרגאָן האָבן יידן גערעדט נאָך גאָר אַ געשמאַקן יידיש.

זיי שפּאַצירן איבער די הינטערגעסלעך פון סמאַרגאָן גאָר אַ סך. מע באַרעדט זיי ניט מחמת דעם, וואָס אַ. ג. איז יינגער פון איר מיט אַ יאָר אַכט. זי איז ניט קיין שיינע און מען ווייס, אַז ווען אַ. ג. איז ניט אַזאַ „פּרוש", לעבט ניט אַזוי צוריקגעצויגן און אַריינגעטאָן מיט לייב־און־לעבן אין דער שול, וואָלט ער געקענט לייכט געפינען צווישן סמאַרגאָנער מיידלשאַפט אַ יינגערע און אַ שענערע.

אַ. ג. שרייבט איר לידער, אָבער אין העברעיש, כדי ער זאָל עס איר ניט קענען לייענען און אַרויסגעבן זיין געהיימעניש.

און זי? קודם כל פאַרערט זי אים פאַר זיין ווילקענערשאַפט, פאַר זיין איי־בערגעגעבנקייט צו דער שול, וואָס מיינט אויך צו איר זונדעלע. איר פאַלט לכתחילה ניט איין, אַז צווישן זיי נעמט זיך וועבן עפּעס ראָמאַנטיש. ווען זי באַמערקט עפּעס יאָ פון זיין זייט, שמייכלט עס איר. וואָס אַזאַ קאָמפּלימענט געפינט אין איר אַן אַטראַקציע.

סוף כל סוף איז געקומען צו אָפענע דיבורים. אַ. האָט איר געזאָגט, אַז ער איז אין איר פאַרליבט. ער האָט פאַר איר פאַרגעלייענט אייניקע פון זיינע לידער, וואָס ער האָט אָנגעשריבן צו איר אין יידיש.

זיין ליבע איז קעגנזייטיק.

אַ. ג. דערמאָנט זיך זיין שוואַכקייט צו און זיין אַבזאָרבירט זיין אין „די ליידן פון יונגן ווערטער". ער טראַכט, אַז זיין אונטערבאַוווסטזיין האָט פאַרויס־געזען זיין צוקונפטיקע טראַגעדיע. ער האָט ניט געזען, אָבער זיין מזל האָט יאָ געזען 1), ריכטיקער: זיין שלים־מזל האָט עס פאַרויסגעזען, אָדער פאַרויסגעשפּירט.

אַ. ג. זיצט אָפּ ביי איר יעדע נאַכט שעהן און שעהן. מע קושט זיך, מע האַלדזט זיך. אַ. ג. ווערט פאַרברענט פון ליידנשאַפט, אָבער ער באַהערשט זיך.

זי האָט אים אָפן געזאָגט: האָבן אַ געליבטן — דאָס מעג זי. זי איז ניט מחויב אָוועקצוגעבן אַלע אירע געפילן צו איר מאַן. אָבער איר לייב געהערט צו אים. זי וועט אים ניט פאַרראַטן. זי קען עס ניט טאָן. זי וואָלט בעסער באַגיין זעלבסט־מאָרד, איידער באַגעגענען איר מאַן און אים זיך צוריק אָפּגעבן נאָכדעם ווי זי האָט געהערט צו איר געליבטן.

אַ. ג. טוט הנאה, וואָס זי באַזיצט אַזאַ שטאַרקן כאַראַקטער. ווען נים דאָס, ווער ווייסט צי עס וואָלט ניט געקומען צו אַ מכשול.

די קינדער אירע זענען יונג. זיי פאַרשטייען ניט, וואָס עס קומט פאַר צווישן לערער און מוטער. זיי גייען פרי שלאָפן נאָכן צעקושן זיך מיט דער מוטער און מיט אַ. ג. ר.ל און אַ. בלייבן אייניקע אַליין אין הויז. כל־זמן די קינדער זענען נאָך אויף, לייענט אַ. ג. פאַר אויפן קול. ווי נאָר זיי שלאָפן־איין, הייבט זיך אָן

---

1) מגילה ג׳.

זייער ראַנגלעניש מיט זיך, אין זיך און צווישן זיך. זיי טרעטן ניט אַריבער די פאַרבאָטענע שוועל.

פילט זיך א. ג. גליקלעך? גיכער אומגליקלעך. ער און איר מאַן זענען ידידים. לאַמדאַנסקי האַלט פון די ברידער ג. אַן עולם ומלואו. ער וואַשט שיער ניט, פּי־גוראַטיוו רעדנדיק, די הענט, ווען ער דערמאָנט זייער נאָמען. ער גלויבט באמונה שלימה אין זייער קאַראַקטעריסטיק, אידעאַליזם, אַסקעטיזם, אויסגעטאָענקייט פון אַלע הבלים פון עולם־הזה. די ברידער ג. רייכערן ניט, טרינקען ניט קיין געטראַנק אויסער וואַסער, עסן ניט קיין פליש, זענען אָפּגעלאָזן אין זייער אָנטועכץ, האָבן ניט קיין אינטערעסן אויסער זייער פּעדאַגאָגישער אויפטועריש טעטיקייט און זייערע שעפערישע ווערק. ווען זיי קריגן אַביסל געלט, גיבן זיי עס אויס אָדער פאַר מכשירים פאַר דער שול אָדער אויף אַרויסצוגעבן זייערע חיבורים. ער האַלט זיי פאַר הייליקע אין פולן פּשט פון וואָרט. איז ווי זאָל ער גאָר צולאָזן דעם געדאַנק, אַז א. ג. זאָל וועלן צונעמען ביי אים זיין רחלען, וואָס איז ביי אים זיין אויג אין קאָפּ.

א. ג. האָט אָנגעשריבן אַ ליד אין העברעיִש. די זעקסטע צוויי שורות לייענען זיך:

> ואמרו: בגד הוא ומעל
> ועוד ידיד אתה לבעל...

קען מען דען, מעג מען דען אָפּנאַרן אַזאַ טייערן פריינט און איבערגעגעבענעם פאַרערער?!

א. ג. פּרעגלט זיך אין יסורים פון גיהנום און האָט דאָך הנאה פון זיי, טאַקע פון אָט־די יסורים. ער באַגרייפט אַצינד דאָס ווערטל „חביבין יסורין". עס איז פאַראַן אַ באַזונדער רייץ, אַ באַזונדער אינטאָקסיקירנדיקער טעם אין ליידן. א. ג. טראַכט צייטנווייז, אַז אפשר זענען יסורים באמת תענוגים, וואָס דערגרייען צו אַ העכער מדרגה. דערגרייכן אַ גרויסע אינטענסיווקייט און דעמאָלט גייען זיי אַריבער, דורך אַ שפּיל פון עמאָציעס־דיאַלעקטיק, אין זייער ווידערשפּרוך. ער טראַכט: אַ קראַנקן, ווי מע לייגט אים טויג נישט. און ער איז קראַנק.

א. ג. שרייבט אַן עטלעכע צוווייטיקטע לידער:

> כ'שפּאַציר אין פעלד, ווייט צווישן דעם קאָרן,
> אַליין פאַרוּמערט און פאַרטראַכט
> עס וואַקסן בלימלעך בלוי. ס'וואַקסט אויך אַ דאָרן.
> עס טונקלט, ס'ווערט, עס איז פאַרנאַכט.
>
> איך רייס די בלימלעך, פלעכט אַ קראַנץ
> פאַר דיר, געליבטע, נאָר פאַר דיר.
> איך רייס דעם דאָרן מיט צאָרן אויס גאַנץ.
> פאַר מיר, געליבטער, נאָר פאַר מיר.

ער שרייבט אויך גאָר פאַרצווייפלטע לידער:

איך וואַלט וועלן, אַז די קלאַנגען אין סוף
איינגעהילט זאָלן ווערן אין אַ שטילן שלאָף.
און אַן לשון זאָל דער וועלט־שמערץ זיין,
ווי די שטומע בענקעניש אין האַרץ מיין.

איך וואַלט וועלן אַז דער מכשף לעבן
אויפהערן זאָל פאַלשן פאַדים וועבן;
און אַ ריז בר־מינן זאָל ד'וועלט זיין,
ווי די האָפענונג און גלויבן אין האַרץ מיין.

א. ג. האָט זייער פיל געליטן.

שפעט, גאָר שפעט, פלעגט ער אַוועקגיין פון רחלען צו זיך אין שול, ווו ער האָט געהאַט זיין צימערל, וואָס איז געווען טשיקאַווע מעבלירט: אַ פאָליצע אָנגע־פּאַקט מיט דייטשע ביכער וועגן פסיכאָלאָגיע, פּעדאַגאָגיק און פילאָזאָפיע; אַ פּאָר שולבענקלעך צו זיצן אויף זיי און שרייבן און אַן אייזערן בעטל, וואָס לייגט זיך צוזאַמען נאָכן שלאָפן.

ער גייט צו זיך אַהיים. די נאַכט ציילט אירע לעצטע שעהן. ער גייט פאַרביי דעם בית־עולם. ער גייט אַרום און אַרום דעם שטעטל. ער לייגט אָן וועג, כדי, ווען עמיץ באַגעגנט אים, זאָל ער זיך ניט כאַפּן פון וועמען ער גייט עס אַזוי שפעט.ביים טויער פון בית־עולם זעט ער אַ געשפּענסט. ער גלייבט ניט אין גע־שפּענסטער און רוחות, אין פאַנטאַזמס און פאַרשטעלעניש־פאַרזעעניש. אָבער וואָס דאָס זאָל ניט זיין, זעט עס אויס שרעקלעך. אָנשטאָט אויגן — לעכער. דאָס געשפּענסט נעמט פּלוצלונג אָן, מיט זיין דערנענטערן זיך, דאָס פּנים און פיגור פון זיין פאַרשטאָרבענער מוטער. א. ג. ווערט פאַרגליווערט. ער איז זיכער, אַז עס איז בלויז אַן אָפּדוכטעניש. ער איז ניט אַבערגלויבעריש. די מוטער וועט ניט אַרויס פון קבר, אויף וועלכן די קינדער האָבן קיין מצבה ניט געשטעלט, ווייל זיי גלויבן ניט אין דעם; זיי גלויבן ניט אין דער אומשטערבלעכקייט פון דער נשמה; זיי זענען אויסגעשפּראָכענע פריידענקערס. דאָך קען ער ביי זיך ניט פועלן צוצוגיין צום פאַרקאָן און זיך דערקונדיקן, ווער עס שטייט דאָרטן. ער לויפט, אַנטלויפט. נאָך דעם פאַל האָט ער מער אָט־דעם מאַרשרוט ניט געברויכט. נאָך דעם פאַל איז ער שוין קיינמאָל ביי איר אַזוי שפעט ניט געזעסן.

אַז ער איז אַריין צו זיך אין צימער, האָבן שוין ליכטיק־ראָזע פאַסן געווירעט דעם מזרח. ער האָט זיך ניט געלייגט שלאָפן; ער האָט זיך נאָך אַלץ ניט געקענט באַרויקן, בייקומען די שרעק, וואָס די זעונג האָט אויף אים אָנגעוואָרפן.

## 210

## אַ געשפּענסט

אָוונט. א. ג. זיצט אַ פאַרטראַכטער אין זיין צימער אין דער שול אויף אַ שול־בענקל, וואָס האָט אים געדינט פאַר אַ שרייבטיש. ער נעמט אַ פּען און שרייבט אַז אַ מיט בענקעניש־אָנגעטרונקען ליד.

ער הערט אַ קלאַפּ אין טיר (קיין גלעקל איז ניט געווען), אַ זאַך, וואָס האָט זעלטן פּאַסירט. ער האָט געלעבט צוריקגעצויגן פון דער וועלט, פון סמאַרגאָנער וועלט.

ער עפנט די טיר. ערשט אַ פריילין אַן אויסגעפּוצטע, אַן אומבאַקאַנטע שטייט אויף דער שוועל.

ער האָט זי אַריינגעלאָזן.

זי איז געקומען צו פאָרן, זי וויל זיך באַקענען מיט די לערערס. וויל אויס־געפינען וועגן די מעטאָדן, וואָס ווערן געברויכט אין דער באַרימטער שול „עבריה״.

זי רעדט, אָבער אַלץ, וואָס זי זאָגט, קלינגט מיסטעריעז. עס איז ניט קלאָר. זי דערזאָגט ניט. א. ג. איז אינטריגירט און מיסטיפיצירט. ער פילט זיך „מאָדנע״ מיט דעם אומבאַקאַנטן מיידל איינער אַליין אין דער שולע, אין זיין צימערל, וואָס איז ניט געווען איבעריקס גוט אויפגעראַמט. עס איז אויך געווען היפּש טונקל. ער האָט ניט געהאַט אין צימער קיין העגנלאָמפּ. אַ קעראָסין־לעמפּל איז געשטאַנען פאַר אים אויף דעם שול־בענקל און באַלויכטן בלויז דעם קליינעם שטח, אין וועלכן דאָס פּאַפּיר צום שרייבן איז געלעגן. אין טראָט ווייטער האָט מען קוים געקענט עפּעס זען.

ער וויל פון איר פּטור ווערן און וואָס פריִער.

ער פרעגט זי, ווו זי שטייט איין. קריגנדיק דעם ענטפער, לייגט ער פאָר זי צו באַגלייטן, ד״ה צופירן זי צו דער אכסניא, וואָס האָט זיך געפונען אין מיטן מאַרק־פּלאַץ.

ער גייט מיט איר. עס איז אַ פינצטערע פאַרוואָלקנטע נאַכט. אין סמאַרגאָן זענען די גאַסן געווען זייער קאַרג באַלויכטן. ער זעט קוים איר פּנים. ער הערט איר זאַנפטע שטים, אנגענעמע טענער. דאָס קול קומט אים פאָר ווי באַקאַנט.

א. ג. טראַכט: דאָס מיידל האַלט זיך זייער טשיקאַווע. עפּעס ווי זי וואָלט זיין זיכער, אַז ער ווייסט, צוליב וואָס זי איז צו אים געקומען; עפּעס ווי ער וואָלט זי געקענט, נאָר ער מאַכט אַן אָנשטעל, אַז ער קען זי ניט. זי איז געקומען ספּע־ציעל צו זען אים, דאָס וועלן זיך באַקענען מיט דער שול און די מעטאָדן איז בלויז אַן אויסרייד. זי מיינט עס ניט. זי געברויכט עס בלויז פאַר אַ שירמע.

א. ג. איז כולו פאַרוווּנדערונג. וואָס איז דער מער מיט אָט־דעם מיידל? — פרעגט ער זיך אין געדאַנק.

זיי זענען שוין לעבן דער אכסניא. ער שטעלט זיך אָפּ און וויל נעמען אָפּשייד פון איר.

איצט רופט זי זיך אָפּ און אין איר קול איז פאַראַן פאַרדראָס, אויפרעגונג און ביטערער פאַרוווּרף:

— איר קענט מיך ניט?! איר ווייסט ניט, צוליב וואָס איך בין צו אייך גע־קומען?! גאָר אַזוי? אָט אַזוי האַנדלט איר עס?!

א. ג. בלייבט דערשטוינט. אַרום איז פינצטער: ער זעט בלויז אירע מיט צאָרן פינקלדיקע אויגן.

ער פרעגט זיך אין געדאַנק: ווער האָט אַ רעכט אַזוי צו רעדן צו אים און אים מאַכן פאַרוווּרפן? די איינציקע, וואָס וואָלט געווען באַרעכטיקט עס צו טאָן, איז

פעשקע פון ווילקאָמיר. ער ווערט ווי צעטומלט. עס גיט אים אַ בליץ אין געהירן: דאָס איז פעשקע! די זעלביקע פיגור, די זעלביקע שטים! אָבער זי איז דאָך שוין צוויי יאָר טויט. איז עס אַ געשפּענסט? איז עס אַ האַלוצינאַציע? איז ער ביים קלאָרן זינען? ער גלויבט ניט אין פאַנטאָמען.

אָ, יאָ; ער פאַרשטייט: די שוועסטער האָבן אים אָפּגענאַרט; זיי האָבן אויסגע־טראַכט, אַז זי איז געשטאָרבן. אָט שטייט זי דאָך פאַר זיינע אויגן אַ לעבעדיקע, אין פלייש און בלוט.

ער פאַלט איר אַרויף אויפן האַלדז; ער קושט זי און האַלדזט זי.

זי פאַרבעט אים צו זיך אין צימער.

ער גייט איר נאָך. זיי גייען אַריין אין אכסניא, אין איר צימער. דאָ איז ליכטיק.

ער דערזעט פאַר זיך אַן אומבאַקאַנטע, אַ ווילד־פרעמדע מיידל.

— וואָס פאַר אַ פעשקע?!

ער איז בלויז איין אויגנבליק געווען אין זיין יוגנט־גן־עדן. פאַרשיכורט, פאַרכישופט פון זיין ערשטער ליבע, און גלייך איז ער געוואָרן ניכטער, אַרויסגע־טריבן פון גאָרטן פון גלוסטונג.

ער איז צעשראָקן, צעטומלט.

וואָס טוט זיך דאָ מיט אים? ווער איז דאָס מיידל, וואָס האָט זיך מיט אים אַזוי פלאַמפייערדיק געקושט? וואָס איז עס פאַר אַן אַנשיקעניש?! ווי קומט זי צו פעשקען? אַלע בייזע חלומות!

ער טוט זיך אַן אַ כוח, זעצט זיך צו אויף אַ שטול; קוים וואָס ער האָט גע־קענט איינשטיין אויף די פיס פון אויפרעגונג און דערשטוינונג.

ער פרעגט זי:

— פון וואַנען קומט איר?

— איר ווייסט, פון סוואַלק.

— ווי איז אייער נאָמען?

— פעשקע שפערלינג. מיין פאָטער איז געווען אייער פאָטערס געהילף אין יאגוסטאוו. ער האָט איבערגעזעצט זשול ווערנס ווערק אונטערן נאָמען „במצולות ים". מיר ביידע פלעגן גיין כאַפּן פייגעלעך אויף זויבנער גאָס, ווו די תבואה־שפייכלערס האָבן אָפּגעברענט...

ער האָט זיך דערמאָנט:

מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק איז צו אים געקומען אַ קאָמיוואָיאַזשאָר. ער איז אַ שטיקל ווייטער קרוב.

דער פאָטער, דער רב, האָט פאַר אים געקראָגן אַ גוטע שטעלע ביי דער טיי־געזעלשאַפט „וויסאָצקי". אויס דאַנקבאַרקייט האָט ער אים געוואָלט אָפּטאָן אַ טובה; האָט ער אים געדולט אַ קאָפּ וועגן אַ זייער גלייכן שידוך פאַר אים, אַ ראַ־בינערס אַ טאָכטער, אַ לערערן, וואָס קען גוט רוסיש, קען העברעיש. א. ג. האָט זיך אַפילו ניט צוגעהערט, וואָס ער האָט געברייעט. ער האָט אים גאָרנישט גע־ענטפערט. דער ניט־מומחה שדכן האָט אַנגענומען זיין שווייגן פאַר אַ צושטים: „שתיקה כהודאה דמיא" 1).

1) יבמות, פ"ח.

הפּנים, אַז אָט דער פּריוויליקער אייפערדיקער שדכן האָט איר אָנגעשריבן, אַז אַלץ איז שוין אָפּגערעדט און א. ג. וואַרט אויף איר, ער בעט זי קומען. מע וועט ברעכן טעלערס במהרה בימינו מיט גאָטס הילף. עס איז אַ זיווג מן השמים. וואָס קען זיין פּאַסיקער ווי אַ לערער מיט אַ לערערן, אַ בן־הרב און אַ ראַבינערס אַ טאָכטער. זי איז געקומען, ווי זי האָט זיך משער געווען, אויף אַ פאַרטיקער זאַך, ווי דער שדכן האָט איר פאַרזיכערט.

זי האָט זיך שטאַרק געחידושט, וואָס ער מאַכט זיך כלא ידע. ער האַלט זיך אַזוי קאַלט, גלייכגילטיק. זי איז דאָך בכיוון געקומען, געפּטרט צייט, אויסגעגעבן הוצאות, זיך אויך געקויפט אַ פּאָר זאַכן, זיך אויסגעדרעקסלט. זי פּאָרט דאָך צו אַ צוגעזאָגטן חתן. ער איז דאָך אַ פאַראַנטוואָרטלעכער מענטש...

אַז ער האָט זיך געוואָרפן איר קושן, זענען אַלע אירע דערוואַרטונגען מקוים געוואָרן. זי איז אין דעם אויגנבליק געווען אויפן זיבעטן הימל.

וואָס איז ער אינמיטן אַזוי אָפּגעקילט געוואָרן? ער האַנדלט דאָך עפּעס ווי אַ ניט נאָרמאַלער מענטש! אָט קושט ער זיך און אָט קען ער זי שוין ניט.

א. ג. האָט זיך קוים אַרויסגעכאַפּט פון איר צימער. ער האָט אַ מורמל געטאָן:

— איך וועל קומען מאָרגן.

## 211

## יונגמענטש

א. ג. קומט צוריק פון בערלין.

די פּעדאַגאָגן אין דייטשלאַנד זענען געווען ביי זיך פאַרריסן און האָבן געקוקט פון אויבן־אַראָפּ אויף די רוסן און די רוסישע אויפטואונגען. די דייטשע פּעדאַגאָגן האָבן זיך באַטראַכט פאַר די לערערס פון אייראָפּע און קיין רוסישער ייִד האָט זיי ניט געקענט קומען לערנען פּעדאַגאָגישע טעכניק און פילאָסאָפיע. וו. האָט אָבער געבראַכט מיט זיך אַ סך פּעדאַגאָגישן אויספאָרש־מאַטעריאַל אָנגעקליבן פון גערמאַניש־דייטשע און שווייצאַריש־דייטשע צייטשריפטן. ער איז געזעסן אין בערלינער ביבליאָטעק, געלייענט און געמאַכט נאָטיצן.

נאָכן פולשטענדיקן דורכפאַל פון „יונגער ייִד" איז א. ג. געווען גענויגט נאָכצוגעבן בנוגע אָרטאָגראַפיע. נאָך אַלעמען איז דאָך עס ניט מער ווי אַ קוצו־של־יוד־פּראָפּאָזיציע. עס לוינט ניט מיט אַלעמען זיך צו קריגן צוליב דעם. זיי האָבן אַרויסגעגעבן אַ בראָשורל אונטערן נאָמען „די ייִדישע גראַמאַטיק" און אַרויסגעגעבן איין נומער פון אַ צייטשריפט אין דער פּאָנעטישער אָרטאָגראַפיע — איז דיינו. זיי האָבן דאָך תוך־זאַכן, נייע געדאַנקען, מעגן זיי מוותר־זיין אויף דער נייער פאָרעם. די זאַך קומט אַרויס צו נאָוואַטאָריש: אי נייע געדאַנקען, אי אַ ניי לשון, העברעא־ייִדיש, אי אַ נייער אויסלייג, — דאָס איז צופיל; עס איז תפשת 1). אָבער א. ג., קומענדיק פון בערלין, איז געווען שטאַרק פאַרעקשנט בנוגע דעם

---

1) ראש השנה, ד׳, חגיגה י״ז.

פאָנעטישן אויסלייג. הגם די גאַנצע זאַך פון פאָנעטיזירן די ייִדישע אָרטאָגראַפיע איז געווען א. ג.׳ס אויפטו, איז וו. ג.׳ס פאַנאַטיזם און איינגעשפּאַרטקייט געווען פיל שטאַרקער. אין בערלין האָט ער זיך באַקענט מיט אַ נאָוואַטאָרישער ריכטונג אין דייטשן אויסלייג. אויך דאָרט האָט מען זיך פאַרמאָסטן אַוועקצוואַרפן די אַלטע אָרטאָגראַפיע. מע וואַרפט־אַרויס די שטומע אותיות, וואָס זענען אַ טויטער באַלאַסט, מאַכן שווער דאָס אויסלערנען זיך שרייבן און לייענען הן פאַר קינדער און הן פאַר דערוואַקסענע פון המון־עם. אין בערלין האָט מען די נייע קלאַנגען־אויסלייגעכץ גערופן „פויק־דייטש", ווייל עס קלאַפּט ווי אַ פויק. און אויב זיי, די דייטשן גופא, רעפאָרמירן די אויסלייגעכץ, דאַרפן מיר דאַך די אַלטפרענקישע אויסלייגעכץ אוודאי און אַוודאי ניט האָבן.

א. ג. האָט באַוויזן וו. ג. זיינע לידער, וואָס ער האָט אָנגעשריבן אַ טייל אין ייִדיש, אַ טייל אין העברעיִש. וו. האָט פון זיי געהאַט קליינע התפּעלות. לויט זיין פאַרשטאַנד נאָך קענען זיי בלויז דינען ווי „בוי־מאַטעריאַל", אַריינגעשטעלט צו ווערן ווי קופּלעטן אין אַ גרעסערער פערסיפיצירטער פאַרפאַסונג.

דער אויפטו פון דער אידעע פון „פינפבונד" האָט געהערט צו וו. ג. יעדער געדאַנק פון דעם פינפטלינג איז ניט ניי. דער געדאַנק פון קאָסמיזם, די פאָדערונג פון אָפּשאַף פון גרעניצן און נאַציאָנאַלע רעכט אויף טעריטאָריעס, איז געווען א. ג.׳ס. אָבער דער סינטעז, דער געדאַנק פון קאָמבינירן און צענויפנעמען די פינף באַוווּסטע פון דער געזעלשאַפט און ניט צולאָזן, אַז איין „באַלײדיקטער" זאָל דערקלערן זיין דיקטאַטור, זיין העגעמאָניע אידעאָלאָגיש און דערנאָך פּאָליטיש — דאָס איז געווען וו. ג.׳ס אויפטו.

ער האָט דאָס ווערק „דער פאַראיין פון די פינף באַליידיקטע" (סאָיוז פּיאַטי אוגניעטיאָניך"), אָנגעשריבן אין רוסיש, אין פובליציסטישער פּראָזע. פאַרשטייט זיך, אַז א. ג. האָט צוגעהאָלפן, געשליפן דעם פאַרפאַסונג־וואָגן ווי אַ צוגעשפּאַנטער.

אַצינד, וויבאַלד א. ג. האָט אָנגעשריבן צוויי העפטן לידער, דאַרף מען די אידעע אויסדריקן אין דער פאָרעם פון אַ דראַמאַטישער פּאָעמע און טאַקע אַריינפלעכטן די איינצלנע לידער אין דעם הויפּט־געוועב פון ווערק, פאַרבינדן זיי, און עס וועט זיך באַקומען עפּעס גראַנדיעזס.

געזאָגט און געטאָן.

באמת האָבן זיי געהאַלטן אין מיטן שרייבן זייער ווערק „די נייע פּעדאַגאָגיק". אָבער קיין צו גרויסן חשק אַרויסצוקומען אין ייִדיש, אַ לשון, אויף וועלכן עס עקזיסטירט אַפילו ניט קיין עלעמענטאַרע שול, מיט אַ ווערק, וואָס רופט צו אַן איבערקערעניש אין גאַנצן שולוועזן און אין דער אויפפאַסונג פון דערציִונג, — האָבן זיי געהאַלטן פאַר פריצייטיק. מע האָט געדאַרפט צווואַרטן, ביז עס וועלן אויפקומען כאָטשבי ייִדישע פאָלקשולן, הגם זיי האָבן שוין געהאַט אָנגעשריבן אַ היפשן טייל פון ווערק אין זייער נעאָ־ייִדיש און אין דער פאָנעטישער אויסלייגעכץ.

אונטער דער השפּעה פון א. ג.׳ס לידער האָט זיי פאַרכאַפּט דער געדאַנק פון פאַרפאַסן אַ פּאָעטיש־סימבאָליש ווערק, וואָס זאָל אויסדריקן די אידעע פון „פינפבונד". די יונגוואַרג דאַרף שפּילן די ערשטע פידל אין וועלט־באַפרייונגס־קאָנצערט.

די אַלטע וועלט ווערט חרוב, אַנייע וועלט ווערט באַשאַפן אין פינף טעג. יעדער באַוווּסטער קריגט איין טאָג. דער באַשעפער פון דער נייער וועלט איז דער „יונגמענטש". דערדאָזיקער „יונגמענטש" ראַטעוועט די מענטשהייט. ער דערפילט די ראָלע, וואָס על פי טראַדיציע דאַרף משיח אויספילן. זיי האָבן זיך געשטעלט די פראַגע, צי זיי זאָלן ניט געבן אַן אונטערקעפּל מיטן נאָמען „מלך המשיח". זיי האָבן עס ניט געטאָן, ווייל משיח איז אַ קעניג, אַ מלך, לכן איז עס אַ טראַדיציאָנעלע רעאַקציאָנערע פאָרעם. זיי האָבן געהאַלטן, אַז אמתע קונסט פאָדערט אויפברעכעריי, נאָוויזם און ניט קיין אַרכאַאיזם, ווי י. ל. פּרץ און אַנדערע קינסטלערס האָבן געהאַלטן. זייענדיק רעוואָלוציאָנערן, זענען זיי געווען קעגן די טראַגעדיעס, די דראַמעס, וואָס ווייזן אַלע מאָל, אַז דער מענטש פאַלט דורך אין זיינע דרייסטע פאַרמעסטונגען. זיי האָבן געהאַלטן, אַז אָט־דער פּעסימיזם און דערשלאָגנקייט ווערט בכיוון געפּלעגט פון די קאָנסערוואַטיווע, רעאַקציאָנערע שיכטן פון דער געזעלשאַפט, כדי מיט אָט־די טעאַטראַלע סטראַשידלעס אָפּצושרעקן די וואַגנדיקע, ראַדיקאַלע יוגנט.

לכן דאַרף דער דראַמאַטישער שיר זיין אַ טריאומפעדיע, אַ זיגדראַמע, ניט קיין דורכפאַלדראַמע. דאָס וואָרט „טריאומפעדיע" איז צוזאַמענגעשטעלט פון צוויי באַשטאַנדטיילן, גענומען פון צוויי שפּראַכן, און איז אַ באַרבאַריזם, ווי דהיינו דאָס וואָרט סאָציאָלאָגיע וכדומה ווערטער: „טריאומף" איז אַנטליען פון לאַטיין און „עדיע" — פון גריכיש.

דאָס לשון פון דער דראַמע אין פערזן איז אַ פאַרזוך און אַן עקספּערימענט, וואָס באַשטייט אין אַ צוזאַמענשמעלץ פון צוויי שפּראַכן: ייִדיש און העברעיִש. עס זענען דאָרט אויך פאַראַן לידער, וואָס זענען געשריבן אינגאַנצן אין העברעיִש.

דאָס ווערק איז דערשינען סוף 1913. אַביסל שפּעטער, אין 1914, איז דערשינען די בראָשור „טריאומפעדיע", אַן אָפּהאַנדלונג וועגן דער טעכניק און וועזן פון דער דראַמע אין איר טראַגעדיע־פאָרעם.

די „טריאומפעדיע" באַשטייט פון צוויי אָפּהאַנדלונגען:

1. האָמאָקראַטיע; 2. האָמאָקראַטיע אין דער קונסט.

דער מאָטאָ איבער דעם ערשטן קאַפּיטל לייענט זיך:

וואָס׳י געווען דער מענטש? — גאָרנישט.
וואָס׳י דער מענטש? — עפּעס.
וואָס וועט זיין דער מענטש? — אַלץ.

דער פאַלשקייט און שעדלעכקייט פון דער טראַגעדיע איז אָפּגעגעבן די גאַנצע צווייטע אָפּהאַנדלונג. מיר וועלן ציטירן בלויז אַ פּאָר שורות:

„די טראַגעדיע דערציט דעם פּאַסיוון טיפּ, דעם שב־ואל־תעשהניק, דעם מכנע, דעם עבד נרצע. דו גייט ניט אַראָפּ פון די אויסגעטראָטענע וועגן — דו! דו׳סט פאַרבלאָנדזשען; וואַרף ניט קיין שטיינער אין די אָנגענומענע געטער — מע׳ט דיך פאַרשטיינען". (ז' 12).

ווי אויפן „יונגמענטש״ אַזוי אויך אויף דער „טריאומפּעדיע״ שטייט אָנגעגעבן: „בחנם־אַרויסגעבעריי, די נייע פּעדאַגאָגיק״.

זיי האָבן אויסגערעכנט און לייכט אויסגעפונען, אַז די איינגאַמע פון פאַרקויף פון זייערע בראָשורן דעקט ניט די אויסגאַבן אַפילו אויף זאַץ, פּאַפּיר און דרוק, שוין ניט רעדן וועגן דער אַרבעט, וואָס די מחברים לייגן אין זיי אַריין. איז צוליב וואָס אָפּנאַרן דעם עולם לייענערס? צי וואָס זאָל ער מיינען, אַז ער באַצאָלט דעם יידישן שרייבער פאַר זיין ווערק? זאָל דער עולם וויסן, אַז זיינע שרייבערס אַרבעטן בחנם; אַז זייער רעמונעראַציע איז אַ שיבוש; דער לייענער דאַרף עס וויסן, וועט עס אים טאָן גוט. ער וועט באַגרייפן, מיט וועמען ער האָט צו טאָן. זענען די ברי־דער גאָרדין אַרויס און דערקלערט אַז זייער פאַרלאַג איז אַ בחנם־אַרויסגעבעריי.

ביי די אומות־העולם מאַכן זייערע שרייבערס געלט; ביי אונדז מאַכן זיי אָדער גאָרניט אָדער גראָשנס. אָבער אָט־די פּאָר גראָשנס פאַרהוילן דעם ריכטיקן פּנים פון יידישן שרייבער־אויטאָר. דער עולם לערנט זיך פון זיי ניט אָפּ, ווייל ער ווייסט ניט, מיט וואָס פאַר אַ מסירת־נפש זיי שאַפן. איז נידער מיט די פאָר צע־בראָכענע גראָשנס. זאָל דער לייענער וויסן, אַז זיינע שרייבערס זענען אידעאַליסטן. האָבן די ברידער אַוועקגעשטעלט אויף זייערע בראָשורן דאָס תלמודישע ווערטל: „מה אני בחנם, אף אתה בחנם״.

זיי האָבן ניט גורס געווען די קריסטלעכע ציילונג און אויך ניט די יידיש־מיטאָלאָגישע צייטרעכענונג פון וועלטבאַשאַף. האָבן זיי אָנגענומען די ציילונג פון די גלות־יאָרן. ערשטנס איז עס אַ היסטאָרישער דאַטום; צווייטנס האָט עס אונ־טערגעשטראָכן זייער פּאָזיטיווע שטעלונג צום גלות, זייער אידעאַליזאַציע פון גלות־לעבן.

די הוצאות־הדפוס פון „יונגמענטש״ האָבן באַטראָפן קאַרגע 300 רובל.

אין יענעם טאָג, ווען א. ג. האָט געסילוקט די פולע סומע צום דרוקער, הער גאַרבער, איז ער, דער דרוקער, געווען אַן אויפגערודערטער. ער האָט ניט גע־ווּסט, אויף וועלכער וועלט ער איז, ווי ער וואָלט זיך אָנגעשיכורט און געזען וויזיעס.

300 רובל נעמט אַ יונגערמאַן און גיט אַוועק צום דרוקער און שרייבט אָן בפירוש אויפן שער־בלאַט, אַז דאָס בוך איז צום אַוועקגעגעבן ווערן בחנם. ער האָט ניט געגלויבט, אַז אַזעלכע מענטשן זענען גאָר בנמצא אין אונדזער דור פון קליינלעכער אייגננוציקייט.

און ווער איז דער יונגערמאַן? אַ גביר, וואָס קען זיך וואַרפן מיט געלט? ניין, אַ ייד אַן אָרימאַן, אַ לערער פון אַ „חדר מתוקן״; זיין יעדער גראָשן איז איינגע־טונקט אין בלוט און שווייס. ער האָט פאַרדינט דאָס געלט מיט זעגן מיטן האַרצן, מיט אויסשרייען זיך די לונגען. ניט לייכט קומט אָן אַ לערער־מלמד אָנצופּראַצע־ווען 300 קאַרבאָנצעס. דאָ מיינט געלט, באמת, דמים, דם התמצית פון האָרע־פּאַשניק.

גאַרבער איז געווען אַ גאַנצן טאָג ווי אין אַ טראַנס, אַן אָנגעטרונקענער פון גייסטיק־מאָראַלישן ווייַן, וואָס האָט אים געגעבן אַ קלאַפּ אין קאָפּ.

ווען ער זעט עס ניט, וואָלט ער עס ניט געגלייבט; וואָס ביי אַ ניכטערן אויפן לונג איז ביי אַ שיכור אויף דער צונג. ער האָט א. ג.׳ן געהאַלטן שעהן אין קאַנטאָר און גערעדט און דערציילט אים וועגן זיינע באַגעגענישן מיטן אַלטן גאָן, מיט לעוואַנדען... וועגן יענעם אַוועקגעגאַנגענעם דור פון גדולים. די צונג האָט זיך ביי אים פאַנאַנדערגעבונדן. ער איז אַלע מאָל געווען אַ פאַרריגלטער און פאַרזיגלטער שוויַיגער.

א. ג. האָט לכתחילה גאָר ניט באַגריפן, וואָס ס׳האָט פּאַסירט מיט דעם פאַרגדרטן שתקן.

## 213

## מיר ווילן ניט אונדזערע קינדער זאָלן ווערן אַנאַרכיסטן

ווי שוין דערציילט, די האָכבערגס, ער און זי, זענען געוואָרן גרויסע פאַרערערס פון די ברידער ג. פאַר זייערע אויפטואונגען אין פּעדאַגאָגיק און פאַר זייער ענטוזיאַסטישער מסירת־נפש צום ייִדישן שולוועזן. לכן, דאַרף מען גרינדן אַ ייִדישע שולע, אַ מוסטערשולע און איינלאַדן די ברידער ג. אַלס לערערס און דירעקטאָרס.

האָכבערג האָט פאַר דעם צוועק געבעטן א. ג. קומען צו פאָרן אויף אַ דורכשמועס קיין ווילנע. א. ג. איז צוגעפאָרן. מע האָט זיך גוט אַדורכגערעדט; מע איז געקומען צו אַ פאַרשטענדעניש; מע האָט אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן. אַז די פּרעלימינאַרן זענען געווען פאַרטיק, האָבן די האָכבערגס פאַררופן ביי זיך אין הויז אַ צוזאַמענקונפט. דאָ האָט מען באַדאַרפט אָננעמען דעם ענדגילטיקן באַשלוס און צוטרעטן צו דער אַרבעט: דינגען אַ דירה און נעמען ווערבירן קינדער.

דאָס מאָל האָט מען פאַרבעטן ביידע ברידער צו דער זיצונג און אויך די „פּני" פון ייִדישיזם זענען געווען אָנוועזנדיק. ש. ניגער, בעל־דמיון, קאַלמאַנאָוויטש און נאָך אַ צאָל ייִדישיסטישע עסקנים. צווישן די לעצטע איז געווען זעליק מלמד, אַ ייִד, וואָס איז געווען טעטיק אין אוקראַינע אין דער „קולטור־ליגע" און פאַר דעם געווען אַ טוער צווישן די סיימיסטן. ער איז געווען אַ זון פון אַ רייכן טאַטן און ער האָט געשטיצט די סיימיסטישע באַוועגונג.

מע האָט זיך ווידער גוט דורכגעשמועסט. מע האָט באַשטעטיקט דעם פּלאַן. און עס האָט געהאַלטן שוין ביים גמר פון דער באַראַטונג. ש. ניגער, בעל־דמיון און קאַלמאַנאָוויטש זענען געווען אין פולן הסכם. זיי האָבן געהאַלטן די ברידער ג. פאַר וויכטיקע פּעדאַגאָגן.

פּלוצלונג גיט זיך אַ שטעל אויף זעליק מלמד און שרייט אויס אויפן קול, אַז ער איז קעגן דער אונטערנעמונג און ניט דערפאַר, וואָס ער איז קעגן גרינדן אַ ייִדישע שולע, נאָר דערפאַר, וואָס ער איז קעגן די ברידער גאָרדין. ער וויל זיי ניט האָבן פאַר קיין לערערס און דירעקטאָרס. זיין מאָטיווירונג גיט ער מיט היץ און רוגזא. ער צעשרייט זיך:

— מיר ווילן ניט, אַז אונדזערע קינדער זאָלן ווערן אַנאַרכיסטן!

ער האָט געזאָגט קלאָר, אַז די ברידער גאָרדין זענען אַנאַרכיסטן און עס איז געפערלעך מיט זיי צו האַנדלען. אַנאַרכיזם אין רוסלאַנד אונטער דעם צאַר איז געווען אַמשטרענגסטן און אמאכזורדיקסטן פאַרפאָלגט. יעדע מגע־ומשא מיט אַנאַר־כיסטישער טעטיקייט האָט געשמעקט מיט סיביר, אויב ניט מיט טויטשטראָף.

זעליקס פאָר ווערטער האָבן געהאַט אַ פּאַניק־אָנוואַרפנדיקע ווירקונג, ווי אַ באָמבע וואָלט אויפגעריסן אין צימער.

אַז ש. ניגער האָט דערהערט די פאָר ווערטער, איז ער אויפגעשפּרונגען פון פּלאַץ. אויפשנעל געכאַפּט זיין אויבערמאַנטל, געזאָגט אַ געאיילטע „גוטע נאַכט" און זיך אָפּגעטראָגן מיט די ביינער, ווי איינער אַנטרינט פון אַ מקום־סכנה. דאָס אייגענע האָט געטאָן בעל־דמיון און נאָך אים די איבעריקע אָנוועזנדיקע.

איין נאַר וואַרפט אַריין אַ שטיין און צען חכמים קענען אים ניט אַרויסנעמען; איין ארצי־חצוף גיט אַ פּאַטש אין טיש און די גאַנצע אסיפה און אַלע החלטות ווערן בטול ומבוטל.

די האָכבערגס זענען געווען אויסער זיך. אין זעלביקן אָוונט זענען די ברידער ג. אָפּגעפאָרן צוריק קיין סמארגאָן.

## 214

# דער יחיד און דער רבים

בר. ג. האָבן צווישן זיך באַשמועסט דעם אינצידענט און די באַשולדיקונג, וואָס איז זיי געוואָרפן געוואָרן אין פּנים בפרהסיה, נעמלעך, אַז זיי פאַרדאַרבן די קינדער, זיי מאַכן זיי פאַר אַנאַרכיסטן. זיי זענען געקומען צום שלוס, אַז ניט אַלץ, וואָס קען געטאָן ווערן אויף אייגענער אחריות אין אַ פּריוואַטער אונטערנעמונג, קען געטאָן ווערן געזעלשאַפטלעך. קהל איז רעאַקציאָנערער פון די יחידים. ווען זיי רופן צוזאַמען אַ פאַרזאַמלונג פון עלטערן, אַפילו פון די עלטערן, וואָס האַלטן ביי זיי די קינדער אין „עבריה", און לייגן זיי פאָר צו גרינדן אַ שול ווי זייערע, וואָלטן זיי זיך זיכער אַרויסגעזאָגט קעגן דעם. אָבער אַז מע פרעגט ניט ביי זיי און מע טוט אויף אייגענער איניציאַטיוו, איז בדיעבד רעכט. אַז מע פרעגט ניט קיין שאלות, ווערט דאָס טעפּל ניט טריפה. דער יחיד איז שעפעריש, קהל איז אַלע מאָל קאָנסערוואַטיוו. זיי זענען געווען זיכער, אַז זייער שול „עבריה" וואָלט ניט געקענט עקזיסטירן ווי אַ געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציע. זאָל מען צוזאַמענרופן די עלטערן און זיי פרעגן, וואָס זיי ווילן, און זיי וועלן אַלע פאַרלאַנגען, מע זאָל איינ־פירן דעם סידור און ציצית־בענטשן און דאַוונען, בר־מצווה־דרשות, אין אַלגעמיין: רעליגיעזן אונטערריכט. ווייט ניט אַלע מאָל און ניט אומעטום, אונטער אַלע אומ־שטענדן, איז דעמאָקראַטיע פּראָגרעסיוו. אַמאָל מוז מען אָנקומען צו דעם „בענע־וואָלענטישן פּאַטערנאַליזם".

יאָ, מיט דער איבערגעגעבנקייט און עקשנות פון יחידים קען מען פיל אויפ־טאָן. אָבער, פון דער צווייטער זייט, איז עס אַן אימפּאָזיציע; דאָס מיינט שלעפּן יענעם איבערגעוואַלד אין גן־עדן אַריין. אויף וואָס דאַרפן סמארגאָנער עלטערן,

קליינשטעטלדיקע פּראָווינציעלע טאַטעס און מאַמעס, אַ שול ווי „עבריה"! עס איז אַ לוקסוסזאַך. עס איז דאָס אייגענע ווי צענויפרופן אַ פולן דאָרף פּויערים און זיי געבן עסן מאַרצעפּאַנעס, אין וועלכע זיי פילן ניט קיין טעם, און זיי קייען עס בלויז, בכדי צופרידנצושטעלן דעם גוטינקן פּריצל. וואָס זיי ווילן און שאַצן אָפּ איז ראַזעווע ברויט מיט זויערן קוואַס, אָדער בולבעס מיט שטשאָוו.

אויב אַזוי, איז דאָך מיט זייער שרייבן דאָס אייגענע. וואָס האָט פּרץ געזאָגט? „שרייבט אין אַן איירָאָפּעיִשער שפּראַך. מיר האָבן זיי אויסגעלערנט לייענען אַ סקיצע; מער וועט איר זיי ניט אויסלערנען". זיי האַנדלען ווי גייסטיקע פּריצים, וואָס ווילן דעם ייִדישן עולם, וואָס קוויקט זיך מיט קוואַס, דווקא געבן טרינקען דעם יין המשומר פון אָריגינעלן געדאַנק.

אָבער דער אמת איז דאָך, אַז די גאַנצע ציוויליזאַציע איז אַזוי געשאַפן געוואָרן. יחידים האָבן זיך מוסר־נפש געווען און עס געשאַפן מיט זייער דם־התמצית. אויסגעשטאַנען רדיפות, נגישות און בעל־כרחם עס אַרויפגעצוווּנגען אויפן ברייטן עולם, וואָס דאַרף קיין זאַך ניט, וויל קיין זאַך ניט, האָט מורא פאַר יעדער אינאָוואַציע. דער גאַנצער פּראָגרעס אויף אַלע געביטן פון מענטשלעכן אָנשטרענג איז אַ פּראָדוקט, אַ רעזולטאַט פון יחידישער איניציאַטיוו און אָפּפערווויליקייט. אַזוי זענען געמאַכט געוואָרן די גרעסטע אַנטדעקונגען און די וויכטיקסטע דערפינדונגען. העלדן, צדיקים, „געטער", „קינדער פון געטער" האָבן אויפגעטאָן אַלע גרויסע זאַכן, איינגעפירט אַלע וויכטיקע נייסן.

פאַרן יחיד איז עס ניט קיין פראַגע פון וועלן טאָן עס, ער מוז עס טאָן. ער קען זיך ניט העלפן. עס טרייבט אים, עס צווינגט אים אויפצוטאָן אויפטואונגען, הגם קיינער פאַרלאַנגט עס ניט פון אים. קיינער בעט אים ניט עס צו טאָן. ער גופא פאָדערט עס פון זיך אַליין. ווי ירמיה רעדט מיט צאָרן: ער וואָלט גערן שווייגן, נאָר עס ברענט ווי פייער אין זיין געביין 1). דער האָן קרייט, ווען עס גיט אים אַ ברי אונטער די פליגלען; אַלע גרויסע אַנטדעקערס, דערפינדערס, אָריגינעלע דענקערס זענען אין דער בחינה פון קרייענדיקע הענער, וואָס זאָגן אָן דעם אָנקום פון טאָג.

דער עפּיזאָד אין ווילנע האָט זיי געגעבן פיל שפּייז נאָכצוטראַכטן און איבערצוקלערן וועגן די שייכותן פון אַריסטאָקראַטיזם פון גייסט און פּאָליטישן דעמאָקראַטיזם, וואָס באַטייט מיטלמעסיקייט, פיליסטעריזם, פלאַכקייט, דורכשניטלעכקייט. די הערשאַפט פון דעמאָס, דעמאָקראַטיע, קומט צו געפערלעך נאָענט צו אכלאָקראַטיע, די הערשאַפט און טיראַניי פון דעם המון־עם.

קונסט, רעליגיע, וויסנשאַפט, — אָט־די אַלע גייסטיקע דיסציפּלינען האַלטן זיך אויף אַן אַריסטאָקראַטיזם, אויף עקסעלענץ, ניט אויף גלייכהייט. אָט־די דיסציפּלינען זענען געשאַפן און ראַפינירט געוואָרן פון גרויסע הערצער, גרויסע מוחות, שטאַרקע עמאָציאָנאַליסטן, גרויסע עסטעטן, גרויסע מאָראַליסטן און מיסטיקער.

---

1) ירמיה, כ׳, ט׳.

## די שוועסטערס פון די בר. ג.

אין משך פון דער צייט, וואָס די ברידער זענען געווען פּאַרטאַן מיט זייער שול „עבריה", איז זיך דער שטראָם פון לעבן אין זייער פּאַטערס הויז געפלאָסן מיט ניט קיין פּאַמעלעכן טעמפּאָ.

בלומע, די עלטסטע שוועסטער, האָט חתונה געהאַט. עס איז געקומען אַן איי־דעם אויף קעסט. זיין נאָמען — מרדכי ראָזענסאָן. ער איז געווען שוין אַ בחור אין די יאָרן, אָבער גאָר אַ ווילער, אַ בן־הרב. זיין פּאָטער איז געווען אַ רב ערגעץ אין אַ קליין שטעטעלע אין ליטע, אַ ייד אַ צדיק, אַן איש־תמים. ער האָט ניט אַרויסגעקוקט ווייטער פון די ד׳ אמות פון זיין תורה־געצעלט. מרדכי איז געווען אַ מי־שהיה, אַ וואָלאָזשינער ישיבה־בחור און אַן אינטימער חבר און פריינט פון ווייטערן. ער איז געווען אַ קענער פון העברעיש, אַן איבערגעגעבענער אחד־העמיסט, אַביסל צוגענויגט צום אָפּהיט פון מצוות עשיות.

ווען די מחותנים זענען געקומען צו פאָרן מיטן חתן, האָבן עס די ברידער גאָרדין, ברידער פון דער כלה, געדאַרפט גיין זיי באַגעגענען און אונטערהאַלטן, אויפנעמען, משמח־זיין. קיין מער קאָמישע סצענע ווי די דאָזיקע באַגעגעניש איז שווער זיך פאָרצושטעלן.

באַגעגענען, אויפנעמען מחותנים דאַרף מען דאָך מיט וויין, מיט טאָרט, מיט שנאַפּס, מיט אַ מאָלצייט, און דאָ קומען צווי ברידער פון דער כלה, וואָס פאַרזוכן ניט קיין משקה, טרינקען אַפילו ניט קיין טיי און זענען אַפילו ניט געווען אָנגעטאָן ווי עס פּאַסט פאַר אַזאַ געלעגנהייט. זיי זענען געקומען פאַרעוסקטע, צעטראָגענע, קוים זיך אָוועקגעריסן פון זייערע תלמידים און ביכער.

עס איז אָבער פאָרט געווען אַ פריילעכע חתונה, כדת וכדין, הגם די ברידער ג. האָבן קאַטעגאָריש זיך אָפּגעזאָגט בייצוווינען וועלכע עס איז רעליגיעזע צע־רעמאָניע. אָבער די רבנים און די שמשים און אַנדערע כלי־קודש און באַקאַנטע און קרובים, נאָענטע און ווייטע, האָבן זיך משמח געווען „אויף וואָס די וועלט שטייט", און נאָכגעקומען יעדן מנהג און ריטואַל פונקט אויף דער האָר.

אַוועק אַ יאָר מיט אַ חודש און עס איז געבוירן געוואָרן אַ יינגעלע, האָט מען געפּראַוועט אַ ברית, אויף וועלכן די בר. ג., די פעטערס, האָבן געשיינט מיט זייער ניט־זיין, און מע האָט אים אַ נאָמען געגעבן דוד, נאָך זיין פּאַטערס אַ זיידן, האָט דודל זיך געהאָדעוועט ביים זיידן, הרב ר׳ יהודה־לייב, אין שטוב, אין סמאַרגאָן, און די מוטער, בלומע, האָט גערעדט מיט אים אויסשליסלעך העברעיש, אַזוי, אַז עברית איז געווען זיין מוטערשפּראַך.

(מיט יאָרן יאָרן שפּעטער איז ער געווען איינער פון די באַרימטע גרינדערס פון ארגון צבאי לאומי און געביטן דעם נאָמען; פון ראָזענסאָן איז געוואָרן רזיאל).

מרדכי ראָזענסאָן האָט געגומען טראַכטן וועגן תכלית און איז אַוועקגעפּאָרן קיין גראָדנע אויף די לערער־קורסן, מיט וועלכע עס האָט אָנגעפירט ד״ר טוראָוו. מיט יאָרן שפּעטער זיך באַזעצט אין ארץ־ישראל, אין תל־אביב.

בײַ דער צווייטער שוועסטער, רחל, זענען זאַכן ניט צוגעגאַנגען אַזוי גלאַט און געווײַנטלעך. איר געליבטער, דער שוועסטערקינד חיים זאב, „דער רעזשיצער", איז געווען אין וואַרשע. ער האָט געהאַלטן עקזאַמען אויף פּראָוויזאָר. ער האָט שוין עטלעכע יאָר געאַרבעט ווי אַן „אַפּטייקער־שילער". ער איז געווען זיכער, אַז ער וועט אויסהאַלטן דעם עקזאַמען, צו וועלכן ער האָט זיך גוט צוגעגרייט. אַלס פּראָוויזאָר וואָלט ער געאַרבעט אין אַן אַפּטייק אַ פּאָר יאָר. וואָלט אָנגעקליבן אַביסל געלט און פאָרגעזעצט זײַן שטודיום פון כעמיע, ווי דער פעטער מאָניש, דער פּראָפעסאָר פון כעמיע אין די פאַראייניקטע שטאַטן, האָט בשעתו געטאָן, אָדער ער וואָלט זיך גאָר גענומען שטודירן מעדיצין, צו וואָס ער האָט געהאַט אַ נייגונג, צו אים האָט שטאַרק אַפּעלירט די פראַגע וועגן אריכות־ימים און אָפּשאַף פון טויט. ער האָט וועגן דעם אַ סך געלייענט און שטענדיק געמאַכט בײַ זיך נאָטיצן.

אַזוי האָט ער געפּלאַנעוועט.

אָבער זײַן געליבטע, רחל, האָט מורא געהאַט, אַז טאָמער ווערט ער אַ דיפּלאָמירטער, וועט ער זי ניט וועלן און עס וועט בײַ זיי ווערן אויס ליבע. אַזוי ווי ער האָט שוין געהאַלטן קרוב למקח, ערב קריגן זײַן דיפּלאָם, האָט זי, אויס פאַרצווייפלונג, זיך געסמט.

אין מיטן נאַכט, — מע קלאַפּט אין פענצטער פון דעם צימערל, וווּ די ברייִדער ג. זענען געשלאָפן.

א. ג. איז אַ לייכטער שלאָפער; ביים ערשטן קלאַפּ איז ער אַ דערשראָקענער אויפגעפשפרונגען.

ערשט עס איז דער פאָטער.

געעפנט די טיר. דער טאַטע איז בלייך ווי אַ טוך.

— טאַטע, וואָס האָט פּאַסירט?

— רחקע האָט זיך געסמט! — געזאָגט און גלייך אַוועק.

— אַזוי גאָר?! — א.׳ס ווערטער האָט ער שוין ניט געהערט.

א. און וו. זענען אַוועקגעלאָפן זען די שוועסטער. זייער שולע איז געווען אַ צווייי דריי מינוט גאַנג פון פאָטערס הויז.

זיי האָבן געפונען דעם ד״ר דושמאַן, אויך אַ נאָענטער שכן, ביים בעט פון דער חולה.

רחל איז פאַרביי. זי האַלט אין איין ברעכן. דער דאָקטער הייסט איר געבן טרינקען שוואַרצע קאַווע. זי ברעכט און זאָגט, אַז זי וויל ניט מע זאָל זי ראַטעווען; זי וויל שטאַרבן.

א. ג.׳ן פאַרקלעמט דאָס האַרץ, קוקנדיק אויפן גאָר ניט יונגן טאַטן. אַ קראַנקער, אַ צעבראָכענער, האָט ער נעבאך געטראָגן אויף זיך אַזאַ שווערע משא פון צער גידול בנים און איצטער נייע צרות, אומדערוואַרטע, אומגעהערטע — פון אַ טאָכטער. דאָס אומגליק איז גרויס און די חרפה און בייושים אין שטעטל זענען ניט קליין.

אין שטוב איז קיינער ניטאָ אויסער דער יינגסטער טאָכטער מאַשע. די הויפּטבאַלעבאָסטע, די בריה, בלומע, איז אַוועקגעפאָרן צוגאַסט צו דער באָבען און פעטער אין נישטאַבישעק.

עס שטעלט זיך אַרויס, אַז רחל האָט אין בוזעם געטראָגן אַרומגעבונדן אַרום

האָלדז אַ זעקעלע מיט סם־המוות. זי האָט עס צוגעגרייט, געהאַלטן על כל צרה. און ביי איר די גרעסטע צרה האָט געמיינט פאַרלירן איר געליבטן. די ליבע ציט זיך שוין ביי זיי יאָרן. זיי האָבן זיך פאַרליבט, ווען זי איז געווען דרייצן יאָר אַלט און ער פערצן. ער האָט זיך געפונען אין איר פאָטערס, און זיין פעטערס, הויז און געלערנט אין דער ישיבה ביי ר׳ ניסנען. ווען דער פאָטער איז קראַנק געוואָרן און אַוועקגעפאָרן מיט דער מוטער און בלומען אין נאָווי־מיאַסטו אין אַ וואַסער־קוראָרט, איז זי געבליבן אין שטוב און געפירט די באַלעבאַטישקייט. זי האָט עס אויף אים אויפגעפאַסט מיטן עסן, מיט וועש וכדומה, און דעמאָלט האָט זי זיך פאַרליבט.

דעם סם האָט זי איינגענומען און האָט צעבראָכן דאָס גלאָז, פון וועלכן זי האָט אים געטרונקען און פרובירט אַראָפּשלינגען די שטיקלעך ברוכוואַרג. זי האָט עס ניט געקענט באַווייזן, ווייל זי האָט גלייך גענומען ברעכן. אין אַ צווייטן צימער איז געשלאָפן מאַשע. זי האָט דערהערט איר ברעכן. איז זי צוגעקומען פרעגן, וואָס איז דער מער מיט איר. האָט זי איר געזאָגט. מאַשע האָט גלייך אויפגעוועקט דעם פאָטער און זי איז אַוועקגעלאָפן און געבראַכט דעם דאָקטער.

דער דאָקטער דושמאַן האָט ניט געוווּסט, וואָס צו טאָן, ווייל ער האָט ניט געקענט דערגיין, וואָס פאַר אַ סם זי האָט איינגענומען. דאָס גלאָז, פון וועלכן זי האָט עס געטרונקען, האָט גאָרניט געוויזן. עס האָט ניט אַרויסגעגעבן קיין גערוך.

רחלען האָט שטאַרק פאַרדראָסן, וואָס זי איז גלייך ניט געשטאָרבן. זי האָט ניט געקענט צוזען דעם צער פון פאָטער, פון די ברידער און שוועסטער. זי האָט זיך געטרייסט מיטן געדאַנק, אַז אין אַ פּאָר מינוט אַרום וועט זי שוין זיין אויפן עולם האמת.

— פאַרוואָס האָסטו עס געטאָן? — פרעגט זי א. ג. זי איז געווען זיין געליבטע שוועסטער.

זי האָט אים אויסגעזאָגט די סיבה און געבעטן טעלעגראַפירן איר געליבטן, ער זאָל כאָטש זיין אויף איר לוויה, אויב זי וועט ניט קענען אים זען פאַרן אויסגיין.

מע האָט גלייך אָפּגעשיקט אַ דעפּעשע קיין וואַרשע מיט דעם אָנזאָג, ער זאָל אַרויספאָרן מיטן ערשטן צוג, וואָס גייט אָפּ.

ער האָט איבערגעלאָזן דעם עקזאַמען אין סאַמע מיטן און גלייך אַרויסגעפאָרן.

אַריבער אַ גאַנצער מעת־לעת נאָכן איינעמען דעם סם. דער דאָקטער גיט האָפענונגען, אַז זי וועט וואַרשיינלעך בלייבן לעבן. אָבער אַזוי ווי זי האָט זיך פאַרברענט די געדערים און דעם מאָגן, וועט זי בלייבן אַ בעלת־מום.

רחל איז געווען שרעקלעך אויפגעטרייסלט פון איר פאַרזוך צו באַגיין זעלבסט־מאָרד. זי האָט איצטער מורא געהאַט, זי זאָל ניט אַראָפּ פון זינען.

א. ג. האָט פאַרבראַכט ביי איר בעט יעדע פרייע שעה וואָס ער האָט געקענט אָפּרייסן פון זיינע התחייבותן.

אַצינד איז איר צוגעקומען די זאָרג, אַז טאָמער וועט ער, איר געליבטער, זי פיינט האָבן דערפאַר וואָס זי האָט רויִנירט זיין קאַריערע, און אַז זיי וועלן חתונה האָבן וועט זי זיין אומגליקלעך.

אַוועק אַ צווייטער מעת־לעת. רחל לעבט. זי איז זייער אָפּגעשוואַכט. קען פון בעט נישט אויפשטיין.

בלומע איז געקומען צוריק, אריין אין הויז. זי זעט אַלע זענען אַזוי צערודערט, צעצערט.

— וואָס האָט פּאַסירט?

— רחקע האָט זיך געסמט. זי האָט געהאַט סם אין אַ זעקעלע.

בלומע שיסט אויס מיט אַ געלעכטער.

— דאָס איז געווען טרינק־סאָדע. מיט אַ יאָר צוריק האָב איך פון איר האַלדז, ווען זי איז געשמאַק געשלאָפן, אָפּגעבונדן דאָס זעקעלע, אויסגעשאָטן דעם סם און אַריינגעטאָן טרינק־סאָדע און אים צוריק פאַרבונדן ווי קיינמאָל גאָרניט.

בלומע איז אַריין צו רחלען און זי באַרואיקט.

אַריין צום פאָטער און אים באַרויִקט.

איבערן גאַנצן שטעטל האָט זיך גלייך צעטראָגן דער קלאַנג, אַז דעם רבס טאָכטער האָט זיך געסמט צוליב אַ ליבע.

עס זענען אַוועק אַ וואָך צוויי. א. ג. פלעגט יעדן אָוונט נעמען רחלען אויף אַן אַרויספאָר־שפּאַציר. ער האָט גערעכנט, אַז דאָס אַרומפאָרן וועט זי צוביסלעכווייז באַרויִקן און זי וועט זיך אַרויסשלאָגן פון קאָפּ איר פאַביע פון זינען־פאַרלוסט...

אַוועק נאָך אַ פּאָר וואָכן.

אויף איינער פון אירע אַרויספאָרענישן האָט זי אַנגעוווּנקען אַז איר גע־ליבטער קלייבט זיך אַוועקצופאָרן צוריק קיין וואַרשע, כאָטש ער האָט זי שוין דערקענט ווי אַ פרוי. זי האָט א. ג. אויסגעזאָגט, ווייל זי האָט געוווּסט, אַז „דער רעזשיצער" האַלט פון די ברידער און רעכנט זיך מיט זייער מיינונג און וואָס זיי וועלן אים ראָטן, וועט ער טאָן.

א. האָט איר באַרויִקט.

— חיים־זאב („דער רעזשיצער") איז אַ מענטש פון געוויסן. ער וועט זיכער האַנדלען קאָרעקט.

א. האָט איבערגערעדט וועגן דער לאַגע מיטן ברודער וו. זיי האָבן באַשלאָסן צו רעדן מיטן „רעזשיצער" קלאָרע דיבורים. דער פאָטער קען זיך דאָ ניט מישן. ער געהערט צו אַן אַנדער דור און אַן אַנדער וועלט.

זיי האָבן זייער שוועסטערקינד פאַרבעטן אין „עבריה" אויף אַ שמועס. אויף זעקס אויגן האָט א. אים אָנגעוווּנקען אויפן פּסוק אין בראשית ל"ד, ל"א.

ער איז רויט געוואָרן ווי צונטער און געזאָגט: מע קען שטעלן די חופּה, ווען רחל וויל און די הכנות זענען געמאַכט. ער האָט גערעכנט דורכגיין דעם עקזאַמען, פאַר דעם זיך איינאָרדענען איידער ער נעמט אויף זיך אַזאַ אחריות, אָבער אַז מע רעדט צו אים אַזוי, איז ער אַנטשלאָסן.

מע איז אַרויסגעפאָרן אויף אַ נאָענטער סטאַנציע. מע האָט דאָרט געשטעלט די חופּה, געפּראַוועט אויף טאָנדעט די חתונה.

די ברידער זענען ניט געפאָרן. בלויז דער פאָטער און די שוועסטער.

דער שוואָגער, רחלס מאַן, האָט אָנגעשריבן אַ דראַמע אונטערן נאָמען „אויף פאַלשע וועגן". זיין שוואָגער, באַבראָוו, אַ לעדער־קאָמיסיאָנער, האָט פינאַנסירט דאָס אַרויסגעבן עס.

דער הויפּטהעלד פון דער דראַמע נאָשט אַביסל געדאַנקען פון די ברידער ג. און דאָס האָט זיי פאַרדראָסן. עס איז שיער ניט געקומען צו אַ מחלוקת. אָבער

רחל האָט זיך אַריינגעלייגט אין אַ שלום און דער שלום איז געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז די ברידער ג. האָבן איבערגעזעצט די דראַמע אויף העברעיִש, און דער שוואָגער מיט וו. ג. זענען געפאָרן פאַרלייענען די דראַמע פּאַר פּרצן. פּרץ האָט זיך געבערעקלט און געדונגען, אָבער וו. ג. האָט אים ניט אָפּגעלאָזט, באַשטאַנען אויף זיינס. פּרץ האָט אים עטלעכע מאָל געפרעגט מיט אַן איראָניע: ווי זענט איר געווען אין די יאָרן 1905־1906? איר זענט דאָך אַ פייערדיקער אַגיטאַטאָר? אָבער וו. ג. האָט פאָרט אַרויסגעקראָגן פון י. ל .פּרצן אַ בריוו, אין וועלכן ער שטעלט דעם מחבר אויף איין ברעטל מיט יעקב גאָרדינען, דעם באַרימטן דראַמאַטורג. — — —

עס איז געבאָרן געוואָרן אַ מיידעלע. די מוטער און דער פאָטער האָבן מיט איר גערעדט העברעיִש בהברה הספרדית.

[אַוועק אַ היפּש ביסל יאָרן, געבוירן געוואָרן אַ צווייט מיידעלע.

ביידע טעכטער זענען געווען זייער באַגאַבטע. די עלטערע אַ מאַטעמאַטיקערן, די יונגע אַ פידלשפּילערן אַ ווונדערקינד. געגעבן קאָנצערטן. די גאַנצע משפּחה פון פיר זענען אומגעקומען אין ריגע פון די הענט פון די היטלעריסטישע רוצחים, ימח שמם וזכרם].

## 216

## שליסן די שולע

דער אינטערעס צו „עבריה" איז ביי די ברידער ג. אָפּגעקילט געוואָרן.

מיטן דערפאָלג איז זייער אַמביציעזקייט אָפּגעשוואַכט געוואָרן. ווייטער: וואָס זיי האָבן געקענט אויפטאָן, האָבן זיי שוין אויפגעטאָן. מער וואָס מחדש צו זיין איז ניט געווען. דער לימוד איז געוואָרן אַ רוטין־זאַך. זיי האָבן דערזען די לימיטאַציע, וועלכע זיי קענען ניט אַריבערטראָגן. נאָך אַלע אָנשטרענגונגען קען זייער שול ניט אַרויס פון די ראַמען פון אַ „חדר מתוקן". קיין אַלגעמיינע פּראַקטישע קענטעניש האָבן דאָ קיין פּלאַץ ניט פאַר זיך. מע לערנט בלויז קלאַסישע ליטעראַטור, ווען מע וויל דעם תנ"ך ניט באַטראַכטן ווי אַ רעליגיעז ווערק. דער שטודיום איז קאָנצענטרירט אויף אַ לשון. די פּעדאַגאָגישע פּרינציפּן, וואָס זיי האָבן אַנטוויקלט, זענען פיל ברייטער, וויכטיקער ווי די נישטיקע אָנווענדונג, וואָס זיי קענען אין אָט־דער שול מאַכן פון זיי. די פּראַקטיק איז פלאַך. די טעאָריע איז טיף. שיסן זיי ניט מיט פּעדאַגאָגישע קאַנאָנען אין שפּערלינגלעך און שוועלבעלעך?! זיי זענען פּעדאַגאָגן; זיי קענען אָבער ניט אויסנוצן אין דער פּראַקטיק זייערע דרייסטע רעוואָלוציאָנערע פּעדאַגאָגישע אויפטואונגען. זיי האָבן פיל געשאַפן אין אָט־דער נעבעכדיקער „עבריה", זיי האָבן געמאַכט געוואַגטע עקספּערימענטן. אָבער ווייטער קענען זיי ניט גיין. ניטאָ וווהין. דער שטח איז אַרומגעצוימט. ניטאָ פּאַר זיי קיין פּלאַץ צום וואַקסן. די יכולתן זענען אויסגעשעפּט. זייער אינטערעס ליגט איצט אין טעאָרעטישער פּעדאַגאָגיק. קיין „רעפּראָדוקטיווע", אין אמתן פּשט פון דעם טערמין, קען מען ניט שאַפן ביי אַ פאָלק, וואָס האָט ניט קיין נאָרמאַלן פולן שולוועזן. די שול איז אַ רוסישע, אַ קאַזיאָנע. דער „חדר" איז דאָך בלויז איין צווייגל פון דעם איינגעדאַרטן בוים פון דערציִונג. לכן וואָס בלייבט

פאַר זיי צו טאָן? פאַרפאַסן זייער ווערק די „נייע פּעדאַגאָגיק“, דערקלערן, עקספּאַ־זירן זייערע פּרינציפּן, זייער פילאָזאָפיע פון דערציִונג — און יוצא.

מען קען אונטער די אומשטענדן גאָרניט אויפטאָן. זיי זענען דאָן־קיכאָטן, וואָס שלאָגן זיך מיט ווינטמילן. זיי האָבן זיך געפילט אַנטוישט. זיי קענען ניט שאַפן קיין „יש מאין“.

נאָך לאַנג קווענקלען זיך און דעבאַטירן און אַרומשמועסן צווישן זיך די פראַגע, האָבן די ברידער ג. אָפּגעמאַכט ביי זיך צו שליסן די שולע, וועלכער זיי האָבן אָפּגעגעבן פולע זעקס יאָר פון זייער לעבן. אין משך פון די זעקס יאָר האָבן זיי ניט געגעסן און ניט געטרונקען, ניט גערוט און ניט געשלאָפן, נאָר געווען כסדר פאַרנומען, מיט אַלע פיבערן פון זייער זעל, מיט יעדן געדאַנק פון זייער שכל, מיט יעדן געפיל פון זייער האַרץ, מיט דער שול. זיי האָבן געלעבט און געוווינט אין דער שול. געלעבט מיט דער שול און פאַר דער שול. די שול איז ביי זיי געווען דער עיקר און זיי דער טפל צו איר.

זייערס האָבן זיי אויסגעפירט. די שולע „עבריה“ האָט מצליח געווען הן פּעדאַגאָגיש־גייסטיק, הן פינאַנציעל. און אויף וויפל זי האָט זיי געבראַכט הצלחה, אויף אַזויפיל האָט זי פאַר זיי מער ניט קיין אינטערעס. שאַפן מער אין אירע ראַמען קענען זיי ניט. אַצינד וועלן זיי זיך בלויז אימיטירן, טאָן די אייגענע זאַך נאָכאַמאָל און ווידעראַמאָל. זיי וועלן אָנווענדן די מעטאָדן, וואָס זיי האָבן אויסגעאַרבעט, מיינט דאָך עס זיך אַליין נאָכטאָן. „איינמאָל אַ חכמה“, איינמאָל אַן אויפטו, דערנאָך איז עס נאָכטועניש, שאַבלאָן, טרעטן אין אַן אויסגעטראָטענעם וועג. און דאָס ווילן זיי ניט.

עס איז ניטאָ קיין שום מעגלעכקייט צו גרינדן אַ רעפּראָדוקטיווע, דאָס הייסט, אַ שול, ווו מ'פּאַסט־צו די תלמידים צו דער פּראַקטישער ציוויליזאַציע, צום סך־הכל פון אומנותן, פאַכן, געשיקטקייטן און מע לאָזט זייערע מוחות פריי אומגעצוימט צו טראַכטן ווי און וואָס זיי ווילן, צו גלויבן אין וואָס זייער האַרץ געלוסט.

לכן בלייבט זיי איין זאַך צו טאָן: אָנשרייבן זייערע ווערק, אין וועלכע זיי וועלן אויסלייגן זייער וועלטבאַנעם. דאָס מיינט, מקיים זיין דאָס, וואָס זיי האָבן צוגעזאָגט אין זייער פּראָספּעקט, וועלכער איז דערשינען אין 1912.

די שול האָט פאַרלאָרן פאַר זיי פּערזענלעך איר רעזאָן ד'עטער. מאַכן פון איר אַ מעלקנדיקע קו, פון וועלכער זיי וועלן ציִען זייער חיונה, און נאָך שפּאָרן אַ פּאָר רובל — וואָלט געווען, ממש, אַ חילול השם. זי האָט גוט געדינט פאַר זיי ווי אַ שטאַפּל אין זייער אַנטוויקלונגס־לייטער. דעם שטאַפּל האָבן זיי שוין אַריבערגעשטיגן. זיי דאַרפן אַצינד זיך אינגאַנצן איבערגעבן צו דער פאַרפאַסונג פון זייערע ווערק, און דערנאָך וועלן זיי זען. אפשר וועלן זיי שפּעטער־צו, ווען די אומשטענדן וועלן ווערן רייף און גינציק, עפענען אַ שול אין ייִדיש. לעת עתה קען עס ניט געטאָן ווערן.

זיי האָבן מיט צוויי יאָר צוריק געמאַכט אַ פּאַרזוך צו עפענען אָוונטקורסן פאַר די, וואָס ווילן טאַקע זיך לערנען ייִדיש שרייבן און לייענען. עס איז געקומען אַ היפּשע צאָל תלמידים פון צווישן די גאַרבעדס־לערניִינגלעך און אויך אַ צאָל דערוואַקסענע מיידלעך און פרויען פון „עמך שבעמך“. די קורסן האָבן אָנגעהאַלטן אַ קורצע צייט. דער פּאַרזוך איז געווען פאַרמשפּט אויף אַ דורכפאַל. דער גאַנצער

עסק האָט ניט געלוינט. מע דאַרף ניט האָבן מי־יודע וועלכע גרויסע פּעדאַגאָגן, כדי אויסצולערנען דערוואַקסענע און איבערגעוואַקסענע יונגען און מיידן איבער־צולייענען און אָנצושרייבן אַ פּאָר שורות אין דער פאָרם פון אַ בריוול צו אַ חתן אָדער צו אַ כלה, אָדער צו טאַטע־מאַמע. ווייטער: זיי האָבן געהאַט צרות מיטן אויסלייג. איינפירן זייער אייגענעם אויסלייג? מע קען ניט אָננעמען אין אַ שול אַן אויסלייג, וואָס איז ניט אָנערקענט פון שרייבערס און לערערס. ווו וועלן זיי נעמען לייענמאַטעריאַל און לערנביכלעך? נאָכגעבן און האַלטן זיך ביי דער אַלטער פאַרגרייזטער אָרטאָגראַפיע? — זענען זיי מחויב צו לערנען שרייבן ייִדיש פאַר־גרייזט און דייטשמעריש?! נעמען אַליין אויף אייגענער אחריות שאַפן נייע טעקסט־ביכלעך אין דער פאָנעטישער אָרטאָגראַפיע און זיי אַליין אַרויסגעבן — איז איבער זייערע כוחות. האָבן זיי אויפגעגעבן די קורסן, מיטן געדאַנק, אַז אפשר מיט יאָרן שפּעטער וועט מען עס קענען טאָן.

זיי האָבן די שול „עבריה“ געשלאָסן. ריכטיקער: זי ניט געעפנט צום נייעם זמן.

## 217

## ייִדיש

האָבנדיק צוגעמאַכט די שולע „עבריה“, זענען די ברידער ג. געבליבן אָן אַ ווינונג. אַזוי ווי עס איז געווען תחילת פרילינג, זענען זיי אַוועק און געדונגען אַ זומערווינונג אין ליטשניק, אַ דערפל ניט ווייט פון סמאַרגאָן לעבן דער אייזנ־באַן־סטאַנציע אין גאָר נאָענטער שכנות מיט דער זומערווינונג, וואָס די לאמדאנ־סקיס האָבן געדונגען.

זיי האָבן זיך פרי אַריינגעצויגן אויף דער דאַטשע און זיך גענומען מיט גרויס אייפער, און איצט האָבן זיי דאָך געהאַט פרייע צייט, צום פאַרענדיקן זייער אָפּוס „די נייע פּעדאַגאָגיק“.

די פרימאָרגנס זענען געווען קילע, דאָך זענען זיי געזעסן אינדרויסן, דאָס הייסט, אין הויף. די ביימער קנאָספּען זיך, בלעטערן זיך, גראָזן באַטויען זיך, פייגעלעך צוויטשערן און פליִען אַרום. די פייגעלעך זענען זיך מחיה פון באָדן זיך אין דער פרישער בלוילעכער פרימאָרגנדיקער לופט. און זיי, די ברידער ג., זיצן און האַמערן אַ זאַץ נאָך אַ זאַץ. איינער פון זיי פירט מיט דער פּען. ביידע צוזאַמען באַהאַנדלען יעדעס וואָרט און יעדן זאַץ. זיי זענען מקפיד אויף לשון. זיי ווילן טאָן צוויי זאַכן אויפאַמאָל: אי שאַפן אַ נייעם ייִדיש און אי פאַרפאַסן אַן אָריגינעל פּע־דאַגאָגיש ווערק אויף ייִדיש. פּעדאַגאָגיק איז אַ דיסציפּלין, וואָס ביי ייִדן איז זי זייער פאַרנאַכלאָזיקט געוואָרן. אויף אַלע געביטן האָבן יחידים ייִדן זיך אויסגע־צייכנט, געגעבן גרויסע נעמען, זיי האָבן אויף זייער קאָנטע וויכטיקע חידושים, אָבער ניט אויף דעם געביט פון דערציִונג. די זאַך איז פּשוט: אינערלעך, אין אייגענעם ייִדישן לעבן, זענען זיי געווען פאַרצרהט און פאַרחושכט און, ממילא, אויסערגעוויינטלעך קאָנסערוואַטיוו, אָפּגעשטאַנען. זיי האָט אינטערעסירט איין זאַך: מאַכן די קינדער פאַר פרומע ייִדן, אַז זיי זאָלן קענען אויסהאַלטן דעם דרוק פונדרויסן און ניט איינברעכן, ניט נאָכגעבן, ניט אויסשמדן זיך און ניט פאַר־

אונטערוועלטיקט ווערן. אינדערפרעמד, ביי די אומות העולם, האָט מען זיי, די יחידים ייִדן, צום געביט פון דערציִונג ניט געלאָזן זיך צורירן. ווי אַזוי האָבן קריסטן אָדער מאַכמעדאַנער געקענט דערלאָזן, אַז זייערע קינדער זאָלן דערצויגן ווערן פון ייִדן, פון אומגלויביקע! אויף אַזוי ווייט איז די טאָלעראַנץ קיינמאָל ניט געגאַנגען.

על כן, הייסט עס, אַז זיי, די ברידער ג., גייען שאַפן אַ ניי ווערק אויף אַ נייעם געביט אין אַ נעאָ־ייִדיש. זיי האָבן געהאַסט די דייטשמערישקייטן. מע ווינט אַזוי מסוכנדיק נאָענט פון דייטשלאַנד און מיטן אויפבראָך פון אַלטן שטייגערלעבן זענען אַרויסגעפאַלן זייער אַ גרויסע צאָל העברעיִזמען פון ייִדישן לשון און עס זענען אַריינגענומען געוואָרן אין זייער פּלאַץ דייטשע ווערטער.

מע גייט מער ניט צו קיין אסיפה, נייערט צו אַ פאַרזאַמלונג, אָדער אַ מיטינג. מע הערט ניט קיין מגיד, נייערט אַ רעדנער, אַן אָראַטאָר. מע נעמט ניט אָן קיין החלטות, נייערט באַשלוסן. מע שאַפט ניט קיין תקנות, נייערט פּונקטן פון פּראָגראַם, אַ פּלאַטפאָרם. מע פרעגט ניט קיין שאלות, קיין קשיות, נייערט מע שטעלט פראַגעס. אַזוי כסדר אויף יעדן געזעלשאַפטלעכן טריט און שריט. איז אויב מע זעט עס אַזוי לאָזן גיין און ניט אָננעמען קיין דראַסטישע מיטלען ווי צו פאַרפעסטיקן ייִדיש לשון דורך דעם אַריינגעמען וואָס מער העברעיִזמען און אָפּהיטן די גראַמאַטיקאַלישע פאָרמען, וואָס פאָלקיש ייִדיש האָט אויסגעאַרבעט אין אָפּנויג פון הויכדייטש, וועט ייִדיש קיין צוקונפט ניט האָבן.

ווייטער: דעם פּלאַן צו העברעיִזירן די ייִדישע פאָלקסמאַסן, דעם גלויבן, אַז זיי וועלן זיך אָנאייגענען די העברעיִשע שפּראַך און זי געברויכן אין זייער טאָגטעגלעכן לעבן, האָבן זיי באַצייכנט ווי אַ שעדלעכע אוטאָפּיע. דאָס פאָלק, „עמך“, פאַרמאָגט ניט גענוג כוח אָנצונעמען אַ שפּראַך, וואָס האָט ניט קיין וואָקאַלן און יעדעס וואָרט קען געלייענט ווערן אויף פאַרשיידענע אופנים, און מ׳דאַרף זיך כאַפּן לויטן קאָנטעקסט, וואָס עס באַטייט און ווי עס דאַרף אַרויסגערעדט ווערן. איז ווי קענען די פאָלקסמאַסן אַדאָפּטירן אַ לשון, וואָס בלויז דאָס קאָרעקטע לייענען אַליין איז אַן ענין פון פיל שטודירן און קענען ניקוד, אַ פּעדאַגאָגישער אָפּטייל פון דקדוק. דאָס איז אַ לשון פאַר דער אינטעליגענציע, פאַר יחידי סגולה.

אָבער, פון דער אַנדערער זייט, איז ייִדיש, ווי עס איז פאַרטראָטן אין דער מאָדערנער ליטעראַטור, ניט גענוג ייִדיש־לשון. די באָבעס און די מאַמעס האָבן גערעדט אַ גוטן ייִדיש, אָבער די שרייבערס, דערהויפּט די פּובליציסטן, האָבן אַריינגעשלעפּט, אויסער דער דייטשמערישער אויסלייגעכץ אַ סך דייטשע ווערטער, אַזוי אַז ייִדיש און איר ליטעראַרישע פאָרם קען ניט גילטן ווי אַ נאַציאָנאַלע ייִדישע שפּראַך.

די ברידער ג. אַרבעטן זייער שווער אי אויפן אינהאַלט און אי אויף דער פאָרם. דער אינהאַלט דאַרף האָבן אַן אַלמענטשלעכן ווערט, בלויז די פאָרם דאַרף זיין ייִדיש־נאַציאָנאַל. דאַרף מען דאָך זען באַוואָרענען דעם לשון, אים באַנייען, אַז ער זאָל קענען ווערן אַ באמת נאַציאָנאַלע שפּראַך און באַזיצן וואָס מער ייִדישע, רייך־ייִדישע ווערטער.

# 218

## צוויי דיסציפּלינעס

יעדע וויסנשאַפט האָט איר מעטאָדאָלאָגיע, איר דיסציפּלין, אירע פאָרשונגסגענג, אירע אַרבעט־אופנים, איר אַרכיטעקטאָניק. די פאַרשיידנאַרטיקייט ווערט באַ׳תנאַי׳ט, קודם־כל, דורך דעם כאַראַקטער פון דעם אונטערזוכשטאָף גופא, דורך זיינע אייגנטלעכע קוואַליטעטן, פון איין זייט, און דורך די תכליתים, וואָס די באַטרעפנדיקע וויסנשאַפט שטעלט זיך ביים באַאַרבעטן דעם שטאָף, אַזוי צו זאָגן, דורך די אָביעקטיווע און סוביעקטיווע פאַקטאָרן, אַנדערש געזאָגט: דורך דעם קויזאַלן און טעלעאָלאָגישן מאָמענט: אַ שטייגער, פאַרהעלטנישמעסיק, „די זאַך פאַר זיך“ און „די זאַך פאַר דער וויסנשאַפט“, דהיינו, די זאַך בנוגע אונדז, אונטער דעם געגעבענעם פאָרשונגס־ווינקל. וואָס עס זאָלן ניט זיין די השערות מכוח דער באַשטימונג פון די גבולים און די שייכותן פון די ביידע, מאַטעריאַל און באַאַרבעטונג, — ווו די סיבה און ווו דער מסובב, צי אין שטאָף, צי אין דעם מעטאָד, דער פאַקט גופא שטייט איבער יעדן צווייפל, אַז יעדע באַזונדערע וויסנשאַפט אַרבעט־אויס אַנדערע מעטאָדן, פאַרשונגס־דרכים, דערקלערונגס־שטייגערס, אַרגומענטאַציע־מיטלען און ספּעציעלע אויפנעם־מאַנירן. און ווען איינער באַשעפטיקט זיך יאָרנלאַנג אויף איין געביט, ווערט ער, צופּאַסנדיק זיך צו זיין פאַך, ווערנדיק אינגאַנצן, אַזוי צו זאָגן, אַריינגעצויגן אין אים, אַ שטייגער אַ כלי פון זיין ספּעציאַליטעט־וויסנשאַפט. ער דערגרייכט אָט־די הויכע מדרגה דורך דער אונטערדריקונג פון די פעיִקייטן, וואָס זענען קעגן דעם פאַך און דער פלעגונג, פאַרפיינערונג און פאַרשאַרפונג פון יענע כשרונות זיינע, וואָס זענען גראָד מסוגל פאַרן פאַך. עס קומט פאָר אין אים עפּעס אַ סאָרט צווייפאַכיקער כשרונות־אָפּקלייב, אַ נאַטירלעכער און אַ קינסטלעכער. דאָס ברענגט, לסוף, צו דער פולשטענדיקער אַטראָפירונג פון די „ווידערשפּעניקע“ באַגאַבטקייטן און באַשאָנקונגען און, להיפוך, צו דער היפּערטראָפיע פון די גינציקע און פאַסיקע. בזה־האופן ווערט אויסגעאַרבעט דער, אַזויגערופענער, „פּראָפעסיאָנעלער טיפּ“, דער קנאי פון זיין פאַך, וואָס איז כמעט אַ גייענדיקע פאַרקערפּערונג פון פאַך. לאָגיק ציִיגט אונדז, אַז די ספּעציאַליסטן זענען גענויגט צו אַ פאַך־קוק אויף דער וועלט. אָט־די חולשה זייערע איז גורם צו דעם, וואָס ווערט אָנגערופן „פאַרגרייזונגען, וואָס קומען פון אָנגענומען געפיל“. עס וואָלט געווען פּינקטלעכער עס צו באַצייכענען מיטן טערמין „פּראָפעסיאָנעלע פאַרגרייזונגען“. עס איז באַקאַנט די באַגרענעצטע קנאה־שנאה פון די פאַכן, פון די געביטן צווישן זיך, אַ דערשיינונג, וואָס פאַרמאָגט אינטערעסאַנטע קוריאָזן. דער מאַטעמאַטיקער האָט בטבע פיינט, פילט כמעט אַן אָרגאַנישע אַנטיפּאַטיע צו אַלץ, וואָס איז ניט אומאָפּפרעגבאַר, ריין־אַבסטראַקט, דעדוקטיוו, ווי זיין פּראָפעסיע. דער אַסטראָנאָם, וואָס זיצט און קוקט אין אין־סוף אַריין, באַאָבאַכט דעם גאַנג פון די שטערן אין זייערע אָרביטן, קען ניט פאַרטראָגן אַלע אונדזערע פאַרהעלטענישמעסיק קליינלעכע זאָרגן און הבל־הבלימדיקע חקירות, אונטער וואָס עס קומען אַרונטער אַלע פאָרשונגען אויסער זיין אַסטראָנאָמיע; און יעדער קאָנטאַקט מיט אַ לעבעדיקן מענטשן, אָדער מיט אַ וויסנשאַפטלעכן קעגנשטאַנד, וואָס

קען ניט באַטראַכט ווערן פאַר אַ הימלקערפער, רופט ביי אים אַרויס, ממש, אַ ווידערגעפיל, אַן אומהנאה־געשפיר.

ווי אַן אילוסטראַציע קענען אונדז דינען די קלאַסישע פאַר ווערטער געזאָגט פון לאַפלאַסן בנוגע אַזאַ חשיבותדיקער, באַוווּנדערונגאַרויסרופנדיקער דערשיינונג, ווי די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציע. אַזוי אויך די אַזויגערופענע, „עקזאַקטע וויסנשאַפטן", וועלכע ווילן ניט אָנדערקענען די פסיכאָלאָגיע אַלס אַ וויסנשאַפט, פון סאָציאָלאָגיע און געשיכטע א"אַ איז גאָר ניטאָ וואָס צו ריידן. און, להיפך, די סאָציאָלאָגן און עקאָנאָמיסטן א"אַ טענהן, אַז דווקא זייערע הקצועות פאַרדינען כשר דעם נאָמען וויסנשאַפט, מחמת דעם, וואָס זיי האָבן צו טאָן מיט קאָנקרעטע וועזנס, אינדיווידן און קאָלעקטיוון, בשעת די אַזוי גדלותדיק־באַצייכנטע „עקזאַקטע וויסנשאַפטן" פאַרנעמען זיך מיט אַבסטראַקציעס, ווי אַטאָמען, מאָלעקולן אאַז"וו. דאָס אייגענע די פסיכאָלאָגן, ענטפערנדיק אויף די אויסזעצונגען פון די וויסנשאַפטלער, באַהויפטן זיי, אַז דווקא פסיכאָלאָגיע איז די פערפעקטע וויסנשאַפט, מחמת זי האָט צו טאָן מיט דער אוממיטלבאַרער דערפאַרונג, בעת די נאַטורוויסנשאַפטן ליידן פון דער „אַבסטראַקציע פון סוביעקט".

כאַראַקטעריסטיש זענען אויך די אומענדלעכע פלוגתות מכוח דעם, צי מעדיצין איז אַ וויסנשאַפט, צי פעדאַגאָגיק איז אַ וויסנשאַפט, צי יוריספרודענץ איז אַ וויסנשאַפט, צי פאָליטאָלאָגיע איז אַ וויסנשאַפט. אויף דעם אייגענעם שטייגער ווילן די וויסנשאַפט־ספעציאַליסטן, אַלע צוזאַמען גענומען, ניט אָנדערקענען די פילאָזאָפיע; און די פילאָזאָפיע, פון איר זייט, באַציט זיך מיט ביטול צו די איינצלנע וויסנשאַפטן, מחמת זי האַלט, אַז זי אַליין איז באַרופן צו זאָגן דאָס ענדגילטיקע וואָרט, פעסטצושטעלן די גרונטפרינציפן און די פאָסטולאַטן פון אַלע וויסנשאַפטן, כמוכן אויסצוגלייכן די ווידערשפרוכן, שליכטן די סכסוכים פון איין געביט קעגן צווייטן.

מע טאָר ניט אורטיילן וועגן דעם אויבערפלעכלעכן און מיינען, אַז עס האָט ניט טיפערע וואָרצלען ווי בלויז פראָפעסיאָנעלע קאַפריזן, פוסטע פאַך־פאַרריסנקייט. נייַן. דאָס דערקלערט זיך, ווי אויבן אָנגעדייט, דורך פראָפעסיאָנעלער דיסציפלינירטקייט, געשולטקייט. מע קען עס כמעט אָנרופן פראָפעסיאָנעלע פסיכאָלאָגיע. דאָס פאַרטיפן זיך און אַריינטאָן זיך אין איין געביט מוז אומפאַרמיידלעך אַרויסרופן אַן איינזייטיקייט, וואָס איז באמת אַ רעזולטאַט פון סימנים־דיוועגענץ, וועלכע האָט, פון איר זייט, צו פאַרדאַנקען איר אַרויסקום. דער פאַכצופאַסונג. אָט־די איינזייטיקייט מוז האָבן אַלס צוגאָב די קעגנזייטיקע אַנטיפאַטיע און ניט־פאַרשטענדעניש און ביטול.

די פאַרשמעלערונג פון דעם פאָרשונגס־תחום פון דער איינצלנער וויסנשאַפט איז אַ פועל־יוצא פון דער וויסנשאַפטלעכער אַרבעטצעטיילונג, וואָס באַצוועקט דעם אויפהייב פון פראָדוקטיוויטעט, און האָט זיין יסוד אין דער אייגנשאַפט פון אונדזער דענקען. דורך אַ פאַרשמעלונג פון באַוווּסטזיינפעלד באַקומט זיך אַ געוויסע אינטענסיוויטעט. אָט־די באַגרענעצונג איז גורם צו דעם, וואָס אַ געוויסע באַגאַבטקייט, וואָס ווייזט זיך אַרויס אויף איין געביט, האָט כמעט תמיד אַלס אַ רעזולטאַט אַ באַזונדערע אומבאַגאַבטקייט פאַר אַ צווייטן געביט. נמצא, אַז די איינזייטיקייט פון פאָרשערפאַכמאַן נעמט איר אורשפרונג אין דער איינזייטיק פון

דער ספּעציאַליטעט, וואָס איז, אין אַ געוויסער מאָס, מער ניט ווי די פאַרקערפּע־רונג פון דער איינזייטיקייט, וואָס נעמט די סימנים־דיווערגענץ און קולטיווירט זי.

ווען מיר באַטראַכטן דעם דיסטאַנץ־אונטערשייד, וואָס ליגט צווישן די איינצלנע וויסנשאַפטן, צווישן די צווייגן פון דער וויסנשאַפט און די פּראָפעסיאָנעלע פאַר־שיידנאַרטיקייט, וואָס רעזולטאַטירט פון אים און אויף אַמאָל, באַאָבאַכטן מיר דעם אומאיבערבריקלעכן תהום, וואָס ליגט צווישן די צוויי גרויסע אָפּגעזונדערטע תחומים, וואָס הייסן וויסנשאַפט און אַרטיסטיק, ווי ווייט און טיף עס גייען זיך פאַנאַנדער די דיסציפּלינען זייערע — ערשט דעמאָלט וועלן מיר באַגרייפן, וואָס פאַר אַ דיאַמעטראַלע כנגדות מיר האָבן אַפּריאָרי צו דערוואַרטן ביי די מתעסקים פון אָט־די צוויי הויפּט־ספערן, די טעאָרעטישע און פּראַקטישע קולטור.

עס איז פאַראַן, ווי מיר האָבן נאָר־וואָס אָנגעדייט, אַ מעין פאַך־אַנטאַגאָניזם צווישן די פאַרשיידענע אָפּטיילונגען פון דער וויסנשאַפט גופא, הגם די אונטער־שיידן זייערע זענען פאַרהעלטנישמעסיק נאָך אַלעמען כמעט אומאויפנעמבאַר פאַר דעם ניט־געשולטן אויג פון ניט־מעטאָדאָלאָג. פונדעסטוועגן זענען אָט־די חילוקים אימשטאַנד צו שאַפן אַ צווישן־פאַכן אומדולדעניש, וואָס פאַרשווערט דעם אי־בערגאַנג פון איין מקצוע צום צווייטן אין דער וויסנשאַפט. איצט קענען מיר זיך שוין פאָרשטעלן, ווי מאוימדיק גרויס עס איז דער אַנטאַגאָניזם, וואָס הערשט צווישן אָט־די צוויי קולטורוועלטן און ווי פאַרשיידנאַרטיק עס וואַריאירן די כאַ־ראַקטעריסטיקס, די צופאַס־פעיִקייטן, אַרבעט־געוווינהייטן, פון די, וואָס באַשעפ־טיקן זיך אין זיי. זיי שטעלן פאָר מיט זיך צוויי פאַרשיידענע טיפּן. און עס איז אומגעהייער שווער דער איבערגאַנג פאַרן פאַכמאַן פון טעאָרעטיזם צום פּראַקטי־ציזם און אַזוי אויך פאַרקערט.

אַפילו דאָס אומטרענירטע אויג פון אדם פשוט האָט אַלע מאָל אויפגעכאַפּט די מערקווּדיקע, אויבנאויפליגנדיקע דיפערענץ, וואָס געפינט זיך צווישן די צוויי טיפּן. די בעלעטריסטיק האָט די טעמע באַאַרבעט אויף טויזנטער אופנים. זי האָט געמאָלן דעם חקרן און דעם איש־המעשה. דעם טוער, אויפטוער און דעם טרוימער און פאַרטראַכטן נאָכטראַכטער.

איבערפּראַזירנדיק אַ געוויסן שטאַטסמאַן, וואָלטן מיר זאָגן: דער איינער, דער אַרטיסטיק־טיפּ נעמט מעץ פון דער טעכניק, דער וויסנשאַפטלער דערקלערט, באַווייזט ווי אַזוי יענער האָט עס געגומען. דער איינער, אין דער פּערזאָן פון אַן עדיסאָן, דערפינט אַ פאָנאָגראַף און דער צווייטער, אין דער געשטאַלט פון דער פּאַריזער אַקאַדעמיע, פלייסט זיך עס אויפצונעמען וויסנשאַפטלעך. דער, וואָס איז מסוגל צו איין זאַך, איז ניט מסוגל צו דער צווייטער. יוצא־הכלל אויסגע־שלאָסן. און די באַרימטע אויסנאַמען, וואָס פאַראייניקן אין איין פּערזאָן דעם אַר־טיסטיקער און דעם וויסנשאַפטלער, זענען אויך אין דער בחינה פון אַ „ויתרוצצו“; אַמאָל איז גובר ביי זיי דער איינער און זיי פאַרנעמען זיך מיט דער אַרטיסטיק, אַמאָל געווינט די אויבערהאַנט דער צווייטער — און זיי לאָזן זיך שווימען אין „שטילן אָקעאַן“ פון דער וויסנשאַפט.

מיר אונטערשיידן, ווייטער, דעם איינעם, דעם וויסנשאַפטלער, ווי אַ באַרעכ־טיקער פון אַלץ, פון אַלדאָס עקזיסטירנדיקע; ער באַרעכטיקט אַלץ, ווייל ער דערקלערט אַלץ; דער צווייטער, דער אַרטיסטיקער, איז דער פאַראַנדערשער, דער־

אויסבעסערער, דער איינער זאָגט אויף אַלץ „כי טוב", דער אַנדערער איז דער זאָגער פון „כי־רע", דער פּאַרדאַמער. דער איינער געפינט אַלע מאָל אויס די אורזאַכן פון דער דערשיינונג, וואָס ווייזן, ממילא, אַז אַנדערש האָט עס גאָרניט געקענט זיין; דער צווייטער, האָבנדיק אין זינען בלויז דעם תכלית, געפינט אַלע מאָל אויס, אַז אַנדערש דאַרף עס זיין און מוז זיין. דאָ איז, פאָלגלעך, ניט בלויז אַן אַנדער דיסציפּלין, נאָר אויך אַן אַנדער שטימונג, אַן אַנדער געמיט, אַן אַנדער אידעאָלאָגיע, אַן אַנדער קוק אויף זאַכן. דעם וויסנשאַפטלערס אידעאָלאָגיע קען מען באַצייכענען מיטן טערמין „נאַטוראָקראַטיע" און דעם אַרטיסטיקער מיטן וואָרט „אַנטראָפּאָקראַטיע". דער פיזיאָזאָף און סאָציאָזאָף פאָרשט אַלע מאָל אויס די דערשיינונג, ווי זי איז, ריכטיקער דערקלערט די דערשיינונג, דאָס הייסט, בינד זי אַריין אין קויזאַל־נעקסוס. פיזיאָטעכניקער, „סאָציאַטעכניקער", דער אַרטיסטיקער נעמט די דערשיינונג ווי זי דאַרף זיין, ער שטעלט זי אונטערן צייכן פון צוועק, ער פלעכט זי אַריין אין טעלעאָלאָגיע־נעקסוס.

די היינטיקע שולע, איגנאָרירנדיק אַלע אירע איבעריקע טענדענצן, וואָס מיר וועלן באַשמועסן ווייטער, קען, אויפן בעסטן אופן, פּראָדוצירן דעם וויסנשאַפטלער טיפּ. זי לערנט אים אויס צו אַרבעטן מיט די וויסנשאַפט־אינסטרומענטאַליטעטן, מיט די וויסנשאַפט־מעטאָדן. זי גיט אַרויס דעם „אַקאַדעמיקער", וואָס באַטראַכט יעדן פענאָמען ריין ספּעקולאַטיוו. זי דערציט דעם טיפּ, וואָס זיין ערשטע פראַגע איז „מאין... ולאן", פון וואַנען קומט עס, פון וואַנען שטאַמט עס, וואָס איז עס געווען איידער עס איז געווען וואָס עס איז, און וואָס וועט עס זיין נאָכדעם, ווען עס וועט אויפהערן צו זיין דאָס וואָס עס איז געווען און וואָס עס איז. ער וויל אַלץ פאַראַציאָנאַליזירן. מאַכן שכלדיק, סיסטעמאַטיש און אויסגעהאַלטן. ער מאָנאָזירט, האַרמאָנירט, פאַרפרידלעכט די דערשיינונג, דעם סך־הכל פון אַלע דערשיינונגען. ער פאַרנעמט זיך מיט אורזאַכן־זוכעריי און עסענצן־אויפדעקעריי. זיין הויפּט־באַשעפטיקונג איז די פאַרטיפונג־טעטיקייט, וואָס באַשטייט אייגנטלעך אין נעמען „איינפאַכע" אָביעקטן און מאַכן זיי קאָמפּליצירט. ער איז אַלס אַ טיפּ אַ פאַרפאַלענער פאַר דער אַרטיסטיק, וועלכע קוקט אויף אַלץ אָדער ריין־אוטיליטאַריסטיש, עקספּלואַטאַטאָריש אָדער אינגאַנצן אידעאַליסטיש סופּער־ראַציאָנאַל כאַאָטיש־שעפעריש. אַרטיסטיק אין די אונטערשטע רעגיאָנען ווייסט פון איין פראַגע: ווי מאַכט מען פון דעם עפּעס? ווי און ווו לאָזט זיך עס אָנווענדן אויף אַ געלונגענעם שטייגער? ווי פאַרצוועקט מען עס? ווי און ווו שפּאַנט מען עס איין? און אין די גאָר סובלימע רעגיאָנען פרעגט זי בכלל קיין פראַגעס ניט, זי איז דורכויס קרעאַטיוו, אַרביטראַריש, קאַפּריציעז, אַנאַרכיסטיש־אַלמעכטיק.

סע איז לייכט צו באַנעמען, אַז דער וואָס ווערט געהאָדעוועט אין דער היינטיקער שולע אויף די קני פון דער וויסנשאַפט איז אינגאַנצן אומפעיק אָנצוגיין מיט דער אַרטיסטיקאַלישער דיסציפּלין. ער איז געוווינט געוואָרן זיך צו פאַרנעמען מיטן אַבסטראַקטן פאָרמוליזם, רובריציזם, קלאַסיפיצירונגען. ער האָט ניט קיין חוש פאַר דאָס קאָנקרעטע, רעאַלע און כאַאָטישע פון דער אַרטיסטיק. אין דער וויסנשאַפט געפינט זיך יעדע זאַך אויף איר אָרט, אַלץ איז אָפּגעמאָסטן, אָפּגעוויגן אַקוראַט, פונקטועל — ווי זיי וואָלטן זיין רעגלמעסיקע געאָמעטרישע פיגורן. אין דער אַרטיסטיק הערשט אַ פּלאָנטערניש, אַ צונויפמישעניש. אַלץ קומט אויף־

איין־מאָל, אַלץ צוזאַמען, אַלץ נעבנאַנאַנד, ניטאָ קיין מוקדם ומאוחר. דער כאַוואַניק וואָס איז צוגעפּאַסט צו די האַרטע, שטייניקע שיכטן פון דער וויסנשאַפט פילט זיך עפּעס ווי פאַרלאָרן, אומהיימלעך און אומבאַהאָלפן אין דער סביבה פון דער אַרטיסטיק, וווּ אַלץ קרושלט זיך, ברעכט זיך, וואַקלט זיך, צעפּאַלט אויף שטיקער.

די וויסנשאַפט צאַמט אַרום גאַנץ ווילקירלעך איר תחום. זי איז זיך מצמצם אין אירע ד׳ אמות. אין דער ווירקלעכקייט און אין דער אַרטיסטיק זענען, פאַר־העלטנישמעסיק באַטראַכט, קיין תחומים ניט פאַראַן. אַלע ספערן צלמען זיך איבער, האַקן זיך איבער. די וויסנשאַפט קלייבט אָפּ דאָס וועזנטלעכע, לוִיט איר באַגריף נאָך, זי טײלט אויס די הויפּט־פאַקטאָרן. זי סיסטעמאַטיזירט זיי, גיט זיי אַרויס פאַר עפּעס גאַנצס. אין דער ווירקלעכקייט אָפּערירן אומענדלעכע צאָלן פון אַגענטן און קאָנטעראַגענטן, זיי פלעכטן זיך צוזאַמען, זיי קנוילן זיך און פאַר־קאָלטענעווען זיך אין משונהדיקע צופעליק־אויסטראַכטערישע פאַרהעלטענישן: דער אָנהייב שטעקט אין סוף, דער עיקר איז פאַרמישט מיטן טפל. דאָס צופעליקע איז אויסגעקניפּט מיט דעם באַשטענדיקן. עס פאָדערט זיך אַ באַזונדערע טרענירונג, איבונג און אויסשטאַטונג, כדי צו קענען זיך אָריענטירן, זיך פאַנאַנדערקלייבן אין אָט־דעם ווירוואַר, אום צו וויסן ווי צו רעאַגירן אין יעדן באַזונדערן פאַל, אין יעדן אינדיווידועלן פּרט, און אָט־די טרענירונג האָט געדאַרפט צושטעלן די ריכ־טיק־אָוועקגעשטעלטע שולע.

אַזוי האָט געדאַרפט זיין, אַזוי איז עס, אָבער, ניט. אין דער שולע קומט פאָר אַ מין שנים אוחזין בטלית, איינער ציט אַהער, דער צווייטער אַהין. די אמונה שלעפּט אַהין, די וויסנשאַפט אַהער. עס שטייען די „גייסטלעכע״ און די „אינטע־לעקטואַלן״, די אַלטע מאַנדאַרינען קעגן די נייע, און זיי רייסן זיך אַרום איבער דער העגעמאָניע אין דער שולע. יעדערער פון זיי וויל די שולע האָבן פאַר זיך, זיין דער זעלבסטהערשער אין אָט־דעם קעניגרייך פון בילדונג. פאַר דעם לעבן גופא איז פאַרשפאַרט טיר און טויער אין דער שולע. די רעפאָרם איז פאַרנומען מיטן פאַרבייטן די אמונה אויף דער וויסנשאַפט, „אנסיכה״ אויף „אהללה״. מע גייט איבער פון דער רעליגיעזער צו דער וויסנשאַפטלעכער שולע, וועלכע מע לייגט פאַר דעם גרויסן תמים, דעם פאָלק אַלס אַ „וועלטלעכע שולע״. וווּ איז, אָבער, די „וועלטלעכקייט״, די ריכטיקע עולמישקייט, די פּראַקטיק, די פאַנאַרטיסטיק! די רעליגיע און די וויסנשאַפט פילן אָן ביז־צום־דערשטיקט ווערן דעם חלל פון דער שולע. די רעליגיע צאָלט מיט אַ וועקסל פאַר די מזומנים פון דער ווירקלעכקייט, די וויסנשאַפט גיט ווידער אַ וועקסל פאַר די מזומנים פון דער פּראַקטיק, און עולם גולם טרויט. דער ערשטער וועקסל איז שוין, ברוך השם, אַ געפּראָטעסטיר־טער, דער צווייטער וועט געפּראָטעסטירט ווערן, אם־ירצה־השם, ווען די צאָלונג וועט אָנלויפן. וווּ זענען, אָבער, די מזומנים גופא, די ריינע שטיקער גאָלד, ניט דאָס פאַפּירענע געלט, וווּ איז די ווירקלעכקייט גופא!

די פאַרטיידיקער וועלן אַוודאי זיך באַמיִען צו מלמד־זכות־זיין, פאַרענט־פערן דעם אויפפיר פון דער שולע מיט דעם: די ווירקלעכקייט איז אַ תהום, גרויס, ברייט, טיף, גאָר אָן אַ שיעור. דעריבער גיט די שולע בעסער „די וויסנשאַפט״, דעם פּלאַן פון דער ווירקלעכקייט, דעם סינאָפּסיס, דעם קיצור. אויף דעם ענטפערן מיר: אויב יאָ אַזוי, נאָך אייער פאַרענטפער, האָט די שולע געדאַרפט זיין קאָנסע־

קוועגטער, און פסלען אויך די ספּעציעלע צווייגן פון דער וויסנשאַפט מחמת זייער נאָענטקייט צו דער ווירקלעכקייט, זייער דעטאַליזירטקייט און אויסגעברייטערטקייט, און אַוועקשטעלן אין אונטערריכט אויפן ערשטן פּלאַן די פילאָזאָפיע. און אין דער פילאָזאָפיע גופא אויסקלייבן דעם סאַמע תוך, די העכסטע און אַלגעמיינסטע פאַראַלגעמיינערונגען, ווי דעם פּרינציפּ פון אידענטיטעט, קויזאַליטעט, עוואָלוציע. טאָן ווי די טאַטעס פון דער קירך און סינאַגאָגע האָבן געטאָן. זיי האָבן אָנגעפאַנגען זייער „תורה" פון סאַמע „בראשית", פון דער קאָסמאָגעניע. און פאַר דעם דורכפיר פון אַט־דער אַבסטראַקטער גענעראַליזאַציע־מעטאָדע וואָלט טאַקע געווען גענוג איבערצוגעכטיקן אין דער שולע, הערן אַז עס איז פאַראַן אַ געזעצמעסיקייט, אַ נאַטור, אַן אַנטוויקלונגס־פּראָצעס — און יוצא, זיך אויסגעלערנט כל התורה כולה אויף איין פוס. אָבער דאָ ווערט דער געדאַנק רעדוצירט צום אַבסורד, דער טעות ווערט צו בולט. כאָטש אין דער היינטצייטיקער שולע־סיסטעם הערשט, באמת, דער זעלביקער אַבסורד, די זעלביקע ספּעקולאַטיוו פילאָזאָפישע קנעל־מעטאָדע, וואָס אין מיטלאַלטערטום, נייערט אַביסל צוגעפּוצט, מאָדערניזירט.

נאָר זאָל מען ניט איינשטימיק זיין מיט אונדזער עקסטרעמער פאָדערונג, אַז דער אָביעקט פון דעם שולע־קנעלן דאַרף ווערן די פאַנאַרטיסטיק, און די וויסנשאַפט, ווי די רעליגיע דאַרפן אינגאַנצן אויסגעשלאָסן ווערן, זאָל מען מיט דעם געדאַנק ניט מסכים־זיין, יעדנפאַלס האָט דאָך די אַרטיסטיק, דער ווירקלעכקייט־שטודיום, די פּראַקטיק געדאַרפט פאָרויסגיין פאַר דער וויסנשאַפט, פאַר דער טעאָריע. די זעלביקע הדרגה און נאָכאַנאַנדערדיקייט, וואָס ווערט אָפּגעהיט בנוגע דעם אונטערריכט פון דער וויסנשאַפט און דער פילאָזאָפיע, האָט געדאַרפט זיין פאַרבינדלעך, לשם קאָנסעקווענץ, פאַר דער פאַנאַרטיסטיק און דער וויסנשאַפט. די אומנותן, די מלאכות, די השלמות, די פאַנאַרטיסטיק, האָבן געדאַרפט פאָרויסגעשיקט ווערן, מחמת זיי אַנטעדאַטירן, זיי זענען קודם צו דער וויסנשאַפט אַפילו אין זייער אַרויסקום־צייט. און אַזאַ האַנדלונג וואָלט געפינען דעריבער אַ שטיצפּונקט אויך אין דער ציוויליזאַציע־מעטאָדע. מחמת ווען מיר זאָלן אַפילו אָננעמען אַז די וויסנשאַפט איז אַ שטייגער ווי אַ געמעלעכץ פון דער ווירקלעכקייט, איז דאָך פאָרט ראַטזאַם אַז מיר זאָלן זיך פאַר דעם באַקענען מיט דעם מענטשן, רעדן, שמועסן, האָבן צו טאָן מיט אים, און ערשט דערנאָך האַלטן זיין בילד ביי אונדז אַלס אַן אָנדענק פון אים. קענען מיר ניט דעם סוביעקט, וועט אונדז זיין בילד גאַנץ לייכט פאַרפירן. אין דער ווירקלעכקייט קען גרייזלעך אויסקומען, אַז די יפת־תואר, אין וועלכער מאַרק טווענס אַ העלד איז פאַרליבט, זייענדיק באַקאַנט בלויז מיט איר פאָטאָגראַפיע, איז, באמת, געל ווי אַ מער אָדער רויט, ווי אַ ציבעלע. די רויטע בעקעלעך פון דער טעאָריע, פון דער וויסנשאַפט, זענען גאָר ניט זעלטן אונטערגעפאַרבט, און אַמאָל, גאַנץ מעשה קליינער יינגל, מיטן פּראָסטן רויטן פּאַפּיר. די שניי־ווייסע, קלאָר־קאַלטע אמתן זענען צייטנווייז, צווישן אונדז זאָל עס בלייבן, באַשאָטן מיט פּודרע פון סאָפיזמען.

נאָכמער, די גאַנצע היינטיקע פּעדאַגאָגיק טענהט אין איין קול, אַז פאַרדעם דאַרף קומען די פּראַקטיק, דערנאָך די טעאָריע, פאָרויס דאַרף גיין דאָס קאָנקרעטע און נאָך דעם דאָס אַבסטראַקטע. לכן, מוז פאַר דעם גיין די פאַנאַרטיסטיק און ערשט דערנאָך די וויסנשאַפט און רעליגיע. אין סאַמע עלעמענטאַרסטן לערנביכל

פון פּעדאַגאָגיק וועט איר געפינען די פּעדאַגאָגישע רעגל: פון פּרט צום כלל, פון קאָנקרעטן צום אַבסטראַקטן, פון עמפּירישן צום ראַציאָנאַלן, פון פּראַקטישן צום טעאָרעטישן. היינט וואָס איז פּרטימדיקער ווי די אַרטיסטיק, וואָס איז קאָנקרעטער פון דער אַרטיסטיק, וואָס קען זיין עמפּירישער! היוצא מדברינו, אַז די היינטציטיקע שולע גייט כנגד דער פּעדאַגאָגיק, אַפילו דער קלאַסישער, דער געשוואָרענער. זי באַפרידיקט ניט די סאַמע אָנפאַנגלעכע, ניט־אויסטראַכטערישע פאָדערונגען פון די אָנגענומענע גרונט־פּריציפּן פון דער פּעדאַגאָגיק.

וועד איז אין דעם שולדיק? די כלומרשטע אַטוויקלונג, די, אַזוי צו זאָגן, איבעראַנטוויקלונג, וואָס איז, באמת, אַן אויסגעבויר, אַ דעקאַדענץ. אַמאָל, ווי די קולטור־געשיכטע דערציילט אונדז, איז די דערציִונג ביי די נאַטור־פעלקער געווען אַ פּראַקטישע, אַן אַרטיסטיקאַלישע. די דערציִונג איז געווען שטייף צונויפגעקניפּט מיטן לעבן. אַ זקן פון אַ שבט פלעגט אויפקלייבן די יונגוואַרג און זיי לערנען די תורת־חיים, די קענטענישן, התעסקותן, אומנותן, מלאכות, באַשעפטיקונגען, באַרופן, מיט וועלכע דער שבט האָט זיך פאַרנומען, ווי, דהיינו: כאַפּן פיש, שיסן פייגל, קלעטערן אויףביימער, קלייבן אייער פון נעסטן אאַז״וו. פיטערן שאָף, רינדער, וואָס איז געווען אַמאָל אַ חשובע און שווערע קונסט, וכדומה פאַרנעמעכצן. דאָ איז די דערציִונג אַרטיסטיקאַליש, געפינט זיך אין אַ דירעקטער באַהעפטונג מיט דער ווירטשאַפט, מיט די עקאָנאָמישע לעבנס־פאָרמען. דאָ באַשטייט די גאַנצע דערציִונג אין דעם צוגרייט צום שפּעטערדיקן באַרוף. אָט־די דערציִונג האָט אין אויג די עקאָנאָמיש טעכנישע פאָרמעס פון דעם געגעבענעם אַגרעגאַט און, ממילא, אויך פון יחיד: צי מע פאַרנעמט זיך מיט געיעג, פיש־פאַנג, בהמות־האָדעווערייאָדער ערד־אַרבעט.

און עד־היום גיבן די פּויערים אין אַ סך מקומות קיין אַנדער דערציִונג ניט זייערע קינדער, ווי די פּראַקטישע, די אַרטיסטיקאַלישע דערציִונג. דער פּויער נעמט מיט זיין בנאָק מיט זיך אויף דער אַרבעט אין פעלד. דער שייגעץ „העלפט אונטער" דעם טאַטן אָדער דערפילט זעלבסטשטענדיקע עקאָנאָמישע פונקציעס, ווי פּאַשען גענדז, פיטערן חזירים וכדומה. דאָס אייגענע טרעפן מיר אין דער דערציִונג פון די קינדער ביי אייניקע בעלי־מלאכות; דאָס זעלביקע לאָזט זיך בעאָבאַכטן אין דער שטוב־ווירטשאַפט בנוגע דער דערציִונג פון די מיידלעך, זייער צוגרייטונג צו דער צוקונפט־ראָלע פון באַלעבאָסטעס, שטוב־פירערינס, קעכינס. זיי העלפן צו די מאַמעס ביז זיי לערנען זיך אויס.

אויף דער שטופע פון אינדיווידועל־משפּחהדיקער ביי־דער־אַרבעט דערציִונג, וואָס איז אייגנטלעך מער אַרבעט־צעטיילונג צווישן די גענעראַציעס איידער דערציִונג אין פולן פּשט פון וואָרט, פאַלט די דערציִונג צונויף מיטן לעבן. ביסלעכווייז טיילט זיך די דערציִונג אָפּ, דערווייטערט זיך פון לעבן, טראַנספאָרמירט זיך ביז זי נעמט אָן די פאָרעם פון שול־דערציִונג: פון טאַטן — ביזן זקן פון שבט אאַז״וו, ביז מע קומט צום לערער אַלס דערציִער, פון פעלד, גאָרטן, וואַלד, טייך אאַז״וו, ביז דעם ספּעציעלן דערצו באַשטימטן אָרט. און בשעת די רעליגיע אויפרודערונגען און מחלוקתן, ווי למשל, ביי דעם אַריבערגאַנג פון פּאָליטעיִזם צום מאָנאָטעיִזם, ביי די צאַנקערייען צווישן ייִדנטום און קריסטנטום, און אין דער לעצטער צייט צווישן קאַטאָליציזם און פּראָטעסטאַנטיזם, — האָט זיך די שולע אויסגעבוירן און

געוואָרן אַ מיסיאָן־אַנשטאַלט וואָס גיט זיך אָפּ מיטן דערווערבן אַדעפּטן, אָנהענגער, מאמינים, חסידים. און גאָר אַצינד ביי דעם קאַמף צווישן רעליגיע און וויסנשאַפט האַנדלט זיך עס ווייטער מכוח רעקרוטירן אָנהענגערס פון דער וויסנשאַפט אָדער שאַפן דעם טיף פון סינטעזאַטאָרן פון אמונה און וויסנשאַפט, דעם צווילינג־שוועס־טער, ווי טינדאַל־ספּענסער ווילן האָבן. אַלע די דאָזיקע פאָרמעס אירע זענען, על־כן, דעגענעראַטיווע: די שולע האָט פאַרגעסן אין איר ערשטן הויפּט־צוועק, דאָס צוגרייטן צום עקאָנאָמישן לעבן, אַ תכלית וועלכן זי האָט געדאַרפט דינען און האָט טאַקע אַמאָל געדינט. זי האָט זיך דערווייטערט פון איר עובדא און זיך אינגאַנצן אַריינגעלאָזן אין נשמה־פאַרזאָרגעניש, ביי דער אמונה, און אינטעלעקט־רעטונג, ביי דער וויסנשאַפט.

מיט דער הייַנטיקער עדוקאַציע איז, פאָלגלעך, פאָרגעקומען אַן אַנטוויקלונג־אויסגעבוירונג־פּראָצעס, וואָס איז ענלעך צו דעם, וואָס האָט פּאַסירט אויף דעם געביט פון דער ווירטשאַפט. די תחילתדיקע פּראָדוקציע איז געווען אומפאַרמיטל־באַר צוזאַמענגעבונדן מיט דער קאָנסומציע. יעדע פאַמיליע האָט פאָרגעשטעלט מיט זיך אַ באַלעבאַטישקייט־איינס, האָט פּראָדוצירט אַליין כמעט אַלע פאַר איר נייטיקע געברויך־פּראָדוקטן און האָט זיי אַליין טאַקע קאָנסומירט. ווען די פּראָ־דוקציע האָט זיך אַנטוויקלט און ס'האָט זיך אין איר אַריינגעפלאָכטן אַ צווישנרינג פון אויסטויש, צווישן פּראָדוצענט און קאָנסומענט איז אַריין דער פאַרמיטלער, האָט זיך די פּראָדוקציע ווי באַפרייט פון איר פאַרבינדונג. עס פּראָדוצירט זיך איצט און קאָנסומירט זיך עפּעס ווי זעלבסטשטענדיק. מ'איבערפּראָדוצירט דאָס, וואָס מע דאַרף ניט, אויף וואָס עס איז קיין נאָכפראַגע ניט פאַראַן, און מע אונ־טערפּראָדוצירט אַזעלכע אַרטיקלען, וואָס וואָלטן דווקא געקענט זיין, אונטער די אומשטענדן, גאַנגבאַר. פון אָט־דעם נעמען זיך די קריזיסן און דעפּרעסיעס און זייערע היפּוכים, דער קינסטלעך איבערטריבענער אויפלעב פון דער פּראָדוקציע, דער צו־גיכער טעמפּאָ.

דאָס אייגענע איז פאָרגעקומען מיט דער שול; וואָס עס איז געווען אַמאָל קלאָר גאָר פון אויבנאויף, איז פאַרשטויסן און פאַרגעסן געוואָרן. דאָס, וואָס איז געווען נאָענט, האָט זיך אויפּאַזויפיל דערווייטערט, אַז די אַמאָליקע קרובהשאַפט איז אַריבער אין אַ סתירה, אין פיינטשאַפט, אין אַן אַנטאַגאָניזם צווישן שול און לעבן. פון אַ לעבנס־אינסטיטוציע איז זי געוואָרן אַן אַקאַדעמיע, אַ סעמינאַריום, אַ שול פאַר די גייסטלעכע און אינטעליגענץ.

## 219

# אַפּגעפאַרן קיין ווילנע

רחל לאַמדאַנסקי מיט די קינדער איז אויך געקומען אויף „דאַטשע” גאָר פרי, פאַר דער אָנגענומענער צייט, ווען קיינער פון די דאַטשניקעס איז נאָך ניט געווען. דער אויסרייד איז געווען: פּנחס (פוליע) נעמט דאָך לעקציעס ביי די ברידער ג. און אַזוי ווי זיי זענען שוין אין ליטשניק, איז זי מיטן זון אויך געקומען.

נאָך אַ וואָך אָדער צוויי וועט דאָך שוין ווערן גוט וואַרעם, וועלן זיך שוין אַלע צ׳עז, וועט זיין שווער צו קריגן אַ בעל־עגלה, טוט זי עס באַצייטנס.

געקומען איז זי כדי צו זיין נאָענט לעבן אַ. ג., איר געליבטן. לעצטנס האָט זי געהאַט ווייניק מעגלעכקייטן, אָדער גאָר ניט קיין מעגלעכקייטן זיך צו טרעפן און פאַרוויילן מיט אים ביחידות. איר מאַן איז געקומען צוריק פון זיין געשעפט־לעכער רייזע. וו. ג. באַגלייט תמיד זיין ברודער א. ג. וווהין ער זאָל ניט גיין און צו די לאמדאנסקיס אַוודאי און אַוודאי. מען איז דאָך אַזעלכע טייערע איבערגע־געבענע פריינט.

דאָ, אויף דער זומערוווינונג, וווינען זיי אַ שטוב לעבן אַ שטוב. זי וועט האָבן אַ געלעגנהייט אַריינצוכאַפּן זיך און זיי פאַרבעטן צו זיך אויף אַ מילכיקן צובייס, אויב ניט אויף אַ פולן מאָלצייט. און אין אָוונט וועט זי קענען זיין אַליין מיט אַ. אויב ניט קיין שעהן, איז כאָטש מינוטן.

כך הווה. זיי האָבן זיך באַגעגנט זאַלבעדריט גאָר אָפּט, און אַפילו זאַלבע־צווייט אויך, אָבער דאָס גאָר פרי פאַרטאָג און גאָר שפּעטלעך אין אָוונט, און גאָר ניט אָפּט.

די ברידער ג. פלעגן אויפשטיין אַ בליאַסק אויף טאָג, זיך אָנטאָן אין די ווינטערדיקע מאַנטלען מיט קאָלאָשן אויף די שטיבלעטן, כדי ניט צו פאַרנעצן די פיס און די שיך מיטן פרימאָרגנדיקן קילן טוי, וואָס איז געלעגן דיק אויף די גראָזן און זיך נעמען צו דער עבודה. זיי זענען געזעסן און געשריבן מיט פלייס און באַגייסטערונג און מיט ניט ווייניקער פאַרטיפונג. זיי זענען אַזוי אָנגעגאַנגען מיט זייער אַרבעט ביז אין אָוונט, מיט קליינע הפסקות צו כאַפּן עפּעס אין מויל אַריין.

וו. ג. איז אַוועק אויף דער סטאַנציע אַריינוואַרפן אַ בריוו. זיי, אַ. און רחל, האָבן גערעכנט, אַז ער וועט זיך אַביסל פאַרזאַמען. ער איז אָבער געקומען גלייך צוריק און האָט זיי געפונען קושנדיק זיך.

רחל האָט זיך פאַררויטלט, פאַרשעמט און איז אַרויסגעלאָפן פון צימער. וו. האָט גאָרניט געזאָגט. זיי, די ברידער, האָבן געאַרבעט אַ גאַנצן היפּש־לאַנגן טאָג. אין אָוונט זענען זיי אַוועק, ווי תמיד, אויף אַ שפּאַציר.

אַצינד איז וו. אַרויסגעקומען מיט לשון:

— שטעל זיך פאָר ווען איר מאַן געפינט דיך מיט איר אין אַזאַ קאָמפּראָ־מיטירנדיקער פּאָזע, דו ביי איר אויף דער שויס. זי איז דאָך אַ פאַרהייראַטע פרוי, אַ מוטער פון צוויי קינדער, און ער איז אונדזערער אַ חסיד. ער גלייבט דאָך אין דיר ווי דו וואָלסט געווען אַ מלאך. עס וואָלט דאָך קומען צו אַ סקאַנדאַל, צום צעברעכן אַן אידיליש פאַמיליען־לעבן. נאָך אַ גליק, וואָס דער טאַטע האָט אָנגע־נומען אַ רבנות־שטעלע אין לאָמזשע. פאַר אים וואָלט עס געווען אַ שרעקלעכער בזיון, נאָך די אַלע עגמת־נפשן און בזיונות, וואָס ער האָט געהאַט פון רחלן, נאַ דיר אַ פאַרבייסנס פאַר אים.

אַ. שוויגט. וואָס זאָל ער ענטפערן? ער ווייס גאַנץ גוט, אַז וו. איז גערעכט, אָבער, פון דער צווייטער זייט, ווייסט ער אויך, אַז ווען ער פאָרט אַוועק אויף עטלעכע חדשים און וו. בלייבט אין שטאָט מיט רחלען, וואָלט ער געטאָן פונקט דאָס זעלביקע, וואָס ער, אַ., האָט געטאָן.

— ווען האָט עס פּאַסירט?

— וואָס פּאַסירט?

— דיין פֿאַרליבן זיך. מסתמא ווען איך בין געווען אין בערלין און דו ביסט געבליבן אַליין.

— יאָ.

מער האָבן זיי וועגן דעם ניט גערעדט.

אַ פּאָר טעג האָט זיך רחל ניט באַוויזן. זי האָט זיך געשעמט צו באַגעגענען וו. זיי זענען אָבער געווען אַזעלכע גוטע פֿריינט, אַז געוויינטלעך איז זי צו זיי אַריינגעקומען עטלעכע מאָל אַ טאָג; זי האָט זיי געבראַכט עפּעס צום עסן אָדער אַ באַרשטש „צום טרינקען".

עס האָט זיך געשאַפֿן אַ געדריקטע אומאָנגענעמע אַטמאָספֿער. וו. האָט באַמערקט, אַז אַ. בענקט נאָך איר און ליידט פֿון איר ניט אַריינקומען.

אויפֿן דריטן טאָג גאַנץ פֿרי רופֿט זיך וו. אָפּ:

— הער ברודערקע, איז זע דאָך, אַז דו נעמסט די זאַך ערנסט. איז דאָך עס קיין תכלית ניט. דו וועסט ניט קענען אַרבעטן מיט אַ קלאָרן קאָפּ און אַ געזעצטן שכל. ווי קומט זי צו דיר? נישקשה פֿון אַ פּאָר! אָבער אויף אַ ליבע פֿרעגט מען ניט קיין קשיא. דו ווייסט דאָך, די אַלע האָרץ־אַנגעלעגנהייטן אָדער חולאתן האָבן צו טאָן מיט געאָגראַפֿיע. לכן איז מיין עצה אַ פּשוטע, הגם אַ דראַסטישע: קום, לאָמיר אַוועקפֿאָרן קיין ווילנע און דאָרט דינגען אַ זומערוווינונג, און אַז דו וועסט זי ניט זען, וועסטו זיך אָפּגעוווינען פֿון איר און מיט דער צייט זי אינגאַנצן פֿאַרגעסן.

— מענטשן וועלן זיך וווּנדערן, וואָס מיר זענען פּלוצלונג אַנטלאָפֿן פֿון זומערוווינונג. איר מאַן וועט אונדזער פּליטה אויסזען זייער מאָדנע.

— ער איז דאָך אַ נאַיווער מענטש. אים וועלן קיין שלעכטע מחשבות ניט איינפֿאַלן. מיר וועלן צוטראַכטן עפּעס אַ תירוץ. די תירוצים־טויערן זענען קיינמאָל ניט פֿאַרשלאָסן. רחל אַליין וועט פֿאַר אונדז צוטראַכטן תירוצים. דער בעסטער תירוץ, וואָס וועט זיך לייגן אויפֿן שכל, איז דער: מיר זענען אַוועקגעפֿאָרן קיין ווילנע, ווייל מיר האָבן בדעה צו עפֿענען דאָרט אַ „גן־תיאטרוני" גלייך נאָך סוכות, און במשך פֿון זומער ווילן מיר מאַכן אַלע הכנות, פֿאַראינטערעסירן מענטשן, זיך באַקענען מיט עלטערן.

— מיר האָבן דאָך שוין באַצאָלט דירה־געלט פֿאַרן גאַנצן זומער אינפֿאָרויס!

— וועלן מיר עס לאָזן פֿאַלן. מיר וועלן פֿון דעם בדלות ניט ווערן...

וו. שמייכלט גוטמוטיק און גיט צו:

— אַז „נהורא בעמרם", עס ברענט רחמנא ליצלן — דאַרף מען זיך ראַטעווען און דער בעסטער ראַטונגסמיטל איז מאַכן אַ „ויברח"; אַן אשה איז געפֿערלעכער פֿון אַ שריפֿה... דאָס איז דאָך דאָס פֿייער פֿון גיהנום — לאַכט ער אויפֿן קול.

זיי האָבן אין געאייל געמאַכט אַלע הכנות. די ערשטע זאַך איז געווען אַוועקגיין אין באַנק און אַרויסנעמען אַ העלפֿט פֿון זייער „מטמון". דערנאָך האָבן זיי צונויפֿגענומען זייערע בעבעכעס און זיי אָפּגעשיקט קיין ווילנע מיט דער פּראַכטבאַן. קיין סך זאַכן האָבן זיי ניט געהאַט, אָבער צוביסלעכווייז האָט זיך אָנגעקליבן אַ היפּשע מאַסע: אַ פּאָר זעקלעך מיט קאַרטאָפֿל, לינדזן, פֿאַרשיידענע גרויפּנס

און קאַשעס; קיך־געפּעס און געשיר, טעפּלעך, פּענדלעך, סקאָוואָראָדעס, טעלערס, שיסלען. דערצו אַ צאָל בראָשורן, זייערע אויסגאַבן; דער „יונגמענטש" האָט זיך נאָך געפונען אין קעלער ביים דרוקער, דאָס אייגענע „די טריומפּעדיע". דערצו זייער ביבליאָטעק.

זיי האָבן זיך סטאַטעטשנע געזעגנט מיט רחלען. זי איז געווען די איינציקע, וואָס איז זיי געגאַנגען באַגלייטן צו דער באַן. זי האָט זיך געהאַלטן גאַנץ מוטיק, פאַרשטיקט און פאַרשטעקט איר צער און פאַרדרוס.

אויפן וואָקזאַל זענען געווען אַ צאָל שטאָטישע מענטשן. זיי האָבן גוט געקענט דעם רבס זין. זיי האָבן געמיינט, אַז זיי פאָרן מסתמא צום פאָטער קיין לאָמזשע, אַז זיי האָבן געזען, אַז זיי פאָרן גאָר קיין ווילנע, האָבן זיי גערעכנט, אַז דאָס איז אַ געוויינטלעכע נסיעה צוליב דרוק־ענינים, אַזוי אַז קיינער האָט זיך ניט גע־חידושט און קיינער האָט וועגן דעם אין שטאָט ניט איבערגערעדט.

## 220

## אַנגעקומען אין ווילנע

אַנגעקומען אין ווילנע זענען זיי גלייך אַוועק צו די האָכבערגס. לאה האָכבערג האָט זיי געגעבן אַ נאָמען און אַן אַדרעס פון אירע באַקאַנטע, וואָס זוכן איין קוואַר־טיראַנט אָדער צוויי פאַר זייער אַ גרויסן צימער אין זייער זומערוווינונג, וואָס געפינט זיך אין אַ גוטער געגנט, ניט ווייט פון דער ווילִיע און ביי די סאָמע בערגלעך.

אין שכנות דערביי האָט זיך געפונען בעל־דמיון מיט זיין פרוי, באַזינס שוועסטער.

די באַלעבאַטים פון דער זומערוווינונג זענען געווען גאָר נאָענטע קרובים פון ר' הענאַכן, דעם ווילנער דיין, וואָס האָט געהאַט אַ נאָמען פאַר אַ למדן און אַ בעל־מידות. ער האָט טאַקע פאַרנומען די צווייטע העלפט פון דער זעלבער זומערוווינונג.

די ברידער ג. האָבן זיך באַדונגען און צוגעזאָגט צו קומען דעם אייגענעם טאָג און באַצאָלן אין פאָרויס פאַרן גאַנצן זומער. וו. האָט עס געטאָן צוליב צוויי טעמים: ערשטנס כדי זיי זאָלן זיין צוגעבונדן צום פּלאַץ און ניט קענען לייכט לויפן צוריק קיין ליטשניק; צווייטנס פאַרן באַצאָלן אינאַוואַנס, האָבן זיי געקראָגן אַ הנחה אין שכר־דירה. אַזוי ווי זיי האָבן געהאַט די מזומנים, האָט זיך עס זיי געלוינט.

גלייך נאָכן מושווה־ווערן זענען זיי אַוועקגעפאָרן ברענגען זייערע מטלטלין. עס אַראָפּגענומען פון דער סטאַנציע, האָבן זיי די בראָשורן אָפּגעפירט צו זייער דרוקער, גאַרבער, זאַוואַליע גאַס 25. ער האָט געהאַט אַ גרויסן קעלער אונטער דער דרוקעריי און זייער גאַנצער פאַרלאַג האָט בלויז פאַרנומען דאָרט איין ווינקל. מיט דער אייגענער פור, אַזאַ פּלאַטפאָרמע, זענען זיי אַצינד געפאָרן צו זייער גע־דונגענעם צימער. אין מיטן וועג כאַפּט זיך א., אַז ער האָט פאַרלאָרן דאָס גאַנצע

געלט, וואָס ער האָט געהאַט אין טייסטער און געהאַלטן עס אין זיין בוזים־קעשענע. איז ביטער. ווי וועלן זיי קענען קומען צו זייערע באַלעבאַטים און זיי דערציילן אַזאַ מאָדנע אוימגלויבלעכע מעשה, אַז זיי האָבן פאַרלאָרן זייער געלט אויפן וועג! ווער וועט זיי גלייבן?! זיי וועלן מיינען, אַז עס איז אַן אויסגעטראַכטע זאַך, זיי האָבן זיך אַריינגעצויגן און איצטער גיי טרייב זיי אַרויס, ווי ריכטיקע רמאים. אַזוי אַז עס איז ניט בלויז דער שאָדן, קאַרגע טויזנט רובל, וואָס ערגערט זיי, נאָר אויך דער בזיון פאַר זיך און דערעיקרשט פאַרן פאָטער. ר׳ הענאַך האָט גוט געקענט זייער פאָטער. אַז זייבע זין זאָלן זיך אַרויסשטעלן צו זיין איינפאַכע ליג־נערס און זשוליקעס, — איז דאָך אַן עק פון דער וועלט!

וואָס טוט מען? געהייסן דעם בעל־עגלה זיך אָפּשטעלן. אַ. איז זיכער, אַז ער האָט געהאַט דאָס געלט אין קעשענע, ווען זיי זענען געווען אויף זאַוואַלניע. הייסט עס, אַז פאַרלאָרן האָט ער עס ניט לאַנג צוריק. דאַרפן זיי דורכלויפן אַ צוויי גאַסן און זוכן זייער אבידה. זיי האָבן עס געטאָן. איינער איז דורכגעלאָפן איין גאַס און געזוכט מיט די אויגן דעם טייסטער, דער צווייטער די צווייטע גאַס. ניטאָ. פאַלט איין אַ., אַז אפשר האָט ער עס פאַרלאָרן אויף דער פּלאַטפאָרמע, ווייל עס האָט שטאַרק געטרייסלט אין וואָגן. די רעדער האָבן געקלאַפּט אויף די ניט־גלאַטע שטיינער פון ברוק, און אַלע זאַכן האָבן אַזש אונטערגעשפּרונגען.

דער בעל־עגלה זיצט אויף דער קעלניע ווי אַ גולם, ער ווייסט ניט, וואָס דאָ האָט פּאַסירט; פאַרוואָס לויפן זייבע פּאַסאַזשירן אַרום ווי פאַרסמטע און זוכן עפּעס.

א. זוכט, ז. זוכט. הכלל דער שאָדן האָט זיך אָפּגעזוכט טאַקע אויף דער פּלאַטפאָרמע. זיי זענען געלעגן אויסגעצויגן, זיצן איז געווען אוממעגלעך, עס וואָלט זיי די געדערים און די נשמה אַרויסגעטרייסלט, האָט זיך דער טייסטער אַרויסגעשאַרט פון דער בוזעם־קעשענע און ער איז זיך געלעגן אין אַ טאָפּ, ווי ניט אים מיינט מען עס מיט דער גאַנצער זוכעניש און נישטערניש.

דעם שאָדן געפונען, פאָרט מען מיט פרייד און דאַנק אין האַרצן. אָבער אַ. דראַפּעט אויפן האַרצן אויך איצטער ווילדע קעץ מיט זייערע שאַרפע נעגל. ער בענקט באמת נאָך רחלען.

באַצאָלט דעם בעל־עגלה; באַצאָלט פאַרן צימער די באַלעבאַטים, וואָס זענען געשטאַנען ווי געליימטע און געקוקט אויף די משונה זאַכן, וואָס די קוואַרטיראַנטן האָבן מיט זיך געבראַכט: אַ היפּשע צאָל דיקע דייטשע און רוסישע ביכער, אַ פּרימוס און אַ זאַק לינדזן, אַ זאַק, אַרבעס, גרויפּן, קאַרטאָפל, און געשיר, און געע־פּעס, וואָס האָבן זיך ניט געקענט איבערנעמען מיט זייער ריינקייט און גלאַנץ.

האָבן די באַלעבאַטים געצוקט אין געדאַנק מיט זייערע אַקסלען, און מיט די בליקן, אַוועקגייענדיק, געזאָגט:

— רבנישע זין, דער טאַטע אַ באַרימטער רב און אַ משכיל און זיי אַליין שרייבערס, אָבער עקסצענטריקערס, „טשודאַקעס“.

## 221

# באַזוכערס

ווי נאָר זיי האָבן באַוויזן זיך אַביסל איינצושטעלן, איז ר׳ העניאַך אייגעש געקומען זיי באַזוכן. ער האָט זיך צעשלום־עליכמט מיט די ברידער, זיך באַכגעפרעגט אויפן טאַטן, וואָס איז ניט־לאַנג צוריק געוואָרן לאָמזשער רב. ער האָט גערעדט מיט זיי מכּוח זייערע שריפטן, אָבער זייער אויבערפלעכלעך. ער האָט בלויז געהערט וועגן זיי, אַז זיי זענען גרויסע משׂכּילים, קענען העברעיִש, רוסיש, דייטש און זענען זייער פריי וואָס איז שייך יידישן שטייגער. ער האָט זיי געבעטן קומען אים באַזוכן און כאַפּן אַ שמועס. און אַזוי ווי זיי שרייבן זיך איבער מיטן פאָטער, זאָלן זיי פון אים שיקן אַ האַרציקן גרוס.

ר׳ חנוך העניאַך אייגעש, דער מורה־הוראה אין ווילנע, איז געווען איינער פון די גרעסטע לומדים אין רוסלאַנד. ער האָט געהאַט אַ גרויסן נאָמען אין דער רבנישער וועלט.

די האָכבערגס, ער און לאה, זענען געקומען מיט אַ באַזוך. זי האָט נאָך אַלץ ניט אויפגעגעבן די האָפענונג, אַז עס וועט זיך איינגעבן צו שאַפן אַ יידישע שול, ווו די ברידער ג. וועלן אָנווענדן זייערע מעטאָדן. זי האָט געהאַט גרויס פאַרדרוס אויף זעליג מלמדן פאַר זיין חוצפּהדיקן אַרויסטריט. עס איז ניט געווען בלויז אַ פראַגע פון אָנרירן דעם כּבֿוד פון די ברידער ג. דאָס, וואָס ער האָט געזאָגט, האָט געשמעקט ווי אַ מסירהלע. אויב זיינע רייד זאָלן ווערן באַוווּסט און זיי זאָלן דערגיין צו די מאַכטהאָבערס, קען מען די ברידער און זייערע פריינט אַוועקשיקן אָפּקילן זייער פּעדאַגאָגישן אייפער אין קאַלטן צפון.

מיט אויפנעמען די געסט איז געווען צרות. מיט וואָס קען מען זיי מכבד־זיין? די איינציקע זאַך, וואָס מ׳קען זיי פאָרלייגן, איז פרוכט, אויך ניס.

מיט לאהן האָבן זיך די שמועסן געהאַלטן אין די ראַמען פון דערציִונג און פּעדאַגאָגיק, אין דעם ברייטסטן פּשט פון די טערמינען, אַריינגעמענדיק דעם אַלגעמיינעם איינשטעל פון די שייכותן פון אַלטן און נייעם דור, „די טאַטעס און די קינדער״״.

די ברידער ג. האָבן געשאַפן, ריכטיקער, אויפגעזונגען אַן אַפּאָטעאָזיס פון דעם אויפקומענדיקן דור, ווי דעם אמתן טרעגער פון פאָרשריט און שעפערישקייט. אויב ער דערפילט ניט זיין שליחות, איז שולדיק אין דעם די שול, די לערערס אַלס רעפּרעזענטאַנטן פון אַלטן אָפּשטאַרבנדיקן דור, אַלס אַרכאָיִזאַטאָרס.

זיי האָבן אַפילו צוגעשיקט אַן אַרטיקל, ריכטיקער, אַ פּאָעמע אין פּראָזע, צו ד״ר קראַיִנסקין. ער האָט רעדאַקטירט אַ רוסישן זשורנאַל פאַר דער יוגנט אונטערן נאָמען „יונגע צווייגעלעך״ (מאָלאָדיע פּאָביעגי). ווען עס איז פאַרעפּנטלעכט געוואָרן האָבן די לייענערס געמיינט, אַז דער מחבר איז אַ יוגנטלעכער פון אַ יאָר אַכצן, אַזוי פייערדיק, ענטוזיאַסטיש איז עס געווען אָנגעשריבן.

דעם זעלביקן אַרטיקל האָבן זיי איבערגעזעצט און געהאַלטן גרייט אים אַריינצושטעלן נאָענט צום סוף פון זייער ווערק „די נייע פּעדאַגאָגיק״.

די חשיבות פון „די נייע פּעדאַגאָגיק״, וואָס שטרעבט צו באַפרייען דעם יונגן דור פון די קייטן פון אַרכאָיִזאַציע, ליגט אין דעם, וואָס זי טרעט אַריבער

די ענגע גבולים פון שולוועזן געגומען אין באַגרענעצטן באַטייט; אין איר ווערט באַהאַנדלט די פראַגע פון דער אייראָפעיִשער ציוויליזאַציע. איר דויערהאַפטיקייט איז ניט פאַרזיכערט דורך איר געאָגראַפישער פאָזיציע, ווי באָקל (62־1821) וויל האָבן. זי וועט אונטערגיין, ווייל עס קלייבט זיך אָן מער מאַסע וויפל ענערגיע און זי וועט ווערן שווערלייביק און וועט זיך ניט קענען באַוועגן. זי וועט פאַרגליווערט ווערן, די אַרטעריעס וועלן פאַרקאַלכט ווערן, נעמען ליידן פון אַ סקלעראָזיס, דאָס בלוט וועט אויפהערן צו צירקולירן, — און דאָס איז טויט. די אייראָפעיִשע ציוויליזאַציע וועט אונטערגיין ווי די אַזיאַטישע איז אונטערגעגאַנגען.

קאָנסערוואַטיזם איז אַ קראַנקייט, איז אַ סימפּטאָם פון אַלטקייט. עס קומט דער טויט.

די רעטונג וועט קומען פון שעפערישן דור, פון פרייען מענטשן. אויב מע זויל, אַז די ציוויליזאַציע זאָל באַזיצן אַ „פערפעטום מאָביל", דאַרף מען באַפרייען די שול, דעמאָלט וועט די ציוויליזאַציע זיין אייביק גרין, אייביק יונג, אייביק דינאַמיש. איינער פון די לעצטע קאַפּיטלעך פון „די נייע פּעדאַגאָגיק" טראָגט דעם נאָמען „דאָס אייביקע שאַפן".

געקומען איז בעל־דמיון און זיין ווייב, אויך קאַלמאַנאָוויטש, וועמען מע האָט גערופן „דער טערק", ווייל ער האָט געקענט ריידן טערקיש און האָט טאַקע זיך צוזאַמענגערעדט מיט די קאָנפעקציאָנערן־בעקערס פון „טשאַסטעס" (פוטערקיכלעך), וואָס זענען געווען טערקן.

מע האָט זיך צעשמועסט מכוח ייִדיש.

די ברידער ג. האָבן אַנטוויקלט זייער געדאַנק מכוח נעאָ־ייִדיש.

צוויי זאַכן מוזן געטאָן ווערן, אויב מע וויל, אַז ייִדיש זאָל ניט טיילן דעם גורל פון די שפּראַכן, וואָס דאָס ייִדישע פאָלק האָט געברויכט אין משך פון זיין גלות־לעבן און האָט זיי אַוועקגעוואָרפן.

1. מע מוז ייִדיש ייִדישיזירן, דאָס הייסט, דערווייטערן פון דייטש אויף וויפל עס איז נאָר מעגלעך.

2. העברעיִזירן ייִדיש. ווייל בלויז העברעיִזאַציע האָט געמאַכט אָט־דעם דייטשן דיאַלעקט פאַר ייִדיש; דאָס הייסט: נעאָ־ייִדיש דאַרף ווערן העברעאָ־ייִדיש. אויף דעם דרך איז ייִדיש געגאַנגען די גאַנצע צייט פון איר אַנטוויקלונג, ביז דער נייער צייט, ווען אָן אַ שיער נייע, דייטשע ווערטער, האָבן גענומען פאַרבייטן די העברעיִשע. מיטן אָפּשוואַך פון ייִדישן רעליגיעזן שטייגער זענען זייער אַ סך העברעיִשע ווערטער אַרויסגעפאַלן פון געברויך. לכן דאַרף מען באַוווסטזיניק קעגנאַרבעטן אָט־דער שעדלעכער טענדענץ און מע דאַרף מיט כל הכוחות זען אַריינצוזנעמען וואָס מער העברעיִזמען. ווי שווער דאָס לייענען און פאַרשטיין פון אָט־דעם נעאָ־העברעאָ־ייִדיש זאָל ניט זיין פאַר די ברייטע מאַסן, מוז עס געטאָן ווערן. אויב דאָס וועט ניט געטאָן ווערן און אויף גיך און מיט גרויס אינטענסיווקייט, וועט ייִדיש פאַרשוויטן ווערן. עס וועט ניט אויסהאַלטן די קאָנקורענץ פון איין זייט פון העברעיִש, פון דער צווייטער זייט, פון די לאַנד־מדינה־שפּראַכן — רוסיש, דייטש, פראַנצויזיש, ענגליש אאַז"וו.

אין פּרינציפּ זענען קאַלמאַנאָוויטש און בעל־דמיון געווען איינשטימיק. זיי האָבן, אָבער, געטענהט, אַז מע דאַרף זיין פאָרזיכטיק מיט די תיקונים, וואָרעם

אַ לשון קען מען ניט רעוואָלוציאָניזירן, אויף אַמאָל נעמען און איבערברעכן. מע מוז גיין פּאַמעלעך, אַניט וועט דער לייענער ניט פאַרשטיין, וואָס דער שרייבער שרייבט און וואָס דער רעדנער רעדט און דער קאָנטאַקט וועט איבערגעריסן ווערן.

די ברידער ג. האָבן אָבער אויסגעזעצט. זיי האָבן באַהויפּט, אַז דאָ האַנדלט זיך מכּוח אַן אָפּעראַציע; עס מוז געטאָן ווערן גלייך; אַניט וועט דער חולה שטאַרבן. מע קען זיך אין אַזאַ פאַל ניט פאַרלאָזן אויף אַן עוואָלוציע־פּראָצעס. מיר זענען ניט קיין האָמעאָפּאַטן, מיט קליינע דאָזעס אַריינגעבן, וועט מען דעם חולה מסוכן ניט ראַטעווען.

## די איבערשאַצונגען

די ברידער ג. האָבן שטורמיש אויסגעזעצט קעגן דעם, וואָס מ׳האָט די אָפּשאַצונגס־סקאַלע אַוועקגעשטעלט ניט ריכטיק. מע האָט אַרויפגעשרויפט די גדלות פון די גדולים שרייבערס. מע האָט זיך אָנגעבלאָזן. מיר ריידן זיך איין, אַז מיר האָבן שוין אַ גרויסע ליטעראַטור, בעת מיר האָבן זי ניט. מיר טרייסלען מיט טראַנטעס און שרייען, אַז זיי זענען טייערע געוואַנטן.

ווי אַביישפּיל האָבן זיי גענומען י. ל. פּרצן, פון וועמען מע מאַכט אַ צו גרויסן וועזן. ער פאַרדינט עס ניט. ווי באַלד מע גיט אַרויס פאַלשע אַטעסטאַטן, איבערגעטריבענע אָפּשאַצונגען, פאַרלירט די ליטעראַטור איר געזונטן חוש פאַר באַלאַנס, פאַר גלייכגעוויכט. מ׳האָט געשאַפן אַ טאָן פון זעלבסטבאַרימעריי, מען פּאַטשט זיך אין בייכל און מע איז צופרידן מיט דער קבצנות; מע מאַכט אַזאַ טומל אַרום פּרצס חסידישע מעשיות, אין וועלכע די חסידים זענען אויסגעטראַכטע, אַרויסגעזויגענע פון זיין שריפטשטעלערישער פען. אַזעלכע ברואים זענען ניט געווען און זענען ניט בנמצא. עס איז פאַלשער ראָמאַנטיציזם. אַפילו זיינע „פאָלקסטימלעכע געשיכטעס״ זענען אויך ניט ווערט אַ צענטל פון דעם, וואָס די קריטיק שאַצט זיי. זיי זענען פאַרזיסט און פאַרוויסט, ניט קיין עכטע פאָלקס־שאַפונגען, אַלץ איז ביי פּרץ געקינסטלט, פאַראינטעליגענטישט, ניט עכט, אָנהייבנדיק פון זיינע וואָנצעס און פאַלערינע און זיין פּוילישער שטוב און אויסלאָזנדיק מיט זיין שרייבן. ער איז ניט קיין פאָלקסמענטש, ער האָט זיך ניט אַריינגעלעבט אין „עמך״ און ער איז ניט מסוגל אויפצוכאַפּן דעם ריכטיקן פאָלקישן נוסח. דער דיליטאַנט, דער האַלבער אינטעליגענט, סטאַרטשעט אַרויס פון זיין יעדער שורה. איבערהויפּט זעט מען עס פון זיינע „זכרונות״, וואָס גייען אין „די אידישע וועלט״ אונטער ש. ניגערס רעדאַקציע.

וועגן דעם האָט בעל־דמיון זיך געדונגען, אָבער בלויז וועגן די שאַרפע אויסדרוקן. אין תוך האָט ער מסכּים געווען, אַז מע האָט איבערגעכאַפּט די מאָס בנוגע פּרצס שיעור־קומה. ער האָט אָנגעוויזן, אַז די העברעערס טוען דאָס אייגענע; פון אַ פליג מאַכן זיי אַ העלפאַנט; פון אַ קאַרליק אַ ריז, פאַר פּראָפּאַגאַנדע־צוועקן, כּדי צו באַווייזן, אַז זיי פאַרמאָגן קאָלאָסאַלע שעפערישע כּוחות.

מיט דעם, אַז די העברעערס זינדיקן אין דעם פּרט ניט ווייניקער ווי די יִדישיסטן, זענען די ברידער ג. געווען אין פולן הסכּם. אַלס אַ ביישפּיל האָבן זיי גענומען ח. נ. ביאַליקן, וואָס איז אין תוך ניט מער ווי אַ אחד־העמיסטישער אַגיטאַטאָר אין פערזן, אַ ריכטונג־דיכטער. אַ גייסטיק־ציוניסטישן־פייקלער האָט מען דערקלערט פאַר אַ געטע.

און אחד־העם, — ווער איז ער? אַ בטלנישער פובליציסט! האָט מען אים דערקלערט פאַר אַ נאַציאָנאַלן פילאָזאָף, ווען אין דער ווירקלעכקייט ניצעוועט ער איבער כאַמאַיאַקאָוון און אַקסאַקאָוון, די רוסישע סלאַוואָפילן, און פּוּיזשעט נאָך אויף אַלע פיר ספּענסערן און באָקלען. ער האָט געשאַפן עפּעס אַ מין נאַרישע טעאָריע וועגן אַ הײנטצײטיקן בועזן אָן אַ רות; אַז עס איז גענוג צו גרינדן אַ פּאָר קאָלאָניעס אין ארץ־ישראל, כדי עס זאָל ווערן אַ גײסטיקער צענטער; אַ לאַנד, װאָס פליסט מיט מילך און האָניק פון ייִדישער מאָראַל. עפּעס ווי געאָגראַפיע איז דער הויפּטפּאַקטאָר אין מאָראַל־קולטור־שאַפונג; אַ רעיון, וואָס נערט זיך פון פּסולת פון מאַטעריאַליזם. און ער אַליין האַלט זיך פאַר אַן אידעאַליסט אין פילאָזאָפיע. און וואָס איז זײן שרײבעכץ? פראַגמענטן, מיניאַטורן, שטיקלעך, „ברעקלעך״, אָן אַ צענטער און אָן אַ פעריפעריע אין די געדאַנקען.

ער האָט זיך אַרײנגענומען אין קאָפּ דעם געדאַנק וועגן דער בויטיקייט צו שאַפן אַ גײסטיקן צענטער. ער וואָלט בעסער טאָן, ווען ער שאַפט אַ צענטער אין זײן אײגענעם געדאַנקענגאַנג, שאַפט אַ צענטראַלן פּונקט און פון פּונקט אַרויס אַנטוויקלט ער עפּעס, וואָס זאָל קענען מאַכן כאָטש די לײכטסטע פּרעטענזיע אויף סיסטעמאַטישקייט. ער איז אַ מיטלמעסיקייט מיט אַן אָפּגעהיטן לשון. אַ גרויסער אויפטו, כ׳לעבן, פון אַ דענקער, — ער מײדט אויס פּוסטע מליצה, ווען ער צעשמירט זײנע פלאַטשיקייטן צו דער אַנטציקונג פון ישיבה־בחורים אָדער געוועזענע ישיבה־בחורים. ער איז אַ קלײנבירגערלעך באַלעבעסל, אַן אָנגעשטעלטער פון „וויסאָצקיס קאָמפּ׳ ״, און רעדט וועגן די נביאים און זײער מאָראַלישן שוווּנג. ער מאַכט זיך קאָמיש. ער קען זיי, די עקסטרעמיסטן, די דרײסטע ראַדיקאַלן, גאָרניט משיג־זײן מיט זײן פלאַטשיקן פיליסטערשן קאָפּ.

דאָ האָט זיך ווידער אַנטוויקלט אַ היציקע אַמפּערניש, אָבער ניט וועגן תוך, נייערט בלויז וועגן די שאַרפע אויסדרוקן. אין תוך האָבן זיי אָנגענומען ברידער ג.׳ס דעפיניציע און ביטול־באַציִונג צום אחד־העמיזם.

עס איז געקומען מיט אַ באַזוך אַ יונגערמאַן, אַ שײנער בחור מיט אַ קאָפּ שוואַרצע האָר, אָבער זײער אַ שעמעוודיקער, אַ צוריקגעצויגענער. ער איז געווען אַ זעצער אין קליעצקינס דרוקערײ. און צו די „גדולים פון ייִדישיזם״, וואָס האָבן זיך אַלע געבלאָזן, נאָכטוענדיק ש. ניגערן, וואָס האָט פאַר זיי געשטעלט דעם טאָן, האָט ער קײן צוטריט ניט געהאַט. ער איז געקומען און געבראַכט זײנס אַ ספרל, „אַ שוואַרצע מגילה״. די ברידער ג. האָבן אים פרײנטלעך אויפגענומען. אין זײן „מגילה״ האָבן זיי געפונען שטעלן, וואָס דריקן אויס די זעלביקע שטימונג, וואָס האָט זיי באַהערשט, ווען זיי האָבן געשריבן זײער „פסר אל הגולה, אַ מגילה צו די ייִדן אין גלות״. „די שוואַרצע מגילה״ פון לווי בערמאַן איז אַ פראָ־גלותיסטישע דעקלאַראַציע אַרויסגעבראַכט אויף אַ פּאָעטישן שטײגער. זאָל זײן אין אַ ניט־געלונגענער פאָרם, אָבער בשום אופן ניט אין דעם אויסגעבאַרשטן פאַרקמעסיקן נוסח, וואָס האָט אַפּעלירט צו ש. ניגערן און צו זײנע חסידים די „פליכעוואַטע״ שריפטשטעלערס, וואָס בײ זיי איז דער עיקר העיקרים, די גרעסטע טוגנט — גלאַטקייט פון לשון.

די ברידער האָבן אים האַרציק אויפגענומען.

# ש. ניגער

פון ש. ניגערן האָבן די ברידער ג. זייער ווייניק געהאַלטן. ערשטנס האָבן זיי נישט געקענט סובל־זיין זיין סטיל, וואָס איז געווען גלאַט, ווי זיי האָבן זיך אויסגעדריקט, ווי אַ פּליך. אַז קיין זאַך וואַקסט ניט אויפן קאָפּ — איז ער גלאַט, כאָטש נעם און גליטש זיך. צווייטנס: זיי האָבן ניט געקענט פאַרטראָגן זיין טרוקנקייט, זיין פלעכטן קלאָמפּערשטע שטאַנדפּונקטן, ווי שטריק פון זאַמד געקלעפּט מיט ניכטערן שפּייעכץ. דריטנס: זיי איז געווען נמאס זיין קאַריערידם, וואָס האָט זיך אַרויסגעוויזן אין זיין חתונה האָבן, ווי אַן אמתער פיליסטער, מיט אַ באַלעבאַטישער טאָכטער, אַ סוחרס אַ בת. געווען גענוג שיינע שניידערקעס אין דער באַוועגונג. ער, דער סאָציאַליסט, דער אידעאָלאָג פון פּראָלעטאַריאַט, האָט קיין איינע פון זיי ניט גענומען; עס איז אים ניט אָנגעשטאַנען; נאָר ער איז אַוועק צום „קלאַסן־שונא", צו דער קליין־בורזשואַזיע, און דאָרט געפונען זיין בת־זוג לויט אַ סוחרישער אויסרעכענונג. אַלע האָבן געוווּסט, אַז עס איז ניט געווען קיין ליבע־שידוך, נאָר אַ קרעמערשער שידוך. און אין דער ליטעראַטור איז ער דער אייגענער קאַריעריסט: ער רימט כסדר די באַרימטע, ער רימט די, וואָס דאַרפן אים ניט האָבן, נאָר ער דאַרף זיי.

די ברידער גאָרדין האָבן ש. ניגערן באַזוכט אין דער רעדאַקציע פון דער „אידישער וועלט", ווו ער האָט אויך געהאַט זיין דירה.

זיי האָבן זיך צעשמועסט וועגן ליטעראַטור.

די ברידער ג. האָבן געפרעגט ש. ניגערן, פאַרוואָס ער שרייבט ניט וועגן דער איראָפּעיִשער ליטעראַטור, אַ שטייגער ווי בראַנדעס האָט געטאָן. האָבנדיק אין זיין אייגענעם לאַנד אַ קליינע ליטעראַטור, האָט ער מיט די אייגענע שרייבערס ניט געקענט זיך צופרידנשטעלן. וויבאַלד ער, ש. נ., וועט זיך באַגרענעצן און קאָנצענטרירן בלויז אויף די אייגענע מחברים און זייערע בעלעטריסטישע אָדער פּאָעטישע ווערק, וועט ער דאָך מוזן אַלץ לייענען, וואָס נאָר זיי שרייבן אָן. וויפל גוטע ווערק קען עס אַ קליין פאָלק פּראָדוצירן אין אַ יאָר, אין אַ דור? וועט ער דאָך זיין געצוווּנגען זיך אָנצולייענען מיט אַלע גראַפאָמאַנישע שרייבעכצן, און עס וועט האָבן אַ שלעכטן, אַ שעדלעכן עפעקט אויף אים גופא. זיין געשמאַק וועט פאַרדאָרבן ווערן, זיין אינטעלעקט וועט פאַרטעמפּט ווערן אאַז"וו.

ש. נ. האָט זיי אויף דעם געענטפערט, אַז אים פעלט „ייִדישע חוצפּה" ער זאָל אַרויסקומען ווי אַן אָפּשאַצער פון ווערק אין דער וועלט־ליטעראַטור.

די ברידער ג. האָבן געטראַכט: ברודערקע ניגער, חוצפּה האָסטו גענוג און איבערגענוג; וואָס דיר פעלט איז טאַלאַנט און קענטעניש. אין אייגענעם געמויזעכץ קענסטו גילטן פאַר אַ קריטיקער. אָבער ניט אין דער וועלט.

זיי האָבן דאָס אים, פאַרשטייט זיך, ניט געזאָגט.

זיי זענען אַוועק פון אים ניט קיין אַנטוישטע, מחמת זיי האָבן פון אים גאָר ווייניק דערוואַרט. זיי זענען געווען זיכער, אַז זיין השפּעה אויף דער ייִדישער

ליטעראַטור וועט זיין אַ דעמאָראַליזירנדיקע. אונטער זיין „ממשלה" וועט זי ניט געדייען. זי וועט איינשרומפּן און איינדאַרן.

אין וואָס די ייִדישע ליטעראַטור נייטיקט זיך איז שעפערס־אידעאַליסטן, ניט קוועטשערס־קאַריעריסטן.

## 223

## ש ב ת

דער דיין, ר' הענאַך, איז אַלע טאָג פאַרבייגעגאַנגען זייער טישל, וואָס איז געשטאַנען אינדרויסן פאַר זייער פענצטער, און ביי וועלכן ברידער גאָרדין זענען געזעסן און געשריבן זייער ווערק. ער פלעגט כאַפּן מיט זיי אַ קורצן פריינטלעכן שמועס. ער האָט זיך פאַרהאַלטן צו זיי מיט גרויסן אָפּשיי.

שבת האָט ער אויסגעמיטן זייער פּלאַץ און איז געגאַנגען אַרום און אַרום, כדי ניט צו זיין אַן אומוויליקער עדות פון זייער מחלל־שבת־זיין מיט דער פּען.

ביי די פּרומאַקעס, האָבן די ברידער ג. געטראַכט, מעג מען שבת ריידן, דאָס הייסט, אַרבעטן מיט דער צונג און די איבעריקע אַרטיקולאַציע־איברים; מע מעג נוצן אַזעלכע געווערקצייג ווי גאָפּלען, מעסערס, לעפלען; מע מעג שניידן ברויט, פליש; מע טאָר, אָבער, ניט נוצן קיין פּען און אָנשרייבן אַ פּאָר זאַצן. מע מעג גיין ביז אַ תחום שבת, דאָס הייסט, אַרבעטן מיט די פיס, אָבער מיט דער האַנט געברויכן אַ פּעדער צום שרייבן איז שטרענג פאַרבאָטן.

אַ סך אויסגעהאַלטענער זענען געווען די פאַרצייטיקע קאַראַימערס ענגס תלמידים, וואָס האָבן גענומען דעם פּסוק „שבו איש תחתיו, אל יצא איש ממקומו" *) (זיצט איטלעכער אונטער זיך, קיינער זאָל ניט אַרויס פון זיין פּלאַץ) בוכשטעבלעך. שבת דאַרף מען זיצן אויף אַן אָרט און זיך ניט רירן. אַזוי האָבן זיי אויך אָפּגעהיט דעם אָנזאָג „לא תבערו אש בכל מושבותיכם ביום השבת" **) (איר זאָלט ניט אָנצינדן קיין פייער אין אייערע וווינונגען). זיי זענען געזעסן אין דער פינצטער. אָט־דער אויפּפיר זייערער האָט טאַקע געהאַט אַ זינען, וואָרעם שבת איז אַ היס־טאָרישע אָדער אַ סימבאָלישע קאָנמעמאָראַציע פון דעם גענעראַלשטרייק, וואָס די עברים־שקלאַפן האָבן אָנגעפירט אין מצרים קעגן זייערע האַרן. זיי האָבן ניט אַכטונג געגעבן אויף די פייערן און האָבן אָפּגעטונקט עגיפּטן אין חושך. דעריבער טאָר מען שבת ניט אָנצינדן קיין פייער, קיין ליכט. אָבער די אָרטאָדאָקסן האָבן געקנייטשט און געבויגן, דאָס הייסט, געטייטשט די פּסוקים ווי זיי האָט זיך גע־לוסט, און זיי האָבן מיסטיפיצירט שבת אויף וויפל עס האָט זיך נאָר געלאָזן, דאָס הייסט, אויף וויפל די דיסטאַנץ פון די געשעענישן און דאָס פאַרגעסן פון דעם עכטן באַטייט פון שבת האָבן דערלויבט.

נאָך מער: די פּסוקים אין דעקאַלאָג זאָגן בפירוש אין שמות, אַז דער טראָפּ שטייט אויף דעם געבאָט צו אַרבעטן זעקס טעג, אויפן אָנזאָג, אַז יעדער ייִד איז מחויב צו אַרבעטן, און אַז ער אַרבעט אָפּ זעקס טעג ווי דער אייבערשטער האָט

---

*) שמות, ט"ז, כ"ט. **) דאָרט, ל"ה, ג'.

געטאָן, דעמאָלט דאַרף ער רוען, זיך אָפּרוען. און דער אָפּרו איז אַן אוניווערסאַ־לער; אָפּילו די אַרבעט־ און לאַסט־בהמות דאַרפן זיך אָפּרוען. אויך אָט־דעם עיקר קאַרדינאַלן פּונקט פון יידישקייט האָבן זיי בכיוון פאַרקוקט.

## 224

# רחלס פאָרשלאַג

די ברידער ג. זענען געווען שטאַרק פאַרטאָן אין זייער שרייבן, אַזוי אַז עס איז ניט געווען קיין צייט פאַר עפּעס אַנדערש. דאָך אין די אָוונטן, ווען אַ. איז אַרומגעגאַנגען אַליין שפּאַצירן אויפן ברעג פון דער ווילִיע, פלעגט צו אים צושטיין דער געדאַנק און ניט אָפּלאָזן, וועגן באַגיין זעלבסטמאָרד דורך דערטרינקען זיך. אַזוי שטאַרק האָט ער אין די פאַרנאַכטן געליטן פון בענקעניש נאָך רחלען. ער האָט געטראַכט וועגן זעלבסטמאָרד און זיין אונטערבאַוווסטזיין האָט בשעת־מעשה געלאַכט. ער האָט גאַנץ גוט געוווסט, אַז ער האַלט זייער ווייט פון טאָן עס. וואָרעם וועלכער דיכטער אָדער ערנסטער דענקער האָט עס יאָ געטאָן? דאָס באַגיין זעלבסטמאָרד צוליב אַ ליבע איז אַ סימן דלות, אַן אָטעסטאַט פון אינערלעכער פוסטקייט און לערקייט. אַ דיכטער, ווען ער בענקט נאָך זיין געליבטער, שרייבט לידער, קרעכצט, זיפצט, קלאָגט און יאָמערט אין פערזן. ער עקספּלואַטירט זיין בענקעניש; ער לאָזט זי ניט גיין לאיבוד; ער ווערט פון זיינע ליבעווייען זעליש באַרייכערט און דערהויבן.

אַ. ג. איז אָוועקגעפאָרן קיין סמאַרגאָן אָפּצונעמען די צווייטע העלפט פון זייער דעפּאָזיט אין באַנק. אויפן וועג צוריק איז ער אַריין צו די לאַמדאַנסקיס; זייער זומערוווינונג איז דאָך געווען לעבן דער באַנסטאַנציע.

אַז די פויערים פון דערפל האָב אים דערזען, האָבן זיי אים פאַרוואָרפן מיט פראַגעס וועגן דער לאַגע אין לאַנד און אין דער וועלט. זיי האָבן אים געהאַלטן פאַר אַ וויסער אין פּאָליטישע אָנגעלעגנהייטן.

— וואָס איז? וואָס זענט איר אַזוי אומרויִק?

— מע האָט אונדז אַלעמען נעכטן רעגיסטרירט.

אַ. ג. איז זיכער, אַז איזוואָלסקי, דער אויסערנמיניסטער, איז צו קלוג, אַז ער זאָל ניט באַגרייפן, אַז אין אַ מלחמה וועט רוסלאַנד כאַפּן אַ מיאוסן אָפּשניט און דער צאַר ניקאָלאַי וועט פאַר דעם קריג און מפּלה באַצאָלן מיט זיין טראָן און, אפשר, אויך מיט זיין קאָפּ. לכן וועט ער ניט דערלאָזן אויף קיין פאַל, אַז עס זאָל קומען צו אַ מיליטערישן צונויפשטויס צווישן רוסלאַנד און דייטשלאַנד.

אַ .ג. האָט באַרויִקט די פויערים, וואָס האָבן גענומען זיינע ווערטער ווי די רייד פון אַ מומחה אין זיין פאַך.

רחל האָט אים גערופן אויף אַ שפּאַציר אין וועלדל. זי וויל מיט אים וועגן עפּעס איבעררעדן. עס איז אַן ערנסטע זאַך.

זיי זענען אַליין. די זון האַלט ביים פאַרגיין. די שאָטנס פון די ביימער ציִען זיך אויס און כמורען זיך, ווי אַנגעשטויסן אויף אַלץ און אַלעמען. אַ. ג. זיצט אויף

דר׳ערד אויפן מאַך געשפּאַנט, פול מיט דערוואַרטונג. רחל זיצט אַנטקעגן אים אויף אַ פּיזען. איר פּנים איז צעפּלאַמט. די אויגן פינקלען. זי איז אינגאַנצן אַ צעשרויפּטע.

זי הייבט אָן גאָר אָן הקדמות:

— איך קען קיין פאַלש לעבן ניט פירן; איך בין גרייט צו מאַכן אַן אַנטשלאָ־סענעם טראַט. — פאַרברענען אַלע בריקן הינטער מיר. לאָמיר ביידע אַנטלויפן קיין אַמעריקע. איך בין גרייט צו וואַשן גרעט, טאָן כל עבודת פּרך, אַבי זיין מיט דיר. די קינדער וועל איך איבערלאָזן. ווייל אָן דיר וועל איך סיי־ווי־סיי לאַנג ניט לעבן, וועלן זיי קיין מאַמען סיי־ווי ניט האָבן. ביסטו גרייט?

אַ. ג. איז איבערראַשט פון איר פאַרשלאַג. פון איר אַנטשלאָסנקייט. ער קוקט זי אָן פאַרחידושט און גלייבט ניט זיינע אויערן.

— איז וואָס שווייגסטו?! ביסטו גרייט?

— איך פאַרשטיי, ווי מע זינדיקט; אַ ליידנשאַפט באַגעוועלטיקט דעם גאַנצן מענטשן. ער גיט זיך בשעת־מעשה ניט אָפּ קיין חשבון. אָבער פּלאַנירן אַ זינד, באַ־טראַכטן און באַקלערן עס און אויסאַרבעטן אַ גאַנצן פּלאַן, — דאָס קען איך ניט באַגרייפן.

פון אַ.ס ענטפער האָבן זיך די קאָלירן אין רחלען געביטן. איר פּנים איז פון צונטער רויט געוואָרן שוואַרץ ווי די ערד. זי איז געבליבן זיצן פאַרשטיי־נערט, ווי פאַרשטאַרט.

ער האָט זיך דערשראָקן. גענומען זי קושן און האַלדזן, ווי מינטערן, ברענגען זי צו זיך.

ער רעדט ווייטער:

— ווי אַזוי קען איך נעמען פון דיר אַזאַ קרבן. דיין מאַן — לאָמיר זאָגן, — וועמען גייט אָן דיין מאַן?! און דאָס איז אויך ניט ריכטיק, ווייל ער גייט מיך אָן, ער איז מיין טייערער פריינט. אָבער דיינע קינדער, דיין פּולינקען, ווי וועסטו אים איבערלאָזן?! און אויב דו וועסט עס טאָן אין אַ מינוט פון ליידנשאַפט־באַטרונקענ־קייט, וועסטו עס אין אַ מינוט שפּעטער באַדויערן, און די חרטה־געפילן וועלן דיך פאַרפיניקן און פאַרצערן. מערער: איך גלייב ניט, אַז דו קענסט עס גאָר טאָן. דו זאָגסט עס בלויז. אַז עס וועט קומען עס דורכצופירן, וועסטו איינזען, אַז דו האָסט ניט דערצו געגוג אַכזריות אין זיך, צו זיך און צו זיי. און דו ווילסט, אַז איך זאָל צושטימען צו אַזאַ ווילדן פאַרשלאַג און נעמען אויף זיך די אחריות. די אחריות פון צונעמען אַ מוטער פון אירע קינדער?! איך קען עס ניט טאָן. איך וועל עס ניט טאָן, און זיכער ניט, ווען איך דאַרף עס אויסרעכענען און אויספּלאַנעווען.

אַ. טראַכט: דעם גאַנצן פּלאַן האָט זי אויסגעטראַכט און וויל זיך אָפּנאַרן, כדי צו האָבן אַן אויסרייד פאַר איבערגעבן זיך צו אים: זי וועט דאָך זיין זיינע, זי וועט דאָך אַוועק פון מאַן. און נאָכדעם וועט זי חרטה האָבן און פון פּלאַן וועט זיך אויסלאָזן אַ טייך. זי קען עס ניט טאָן און וועט עס ניט טאָן. זי וועט ניט אַנטלויפן און איבערלאָזן פּולינקען (פּנחסן), וועמען זי האָט ליבער פון איר לעבן; הגם ער האָט זי איינמאָל איבערראַשט און אָפּגעגאָסן אירע ליבע־געפילן צו אים מיט אַ קאַלטן דוש.

דאָס איז געווען מיט פינף יאָר צוריק אין „עבריה״. א. איז מיט רחלען גע־שטאַנען ביים בענקל, אויף וועלכן פוליע איז געזעסן. רחל גיט אים אַ פרעג:

— פולינקע, וועמען האָסטו העלטער, — מיך, דיין מאַמען, אָדער דעם לערער?

פוליע ענטפערט, אַ סעקונדע ניט טראַכטנדיק:

— דעם לערער... און ער גיט זיך אַ שטעל אויף אימפּולסיוו אויפן בענקל און גיט זיך אַ וואָרף־אַרויף אַ׳ן אויפן האַלדז און פאַנגט אָן אים הייס־ליידנשאַפט־לעך צו קושן.

אויס אומפאָרזיכטיקייט האָט ער דעם לערער צעבראָכן די פענסנע.

אַגב דאָס איז געווען דער איינציקער „אומגליק־צופאַל״, וואָס האָט פּאַסירט פאַר דער גאַנצער צייט, אַ משך פון זעקס יאָר, פון דער עקזיסטענץ פון „עבריה״.

אַ. ג. האָט זיך אויפגעהויבן און גלייך אַוועק צו דער באַנסטאַנציע.

רחל האָט אים ניט באַגלייט. זי איז געבליבן זיצן מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, ווי אַ פאַרמשפּטע אין איר אייגענעם געריכט און אין געריכט פון אירע קינדער, אָבער ניט פון איר מאַן, וועמען זי האָט פסיכאָלאָגיש אָפּגעגט.

רחל איז געווען די עכטע יִדישע טאָכטער. זי האָט ניט געקענט פאַרברעכן קעגן איר פליכט צו איר מאַן. איר צניעות־געפיל האָט עס ניט דערלאָזן. זי קען איר מאַן ניט נאַרן און בלייבן מיט אים. זי קען זיך בלויז האַלבירן, טיילן זיך אויף צוויי, די נשמה אַוועקגעבן דעם געליבטן און דעם גוף איבערלאָזן דעם מאַן. מער ווי דאָס קומט אים ניט.

## 225

## מלחמה־פּאַניק

דעם ערשטן אויגוסט 1914 האָט דייטשלאַנד דערקלערט קריג רוסלאַנד. אַ פּאַניק האָט אַרומגענומען ווילנע. אַלע זענען געווען זיכער, אַז אין אַ פּאָר טעג וועלן שוין די דייטשן האָבן אַריינגעגאַנגען אין שטאָט. וואָרעם ווער וועט זיי אָפּ־שטעלן? אין נאָך אַ זאַך זענען אַלע געווען זיכער, אַבסאָלוט זיכער: אַז אין צען טעג אַרום וועט רוסלאַנד שוין שטיין אויף די קני און בעטן מאַכן שלום. אויב אַזוי, וואָס לוינט עס צו בלייבן אין ווילנע בשעת דעם בלוטיקן צוזאַמענשטויס? איז ניט זיכערער און רויִק־באַקוועמער אָפּצופאָרן אַביסל ווייטער און פאַרזעצן דאָס שרייבן אויסער יעדער געפאַר? אַז אַלץ וועט זיך באַרויִקן — קומען צוריק.

דאַרף מען גיין אין באַנק און אַרויסנעמען געלט, כדי צו האָבן אויף דער הוצאה פאַר אַ פּאָר וואָכן.

איז אַ. ג. אַוועק אין באַנק. ערשט די באַנק איז באַלאַגערט מיט מענטשן, דעפּאָזיטאָרס. אָבער די באַנק זאָגט זיך אָפּ צו צאָלן.

אַזוי גאָר?!

א. ג. איז אַריין אין באַנק, צוגעגאַנגען צום פּרעזידענט אָדער הויפּטפאַרוואַל־טער און אויף אים גוט אָנגעשריִען. פאַרשטייט זיך, אַז אין רוסיש.

— איך מוז האָבן דאָס גאַנצע געלט און גלייך אָן קיין תירוצים און אָפּ־לייגענישן.

דער פרעזידענט איז בלייך געוואָרן. עס האָט אים גענומען וואַרפן הענט און פיס. ער האָט זיך אָפּגערופן שטילערהייט, אַז קיינער פון די דעפּאָזיטאָרס, וואָס האָבן זיך געפונען אין באַנק און געפאָדערט זייער געלט, זאָל ניט הערן:

— קומט מאָרגן פרי צו מיר אַהיים. איר וועט קריגן די גאַנצע סומע.

ער האָט אַ. ג.׳ן אַריינגערוקט אין האַנט אַן אָנגעשריבענעם אַדרעס.

אַ. ג. האָט אים העפלעך באַדאַנקט און איז אַרויס פון באַנק.

מאָרגן גאַנץ פרי האָט אַ. ג. געקראָגן די פולע סומע אין באַנקנאָטן.

אַ. ג. האָט ניט פאַרשטאַנען, וואָס האָט געווירקט אויפן באַנקיר, אַז ער זאָל אים אויסצאָלן, בעת די באַנק האָט זיך אָפּגעזאָגט אַרויסצוגעבן די דעפּאָזיטן ביז די פּאַניק אָדער די מלחמה וועט זיין פאַראיבער.

גייענדיק צוריקוועגס און קלערנדיק, איז אים די זאַך פאַרענטפערט געוואָרן אין פשטות.

אַ. ג. איז אַרומגעגאַנגען קרוע־בלואה. זיין אָנטועכץ האָט זיך געפּאַסט פאַר אַ בעטלער, וואָס גייט איבער די הייזער. אָבער זיין האַלטן זיך, זיין שרייען מיט אַזאַ עזות, זיין באַפעלערישער טאָן האָבן זיך געפּאַסט פאַר איינעם, וואָס האָט הינטער זיך אַ ראַיעלן כוח אויף וואָס צו דופען. דער באַנקיר האָט אויף שנעל צונויפגעלייגט צוויי און צוויי און ער איז געווען זיכער, אַז דאָס געלט געהערט צו אַן אומלעגאַלער פּאַרטיי, צום „בונד" אָדער צו די ס. ר. און דער דעפּאָזיטאָר קבצן־רעוואָלוציאָנער איז בלויז אַ שירמע, הינטער וועלכער זיי פאַרשטעלן זיך. מיט די חברה־לייט, האָט ער געוווסט, טאָר מען זיך ניט איינרייסן. עס איז צו געפערלעך.

אַ. האָט געטראַכט: הייסט עס, אַז צעריסענע קליידער קענען אַמאָל, אונטער געוויסע אומשטענדן, דינען בעסער ווי די שענסטע קליידער.

די ברידער ג. האָבן זיך „איינגעפּאַקט". עס רעדט זיך אַזוי. באמת האָבן זיי אַלץ איבערגעלאָזט. גענומען מיט זיך זייער כתב־יד און איין באַנד „פּסיכאָלאָגיע" פון וואונדט אין דייטש. ניט מער. זיי זענען אַוועק קריגן אַ בילעט. זיי האָבן געמוזט אָפּשטיין שעהן און שעהן אין אַ לאַנגן „ווידל", ביז עס איז דערגאַנגען צו זייער ריי. מיטן בילעט, וואָס האָט זיי געדאַרפט דערפירן ביז אָרשע, האָבן זיי זיך מיט אַלע כוחות אַריינגעפּרעסט אין אַ וואַגאָן פון דריטן קלאַס. אָבער וויטער פון בריקל־פּלאַטפאָרמע האָבן זיי בשום אופן ניט געקענט זיך אַריינקוועטשן. זיי זענען געבליבן צוגעדריקט צו דער אייזערנער אַרומצוימונג און אַזוי פאַרשטשמעט, ניט אַ ריר צו טאָן זיך, דערפאָרן ביז זייער באַשטימונגס־פּלאַץ. די וואַגאָנעס פון די צוגן, וואָס זענען אַרויס פון ווילנע, זענען געווען אָנגעפּראָפּט אינעווייניק און אַרומגעהאָנגען מיט מענטשן. מע איז געשטאַנען אַפילו אויף די בופערס. אַפילו אויפן דאַך.

די ברידער ג., אָנקומענדיק קיין אָרשע, האָבן געבענטשט גומל, וואָס זיי זענען אָנגעקומען גאַנץ, מע האָט זיי ניט צעקוועטשט און ניט צעטראָטן.

# די פאַרשווערונג פון צוויי

אין אָרשע האָבן זיי אָן שווערקייטן געדונגען אַ צימער אין אַ באַלעבאָטישן הויז, אין װעלכן עס האָבן געוווינט אַ ברודער און אַ שוועסטער. דער פאָטער און די מוטער, געוועזענע גבירים, זענען ביידע געשטאָרבן נאָך דעם, ווי זייער רייכטום איז אויסגערונען. ירושה פאַר די קינדער איז געבליבן בלויז דאָס הויז, אַ שיין לייטיש הויז.

קאָכן האָבן די ברידער ג. דאָ ניט געקענט; ניט געהאַט אויף וואָס, — זייער פרימוס האָבן זיי ניט מיטגענומען, — און אויך ניט אין וואָס, — ניט געהאַט קיין טעפּלעך, קיין פענדלעך. האָבן זיי געגעסן טרוקנס און געשריבן.

די טאָכטער, די איינציקע באַלעבאָסטע פון הויז, איז אַרויסגעקומען פון איר צימער ערשט צו אָוונט־צייט. ניט פריִער. אין הויז האָט זיך געשפּירט אַ פאַרוואָרלאָזטקייט. מעגלעך אַז דער דלות האָט אָן רחמנות און אָן קיין איינזעעניש געדריקט און געשטיקט דאָס הויז און געהאַלטן זיינע איינוווינערס פאַרקלעמט ווי מיט צוואַנגען. די דריקעניש האָט זיך געפילט אין יעדן ווינקעלע. הפּנים אַז די איינוווינערס האָבן דעם דלות ניט געוואָלט פאַרשרייען, פאַרטומלען, ווי אַנדערע יורדים טוען, נאָר פאַרקערט, אינגאַנצן פאַרשוויגן, אַזוי אַז די מענטשן אין שטאָט זאָלן וועגן זיין בנמצא־זיין גאָרניט וויסן.

דאָס און נאָך עפּעס האָט זיך געפילט אין דער צוריקגעצויגנקייט פון די צוויי איינוווינערס: אַ סוד. אַ טיפע געהיימעניש האָט זיך געטוליעט און געוויקלט אין די שאָטנס פון דער האַלב־טונקלקייט פון שטוב. קיינער איז אַהער ניט געקומען, קיינעם האָט מען ניט אויפגענומען. קיין חוצניק האָט די שוועל ניט אַריבערגעטראָטן. ווי דאָס הויז און זיינע צוויי איינוווינערס וואָלטן זיך געפונען אונטער אַ קאַראַנטין. אָפּגעזונדערט, איזאָלירט הערמעטיש.

זיי האָבן, ווייזט אויס, אַליין זיך דערווייטערט פון אַלעמען. זיך אָפּגעפרעמדט. קוקנדיק אויף דעם מיידל, וואָס איז שוין געווען ניט פון דער ערשטער יוגנט, האָט זיך געדאַכט, אַז זי האָט זיך אָפּזיכטלעך אַרויסגענומען פון דער אַרומיקער סביבה. זי און דער ברודער פלאַנעווען עפּעס אַ פאַרשווערונג קעגן דעם גאַנצן שטייגער־לעבן פון דער געמיינדע, פון דער געזעלשאַפט, אין וועלכער זיי געפינען זיך.

זי איז קיינמאָל פון הויז ניט אַרויס. איז ווי אַזוי האָבן זיי באַקומען שפּייז זיך צו דערהאַלטן? דער ברודער פלעגט פאַרשווינדן אויף גאַנצע טעג. אַוועקגיין אינדערפרי און קומען צוריק גאַנץ שפּעט. מסתמא פלעגט ער אַריינקומען באַלאָדן מיט די פּעקלעך, די שפּייז־איינקויפעכצן.

זי פלעגט אַרויס פון איר צימער אַן איינגעקאַמטע. די האָר פלאַטשיק פאַרפלאָכטן און מיט אַ שולדיקער מינע און אומשולדיקן פאַרביישלייכן זייער צימער, אויב די טיר איז געווען אַן אָפענע. זי האָט געקאָנט אַרויס דורך דעם הינטערשטן „כאָד", דורך דער טיר פון קיך. דעמאָלט וואָלטן זיי זי אינגאַנצן ניט געזען. זי

האָט אָבער געברוויכט די פּראָנטעטיר. זי איז אַרויס, געבליבן שטיין אַ פּאָר געציילטע מינוטן אויפן גאַנעק, געאָטעמט די פרישע לופט און גלייך צוריק אַריין אין די אינערלעכע צימערן פון זייער געהיימענישפולן הויז.

זיי, די ברידער ג., האָבן ניט געהאַט ביי וועמען זיך פּאַנאַנדערצופרעגן וועגן אָט־די מאָדנע צוויי באַוווינערס פון הויז. זיי האָבן קיינעם אין שטאָט ניט געקענט.

## 227

## דעם בעטלערס אינסטרוקציעס

די ברידער ג. האָבן פון טאָג אויף טאָג געוואַרט, אַז די מלחמה זאָל זיך שנעל צעפלאַקערן און גלייך זיך אויסלעשן. זיי האָבן אָבער זייער צייט ניט געפטרט אויף הוילער וואַרטעניש. זיי האָבן פאַרגעזעצט זייער אַרבעט, געאיילט זיך זי צו פאַרענדיקן, ווען אַפילו געקירצט און דעם סוף געשריבן אַן דער נייטיקער פאָרשונגס־אַרבעט.

זיי זענען אויפגעשטאַנען פרי, זיך אַרומגעוואַשן הענט און פּנים און גלייך זיך געזעצט שרייבן. אָפּגעשריבן אַ פּאָר שעה, זענען זיי אַוועק אין מאַרק, איינגעהאַנדלט שוואַרץ ראַזעווע ברויט, מילך, פּוטער, קעז, אוגערקעס און עפּל. זיי אָפּגעשיילט מיט אַ מעסערל, וואָס זיי האָבן מיט זיך מיטגענומען פון ווילנע, און זיך אַוועקגעזעצט אין שטאָטגאָרטן, וואָס האָט זיך געפונען אין מיטן מאַרק, אויף אַ באַנק, און אָפּגעגעסן זייער אָרימאַנסקן פרישטיק. די איבעריקע פּראָדוקטן געבראַכט צו זיך אין צימער אַריין.

געקומען און גלייך זיך ווידער געזעצט שרייבן. דערפילט אין אַ פּאָר שעה אַרום הונגער, האָבן זיי זיך גענומען צו דער אַכילה, און דערנאָך ווידער געשריבן פיבערדיק האַסטיק, מיט ברען און אײפער. אַזוי עטלעכע מאָל דורכן טאָג. זיי האָבן זיך ניט איבערגעגעסן, אָבער זיך אויך ניט פאַרהונגערט. זיי האָבן געהאַט אַ רעכט אַריינצוגיין אין קיך און נעמען אַ טרונק וואַסער, אַפילו אָפּקאָכן קאַר־טאָפלעס אָדער גרויפּן. אָבער אַזוי ווי די קיך האָט אויסגעזען ווי פאַרלאָזן, קיינער האָט זיך אַהין ניט באַוויזן, זענען זיי אויך אַהין ניט געגאַנגען, סיידן צו נעמען אַ טרונק.

פאַרנאַכט זענען זיי אַרויס שפּאַצירן אויפן ברעג טייך, וואָס פליסט דורך דעם סאַמע מיטן פון שטאָט.

איינמאָל ווען זיי זענען זיך בהרחבהדיק געזעסן אויף אַ באַנק אין פּאַרק און געשמאַק געגעסן עפּל מיט ברויט, ניט געזייערטע אוגערקעס מיט ברויט, איז פאַרבייגעגאַנגען אַ שנאָרער און געבעטן אַ שטיקל עפּל אָדער אַ ביס אוגערקע.

זיי האָבן אים ווויליק־פּזרנותדיק דערלאַנגט אַ גרויסן עפּל און אַן אוגערקע און דערצו אַ היפּשע המוציא ברויט.

דער בעטלער האָט זיך צוגעזעצט אויף אַ באַנק אַנטקעגנאיבער. נאָך אַ ווײַלע פאַנגט ער אָן בנעימותדיק ריידן צו זיי:

— וואָס דען? די רייכע, אַ בראָך אין זייערע ביינער, זיי וועלן געבן?! עס איז אַלע מאָל אַזוי: די קבצנים גיבן, טיילן זיך מיטן לעצטן ביסן.

אַזוי ווי די ברידער ג. האָבן גאָרניט געענטפערט, האָט ער ווייטער אַליין גערעדט און געוואָרן פריינטלעכער, אינטימער מיט זיי:

— איר גייט דאָ אַרום איבער די הייזער? אַזוי ווי איר האָט מיך שיין באַהאַנדלט, וועל איך אייך דערפאַר געבן אַ פּאָר גוטע עצות. איר זענט דאָ פרעמדע, ווי איך זע. ניט לאַנג אָנגעקומען, פון וואַנען קומט איר עס?

— פון ווילנע, — ענטפערן ביידע ברידער אויף־איינמאָל. זיי זענען נייגעריק צו הערן זיינע עצות, וואָס ער גייט זיי געבן.

— אַזש פון ווילנע... אַ ווייטער מהלך... די זאַך איז די: אָרשע איז אַ שטאָט פול מיט גזלנים. אונדז קבצנים האָבן זיי דאָ פיינט, שנאת מוות. — ער שטעלט זיך אָפּ און גיט זיי אַ פרעג:

— האָט איר שוין ווו איבערצונעכטיקן?

— נאָך ניט געפונען קיין פּלאַץ, — פאַרזיכערן זיי אים.

— קיין הקדש איז אין שטאָט ניט פאַראַן. איך זאָג דאָך אייך, עס איז אַ שטאָט פון רשעים גמורים... דער בעסטער פּלאַץ צו נעכטיקן איז אין אַמשענאָוועער קלויז. דער שמש וועט אייך לאָזן דאָרטן שלאָפן. איר דאַרפט אים גאָרניט געבן דערפאַר, בלויז אָנטראָגן אַ פּאָר עמער וואַסער פאַרן האַנטפאַס. דער כיור איז ניט קיין גרויסער... די מנינים הייבן זיך אָן שפּעט און ענדיקן זיך פרי. קיין לערנערס זענען ניטאָ, אַזוי, אַז איר קענט זיך רויק אויסשלאָפן...

— אָבער וואָס איז מכוח אַרומגיין איבער די הייזער? — פרעגן זיי אים.

— דאָס טוט אַזוי: מאָנטיק, דינסטיק, מיטוואָך גייט אַרום איבער די קראָמען. די קראָמען זענען דאָך אָפן. זיי קענען זיי דאָך ניט צושליסן און אייך ניט אַריינלאָזן. וועט איר אַרומגיין איבערן מאַרק און די געסלעך לעבן מאַרק. קיין סך גיבן זיי דאָ ניט. זיי האָבן האַלבע פּרוטות וואָס קהל גיט אַרויס, און נאָכדעם בייט מען עס אויס. בשעתן אויסבייטן לאָזט זיך ניט באַשווינדלען, צוויי קוויטעלעך איז אַ פּרוטה. אַ פּרוטה איז אַ גראָשן, צוויי פּרוטות איז אַ גאַנצע קאָפּיקע. אָבער ניט אַלע גיבן אָפּגעשטעמפּלטע קוויטעלעך. זיי זענען דאָ קאַרגע, די קרעמערס, אַ גרימעניש זיי אין די געדערים. גיבן זיי שטיקלעך צוקער, אָדער אַן המוציא, אָדער אַ ציבעלע, אַבי אָפּצופּטרן דעם אָרימאַן. דאָנערשטיק גייט איבער די רייכע הייזער.

— ווי דערקענט מען די הייזער, צי זיי זענען רייך?

— מען זעט לויט דעם אויסזען פון הויז, לויט די פאָרהאַנגען אויף די פענצטער. היט זיך, גייט ניט אין הייזער, וואָס האָבן ניט קיין מזוזות, דאָרטן קען אַ הונט אויף אייך אָנפאַלן און צערייסן אייך די הויזן.

ער ווייזט אַ לאָך אין זיינע הויזן.

— איך האָב באַצאָלט רבי־געלט, דערפאַר ווייס איך. פרייטיק איז דער בעסטער טאָג. איר געפינט די באַלעבאָסטעס אין קיך. זיי זענען פאַרעוסקט צוצוגרייטן אויף שבת, איז אַזוי ווי עס איז פאַראַן פון כל טוב אין שטוב, וואַרפט מען דעם אָרימאַן אויך עפּעס צו. איינגאַנצן קיין חזיר קען מען דאָך ניט זיין.

די ברידער ג. באַדאַנקען אים פאַר די גוטע עצות, און זאָגן אים, אַז זיי וועלן טאָקע טאָן ווי ער זאָגט זיי. זיי גיבן אים נאָך אַן עפּל און אַן אוגערקע און אַ חתיכה ברויט. זיי פרעגן אים פאַנאַנדער וועגן זיין לעבן.

ער איז ניט קאַרג אויפֿן וואָרט. ער פֿאַרטרויט זיי אַלע איינצלהייטן פֿון זיין שנאָרערשן לעבן. ער גייט אַרום איבער די הייזער שוין יאָרן און יאָרן. ער האָט אָנגעקליבן אַביסל געלט און זיך געקויפֿט אַ קליין הויז אין אַ שטעטל לעבן שאַוול. איין העלפֿט פֿון הויז פֿאַרדינגט ער. אין דער היים איז ער ווינטער, ווען עס איז קאַלט אַרומצוגיין. אין הויז ביי אים וווינט אַ ייִדענע. קאָכט זי פֿאַר אים, וואָשט אויס אַ העמד, נייט צו אַ קנעפּל און טוט נאָך אַנדערע זאַכן... — ער ווינקט צו מיט אַן אויג... — „מיר זענען דאָך זינדיקע מענטשן, און אַז מע איז אַן אַרימאַן, איז וואָס, איז די נשמה אַ ראָזשינקע?! די ייִדענע איז בלינד אויף איין אויג. זי איז אַן עגונה. אָבער נאָך גאָר ניט קיין אַלטע... מע קען מיט איר יוצא זיין אַפֿילו ניט בשעת הדחק... ער צאָלט איר צען רובל פֿאַרן ווינטער. די שפּייז צום קאָכן קויפֿט ער אַליין... ווי נאָר די פֿרעסט לאָזן אָפּ, ס'ווערט וואַרימלעך און די שנייען צעגייען, לאָזט ער זיך אַרויס איבער דער מדינה. ער האָט זיך ניט וואָס צו באַ־קלאָגן... אמת, די גבירים זענען רוצחים, אויסגעקאָרעניעט זאָלן זיי ווערן, אָבער עס זענען נאָך פֿאַראַן ייִדן רחמנים בני רחמנים, וואָס לאָזן אַן אָרימאַן ניט אַרויס מיט ליידיקן פֿון שטוב.

אַז איר וועט טאָן ווי איך זאָג אייך, וועט איר דאָ אויסמאַכן ניט שלעכט. איך פֿאַרלאָז שוין די שטאָט. מע קען לאַנג ניט אַרומגיין איבער די זעלביקע הייזער. זיי דערקענען און שרייען: אָ, ער איז שוין ווידער דאָ, דער שנאָרער!

ער האָט זיך אויפֿגעהויבן, אַריינגעלייגט דעם עפּל און אוגערקע און דאָס שטיק ברויט אין טאָרבע און איז אַוועק מיט אַ זיכערן טראָט, שטאָלץ פֿאַרריסן דעם קאָפּ. ער האָט געפֿילט, אַז דאָס מאָל האָט ער געקראָגן ניט קיין נדבה, ער האָט די צוויי עפּל און אוגערקעס און ברויט כשר פֿאַרדינט.

## 228

## ה י ל ף

„די נייע פּעדאַגאָגיק" האָבן די ברידער ג. פֿאַרענדיקט שרייבן אין אָרשע. זיי האָבן זיך געפֿילט יום־טובדיק און זענען אַוועק הוליען, זיך משמח־זיין. וואָס האָט געמיינט זיך משמח־זיין און יום־טובן? זיך לאָזן וווילגיין, זיך מכבד זיין מיט אַ לאַנגן שפּאַציר אויפֿן ברעג טייך און אויך בראָדזשען אין טייך גופֿא אָנגע־טאָנענערהייט. וואָס אַרט זיי? זיי וועלן איבערפּירן זייערע טייערע מלבושים?

זענען זיי אוועק שפּאַצירן. צווישן זיך האָבן זיי גערעדט העברעיִש אין דער ספֿרדישער הברה. זינט זיי האָבן געוווינט אין אָסטראָוו צווישן די חסידים האָבן זיי זיך צוגעוווינט צו „קאָנספּיראַציע". ווען זיי גייען אין גאַס און ריידן צווישן זיך, שאָקירט זיי דאָס באַמערקן, אַז פֿאַרבייגייערס קענען אויפֿכאַפּן זייערע ווער־טער און פֿאַרשטיין וואָס זיי זאָגן און וויסן וועגן וואָס זיי דיסקוטירן. ריידן זיי אַ לשון, וואָס גאָר ווייניקע, אָדער כמעט קיינער פֿאַרשטייט ניט. זיי האָבן זיך אַזוי אַרומגעשפּאַצירט, געהוליעט און געשטיפֿט. זיי האָבן באַמערקט, אַז עטלעכע יונגע לייטלעך קוקן זיך צו צו זיי פֿונדערווייטנס. זיי האָבן עס, אָבער, אין אַכט ניט

געגומען. וואָס קענען זיי זיי אָפּקוקן? זיי אינטערעסירן ניט די יונגע לייט פון אָרשע.

אָפּגעיומטובט זענען זיי געקומען צו זיך אין צימער מיטן געדאַנק זיך צו לייגן שלאָפן און מאָרגן אויפשטיין פרי און זיך נעמען אָנוואַרפן דעם קיצור פון זייער פאַרטראַכטן חיבור „די נאַציאָנאַלע פראַגע" אָדער „טעריטאָריאַליזם ווי פאַרמאַסקירטער אימפּעריאַליזם".

מע קלאַפּט אין טיר.

אַ. האָט געעפנט.

— קענען מיר אייך באַאומרויִקן און אַריינקומען?

— מיט פאַרגעניגן.

צוויי יונגע לייט זענען שעמעוודיק אַריין.

אַ. און וו. זענען נייגעריק צו וויסן, וואָס ווילן פון זיי די צוויי ווילדפרעמדע יונגע מענטשן.

איינער פון די אַריינגעקומענע, דער עלטערער, דער דרייסטערער, נעמט ריידן:

— מיר האָבן אייך געזען אַרומגיין אויפן ברעג טייך. מיר פאַרשטייען, איר זענט ניט קיין היגע. מסתמא מלחמה־פּליטים. מיר באַגרייפן, אַז איר זענט געביל־דעטע מענטשן און אפשר גאָר יידישע שרייבערס. מיר האָבן געהערט אייך ריידן העברעיִש, רוסיש און דייטש. האָבן מיר זיך באַראַטן מיט אונדזערע חברים און באַשלאָסן צו גיין אייך פרעגן, צי קענען מיר אייך באַהילפיק זיין, אין פאַל איר נייטיקט זיך אין הילף און שטיצע. איר דאַרפט עס נעמען חבריש. וואָס מיר וועלן אייך געבן וועט איר אונדז אומקערן, ווען אַלץ וועט זיך נאָרמאַל איינשטעלן און איר וועט צוריקקומען צו אייערע מקומות.

דער צווייטער האָט אַרויסגענומען 25 רובל און זיי אַוועקגעלייגט אויפן טיש. זיי האָבן געהאַט בדעה זיך נעמען באַשיידן אַרויסשאַרן.

די ברידער ג. האָבן זיי האַרציק באַדאַנקט און פאַרזיכערט, אַז זיי נייטיקן זיך ניט אין קיין הילף; זיי געפינען זיך ניט אין קיין מאַטעריעלער נויט. זיי האָבן צוריקגעגעבן די יונגע לייט דאָס געלט און אַ טראַכט געטאָן: נישקשה פון „גזלנים" דאָ אין שטעטל; גזלנים, וואָס לייגן פאָר שטיצע צו מענטשן, וואָס זיי וויסן אַפילו ניט זייערע נעמען.

— זאָגט אונדז, ווער האָט אייך געגעבן אונדזער אַדרעס?

— אין אַ קליין שטעטל אויסצוגעפינען אַן אַדרעס איז די לייכטסטע זאַך. אַלע קענען זיך דאָ איינע די אַנדערע. אַז עס ווייזט זיך אַ ניי פּנים, קוקט מען אים נאָך און מע זעט פונוואַנען ער גייט און וווהין ער גייט. מיר זענען אייך נאָכ־געגאַנגען.

— אין קיין מאַטעריעלער שטיצע נייטיקן מיר זיך ניט, אָבער באַקאַנטשאַפט וואָלט זיך וועלן מאַכן. עס איז ניט אָנגענעם צו זיין אַ פרעמדער צווישן פרעמדע. מאַלע, וואָס עס פּאַסירט.

— אין שטעטל איז פאַראַן אַ דאָקטער אַ ייִד, אַ ייִדישער אַפּטייקער אויך אַ פּאָר לערער. מיר האָבן דאָ אַ פּאָליאַקאָוו־שול. דער פּרינציפּאַל איז מיט הויכער בילדונג. מע האָט אים אַהער געשיקט פון פּעטערבורג.

— אַ דאַנק פאַר דער אינפאָרמאַציע. וועלכער איז זיין אַדרעס?

זיי האָבן אָנגעשריבן דעם אַדרעס. זיי האָבן נאָכאַמאָל, אָנקוקנדיק די ברידער און זייער אָרימע קליידונג, איבערגעפרעגט, צי זיי וואָלטן ניט זיין וויליק צו נעמען די קליינע סומע, ווי אַ הלוואה אויף אַ קורצן טערמין.

## 229

# פ ל י י

אַ פּאָר טעג שפּעטער זענען די ברידער ג. אַריין צום פּאַרוואַלטער פון דער פּאָליאַקאָוו־האַנטווערק־שול. זיי האָבן זיך באַקאַנט און באַפריינדט. פאַרשטייט זיך, אַז זיי האָבן אים געגעבן זייערע רוסישע פּעדאַגאָגישע ביכלעך.

פון לערער פּרינציפּאַל האָט געשמעקט אַביסל מיט „קאַזיאָנשטשינע", מיט ביוראָקראַטיזם, און קיין פּעדאַגאָג־רעפאָרמאַטאָר איז ער ניט געווען, יעדנפאַלס ניט קיין ראַדיקאַל, קיין אָנהענגער פון קינדערפרייהייט. אָבער דער סאָלידער ריי־נער רוסיש פון זייערע שאַפונגען און זייער באַקאַנטשאַפט מיט די פּעדאַגאָגישע קרייזן אין פּעטערבורג האָבן אים שטאַרק אימפּאָנירט און ער האָט געוואָלט מיט עפּעס זיי דינען.

אַזוי ווי זייער צימער האָט ניט נושׂא־חן געווען אין זייערע אויגן, עפּעס געהיימנישפולס הויערט איבערן גאַנצן הויז און מאַכט זיי זיך פילן אומהיימלעך, האָבן זיי אים געפרעגט, צי ווייס ער ניט, וווּ זיי וואָלטן געקענט קריגן אַ צייט־ווייליקע וווינונג. וואָרעם די מלחמה וועט זיך דאָך מסתמא אינגיכן ענדיקן און זיי וועלן זיך אומקערן קיין ווילנע. און אויב זי וועט זיך ניט ענדיקן אַזוי גיך, ווי זיי דערוואַרטן, וועלן זיי דאָ סיי ווי ניט בלייבן, זיי וועלן פאָרן ווייטער און טיפער, ווייטער פון פראָנט און טיפער אין רוסלאַנד. אַזוי צי אַזוי דאַרפן זיי אַ דירה אויף אַ קורצער צייט.

ער האָט געטראַכט און זיך באַראַטן מיט זיין פרוי. ער האָט ניט געוווּסט, וווּ ער וואָלט געקענט קריגן פאַר זיי אַ דירה איבערצושטיין די קורצע מלחמה־צייט. לויט זייער קליידונג־נאָך האָט ער משער געווען, אַז זיי ווילן אַ בחנמדיקע וווינונג. פּלוצלינג האָט אַן אינטויִציע באַלויכטן זיין געזיכט.

— אפשר וואָלט גאָר געווען אַ פּלאַן, זיי זאָלן איינשטיין אין דער שולע! זי איז איצט ליידיק; ביזן אָנפאַנג פון לערנסעזאָן איז נאָך דאָ גענוג צייט. זיי רע־כענען דאָך לאַנג ניט צו פאַרווײַלן דאָ אין שטעטל. די געביידע איז אַ טרוקענע, אַ ליכטיקע, האָט אַ סך פענצטער צו מזרח און דרום, מיט זונשיין אַ גאַנצן טאָג. זי איז רחבותדיק. זיי האָבן דאָרט אַ קיך מיט געפעס און געשיר. עס איז פאַראַן אויך אַ דאָרמיטאָריע. עס זענען פאַראַן אַ סך בעטן מיט בעטגעוואַנט; אויך אַ גרויסן טיש צום שרייבן וועלן זיי געפינען אין לערערס צימער. בכלל עס איז אַ דירה מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן. עס וועט זיי גאָרניט קאָסטן. און אַזוי ווי זיי ווילן דאָך זיצן און שרייבן — איז עס אַן אידעאַלער פּלאַץ פאַר זיי. דאָרט וועט זיי קיינער ניט שטערן. די געביידע שטייט אַן אָפגעזונדערטע אין מיטן אַ גרויסן אַרומגעצוימטן הויף. זי איז סיטויִרט אויף אַ בערגל אויפן ברעג פון טייך, זי שפּיגלט זיך טאַקע אין זיינע וואַסערן.

די ברידער ג. האָבן זיך ממש דערפריייט. איבערהויפּט איז זיי געפעלן געוואָרן די אַליינזאַמקייט. ניטאָ קיין נאָענטע שכנים, ניטאָ קיין טומל פון גאַס. עס וועלן ניט זיין קיין שטערערס.

געזאָגט און געטאָן. ער האָט זיי געגעבן דעם שליסל. אין פאַל דער פּלאַץ וועט זיי ניט געפעלן, זאָלן זיי אַזוי גוט זיין און ברענגען דעם שליסל צוריק און ער וועט מאַכן אַן אָנפראַגע ביי זיינע באַקאַנטע, אפשר וועלן זיי וויסן, וווּ מ׳קען קריגן אַ פּאַסיקע וווינונג פאַר זיי.

די ברידער ג. האָבן זיך אַריינגעצויגן. אַ גאַנץ הויז פאַר זיך אַליין! עס איז בעסער ווי זיי האָבן זיך פאָרגעשטעלט. אַ גאַנצן טאָג קוקט די זון אַריין אין די פענצטערס, גיסט גאָלד מיט אַן אָפענער האַנט. בלויז אַ זון קען זיך פאַרגינען צו זיין אַזאַ בעלת־צדקה. די שולע איז אַ גאַנצע „מלכות“. די לאָקאַליטעט אַ וווּנדער־באַרע, כמעט אויסער דער שטאָט. אַרום גרינס און גראָז און „דאָס טייכל, וואָס קאַטשעט זיך אויפן בייכל“, — בעסער קען גאָרניט זיין.

ביי דער נאַכט האָבן זיי אויסגעפונען, אַז דאָס בעטגעוואַנט איז פול מיט פליי, וואָס האָבן זיי גאַנץ געשמאַק געביסן. און זיי האָבן זיך געהאַט וואָס צו קראַצן. אָבער מיט אַלע מעלות קען דאָך ניט זיין. זיי וועלן אויסלופטערן די קאָלדרעס און קישעלעך אויף דער זון, האַלטן אַלע פענצטערס טאָג און נאַכט אָפן, וועלן די פליי אַוועק, אָדער זיי וועלן זיך צוגעוווינען צו אָט־דער איינציקער צרה.

אַ הויז פאַר זיך, אַ הויף פאַר זיך און אַ משופּעדיקער, מיט גרינעם פּליוש באַדעקטן, ברעג פון טייך פאַר זיך — און קיין דירה געלט דאַרף מען ניט צאָלן! איז שוין איינמאָל חי געלעבט!

## 230

## פון פליי צו פּאָליציי

זיי האָבן זיך פאַרנומען מיט זייער צווייטער גראַנדיעז־פאַרטראַכטער אַרבעט. אָבער דאָס שרייבן איז פון אָרט ניט געגאַנגען. וועגן אַ געוויסן פּונקט האָבן זיי זיך ניט געקענט איינִיקן. זיי האָבן עטלעכע שעה זיך געאַמפּערט און ניט געקענט קומען צו אַ הסכם אָדער אַן אויסגלייך. זענען זיי אַוועק שפּאַצירן מיטן ברעג פון טייך און אויפן שפּאַציר דורכדיסקוטירן די שטרייטפראַגע. יעדער איז באַשטאַנען אויף דאָס זייניקע. [דאָס איז טאַקע געווען דער אָנפאַנג פון דער שפּאַלטונג אין זייער שרייבערישן פראָנט]. זיי זענען אַרומגעגאַנגען אויפן ברעג טייך אַראָפּ און אַרויף, אַהין און צוריק. פּלוצלונג האָבן זיי אַ פּריסטאַוו און צוויי פּאָליציאַנטן אָפּגעשטעלט. דער פּריסטאַוו האָט געשריִען אויף זיי, צו זיי גערעדט בלשון „דו“. ער האָט זיי געוואָרפן די באַשולדיקונג אין פּנים אַריין, אַז זיי זענען דייטשע אויס־קוקערס פון לאַנד, אַניט וואָס שלעפּן זיי זיך דאָ אַרום אויפן ברעג טייך! דאָ איז ניט קיין פּלאַץ אַרומצושפּאַצירן!

דער פּריסטאַוו האָט געשריִען אויף זיי. האָבן די ברידער ג. נאָך העכער

געשריִען אויף אים. ער דוצט זיי, דוצן זיי אים. דער פּריסטאַוו באַוווּנדערט זייער עזות. אויף וואָס דופּען זיי? זיי זענען ביי זיך אַזוי תּקיף, האָבן גאָר קיין מורא ניט, און זייער רוסיש ריידן איז אָן אַ פּגם, אַ היימישער לשון. דייטשישוקעס קענען אַזוי ניט ריידן קיין רוסיש. ער האָט זיי דאָך געבראַכט אין „אוטשאַסטאָק", אין פּאָליציי־סטאַנציע.

ווער זענען זיי? — זיי ענטפערן אָן קווענקלעניש.

פונוואַנען קומען זיי? — זיי גיבן אָן ענטפער.

ער גלייבט זיי ניט. ער האָט זיי שוין עטלעכע טעג נאָכגעשפּירט, ווי זיי גייען אַלץ אַרום אויפן ברעג טייך און באַקוקן דעם טייך און די ברעגעס. צוליב וואָס האָבן זיי עס געטאָן? וואָס האָבן זיי דאָ אויסגעפאָרשט?

ווו געפינען זיי זיך? — אין פּאָליאַקאָווס שול.

דער פּריסטאַוו צוקט מיט די אַקסלען.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ פּלאַץ צו וווינען דאָרט?

זיי ענטפערן, אַז דער אויפזעער האָט זיי געגעבן דעם פּלאַץ.

— ווער קען אייך דאָ אין שטאָט?

— דער אויפזעער.

דער פּריסטאַוו האָט זיי אַרעסטירט, פאַרשלאָסן אין פּאָליציי־„קאָזע", אין אַ פאַרשפּאַר־קאַמערע. אויף מאָרגן האָט ער געשיקט רופן דעם פּרינציפּאַל פון דער שול און אים אויסגעפרעגט וועגן די צוויי פאַרדעכטיקע פאַרשוינען.

דער פּרינציפּאַל האָט פאַרזיכערט דעם פּריסטאַוו, אַז ער און נאָך חשובע באַלעבאַטים פון שטאָט קענען זיי. הכלל, מע האָט זיי קוים מיט צרות באַפרייט אויף דעם פּרינציפּאַלס אַחריות.

נאָך דעם אומאָנגענעמען פאַל האָבן זיי באַשלאָסן בעסער פונדאַנען אָפּצוציִען. אָבער כדי זייער באַלדיק אָפּפאָרן זאָל ניט פאַרשטאַרקן דעם חשד פון דער פּאָליציי און זאָל ניט אויסזען, אַז זיי האָבן זיך דערשראָקן און פילן זיך שולדיק און ראַ־טעווען זיך מיט מאַכן פּליטה, האָבן זיי פאַרבראַכט אין אָרשע נאָך אַ צוויי וואָכן און טאַקע אין דער שול, אָבער ווייטער פון אייגענעם הויף האָבן זיי ניט געוואַגט אַרומצוגיין שפּאַצירן. איינמאָל אין צוויי טעג פּלעגן זיי גיין אין מאַרק איינקויפן און גלייך קומען מיט דעם פּראָוויאַנט צוריק.

זיי האָבן פיל דיסקוטירט, אַרומגערעדט זייערע פּלענער פאַר דער נאָענטער צוקונפט, געשמועסט אויך וועגן דער מלחמה, וואָס ווערט זיך, ווי עס ווייזט אויס, פאַרציִען אויף חדשים און אפשר אָנהאַלטן ביזן קומענדיקן פרילינג. אויב אַזוי דאַרף אַ. קריגן אַ ווייסן בילעט אויף אַ צוגעטראַכטן נאָמען. איז ווער קען עס באַזאָרגן אויף אַ ראַיעלן אופן און ניט צופיל באַרייסן? דער סאָלער סטאַראָסטע, זייער אַלטער באַקאַנטער, וואָס איז געווען אי אַ שיכור און אי אַ „מוקיר־רבנן". אָבער דאָס האָט נאָך צייט. ניטאָ זיך מיט דעם וואָס צו איילן. די מלחמה קען זיך נאָך אָפּשטעלן, איידער עס וועט קומען צו אַן אַלגעמיינער מאָביליזאַציע.

231

# מ אָ ה י ל י אָ וו

די ברידער ג. זענען אָפּגעפאָרן און אָנגעקומען אין מאָהיליאָוו אויפֿן דניעפּער. פֿאַרפֿאָרן אין אַ ביליקער אָפּגעלאָזענער אַכסניא. מע דאַרף גיין איינקויפֿן מלבושים. מע קען אינדערפֿרעמד ניט אַרומגיין אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן. אַלע אָנשיקענישן קענען זיך צוטשעפּען צו זיי. איז אַוועק קודם וו. און האָט זיך איינגעהאַנדלט אַ גאַנצן „גאַרדעראָב”: אַן אָנצוג, אַ הוט, אַ פּאָר שיך, זאָקן, העמדער, אויבער־העמדלעך און שניפּסן.

אַז ער איז געקומען מיט די איינקויפֿעכצן און האָט זיך איבערגעטאָן, האָט אים דער אייגענער ברודער ניט דערקענט. אַ נייער מענטש, אַן אויסגעפּוצטער.

אַצינד איז אַ. אַוועק און זיך באַקליידט, באַשוכט, זיך „באַנייט” פֿון קאָפּ ביז די פֿיס.

אָנגעטאָן די נייע זאַכן און גלייך זיך אַרויסגעצויגן. זיי האָבן מורא געהאַט צו בלייבן אויף דער אייגענער אכסניא, דעם באַלעבאָס זאָל דער דראַסטישער בייט אין זייַנע געסט ניט אויסזען פֿאַרדעכטיק, אים זאָל גאָר איינפֿאַלן צו מעלדן אין דער פּאָליציי און זיי וועלן ווידער אַריינקריכן אין אַ צרה. האָבן זיי אין דער טונקלקייט פֿון קאָרידאָר דורך אַ הינטערטיר זיך אַרויסגעגנבעט, אַוועק און גענומען אַ צימער אין אַ נישקשהדיקן האָטעל.

זיי האָבן נאָך אַלץ געהאָפֿט, אַז די מלחמה וועט זיך אינגיכן ענדיקן. זיי זענען געווען הונדערטפּראָצענטיקע דעפֿיטיסטן. רוסלאַנד מוז אומבאַדינגט כאַפּן אַ מפּלה. דעמאָלט ערשט וועט מען פּטור ווערן פֿון צאַר ניקאָלאַי, ימח שמו.

זיי האָבן גענומען דעם קריג ווי אַ פּראַסק אין פּנים דעם גאַנצן ראַדיקאַלן געזינדל. אַזוי פֿיל פּאַציפֿיסטן, אַזוי פֿיל סאָציאַליסטן, אַנאַרכיסטן און אַפֿילו ניט וויניק טאָלסטאָיאַנערס, און די רעאַקציאָנערן איגנאָרירן זיי, האָבן די חוצפּה צו וואַרפֿן זיי אַזאַ פֿרעכע אויפֿפֿאָדערונג! די פֿאַרריסענע ביי זיך רעאַקציאָנערן מוזן דאָס מאָל כאַפּן אַ מיאוסן פּסק! זיי וועלן קריגן אַ לעקציע, וועלן זיי פֿאַרזאָגן אַ צענטן זיך ניט צו רעכענען מיט דער פֿיליאָריקער פּראָפּאַגאַנדע פֿון ראַדיקאַל־רעוואָלוציאָנערן געדאַנק. זיי זענען פֿאַרמשפּטע!

ווען זיי האָבן געזען דעם אויפֿברויז פֿון פּאַטריאָטיזם, די דעמאָנסטראַציעס אין די גאַסן, דעם פֿאַרראַט פֿון אַ היפּשער צאָל גדולים, קראָפּאָטקין אַריינגערעכנט, זענען זיי נאָך אַלץ ביי זיך ניט אַראָפּגעפֿאַלן: די שיכּרות וועט לאַנג ניט אָנהאַלטן. די מאַסן וועלן זיך אויסטשוכען, זיך אויסניכטערן, און דעמאָלט — ציטערט איר טיראַנען! ציטערט מלחמה־פֿירערס, וועלט־אונטערצינדערס! עס קומט אייער סוף! דערווייל געדולד. זאָלן נאָר די רוסישע אַרמייען כאַפּן די ריכטיקע מפּלה, קריגן די גוטע קלעפּ! — — —

זיי האָבן זיך גענומען נאָכפֿרעגן אויף די לערערס אין שטאָט. זיי האָבן אויך געמאַכט באַקאַנטשאַפֿט מיט די ייִדישע קולטורטוערס. געווען אַ פּאָר פֿריינט פֿון ייִדישן וואָרט. איינער פֿון זיי איז געווען ד״ר קאַן, אַ רייכער מאַן, אַ מעדיקער און

אַ משכּיל. פֿאַרמאָגט הייזער. אין איינעם פֿון זיי וווינט דער גובערנאַטאָר. דאָס איז געווען אַ מעלה, ווען ס׳קומט צו שתּדלנות. געווען אין שטאָט אַ באַוווּסטער אַדוואָקאַט, „פּריסיאַזשני פּאָווירערני״ מיטן נאָמען גיסין. אַ שיינער מאַן, אַ ייִדי־שער מענטש. אַן איבערגעגעבענער ציוניסט.

קיין ממשות איז פֿון די דאָזיקע הויכגעשטעלטע, „הויכפּענצטערדיקע״ באַ־קאַנטשאַפֿטן נישט אַרויסגעקומען. גיסין האָט שוין געהאַט אַ לערער פֿאַר זיין בן־יחיד. די טעכטער זענען שוין געווען דערוואַקסענע, און טאַקע שיינהייטן.

דאַרף מען זוכן אַנדערע, „נידעריקערע״ באַקאַנטשאַפֿטן פֿאַר תּכלית, פֿאַר פּרנסה. איז געווען אַ ייִד, אַ מין טוביה מילכיקער. ער איז אָבער נישט אַרומגעפֿאָרן, ווי „טוביה״, און פֿאַנאַנדערגעפֿירט מילך־פּראָדוקטן צו זיינע קונדן; ער האָט גע־האַט אַ מילכקראָם אויף איינער פֿון די הויפּטגאַסן. ער האָט גוט געלייזט. די קראָם איז געווען פֿול געפּאַקט מיט קונים, ריכטיקער, מיט קונות, פֿרויען. ביי אים האָבן די ברידער ג. געקראָגן די ערשטע לעקציע.

געקראָגן צוויי לעקציעס ביי מלחמה־פּליטים, וואָס זענען געקומען קיין מאָ־היליאָוו, פּונקט ווי זיי, זיך געפֿונען דאָ ציטווייליק, ביז די מלחמה וועט זיך ענדיקן. אָבער די קינדער דאַרף מען דאָך לערנען. איינע פֿון זיי ביי די ראַזאָווסקיס. די תּלמידה איז געווען אַ געראָטן מיידעלע, אַ שיינע און אַ קלוגע. איר מומע איז געווען די באַרימטע אסתּר פֿון „בונד״. אָט־די מומע האָט אויסגעזעצט קעגן העב־רעיִש לערנען, אָבער דער שוואָגער האָט זיך מיט איר מיינונג נישט גערעכנט.

געקראָגן אויך אַ לעקציע ביי אַ פֿאַמיליע פֿון ייִדישע אינטעליגענטן. זיי זענען אָבער נישט געווען פֿאַרמעגלעך, אַזוי אַז זיי האָבן נישט געקענט באַצאָלן דעם פֿולן פּרייז. דערצו האָבן זיי געוווינט אויף יענער זייט טייך. אַ. איז געגאַנגען געבן די לעקציע צו זיין תּלמיד, אַ ייִנגעלע, דריי מאָל אַ וואָך אין די גרעסטע פֿרעסט און זאַווערוכעס, ווען דער שטורעם־ווינט האָט אים שיער נישט אַוועקגעטראָגן און די קעלט האָט שיער נישט פֿאַרפֿראָרן דאָס בלוט אין די אָדערן.

## 232

## צו פֿילאָזאָפֿיע

די ברידער ג. האָבן זיך ווי־נישט־ווי איינגעאָרדנט. ביי טאָג געגעבן לעקציעס. אין די אָוונטן האָט אַ. געבענקט נאָך רחלען. האָט ער אָנגעשריבן אַ פּאָעמע, אַ היפּשע צאָל סטראָפֿן, אונטערן נאָמען „בוים און טייך״. די פֿאַבולע: דער בוים, וואַקסנדיק אויפֿן ברעג פֿון טייך, האָט זיך געשפּיגלט אין די וואַסערן און, צום סוף, זיך פֿאַרליבט אין טייך. ער האָט זיך איינמאָל איינגעבויגן און אַ קוש געטאָן דעם טייך און זיך דערנאָך שוין נישט געקענט אויסגלייכן. דער טייך איז געווען אַ רויִקער, אַ סטאַטעטשנער. אָבער אַ פּאָר פֿאַרליבטע זענען אַוועק זיך באָדן אין אים און האָבן מיט אַ כּיוון זיך דערטרונקען. זיי האָבן דערגרייכט אין ליבע און גליקזעליקייט דעם קולמינאַציע־פּונקט. זיי זענען אין די מינוטן פֿון העכסטן עקס־טאַז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. צו וואָס לעבן ווייטער? צו וואָס איבערלעבן אַן

אַנטוישונג? העכער וועלן זיי נים שטייגן און גיין אַראָפּ האָבן זיי ניט געוואָלט. איז זאָל דער מאָמענט פון זייער איבערמענטשלעכן גליק און דערפילונג בלייבן פאַרזיגלט אין אייביקייט.

נאָך דעם פאַל האָט דער טייך געקראָגן אַ מענטשלעך האַרץ פ:ל מיטליידנ־שאַפט. עס איז געקומען דער פרילינג, ער האָט זיך אָנגענומען מיט פרישע וואַסערן. ער האָט געברויזט, געזידט און געקאָכט, זיך געשליידערט מיט כוואַליעס, מיט שקוואַלן. צום סוף האָט ער אַ נעם געטאָן דעם בוים, אים אויסגעריסן מיט די וואָרצלען און אַוועקגעטראָגן אויפן רוקן.

דער בוים האָט פאַרגעשטעלט אַ.׳ן און דער טייך — רחלען. די פּאָעמע איז געווען אַן אלעגאריע. אַ. האָט זיך איינגעבויגן און קען זיך ניט אויסגלייכן.

וו. האָט אויך געשריבן לידער. זיי זענען געווען צערודערט פון דער מלחמה, פון זייער נע־ונד־זיין. זיי האָבן זיך ניט געקענט קאָנצענטרירן אויף זייערע פילאָזאָפישע ווערק. זיי האָבן אומגעדולדיק געוואַרט, אַז די מלחמה זאָל זיך ענדיקן און זיי וועלן קומען צוריק קיין ווילנע און פאָרזעצן זייער שרייבן צוזאַמען, ענדיקן זייערע אין פּראָספּעקט צוגעזאָגטע ווערק.

אַזוי זענען פאַרלאָפן די ווינטערדיקע חדשים.

אַלס פּריוואַטע לערערס האָבן זיי זייער דידאַקטישע מעטאָדן ניט געקענט אָנווענדן. עס האָבן געפעלט אי די מכשירים און אי די סביבה. כדי אָנצווווענדן זייערע אויפטואונגען האָט מען געמוזט האָבן אַן „אַנסאַמבל״ פון תלמידים. מיט אַ יחיד־תלמיד האָט מען זייער דראַמאַטישן מעטאָד ניט געקענט געברויכן. האָבן זיי גענוצט דערציילונגען, איבונגען און קאָנווערסאַציע. זענען זיי געווען אַזוי גוט און אַזוי שלעכט ווי אַלע אַנדערע לערערס, וואָס האָבן געלערנט עברית בעברית און געקענט גוט העברעיִש. זיי זענען אַרויס מיט די אַלטפרענקישע פּייל־און־בויגנס. זייער מאָדערנע געווער און אַמוניציע איז אונטער די אומשטענדן געווען אומאָנווענדבאַר. דאָס האָט זיי געערגערט. אָבער קיין חרטה אויף זייער שליסן „עבריה״ האָבן זיי ניט געהאַט. ווייל די סמאַרגאָנער ייִדישע באַפעלקערונג האָט געמוזט אין משך פון פירונצוואַנציק שעה אויסליידיקן די שטאָט, אַזוי האָט באַפוילן דער קאָזאַקן־קאָמאַנדיר פון פראָנט. איין ייִד, וואָס האָט זיך איינגעעקשנט און האָט זיך אַנטזאָגט צו עוואַקויִרן, האָבן די קאָזאַקן דערשאָסן אין קעלער פון זיין אייגענעם הויז, וווּ ער האָט זיך אויסבאַהאַלטן. אַזוי אַז אין זייער פאַרלאָזן סמאַרגאָן און שליסן די שולע האָט געווירקט אַ פאָרויסגעשפּיר. זייער מזל, הפּנים, האָט שוין געוווּסט, וואָס עס וועט בקרוב פּאַסירן. זיי האָבן פאַרלאָפן דעם וועג זייער אייגענער מערכה· און זיך אָפּגעטראָגן באַצייטנס.

די מלחמה איז געהאָנגען איבער זייערע קעפּ ווי אַ קאָשמאַר. זיי זענען אָבער זיכער געווען, אַז אַ רעוואָלוציע וועט גאָר אינגיכן מוזן אויסברעכן.

געקומען דער פרילינג. געצוג לעקציעס, אַז זיי זאָלן האַלטן ביידן פול־פאַרנומען, האָבן זיי ניט געהאַט. אַציגד זענען זיי געווען פאַרטאָן אין אָנשרייבן אַ פילאָזאָפיש ווערק אונטערן נאָמען „דאָס שפּיל פון אינטעלעקט״. זיי האָבן עס שוין אָנגעפאַנגען.

זיי האָבן ניט געהאַלטן, אַז עס איז כדאַי עס אָנצושרייבן אין רוסיש אָדער אין ייִדיש. די ייִדן האָבן זיך קיינמאָל ניט אויסגעצייכנט אויפן געביט פון פילאָ־

זאָפֿיע און די רוסן האָבן אויך ניט קיין באַרימטע פֿילאָזאָפֿן. מיט וואָס די ייִדן האָבן זיך אויסגעצייכנט, איז עטיק; מיט וואָס די רוסן האָבן זיך אויסגעצייכנט, אין בעלעטריסטיק. זייערע נאָוועלן און ראָמאַנען זענען די בעסטע אין אייראָפּע. אָבער אויף פֿילאָזאָפֿישער „עברי״ זענען זיי שטומפּיק. ווייטער: אין ייִדיש האָבן זיי דאָך אויף זייערע הענט זייער ווערק „די נייע פּעדאַגאָגיק״, און דאָס אַליין אַרויסגעבן, אונטער די אומשטענדן, קענען זיי ניט באַוויזן. זייער געלט האַלט אין אויסרינען און עס וועט אינגיכן קומען צו די לעצטע טראָפּנס.

לכן וועלן זיי אָנשרייבן דאָס ווערק אויף דער שפּראַך פֿון פֿאָלק, וואָס האָט געגעבן דער וועלט אַזוי פֿיל גרויסע פֿילאָזאָפֿן, דאָס הייסט, אין דייטש. די רוסישע דענקערס וועלן דאָך עס סיי־ווי קענען לייענען און פֿאַרשטיין. אין דייטש איז וו. געווען מער געאיבט, ער האָט פֿאַרבראַכט אַ היפּשע צייט אין בערלין. על כן, הגם די געדאַנקען אַרבעטן זיי בײדע אויס, אָבער אַרויסברענגען זיי אויפֿן פּאַפּיר וועט וו.׳ן אָנקומען לייכטער. צום אָנפֿאַנג, אין די ערשטע קורצגעפּאַסטע קאַפּיטלעך, האָט אַ. גענומען אַ דירעקטן אָנטייל אין שרײַבן. דערנאָך האָבן זיי זיך מישב געווען, אַז אַזוי ווי קיין לעקציעס פֿאַר ביידן אויף אַ גאַנצן טאָג קלעקן ניט, קומט אויס, אַז בײדע פּטרן צייט אומזיסט אויף גיין און קומען, זאָל די לעקציעס געבן איינער. אַ. האָט אויף זיך גענומען דעם עול פֿון די לעקציעס, אַזוי אַז וו. זאָל זײַן פֿרײַ צו זיצן אַ גאַנצן טאָג און שרײַבן. אין אָוונט וועט אַ. קומען איבערלייענען דאָס אָנגעשריבענע, פֿאָרלייגן זײַנע קאָרעקציעס, וועלכע זיי וועלן בײדע דורכדיסקוטירן.

לכתחילה האָט אויסגעזען, אַז דער איינשטעל וועט געבן גוטע רעזולטאַטן. אָבער שפּעטער־צו האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער פּלאַן טויג ניט. מיט וו.׳ן איז שווער צו דיסקוטירן. ער איז אײַנגעשפּאַרט. יעדע געמאַכטע קאָרעקציע אָדער אויסזעצונג פֿאַרשרייט ער. ער מיינט, אַז הויכע טאַנאַליטעטן זענען אין אַזעלכע פֿאַלן דעצידירנדיק. אַ. האָט זיך געפֿילט אַביסל געטראָפֿן פֿון דעם, וואָס דאָס ווערק האַלט ביים פֿאַרטיק ווערן און ער איז אין אים ניט פֿאַרטראָטן אויף אַ פֿולער העלפֿט, הגם די הויפּט־פּרינציפּן זענען פֿעסט באַאַרבעט געוואָרן פֿון בײדן.

## 233

## שפּיל פֿון שׂכל

אַז דאָס ווערק איז געקומען צום שלוס אין ערשטן אָנוווּרף, האָט וו. אויפֿגעהויבן די פֿראַגע, צי עס וואָלט ניט געווען ראַטזאַם, ער זאָל צופֿאָרן קיין פּעטערבורג, וואָס האָט שוין געקראָגן אַ שינוי־השם און געהייסן פּאַטריאָטיש פּעטראָגראַד, און ווייזן דאָס ווערק די רוסישע פּראָפֿעסאָרן פֿון פֿילאָזאָפֿיע און אויך זיך דורכשמועסן מיט די באַרימטע רוסישע שריפֿטשטעלער און דענקערס.

דער הויפּטגעדאַנק פֿון ווערק איז, אַז די וויסנשאַפֿט, אויסשליסנדיק טעכנאָלאָגיע, און די פֿילאָזאָפֿיע זענען אַ וואַריאיטעט פֿון קונסט, וואָס צעצווייגט זיך אויף פֿינף מינים: 1. די קונסט פֿון דעם דערהויבענעם איז רעליגיע; 2. די

קונסט פון דעם שיינעם איז עסטעטיק, שיינע ליטעראַטור, פּאָעזיע, מאָלעריי, סקולפּטור, מוזיק; 3. די קונסט פון דעם נוצלעכן איז טעכניק, אַלע אומנותן אַריינגערעכנט; 4. די קונסט פון דעם גוטן איז עטיק; 5. די קונסט פון דעם קלוגן איז פילאָזאָפיע און די אַבסטראַקטע וויסנשאַפטן.

אַ. וואָלט מעגלעך אויסגעזעצט קעגן וו.׳ס פּאָרן איצט קיין פּעטראָגראַד. ערשטנס איז די צייט ניט אַזאַ, אַז מענטשן זאָלן זיך פּאַראינטערעסירן מיט אַ נייער שיטה אין פילאָזאָפיע. אָבער אַ. איז געווען זיכער, אַז די רעוואָלוציע וועט איינגיכן אויסברעכן, דאַרף מען זיך רוקן נענטער צו די צענטערס פון געזעלשאַפטלעכן לעבן. אויב בײדע קענען אויף אַמאָל ניט פּאָרן, זיי האָבן ניט גענוג געלט, זאָל כאָטש איינער פּאָרן און צוגרייטן דעם באָדן פּאַרן צווייטן, וואָס וועט קומען שפּעטער.

ער האָט אים אַוועקגעגעבן כמעט דאָס גאַנצע געלט, וואָס זיי האָבן נאָך געהאָט, און זאָל ער פּאָרן זוכן אינטעלעקטועל גליק און דערפאָלג. ער, אַ., וועט זיכער בענקען נאָך וו.׳ן; ער וועט פילן נאָך וו.׳ס אָפּפּאָרן, ווי מ׳וואָלט אָפּגעהאַקט פון אים שיער ניט אַ העלפט, אַזוי צוזאַמענגעוואָקסן זענען זיי געוואָרן; עס איז ביי זיי געווען אַ מין פּלאַטאָנישער האָמאָסעקסואַליזם; זיי זענען געווען אויסגעבונדן אינטעלעקטועל־עמאָציאָנעל. אַ. איז ממש געווען באַהעפט אָן וו. ער האָט ניט געקענט עקזיסטירן אָן אים.

ער איז געפאָרן באַגלייטן וו.׳ן צו דער באַן, וואָס האָט אים צוגענומען פון אים און אים אַוועקגעפירט אַזוי ווייט. ווער ווייס, ווען ער וועט אים זען.

אין דעם דערפאָלג פון וו.׳ס איצטיקער פילאָזאָפישער שליחות האָט ער ניט געגלייבט. ווען וועלן זיי ווידער זיין צוזאַמען? און אַז זיי וועלן זיך צונויפקומען, צי וועלן זיי קענען מיטאַרבעטן, קאָאָפּערירן אַזוי ווי זיי האָבן מיטגעאַרבעט, ווען זיי האָבן אָנגעשריבן „די נייע פּעדאַגאָגיק״? אומעטיקע געדאַנקען, אַ שווערע שטימונג, האָבן באַהערשט אַ.׳ן.

פּאָרנדיק צוריק האָט ער געשפּירט, ווי אַ גאַנצער באַרג שטיינער וואָלט אים געלעגן אויפן האַרצן. ווען ער שעמט זיך ניט פאַר זיך אַליין, וואָלט ער זיך פאַנאַנדערגעוויינט. אָבער ווי פּאַסט עס פאַר אים, דעם „העלד״, וואָס האָט ניט געלאָזן פאַלן איין טרער, ווען זיין מוטער איז געשטאָרבן. די טרערן האָבן זיך בפּועל ממש געריסן פון די אויגן, געקרעלט אין האַלדז. ער האָט זיך אָבער באַהערשט. ער האָט געוויינט אינעווייניק, באַווינט אָן טרערן די שווערע צייט, די ציוויליזאַציע, וואָס ליגט אַ צעביילטע און אַ צעקיילטע; אַלע מאָראַלישע, ראַדיקאַל־פּאָליטישע און עסטעטישע ווערטן ליגן פאַרשעמט; מע קוקט זיך אויף זיי ניט אום, ווי זיי וואָלטן געווען שערבלעך פון אַ צעבראָכענעם ליימענעם טאָפּ, וואָס וואַלגערן זיך אויפן שמיעטניק.

זייערע אונטערנעמונגען האָבן אויך געליטן אַ פיאַסקאָ. ליאַכאָוווער האָט באַנקראָטירט. די 300 רובל זענען פאַרלאָרן געגאַנגען. דער רוסישער פאַרלאַג האָט, מחמת דעם אויסברוך פון דער מלחמה געבראָכן דעם קאָנטראַקט, באַטראַכטנדיק דעם קריג ווי אַ פאָרס מאַיאָר. אין אַזאַ צייט גיין פּראָקלאַמירן אַ נייע אויפפאַסונג פון פילאָזאָפיע איז עכטער דאָן־קיכאָטיזם, האָט אַ. געטראַכט.

אין דעם מאָמענט, ווען ער איז געפאָרן צוריק, איז ער געווען ניט קיין מענטש, ניט קיין דענקער, נייערט אַ כמאַרע, וואָס איז אָנגעטרונקען מיט חושך און בליי.

## 234

## אַליין אין מאָהיליאָוו

פון פאָטער, וואָס איז איצט אין לאָמזשע, קריגט אַ. ג. אָפטע פּאָסטקאַרטלעך. ער ווערט ניט מיד רופן אים תשובה צו טאָן. וואָרעם מע זעט דאָך באַשיינפּערלעך, ווו־הין גאָטלאָזע מענטשן קענען פאַרשלעפּן. אַזאַ חורבן אָנגעמאַכט. זיין פאָטער האָט גערעכנט, אַז אַ מענטשנס שעת־צרה איז גאָטס שעת הכושר. ער האָט אויך ניט פאַרפעלט צוצוגעבן, אַז ער איז עוסק אין הצלת נפשות, ממש.

אַ. ג. האָט גוט פאַרשטאַנען ווי אָנגעלאָדן מיט מיין ס'זענען אָט־די פּאָר ווערטער. דער רוצח, ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש, דעם צאַרס פעטער און פעלד־מאַרשאַל פון אַלע רוסישע אַרמייען, האָט באַפעלן הענגען יעדן פּוילישן ייִדן, וואָס מע האָט פאַרדעכטיקט אין שפּיאָנאַזש פאַרן דייטש, דעם שונא. אַ ייִד האָט גערעדט און, ווי דער שטייגער איז, געמאַכט מיט די הענט, — הייסט עס, אַז ער גיט סיגנאַלן דעם שונא. עס הענגט אַן ערוב, — איז עס אַ פאַרלוירענער אַפּאַראַט, וואָס גיט איבער סודות דעם פיינט; אַ ייִד גייט אין בית מדרש דאַווענען, ער טראָגט זיין טלית־ און תפילין־זעקל, האָט ער אין זעקל געהיימע דאָקומענטן, וואָס ער גייט איבערגעבן דעם שונא.

אַ. ג.'ס פאָטער איז געגאַנגען בעטן, זיך משתדל־זיין. דער דאַנק, וואָס ער האָט געקראָגן פון צאַר ניקאָלאַי דעם צווייטן, האָט געדינט ווי אַ סעזאָם־זוימען, וואָס האָט פאַר אים געעפנט די טירן פון די גענעראַלן און אויך זייערע פאַר־שטאָפּטע אויערן, זיי זאָלן זיך צוהערן צו זיינע בקשות און תחנונים און אָננעמען זיין ערנוואָרט, אַז די אַרעסטירטע, וואָס מ'גייט הענגען, זענען אומשולדיקע לאָ־יאַלע אונטערטאַנען פון צאַר. און וויפל ער האָט נאָר געקענט, האָט ער געראַטע־וועט, אַפילו ווען ער האָט געמוזט ריזיקירן מיטן אייגענעם לעבן. געקענט דערשאָסן ווערן פון אַ צעווילדעוויטן קאָזאַק, ווען ער האָט זיך איינגעשטעלט פאַר די פאַר־משפּטע. ער האָט זיך ניט געשאַנעוועט, ווען אין קאָן איז געשטאַנען דאָס לעבן פון דעם פּשוטסטן ערלעכן ייִדן. ער האָט אָפט איבערגעחזרט די ווערטער פון מדרש: זאָלן אומקומען טויזנטער משהס און זיינסגלייכן, נאָר עס זאָל ניט געשע־דיקט ווערן דער מינדסטער נאָגל פון אַ פאָלקס־ייִדן *).

אַ. ג. האָט זיך באַקאַנט מיט מיכאַלעווסקין. ער איז געווען דער פּרינציפּאַל פון מאָהיליאָווער תלמוד־תורה. אַ. ג. האָט אים געגעבן אַ מתנה זייערע בראָשורן און אויך דעם „יונג־מענטש“. ווען ער האָט זיך באַקענט מיט דער פאָעמע האָט ער געגעבן זיין מיינונג וועגן די ברידער ג.

---

*) דברים רבה, פּרשה ז'.

— הפּנים אַז איר האָט זיך נאָך ניט געפונען!

דאָס איז געווען געטראָפן אין רעכטן פינטל.

דער אמת איז, אַז די ברידער גאָרדין האָבן זיך גאָרניט געוואָלט געפינען. זיי האָבן זיך געזוכט און געוואָלט בלייבן ביים זוכן. דער עיקר־רעיון פון יונג־מענטשנטום איז בלייבן שטענדיק יונג, און דאָס מיינט זיין כסדר אַן אָנפאַנגער, אַ באַגינער, זיך ניט פאַרקלישען, פאַרסטערעאָטיפּיזירן, ניט ווערן אויסגעגאָסן אין אייגענעם פורעם. ווארעם דאָס וואָלט מיינען אויפהערן צו זיין שעפעריש. זיי האָבן מורא געהאַט צו האָבן דעם הירגל פון אייניקע קינסטלערס און דענקערס. זיי פלאַגיאַטיזירן זיך אַליין. ווי נאָר זיי אַרבעטן אויס זייער נוסח אָדער זייער שיטה, ווערן זיי אויס שעפערס, נייערט באַגרינדערס, אָרגאַניזירערס, פון אָנגעזאַמלטן מאַטעריאַל, באַנק־קוועטשערס אין רייכע ביבליאָטעקן. די שעפערישע שכינה פאַרטרייבן זיי פון זיך. אַנטפלעקן אַמעריקע איז אַ שעפערישע דרייסטע אַקציע, אָבער קאָלאָניזירן זי, פאַרטיליקן די אינדיאַנער, — איז שוין גאָרניט קיין שעפערישער אויפטו.

# 235

## פון מאָהיליאָוו צו יעקאַטערינאָסלאַוו

דער פראָנט האָט זיך גערוקט, צוגעקומען אַלץ נענטער און נענטער. דער צאַר איז געוואָרן דער אויבערקאָמאַנדיר פון אַלע רוסישע אַרמייען, פאַרשטייט זיך, אַז בלויז נאָמינאַל, אויפן פאַפיר, ווי אַ סגולה צו באַגייסטערן די זעלנער, די באַפעלקערונג. די הויפטקוואַרטיר, די „סטאַווקע”, און דער גענעראַלשטאַב מיטן צאַר האָבן געהאַלטן ביים אַריינציִען זיך קיין מאָהיליאָוו. לכן האָט דער גובערנאַטאָר באַפוילן עוואַקויִרן פון דאַנען אַלע מלחמה־פליכטלינגס. דאָס הייסט, אויב זיי פאָרן אַליין ניט אַרויס אין משך פון צוויי וואָכן צייט, זיי אַרויסשיקן.

א. ג. האָט אָנגעשריבן אַ בריוו צו וו. ג. אין פעטראָגראַד און אים מיטגעטיילט די שלעכטע נייס. וו. ג. האָט עס באַטראַכט פאַר אַ טיראַנישער, ווילקירלעכער האַנדלונג. א. ג. האָט זיך שוין איינגעאָרדנט אין דעם נייעם פלאַץ, איז ווהין זאָל ער ווייטער זיך שלעפן און וואַנדערן.

איז וו. ג. אַוועק צו מיליוקאָוון, דעם באַרימטן ליבעראַל און היסטאָריקער, אים דערציילט די טרויעריקע געשיכטע און אים געגעבן זייערע חיבורים.

פ. מיליוקאָוו האָט זיך ניט געפוילט. ער האָט דידאַזיקע פאַראָרדענונג באַטראַכט ווי אַ גראָבקייט און אומטאַקטישקייט אין באַצוג צו אַ יונגן געלערנטן. האָט ער זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט פראָטאָפּאָפּאָוון, דעם אינערנמיניסטער. א. ג. האָט געקראָגן צוגעשיקט פון וו. ג. אַ קאָפּיע פון דער ספּעציעלער דערלויבעניש וואָס פּראָטאָפּאָפּאָוו האָט אַרויסגעגעבן. אין איר האָט זיך געזאָגט קלאָר און דייטלעך, אַז דעם אונטערטאַן א. ג. זאָל מען ניט באַאומרויִקן און אים לאָזן בלייבן אומגעשטערט אין מאָהיליאָוו.

די זאַך איז אָבער געווען, וואָס א. ג. האָט זיך מיט דער פריווילעגיע ניט

געקענט באַנוצן. וואָרעם ער איז שוין מער ניט געווען אַ. ג., נייערט אַ האַר באַבראָוו מיט אַ ווייסן בילעט און אַ פאַלשן פּאַס. און דער באָבראָוו איז ניט געווען קיין פּעדאַגאָג... האָט ניט געהאַט קיין ליטעראַרישע זכיות. הפּנים, אַז וו. ג. האָט פאַרגעסן דעם אומשטאַנד. ער האָט זיך אומזיסט משתדל געווען און אומזיסט מטריח געווען אַזאַ פּראָמינענטן מאַן ווי פּ. מיליוקאָוו.

דער עפּיזאָד מיט דער ספּעציעלער דערלויבעניש, וואָס וו. ג. האָט געקראָגן פאַר אים, האָט אים געמאַכט זיך צו פאַרטראַכטן. עס האָט באַוויזן, מיט וואָס פאַר אַ דרך־ארץ מע האָט זיך באַצויגן אין רוסלאַנד, אַפילו אונטער דעם צאַר, צו אַ מחבר, צו אַן אינטעלעקטואַל. רוסלאַנד איז געווען אָרים אין אינטעלעקטועלע כוחות; די אינטעליגענציע האָט זיך געפילט ווי איין פאַמיליע און זיי האָבן זיך איינגעשטעלט איינער פאַרן אַנדערן.

נאָך אַלעמען, האָט אַ. ג. געטראַכט, האָבן זיי דאָך זייערע ווערק געשריבן אין יידיש און העברעיש; אין רוסיש האָבן זיי געהאַט ניט מער ווי צוויי בראָשורן. אמת, עס ווערן אין זיי אויסגעדריקט אָריגינעלע אידייען, אָבער פונדעסטוועגן זענען זיי דאָך ניט מער ווי בראָשורן. און מיליוקאָוו האָט געפונען פאַר נויטיק אָפּצושרייען אַ גזירה אויף וויפל זי האָט אים, אַ. ג.׳ן, אָנגערירט פּערזענלעך.

236

## יעקאַטערינאָסלאַוו

אין שטאָט שפּירט זיך אַ רעוואָלוציאָנערער אָטעם. אַ. ג. מאַכט באַקאַנטשאַפטן מיט יידישע אינטעליגענטישע קרייזן. ער קריגט העברעישע לעקציעס. ער פאַר־בינדט זיך מיט אונטערערדישע רעוואָלוציאָנערן.

יעקאַטערינאָסלאַוו איז אַ שיינע יידישע אוקריינישע שטאָט מיט גרויסע פאַבריקן אויסער דער שטאָט. דאָס זענען הויכע, שטאָלצע ציגלנע געביידעס מיט אַרבעטער אין זיי; גוטע חברהלייט, ס׳רוב יונגע בחורים. זיי זענען שטאָלצער און העכער אין זייערע שטרעבונגען און אידעאַלן פון די רויכקוימענס, וואָס זיצן אויף די דעכער און רויכערן טאָג און נאַכט זייערע גיגאַנטישע פּיפּקעס. די פאַבריקן זענען אין גאַנג. די אַרבעטער אַרבעטן; און אַ. ג.׳ס אונטערערדישע באַקאַנטע אַר־בעטן אויך; זיי באַאַרבעטן די אַרבעטערס, זייער רויען שטאָף. זייער אַרבעט באַשטייט אין אונטערגראָבן מעשה מייז די טיפגעלייגטע פונדאַמענטן פון די־דאָזיקע הויכע בנינים.

אַ. ג. און די חברהלייט האָבן גערעדט, און געחלומט, און געהאָפט און געוואַרט מיט אומגעדולד, אַז אָט־אָט וועט עס געשען: דער ווולקאַן וועט נעמען שפּייען מיט פלאַמפייער.

יעקאַטערינאָסלאַוו שטייט ביים דניעפּער. דער דניעפּער אין דעמדאָזיקן פלאַץ איז אַ גרויסער ברייטער טייך. ער איז אַרומגעגאַרטלט און איבערגעפלאָכטן מיט לעגענדעס. אָוונטצייט האָט ער פינקלדיקע אויגנשטערנס איבער זיך און צאַפּל־

דיקע גלי׳ענדיקע שטערנס אין זיך. ער איז דורך און דורך אויסגעפלאַסטערט מיט דימענטן פון נאַכט און אומעט.

וואָס איז אַ שטערן? וואָס איז ניט אַ שטערן, ווען ער שפּיגלט זיך אָפּ אין דניעפּער? אַלץ ווענדט זיך אין דער עפּאָכע פון דיכטונג.

אַ שטערן קען זיין די נשמה פון אַ קינד, אַן אידעאַל, אַ וועגווייזער און וואָס איר ווילט.

אַ טייל פון די נעכט פאַרברענגט א. ג. אויפן בוזעם פון דניעפּער אין שיפלעך, וואָס גליטשן זיך צווישן פאַסן בלויקייטן און געשטערנטקייט, מילכשטעגן.

די האָפענונג פון די, וואָס שיפלען זיך, זענען טיפער פון דניעפּער און העכער פון דעם אויסגעפלאַסטערטן געוועלב, וואָס איבער זייערע קעפּ. אַלע פאַרזאַמ־לונגען, באַגעגענישן — איז דען פאַראַן אַ מער פאַסיק אָרט? — קומען־פאָר אויפן וואַסער, כדי מע זאָל זיי ניט נאָכשפּירן. די אַזויגערופענע „פאַרזאַמלונגען״ באַ־שטייען פון מזומנס; דרייוויז, פירוויז קומט מען זיך צונויף אויף שיפלעך, מע שיפלט זיך, כלומרשט, לשם צייטפאַרטרייב, באמת כדי זיך צוזאַמענצורייד, באַ־שטימען, ווו זיך ווידער צו טרעפן.

עס איז אַ חזקה: ווו עס איז פאַראַן אַ באַוועגונג, אַ טייך, אַ הימל, — דאָרט זענען פאַראַן מיידלעך.

געוווינט האָט א. ג. אויף כאַרקאָווער גאַס, אַ גאַס מיט אַ שלעכטן נאָמען בנוגע צניעות. אַ גאַס מיט אַ שלעכטן אומאָנגענעמען גערוך.

ס׳איז איצט פרילינגצייט און יעקאַטערינאָסלאַוו איז צו דרום־צו... אָבער אַלע זינד פאַרגיט אַ. ג. איר, דער גאַס, צוליב דער איינער מעלה, וואָס זי האָט, און דאָס איז איר פירן אים גלייך צום דניעפּער. דער דניעפּער איז בכוח געווען אָפּ־צוּוואַשן אַ שלל עבירות אין אַ פרילינג־ און אַ זומעראָוונט.

געוווינט האָט אַ. ג. דעמאָלט אין אַ הויז אַן איבערגעפּאַקטן פול מיט איינ־וווינערס. דאָס הויז האָט באַלאַנגט צו אַ רייכן ייִד. רייך איז ער געווען ווי קורח און קאַרג ווי אַ דבר־אחר. איין פּעקולאַרישקייט האָט ער פאַרמאָגט, ווי מאָדנע זי זאָל ניט אויסזען: ער איז געווען פאַרבונדן דורך אַ פאַרמישטער מחותנשאַפט און איבערגעקרייציקטער קרובהשאַפט מיט דער באַרימטער רעוואָלוציאָנערן וויעראַ פיגנער. אַ פסול אין דער משפּחה, שעטנז פון שמד און גוייִשקייט און אין דער אייגענער צייט אַ גאָר געהויבענער יחוס. געקלעפּט האָט צו אים אָט־די רעוואָלוציאָנערע מחותנשאַפט ווי אַן אַרבעס צו דער וואַנט; געפּאַסט האָט עס אים, ווי אַ גאָלדענער רינג אין שנוק פון אַ חזיר... אָבער אַ פאַקט בלייבט אַ פאַקט.

געהאַט האָט דער ייִד אַן אײדעם, וועלכער האָט טאַקע געוווינט אין דעם זעלביקן הויז. ביים אײדעם האָט אַ. ג. פאַרנומען, מישטיינס געזאָגט, אַ צימער ד׳ אויף ד׳. דעם אײדעמס פאַמיליען־נאָמען איז געווען פּאָמעראַנץ. ער איז געווען אַ בן־טובים, אַן אייניקל פון אַ באַרימטן פּאָדאָליער רבין. ווי אַ מענטש פון אַזאַ אָפּשטאַם האָט ער זיכער ניט פאַרנאָכלאָזיקט די מצווה פון פּרו ורבו. געהאַט האָט אים דאָס ווייב דווקא צוויי טעכטער און אַ זון נאָך אין די וויקעלעך.

זוען ניט דער רייכער שווער וואָלט פּאָמעראַנץ געווען אַ קבצן אין זיבן פּאָלעס. ער האָט פאַרמאָגט אַ אוצר פון צוויי מיידלעך, אָבער בלויז איינע איז שוין געווען אַ בגרות.

וואָס איז שייך אַ בגרות אין דרום־רוסלאַנד? דער זומער איז לאַנג און הייס; דער ווינטער איז קורץ און ניט איבעריק קאַלט, ווערט די פרוי פּרוכטצייטיק אויפן בוים פון געשלעכט גאַנץ פרי. עס בליִען די וויינטרויבן פון די „שדים״ און גיסן זיך אָן מיט וויין פון גלוסט.

אַ פּאָר בלויע אויגן, ריינער תכלת, אַזוי ווי דער ראַדזינער רבי אַליין וואָלט עס געהאַט געפאַרבט מיט דעם פונדאָסניי געפונענעם חלזון; אַ פּאָר בעקלעך, וואָס גליִען ווי אַ פריפאַרטאָג אין מזרח־זייט; אַ פּאָר חן־גריבלעך אויסגעגראָבן פון מלאך יפהפיאל, וואָס איז ממונה אויף שיינקייט; אַ פּאָר שורות ציינדלעך ווייס ווי עפּלבליִעכץ; אַ פּאָר קרייזלעך ממש גאָלדענע באַשאָטענען דעם שטערן; און, צום אחרי ככלות, — אַ שמייכל, וואָס פאַנגט די נשמה און פירט זי אַוועק, וווהין עס וויל נאָר אַליין, פאַרשטייט זיך אונטער איין באַדינג: זי מוז זיין אַ יונגע בחורשע נשמה, — נו וואָס פאַר אַ באַשעפעניש איז עס, אויב ניט אַן אוקראַינישע ייִדישע שיקסלקע.

אַזוי האָט אויסגעזען די בגרות אין הויז פון די פּאָמעראַנצס. די גאַנצע שטוב האָט אַדאַנק איר אויסגעזען יום־טובדיק און געאָטעמט מיט אַ פרישקייט פון אַ נאָר־וואָס אויפגעוואַכטן טאָל, וואָס וואַשט זיך אין פרימאָרגנטוי.

מע דאַרף ניט חושד זיין אַ. ג.׳ן, אַז ער איז געווען אין איר פאַרליבט. דאָ זענען געווען גענוג בעלנים אָן אים.

אַ. ג. האָט געהאַט ביי אָט־דער צייט איין איינציקע ליבע, די בתולה אָדער שיקסע רעוואָלוציע. דאָס איז געווען פאַר אים דיינו.

זאָלן נאָר זיין בלומען, אין נאַשערס־בינען וועט ניט זיין קיין דוחק.

כך הווה.

אַרום דער בלום מיט די בלויע אויגן האָט זיך געדרייט און געזשומעט אַ גאַנצער שוואָרם בינען, יונגעלייט און אַביסל עלטער פון יונג. כאָטש די צייט איז געווען אַזאַ גרויזאַמע, בלוט האָט זיך געגאָסן ימענווייז, אָבער דער כוח־הדם, די קראַפט און דער זאַפט פון לעבן, איז ניט געמינערט געוואָרן, ניט שוואַכער געוואָרן; פאַרקערט, ער איז נאָך שטאַרקער געוואָרן. אַזוי לאַנג ווי מע לעבט, „כל זמן שהנשמה בקרבי״, לעבט מען, גלוסט מען, „געענדזלט זיך״. געשלעכט וויל ניט פאַסטן קיין הפסקות.

אַז דאָס מיידל. וואָס איז ניט געווען גלייכגילטיק צו אַ. ג.׳ן האָט אים גע־פרעגט אַן עצה, צי זי זאָל זיך נעמען כלהנען אויף אַן אמתן, האָט אַ. ג. איר געראַטן אָפּצוּוואַרטן, ביז די מלחמה וועט זיך ענדיקן. אַזוי וואָלט ער עצהן אַלע מיידלעך און אַלע בחורים. אָבער די יונגע לייט זענען געווען קליגער אין די נעכט זענען געווען יצר־הרעדיקע, און דער דניעפּער מיט זיין גאַנצער קילקייט האָט ניט געקענט אָפּקילן די גלוסטעטנישן, וואָס טראָגן זיך אין בלוטשטראָם פון די לעבעדיקע באַשעפענישן.

צווישן די פּלאַנעטן, וואָס האָבן געאַרביטעוועט אַרום דעם מיידל־זון, איז געווען אַן אדעסיט, אַ געשמדטער ייִד, אַ געשוואָרענער אַדוואָקאַט, אַ רייכער מאַן. ער האָט פאַרמאָגט זיינע אייגענע זומערהייזער נעבן אָדעס. און דאָרטן האָט ער פאַרבראַכט די זומערן און די ווינטערס. דאָס מיינט צו זאָגן, אַז ער האָט זיך ניט געקליבן קומען קיין מאָסקווע אָדער פּעטראָגראַד.

פּאַר אַ. ג.׳ן איז די קאָפּפאַרדרייעניש פון דעם אָדעסיט געווען ווי געוווּנטשן. ער האָט אַפילו אין אַן אויגנבליק פון אַ מיסטישן אָנפאַל אַ טראַכט געטאָן: ווער ווייסט, אפשר איז דאָס מיידל לכתחילה באַשאַפן געוואָרן פאַר אָט־דעם צוועק, אַז דער אָדעסער שמדאַלניק זאָל אַהער קומען און זיך פאַרפלאָנטערן מיט איר און פאַרלירן דערביי זיין צעבערקאָפּ.

אַ. ג. איז ניט געווען פאַראינטערעסירט אין אָדעסיט גופא, נייערט בלויז אין זיין פּאָס. קיין בעסערן פּאָס האָט אַ. ג. זיך אַפילו ניט געקענט פאָרשטעלן.

ער האָט אין יעקאַטערינאָסלאַוו לענגער ניט געקענט בלייבן. דער פּלאַץ איז פאַר אים געוואָרן אַביסל צו „הייס״ פּאָליטיש. מע האָט אים צופיל נאָכגעקוקט. און ער, דאָס הייסט, זיין „כתיבה״ — אויף די שונאי ישראל געזאָגט געוואָרן. גערופן האָט מען אים ביים ריכטיקן נאָמען אַ. ג. (אָן דעם נאָמען וואָלט ער דאָ ניט געקענט אַזוי שנעל זיך איינאָרדענען, קריגן לעקציעס, ווערן אַן אַריינגייער אין די ייִדיש־אינטעליגענטישע הייזער, שליסן באַקאַנטשאַפטן). און אין פּאַספּאָרט האָט ער גאָר געהייסן באָבראָוו. טאָגטעגלעך זענען דעמאָלט פאָרגעקומען איבערפאַלן, „אָבלאַוועס״ אין קאַפעהייזער, אין רעסטאָראַנען, אין טעאַטערס, אין קינאָס, אומעטום, ווו מענטשן קומען זיך צונויף, אַפילו אין שטאָטגאָרטן.

די אַרבעטערס־מעטאַליסטן האָבן זיך גענומען פאַנאַנדערטשוכענען פון פּאַטריאָטישן טשאַדאָפנאַר און די אויערן און די אויגן פון דער פּאָליציי און זשאַנדאַרמעריע זענען געווען אָנגעשפּיצט און אָנגעשפּיזלט.

אַ. ג. האָט געדאַרפט אָפּציִען, און וואָס גיכער אַלץ בעסער. וווּהין? דער בעסטער פּלאַץ איז מאָסקווע אָדער פּעטראָגראַד. אין דער לופט האָט שוין געשמעקט מיט קאַטאַסטראָפע, מיט צוזאַמענבראָך און רעוואָלוציע.

עס איז געווען קלאָר פאַר יעדן, וואָס איז ניט געווען שטאָקבלינד, אַז די מלחמה וועט זיך ענדיקן מיט אַ קאָלאָסאַלער מפּלה פאַר רוסלאַנד, פאַר דער פאַראַסטער זעלבסטהערשונג. דער דורכפאַל און נידערלאַגע פון דער רעגירונג מיינט דער נצחון פון דער רעוואָלוציע. דאָס פייער פון דער רעוואָלוציע האָט מען פאַרדישעט אין 1905, אָבער פונקען זענען געבליבן טליִען אונטערן אַש. דאָס רעוואָלוציאָנערע פייער איז באמת קיינמאָל ניט אויסגעגאַנגען. אַצינד וועט עס זיך פאַנאַנדערפלאַקערן און מאַכן אַ סוף צו דער מאַכט און נאַכט פון דער רשעות, וואָס טיראַניזירט אין רוסלאַנד אַ הונדערט־פופציק־מיליאָניקע באַפעלקערונג. די רוסישע רעוואָלוציע איז בלויז דער אָנהייב, דער ערשטער שימער, דאָס שאַרייען אויף טאָג. ווו איז דער מיטנטאָג, ווען די זון גייט אַרויס אין איר גאַנצער גבורה און פאַרפלייצט די וועלט מיט ליכט פון גערעכטיקייט?! עס קומען אָן די טעג ווען דער „יונגמענטש״ וועט זאָגן זיין וואָרט. עס שלאָגט די אַפּאָקאַליפּטישע שעה.

אַ. ג. געדענקט גוט די שלוסווערטער פון דער „מגילה צו די ייִדן אין גלות״ (1909):

„און אַ פונק וועט אַרויס פון ייִדישקייט און וועט אָנצינדן די אַלטע רשעות־וועלט, די ימים שוויים וועלן אָקעאַנען פעך ווערן, די טייכן טרערן וועלן ימען שוועבל ווערן, און זיי וועלן ברענען און פלאַקערן, אַזש דער הימל מיט דער ערד וועלן אַש ווערן. און אַז ס׳וועט ניט בלייבן קיין זכר פון דער זינדיקער ערד און פון די פאַלשע הימלען, וועט געשאַפן ווערן

אַ נייע ערד מיט נייע הימלען: אַן ערד אַ ריינע, ווי די נשמה פון אַ צדיק; הימלען — לויטער אמת, יושר און צדק. פינף זונען וועלן העגנען אין זיי: אַרבעט־פרייהייט, פעלקער־פרייהייט, פרויען־פרייהייט, קינדער־פרייהייט, יחיד־פרייהייט. און אַ לאַנגער, גרויסער טאָג וועט דעמאָלט זיין אויף דער וועלט, אַ טאָג פון ליכט און שאָטן, אַ טאָג פון גוטס אָן שלעכטס... ס׳גייט דער טאָג, ער קומט, ער קומט״.

דער קאָפּ האָט זיך אים גענומען דרייען. דאָס האַרץ האָט אים געקלאַפּט ווי מיט האַמערס פון דעם געדאַנק וועגן די ריזיקע מעגלעכקייטן, וואָס וועלן זיך פאַנאַנדערפּענען.

די רעוואָלוציע גייט, זי וועט באַלד אָנקומען. מע הערט שוין דעם אָפּהילך פון אירע טריט.

די ערשטע סימנים אירע האָט מען געזען אין 1914, ווען די מאַטראָזן האָבן ניט געוואָלט אַריינלאָזן דעם פּרעזידענט פון פראַנקרייך. די פּאַטריאָטישע מיליטאַריסטישע שיכרות לאָזט אָפּ, די אַרבעטערס קומען צו זיך. דער המון, דאָס פאָלק, מיט זיינע ברייטע שיכטן, בוקט זיך בלויז צו כוח, צו מאַכט. אָבער ווי נאָר עס דערזעט, אַז דאָרט, וווּ ער האָט געמיינט עס געפינט זיך גבורה, מעכטיקייט און זיג, געפינט זיך גאָר פּרוכנע, פאַרפוילקייט, שלאַבערדיקייט, דעמאָלט גלייכט אָט־דער שקלאַף אויס דעם רוקן, גיט אַ בריק דעם געץ מיטן פוס, וועלכן ער האָט פאַר דעם געבויגן פאַר אים אין רעספּעקט און יראת־הרוממות, אָפּשיי און ציטער.

אַ. ג. טראַכט: דעם גלויבן אין דער זעלבסטהערשאַפט ווי אין אַן אידעאַל האָט דאָס רוסישע פאָלק שוין לאַנג פאַרלאָרן. אַצינד ווערט זיך אויך אויס דער איינרייד, אַז די זעלבסטהערשאַפט איז אומבאַזיגבאַר. איז וואָס מוז קומען? די רעוואָלוציע.

ווּ שטייט די בינע, אויף וועלכער די גראַנדיעזע וועלטדראַמע וועט זיך אָפּשפּילן? אין די רעזידענצשטעט פון רוסלאַנד. און אַ. ג. מוז דאָרטן זיין, קודם כל, ווי אַ צוקוקער, און אויב ער וועט זוכה זיין, אויך ווי אַ שוישפּילער. ער וועט בדאַי צולייגן כאָטש־בי אַ פינגער צום אומשטורץ פון אָט־דעם פאַרפלוכטן און פאַרפוילטן רעזשים.

אַ. ג. מוז פאָרן קיין מאָסקווע. פּעטראָגראַד האָט דאָך שוין איינעם פון די ברידער ג. זיין ברודער איז דאָרטן. דאָס קומען צו אים וואָלט אַרויסווייזן שוואַכקייט, אַז אַליין קען ער זיך ניט איינאָרדענען. דער ברודער וו. דאַרף עס אויסטרעטן פאַר אים דעם וועג.

קיין מאָסקווע. אָבער ווי באַווייזט ער עס? דער פאַלשער פּאַס, אויף וועלכן ער האָט געוווינט אין מאָהיליאָוו און וווינט אין יעקאַטערינאָסלאַוו, טויג ניט; ער טויג ניט פּשוט דערפאַר, וואָס ער איז אַ ייִדישער פּאַס, און אַ ייִד, — ניט קיין ערשטער גילדעקאָמערציאַנט און ניט אַזעלכער, וואָס האָט אַ בעל־מלאכה־שיין, אַרויסגעגעבן פון אַ צעך, אַ פאַכדיפּלאָם, וואָס מע האָט אין יענע יאָרן כמעט שוין ניט געקענט קריגן אַפילו פאַר אַ היפּשער סומע, און ניט קיין אוניווערסיטעט־געענדיקטער, — האָט ניט געהאַט דאָס רעכט ניט נאָר צו וווינען אין מאָסקווע, נאָר אַפילו ניט אַריינפאָרן און איבערנעכטיקן.

וואָס זאָל אַ. ג. טאָן? קריגן אַ גוייִשן פּאַס? אפשר וואָלט ער עס געקענט

זיך איינשאַפן, אָבער די צרה איז, וואָס אַ פּנים איז אַ מסר. אַז די פּוילישע וואָנצעס און מיט אַ פיר יאָר עלטער געוואָרן האָט ער אויסגעזען עכט־ייִדיש. די פּאָליציי וואָלט גיכער נעמען די עדות־זאָגעניש פון זיין פּנים איידער די פאַר־קונדיקונג פון פּאַס. און וואָס טוט מען מיטן בונד פון אברהמען, וואָס איז פאַר־שניטן אין זיין לייב?!

איז ווּ איז פּאָרט דער אויסוועג? ער דאַרף קריגן אַ פּאַס פון אַ ייִדן, וואָס איז ניט קיין ייִד. דאָס הייסט, אַ פּאַס פון אַ ייִדן, וואָס האָט אויסגעביטן דאָס ייִדישע רענדל, דאָס מיינט, פון איינעם, אויף וועמען עס זאָגט זיך אף על פי שחטא — ישראל הוא *). (הגם ער האָט געזינדיקט, איז ער נאָך אַלץ אַ ייִד).

און דאָ קומט גראָד דער אָדעסיט, דער געשמדטער, זעט מען דאָך באַשיינ־פּערלעך, אַז עס איז השגחת־הרעוואָלוציע.

אין אַ. ג.׳ס קאָפּ איז דער פּלאַן שוין פאַרטיק, עס האָט גענומען איין אויגנ־בליק. עס איז אַן אינטויִציע פון איינעם, וואָס וווינט אויף אַ פאַלשן פּאַס.

## 237

## די פּאַספּאָרטיסטן

געווען איז אין יעקאַטערינאָסלאַוו אַ גרופּע, וואָס האָט זיך ספּעציאַליזירט אין מאַכן פאַלשע פּעסער. ריכטיקער, זיי האָבן געוואַשן, גערייניקט פּעסער. זיי האָבן איבערגעניצעוועט, דאָס הייסט, איבערגעשריבן אַלטע פּעסער. ווייל נייע פּעסערביכלעך איז זייער שווער געווען דעמאָלט צו קריגן.

דידאָזיקע גרופּע אָדער פּאַספּאָרטן־ביוראָ האָט אַרויסגעגעבן פּעסער, באַ־פרייט פון זעלנעריי די, וואָס זענען שוין געווען אין יונישן געוואַנט, באַפרייט פון מאָביליזאַציעס די דערוויילע נאָך ציווילע מענטשן. אַלץ, וואָס זיי האָבן באַדאַרפט טאָן, כדי דער בעל־דבר זאָל ווערן פריי, איז אָפּשטעמפּלען זיין פּאַס.

אָט־די „ביוראָקראַטן" האָבן געאַרבעט זייער פלייסיק. די אַרבעט זייערע איז געטאָן געוואָרן אין שטרענגער קאָנספּיראַציע און מיט גרויסער אָפּגעהיטקייט.

די גרופּע איז באַשטאַנען פון אַ טריִאָ, אַ דריילינג, וואָס האָט פאַרטראָטן די דריי הויפּטריכטונגען אין דער רעוואָלוציאָנערער אונטערערדישער באַוועגונג אין רוסלאַנד.

די ביוראָ איז ניט געווען אָרגאַניזירט פאָרמעל פון אַ בלאָק פון דריי פאַרטייען. דער דריילינג האָט זיך פאָרמירט פון זיין אייגענער איניציאַטיוו. אַ. ג. האָט צוגע־האָלפן אַביסל פון דער זייט. ער האָט געפונען פאַר זיי אַ געשיקטן גראַווירער, אַ שטעמפּלמאַכער פון וואַרשע, זיינער אַ גוטער באַקאַנטער מיטן נאָמען ק.

איינער פון דער גרופּע איז געווען אַ ס. ד., אַ מיטלגעוויקסיקער בחור, אַ מיושבדיקער, אַ קאַלטע לונג־און־לעבער, אַ באַזאַכטער, אַ פאָרזיכטיקער. יעדע זאַך האָט געמוזט זיין אָפּגעוויגן, אָפּגעמאָסטן און אויסגערעכנט פּונקט אויף דער

---

*) סנהדרין, מ״ד.

האָר. קיין איין איינציק וואָרט האָט ער ניט אַרויסגעבראַכט לבטלה, גלאַט אין דער וועלט אַריין.

דער צווייטער איז געווען אַ בלאָנדין, מיט אַ ברייטער רחבותדיקער באָרד, אַ גוט־דורכגעקאַמטער, אַזוי אַז עס האָט זיך געלאָזן איבערציילן וויפל האָר זי האָט פאַרמאָגט. דאָס פאַרלאָזן זיך אָט־די גאָר וואַזשנע באָרד האָט געהאַט אַ מיין; די כוונה איז געווען אויסצוקוקן וואָס עלטער און זיך צורוקן וואָס נענטער צו די יאָרן, וואָס זיין פאַלשער פּאַס האָט אָנגעוויזן. כאָטש דאָס גלייכוואָרט זאָגט: אַלע שוסטער גייען באָרוועס, האָבן די „פּאַספּאָרטיסטן" אָן זיך ניט פאַרגעסן. זיי האָבן זיך באַזאָרגט מיט ריין־געוואַשענע כתיבות. ער איז געווען אַ יונג מיט ברייטע פּלייצעס, אַ גבר, מיט אַ באַסאָווער שטים, מיט הענט ווי צוואַנגען און מיט אַ „טעמפּעראַמענט". פאַרשטייט זיך, אַז אַזאַ חברהמאַן איז געווען אַ ס. ר.

דער דריטער פון מזומן איז געווען הויך, צו־הויך, אַזוי אַז ער איז געגאַנגען אַביסל איינגעהויקערט. ווי איינער זאָגט: צו וואָס אונטערשפּאַרן דעם הימל. ער איז געווען דין, מאָגער, הויט און ביינער. אין די אויגן האָט געברענט אַ פייערל און אַ פאַלשער בלי האָט זיך געוויטלט אין די באַקן. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז ער איז געווען דער אַנאַרכיסט.

אַ. ג. האָט געהאַט אויף אים אַ חשד, און ער איז מסתמא ניט געווען קיין חושד בכשרים, אַז דערדאָזיקער „ביורא־מאַן" האָט אין יענער צייט קיין צופיל זאַטע טעג ניט געהאַט.

אָט־דער ייִדישער דריילינג האָט געלעבט און געאַרבעט אין רויִקייט און שלווה. זיך אינגאַנצן ניט גערעכנט מיט די רייבונגען און טעאָרעטישע אַמפּערנישן, וואָס זענען אָנגעגאַנגען צווישן די דריי ריכטונגען, וואָס זיי האָבן רעפּרעזענטירט.

אַ צימער האָבן זיי געהאַלטן דווקא, מיט אַ כיוון, אין אַ גויִשן הויז, אויפן פּראָספּעקט. שוין כמעט אַביסל הינטער דער שטאָט. דאָס הויז איז געווען פאַר־שטעקט, ווי פאַרלאָרן צווישן די געשעפטסהייזער און מילן פון די מענאַביטן, די רייכע מאַגנאַטן פון דעמאָלטיקן יעקאַטערינאָסלאַוו.

כדי מע זאָל אייך אַריינלאָזן, האָט איר באַדאַרפט אָנקלאַפּן אין דער דרויסנ־דיקער וואַנט, ניט אין טיר. דער צימער איז געווען אַן אויסערלעכער. דאָס איז געווען זיין גרעסטע מעלה. אַז איר האָט אָנגעקלאַפּט, איז צו אייך אַרויסגעקומען איינער פון „ביורא" און אייך אַריינגעפירט אַזוי, אַז קיינער פון די הויזלייט זאָל אייך ניט באַמערקן אַריינקומען.

אַ. ג. האָט זיך גוט געבראָכן דעם קאָפּ, ווי אַזוי צו קריגן דעם אָדעסיטס פּאַס. אַ פּאַס — אַ צאַצקע, אַ מהודר. עפּעס אַ שפּאַס: אַ געשוואָרענער אַדוואָקאַט! ניט אַבי־ווער, און דערצו אַ געשמדטער! וואָס קען זיין בעסער?!

אָבער ווי אַזוי קומט די קאַץ איבערן וואַסער?

אַ. ג. האָט זיך באַראַטן מיט די ביורא־מענטשן. זיי האָבן געגעבן זייער מיינונג, אַז די בעסטע זאַך וואָלט זיין, ווען זיי קענען דופּליצירן דעם אָדעסיטס פּאַספּאָרט. אָבער כדי צו מאַכן אַ דופּליקאַט מוזן זיי האָבן דעם אָריגינאַל.

איז ווי אַזוי באַקומט מען אים? ער זאָל אַליין אים געבן ווי אַ טובה, — איז שווער צו גלייבן, הגם ער וואָלט פון דעם גאָרניט געקענט פאַרלירן. עס איז

אַ פּאַל פון כּופין על מדת סדום זה נהנה וזה לא חסר*). ווען מע אַרעסטירט אַ. ג.׳ן פאַר רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט, וואָלטן דאָך די זשאַנדאַרן גלייך געזען, אַז דער פּאַס איז אַ פאַלשער. קיינעם וואָלט אויפן געדאַנק ניט אַרויף גיין זוכן דעם אָדעסיט און האַלטן אים פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אַ. ג.׳ס מעשים. וואָס קען דעם אָדעסער שמדאַלניק אַרן, אַז ער וועט האָבן אַן אָפּשפּיגלונג ערגעץ ווייט, אַזש אין דער קאַלטער צפון־רעזידענץ? אָבער ביי ס׳רוב מענטשן איז זייער פּאַס אַזוי טייער, ווי ער וואָלט באמת געווען אַ טייל פון זייער מהות.

אַ. ג. גייט אַרום מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן שווערן קאָפּ פול מיט בליי פון קלער־רענישן און איבערקלערענישן; ווי אַזוי באַווירקט מען דעם אָדעסיט, אַז ער זאָל מרוצה זיין זיך צו שיידן מיט זיין פּאַס בלויז אויף אַ פּאָר טעג, אין משך פון וועלכע ס׳וועט געמאַכט ווערן אַ ריכטיקע און גענויע קאָפּיע?

די טויערן פון דער אַלמעגלעכקייט זענען קיינמאָל ניט פאַרשלאָסן, הגם ניט אַלע מאָל ווייסן מענטשן ווי אַדורכצוגיין דורך זיי און אַריין אין הויף פון דער ווירקלעכקייט.

## 238

# אַ געדאַנק

א. ג׳ן פאַלט איין אַ פּשוטער געדאַנק.

די גאָלדענע לאָקן פון פּאָמעראַנצס מיידל וועלן אים אַרויסהעלפן.

דער אדעסיט איז אין איר פאַרקאָכט און פאַרזאָטן. ער קומט טאָג־איין טאָג־אויס צו די פּאָמעראַנצס. נאָך וואָס? אַ בין זוכט האָניק. אַ גאַנצן טאָג זיצט ער און באַליאַקעט. פאַרנאַכט פירט ער זיי אַלעמען אין טעאַטער. ער קויפט בלומען, קאָנפעקטן, ער גיט גמילת־חסדים איר טאַטן, וואָס איז תמיד פאַרענגט און קען פאַרברויכן אַ פּאָר רובל.

דאָס מיידל איז שיין, יונג, פריש, רייצנדיק און האָט דערצו אַ היפּשן נדן, וואָס דער זיידע, דער נגיד, האָט צוגעזאָגט. א. ג׳ס לאַגע איז זייער אַ גינציקע. ער וווינט ביי זיי. ער בלייבט אין שטוב נאָכדעם ווי אַלע באַזוכערס מוזן, ווילנדיק־ניט ווילנדיק, אַוועקגיין. דער אַדעסיט איז אים מקנא. ער בלייבט דאָרט, ווו יענעמס האַרץ פלאַטערט און ציטערט, ווי אַן אויסגעלונקענער פליגל פון אַ טויב.

א. ג. בלײבט איבער נאַכט אונטער איין דאַך מיט זיין שאַץ... פאַר אירע על־טערן איז א. ג. אַ שם־דבר. אַ קליינִיקייט זיין יחוס. זיין נאָמען שמעקט ווי פּאַר־פיומירטער בוימל. אירע עלטערן זענען ניט פרום, אָבער אַ געטויפטער, און דער אַדעסיט איז עס, איז דאָך ביי זיי אַ חסרון. זיי האָבן דאָך שוין איין פּסול אין דער משפחה. אָבער יענער פּסול איז צוגעדעקט מיט אַ נאָמען, וואָס עס קלינגט מיט אים די רעוואָלוציאָנערע וועלט. אָבער אָט־דער שמדאָלניק, וואָס איז מיט אים די גרויסע מורנו?! פאַרשטייט זיך, אַז ווען דאָס מיידל וויל דווקא אים, וואָלט ביי זיי זיין רעכט. זיי וואָלטן זיך ניט אָפּגעגעסן דאָס האַרץ פון דעם. אָבער אַ ייִד איז דאָך בעסער.

---

*) כתובות ק״ג.

ווייטער האָט א. ג. גאָר אַ גרויסע מעלה: ער שרייבט לידער; צי גוטע צי שלעכטע, ווערמען אַרט עס, זיי זענען גענוג גוט פאַר אַ מיידל פון אַ יאָר אַכצן. מע דאַרף זיין אַן אָרפּי צו באַגייסטערן מיט געזאַנג און געשפּיל חיות אוןביימער. אָבער עס איז גענוג אַביסל אונטערצוווערסיפיצירן, כדי צו באַכישופן אַ האַרץ פון אַ שטוביקער באַשעפעניש, פון אַ מיידל אין דער פּראָווינץ.

א. ג. מאַכט אַ גרויסן ווערזן פון זיין יחוס פאַר איר טאַטן און מאַמען. אין איר טאַטן קלאַפּט נאָך אַן אָדער פול מיט צדיקישן בלוט. ער זעט אין א. ג׳ן אַ באַענטן, שיער ניט אַ קרוב. הגם מיט דעם אַדעסיט שפּילט ער אַ גאַנצן טאָג אין קאָרטן, אַ זאַך, וואָס מיט א. ג.׳ן קען מען ניט טאָן.

א. ג. ווערט אַ גאַנצער „חבר־פאַווער" מיט דעם מיידלס עלטערן. דער אדע־סיט, אריינקומענדיק, געפינט די גאַנצע פאַמיליע אַ פאַרקליבענע אין א. ג.׳ס צי־מער. ער ווערט אַ פאַרציטערטער. ער האָט מורא, אַז עס האַלט מיט אים שמאָל. עס קומט אָוונט. מע גייט אין טעאַטער. א. ג. גייט־מיט. מיט וועמען גייט דאָס מיידל? גיי, טרעף. זי שפּילט טעאַטער. דער אדעסיט גייט־אונטער, זיין פּנים נעמט הושכן. א. ג., טראַכט ער, איז אַ געפערלעכער קאָנקורענט.

איינמאָל אין אָוונט, ווען דער אדעסיט איז געקומען אַריין, איז דאָס מיידל און דאָס גאַנצע הויזגעזינד געהאַט אָוועק צום זיידן. עס איז געווען זיין געבוירנטאָג.

א. ג. באַשליסט אויסצונוצן דעם שעת־הכושר. ער צעשמועסט זיך אָפנהאַרציק מיטן אדעסיט. ער אַנטוויקלט זיינע רעוואָלוציאָנערע געדאַנקען און באַשטרעבונגען.

דער אדעסיט איז אַ ליבעראַל. ער דערמוטיקט א. ג.׳ן. ער איז מסכים מיט זיין פּראַגנאָז; ער נעמט אָן זיינע אויסרעכענונגען אויף אַ גיכן אויסברוך פון דער רעוואָלוציע. א. ג. באַגרייפט, אַז אין אַדעסיט רעדט ניט שנאת המן, נאָר אהבת אסתר; ער האָט ניט אַזוי פיינט דעם צאַר, ווי ער האָט ליב דאָס מיידל.

פון וואָרט צו וואָרט האָט א. ג. אים געגעבן אָנצוהערן, אַז דער רעוואָלוציאָ־נער אין אים ראַנגלט זיך מיטן פאַרליבטן... א. ג. האָט היפּש אונטערגעזיפצט... ליבע ברענט טאַקע אין אים ווי אַ העליש פייער, אָבער דאָס פייער פון דער רעוואָלוציע שרפהט נאָך שטאַרקער און ווען ער וואָלט געהאַט אַ מעגלעכקייט אַוועקצופאָרן קיין מאָסקווע און דאָרטן בלייבן, וואָלט ער זיך איבערגעגעבן צו רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט און מקריב געווען אויפן מזבח פון דער רעוואָלוציע זיין ליבע צום מיידל...

— ווענן וואָס האַנדלט זיך עס? וואָס פאַרהאַלט אייך? פאַרוואָס קענט איר ניט פאָרן? פעלט אייך אויף רייזע־הוצאות?

דער אדעסיט באָט אים אָן אַ הונדערטער, אַפילו צוויי. א. ג. וועט עס אים אָפּצאָלן נאָך דער רעוואָלוציע.

א. ג. גיט אים צו פאַרשטיין, אַז דער שטער איז ניט קיין פינאַנציעלער.

— איז וואָס איז עס?

איך בין אַ ייִד און האָב ניט קיין ווינרעכט אין מאָסקווע.

דער אַדעסיט איז געווען אַזוי פאַרגוייִשט, מחמת דער פאָטער זיינער האָט אים געהאַט אָפּגעשמדט צו בר־מצווה, אַז ער האָט גאָר פאַרגעסן דעם אומשטאַנד.

— איז וואָס קען דערצו געטאָן ווערן? — פרעגט דער אדעסיט מיט סימ־פאַטיע.

א. ג. לערנט מיט אים די סוגיא פון פאַלשע פּאַספּאָרטן. ער דערקלערט אים, אַז אַלץ, וואָס ער קען טאָן, איז אויסלייען זיין פּאַס אויף אַ פּאָר טעג. און מע וועט פון אים מאַכן אַ דופּליקאַט.

דעם אדעסיטס פּנים לויכט אויף.

— דאָס איז אַ קלייניקייט. אָט האָט איר מיין פּאַס.

אין אַ פּאָר טעג שפּעטער איז א. ג. אַפּגעפּאָרן.

דער אָדעסיט און דאָס מיידל פּאָמעראַנץ האָבן אים באַגלייט.

## 239

## אויפן וועג קיין מאָסקווע

אַ צוג אין רוסלאַנד באַשטייט פון דריי קלאַסן. עפּעס ווי אונטערצושטיצן די טעאָריע מכוח דער קלאַסנסטרוקטור פון אונדזער געזעלשאַפט. ערשטער קלאַס פאַר אָנגעזעענע פּריצים, שררות; אויפן עקאָנאָמישן לשון: די, וואָס לעבן אויפן חשבון פון רענט; דער צווייטער קלאַס — פאַר די, וואָס מאַכן אַ לעבן פון יענעמס האָראָוואַניע, פּשוט גערעדט, ד״ה מאַרקסיסטיש געדברט, וואָס לעבן פון קאַפּיטאַל, פּראָפּיט, — פאַר די נגידים; דער דריטער קלאַס — פאַר „עמך״, פאַר די, וואָס טראָגן אויף זייערע אַקסלען אַלע איבעריקע קלאַסן, פאַר די אַרבעטער און פּויערים.

אַ מחיהדיק לאַנד רוסלאַנד. עס איז אַמאָל פאַראַן אַפילו אַ פערטער קלאַס, מע רופט עס אַ „מאַקסימקע״, נאָכן נאָמען פון דעם גרויסן רוסישן שרייבער מאַקסים גאָרקי (פּיעשקאָוו). אָט־דער קלאַס איז פאַר דעם לומפּן־פּראָלעטאַריאַט. אַלץ איז „ככתוב״, ווי עס שטייט געשריבן אין אַ טעקסטבוך. רוסלאַנד איז אַ מופלאַ־דיק לאַנד. מען קנעלט מיטן עולם פּאָליטישע עקאָנאָמיע און ראשי־פּרקים פון סאָ־ציאָלאָגיע אַפילו אין אייזנבאַן, ווי מקיים צו זיין דעם „ובלכתך בדרך״. מע שטאָפּט אין פּובליקום פון פאָרערס די דאָקטרינע אַפילו אונטערוועגס. מע טאָר ניט מפסיק זיין. ביטול תורה איז אַ שווערע עבירה.

פאַרשטייט זיך, אַז אַזאַ שטיקל מהות ווי א. ג., הן לויט דער קעשענע און הן לויט די איבערצייגונגען — און ביי אַנדערע, ניט אויסגערעדט זאָל עס זיין, וואַקסן דאָך די לעצטע אין זייערע בייטעלעך, — האָט געדאַרפט פאָרן מיטן דריטן קלאַס.

און אויב מיר וואָלטן אַזוי געטאָן, וואָלט פאַר אים אַ סך געזינטער געווען. ער וואָלט אויסגעמיטן יסורים און שרעק.

אָבער אין זיין ניט־אויסגערעכנטקייט האָט א. ג. אַזוי אויסגערעכנט: מיט אַ כתיבה, וואָס איז ניט קיין מהודר... פּראָסט גערעדט: מיט אַ פאַלשן פּאַס פון אַ געשוואָרענעם אַדוואָקאַט פּאַסט זיך צו פאָרן צווישן לייטישע מענטשן, אַז ניט וועט זיך עפּעס ניט שיקן. דאָס מיינט, דער פּאַספּאָרט וועט ניט זיין אין איינקלאַנג מיטן מקום.

ווייטער. אין יענע טעג פון היפּשער עקאָנאָמישער צעפאַלנקייט פלעגט מען שוין מוזן נעמען פּלעצער אין דריטן קלאַס כמעט ביד חזקה ובזרוע נטויה. און א. ג., ווי איר קוקט אים אָן, איז ווייט פון צו זיין אַ „גיבור להקים״...

ווי עס זאָל ניט זיין, לויט אַלע איינזעעענישן האָט ער געמוזט פאָרן אין צווייטן קלאַס, און אַזוי האָט ער טאַקע געטאָן.

אין קופּע וווּ ער האָט זיך באַזעצט, איז געווען אַ גענעראַל מיט זיין יונגער טאָכטער. דער גענעראַל איז געווען כמו שנאמר, אַ גענעראַל ווי אַלע גענעראַלן, מיט רויטע לאַמפּאַסן אויף די הויזן, מיט שיינע גלאַנצנדיקע עפּאָלעטן, מיט קלינגענדיקע שפּאָרן. אַלץ ווי ס'באַדאַרף צו זיין. קיין זאַך האָט ניט געפעלט. מיט גרויע האָר, גרויע וואָנצעס, מיט אַ שפּיציקן קוק, מיט אַ רעזאָנאַנספולער שטים, אַ באַסאָווער; עס האָט זיך געדוכט, אַז זי קומט אַרויס פון אונטער דער ערד. און אַ בויך האָט ער געהאַט פּונקט ווי אַ האַרמאַט אַוועקגעשטעלט אויף אַ פאָרט, — פּיף־פּאַף און עס קנאַלט פון אים אַרויס.

און די טאָכטער? ווי אַ טאָכטער באַדאַרף צו זיין, הויך און שלאַנק, אַ יונגער סאָסנעבוים, איידל, שמייכלעוודיק און אַ קוֹלכל, אויף אַלע יידישע טעכטער געזאָגט געוואָרן, פון אַ גלעקל אין אַ ווינטערשליטן, וואָס טראָגט זיך איבער אַ שנייפעלד, און רי קלאַנגען צעגיסן זיך, צעשיטן זיך פרידלעך און שלווהדיק; אַ דערקוויקעניש צו הערן.

קיין גרויסער בושת־פּנים איז א. ג. אין זיינע דערוואַקסענע יאָרן ניט געווען. און אַגב איז ער געווינט צו גענעראַלן. דאָס הייסט, ער איז געווינט געווען צו קריטיקירן מיליטאַריסטן. און וואָס איז אַ גענעראַל, אויב ניט דער אייבערשטער פון שטויסל אין דער פאַרפלוכטער זעלנערשער שטופּע.

ווי עס זאָל ניט זיין, דער גענעראַל האָט אַ. ג.'ן ווייניק געקימערט. זיין טאָכטער — דאָס איז שוין גאָר אַן אַנדער ענין. מע דאַרף אַ. ג.'ן פאַרשטיין און אים שלעכט ניט אויסטייטשן. עס איז פּשוט פריקרע צו זיצן צוזאַמען אין איין קופּע און קוקן איינער דעם אַנדערן אין די אויגן אַריין און ניט פאַרקניפּן עפּעס אַ מין שמועס, כאָטש־בי יועגן פאַראַיאָריקן שניי. און עס איז ניט ריכטיק צו זאָגן, אַז קיין אַנדער טעמע יוואָלט אַ. ג. ניט געפונען.

ווייטער. זי זיצט פּונקט אַנטקעגן אים אויפן דער באַנק און טוליעט זיך צום אַלטן טאַטן. אין אירע אויגן באַהאַלט זיך אויס אַ פאַרבענקשאַפט און אַמאָל לאָזט זי הערן, גאָר ווי ניט זי טוט עס, נאָר פון זיך אַליין קומט עס אַרויס, אַ פאַרשטיקטן זיפץ, און אירע בליקן, ווי פאַרבלאָנדזשעטע, זוכן אַ פּלאַץ, וווּ זיך אַראָפּצולאָזן, זיך אָפּשטעלן און זיך אָפּרוען.

פּאַר א. ג. איז דאָ געווען אַ גאַנצע טראַגישע געשיכטע, אַן עלעגיע. איר געליבטער ערגעץ ווייט־ווייט פאַרוואָרפן, אויפן מלחמה־פעלד. און ווער ווייסט, צי ניט אין אָט־דער מינוט פליסטערט ער איר נאָמען מיטן לעצטן אָטעמצוג.

ווער ס'פאַרשטייט דעם לשון פון בליקן, האָט ניט געקענט אין זיי לייענען קיין אַנדער זאַך ווי נאָר דאָס, וואָס ער האָט פון זיי אַרויסגעלייענט.

אַ. ג. איז אין דעם געווען זיכער.

און דער האַלב פאַרשטיקטער זיפץ איז געווען ווי אַן איבעריקער פּירוש אויף אַ קלאָרן טעקסט פון אַ מחבר אַ ראשון. אַ קלאַסיקער, הייסט עס, אויף אַ מאָדערנעם לשון.

וווּ איז דער קינסטלער, וואָס זאָל פאַראייביקן אָט־יענע בליקן פון די טויזנטער פרויען און מיידלעך אין יענער שרעקלעכער צייט?!

א. ג.׳ן האָבן די בליקן געשטאָכן ווי מיט שפּיזן, אָבער דאָך געצויגן, צוגעצויגן. דער גרעסטער, שטאַרקסטער מאַגנעט איז דאָס מענטשלעכע ליידן: חביבים יסורים!

פאַר אַ בליק אין טרויער וואָלט אַ. ג. אַוועקגעגעבן צען שטערן אין טיפסטן הימל.

ווי אַזוי הייבט מען אָן אַ שמועס?

פּשוט, אַ. ג. האָט געהאַט מיט זיך אַ העפט אָנגעפּילט מיט זיינע לידער.

דער נאָמען פון העפט איז געווען „אַ טאָגבוך פון זעלבסטליבע, געהייליקט מיינע איכן, זיכן און מיכן״. אַ העפט לידער מאָדערנע, פוטוריסטישע האָט געמוזט, לויט אַ. ג.׳ס פאַרשטיין די פּסיכאָלאָגיע פון אַ רוסישער פריילין, שפּאַלטן די ליפּן פון אַ יונגן געבילדעטן מיידל, יאָ קורסיסטקע, ניט קורסיסטקע. אַזאַ העפט איז געווען, אויף גנבים־לשון, אַ „פאָמקע״ צו עפענען שלעסער.

אַ. ג. נעמט אומשולדיק אַרויס זיין ביכעלע פאַרצייכנטע לידער, ווי קיין זאַך איז דערמיט ניט געמיינט. ער פאַנגט אָן אַ מכלומרשט לייענען און מאַכן קאָרעקציעס אויף די גליונות, פאַרטראַכט זיך, לייגט אַוועק דעם העפט אויפן טישל לעבן פענצטער, און גייט אַרויס אין קאָרידאָר.

פאַרשטייט זיך, אַז אַריינקומענדיק צוריק האָט ער שוין געפונען גאָר אַנדערע מענטשן.

דער אַלטער, שטעלט זיך אַרויס, האָט געהאַט אַקאַדעמישע בילדונג. די טאָכטער איז אַ קורסיסטקע אויפן היסטאָריש־פילאָלאָגישן פאַקולטעט. זיי האָבן זיך גאָר געשמאַק צעשמועסט. געוויינטלעך האָבן זיי אָנגעהויבן מיט דער נייער פּאָעזיע. דער אַלטער האָט זיך מער צוגעהערט ווי זיך באַטייליקט אין שמועס.

א. ג. האָט אויסגעגאָסן זיין פאַרביטערט האַרץ אויף דער פּאָעזיע.

— איז דאָס די טיר, דורך וועלכער דער נייער מענטש וועט אַריין אין זיין רוחניותדיקן פּאַלאַץ?! — האָט ער אַרויסגעבראַכט מיט האַרצווייטיק.

פּושקין באַרימט זיך עד היום מיט שטאָל־בוכשטאַבן אויף זיין מאָנומענט, וואָס באַצירט דעם ליידנשאַפט־סקווער: „מיט מיין לירע האָבן איך גוטע געפילן געוועקט״.

— איר זאָלט עס זאָגן! און איר שרייבט דאָך אַליין לידער, — האָט זי זיך געחידושט. — וואָס דאַרף דען פּאָעזיע טאָן, לויט אייער מיינונג? מוסר זאָגן, דרשות האַלטן. אַז אָך־און־ווי וואָלט צו אַזאַ פּאָעזיע געווען, — שלאָגט אָפּ זיינע רייד דאָס אומעטיקע מיידל.

— העלפן שאַפן אַ נייעם מענטשן און דעם נייעם מענטשן העלפן זיך איינשאַפן אַ ניי האַרץ, אַ ניי געפיל, אַן אידל, ראַפינירט געפיל, ער זאָל ניט לעבן מיט די אינסטינקטן פון אַ חיה.

אַ. ג. האָט זיך צעהיצט. אַריין אין עקסטאַז און געוואָלט זי דווקא איבערשפּאַרן.

— וואָס איז דאָ פאַראַן צו ריידן וועגן פּאָעזיע און אידעלע געפילן, ווען נאָך פיל הונדערטער יאָרן פון שרייבן, לייענען און זינגען לידער, רייסן זיך ציוויליזירטע, קולטורעלע מענטשן ניט בעסער פון די ווילדע, אפשר נאָך אַ היפּש ביסל ערגער.

אַ. ג. האָט מיט דעם לאַנצעט פון וואָרט געעפנט אַ וווּנד פול מיט אייטער און בלוט. עס האָט אַזש אַ שפּריץ געטאָן אין די אויגן.

די טאַכטער האָט אַרויסגעלאָזט אַ טיפן זיפץ און אַ וואָרף געטאָן מיט די אויגן, ווי זי וואָלט שיקן אירע פאַרבענקטע בליקן זוכן איר געליבטן איבערן פעלד, וואָס איז פאַרזייט מיט הרוגים און פאַרוווּנדעטע...

דער גענעראַל, דערשמעקנדיק פולווער, האָט זיך צעדברט און גענומען שיטן פעך און שוועבל אויף די דייטשן, די הונטן.

אַ. ג. האָט גערעדט וועגן דער הייליקייט פון דער מענטשלעכער פּערזאָן. ער האָט פאַרגעסן בשעת־מעשה, אַז ער רעדט צו אַ גענעראַל, אַ מיליטאַריסט, אַ קאַניבאַל.

דער גענעראַל איז אַרויס מיט זיין וויסנשאַפטלעכן געווער: דאַרווין, דער „קאַמף פאַר דעם קיום". צום סוף, וועלנדיק מאַכן זיינע אַרגומענטן שטאַרקער, ווייזט ער אָן מיט זיין רעכטער האַנט אויף זיין הונט, וואָס איז געלעגן דאָ דערביי, און אין שמועס זיך ניט באַטייליקט, אַפילו ניט מיט אַ ביל־טאָן.

— וואַרפט אַ שטיק פלייש און ער וועט זיך צערייסן און צעבייסן מיט אַלע אי־בעריקע הינט... און מיר, מענטשן, זענען מער ניט ווי הינט... — ער האָט פאַרענדיקט מיט נצחון און שטאָלץ, פאַרפילנדיק, אַז זיין דיסקוסיע וועט בלייבן אָן ווערטער.

— יאָ, — ענטפערט אַ. ג., אַראָפּלאָזנדיק דעם טאָן, — אויב דער הונט איז אַ פשוטער כלב, איז עס גאַנץ נאַטירלעך, אָבער אויב דער הונט איז מיט העכער בילדונג און ער פירט זיך אויף ווי אַ כלב, דעמאָלט איז ער ערגער פון אַ כלב שבכלבים.

אַ .ג. איז פאַרשוויגן געוואָרן, דערשפּירנדיק צוויי רחמים־בעטנדיקע בליקן אויף זיין פּנים. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז ער איז פאַרקראָכן צו ווייט.

די טאָכטער, פאַר וועמען די חכמת הפרצוף פון איר אַלטן, אין פולווער־פאַררויכערטן טאַטן איז געווען אַן אָפן בוך, האָט פאַרשטאַנען, אַז אַ שטורעם קען אָט־אָט אויסברעכן, און זי האָט זיך גענומען טוליען צו אים אַלץ באָענטער און נאָענטער. זי האָט פּרובירט איינשטילן אים און איבערגעחזרט די פראַגע:

— פּאַפּענקאַ, פּאַפּענקאַ, באַרויִקט אייך.

צום אומגליק און ווי אויף צו־להכעיס גיט זיך דער צוג אַ שטעל אָפּ. ס׳איז אַ סטאַנציע. דער אַלטער הייבט זיך אויף פון אָרט און לאָזט זיך צו דער טיר. די טאָכטער הענגט אויף זיין אָרעם און באַוועגט אירע ליפּעלעך. וואָס זי זאָגט קען אַ. ג. ניט הערן, אָבער ער באַגרייפט אַז זי שטעלט זיך איין פאַר אים.

אַ. ג. גייט צו צום פענצטער. אויף דער פּלאַטפאָרם שטייט אָנגעבלאָזן אַ מגושמדיקער זשאַנדאַר. דער גענעראַל גייט גלייך צו אים. די טאָכטער הענגט אויף אים מיט איר גאַנצן געוויכט. זי וויל אים צוריקהאַלטן.

קיין סך דאַרף אַ. ג. ניט. דער פאַלשער פּאַספּאָרט אין בוזים־קעשענע שטעכט זיך.

ער כאַפּט זיין הכל־בכל און ווי אַ פייל פליט ער דורך דער טיר אויף דער אַנדער זייט פון דער פּלאַטפאָרם.

מעשה־נס איז אַ וואַלד געשטאַנען נאָענט. איינער וואָלט מעגן זאָגן, אַז פון ששת ימי בראשית איז ער דאָ געשטאַנען און געוואַרט אויף אַ. ג.׳ן. און זיין עובדא איז צו פאַרבאַהאַלטן אים צווישן זיינע גאַסטפריינטלעכע ביימער און בושעס.

דער לאַקאַמאַטיוו האָט געגעבן אַ פּייף — און איז אַוועק.

ווער האָט וועמען אָנגעפּייפט?

אַ. ג. האָט ביי זיך אָפּגעמאַכט קיינמאָל ניט צו פאַרפירן קיין דיסקוסיע מיט גענעראַלן וועגן דער מלחמה, ווען אין קעשענע שטעקט אַ געוואַשענע קאַפּירטע פאַלשע כתיבה...

## 240

## מאָסקווע 1916

**פאַרפאַרן איז אַ. ג.** אין אַ האַלב־לייטישן האָטעל. ווי אַנדערש האָט ער געקענט האַנדלען. ער איז דאָך עפּעס נים אַבי־ווער, נייערט בפירוש אַ געשוואָ־רענער אַדוואָקאַט.

**ער האָט** איבערגענעכטיקט איין נאַכט, אַ צווייטע נאַכט און האָט גענומען פילן, אַז די לאַקייען, וואָס שטייען ביים אַריינגאַנג, קוקן אויף אים קרום אָדער פאַרשעריש. ער זעט זיי אויס עפּעס ניט עכט. מעגלעך אַז אים האָט זיך עס בלויז אָפּגעדוכט.

**דאָ איז** צוגעקומען אַ צופאַל. צוויי האָטעלגעסט האָבן זיך צעאַמפּערט וועגן אַ געזעץ און דערביי זיך געוועט אויף אַ היפּשער סומע. זיי האָבן זיך דערוווּסט, אַז אין האָטעל געפינט זיך אַ געשוואָרענער אַדוואָקאַט, זענען זיי געקומען צו אים. ווען ער איז געזעסן אין פּאַיע און אַריינגעקוקט אין אַ צייטונג, ער זאָל ווי אַ מומחה אַנטשיידן און זאָגן ווער פון זיי איז גערעכט און געווינט דעם וועט.

ער האָט זיי אָפּגעשטויסן מיט אַ שטרוי. ער האָט זיי געראַטן קומען צו אים אין אָדעס, ווו ער פּראַקטיצירט, און ער וועט זיך לאָזן באַצאָלן און אַרויסגעבן זיין פּסק. דאָ אין מאָסקווע פאַרנעמט ער זיך ניט מיט זיין פּראָפעסיע. ער האָט עס געזאָגט האַלב־שפּאַסיק. די פּרעגערס האָבן זיך צעשמייכלט, אַנטשולדיקט פאַר באַאומרוקן אים און אַוועק.

**אַ. ג.׳ן** איז עס אַריין אין נאָז. אפשר האָט זיך דערוועקט אַ חשד מכוח זיין כתיבה און זיי האָט מען אונטערגעשיקט אַ טאַפּ צו טאָן זיין דופק.

דעם זעלביקן אָוונט האָט ער זיך אַרויסגעצויגן.

אויסער דעם איז אים געווען פּריקרע צו געברויכן דעם פּאַס פון אַ געשמדטן. אַריינפאָרן אויף אַזאַ פּאַס — איז איין זאַך, וווינען אויף אַזאַ פּאַס האָט ער ניט געקענט. אַזאַ פּאַס אין זיינע אויגן איז געווען מוקצה מחמת מיאוס.

ער האָט זיך אַרויסגעצויגן און זיך אַריינגעצויגן — צו וועמען?

ער האָט זיך דערוווּסט, אַז די האָכבערגס געפינען זיך אין מאָסקווע און אַז חבר האָכבערג איז עקאָנאָמיש נתעלה געוואָרן. ער האָט געקראָגן אַ גוט־באַצאָלטע קאָמערציעלע שטעלע ביי איינעם אַ רייכן ייִדן מיטן נאָמען פראַנק. ער איז געוואָרן זיין פאַרטרעטער, אַ קאָמיסיאָנער, איינקויפער און פאַרקויפער.

ער האָט אויך געפירט געשעפטן אויפן אייגענעם חשבון. געקויפט דורכן טע־לעפאָן און פאַרקויפט דורכן טעלעפאָן, ניט אָנקוקנדיק די סחורה, ווען ער האָט זי געקויפט, און ניט געזען זי, ווען ער האָט זי פאַרקויפט און רעאַליזירט דערביי

אַ היפּשן ריווח. מחמת פּרייזן זענען געשטיגן פון שעה צו שעה און רוסיש געלט, — אַסיגנאַציעס און באַנקנאָטן — האָבן כסדר געהאַלטן אין פאַלן.

האָבן די האָכבערגס אַריינגענומען אַ. ג.׳ן צו זיך, אים אָפּגעגעבן אַ באַזונדער צימער און דעם סטאָראָזש, וואָס האָט אַכטונג געגעבן אויף וווינונג־כשרות, אַריינגערוקט אין יד אַריין לאַ־יחרץ־געלט. אַ. ג. איז אַזוי אָפּגעזעסן אין שלווה עטלעכע וואָכן.

לאה האָט זיך גלייך גענומען צו דער אַרבעט אויפצוזוכן פאַר אים לעקציעס. אין מאָסקווע האָט זי געהאַט אַ גרויסע באַקאַנטשאַפט און אויך אַ צעצווייגטע משפחה. זי האָט אַ. ג.׳ן אָפּגערימט ביז גאָר. זי האָט אים רעקאָמענדירט ווי גאָר אַ גרויסן פּעדאַגאָג. זי האָט ניט געליגנערט; זי האָט ווירקלעך געהאַלטן פון אים און געשטעלט אים זייער הויך אין דער פּראָפעסיע סיי ווי אַ טעאָרעטיקער און סיי ווי אַ פּראַקטיקער. האָט זי געקראָגן פאַר אים אַ לעקציע ביי די גאָטליבס, אירע קרובים. ער איז געווען אַ געענדיקטער יוריסט און אַ ייִד אַן עושר. זיין פרוי איז אויך געווען מיט הויכער בילדונג. געהאַט האָבן זיי אַ בן־יחיד, באָראַ איז געווען זיין נאָמען. בסך־הכל איז ער אַלט געווען אַ יאָר צען. אין רייכטום און זייענדיק ליבעראַל געשטימט, האָבן זיי ניט געוואָלט, אַז זייער זון זאָל זיך פּייניקן אין דער מלוכהשער ביוראָקראַטישער שול. האָט מען געדאַרפט קריגן פאַר אים אַ פּעדאַגאָג, ער זאָל אים דערווייל לערנען, און שפּעטער־צו וועט ער פאָרן שטודירן אין דער שווייץ. אויף לאהס רעקאָמענדאַציע האָבן זיי זיך פאַרלאָזן. זיי האָבן געוווסט, אַז זי איז אַ גאָר געהויבענע לערערן. זי האָט געהאַט אַ פּריוואַטן קינדערגאָרטן, וואָס האָט געהאַט אַ גוטן נאָמען אין מאָסקווע. זי האָט פאַר אים געקראָגן נאָך עטלעכע לעקציעס, אַזוי אַז ער האָט געהאַט אויף אויסקומעניש.

אין מאָסקווע בייטאָג האָט מען געקענט זיין. די פּאָליציי האָט ניט באַאומרויִקט. די שוועריקייט איז געווען מיטן נעכטיקן. אַ. ג. האָט זיך אַרויסגעצויגן פון די האָכבערגס און געפונען אַ פּלאַץ אויף איבערצונעכטיקן. דאָס איז געווען אין לאָסינקע, אויף אַ זומערוווינונג, וואָס האָט געהערט צו אַן „אַלטשטייגערדיקן", אַ סטאַראָאָבריאָדעץ. געבראַכט האָט אים צו אָט־דעם סטאַראָאָבריאָדעץ דער „איסקראָווער" פון קרעסלאָווקע, וואָס ביי זיי אין הויז איז א. ג. איינגעשטאַנען. ער האָט זיך אַצינד געפונען אין מאָסקווע, און האָט קיין ווינרעכט ניט געהאַט.

די זומערוווינונג איז געווען אַ מקום מקלט פאַר אַלע ייִדן, וואָס האָבן אין מאָסקווע ביי דער נאַכט ניט געהאַט ווו זיך אַהינצוטאָן. איז מען געפאָרן אַהין נעכטיקן. לאָסינקע איז געווען ניט מער ווי אַ וויאָרסט צוואַנציק פון מאָסקווע.

דאָ, אויף אָט־דער זומערוווינונג, איז געווען אַן ערב־רב, אַ קאָלירפולע און אַ זייער אַמוזירנדיקע געזעלשאַפט. דאָ האָבן גענעכטיקט זינגערס, קאָנצערטיסטן, באַלעט־טענצערס, אַקטיאָרן, מוזיקאַנטן, פידלשפּילערס, סוחרים, שרייבערס, לערערס, מאלערס, סקולפּטאָרס. אַלע יונג, פול מיט לעבן, מיט אַמביציע, מיט ענערגיע צום אַריבערגיסן זיך. אַזוי אַז די אָוונטן זענען אַוועקגעפלויגן אויף פליגלען פון געזאַנג, טענץ און געשפּיל אויף פאַרשיידענע אינסטרומענטן ביז גאָר שפּעט אין דער נאַכט. עס איז געווען אַ לעבעדיקע וועלט. אויף דעם פּלאַץ האָט אַכטונג געגעבן דעם אייגנטימערס טאָכטער, אַ שיינהייט, וועלכע האָט געסאַרווערט טיי און צובייסן.

דער צימער איז געווען גרויס ווי אַ פעלד. די איבערצוימונגען־ווענטלעך צענומען. בעטן זענען געשטאַנען איינע לעבן די אַנדערע.

ווינטערצייט. די אויוונס זענען געווען אָנגעגליט. דאָך איז דאָס וואַסער אין צימער פאַרפראָרן געוואָרן, אַזוי קאַלט איז עס געווען. דאָס קישן אונטער אַ. ג.׳ס קאָפּ, וואָס איז געלעגן ניט ווייט פון אויוון האָט געסמאַליעט — און אין צימער האָט מען געקענט דערפראָרן ווערן. אָבער אַזעלכע קאַלטע נעכט זענען אַפילו אין מאָסקווע געווען די יוצא־מן־הכלל, ניט דער כּלל.

אָפּזייענדיק אין מאָסקווע אַ חודש, האָט אַ. ג. גענומען באַגרייפן, אַז זיינע השגות וועגן רוסלאַנד זענען ניט ריכטיקע.

וואָס איז ביי אים געווען רוסלאַנד? די רוסישע ליטעראַטור, די רוסישע פּראָמינענטע שרייבערס: גאָרקי, אַנדרייעוו, טשעכאָוו און אַ צענדליק קאָריפייען. ער האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז זיי שפּילן די ערשטע פידל אין רוסישן לעבן; אַז זיי זענען עס די טאָנגעבערס, די וואָרטזאָגערס; אַז צו זיי הערט זיך צו דאָס רו־סישע פאָלק.

אַצינד האָט ער גענומען פאַרשטיין, אַז דאָס איז געווען אַ חלום פון אַ בוך־מענטשן.

מיט די שרייבערס האָט דאָס אַקטועלע לעבן פון די ברייטע מאַסן געהאַט זייער ווייניק באַריר־פּונקטן. מיט דער ליטעראַטור האָבן זיך אינטערעסירט זייער ענגע קרייזן, אַ גאָר דינע שיכט פון דער אינטעליגענציע.

אויפן טאָגטעגלעכן לעבן האָבן געהאַט אַ ווירקונג די ביוראָקראַטיע, די מיליטערלייט, די פּאָליציי, אָפענע און געהיימע. אַפילו די אינדוסטריאַליסטן האָבן געהאַט אַ גאָר קליינע השפּעה אויפן עפנטלעכן לעבן.

דעם אויבנאָן האָבן פאַרנומען די אַדמיניסטראַטאָרן, אין מאָסקווע דער גענעראַל־גובערנאַטאָר, פאַר זיין פּיפּס האָט די גאַנצע שטאָט געציטערט און געפלאַטערט. די ליטעראַטן האָבן זיך געהאַט זייערן אַ ווינקל. אויף זייערע פאַר־לעזונגען איז געקומען אַ גרויסער עולם. אָבער פון וועמען איז ער באַשטאַנען? פון סטודענטן און קורסיסטקעס, צווישן וועלכע עס האָבן זיך געוואָרפן אין די אויגן יידישע בחורים און מיידלעך.

אַ. ג. האָט געבראַכט מיט זיך קיין מאָסקווע אַ היפּשע צאָל לידער.

איז ער געגאַנגען זען באַלמאָנטן און בריוסאָוון.

באַלמאָנטן האָט ער אָנגעשריבן אַ בריוול און געבעטן אים געבן אַן אוידיענץ. אַדרעסירנדיק אים אין בריוו האָט ער געברויכט דעם לאַנגן צאַרישן טיטול. נאָר אַלעמאָל צוגעשטעלט ווערטער, וואָס באַצייכענען קלאַנגען, ריטם, האַרמאָניע, ווי דער גרויספּירשט פון איינקלאַנג „וועליקי קניאַז סאָזוווטשיע״ וכדומה. ער האָט פאַר זיי, אויף זיינע באַזוכן, פאָרגעלייענט זיינע לידער.

## איגאָר סיעווועריאַנין

איגאָר באַהענגט די שטאָט מאָסקווע מיט פּלאַקאַטן. עס איז אַ באַקאַנטמאַכונג, אַז איגאָר סיעווועריאַנין וועט אויפטרעטן.

דער פּאָליטעכנישער מוזיי איז איבערפול.

ווער איז דאָרטן?

אַלע מיידלעך, קורסיסטקעס פון דער גאַנצער שטאָט מאָסקווע. איר דאַרפט באַגרייפן, אַז אין יענער צייט איז כמעט ניט געווען איין יונג מיידל, יאָ קור־סיסטקע אָדער ניט קורסיסטקע, רעכט אַ גימנאַזיסטקע פון די העכערע קלאַסן פון גימנאַזיע, וואָס איז ניט געווען פּלאַטאָניש פאַרליבט אין איגאָרן און האָט ניט געקענט דעקלאַמירן זיינע לידער אויף אויסווייניק.

אין יענעם אָוונט האָט קיין פאַרליבטער בחור ניט געקענט זען זיין מלכה, סיידן ער איז איר נאָכגעגאַנגען צו הערן איגאָרן.

עס פאַרשטייט זיך, אַז דעריבער זענען געווען אין זאַל אויך בחורים, דאָס הייסט, פּאָרלעך.

אָבער קיין תבת־נוח איז דער מוזיי ניט געווען און מיידלעך אויך אָן באַגלייט פון קאַוואַליערן האָבן געקויפט בילעטן און האָבן אין געאייל, אַריבעריאָגנדיק איינע די אַנדערע, פאַרנומען די ערטער אין גרויסן אוידיטאָריום.

קעפּ, קעפּ, קעפּ מיט צעפּ און אָן צעפּ, מיט לאָקן און אָן לאָקן, פון אַלע קאָלירן, בלאָנדע און ברונעטנס. מער, געוויינטלעך, בלאָנדע. כאָטש אָן ייִדישע מיידלעך באַגייט זיך ניט אַזאַ פאַרזאַמלונג.

ער באַוויזט זיך.

אַ שטראָם צעטראָגט זיך, אַ דונער קנאַלט איבער די קעפּ. מען אַפּלאָדירט. מע מאַכט אַן אָוואַציע.

איגאָר איז הויך און שוואַרץ און אָנגעפּודרעוועט. ער פאַנגט אָן צו זינגען, דאָס מיינט דעקלאַמירן מיט אַ מאָדנעם ניגון, וואָס ער אַליין האָט צוגעטראַכט, און דער ניגון קלעפּט צו די פערזן ווי אַן אַרבעס צו דער וואַנט.

אָבער עס איז אויסטערליש, עס איז מאָדנע, און מאָדנע מיינט ניי. עס רייצט, עס קיצלט, עס איז נייע פּאָעזיע.

ביי איגאָרן ווי ביים רוב דיכטער: וואָס איז ניי איז ניט קיין פּאָעזיע און וואָס איז פּאָעטיש איז שוין גאָרניט ניי.

אָבער אַזעלכע זאַכן קימערן ניט די מיידלעך און בלומען שיטן זיך פון אַלע זייטן, פון אויבן און פון אונטן.

אַ בלומענקרוין פאַרן פּאָעט און פאַר זיין בוך „אַ זאַמלונג פון פּאָעזיעס". איך וויל ניט מאַכן אַן אינסינואַציע, אַז די לידער אין בוך טויגן ניט. זאָל דער גאָט פון פּאָעזיע מיך אָפּהיטן. די זאַך איז אַזוי: דאָס בוך איז פול מיט צופיל־שרייענ־דיקס: צופיל צימבלען און פויקן לאָזן זיך הערן פון צופיל זייטלעך, אַזוי אַז זיי פאַרטומלען די פיינע לירישע טענער פון פיל לידער.

פּאָעזיע איז ניט אין רעש, אין געפּילדער, אין די איבער־קולות.
ווו עס פעלט געפיל, גילט צעדרייעניש.

אַ מיידל צי אַ ווייבל, דער גוטער יאַר ווייסט, גייט אַרויס און זינגט איגאָרס לידער אויף איר אייגענעם שטייגער. זי דעקלאַמירט זייער מאָדנע, זייער טשי־קאַווע. דער נוסח איז צופיל געדרעקסלט.

דאָס מיידל איז איגאָרס ווייבל. די דרייצנטע, זאָגן די שלעכטע צינגער. אָבער פּאָעטן מעגן דאָס אוממעגבאַרע, וואָרעם פּאָעזיע איז אַן אַלמעגלעכקייט אין פּאָע־זיע, אין איר אייגענעם תחום.

נאָך איר טרעט־אויף איגאָרס תלמיד ב. ק. ער זינגט, ווי־דער אויף זיין שטייגער און זיין שטייגער איז וואַריאַציעס פון איגאָרס ניגון.

איגאָר וויצלט זיך, וואַרפט זיך איבער מיט ווערטלעך מיט דעם מיידלשן עולם. עס איז לעבעדיק און פריילעך. מע דינט דעם גאָט פון פּאָעזיע בשמחה און מ׳פּרייט זיך אין ציטער.

דער עולם שרייט פון די ערטער.

מ׳פאָדערט לידער און מ׳זאָגט וועלכע. מ׳וואָלט וועלן הערן פון זיין הייליקן מויל אַרויס. „די דרייצנטע"... ליבע הייסט זיין ליד.

ער ווערט פאַרשריִען און פאַרקלונגען פאַרן גרעסטן פּאָעט.

באמת, ווו איר זאָלט ניט זיין: אין אָדעס, יעקאַטערינאָסלאַוו, מינסק אָדער מאָסקווע, געפינט איר מיידלעך, וואָס לאָזן זיינע לידלעך פון מויל ניט אַרויס.

אַז מע צעפּאָרט זיך אַהיים פון די אוניווערסיטעטן אָדער הויכע פּרויענקורסן, פאַרשלעפּט מען זיינע לידער אַפילו העט־העט ווייט אין קאַלטן סיביר. די פעלדער הערן אַ מאָדנעם רוסיש. זיי חידושן זיך: די גראַמען אַזעלכע טשיקאַווע. פרעמדע ווערטער אָן אַ שיעור. די איינגעבוירענע רוסישוואָרצלדיקע געפילן, ליפּן און גור־מען פאַרשטייען זיי ניט, אויף יעדן פאַל פילן זיי אין זיי ניט קיין טעם, אָבער עס איז משונה ווילד. עפּעס איז אַרויס פון זיין אייגענער הויט, צי אַרויסגעריסן זיך פון געשפּאַן, פון סיסטעם — און עס ציט־צו די שטודירנדיקע יוגנט.

וואָס ווינציקער דורכגעפילט, אַלץ בעסער פילט מען זיך.

אַ מין זוהר־לשון, וואָס ווינציקער פאַרשטאַנען, אַלץ טיפער איז דער ברונעם פון הייליקייט, אין וועלכן דאָס לשון טונקט זיך.

סודות אין סעדער, פאַרשאָטנטע אַלייען הערן קושן פאַרווירצטע מיט גע־בראָכענע גראַמען פון איגאָרן.

און צו־להכעיסן דעם לשון ווערן אַ געוויינטלעכע זאַך, שיער ניט אַ מנהג, אַ ריידנסשטייגער.

קיין ספק ניט: כל זמן מיר לעבן, פילן, דענקען און ווילן זיך אויסערן, וועלן מיר שאַפן ווערטער און ניואַנסן אויסצודריקן אַזוי פינקטלעך און אַזוי שיין ווי מעגלעך אונדזערע געפילן און געדאַנקען.

נעמט אַ בעל־מלאכה. ער האָט געצייג און פאַרן יעדן שטיקל געצייג זיין באַשטימטן נאָמען.

נעמט אונדז, מענטשן, יאָ שרייבערס, דיכטערס און ניט שרייבערס און ניט־דיכטערס, נעמט אונדז מיט אונדזער האַרץ און דעם גאַנצן ים פון לידער, וואָס

שלאָפט רויִק אָדער שטורעמט דאָרטן. ווו זענען די ווערטער, ווו זענען די נעמען פאַר אונדזערע איבערלעבונגען?

— נישטאָ. מיר זענען שטומע. ליבע, שנאה, פריינטשאַפט, פיינטשאַפט. דאָס איז כמעט אונדזער גאַנצער נאָמענקלאַטור. קען מען דען אויסדריקן עפּעס אייגנאַרטיקס, אייגנס מיט אָט־די אויסגעוועפּטע ווערטער: ליבע, סימפּאַטיע!

מיר שלאָגן זיך בפועל ממש קאָפּ־אָן־וואַנט פון שטומקייט.

עס ברומט, יוירט אין אונדז. מיר ווייסן אָבער ניט, ווי אַזוי עס אַרויסצוברענגען, ווי אַזוי עס אָנצורופן, ווי אַזוי עס אָפּגיסן אין אַ פּאַסיקע פאָרם.

עס איז פאַראַן אַ באַדערפעניש אין שפּראַכשאַפונגען, אַ פלאַץ פאַר שפּראַכאויסברייטערונג. אָבער אין ס׳רוב פאַלן ווערן מיר אין כעס, פאַלן אַריין אין רציחה און נעמען ברעכן די וואַזעס פון די ווערטער און קלאַנגען. דער רעזולטאַט — אַ הויפן שערבלעך, אָן לייב־און־לעבן.

מעשה ייִנגל שלאָגט ער זיך אין ברוסט, ניט על־חטא, נאָר פאַרזיכערט דעם עולם, אַז פושקין לגבי אים, דעם מאָדערנעם דיכטער, פלוני בן פלוני, איז גאָרניט שבגאָרניט.

אויב איך מאַך ניט קיין טעות איז איגאָר סיעוועריאַנין געווען דער ערשטער, וואָס האָט איינגעפירט דעם נוסח: „איך בין גרעסער פון פושקינען“.

איך האָב אים, מעשה פריינט, ניט אויסן־זייענדיק, חס ושלום, אים אַוועקצומאַכן מיט דער האַנט, געפרעגט:

— כ׳לעבן, איגאָר, איר זענט גרעסער פון פושקינען. וואָס מיינט איר זענט גרעסער? דאָס מיינט, אייערע לידער זענען גרעסער און גרעסער מיינט בעסער. טאָ טוט מיר אַ טובה און ווייזט מיר אייער „יעווגעני אַניעגין“.

ער איז געבליבן אויף איין אויגנבליק פאַרווירט און האָט עפּעס געברומט אונטער דער נאָז. ער איז גלייך געקומען צו זיך און כדי צו באַווייזן זיין אַריבערשטייגן פושקינען שוואַרץ אויף ווייס, האָט ער מיר דערלאַנגט זיין ערשטן באַנד לידער, „אַ זאַמלונג פּאָעזיע“, און עס טאַקע אויטאָגראַפירט און האָט אָנגעשריבן בזה הלשון: „צום קאָלעגע פּאָעט אאַז״ור“, ווי דער שטייגער איז צווישן שרייבער, וועלכע שאַנעווען ניט קיין קאָמפּלימענטן.

איך, געוויינטלעך, בין אים, חס־ושלום, קיין בעל־חוב ניט פאַרבליבן. איך האָב אים געגעבן אַ מתנה דעם „יונג־מענטש אָדער דער פינפבונד“ מיט אַן אויפשריפט פון מיר. איך האָב אויך קיין קאָמפּלימענטן ניט געזשאַלעוועט.

אַ. האָט פאַרבראַכט מיט איגאָרן און זיינע חסידים אַ גאַנצע נאַכט אין אַ האָטעל רעסטאָראַן. חברה האָבן געטרונקען שאַמפּאַניער, זיך גוט אָנגעשיכורט און געענדיקט מיט ברעכן שויבן און צעדרוזגען טריומאָ־שפּיגלען. פאַרן היזק האָט באַצאָלט אַ ווילטעטיקע רייכע פרוי, אַ ליבהאָבערן פון פּאָעזיע.

נאָך דעם ווי איגאָר האָט אויפגעבראָכן דעם צוים, איז דאָס „פאַררוקן פושקינען אין אַרבל“ אַריין אין שוסטערגאַס. יעדעס ייִנגל, וואָס קומט אַרויס אויף דער ליטעראַטנוועלט צו באַרייכערן זי מיט צוויי דריי צעבראָכענע שערבלעך פון גראַמען, הייבט־אָן זיין אויטאָגראַפיע מיט דער דערקלערונג צו כל באי־עולם, אַז ער איז העכער מיט צען שטאָק פון פושקינען.

242

## ק. ד. באַלמאָנט

ק. ד. באַלמאָנט וועט פאַרלייענען זיינע לידער! ער איז געקומען צוריק פון יאַפּאַן. עס איז בשעת מלחמה.

די מוזעס שווייגן ניט אין מאָסקווע. זיי פלייסן זיך אַריבערצושרייען די קוילנוואַרפערס און אַפילו די האַרמאַטן.

אַ גרויסער עולם אין פּאָליטעכנישן מוזיי; ניט נאָר מיידלעך מיט יינגלעך. נאָר עלטערע מענטשן אויך. מיר האָבן דאָ די פּני פון מאָסקווע.

מאָסקווע, ס׳איז הכל יודעים און הכל מודים, האָט געהאַלטן זייער שטאַרק פון פּאָעזיע, פון קונסט.

דאָס איז געווען דער איינציקער געביט, ווו די אינטעליגענציע האָט זיך געפילט פריי, ווו זי האָט געקענט עפּעס אויפטאָן, ניט אָנשטויסנדיק זיך אויף דעם אומעטומיקן רויטן קאָלנער.

עס איז געשאַפן געוואָרן אַ קולט פון לשון, פּאָעזיע, מוזיק, מאָלעריי, בכלל פון קונסט.

עס דאַרף אַזוי זיין. אָן קונסט איז ניטאָ קיין פיל־גראַנירט, פול־געלאָדנט פאַרבנרייך לעבן.

וויל מען, אַז מענטשן זאָלן לעבן צוזאַמען ווי מענטשן, ניט ווי דבר־אחרס אין בלאָטע אָדער ווי כלבים, וואָס רייסן זיך און בייסן זיך אַרום אַ ביין, מוז מען זיי לערנען צו שאַצן און טייער האַלטן קונסט, אַ דיסציפּלין, וואָס איז דיסציפּלינ־לאָז, ווו עס הערשט אַנאַרכיע, ווו אַלץ איז דערלויבט.

באַלמאָנט איז אויף דער בינע.

דער עולם האַלט־איין דעם אָטעם. דער עולם — פילט־אָן דעם אודיטאָריום צו פולער קאַפּאַציטעט. אַפילו די גאַלערייען ברעכן זיך שיער ניט אונטערן געוויכט פון פּובליקום.

איך האָב קיינמאָל אַזאַ הייליקע געשפּאַנטקייט פון אַן עולם ניט בייגעווינט.

מוזעס פאָכען מיט די פליגלען הויך ביז דעם סופיט. פון אונטער זייערע פליגלען וועקן זיך גן־עדן־ווינטעלעך.

באַלמאָנט — מיט זיין בלאָנדער באָרד, לאַנגע בלאָנדע האָר, — אַ פעלד פון פלאַקס.

די אויגן שיטן גאַרבן ליכט און באַגייסטערונג.

עס דוכט זיך אַלעמען:

דאָ איז אַ האַרץ, וואָס קלאַפּט אין אוניסאָן מיט דעם וועלטפּולס, מיטן קאָס־מאָס־דופק; עס באַוועגט זיך צום טאַקט פון די ספערן, וואָס האַלטן־אָן זייער־זינגען.

דאָ איז דער קוואַל פון איינקלאַנג, צוזאַמענקלאַנג און ריטם.

אָבער —

באַלמאָנט לייענט זיינע לידער. ער לייענט איינפאַך, אָן פּאָזע, אָן אָנשטעל. אַ

פּאָעט לייענט זיינע אייגענע לידער. ער איז ניט קיין דעקלאַמאַטאָר, ער איז ניט קיין פֿאַרלייענער, צו אַזאַ נידעריקער מדרגה וועט ער זיך ניט אַראָפּלאָזן.

ער לייענט זיינע איבערזעצונגען פון יאַפּאַניש; רימט אין דער וועלט אַריין די יאַפּאַנישע פּאָעזיע, זעט איר גרויסקייט אין קליינקייט. און אַלץ איז, דוכט זיך, כשורה.

אָבער ניין. אַפילו ער, וואָס איז באמת פול מיט פּאָעטישקייטן ווי אַ מילגרוים, האַלט ניט אויס. אויך ער איז אָנגעטרונקען מיטן גייסט פון פֿאַרווירעניש און צעדרייעניש.

מ׳מוז זיך באַרימען. אַזאַ מאָדע. די אַלטע טאָרן ניט אָפּשטיין פון די „יונגע״.

און אויב ער שרייט ניט בפני־כל־עם, פאַרן גאַנצן עולם, איך בין גרעסער פון פושקינען, זאָגט ער עס אויף אַן אַנדער אופן:

— איך בין מער אויסגעלאַסן ווי פושקין; איך בין גרעסער פון אים אין הפקירות.

ער עפנט דאָס מויל... גיישעס נעמען זיך שיטן, ווי ווערימדיקע אַרבעס.

„אַ ווייב פֿאַר אַ נאַכט, אַ ווייב פֿאַר אַ שעה, פֿאַר אַ מאָמענט פון אַנטציקונג״.

ער לייגט אַריין די טומאה אין דער יראה, שמדשטיק אין פּאָעזיע, ווי איי־נער זאָגט:

— איך בין אַ גרעסערער כל־בוניק פון פושקינען.

די נשמה־יתרה־שטימונג פֿאַרלאָזט דעם זאַל.

אַ וואָכעדיקייט אָנגעטאָן אין אַ זאַלצזויקל לאָזט זיך אַריין.

אין באַלמאַנטס אויגן ווערן אויסגעלאָשן די ניצוצות פון קדושה.

באַרימעריי מיט כלומרשטע עבירהלעך.

וואָס האָט עס צו טאָן מיט פּאָעזיע, וואָס אַלע טייכן האָבן ניט געקענט פֿאַר־לעשן אירע קוילן!

עס איז דאָ פּערל, עס איז אָבער אויך פֿאַראַן אַן אָפּגרונט און אַ טיפקייט.

עס איז פֿאַראַן אַן אין־סוף, אַ הימל, וואָס דערציילט די ערע פון גרויסקייט און דערהויבנקייט.

עס זענען פֿאַראַן רגעס, וואָס קייקלען זיך ווי שראָט; עס איז אָבער אויך פֿאַראַן אַן אייביקייט.

בערג און טאָלן ווערן פֿאַרגיין און זי שטייט און רוקט זיך ניט פון אָרט, און טו איר עפּעס!

ווו איז דער אמתער קוואַל פון פּאָעזיע?

די שויס פון דער מוטער? פון דער געליבטער? אָדער די שויס פון דער אויף־מאָמענטן אויסגעביטענער גיישע?

איך בין ניט קיין מגיד. איך זאָג אים ניט קיין מוסר. מיך אַרט עס בלויז, ווייל עס איז צו קאָמיש צו זיין זינדפול. גרויס דאַרף זיך ניט קליין מאַכן; קלוג דאַרף זיך ניט נאַריש מאַכן און אויסשמירן זיך די צורה מיט סאַזשע, ווייל אַזוי טוען די פורים־שפּילערס אין די קליין־גרויסע שטעט און שטעטלעך.

## מ׳יט פריינט

ביי די האָכבערגס אין הויז איז אַ. ג. געווען אַ בן־בית. ער פלעגט קומען פרי און זיין ביי זיי אַ גאַנצן טאָג, עסן פרישטיק, מיטיק און אָוונטברויט און שפּעט אָוועקפאָרן שלאָפן אין לאסינקע. דאָ, ביי די האָכבערגס, האָט ער זיך באַפריינדט מיטן באַרימטן קריטיקער בעל־מחשבות, ד״ר עליאשעוו.

האָכבערג איז געווען דער פאָרשטייער פון דער „געזעלשאַפט פאַר פאַר־שפּרייטן בילדונג צווישן די ייִדן אין רוסלאַנד״, פון דער ייִדישיסטישער סעקציע. ער איז געווען איינער פון די אייפערדיקע קעמפערס פאַר דער ייִדישער שפּראַך אין דערדאָזיקער געזעלשאַפט. אַמאָל איז זי באַשטאַנען פון משכילים־אַסימיליאַ־טאָרן. מיט דער צייט האָט זיך די מיטגלידערשאַפט געביטן. עס האָבן זיך אָנגע־שלאָסן אָן איר נאַציאָנאַלע ייִדן פון צוויי ריכטונגען, העברעיִסטן און ייִדישיסטן.

ד״ר עליאשעוו האָט געקראָגן פון דער געזעלשאַפט, טאַקע דורך האָכבערגן, אַרבעט, וואָס איז באַשטאַנען אין איבערזעצן פון רוסיש עטלעכע פּאָפּולערע טעקסטביכלעך וועגן זאָאָלאָגיע, ביאָלאָגיע וכדומה. ד״ר עליאשעוו האָט געמאַכט די איבערזעצונגען, געקראָגן פאַר זיי ניט שלעכט באַצאָלט. אָבער זיין ייִדיש, לויט האָכבערגס השגות, איז געווען צופיל דייטשמעריש. האָכבערג האָט באַלאַנגט צו די פּוריסטן, מאָדערניסטן. האָט ער געגעבן אַ. ג.׳ן איבערקוקן ד״ר עליאשעווס איבערזעצונגען און זיי ייִדישיזירן. אַ. ג. האָט געטאָן די אַרבעט פון רעדאַקטירן אָן באַצאָלט, אויף די ווערק האָט ער זיין נאָמען ניט אָנגעגעבן, כדי ניט מבייש זיין בעל־מחשבותן.

מיט בעל־מחשבותן האָט א. ג. געהאַט אַ צוזאַמענשטויס איבער די ברידער ג.׳ס ווערק דער „יונג־מענטש אָדער דער פינף־בונד״. בעל־מחשבות האָט געגעבן אַן אומגינציקן אָפּרוף מינדלעך, ניט שריפטלעך.

אַ. ג. האָט געענטפערט מיט כעס און אויפרעגונג אין דעם דערבייזיין פון די האָכבערגס:

— אייער ליטעראַטור־קענטעניש און פאַשטענדעניש האָט איר געבראַכט איינגעפּאַקט אין אייער וואַליז, ווען איר זענט געקומען אָן אויסגעשטודירטער פון דער שווייץ. דעמאָלט האָט די ליטעראַטור געהאַלטן ביים סימבאָליזם. די נייערע שולעס און ריכטונגען ווי די פוטוריסטן, אימאַזשיסטן זענען נאָך ניט געווען אויפגעקומען, דעריבער ווייסט איר וועגן זיי גאָרניט. איר שטעקט מיטביידע פיס אין דער פאַרגאַנגענהייט. ביי אייך איז די חתימת־התורה דער סימ־באָליזם. אין טראָט ווייטער זענט איר ניט געגאַנגען.

ד״ר עליאשעוו האָט געענטפערט בנעימותדיק:

— מעגלעך, אַז איר זענט גערעכט. איך קען די נייע שולעס און ריכטונגען, ווי איר רופט זיי, פאַרווירעניש און דראַפּעניש אויף גלייכע ווענט, ווי איך רוף זיי, ניט אויפנעמען. ניט אַלץ, וואָס איז ניי, איז גוט. נייקייט אַליין איז ניט קיין אַטעסטאַט פון וואַלידיטעט און מאַטוריטעט.

ער האָט מיט אַ. ג.׳ן ניט געוואָלט זיך צעקריגן. ער האָט געוווּסט, אַז ער איז שטאַרק אָנגענומען ביי די האַכבערגס.

אַ. ג. און ד״ר עליאַשעוו זענען געבליבן גוטע פריינט. יעדן פרייטיק־צו־נאַכט האָבן זיי זיך געטראָפן און פאַרבראַכט, „מקבל־שבת״ געווען ביי די בערלינס, ביי ד״ר עליאשעווס שוואָגער און צוויי פּלימעניצעס: איינע אַ ברונעטקע, די צווייטע אַ בלאָנדינקע. די ברונעטקע האָט אויסגעזען בריהדיק, פול מיט ענערגיע; געווען אַ גאַנץ שיינע מיט אַ קאָפּ געדיכטע שוואַרצע האָר, מיט שיינע דורכדרינגנ־דיקע אויגן, וואָס האָבן געבריט און געגליט.

אַ. ג. האָט חושד געווען דעם פעטער, אַז ער האָט געוואָלט, אַז אַ. ג. זאָל זיך פאַרליבן אין איינער פון זיינע פּלימעניצעס. ביידע זענען שוין געווען בגרותן. די בלאָנדינקע איז געווען אַ שוואַכינקע. אַ. ג.׳ן האָט זיך אויסגעוויזן, אַז זי קרענקט־אונטער אינדערשטיל.

די ברונעטקע איז געווען זייער סימפּאַטיש. ניט מער. אַ. ג. האָט געהאַט אַן אומבויגעוודיקן פּרינציפּ: קיינמאָל ניט חתונה האָבן און קיינמאָל ניט זיין מיט אַ פּרוי אינטים סיידן ער איז אין איר פאַרליבט אויף לעבן און טויט. און פון סימפּאַטיע ביז פאַרליבט־זיין איז מער ווי איין תחום שבת. אַ. ג. איז געווען זיכער, אַז אין זיינע געפילן צו איר וועט ער ווייט ניט אַוועק.

אַ. ג. האָט געזוכט אָנצוקניפּן די געהעריקע פאַרבינדונגען מיט רעוואָלוציאָ־נערע עלעמענטן, כדי צו זיין גרייט צו טאָן נוצלעכע אַרבעט, ווען די רעוואָלוציע ברעכט אויס. ער האָט אָבער ניט געקענט דערטאַפּן די, וואָס וואָלטן אים זיין אידעאָלאָגיש באמת נאָענט, דאָס הייסט, ער האָט קיין אַנאַרכיסטן ניט געפונען. מאָסקווע, נאָך איר, אין 1905 דורכגעפאַלענעם אויפשטאַנד, איז געווען אַפּאַטיש אפשר מער ווי וועלכע עס איז אַנדער שטאָט אין לאַנד.

אַ. ג. איז געווען אַן אומזיסטער עסער ביי די האַכבערגס. ריכטיקער, ביי לאהן. חבר האַכבערג איז אַ גאַנצן טאָג אין הויז ניט געווען. ער איז געווען תמיד פאַרנומען אָדער מיט געשעפט־אָנגעלעגנהייטן אָדער מיט געזעלשאַפטלעך־קולטו־רעלער טעטיקייט. צוזאַמען האָבן זיי געגעסן בלויז פרישטיק.

לאה האָט דערלאַנגט בשעת מיטיק־עסן אַ פּאָמידאָר (טאָמאַט). אַ. ג. האָט עס פאַרזוכט און גלייך געמוזט אַרויסשפּרינגען פון הינטערן טיש, אַריינלויפן אין וואַשצימער און עס אויסמקיאַנען. ווען ער איז געקומען צוריק, האָט לאה גענומען מיט אים איינטענהן, אַז אַ פּאָמידאָר איז אַ וויכטיקער פּראָדוקט פון דיעטע. עס האָט אין זיך אַ סך אייזן; דאָקטוירים רעקאָמענדירן עס. אַזוי אַז ביסלעכווייז האָט אים לאה איבערגערעדט און ער האָט זיך לסוף צוגעוווינט צו עסן פּאָמידאָרן און האָבן פון זיי הנאה.

אַ. ג. האָט גענומען באַגרייפן, אַז אַפילו זאַכן פון איינפאַכן געשמאַק קענען ווערן סוגעסטירט. עס האָט אים געעקלט פון פּאָמידאָרן ביז צום ברעכן בפועל ממש, אָבער נאָך לאהס אַגיטאַציע־רעדע האָט ער עס, צום צווייטן מאָל, שוין אָראָפּגעשלונגען, הגם ער האָט דערביי געמאַכט אַ זויערע מינע; צום דריטן מאָל האָט ער זיך אַפילו קיין קרים ניט געטאָן, און צום פערטן מאָל געפילט שוין אין פּאָמידאָרן אַ גוטן טעם. דאָס איז דער כוח פון וואָרט, פון פּראָפּאַגאַנדע. אַ. ג. האָט פיל נאָכגעטראַכט וועגן דעם ענין איינאימפּפונג, סוגעסטירונג. עס איז מעג־

לעך, אַז אַלע אונדזערע חושים־עמפּינדונגען און אונדזערע באַצייכענונגען, אַזעלכע ווי גוט, שלעכט, אָנגענעם און אומאָנגענעם, זיס, ביטער, זענען בלויז סוגעסטיעס. ווען מיר וואָלטן געקראָגן אַנדערע סוגעסטיעס, וואָלט דער גאַנצער אוניווערס אויסזען אַנדערש אין אונדזערע אויגן, וואָלט געקלונגען אַנדערש אין אונדזערע אויערן, וואָלט געשמעקט אַנדערש אין אונדזערע נאָזלעכער, וואָלט געהאַט אַן אַנדער טעם אויף אונדזער גומען און מיר וואָלטן אים אַנדערש אָנגעטאַפּט. אַ. ג. האָט אַ סך מאָל האַלב אין שפּאַס אַ קלער געטאָן, צי וועט ניט אָט־דעם פּאָמידאָר אין לאהס עסצימער זיין באַשערט צו ווערן אַזוי חשוב אין דער ספער פון געדאַנק, ווי דער לעגענדאַרער עפּל, וואָס איז געפאַלן צו ניוטאָנס פיס און אַדאַנק אים האָט ער געשאַפן די גראַוויטאַציע־לערע, אָדער ווי דער עפּל אין סאָד, וואָס פוריע האָט געקויפט, און אַדאַנק אים איז געשאַפן געוואָרן די אידייע פון קאָאָפּעראַטיוון.

אַ. ג. האָט אָפט באַזוכט גאָרבונאָוו פּאָסאַדאָוון, אַ תלמיד וותיק פון טאָלסטאָיען. ער און זיין אשת חיל זענען געווען פרידלעכע רעליגיעזע אַנאַרכיסטן.

איינמאָל האָט גאַרבונאָוו־פּאָסאַדאָוו זיך היציק צערעדט וועגן די שוואַרצע מאהניקעס, וואָס דראָען, אַז זיי וועלן אויסראָטן אַלע ייִדן אין רוסלאַנד, ווי נאָר די מלחמה וועט זיך ענדיקן. דערביי איז געווען די פרוי קוסקאָוואַ, אַ געזעלשאַפט־לעכע טוערן און אַ באַגאַבטע זשורנאַליסטן. זי האָט באַשטעטיקט גאָרבונאָוו־פּאָסאַדאָווס רייד. יאָ, זי ווייסט פון די דאָזיקע דראָונגען. זיי גרייטן צו פאַר די ייִדן אַ בלוטבאָד אויף אַן אַלרוסלענדישן פאַרנעם. זיי באַרימען זיך, אַז זיי וועלן אומ־ברענגען אַלע ייִדן אין איין נאַכט, ווי מע האָט עס געטאָן אין פראַנקרייך צו די הוגענאָטן אין דער באַרטאָלאָמיי־נאַכט (אויגוסט 24, 1572).

גאָרבונאָוו־פּאָסאַדאָוו האָט געפרעגט אַ. ג.׳ן, צי ווייסן די ייִדן, אין וואָס פאַר אַ געפאַר זיי געפינען זיך, וואָס דענקען זיי צו טאָן און וואָס איז זיין אָפּשאַץ פון דער סיטואַציע.

אַ. ג. האָט געזאָגט, אַז ייִדן הערן דידאָזיקע סטראַשונקעס ניט דעם ערשטן מאָל אין זייער מאַרטירער־געשיכטע. ער האָט ציטירט דעם זאַץ פון דער הגדה: „אין יעדן דור שטייען זיי אויף אונדז צו פאַרנישטן“. אָבער בנוגע דער סיטואַציע איז זיין מיינונג אַזאַ: די מלחמה וועט זיך ניט ענדיקן סתם אַזוי זיך, ווי אַ געוויינט־לעכע מלחמה; זי וועט אַריבער אין אַ רעוואָלוציע, און דעמאָלט וועלן די שוואַרצע־מאהניקעס באַזייטיקט ווערן. מע וועט זיי ניט לאָזן אויפהייבן דעם קאָפּ.

אַוועקגייענדיק פון גאָרבונאָוו־פּאָסאַדאָוון האָט אַ. ג. געטראַכט און איבערגע־טראַכט וועגן דער אומזיכערער לאַגע פון די ייִדן. זיי קען ראַטעווען פון אומקום בלויז אַ רעוואָלוציע, וואָס וועט באַפרייען רוסלאַנד פון צאַר און זיינע שוואַרצע־מאהניקעס.

ד״ר עליאשעוון האָט שטיבל אָנגעשטעלט אַלס רעדאַקטאָר פון זיין פאַרלאַג. בעל־מחשבות איז געווען אַ גאָר קנאַפּער קענער פון העברעיִש. האָט ער איינגע־לאַדן אַ. ג.׳ן און אים איבערגעגעבן די אַרבעט, וואָס איז לעת־עתה באַשטאַנען אין מאַכן איבערזעצונגען פון מאַרק אָרנשטיינס ייִדישע דראַמעס.

אַגב האָט מאַרק אָרנשטיין גענומען העברעיִשע לעקציעס ביי אַ. ג.׳ן. ער איז געווען אַ שרייבער אין צוויי שפּראַכן — אין ייִדיש און אין פּויליש. ער האָט געהאַט אַ גרעסערן נאָמען אין פּויליש ווי אין ייִדיש. אַ. ג. האָט פון זיינע דראַמעס

ווייניק וואָס געהאַלטן. ער האָט געמאַכט די איבערזעצונגען און האָט געטראַכט, אַז זיי, זיינע איבערזעצונגען, זענען בעסער פון אָריגינאַל. שטיבל האָט געצאָלט מיט אַ ברייטער האַנט. דעם האָנאָראַריום האָט אַ. ג. געקראָגן דירעקט פון ד״ר עליאשעוון. מיט שטיבלען האָט אַ. ג. קיין קאָנטאַקט ניט געהאַט. פון די איבער־זעצונגען איז גאָרניט אַרויסגעקומען. פרישמאַן איז געקומען צו פאָרן און האָט איבערגענומען די רעדאַקציע פון שטיבלס פאַרלאַג. ער האָט פאַרבראַקירט אָדער אַ. ג.׳ס איבערזעצונגען אָדער מאַרק אָרנשטיינס דראַמעס, אָדער ביידע זאַכן צו־זאַמען. פרישמאַן איז געווען אַ ווירטואָז־איבערזעצער און אַ שאַרפער קריטיקער. אַ. ג.׳ן האָט דער ענין ווייניק וואָס אינטערעסירט, ער האָט אַפילו ניט געפּונען פאַר נייטיק אויסצוגעפינען, וואָס מע האָט מיט זיינע איבערזעצונגען געטאָן, הגם ער האָט באַזוכט פרישמאַנען אין זיין האָטעל. דאָרטן האָט ער זיך אויך באַקענט מיט סעגאַלאָוויטשן. פרישמאַן האָט פאָרגעשטעלט אַ. ג.׳ן ווי דעם מיט־מחבר פון אַ מיסטישער פּאָעמע.

פרישמאַן, ניט אויפפּאַסנדיק די רעוואָלוציאָנערע אידייע פון „יונג־מענטש״ און „פינף־בונד״, האָט זיך געלאָזט פאַרפירן פון לשון פון ווערק, וואָס האָט שטעלנווייז געברויכט אַ קאַבאַליסטישע טערמינאָלאָגיע. ער האָט געאורטיילט פון ווערק לויט זיין פאַרקאַמאָפלאַזשירטן לבוש. אָט־דעם מיסטישן אָנשטעל האָט מען געמוזט מאַכן, אַניט וואָלט דאָס ווערק בישט אַדורך דורך דער צענזור. אַדאַנק אָט־די מיסטיפיקאַציע־שלייערס, אין וועלכע דאָס ווערק איז איינגעהילט, האָט עס געקראָגן די מעגלעכקייט צו דערשיינען. דער צענזאָר האָט געזאָגט, אַז ער פאַרשטייט ניט, וואָס דאָרטן שטייט. אומפאַרשטענדלעכקייט אין רוסלאַנד איז געווען אַ מין פּראָטעקטיווע. קאָלאָראַציע. אַ ווערק, וואָס מע קען ניט פאַרשטיין קען דאָך ניט זיין שעדלעך פאַרן עקזיסטירנדיקן רעזשים.

אַ. ג. האָט זיך דערוווּסט, אַז אין לאָסינקע איז מען ניט מקפיד אויף וווינ־רעכט און אַז ער קען דאָרט דינגען אַ צימער און וווינען אָפן, קיינער וועט אים ניט באַאומרויִקן, די פּאָליציי איז אַן אונטערגעקויפטע.

איז ער אַוועק און געקראָגן אַ צימער מיט עסן ביי אַ רוסישער פאַמיליע, וואָס איז באַשטאַנען בסך־הכל פון דרייען: פאָטער, מוטער און אַ התונה־געהאַטער טאָכ־טער. איר מאַן, אַן אָפיציר, איז געווען אויפן פראָנט.

פאָרנדיק פון מאָסקווע קיין לאָסינקע האָט ער אין וואַגאָן עטלעכע מאָל באַגעגנט די דיכטערן אַכמאַטאָוואַ, מיט וועלכער ער האָט זיך באַקאַנט אויפן אָוונט ביי איגאָר סיעווועריאַנין. זי האָט געוווינט אַ פּאָר סטאַנציעס ווייטער פון לאָסינקע.

זי האָט געמאַכט אויף אַ. ג.׳ן זייער אַ שלעכטן איינדרוק ניט מיט אירע לידער, וואָס זענען געווען גאַנץ גוטע, נייערט מיט איר אויסזען. זי איז געווען אַ שוידערלעכע מיאוסקייט און דאָס גאַנצע פּנים איז געווען באַדעקט מיט פּריש־טשיקלעך, וואָס האָט זי געמאַכט אויסקוקן גאָר אַ חלשות.

אַ. ג. האָט געוווּסט, אַז עס קען זיין „חכמה מפוארה בכלי מכוער*), וואָרעם קיין ווייַן האַלט מען ניט אין גאָלדענע פּעסער. אָבער ער האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז פּאָעזיע איז ניט קיין „חכמה״. דאָ דאַרף די פאָרם לעבן בשלום מיטן אינהאַלט.

---

*) תענית, ז׳.

ער האָט זיך בשום אופן ניט געקענט פאָרשטעלן, ווי אַזוי אַזאַ פּאַרזענעניש קען שרייבן שיינע לידער, דערהויפּט עראָטיק, ווען עס האָט אים פּשוט געעקלט פון איר.

אַ פּאָעט דאַרף אויסזען ווי אַ פּאָעט. נעמט די בילדער פון היינען, פון בייראָנען, פון שעללין. עס איז אַ ברכה צו מאַכן אויף זיי.

ער האָט אויך געהאַט אויסצוזעצן קעגן ביאַליקן פאַר זיין פּרצוף פּנים. ער זעט אויס ווי אַ קצב. מיט אַזאַ מגושמדיקן פּנים טאָר מען קיין פּראָפּעטישער דיכטער ניט זיין.

אַ. ג. איז געווען אומגעדולדיק און דערווייל האָט ער געשריבן לידער און געוואַרט, אַז אָט־אָט וועט אויסברעכן די רעוואָלוציע, נאָך וועלכער ער לעכצט און גאַרט מיט אַלע פיבערס פון זיין זעל.

ער איז געווען סיי דער העברעיִשער און סיי דער רוסישער לערער ביי די גאָטליבס, אָבער דער טראָפּ איז געשטאַנען אויפן העברעיִש.

די גאָטליבס האָבן געוווינט אויף מיאַסניצקי, אין אַ גרויסער מויער אויפן פּערטן שטאָק. פאַרשטייט זיך, אַז אין הויז איז געווען אַן עלעוויטאָר, אַ ווינדע. אַז אַ. ג. האָט אָנגעקלונגען אונטן ביים אַריינגאַנג, האָט מען אים שוין דערוואַרט אויבן. געעפנט פאַר אים די טיר האָט די דינסט. זי האָט אַראָפּגענומען פון אים דעם אויבערמאַנטל אין פּירהויז. גלייך איז אַרויסגעקומען זיין תלמיד באָראַ און האָט אים העפלעך באַגריסט און אים פאַרבעטן אין זיין שטודיום־צימער, וווּ ער האָט אים געגעבן די לעקציע. די עלטערן האָט ער זעלטן ווען באַגעגנט.

איינמאָל, ווען ער איז געקומען צו פאָרן און האָט אָנגעקלונגען, ווי זיין שטייגער איז געווען, האָט אים די הויזפרוילן באַגעגנט ווי שטענדיק, באַפרייט אים פון זיין אויבערמאַנטל, אָבער ער האָט באַמערקט אויף איר פּנים סימנים פון פאַרווונ־דערונג. ער ווייס ניט וואָס דאָס זאָל באַטייטן. באָראַ, זיין תלמיד, ווייזט זיך ניט, קומט ניט אַרויס אים באַגריסן. פרעגט ער ביי דער פריילן, ווו ס'איז זיין שילער. זי גיט אַ שמייכל און שווייגט אין פאַרלעגנהייט. אַצינד קומט־אַרויס האַר גאָטליב מיט אַ ברייטן שמייכל אויפן פּנים און מיט אַ פריינטלעכער באַגריסונג און האַנטדרוק.

אַ. ג. חזרט איבער זיין פראַגע.

האַר גאָטליב ענטפערט אים:

— היינט איז דאָך יום־כיפּור!

— אַזוי גאָר?! איך האָב גאָרניט געוווּסט. איך קום פון לאַסינקע.

— אַז איר זייט שוין יאָ געקומען, קומט דאָך אייך שכר־הליכה, איז לאָמיר גיין איבערבייסן.

ער האָט אַ. ג.׳ן אַוועקגעפירט אין עסצימער און זיי האָבן געגעסן.

אַזוי לחלוטנדיק אָפּגעטיילט פון רעליגיע איז שוין העברעיִש־לערנען געווען, אָבער בלויז ביי איניקע עלטערן.

***

דאָס וווינען אין לאַסינקע און דאָס מוזן יעדן טאָג פאָרן אין מאָסקווע איז אים געפאַלן צו שווער. האָט ער זיך איינגעאָרדנט אין מאָסקווע גופא. ווי אַזוי? מיט דער הילף פון כאַבאַר. אין מיאַסניצקער באַצירק איז געווען אַן איספּראַווניק,

וואָס האָט גענומען אין יד־אַריין כמעט אָפּן. און ער האָט פּאַר אַ באַשטימטן אָפּצאָל רעגיסטרירט יידישע פּאַסאַזשירן. האָט מען געדאַרפט קריגן אַ צימער צו אַ דירהלע אין דער „ספר פון זיין יוריסדיקציע". האָט עס אַ. ג. געקראָגן.

האָט מען געפּראַוועט אַ חנוכת־הבית. די געסט — געציילטע אָבער געהויבענע: די האָכבערגס, בעל־מחשבות און ראַשעל.

ווער איז אַ ראַשעל? אַ מיידל אַן אַקושערקע, אַ שיינע יונגע בלאָנדינקע. ווי און ווו האָט זיך אַ. ג. מיט איר באַקענט? אין יעקאַטערינאָסלאַוו האָט ער געהאַט אַ לעקציע ביי איר שוועסטער, געלערנט מיט ראַשעלס פּלימעניק. איר שוועסטער, אַז זי האָט זיך דערוווּסט, אַז ער פּאָרט קיין מאָסקווע, האָט אים געגעבן דעם אַדרעס, זי האָט איר אויך אָנגעשריבן אַ בריוול, אין וועלכן זי האָט אַ. ג.׳ן שטאַרק אָפּגערימט.

אַ. ג. האָט זי באַזוכט. געגאַנגען מיט איר אויך אין קאַמערנעם טעאַטער פון טאַהיראָוון. דאָרט האָט עטלעכע מאָל גערעדט דער דיכטער־מיסטיקער „אַנדריי ביעלי" וועגן פּאָעזיע און קונסט. אַ. ג. איז גערן געגאַנגען אים הערן. בילעטן האָבן זיי זיך איינגעהאַנדלט ביליקע. געזעסן אויף דער גאַליאָרקע היפּש הויך. אַ. ג. האָט פון טעאַטער קיין סך הנאה ניט געהאַט. פאַרוואָס? די שוישפּילערס זענען געווען גרויסע קינסטלער. די צרה איז אָבער געווען, וואָס ער האָט ניט געהערט אַלץ, וואָס זיי האָבן גערעדט, וואָס זיי האָבן געדיאַלאָגט אָדער מאָנאָלאָגט. אַ .ג. האָט ניט צוגעלאָזן דעם געדאַנק, אַז שולדיק איז זיין געהער, וואָס איז ניט אין דער בעסטער אָרדענונג. ער האָט זיין ניט־דערהערן, ניט־אויפכאַפּן פיל סענטענצן, דערקלערט מיט דעם, וואָס ער איז געוווינט צו זען רוסיש, דאָס הייסט, לייענען, ניט הערן. אָבער ווי עס האָט זיך נאָך פיל יאָרן אַרויסגעשטעלט, איז טאַקע זיין געהער געווען פעלערהאַפט אַביסל, הגם אין אומגאַנג האָט מען עס ניט געקענט באַמערקן; ער האָט אַליין גערעדט זייער שטיל, קוים וואָס מע האָט אים געקענט הערן, און ער האָט אויפגעכאַפּט אַפילו אַ לייכטן פליסטער. עס איז מערקווערדיק: אַ. ג. האָט זיך אַלע מאָל געקלאָגט אויף די אויגן, ניט אויף די אויערן, און עס האָט זיך, צום סוף, אין משך פון די יאָרן, אַרויסגעשטעלט, אַז דווקא די אויגן האָבן אים גוט געדינט, פיל בעסער ווי ער האָט דערוואַרט, הגם ער האָט זיי געברויכט אַזויפיל שעהן דורכן מעת־לעת צום לייענען און צום שרייבן, און די אויערן האָבן אים געדינט אַ סך ערגער, ווי ער האָט עס פון זיי דערוואַרט.

ניט נאָר זייטיקע אָדער נאָענטע מענטשן איז שווער צו דערקענען, אַפילו זיינע אייגענע גלידער און די דרגא פון זייערע קאַפּאַציטעטן איז שווער דעם אייגנטימער צו דערקענען גענוי און אָפּצושאַצן פינקטלעך.

ראַשעל איז געווען אַ. ג.׳ס אַ באַקאַנטע, — ניט מער.

דער חנוכת־הבית־אָוונט איז ניט געווען קיין געלונגענער. אַלע האָבן זיך געלאַנגווײלט, אויסער, אפשר, ראַשעלן; איר איז געווען אינטערעסאַנט זיך צו טרעפן און זיך באַקענען מיט די גדולים ד״ר עליאַשעוו און האָכבערג.

אויפן וועג צוריק האָט לאה, ווען אַ. ג. האָט זי באַגלייט, גערעדט מיט ביטערקייט וועגן ראַשעלן. זי האָט זי „אַרונטערגעריסן" און זי אַפילו באַצייכנט ווי וווּלגאַר. אַ. ג. האָט זי ניט געוואָלט איבערשפּאַרן. ער האָט געטראַכט, אַז פון איר

רעדט אַרויס איר אייפערזוכט. ראַשעל איז געווען מיט אַ צענדליק יאָר יינגער און אַ סך שענער.

לאה איז געווען אַ. ג.׳ס אַ טייערע פריינדין, פריינטשאַפט, ווען זי וואַקסט אויף דער גרעניצליניע, ווו די אַנטקעגנגעזעצטע געשלעכטער האַקן זיך איבער, איז צאַרט און אַראָמאַטיש ווי די איידלסטע בלום. לאה איז געווען מיט עטלעכע יאָר עלטער פון אים און זייער אַ קלוגע, אַ געבילדעטע, אָבער ניט קיין שיינע. אַ. ג. האָט זי זייער רעספּעקטירט און טאַקע געווען דאַנקבאַר פאַר אַלץ, וואָס זי האָט געטאָן פאַר אים. זיי זענען אָפט אַרומגעגאַנגען שפּאַצירן איבער מאָסקווער בול־וואַרן, זיי האָבן אַ סך געשמועסט. לאה האָט אים איינמאָל אָנגעוווּנקען, אַז ער רעדט שיין און אָנצינדיק, אָבער וועגן עיקר־זאַכן שווייגט ער. עס האָט געקאָנט מיינען עטלעכע זאַכן, אַז זיינע רעוואָלוציאָנערע אויפפאַסונגען אַנטוויקלט ער ניט, ווייל ער וויל זי ניט אַריינציען אין דעמדאָזיקן געפערלעכן פלאָנטער. עס האָט אויך געקאָנט מיינען, אַז ער מאַכט ניט קלאָר זיין באַציִונג צו איר, אָבער אַ. ג. האָט זי ניט איבערגעפרעגט זיך צו דערקונדיקן, וואָס זי האָט געמיינט.

זי האָט געהאַט אַ שייניקע מיידעלע פון אַ יאָר זעקס. זייער הויז האָט זיך געפונען אויף אַ ווינקל פון גאַס און דורך דעם פענצטער האָט מען געקענט זען דעם פּאָליציאַנט אויפן פּאָסטן.

איינמאָל רופט זיך דאָס מיידעלע אָפּ צו אַ. ג.׳ן מיט אַן אָנצינד אין די אויגן פון אַן עוּוריקאַ:

— מיר דאַרפן ניט קיין גאָט. ביי אונדז שטייט דער פּאָליציאַנט אויפן פּאָסטן. (נאַם באָגאַ ניע נאַדאַ. או נאַס גאָראָדאָוואָי נאַ פּאָסטו).

הפנים, אַז איר איז געווען קשה, פאַרוואָס די שכנים זענען רעליגיעז; מע פּילט אין זייערע הייזער „גאָט״, מע היט־אָפּ געוויסע יום־טובים, ריטואַלן, און ביי זיי אין הויז איז פון דעם אַלעם קיין זכר ניט פאַראַן. האָט זי עס דערקלערט אויף איר שטייגער, אַז זיי דאַרפן ניט גאָט פאַר אַ שומר, ווייל דער פּאָליציאַנט היט אָפּ זייער הויז.

אַ. ג. האָט געטראַכט, אַז די אוטיליטאַריסטישע אויפפאַסונגען פון ירמיה בענטהאם (1748־1832), דזשיימס מיל (1773־1836) און דזשאהן סטיוארט מיל (73־1806) זענען הפנים אין הסכם מיט מענטשלעכער פּרימיטיווער פּסיכאָלאָגיע.

ראַשעלן איז אַ. ג. געפאָרן זען, ווען ער האָט זיך פאַרבענקט נאָך איר. אָבער יעדעס מאָל, ווען ער איז צו איר געקומען, האָבן זיי פאַרבראַכט אַ פּאָר שעה אין אַ לייכטן שמועס, און ער איז צוריק אַוועקגעפאָרן מיט וואָס ער איז געקומען. זי איז ניט געווען אַגרעסיוו און ער איז זיכער ניט געווען אויפפאָדערנדיק. זייערע באַציִונגען זענען געווען לעבליך און פאַרעווע. זי איז געווען עטיקעטיש קאָרעקט, און ער איז געווען מער ווי קאָרעקט.

בכלל האָט זיך אַ. ג. אין מאָסקווע אין יענעם יאָר געפונען אין אַ מאָדנעם צושטאַנד. ער האָט קיין ערנסטע זאַך, סיי פּערזענלעך סיי געזעלשאַפטלעך, ניט אונטערגענומען. ער איז געווען אין כסדרדיקער געשפּאַנטער דערוואַרטונג פון דעם אויסברוך פון דער רעוואָלוציע. ער האָט זיך געוואָלט האַלטן לחלוטין פריי און ניט אַריינגעטאָן אין קיין ענין אַזוי, אַז ער זאָל צו יעדן מאָמענט זיך קענען

אַריינוואַרפן מיטן גאַנצן אימפעט און אָן רעזערוואַציעס אין דער איבערקערערישער אַרבעט, ווען דאָס אייז פון דעם פאַרפראָרענעם רעזשים וועט זיך נעמען ברעכן.

***

אַ קאָמישע געשיכטע און אַ קעגנזייטיקער פאַראיבל.

אַ זיצונג. ד״ר עליאשעוו איז פאָרזיצער. ש. ניגער איז דער הויפּטרעדנער. אַ היפּשער געמישטער יידישיסטיש־גלותיסטישער און ציוניסטישער עולם.

אַ. ג. בעט דאָס וואָרט. ער גייט אַרויף אויף דער בינע און צערעדט זיך אויף די הויכע טענער.

אַ. ג. האָט גערעדט מיט היץ, מיט ברען. דער ראַדיקאַלער טייל פון פּובליקום האָט זיינע רייד אויפגענומען מיט הילכיקע אַפּלאָדיסמענטן. זיי האָבן שוין לאַנג אַזאַ התלהבותדיקן רעדנער ניט געהערט. זיין אַרט ריידן האָט אָפּגעקלונגען ווי אַן עכאָ פון 1905 און ווי אַ פאָרויסקלונג פון דעם, וואָס עס ווערט אַזוי הייס געגאַרט און דערוואַרט, נאָר מ׳האָט נאָך מורא צו ריידן אָפן וועגן אָט־די גאַרונגען און לעכצונגען.

פיל פון די צוהערערס האָבן זיך געפרעגט: ווער איז ער? פונוואַנען האָט ער זיך גענומען? אַזאַ רעדנערקראַפט — איז ער אַ בונדיסט?!

נאָך אַ. ג.׳ס אַרויסטריט האָט זיך דער אָוונט געשלאָסן. אַ היפּשער טייל פון עולם איז געווען עלעקטריפיצירט פון זיינע רייד.

פרוי א—ף איז צוגעקומען צו אים, אים באַדאַנקט פאַר זיין רעדע, אים פאַרבעטן גיין מיט איר אַהיים עסן אָוונטברויט און בלייבן איבערנעכטיקן. ער האָט אָנגענומען די איינלאַדונג אין זיין נאַיִווער פשטות, הגם ער האָט געוווּסט, אַז איר מאַן געפינט זיך אין וואַרשע און די מלחמה האָט אויפגעשטעלט צווישן זיי אַ ניט־דורכפאָרבאַרן באַריער.

ער איז אַוועק מיט איר אויף איר קוואַרטיר. זי האָט אים געגעבן אַ נישקשה־דיקן איבערבייס. עס איז שוין געווען נאָך האַלבער נאַכט. זי האָט געמאַכט זיין געלעגער און אים אָנגעוויזן דעם פּלאַץ.

ער האָט זיך אויף שנעל אויסגעטאָן און אַרונטערגעקראָכן אונטער דער דעקע. אין קאָפּ באָמבלען זיך ביי אים געדאַנקען, וואָס ער האָט ניט באַוויזן צו אַנטוויקלען בשעת זיין רעדע, מחמת די צייט איז שוין געווען שפּעט. ערשט די פרוי וו—ף לאָזט זיך גיין דורך זיין צימער און פאַרלירט אין מיטן גאַנג אירע אונטערהויזן.

איצט פאַרשטייט ער שוין, ווּהין זי צילעוועט. ער מאַכט זיך אָבער שלאָפנ־דיק, כלא־ידע .

זי האָט אים קיין פרישטיק אינדערפרי שוין ניט געסערווירט...

ער איז אויף איר געווען אש להבה... אַזאַ פאַרשייטקייט. ער האָט זיך גע־האַלטן ביי זיין פרינציפּ. קיינמאָל ניט פאַרקערן מיט אַ פרוי סיידן ער איז אין איר שטאַרק פאַרליבט...

מיט לאהן איז ער אַ סך מאָל געגאַנגען צו די קינדער פון די אָרימע קריג־פליכטלינגס, וואָס האָבן זיך געפונען אין מאָסקווע אונטער אַ באַזונדער השגחה

פון ייִדישע קולטור־ און צדקה־אָרגאַניזאַציעס. ער האָט זיי דערציילט מעשיות פון חומש. די קינדער האָבן געהאַט גרויס פאַרגעניגן פון די פאַרציילונגען, אָבער באמת גענחתט האָט זיך לאה, ווייסנדיק אַז ער טוט עס איר צוליב, פאַר איר און איר קלאַס און עס גייט אויף איר חשבון.

האָכבערג און אַ גרופּע ייִדישיסטן, צווישן זיי ווייצמאַן, חיים ווייצמאַנס ייִנגערער ברודער, וואָס איז אויף־צו־להכעיס זיין ברודער געווען אַ פאַרברענטער גלותיסט־ייִדישיסט, האָבן ביי אַ. ג.׳ן באַשטעלט אַ ייִדישע גראַמאַטיק. זיי האָבן אים אָנגעבאָטן 600 רובל פאַר דער אַרבעט. ער האָט אַלץ אָפּגעלייגט דאָס נעמען זיך פאַר דערדאָזיקער אַרבעט. ער האָט געוואַרט, אַז די רעוואָלוציע זאָל אויס־ברעכן און מע וועט דאַרפן אָנשרייבן אַ נייע סאָציאַל־פּאָליטישע גראַמאַטיק...

זי האָט אויסגעבראָכן.

# אינהאַלט

זייט



זייט

זייט



זייט

ABA GORDIN

# MIS TREINTA AÑOS EN LITUANIA Y POLONIA



Editado por:
"Bujguemeinschaft bai der Idischer Razionalistischer Gueselschaft"
BUENOS AIRES — 1958